י. א. ראָנטש

# מאַטעק און סאַלטשע

(טרילאָגיע)

בוך דריי

אַרויסגעגעבן פון אַ בוך־קאָמיטעט

ניו־יאָרק • 1952

## „מאָטעק און סאַלטשע“

האָט ניט קיין פאַרלעגער. דער מחבר האָט גע־שאַפן די פאָנדן אַרויסצוגעבן די טרילאָגיע. איס האָבן אַרויסגעהאָלפן טוער פון איקוף־קלובן, פון לייען־קרייזן און אָרדן־צווייגן. אויך האָבן זיך געציילטע יחידים אָפּגערופן מיט ביי־שטייערונגען.

מען וואָלט דאָ געדאַרפט דערמאָנען די נעמען סיי פון די טוער, סיי פון די פריינט. צו־ליב ניט־פאָראויסגעזעענע סיבות קאָן מען דאָס איצט ניט טאָן. אפשר ביי אַן אַנדער געלעגנהייט. אַלעמען אַ האַרציקן דאַנק.

דער ערשטער באַנד איז דערשינען אין יאַנואַר, 1952 ; דער צווייטער באַנד — אין מערץ ; דער איצטיקער, דריטער באַנד, דער־שיינט סוף מאי, 1952.

# אין ליכטיקן אָנדענק

פ ו ן

# מעקס סקאָוואַראָנעק

**זיין פאַמיליע:**

כאַוועטשע
יהודית און סטענלי ראָזען
לאה און ר. שייפער
פיליפ און פעני סקאָוואָראָנעק
מעקס און לילי ראָזען

**זיינע פריינט:**

אהרן און העלען בערג
יוסף און טאָבי סטראָה
שמעון און יעטע סאָלאָמאָן
קיווע און פייגל קעלבערג
סאול און גאָלדע ריסמאַן

# אינהאַלט פון קאַפּיטלען

| קאַפּיטל | | זייט |
| --- | --- | --- |
| 29. | פּאַניאַ און לואיז | 297 |
| 30. | אין זעכציק טעג אַרום | 308 |
| 31. | אומרו | 319 |
| 32. | טיפע וואָרצלען | 330 |
| 33. | פריינטשאַפט | 340 |
| 34. | דער פאַרגעסענער מענטש | 350 |
| 35. | איירין | 361 |
| 36. | שטורעמס | 373 |
| 37. | נאָענט און ווייט | 383 |
| 38. | צוויי | 394 |
| 39. | סאָלטשע און לואיז | 406 |
| 40. | רוזוועלט | 416 |
| 41. | גראַדואירונג | 427 |
| 42. | די רייזע | 439 |
| 43. | צוריק אַהיים | 450 |
| 44. | שלום און אַנקאַ | 460 |
| 45. | אייגנס און פרעמדס | 473 |
| 46. | געשלענגלטע וועגן | 483 |
| 47. | גרוסן | 496 |
| 48. | בען און סטענלי | 508 |
| 49. | קינדער | 519 |
| 50. | שלום פאַרליבט זיך | 531 |
| 51. | די אָנקלס און די קאָזינס | 541 |
| 52. | לינקאָלן-בריגאַדע | 553 |
| 53. | אָנגעגליט גלאָז | 564 |
| 54. | אויפבראויז | 575 |
| 55. | שלומס הענט | 586 |
| 56. | די וואַסערן פון פּאַסיפיק | 597 |
| 57. | ליבע צום לאַנד | 608 |
| 58. | די כוואַליעס פון דער צייט | 619 |
| 59. | די זיגער | 630 |
| 60. | ביי די ברעגן פון האַדסאָן | 640 |
| 61. | אַלטע דעמבעס | 649 |

## קאַפּיטל איינס

# שוואַנגערשאַפט

.1

אין אַ געדיכט־באַוואוינטן טענעמענט הויז אויף דער איסט סאַיד פון ניו־יאָרק איז פאָרגעקומען אַ געשעעניש, וואָס האָט אַלע שכנים דערנעענטערט. און ס׳איז געווען מאָדנע. געוויינלעך האָט מען זיך דאָ געהאַלטן אָפּגעזונדערט איינער פון אַנדערן. מען האָט אָפט געקאָנט הערן — דורך די האַלב־אָפענע פענצטער, דורך די דינע ווענט, דורך די הילצערנע טירן — ווי מאַן און ווייב האָבן זיך געקריגט און געצילט מיט ווערטער־פיילן, וואָס האָבן געדאַרפט טרעפן גלייך אין האַרצן אַריין; ווי דערוואָקסענע טעכטער האָבן געיאָמערט און אומפאַרשעמט אַנטפּלעקט זייערע צעוויטאָגטע נשמות, נישט האָבנדיק איבזינען, אַז דורך דער וואַנט קאָן מען אַלץ הערן; ווי עס זיינען אויסגעבראָכן געשלעגן אין קיך, וואָס האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין שלאָף־צימער אַריין און שטולן האָבן געדונערט און קלעפּ האָבן אָפּגעהילכט און דער צאָרן פון די צערייצטע צדדים האָט זיך געטראָגן ווי אַ געדיכטער רויך אין דרויסן אַרויס. נאָר באַלד איז שטיל געוואָרן און די וואָס האָבן דאָס אַלץ געהערט האָבן נישט געפרעגט, האָבן נישט אויסגעפונען און די וואָס זיינען געווען די שטערער פון דער רו זיינען אַרויסגעקומען פון זייערע שלאַכט־וואוינונגען אָן וועלכן סימן פון דורכגעלעבטן און דורכגעליטענעם. אַזוי איז געווען דאָס לעבן פון דעם טענעמענט הויז. און ווען ס׳איז עמיץ געשטאָרבן, איז דער גאַנצער ענין פאָראיבער שנעל און ווי באַהאַלטן, אַזוי אַז דער נאָענטער שכן וואָס איז געגאַנגען צו דער אַרבעט האָט אַהיים קומענדיק נישט געוואוסט, אַז דער וואָס האָט אים אויף גיך באַגריסט מיט אַפּאָר טעג צוריק, וועט אים שוין מער קיינמאָל נישט באַגריסן.

אַנדערש איז דאָס אָבער געווען מיט אַ געשעעניש וואָס האָט געהאַט אויפגערודערט דאָס גאַנצע הויז. ביי אָט־דער געלעגנהייט האָבן פרעמדע שכנים געעפנט די מיילער און איינער דעם אַנדערן געפרעגט פראַגעס און אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס.

געשען איז אָט וואָס.

אומגעריכטערהייט איז צוגעקומען אין דער ענגשאַפט פון הויז נאָך אַן איינוואוינער, בעסער, אַן איינוואוינערקע. דאָס איז געווען אַן אָנגעפּאַקטע ווייסע קאַץ מיט אַ שוואַרצן חן־פלעק אויפן קליינעם קעפּל. מען האָט נישט געוואוסט פון וואַנען זי האָט זיך גענומען. זי האָט יעדן איינעם אַריינגעקוקט מיט אַ רחמים בליק אין פּנים אַריין, אַליין איינבויגנדיק דאָס קעפּל און וויגנדיק מיטן אויסגערונדיקטן בייכל, וואָס האָט געהאַט דעם אָנבליק פון אַ רייזע־טאַש. אפילו דער האַלב־שיכורער אויפפּאַסער, ווערמען יעדעס בייע פּנים אין הויז איז געווען איבעריק, האָט דאָס מאָל נישט געהאַט די העזה אַרויסצובורטשען אַ פּאָר קללות. ער האָט זיך מיט דער קאַץ באַגעגנט ביים אַריינגאַנג. זי האָט דערפילט געפאַר און געבליבן שטיין און אַרונטערגעלאָזט דאָס קעפּל און אירע בורשטינענע אויגן האָבן מיט צער געוואַרט אויפן אורטייל. וועט ער איר דערלאַנגען אַ שטורך מיטן שאַרפן שפּיץ פון האַרטן שוך? וועט ער זי אַרויסטרייבן מיט אַ געביל, ווי אַ הונט?

— אָקי־דאָקי, וועסט אָנפלאַדיען אַ וועלט מיט קעצלעך און וועסט מיר פּאַרמיאוקען און פּאַרפּאַסקודיען דאָס הויז, נאָר דו ביסט נישט ערגער פון דער מרס. קריוועס מיט אירע זעקס בעסטערדס, — האָט דער הויז־אויפפּאַסער גערעדט צו איר מילד און חבריש, ווי ער איז געוואוינט געווען צו רעדן צו גוטע פריינט אין סאַלון, נאָכן דריטן גלעזל.

די קאַץ האָט אים אויסגעהערט, געזען, אַז ער עפנט פאַר איר די טיר ווי פאַר אַ לעידי, האָט זי זיך צעזונגען פון צופרידנקייט און זייענדיק אַ קלוגע קאַץ, איז זי באַלד פּאַרשוואונדן פון אויג.

עס האָט גאָר לאַנג נישט געדויערט און די קאַץ האָט נושא חן געווען אין די אויגן פון אַלע איינוואוינער פון הויז. די קינדער וואָס האָבן געוואַגט זי צו באַלעסטיקן האָבן באַקומען אַ גאָב פון זייערע מאַמעס.

„לאָז צורו די קאַץ. זי וועט באַלד האָבן קעצלעך", איז געווען דאָס מאַגישע וואָרט וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער מאַמעס מויל. די קינדער זיינען איבערראַשט געוואָרן פון מילדקייט פון טאָן, פון דער ווייכקייט פון זייערע רייד.

און באַלד האָט זיך דאָס גאַנצע הויז גענומען ריכטן אויף דער גרויסער געשעעניש.

— זי האָט שוין געהאַט?

— מען זעט זי נישט מער, מסתם האָט זי זיך געקעצלט.

— מאַמע, איך וויל האָבן אַ קעצל, מאַמע.

מען האָט נישט געוואוסט ווער און ווען, נאָר עמיצער האָט פאַר דער קאַץ געהאַט צוגעגרייט אַ קאַרטאָנען קעסטל, אויסגעבעט מיט ריינע שמאַ־

טעס און צייטונגס־פּאַפּיר און אײדער װאָס װען האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלאַף צום קעסטל, װאָס איז געשטאַנען אין קעלער.

עס איז נישט געװען קיין איין איינװאױנער, װאָס האָט נישט געװאוסט אַז די קאַץ האָט געבוירן פינף קעצעלעך — דריי װײסינקע און איינס אַ האַלב װײס און האַלב שװאַרץ און איינס אינגאַנצן אַ סאַמעט שװאַרצס. מען האָט גערעדט װעגן איר איבערגעבנקייט צו זיי, װי זי האָט זיי געװאַשן, געלעקט און גענערט מיט איר מילך; װי זי איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיי.

און באַלד האָט זיך צעטראָגן די נייעס, אַז די קאַץ האָט געפונען אַ היים מיט אירע קינדערלעך. אויפן סאַמע העכסטן שטאָק, אויפן פינפטן, האָבן געװאױנט די סטאַװוסקיס — אַן אַלט פּאָר פאַלק, פאַר װעמען דאָס אַרויפקריכן די אָן אַ שיעור שטיגן איז געװען װי דאָס אַרויפקריכן אויף אַ הויכן באַרג. צוליב די שטיגן האָט זיי יעדער איינער געקענט. ביי יעדן שטאָק האָט זיך מרס. סטאַװוסקי אָפּגעשטעלט און געסאָפּעט און געפּרואװט כאַפּן לופט. די שכנים האָבן דאָס באַמערקט און אויסגעדריקט זייער סימפּאַטיע. און אויב עס האָט זיך געפונען אַזאַ טרוקענער נפש װעמען עס האָט נישט געאַרט, האָט מרס. סטאַװוסקי אים פאַרטשעפּעט.

— נישטאָ די אַמאָליקע כחות . . . פינף שטאָק איז נישט קיין צװיי שטאָק, אפילו נישט קיין פיר שטאָק . . . פון פערטן שטאָק אָן הויבט זיך ערשט אָן די אמתע חתונה . . . די פיס זאָגן: „מער קאָנען מיר נישט“.

כמעט דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט װען מר. סטאַװוסקי איז אַהיים געקומען פון דער אַרבעט. ער איז געװען אַ ייד אין די זעכציקער, אַ קליינער, אַ רונדיקער, מיט אַ רונדיק פּנימל און רונדיקע שפּאַקולן. ביי יעדן שטאָק האָט ער זיך צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט ביים אָנלען. שכנים װאָס האָבן געדאַרפט דורכגיין האָבן זיך איינגעהאַלטן, נאָר ער האָט זיי אָנגעװיזן מיטן קעפּל, אַז דער װעג איז פריי פאַר זיי.

— גייט, גייט, איך װעל זיך דאָ אָפּרוען אַ קאָפּעטשקע, די לופט איז דאָ גוט, אַ מחיה, מען ריישט ציבעלעס, מען פּרעגלט פיש, איך זאָג אייך, עס גיט מיר אַפּעטיט צום עסן. ביז איך װעל אַרויפקומען אין מיין פּאַלאַץ אַריין, װעל איך שוין נישט דאַרפן עסן.

די סטאַװוסקיס האָבן דאָ געװאױנט אַ לאַנגע צייט. אַז זיי האָבן געהאַט אויסגעגעבענע קינדער, האָט מען געװאוסט, נאָר מען האָט זיי זעלטן געזען. לעצטנס האָבן זיי אַריינגענומען אַ פּאָרל אין הויז אַריין — באָרדערס. האָט זיך די נייעס דערטראָגן אין גראָסערי און צום בוטשער. נאָר די מרס. סטאַװוסקי האָט קיינעם נישט דערציילט און מען האָט איר נישט געװאַגט צו פרעגן.

מען האָט געוואוסט, אַז זי איז אַ בייזע פרוי און מען האָט זיך געשראָקן פאַר איר צונג.

נאָר אַז עס איז באַוואוסט געוואָרן, אַז זי האָט אַריינגענומען די קאַץ מיט די פינף קעצעלעך צו זיך, האָט דאָס אַלעמען געהאַט איבערראַשט. אויף דעם האָט זיך קיינער נישט געהאַט געריכט. דאָס נעבעכדיק בילד ווי זי שטייט אַ סאָפּענדיקע אויף די שטיגן און באַקלאָגט זיך אויף איר דאָליע איז מיטאַמאָל פאַרשוואונדן. די מרס. סטאַוועסקי איז אויסגעוואַקסן אין די אויגן פון די איינוואוינער. מען האָט איר טאַט באַטראַכט ווי אַ העלדישקייט.

— האָט איר זיך געקאָנט ריכטן, אַז די בייזע מרס. סטאַוועסקי וועט זיך אַרויפטראָגן פון קעלער אויפן פינפטן שטאָק מיט דער באָקס קעץ ?

— זי האָט עס דאָך געטאָן אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט זען.

— צוליב וואָס האָט זי דאָס געטאָן ?

און אַ שמייכל פון גוטסקייט האָט זיך באַוויזן ביי יעדער פרוי ווען זי האָט דערזען די מרס. סטאַוועסקי. אפילו דער דזשעניטאָר וואָס האָט תמיד דעם קאָפּ אַוועקגעדרייט פון איר, האָט נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן און זיך נאָכגעפרעגט אויף די קעצלעך.

— עה, זיי זיינען שיינע קעצלעך.

מרס. סטאַוועסקי האָט פאַרדעכטיקט, אַז ער איז עפּעס אויסן. וויל ער זיך אַריינמישן אין אירע געשעפטן ? נאָר זיין טאָן, זיין באַהאַלטענער שמייכל, האָט זי באַרואיקט.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, — האָט דער דזשעניטאָר זיך געגעבן אַ קראַץ דעם קאָפּ, — ווען מיינע לאָזט מיך, וואָלט איך דאָס אַליין געטאָן.

און אַזוי איז מרס. סטאַוועסקי אַליין געוואָרן עפּעס אַן אַנדערע. זי האָט מיטאַמאָל דערפילט איר וויכטיקייט. ווען זי האָט מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ אַרויפגעטראָגן די באָקס צו זיך, האָט זי זיך געריכט, אַז מען וועט זי באַ־רעדן, אַז די מרס. שוואַרץ וועט שרייען און אָנרייצן די טענענטס קעגן איר, זי האָט עס שוין געטאָן ביי אַנדערע געלעגנהייטן. נאָר אַז געשען איז דאָ דאָס פאַרקערטע; אַז יעדער איינער האָט איר גאָר אַקעגנגעטראָגן סימפּאַטיע און אַ גוט וואָרט, איז זי ביי זיך געוואָרן חשובער.

און אין דער אמתן, פאַרוואָס האָט זי עס געטאָן ? מרס. סטאַוועסקי האָט זיך אַליין נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין דין וחשבון. אפשר דערפאַר וואָס ווען זי האָט דערזען צום ערשטן מאָל די שוואַנגעריקע קאַץ, ווי זי איז געשטאַנען אָן אָנגעפּעקלטע און געזוכט אַ שוץ־פּלאַץ אין הויז, האָט זי אין דער קאַץ דערזען אַ פרוי, אַ פרוי וואָס האַלט ביים ווערן אַ מאַמע און דאָס האָט ביי איר אַרויסגערופן אַ סך געפילן און דערמאָנונגען; אפשר דערפאַר וואָס זי

האָט געוואָלט עמיצן גוטס טאָן און זי איז אַנטוישט געוואָרן פון מענטשן, וועמען זי האָט געטאָן טובות און וואָס האָבן איר אָפּגעצאָלט מיט בייז און אומדאַנקבאַרקייט . . .

— שלמה, — האָט זי זיך געווענדעט צום מאַן, ווען ער האָט געהאַט אויסגעטאָן זיינע שווערע שיך און זיך געהאַט רעכט אויסגעזיפצט, — זאָלסט נישט שרייען אויף מיר. איך האָב אַרויפגענומען די קאַץ מיט די קעצלעך. לאַנג וועלן זיי זיך נישט האַלטן דאָ. צייט האָב איך. עס איז אַ צער בעלי חיים און עס איז גאָטס וואונדער צו זען ווי זי פּאַסט אויף זיי אויף און ווי שיין און קלוג זיי זיינען.

און שלמה איז אַריינגעגאַנגען אין וואַש־צימער, וואו די קעצלעך האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין אַ נייער שאַכטל, וואָס מרס. סטאַווסקי האָט פאַר זיי געבראַכט און ער האָט זיי אַריינגענומען אין די הענט איינציקווייז און זיי געגלעט און זיינע אויגן האָבן געלאַכט. זי איז געשטאַנען און אַנגעקוואָלן. ער האָט שוין לאַנג נישט קיין שמייכל געטאָן.

נישט בלויז איז מרס. סטאַווסקי געוואָרן פּאָפּולער אין איר אייגן הויז, נאָר פון די אַרומיקע טענעמענטס האָט מען זיך צו איר געווענדעט וועגן די קעצלעך. עס האָבן זיך געפונען מער ווי פינף בעלנים וואָס האָבן יעדער איינער געוואָלט האָבן אַ קעצל. מרס. סטאַווסקי האָט זיך שוין יאָרלאַנג ניט געפילט אַזוי דערהויבן. זי האָט צוגעזאָגט און אָפּגעזאָגט, זי האָט געלאָזט קינדער מיט זייערע מאַמעס אַריינקומען אין וואַש־צימער אַריין און באַקוקן איר פאַרמעגן. זי האָט הנאה געהאַט, ווען מען האָט געלויבט די קעצלעך.

ענדלעך איז געקומען דער מאָמענט ווען מרס. סטאַווסקי האָט אויסגעטיילט פיר קעצלעך און איינס, דאָס גאָלע שווארצע האָט זי געלאָזט פאַר זיך. די מאַמע־קאַץ איז פאַרשוואונדן. עס איז ווידער געוואָרן שאַ־שטיל און מרס. סטאַווסקי האָט דערפילט אַז דער יום־טוב האָט זיך אָפּגעטאָן פון איר. די וואָס האָבן איר געהאַט לעצטנס אָקעגנגעטראָגן אַ שמייכל ביים באַגעגענען זיך, האָבן זי שוין ווי נישט באַמערקט. און ווען זי איז געשטאַנען אַ פאַרסאָפּעטע אויף די טרעפּ, האָט עס ווידער קיינעם נישט געאַרט.

.2

זי האָט אָבער אַליין נישט געוואוסט, די מרס. סטאַווסקי, אַז האַרט לעבן איר איז, אַדאַנק דער געשעעניש מיט די קעצלעך, פאַרגעקומען אַן אַנדער געשעעניש, וואָס האָט אויפגעטרייסלט צוויי יונגע מענטשן. דערפאַר וואָס דאָס פּאָרל וואָס איז ביי איר איינגעשטאַנען פאַר די לעצטע פאַר חדשים, איז זיך אָװעקגעגאַנגען צו דער אַרבעט אין דער פרי און אָפּט אַהיים געקומען גאָר

שפּעט, האָט מרס. סטאַווסקי נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו אינטערעסירן זיך מיט אירע נייע באָרדערס. זיי זיינען געווען שטילע מענטשן. מען האָט פון זייער צימער, ווען זיי האָבן זיך דאָרט פאַרמאַכט, קיינמאָל קיין הויך וואָרט נישט געקאָנט הערן און זיי האָבן פון איר קיין זאַך נישט געפאָדערט און אויף קיין זאַך זיך נישט באַקלאָגט.

אַנדערש איז אָבער געווען, ווען זי האָט געבראַכט די קאַץ מיט אירע קינדערלעך אין הויז אַרייַן, דאַן, ווען די יונגע פרוי איז פּלוצלינג אַרייַנגעגאַנגען אין וואַש־צימער, און דערזען אירע נייע שכנים, האָט זי פון גרויס איבעררעשונג, אַרייַנגערופן איר מאַן און צוזאַמען זיינען זיי געשטאַנען צו־געטוליעט איינער צום אַנדערן און זיך צוגעקוקט צו דער סצענע, ווי די מאַמע קאַץ איז געלעגן אויסגעלייגט מיטן בויך אַרויף און די קינדערלעך זיינען געקראָכן איבער איר און זי געהאַלטן אין איין זויגן.

די מרס. סטאַווסקי איז צוגעקומען און אָנגעקוואָלן פון דעם פאַרגעניגן וואָס זי האָט פאַרשאַפט די באָרדערס. זי האָט דאַן געהאַט אַ בעסערע גע־לעגנהייט זיך איינצוקוקן אין זייערע פּנימער און זיך איינהערן צו זייערע רייד.

און געזאָגט האָט די יונגע פרוי צו איר מאַן:

— מאַטעק, עס גייט מיר דורך אַ ציטער איבערן לייב פון דער סצענע. זע, ווי זי זאָרגט זיך אינסטינקטיוו, אַז יעדעס קינד זאָל האָבן אַ באַקוועמערע פּאָזיציע זי צו זויגן. עס איז אַזוי וואונדערבאַר, מאַטעק.

זי האָט אַזוי ליב אַרייַנגעקוקט דעם מאַן אירן אין די אויגן אַרייַן און ער איז געשטאַנען און אַ פאַרחלומטער שמייכל האָט אַרומגענומען זיין מויל און זי האָט זיך צוגענייגט צו אים און ער האָט זי אַרומגענומען ביי דער טאַליע. אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען:

— ס'איז וואונדערבאַר, סאַלטשע.

מרס. סטאַווסקי האָט זיך גוט איינגעקוקט אין סאַלטשעס פּנים און עס איז איר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, וועלכער האָט איר דערפירט צו באַטראַכטן די יונגע פרוי פון קאָפּ צו די פיס.

— איך קאָן שווערן, — האָט זי באַשלאָסן ביי זיך — אַז נישט אומ־זיסט האָט זיך די סאַלטשע אַזוי צוגעטוליעט צום מאַן אַצינד. מען זעט עס נאָך אויף איר נישט אָן, נאָר אַן אויג ווי איך האַלטן פון איצט אָן. איך קאָן עס אָבער פון איר בליק אַראָפּלייענען, אויב מען קאָן עס נאָך אויף איר בויך נישט אָנזען.

און עס איז געווען אמת. סאַלטשע האָט פאַרשוואַנגערט. כאָטש זי איז ערשט געווען אין דריטן חודש, האָט אָבער יעדער נייער טאָג געבראַכט מיט זיך ענדערונגען אין איר געמיט, אין איר טראַכטן און חלומען. זי האָט זיך

יעדן טאָג דערזען אין אַ נייער ליכט און מאַטעק האָט עס פאַרשטאַנען און ער איז אַליין פאַרכאַפּט געוואָרן פון סאַלטשעס פּריווילעגיעס פון ער האָט דערפילט, אַז ער ווערט אויך באַנייט.

פאַר סאַלטשען איז דאָס לעבן בכלל געווען באַרוישנדיק. זי איז אינגאַנצן געווען אין לאַנד זעקס חדשים. אַמעריקע האָט זי באַצויבערט. צי דאָס איז געווען צוליב די פינצטערע מלחמה־יאָרן, וואָס זי האָט פאַרבראַכט אין פּוילן; צי איר גאַנץ לעבן ביז דאַן זינט זי איז צום שכל געקומען, איז געווען איין לאַנגער קאַמף פאַרן שטיקל ברויט, פאַר אַ פרייַנטלעך וואָרט פון עמיצן, פאַר אַן אייגענעם ווינקל, אַן אייגענעם צימער, אַ פרייע באַוועגונג — נאָר זינט זי איז אַרויף אויף דער אַמעריקאַנער ערד און דערפילט מאַטעקס נאָענט־קייט לעבן זיך, זינט דאַן האָט זי ערשט אָנגעהויבן לעבן. אפשר איז אין דעם נישט שולדיק געווען דאָס לאַנד, נאָר מאַטעקס ליבע צו איר. פון דער צווייטער זייט איז אויך מאַטעק געוואָרן אַן אַנדערער זינט יענעם טאָג, וואָס ער האָט סאַלטשען דערזען אין עליס איילאַנד. די יאָרן וואָס ער האָט פאַר־בראַכט דאָ אין לאַנד זייַנען דאָך געווען יאָרן פון איינזאַמקייט און בענקעניש נאָך אַ חבר, אַ מענטשן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורייִדן. נישט זייַנע ביידע אָנקלס, נישט זיין יוגנט־געליבטע גאָלדע און איר משפּחה, מיט וועלכע ער האָט זיך נאָך געקאָנט פון זייַנע קינדער־יאָרן אין לאָדזש, זייַנען געווען פון זיין גלייכן. ער האָט שטענדיק געפילט, אַז זיין וואָרט איז דאָס קול אין מדבר; זייַנע אינטערעסן זייַנען נישט געווען זייערע אינטערעסן. בלויז זיין חבר בען, מיט וועלכן ער האָט זיך פאַראַיאָרן באַקענט, איז אים געווען אַ נאָענ־טער אין קאַמף. און טראַכטנדיק וועגן בענען, זייַנען אים שטענדיק אויפן זינען געקומען די קלעפּ, וואָס ביידע האָבן געכאַפּט אין שטאָל־סטרייק, אין פּיטסבורגער געגנט. און אפילו די אָנגענעמע חדשים, וואָס זיי האָבן ביידע פאַרבראַכט אין שטעטל ביי בענס שוועסטער לעבן שיקאַגאָ, וואו מאַטעק האָט זיך פאַרטאָן אין ליבעס־שפּיל מיט דער פּרעכטיקער עץ, אפילו דאָרט האָט מען דאָך אויך זיך פּשוט געוואָלט פאַרגעסן אין דעם דורכפאַל און אַנ־טוישונג פון דעם שטאָל־סטרייק. עס איז געווען ווי אַ דערהאַלונג נאָך אַ שווערער קרענק.

נאָר זינט סאַלטשע איז געקומען, איז ער געוואָרן ווי ניי־געבוירן. ווי אַלע כחות וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין אים זיין גאַנץ לעבן, האָבן פּלוצים באַ־קומען אַ תיקון; ווי זי וואָלט אים אָנגעפילט מיט זונשיין און גלעכטער. ער איז מיטאַמאָל עפּעס ברייטער געוואָרן, די האָר זייַנע, די קופּער־רויטלעכע האָר, האָבן זיך צעכוואַליעט יוגנטלעך־מוטיק און די בלאָס־בלויע רונדיקע אויגן, וואָס זייַנען יאָרנלאַנג געווען אָנגעפילט מיט דאגות און פּרעג־צייכנס,

האָבן זיך אַ צעגלאַנץ געטאָן מיט וויטאַליטעט, מיט יוגנט־גבורה און יוגנט־גלויבן דאָס גאַנצע פּנים זיינס, זיין גאַנצער געשטעל האָט פּאַראויסגעטראָגן אַ זיכערקייט מיט זיך, אַ לעבנס־פרייד און אַן אינערלעכן שטאָלץ.

— סאַלטשע, — האָט ער איר איינמאָל אַ זאָג געטאָן פון דער העלער הויט, ווען ער איז מיט איר געזעסן אין סענטראַל פּאַרק, — זינט דו ביסט דאָ מיט מיר, האָב איך אָפּט דאָס געפיל ווי אַרומצונעמען די וועלט און איר אָפּפּרעסן אַ קוש אויף איר צעקנייטשט און צעלעכערט פּנים. אַזוי קוקט זי מיר טאַקע אויס, די וועלט, ווי אַן אַלטע מכשפה, אַ קלוגע סטערווע. און איך בין אַ יינגל, אַ שטיפער, וואָס דאַרף צו איר אָנקומען, נאָר איך וויים, אַז זי וועט מיר איבערלאָזן איר גאַנצע ירושה . . . סאַלטשע, פון וואַנען האָבן זיך צו מיר לעצטנס גענומען אַזוי פיל פרישע כחות ? פון וואַנען האָבן זיך צו מיר בכלל גענומען כחות ?

— קינד, — האָט סאַלטשע אַריינגענומען זיין האַנט אין אירער און זי געגלעט, — דו רעדסט ווי דו וואָלסט געווען אַ מלחמה־וועטעראַן. דיר איז נאָך אַלץ געווען בעסער דיין גאַנץ לעבן ווי מיר. וויפל עס איז ביי אייך אין הויז נישט געווען נויט און דחקות, האָבן דיינע עלטערן זיך פריער פון אַלץ געזאָרגט פאַר אייך, קינדער. זיי אַליין האָבן נישט איינמאָל אונטערגעהונגערט, איבערהויפּט דיין פאָטער, כדי עס זאָל זיין גענוג פאַר די קינדער. און איך בין דאָך בלויז געווען אַ „מענטש" ביי אייך. די מאַמע דיינע האָט מיך טאַקע באַהאַנדלט בעסער ווי מען האָט באַהאַנדלט אַרבעטער, נאָר פאַרגעס נישט אַז איך בין פאָרט געווען אַן אַרבעט־מיידל און איך בין נישט איינמאָל אַוועק פון טיש מיט אַ שטאַרקן אַפּעטיט, מער אויסגעהונגערט, ווי ווען איך בין צוגעקומען צום עסן. און איך בין דאָך פון מיין געבוירן־אָן געווען פאַרשאָלטן מיט אַזאַ געזונטן אַפּעטיט, אַז מיינע פאַראָרעמטע עלטערן האָבן געמיינט, אַז עפּעס אַ דיבוק איז אַריין אין מיר. דו רעדסט וועגן כחות. מיין אויסבאַהאַלטן זיך פון די יונקערס, בעת דער מלחמה, מיין אַרומגיין חדשים־לאַנג אָן אַ שטאָך אַרבעט און אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה, האָבן ביי מיר יעדן טראָפּן כוח אויסגענאָגט. און דאָך בין איך געווען שטאַרקער און געזינטער פון אַ סך פּאַציענקעס, וואָס האָבן זיך אפילו אין יענער צייט געבאָדן אין עסיק און אין האָניק, אַזעלכע אויסגעכאַליעטע און איידל־געפּאַטשקעטע. זיי האָבן זיך כסדר געדאָקטערט און איך האָב אפילו ניט געוואוסט ווי אַ דאָקטערס קאָנטאָר זעט אויס . . . און די אַכט חדשים וואָס איך האָב אָפּגעפּינצטערט אין דער טורמע, איז עפּעס געווען אַ קלייניקייט ? אויף די שטייך־האַרטע סוכאַרעס זיינען אַרומגעקראָכן ווערים און ווערימלעך מכל המינים און טאָמער האָט מען אַמאָל דערלאַנגט אַ שטיקל פלייש, איז עס געבליבן

שטעקן אין האַלדז און דאָך האָט דער מאַגן געריטשעט: „איך וויל נאָך".

— ביסט געוועצט, סאַלטשע. נאָר וואָס איך האָב געוואָלט אויסברענגען איז, אַז איך האָב אַליין נישט פאַרשטאַנען און נישט געפילט ווי דו האָסט מיר אויסגעפּעלט די אַלע יאָרן. ווייזט אויס, אַז עס איז דאָ עפּעס אין דער מענטשלעכער נאַטור, וואָס איז שטאַרקער פון דער פּשוטער לאָגיק. וואָס וואָלט, למשל, געווען, ווען דו האָסט חתונה אין לאָדזש? אָדער ווען עס פּאַסירט, חלילה, עפּעס מיט דיר און מיר זעען זיך מער קיינמאָל נישט? זאָגסטו, אַז איך וואָלט מיר שוין געפונען אַ באַשערטע מיט דער צייט. נו, פאַרוואָס האָב איך קיינמאָל צו גאָלדען נישט געהאַט דעם געפיל וואָס איך האָב צו דיר? זי האָט פאַרמאָגט אין זיך דעם מיידלשן רייץ, זי האָט מיך ליב געהאַט, זי איז קלוג און פּייאיק און אַ טייערע באַלעבאָסטע. פאַרוואָס האָב איך טאַקע מיט איר נישט חתונה געהאַט?

— ביסט געווען אַ נאַר, — האָט סאַלטשע אים געגעבן אַ פּעטשל איבער דער האַנט.

— ניין, נאַרישע מויד, — האָט מאַטעק געביטן דעם טאָן פון זיין קול און ער האָט אַן ערנסטער אויסגעצויגן יעדעס וואָרט זיינס. — אמתע ליבע, טראַכט איך, סאַלטשע, באַשטייט פון צוויי זאַכן: פון פיזישער און גייסטי־קער גאַנצקייט. פיזיש האָב איך גאָלדען טאַקע זייער ליב געהאַט. פאַרוואָס זאָל אַ געזונטער יונגער בחור נישט ליב האָבן פיזיש אַ שיין, רייצנדיק מיידל? נאָר גייסטיק האָט זי מיך נישט געקאָנט צופרידנשטעלן. פאַרקערט, גייסטיק האָט זי מיך ווי אָפּגעשטויסן פון זיך. דערפאַר בין איך אַרומגע־גאַנגען אַזאַ אומצופרידענער. איך בין געוואַקסן און זי איז געבליבן אַלץ הינט־ערשטעליקער. מיט דיר פיל איך מיך אי פיזיש, אי גייסטיק ווי איינס.

— פיזיש און גייסטיק איינס! — האָט סאַלטשע נאָכגעשעפּטשעט זיינע ווערטער און איר קול איז אויך געוואָרן ערנסט, נאָך ערנסטער ווי זיינס.

— זאָלסט נישט לאַכן פון מיר, סאַלטשע, נאָר איך רעד זיך אַראָפּ פון האַרצן און בלויז דערפאַר וואָס עס איז פינצטער קאָנען די ווערטער אַרויס־קומען פון מיין מויל. פאַר דער ליכטיקער וועלט וואָלט איך זיי קיינמאָל נישט אַרויסגעבראַכט — איך האָב קיינמאָל נישט געפילט אַזאַ פיזישן רייץ צו אַ פרוי ווי צו דיר. מיר זיינען דאָך צוזאַמען שוין זעקס חדשים, און איך טראַכט אַז דער פיזישער רייץ צו דיר נעמט זיך אויך דערפון וואָס דו ביסט אַ מענטש, אַ מענטש מיט שכל, מיט געפילן, מיט די זעלבע גייסטיקע פאַר־לאַנגען ווי מיינע. עס איז די חברשאַפט וואָס פאַרבינדט אונדז. איך קאָן זיך נישט אָנזעטיקן מיט דיר, דערפאַר וואָס אויך דיין וואָרט רייצט מיך, דער באַריר פון דיין האַנט אין אַ מאָמענט פון אַ פּאָליטישער אַנטוישונג, אָדער

דיין אויסדרוק פון פרייד, דיין שטאַרקער אָטעם ווען אונדזער באַוועגונג האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיג — אָט־דאָס מיין איך, ווען איך זאָג אַז אמתע ליבע פאַר־איייניקט אין זיך אי דאָס פיזישע, אי דאָס גייסטיקע. האָסט מיך פאַרשטאַנען?

סאַלטשע האָט אים נישט געענטפערט. זי האָט צוגענומען די האַנט פון אים און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. מאָטעק האָט עס גלייך באַמערקט און זי אַרומגענומען.

— וואָסי, קינד?

— גאָרנישט.

— וואָס הייסט גאָרנישט?

— גאָרנישט.

מאָטעק האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ און אַריינגעקוקט אין איר פּנים, וואָס איז געווען ווי פאַרשלייערט אַצינד. די אויגן האָט זי געהאַלטן האַלב־פאַרמאַכט, ווי זי וואָלט פאַרשטעלט אַ טרער.

— פאַרוואָס שוויגסטו, סאַלטשע?

זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אים און אינגאַנצן די אויגן פאַר־מאַכט. ער האָט באַמערקט ווי דאָס מויל האָט אַ צוק געטאָן, ווי זי וואָלט זיך איינגעהאַלטן נישט צו וויינען.

— וואָס איז דיר, סאַלטשע?

זי האָט זיך די אויגן אויסגעווישט מיט אַ ווייס טיכל און זיך צעשמייכלט און אים מיטביידע הענט דאָס פּנים זיינס געגלעט און אַרויסגעשעפּטשעט:

— דיר איז גוט וואָס דו קאָנסט אַרויסזאָגן וואָס דו פילסט. מיר גיט עס ערגעץ־וואו אַ צופּ אינעווייניק און דאָס אויג ווערט פול . . . איך קאָן נישט איינטיילן קיין פיזישעס מיט קיין גייסטיקס. ליבע קאָן מען נישט אַנאַ־ליזירן. איך בין דיך מקנא וואָס דו קאָנסט דיינע געפילן איבערגעבן אין ווערטער. איך ווייס בלויז איין זאַך. איך האָב דיך ליב און דאָס איז גענוג פאַר מיר. פאַרוואָס, פאַר ווען, ווי אַזוי — דאָס קומט מיר נישט אויפן זינען. אַלץ אין מיר אָטעמט מיט דיר. אָן דיר בין איך נישטאָ אויף דער וועלט. אוי, ווי די צייט איילט זיך נישט. איך וויל האָבן אַ קינד פון דיר. איך וואָלט עס געוואָלט האָבן שוין און נישט דאַרפן וואַרטן חדשים און חדשים און צי־טערן טאָמער, טאָמער . . . אוי, איך בין מקנא געווען די קאַץ מיט אירע קעצעלעך . . .

— ניין, איך וואָלט וועלן האָבן אַ ייִנגל, וואָס זאָל האָבן דיינע האָר און דיינע קליינע אויערן און דיינע דיינע ליפּן. יעדעס מאָל וואָס דו רירסט זיך צו צו מיר, ווייזט זיך מיר אויס, אַז אַ ניי מאָטעקל ווערט געבוירן, אַז דו ווערסט אַ טייל פון מיר און איך זאַפּ דיך איין אין זיך.

— מען זעט עס נאָך נישט אָן אויף דיר, נאָר איך פיל ווי דו גייסט אויף, ווי דו צעבליסט זיך, ווי אַ בלום אין פרילינג.

— אוי, מאַטעק טייערער, דו ווייסט גאָרנישט וואָס יעדער טאָג מיינט פאַר מיר אַצינד. עס הויבט זיך מיר שוין אָן אויסווייזן, אַז די וועלט אַרום מיר אינטערעסירט זיך מיט דעם וואָס עס קומט פאַר אין מיר. נאַטור איז וואונדערבאַר. די זעלבע זון און דאָך שיינט זי אַנדערש אויף מיר היינט־צו־טאָג. די זעלבע זון — נאָר ווי געררייצט האָט זי זיך מיט מיר אין די טורמע־ווענט; די זעלבע לבנה — נאָר ווי געוויינט האָב איך קוקנדיק אויף איר קאַלטן שיין אין דער מלחמה־צייט אין לאָדזש. איצט כאַפּט מיך אַרום אַ פרייידיקער ציטער ווען איך גיב אַ בליק אויף דער לבנה . . . דו ביסט איינגעשלאָפן מיט אַ פאָר נעכט צוריק און איך בין געלעגן און געטראַכט, געטראַכט פון דעם דאָקטאָרס רייד, אַז איך וועל ווערן אַ מוטער. איך האָב נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן, איך האָב געוואָלט רעדן צו דיר און הערן דיין קול. מיטאַמאָל האָט עפּעס אַ שיין געטאָן אויפן בעט. דאָס האָט אַ ווייסער לבנה־שטראַל זיך אויסגעלייגט אונדז צוקאָפּנס. איך האָב געוואָלט אויסשרייען פון פרייד, איך האָב געוואָלט דיך אויפוועקן, נאָר דער שטראַל האָט געגעבן אַ גלעט דיין האָלדז. איך האָב זיך נישט געקאָנט אָפּקוקן פון דיין האַלדז, ער איז געווען קרעפּטיק, מענעריש און דאָך האָב איך אין אים דערקענט דיין אַמאָליק לייב, ווען דו ביסט מסתּם נישט עלטער געווען פון אַ יאָר צען, ווען דיינע שוועסטער האָבן מקנא געווען דיין ווייס לייב און ווען דו האָסט זיך נישט געלאָזט פון קיינעם קושן, נאָר איך האָב געוואוסט אַז פון מיינע קושן וועסטו זיך נישט אָפּזאָגן . . . איך קוק אַצינד אויף פנימער פון אומבאַקאַנטע מענטשן, מיר דוכט זיך, אַז זיי זיינען אַלע גוט צו מיר, מחמת זיי פילן אַז איך טראָג אין זיך אַ געבורט. ווער ווייסט וויפל נוצן איך קאָן נאָך ברענגען דער וועלט, מאַטעק? לאָמירביידע זיך פרייען. איך וויל שוין דערלעבן צו זיין אין פינפטן חודש ווען די וועלט וועט שוין קאָנען זאָגן אויף מיר, אַז איך בין אין אַנדערע אומשטענדן . . . לאָך נישט. אַמאָל וואָלט איך אויך געלאַכט, אַמאָל וואָלט איך זיך באַצויגן ציניש צו די ווערטער: „אַנדערע אומשטענדן". היינט וויל איך דערלעבן דעם מאָמענט . . .

מאַטעק האָט זי צוגעדריקט צו זיך און איר מויל האָט זיך איינגעקלעמט אין זיינע ליפּן. אַ פּאָרל איז פאַרבייגעגאַנגען. מאַטעקן האָט עס נישט גע־אַרט. די פרילינג־נאַכט איז געווען אַן אָנזאָגער פון אַ שוואַנגעריקער וועלט.

## קאַפּיטל צוויי

# א י י ג נ ס

סאַלטשע איז געווען אין פינפטן מאָנאַט. מיט גרויס אומגעדולד האָט זי זיך דערוואַרט צו דעם מאָמענט. איצט האָט שוין אפילו דער קורצ־זיכטיקסטער מענטש געקאָנט דערקענען אויף איר, אַז זי איז אין אַנדערע אומשטענדן. זי איז געווען ברייט געבויט, נאָר זי איז קיינמאָל נישט געווען גענייגט צו ווערן פעט און אויך איצט, ווען דער גאַנצער קערפּער האָט זיך אָנגעפילט מיט נייער קראַפט, האָבן אירע גלידער „זיך געהאַלטן אין די ראַמען", האָט זי געזאָגט. זי איז געווען שטאָלץ דערויף, אפילו דער הויפּט־אָנזאָגער פון דער ענדערונג אין איר, דער אויסגערונדיקטער בויך, וואָס האָט מיט יעדן טאָג זיך געוואָלט מער אָנזען און פאַרנעמען דעם אויבנאָן, אפילו דער בויך האָט זיך אויך אויפגעפירט סטאַטעטשנע, האָט סאַלטשע געלאַכט, ווען זי האָט פראַנק־און־פריי גערעדט דערוועגן מיט מאַטעקן און מיט גאָלדען. בלויז דער געווינלעך־טיפער בוזים אירער איז געוואָרן שווערער און שווערער, ווי צייטיקע פּירות, וואָס זיינען געווען אָנגעלאָדן מיט זאַפט.

צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט סאַלטשע זיך אַזוי שטאַרק צוגעקוקט צו איר לייב. זי איז יעדן טאָג אַוועק צו דער אַרבעט. געאַרבעט האָט זי אין אַ קראָם פון פרויען־היט אין אַ יידישן געגנט אין די בראָנקס. קיין סך אַרבעט איז נישט געווען און זי האָט געקאָנט פאַרלאָזן פרי און די באַלע־באָסטע האָט אָפּגעשאַצט איר געשמאַק און איר אַרבעטזאַמקייט. נאָר יעדע פרייע מינוט וואָס זי האָט געהאַט, האָט זי זיך אָפּגעגעבן צום שפּיגעלע. אירע הענט האָבן באַטאַפּט די טיילן פון קערפּער, וועלכע עס האָט זיך איר אויס־געוויזן ווערן גרעסער, פולער אָדער אַנדערשדיק אין קאָליר. אַהיים קומענ־דיק האָט זי גאָר אַ סך צייט פאַרבראַכט אין וואַשצימער און די באַלעבאַטים פון דער וואוינונג האָבן דאָס געפילט און אַרויסגעוויזן זייער אומצופרידנקייט.

— מאָטעק, היינטיקן זונטיק וועלן מיר מיט דער נאָז גראָבן און אַ דירה געפינען. דו הערסט, מאָטעק?

— צוזאָגן האָבן מיר אַ סך, נאָר אַזעלכע ווי מיר, מיט נייע דורות פאַראויס, דרייען זיך אַרום איבער די גאַסן און זיינען גרייט צו צאָלן דעם העכסטן פּרייז, אַבי צו האָבן אַן אייגענעם ווינקל. מען בויט הייזער, נאָר

ווער קאָן צאָלן אַזאַ דירה־געלט ? מיר מוזן אָבער אָפּשפּאָרן פון סאַמע נוי־טיקסטן און האָבן וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. מרס. סטאַווסקי וועט דאָ לאַנג אונדז נישט האַלטן. איין מאָטעק איז גענוג פאַר איר.

ווען סאַלטשע איז אַרויסגעקומען פון וואַש־צימער אַן אויסגעצוואַגענע, די לאַנגע שמעקעדיקע קאַשטאַנען־האָר צעפּלאָשעט און די גרויסע ברוינע אויגן צעלויכטן, אין איר האַלב־צעעפענט באַבלימעלטן הויז־ראָק — האָט זיך איר איבערגעפּלייצטער, ווי צעברויזטער, בוזים, נישט געלאָזט צאַמען. מאָטעק האָט עס באַמערקט.

— איך וואַקס אין דער לענג און אין דער ברייט, — האָט סאַלטשע האַלב־פאַרשעמט און דאָך צופרידן מיט זיך געזאָגט און געפּרואווט מיטביידע הענט זיך פאַרשטעלן דאָס אָנטבלויזטע לייב.

זי האָט געוואוסט, אַז מאָטעק האָט די בליקן פון איר נישט אַראָפּגע־נומען. זי איז געווען שטאָלץ דערויף.

— מאָטעק, זאָג דעם אמת, קאָנסט אויף מיר נישט קוקן ?

— ביסט שיין, סאַלטשע. דו געפעלסט מיר ווי דו ביסט.

איז זי צוגעגאַנגען צו אים און זיין פּנים באַדעקט מיט קושן.

אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דעם באַגריף קינדער האָט זיי אַצינד אינטערעסירט. מאָטעקס ביידע אָנקלס אין אַמעריקע האָבן געהאַט צו צוויי קינדער. אין אַן אַנדער צייט וואָלט מאָטעק וועגן זיי נישט געטראַכט. איצט האָט סאַלטשע זיי כסדר דערמאָנט און געוואָלט וויסן ווי זיי קוקן אויס, וואָס מען הערט פון זיי און זי האָט זיך געוואָלט פאַרזענלעך טרעפן מיט זיי.

האָט מאָטעק אַוועקגעשריבן צום אָנקל ווילי אָפּסטעיט. דערציילט אים וועגן זיין חתונה און געבעטן, אַז דער אָנקל זאָל שיקן די בילדער פון זיינע קינדער. האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט דער טאַנטע, דזשעני, מחמת דער אָנקל האָט פיינט געהאַט צו שרייבן בריוו. יידיש האָט ער שוין געהאַט פאַרגעסן און קיין ענגליש האָט ער נישט געקענט, איז די טאַנטע געווען די שרייבערין. זי האָט געשריבן געשעפטמעסיקע בריוו וועגן זיך און איר מאַן, נאָר וועגן די קינדער האָט זי נישט געקאַרגט קיין טינט.

„דזשעיקי וואַקסט אַ בעיזבאָל שפּילער. איך האָב אים געקויפט אַ בעיז־באָל־קאָסטיום און ער ווייסט מער וועגן בעיזבאָל ווי אַלע יינגלעך אויפן בלאָק. דער קלייבער הערי וויל נאָר זיין אַ פּרייז־פּאַיטער און ער פּאַרמעסט זיך קעגן ברודער מיט זיינע קנאַכיקע פויסטן . . . דזשעיקי ווערט שוין באַלד בר־מצוה און מיר וועלן אים שיקן צו אַ ראַבאַי, ער זאָל אים אויסלערנען אַ ספּיטש און מיר וועלן מאַכן אַ גרויסע פּאַרטי און מיר לאַדן אייך איין צו קומען צו דער פּאַרטי . . . עס איז אַ פּלעזשור צו גיין אין גאַס מיט זיי. זיי

זיינען שוין באַלד אַזוי גרויס ווי איך און זיי זיינען אינגאַנצן געראָטן אין זייער אויסזען אין ווילן . . . איך שטיי נאָך אַלץ אין סטאָר און קיינער קאָן מיין פּלאַץ נישט פאַרנעמען . . . איך פאַרהאָף צו גאָט, אַז מיינע באָיעס וועלן נישט דאַרפן זיין קיין סטאָר־קיפּערס. זיי ברענגען אַהיים די בעסטע מאַרקס פון סקול. אפשר וועלן זיי זיין דאָקטוירים צי לאָיערס. הערי וועט זיין אַ לאָיער, אין דעם בין איך איבערצייגט."

סאַלטשע האָט זיך צוגעקוקט צו די בילדער פון אָנקל ווילים קינדער. אויסגעפּאַשעטע בעקלעך, פאַרריסענע נעזלעך און געקרייזלטע טשופּרינעס. גוט אַנטוויקלט און זאַט.

— מיר וועלן אַמאָל צופאָרן זען דעם אָנקל מיט זיינע קינדער, — האָט סאַלטשע אויסגעדריקט איר פאַרלאַנג.

מאַטעק האָט איר נישט איינמאָל דערציילט וועגן זיינע ערשטע דער־פאַרונגען אין אַמעריקע; וועגן זיין אַרבעט אין די פאַבריקן אין אָנקלס שטאָט; וועגן זיינע גוטע פריינט ליובאַ און איסאַק, ביי וועלכע ער האָט געוואוינט. סאַלטשע האָט אָבער הויפּטזעכלעך געגאַרט צו זען די קינדער. מאַטעק האָט איר וועגן זיי גאַרנישט געקאָנט אויפקלערן.

גרינגער איז איר אָנגעקומען זיך צו באַקענען מיט די קינדער פון ניו־יאָרקער אָנקל קיווע, אָדער ווי ער האָט דאָ געהייסן — ניק סאַרדזשענט. סאַלטשע האָט גוט געדענקט די אויפנאַמע וואָס זי האָט באַקומען אין זיין הויז, ווען זי איז צום ערשטן מאָל געקומען צו אים. דער אָנקל האָט זי דורכגענומען מיט זיינע פליישיקע בליקן. עס איז געוואָרן פריקרע פון אים. זי האָט געהאַפט, אַז זי וועט אים מער נישט דאַרפן זען. אַנדערש האָט זי אָבער געפילט אַציינד. די גאַנצע וועלט איז געוואָרן איר פריינט. זי האָט אויך געוואָלט האָבן דעם אָנקלס פריינטשאַפט. זי האָט געוואָלט זיך דער־נעענטערן צו זיינע קינדער, וואָס זיינען שוין מסתם געווען אין חתן־כלה עלטער.

ווען אָנקל ניק האָט זיך פון מאַטעקן דערוואוסט, אַז ער האָט חתונה גע־האַט מיט סאַלטשען, האָט ער מאַטעקן געקלאַפּט איבער דער פּלייצע און זיינע קליינע אויגן האָבן זיך געשמאַלצן, ווי אַ חלבן ליכטל.

— „וועל דאַן", מאַי באַי, האָסט געפּאַלגט דעם אָנקל, וועסטו קיין חרטה נישט האָבן. שי איז סאַם קיד. ווי זאָגט דאָס לידל: „זי האָט די ראָזשינקע". זאָל דיר זיין מיט גליק, מאַט, נאָר וואַרף אַוועק דיינע נאַרישקייטן, דו ווייסט וואָס איך מיין . . . טשעפּע זיך אָפּ פון דיין גענג, פון דעבסן, מיט די איבעריקע טראָבל־מאַכערס. ביסט אַ פאַרהייראַטער מאַן, קאָנסט נישט אַפּאַרדן צו זאָרגן זיך פאַר אַנדערע . . . און זאָג מיר נאָר, דו גרויסער פאַרדינער, פון וואָס

וועסטו ציען חיונה? ביסט נאָך אַלץ אַן עלעקטרישן? שטייסט נאָך אַלץ אויפֿן לייטער און ציסט ווייערס? זאָג מיר נאַר, דו גלויבסט אין קינדער האָבן, אָדער לעגין האָט נישט געהייסן האָבן קיין קינדער? איך האָב געהערט, אַז ער איז קינדלאָז. וואָס דען, אַזאַ חברה־מאַן וועט האָבן קינדער . . . ווען דו וואָלסט געמאַכט אַ חתונה מיט לייטן צוגלייך, וואָלט איך געקומען און איך וואָלט דיר געבראַכט אַ פיינעם פּרעזענט, נאַר אַז דו גלויבסט נישט אין די נאַרישקייטן, פּאַרוואָס קומט דיר אַ פּרעזענט? בין איך גערעכט? זאָג אַז ניין, אַרט עס מיך ווי דער פּאַראַיאַריקער שניי . . . ווי לאַנג מיינסטע וועט געמען ביז מיינע ועלן גיין אונטער דער חופּה? אַנקל ניק קראַצט זיך שוין דעם קאָפּ . . .

ווען מאָטעק האָט זיך דערמאָנט אין משהלען און עליסן, דעם אַנקלס קינדער, איז אים געוואָרן אומאָנגענעם דערפֿון. זייער אויסערלעכע און אינערלעכע פּעטקייט און זאַטקייט איז אים געווען דערווידער. ער האָט אין זיי נישט געפֿונען גאָרנישט וואָס זאָל אים דערנעענטערן אין קרובהשאַפֿט, אין פיזישער ענלעכקייט אָדער אפילו אין יוגנטלעכקייט. ער האָט זיך מיט זיי מער נישט געוואָלט באַגעגענען. זיי האָבן געלאָזט אַ פּוסטקייט אין זיין האַרץ און אין מוח.

איצט האָט סאַלטשע זיך געוואָלט טרעפֿן מיטן קיווע קלאַן. מאָטעק האָט עס פֿאַרשטאַנען. עס איז אים גראָד געפֿעלן. ער האָט גוט געוואוסט, אַז זי איז הונדערט פּראָצענט איינשטימיק מיט אים וועגן קיוועס הויז. אין אַן אַנדער צייט וואָלט איר קיינמאָל נישט איינגעפֿאַלן פֿאַרצושלאָגן פֿאַרשווענדן אַ פּאָר שעה ביים אָנקלאָזן אַנקל. נאָר סאַלטשע האָט אַלעמען דערקלערט אַן אַמנעסטיע, האָט מאָטעק געטראַכט און געלאַכט צו זיך אַליין און זי נאָך מער ליב באַקומען דערפֿאַר.

איז מען אַוועק אין האַרלעם צו ניק סאַרדזשענטס סאַלון.

עס איז געווען זונטיק נאָכמיטאָג און די שענק איז געווען געשלאָסן, נאָר ביי מאָטעקן האָט זיך געהאַט אַרויסגעריסן דער אויסדרוק, אַז מען גייט אין ניקס סאַלון. אין דער אמתן איז מען געפֿאָרן עסן אַ זונטאָגדיקן מיטאָג ביים אַנקל. מען האָט זיך גערעכט אויף זיי און עס איז פֿאַרשטאַנען געוואָרן אַז סאַלטשע קומט זיך באַקענען מיט די קינדער.

טאַנטע פּעני האָט איין קוק געטאָן אויף סאַלטשען און איר רויט פּנים איז געוואָרן צונטער רויט. זי האָט זיך נישט געהאַט גערעכט, אַז מאָטעק זאָל זיין ווי אַלע מענטשן. זי האָט עס אים טאַקע אַזוי געזאָגט, ווען זיי זיינען ביידע געווען אַליין אין קיך.

— כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, מאָטל, אַז ביי אייך איז דאָס אַלץ פֿאַרקערט.

אַ סאָשעליסט מוז דאָך טאָן אַלץ קאָפּויר. האָב איך געמיינט, אַז איר גלויבט נישט אין האָבן קינדער און זיי אַליין דערציען. איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט זיך גענומען אַ פרוי און אַז ווען עס וועט דיר נישט געפעלן, וועסטו אַוועקגיין פון איר. אַזוי, זאָגט מען, טוען אייערע מענטשן. נאָר אַז איך האָב זי דערזען אין אַזאַ צושטאַנד, האָב איך געמיינט, אַז עס איז עק וועלט. נו, זאָל טאָקע זיין מיט מזל, זי איז אַ פיין פּוירסאָן. זי איז אויך אַ סאָשעליסט? מסתם נישט. אַ נאָר וועט זי זיין? זי קוקט אויס ווי אַ רעספּעקטאַבל וואומען. זי גייט אָנגעטאָן שיין און רייך. און אַ קאָמפּלעקשן האָט זי, ווי אַ סאָסאַיעטי לעידי.

און ווען דער אָנקל איז געבליבן אַליין מיט מאָטעקן, האָט ער צו אים געזאָגט:

— סעי, מאָט, קאָם היר, אי וואָנע טאָק טו יו ווי אַ מאַן צו אַ מאַן. פריער פון אַלץ שעיק הענדס. זאָל זיין מיט מזל, אין אַ גוטער שעה. אַז דו מענטשלסט זיך אויס, האָב איך הנאה פון דיר, סאָ העלפּ מי גאָד.

— אָבער אָנקל —

— שווייג, דרך ארץ פאַר אַן אָנקל, לאָז מיך אויסרעדן אַ וואָרט, זיי נישט קיין דבר אחר, ליסן טו מי. מיין נישט, ביסט אַ חכם, איך בין עלטער פון דיר מיט אַ מיטוואָך. איך דאַרף דיר נישט זאָגן, אַז דו האָסט אויף זיך גענומען סאָם רעספּאָנסעביליטי — אַ פרוי אין אַנדערע אומשטענדן . . . וועסט, אין אַ גוטער שעה, ווערן אַ טאַטע, עס איז נישטאָ קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט . . . פרעג מיך. איך בין נישט קיין צדיק, ביטווין מי ענד יו. איך האָב ליב מיין פעני, יו נאָו, זי איז די מוטער פון מיינע קינדער, זי איז אַן איבערגעגעבענע פרוי, ניטאָ אַ סך אַזעלכע ווי זי, נאָר, יו נאָו, מען איז דאָך ניט מער ווי אַ זינדיקער מענטש, דער יצר־הרע איז גרויס, כאַפּט מען זיך אַמאָל צו צו אַן איבעריקן ביסן. איך בין אַ לענדלאָרד. מען איז אַ סאָמבאָדי, און ווייבלעך, אַז זיי דערהערן דעם נאָמען ניק סאַרדזשענט זאָגן זיי „פּליז טו מיט יו, סטעפּ ראַיד אין, מר. סאַרדזשענט, העוו ע דרינק . . . ״ פאַרשטייסט, איך האָב אַ רעכט צו באַזוכן אַ טענענט, עס איז מיין הויז, מיין פּראָפּערטי. וועמעס ביזנעס איז דאָס, אַז איך פאַרברענג אין יענעמס אַפּאַרטמענט . . . נו, דו גלויבסט דאָך אין פרייע ליבע, דיר דאַרף מען נישט אַריינלייגן קיין פינגער אין מויל. נאָר, געדענקען זאָלסטו, מיין פלימעניק, אַז וואָס צו גאָט איז צו גאָט און וואָס צו לייט איז צו לייט. איך בין שטענדיק געווען אַ געטרייער פאָטער צו מיינע קינדער און אַ געטרייער מאַן צו מיין פרוי. און וואָס זי ווייסט נישט, וועט איר נישט שאַטן, ניט אַזוי? נו, נאָר איין זאַך מוז איך דיר זאָגן: וואָס עס זאָל נישט

פּאַסירן, נאָר די קינדער טאָרן נישט ליידן. איך קאָן אַלץ פאַרגעבן, נאָר אַז איך זע ווי מען לאָזט איבער אַ קינד און מען קומט נישט מער צוריק, וואָלט איך אַזאַ מענטשן פאַרשיקט אויפן עלעקטריק טשער, אַזוי וואָר ווי איך לעב . . . האָסט אַ דאַרלינג ווייב, מאָט. זי קוקט אויס ווי אַ מיליאָן דאָלאַר, אי עם נאָט קידינג יו. איך וואָלט מיט אַזאַ פרוי געהייראַט פון ערשטן בליק. ווען דו פרעגסט מיך, וועל איך דיר זאָגן, אַז איך גלויב נישט, אַז זי האַלט פון פרייע ליבע. און ווען דו פרעגסט מיך, וועל איך דיר זאָגן, אַז איך גלויב גאָרנישט, אַז זי האַלט פון דיינע משוגענע געדאַנקען וועגן סאָשעליזם און בולשעוויזם. זי וועט, מיט גאָטס הילף, האָבן אַ קינד און זי, וועט ווערן אַ מער ביזי ווייבל, ווי מיינע איז. די הויפּט־זאַך, מאָט, וואַרף אַוועק דיינע פוילע שטיק. ס'איז נאָך נישט צו־שפּעט. געדענקסט ווי דער אָנקל האָט דיר אַמאָל געהאַט פאַרגעשלאָגן איבערצונעמען מיינע ביזנעס און דו האָסט זיך אויסגעלאַכט דערפון. נו, ווער איז געווען גערעכט? היינט וואָלסטו ווערט געווען אַ שיינע פּאָר טויזנט רובל. און אַזוי וואָס האָסטו? אַ פייג האָסטו. דער סאַלון איז דאָ. איך האָב צו אים נישט צוגעלייגט זינט דו האָסט זיך געהאַט אָפּגעזאָגט. מיין באַנק־ביכל איז פעטער געוואָרן. דער וואָס האָט ליב אַ טרונק, וועט פאַרזעצן דעם זייגער און קומען צו ניקן. פאַר־פאַלן. איצט לאַך איך פון דיר. זי גייט אַרום מיטן בויך און דו האָסט נישט קיין דירה, נישט קיין באַנק־ביכל, נאַטינג.

— אָבער, אָנקל, איך —

— איך בין נאָך נישט פאַרטיק, מאָט, איך קום ערשט צום רעכטן גע־דיכטן. מיין עליסל ווערט אַ כלה, מאָט. ווען איך זאָג, אַז זי ווערט אַ כלה, מיין איך נישט, אַז מען שטייט אין לאַין און מען פאַלט איר צו די פיס. מיט דיר קאָן איך דאָך רעדן אָפן — און דערצייל עס נישט דיין ווייב, — נאָר איך וויל, אַז עליסל זאָל קריגן אַ מאַן און וואָס גיכער. זי איז אַ וואויל קינד, נאָר אַ בחור וויל עפּעס מער. קיין „לוקס“ האָט זי נישט. דאָס הייסט, זי איז נישט קיין מיאוסע, ווען זי וואָלט נישט געווען אַזוי ברייט. זיך געבעטן אַלע יאָרן: געגוג קרים פּאַפּס, געגוג געפרעסן . . . אין בעט האָט מען געכאַ־ליעט ביז שפּעט אין טאָג אַריין. מילא, כ'האָב זיך פיינט צו באַקלאָגן. איך בין אַ ביזנעסמאַן. מען דאַרף איר קריגן אַ חתן און אָנקל קיווע קריגט אַלץ וואָס ער וויל. האָב איך פאַר איר אַ חתן. זאָלסט דאָס פאַרדינען יעדן חודש, וויפל דאָס קאָסט מיך. אונדזערע עלטערן האָבן געמעגט קויפן חתנים, מעג איך אויך. זיי האָבן געוואוסט, וואָס זיי האָבן געטאָן. זיי זיינען געווען סמאַרט, שוין איינמאָל סמאַרט. עליסל קריגט אַ וואוילן מענטשן, אַ סך עלטער פון איר, מען מעג זאָגן צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי זי. נאָר דערפאַר איז ער אַ מענטש

וואָס פאַרשטייט אַן ענין. ער איז ערלעך, דאָס ווייס איך. ער וועט זיין צו איר ווי אַ טאַטע. דאָס וואָס זי דאַרף האָבן. געלט גיב איך אים גענוג און ער ווייסט וועך איך בין. ער וויל גיין אין ביזנעס. יו נאָו ווהאַט אַי מין. ער האָט זיך געמוזט גענוג אָנליידן. ער האָט אַ פּאָר טרעידס, געאַרבעט אין אַן אָפיס, געווען אַ מענעדזשער. ער ווייסט אַ סך וועגן דראַי גודס, זאָגט ער, וויל ער עפּענען אַ סטאָר פון ווייבערשע זאַכן: לינזשערי, זאָקן. איז מיר איינגעפאַלן, אַז דו און ער וואָלטן אפשר געווען אַ פּאָר. ביסט אַ שיי־נער בחור. דיין ווייבל וויס וועגן מילינערי. נו, דערווייל וועט זי גאָרנישט ניט קאָנען טאָן, נאָר דו און סיימאָן — אַזוי הייסט מיין צוקונפטיקער איידעם — וואָלטן זיך געדאַרפט צוזאַמענקומען און רעדן ביזנעס. וואָס זאָגסטו, מאָט?

— ס׳איז פּילייכט אַ פּלאַן, אָנקל, איך — — —

— עקסקיוז מי, מאָט, די חתונה דאַרף פּאַרקומען אין צוויי חדשים אַרום. איך וועל דיך דערווייל באַקענען מיט אים. יאָ־יאָ, ניט־ניט . . . הער, לאָמיר אַריינגיין אין פראָנט־רום. ס׳איז ניט שיין זיך צו באַהאַלטן אין קיך און מען זאָל מיינען אַז מיר זיינען אַנטלאָפן פון די ווייבער, הע, מאָט?

אויף דער רויטער אויסגעריבענער פּלושענער קושעטקע זיינען געזעסן סאַלטשע און פּעני און שטילערהייט גערעדט צווישן זיך. דאָס הייסט, גע־רעדט האָט פּעני און יעדע ווייל אַ שטורך געטאָן סאַלטשען דאָ אין אָרעם, דאָ אויף דער קני. סאַלטשע האָט געשמייכלט און געקוקט פּענין אין מויל אַריין.

— נו, ווייבלעך, איך שטעל זיך פאָר, אַז איר האָט פּלענטי וועגן וואָס צו רעדן צווישן זיך. סאַלטשע דאַרלינג, פאַרלאָז זיך אויף מיין יידענע, ווען ס׳קומט צו די זאַכן, איז זי אַ פּראָפעסאָר. ביסט אַריינגעפאַלן אין די ריכטיקע הענט, נאָר, פּעני דיער, ביי אונדז אין הויז לאָזט מען קיין מענטשן נישט הונ־גערן, זיי קאָנען נאָך מייבען, אַז — — —

— ניק, הער שוין אויף צו באָלבען, אַ מענטש זאָל האָבן אַ מאָדנע טבע זיך אַריינצומישן אין אַלע טעפּלעך. מיר וועלן זיך זעצן צום טיש אַזוי שנעל ווי די קינדער וועלן אָנקומען. משהלע איז אין סענטראַל פּאַרק ביי אַ באַל־געים און עליסל איז אין צווייטן הויז ביי אַ פריינדינע. זיי ווייסן, אַז זיי דאַרפן זיין צוריק אַרום צוויי אַזייגער. זונטיק שלאָפט מען שפּעט און מען עסט שפּעט, אַזוי פירט זיך אין אַמעריקע, סאַלטשע . . . ווי שפּעט איז דען, ניק?

— אויב דו ביסט שוין יאָ אַ לעידי מיט אַזייגער, וויל איך דיר זאָגן, אַז היינט וועט שוין קיין צוויי נישט זיין. דער זייגער האַלט פּינקטלעך צוויי־און־צוואַנציק מינוט צו דריי. וואָס ווילסטו איצט זאָגן?

— ניק, גיי אַריבער נאָך עליסן, וועלן מיר זיך זעצן צום טיש. דו קענסט דאָך משהלען. ער, אַז ער פאַרקאָכט זיך אין אַ געים, איז גודבאַי. פון קיין זייגער האַלט ער דאָך נישט.

סאַלטשע האָט זיך דורך דער צייט איבערגעקוקט מיט מאָטעקן. זייערע בליקן האָבן זיך פאַרשטאַנען. איר פנים איז געווען פאַררויטלט און גלאַנציק. פון די גריסע גוטע אויגן האָט אַרויסגעקוקט דער שטיפער, וואָס האָט געמאַכט אַלע פאַרזוכן זיך צו האַלטן פאַרמעל און סטאַטעטשנע. מאָטעקס פנים איז געווען אומגעדולדיק. ער האָט דעם אויסדרוק נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן. זיינע אויגן האָבן געזאָגט צו סאַלטשען: „איך גיי אויס פון נודאָטע. זאָל שוין נעמען אַ סוף, לאָמיר שוין פטור ווערן פון דער קאָמעדיע.

— איך גיי ברענגען די „בעיבי“, — האָט אַנאָנסירט דער אָנקל. נאָר גלייך האָט זיך דערהערט אַ שאַרף קלינגען.

— אייער גלעקל דאַרף פאַרריכט ווערן, — האָט מאָטעק זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן.

— דאָס קומט משהלע, אַ לעבן אויף זיין קאָפּ. און ער איז הונגעריק, — האָט געזאָגט פעני און זיך אויפגעהויבן פון אָרט און איר פנים איז געוואָרן ערנסט און באַוועגלעך.

— ווען משהלע קלינגט, איז אַ סימן, אַז אַלץ דאַרף שטיין אויפן טיש . . . איר וועט מיר אַלע עקסקיוזן, מיין משהלע איז הונגעריק.

— און ווען איז ער דען נישט הונגעריק ? — האָט דער אָנקל זיך געגעבן אַ כאַפּ מיט דער האַנט פאַרן מויל, ווי ער וואָלט וועלן צוריקכאַפּן זיינע ווערטער.

— גיי, גיי, אַלטער נאַר. מען קאָן מיינען אַז מיינע קינדער זיינען פרעסערס און זויפערס. ווייי איז צו די מאַמעס, וואָס דאַרפן צונעמען דאָס עסן פון די טישן.

די טיר פון דער קיך האָט זיך אַ צעפּראַל געטאָן און נאָך איידער משהלע האָט זיך באַוויזן, האָט מען דערהערט זיין קול:

— העי, מאַ, גיב מיר דעם סטעיק, איך שטאַרב פון הונגער. איך האָב געהאַט אַ טשאָקאָלאַד מאַלטעד מיט אַ פּאָר שעה צוריק און מאַך עס שנעל; האַי און פעט וואַרטן אויף מיר, מאַ.

סאַלטשע איז צוגעגאַנגען צו מאָטעקן און אָנגענומען זיין אָרעם. דער אָנקל איז אַראָפּגעגאַנגען ברענגען די „בעיבי“. פעני איז שוין געווען פאַרטאָן אין קיך.

— משהלע, דיין קאַזין מאָטל און זיין פרוי זיינען געקומען צו אונדז פאַר דינער. גיי אַריין, מיין קינד, זאָג „האַלאָ“ צו זיי.

— אַ־קעי, מאַ.

משהלע איז אַריינגעקומען אין פאַרבערענג־צימער, וואו מאַטעק און סאַל־טשע זיינען געשטאַנען און מיט אָפענע אויגן אויפגענומען משהלען.

— פּליז טו מיט יו, — האָט משהלע געזאָגט אַ פאַרשעמטער, באַמערקנ־דיק סאַלטשעס אויסזען. זיין געפּאַקטער גוף און קורצער האַלדז און צונטער רויט פּנים האָבן איצט אויסגעדריקט אַ מין הילפלאָזיקייט, אַניט האָבן קיין פלאַץ וואו זיך אַהינצוטאָן.

— וואָס הערט זיך עפּעס, משהלע? ווי גייען די לימודים אין קאַלעדזש?

— האָט מאַטעק געוואָלט אים אַרויסנעמען פון זיין אומבאַקוועמקייט. און צו סאַלטשען: — ער שטודירט אויף דאָקטאָר מעדיצין. נישט אַזוי, משהלע?

— יאָ און ניין, קאָזין מאַטעל. איך האָב געוואָלט אויפנעמען מעדיצין, נאָר עס איז צו אַ לאַנגער פּראָצעס און מיר זיינען נאָך אַ מלחמה און אין די קאַלעדזשעס איז אַלץ צערודערט. די סטודענטן ווייסן אַליין נישט וואָס אויפצונעמען און די אויסזיכטן זיינען נישט קיין זיכערע. צו זאָגן דיר דעם אמת, ווייס איך אויך נישט וואָס איך וויל, נאָר מעדיצין איז אויסגעשלאָסן. איך וויל האָבן אַ לייכט לעבן. ווען מען לאָזט עס צו מיר, וואָלט איך געוואָרן אַ מענעדזשער, אַ פּראָמאָטער פון באָקסינג, אפילו פּרייז־פאַיטס. נאָר מיין פאָטער וויל דערפון נישט הערן, און ווי ווינציק איר קענט מיין פאָטער, ווייסט איר דאָך אָבער שוין, אַז ער איז אַ קלוגער, אַ דורכגעטריבענער און אַן איינגעשפּאַרטער מענטש און אַז ער הייסט ענדיקן קאַלעדזש, מוז מען אויספאָלגן, נישט אַזוי? . . . קאָזין מאַטעל, וואָס הערט זיך ביי דיר? ווען האָסטו חתונה געהאַט? איז דיין פרוי אַ גרינע?

— איך בין אַכט מאָנאַטן אין לאַנד, נאָר איך האָב זיך שוין אויסגעגרינט.

— האָט סאַלטשע געענטפערט אין ענגליש, מחמת דער גאַנצער שמועס איז אָנגעגאַנגען אויף ענגליש.

— איר שפּאַסט . . . איר מוזט זיין אַכט יאָר, נישט אַכט מאָנאַטן אין לאַנד. אייער ענגליש איז דאָך זייער גראַמאַטיקאַליש און פריי . . . וואו האָט איר זיך אויסגעלערנט אַזוי גיך?

ווידער האָט זיך די קיך־טיר געעפנט אַ פּראַל אויף. דער אָנקל און עליסל האָבן ביידע גערעדט אויף אַמאָל:

— פּעני, זי זאָגט אַז זי וועט נישט עסן, דו הערסט? אָ, האַלאָ, קאָזין מאַטיק, סאָ גלעד. אָ, דאָס איז דיין פרוי? קאָנגרעטשיולעישאַנס, ווען האָט איר חתונה געהאַט, צי זאָל איך נישט פרעגן?

— קיווע, קענסט הייסן אַלעמען זיך אויסזעצן. קיווע, משהלע דאַרף באַלד אָוועקגיין. זיין סטעיק איז פאַרטיק.

עליסל און סאַלטשע האָבן זיך באַקוקט. משהלע איז אַריין אין קיך. דער פעטער ניק איז געווען פאַרנומען אין צווייטן צימער ביים עס־טיש, וואַרפנדיק דעם לעצטן בליק צי אַלץ איז אין אָרדנונג.

— קומט אַריין, קומט אַריין, שעמט זיך נישט, — האָט ער אויסגע־שפּרייט זיינע קורצע אָרעמס.

אַ רונדיקער טיש, פאַרשפּרייט מיט אַ גרויס־באַבלימלטן, קאָלירדרייכן טישטוך. דער טיש איז געווען אָנגעלאָדן מיט שווערע טעלער און שפּייז. אַלץ האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון איבערגעלאָדנקייט. אין צענטער איז געווען אָנגעהויפט אַ פּאַלומעסיק מיט ברויט און חלה, אין גרויסע רייפטלעך. דערנעבן איז געשטאַנען אַ ברייטער טעלער, אָנגעפּיקעוועט מיט פאַרזייערטע אוגערקעס, פאַרזויערטע טאָמאַטן און אַ בערגל זויערקרויט. אַרום אים, ווי צוויי געטרייע שומרים, זיינען געשטאַנען צוויי פלעשלעך מיט מושטאַרד און בוריקע־כריין. אַ סופאַן סעלצער־וואַסער, אַ פלאַש פּאָרט־ווייַן און אַ פלעשל סקאָטש וויסקי האָבן אַרומגערינגלט ניקס פּלאַץ אויבנאָן. באַלד האָט פעני אַריינגעטראָגן גרויסע שווערע טעלער מיט לאַנגע, דיקע לאָקשן־יויך מיט „גאָלדענע אויגן". די זאַלצקאַן־פעפער־מעסטלעך האָט מען נישט געהאַט וואו אַהינצוטאָן. אויך זיי זיינען געווען גרעסער און ברייטער ווי אין גאַנץ אַמעריקע, האָט מאָטעק געטראַכט.

עס איז געווען אַ טשיקן־דינער און אָן צערעמאָניעס האָט דער פעטער געוויזן דעם וועג, אַז מען קאָן זיך באַגיין אָן די גאָפּל־מעסער און צעפּליקן די הון מיט די גיריקע פינגער, וואָס זיינען גלייך געוואָרן באַס פון דער פעטס און די מיילער ביי ניקן און ביי עליסן זיינען געוואָרן גלאַנציק און צעפּראַלט און די אויגן האָבן מער קיין זאַך נישט געזען ווי דעם טעלער און די ברוינע הויט און די נאַקעטע ביינער.

אַלע האָבן פאַרזוכט דעם ווייַן און וויסקי, נאָר סאַלטשע האָט נישט גע־וואָלט טרינקען. דער דאָקטאָר האָט איר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל דאָס אויסמיידן.

— זאָגט אייער דאָקטאָר, אַז איך האָב געטרונקען ביז אַכטן מאָנאָט און עס האָט מיר גאָרנישט געשאַדט, — האָט אויסגעשריגן פעני.

— יידענע, מיש זיך נישט, — האָט זיך אַריינגעמישט קיווע, — אַז אַ דאָקטאָר זאָגט, מסתם ווייס ער. יעדער מענטש האָט זיך זיינע שוואַכקייטן. וואָס עס איז גוט פאַר מיר, איז סם פאַר יענעם. בין איך גערעכט, סאַלטשע?

פאַר סאַלטשען איז געווען שווער צו רופן ניקן „אָנקל" און פעניַן — „טאַנטע".

— איר זייט גערעכט, — האָט זי געלאַכט.

— דער אָנקל איז שטענדיק גערעכט, — האָט מיטגעלאַכט מאָטעק.

— מיט מיין פאָטער קאָן קיינער נישט אַרגומענטירן. ער געווינט שטענ־דיק, — האָט ערנסט געזאָגט עליסל.

— איך שווייג. איך עס נישט קיין טשיקן. דאָס איז גוט פאַר מענטשן מיט אַ שוואַכן אַפּעטיט. גיט מיר אַ זאַפטיקן סטעיק מיט גענוג ציבעלעס, אַ דיקן סטעיק, מיט אַ דיקן שיכט ציבעלעס, — האָט פילאָזאָפירט משהלע.

די אָנגעריבענע קאַרטאָפל מיט געריישטע ציבעלעס און די מייערן מיט פלוימען האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי מאָטעקן און סאַלטשען. פּעני האָט דאָס באַמערקט און זי האָט אָנגעקוואָלן.

— מאָטל האָט נישט ליב קיין ברוינע פליש און סאַלטשע האָט נישט ליב די ווייסע טייל, — האָט געצויגן שלוסן פּעני, גריינקוקנדיק אין זייערע טעלערס, — קינדער, — איר זאָלט זיך צוליב דעם נישט קריגן. איך מיט מיין מאַן עסן אַלץ. ביי אונדז לאָזט מען איבער בלויז דעם טעלער. נישט אַזוי, משהלע?

— איך שווייג. איך בין שוין אַזוי אויך שפּעט. גיב מיר נישט קיין קאָמפּאָט, מאַ. איך וועל האָבן אַ געבאַקטן עפּל מיט קרים מיט די באָיעס... מאָט און סאַלטשי, איר וועט מיר אַנטשולדיקן וואָס איך קאָן מיט אייך נישט פאַרברענגען לענגער. עס איז זונטיק, דער איינציקער טאָג, ווען איך קאָן זיך טרעפן מיט מיינע חברים פון בלאָק. עס איז געווען זייער אָנגענעם צו טרעפן אייך, סאַלטשי. איך פאַרהאָף, אַז איר וועט נישט זיין קיין פרעמדע. גודבאַי, קאָזין מאָטעל. זאָג מיר, איידער איך פאַרגעס, ביסט נאָך אַלץ אַ סאָשעליסט, אָדער דו האָסט אויפגעגעבן די אידייע צו פייטן מאָרגען און ראָקפעלער?

— גיי, גיי, משהלע און ליי נישט ביי קיינעם קיין געלט, — האָט דער פאָטער אים אָנגעזאָגט.

דער מיטאָג האָט זיך געצויגן און געצויגן. קאָמפּאָט און טיי מיט קוכן און ניס צו פאַרבייסן און — רייד, רייד, רייד.

— איך געדענק נאָך דיין טאַטן, עליו השלום, — האָט אָנגעהויבן קיווע, — ווען ער איז געווען אָט־אַזוי די גרויס. מיר זיינען ביידע געווען קינדער דאָן און מיט אים בין איך אויסגעקומען בעסער ווי מיט די אַנדערע. זאָג מיר, מאָטעק, דער טאַטע דיינער, דאָס הייסט, מיין לייבלעכער ברודער, האָט געהאַט אַן ענלעכקייט צו מיר, אָדער ניט? קיין פּיקטשע פון אים האָסטו ניט. ער האָט ניט געוואָלט נעמען קיין בילד. וועל, איך שטאַם פון אַ פרום הויז, שטאַם איך. עליסל, דו הערסט וואָס דיין קאָזין מאָטעק דערציילט: ער גע־דענקט דיין זיידען, אַ קלוגער ייד געווען, נישט אַזוי, מאָטעק?

נישט מאָטעק האָט ווען ס׳איז דערמאָנט דעם זיידן און נישט ער איז

געווען גרייט צו באַרימען זיך פאַר עליסן מיט איר פאָטערס אָפּשטאַם. אַלץ וואָס ער וואָלט געקאָנט דערציילן וואָלט געווען, אַז איר פאָטער האָט געהאַט זייער נישט קיין גוטן נאָמען צווישן זיינע אייגענע. זיינע ברידער האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ רשע, פאַר אַ קורח, פאַר אַ „ירבעם בן נבט“. נאָר איצט האָט מאָטעק געשוויגן. קיווע האָט געחלשט, אַז מאָטעק זאָל זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן אים, נאָר מאָטעק האָט געשוויגן.

סאַלטשע האָט זיך געהאַט איינגעגעסן אין די פּנימער פון משהלען און עליסן. זי האָט געוואָלט אין זיי געפינען אַן ענלעכקייט צו מאָטעקן אָדער צו זיינע שוועסטער. בלויז מאָטעקס ייִנגסטע שוועסטער, אַנדזשיאַ, האָט געהאַט זיין טאַטנס אָנבליק. עליס האָט פאַרמאָגט די טונקעלע מאַטאָווע הויט פון אַנדזשיאַן. אויך איז איר רונדיק פּנים געווען פאָרמירט ווי אַנדזשיאַס. איר לאַנגע, אַראָפּהענגענדיקע נאָז, די קליינע, שוואַרץ־גליענדיקע אויגן זיי־נען געווען פּעניס, און אַוודאי איז איר דיקקייט נישט געווען געראָטן אין מאָטעקס פאָטער. משהלע איז אויך געווען אינגאַנצן ווי די מאַמע זיינע. און קיווע האָט מאָטעקן גאָרנישט דערמאָנט אין זיין פאָטער. קיווע איז געווען אי אין כאַראַקטער, אי אין אויסזען אַנדערש פון דער גאַנצער סאַרנע משפּחה וואָס מאָטעק האָט געקאָנט אַלס קינד.

עליס איז, ווי דער טאַטע אירער, געווען שטאַרק באַרעדעוודיק. זי האָט רק געוואָלט וויסן פון סאַלטשען, ווי זי האָט זיך באַקענט מיט מאָטעקן און ווי לאַנג זיי זיינען אַרומגעגאַנגען און ווען ער האָט זיך איר דערקלערט אין ליבע. סאַלטשע האָט געשמייכלט כסדר און זיך אַרויסגעדרייט פון געבן די פאַרלאַנגטע ענטפערס.

אויך פּעני האָט ווינציק־וואָס אַרויסגעקראָגן פון סאַלטשען. אין אַזעלכע פאַלן לאָזן זיך די פרעגערס לאַנג נישט בעטן און זיי רעדן אַ סך. איז אויך סאַלטשען געלונגען צו זיין די צוהערערין און אַליין די שווייגערין. פּעני האָט איר דערציילט ווי קיווע האָט זיך מיט איר באַקענט אויף אַ באַל, ווי ער האָט זי אויסגענומען אין ייִדישן טעאַטער; ווי זיי בײדע, פּוילישע, זיינען איינמאָל אַ וואָך געגאַנגען עסן אין אַ רומענישן רעסטאָראַן; און ווי זיבט זיי האָבן חתונה געהאַט, מיט איבער דריי־און־צוואַנציק יאָר צוריק, פעלט איר קיין זאַך נישט. זי האָט געוואָלט האָבן מער קינדער, נאָר, אַדאַנק דעם אוי־בערשטן דערפאַר . . . סאַלטשע האָט פאַרשטאַנען, אַז הינטער דעם ליגט עפּעס אַ מעשה און פּעני וואַרט אַז זי זאָל אַ פרעג טאָן. דערפאַר טאַקע האָט סאַלטשע פאַרקירעוועט דעם שמועס אין אַן אַנדער ריכטונג.

עס איז געווען אַ פיינער מיטאָג און אַלע זיינען געווען צופרידן. דער פעטער קיווע האָט גערעדט וויפל מען האָט געוואָלט הערן. די מומע פּעני

איז געווען צופרידן וואָס מען האָט געלויבט איר מיטאָג. עליס האָט מיט אירע פּראַגעס געוואָלט ווייזן, אַז זי האָט אַ סך לעבנס־דערפאַרונג.

און מאַטעק און סאַלטשע ? זיי זיינען געווען צופרידן, וואָס אַלץ האָט זיך געענדיקט גוט און מען האָט זיי איינגעלאַדן „נישט צו זיין קיין פרעמדע און קומען נאָכאַמאָל“.

## קאַפּיטל דריי

# קנאה און שרעק

### 1.

קנאה איז אַ נאַגענדיק געפיל, פון וועלכן מען וויל זיך באַפרייען, נאָר עס איז שווער. און קנאה עסט זיך איין גראָד צווישן גוטע פריינט. מען לאָזט די אויגן אַראָפּ, מען פילט זיך שולדיק, נאָר מען האָט זיך אַליין אינזינען פריער פון אַלץ.

סאַלטשע האָט אַצינד איבערגעלעבט קנאה. זי איז טאַקע אַרומגעגאַנגען אַ לויכטנדיקע, מיט ליבשאַפט צו איר קרייז, צו אַלע באַקאַנטע און ווייטע באַקאַנטע. זי האָט זיך אַליין געפּרואווט פאַרשטיין. מיט מאַטעקן האָט זי דערוועגן ניט געוואָלט רעדן. ער איז דאָך געווען אַ נוגע בדבר. זינט זי האָט זיך געדענקט איז דאָס געווען צום ערשטן מאָל וואָס זי האָט אַזוי מאָדנע געפילט — מקנא צו זיין עמיצן. דער וואָס האָט זיך דערצויגן אין אָרעמקייט, אין נויט, דעם איז דער קנאה־געפיל פרעמד, מחמת ער ווערט צוגעוואוינט צו דעם וואָס ער פאַרמאָגט, אָדער פאַרמאָגט ניט און עס אַרט אים ניט וואָס יענער האָט. אַזוי האָט זי פילאָזאָפירט. נאָר איצט איז זי רייך, אָדער האָלט ביים רייך ווערן.

אַ פּאָר וואָכן נאָך סאַלטשעס אָנקומען קיין אַמעריקע איז גאָלדע געלעגן געוואָרן און געהאַט אַ מיידעלע. מען האָט איר אַ נאָמען געגעבן אסתר, נאָך גאָלדעס באָבע, דער מאַמעס מאַמע. גאָלדע איז טאַקע געווען די וואָס איז מיט סאַלטשען געגאַנגען קויפן אירע ערשטע קליידער אין אַמעריקע ; סאַלטשע האָט זיך געפילט ממש גליקלעך וואָס גאָלדע וויל זיך חברן מיט איר און זי האָט פאַר גאָלדען אַרויסגעוויזן איר געטריישאַפט ביי יעדער געלעגנהייט. אמת, צווישן זיי איז געשטאַנען אַ בליענדיקע רויז מיט נאָדלדיקע דערנער.

ס'איז געשטאַנען דאָס געשטאַלט פון מאָטעקן, ווען מען בײדע האָבן ליב געהאַט פון זײערע קינדער־יאָרן אָן. גאָלדע, וואָס האָט מאָטעקן ניט געראַטן אַראָפּברענגען סאַלטשען פון אײראָפּע, צוליב זײן אײגענעם וואוילזײן, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט; גאָלדע, וואָס האָט אים מסתּם ניט געקאָנט מוחל זײן, וואָס ער האָט מיט איר ניט חתונה געהאַט, דערפֿאַר „וואָס די רעוואָלציע קומט פֿריער", נאָר די מינוט וואָס ער האָט זיך דערוואוסט, אַז סאַלטשע איז גרײט צו קומען קײן אַמעריקע, האָט ער זיך צעפֿלאַקערט מיט בענקעניש און ליבשאַפֿט פֿאַר איר.

און סאַלטשע? ערגעץ־וואו, טיף אינעווײניק, האָט סאַלטשע פֿאַרדעכטיקט, אַז גאָלדע באַדויערט וואָס מאָטעק האָט מיט איר ניט חתונה געהאַט. וואָס מער גאָלדע האָט זיך פֿאַר איר אויסגעפּײנט מיט איר גליקזעליקײט, מיט איר פֿאַרמעגלעכן מאַן, מיט איר ברײט־אויסגעשטאַטער וואוינונג, מיט איר געזונטער זעט — אַלץ מער איז געוואַקסן בײ סאַלטשען דאָס געפֿיל, אַז גאָלדען פֿעלט אויס — מאָטעק. אויך האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי קוקט נאָך אַלץ אויף איר, ווי זי וואָלט געזאָגט: „צו גרינג איז דיר מאָטעק אָנגעקומען, דו האָסט עס ניט פֿאַרדינט. און ווער ביסטו דען סײ־ווי־סײ? האָסט אים אַרײנגענאַרט אין דײן האַרצן, ווען ער איז נאָך געווען אַן אומשולדיק קינד; האָסט אים שוין דאַן אויסגעהאָדעוועט, אַז ער זאָל ווערן דײן ליבעשקלאַף" .

ניט וואָס זי האָט־וואָס מורא צו האָבן. פֿאַר איר איז געווען קרישטאָל־קלאָר, אַז מאָטעק האָט מיט גאָלדען ניט געוואָלט חתונה האָבן, דערפֿאַר וואָס ער איז געווען פֿון אַן אַנדער וועלט. פּונקט ווי ער האָט ניט געקאָנט פֿון קינדווײז אָן שלום מאַכן מיט זײנע פֿרומע עלטערן און מיט די אָנקלס, די בורזשוקעס. איבערהויפּט איצט, אַז גאָלדע האָט שוין אַ קינד, און אַז זי אַלײן האַלט אויך בײם ווערן אַ מאַמע, איז דאָך אַוודאי ניטאָ וואָס איבערצוקלערן. עס איז אָבער געווען עפּעס אַנדערש. אין סאַלטשען האָט זיך אַרײנגעכאַפּט דער וואָרעם פֿון קנאה. קנאה קעגן וועמען? פֿאַרוואָס? גאָלדעס אומשולדיק, נײ־געבוירן עופעלע איז געווען די סיבה דערפֿון. און סאַלטשע האָט זיך פֿאַרשעמט פֿאַר זיך אַלײן.

עס איז ניט פֿאַרבײ דער טאָג, אַז סאַלטשע זאָל ניט שטײן אין פֿאַרבינדונג מיט גאָלדען. זי רעדט זיך מיט איר דורך טעלעפֿאָניש. אַ דרײ מאָל אין וואָך באַזוכט זי גאָלדעס וואוינונג. איבערהויפּט לעצטנס. עס איז אמת, אַז גראָד מאָטעק געפֿינט כּסדר תּירוצים ניט צו וועלן פֿאָרן אין די בראָנקס און פֿאַרברענגען בײ גאָלדען. עס העלפֿט ניט דאָס צויבער־וואָרט, וואָס סאַלטשע באַנוצט „קום זען ס'קינד". „ס'קינד", ווען ער דערזעט עס, וואַרפֿט גראָד־אָן

אויף דעם הויכן, פאַרהאַרטעוועטן מאַטעקן אַ שטיקל שרעק. דאָס פּיצעלע וואָס איז געווען אַזוי הילפלאָז און רחמנותדיק, אַזוי אומבאַשיצט און צאַרט. געשראָקן האָט ער זיך, מאַטעק, צוליב דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס דאָס קינד האָט אַרויסגערופן צו זיך. באַלד וועט ער דאָך אויך האָבן אַזאַ קליינטשיקס, אַזאַ נעבעכדיקס. עס איז דאָך אַ וועלט פאַר זיך אַליין. ווי וועט ער קאָנען איינעמען אָט־דאָס וועלטל; ווי נעמט זיך דאָס אַ מענטש בכלל אונטער אַזאַ רעטעניש צו אַנטשיידן? . . . פאַרט מערסטנס סאַלטשע אַליין צו גאָלדען. די שמחה איז גרויס. גאָלדע קאָן זיך ניט דערוואַרטן, אַז סאַלטשע זאָל קומען, כדי איר צו קאָנען איבערגעבן די וואונדער וואָס זי האָט אין דעם וואונדערבאַרן אסתרל אַנטפּלעקט יעדן טאָג, יעדע שעה אין טאָג. נאָר סאַלטשעס פרייד איז ניט אינגאַנצן אויפריכטיק. גאָלדע קאָן עס ניט באַמערקן. זי איז צופיל פאַרשיכורט פונעם קינד. אָט טאַקע גאָלדעס אַנטציקטקייט, גאָלדעס יוגנטלעכער צעברויז, גאָלדעס שטאַרלנדיק פּנים — רופן אַרויס ביי סאַלטשען געפילן פון קנאה. עס ווייזט זיך איר אויס, אַז ווען זי וועט האָבן אַ קינד, וועט זי דעם קינד ניט קאָנען געבן דאָס וואָס גאָלדע גיט אים. אַז זי האָט דאָך נאָך אפילו קיין וואוינונג ניט פאַר זיך אַליין. אַז די סטאַוווסקיס קאָנען זיי הייסן גיין יעדן טאָג, אַז מאַטעק קאָן דאָך אָנווערן זיין אַרבעט היינט־מאָרגן . . .

זי האָט זיך ניט געקאָנט אָפּגעבן קיין דין וחשבון, סאַלטשע. נאָר זי האָט געקוקט אויף דעם עופעלע, עס געהאַלטן פאַרזיכטיק און ציטערדיק אין אירע ברייטע אָרעמס און ערגעץ־וואו טיף אין האַרצן האָט זי געפרואווט פאַרשטעלן פון זיך אַ צוקוויינטל וואָס האָט אַרויסגעבלאָזן פון דאָרט און וואָס האָט געקאָנט פאַרקילן, אַזוי צו זאָגן, דאָס אומשולדיק ליב עופעלע.

וואָס פאַראַ צוק־ווינטל האָט דאָס געקאָנט זיין? אין דעם בלאָזן האָט זיך געהערט אַ מורמל: „פאַרוואָס קומט דאָס אַלץ גאָלדען? דאָס קינד וועט האָבן פון פויגל־מילך. וואָס וועט מיין קינד האָבן? זע, ווי עס איז איינגעוויקלט אין זיידנס און אין די ווייכסטע, פיינסטע שטאָפן. די באָבע האָט געשטריקט אַ יאַקעלע, אַ שכנטע האָט געשטריקט אַ היטעלע. ווער וועט שטריקן פאַר מיין קינד? וואו וועלן מיר האָבן געלט צו באַזאָרגן אונדזער קינד מיט דעם בעסטן און שענסטן?"

האָט שוין סאַלטשע געהאַט באַשלאָסן ביי זיך, אַז זי וועט אויפהערן קומען אַזוי אָפט צו גאָלדען. זי וועט זיך אַליין באַהערשן, באַשטראָפן. עס איז ניט שיין אַזוי, עס פּאַסט ניט. זי איז אַ גראָבער, ווילדער מענטש, סאַלטשע. ווי קומט עס גאָר, צו איר אַזאַ ניט־ציוויליזירטקייט?

האָט זי געליטן, שטאַרק געליטן פון אָט־דער קנאה, סאַלטשע. דאָך האָט

זי מאַטעקן קיין וואָרט ניט געוואָלט דערציילן. פאַרקערט, זי האָט אים אויס־דערציילט אַלע חכמות וואָס דאָס קינד האָט שוין באַוויזן, זייענדיק אויף דער וועלט ניט מער ווי עטלעכע חדשים.

און מאַטעק וואָלט צופרידענער געווען ווען סאַלטשע שוויַגט מער וועגן גאָלדעס קינד. ערשטנס, טאַקע צוליב דער מורא וואָס דער ענין „קינד" האָט אויף אים אָנגעוואָרפן; צווייטנס, האָט מאַטעק אינסטינקטיוו איבערגע־לעבט אַן ענלעכן געפיל וואָס סאַלטשע האָט געהאַט. ביי אים איז דאָס ניט געווען קיין קנאה, נאָר אַ מין דערמאָנונג, אַז גאָלדע האָט שוין דאָס קינד געהאַט און סאַלטשע דאַרף עס ערשט האָבן. אויך האָט מאַטעק בכלל געוואָלט אַביסל פאַרגעסן אין גאָלדען און זיך אינגאַנצן אַריינוועבן אין סאַלטשעס דאָ־זיין. זיין ליבע צו איר איז געוואַקסן, מיטן וואַקסן פון איר בויך, האָט זיך אים אויסגעוויזן. גאָלדע, ווידער, האָט אַרויסגעוויזן אַ צופרידנקייט, ווען מאַ־טעק האָט זיך באַוויזן אויף איר שוועל. עס האָט איר אפילו ניט געאַרט וואָס איר מאַן מעקס איז געווען דערביי און וואָס ער האָט עס באַמערקט און וואָס ער איז מסתם שאָקירט געוואָרן דערפון.

— מאַטוש, מאַטוש, אויף מיין וואָרט: ווי זי צעשמייכלט זיך דאָס, ווען זי דערזעט דיך אַריינקומען . . . אסתרל־קרוין, אָנקל מאַטוש איז דאָ, אָנקל מאַטוש וועט דיך נעמען אויף די הענט . . . נו, מאַטוש, לערן זיך זיין אַ טאַטע . . . אָט אַזוי! אַי, ווי עס קליידט דיר צו זיין אַ פּאַפּאַ. ניט אַזוי, סאַלטשע?

מאַטעק האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן אַצינד גאָלדעס פאַרשיכורט קול.

## 3.

דר. ברויסקין איז געוואָרן דער פּאָפּולערסטער נאָמען ביי סאַלטשען און אפילו מאַטעק האָט דעם נאָמען אַרויסגערעדט מיט פאַרערונג. סאַלטשע איז אין לאָדזש צו קיין דאָקטוירים ניט געגאַנגען. ווען דער טורמע־דאָקטאָר האָט זי אונטערזוכט אויסצוגעפינען, צי זי ליידט ניט פון אַ ווענערישער קרענק, האָט זי זיך געפילט באַשפּיגן און באַליידיקט דערפון. ווען זי איז אַמאָל געווען ניט מיט אַלעמען אין לאָדזש, האָט זי זיך געהיילט מיט באָבסקע רפואות, מיט עצות פון דעם און יענעם. זי איז געווען צופרידן וואָס זי האָט אַ גוף פון אייזן און קיין רוח נעמט זי ניט.

אַנדערש איז געווען די אונטערזוכונג בעת זי האָט געדאַרפט פאָרן קיין אַמעריקע. מיט גרויס אומגעדולד האָט זי דערוואַרט דעם מאָמענט, ווען מען וועט זי דורכלאָזן. זי איז געווען שטאָלץ וואָס זי האָלט אויס דעם ערשטן

עקזאַמען אַריינגעלאָזט צו ווערן אין נייעם לאַנד. אַזוי דאַרף עס טאַקע זיין. זי האָט זיך געפרייט וואָס די אונטערזוכונג האָט באַשטימט אַז זי איז גוטער פיזישער מאַטעריאַל פאַר אַמעריקע. זי האָט באַקומען דרך־ארץ פאַרן דאָקטאָר.

ווען סאַלטשע האָט געדאַרפט גיין צו אַ דאָקטאָר אויסצוגעפינען, צי זי האָט פאַרשוואַנגערט, האָט איר גאָלדע רעקאָמענדירט איר אייגענעם דאָקטאָר, וואָס איז געווען פּאָפּולער און באַליבט ביי די נייע יידישע איינוואוינער אין די בראָנקס.

גאָלדע האָט איר געזאָגט:

— דר. בריסקין איז אַן אייגענער מענטש. מיר דוכט זיך, אַז ער איז אפילו איינער פון דיינע מענטשן, אַ סאָציאַליסט. ער רעדט יידיש און ער רעכנט זיך מיט דער לאַגע פון יעדן איינעם. מען האָט מיר דערציילט, אַז עס זיינען געווען פאַלן, ווען ער האָט פון זיין אייגענער קעשענע אַרויסגענומען געלט און געהאָלפן דעם פּאַציענט.

איז סאַלטשע אין באַגלייט פון מאַטעקן, אַוועק צו דר. בריסקינען, וואָס האָט געהאַט זיין אָפיס אין געדיכטן יידישן געגנט, אין אַ גרויס טענעמענט הויז. דער דאָקטאָר האָט זיך באַגריסט מיטן פּאָר פאָלק, ווי מיט ווייטע באַקאַנטע. זיין האַלטונג איז געווען איינפאַך און נאַטירלעך. און ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז סאַלטשע איז ניט לאַנג אין לאַנד, האָט ער זי געבעטן זיצן און גענומען אויספרעגן וועגן דער לאַגע אין פּוילן. ער איז געווען יונג, אין די אָנהויב דרייסיקער און זיינע האָר זיינען געווען גאָלדיק רויטלעך, ווי ביי מאַטעקן. ער איז געווען מיטלוויקסיק, זיך באַקלאָגט פאַר סאַלטשען, אַז ער נעמט־צו צופיל וואָג און איר געראָטן, אַז זי זאָל היטן איר טאַליע.

זי האָט זיך צעלאַכט און ער האָט גלייך פאַרשטאַנען די סיבה פון איר געלעכטער.

— איך מיין טאַקע נאָכדעם ווי איר וועט ווערן אַ מוטער, — האָט ער צוגעגעבן.

ווען דר. בריסקין האָט איר אָנגעזאָגט, אַז זי האָט פאַרשווענגערט און איר געגעבן אָנווייזונגען ווי ווייטער אָנצוגיין, האָט זי געפילט, אַז דאָס רעדט צו איר ניט קיין דאָקטאָר, ווי מען איז געוואוינט געווען אין לאַנדש זיך צו דערשרעקן פאַר דעם טיטל, נאָר ווי אַ גוטער פריינט וואָס ווייס געבוי וואָס צו טאָן. ער האָט איר געהייסן אים טעלעפאָנירן ווען זי וועט וועלן עפּעס וויסן פון אים און בכלל זיך פילן פריי זיך צו באַראָטן מיט אים. אַלץ איז צוגעגאַנגען אַזוי גרינג און אָנגענעם ביים דאָקטאָר און סאַלטשע מיט מאַטעקן האָבן פאַרלאָזן זיין אָפיס אין אַ האָפערדיקער שטימונג.

אין פינפטן חודש פון איר שוואַנגערשאַפט האָט דר. בריסקין זי שוין

באַהאַנדלט ווי אַן אַלטן פּאַציענט. זי האָט שוין דאַן געהערט סימנים פון דעם נייעם לעבן וואָס האָט זיך אַזוי וואונדערלעך פאַרקליבן אין איר. אין אָנהויב האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז איר בויך איז אָנגעפּילט מיט „גאַז". עפּעס האָט אינעווייניק אַ בורטשע געטאָן. נאָר ווען זי האָט נאָכאַמאָל דער־פילט, ווי עס האָט זיך עפּעס אַ שאָקל געטאָן אין איר בויך, איז זי געבליבן אײַנגעאָנגען אַ דערשטוינטע און אַן אומגלויבלעכע.

— מאַטעק, — האָט זי צו אים געזאָגט בײַנאַכט, אין דער פינצטער, אין בעט, — מיר דוכט זיך, אַז דער ליבער גאַסט איז דאָ.

— וואָס פאַראַ גאַסט, סאַלטשע ? וועגן וואָס רעדסטו ?

— מאַטעק, ער האָט צוויי מאָל היינט אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר און גע־זאָגט : „סטוק, סטוק ! ריכט זיך אויף מיר, איך קלייב זיך אַריין צו אייך".

מאַטעקן איז ניט איינגעפאַלן וואָס זי מיינט מיט דעם. ער איז געווען מיד און זיינע געדאַנקען זיינען געווען אויף די סטרייק־נייעס פון יענעם טאָג. סאַלטשעס רייד האָבן אים איבערגעשראָקן אויף אַ מאָמענט.

— נאַרישער בחור, אוי, ביסטו אַ גרינער אין אַמעריקע, מאַטעק . . . איך פיל, אַז עפּעס באַוועגט זיך ביי מיר אין בויך. עס קומט, מאַטעק. איך וועל מאָרגן צוגיין צו דר. בריסקין.

ערשט דאַן האָט זיך מאַטעק דערמאָנט, אַז סאַלטשע האָט געזאָגט אַז אין פינפטן חודש הערט מען שוין דאָס קלאַפּן פון קינדס האַרץ. סאַלטשע טרייבט ניט איבער. אַז זי זאָגט, מסתם איז עס אַזוי. דאָך האָט זיך מאַטעק דערפילט עפּעס מאָדנע. עס האָט אים הנאה געטאָן און ער האָט זיך דער־שראָקן אין דער זעלבער צייט.

— אַז דר. בריסקין וועט באַשטעטיקן, וועל איך דאַן גלויבן, — האָט ער געזאָגט.

און דר. בריסקין האָט מער ווי באַשטעטיקט.

— יאָ, דאָס הערצל קלאַפּט. עס איז אַלץ אין דער בעסטער אָרדנונג. איך וויל אייך גראַטולירן. זייט ניט נערוועז. איך פאַרשטיי אייער לאַגע. איר האָט ניט קיין וואוינונג, זאָגט איר, נו, ניו־יאָרק איז גרויס. עס איז טאַקע שווער צו קריגן אַ דירה. איך וועל אייך אינזינען האָבן. כ׳וועל זיך נאָכפרעגן ביי באַקאַנטע. נאָר זאָרגן זיך דאַרפט איר ניט. איר הערט, פאַרגעסט אין אַלע דאגות. איר הייבט איצט אָן איבערלעבן דעם שענסטן און וויכטיקסטן מאָמענט פון אייער לעבן. און טאַקע דערפאַר וואָס איר האָט געהאַט אַזאַ שווערע יוגנט און געליטן פון פילסודסקין און פון די האַלערטשיקעס, דאַרפט איר אַצינד אַלץ פאַרגעסן, נאָר געדענקען איין זאַך : איר ווערט אַ מאַמע. איר וועט געבן לעבן צו אַ נייעם מיטגליד פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. די

גאַנצע וועלט וועט אייך באַוואונדערן. גייט אַרום מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. דערשרעקט זיך נישט, טאָמער וועט איר אַמאָל נישט הערן ווי דער חברה־מאַן טומלט. עס פּאַסירט, אַז איר הערט ניט זיין באַוועגן זיך. אַ סך פּרויען ווערן פאַרציטערט ווען דאָס פּאַסירט. עס זיינען דאָ אורזאַכן פאַר־וואָס דאָס קאָן פּאַסירן. אויב איר וועט ניט הערן זיך באַוועגן אַ פּאָר טעג, דאַן קלינגט מיר אָן. איך וועל אייך מסתם הייסן צוקומען און איך וועל אויסגעפינען די סיבה דערפון.

דעם דאָקטאָרס רייד זיינען פאַר סאַלטשען געווען טייער. זי האָט זיי, דוכט זיך, בלויז איינמאָל געהערט, נאָר זי האָט זיי געדענקט פון אויסנווייניק, געדענקט זיין אויסדרוק פון פּנים, זיין מאַך מיט דער האַנט, זיין אויסגלייכן די פּענסנע. און דאַך ווען זי האָט אַ טאָג ניט געהערט דאָס רירן זיך אינע־ווייניק, איז זי געוואָרן אַ פאַרציטערטע.

— מאָטעק, היינט איז געווען שטיל. זאָל איך אָנקלינגען דר. בריסקין?

איז אויך מאָטעק געוואָרן אַן איבערגעשראָקענער, נאָר זי גענומען טרייסטן:

— ער האָט דאָך געזאָגט, אַז מען קאָן דערוואַרטן אַזאַ זאַך. וואַרט צו אַ פּאָר טעג, וועסטו זען.

נאָר סאַלטשע האָט אָנגעהויבן איבערלעבן מאָמענטן פון שרעק. דער דאָקטאָר האָט עס איר ניט געזאָגט, נאָר געהערט האָט זי, אַז דאָס קאָן מיינען, אַז דאָס קינד לעבט ניט מער. דאָס קאָן מיינען, אַז ס'איז ניט קיין גוטער סימן.

זי איז אַוועק צו גאָלדען און איר דערציילט. גאָלדע האָט זיך אויסגע־לאַכט פון איר.

— איך האָב איבערגעלעבט די זעלבע געשיכטע. עס איז גאַרניט. ער איז פויל צו מאַכן „סטוק־סטוק". ער וויל זיך רייצן מיט דיר. אַז ער וועט אָנהויבן קלאַפּן, וועט ער ניט אויפהערן. עס איז גאַרניט, סאַלטשע.

סאַלטשע האָט זיך קאָנטראָלירט. זי האָט ניט געוואָלט, אַז דר. בריסקין זאָל לאַכן פון איר. נאָר זי האָט געוואַרט, געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד צו הערן דעם „סטוק־סטוק", אינעווייניק. פאַר איר וואָלט דאָס געווען די בעסטע בשורה. זי האָט אַרום זיך פאַרשלאָסן די הער־קראַפט און זי קאָנ־צענטרירט אין זיך, צום בויך צו, אַז ווען דער מאָמענט וועט קומען, זאָל זי אים ניט פאַרהערן. זי וועט דערהערן דעם קלענסטן שאָרך פון דאָרט. ניט איינמאָל האָט זי ווי אַפּעלירט צום קינד: „זיי אַ גוטער און ענטפער מיר. גיב מיר אַ גוטן שטורך. איך קאָן זיך ניט דערוואַרטן אויף דיר, ליבער".

.3

מער ווי פיר טעג האָט זי ניט אויסגעהאַלטן. ווען זי האָט טעלעפאָ־נירט צו דר. בריסקין, האָט ער אין איר קול גלייך דערקענט איר באַ־זאָרגטקייט.

— באַרואיקט זיך, איך בעט אייך. קומט אַריבער. איר וועט ניט דאַרפן לאַנג וואַרטן אין אָפּיס. איך וועל אייך גלייך אויפנעמען. ניט ווייל איך בין באַזאָרגט וועגן אייך, נאָר איך ווייס, אַז איר מוזט זיין נערוועז. עס וועט זיין גוט.

דר. בריסקין האָט געשפּאַסט מיט איר און זי האָט געפאָרשט זיין פּנים, זיינע אויגן, דעם טאָן פון יעדן וואָרט וואָס איז אַרויסגעקומען פון זיין מויל. זי האָט אַריינגעלייגט אַ באַזונדערן טייטש אין יעדער פראַגע וואָס ער האָט איר געפרעגט. ער האָט אפילו זיך געמאַכט ווי ער פאַרגעסט אינגאַנצן וועגן איר צושטאַנד און גענומען רעדן וועגן דער וועלט־לאַגע. זי האָט געפיבערט פון אומגעדולד און ער איז געווען אַזוי געלאַסן און גוטמוטיק.

— עס וועט זיין אַלראַיט. טוט זיך אָן, איך בעט אייך, און וואַרט אויף מיר אין אָפּיס. איך וועל באַלד אַריינקומען.

סאַלטשע איז געזעסן אין טיפן לעדערנעם פאָטעל און זי האָט זיך געפילט אַזוי פאַרלאָרן און פאַרמשפּט. ווען מען האָט איר אַרויסגעגעבן דעם אורטייל אויף צוויי יאָר זיצן אין טורמע אין פּוילן, האָט עס אויף איר ניט געווירקט אַזוי דערדריקנדיק, ווי זי האָט געפילט איצט, דערוואַרטנדיק דעם דאָקטאָרס אורטייל. זי איז געווען אַליין אין זיין האַלב־פינצטערן קליינעם אָפּיס. אויף דער וואַנט זיינען געהאַנגען דיפּלאָמעס און אַ קונסט־בילד, אַ לאַנדשאַפט, וואָס האָט באַרואיקט דאָס געמיט. ניין, סאַלטשע האָט פאַרמאַכט די אויגן און ניט געוואָלט זען קיין זאַך. די מינוטן האָבן זיך געצויגן לאַנגזאַם. זי האָט זיך איינגעהערט, צי עס דערנעענטערן זיך דעם דאָקטערס טריט. זי האָט דערהערט זיין מילד קול אין אַ צווייטן צימער. ער האָט מיט עמיצן געשפּאַסט און עס האָבן זיך צו איר דערטראָגן די ווערטער: „אייערע לונגען זיינען פּערפעקט. איך וועל אייך דערקלערן . . . "

ווען וועט ער שוין אַריינקומען? זי האָט אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף איר בויך. אָט אַזוי האָט זי אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק, געזען ווי ליפּע, מאַטעקס פאָטער, האָט געבענטשט זיינע קינדער ערב ראש השנה. ער האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף זייערע קעפּלעך און עפּעס געשעפּטשעט. זיינע הענט האָבן געשוועבט, האָט זיך איר דאַן אויסגעוויזן און זי האָט געחלשט, אַז ער זאָל אויף איר זיינע הענט אַרויפלייגן און זי בענטשן. ער האָט דאָס

ניט געטאָן און זי האָט געוואוסט, אַז זי איז בלויז אַן אַרבעט־מיידל אין קראָם. איצט האָט זי אירע הענט אַרויפגעלייגט אויף איר בויך, ווי זי וואָלט געבענטשט איר אייגן קינד, ווי זי וואָלט אים געזאָגט: „זאָלסט לעבן און זיין געזונט". זי האָט די אויגן פאַרמאַכט און גערעדט צום קינד.

— אַנטשולדיגט, טייערע, פאַרן וואַרטן. זעצט זיך אַוועק, דעם קאָפּ־אַרויף, אָט אַזוי. „טשיר אַפּ!" ווי מען זאָגט ביי אונדז אין אַמעריקע . . . נו, די זאַך איז אַזוי. איר זייט אין זעקסטן חודש. עס פּאַסירט אַמאָל, אַז דאָס קינד קערט זיך אַליין איבער אינעווייניק און דאַן קאָן דער דאָקטאָר ניט הערן דאָס קלאַפּן פון הערצל. דאָס מיינט ניט, אַז עס איז עפּעס שלעכט. עס דויערט געוויינלעך אַ פּאָר טעג און אַלץ ווערט צוריק נאָרמאַל. איר וועט עס שוין אַליין דערפילן. די הויפּטזאַך: האָט גלויבן אין זיך, זייט ניט איבערגעשראָקן. אויב איר וועט אין אַ פּאָר טעג אַרום ניט הערן קיין באַוועגן, דאַן קומט אַריין צו מיר און מיר וועלן זען וואָס מען קאָן טאָן.

— דאָקטאָר, איך האָב זיך אָנגעהערט אַזוי פיל זאַכן וועגן דעם. איך האָב איבערגעלעבט אַזאַ שרעקלעכע צייט אין פּוילן . . .

— פאַרגעסט, פאַרגעסט אין דעם. איר זייט אין אַמעריקע און איר ווערט אַ מאַמע און גאַנץ אַמעריקע וואַרט אויף דעם נייעם בירגער . . .

— אָבער, דאָקטאָר, קאָן ניט פּאַסירן, אַז, אַז . . .

— איר מיינט, אַז דאָס קינד לעבט ניט מער? זאָרגט זיך ניט, זאָרגט זיך ניט. עס וועט אַלץ זיין אָלראַיט. טראַכט ניט איבער צום שלעכטן, נאָר צום גוטן.

זי איז אַהיים געפאָרן און געוויינט אין זיך. ווען זי שעמט זיך ניט, וואָלט זי געוויינט אויפן קול אין באַן. אַריינקומענדיק אין איר צימער, האָט זי זיך צעכליפּעט. דעם דאָקטאָרס רייד האָבן גאָרניט באַרואיקט. עפּעס באַהאַלט ער אויס פון איר, אַניט וואָלט ער איר ניט געהייסן קומען אין אַ פּאָר טעג אַרום. זי האָט זיך אַליין אָנגעהויבן אויסרעדן פאַר זיין אַזוי סענטימענטאַל. דאָס איז צום ערשטן מאָל אין איר לעבן וואָס זי איז אַזוי צעקראָכן. זי קאָן זיך ניט דערוואַרטן ביז מאָטעק וועט אַהיים קומען פון דער אַרבעט. זי האָט טעלעפאָנירט גאָלדען. גאָלדע קאָן איר ניט מיטפילן. גאָלדע איז אַזוי גליקלעך. אָ, היינט וועט מאָטעק אַהיים קומען שפּעטער. ער דאַרף צוגיין וועגן אַ דירה. מסתם וועט זיך אויסלאָזן אַ בוידעם, אַזוי ווי שטענדיק. די רייכע אַמעריקע קאָן ניט בויען גענוג הייזער פאַר אירע איינוואוינער. דאָס נייע קינד, דער נייער בירגער ווערט געבאָרן אַ היימלאָזער. און אַלץ דאַרף איר טרעפן.

מאָטעק איז אַריין אין הויז מיט אַ שטראַלענדיק פּנים.

— סאַלטשע טייערע, מיר האָבן אַ דירה, מיר האָבן אַ דירה! צוויי צי־מערן און אַ קיך און ניט ווייט פון דאַנען, אויף דער זעכצנטער גאַס, צווישן דער צווייטער און ערשטער עוועניו. עס האָט אונדז פּשוט אָפּגעגליקט. אויפן צווייטן שטאָק. געגנוג זונשיין און ליכט. אָי, בין איך צופרידן! מיר קלייבן זיך אַריין אַהין אין אַ וואָך אַרום. שוין איינגעצאָלט פאַרן ערשטן חודש. ווי אַזוי איך האָב דאָס באַקומען? ס'איז אַ גאַנצע געשיכטע. דו ווייסט דאָך, אַז מיין איצטיקער באַלעבאָס האָט מיר צוגעזאָגט צו העלפן. ער האָט אַליין דורכגעלעבט אַ טראַגעדיע ביי זיך אין הויז. זיין איינציק קינד, אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר דריי, איז געשטאָרבן פון לוקעמיא. סאַלטשע, מיר וועלן זיך דאַרפן אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט. איך מיין ניט דיך. איך מיין זיך אַליין. איינקויפן מעבל וועלן מיר צוזאַמען, נאָר דו וועסט זיך ניט צורירן צו קיין זאַך. דו וועסט זיין פּרינצעסין סאַלטשע, דו וועסט קוקן, שמייכלען און הנאה האָבן. יאָ, קינד?

סאַלטשע האָט אים אַריינגעקוקט אין מויל און אירע גרויסע אויגן זיינען געווען אָנגעפּילט מיט צער. זי האָט זיך געוואונדערט וואָס מאַטעק קוקט ניט אויף איר. ער קוקט, נאָר ער איז אַזוי צופרידן מיט דער גוטער נייעס וועגן דער דירה, אַז ער באַמערקט גאָר ניט די ענדערונג אין איר געמיט. ער פרעגט אפילו ניט וועגן איר באַזוך ביים דאָקטאָר.

— איך בין טויט־הונגעריק, סאַלטשע. איך האָב היינט אַזוי פיל געהאַ־מערט, אַז מיינע מוסקולן טוען מיר וויי. קום, וועלן מיר גיין עסן. טו זיך אָן, קינד . . . גיב נאָר אַ קוק, איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן דיך פרעגן וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט. פאַרוואָס האָסטו מיר ניט גלייך דערציילט, ווען איך בין אַריינגעקומען, סאַלטשע?

ערשט דאַן האָט ער זיך איינגעגעסן מיט זיינע דערשטוינטע אויגן אין איר אָפּן, גוטהאַרציק פּנים, וואָס איז איצט געווען אַזוי ווי פאַרצויגן מיט אַ דינעם שלייער.

— דר. בריסקין האָט מיר געהייסן זיך ניט זאָרגן. ער האָט געזאָגט, אַז עס איז מעגלעך, אַז דאָס קינד האָט זיך איבערגעקערט אַזוי, אַז מען קאָן צייטווייליק ניט הערן זיין באַוועגן זיך. ער האָט מיר געהייסן קומען אין אַ פּאָר טעג אַרום, אויב עס וועט ניט בעסער ווערן. איך בין באַזאָרגט, מאַטעק.

איר קול איז געווען אָנגעזאָפּט מיט טרערן. ער איז צוגעגאַנגען צו איר און אַריינגענומען איר קאָפּ אין זיינע ברייטע הענט. ער האָט געקושט אירע אויגן, דעם שטערן און די בלאַסע באַקן.

— אָי, האָב איך פיינט צו ווערן סענטימענטאַל, מאַטעק. אין איצטיקן מאָמענט האָב איך געדאַרפט זיין די וואָס האָב דיך געדאַרפט מונטערן. קום,

לאָמיר גיין. דו ביסט טויט־הונגעריק.

אין רעסטאָראַן האָט מאָטעק זיך פאַרטיפט אין עסן און סאָלטשע איז געזעסן פאַרטראַכט און זיך געגויט עפּעס צו פאַרזוכן. זי האָט געקוקט אויף די פּאָרלעך וואָס זיינען געזעסן אַרום זיי און געפּרואווט טרעפן וועלכע עס זיינען פאַרהייראַט.

מיטאַמאָל האָט זיך איר גאַנצער קערפּער געגעבן אַ ריס פאָראויס און זי האָט פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ מיט אירע גרויסע ווייסע ציין.

— וואָס האָט פּאַסירט, סאָלטשע? — האָט מאָטעק געפרעגט אַ שטאַרק־דערשראָקענער.

ער האָט אַריינגעקוקט אין איר פּנים און גלייך דערזען די ענדערונג אין איר. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן, זיי ברייט צעעפנט און דאָס גאַנצע פּנים האָט זיך אַ צעשטראַל געטאָן, ווי די זון, וואָס קומט אַרויס פון אונטער שווערע וואָלקנס. זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט אַ טריאומפירנדיקן שמייכל. די ליפּן האָבן נחתדיק זיך צעשפּרייט, די באַקן האָבן זיך צערויטלט און אויף דעם גלאַטן ווייסן שטערן האָט זיך באַוויזן אַ הייטל פייכטקייט.

— עס האָט זיך באַוועגט, מאָטעק! איך האָב דערפילט אַן אמת׳ן שטורך. ער האָט זיך געמוזט איבערקערן, דער שטיפער. דאָס איז דער שטאַרקסטער שטורך, וואָס איך האָב געפילט ביז אַהער. איך וועל גיין אָנקלינגען דעם דאָקטאָר. איך ווייס, אַז ער איז באַזאָרגט. — און זי איז מיט שנעלע, נאָר זי־כערע טריט, צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן־ביידל.

מאָטעק האָט איר נאָכגעקוקט. ער האָט מער ניט געקאָנט עסן. ער האָט געהאַלטן זיין בליק צוגעפעסטיגט אין דער ריכטונג פון סאָלטשעס גאַנג. ער האָט געזען ווי זי קערט זיך אום צוריק אַ שטראַלנדיקע.

— עס איז מיר אפילו ניט איינגעפאַלן, אַז דער דאָקטאָר וועט מער ניט זיין אין אָפיס. צום גליק האָב איך אים נאָך געטראָפן. ער האָט שוין גע־האַלטן ביים פאַרלאָזן. מאָטעק, דו האָסט געדאַרפט הערן ווי ער האָט זיך דערפרייט מיט מיינע ווערטער. אָי, איז ער אַ טייערער מענטש. ער זאָגט, אַז אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדנונג. איך האָב אים דערציילט וועגן דער דירה. ער איז געווען זייער צופרידן צו הערן.

ערשט דעמאָלט האָט סאָלטשע באַשטעלט אַן אמתן מאָלצייט. מיטאַמאָל האָט זיך דער אַפּעטיט צעפלאַקערט ביי איר. מאָטעק האָט געלאַכט.

— אוי, בין איך הונגעריג, מאָטעק! פריער האָב איך קיין ביסן ניט גע־קאָנט אַראָפּשלינגען. איצט קאָן איך זיך ניט דערוואַרטן, ביז מען וועט מיר אַריינברענגען די פאָרציע פלייש. איך וועל אויפעסן דאָס גאַנצע קערבל ברויט, — מאָטעק.

קאַפּיטל פֿיר

# באַלעבאַטישקייט

ווען מאָטעק האָט באַקומען דעם שליסל פֿון זיין אייגענער וואוינונג האָט ער אים געהאַלטן ביי זיך אין וועסטל קעשענע. אָפט האָט ער אינסטינקטיוו אַ טאַפּ געטאָן דעם שליסל. ער האָט זיך אַליין נישט געגלויבט אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער שוין ניט זיין מער קיין באָרדער, נאָר האָבן אַן אייגענעם ווינקל, וואו קיינער וועט אים קיין דעות ניט קאָנען זאָגן פֿאַר וואָס ער זאַמט זיך אַזוי לאַנג אין וואַש־צימער, אָדער פֿאַרוואָס ער לאָזט אָפֿן דאָס פֿענצטער, ווען ער פֿאַרלאָזט דעם צימער.

גלייך נאָכן אַהיים קומען פֿון דער אַרבעט, האָט ער מיט סאַלטשען גערעדט וועגן אין זאַך — וועגן באַלעבאַטישקייט פֿאַר דער היים, וועגן מעבל, וועש, פֿאָרהאַנגען, קיך־געשיר. ס'האָט זיך סאַלטשען אויסגעוויזן, אַז מען האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן צו רעדן וועגן קינד.

— דו פֿרעגסט מיך גאָרניט, צי איך האָב היינט באַקומען אַ פּאָר בוכצעס,

— האָט זי געשפּאַסט, פֿאַרן שלאָפֿן גיין.

מאָטעק האָט ניט געדאַרפֿט פֿרעגן. איין קוק אין אירע צעגליטע אויגן און ער האָט געהאַט דעם ענטפֿער. יעדער אָוונט איז אַוועק מיט רייד וועגן איינאָרדנען זיך. מאָטעק איז מיטגעגאַנגען אין די געשעפֿטן, וואָס זיינען געווען אָפֿן, באַקוקט טישן, באַטאַפּט מאַטראַצן, זיך געזעצט אויף שטולן, געגלעט טישטוכער און האַנטיכער; געוואויגן אויף די הענט זילבערוואַרג; פֿאַרשריבן אַלע פּאַפּירלעך, וואָס ער האָט געקאָנט אויסקראַצן, מיט ציפֿערן פֿון פּרייזן און רעדוקציעס, וואָס די פֿאַרקויפֿער פֿון דער איסט־סאַיד האָבן געשאָטן פֿון די מאָל־מיילער.

וואָס עס האָט אים מערסטנס געוואונדערט איז געווען: פֿון וואַנען האָט סאַלטשע מיטאַמאָל זיך דערוואוסט די תורה וועגן אויסריכטן אַ הויז? זי האָט געקאָנט אונטערשיידן פֿון האָלץ צו האָלץ, פֿון סטיל צו סטיל, פֿון פֿאַרב און פֿאַרב. די פֿאַרקויפֿער האָבן גלייך באַמערקט, אַז דאָ האָבן זיי צו טאָן מיט עמיצן וואָס ווייסט. צי עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ שטייענדיגער לאָמפּ מיט אַ יאַפּאַנעזישער אבאזשור; צי וועגן צופּאַסן די שטולן מיט די קאָמאָדן; צי וועגן אויסשטאַטן די קיך־מלוכה — אין אַלץ האָט זי אַרויס־

געוויזן קענטשאַפט, געניטקייט, דערפאַרנקייט.

— פון וואַנען האָט זיך צו דיר גענומען אַזאַ פאַכמאַנשאַפט, סאַלטשע?

— האָט מאַטעק האַלב אין שפּאַס און מער אין ערנסט געפרעגט.

— נויט ברעכט אייזן, זאָגט מען ביי אונז אין דער היים, מאַטעק. און ווידער בין איך דאָך אַ הוטן־פּוצערקע און ביי מיין אַרבעט הערט מען זיך אָן מערסטנס מיט זאַכן וואָס האָבן צו טאָן מיט שטוב־עניינים. אינסטינקטיוו האָב איך געוואוסט, אַז איך וועל דאָך אַמאָל חתונה האָבן און דאַרפן אויס־שטאַטן אַ הויז. פּונקט אַזוי ווי איך בין קיינמאָל אין קיין שול ניט געגאַנגען און דאָך זיך אויסגעלערנט לייענען, שרייבן און רעכענען. ווי אַזוי מיינסטו וועל איך וויסן ווי אויפצופּאַסן אויף אַן עופעלע? איך לערן זיך ביי גאָלדען, איך האָב זיך געלערנט ביי דיין מאַמען, ביי יאַדוויגאַן, ביי יעדער פרוי וואָס האָט זיך גע׳עסק׳ט מיט אַ נפשל.

יעדן טאָג איז סאַלטשע צוגעגאַנגען אַ קוק טאָן ווי מען פאַרבט אירע צימערן. יעדן אָוונט האָט זי מאַטעקן אָפּגעגעבן אַ ראַפּאָרט וועגן די ווענט, וועגן די פּאַדלאָגעס, וועגן די געזימסן. עס טריקנט זיך שוין. די פּאַדלאָגעס גלאַנצן ווי שפּיגלען ... אַ ווייסע קיך, מאַטעק. עס איז מיר געוואָרן ליכטיק אין די אויגן . . . איך האָב פאַר דיר אַרבעט, מאַטעק. וועסט ציען אַן עלעק־טרישע דראָט איבערן קראַן אין קיך . . . איך וועל שטעלן אַ לאָמפּ־טישל לעבן בעט . . .

אַ גאַנצן טאָג איז זי געווען אויסערגעוויינלעך פאַרנומען. פאַרגעסן וואָס דר. בריסקין האָט איר אָנגעזאָגט. זיך פאַרטאָן מיטן מעבל. זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן צו זען מאַטעקן און אים דערציילן וואָס עס איז אויפגעטאָן גע־וואָרן פאַרן טאָג. יעדעס פּיצל מעבל: אַ בענקל, אַ טישל, אַ לאָמפּ, אַ שיפלאַד; יעדער טעלער און טאָפּ; גאָפּל, מעסער; יעדעס פאַרהענגל, יעדער האַנטוך, יעדעס ציכל — אַלץ איז ווי אַריין אין בלוט, איז איינגעזאַפּט געוואָרן פוןביידן. מען האָט גערעדט וועגן דעם מיט אַ באַזונדערער ליבשאַפט, מען האָט געשאַצט און איבערגעשאַצט; מען האָט געציטערט איבער דעם און זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן, אַז עס זאָל אָנקומען בשלום אין שטוב אַריין.

אָט אַזוי ווי מען האָט זיך געגרייט אויפן קינד וואָס דאַרף קומען, אַזוי האָט מען זיך געריכט אויף די זאַכן וואָס דאַרפן אויספילן די ליידיגע שטובן. מען האָט, אין געדאַנק, געשטעלט און איבערגעשטעלט; זיך פאַרגעשטעלט ווי די צימערן וועלן אויסקוקן; זיך געשראָקן טאָמער האָט מען אַ טעות גע־מאַכט אין דער אויסרעכענונג.

און וועגן איין זאַך האָט מען גערעדט אין שטילערע טענער, ווי מען וואָלט מורא געהאַט עמיצן אויפצוּוועקן אָדער שטערן די רו. דאָס איז געווען וועגן

ס'איז געקומען צו ריידן וועגן דעם קינדס ווינקל; וועגן זיין וויגעלע; וועגן זיינע קאָלדרעס און איבערציען, וועגן זיינע באַדערפעגישן. יעדן טאָג האָט מען עפּעס צוגעקויפט, יעדן טאָג איז צוגעקומען אַ שאַכטעלע, אַ פּודעלע, וואָס ווען ביידע האָבן אויף דעם אַ קוק געטאָן, איז מען געוואָרן ווי דערשטוינט און זיך צוריקגעהאַלטן פון רעדן וועגן דעם.

די לעצטע פּאָר טעג האָט זיך דער שליסל געפונען אין רשות פון סאַל־טשען. יעדן אָוונט איז מען אַרויף אין הויז אַ קוק טאָן וואָס עס איז צוגע־קומען. מען האָט שוין געהאַט געבראַכט דאָס בעט און אַ טיש מיט שטולן. מען האָט שוין אָפּגעמאַכט ביי זיך זיך אַריינצוקלייבן אין דער אייגענער דירה. די סטאַווסקיס האָבן געזוכט אַ נייעם באָרדער.

ביי דער אַרבעט האָט מאָטעק אַצינד נאָר אינזינען געהאַט זיין נייע באַ־לעבאַטישקייט. ער האָט זיך אַליין אויסגערעדט: ער איז שוין אַזוי לאַנג באַשעפטיגט אַלס אַן עלעקטריקער, אים קומט אויס צו אַרבעטן אין אָרעמע היימען, אין רייכע הייזער, אין פּריוואַטע דירות כסדר. און דאָך איז אים ניט איינגעפאַלן צו באַטראַכטן דאָס מעבל, באַמערקן ווי אַזוי זאַכן זיינען אויס־געשטעלט, ווי עס פּאַסן זיך די קאָלירן פון די ווענט מיטן הויז־געצייג. ערשט איצט, ווען ער דאַרף דאָס אַליין דורכגיין, האָט אים אָנגענומען אַ געוואַלדיקער חשק צו זיין אין היימען און זיך צוקוקן און לערנען זיך פון יענעמס דערפאַ־רונגען. נאָר גראָד איצט אַרבעט ער אין קראָמען, אָדער אין אָפיסעס.

געטראַכט האָט מאָטעק ביי דער אַרבעט וועגן נאָך עפּעס. סאַלטשע האָט אים דערציילט, אַז גאָלדע איז „באמת אַ שטיק גאָלד מיט זילבער". זי לאָזט איבער דאָס קינד מיט דער מאַמען כמעט יעדן טאָג און זי קומט פון דער בראָנקס העלפן סאַלטשען איינקויפן, איינאָרדנען זיך. און גאָלדע דינגט זיך, זי איז אַ מבינטע און אַ געשעפטס־פרוי. זי האָט סאַלטשען איינגעשפּאָרט אַ שיינע פּאָר דאָלער. און מער ווי דאָס — זי האָט סאַלטשען געצוואונגען, פּשוט געצוואונגען, צו לייען ביי איר הונדערט דאָלאַר. געווען איז דאָס אַזוי: גאָלדע האָט באַמערקט, ווי סאַלטשע זאָגט זיך אָפּ איינצוקויפן וואָס איר גע־פעלט, בלויז דערפאַר וואָס עס קאָסט צו טייער און ס'איז ניט „פאַר מאָטעקס קעשענע". גאָלדען איז דאָס, ווייזט אויס, אַריין אין דער נאָז. ווען זי איז געקומען דעם צווייטן טאָג און סאַלטשע האָט שוין געהאַט אויסגעקליבן די קיך־געשיר, וואָס איז געווען ביליגער, נאָר ניט אינגאַנצן לויט איר געשמאַק, האָט גאָלדע צו איר געזאָגט: „ניין, דו וועסט אויסקלייבן די בעסערע, וואָס דיר געפעלט. איך האָב דיר געבראַכט הונדערט דאָלאַר. קיינער דאַרף ניט וויסן דערפון. עס איז מיין אייגענע געלט. דו קויפסט ניט יעדן טאָג קיין מעבל אָדער געשיר. עס וועט דיר אָבער יעדן טאָג דערמאָנען, אַז דו האָסט

געוואָלט אויסקלייבן עפּעס אַנדערש. פּאָלג מיך. איך דאַרף ניט דאָס געלט. וועסט עס מיר אָפּגעבן מיט דער צייט, צוביסלעך, און דיר וועט עס אַזוי פיל גוטס טאָן. וועסט האָבן אַלץ לויט דיין געשמאַק און גוסט״.

סאַלטשע האָט צוגענומען דאָס געלט, געדריקט גאָלדעס האַנט, געוואָלט זי אַרומנעמען און אַ קוש טאָן, נאָר זיך צוריקגעהאַלטן און בלויז געזאָגט: „איך וועל דערציילן מאָטעקן וועגן דיין טאַט. ער וועט זיך ניט פרייען, נאָר ער וועט דאָס אָפּשאַצן״.

— איך וואָלט אים ניט דערציילט, ווען איך בין דו, — האָט גאָלדע געענטפערט און גלייך אַנטשוויגן געוואָרן.

אָט דאָס אַלץ האָט סאַלטשע אים דערציילט, גענוי ווי עס איז פאָרגעקומען, מיטן דיאַלאָג צווישן זיי. סאַלטשע האָט דאָך פאַר אים קיין סודות קיינמאָל ניט אויסבאַהאַלטן. נו, האָט דאָס אים איצט געעגבערט. טוט דאָס גאָלדע צוליב פריינטשאַפט צו סאַלטשען, אָדער צוליב אים? מאָטעק האָט דאָס געפילט אינסטינקטיוו. גאָלדע מאַכט דעם איינדרוק, אַז זי איז גוואַלדיק גליקלעך. זי קוקט אויס וואונדערבאַר, נאָר ער, מאָטעק, קען זי צו גוט, פון זייערע קינדער יאָרן אָן זיין צוזאַמען, ניט צו באַמערקן, אַז הינטער איר איבערנאַטירלעכער לוסטיקייט, באַהאַלט זיך אַ מין אומצופרידנקייט מיט עפּעס. אפילו איר טוליען זיך צום קינד, ווי דאָס טוליען דאָס קינד צו זיך, איז אויך אין אַ געוויסן זין, דוכט זיך אויס מאָטעקן, אַ סיבה פון אומצופרידנקייט מיט עפּעס. פון דער זייט האָט ער זי באַקוקט און אין די אויגן־ווינקלען באַאָבאַכט אַ שטריך, וואָס איז ניט געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר גאָלדען . . . ער האָט זיך צוגעקוקט צו איר מאַן, צו מעקסן און ער האָט גוט געפילט, מאָטעק, אַז מעקס איז פאַרכמורעט מיט מאָטעקס באַזוך ביי אים. ער איז שטענדיק נערוועז, מעקס, ווען מאָטעק טרעט איבער זיין שוועל. נאָר גאָלדע, ווייזט אויס, דערפרייט זיך שטאַרק מיט זיין קומען. מעקס באַמערקט עס און דערפאַר איז ער באַאומרואיקט. גאָלדע קאָן דאָס פון מעקסן ניט פאַרהוילן. מעקס, ווידער, איז ניט פייאיק געגוג זיך צו קאָנען קאָנטראָלירן און ניט וועלן אַרויסווייזן זיין ניט גלייכגילטיקייט מיט מאָטעקס באַזוך . . . גאָלדעס העלפן סאַלטשען איינקויפן איז ניט קיין אומשולדיקע זאַך, פילט מאָטעק. עס פאַרשאַפט איר אַ געוויסע סאַטיספאַקציע. זי האָט זיך נאָך פון אים, מאָטעקן, ניט באַפרייט. ער פעלט איר אויס, פילט מאָטעק. דערפאַר וויל זי דאָס באַהאַלטן, ווען ער קומט אין הויז אַריין און זי ווערט איבערגעטריבן פריילעך. נאָר ווען זייערע בליקן באַגעגענען זיך מיט איר צופעליק, דערפילט ער, אַז זי קומט צוריק צו זיך און ער דערזעט דאַן אין אירע אויגן־ווינקלען אַ טרויער, אַ שטריך וואָס ער האָט קיינמאָל אין איר ניט געזען, נאָר וואָס דערמאָנט אים

ווי גאָלדע האָט געפילט ווען זי האָט אים דערקלערט, אַז זי גייט חתונה האָבן, אַז זי זעט איין, אַז ער מיינט ניט ערנסט מיט זייער ליבע.

פאַרנעמט גאָלדע אַצינד אַ סך פּלאַץ אין מאַטעקס געדאַנקען. ניט געגוג וואָס ער איז אַזוי פאַרנומען מיט סאַלטשעס צושטאַנד, מיט איינאָרדענען זיך אין דער נייער דירה, מיט אַזוי פיל צוגעקומענע מאַטעריעלע פאַראַנטוואָרט־לעכקייטן, לאָזט גאָלדע אים ניט רוען. ער טראַכט ניט איינמאָל וואָס צו טאָן דערוועגן. ווען ניט סאַלטשע, וואָלט ער אויפגעהערט קומען צו גאָלדען. דאָס וואָלט זיכער צופרידנגעשטעלט מעקסן און אפשר וואָלט דאָס געווען בעסער פאַר גאָלדען אויך. ווען אָבער סאַלטשע ניט וועלן הערן דערפון. זי נויטיקט זיך שטאַרק אין גאָלדעס פריינטשאַפט און אַז גאָלדע איז איבערגעגעבן צו איר מיט לייב און לעבן, קאָן דאָך גאָר קיין פראַגע ניט זיין. און איז דאָס מעגלעך, אַז די קלוגע סאַלטשע זאָל מיט איר געזונטן פרויען־אינסטינקט ניט דערפילן, אַז גאָלדע האָט נאָך אינגאַנצן זיך ניט באַפרייט פון מאַטעקס איינפלוס?

און צוריקגערעדט, טראַכט מאַטעק, וואָס וויל גאָלדע פון אים? זי ווייס אַליין אויך ניט מסתּם, נאָר גיי דערקלער געפילן? ווער ווייס וואָס ס'טוט זיך אין מענטשלעכן האַרץ?

**.2**

עס איז שוין די צווייטע וואָך זינט מאַטעק און סאַלטשע האָבן זיך באַ־זעצט אין דער אייגענער דירה. אַרבעט אַרום הויז איז דאָ איבערן קאָפּ. סאַלטשע רוט ניט קיין מינוט און מאַטעק, נאָך אַ שווערן טאָג האָרעוואַניע, פאַרקאַטשעט די אַרבל און שלעפּט און מייסטערוועט און קלאַפּט אין אַ נאָ־ווינע ווידער מיטן האַמער. ער האָט זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז עס זאָל זיין אַזוי פיל צו טאָן.

צום גליק קאָן סאַלטשע בלייבן אין דער היים. זי קומט אַריין צו דער אַרבעט אַ פּאָר מאָל אין וואָך. די באַלעבאָסטע, די הוט־פּוצערקע, איז צופרידן וואָס סאַלטשע גייט איין אויף די באַדינגונגען צו קומען, ווען מען נויטיקט זיך אין איר. נייע מאָדעס אין פאַך און מען פּוצט מער ניט די היט. מען קויפט זיי פאַרטיקע. און סאַלטשע איז אויך צופרידן וואָס מען נויטיקט זיך ניט אין איר. נאָר יעדע פעני וואָס פאַלט איר אַריין אַצינד איז ניט אָפּצו־שאַצן. די אויסגאַבן פון הויז האָבן זיך אַזוי שטאַרק פאַרמערט. מאַטעק פאַר־דינט פּאַקטיש אַ העלפט פון דעם וואָס מעקס קריגט אַריין אַ וואָך.

אויס רעסטאָראַנען, אויס קאַלטע עסנס. סאַלטשע האָט אויסגערעכנט וויפל מען וועט איינשפּאָרן אַ וואָך דורך עסן אין הויז. מאַטעק וואונדערט זיך

וואָס סאַלטשע קאָן אַזוי גוט קאָכן. היימישע געקעכץ, כמעט ווי אויף דער דזשעלנע גאַס, נאָר מען שפּאָרט ניט קיין פּוטער, מען ציטערט ניט איבערן שטיקל פלייש. נאָר זי קוקט אים אין מויל אַריין, סאַלטשע. זי איז ניט זיכער צי מאָטעקן שמעקט דאָס עסן.

— עס איז גוט, האָט טויזנט טעמים, סאַלטשע.

— דו ביסט אַן אַמעריקאַנער בלאָפער, מאָטעק. דו וואַרגסט זיך מסתם מיטן ביסן, נאָר ווילסט די אָרעמע סאַלטשע ניט פאַרשעמען. איך קען דיך דאָך, מאָטעק.

מען שפּיגלט זיך מיטן נייעם מעבל. מען קוקט, באַקוקט, מען שטעלט זיך אָפּ און מען טראַכט: אפשר איבערשטעלן, אפשר איז עס ניט סימעטריש, אפשר וועט עס מענטשן ניט געפעלן ווערן. מען שטעלט זיך פאָר וואָס געסט וועלן זאָגן, אָדער מען ווערט פלוצלינג באַגייסטערט און מען קושט זיך אין די פּיסקלעך, ווי די טייבעלעך.

— מאָטעק־קרוין, איך גלויב, אַז מען מעג שוין איינלאָדן געסט. אַלץ איז אין אָרדנונג.

— וועמען ווילסטו איינלאַדן, סאַלטשע? וועמען האָבן מיר?

— צום ערשטן, דאַרף מען, נאַטירלעך, פאַרבעטן גאָלדען מיט מעקסן און אויך די יאַקובאָוויטשעס. מעקס וועט זיי אַלעמען ברענגען אין זיין מאַשין. איך וויל טאַקע זען ווי דאָס פּיצעלע, אסתרל, וועט זיך פילן דאָ. צווייטנס, וויל איך איינלאָדן מיין באַלעבאָסטע, די מרס. גלאַזער. זי איז זייער פריינטלעך צו מיר. נאָך דיין מאַמען, איז זי די בעסטע אַרבעט־געבערין, וואָס כ׳האָב ווען ס׳איז געהאַט. זי האָט מיר אפילו צוגעזאָגט צוריקצו־נעמען אָדער מיר געבן צייטווייליקע אַרבעט, נאָכדעם ווי איך וועל האָבן דאָס קינד. דריטנס, איז שוין צייט, אַז דיין חבר בען זאָל אונז באַזוכן. האָסט מיר דערציילט אַז ער קלייבט זיך צוריקקומען קיין ניו־יאָרק. איך וואָלט אויך איינגעלאָדן דעם דר. בריסקין, אויב ער וועט זיך ניט פילן באַליידיקט און ניט מיינען אַז מיר זיינען געוואָרן פאָן־בראָט מיט אים. איך האָב צו אים אַ געפיל ווי צו אַ גוטן, געטרייען פריינט.

נאָך איידער גאָלדע האָט געקראָגן די איינלאַדונג צו זען מאָטעקס באַ־לעבאַטישקייט, האָט זי סאַלטשען באַזוכט, אינמיטן טאָג. סאַלטשע האָט זיך אויף איר ניט געהאַט געריכט און זי איז געוועזן איבערראַשט און זי איז אַזש רויט געוואָרן פון איבערראַשונג.

— גאָלדע־קרוין, אַז מען טראַכט פון גלח, קומט דער מלאך. איך האָב זיך געפילט אַזוי איינזאַם אין מיין אייגן הויז און איך האָב געוואָלט אַראָפּגיין און זיצן אין פּאַרק — און מיטאַמאָל ביסטו אָנגעקומען. איך בין אַזוי צו־

פרידן. וועסט קאָנען זיין דאָ אַביסל לענגער, גאָלדע? מיט וועמען האָסטו געלאָזט דאָס קינד, און וואָס מאַכט מעקס? און די מאַמע?

נאָר באַלד איז מען שוין געווען איבערן קאָפּ אַריינגעטאָן מיט דער אינספּעקציע איבערן באַלעבאַטישקייט.

— סאַלטשע, אַ געזונט אין דיינע ביינער! דו ביסט דאָך אַ וואונדער־באַרע באַלעבאָסטע, איך זאָל אַזוי לעבן. איך שפּאַס נישט. אַלץ איז אַזוי געשמאַקפול און האַרמאָניש. איך ווייס אַז מאָטעק האָט פון שטענדיק אַן ליב געהאַט ווייסע פאָרהענגלעך און אַלץ וואָס עס איז העל. ער מוז זיך שמעלצן פון נחת. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער אַן אייגן ווינקל. געדענקסט זיין היים אויף דער דזשעלנע? אַ שאָד וואָס זיינע עלטערן האָבן ניט דערלעבט אָט דעם נחת. זיין מוטער איז געווען אַזאַ ציכטיקע פרוי און דער פאָטער האָט דאָך אין דער שטיל אַזוי שטאַרק זיך איבערגענומען וואָס ער האָט אַ בן יחיד. שטעל דיר פאָר וואָס פאַר אַן אומגליק עס וואָלט אים געטראָפן, ווען ער וואָלט געהאַט פינף טעכטער, אַנשטאָט פיר טעכטער מיט איין זון. אונז, מיידלעך, האָבן די פרומע אידן איינגאַנצן אַרויסגעמאַכט מיט דער האַנט — אויך מיר מענטשן . . . נאָר לאָמיר רעדן וועגן פריילעכערע זאַכן. עס פאַלט דיר שווער די באַלעבאַטישקייט? זאָג דעם אמת, סאַלטשע.

מען איז אַריין אין קיך. מען האָט געעפנט אַלע שיפלאָדן, אַלע טירלעך, — אַלץ האָט געדאַרפט באַרירט ווערן. גאָלדע האָט זיך אפילו נאָכגעפרעגט אויף די פרייזן וואָס סאַלטשע האָט באַצאָלט פאַר די שפּייז־אַרטיקלען פון טאָג.

— אויף דער איסט סאַיד איז דאָך אַלץ ביליקער. ביי אונדז אין די בראָנקס איז אַלץ בראַנד טייער.

סאַלטשעס באַקן האָבן געפלאַמט. זי האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט זיך אָפּ־וואונדערן פון דעם פלוצלינגדיקן באַזוך. גאָלדעס נייגיר איז געווען גרויס. אירע עצות זיינען געווען צוגעפּאַסטע. אָט אַזוי וועט עס טאַקע מאָטעקן בע־סער געפעלן.

גאָלדע איז אַהיים געפאָרן מיט דער הויך־באַן. זי האָט געוואוסט, אַז סאַלטשע איז געווען איבערראַשט און צופרידן פון איר באַזוך. זי האָט וועגן סאַלטשען גאָר אַ געהויבענע מיינונג אַצינד. מען טאָר קיינמאָל ניט אורטיילן אַ מענטשן ביז מען קען אים ניט גוט. זי ווינטשט איר אַלדאָס גוטס. זי וועט אָנהאַלטן די פריינטשאַפט מיט איר. זי פאַרהאָפט, אַז זי וועט האָבן אַ גרינג טראָגן.

און גאָלדען איז אויפן זינען געקומען מאָטעק. וויפל מאָל זיינען זיי צו־

זאָמען געפאָרן מיט דער זעלבער הויך־באַן? וויפל מאָל האָט מאַטעק געפּי־
בערט מיט איר? וויל מאָל געבעטן זיך ביי איר, אַז זי זאָל מיט אים פאַר־
ברענגען ביי זיינע פאַרזאַמלונגען, אַנטיילנעמען אין זיין סאָציאַליסטישער אַר־
בעט . . . וואָס וואָלט געווען, ווען זי נעמט אָן זיינע פאָרשלאָגן און ווערט אַזוי
ווי ער? וואָלט ער מיט איר דאָן חתונה געהאַט? אַ צינד טראַכט זי אַז יאָ.
דאָן האָט ער זיך געקווענקלט. די אַרבעט קומט פריער, די פּאַרטיי קומט
פריער, נאָר ער האָט עס דאָך ניט געמיינט. וואָס עס האָט אים פאַרדראָסן
איז דאָך געווען, וואָס סיי זי און אַלע ביי איר אין הויז האָבן זיך באַצויגן צו
אים ווי צו אַ שלימזל. זי זעט אָבער איין אין וואָס זי האָט זיך טועה געווען.
מאַטעק האָט איר דאָך ניט איינמאָל געזאָגט, אַז ער האָט געפילט ווי צו
קושן די מיידלעך וואָס זיינען געקומען נאָך דער אַרבעט אין קלוב אַריין און
זיך באַטייליקט אין דער אַנטי־מלחמה טעטיקייט. ער האָט זיך דאָך דאָן גע־
בעטן ביי איר, אַז זי זאָל אויך אַזוי זיין. זי זעט איין, אַז זי וואָלט אים דאָן
גליקלעך געמאַכט. זי איז געווען צו איינגעשפּאַרט, אַ לאָדזשער פּאַניענקע.
עס איז איר ניט אָנגעשטאַנען צו האָבן צו טאָן מיט סאָציאַליסטן.

גאָלדע האָט אַרויסגעקוקט פון וואַגאָן־פענצטער און זיך פאַרטראַכט.
אָן ערנסטקייט האָט זי באַוועלטיקט. פאַר די אויגן זיינען איר געשטאַנען
מעקס און מאַטעק. זי האָט זיי ביידן ניט געוואָלט זען אין איצטיקן מאָמענט.
זי האָט געוואָלט טראַכטן וועגן די נייע קליידער, וואָס זי וועט זיך איינהאַנד־
לען, וועגן די שיך און וועגן נייעם הוט. נאָר זיי זיינען געשטאַנען פאַר איר,
מעקס און מאַטעק, און זיך ניט גערירט פון אָרט.

מעקס. דער גוטער מעקס. אַזוי גלאַטיק און גלאַנציק. וואָס אויף דער
לונג, דאָס אויף דער צונג. האָט זיך ניט געביטן קיין האָר, זינט זי האָט זיך
מיט אים באַקענט. אַ טיפּישער, דערפאָלגרייכער סוחר. פּינקטלעך און גראַד־
ליניק. אַלץ אויפן אָרט, אויסגערעכנט צו דער פּעני. אַזוי פיל פאַרדינט היינ־
טיקע וואָך, אַזוי פיל מיר געגעבן אויף הוצאות, אַזוי פיל ווערט אַריינגעלייגט
אין באַנק, אַזוי פיל דאַרף זיין אין באַנק סוף חודש. אַלץ גייט אויף גלייכע,
געשמירטע רעלסן. זאָל זיך אָבער, חלילה, די באַן פאַרשפּעטיקן אויף אַ
פּאָר מינוט, פאַרלירט ער דאָס גלייכגעוויכט, שפּריצט אַרויס דער כעס, ווערט
ער אויס מענטש. אַנגערירט זיין עגאָ, פאַרלאָרן אַ פּאָר מינוט פון זיין צייט.
ער האָט זי ליב, שטאַרק ליב. נאָר אפילו אין דעם פּרט איז ער אויך ווי אַ
בוכהאַלטער, מיט זיין פּינקטלעכקייט, מיט זיין אויסגערעכנטקייט. די ערשטע
צייט איז איר עס געווען גראָד געפעלן. זי איז געבוירן געוואָרן ביי אַ פּראַק־
טישער משפּחה. געלט איבער אַלץ. די גוטע מאַמע האָט זיך זעלטן פאַר־
לאָרן. דער פאַרנומענער טאַטע האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין צייט פאַר

שפּיל און לייכטקייט. געשעפט, געשעפט און איבער אַלץ — וואָס וועט זיין דער תכלית? דאָס וואָרט „תכלית“ איז איר אַריין אין בלוט. און אַזוי איז זי אויסגעוואָקסן . . . ווען זי איז אַרומגעגאַנגען מיט מאָטעקן האָט מען איר אָנגעהויבן אַריינשושקען אין אויער אַריין: תכלית, תכלית . . . גיין אין פּאַרק מיט אים איז טאַקע גוט און וואויל, נאָר ווען הערט מען שוין וועגן אַ תכלית? . . . זי האָט איינגעזען, אַז די עלטערן זיינען גערעכט. אָן געלט, איז ניטאָ קיין וועלט. איז אונטערגעקומען מעקס. זיינע רייד זיינען געווען האַרטע, נאָר פּראַקטישע. דאָס וואָס זי האָט געוואָלט הערן פון מאָטעקן, האָט זי געהערט פון מעקסן. זי האָט געקאָנט קומען צו די עלטערן און זיי צופרידנשטעלן. זי האָט געזען אַז זיי האָבן זיך דערפרייט מיט מעקסן. זיי האָבן הנאה געהאַט פון אים. זיי האָבן אויף איר מער ניט געקוקט ווי אויף אַ שוואַכלינג, וואָס פירט זיך אַרום מיטן לאָדזשער שלימזל, וואָס וויל איבערמאַכן אַמעריקע, ווי ער האָט געוואָלט איבערמאַכן פּאָזנאַנסקין אין לאָדזש.

גאָלדע האָט אַרויסגעקוקט פון פענצטער. די באַן גייט צו לאָנגזאַם. זי וואָלט שוין וועלן זיין אינדערהיים און זיך פּאַרטאָן אין דער באַלעבאַטישקייט. נאָר מעקס שטייט ווידער פאַר אירע אויגן און שולטער צו שולטער שטייט מיט אים דער אַביסל העכערער, נאָר אַביסל מאָגערער מאָטעק. זי קוקט ווידער אויף מעקסן, אויף זיין אומבאַוועגלעך פּנים, אויף זיינע האַרטע, פּראַקטישע אויגן, וואָס וועגן און מעסטן יעדע זאַך אָפּ צוליב זייער ווערט און נוצן. פאַרוואָס איז ער אַזוי אומבאַוועגלעך? פאַרוואָס האָט ער זיך גאָרניט געביטן, זינט זי קען אים? פאַרוואָס האָט ער איר קיינמאָל גאָרניט ניט צו דערציילן אויסער זיינע געשעפט־אַנגעלעגנהייטן? קיין טעאַטער איבטערעסירט אים ניט. נאָר ווען זיי זיינען געווען חתן כלה, האָט זי אים געהייסן קויפן בילעטן צו אַן ענגלישער פּיעסע, איז ער געזעסן און געקוקט אויפן זייגער און געגעניעצט פאַרשטעלטערהייט. זי האָט געלאַכט און הנאה געהאַט, אים האָט עס גענודיעט. מעקס לאַכט זעלטן. אויסער זיינע ביזנעס, אויסער געלט־אַנגעלעגנהייטן גייט אים קיין זאַך ניט אָן. קומט ער אַהיים און עסט אָפּ און דערציילט דאָס זעלבע וואָס ער האָט דערציילט נעכטן און אייערנעכטן. ניטאָ וועגן וואָס צו רעדן, ניטאָ אפילו די פריייד מיטן קינד, וואָס זי האָט דערוואַרט פון אים. דאָס קינד איז ביי אים די גאַנצע וועלט, נאָר ער קאָן זיך אפילו אין אַזאַ מאָמענט ניט באַפרייען פון תכלית. די אינשורענס פּאָליסי פאַר אסתרלען איז ביי אים געווען די הויפּט־זאַך. דעם קינדס חכמות פאַרשטייט ער ניט, קאָן זיי ניט באַגרייפן . . . מעקס, — אַזוי שטייף און אָנגעצויגן. ער לאָזט איר ניט אויסקלייבן זיינע העמדער, זיינע שניפּסן. דאָס האָט צו טאָן מיט תכלית, מיט געלט. געלט דאַרף ער האַלטן אין די הענט, קאָנטראָ־

לירן. אין אַלץ איז ער אַזוי זיכער, איבערצייגט. אַ מענטש זאָל אַמאָל אַ טראַכט טאָן, אַז מען מעג ניט בלויז אײַנזינען האָבן זיך, אַז ס'איז דאָ אַ וועלט אויסער זיך . . . אַ גלײַכער וועג, אַן אַ בערגל, אַן אַ טאָל, אַן אַ בוים אפילו . . . זי זעט איין מעקס און באַלד נאָך אײנעם און נאָך אײנעם, גאָר אַ סך און אַלע זײַנען דער זעלבער האַרטער, זיכערער, אומבאַוועגלעכער מעקס. איר דוכט זיך, אַז אין צען יאָר אַרום וועט ער זײַן פּונקט אַזוי. זײַן פּנים וועט זיך ניט ענדערן, די אויגן וועלן ניט קיין פינטל טאָן, זײַן קול איז ווי דער אָפּ־קלאַנג פון אַ שווערער, זילבערנער דאָלאַרדיקער מטבע.

מיטאַמאָל פאַרשווינדט מעקס. עס בלײַבט איבער בלויז מאַטעק. זי זעט אים אין סטודענטישן מונדיר אין דער יאַראָטשינסקי שול. זי זעט אים אין דער אָרעמער גאַס. זי זעט אים אין געזעלשאַפט פון זײַן שוועסטער לאָטשיא, איר בעסטע חברטע. שוין דאַן זעט זי אים אַן אַנדערשדיקן יעדע וואָך. אָט איז זײַן פּנים צונטער רויט און זײַנע האָר צעפּאַטלט אין פלאַמען. אָט איז ער פלוצלינג אויסגעבלייכט, עפּעס האָט פּאַסירט אין זײַן היים. אָט גייט ער אַרום אָפּגעריסן, ניט דערעסן. אָט איז ער געוואָרן אַ יתום און מען וואַרפט זיך אַרום מיט אים. אַנקלס, טאַנטעס, לערער, רעוויראָוועס, דעמאָנ־סטראַציעס, קאָנסטאַנטינער וואַלד, געהיימע געשעפטן. אַלץ זעט זיך אָן אויף זײַן פּנים. און ווען ער דערזעט זי — פאַרשווינדט אַלץ, צעגייט דער ברודי־קער שניי אויף זײַן פּנים און די זון קומט אַרויס און ער שטראַלט און זײַנע אויגן עסן זיך אײַן אין איר פּנים און זײַנע נאָזלעכער ווערן ברייטער און ער אָטעמט איין אין זיך איר גאַנץ וועזן, איר לופט און ער איז גליקלעך, כאָטש ער זאָגט איר גאָרנישט דערוועגן. עס איז אַלץ אַזוי פאַרשטענדלעך. און ביידע ווערן פאַרטיפט און מען לאַכט און מען קאָן זיך ניט אָנרעדן צו זאָט און מען קאָן זיך ניט אָנגיין צו זאַט.

זי קוקט אַרויס פון פענצטער. זי איז שוין באַלד אין דער היים. נאָר עס ווילט זיך איר טראַכטן מער וועגן מאַטעקן. זי זעט אים ווידער אויף אַ שפּאַ־ציר. די פריידיקע דערוואַרטונג. אָט דערמאָנט זי זיך אין זײַנע בריוו. זי איז אין לאָדזש. ער איז שוין אַן אַמעריקאַנער. אַזוי פיל שטיפערײַ אין יעדן בריוו. אָט איז ער אַן אַרײַנגייער און אָט וואוינט ער שוין ביי זיי אין הויז און מען שפּאַצירט אין קלערמאָנט פּאַרק. און יעדע ווייל זעט זי אים אין אַן אַנדער ליכט. און שטענדיק איז ער אינטערעסאַנט. אפילו ווען מען לאַכט אָפּ אין הויז פון אים צוליב זײַן סאָציאַליסטישקייט. אויך זי לאַכט. שטענדיק איז ער דער וואַרעמער מאַטעק, וואָס צינדט אָן די לופט ווען ער באַווייזט זיך נאָר.

זי גייט אַראָפּ פון דער סטאַנציע. מאַטעק גייט איר נאָך. אין הויז וואַרט

מסתם מעקס.

— טאָכטער, האָסט זיך היינט לאַנג געזאַמט, — האָט די מאַמע זי באַ־געגנט אַ ביסל אַן אומצופרידענע.

— מאַמע, די באַן האָט זיך געשלעפּט און איך האָב מיר קיין נײַ קלייד ניט געקאָנט צופּאַסן. כ׳וועל דאַרפן גיין נאָכאַמאָל די וואָך.

— מעקס איז געווען און ער איז אַוועקגעגאַנגען. היינט האָט ער אַ לאָדזש מיטינג און אַ קאָרד פּאַרטי, ווען ער אַהיים קומען שפּעט, האָט ער געזאָגט. יאָ, ער האָט אָפּגעגעסן.

פרוי יאַקובאָוויטש איז געווען צופרידן מיט איר איידעם. גאָלדען האָט קיין זאַך ניט געפעלט אין הויז. געלט איז געווען מער ווי מען האָט גע־דאַרפט. און מעקס האָט זיך אויסגעטויגט צו די ביזנעס און דאָס האָט גע־מיינט, אַז איר מאַן האָט ניט געטראָגן מער דעם גאַנצן יאָך אויפן קאָפּ. מעקס איז מער אַמעריקאַניש, מער צוגעפּאַסט צו די קונים און ער ווייסט ווי אײַן און ווי אויס מיט די סיילסלייט.

נאָר אויך די פּראַקטישע פרוי יאַקובאָוויטש האָט געפילט, אַז גאָלדען ציט נאָך צו מאַטעקן. זי האָט דאָס אויסגעטייטשט מיט דעם, אַז אַלטע פריינט־שאַפט ראָסטעט ניט. פאַרט קאָנען זיך די קינדער אַזוי לאַנג און מאַטעק איז דאָך געווען איר שימעקס נאָענטסטער חבר . . . אומגליקלעכער שימעק האָט געדאַרפט פאַרלאָזן די וועלט אַזוי פרי. אַז זי טראַכט זיך אַרײַן, איז דאָך דער משוגענער מאַטעק געווען גאַנץ גערעכט. ער האָט דאָך פאַרשטאַנען וועד ס׳איז שולדיק געווען אין שימעקס שרעקלעכן טויט. וואָלט איר קינד ניט גע־דאַרפט האָבן צו טאָן מיט די אַנטיסעמיטישע אַרבעטער, וואָלט ער ניט גע־שראָקן זיך אַזוי פאַר דער מלחמה, וואָלט ער נאָך היינט געלעבט און זי וואָלט ניט אַרומגעגאַנגען מיט אַן אייביקער וואונד אין האַרצן.

עס איז דאָ עפּעס אין דעם מאַטעקן, וואָס מען קאָן ניט פאַרגעסן. ער רעדט טאַקע אַ סך, נאָר ווען מען טראַכט זיך אַרײַן, איז דאָ וואָס צו הערן. ער ווייס דעם אמת, מאַטעק, נאָר וואָס קומט אַרויס אַז מען ווייסט, קאָן מען דען אַליין איבערמאַכן די וועלט? אַזוי זײַנען מיר געבאָרן געוואָרן, אַזוי וועלן מיר אַוועקגיין פון דער וועלט . . . נאָך גוט וואָס גאָלדע האָט אַ קינד, אַניט וואָלט איר געצויגן מער צו מאַטעקן . . . נאָר בעסער וואָלט געווען, ווען מאַטעק האָלט זיך ווײַטער פון גאָלדען. שולדיק אין דעם איז מער סאַלטשע ווי מאַטעק. זי בויטיקט זיך אין גאָלדען, דערפאַר קומט זי צו איר אָפט. און גאָלדע איז דאָך אַ מענטש מיט אַ וואַרעם האַרץ, פאַרט זי צו איר צו העלפן איר זיך אײַנאָרדנען.

— גוד־באַי, טאָכטער. כ׳וועל מאָרגן אין דער פרי דיר אַרויפברענגען

לעבער. גיי ניט אַרונטער. רו זיך אויס.

גאָלדע איז געבליבן אַליין מיטן קינד. נאָר עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז מאַטעק איז מיט איר און ער רעדט און רעדט און רעדט און זי הערט זיך איין מיט אַ נייגיר, וואָס שטאַמט פון אויסגעדורשטקייט נאָך אים.

## קאַפּיטל פינף

# געסט זיינען געקומען

.1

דאָס הויז איינגעשטעלט, זיינען ביי מאַטעקן און סאַלטשען אַנט־שטאַנען לאַנגע דיסקוסיעס וועגן איינלאַדן געסט. ער האָט דאָס געוואָלט אָפּלייגן אויף שפּעטער, ניט אַרויסגעזאָגט דאָס אָפן, נאָר סאַלטשע האָט גע־קאָנט פאַרשטיין, אַז ער וויל איינלאַדן געסט נאָכדעם ווי דאָס קינד וועט גע־באָרן ווערן. אַנדערש האָט אָבער סאַלטשע געוואָלט. זי האָט זיך אַזוי שטאַרק איבערגענומען מיט דער נייער באַלעבאַטישקייט, אַז זי האָט געוואָלט, אַז יעדער באַקאַנטער זאָל קומען און זען און זאָגן אַ גוט וואָרט.

— נאַרעלע, איצט איז דאָ וואָס צו זען און צו ווייזן. ווי זאָגט מען ביי אונז: אַ נייער בעזים קערט גוט. אין אַ פּאָר חדשים אַרום וועלן די ווענט זיך באַדעקן מיט שטויב, דאָס מעבל וועט פאַרלירן דעם גלאַנץ. מאַטעק, אויב דו וועסט ניט לאַכן פון מיר, וועל איך דיר זאָגן, אַז איך וויל פאַרבעטן דעם פעטער קיווע מיט דער מומע פעני און אפילו די צוויי מאַפּסלעך — משהלען מיט עליסלען. די נייע בענקלעך וועלן זיי נאָך אויסהאַלטן.

— באַלעבאָסטעטשקע, צוליב וואָס דאַרפסטו דעם גאַנצן כלאָפּאָט? וועסט זיך אָנאַרבעטן ווי אַ פּויער און דר. בריסקין וועט אָנשרייען אויף דיר דערפאַר און דערנאָך וועסטו אַרומגיין אויס מענטש. עס ברענט ניט. גאָלדע וויל קומען, איז זי ווילקאָמען. בעז וועט באַלד זיין אין שטאָט, וועט ער צוקומען ניט איינגעלאַדענערהייט, וועסט זען.

ווי פאַרנומען מאַטעק איז ניט געווען מיטן הויז און מיט סאַלטשעס צו־שטאַנד, האָבן אָבער די פּאָליטישע נייעסן פון לאַנד אים ניט געלאָזט רוען. ער האָט זיך געפילט שטאַרק שולדיק, וואָס ער איז מער ניט אַקטיוו און וואָס ער באַזוכט מער ניט קיין מיטינגען. ער האָט זיך אַליין פאַרענטפערט, אַז

ער וועט אָניאָגן, אַזוי גיך ווי דאָס הויז וועט זיין אינגאַנצן איינגעשטעלט און ווען סאַלטשע וועט זיך אין אים ניט נויטיקן ווי איצט, יעדן אויף דער נאַכט.

אַן אָוונט אַן סאַלטשען האָט ער זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, פונקט ווי ס׳איז ניט געווען מעגלעך פאַר איר צו זיין אַן אָוונט אין הויז אָן מאָטעקן. זייערע געמיינזאַמע אינטערעסן זיינען געווען אַזוי צונויפגעוועבט, אַז מען האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן איינער אויפן אַנדערן. טאָמער איז מאָטעק אַהיים געקומען אַ צען מינוט שפעט האָט סאַלטשע געהאַלטן אין איין קוקן אויפן זייגער און באַדויערט די צייט וואָס זי פאַרלירט צוליב דעם, ניט קאָנענדיק זיין אָן מאָטעקן.

זי איז שוין געווען אין זיבעטן חודש און דר. בריסקין האָט דערקלערט, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג. ער האָט געלאַכט און געשפּאַסט מיט איר און ער האָט ליב געהאַט צו רעדן מיט איר, ווען זי האָט זיך באַוויזן אין זיין אָפיס.

אין הויז איז אַלץ פאַרטיק געוואָרן פאַר דעם גרויסן גאַסט.

סאַלטשע האָט געהאַלטן אין איין שטריקן סוועטערלעך פאַרן קינד. פאַרטיק געוואָרן מיט אַ צוויי ווייסע סוועטערלעך האָט זי זיך גענומען שטריקן אַ צודעק פאַרן קינדער־וועגעלע. גאָלדע האָט געשטריקט אַ היטעלע און זעקעלעך. אַלץ פאַרן גרויסן גאַסט, וואָס יעדן אָוונט האָט מען געפּרוּווט טרעפן, צי עס וועט זיין אַ ייִנגעלע אָדער אַ מיידעלע. מאָטעק האָט געזאָגט, אַז עס וועט זיין אַ מיידעלע. אַזוי גייט עס אין זיין משפחה. סאַלטשע האָט געהאָפט, אַז עס וועט זיין אַ ייִנגעלע. גאָלדע האָט געוואָלט, אַז עס זאָל זיין אַ ייִנגעלע — אַ חתן פאַר איר אסתרקען.

נאָר איידער דער גרויסער גאַסט האָט געדאַרפט מאַכן זיין אויפטריט, זיינען דערווייל געקומען אמתע געסט אומגעריכטערהייט, נאָך איידער מען האָט געהאַט באַשלאָסן זיי איינצולאַדן.

די ערשטע זיינען געקומען גאָלדע, מעקס און פרוי יאַקובאָוויטש. ביי סאַלטשען איז הויפּטזאַכלעך די פרייד געווען גרויס, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט אסתרקען. סאַלטשעס פּנים איז געוואָרן צעפלאַמט. איר גרויסע דאגה איז געווען דאָס קינד. אסתרקע איז אַצינד אַלט געווען אַ זיבן חדשים און עס איז שוין געווען אַ גאַנצער מענטש, כאָטש איר מיינונג וועגן דער וועלט האָט זי נאָך געהאַלטן פאַרשלאָסן אין זיך.

פרוי יאַקובאָוויטש האָט זיך געלאָזט פירן פון מאָטעקן און מעקס איז נאָכגעגאַנגען גאָלדען און סאַלטשען. אַזוי ווי זיי זיינען געקומען אומגעריכט אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג האָט סאַלטשע זיך געפילט שולדיק, וואָס זי האָט ניט געהאַט אָנגעגרייט גענוג כּיבוד. עס איז אָבער ניט געווען אמת. זי האָט יאָ געהאַט אָנגעגרייט, פילנדיק אַז אין אַ זונטיק קאָן ווער פּלוצלינג אַריינפאַלן.

דאָך האָט זי באַלד מאַטעקן אַרונטערגעשיקט איינקויפן געבעקס און דער וואַרשעווער קאָנדיטאָריי און אויפשניט אין פוילישן וואורשט געשעפט.

מעקס האָט געוואָלט וויסן דעם פּרייז פון יעדן שטיקל מעבל. פּרוי יאַקובאָוויטש האָט געלויבט, געלויבט און געוואונטשן מען זאָל עס פאַרנוצן געזונטערהייט. גאָלדע איז געווען שטאָלץ וואָס אויך איר געשמאַק און איר עצה איז געלעגן כמעט אויף יעדן אַרטיקל.

נאָר עס איז געווען מאַטעק, וואָס האָט געהאַלטן אַן אויג אויף גאָלדען. ער האָט באַמערקט אַז זי האָט זיך קיין סך נישט געענדערט. קיין סך ניט גערעדט. געקוקט, באַקוקט און געוואָרפן אַ פאַרגנבטן בליק אויף אים.

ווען מען האָט זיך געזעצט ביים קיך־טיש עפּעס איבערבייסן האָט מעקס זיך פאַנאַנדערגערעדט מיט מאַטעקן וועגן זיין עלעקטריע־פאַך. געשעפטס־מעסיק געוואָלט אַרויסקריגן פּראַקטישע אינפאָרמאַציע. מאַטעק פון זיין זייט האָט מעקסן געפרעגט וועגן זיינע ביזנעס. וועגן קיין פּאָליטיק האָט קיינער קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. פּרוי יאַקובאָוויטש האָט עס שפּעטער אין דער קאָר באַמערקט:

— גאָלדע, האָסט געזען ווי דער מאַטעק מענטשלט זיך דאָס אויס? ער רעדט ניט מער וועגן ראַטעווען די וועלט. ער האַלט ניט מער קיין דרשות וועגן „צאָציאַליזם". אַז עס קומט צו תכלית, איז אויס נאַרישקייטן, האַ, מעקס?

— וואָס קומט אַרויס, אַז ער איז געבליבן אַ פּשוטער אַרבעטער, — האָט מעקס געזאָגט, — היינט וויל אים דער באַלעבאָס, מאָרגן וואַרפט ער אים אַראָפּ פון דזשאָב און גיי מעסט אויס די גאַסן.

גאָלדע האָט געשוויגן און זיך געשפּילט מיטן קינד.

דער אומגעריכטער באַזוך פון די ערשטע געסט האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף מאַטעקן און סאַלטשען.

— נו, זעסטו שוין, חכם מיינער, אַז איך בין געווען גערעכט? — האָט געטענהט סאַלטשע, — מענטשן זיינען פאַראינטערעסירט אונדז צו זען. עס איז ניט שיין. איך וועל איינלאַדן די מרס. גלאַזער אויף קומענדיקן זונטיק און אויב בען וועט קומען, לאָד אים גלייך איין. און דאַן וועל איך פאַרבעטן דיין אַנקל מיט זיין ווייב און קינדערלעך, זאָלן לעבן און געזונט זיין.

מאַטעק האָט אומגעריכטערהייט צוגעשטימט, אַז סאַלטשע איז גערעכט. מען האָט אַנגעגרייט אַ סך אייז אין אייז־קאַסטן און דאָס פּריר־קעסטל אויפן פענצטער איז אָנגעשטאָפּט געוואָרן מיט שפּייז.

מרס. גלאַזער איז געקומען זונטיק פאַרנאַכט. געקומען איז זי מיט איר זעכצן־יאָריקער טאָכטער, געבראַכט אַ מתנה — אַ טייערן טישטוך. אַ מיטל־

יעריקע פרוי, מיט אַ קלוג פּנים און אַ געשליפן צינגל, האָט מרס. גלאַזער ווינציק גערעדט, נאָר וואָס זי האָט געזאָגט איז געווען צוועקמעסיק און אויס־גערעכנט. איר איז, ווייזט אויס, מאַטעק געפעלן געוואָרן און זי האָט גע־לאַכט פון זיינע וויציקע באַמערקונגען. זי איז געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצן און זיך געהאַלטן מיט ווירדע. זי האָט סאַלטשען געגעבן עצות וועגן איבער־שטעלן דאָס מעבל, וועגן קיך־ענינים. פרוי גלאַזער איז געווען אַן אוקראַי־נערין און זי האָט זיך צעוואַרעמט, ווען זי האָט גענומען דערציילן וועגן איר שיינער שטאָט קיעוו. די טאָכטער האָט גערעדט ווינציק יידיש, האָט זי מערסטנס געשוויגן און נאָכגעפאָלגט די מאַמע וואו זי איז געגאַנגען.

פרוי גלאַזערס באַזוך איז געווען אַ דערפאָלגרייכער. סאַלטשע האָט גע־פילט, אַז צו איר איז געקומען ניט איר אַרבעטגעבער, נאָר אַ פריינד. און סאַלטשע האָט זיך געבעטן ביי איר, אַז זי זאָל נאָכאַמאָל קומען.

— ווען איר וועט זיין אין דרייען, — האָט פרוי גלאַזער געענטפערט און געדריקט סאַלטשעס האַנט.

מאַטעקן איז פרוי גלאַזער שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט ליב באַ־קומען די געסט.

ענדלעך איז געקומען בען צו גאַסט. ער האָט געלאָזט וויסן דורך אַ קאַרטל וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פילאַדעלפיע, אַז ער קומט זונ־טיק. ווען? אין דער פרי, נאָכמיטאָג, צי אין אָוונט, — האָט ער ניט גע־שריבן. גיי, וואַרט אויף אים אַ גאַנצן טאָג. און ער האָט טאַקע געלאָזט אויף זיך וואַרטן ביזן אָוונט. אַרום אַכט אויף דער נאַכט האָט ער זיך באַוויזן.

סאַלטשע האָט זיך געהאַט אַזוי פיל אָנגעהערט פון מאַטעקן וועגן אים, אַז זי האָט זיך געגרייט און זיך אויסגעפוצט און געוואָלט מאַכן אויף אים דעם בעסטן איינדרוק. גראָד האָט זי יענעם טאָג ניט געפילט אַזוי יום־טובדיק, נאָר זי האָט זיך געשטאַרקט.

די באַגעגעניש צווישן מאַטעקן און בענען איז געווען רירנדיק פאַר סאַלטשען. בען האָט מאַטעקן אַרומגעכאַפּט און צוגעדריקט צו זיך. גערעדט האָט ער ענגליש, נאָר ער איז באַלד אַריבער אויף אַ געמאַטערטן יידיש, דער־זעענדיק סאַלטשען.

— האָסט זיך ענדלעך דערוואַרט, מאַט, אויף דיין בעסערער העלפט און איצט ביסטו געוואָרן אַן אמתער אַמעריקאַנער בירגער מיט פּראָפּערטי, מיט פּריוואַט אייגנטום. דו באַלאַנגסט שוין ניט מער צום ניט־האָבנדיקן קלאַס, דו ביסט שוין אַ שטיקל קאַפּיטאַליסט.

— בען, סאַלטשע וועט נאָך מיינען, אַז דו מיינסט עס טאַקע. זאָל איך איר דערציילן, אַז דיין אַפּשטאַם איז גאָרניט קיין „געהויבענער“, לויט אונדזער

שטאַנדפּונקט ? דו ביסט דאָך דער זון פון אַ קאַפּיטאַליסט און איך קאָן דיר אונדזער נייע אָרדענונג ניט אַנטרויען, ניט אַזוי, סאַלטשע ?

סאַלטשע האָט זיי ביידן באַקוקט. זי האָט געזען, אַז מאַטעק פּילט זיך אויסערגעוויינלעך צוגעבונדן צו זיין חבר. זי האָט גוט באַטראַכט בענען. ער האָט אויסגעקוקט עלטער פון מאַטעקן. זיין פּנים איז געווען פאַרמאַטערט, דער שטערן מיט טיפע קנייטשן, די ליפּן בלוילעך. אויך איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ צעקנייטשטן, ניט אויסגעפּרעסטן בלויען אָנצוג, וואָס איז געווען שמאָל אויף אים. בען איז געווען דיקלעך, נאָר דאָס איז ניט געווען גיין אָנגעפּאַשעטקייט. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון שלאַבערדיקייט. זינט סאַלטשע איז געווען מיט מאַטעקן האָט זי געזען, אַז ער זאָל אַרויסגיין פון הויז אַן אויסגעפּוצטער, די שיך תמיד ריין, אַלץ איז געלעגן אויף אים נעט און זויבער. פון בענס הולך האָט אַרויסגעוויינט די איינזאַמקייט און די אָפּגעלאָזנקייט מיט זיך.

— סאַלטשע, ווי פּירט ער זיך עפּעס אויף ?

— ווי איך פאַרשטיי, מר. בען, האָט איר געהאַט אַ גוטע ווירקונג. האָב איך אייך צו פאַרדאַנקען זיין גוט אויפפירן זיך, — האָט סאַלטשע געענטפערט.

— מאַט, דיין ווייבל איז, ווייזט אויס, גאָר ניט קיין גרינע, ווי דו ביסט געווען, ווען איך האָב זיך מיט דיר באַקאַנט, האַ ?

סאַלטשע האָט באַדויערט בענס אויסזען, זיין אויסגעמאַטערטקייט. זי האָט פאַרשטאַנען אַז בען האָט לעצטנס געמוזט דורכמאַכן אַ שווערע צייט אויפן אַרבעטער־פראָנט. מאַטעק האָט איר געהאַט דערציילט וועגן די גרויסע סטרייקן אין וועלכע ער האָט זיך געהאַט באַטייליקט. נאָר זי האָט געהאָפט, אַז בען וועט ניט דערציילן וועגן זיי היינט אָוונט. עס האָט זיך איר געוואָלט פילן פריי און יום־טובדיק און איבערהויפּט האָט זי געהאָפט וועט בען זיך אַביסל פאַרגעסן, אין איר שטוב, וועגן די קאַמפן אין וועלכע ער האָט געלעבט לעצטנס. עס וועט זיין גענוג צייט דערפאַר, האָט זי באַשלאָסן ביי זיך, נאָכדעם ווי דאָס קינד וועט געבאָרן ווערן און מען וועט זיך האָבן איינגעשטעלט אַביסל. איצט איז דאָך געווען איר האָניק־חודש. זי האָט געוואָלט אינגאַנצן זיך איבערגעבן דער אידיליע, דער צייטווייליקער, געשאַפענער אידיליע וועגן הויז־אידעאַלן און קינד־האָבן. זי האָט געוואָלט בענען שאַנעווען יענעם אָוונט. זי האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוהויבן.

— מר. בען, איר מוזט זיין אויסגעהונגערט. קומט אַריין אין קיך, וועלן מיר איבערבייסן.

— רופט מיך ניט „מיסטער", אַניט וועל איך אייך רופן „מרס. סאַלטשע". איך הייס בען, אָן דעם מיסטער.

— גוט, בען, בענעלע, איר זייט גערעכט. לאָמיר אַריינגיין אין קיך.

איז זי געווען צופרידן וואָס בען האָט וועגן זיך גאָרנישט ניט געוואָלט דערציילן און געהאַלטן אין איין אויספרעגן מאַטעקן וועגן דעם ווי אַזוי ער האָט זיך איינגעאָרדנט מאַטעריעל און צי ער דאַרף האָבן הילף פון אים.

— און וואָס מאַכט דיין שוועסטער בעס און איר מאַן רובי ?

— יאָ, מאַט, זיי האָבן מיר געשריבן וועגן דיר, זיך נאָכגעפרעגט אויף דיר. מען האָט רובין גערופן אין ענס הויז איבערמאַכן די עלעקטריק. ען האָט חתונה געהאַט און איר מאַן האָט זיך אַריינגעקליבן צו איר אין הויז און מען האָט דעם פּאָרל אָפּגעגעבן אַ פליגל פון הויז. רובי האָט מיר געשריבן וועגן דעם, דערפאַר וואָס ען האָט אים געהייסן דיר שרייבן, אַז דיין עלעקטרישע אַרבעט איז געווען אַרויסגעוואָרפן. מען האָט אַלץ איבערגעמאַכט אויפסניי. ס'איז ניט געווען דיין שולד, נאָר די נייע איינשטעלונג.

מאַטעק האָט זיך געפילט אַביסל געטראָפן פון בענס רייד. ער האָט מורא געהאַט, אַז בען זאָל זיך ניט אַרויסכאַפּן מיט אַן איבעריק וואָרט, נאָר דער קלוגער בען איז געווען גענוג דיפּלאָמאַטיש. סאַלטשע האָט זיך איינגעהערט און ניט דערווידערט.

— קלייבסט זיך שוין פאַרבלייבן אין ניו־יאָרק, בען ?

— ניין, גאָר אין גיכן פאָר איך קיין באָסטאָן און דאָרט האָב איך זייער ווילכטיקע אַרבעט צו טאָן, ווי דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן, לייענענדיק די צייטונגען.

סאַלטשע האָט געמיינט, אַז איצט וועט דער שמועס אַרויף אויף פּאָליטיק, נאָר ביידע זיינען, וויזט אויס, געווען אַנטשלאָסן אויסצוהיטן זיך פון אַנרעגן סאַלטשען און זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען אויפן וואונק.

— און וואָס מאַכט עפּעס בעל ?

— מאַט, בעל האָט געהאַט אַזוי פיל צרות פון איר קינד, אַז איך האָב געמיינט אַז זי וועט עס ניט אַריבערטראָגן. איך וועל דיר וועגן דעם דערציילן אַ צווייט מאָל. נאָר בעל אַליין, מאַט, איז ניט דאָס וואָס זי איז געווען. איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אין אַ יונגן מענטשן זאָל פאָרקומען אַזאַ שטאַרקע פיזישע און גייסטיקע ענדערונג אין משך פון אַ קורצער צייט. מאַט, דעם קינדס קראַנק זיין האָט בעלן געמאַכט אויס מענטש. זי איז געוואָרן איינגעשרומפּן און זי איז שטאַרק אונטערוואָג און אין אירע יוגנטלעכע אויגן האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ מידקייט פון עלטער, וואָס פּאַסט פאַר אַ פרוי, וואָס איז מיט אַ יאָר צוואַנציק עלטער פון איר. נאָר דאָס ווילכטיקסטע איז וואָס זי איז גייסטיק שוין ניט דער זעלבער מענטש וואָס געווען. זי איז אַנטוישט מיטן לעבן. זי איז פאַרביטערט קעגן אונדזער באַוועגונג, דערפאַר

וואָס מיר דערגרייכן ניט די מאַסן. מיטאָמאָל וואָלט זי וועלן אַז אונדזער וואָרט זאָל אַריינדרינגען אין מיליאָנען מענטשן און זיי איבערנאַכט באַקערן צו אונדזערע אידעאַלן. דו פאַרשטייסט? ס'איז זייער אַ גוטער וואונטש, נאָר וואַרפן אויף אונדז די שולד פאַר ניט געווינען די מאַסן, איז דאָך נאַריש. איך האָב מיט איר געפּרואווט אַרגומענטירן, נאָר איך האָב זיך איבערצייגט, אַז ס'איז ניט מיין אַמאָליקע בעל, מיין „אַמאָליקע", מיין איך, מיט צוויי יאָר צוריק. עס איז מיר אויף איר אַ ביטערער רחמנות, נאָר ערגער פון אַלץ איז וואָס איך האָב ניט די מעגלעכקייט צו קאָנען ווירקן אויף איר. איך זע זי אַזוי זעלטן. דער מאַן איז ניט שטענדיק באַשעפטיקט. איז ער אין הויז, קאָן איך זי ניט זען. אַזוי גייט עס, מאַט.

בען האָט אויסגערעדט מאַטעקן פאַרוואָס ער האָט אַזוי ווינציק ביכער ביי זיך אין שטוב. איינגאַנצן איז געשטאַנען אַ קליינע שאַפּקע מיט אַ פּאָר צענדליק ביכער און אַ צענדליק ענגלישע טעקסט־ביכער. און אַ צאָל בראָ־שורן זיינען געלעגן צעשפּרייט אויף אַ ליידיקער פּאָליצע.

— איך שיק דיר מאָרגן אַרויס אַביסל ליטעראַטור וואָס איך האָב ניט וואו צו האַלטן, מאַט. און אַ ביכער־שאַפע וועל איך דיר אויך שיקן. דאָס וועט זיין מיין צושטייער צו דיין באַלעבאַטישקייט. מיין פאָטער שיקט מיר נאָך אַלץ מאָנאַטלעכע טשעקס. אַרבעטן וועל איך אָנהויבן אין גיכן, נאָר ניט דאָ, אין באָסטאָן. געדענק באָסטאָן, מאַט. די גאַנצע וועלט וועט ווענדן איר פּנים צו באָסטאָן.

— איידער איר וועט אַוועקפאָרן, וועט איר אונדז נאָכאַמאָל באַזוכן, בען, ניט וואָר?

— אומבאַדינגט, סאַלטשע.

דעם קומענדיקן זונטיק נאָכמיטאָג האָבן זיך מאַטעק און סאַלטשע גע־ריכט אויפן פעטער קיווען און מומע פעני. זיי האָבן געוואוסט, אַז די קינדער קומען ניט.

— זיי זיינען אַמעריקאַנער „סטאָק". זיי האַלטן ניט פון אַזעלכע וויזיטן,

— האָט קיווע געגעבן מאַטעקן צו פאַרשטיין.

געקומען זיינען זיי אָפּגעגעסענע, האָבן זיי דערקלערט, נאָר האָבן זיך באַלד פאַסמאַקעוועט מיטן פרישן אויפשניט, מיט דעם וואַרעמען קאָרנד־ביף און מיט דער צונג און מיט דער געפעפערטער פאַסטראַמי און איבערהויפּט מיטן געשמאַקן ברויט.

דער פעטער קיווע, אַנקל ניק סאַרדזשענט, האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דעם פּרייז פון יעדן שטיקל מעבל. באַטאַפּט, באַקלאַפּט, ווי אַ געניטער מבין געפּרובירט טרעפן וויפל עס איז ווערט. די טאַנטע פעני האָט געעפנט שיפ־

לאַדן, אונטערזוכט דעם מאַטראַץ. אַרייַנגעקוקט אין אייזקאַסטן און געהייסן זיך ווייזן אַלץ וואָס איז געווען באַהאַלטן פון אַפענעם אויג.

— פיין, פיין, נוצט עס געזונטערהייט. אם ירצה השם אויף מיין עליסלס חתונה, — האָט פעני זיך געוואונטשן.

און באַלד איז אַוועק אַ שמועס וועגן עליסלס חתונה. אַלץ איז געווען גרייט.

— דו געדענקסט דאָך, מאָט, ווי איך האָב מיט דיר אַמאָל, לאַנג צוריק, גערעדט וועגן סיימאָנען, מיין צוקונפטיקן איידעם. די חתונה האָט שוין באַדאַרפט זיין מיט אַ צייט צוריק. איז עפּעס דורכגעלאָפן אַ שוואַרצער קאָטער און עס האָט שוין געהאַלטן ביי אויס. נו, אַ דאַנק גאָט, עס איז שוין ווידער אָלראַיט און איצט איז אַלץ פיקס און פערטיק. די חתונה וועט זיין פון היינט איבער דריי וואָכן, צו דערלעבן. ס'וועט ניט זיין קיין „סוועל“ חתונה. ווער דאַרף עס ? ס'וועט זיין פּראַיוועט. ביי אַ רב אין הויז. אָן דעם גאַנצן קלאַפּערגעצייג. איך דאַרף דיר ניט אַרייַנלייגן קיין פינגער אין מויל. איך האָב מיט דיר דאָך געהאַט גערעדט וועגן דעם, געדענקסט ? נו, סיימאָן איז אַ „נאַיס פעלע“. דאָס בעסטע וואָס מען האָט געקאָנט קריגן. און וועגן די ביזנעס וואָס איך האָב מיט דיר געהאַט גערעדט, איז דערווייל אויס. סיימאָן וויל ניט גיין אין ביזנעס. ער האָט אַנדערע פּלענער. זאָל ער טאָן וואָס ער וויל. ס'איז ניט מיינע ביזנעס. אַבי ער וועט זיין אַ גוטער מאַן צו עליסלען. זי איז צופרידן, זייַנען מיר אַלע צופרידן. ווי זאָגט אַ ווערטל: אַז מען קאָן ניט אַרויף, מוז מען אַרונטער. הער: אָנקל ניק איז טאַקע אַן אָנגעזעענער מענטש, נאָר ווען ס'קומט צו די ביזנעס פון ליבע און הייראַט, קאָן קיינער ניט זיין קיין קנאַקער. דו נעמסט וואָס דו קריגסט, ניט אַזוי ? דיר, מאָטעק, האָט אָפּגעגליקט וואָס דו האָסט אַזאַ פיין ווייבל, סאָ העלפּ מי גאָד, ווי איך מיין יעדעס וואָרט וואָס איך זאָג. קיין געלט האָסטע טאַקע ניט, נאָר דאָס איז אַמאָל מער ווערט ווי געלט. דו האָסט אַ פיינע היים, מיט געשמאַק איינגעאָרדנט. פון הונגער, גאָט צו דאַנקען, שטאַרבסטע ניט. טאָמער וועט קומען אַ קריזיס, ווי עס פּאַסירט אָפט אין אַמעריקע, וועסטע טאָן וואָס אַלע קבצנים טוען. אַז מען דאַרף אַמאָל שטיין אין לאַין, מיינסטע גייט די וועלט שוין אונטער ? איך האָב שוין געזען גאָר רייכע מענטשן, וואָס זייַנען געשטאַנען אין זופּ־לאַין און וואָס האָבן אַרויסגענומען פון די גאַרבעדזש קענס, סאָ העלפּ מי גאָד, ווי איך זאָג קיין ליגן ניט . . . דער קאָרן־ביף איז עקסטראַ־אָרדינערי, בלויז אויף דער איסט־סאַיד איז דאָ אַזאַ געשמאַקע דעליקאַטעסען.

די טאַנטע פעני האָט ווינציקער גערעדט, נאָר געמאַכט מער מיטן מויל. זי האָט געגעסן לאַנגזאַם, נאָר איר מויל איז תמיד געווען פאַרנומען מיט

עפּעס. זי האָט געהאַלטן אין איין באַקוקן זאַכן און אָפּשאָצן.

— ווען דערוואַרטסטע צו האָבן דאָס קינד? — האָט זי געפרעגט סאַלטשען.

— פעני, מען וועט דיר לאָזן וויסן מיט אַ ספּעשל דעליווערי, ווען עס וועט אָנקומען, — האָט זיך אַריינגעמישט דער פעטער.

מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך געפילט היפשלעך אויסגעמאַטערט פון דעם באַזוך. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל, וואָס געסט האָבן זיי אַזוי אויסגעמאַטערט פיזיש און גייסטיק.

— מער קיין געסט דערוואַרטן מיר נישט, סאַלטשע, — האָט געטרייסט מאָטעק.

— יאָ, דער צעטל פון אונדזער באַקאַנטשאַפט האָט זיך אויסגעשעפּט, — האָט באַשטעטיקט סאַלטשע.

און מאָטעק איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פאַרן שלאָפן גיין געמאַכט די פאַלגענדיקע באַמערקונג צו סאַלטשען:

— די פרעמדע פרוי גלאַזער האָט עפּעס געבראַכט. בעת האָט געהאַלטן זיין וואָרט און געשיקט די ביכער־שאַפע. פון גאָלדען איז דאָך שוין אָפּגערעדט. די לאָמפּ וואָס זי האָט אונדז געשיקט, אין נאָמען פון איר פאַמיליע, איז באמת פּראַכטפול. דער איינציקער גאַסט וואָס האָט גאָרניט ניט געבראַכט און גאָרניט ניט געשיקט איז מיין ליבלעכער פעטער קיווע, דער טעמעני־קאַפּיטאַן ניק סאַרדזשענט, מיין פאָטערס ברודער. איך שעם זיך פאַר דיר, סאַלטשעניו.

— אוי, מאָטעק, ביסט אַ קינד. עס וואָלט דאָך געווען עק וועלט, ווען קיווע און פעני זאָלן אויסגעבן אַ דאָלאַר אויף דיר. איך בין אים דאָך געפעלן געוואָרן, אַזוי וואָר ווי ער לעבט... עס זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ, מאָטעק־קרוין. עס איז בעסער, אַז זייער גייסט איז דאָ ניטאָ אין אונדזער הויז.

מאָטעק האָט ניט געענטפערט. סאַלטשע האָט געוואוסט, אַז עס האָט אים געקרענקט. איר האָט עס אויך געקרענקט.

# קאַפּיטל זעקס

# ב ר י ו ו

.1

ינט מאַטעק און סאַלטשע זיינען געוואָרן מאַן און ווייב האָבן זייערע בריוו קיין פּוילן אָנגעהערט צו קומען אַ נייע ווענדונג. דער אמת האָט דאָך געמוזט אַרויסקומען. מאַטעקס שוועסטער האָבן געוואוסט, אַז סאַלטשע פּאָרט צו אַ ווייטן קרוב, וואָס האָט איר געשיקט אַ שיפסקאַרט. גוטשיאַ האָט איר דאָך מיטגעגעבן אַ טישטוך פאַר מאַטעקן און געבעטן זיך ביי סאַלטשען, אַז זי זאָל איר שרייבן דעם גאַנצן אמת וועגן מאַטעקס לאַגע: ווי ער זעט אויס, וויפל פאַרדינט ער, ווי לעבט זיך אים, צי האַלט ער נאָך פון יידישקייט און צי פּלאַנט ער חתונה צו האָבן. סאַלטשע האָט צוגעזאָגט איר צו ענטפערן אויף אַלע אָנפראַגעס און אָפּצוגעבן די מתנה מאַטעקן.

מאַטעקס בריוו צו די שוועסטער אין לאָדזש זיינען געווען פון אַ נייעם נוסח, גלייך נאָך סאַלטשעס אָנקומען. זיי זיינען געוואָרן מונטערער און לעבּ־געדיקער. יאָ, סאַלטשע איז אין ניו־יאָרק. זי האָט געבראַכט די פיינע מתנה פון אייך. עס פרייט מיך צו הערן, אַז גוטשיאַ און לאָטשיאַ ווערן פאַרהייראַט. סאַלטשע אָרדנט זיך דאָ איין. זי קריגט אַרבעט ביי אַ הוטנפּוצערקע. זי וואוינט אין מיין געגנט.

סאַלטשעס בריוו צו גוטשיאַן: געטראָפן זיך מיט מאַטעקן, ער איז דער זעלבער גוטער מאַטעק, זיך ניט געביטן אויף קיין האָר. אפילו זיינע האָר האָבן זיך אויף קיין האָר ניט געביטן. זיי זיינען צעשויבערט און שיין, מען קאָן אים אַרויסזען פון אַ פּאָלק סאַלדאַטן. ער קוקט אויס פיין און עסט אין אַ כשרן רעסטאָראַן, און וואוינט ביי אַ יידישער פרומער באַלעבאָסטע. איך האָב זיך איינגעאָרדנט און אַרבעט. איך טרעף זיך מיט מאַטעקן גאַנץ אָפט. מיר רעדן כסדר וועגן אייך.

צווישן זיך האָבן מאַטעק און סאַלטשע באַלד באַשלאָסן אַרויסצוקומען מיטן אמת און דערציילן „לאָדזש", אַז זיי האָבן חתונה געהאַט און וואוינען צוזאַמען. אָנגעהויבן האָבן זיי מיט דעם וואָס זיי האָבן צוזאַמען געשיקט אַ בריוו צו גוטשיאַן און אַ צווייטן מאָל אַ בריוו צוזאַמען צו לאָטשיאַן. אַזוי

און אַזוי. גראָד געפֿינט זיך סאָלטשע ביי מיר אין הויז. האָבן מיר גערעדט וועגן דיר און סאָלטשע האָט פֿאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל צוזאַמען אָוועקשיקן אַ בריוו. טוען מיר אַזוי.

גוטשיאַן האָט מען ניט געדאַרפֿט אַריינלייגן קיין פֿינגער אין מויל. זי האָט גלייך נאָך יענעם צוזאַמענדיקן בריוו אָנגעשריבן אַ לאַנגן בריוו צו מאַ־טעקן און זיך דורכגערעדט מיט אים פֿון האַרץ צו האַרץ. ווען מאַטעק האָט אים פֿאַרגעלייענט פֿאַר סאָלטשען, האָט זי זיך אָפּגעווישט אַ טרער פֿון אויג.

— איר בריוו האָט אָנגערירט אַ פּאָר דינע סטרונעס, מאַטעק, — האָט זי אָנגעוויזן אויף איר האַרץ.

ער האָט זיך געלייענט אַזוי:

„מיין טייערסטער, איינ־און־איינציקסטער ברודער מאַטעק:

„אין איין קאָנווערט האָב איך דערהאַלטן דעם בריוו פֿון דיר און דעם בריוו פֿון סאָלטשען. עס איז געווען אַן איבערראַשונג צו דערהאַלטן פֿון אייך ביידן איין קאָנווערט. אַז כ׳האָב דערזען אייערע ביידע האַנטשריפֿטן האָב איך געמיינט, אַז איר זאָגט אונדז אָן די גוטע נאַכריכט פֿון דיר, אויף וועלכער מיר וואַרטן שוין לאַנג און זאָל דער ליבער גאָט געבן, אַז עס זאָל צושטאַנד קומען. עס איז שוין העכסט צייט, הייס־געליבטער ברודער, אַז דו זאָלסט מער ניט זיין קיין איינזאַמער בחור און אַז דו זאָלסט דיר צוקלייבן אַ פֿרוי, ווי עס פּירט זיך ביי לייטן. צי דאָס זאָל זיין פֿון אַמעריקאַנער יידישן אָפּשטאַם, צי אַ יידישע טאָכטער פֿון פּוילן, אַבי אַ יידיש קינד, וואָס זאָל אונדזערע הערצער באַגליקן און דיך ליב האָבן און דיר זיין געטריי דיין גאַנץ לעבן. נאָר ס׳איז שוין צייט, שוין צייט, אַז דו זאָלסט חתונה האָבן און דיינע גאָטזעליקע עלטערן זאָלן קאָנען רוען אומגעשטערט.

„איצט קום איך דיר שרייבן, ליבער ברודער, אַז דו קאָנסט אונדז אָפּגעבן אַ טאָפּלטן מזל־טוב. איך האָב חתונה געהאַט, מיט מזל, אַז מען זאָל נאָר הערן בלויז גוטע בשורות פֿון אַלע אונדזערע אייגענע. עס איז ניט געווען קיין פֿאַראַדנע חתונה. פֿאַרגעס ניט, אַז דיין שוועסטער איז אַן אָרעמע יתומה און זי דאַרף נאָך אַלץ אָנקומען צו די אָנקלס און צו דער פֿאַמיליע נאָך לאַס־קעס. איך האָב מיר געהאַט מיינע אָפּגעשפּאָרטע פּאָר קניפּלעך, פֿון וועלכע די אָנקלס האָבן ניט געוואוסט. אָנקל גוסטאַוו האָט מיר געגעבן נדן. מיין מאַן, זאָל לעבן און געזונט זיין, איז זייער אַ וואוילער און פֿרומער ייד. ער איז אַ קליין־סוחר און ער באַהאַנדלט מיך צימלעך גוט. מיר פֿאַרשטייען זיך און מיר לעבן ווי צוויי טויבן. ער איז אַ פּופֿצן יאָר עלטער פֿון מיר און ער איז שוין פֿריער געווען פֿאַרהייראַט. זיין פֿרוי איז אים געשטאָרבן, פֿאַר קיין יידן געדאַכט, מיט אַ דריי יאָר צוריק. ער האָט מיט איר געלעבט אַ קורצע צייט,

זי האָט געליטן פון אַ האַרץ־קראַנקהייט און זי איז פלוצלינג אַוועקגעפאַלן. אַלע וואָס האָבן זי געקענט האָבן געזאָגט אַז זי איז געווען די פיינסטע פערזאָן. מיין מאַן הייסט זעליק און זיין פאַמיליע נאָמען איז שפינער און ער האָט אַ גוטן נאָמען אין אַלע קרייזן. שרייב אים אָן אַ בריוו און ער וועט דיר זיכער ענטפערן. ער האָט זייער אַ שיינע האַנטשריפט.

„דעם צווייטן מזל טוב קאָן איך דיר אָפּגעבן פון אונדזער ליבער לאָטשיאַן. זי האָט זיך געליבט מיט אַ יונגן מאַן פון איר עלטער, שוין אַ פּאָר יאָר אין דעם. ער איז אין איר אויך געווען שטערבלעך פאַרליבט. לאָטשיא איז אויסגעוואָקסן זייער אַ שיינע און אַ שטאַלטנע און מען קאָן זיך אין איר געזיכט שפיגלען ווי אויף דער זון. דו געדענקסט דאָך ווי זי האָט זיך קיינמאָל פון קיין זאַך צום האַרצן ניט גענומען. אַזוי איז זי געבליבן. זי האָט נאָר אין זיבעצן די אייגענע פיגור און די שיינע פריזור. איר חתונה איז פאָרגעקומען דעם 3טן יולי. איר מאַן הייסט העניעק און ער איז אַ שיינער און קלוגער. ער האָט אַ גרויסע פאַמיליע און זיינע עלטערן האָבן לאָטשיאַן זייער ליב. זי האָט געטראָפן מיט איר אויסוואַל. העניעק איז געווען אַ סטודענט און דער אָנקל גוסטאַוו האָט ניט געוואָלט הערן און געדענקען וועגן אויסגעבן לאָטשיאַן, ביז ער וועט ניט קומען צו קיין תכלית. האָט ער צוליב לאָטשיאַן אויפגעגעבן זיין שטודיום און ער איז אַריין אין זיין פאָטערס געשעפט. זיי פאַרקויפן ווייץ און האָבער און העניעק פירט איצט אָן מיטן געשעפט. אויך לאָטשיא נעמט אָנטייל אין מסחר. זי טויג זיך גוט אויס און מען רעדט וועגן דעם, אַז זי טויג זיך בעסער אויס פון אים.

„דו ווילסט דאָך געוויס וויסן וועגן דער פאַמיליע, קום איך דיר שרייבן פריער וועגן אָנקל מאיר און דער טאַנטע עמאַ. זיי וואוינען נאָך אין שטעטל. זיי האָבן זעקס קינדער. דער אָנקל וויל זיך באַזעצן אין לאָדזש, נאָר די טאַנטע וויל ניט פאַרלאָזן דאָס שטעטל. זי האָט זיך איר מלוכה און קיינער קאָן זי ניט אַראָפּוואַרפן פון איר טראָן. דו געדענקסט זי דאָך, די דייטשקע און דער אָנקל ליגט אונטער אירע פאַנטאָפל. און ער איז דאָך אונדזער עלטסטער אָנקל.

„פון אָנקל גוסטאַוו איז דאָ פיל, פיל צו שרייבן, נאָר וואָס ווינציקער איך וועל דיר איצט שרייבן, אַלץ בעסער וועט דאָס זיין. ער האָט דאָך מיר געגעבן דעם אויסשטייער און מיר מוזן אָנקומען צו אים. איבערהויפּט די יינגערע געשוויסטער. וועגן זיי וועל איך דיר באַלד שרייבן. ווען מיר וועלן אַלע באַפרייט ווערן פון אָנקלס אַפּיעקונסטוואָ, וועל איך דיר אַמאָל אַלץ גענוי באַשרייבן.

„וועגן דיין שוועסטער מלכה וואָלט איך געקאָנט שרייבן אַ פּאַק מיט

בריוו, נאָר, גלויב מיר, ליבער ברודער, אַז צופיל גוטס קאָן איך וועגן איר, ליידער, ניט שרייבן. זי איז אינגאַנצן אַנדערש פון די איבעריקע געשוויסטער. לאָדזש האָט אויף איר ניט גוט געווירקט. דו געדענקסט דאָך אין דיין צייט ווי זי איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון שטעטל און ווי זי האָט זיך קיינמאָל ניט געקאָנט איינלעבן אין לאָדזש. עס האָט איר געצויגן צו דער ציג און צום גרינעם פעלד הינטער די זשעלאָנע גאַס. אַזאַ נאַטור איז זי. זי האָט ניט ליב די גרויסע הייזער מיט די פאַבריקן און איבערהויפּט די לאַנגע קוימענס פון לאָדזש. זי האָט ליב שטילקייט און „קוק מיך אָן און ריר מיך ניט אָן". גייט זי אַרום און שווייגט און האָט טענות צו דער גאַנצער וועלט. זי איז געווען פון די בעסטע סטודענטקעס אין דער האַנדל־שול. זי האָט אויסגע־שטודירט אַלס בוכהאַלטערין און דער אָנקל גוסטאַוו האָט פאַר איר גלייך געקראָגן אַ שטעלע אין אַ קאַנטאָר. ווערט זי דאָרט פאַרטריקנט. זי זיצט איינגעבויגן אַ גאַנצן טאָג איבער די ראַכונקעס און דאָס פּנים איז ביי איר געוואָרן לאַנג און אויסגעצויגן און זי איז בלאַס און פאַרזויערט.

„זעסטו וועגן אונדזער ייִנגסטער שוועסטער אַנדזשיאַ קאָן איך דיר דער־ציילן בלויז גוטס. זי איז די גוטסקייט אַליין. אינגאַנצן געראָטן אין אונדזער גאָטזעליקן פאָטער. שטיל, באַשיידן, מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויף די ליפּן, און אויגן האָט זי מילדע ווי ביי אַ טייבעלע. גייט אין דער שקאָלע און לערנט זיך אויסגעצייכנט. מען הערט פון איר קיינמאָל ניט קיין קרום וואָרט אויף קיינעם. זי, נעבעך, האָט מער ווי מיר אַלע געליטן דערפון וואָס זי איז גע־בליבן אַ קליינטשיקע יתומה אין דעם פריסטן עלטער און זי קאָן אַפילו ניט איר אייניציקן ברודער. דיינע בריוו האַלט זי זייער טייער און ווען מען פרעגט זי צי זי וויל פאָרן צו מאַטעקן, זאָגט זי, אַז ווען אַלע וועלן פאָרן וועט זי אויך פאָרן.

„איך האָב דיר אַלץ שוין אַרויסגעשריבן, פיל־געליבטער ברודער מיינער. נאָר אַ וואָרטל זאָגט: וואָס ווייטער פון אויג, אַלץ ווייטער פון האַרצן. יאָרן גייען אַוועק און מיר זעען זיך ניט און דו פעלסט אונדז אויס ווי אַ טאַטע, ווי אַ מאַמע. ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל טרעפן, איצט, ווען מיר האָבן ג'צ'ד געהייראַט און מיר וואַרצלען זיך איין מער. לאָמיר האָפן צו הערן די גוטע בשורה פון דיר. אפשר וועט סאַלטשע זיין דיין באַשערטע? אויב דו קאָנסט ניט קריגן קיין בעסערס וואָלט איך דיר געראַטן, אַז דו זאָלסט זיך פאַרטראַכטן וועגן סאַלטשען.

דיין פיל געפּלאָגטע שוועסטער וואָס וויל הערן בלויז גוטס פון דיר, גוטשיאַ".

לאָטשיא האָט קיין לאַנגע בריוו קיינמאָל ניט געשריבן און אויך דאָס־

מאָל, ווען זי האָט געענטפערט אויף מאַטעקס און סאַלטשעס צוזאַמענדיקן בריוו, איז עס געווען קורץ, נאָר אינגאַנצן אַנדערש פון גוטשיאַס שרייבן.

איר בריוו האָט זיך געלייענט אַזוי:

„עס האָט מיך געפרייט צו דערהאַלטן פון דיר און פון סאַלטשען בריוו אין איין קאָנווערט. איך בעט דיך גיב איבער מיין חברטע גאָלדען אַ מזל־טוב. דו ווייסט שוין מסתּם, אַז גוטשיאַן און מיר קומט אַ מזל־טוב. איך וועל וועגן דעם ניט שרייבן. איך פאַרלאָז זיך אויף גוטשיאַן, אַז זי האָט דיר שוין אַלץ אויסדערציילט. גוטשיאַס מאַן איז פיל עלטער פון איר און ער איז שוין פריער געווען פאַרהייראַט, נאָר וואָס קאָן מען מאַכן? מיין מאַן הייסט העניעק און מיר האָבן זיך זייער ליב. מיין מאַן וואָלט וועלן קומען נאָך אַמעריקע. ער איז אַ טיכטיקער געשעפטסמאַן און אַמעריקע, זאָגט ער, איז דאָס לאַנד פון געשעפט. נאָר ס'איז נאָך צו פרי צו רעדן וועגן דעם.

„איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט חתונה האָבן מיט גאָלדען. איך בין גע־ווען זיכער אין דעם. דו האָסט אַמאָל ניט פיינט געהאַט סאַלטשען, נאָר צייטן בייטן זיך דאָך. איצט ווען גוטשיאַ און איך זיינען פאַרהייראַט, דאַרפסטו זיך צואיילן און אונדז איבעריאָגן.

„די טאַנטע רעגינטשאַ רעדט שטענדיק וועגן דיר. זי זאָגט, אַז דו דאַרפסט צוריקקומען און זיך איינאָרדענען אין לאָדזש. וועגן די אָנקלס איז ניטאָ וואָס צו שרייבן. עס גייט זיי אַלעמען צימלעך גוט און דו דאַרפסט זיך וועגן זיי ניט זאָרגן.

„מיין מאַן שיקט דיר די בעסטע וואונטשן אומבאַקאַנט. דיין שוועסטער, לאָטשיאַ".

סאַלטשע האָט דערוואַרט אַן ענטפער אויף איר בריוו צו גוטשיאַן און לאָטשיאַן, נאָר זי האָט זיך ניט דערוואַרט. זי האָט זיך גענומען צום האַרצן דערפון. אויך מאַטעקן האָט עס פאַרדראָסן.

האָט מאַטעק זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן. ער האָט, אויף סאַלטשעס פאָרשלאַג, געשיקט צו 25 דאָלאַר פאַר ביידע שוועסטער, חתונה־פּרעזענטן. און אַ קורץ בריוול האָט ער צו זיי געשיקט כמעט מיטן זעלבן נוסח, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט זיין פריידי מיט זייער הייראַט. און אַזוי ווי פאַרביי־גייענדיק האָט ער צוגעגעבן, אַז „אַזוי ווי איך האָב ניט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק פון אייך ביידן, האָב איך אויך חתונה געהאַט מיט סאַלטשען, וואָס איך האָב ליב געהאַט אַלע יאָרן זינט איך בין אַ קינד געווען".

ער האָט געוואוסט, אַז זיין קורץ בריוול וועט אַרויסרופן אַ גערודער אין לאָדזש.

און טאַקע גאָר אינגיכן איז אים אָנגעקומען אַ פיר זייטיקער בלוי־ליניר־טער

בריוו פון דער גאַנצע משפחה. ער האָט גלייך דערקענט, אַז דאָס שרייבן די אָנקלס.

אָנגעהויבן דעם בריוו האָט, מיט אַ לשון קודשדיקער ווינטשעוואַניע וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען, דער אָנקל מאיר פון שטעטל. ער איז גראָד געווען אין לאָדזש, ווען די גוטע נייעס איז אָנגעקומען און „ביי דיזער זעלטענער געלעגנהייט וועל איך דיר אַ פּאָר ווערטער שרייבן" און פאַרענדיקט מיט „מזל־טוב, מזל־טוב, מזל־טוב".

דאַן האָט דער אָנקל גוסטאַוו געשריבן אין דייטש. מסתם ווייסט מאַטעק וואָס ער טוט. ער איז דאָך שטענדיק געווען זעלבסטשטענדיק און ניט געפאָלגט קיינעם, זאָל עס אים זיין צום גליק און צו פרוידע.

דער אָנקל מענדל האָט געשריבן אויף יידיש און מער ווי דריי שורות האָט ער, ווייזט אויס, ניט געקאָנט פון זיך אַרויסקוועטשן . . . „הייראַט פאַרפליכטעט און ווען עס איז באַשערט איז דאָס צוואַר איין ברוכע פון ליבן גאָט. בעסטע ווינטשע".

דאָס איבעריקע זייטל און אַ האַלב האָט פאַרנומען די טאַנטע רעגינטשאַ. זי האָט געשריבן אויף פּויליש און איר בריוו איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר איר. ער האָט זיך געלייענט אַזוי:

„קאָכאַני מאַטוש — איך האָב ענדלעך דערלעבט די צייט ווען איך זאָל דיר קאָנען ווינטשן אַ מזל־טוב. דאָס איז לעצטנס אין דער מאָדע ביי אונדז אין לאָדזש. בלויז דיין טאַנטע רעגינטשאַ איז געבליבן אַלטמאָדיש. זי האָלט ניט פון די נאַרישקייטן. זי זעט ווי דייַנע אָנקלס האָבן זיך פאַרשלייערט, אַז עס איז זיי ביט צו דערקענען. און מיר דוכט זיך, אַז מיין ליבסטער ברודער אין אַמעריקע, דער אָנקל וועלוול־ווילי איז אויך ניט צו גליקלעך מיט זיין אויסדערוויילטער. איך בין צופרידן צו זיין וואָס איך בין. מיין פרייהייט איז ביי מיר טייערער ווי אַלץ.

„דו האָסט אונדז שטאַרק איבערראַשט מיט דיין אויסוואַל. ווי איך געדענק די פּאַננאַ סאַלטשאַ איז זי געווען ניט קיין מיאוס פּרוויענצימער, דאָס הייסט, ביי אייך מענער איז זי געוויס פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ שיינער, נאָר ווי איך ווייס, האָט זי געוואוינט אויף באַלוט און זי איז געווען אייבע פון דאָרט, און באַלוט, מיין טייערער מאַטוש, לייגט אַרויף אַן אייביקן שטעמפּל אויף אַ פּערזאָן . . . פרעג איך דיך און זיי מיט מיר אָפנהאַרציק: האָסטו געדאַרפט פאָרן קיין אַמעריקע און זיך אָנפּלאָגן דאָרט אַ היבש ביסל יאָרן כדי צו זוכן און געפינען דיין גליק — אין באַלוט?

„וועסטו מסתם זאָגן, אַז די טאַנטע רעגינטשאַ איז אַ מאָדנער מענטש. ווייסטו דאָך אַז איך בין שטענדיק געווען אַנדערש און אַזוי וועל איך בלייבן.

איך קאָן ניט קוקן אויף דיינע אָנקלס אויסגעכאַליעטע ווייבער. און איך פיל מיטלייד מיט דיין שוועסטערס גוטשיאַס אויסוואַל. נו, לאַטשיאַ האָט כאַטש אויסגעקליבן אַ יונגנמאַן פון איר גלייכן. ווי לאַנג דאָס וועט אָנהאַלטן, וועלן מיר זען. דיין טאַנטע רעגינטשאַ גלויבט ניט אין ליבע. ס'איז אַלץ ווערט אַ שמעק טאַבעק, ווי מען זאָגט ביי אונדז אין לאָדזש.

„זיי געזונט, מיין ליבער מאַטוש און ווער נישט אַנטוישט אין דיין סאַל־טשען. אויב עס וועט דיר ווערן אומעטיק אַמאָל אויף דער נשמה, דערמאָן זיך אין דיין טאַנטע רעגינטשאַ און רעד זיך פאַר איר אויס דאָס האַרץ, ווי דו האָסט עס אַמאָל געטאָן ווען דו ביסט געווען גאָר קליין. איך קוש דיך. דיין ניכטערע טאַנטע, רעגינטשאַ”.

מאַטעק האָט אַלע בריוו געלייענט מיט סאַלטשען צוזאַמען. זי האָט דאָך אַזוי גוט געקענט יעדן אָנקל זיינעם, אפשר בעסער ווי ער האָט זיי אַליין געקענט. עס האָט אים ווייי געטאָן ווי זיי האָבן געשריבן וועגן איר. נאָר ער האָט קיין בעסערס פון זיי ניט דערוואַרט און ער האָט געוואוסט, אַז איר אַרט עס אויך ניט.

— מאַטעק, זיי האָבן זיך ניט געריכט אויף אַזאַ חתונה, האַ? האָסט זיי אָפּגעטאָן אויף טערקיש. איך מיין טאַקע דיינע שוועסטער אויך. פאַרשוואַרצט דעם יחוס זייערן.

— סאַלטשע, מיר האָבן זיך דאָך נאָך פאַרשטאַנען, ווען מיר זיינען געווען ניט מער ווי קינדער, געדענקסט? אַזוי איז די וועלט, אונדזערע איב־טערעסן זיינען גאָר אַנדערע . . .

סאַלטשע האָט אים אונטערבראָכן און געזאָגט:

— אַז גאָלדע האָט דיך ניט געקאָנט פאַרשטיין און סימפּאַטיזירן מיט דיר, וואָס האָסטו צו דיינע שוועסטער און צו די אָנקלס און צו דער טאַנטע?

דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, וואָס סאַלטשע האָט דערמאָנט גאָלדען אין דער היינזיכט. מאַטעקן האָט עס אַביסל שאָקירט.

סאַלטשע האָט זיך געפילט געטראָפן פון די בריוו וואָס מאַטעק האָט פאַר איר געהאַט פאַרגעלייענט. ניט די בריוו האָבן איר געאַרט, נאָר דאָס וואָס זי האָט ניט קיין אייגענע מיט וועמען זיך דורכצושרייבן. זי האָט אין אַ געוויסן זין מקנא געווען מאַטעקן וואָס ער האָט אַ גרויסע משפחה, מעג עס אפילו זיין אַ משפחה פרעמד צו זיין גייסט. זי האָט קיינעם ניט געהאַט, ניט אין אַמעריקע און אפילו אין אייראָפּע איז איר קיינער ניט געבליבן.

זי איז אַמאָל געזעסן מיט מאַטעקן און זיך פאַר אים אויסגערעדט דאָס האַרץ.

— אָט גרייט איך זיך אויף דער גרויסער געשעעניש. איך טראַכט ניט

איינמאָל נאָך ווען מען גיט מען אַ נאָמען דאָס קינד. עס ווילט זיך דאָך אַ
נאָמען געבן נאָך עמיצן וואָס איז דיר טייער, — האָט זי זיך פאַר אים פאַר־
טרויט, — מיינע עלטערן זיינען טויט, נאָר גלויב מיר, אַז זיי זיינען מיר
געווען אַזוי פרעמד און אַזוי מיאוס האָבן זיי מיך באַהאַנדלט און מיינע דערי־
נערונגען וועגן זיי זיינען אַזעלכע טרויעריקע און אפילו אָפשטויסנדיקע, אַז
וואָס ווייניקער איך דערמאָן זיך אין זיי, אַלץ געזינטער איז עס פאַר מיר.
ס'איז אַ שאַנד אַזוי צו פילן, מאָטעק טייערער, נאָר דאָס איז דער אמת . . .
נאָך ערגער איז געווען מיט מיינע פעטערס און מומעס. מען האָט זיך איינע
די אַנדערע פיינט געהאַט. און שולדיק אין דעם איז געווען די אויסערגע־
וויינלעכע נויט אין וועלכער עס איז זיי אויסגעקומען צו לעבן. מען האָט זיך
געריסן פאַרן טרוקענעם שטיקל ברויט. מען האָט זיך ניט פאַרגונען דאָס
לעבן. מען איז זיך געווען דם שונאים. פאַרוואָס? פאַרוואָס? מען האָט
אַליין ניט געוואוסט. נאָר אַלץ וואָס איך האָב געהערט פון קינדווייז אָן איז
געווען קללות קעגן די אייגענע. אפילו מיינע באָבעס און זיידעס האָב איך
ניט געקענט. זיי זיינען געווען אין אַן אַנדער שטעטל און מיינע עלטערן איז
קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו שיקן אונדז אין שטעטל און באַקענען זיך מיט
זיי. און ווי דו ווייסט האָב איך דאָך פאַרלאָזן מיין היים אין עלטער פון צוועלף
יאָר. ווען מיינע טאַטע־מאַמע זיינען געקומען צו מיר אין לאָדזש זיינען זיי
שוין געווען אָפגעלעבט, צעבראָכענע שאַרבנס און עס איז שוין ניט געווען
צו וועמען צו רעדן. זיי האָבן קינדער געבראַכט אויף דער וועלט און מיינע
צוויי ברידער האָבן מיך פיינט געהאַט און צווישן אונדז איז קיין גוט לעבן
קיינמאָל ניט געווען און וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען, ווייסט מען ניט.
מען דענקט, אַז זיי זיינען אומגעקומען אין דער מלחמה . . . ווען איך טראַכט
צו וועמען צו שרייבן אַ בריוו אין לאָדזש, האָב איך ניט צו וועמען. אַ פאָר
נאָענטע חברים און חברטעס זיצן נאָך אין טורמע, אויב זיי זיינען נאָך בכלל
געבליבן ביים לעבן. אַנדערע האָבן אונדז פאַרראַטן, וויל איך מיט זיי ניט
האָבן צו טאָן. בלייבן דיינע שוועסטער. זעסטו דאָך . . .

מאָטעק האָט מיטגעפילט מיט איר. זי איז געווען אַזאַ גוטמוטיקע, גוט־
האַרציקע און גאַנצע נשמה און דאָך איז זי געבליבן אָן פריינט. וועמענס
שולד איז דאָס געווען? זיכער ניט איר שולד. זינט ער האָט זי געקענט, האָט
זי דאָך געבענקט נאָך ליבע, נאָך פאַמיליע, נאָך פריינטשאַפט. ער האָט גע־
וואוסט, אַז ווען דאָס קינד וועט געבאָרן ווערן, וועט זי דעם קינד אָפגעבן
אַלץ וואָס האָט זיך אין איר אָנגעקליבן פון אַלע יאָרן. איר גאַנצע גוטסקייט,
וואָס זי האָט אָנגעזאַמלט און ניט געהאַט וועמען דאָס איבערצוגעבן; איר
איבערפלייצנדיקע ליבע, וואָס זי שפרייט אויס איבער אים, און מיט וועלכער

ער קאָן זיך ניט אָנזעטיקן געגוג.

— סאַלטשע, — האָט ער זיך אָנגערופן צו איר, — מיר הויבן דאָ אָן אַ נײַ לעבן, אין אַ נײַ לאַנד. מיר זײַנען ניט בלויז צוגעפּאַסט אײנער צום צווייטן, נאָר מיר זײַנען אַזוי שטאַרק צוגעפּאַסט פאַרן נײַעם לאַנד. מיר הויבן אָן בויען אַ היים פאַר זיך און שאַפן פרײַנט, אמתע פרײַנט, וואָס וועלן טיילן אונדזערע פרײדן און גײן האַנט אין האַנט מיט אונדז פאַר אונדזערע אידעאַלן. אַמעריקע נויטיקט זיך אין אונדז ווי מיר נויטיקן זיך אין איר. ווען דו וועסט לייענען די געשיכטע פון לאַנד, ווי מיר פאַרשטייען געשיכטע, די געשיכטע פון די מאַסן און זייער קאַמף פאַר פּראָגרעס און אַ בעסער לעבן פאַרן פּשוטן מענטשן — וועסטו אויסגעפינען, אַז דאָס זײַנען געווען אַזעלכע מענטשן ווי מיר אימיגראַנטן וואָס זײַנען אַהער געקומען, אַנטלויפנדיק פון טיראַנען און אונטערדריקער, וואָס האָבן געבויט דאָ דאָס לאַנד, וואָס האָבן געהאָלפן מיט זייער שווייס און בלוט, דורכצופירן בעסערע געזעצן, מענטשלעכערע לעבנס־באַדינגונגען פאַר דער מערהייט פון די אײַנוואוינער . . . איך ווייס, אַז דו ווילסט אין איצטיקן מאָמענט ניט הערן וועגן קאַמפן און פּאָליטישע פאַר־פאָלגונגען וואָס קומען פאַר בײַ אונדז אין לאַנד. דו האָסט זיך גענוג אָנגע־פּלאָגט און ווילסט זיך אָפּרוען, כּדי דאָס קינד זאָל געבאָרן ווערן אַ געזונטס און דו אַליין זאָלסט האָבן כּוח צו דערציִען עס. איך בין מיט דיר אײנשטימיק. איך אַליין בין צופיל פאַרנומען מיט דיר, איך פריי זיך צופיל מיט דיר, אַז איך זאָל אינזינען האָבן די געזעלשאַפט אַרום. נאָר איך פיל זיך שולדיק פאַר אָט דער געזעלשאַפט מחמת איך ווייס, אַז איך בין דאָך אַ טייל פון איר און אויב איך וועל ניט צולייגן אַ האַנט, וועל איך דאָס סוף כּל סוף אויסקרענקען. מײַן קינד וועט דאָך אַמאָל לײַדן פאַר מײַן גלײַכגילטיקייט. קאַפּיטאַליזם שאַפט מלחמות. וויפל האָט געפעלט, אַז דו זאָלסט אומקומען און וויפל האָט גע־פעלט, אַז מײַן נומער זאָל אַרויסגעצויגן ווערן און איך זאָל אומקומען אויף די פעלדער פון פראַנקרײַך. איז דאָס דאָך גאָלדעס ברודער שימעק געווען אַ קרבן פון דער צײַט; איז ער דאָך באַגאַנגען זעלבסטמאָרד צוליבן אַנטי־סעמיטיזם פון וועלכן עס קומט אונדז אויס צו לײַדן, און צוליב דער מלחמה שרעק.

ענדלעך איז אָנגעקומען אַ בריוו פון די שוועסטער וועגן מאָטעקס חתונה. דאָס מאָל האָבן אַלע פיר שוועסטער געענטפערט באַזונדער, נאָר געשיקט איז אַלץ געוואָרן אין אײן קאָנווערט, מיטן אַדרעס אויף צוריק צו גוטשיאַן. גו־טשיאַ און לאָטשיא האָבן געשריבן ייִדיש, מלכּה אויף דײַטש און אנדזשיא אויף פּויליש.

ווי שנעל האָט זיך דער טאָן געביטן וועגן סאַלטשען! ווי האַרציק זײַנען

די באַציאונגען מיטאַמאָל געוואָרן צו איר!

יעדע שוועסטער האָט פאַרנומען אַ בויגעלע פּאַפּיר און אויף יעדן בויגעלע איז געווען געשריבן באַזונדער צו מאָטעקן און באַזונדער צו סאַלטשען. פון יעדן בריוו האָט מען געקאָנט אַרויסלייענען דעם כאַראַקטער פון דעם שרייבער.

גוטשיאַ צו מאָטעקן:

„מיין ליבהאַרציקער מאָטעק:

„דיינע קאַרגע פּאָר ווערטער וועגן דער פריידיקער נייעס פון דיין הייראַט מיט דער ליבער סאַלטשע האָט אונדז אַלעמען איבערראַשט און דערפרייט. עס איז געווען אַזוי אומגעריכט, נאָר מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז עס וועט זיך אַזוי אויסלאָזן. און איך בין גליקלעך וואָס דו האָסט דיר אויסגעקליבן דיין באַשערטע, וואָס קען דיך אַזוי גוט און וואָס ווייס פון וואָס פאַר אַ פיינער היים דו קומסט אַרויס. זאָל דער ליבער גאָט אייך ביידן צושיקן בלויז גליק און איר זאָלט זיך עלטערן אין פריידן. סאַלטשע האָט זיך געצויגן אַנגעליטן אין איר יונג לעבן, און זי פאַרדינט זיך כשר אַ בעסערע מערכה. זאָל דער טישטוך וואָס איך האָב דיר געשיקט מיט איר פאַר דיין צוקונפטיקער כלה, איצט זיין מיין דרשה-געשאַנק פאַר אייך ביידן".

און גוטשיאַס בריוו צו סאַלטשען:

„מיין טייערסטער פריינט פון די קינדער-יאָרן און מיין ליבסטע שוועגערין, זאָלסט לעבן און זיין געזונט מיט דיין מאַן אינאיינעם, אַז מען זאָל נאָר וויסן גוטס איינער פון אַנדערן.

„ווי עס ווייזט אויס האָט דער ליבער גאָט באַשטימט דעם וועג און דיך צוזאַמענגעבראַכט מיט מיין איינציקן ברודער אין איין הייראַטס-בונד. דו האָסט אים אַריינגענומען אַלס קינד אין „קליינעם בונד" און דער ליבער גאָט האָט דיך מיט אים פאַראייניקט אין אייביקן בונד . . . איך דאַרף דיר, מיין טייערע שוועגערין, ביט דערציילן ווער מאָטעק איז און איך דאַרף פאַר דיר נישט אויספיינען זיך מיט מיין פאַמיליע. דו האָסט אונדזערע גאָטזעליקע עלטערן זייער גוט געקענט. אין זייער זכות ווינטש איך דיר, אַז דו זאָלסט האָבן פיל גליק און פריידן און עס זאָל שטענדיק זיין ביי אייך שלום בית. דו ווייסט ווי אויסצוקומען מיט מאָטעקן און ער האָט זיך שטענדיק צוגעהערט צו דיינע רייד און אַ פרווי דאַרף פאָלגן דעם מאַן, האָבן אונדזערע הייליקע ספרים שטענדיק געזאָגט. זאָ, זאָל זיין מיט מזל ברכה און איך וועל דיר ענטפערן אויף דיין שרייבן. איך קוש דיך און נעם דיך אַרום, מיין טייערע סאַלטשע. דיין גוטשיאַ".

לאָטשיא האָט זיך תמיד אויסגעצייכנט מיט אירע קורצע בריוו. אויך

דאָס מאָל איז זי ניט געווען קיין אויסנאַם. זי האָט געשריבן צו מאַטעקן:

„איך דאַנק דיר האַרציק פאַר דיין חתונה געשאַנק. איך וועל דאָס אַוועק־לייגן ווען די גוטע שעה וועט קומען און איך וועל גיין צו קינד . . . די נייעס פון דיין הייראַט מיט סאַלטשען האָט אונדז אַלעמען פיל איבערראַשט. דו האָסט עס געטאָן קורץ און שנעל. עס ליגט אין דיין כאַראַקטער צו באַ־שטימען זאַכן פלוצלינג. זאָל עס דיר זיין מיט גליק. איך שטריק פאַר אייך ביידן עפּעס און איך וועל עס אייך צושיקן ווען עס וועט פאַרטיק ווערן. מיין מאַן און איך ווינטשן דיר פיל גליק און נחת צו דיין הייראַט מיט סאַלטשען. דיין דיך ליבנדיקע לאָטשיא".

און צו סאַלטשען האָט זי געשריבן:

„הויך געשעצטע און נאָענטע סאַלטשאַ:

„מיר האָבן זיך אַלע דערפרייט ווען מיר האָבן דערהאַלטן די גוטע נייעס, אַז אונדזער ברודער מאַטעק האָט חתונה געהאַט מיט אונדזער אַלטן גוטן פריינט סאַלטשע. אַלטע פריינטשאַפט ראָסטעט ניט און זי ווערט אָפט באַ־נייט און זי ווערט פאַרוואַנדעלט אין משפחהשאַפט. איך ווינטש דיר פיל גליק און אַ פריידלעך לעבן מיט מיין ברודער מאַטעק, וואָס האָט פון שטענדיק אַן דיך ליב געהאַט און ווי עס ווייזט אויס געוואַרט ביז דאָס מזל וועט אייך צו־נויפפירן. מיין הערציק גריסט דיך האַרציק.

דיין שוועגערין, לאָטשיא".

ווען דער שוועסטער מלכה האָט מאַטעק מערסטנס געהערט פון גוטשיאַן, וואָס האָט אים ווען איר געשריבן טרויעריקע גרוסן. מלכה אַליין האָט אים קיינמאָל קיין פולן בריוו נישט געשריבן, נאָר זי האָט בלויז צוגעשריבן אַ גרוס. דאָס מאָל האָט מלכה געשיקט אַ גרעסערן בריוו אי צו מאַטעקן, אי צו סאַלטשען.

דער בריוו צו מאַטעקן:

„מיין ליבער ברודער מאַטעק: איך האָב דיר שוין פיל מאָל געוואָלט שרייבן בריוו און ניט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוהויבן. ווען דו ביסט אַוועק פון לאָדזש בין איך נאָך געווען קליין און ווען איך בין געוואָרן גרויס האָט זיך דער קריג אַריינגעמישט און מיר זיינען אַלע אַנטשוויגן געוואָרן. ווייס איך ניט, צי דו וועסט מיך דערקענען און איך גלויב אָבער אַז דו וועסט מיך גע־דענקען צום גוטן.

„צוזאַמען מיט די איבעריקע שוועסטער טייל איך די פרייד מיט דיין הייראַט. איך געדענק סאַלטשען גוט, נאָר איך האָב ניט געהאַט קיין געלעגנ־הייט צו פאַרברענגען מיט איר איידער זי האָט פאַרלאָזן לאָדזש. די צייט איז געווען אַן אומנאָרמאַלע. זי מוז זיין זייער אַן ערנהאַפטע פערזאָן אויב

דו האָסט זי אויסגעקליבן פאַר דיין לעבנס באַגלייטער.

„ביי דער געלעגנהייט וויל איך דיר שרייבן אַ פּאָר ווערטער וועגן זיך. איך בין באַשעפטיקט אַלס בוכהאַלטערין אין אַ געשעפט קאַנטאָר און איך בין זעלבסטשטענדיק, נאָר ווי אַלע שוועסטער זיינען מיר אָנגעוויזן אויף דער פאַמיליע. מיין לעבן איז היבשלעך איינטאָניק. דער קריג האָט גע־ווירקט אויף מיין געמיט און איך קאָן זיך ניט באַפרייען פון דעם געפיל, אַז איך זע ניט קיין צוקונפט פאַר אונדז אין פוילן. איך טראַכט ניט איינמאָל וועגן אַמעריקע, וועגן זיין מיט דיר. נאָר עס איז אוממעגלעך זיך איבערצו־וואַרצלען און מיין איינזאַמקייט וועט ווערן גרעסער אין אַ פרעמד לאַנד.

„איך קוש דיך האַרציק און ווינטש דיר אַלדאָס גוטס און שרייב צו מיר אויב דו פילסט ווי צו שרייבן צו מיר. דיין שוועסטער, מלכה.״

און צו סאַלטשען האָט זי געשריבן אַזוי:

„זייער געאַכטעטע און ליבע שוועגערין סאַלטשע: עס איז ביי אונדז געווען אַ יום־טוב טאָג ווען מיר האָבן דערהאַלטן מאַטעקס בריוו. מיר פרייען זיך וואָס ער האָט געהייראַט און איך בין אויסערסט צופרידן וואָס דו ביסט זיין באַשערטע. איך געדענק דיך פון מיין עלטערנס הויז און דו האָסט אימער געלאָזט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַן אויפריכטיקער און ליבער פּערזאָן. צו האָבן דיך פאַר מיין שוועגערין איז האָבן אַן אמתן גוטן פריינט, וועלכן איך וועל שעצן און טייער האַלטן. איך קוש דיך און דריק דיין האַנט. דיין מלכה״.

און די קליינע אַנדזשיא, וואָס איז געווען אַזוי ענלעך צו איר פאָטער, די איינציקע פון אַלע קינדער וואָס האָט געהאַט זיין אָנבליק, האָט אַרויס־געוויזן אַ חוש פאַר הומאָר אין איר שרייבן.

צו מאַטעקן האָט זי געשריבן אַזוי:

„דאָס שרייבט צו דיר די קלענסטע פון דער פאַמיליע. איך האָב איין ברודער און וועגן אים רעדט מען ביי אונדז מער ווי וועגן די פיר שוועסטער. דו מוזט ווירקלעך זיין אַן אינטערעסאַנטער מענטש, נאָר דו ביסט אַזוי ווייט פון אונדז און דו האָסט שוין געוויס פאַרגעסן די פוילישע שפּראַך און קיין ענגליש קאָן איך נאָך ניט. איך פריי זיך וואָס דו האָסט געהייראַט, וואָס דאָס מיינט, אַז דו ביסט געוואָרן פריי פון דער קללה, וואָס מען רופט „אַן אַלטער בחור״. איך פאַרהאָף, אַז דו וועסט קומען אונדז באַזוכן אין דיין האָניק־חודש. איך נעם דיך אַרום און קוש דיך האַרציק. דיין אַנדזשיא״.

און צו סאַלטשען:

„טייערע סאַלטשע: עס איז גוט צו שרייבן צו אַ שוועגערין וועלכע מען קאָן שוין פון פיל יאָר און וועלכע מען קאָן אויך אָנרופן פריינט. איך שטעל

זיך פאַר אַז דו בענקסט ניט נאָך לאָדזש, נאָר מיר בענקען נאָך אונדזער ברודער און אַזוי ווי דו האָסט אויף אים דעם גרעסטן איינפלוס, וויל איך צו דיר אָנקומען נאָך אַ טובה, אַז מיין ברודער זאָל זיך ניט האַלטן פרעמד פון אונדז און זאָל אָפּט שרייבן צו אונדז און רעד אים אויך איבער, אַז ער זאָל אונדז אָפּשטאַטן אַ וויזיט, אַזוי אַז איך זאָל האָבן אַ מעגלעכקייט אויסצוגע־פינען, צי איז ער טאַקע אַזוי שיין און אינטערעסאַנט ווי מען מאָלט אים אויס. איך דאַנק דיר. אַנדזשיא״.

סאַלטשע איז געווען פריידיק איבערראַשט פון דעם פעקל בריוו און פון דער געענדערטער באַציאונג. זי האָט אויסהערנדיק די בריוו קיין סך ניט גע־קאָנט רעדן און מאַטעק האָט זי ניט געוואָלט באַלעסטיקן מיט איר מיינונג וועגן זיי. זי האָט בלויז געזאָגט: „ס'איז פיין פון זיי, מען וועט דאַרפן אַלעמען ענטפערן״.

ביי זיך האָט ער געטראַכט, אַז זי מוז דורכגיין גאָר פיל דעריבערונגען, דערמאָנענדיק זיך וועגן זיינע שוועסטער, וואָס האָבן זיך פון איר אָפּגעווייטערט נאָך זיין פאַרלאָזן לאָדזש. זי איז דאָך געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ פול האַרץ אויף זיי. און זי האָט געהאַט גוטע אורזאַכן צו זיין אין כעס. און מיטאַמאָל די ענדערונג. זיכער זיינען זיי געווען אויפריכטיק אין זייער שרייבן, נאָר סאַלטשע האָט געמעגט האָבן אירע צווייפלען און ער וועט פאַר־שטיין איר שווייגן אין איצטיקן מאָמענט.

עס זיינען אַוועק טעג און סאַלטשע האָט וועגן די בריוו קיין וואָרט ניט דערמאָנט. מאַטעק האָט אויך געשוויגן. ער האָט אָבער געפילט, אַז די איינ־זאַמקייט אויף וועלכער סאַלטשע האָט זיך מיט אַ צייט פריער באַקלאָגט, די איינזאַמקייט וועגן איר משפחהלאָזיקייט, האָט איצט גענומען פאַרשווינדן. זי האָט פיר שוועגערינס און מאַטעקס משפחה ווייסט, אַז זיין ליבע צו איר איז אַ ווירקלעכע און אַז זיי האָבן אַלע געביטן זייער באַציאונג צו איר און אַז זיי וועלן זי באַהאַנדלען אַזוי ווי זיי באַהאַנדלען אים. און אַז זי וועט האָבן אַ קינד, וועט דאָס זיין ביי זיי אַ פרייד.

זי איז געווען די ערשטע אים צו דערמאָנען אין אַ פאָר וואָכן אַרום, אַז מען דאַרף שרייבן אַהיים.

— לאָמיר זיך אַוועקזעצן אָנשרייבן אַ פאָר בריוו אַהיים, מאַטעק.

זיין פנים האָט אויפגעלויכטן.

— זיי וועלן באַלד דערפילן, אַז דאָס איז דיין גוטער איינפלוס, — האָט ער געענטפערט און האָט איר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ.

— זאָל זיין אַזוי, — האָט זי אַ שמייכל געטאָן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

## קאַפּיטל זיבן

# דריי אין איינס

.1

סאַלטשע איז שוין געווען אין אַכטן חודש. זי האָט קיין אַרבעט נישט געטאָן, זיך געלאַנגווייליקט און געליטן פון אומרואיקייט אין דער זעלבער צייט. זי האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען און דאָך האָט זי געפילט ווי אַלץ אַרום איר איז אָפּגעהיט און פּאַרזיכטיק. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז מענטשן שאַנעווען זי און אַז מאָטעק באַהאַנדלט זי ווי זי וואָלט געווען אַ צעבאַלעוועט קינד. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי זיך געפילט ווי אַ קינד און דעם ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי דער־פילט איר וויכטיקייט און זיך געוואָלט צעבאַלעווען און פּיעשטשען.

ווען מאָטעק איז אַהיים געקומען האָט ער איר געקוקט אין די אויגן אַריין און געציטערט איבער איר יעדן ריר, איבער יעדער גרימאַסע אויף איר פּנים.

— סאַלטשע, ווי איז דיר היינט געגאַנגען?

— נישקשה, מאָטעק.

— וואָס מיינסטו מיטן „נישקשה“?

— די פּאַרשטייסט דאָך, מאָטעק, אַז איך בין שוין אומגעדולדיק. גע־דענקסט דאָך ווי אין דריטן חודש בין איך שוין געוואָרן אומגעדולדיק און זיך ניט געקאָנט פּאַרשטעלן ווי איך וועל קאָנען דערוואַרטן ביזן זעקסטן חודש. און אָט איז שוין „אָט־אָט“ און איך בין פּונקט אַזוי אומגעדולדיק ווי איך בין געווען אין דריטן חודש. דו, מאָטעק, וועסט עס קיינמאָל ניט פּאַרשטיין.

— מוחל, מוחל. נאָך דאָס פעלט מיר — צו זיין אַ יידענע.

— טיילמאָל וואָלט איך זיך וועלן מיט דיר בייטן, נאָר איך האָב דאָס געפיל, אַז ווען איך וועל האַלטן דאָס קליינע מאָטעקל אין מיינע אָרעמס, וועסטו מיך מקנא זיין.

— פונוואַנען ווייסטו, אַז עס וועט זיין אַ יינגל?

— עס מוז זיין אַ יינגל.

— און טאָמער ניט?

— וועלן מיר עס אַ נאָמען געבן טייבל, נאָך דיין מוטער, אַ יאָ, מאַטעק?
מאַטעקן האָט עס אַ זעץ געטאָן אין די שלייפן. נאָך זיין מוטער טייבל... ווען די מאַמע וואָלט איצט געלעבט... זי וואָלט זיכער געווען מיט אים אין אַמעריקע און ווי גליקלעך זי וואָלט דאָס געווען. ווי זי האָט דאָס גע־האַלטן פון סאַלטשען...

— און טאָמער וועט עס זיין אַ ייִנגל, ווי וועט ער הייסן, סאַלטשע?

— זעסטו, וועגן דעם האָב איך ניט געטראַכט. ביי מיר הייסט ער שוין לאַנג מאַטעקל.

— ביי די אַמעריקאַנער איז אָנגענומען צו רופן אַ קינד נאָכן טאַטן. מען גיט בלויז צו דעם „דזשוניאָר", דער יינגערער, הייסט עס, מאַטעק דער יינגערער. איך וועל זיין דער עלטערער. ניין, לאָמיר זיך פירן ווי יידן פירן זיך.

איז מען געזעסן אַן אָוונט צייט און געטראַכט וועגן אַ נאָמען פאַרן ייִנגל... מען האָט געזוכט נעמען ביי די נביאים. ישעיה, עמוס, יחזקאל, שמואל. מען איז אַריבער צו קאַרל מאַרקס און צו לענינען. מען האָט זיך דערמאָנט אין טאָמאַס דזשעפערסאָן און אין טאָם מוני און מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ סך אויף יודזשין און אויף וויקטאָר. אינזינען האָבנדיק דעבסן. נאָר צו קיין אויסוואַל איז מען ניט דערגאַנגען. איז געבליבן צו וואַרטן און זאָל דאָס קינד מיט זיך אַליין ברענגען דעם נאָמען.

— עס וועט קומען פון זיך אַליין, וועסט זען, סאַלטשע.

אַזוי איז עס געבליבן און מער האָט מען וועגן דעם ניט גערעדט.

איז געקומען אַ טאָג און סאַלטשע האָט זיך קיין פּלאַץ ניט געקאָנט גע־פינען. איז זי צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן־טרייבל און גערעדט צו גאָלדען.

— גאָלדע, איך קאָן זיך קיין אָרט היינט ניט געפינען. עס איז מיר אומעטיק צו זיין אין שטוב און די גאַס מיטן פּאַרקל זיינען מיר היינט דער־עסן געוואָרן. כ'וויל אַריבערקומען צו דיר און פאַרברענגען ביי דיר ביז פאַרנאַכט. כ'וועל אפילו היינט קיין קאָלאַציע ניט צוגרייטן. מיר וועלן עסן אין רעסטאָראַן. איך האָב ניט קיין געדולד צו קאָכן.

האָט גאָלדע פאָרגעשלאָגן, אַז מאַטעק זאָל אויך קומען צו איר. גראָד וועט מעקס היינט ניט אַהיים קומען עסן. געשעפטסלייט פראַווען אַ באַנקעט פאַר זייער פרעזידענט. עפּעס אַ גאַנצע געשיכטע. מעקס האָט זיך אַ גאַנצע וואָך געגרייט און זיך אויסגעפוצט. איז געבליבן, אַז סאַלטשע וועט טעלע־פאָנירן מאַטעקן אין זיין אַרבעטס־פּלאַץ און אים הייסן קומען צו גאָלדען.

מאַטעק האָט זיך אַביסל געהאַט איבערגעשראָקן דערהערנדיק סאַלטשעס קול, נאָר זי האָט אים גלייך פאַרזיכערט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, זי איז

בלויז פויל און זי וויל פאַרברענגען דעם היינטיקן טאָג מיט גאָלדען. מעקס קומט ניט אַהיים עסן.

האָט מאַטעק צוגעשטימט.

סאַלטשע האָט זיך דערפילט דערלייכטערט און געמיטלעך אין גאָלדעס הויז. איבערהויפּט האָט אסתרל זי גלייך אַריינגעבראַכט אין אַ הייטערער שטימונג.

— זע נאָר ווי זי איז אויסגעוואַקסן אין אַ וואָך צייט, זאָלסט מיר לעבן.

— סאַלטשע, איך באַמערק ווי יעדן טאָג קומט אין איר פּאָר אַן ענדערונג. זי איז אַזוי וואונדערבאַר, אַז דו קאָנסט זיך ניט פאָרשטעלן. און אַ פרע־סערקע איז דאָס איינע אין דער וועלט. און גוט איז דאָס ווי די גאַנצע וועלט.

ווען סאַלטשע האָט גענומען דאָס קינד אין די אָרעמס אַריין האָט זי דער־פילט ווי אַ שווייגן באַוועלטיקט זי, אַ מין שטומעניש, אַ ניט קאָנען צוזאַמענ־נעמען אירע געדאַנקען צו קאָנען גלייך אַרויסזאָגן אַ פּאָר ליבּ־ווערטער וועגן קינד.

— איז זי ניט וואונדערבאַר, סאַלטשע?

— דו ווייסט, גאָלדע, אַז יעדעס מאָל, וואָס איך נעם די מויד אויף די הענט, גייט מיר דורך אַ ציטער איבערן לייב, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם, ווי אַ וואַרעמער שטראַל פון אַ זומערדיקער זון. זי פאַרמאָגט עפּעס אין זיך אַ מאַגנעט, די קליינע, און איך בלייב ווי אַן לשון ביז איך קום צו זיך. עס איז עפּעס אַזוי אָנגענעם און ליב, אפשר דערפאַר, וואָס איך האָב אַלס קינד ניט איבערגעלעבט די צאַרטקייט, אפשר דערפאַר וואָס דאָס האָט מיר אויס־געפעלט מיין גאַנץ לעבן.

— וואַרט, וואַרט, סאַלטשע, ווען דו וועסט האָבן דיין אייגנס, וועסטו דאַן דערפילן דעם וואונדערבאַרן טעם פון צוגעצויגנקייט, פון גאַנצקייט, פון אומ־שיידבאַרקייט צווישן דיר און דעם קינד . . . דו ווייסט, אַז אסתרל דערקענט דיך שוין?

— זי האָט פאַר מיר קיינמאָל קיין מורא ניט געהאַט. זי האָט קיינמאָל ניט געוויינט ווען איך האָב זי אויפגעהויבן, — האָט סאַלטשע זיך באַרימט.

— אין וועמען איז זי געראָטן, סאַלטשע? מיר דוכט זיך, אַז זי איז איב־גאַנצן אַזוי ווי מעקס. זי האָט זיינע טונקעלע געזיכטצוגן. נאָר דער קאָליר פון די אויגן בייט זיך ביי איר כסדר און אויך דער קאָליר פון אירע הערע־לעך . . . וואָס וואָלסטו וועלן, סאַלטשע, אַ ייִנגל אָדער אַ מיידל?

— איך וויל אַ קליין מאַטעקל און איך האָב דאָס געפיל, אַז מיין וואונטש וועט דערפילט ווערן, גאָלדע . . . וואָס האָסטו געוואָלט, גאָלדע?

— איך האָב געוואָלט אַ מיידעלע. דאָס צווייטע קינד וויל איך זאָל זיין אַ

יינגעלע. איך וויל האָבן אַ סך קינדער, עס מאַכט מיר ניט אויס וויפל. איך בין אַ געבאָרענע מאַמע, סאַלטשע. מיר וועט די אַרבעט קיינמאָל ניט זיין צו שווער, דוכט מיר.

איז סאַלטשע געשטאַנען דערביי ווי גאָלדע האָט געבאָדן דאָס קינד, ווי זי האָט זיך געשפּילט מיט איר און זיך פאַרגעסן, אַז סאַלטשע איז דאָ דערביי, ווי זי האָט זי געשפּייזט און ענדלעך געלייגט שלאָפן. דאַן האָט גאָלדע צוגעגרייט מיטאָג און ביידע יונגע פּרויען האָבן דערפילט, אַז מען האָט שוין גענוג גערעדט וועגן קינד און קינדער און הויז־פליכטן. מען איז אַנט־שוויגן געוואָרן, ביז גאָלדע האָט פאַרגעשלאָגן צו רעדן וועגן קאָלאַציע.

— דו זאָג מיר, סאַלטשע, וואָס מאַטעק האָט ליב, וועל איך עס צוגרייטן און זאָל ער מיינען, אַז דו האָסט עס געמאַכט. לאָמיר זען צי ער וועט טרעפן.

און אָט אַזוי טראַכטנדיק וועגן דער וועטשערע האָט מען זיך צערעדט וועגן מאַטעקן און זיין פאַמיליע.

— הייסט עס, גוטשיאַ און לאָטשיאַ האָבן שוין חתונה געהאַט און זיי פרייען זיך, וואָס מאַטעק איז פאַרהייראַט. אַ וואונדער, וואָס פאַר אַ מאַן לאָטשיאַ האָט? זי איז דאָך געווען מיין בעסטע חברטע אין לאָדזש, סאַלטשע.

— איך ווייס, זי האָט דאָך מיטגעשיקט גרוסן פאַר דיר. זי איז געווען זיכער, אַז דו און מאַטעק — — —

— יאָ, יאָ, זי איז ניט געווען די איינציקע, וואָס האָט אַזוי געמיינט. ווייזט אויס, אַז דו ביסט ביי אים געווען מער איינגעבאַקן אין האַרצן ווי איך. ליבע איז דאָך אַזאַ בלינדע זאַך, זאָגט מען. נאָר איך בין זייער צופרידן, וואָס מאַטעק האָט זיך איינגעאָרדנט. עס האָט זיך מיר ניט איינמאָל אויסגעוויזן, אַז מאַטעק וועט קיינמאָל ניט חתונה האָבן. איך האָב זיך שטאַרק געשראָקן, אַז מען וועט אים „אַריינזעצן". נאָך גוט וואָס די מלחמה האָט זיך געענדיקט אין צייט, אַניט וואָלט ער זיכער געגאַנגען „זיצן" . . .

— יאָ, וועגן לאָטשיאַן, — האָט אָנגעהויבן סאַלטשע, — זי איז די איינציקע, וואָס איז ענלעך צו מאַטעקן, סיי אין אויסזען, סיי אין כאַראַקטער. זי איז אָפּטימיסטיש, אַזוי ווי ער און זי איז ניט אַזוי סענסיטיוו ווי גוטשיאַ און איבערהויפּט ווי די יינגערע מלכה. אויך די קליינע אַנדזשיאַ איז פאַר־שלאָסן אין זיך. איך קאָן דאָס ניט פאַרשטיין. אויך איך בין געבליבן אָן עלטערן פון מיין קינדהייט אָן. אפילו ווען זיי האָבן נאָך געלעבט, זיינען זיי שוין געווען הילפלאָז און סיי ווי האָב איך קיינמאָל קיין מוטער־ליבע אָדער קיין פאָטער־ליבע ניט געגאָסן, זיי האָבן דאָס ניט פאַרמאָגט אין זיך. זיי זיינען געווען פאַרנומען מיט רייסן זיך פאַר אַ טרוקן שטיקל ברויט. איך וויל בעסער ניט רעדן וועגן דעם. נאָר לאָטשיאַ איז אַ געלאַסענער מענטש

און איר העניעק, איר מאַן, מיט וועלכן זי האָט מיך אַמאָל באַקענט, ווען זיי האָבן זיך נאָר־וואָס געהאַט פאַרליבט. האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פּראַקטישן געשעפטסמאַן, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון לאָדזשער סוחרטום. ער איז עטוואָס נידעריקער אין וואוקס פון לאָטשיאַן. ער איז בלאָנד און אויגן האָט ער וואַסערדיק־גרויע און דאָס פּנים איז ביי אים אַ פולס און זאַטס. ער איז זייער זיכער און צופרידן מיט זיך. נאָר צי ער איז דער פּאַסיקער מאַן פאַר לאָטשיאַן, דאָס קאָנסטו בעסער ווי איך אורטיילן. דו האָסט איר כאַראַקטער בעסער געקענט.

גאָלדע האָט געענטפערט:

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת — און זאָל דאָס צווישן אונדז בלייבן, מיר רעדן דאָך אינטים, ווי צוויי געטרייע חבר׳טעס, ניט אַזוי? — ווען לאָטשיאַ און איך האָבן זיך געלערנט אין דער האַנדלס־שול, האָבן מיר ווי צוויי נאַרישע ציגן געטרוימט פון אונדזערע געליבטע. אַלע סטודענטקעס האָבן גערעדט וועגן בחורים און וועגן זייערע באַשערטע — נו, דאַן האָב איך געטרוימט פון מאַטעקן, דערפאַר וואָס מאַטעק איז געווען אַזוי ברויזנדיק, אַזוי נשמהדיק. מיר האָבן געלערנט די פּאָעמעס פון סלאָוואַצקין; מאַריאַ קאָנאָפּניצקאָ און העניע שענקעוויטש האָבן אונדזערע הערצער צעוואַרעמט און אונדז אָנגעטאָן פליגל און מיר זיינען געפלויגן, געהאַט פאַנטאַזיעס און געטרוימט, אַז אונדזערע געליבטע וועלן זיין מענער, וואָס הויבן זיך אויף פון דער ערד און זוכן שיינקייט אַרום זיך און זיי שטעלן זיך ניט אָפּ פאַר קיין שוועריקייטן און קאָנווענציעס. גראָד האָבן מיר ניט ליב געהאַטע די סטאַטעטשנע, איינגעזעסענע, איינגעפונדעוועטע מענער.

— און דאָך ביסטו געווען קעגן דעם, וואָס מאַטעק האָט זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע, גאָלדע, ניט אַזוי?

— סאָלטשע טייערע, טאַקע דערפאַר, וואָס איך בין געווען די אָפּגעהיטע, סטאַטעטשנע פּאַניענקע, האָט עס מיך געצויגן צו מאַטעקן, דעם ווילדן יונג, מיט זיינע געוואַגטקייטן. אין האַרצן האָב איך זיך ניט איינמאָל פאַרגעשטעלט, אַז מאַטעק „זיצט" און איך דריי זיך אַרום ביי דער וואַנט פון דער טורמע און איך ברענג אים עסן אין טורמע . . . און אויך דאָ אין אַמעריקע, ווען ער פלעגט ניט וועלן רעדן וועגן קיין אַנדער זאַך ווי נאָך וועגן און קעגן דער מלחמה, האָב איך אין האַרצן אים שטאַרק ליב געהאַט. נאָר איך בין געווען אייפערזיכטיק אויף דער באַוועגונג, וואָס איר שענקט ער זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און מיך פאַרלאָזט ער אינגאַנצן . . . ווי האָט דאָס אויסגעזען, ווען איך האָב זיך אויסגעפּוצט אין מיינע שענסטע קליידער פאַר אים און בין געשטאַנען אין שפּיגל אַ לאַנגע צייט צוליב אים און ער איז געקומען און אפילו

אויף מיר ניט רעכט אַ קוק געטאָן. ער איז געווען פֿאַרליבט אין דער רעוואָלוציע, ניט אין מיר . . . מיינע עלטערן האָב דאָס געזען און זיי האָבן מיך אָנגעהויבן פּלאָגן. פֿון זייער שטאַנדפּונקט זייַנען זיי געווען גערעכט. מאַטעק איז אַוועק צו ווייט. עס איז אמת, אַז מיר האָבן אים אונטערשאַצט. איך האָב קיין אינטערעס ניט געפֿונען אין זיין באַוועגונג, כאָטש לאָגיש איז ער געווען, נאָר פּראַקטיש ניט. פֿאַרשטייסט, צי ניט, סאַלטשע: איך בין געווען גערעכט און ניט גערעכט. איך האָב קיין אַנדער געליבטן קיינמאָל ניט געהאַט. ער איז געווען מיין ערשטע ליבע. און דאָ האָט ער געטאָן אַלץ אין דער וועלט מיין ליבע אָפּצוטויטן אין מיר . . . איך וואָלט מיט דיר ניט געדאַרפֿט רעדן וועגן דעם. דו האָסט דאָך געוואוינען, ניט איך, נאָר אַז לאָטשיאַ און גוטשיאַ האָבן געמיינט, אַז ניט אַנדערש, אַז מאַטעק וועט מיט מיר חתונה האָבן, האָבן זיי געוויזן, אַז זיי קענען ניט זייער אייגענעם ברודער.

— אפשר ביסטו געווען צו קורצזיכטיק, גאָלדע? נאָך אַלעם האָבן מיר דאָך איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע מלחמה און ווי האָט מען געקאָנט פֿאַרמאַכן די אויגן און זאָגן, אַז דאָס גייט מיך ניט אָן, אַז זאָלן די צוואַנציקיעריקע ייִנגלעך צעפּוילט ווערן אויף די שלאַכטפֿעלדער, אַבי מיר געניסן פֿון לעבן. ווען דו וואָלסט זיך אַביסל מער צוגעפּאַסט צו דער צייט, ווען דו וואָלסט געהאָלפֿן מאַטעקן אין זיין געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט; לאָמיר זאָגן ווען דו וואָלסט מיט אים געגאַנגען אַ זונטיק איבער די הייזער קלייבן געלט פֿאַר די ייִדישע מלחמה־קרבנות פֿון פּוילן, וואָלסטו דאָך אַי געטאָן אַ גוטע זאַך, אַי דו וואָלסט געוואוינען מאַטעקן, ניט אַזוי?

— אויף אַלץ קומט אַ צייט, סאַלטשע. אפשר בין איך דאַן ניט געווען דערוואַקסן דאָס צו פֿאַרשטיין; נאָר דאָס לעבן איז דער בעסטער לערער, איך מיין די צייט לערנט אויס.

גאָלדע איז אַנטשוויגן געוואָרן. אויך סאַלטשע האָט אויפֿן מאָמענט איר ניט געהאַט וואָס צו ענטפֿערן. גאָלדעס לעצטע ווערטער זייַנען איר אַריין אין נאָז און זי האָט געוואָלט צו זיך קומען, איידער זי וועט ענטפֿערן.

— דו ווייסט, גאָלדע טייערע, אַז זינט איך האָב פֿאַרשוועגערט, האָט מאַטעק ניט אויסגערעדט צו מיר קיין איין וואָרט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין לאַנד? און איך פֿיל, אַז ער ווערט צעפּלאַצט, נאָר איך בין געקומען זייער אַ נערוועזע פֿון פּוילן און ווען מיר פֿלעגן רעדן וועגן דער לאַגע דאָ, האָט עס מיך אויפֿגעצאַרנט. אָט דאָ וועל איך דאָך בלייבן, איך בין דאָך אַנטלאָפֿן פֿון פּאָליטישער פֿאַרפֿאָלגונג און צוריק אָנהויבן פֿאַרפֿאָלגט ווערן אין לאַנד פֿון מיינע טרוימען — דאָס איז געווען אַביסל צופֿיל פֿאַר מיר. עס האָט זיך מיר געוואָלט כאָטש אויף אַ יאָר צייט פֿאַרגעסן אין פּאָליציי און

קאַמף. איך בין דאָך פֿאַקטיש אין זיי געבאָרן געוואָרן. צו דרייצן יאָר האָב איך דאָך מיין לעבן איינגעשטעלט טראָגנדיק פּראָקלאַמאַציעס צו אַרבעטער אין די פֿאַבריקן . . . מאָטעק האָט עס פֿאַרשטאַנען. ניט בלויז האָט ער די גאַנצע צייט ניט גערעדט וועגן קיין פּאָליטיק, נאָר ווען ביי אים איז געווען צו גאַסט בען, וואָס איז נאָר וואָס געהאַט צוריקגעקומען פֿון סטרייק־פֿעלד, האָט מאָטעק אים ניט געלאָזט רעדן וועגן דעם.

— סאָלטשע, ביי מיר איז די לאַגע פּונקט אַן אַנדערע. מיין מעקס האַלט ניט, אַז זיין פֿרוי דאַרף זיך אינטערעסירן מיט עפּעס אַנדערש אויסער וואָס עס האָט צו טאָן מיטן קינדס באַדערפֿעניש און זיינע אייגענע באַדערפֿענישן. אַ ריינע הויז, אַ גוטער מאָלצייט, אַן אויסגערוט ווייב — און ווייטער איז ער דער קעניג און איך בין דער געטרייער אונטערטאַן. טאָמער האָב איך איינמאָל גערעדט וועגן די וואַלן פֿון לאַנד, האָט ער מיינע רייד אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. דאָס איז ניט פֿאַר קיין הויז־פֿרוי, האָט ער גאַנץ ערנסט געזאָגט . . . צו מיר רעדט ער וועגן איינקויפֿן נייע זאַכן פֿאַרן הויז, וועגן אָפּשפּאָרן מער געלט און וועגן זיין דערפֿאָלג אין געשעפֿט און ביי זיינע קונים. ווייטער אינטערעסיר איך אים ניט. אַזוי, אַז גאַנץ אָפֿט פֿיל איך, אַז איך בין בלויז פֿרוי, הונדערט פּראָצענט פֿרוי. נאָר אַז איך בין אַ מענטש מיט געהירן און געפֿילן, דאָס פֿילט ער ניט. דערפֿאַר, וואָס איך בין אין הויז און דערפֿאַר וואָס איך האָב ניט מער קיין זאָרג, האָב איך זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט זאַכן וועגן וועלכע די צייטונגען שרייבן. איך וויל וויסן וועגן סטרייקן און וועגן דער פּאָליטישער לאַגע און וועגן דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אין קאָנגרעס און וועגן דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אויף דער גאַנצער וועלט. אפשר דערפֿאַר, וואָס איך בין געוואָרן אַ מאַמע, פֿיל איך, אַז דאָס, וואָס פּאַסירט אויף דער וועלט, וועט דאָך מיט דער צייט אויך אָנרירן מיינע קינדער און ווער פֿירט די וועלט, אויב ניט אַ טאַטע און אַ מאַמע?

— גאָלדע, קרויז, דו רעדסט דאָך וואונדערבאַר. ווען מאָטעק וואָלט געהערט ווי דו רעדסט, וואָלט ער אַנטציקט געוואָרן פֿון דיר.

זיי זיינען ביידע אַנטשוויגן געוואָרן. דאָס קינד איז אויפֿגעשטאַנען פֿון שלאָף און מען איז אַרונטערגעגאַנגען זיך וואַרעמען אויף דער זון.

.2

גאָלדע איז געווען איבערראַשט צו הערן פֿון סאָלטשען, אַז מאָטעקס געשמאַק אין עסן האָט זיך לעצטנס געהאַט שטאַרק געביטן. גאָלדע האָט אים געקענט ווי אַ גוטן פֿלייש־עסער. אַ מאָלצייט אָן פֿלייש איז ביי אים

קיין עסן ניט געווען. פון קיין גרינסן האָט ער ניט געוואָלט וויסן. ער האָט געהאַלטן, אַז ער קייט שטרוי, ווען ער עסט זיי. נאָר זינט סאַלטשע האָט אָבגעהויבן שווענגערן, איז מאָטעק געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. ער האָט זיך גענומען אָפּגעבן צו עניינים, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיטן אייגענעם וואוילזיין, אַ זאַך וועלכער ער האָט קיינמאָל אין לעבן קיין צופיל אויפמערקזאַמקייט ניט געשענקט. איצט האָט ער גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט צו האָבן וואָס מער פרישע לופט, שלאָפן ביי אָפענע פענצטער, אַריינגעמען וואָס מער זונשיין און איבערהויפּט האָט אים אינטערעסירט דער ענין שפּייז. ער איז געוואָרן מער געניגט אָנצונעמען אַ וועגעטאַרישע דיעטע. דאָס וואָרט „דיעטע" איז אויך געווען אינגאַנצן ניי אין זיין וואָקאַבולאַר און עס האָט איצט אָנגענומען ביי אים אַ באַזונדערע באַדייטונג. ער האָט אַהיים געבראַכט בראָשורן וועגן וועגעטעריאַניזם און ער האָט פון צייט צו צייט געגעסן מיט סאַלטשען אין וועגעטאַרישן רעסטאָראַן אויף דער סעקאָנד עוועניו. ער האָט זיך באַצויגן צו דעם רעסטאָראַן מיט אַ באַזונדערן דרך ארץ און ער האָט געצויגן סאַלטשעס אויפמערקזאַמקייט צו די געריכטן, וואָס זיינען „אַ קוואַל פון געזונטקייט". ער האָט געגלויבט צוזאַמען מיטן לאָזונג, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אויף די מעניוס, אַז „וועגעטעריאַניזם איז די צוקונפט פון דער מענטשהייט" . . . סאַלטשע האָט זיך באַצויגן סקעפּטיש צו דעם און זי האָט געפּרואווט צוגישט מאַכן די טעאָריע און בכלל האָט זי ניט אַרויסגעוויזן קיין באַגייסטערונג פאַרן וועגעטארישן רעסטאָראַן. זי האָט געהאַלטן, אַז אפשר מיט דער צייט וועט דאָס זיין גוט, דערווייל וויל זי געניסן פון אַ ממשותדיקן מאָלצייט און דאָס געפינט זי ניט אין נאָטוס אָדער פּראָטוס, נאָר אין אַ קאַלבס־בראָטן, אָדער אין אַ סטעיק.

איז ביי גאָלדען געבליבן, אַז זי וועט זיך פירן אויפן נייעם אופן און צוגרייטן פאַר מאָטעקן אַ וועגעטאַרישן טיש. ער האָט ליב געהאַט זופּ, האָט זי אָפּגעקאָכט אַ מילך־זופּ מיט גרינע אַרבעסלעך און זי האָט געוויקלט קרויט מיט רייז און ראָזשינקעס און געקאָכטע מייערלעך און יונגע בוריקלעך און זי האָט געשטעלט קעזן צום טיש.

מאָטעק האָט גלייך דערקענט, אַז ס'איז ניט סאַלטשעס טיש און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז סאַלטשע האָט געמוזט דערציילן גאָלדען וועגן זיינע וועגעטאַרישע נייגונגען.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק דיר, גאָלדעלע, וואָס דו סימפּאַטיזירסט מיט מיר, ניט ווי סאַלטשע, וואָס האַלט זיך נאָך ביים אַלטן.

ביים עסן האָט מאָטעק דערפילט, ווי צוויי פאָר אויגן פאָלגן נאָך זיין יעדן ריר. ער האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס, נאָר מסתם איז ער אין עפּעס

שולדיק געוועז, האָט ער געטראַכט. נאָר גיי פרעג זיי פאַרוואָס זיי זיצן אַזוי מיט זייערע בליקן אָנגעצילט אויף אים. גאָלדע מיט איר לענגלעך פּנים, דאָס אייביקע סטודענטן־מיידל, וואָס קאָן ניט ווערן ערנסט, מיט אַ קול, וואָס גלעט און רודערט דיך אויף, מיט אַ נאָענטקייט, וואָס דערווייטערט און טריקנט דיך אויס פון דורשט נאָך איר . . . וואָס קוקט זי אויף זיינע הענט? וואָס קוקט זי אים אין מויל אַריין? עס ווילט זיך אים אויסרופן: „גאָלדע, הער אויף גלאָצן אויף מיר מיט דיינע גרין־געשליפענע קוקערס!"

און סאָלטשעס אויגן וואָס ווילן פון אים? ווי גרויס און ברוין זיי זיינען! ווי וואַרעם און פול מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט צו אים זיי זיינען! זיי זיינען ווי אַן אָפּשפּיגל פון זיין יעדער באַוועגונג. אָט איז אים אַ שטיקל ראָזשינקע אַריין אין לעכל פון צאָן און ער האָט זיך געטאָן אַ פאַרקרים און אירע אויגן האָבן זיך ווי פאַרזשומערט פון וויטאָג; אָט האָט ער אַ לאַך געטאָן פון גאָלדעס אַ שפּאַסיק וואָרט און אירע אויגן זיינען גרע־סער געוואָרן דערפון, ווי אַן אָפּבליק דערפון, וואָס זיינע ליפּן האָבן זיך ברייטער צעעפנט.

ער האָט זיך ביסלעכוויז באַפרייט פון דער באַלאַגערונג פון זייערע וואַכזאַמע בליקן און ער איז אַליין אַריבער, אין געדאַנק, צו אַן אָפּענסיווע. די צוויי פרויען, וואָס האָבן צווישן זיך פאַרבראַכט דעם גאַנצן טאָג היינט — ווי אַזוי האָבן זיי אים באַאַרבעט? ווער האָט אים פאַרטיידיקט? ווער האָט זיינע אויערן אויסגעריסן? איין זאַך איז ביי אים זיכער: זיי האָבן אים היינט גוט באַאַרבעט. ער איז געוועזן די טעמע פון זייער געשפּרעך. נו, גיי פרעג זיי: „איר האָט גערעדט וועגן מיר היינט?" וועלן זיי אים דען זאָגן דעם אמת? זיין אייגענע סאָלטשע? און זיין אייגענע גאָלדע?

סאָלטשע האָט מסתם דערציילט גאָלדען וועגן זיינע שוועסטער. גאָלדע האָט מסתם דערציילט סאָלטשען וועגן איר אַנטוישט ווערן אין אים און פאַרוואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט מעקסן . . . וויפל מאָל האָט ער שוין באַשלאָסן, אַז מען דאַרף צו גאָלדען ניט קומען אַזוי אָפט. סאָלטשעס פרייַנט־שאַפט מיט איר איז פאַר איר זייער גוט און וואויל, נאָר פאַר אים איז דאָס ניט אַזוי וואויל. צוליב וואָס אויפראַיען אַלטע מטבעות? צוליב וואָס זיך פאַר־טשעפּען מיט מעקסן, דעם וואָקסענעם אַלראַיטישן מעקס, וואָס ווייסט אַז מאָטעק איז נאָך אַלץ אַ ראַדיקאַל און וויל נאָך אַלץ שטירצן די קאַפּיטאַליס־טישע אָרדענונג, פון וועלכע מעקס איז, מ׳שטיינס געזאָגט, אַ לאָיאַלער פּאַטריאָט . . .

— גאָלדע, ביסט אַ וואונדערבאַרע קעכין, — האָט מאָטעק אויסגערופן.

— מיט סאָלטשעס הילף, מאָטעק! — האָט גאָלדע זיך צעלאַכט.

נאָכן עסן האָט מאַטעק געוואָלט העלפן מיטן געשיר, נאָר די פרויען האָבן ניט געלאָזט. סאַלטשע האָט דערציילט גאָלדען, ווי מאַטעק האָט אַלס קינד זיך ניט געטאָרט צורירן צו הויז־אַרבעט.

— אַזאַ קליינינקייט, ליפּעס בן יחיד! ער דאַרף אויסוואַקסן אַ צדיק בישראל. זע וואָס עס איז פון אים געוואָרן!

— סאַלטשע, דו ווייסט כאָטש, אַז אָט דער צדיק פלעגט אַריינגיין מיט מיר אין טשאַילדס רעסטאָראַן און באַשטעלן „העם־ענד־עגס"?

— וואָס האָט איר זיך היינט אָנגעטשעפּעט אין מאַטעקן, וואָס? — האָט ער אויסגעשריען, אויסשפּרייטנדיק זיינע לאַנגע אָרעמס, — נאָך גוט, וואָס אסתרל קאָן נאָך ניט רעדן, אַניט וואָלט זי זיך אויך אָפּגערעכנט מיט מיר.

— גיי, קום אין דער סאַליע און מיר וועלן אַליין פּאַרטיק ווערן מיטן געפּעס. — האָט גאָלדע געזאָגט און אָנגענומען מאַטעקן אונטערן אָרעם און אים אַריינגעפירט אין זיך־צימער און אים אַוועקגעזעצט אויף אַ ווייכן שטול.

אין קיך האָבן סאַלטשע און גאָלדע גערעדט און געלאַכט. מאַטעק האָט זיך איינגעהערט. זיי האָבן גערעדט וועגן אסתרקען. גאָלדע האָט דערציילט די חכמות פון קינד און ביידע האָבן האַרציק געלאַכט.

ווען זיי זיינען אַריינגעקומען צו אים האָט סאַלטשע געפרעגט:

— מאַטעק, האָסט שווער געאַרבעט היינט? ביסט מיד? ווילסט גיין אַהיים?

— איך וועל אים ניט לאָזן גיין אַהיים. וואָס וועל איך טאָן איינע אַליין דעם גאַנצן אָוונט? אָפּגעגעסן און שוין גיין אַהיים. ס'איז ניט שיין פון דיר, סאַלטשע. מען דאַרף אָפּזיצן.

און איידער מען האָט זיך רעכט געהאַט אויסגעזעצט, האָט מען גענומען רעדן וועגן אַמאָליקע צייטן אין לאָדזש און גאָלדע האָט זיך דערמאָנט פון די שפּאַצירן וואָס זי האָט גענומען מיט מאַטעקן איבער דער שרעדניע גאַס, איבער דער פּעטריקאָווער גאַס, אפילו איבער דער ווסכאָדניע.

— איך האָב אים שטענדיק געדאַרפט פירן אונטערן אָרעם. ער האָט זיך געשעמט, דער טאַנעבאַרטעק, מיך אָנצונעמען פאַרן אָרעם.

— און ווייסטו כאָטש, גאָלדע, אַז ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ קוש און ער איז אַנטלאָפן פון זיינע טשיאָטשעס דערפאַר און ער איז רויט געוואָרן ווי אַ בוריק, ווען עמיצער האָט אים דערלאַנגט אַ קוש? ווער האָט זיך דאָס געקאָנט פאָרשטעלן, אַז פון דעם צדיק וועט אויסוואַקסן אַ דאָן זשואַן, וואָס וועט זיך זיצן מעשה פריץ און הערן ווי צוויי יונגע דאַמעס האָבן ניט וועגן וואָס צו רעדן ווי בלויז וועגן אים?

— ס'איז מיר נאָך גוט וואָס די פיר שוועסטער מיינע זיינען ניטאָ,

אַניט וואָלט איך אינגאַנצן געלעבט אין אַ ווייבערישער מלוכה. אַזוי האָב איך דאָך מיינע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט בלויז צווישן פרויען. אַז ווי איז צו מיר וואָס איך בין געווען אַ בן יחיד.

און אַז מען האָט גערעדט וועגן זיינע שוועסטער האָט גאָלדע דערציילט וועגן לאָטשיאַן און מאָטעק האָט זיך איינגעהערט מיט אַן אָפן מויל. לאָטשיא האָט צופיל געשוויגן אין זיין אַנוועזנקייט און דערפאַר האָט ער זי ווינציק געקענט. גאָלדע האָט זי בעסער געקענט און פאַרשטאַנען.

— לאָטשיא האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זאַכן גייען איר ווינציק אָן. מאָטעק, דו האָסט ניט איינמאָל געזאָגט, אַז זי איז די געלאַסנסטע פון דער פאַמיליע, נאָר זי האָט בלויז זיך קאָנטראָלירט אַזוי. אין דער אמתן האָט זי שטענדיק געפילט וואָס עס קומט פאָר, נאָר זי האָט זיך ניט געוואָלט נאָכגעבן און זיך געשטאַרקט און באַשלאָסן ביי זיך, אַז וואָס עס זאָל מיט איר ניט פאַסירן, וועט זי דאָס פאַר דער וועלט ניט אַרויסווייזן. איך שטעל זיך פאָר, אַז קיינער אין לאָדזש ווייסט ניט ווי זי פילט וועגן איר הייראַט. איך פאַרהאָף, אַז זי איז גליקלעך, אויב זי איז ניט צופרידן, וועט מען דאָס ניט וויסן.

און סאָלטשע האָט גערעדט וועגן גוטשיאַן:

— ווי אַזוי גוטשיאַ איז געוואָרן פרימער און פרימער, קאָן איך ניט באַגרייפן. ווייזט אויס, אַז די צרות האָבן זי געמאַכט פרום. זי האָט געליטן מער ווי עמיצער אַנדערש אין דער פאַמיליע. דאָס אומגליקלעך קינד האָט זיך גענומען צום האַרצן פון דער נויט, וואָס האָט געהערשט אין הויז. זי האָט געאַרבעט פון פרי ביז שפעט ביינאַכט צו ברענגען אַלץ אין אָרדענונג און ווען די עלטערן זיינען קראַנק געוואָרן, איז זי געוואָרן אַזוי דערשלאָגן, אַז מיר האָט זיך אויסגעוויזן אַז זי וועט אַוועקפאַלן. ווען איך פלעג זי לעצטנס זען, אין דער צייט פון דער מלחמה, האָט זי שוין אויסגעקוקט ווי אַ מענטש אין די יאָרן, נאָר ווען זי האָט זיך אויסגעפוצט און ווען זי האָט זיך געפילט אין אַ גוטער שטימונג, איז געווען אַ פאַרגעניגן צו קוקן אויף איר יונג און אָנגענעם פנים. דאָן האָט מען זיך געקאָנט פאַרליבן אין איר. און מיר איז געווען אַ וואונדער וואָס מענער האָבן זיך אין איר ניט איינגעליבט. עפעס האָב איך יאָ געהערט וועגן אַ בחור אין אירע יאָרן וואָס האָט געמיינט ערנסט מיט איר. נאָר זי האָט אים געפרעגט צי ער וועט גיין אין שול אַריין יעדן פרייטאָג־צו־נאַכט. לעצטנס האָט מען מיר איבערגעגעבן. אַזוי האָט זי מער פאַרבראַכט אויפן טאַטנס קבר ווי אין הויז. קיינער האָט גוטשיאַן ניט געקענט אַזוי ווי איך. צוזאַמען אין איין בעט געשלאָפן אַ שיינע פאָר יאָר. זי האָט זיך אין מיר פאַרטרויט, נאָר וואָס עלטער מיר זיינען געוואָרן, אַלץ מער

האָט זי זיך פון מיר דערווייטערט. הלוואי וויל זי קומען קיין אַמעריקע. זי וואָלט דאָ אויפגעריכט געוואָרן. דאָס זעלבע מיט די איבעריקע שוועסטער.

מאָטעק האָט פאָרגעשלאָגן אַהיימצופאָרן. גאָלדע האָט זיך געבעטן, אַז מען זאָל נאָך בלייבן. זי וועט סערווירן טיי מיט איינגעמאַכטס.

— איך פיל זיך אַזוי גוט, ווען איר זייט ביידע דאָ, — האָט זי געזאָגט.

איז אַוועק אַ שמועס וועגן דר. בריסקין. האָט סאַלטשע שוין געדאַרפט רעדן וועגן איר לאַגע און וועגן די צוגרייטונגען וואָס זי מאַכט ווען די צייט וועט קומען. איז מאָטעק געזעסן פאַרטראַכט און זיך נישט אַריינגעמישט, נאָר זיך געוואונדערט וואָס אַ פרוי איז אַזוי אָפּהענגיק אין דאָקטאָר און זי ווייסט אַזוי ווינציק וועגן זיך. ער האָט אויך געטראַכט, אַז מער זאָל סאַלטשע קיין קינדער ניט האָבן. איינס וועט זיין גענוג. אויסער, אויב די צייט וועט זיך ענדערן צום גוטן. דערווייל איז אַלץ אַזוי ניט זיכער.

ביים געזעגענען זיך האָט גאָלדע געקושט סאַלטשען.

— און וואָס בין איך — אַ הונט ? — האָט מאָטעק פּראָטעסטירט.

— אַ קוש דאַרף מען זיך פאַרדינען, — האָט גאָלדע געענטפערט און אירע אויגן האָבן אַ שטיפערישן פינקל געטאָן.

סאַלטשע איז געווען מיד. אין באַן האָט זי געהאַלטן די אויגן פאַרמאַכט און זיך אָנגעלענט אויף מאָטעקן. ער האָט געפילט מיטלייד צו איר און אַן אומגעדולד האָט אים אַרומגענומען. ער וואָלט שוין וועלן איבערקומען דעם קריזיס און זען סאַלטשען אין גאָלדעס לאַגע, מיט אַ קינדער־וועגעלע אין גאַס, זיך וואַרעמען אויף דער זון. ער האָט באַמערקט ווי מענטשן קוקן, סיי אויף אים און נאָך מער אויף סאַלטשען, איבערהויפּט האָבן זי פרויען דורכגענומען מיט זייערע נייגעריקע בליקן.

— איך האָב אַ שרעקלעכן קאָפּ־ווייטאָק, מאָטעק. איך לייג זיך גלייך שלאָפן, — האָט סאַלטשע געזאָגט די מינוט וואָס זיי זיינען אַריינגעקומען אין שטוב.

סאַלטשע איז טאַקע גלייך איינגעשלאָפן. נאָר מאָטעק האָט זיך אַוועקגעזעצט לייענען אַ יידישן בוך, אַ באַנד שלום עליכמס יום־טוב מעשות. ער האָט באַלד גענומען לאַכן און געלאַכט האָט ער אויפן קול און אומגעצאַמט. אָפּגעלייענט אַ פּאָר מעשיות האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און באַשלאָסן אַז ס'איז צייט צו גיין שלאָפן. ער איז געווען זיכער, אַז די מינוט וואָס ער וועט אַוועקלייגן זיין קאָפּ אויפן קישן, וועט ער אַנטשלאָפן ווערן. נאָר ער איז געווען גענאַרט אין זיך. ער איז טאַקע געווען מיד, נאָר פון ערגעץ־וואו האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן פּנימער און אים ניט געלאָזט רוען. דאָס זיינען געווען די פּנימער פון זיינע שוועסטער, פון אַלע פיר שוועסטער. אַזעלכע

טרויעריקע געזיכטער, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר די אויגן און דערמאָנט און גערעדט שטומערהייט. און באַלד האָבן זיי אים צוגעמגערינגלט און עפּעס געבעטן ביי אים און עפּעס געמאָנט פון אים.

## קאַפּיטל אַכט

# אין לאָדזש

.1

די נייעס, אַז מאָטעק האָט חתונה געהאַט מיט סאַלטשען האָט ביי זיין משפּחה אין לאָדזש אַרויסגערופן אַ צאָרן קעגן אים. געשריבן האָט מען אים טאָקע פיינע בריוו און אָנגעוואונטשן צוליב גוטס, נאָר די אָנקלס זיינען אַרומגעגאַנגען מיט פאַרביסענע ליפּן און אים געשיקט קללות פון דער ווייט. אויך גוטשיאַ האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען פון אויפרעגונג. זי האָט זיך אפילו געהאַט צעקריגט מיט לאָטשיאַן וועגן דעם.

— איך האָב שטענדיק געוואוסט, אַז סאַלטשע איז געווען אַן אויסוואורף,

— האָט גוטשיאַ געזאָגט צו דער שוועסטער, צו וועלכער זי איז ספּעציעל געקומען אויף אַ באַזוך זיך אַראָפּצורעדן פון האַרצן. — זי האָט מאָטעקן דעם קאָפּ פאַרדרייט, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד. ווען ניט זי, וואָלט צו די אַלע צרות ניט געקומען. זי האָט אים פאַרפירט אין „קליינעם בונד". מאָטעק וואָלט אפשר אויסגעוואַקסן אַ פרומער ייד, ווען ניט זי. צוליב איר האָט מאָטעק אויפגעהערט גיין אין חדר און צעבראָכן דער מאַמעס האַרץ. אַ צרה איז זי געווען, סאַלטשע, נישט קיין מענטש. בלויז דערפאַר וואָס די מאַמע, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן עדן, איז געווען אַ גאַלד, אַ ברילויאַנט, האָט זי געדולדעט סאַלטשען ביי זיך אין שטוב. אַן אַנדערע אויף איר אָרט, וואָלט זי אַרויסגעוואָרפן אויף צען שפּענדלעך. גיי, אויסוואורף, צו דיינע לאָבוסעס און צעברעך ניט קיין ערלעכע, קיין כשרע היים. און איצט האָט דאָס אומ־גליק אים נאָך געדאַרפט טרעפן אין אַמעריקע. איך הויב אָן איבגאַנצן צווייפ־לען, צי זי איז געפּאָרן צו אַ ווייטן קרוב, ווי זי האָט אונדז פאַרזיכערט. איך וועל זיך ניט וואונדערן, אַז דער תכשיט אַליין, מאָטעק, האָט איר געשיקט אויף אַ שיפסקאַרט. ווער ווייסט מיט וויפל מענער זי האָט זיך דאָס אַרומ־געוואַלגערט אין צייט פון דער מלחמה, ווער ווייסט וואָס פאַר אַ מציאה ער

האָט דאָס אַריינגעכאַפּט. אָרעמער מאָטעק, אַז ס'איז באַשערט אַן אומגליק, פֿאָלגט עס נאָך אַזש אין אַמעריקע . . .

— מיך וואונדערט אויף דיר, גוטשיא, וואָס דו רעדסט אַזוי. מאָטעק איז שוין ניט קיין קינד און ער ווייסט וואָס ער טוט. מעגלעך, אַז ער האָט די סאַלטשע באמת ליב. פֿון וואַנען ווייסטו וואָס עס איז צווישן זיי פֿאָרגעקומען? איך ווינטש זיי ביידע דאָס בעסטע. וואָס גייסטו אַרום און דו וויינסט אויף זייערע קעפּ, ווי מען באַוויינט, חלילה, אַ טויטן? וואָס האָבן זיי דיר געטאָן? איז סאַלטשע ניט געווען דיין בעסטע חברטע, ווען זי האָט געאַרבעט אין אונדזער הויז? פֿאַרוואָס פֿאַרגינסטו זיי ניט?

— הער זיך איין, דו נאַרישע ציג, ווען ס'איז ניט ביי דיר אין שטוב, וואָלט איך זיך מיט דיר צעקריגט אויף מעסער שטעך, הערסט, לאָטשיא? אַזוי וואָר ווי איך לעב, ווי איך וואָלט אויפגעהערט רעדן מיט דיר. איך בין דיין עלטסטע שוועסטער און גיב מיר ניט קיין מוסר־רייד. איך ווייס וואָס איך רעד. איך רעד ניט פֿון היץ.

— יאָ, גוטשיאַ, דו מעגסט זיך מיט מיר צעקריגן, נאָר איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט באַרעדן מיין ברודערס פֿרוי. סאַלטשע איז זיין פֿרוי און זי איז שטענדיק געווען אונדזער פֿריינט. מיך אַרט ניט אפֿילו אויב מיין ברודער וואָלט חתונה געהאַט מיט עמיצן וואָס איז מיר ניט געפֿעלן. כל זמן זי איז זיין פֿרוי דאַרף איך דאָס נעמען פֿאַר ליב און זי רעספּעקטירן. דו דאַרפֿסט זיך קריגן מיט דער גאַנצער וועלט, גוטשיאַ. מיר האָבן גענוג צרות אָן דעם. פֿאַרביטערסט זיך אַליין דאָס לעבן און וואָס ברענגט דאָס דיר? ערגערניש, שונאים . . . מאָטעק האָט די גאַנצע צייט געוואַרט ביז ער וועט קריגן סאַלטשען און איך בין זיכער אַז זיי זיינען גליקלעך — און דו באַוויינסט זיי שוין . . .

— יאָ, יאָ, איך בין שטענדיק די שלעכטע, לאָטשיא. גאָט דו אייניציקער, פֿאַרוואָס איז מיר באַשערט אַזאַ וויסט לעבן? מען טאָר ניט זאָגן דעם אמת, מען מוז דעם קאָפּ פֿאַרשטעקן אין זאַמד . . . דערפֿאַר וואָס סאַלטשע האָט אים דעם קאָפּ פֿאַרדרייט און זי האָט אים געפֿירט אויף קרומע וועגן, דער־פֿאַר טאָר מען ניט זאָגן דעם אמת, לאָטשיא? זי איז אַן אויסוואורף, דיין שוועגערין און מען דאַרף ניט אַלץ פֿאַרגלעטן. פֿאַרוואָס האָט ער ניט חתונה געהאַט מיט גאָלדען, האַ? דערפֿאַר וואָס גאָלדע איז ניט קיין „צאָציאַליסטקע“, ניט וואָר? און ווער האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ „צאָצאַליסט“, אויב ניט סאַלטשע?

לאָטשיא האָט געקענט גוטשיאַן און זי האָט געוואוסט, אַז עס איז נוצ־לאָז זיך מיט איר אויסצו'טענה'ען. האָט זי מער ניט געענטפֿערט און געלאָזט גוטשיאַן אַ וויין טאָן און אַ געשריי טאָן און זי האָט איר דערלאַנגט אַ גלאָז

טיי מיט מילך צום טיש און פֿריש געבעקס און גוטשיאַ האָט זיך איינגעשטילט און גערעדט וועגן שטוביקע ענינים.

דער אָנקל מאיר, דער עלטסטער אָנקל, האָט זיך מיט זיין פֿאַמיליע איבערגעצויגן קיין לאָדזש און זיין ברודער גוסטאַוו האָט אים געהאָלפֿן באַזאָרגן מיט פּרנסה. אין איינעם פֿון די לאַנגע הויפֿן אויף דער פּיעטערקאָווער גאַס האָט אָנקל מאיר געעפֿנט אַ שניט־קראָם און זיין פֿרוי, די טאַנטע עמאַ, וואָס האָט אים געבאָרן זעקס קינדער, האָט איצט זיך אַ בעם געטאָן ברענגען אָרדענונג אין געשעפֿט. איר דייטש האָט אָפּגעקלונגען איבער דער שמאָלער לאַנגער קראָם און די אידן מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס האָבן איר געענטפֿערט אויף זייער אויסגעצויגענעם יידיש, וואָס איז געווען אויסגעמישט מיט גמרא פּשטלעך און לשון־קודשדיקע ווערטלעך.

די טאַנטע עמאַ האָט זיך געקליבן איינלאַדן די פֿאַמיליע אין איר בייער דירה, נאָר מען האָט דאָס אַלץ אָפּגעלייגט אויף יום־טוב. די מעלדונג וועגן מאַטעקס חתונה מיט סאַלטשען האָט אָנגעמאַכט אַזאַ גערודער, אַז עפּעס פֿון זיך אַליין האָבן זיך אַלע פֿאַרזאַמלט אין אָוונט ביי מאירן אין הויז.

געקומען איז דער אָנקל גוסטאַוו, דער אָנקל מענדל, די טאַנטע רעגינטשאַ. די טאַנטע עמאַ האָט זיך ניט געהאַט געריכט אויף די געסט. אירע רויטע באַקן זיינען געוואָרן נאָך מער צעפֿלאַמט. זי האָט געוואוסט, אַז דאָס הויז אירס איז אויפֿגעראַמט, זויבער און זיך נאָר צו שפּיגלען אין אַלץ, דאָך איז זי געווען באַזאָרגט און זי האָט געמאַכט אַ שנעלע אינספּעקציע איבער אירע קיך־אוצרות. קיכלעך האָט זי שטענדיק געהאַט געבאַקן און גרייט פֿאַר אומדערוואַרטעטע געסט; די סלאָיעס איינגעמאַכטס זיינען געווען צייטיק; און פֿאָווידלע מיט ברויט איז דאָך ביי איר געווען אַ טעגלעכער מאכל. פֿון קעלער האָט מען אַרויפֿגעבראַכט עפּל און באַרן. די קינדער האָבן זיך ניט אַרומגעדרייט. איין קוק פֿון עמאַן און עס איז גענוג געווען פֿאַר זיי צו פֿאַרשטיין, אַז דאָרט וואו די געסט זיינען דאָ, דאַרפֿן זיי ניט זיין. זיינען זיי אַלע געזעסן אין אַ פֿאַרמאַכטן צימער און גערעדט אין דער שטיל און געוואַרט, אַז די מאַמע זאָל עמיצן פֿון זיי אַריינרופֿן און דורכדעם געבן אָנערקענונג צום קינד.

נאָר אַזוי ווי דער שמועס איז גלייך אַוועק וועגן מאַטעקן און זיין „פֿראַו, די סאַלטשאַ״, האָט עמאַ געהאַלטן, אַז עס איז געזינטער, אַז די קינדער זאָלן ניט הערן און ניט וויסן דערפֿון.

— אַזוי, אַזוי, וויסן זי, — האָט אָנגעהויבן דער אָנקל גוסטאַוו, מאַטעקס באַשיצער און דערציער, — קומט אונדז נאָך אַ מזל טוב. טייבלס בן יחיד האָט ענדלעך געהייראַט, אַזש פֿון לאָדזש אויסגעשריבן די כלה און קיין בעסערס האָט ער נישט געקאָנט פֿינדן ווי די סאַלטשאַ, וואָס האָט עבן ביי

זיין גאָטזעליגער מוטער געאַרבעט און שמאַטעס גענייט. אַזוי גייט עס אין לעבן. וואָס קאָנען מיר מאַכן? דער יונגע האָט יאָ שטעטס געהאַט חשק צו דעם מעידזשען. זי וואַר איין יצר הרעדיקע יונגפראו, נאָר ניכט פאַר דעם מאַטעק... ווען טייבל וואָלט מיך געפאָלגט, וואָלט זי די מויד פון האוז אַרויס־געטריבן, זאָוואַר איש לעבע . . .

— גוסטאַוו האָט אימער געזאָגט אַז די מויד פירט מאַטעקן אַראָפּ פון גלייכן וועג, — האָט דער אָנקל מענדל, ווי זיין שטייגער איז געווען, געדאַרפט נאָכזאָגן דעם ברודערס ווערטער, — מיר איז קיינמאָל ניט געפעלן געוואָרן איר אויפפירונג און אירע גענג. זי האָט באַלאַנגט צו דער בערזשע און זי איז געקומען פון דאָרט, זאָלט איר מיר איין טאַוזנט מאָל אַנטשולדיגן פאַר מיין אויסדרוק, פאַרלייזט און פאַרדאָרבן. נאָר עס איז צוואַר מאַטעקס אייגענע שולד. קיינער האָט אים ניט געצוואונגען זי צו נעמען. ווי זאָגט אַ ווערטל: אַזוי ווי מען בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען . . . זאָל גאָט מיך ניט שטראָפן פאַר מיינע רייד, נאָר אַזעלכע פראַוען ווי סאַלטשע קאָנען געוויינלעך קיין קינדער ניט האָבן. דאָס האָט די לעצטע וויסנשאַפט באַשטעטיקט . . .

נאָך איידער ער האָט געקאָנט ענדיקן, מחמת ער האָט גערעדט זייער לאַנגזאַם — האָט זיך פון אַ ווינקל דערהערט דאָס קוויטשיק קול פון דער טאַנטע רעגינטשאַ:

— עס איז מיר אַ וואונדער אויף גוסטאַוון און אויף מענדלען, וואָס זיי האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו מאַטעקס אָרעמע ביינדלעך. פאַרוואָס זאָל אונדז ניט אָנשטיין דער שידוך? ווער ווייסט וועמען עס איז גוט און וועמען נישט? קאָן מען דאָס מיט אַ שעפּ מעסטן? איז דאָס וואַסער, צי וויין, וואָס מען גיסט זיך מיט דעם אַזוי? געוויס האָט עס מיינע ברידער אָפּגעגליקט אין זייער הייראַט. — דאָ האָט זי אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מיט די פינגער פאַרזוכט פון דעם טעלערל אַביסל איינגעמאַכטס און די פינגער געלעקט, — נאָר האָט דען מאַטעקס אָרעמע שוועסטער גוטשיאַ געטראָפן אַ גליק וואָס זי האָט גע־הייראַט דורך אַ שדכן און געקראָגן אַ ווילדע מציאה און ווער ווייסט וואָס פאַר אַ גליק עס האָט זיין יינגערע שוועסטער לאָטשיאַן געטראָפן? מיין ליבער ברודער מאיר: דו ביסט דער געלערנטסטער פון אונדז אַלע. דו וועסט אונדז באַלד זאָגן, וואָס אין דער הייליקער תורה שטייט געשריבן. איך בין בלויז אַ זינדיקע אשה און מיר איז פאַרוואָרט צו גריבלען זיך אין די הייליקע ספרים, נאָר ערגעץ וואו, דוכט מיר אויס, שטייט געשריבן, אַז עס איז אַן עבירה צו רעדן לשון הרע, ניט אַזוי? פאַרוואָס זיצן מיר דאָ איבער דעם גוטן טיש, מיט די געבענטשטע פירות און מיר פאַרשעמען אונדזער מיטגליד, אונדזער צוגעקומענעם מיטגליד אין דער פאַמיליע?

— איש גלאובע, דאָס זי האָבן פּולקאָם רעכט, ריעגינטשאַ, — האָט, ווי אין אַ זייט, אַ זאָג געטאָן עמאַ און זי איז אַרויס פון צימער אין קיך אַריין, ווי זי וואָלט זיך געהאַט דערשראָקן פאַר אירע אייגענע ווערטער.

דער אָנקל מאיר איז געווען דער איינציקער פון די ברידער וואָס האָט געטראָגן אַ בערדל. עס איז געווען רויטלעך־בלאָנד און שיטער, שמאָל און לענגלעך. ער האָט זיך כסדר געגלעט דאָס בערדל און זיינע גרויסע בלאַסע אויגן האָבן אַרומגעוואַנדערט איבערן צימער און זיך אָפּגעשטעלט אויף דער בליך־לאָמפּ, וואָס איז געהאַנגען נידעריק איבערן טיש. מען האָט געקאָנט באַמערקן, אַז ער קלייבט זיך עפּעס זאָגן, נאָר ער ציילט יעדעס וואָרט און ער האָט דאָס מורא פון מויל אַרויסצולאָזן. ענדלעך האָט ער אַ הוסט געטאָן און עס איז שטיל געוואָרן און אַלעמענס בליקן האָבן זיך אַ ווענד געטאָן אין זיין זייט.

— עס איז אַזוי די מעשה: מאַטעק איז אונדזער אייגן פלייש און בלוט און עס איז שווער פאַר מיר וואָס איך האָב ווירקלעך דאָס קינד ניט קענען געלערנט צו זאָגן אַ מיינונג אַהין אָדער אַהער. ניט שייך זיך צו קאָכן אחר המעשה. דאָס קינד איז גענוג געשטראָפט געוואָרן, וואָס ער איז געבליבן אַ יתום אַזוי יונג, ניט פאַר קיין יידיש קינד געדאַכט. שליסן אַ שידוך איז אַ גרויסע זאַך, אַ גרויסע מצווה. וועגן דער סאַלטשאַ קאָן איך אויך גאָרניט זאָגן. איך האָב דאָס מעידשען ניט געזען. נאָר זאָל זיין ווי עס איז. עס האָט, חלילה, געקאָנט זיין ערגער. אַ דאַנק דעם שם יתברך דערפאַר. זאָל עס אים זיין צו גליק און הצלחה, אמן.

נאָר פון יענעם אויף דער נאַכט אָן האָבן די אָנקלס און די טאַנטעס באַגעגנט גוטשיאַן אָדער לאָטשיאַן מיט אַ מין ציניש שמייכל:

— עפּעס געהערט פון אַמעריקע?

— וואָס מאַכט די ביידע שוועגערן פון נעוויאָרק?

— מאַטעק שרייבט? סאַלטשע איז צופרידן?

סיי גוטשיאַן און סיי לאָטשיאַן זיינען די פראַגעס ניט געפעלן געוואָרן און זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען, אַז דער משפחה שטייט ניט אָן דער שידוך. גוטשיאַ וואָלט אַוועקגעגעבן אַ „העלפט פון איר לעבן" צו וויסן ווי אַזוי סאַלטשע באַהאַנדלט מאַטעקן. נאָר גיי געפין אויס, ווען זי איז דאָ און זיי זיינען דאָרטן. לאָטשיאַ האָט געפּרוווט אַריינמישן אין יעדן בריוו פון מאַטעקן און סאַלטשען אַ מיין, וואָס זאָל איר געבן דעם שליסל צו זייער צו־זאַמענלעבן.

דורך אַ פריינט האָט לאָטשיאַ אויסגעפונען גאָלדעס אַדרעס און זי האָט איר געשיקט אַ וואַרעמען בריוו. זי האָט אויסגעפונען, אַז גאָלדע האָט אַ

קינד, האָט זי ביי דער געלעגנהייט איר אָנגעוואונטשן דאָס בעסטע. די הויפּט־זאַך איז, נאַטירלעך, געווען די ביטע וואָס לאָטשיאַ האָט געהאַט צו גאָלדען: אַז זי זאָל איר שרייבן, ווי עס לעבט זיך איר ברודער מאָטעק מיט זיין פרוי סאַלטשע.

האָט טאַקע לאַנג ניט געדויערט און עס איז פון גאָלדען אין ניו־יאָרק אָנגעקומען אַן ענטפער אויף לאָטשיאַס בריוו. און גאָלדעס בריוו איז גע־גאַנגען פון האַנט צו האַנט און לאָטשיא האָט אים ווי אַריינגעשטופּט אין אָנקל מענדלס האַנט, אין אָנקל גוסטאַוווס האַנט און די טאַנטע עמאַ האָט לאָטשיאַן געגלעט איבערן קאָפּ און געזאָגט: „שעין, זעהער שעין, איש בין יאַ זעהער אונד זעהר צופרידן“. און די טאַנטע רעגינטשאַ האָט צוגענומען דעם בריוו אויף אַ טאָג־צוויי און זי האָט אים שטודירט ביי זיך אין בעט, ווי איר טבע איז געווען, ווען זי האָט זיך געוואָלט קאָנצענטרירן. — לאָטשיא, דיזער בריוו איז בעסער ווי איך האָב דערוואַרט. די גאָלדע איז זייער נאַ־איוו, אָדער זי איז אַ גרויסע און געאיבטע ליגנערין, אָדער מאָטעקן האָט גע־טראָפן אַ גליק.

וואָס האָט גאָלדע געשריבן?

פריער פון אַלץ האָט זי דערציילט וועגן זיך און וועגן איר קינד. דערנאָך האָט זי אָפּגעגעבן דעם הויפּט־פּלאַץ פון איר בריוו צו דעם וואָס האָט לאָטשיאַן הויפּטזעכלעך אינטערעסירט — צו מאָטעקס פאַרהייראַט לעבן. זי האָט געשריבן:

„. . . און וועגן סאַלטשאַן קאָן איך דיר, ליבע לאָטשיא, מיטיילן, דאָס זי האָט מיךווירקלעך איבערראַשט מיט איר גוטן כאַראַקטער און איר ליבעס־ווירדיקייט. זי איז אַן איבערגעגעבענע באַלעבאָסטע און זי איז פאַרליבט אין מאָטעקן און זי איז אים געטריי ווי אַ מאַמע . . . עס איז אים נישט צו דערקענען. ער איז געוואָרן פריילעכער, סטאַטעטשנער, פאַראַנטוואָרטלעכער. ער קומט פון דער אַרבעט גלייך אין הויז אַריין און ער ווייסט ניט וואָס פריער צו טאָן פאַר זיין סאַלטשע . . . איבערהויפּט זינט סאַלטשע איז געוואָרן אין אַנדערע אומשטענדן . . . זייער הויז איז שיין איינגעאָרדנט, ניט רייך, נאָר מיט געשמאַק און זייער נעט. מאָטעק איז אַן איינפאַכער אַרבעטער, נאָר אין אַמעריקע פאַרדינט אַיין עלעקטריקער בעסער ווי אַ סוחר אין לאָדזש . . . זאָ, דאַרפסטו זיך, ליבע לאָטשיאַ, גאָרנישט זאָרגן און דו און דיינע געשוויסטער דאַרפן זיין צופרידן וואָס מאָטעק האָט געפונען זיין באַשערטע“.

גוטשיאַן האָט דער בריוו אינגאַנצן צעטומלט. אַנשטאָט זיך צו פרייען מיט אים האָט זי אָנגעהויבן געפינען וואָס צו רעדן אויף גאָלדען. די גאָלדע איז ניט אויפריכטיק. זי האָט עפּעס אַ ספּעציעלע אורזאַך פאַרוואָס זי שרייבט

אַזוי. אַ קאַץ שיקט מען ניט נאָך סמעטענע. זי איז ניט די פּערזאָן ביי וועמען זיך אָנצופרעגן וועגן מאָטעקן. מען דאַרף שרייבן צום אָנקל וועלוול. נאָר ער איז דאָך ניט אין ניו־יאָרק. מען דאַרף אים בעטן, אַז ער זאָל פאָרן אין ניו־יאָרק אויסגעפינען.

האָט גוטשיאַ צום אָנקל וועלוול ניט געשריבן, נאָר זי האָט אָנגעשריבן אַ לאַנגן בריוו צו מאָטעקן און זיך ניט געמאַכט ווּיסנדיק וועגן דעם וואָס זי האָט אויסגעפונען פון גאָלדען — וועגן סאָלטשעס צושטאַנד. זי האָט געוואָלט הערן פון מאָטעקס הויז, פון איר אייגענעם ברודער. זי האָט אים געשטעלט אַ צאָל פראַגעס און געבעטן אַן ענטפער אויף יעדער פראַגע.

און ווען ס׳איז אָנגעקומען מאָטעקס בריוו, איז גוטשיאַ געווען אינגאַנצן אַנטוישט. מאָטעק האָט אויף אירע פראַגעס גאָרניט געענטפערט. זי האָט געוואָלט וויסן, צי ער פירט אַ כשר הויז, צי ער האָט חתונה געהאַט כדת משה וישראל, צי זאָגט ער קדיש נאָך זיינע גאָטזעליקע עלטערן, צי גייט ער יום־טוב אין שול, — מאָטעק האָט אויף דעם אַלעם ניט געענטפערט.

און נאָך מער האָט איר פאַרדראָסן וואָס סאָלטשע האָט אינגאַנצן דאָס־מאָל נישט געענטפערט. שוין אָפּגערעדט וואָס ביידע האָבן פאַרשוויגן איר צושטאַנד.

איז גאָלדעס בריוו געבליבן אַ רעטעניש. ווער עס האָט זיך געפרייט מיט אים — לאָטשיא, מלכה און אַנדזשיא; ווער עס האָט זיך געשטיקט מיט אים — גוטשיא און די אָנקלס און די טאַנטע רעגינטשא.

מער האָט גאָלדע ניט געשריבן. מער האָט לאָדזש ניט געהאַט קיין קאָנ־טאַקט מיט ניו־יאָרק וועגן מאָטעקן. מאָטעק איז געבליבן אַ רעטעניש ביי דער משפחה אין לאָדזש. סאָלטשען האָט מען ניט געקאָנט איינבייסן אָדער פאַרגעבן איר באַלוטשן שטאַם.

ווען גוטשיאַ האָט מאָטעקן געלאָזט וויסן, אַז זי האָט מיט מזל חתונה געהאַט און זי האָט אים אין אַ בריוו דערציילט, אַז זי לעבט זיך מיט איר זעליקן ווי צוויי טייבעלעך, האָט זי געהאַט אַביסל איבערגעטריבן. איר מאַן זעליק איז טאַקע געווען אַ פרומער ייד, וואָס דאָס איז גוטשיאַן געווען שטאַרק געפעלן, נאָר אויסער זיין אָפּהיטן יידישקייט, האָט זי אין אים קיין אַנדערע מעלות נישט געפונען. און געזוכט האָט זי ווי מיט ליכט און געוואָלט האָט זי זייער אַרויסקומען פאַר דער וועלט און קאָנען זאָגן: „זעט וואָס פאַר אַ וואוילן מאַן איך האָב". געווען איז דאָ אָבער אַנדערש. דער שידוך מיט אים איז געווען אינגאַנצן אויף אַ געשעפטלעכן אופן. ער האָט זיך געדונגען וועגן דעם נדן און ער האָט מער געקוקט אויפן געלט און אויף אָנקל גוסטאַוו קעשענע, ווי אויף דער כלה.

וואָס־וואָס, קיין נאַר איז גוטשיאַ ניט געווען. זי האָט דאָס באַמערקט און פאַרשטאַנען. ביי איר איז די הויפּטזאַך געווען זיך באַקענען מיט אַן ערלעכן יידן, וואָס נויטיקט זיך אין אַ לעבנס־פריינט. און דאָס קאָן זי דאָך זיין. זי גאַרט דאָך נאָך דעם איר גאַנץ לעבן. זי האָט אין דער אמתן קיינמאָל ניט געהאַט גענאָסן פון קיין פריינטשאַפט. אירע עלטערן זיינען געווען צו־פאַר־נומען מיט זיך און מיט דאגות פרנסה און מיט געזונט דאגות, אַז זיי זאָלן קאָנען זיך אַוועקזעצן מיט זייער עלטסטער טאָכטער און פאַרברענגען מיט איר און זיך אָפּגעבן צו אירע אינטערעסן, אָדער זי האָבן אין זינען. פאַר־קערט, עס איז געווען גוטשיאַ וואָס האָט פון קינדווייז אויף אַלעמען אין זינען געהאַט, נאָר ניט זיך אַליין. זי האָט געדאַרפט אויפפּאַסן אויף דער אַלטער יאַדוויגאַ, די פּוילישע דינסט, אַז יענע זאָל זיך ניט מישן אין כשרות פון הויז. זי האָט געדאַרפט איינקויפן, זיך שלעפּן מיט שווערע פּעק פון באַלוט, איינהאַנדלען מציאות, ווילדע מציאות; זי האָט געדאַרפט זיין אַ מאַמע צו אירע שוועסטערלעך און צום צעפּלאָשעטן בן יחיד מאַטעק, וואָס איז איר דערגאַנגען די יאָרן מיט זיינע צעלאָזענע שטיק. זי האָט געדאַרפט שלאָפן מיט סאַלטשען אין איין בעט און זיך אויפכאַפּן, ווען יענע איז אַהיים געקומען שפּעט און אויסהערן די מעשיות וועגן בחורים און מיידלעך.

צוליב איר שטענדיקער פאַרנומענקייט האָט גוטשיאַ ניט גענאָסן קיין עלעמענטאַרע בילדונג. זי האָט דאָס גאַנצע לעבן אירס דאָס שטאַרק באַ־דויערט, איבערהויפּט דעם פאַקט וואָס זי האָט צוליב דעם קיין חברטעס ניט געקאָנט זיך פאַרשאַפן, ווי די איבעריקע שוועסטער אירע, וואָס זיינען גע־גאַנגען אין שקאָלעס און זיי האָבן אַהיים געבראַכט סטודענטקעס, אַזעלכע פיינע, געהאָרכזאַמע מיידלעך. אָ, ווי זי האָט געבענקט נאָך אַזעלכע חברטעס, גוטשיאַ.

ווען די עלטערן זיינען איר אָפּגעשטאָרבן אַזוי יונג, איז זי דאָך געבליבן אַ פאַרצאָגטע, אַ פאַרקלאָגטע — און וועלכע יונגע מיידל האָט זיך דאָס גע־וואָלט חברן מיט אַזאַ פאַרוויינטע נשמה? געצויגן זיך צו איר האָבן על־טערע פרויען, אלמנות, גרושות, אַזוי קראַנקע באַשעפענישן, וואָס האָבן גע־זוכט שטענדיק פאַר וועמען דאָס ביטערע האַרץ אויסצוגיסן.

זי טראַכט ניט איינמאָל, אַז זי איז אַליין שולדיק אין איר צושטאַנד. ערשטנס, האָט זי זיך ניט געוואָלט אָנטאָן קיין ליכטיק קליידל. שטענדיק געטראָגן שוואַרץ, שטענדיק אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם רחמנות בליק. שטענדיק האָט איר געצויגן צום בית עולם, וואו זי האָט זיך געקאָנט גוט אויסוויינען פאַרן טאַטנס קבר. און ווי אַלט איז זי דען דאָן געווען? נאָך ווייט פון צוואַנציק, ווען אַנדערע מיידלעך ברענען אַ וועלט.

אין די פלעצער וואו זי האָט געאַרבעט, האָט מען זי ליב געהאַט. נאָר ווער זיינען דאָס געווען די אַרבעט־געבער? אויסגעכאַליעטע יונגע פרויען, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט אָפּגעבן צו זייערע קינדער און גוטשיאַ האָט געדאַרפט אויפפּאַסן אויף זיי און אָפט איבערנעכטיקן אין די היימען. אָט די יונגע פרויען זיינען מערסטנס געווען מענטשן אָן הערצער, אָנגעפּרעסן, ניט געוואוסט פון וואוילטאָג וואָס צו טאָן מיט זיך. זיינען די קינדער געווען אַ לאַסט און זיי, די קינדער, האָבן אויסגעלאָזט זייער כעס צו איר, גוטשיאַן, דערפאַר וואָס זיי האָבן געבענקט נאָך זייערע מאַמעס, ניט נאָך איר.

האָט מען אומעטום געלויבט איר איבערגעבנקייט. ערלעך איז זי געווען, אַ קינד איז דאָך אַ קינד, דאַרף מען עס האַלטן ריין, דאַרף מען זיך שפּילן מיט דעם, דאַרף מען עס גוט באַהאַנדלען, נאָר אויסער דאָס ביסעלע ליבע וואָס קינדער האָבן איר טיילמאָל אַרויסגעוויזן האָט זי קיין פריינטשאַפט ניט געהאַט. היינט דאָ, מאָרגן דאָרט. די מאַדאַמעס האָבן אַראָפּגעקוקט אויף איר, ווי זי וואָלט געווען פון אַ נידעריקערן שיכט, פון ערגסטן שטאַנד.

נו, זי האָט געוואָלט חתונה האָבן יונגערהייט. אפשר ווען זי איז ניט פרום, ווען זי גייט אין קאָלאָ־גאָרטן און פאַרברענגט מיט מיידלעך, וואָלט זיך איר אויך געמאַכט אַ פּאַרטיע. נאָר טאָמער איז איר אַמאָל אויסגעקומען צו פאַרברענגען מיט אַ בחור, האָט זי באַלד איינגעזען, אַז ער איז ניט קיין פרומער, אַז ער איז איינער פון די „באַלאַגאַנען". די פרומע יונגעלייט האָבן אויף קיין מיידלעך ניט געוואָלט קוקן. כאָטש מען האָט דערציילט דאָס פאַר־קערטע, נאָר אין איר דערפאַרונג האָט זי קיין בחורים מיט פּאות ניט גע־טראָפן אַליין. אַזעלכע האָט מען געקאָנט קריגן דורך אַ שדכן און זי האָט ניט געקאָנט צוגיין צו אַ שדכן מיט אַ שירעם און זאָגן: קריגט מיר אַ בחור. און די אָנקלס האָבן זיך ניט געאיילט. מען האָט איר דערציילט, אַז די אָנקלס האָבן יאָ געזוכט אַ בחור פאַר איר, נאָר עס איז געווען מלחמה־צייט און זיי זיינען געווען מיט גאָלד צוגלייך. קיין קאַליקע האָבן זיי ניט געוואָגט איר פאַרצושלאָגן און זי וואָלט זיי דאָך דאָס ניט פאַרגעבן. איז געבליבן אויסצו־קלייבן אַן עלטערן יידן, אַן אלמן, איבערהויפּט, אַז עס האָט זיך געמאַכט אַן אלמן אָן קינדער, איז מען אים נאָכגעלאָפן. ס׳איז דאָך געווען גלייך נאָך דער מלחמה, ווען פרויען זיינען געווען אַ סך און מענער ווייניק.

זי איז געווען אַזוי גוט צו זעליקן, נאָר ער הויבט עס ניט אָן אָפּצושאַצן. עפּעס אַ מענטש אָן אַ הארץ, אָן אַ נשמה. זי רעדט אים קיינמאָל ניט אַנטקעגן, נאָר ער האָט איר נאָך קיינמאָל קיין גוט וואָרט ניט געזאָגט. אפילו ווען זי איז געלעגן קראַנק צו בעט, האָט ער אַריינקומענדיק געבורטשעט. עס האָט אים אויסגעפעלט דער געדעקטער טיש, די געקאָכטע שפּייז. שטענדיק פאַר־

במורעט, שטענדיק קוקט עס קיינעם ניט אין די אויגן אַריין. דאָס איינציקע מאָל, ווען עס ווערט איר גוט מיט אים, איז ווען ער זעצט זיך אַוועק איבער אַ ספר און „זאָגט" אויפֿן קול. דאַן איז ער גאָר אַן אַנדער מענטש. ער צעוואַרעמט זיך, ער צעשמייכלט זיך און ווען ער פֿאַרמאַכט דעם ספר, טראָגט זי אים אַנטקעגן איר דאַנקבאַרן שמייכל, איר צופֿרידנקייט און ער ענטפֿערט מיט אַ פֿול מויל: „די תּורה איז טיף, די תּורה איז אַן אַ דנאָ".

נאָך אַ זאַך. ער האָט ניט ליב קיין מענטשן, זעליק, דוכט זיך איר אויס. טאָמער וויל זי אים אַמאָל נעמען צום אָנקל מאיר, וואָס האָט זיך לעצטנס באַזעצט אין לאָדזש, ווערט ער אַן אויפֿגעקאָכטער. טאָמער קומט לאָטשיאַ אין הויז אַריין מיט הענעקן, קאָן זיך זעליק קיין אָרט ניט געפֿינען. און אין זיבעצן האָט זי געהאַט, גוטשיאַ, אַז צווישן איין מאַן און לאָטשיאָס' מאַן זאָל זיך איינשטעלן עפּעס אַ געשעפֿט־פֿאַרבינדונג. הענעק איז דאָך אַ קאָפּ־מענטש און זעליקן קאָן פֿון אַזאַ דערנעענטערונג אַרויסקומען בלויז גוטס. וויל ער ניט. און קיין גרויסער בעל פּרנסה איז ער דאָך אויך ניט. פֿאַר דער חתונה האָט ער זיך אַ היבש ביסל באַרימט מיט זיין סוחרישקייט. עס פֿאַסירט ניט איינמאָל אַז זי, גוטשיאַ, דאַרף עפּענען אַ קניפּל און אַרויסנעמען אַ פּאָר רובל, כּדי דאָס הויז זאָל האָבן אַ לייטישן אויסזען.

גלייך ווי לאָטשיאַ האָט געהייראַט מיט הענעקן האָט מען אָנגעהויבן רעדן, אַז הענעק איז געווען אומצופֿרידן פֿון אָנקל גוסטאַוו. געמיינט האָט ער, אַז דער אָנקל וועט אַריינגעמען צו זיך אין דער פֿירמע. הענעק האָט זיך איבערגענומען מיט זיינע קענטעניש. און דערפֿאַר וואָס דער אָנקל גוסטאַוו האָט זיך געמאַכט, ווי ער פֿאַרשטייט ניט וואָס מען רעדט צו אים, איז הענעק געוואָרן אָנגעבלאָזן און ער איז אַוועק צו זיין פֿאָטער און די הילף באַקומען פֿון דאָרט, ניט פֿון לאָטשיאָס צד. נאָך אַלעם איז דאָך גוסטאַוו בלויז אַן אָנקל און לאָטשיאַ האָט אים ניט געקאָנט זאָגן קיין דעות. איז הענעק אָנגעבלאָזן אויף איר משפּחה. פֿאַרדריסט עס לאָטשיאַן, נאָר אַזוי ווי זי איז דאָך אַ קלוגע, האָט זי גלייך פֿאַרשטאַנען און זי האָט זיך אַריינגעוואָרפֿן אין געשעפֿט צו העלפֿן איר מאַן. דאָס איז הענעקן געפֿעלן געוואָרן און זיי לעבן זיך טאַקע ווי די טייבעלעך. מען רעדט צווישן זיך פּויליש. מען קושט זיך אין די פּיסקלעך. הענעק איז אַ שיינער יונג און לאָטשיאַ איז דאָך גאָר אַ מלכּות.

וואָס עס פֿאַרדריסט אָבער גוטשיאַן איז, וואָס הענעקן אַרט ניט וואָס לאָטשיא גייט שוין אַרום „מיט אַ בויך" און ער לאָזט איר אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג אין געשעפֿט. עס קומט איר אויס אויפֿצוהויבן אַ פּאַק און בכלל צו טראָגן דעם עול אויפֿן קאָפּ. לאָטשיא האָט זיך פֿאַרדינט, אַז עס זאָל איר

אָנקומען אַ גרינג טראָגן.

ביידע פאַרהייראַטע שוועסטער צעקריגן זיך, בעטן זיך באַלד איבער און מען האָט איין זאָרג — מלכה. מיט יעדן טאָג ווערט זי ביי זיי אַלץ מער אַ האַרץ־צופּעניש. זי איז שוין ניט קיין קינד, נאָר זי פירט זיך אויף ווי אַלע וואָלטן איר שולדיק געווען עפּעס. נאָר זי גייט אַרום מיט טענות און מענות און פאַרזויערט און פאַרטרויערט. כאָטש נעם און שיק זי צוריק אין שטעטל און זאָל זי דאָרט פּאַשען די ציג, ווי אַמאָל ווען זי איז געווען אַ קליין קינד. גוטשיאַ איז גערעכט ווען זי זאָגט, אַז מלכה דערמאָנט איר אַביסל אין דער טאַנטע רעגינטשאַ, וואָס וויל אויך קיינמאָל פון הויז ניט אַרויסגיין און זיצט איבער דיקע ביכער אָדער ליגט אין בעט און לייענט די ביכער און האָט טענות צו דער וועלט, אַז מען האָט זי פאַרנאַכלעסיקט. נאָר לאָטשיאַ האַלט, אַז מען דאַרף געפינען אַן אויסוועג פאַר מלכהן. זי לערנט זיך גוט. זי וועט שטענדיק זיין אַ סטודענטקע. זי אַרבעט אַלס בוכ־האַלטערין און מען איז פון איר צופרידן. זי פאַרדינט צימלעך גוט, נאָר זי קליידט זיך ניט גוט. זי ווייכט פון געזעלשאַפט און זי וואָלט וועלן, אַז אַלע בחורים זאָלן איר פאַלן צו די פיס און אירע טריט קושן. היינטיקע צייטן איז דאָס דאָך פאַרקערט. די מלחמה האָט אַלץ איבערגעקערט. גיי אַרויס, באַקען זיך מיט אַ בחור, ביסט אַזוי יונג, פאַרדינסט גענוג, קלייד זיך אויס, האָסט אַ פיינע פאַמיליע, אייל זיך ניט, מיט דער צייט וועסטו דיר צוקלייבן דיין באַשערטן. ניין. עס זיצט און עס קרעכצט אויף נעכטיקע טעג און פאַרלאָרענע יאָרן. הלוואי וויל זי פאָרן קיין אַמעריקע צו מאַטעקן. ניין, גע־פעלט איר מאַטעק אויך ניט. ער האָט זיך ביי איר ניט אָנגעפרעגט, צי ער זאָל חתונה האָבן מיט סאַלטשען . . .

די איינציקע וואָס איז אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש איז די קליינע אַנ־דזשיאַ. זי איז קליין אין וואוקס און די יינגסטע. די בעסטע סטודענטקע, אַ שמייכלדיקע און אַ שטילע טויב. באַרעדט קיינעם ניט, האָט צו קיינעם קיין טענות ניט און זי וועט זיך איר שטעטל באַשטיין אַזוי שטילערהייט און שווייגנדיקערהייט. זי האַלט אירע אויגן אָפן און זי גייט אַרום מיט בחורים און בחורים קומען צו איר און פאַרנייגן זיך פאַר איר און ציען זייערע היט אַראָפּ פאַר איר.

נאָר אַלע פיר שוועסטער, האָבן איין געדאַנק — עס פעלט זיי אויס זייער איינציקער ברודער, וואָס האָט זיי פאַרלאָזן און וואָס וועט מער ניט צוריק־קומען און וואָס האָט זיי אַלעמען אָפּגעטאָן אויף טערקיש און חתונה געהאַט מיט סאַלטשען.

## קאַפּיטל נײַן

# אָן אַ נאָמען

.1

טאַלטשע האָט זיך געשטאַרקט מיט אַרויסצואווייזן פֿאַר מאָטעקן אַז זי לײַדט פֿיזישע יסורים. עס איז דאָך נאָר אַ פֿראַגע פֿון עטלעכע וואָכן און די גרויסע פֿרייד וועט קומען. ביז איצט האָט מאָטעק זי געהאַלטן אין איין לויבן פֿאַר איר גוט אויסזען, פֿאַרן ניט באַקלאָגן זיך פֿאַר אים. ערשט גאָר לעצטנס האָט זי זיך מער ניט געקאָנט קאָנטראָלירן און אים דערציילט וועגן אירע קאָפּ־ווייטאָקן, וועגן דעם ווי עס ברעכט איר דער רוקן, וועגן דער ניט־גוטקייט וואָס באַפֿאַלט איר.

עס האָט איר אין אַ געוויסן זין באַנג געטאָן, וואָס זי האָט איבערגע־לייענט אַ בוך וועגן שוואַנגערשאַפֿט און מוטערשאַפֿט. זי האָט פֿיל געלערנט דערפֿון און דאָך האָט די אָפּטייל וועגן דעם וואָס עס קומט פֿאָר בעת דער שוואַנגערשאַפֿט זי היבשלעך איבערגעשראָקן. זי האָט געוווּסט דעם אמת — כאָטש זי האָט עס פֿאַרלייקנט פֿאַר מאָטעקן — אַז זי איז די גאַנצע צײַט ניט געזונט, אַז דאָס שוועננגערן האָט בײַ איר צוגענומען אַלץ פֿון קערפּער און ווי אויסגעטריקנט אין איר אַלע קוואַלן פֿאַר איין נײַעם שטראָם. ווי עפּעס אַ פּיאַווקע וואָלט כּסדר געזויגן, געזויגן דעם זאַפֿט פֿון איר. נאַטירלעך פֿילט זי זיך צופֿרידן דערפֿון. זי איז זיך מקריבֿ פֿאַרן נײַעם איך, פֿאַר איר קינד, וואָס וועט זײַן די פּערפֿעקציע פֿון איר און מאָטעקן. אַלץ איז דאָס ווערט, אַז דער גרויסער וואונדער זאָל צושטאַנד קומען. נאָר אָפֿט באַפֿאַלט איר אַ פּחד פֿון דעם געדאַנק, אַז זי גייט אויס, ווערט אויסגעזאַפּט, כּדי צו געבן אַ לעבן צו איר נאָכפֿאָלגער.

געווען מאָמענטן, געווען טעג, ווען זי איז אינגאַנצן געווען באַוועלטיקט פֿון אַ געפֿיל, אַז מיטן געבוירן פֿון קינד, וועט זי אָפּשטאַרבן, טאַקע שטאַרבן. עס האָט זיך איר דאַן אויסגעוויזן, אַז זי וועט שטאַרבן אין קימפּעט, אַז זי וועט אומקומען. וויפֿל דר. בריסקין האָט איר ניט פֿאַרזיכערט, אַז אַלץ איז נאָרמאַל, אַז זי דאַרף זיך לחלוטין ניט שרעקן, האָט זי זיך אָבער ניט געקאָנט באַפֿרייען פֿון דעם נאָגנדיקן, זינקענדיקן געפֿיל, אַז דער שאָטן פֿון טויט

לויערט איבער איר און אַזוי ווי ס'איז איר ניט געווען באַשערט קיינמאָל צו האָבן פרייד אין לעבן, אַזוי וועט עס איר ניט געלינגען צו געניסן די גרויסע פרייד וואָס איז אַ פרוי באַשערט צו האָבן — צו ווערן אַ געזונטע מאַמע.

סאַלטשע פלעגט זיך אויפכאַפּן אין דער שטילקייט פון דער שטאָק־פינצטערער נאַכט און זיך איינהערן צו זיך אַליין. זי איז געזונקען, זי איז געווען ליידיק, אַזוי ליידיק, ווי אַ געפּלאַצטער באַלון, זי איז געווען אין פּראָ־צעס פון אויפלייזונג. זי האָט געוואָלט אויפוועקן מאָטעקן, וואָס איז געלעגן ביי איר זייט און געאָטעמט אַזוי רעגולער און רואיק.

— מאָטעק, איך גיי אויס! ראַטעווע מיך! — האָט זי אים געוואָלט זאָגן. נאָר זי האָט זיך איינגעהאַלטן. זי האָט זיך אַליין געפּרואווט טרייסטן:

— נאַרישע מויד, אַלע פרויען גייען דורך דאָס זעלבע. גאָלדע איז מסתם אויך געווען אַזוי ווי דו, נאָר זי איז קליגער פון דיר. וואָס וועט מאָטעק טראַכטן, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז דו האָסט ניט אויסגעהאַלטן די פּראָבע. ער וועט לאַכן פון דיר דאָס גרויסע געלעכטער. דאַרפסט בלייבן לעבן צוליב מאָטעקן. וואָס וועט ער טאָן אָן דיר?

נאָר באַלד איז איר באַפאַלן אַזאַ ניט־גוטקייט, די הענט זיינען איר גע־וואָרן ווי אָפּגעדאַרט און אַ שווייס האָט באַשווערט איר שטערן. זי האָט זיך געהערט שעפּטשען: „מאָטעק, אוי, מאָ־טעק". זי האָט זיך געוואָלט אויפ־הויבן און ניט געקאָנט.

ניט איינמאָל האָט זי איבערגעלעבט אַן ענלעכע דערפאַרונג. זי האָט דערנאָך אין דער פרי טעלעפאָנירט דעם דאָקטאָר און ער האָט זיך אויס־געלאַכט פון איר. ער האָט ניט געלאַכט, ער האָט גערעדט אַזוי איידל צו איר און זי געטרייסט און געזאָגט, אַז דאָס איז גאָרניט, דאָס איז „נערוון". מער רועו, וואָס ווינציקער טראַכטן וועגן זאַכן. יעדן טאָג ווערן מיליאָנען פרויען געלעגן, עלטערע פון איר, שוואַכערע פון איר און — „פילט זיך מונטער, נאָר מונטער, אַמוזירט זיך, פרייט זיך. זייט ווערט אייער מוטערשאַפט, נאָך אַ פּאָר וואָכן און איר וועט לאַכן פון זיך אַליין, וואָס איר זייט געווען אַ שטיקל טרוס".

נאָר וואָס נעענטער די צייט איז געקומען, אַלץ בולטער האָט סאַלטשע אָנגעהויבן דערזען אין אירע טראַכטונגען דעם פּראָצעס פון קינפעט. וואָס מער די קראַמפּן אירע האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו איר, וואָס מער זי האָט דער־פילט, אַז דער קינפעט דערנעענטערט זיך, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן ביי איר דער באַוואוסטזיין, אַז זי איז אויף דער שוועל פון אַ קאַטאַסטראָפע. יע־דער נייער קראַמף איז געווען אַ מין אָנזאָגער, אַז עס קומט. ווען די קראַמפּן וועלן ווערן שטאַרקער, ניט שוואַכער, דאַן וועט זי ווערן אויס מענטש, דאַן

וועט זי ליגן אין שפּיטאָל און שוועבן צווישן לעבן און טויט. קיינער וועט איר גאָרנישט ניט קאָנען העלפן. זי וועט אַליין דאַרפן אויסקעמפן די שלאַכט און זי וויל ניט שלאָגן זיך, זי וואָלט וועלן אַז דאָס קינד אירס זאָל קומען צו איר מיט אַזוי פיל גוטסקייט וויפל זי האָט פאַר אים אָנגעגרייט. פאַרוואָס זאָל דאָס זיין פאַרבונדן מיט פּחד, מיט טויט־געפאַר, מיט ווייען, מיט גוואַלדן און דערנידעריגענדיקע אויפטרייסלענישן?

אינגעווייניק קומט פאַר אַ שרעקלעכער שטורעם, וואָס רייסט די וואָרצלען אויס, פילט זי; אינעווייניק אין איר ווערט אַלץ צעשפּאַרט, כדי צו קאָנען דורכלאָזן איר קינד. עס וועט אַרויסקומען אויף דער וועלט, באַדעקט מיט שליים אין אויסגעקעמפטן צושטאַנד און זי וועט ליגן דאָרט אַ פאַרשמאַכטע, אַ פאַרשעמטע, אַ הילפלאָזע און אין געפאַר פון פאַרגיכטונג . . .

דאָס קעפל איז האַרט און גרויס און קומט אַרויס פריער פון אַלץ און מאַכט אַ וועג פאַרן גאַנצן גופל. עס שטופּט זיך מיט גוואַלד אַרויס און פאַר־שאַפט איר אַזעלכע יסורים און שטעלט איר לעבן אין געפאַר און — ערגער נאָך, האָט זי געטראַכט, — עס קאָן דאָס קינד אומברענגען. וויפל עופעלעך קומען אַרויס בלינדע און צעקאַליעטשעטע! וויפל אומגליקן פאַסירן נאָך דעם, אַמאָל פאַר דער מאַמען, אַמאָל פאַר דעם קינד! פאַרוואָס האָט נאַטור געמאַכט דעם פּראָצעס אַזוי שווער, אַזוי אומעסטעטיש, אַזוי וואולגאַר און ציניש? ווי וועט זי קאָנען קוקן דעם דאָקטאָר אין פּנים אַריין נאָכדעם? נאָך גוט וואָס מאַטעק וועט דערביי ניט זיין. אָפּגעהיטן זאָל זי ווערן, אויב זי וועט דאַרפן האָבן דאָס קינד אין שטוב. זי וועט דאָס ניט אַריבערטראָגן . . .

זי האָט נאָכאַמאָל איבערגעלייענט אין בוך די שטעל וואָס האָט זי אַזוי צערודערט:

„די געבורט־ווייטיקן זיינען איינער פון די שרעקלעכסטע יסורים. מען קאָן זיי אינגאַנצן ניט אויסמיידן אָדער באַזייטיקן, ווייל זייער מקור איז — די נאַטור גופא פון דער פרוי. יעדע פרוי, וואָס איז פאַרנומען געוואָרן אין טראָגן, האָט דורך דעם אַליין זיך פאַרמשפּט אויף שווערע פיזישע איבערלעבונגען אין ניין חדשים אַרום, און דאָס זיינען איבער־לעבונגען, פון וועלכע זי קאָן בשום אופן נישט אַנטלויפן. זיי קומען מיט דער אומברחמנותדיקייט פון אַ ביאָלאָגיש געזעץ".

און דאָך האָט זי מאַטעקן וועגן דעם ניט דערציילט און אויסבאַהאַלטן דאָס בוך פון אים און ער האָט אפילו ניט געוואוסט, אַז זי האָט דאָס געלייענט. זי האָט זיך געפּרוואווט באַפרייען פון אירע שווערע שטימונגען, ווען די צייט האָט זיך דערנעענטערט פון זיין אַהיים קומען. זי האָט זיך פאַרפּוצט פאַר אים, זיך איבערגעטאָן, זיך געפּודערט און טאַקע זיך אויף אַן אמתן

דערפרייט מיט זיין אַריינקומען. זי האָט אים אַרומגענומען און געקושט אויס־געבענקטערהייט. ער האָט דערפילט אין איר קוש, אַז זי האָט עפּעס איבער־געלעבט, אַז זי איז עפּעס דורכגעגאַנגען. איר קול איז געווען אַנדערש, אירע אויגן זיינען געווען טיף אַריינגעזעצט, איר גאַנצע באַוועגונג איז ניט געווען נאַטירלעך.

— געהאַט אַ שווערן טאָג, סאַלטשע? קום אַהער, זעץ זיך אַוועק, דאָס עסן וועט ניט אַנטלויפן, דערצייל מיר אַלץ, טייער קינד.

— מיר קומען אויס צווישן זיך דערווייל, וואָס ווייטער וועט זיין, וועלן מיר דיר צו־וויסן טאָן. דו וועסט דאַרפן אויסגלייכן אונדזערע קריגערייען, — האָט זי געשמייכלט און מאָטעק האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז אינגאַנצן אַריינ־געטאָן אין איר לאַגע.

ער האָט זיך געוואונדערט וואָס זי רעדט ניט וועגן דעם לעצטנס, נאָר זי שפּאַסט מיט אים ווען ער פרעגט זיך נאָך. בלויז ווען דער קאָפּ טוט איר שטאַרק ווי, ווייזט זי אַרויס אַז זי ליידט, ווייטער גייט אַלץ צו גלאַטיק, האָט ער געטראַכט.

סאַלטשע האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן. דער דאָקטאָר האָט איר געהייסן אָנגרייטן פאַר זיך און פאַרן קינד.

— פון איצט אָן זייט איר אין צווייען, — האָט ער געשמייכלט.

ווען מאָטעק האָט געזען ווי סאַלטשע פאַרעט זיך מיט די זאַכן פאַרן קינד, האָט ער געפילט אַז זי טוט דאָס אַביסל פאַרשעמט און דאָך וויל זי אַז ער זאָל דאָס זען. ער האָט באַמערקט ווי זי לייגט צונויף צוויי בייע קליינע בלויע קאָלדרעס, עטלעכע ווינדעלעך, אַ העמדעלע, זעקעלעך, אַ היי־טעלע, אַן איבערציער, אַ שלאָפרעקל, פאַרזיכער־שפּילקעס, אַ פּאָר האַנטעכ־לעך. שוין מיט וואָכן צוריק האָט סאַלטשע דאָס געהאַט איינגעקויפט און אַוועקגעלייגט אין אַ ספּעציעל שיפלאָדל — דעם קינדס שיפלאָדל.

— שוין, דו ביסט שוין פאַרטיק, סאַלטשע? — איז מאָטעק צו איר צוגעגאַנגען און שעפּטשענדיקערהייט איר געקוקט אין די אויגן אַריין.

סאַלטשע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אים אַריינגעקוקט גלייך אין פּנים אַריין. זי האָט גאָרניט ניט געזאָגט, נאָר ווי געעפנט ברייטער אירע גרויסע אויגן. אין זיי איז געלעגן אַזוי פיל אָפנהאַרציקייט און מילדקייט, אַזוי פיל גוטסקייט און איבערגעגעבנקייט, אַז מאָטעק האָט פאַרקלעמט ביים האַרצן. ער האָט אָנגענומען סאַלטשעס האַנט און מיטאַמאָל זי אַ כאַפּ געטאָן אין זיינע אָרעמס.

— יאָ, מאָטעקל, איך בין גרייט. דו שרעקסט זיך פאַר מיר, מאָטעק?
— האָט זי אין אַ פאַרשטיקט קול געזאָגט.

— פאַרוואָס זאָל איך זיך שרעקן פאַר דיר, סאַלטשע־קרוין? — האָט ער געמאַכט דעם אַנשטעל, אַז ער פאַרשטייט ניט איר פראַגע. נאָר ער האָט זיך פלוצלינג דערשראָקן. אַליין ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס די שרעק, נאָר געפילט, אַז ערגעץ־וואו, אינעווייניק ביי אים, האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן אָפּרייסן און פאַרשווינדן, זיין זיכערקייט האָט אים אָנגעהויבן פאַרלאָזן, זיין גלייכגעוויכט האָט זיך אַ בייג געטאָן מער אויף אַראָפּ, אַראָפּ, אַזוי אַז מען האָט זיך געדאַרפט צוהאַלטן . . .

— באַלד, באַלד וועל איך דאַרפן זיין אין שפּיטאָל, מאַטעק . . .

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און געקוקט אויף אים. ער האָט איר בליק ניט געקאָנט אויסהאַלטן.

— ביסט דען די איינציקע? און מיין מאַמע האָט געהאַט פינף קינדער און זי האָט פון קיין שפּיטאָל קיינמאָל ניט געוואוסט. איז דיין מאַמע גע־גאַנגען אין אַ שפּיטאָל? גיב אַ קוק אויף גאָלדען ווי געזונט זי איז און ווי זי רעדט וועגן האָבן אַ שאָק קינדער . . . וואָס איז דאָ מורא צו האָבן, נאַרעלע?

— מאַטעק, טאַמער, ווי עס מאַכט זיך, טאָמער וועט עפּעס פּאַסירן מיט מיר, זאָלסטו זיך ניט שרעקן. זאָל דיר אויסדאַכטן, אַז איך בין אַוועק אויף אַ דעמאָנסטראַציע, ווי אין די אַמאָליקע צייטן . . .

— הער שוין אויף, סאַלטשע! דו רעדסט דאָך שוין ווי אַ יידענע, ניט ווי אַ קעמפער פאַר אַ נייער אָרדענונג, פאַר אַ נייער וועלט . . .

דאָס רעגנדל איז געווען גרייט. סאַלטשע האָט זיך אָנגעהויבן ריכטן. די קראַמפּן האָבן זיך פאַרמערט, נאָר זיי האָבן אָפּגעלאָזן. זי האָט אָבער גע־וואוסט, אַז עס איז אַ פראַגע פון טעג, ניט פון וואָכן. און מיטאַמאָל האָט זי אינגאַנצן אויפגעהערט מורא צו האָבן. זי איז אויפגעשטאַנען איינמאָל גאַנץ פרי, ניט ווי זי פלעגט זיך פירן לעצטנס, אַז זי האָט מאַטעקן אַליין געלאָזט מאַכן דעם פרישטיק און זי איז געבליבן ליגן אין בעט. דאָס מאָל איז זי אויפגעשטאַנען, ווען ער איז נאָך געשלאָפן. זי האָט אים אויפגעוועקט.

— וואָס איז געשען, סאַלטשע? צוריק אין בעט אַריין. איך וועל אַליין אַלץ באַזאָרגן.

— מאַטעק, דיין פרישטיק איז פאַרטיק. איך וועל אויך עסן.

זי איז געווען מונטערער ווי ווען ס'איז אין אַ לאַנגער צייט. אירע אויגן האָבן געלויכטן מיט אַ גלאַנץ פון צופרידנקייט און מנוחה. איר קול איז געווען לויטער און געלאַסן.

— פאַרוואָס אַזוי פרי אויפגעשטאַנען, סאַלטשע?

— עס הייבט מיך פון בעט, איך פיל זיך ווי אין דער היים ערב אַ גרויסן יום־טוב. ס'איז דאָ אַזוי פיל צו טאָן. ווי זאָגט דר. בריסקין: „איך

זייט נישט מער אַליין. איר זייט אין צווייען". מען קאָן באַלד זאָגן, מאָטעק, אַז מיר זייבען אין דרייען.

מאָטעקן איז געפעלן איר טאָן, איר שמייכל צווישן די אויגן, איר באַ־לעבאַטיש אַרומגיין איבער דער קיך, ווי זי וואָלט זיך געפילט איינגעפונדעוועט.

— טאָמער וועל איך דאַרפן גיין אין שפּיטאָל, זאָלסטו ניט איבערקלערן, מאָטעק. דו ווייסט דאָך, אַז ס'איז איצט אַ פראַגע פון אַ ליאַדע טאָג. איך בין גרייט, מאָטעק. אַלץ איז פיקס און פאַרטיק, ווי מען זאָגט ביי אונדז אין דער היים.

— דו שרעקסט זיך ניט מער, סאַלטשע? אַ יאָ?

— ווען האָב איך זיך דען געשראָקן? דו נאַרישער בחור, דו!

— עס געפעלט מיר גראָד דיין רואיקייט, סאַלטשע. הלוואי וואָלט איך געקאָנט זיין אַזוי געלאַסן אין אַזאַ געהויבענעם מאָמענט.

— אַ מאַן איז דען אויך אַ העלד? מיר, פרויען, לעבן עפּעס איבער, נאָר איר, מענער, קומט צום גרייטן. אייך איז גוט. איר זייט אויסדערוויילטע, מיוחסים.

— סאַלטשע, טאָמער וועסטו פילן, אַז עס האַלט שוין גאָר שמאָל, זאָלסטו מיר טעלעפאָנירן, וועל איך גלייך קומען. איך וועל איבערלאָזן דעם טעלע־פאָן נומער, וואו איך וועל אַרבעטן. געדענק, איך וועל זיין באַזאָרגט וועגן דיר.

— ס'וועט אַלץ זיין אין אָרדנונג, מאָטעק. אַרבעט און זאָרג זיך ניט פאַר מיר. פאַרגעס ניט אַז איך בין אַן אַלטע קעמפּעריןּ. איך בין געזעסן אין טורמע, ניט דו. דער שפּיטאָל איז ניט קיין טורמע און ברענגען אַ קליין מאָטעקל אויף דער וועלט איז ווערט מער פון אַלץ אין דער וועלט.

ביי דער אַרבעט איז מאָטעק געווען אומרואיק. ניט איינמאָל, צוריק־קומענדיק אין אָפיס, האָט ער געפרעגט דער מיידל ביים טעלעפאָן, צי מען האָט אים ניט געקלונגען.

— איך דערוואַרט זייער אַ וויכטיקן רוף. איך בעט אייך וואו איך זאָל ניט זיין — און איר ווייסט דאָך וואו איך ווער געשיקט אויף אַרבעט — זאָלט איר מיר גלייך לאָזן וויסן. איר וועט מיר טאָן אַ גרויסע טובה.

ער האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן ביז דער אַרבעט־טאָג וועט זיך ענדיקן. ער איז געוואָרן שטאַרק אומגעדולדיק און געהאַלטן אין איין קוקן אויפן זייגער. צו דער באַן האָט ער זיך געשטופּט און בכלל אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אין אַ מוראַדיקן געאייל. גראָד האָט ער דאַן געאַרבעט אין פלעט־בוש און ווען ער האָט דערגרייכט מאַנהעטן איז דאָס פאַר אים געווען אַ דער־גרייכונג. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די באַנען זיינען לעצטנס געוואָרן לאַנגזאַמער און אַז ער פאַרשפּעטיקט תמיד די באַן, אַז זי גייט אַוועק גראָד

ווען ער קומט אָן.

ער האָט זיך געשראָקן פאַרן געדאַנק, אַז ער וועט אַריינקומען אין הויז און קיינער וועט אים ניט אַנטקעגנקומען. ער וועט אויסרופן: „סאַלטשע!“ און קיינער וועט אים ניט ענטפערן. ער וועט דאַן ניט עסן, נאָר גלייך לויפן אין שפּיטאָל, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון זיין הויז.

נאָך יעדן אָוונט האָט ער סאַלטשען געטראָפן אַ וואַרטנדיקע ביי דער קיך־טיר, וועלכע איז געווען אַביסל אָפן. דאָס האָט אים דערפרייט. סאַלטשע איז דאָ. סאַלטשע וואַרט אויף אים. און סאַלטשע האָט אים געהאָלפן אויס־טאָן זיין שווערן מאַנטל. עס איז געווען איינמיטן מערץ און דאָס וועטער איז געווען קאַפּריזנע און זי האָט זיך געשראָקן, אַז ער וועט זיך פאַרקילן און ער האָט געציטערט, אַז זי זאָל זיך ניט פאַרקילן. איז דער ענין אָנטאָן גע־שטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג יעדן פרימאָרגן.

סאַלטשע האָט מאַטעקן ניט דערציילט ווי זי פילט. אויף זיין אָנפראַגע האָט זי מיט אַ שמייכל געענטפערט:

— כל זמן דיין קאָלאַציע איז אָנגעגרייט און סאַלטשע קוקט דיר אין מויל אַריין, בין איך אַלראַיט אין אַמעריקע.

איינמאָל איז ער אַהיים געקומען און געטראָפן די טיר פאַרמאַכט. ער האָט דערפילט אַז זיין האַרץ הייבט אָן פּויקן אין אים. ער האָט אויף גיך אויפגעשלאָסן די טיר און אויסגערופן: „סאַלטשע?!“

— איך בין נאָך דאָ, מאַטעק, — האָט ער דערהערט איר שוואַך קול פון שלאָפצימער. ער איז אַריינגעלאָפן און זי געטראָפן אָן אויסגעטאָנענע אין בעט.

— פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געלאָזט וויסן, אַז דו ביסט ניט מיט אַלעמען?

— מיר האָבן זיך אַביסל צעבוכצעט היינט, מאַטעק, — האָט זי גע־פּרואווט שמייכלען. אויפן מאַמענט האָט ער ניט פאַרשטאַנען וואָס זי מיינט.

— וועגן וואָס רעדסטו, סאַלטשע?

— איך רעד וועגן זיך און מיין נייעם באַלעבעסל, — האָט זי געלאַכט.

— שוין צייט זאָלסט פאַרשטיין ווען איך זאָג „מיר“. ער האָט זיך היינט צעבונטעוועט, מסתם געוואָלט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסקריכן אויף דער ליכטיקער וועלט, נו, האָט ער געוואָלט. נאָר מסתם איז זיין צייט נאָך ניט געקומען. דערוויילע האָט ער מיר געגעבן צו זען יענע וועלט. איך האָב גע־מיינט, אַז איך גיי אויס פון ווייטאָגן. איך האָב געמוזט מאַכן קולות. איך האָב זיך מער ניט געקאָנט איינהאַלטן. איך האָב אַריינגערופן אונדזער שכנה, די מרס. העננעסי. זי איז אַ טייערע פרוי און זי האָט אַליין פיר קינדער און זי וויס דעם טעם דערפון. זי האָט מיך געהייסן זיך לייגן אין בעט אַריין

און בכלל איז זי געווען באַהילפיק און זי איז יעדע פאַר שעה אַריינגעקומען צו מיר. נו, מיר האָבן זיך באַרואיקט. רעוואָלוציעס ווערן ניט געמאַכט אַט אַזוי פלוצלינג. אַמאָל דויערט עס אַביסל לענגער. איצט וועל איך אויפשטיין און —

— ווערסט ליגן און איך וועל מאַכן עסן פאַר אונדז ביידן, — האָט זיך מאַטעק צעבאַלעבאַטעוועט.

נאָר נאָך איידער ער האָט זיך געקאָנט רעכט אַרומוואַשן און זיך איבערטאָן אין הויז־קליידער, איז שוין סאַלטשע געווען אין קיך און זיך געאיילט מיט דער וועטשערע.

מרס. העניעסי איז געווען אַ פרוי אין די פופציקער. זי האָט געהאַט גרוילעכע האָר און אַ רויט פנים. זי איז געווען קורץ און דיק און איר קול איז געווען הייזעריקלעך. אירע פיר טעכטער זיינען אַלע געווען פאַרהייראַט און זי האָט מיטן מאַן געוואוינט אין די זעלבע צימערן, וועלכע זי האָט געהאַט געדונגען מיט איבער צוואַנציק יאָר צוריק. זי האָט סאַלטשען דערציילט, אַז ווען זי האָט זיך געהאַט אַריינגעקליבן אין דעם הויז, האָט מען קיין יידן דאָרט ניט פאַרדונגען. אַלע איינוואוינער זיינען געווען דייטשן און אירלענדער.

— די געגנט האָט זיך געביטן. איצט בין איך דער איינציקער ניט־ייד אין דעם הויז. נאָר איך בענק ניט נאָך מיינע פריערדיקע שכנים. צו זאָגן אייך דעם אמת, איז איצט אַ סך רואיקער און עס זיינען ניטאָ אַזוי פיל קינדער ווי דאָן.

סאַלטשע און פרוי העניעסי זיינען געוואָרן פריינט טאַקע צוליב איר בויך, האָט סאַלטשע דערציילט מאַטעקן. מרס. העניעסי האָט זיך געהאַלטן פון ווייטן, נאָר ווען זי האָט דערזען איר לאַגע, איז זי געווען די ערשטע צוצוקומען און זיך פאָרשטעלן:

— מיין נאָמען איז מרס. העניעסי. איך בין אייער שכנה. איך זע, אַז איר וואַקסט. איז דאָס אייער ערשטליבג? —

פון דאַנען אָן האָט זיך אַנטוויקלט אַ פריינטשאַפט צווישן די צוויי פרויען. וואָס סאַלטשע האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין איז געווען, וואָס די מרס. העניעסי האָט ניט געוואָלט אַריינקומען צו איר, ווען מאַטעק איז דאָ אין דער היים.

— באַלד קומט אייער מאַן, וועל איך בעסער דאָ ניט זיין, — האָט זי אַנטשלאָסן דערקלערט.

— נאָר מיין טייערע מרס. העניעסי, איך וויל אייך באַקענען מיט מיין מאַן. ער האָט זייער ליב מענטשן. בלייבט דאָ. איר וועט טרינקען קאַווע מיט אונדז. אייער מאַן קומט דאָך ערשט אַהיים אַ סך שפעטער.

— ניין, ניין! איך ווייס, אַז מענער ווען זיי קומען אַהיים האָבן זיי ניט ליב אַז עמיצער זאָל צונעמען די אויפמערקזאַמקייט פון זייערע פרויען. זיי זיינען מער „דזשעלעס״ ווי פרויען.

סאַלטשע פלעגט לאַכן פון איר. זי האָט ליב באַקומען די פרוי הענעסי.

און ווען דער מאָמענט איז געקומען און זי האָט געדאַרפט אָנקומען צו איר שכנטע, דאַן האָט זי זיך געפילט אַביסל זיכער.

מאַטעק איז נאָר וואָס געהאַט אַוועקגעגאַנגען צו דער אַרבעט. סאַלטשע האָט זיך געפילט גוט און זיך געקליבן אַראָפּגיין אין גאַס איינקויפן. זי האָט זיך געהאַלטן ביים אָנטאָן און מיטאַמאָל האָט עס איר אַ כאַפּ געטאָן. די וואַסערן האָבן זיך צעלאָזט. סאַלטשע האָט פאַרשטאַנען, אַז באַלד, אפשר אין אַ פּאָר שעה אַרום, וועט זיך עס אָנהויבן. זי האָט אַריינגערופן די פרוי הענעסי. יענע האָט איר געהייסן זיך דערווייל לייגן אין בעט אַריין און זי וועט אָנקלינגען דעם דר. בריסקין. קיין טעלעפאָן איז אין גאַנצן הויז ניט געווען, האָט זי געדאַרפט אַראָפּלויפן און טאַקע צולויפן צו אַ קראָם און זי האָט טעלעפאָנירט דר. בריסקינען אין זיין הויז. דער דאָקטאָר האָט איר געהייסן נעמען סאַלטשען אין שפּיטאָל צו זיין אינגאַנצן זיכער.

— מיין טייערע יונגע מאַמע, איך וועל דיר העלפן זיך אָנטאָן און מיר וועלן „אַריינטעקסיך״ אין שפּיטאָל אַריין. גיין איז ניט ראַטזאַם. דער דאָקטאָר האָט שוין געלאָזט וויסן דעם שפּיטאָל, אַז דו קומסט.

סאַלטשע האָט זיך אָנגעטאָן ניט געאיילטערהייט. זי האָט געוואָלט וואָס לענגער בלייבן אין שטוב. זי האָט זיך ווי געזעגנט מיט דער שטוב. עס איז איר מיטאַמאָל טייער געוואָרן יעדער ווינקל, יעדעס שטיקעלע מעבל, דער העלער קאָליר פון די ווענט.

— מיין מאַן וועט אַהיים קומען און מיך ניט געפינען —

— אָ, אָ, איך וועל אים אָפּוואַרטן און אים שיקן אין רעסטאָראַן עסן. עס וועט אים גאָרניט שאַטן. לאָז עס צו מיר, — האָט פאַרזיכערט פרוי הענעסי.

אַריבערטרעטנדיק די שוועל פון שפּיטאָל האָט סאַלטשע זיך דערשראָקן. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אין מרס. הענעסיס אָרעם.

— נאָר ניט פאַרלאָרן זיך. עס וועט אַלץ זיין גוט. זיי בראַוו און גאָט וועט דיר העלפן, — האָט פרוי הענעסי געטרייסט.

פרוי הענעסי האָט טעלעפאָנירט צו מאַטעקן. ער איז געווען ביי דער אַרבעט. זי האָט איבערגעגעבן דער מיידל וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

— און זאָגט אים, זייט אַזוי גייט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג און ער זאָל קומען אין שפּיטאָל נאָך דער אַרבעט. יאָ, זיין ווייב וועט אים שענקען

אַ בעיבי. און איר זייט די ערשטע צו גראַטולירן אים, איאָ?

דאָס אָפיס מיידל האָט זיך ניט געאיילט אויסצוגעפינען וואו מאַטעק איז געווען און גראָד האָט ער אויך געאַרבעט ווייט פון אַ טעלעפאָן. ווען ער איז צוריקגעקומען אין אָפיס אַריין, האָט אים די מיידל באַגעגנט מיט אַ: „געווען פאַר אייך אַ טעלעפאָן־רוף פון אַ מרס. הענעסי. זי זאָגט, אַז אייער פרוי איז אין שפּיטאָל אַוועק און אַלץ איז אין אָרדענונג . . . אָ־קעי?"

און דאָ מוז ער נאָך פאַרענדיקן אַ דזשאָב. ער ווערט ערשט פאַרטיק אין אַ פּאָר שעה אַרום. האָט ער אָנגעקלונגען דעם דר. בריסקין, איז יענער ניט געווען אין אָפיס. האָט ער געקלונגען דעם שפּיטאָל, איז געקומען דער ענטפער: מען האָט זי נאָר וואָס אַרויפגענומען אין אָפּנעם צימער, מיר ווייסן ניט ווי לאַנג עס וועט דויערן. אַמאָל וועט זי עס האָבן באַלד און אַמאָל אין שעה'ן אַרום. רופט נאָכאַמאָל אין אַ שעה אַרום".

אַוועק פון טעלעפאָן איז ער אַ צערודערטער און אַן אָפּגעגאָסענער פון שווייס. אַלץ אַרום האָט איצט אויסגעזען גאָר אַנדערש אין זיינע אויגן. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז מענטשן זיינען באַריש, זיינען טומלערס, קיינער האָט מיט קיינעם קיין איינזעעניש ניט. אפשר זאָל ער בעטן, אַז מען זאָל אים פאַרבייטן. ווי וועט ער קאָנען אַרבעטן נאָך צוויי שעה? און וואָס וועט ער טאָן אין שפּיטאָל, אויב סאָלטשען זען קאָן מען ניט און גלאָט זיך אַרומ־דרייען אַ נערוועזער אין קאָרידאָר און זיך מאַכן צו־נאַר?

ער האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן ביז דער שעה און ער האָט טעלע־פאָנירט אַ סך פריער. דער ענטפער איז געווען: „נאָך נישט געהאַט". ער האָט שוין איצט ניט געוואָלט פרעגן, ווען זי וועט האָבן. ער האָט זיך פריער נאַריש געמאַכט מיט זיינע פראַגעס, האָט ער געפילט.

געאַרבעט האָט מאַטעק מיט אַ מוראַדיקן אימפּעט, ווי ער וואָלט געוואָלט אָניאָגן די צייט, וואָס איז געקראָכן אַזוי פּאַמעלעך, ווי זי וואָלט זיך געדרייצט מיט אים — דו יאָגסט מיך און פון דיין טרייבן מיך וועט גאָרניט אַרויס־קומען. פּאַוואָליע, וועט זיין געזינטער פאַר דיר.

נאָר ווען מאַטעק האָט געענדיקט די אַרבעט און ער איז צוגעלאָפן ווי אַ אַ געיאָגטער צום טעלעפאָן, איז דער ענטפער געקומען געלאַסן און גלייכ־גילטיק: „יאָ, זי האָט געהאַט אַ יינגל 4.49 נאָכמיטאָג".

און מאַטעק האָט געפילט, ווי ער קאָן ניט אַרויסגיין פון טעלעפאָן־ביידל. ער האָט זיך געוואָלט אַליין אָנקוקן. ער האָט געוואָלט אויסשרייען מיט אַ ווילד קול עפּעס אומפאַרשטענדלעכס, עפּעס וואָס איז געווען אַ געמיש פון אַ געיאָמער און אַ געלעכטער . . . ער איז אַרויס אויף דער גאַס און אויפן מאָמענט ניט געוואוסט וואו ער געפינט זיך און ווי אַזוי ער דאַרף פאָרן צום

שפּיטאָל . . . עס האָט זיך אים מיטאַמאָל אויסגעדאַכט, אַז דער גאַנצער גאַסיקער געטומל איז צוליב סאַלטשען . . . אַלע זייגען איבערראַשט פון דער בשורה . . . אַלע טייטלען אויף אים מיט די פינגער: ער איז געוואָרן אַ טאַטע . . . ער האָט אַ זון . . . ער איז שוין נישט ער — ער איז שוין אין צווייען . . .

ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ טעקסי און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז דער טעקסימאַן לייגט אָן וועג. ער האָט ניט געקאָנט זיצן אויפן אויסגעשפּרייטן זיץ און זיך איינגעקאָרטשעט אין אַ ווינקל און באַלד זיך געזעצט אויפן שפּיץ פון זיין זיץ־פּלאַץ. עס איז געווען אין דער „ראָש“־שעה און עס האָט זיך געהערט אַ בלאָזן פון די טעקסי־האָרנס און אַ קלינגען פון די טראַמווייען און אַ פייפן פון פּאָליצייאישע סיגנאַלן.

— סאַלטשע שוועבט צווישן לעבן און טויט . . . אַ ייִנגל . . . מען דאַרף אים געבן אַ נאָמען . . . מיר האָבן אפילו קיין נאָמען פאַר אים ניט צוגעגרייט . . . אַלץ האָט זי צוגעגרייט, נאָר ניט קיין נאָמען . . זי האָט אָבער געוואוּסט, אַז זי וועט האָבן אַ ייִנגל . . . דאָס וואָס זי האָט געוואָלט . . . איך האָב עס אויך געוואָלט . . . אָי, וועט זיך דאָס אָפּטאָן אין לאָדזש, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן אַז איך האָב אַ ייִנגל . . . אַ משפּחה פון צופיל מיידלעך . . . סאַלטשע זאָל נאָר זיין געזונט . . . ווער ווייס ווי עס איז איר אָנגעקומען . . .

ער קאָן זיך ניט איינהאַלטן און פרעגט דעם טעקסימאַן:

— אויף וועלכער גאַס זיינען מיר שוין?

ווען ער קאָן אונטערשטופּן די טעקסי, וואָלט ער עס געטאָן מיטן גאַנצן כוח. עס הייבט אים פון אָרט. עס טוט אים שוין באַנג וואָס ער זיצט אין טעקסי. מיט דער באַן וואָלט ער עס גיכער געמאַכט. ניין, ער וואָלט געדאַרפט צוגיין אַ פּאָר בלאָקס.

— אָלראַיט, מיסטער.

מען דאַרף דעם טרייבער געבן אַ גרעסערן טיפּ.

— אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק, מיסטער.

מען דאַרף זיך קאָנטראָלירן. זאָל מען ניט מיינען, אַז ער איז אַזוי ווי אַנדערע מענער, וואָס חלשן אַוועק . . .

ער פרעגט, נאָר זיינע ווערטער קומען אַרויס ווי ניט קיין גאַנצע. די מיידל פרעגט אים איבער דעם נאָמען. יאָ, ער קאָן אַרויפגיין, אין צימער 9, נאָר זייער שטיל.

צימער 9. ער עפנט אויף די טיר. דר. בריסקין און אַ נורס און אַ טונקל ליכט. דער דאָקטאָר שעפּטשעט צו אים: „מזל־טוב. אַלץ פיין. זי איז נאָר וואָס איינגעשלאָפן. קומט אַרויס“.

מאָטעק גיט אַ קוק צום ווייסן בעט. אויף סאָלטשען. ווי בלייך איר פּנים איז, ווי שיין זי איז.

— איר דאַרפט מאַכן אַ גוטן שנאַפּס. איר קוקט אויס בלאַס. קומט אַרויף אין אַ שעה אַרום. איך מוז לויפן. גודבאַי, פּאַפּאַ, — אַזוי רעדט צו אים דר. בריסקין.

מאָטעק בלייבט זיצן אין וואַרט־צימער. די פּיס דינען אים ניט. אַ שוואַכקייט האָט אים באַוועלטיקט.

## קאַפּיטל צען

# אַ נאָמען

.1

ווען סאָלטשע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון איר מידקייט, וואָס האָט זי געהאַט איינגעשלעפערט, האָט זי דערפילט, אַז זי טאָר צוריק ניט אַנטשלאָפן ווערן. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כחות צוזאַמענצונעמען די געדאַנקען און באַגרייפן וואָס עס איז מיט איר פאָרגעקומען און וואו זי געפינט זיך איצט.

— אַ יינגל, אַ יינגל! אַ קליין מאָטעקל . . . — האָט איר אָנגעהויבן רוישן אין קאָפּ און ווען זי האָט די אויגן אָן עפן געטאָן און דערזען די נוירס אין ווייסן, די יונגע איטאַליענישע נוירס, וואָס האָט צו איר געשמייכלט מיט די נעט־פאַרקאַמטע פּעך־שוואַרצע האָר, דאַן האָט סאָלטשע דורך די פאַר־שמאַכטע ליפּן, אַ שעפּטשע געטאָן:

— דאָס קינד! מיין קינד . . .

די נוירס האָט אַ לאַך געטאָן און געענטפערט:

— דאָס קינד איז אָלראַיט. אַלץ איז פּערפעקט . . . אייער מאַן איז דאָ. זאָל איך אים אַריינרופן?

— מיין מאַן? — סאָלטשע האָט ברייטער די אויגן געעפנט, ווי זי האָט געוואָלט צו זיך קומען און ווייסן וועגן וואָס מען רעדט דאָ. נאָר איידער זי האָט געפונען דעם ענטפער, האָט מאָטעק זיך באַוויזן אין דער טיר און ער איז אויף די שפּיץ־פינגער צוגעגאַנגען צו איר און מיט פאַרטרערטע אויגן איר אַ קוש געטאָן אויפן שטערן.

סאַלטשע האָט אויסגעשטרעקט איר לאַנגן אָרעם, געוואָלט אים אויפ־הויבן, נאָר ער איז געווען צו שוואַך. מאַטעק האָט אָנגענומען איר האַנט און זי צוגעדריקט צו זיך.

— מאַטעק: אַ קליין מאַטעקל... וואָס האָב איך דיר געזאָגט?

— סאַלטשע־קרויט, דו האָסט געטראָפן... אָפּגעשוואַכט? מיד? אַבי אַלץ איז אַריבער בשלום.

— ווער איז מיד? וואָס דאַכט זיך דיר אויס, מאַטעק? איך קאָן אייב־לייגן אַ מויער. דו קוקסט אויס מיד, מאַטעק. ווי שפּעט איז? גיי אַהיים, גיי שלאָף זיך אויס. האָסט געגעסן? איך פיל ווי איך וואָלט געקומען פון אַן אַנדער וועלט. זיך ניט געריכט... דער דאָקטאָר זאָגט, אַז אַלץ איז גוט... מיר זיינען ביידע געזונט. מיר זיינען דריי, מאַטעק...

איר פּנים איז געווען בלייך. די אויגן האַלב־פאַרמאַכט. די ליפּן אָנגע־צויגן, נאָר דורך דער פאַרשמאַכטקייט פון דער הויט, האָט זיך אָנגעהויבן דורכרייסן אַ שמייכל, אַ גליקזעליקייט וואָס ער האָט געפילט, וועט זיך פאַ־נאַנדערבליען. מאַטעק האָט געגלעט איר פּנים, דעם שטערן, דעם לאַנגן הייסן אָרעם.

— איך חלש שלאָפן, — האָט זי געזאָגט און די ליפּן האָבן זיך ברייט געעפנט.

ווען מאַטעק האָט פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל און ער איז אַרויס אויפן טראָ־טואַר איז נאָך ניט געווען קיין צען אין אָונט. ער איז געגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. פון זיין פריערדיקער מידקייט איז גאָרניט ניט גע־בליבן. פאַרקערט, ער האָט געוואָלט גיין, שפּאַצירן אויף דער סעקאָנד עוועניו און אַריינקוקן אַלעמען אין די פּנימער און ווייזן אַלעמען, אַז ער איז צופרידן מיטן לעבן, אַז ער איז שטאָלץ, גאָר שטאָלץ, אַז ער איז איצט אַ טייל פון אַמעריקע, פאַקטיש דער באַלעבאָס פון אַמעריקע. דאָ איז זיין זון געבאָרן געוואָרן. זיין זון? ווי הייסט ער? מאָרגן אין דער פרי דאַרף ער געבן זיין נאָמען, דאַרף ער אויספילן פּאַפּירן. ער מוז גלייך צוטראַכטן אַ נאָמען און טאָקע אויסקלייבן פון די עטלעכע וואָס מען האָט מיט אַ צייט פריער, אין שפּאַס, עפּעס אויסגערעכנט... דער נאָמען דאַרף זיין אַ יידי־שער, דער נאָמען דאַרף זיין — נאָך אַ זוכער און קעמפער פון אמת: אַ נביא, אַ שרייבער, אַ קעמפער, אַ פירער... אפשר גאָר אַ נאָמען געבן נאָך זיין פאָטער? נאָר ווען ער דערמאָנט זיך אין אים, כאַפּט אים אָרום אַ טרויער. בייך, מאַרקס, י. ל. פרץ, שלום עליכם... ביים לעצטן נאָמען האָט אים אַרומגענומען אַ וואַרעמקייט. סאַלטשע האָט איבערגעלעבט די וועלט־מלחמה. זי איז שיעור ניט אומגעקומען אין דער מלחמה. זי איז געזעסן אין טורמע

צוליב איר קאַמף פאַר שלום. און וויפל האָט אים געפעלט צו זיצן אין טורמע פאַר זיין טעטיקייט קעגן מלחמה? שימעק האָט זיין לעבן פאַרלאָרן צוליב דער מלחמה. שלום... שלום... שלום... די גאַנצע וועלט לעכצט נאָך שלום... דעבס זיצט נאָך אין טורמע קעמפנדיק פאַר שלום. און ער איז ניט דער איינציקער. אַז עס וועט זיין שלום צווישן פעלקער, וועט זיין שלום צווישן מענטש און מענטש. זיין קינד זאָל הייסן שלום. יאָ, ער האָט זיך מיט סאַל־טשען פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף אין זינען האָבן, אַז מען לעבט אין אַמעריקע און דאָס קינד וועט ניט דאַרפן ליידן צוליבן נאָמען. מען האָט נאָך צו טאָן מיט אַן אַנטיסעמיטישער כוואַליע.

מאַטעק האָט זיך פאַרטיפט אין די געדאַנקען וועגן אַ נאָמען פאַרן קינד. ער האָט שפּאַצירט אַ לאַנגע צייט. און מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ער האָט גאָלדען ניט געלאָזט וויסן וועגן דער גרויסער געשעעניש. ער איז צוגעלאָפן צו אַ טעלעפאָן־ביידל און איבערגעגעבן גאָלדען די נייעס. זי און מעקס זיינען געזעסן אין קיך און געטרונקען טיי, געהאַלטן ביים מאַכן נאַכט. גאָלדע האָט ניט געהאַט קיין ווערטער פון פרייד. מעקס איז צוגע־קומען און געזאָגט אַ פּאָר גוטע ווערטער.

— און ווי הייסט דער גרויסער בחור? — האָט גאָלדע געפרעגט און איר קול האָט געקלונגען, ווי אַ ווידערקול אין די בערג.

— שלום וועט ער הייסן. געפעלט דיר דער נאָמען, גאָלדע?

— אַ פּראַכטפולער נאָמען, מאַטעק. זייער אָריגינעל. זאָל זיין שלום אויף דער וועלט . . . נאָר ווי וועט ער הייסן אויף ענגליש?

— שלום וועט ער הייסן. סאַלטשע דאַרף ערשט גוטהייסן דעם נאָמען.

— זי וועט צושטימען. זי וועט זיך דערפרייען מיטן נאָמען, וועסט זען, מאַטעק. וועסט דאַרפן געפינען פאַר אים אַן ענגלישן נאָמען.

ווען מאַטעק איז אַריין צו זיך אין הויז און עס איז אים אַנטקעגנגעקומען די שטילקייט, האָט ער אָנגעצונדן די ליכט אין אַלע צימערן און אַ פרייד האָט אים אַרומגענומען און אויפן מאָמענט האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, ווי אַ קינד, זיין שלומל, פּויזעט אַרום איבער די דילן. ער האָט געלאַכט צו זיך אַליין. עס וועט מער ניט שטיל זיין אין הויז. עס וועט מער ניט אומעטיק זיין דאָ. דאָס קליינס וועט ווערן דער נייער באַלעבאָס פון הויז. איז ער זיך אַרומגע־גאַנגען איבער די שטובן, מאַטעק און זיך פאַרגעשטעלט, ווי עס וועט אויס־זען אין אַ צייט אַרום . . . עס וועט זיין פריילעך, עס וועט זיין גוט . . .

איינשלאָפן האָט ער אין קיין פאַל ניט געקאָנט. סאַלטשע איז אים אויף קיין מינוט פון זינען ניט אַרויס. סאַלטשע, ווי זי איז געלעגן אַזאַ מידע, נאָר אַ רואיקע און אַ צופרידענע און געוואָלט מיט אים רעדן און געוואָלט אויף

איִם קוקן, נאָר ניט געקאָנט. צו מיד געווען. מאָרגן וועט זי שוין זיין געזינטער, מאָרגן וועט ער ניט גיין צו דער אַרבעט. ס'איז זיין יום־טוב, זיין פּערזענלעכער פערטער יולי, כאָטש ס'איז ערשט געווען דער פינפטער מאַי. זיין שלום איז געבאָרן געוואָרן דעם פינפטן מאַי, 1921. ער וועט דאָס ניט אַריינשרייבן אין קיין ספר, ווי זיין פאָטער האָט עס געטאָן. ער וועט עס געדענקען און סאַלטשע וועט עס געדענקען.

ער איז ווינציק געשלאָפן, מאַטעק, נאָר ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט גאַנץ פרי, האָט ער זיך געפילט אויסגערוט און ספּריטנע און עס האָט אים געהויבן פון בעט, ווי ער וואָלט זיך געאיילט צו אַ גרויסן יום־טוב, צו אַ מין פעסטיוואַל, אין וועלכן ער האָט געדאַרפט נעמען אַ טיכטיקן אָנטייל.

עס איז געווען צו פרי צו גיין אין שפּיטאָל. ער האָט געוואוסט, אַז גאָלדע שטייט אויף זייער פרי צוליבן קינד. האָט ער טעלעפאָנירט און גערעדט מיט איר לאַנג. איך איבערגעגעבן ווי סאַלטשע האָט אויסגעזען.

מאַטעק האָט געטראָפן גאָר אַ נייע סאַלטשע, ווען ער איז אַריין אין צימער. דאָס פּנים איז געווען פריש, געשיינט פון אויסגערוטקייט. איר קול איז געווען מונטער און קלינגענדיק.

— איך בין היינט אַ נייער מענטש, מאַטעק, — האָט זי אָנגעהויבן, — וואָס אַ נאַכט שלאָף האָט מיט מיר געטאָן! דו ווייסט גאָרניט, מאַטעק, ווי וואונדערבאַר די נאַטור איז. איך פיל ווי אַלץ אין מיר הייבט אָן צוריקקומען אויפן ריכטיקן פּלאַץ. בלויז אַ פּרווו וועט דאָס קאָנען פאַרשטיין... וועסט באַלד קאָנען זען מאַטעקן. עס איז דאָס וואונדערבאַרסטע באַשעפעניש אויף דער וועלט.

— סאַלטשע טייערע, איך האָב אַ נאָמען פאַר אים, אויב ער וועט דיר געפעלן. לאָמיר אים רופן שלום.

— שלום, שלום! אפשר ביסטו גערעכט. ניין, דו ביסט זיכער גערעכט. ס'איז אַ זעלטענער געדאַנק. יאָ, שלומל וועט ער הייסן. אָ, ווי אויסגעצייכנט. ער וועט העלפן ברענגען שלום אויף דער וועלט, ווי מיר ביידע זיינען געווען קרבנות פון דער מלחמה־צייט. וואונדערבאַר — מיין שלומל. שלום סאַני. שלום אין ענגליש, שלום אין אַלע שפּראַכן! שלום, שלום, שלום!

— איך בין אַזוי צופרידן וואָס דו האָסט איינגעשטימט, סאַלטשע טייערע.

באַלד איז אָנגעקומען גאָלדע מיט אַ בוקעט פרילינג בלומען. זי האָט זיך צעקושט מיט סאַלטשען און מיט מאַטעקן.

— לאָמיר בעסער לעבן גוט צווישן זיך, ווייל ווער ווייס — אפשר וועלן מיר נאָך ווערן מחותנים, — האָט גאָלדע געלאַכט, — אמת, אסתרל איז שוין אַן אַלטע מויד, זי ווערט איבערמאָרגן אַכט חדשים און דיינער איז נאָך קיין

פיר־און־צוואַנציק שעה ניט אַלט. נאָר מיר וועלן דורכקומען. ניט אַזוי, מאַטעק?

— איך האָב אים שוין צוויי מאָל געזען. איך האָב אים שוין געגעבן עסן, — האָט סאַלטשע געזאָגט און אַריינגעקוקט מאַטעקן אין פּנים אַריין. — יאָ, איך וועל אים שפּייזן אַ געוויסע צייט, אַזוי האָט דר. בריסקין געראָטן.

— און איך האָב מיין אסתרקען גלייך צוגעוואוינט צו דער פאָרמולע — האָט גאָלדע דערציילט. — איך ווייס, אַז וועגן דעם זיינען דאָ פאַרשיידענע מיינונגען און דר. בריסקין האָט מיר אויך אַזוי געראָטן צו טאָן, נאָר איך האָב אים ניט געפאָלגט און אסתר איז אַ גרויסע פּרעסערקע, הלוואי ווייטער.

די נוירס איז אַריינגעקומען און דערקלערט, אַז זי וועט באַלד אַריינ־ברענגען דאָס קינד און זי בעט, אַז די געסט זאָלן אַרויסגיין.

— אָבער דער פאָטער האָט עס נאָך ניט געזען און זיין צוקונפטיקע שוויגער וויל עס אויך זען, — האָט גאָלדע זיך געוויצלט.

די נוירס האָט זיי ביידן באַקוקט און דאָן אַ שמייכל געטאָן:

— גוט, איר קאָנט געבן איין קוק און פאַרלאָזן. ס'איז אַ שיינקייט פון אַ קינד און ער איז גרויס פאַר זיין עלטער. ער וועגט אַרום אַכט פונט.

זי איז אַרויס און אַריינגעבראַכט דאָס קינד. אַלץ וואָס איז געווען צו זען איז געווען אַ פּיצעלע נעזעלע, אַ צעקנייטשט שטערנדל, פאַרמאַכטע איי־געלעך, אַ ראָזעווע, ווייך פּנימל.

— אָט דאָס איז עס? — האָט אויסגערופן מאַטעק, — ס'איז דאָך ניטאָ וואָס צו זען, אויך מיר אַ מענטש!

— איך האָב שוין באַמערקט דיינע שטריכן אין אים, מאַטעק. ער איז אומצופרידן פון דער וועלט לאַגע, — האָט סאַלטשע אָנגענומען אַן ערנסטן־געמאַכטן טאָן.

— אַרויס, אַרויס! דער בחור חלשט עסן, — האָט געזאָגט די נוירס.

— באַרעדט אים נישט, — האָט אויסגערופן סאַלטשע.

גאָלדע און מאַטעק האָבן פאַרלאָזן דאָס צימער.

גאָלדע האָט גענומען מאַטעקן אונטערן אָרעם און אים צוגעדריקט צו זיך.

— איך בין אַזוי צופרידן, — האָט זי געשעפּטשעט.

— איך אויך, — האָט ער שטיל געענטפערט.

2.

ווען סאַלטשע איז אַהיים געקומען פון שפּיטאָל און שלומס נע־בעכדיק קולכל האָט זיך געלאָזט הערן דורך די נעכט, איז דער יום־טוב

ביסלעכווייז אַוועק און עס האָט זיך אָנגעהויבן איינשטעלן אַ רוטינע וואָכע־דיקייט.

אַזוי האָט זיך מאָטעקן אויסגעדוכט. ער איז אין אָוונט געווען שטאַרק פאַרנומען מיט הויז־זאַכן. עס האָט אים שטענדיק אויסגעפעלט אַ פּאָר שעה שלאָף. דאָס קינד האָט אים כּסדר געוועקט. זעלטן געווען אַ נאַכט, אַז מאָטעק זאָל שלאָפן אָן איבעררייס. אָפט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עפּעס איז דער מער מיטן עופעלע. עפּעס מוז אים ווי טאָן, אַניט וואָלט ער אַזוי ניט געריסן זיך. נאָר דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אַז עס איז אים גאָרניט. ער דאַרף פּראַקטיצירן זיין שטימעלע, ער וואַקסט אַ חזנדל אויף שבת...

האָט ער זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן, מאָטעק, אַז דאָס קינד זאָל שוין אויפהערן כּסדר שלאָפן און כּסדר זיך באַנעצן, אַזוי ווי ער האָט אים נאָר אויף די הענט גענומען. ער האָט אים צופיל אויסגעמאַטערט, דער בחור, און סאַלטשע האָט ווי אין אים, מאָטעקן, אינגאַנצן פאַרגעסן. ניט וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען איר לאַגע. עס איז איר ניט געווען גרינג. דאָס קינד האָט געפאָדערט איר אויפמערקזאַמקייט אָן אַ שיעור און וועגן קיין אַנדער זאַך האָט מען אין הויז ניט גערעדט אַצינד, נאָר וועגן קינד, וועגן זיין וויינען, זיינע פאָרמעלאַס, זיינע בעדער און זיינע ווינדעלעך.

מאָטעק האָט ניט באַמערקט ווי זיין גאַנץ לעבן האָט אָנגענומען אַן אַנ־דער ווענדונג. זיין געדאַנקען־גאַנג איז געוואָרן אַן אַנדערער. זיין באַצי־אונג צו סאַלטשען איז געוואָרן אַנדערש. און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אויך איר באַציאונג צו אים האָט זיך געביטן.

ערשטנס, איז ער מער ניט געווען פריי. דאָס שלאָפנדיקע, הילפלאָזע קינד האָט אים דיקטירט, ווען ער זאָל עסן, ווען ער זאָל שלאָפן און ווען ער זאָל קאָנען גיין אויף אַ שפּאַציר. אָט האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לייענען זיין צייטונג און באַלד האָט ער זי געמוזט אַוועקלייגן — מען דאַרף אויס־וואַשן אַ פּאָר ווינדעלעך אויף גיך; מען דאַרף אַראָפּלויפן אין אַפּטייק; מען דאַרף צושטעלן אַ פלעשל.

סאַלטשע, האָט ער דערפילט, איז ווי אַ גענעראַל. זי האָט כּסדר: גע־הייסן, באַפוילן טאָן דאָס, גיין אַהין, ניט פאַרגעסן אין אַ האַלבע שעה אַרום אַראָפּגיין אין קראָם; קויפן, קויפן, קויפן; אין זיבען האָבן; ניט פאַרגעסן; דערלאַנגען, צוטראָגן, וואַשן, ווישן, שאַרן, ראַמען . . .

אַהיים געקומען פון דער אַרבעט איז מאָטעק אָן אויפגערעגטער. ניט געניסנדיק פון זיינע אַכט שעה שלאָף איז אים די אַרבעט געפאַלן שווער, און סאַלטשע איז אָקעגנגעקומען מיט נייע פליכטן, מיט נייע אויפגאַבן און אין דער זעלבער צייט האָט זי געוואָלט, אַז ער זאָל זיך פרייען מיטן קינד.

זי האָט אין די ערשטע פּאָר וואָכן יעדן טאָג אים דערציילט חידושים וועגן שלומלען, וואָס ער האָט אין קיין פֿאַל ניט געקאָנט זיי אַריינזאַפּן אין זיך, אָדער דערזען. פֿאַר אים איז דאָס קינד געווען אַ נפֿשל, וואָס פֿאַרביטערט זיין רו, וואָס מאַכט אים נערוועז. פֿאַר אים האָט דאָס געמיינט, אַז סאַלטשע איז אַריינגעטאָן אין קינד און מער זעט זי ניט און מער פֿילט זי ניט און אויסערן קינד איז קיין וועלט מער ניט פֿאַראַן.

סאַלטשע האָט גוט באַמערקט, ווי מאָטעק איז מיד און ווי ער איז ניט באַגייסטערט פֿאַרן קינד. זי האָט געלאַכט צו זיך אַליין. יאָ, ער דערשלאָפּט טאָקע ניט. אַרבעט מסתם שווער דעם גאַנצן טאָג און ווען ער קומט אַהיים, איז דאָס ניט ווי אַמאָל. אַ מאַנאָטאָן לעבן, נעבעך, פֿאַר מיין מאָטעקן. דאָס קינד שטייט אים אין וועג. אַזאַ נאַרישער בחור: סאַלטשע שענקט אים ניט גענוג אויפֿמערקזאַמקייט. אַראָפּ פֿון אים די גדולה, פֿון אַלטן בחור, וואָס איז געוואָרן אַ יונגער טאַטע. אָי, ליבער, ליכטיקער מאָטעק, ווי זיס דו ביסט! באַלד, באַלד, וועסטו הנאה האָבן פֿון דיין שלומלען. באַלד וועט ער דיר אַנטקעגנקומען מיט אַ שמייכל, וואָס וועט האָבן טויזנט חנען; באַלד וועט ער אָנהויבן מאַכן קונצן מיט זיינע פֿינגערלעך; באַלד וועסטו אים וועלן איינשלינגען פֿון גרויס ליבע. באַלד וועסטו אין אים זיין אַזוי אַריינגעטאָן, אַז דו וועסט דיין סאַלטשען מער ניט באַמערקן. די מענער זאָגן, אַז מיר זיינען אַזוי ווי קינדער, נאָר דער אמת איז, אַז דער מאַן אָן אַ פֿרוי איז ווי אַ קינד אָן אַ מאַמע. מאָטעק, וועסט זיך נאָך אויסשלאָפֿן און שלומל וועט דיך נאָך גענוג אויסמאַטערן נאָכדעם און דו וועסט וועלן, אַז ער זאָל דיך ניט צורו לאָזן. ווי ווייניק מענער ווייסן וועגן קינדער...

זי האָט זיך אָנגעקוקט אין שפּיגל, סאַלטשע, און זי האָט באַמערקט, אַז זי בליט, איר פּנים איז ראָזעווע און זאַט; אירע אויגן זיינען אָנגעפֿילט מיט האָניק און מיט זונשיין; איר קערפּער איז אָנגעזאַפּט מיט זאַפֿטן פֿון ליבשאַפֿט און גוטסקייט. דאָס אַלץ שטאַמט פֿון איר קינד. שלומל, דאָס פּיצעלע קינד, וואָס איז אַזוי צאַרט און שוואַך, פֿאַרמאָגט אָבער אין זיך די קראַפֿט פֿון באַווירקן איר אייגן לעבן און דאָס לעבן פֿון אַרום. דאָס קינד פֿילט זי אָן מיט אַ לעבנס־לוסט, וואָס איז איר שטענדיק געווען פֿרעמד; דאָס קינד גיט איר צו יעדן טאָג אַ שטיק געזונט. ווען שלומל איז ניט לעבן איר, באַפֿאַלט איר אַ פּוסטקייט, נעמט איר אָן אַ בענקעניש נאָך אים. ווען זי כאַפּט זיך אויף ביינאַכט און זי פֿילט אים לעבן זיך, ווייזט זיך איר אויס, אַז די וועלט איז אין אָרדענונג. טיילמאָל שעמט זי זיך פֿאַר זיך אַליין. איז דען אין דער אמתן ניטאָ מער קיין אינטערעסן אויף דער וועלט, ווי שלומל? זי פֿלעגט דאָך אָפּלאַכן פֿון מאַמעס, וואָס קיין זאַך אינטערעסירט זיי ניט אויסער זייער

קינד. און איצט לעבט זי דורך אַן ענלעכן געפיל. ווען זי וואָלט, חלילה, ניט געהאַט דאָס קינד, וואָלט איר לעבן מער קיין זין ניט געהאַט? און וואו איז איר אידעאַל? וואו איז סאָציאַליזם, דער קלאַסן־קאַמף, די מאַרטירער וואָס שמאַכטן אין די טורמעס צוליב זייערע איבערצייגונגען? דאָס קינד טראָגט דאָך אַ נאָמען נאָך אַ אידייע, נאָך אַן אידעאַל. וואָס קאָן מאָטעק טראַכטן וועגן איר, ווען זי איז אַזוי אַריינגעטאָן אין די ווינדעלעך, אין דעם קינדס שפּייז, אין זיינע טויזנטער נויט־באַדערפענישן? אָי, מאָטעק, מאָטעק, ווי שיין דאָס לעבן איז און ווי גוט עס קאָן זיין אויף דער וועלט ווען מענטשן זאָלן זיך בעסער פאַרשטיין. מיטן קינד אין אירע אָרעמס וועט זי דאָך וועלן האָבן אַ בעסערע, אַ פרייערע וועלט. ווער וועט דאָס וואַגן צורויבן ביים קינד זיין פרייד, זיין צוקונפט? באַלד, באַלד, וועט זי זיך אַ נעם טאָן צו זען וואָס עס טוט זיך אַרום איר, ווי אַזוי אַמעריקע גרייט צו אַ בעסער לעבן פאַר איר שלומלען. און ווי וועט זיין צו די עקספּלואַטאַטאָרס און באַרויבערס ווען זיי וועלן זיך אָנהויבן מיט איר. זי וועט מיטן וועגעלע גיין אויף דער פּיקעט־לאַין. זי וועט מיט שלומלען אין די אָרעמס זיך שטעלן קעגן די וואָס ווילן פאַרערגערן די לעבנס־באַדינגונגען פון לאַנד.

זי פאַרשטייט מאָטעקן. ער האָט די גאַנצע צייט זיך צוריקגעהאַלטן פון רעדן וועגן דער פּאָליטישער לאַגע פון לאַנד. ער האָט בעטן מער ניט איינגעלאַדן צו זיך, כדי בען זאָל ניט דערציילן זאַכן וואָס זאָלן מיך אויפּ־ברויזן. ער האָט געשאַנעוועט מיינע געפילן, מאָטעק, אַ לעבן אויף זיין קאָפּ. נאָר איך וועל אָניאָגן; איך וועל זיך אָנשליסן און טאָן מיין חלק אַרבעט פאַר אַ בעסערער אַמעריקע . . . מיין קינד איז געבאָרן געוואָרן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. עס איז זיין לאַנד, מער ווי מיינס. איך דאַרף פאַר אים צוגרייטן אַ גוט לאַנד, אַזוי ווי איך גרייט פאַר אים אָן אַ גוט געלעגער און אַ גוטן מאַלצייט. איך בין די מאַמע פון לאַנד, ווי איך בין די מאַמע פון קינד. איך וועל גיין צום שטים־קעסטל ווען מיין צייט וועט קומען און איך וועל וויסן פאַר וועמען און פאַרוואָס צו שטימען. און עס איז דאָך ניט בלויז די שטימע. עס איז דאָך די טאָג־טעגלעכע אַרבעט אויפצוקלערן די מאַסן און פריער פון אַלץ דאַרף מען זיך דאָך אַליין לערנען און אויפקלערן.

גאָלדע איז איצט צו איר אָפטער געקומען צו גאַסט. געקומען מיטן קינד. און סאַלטשע האָט געקאָנט באַמערקן די גרויסע ענדערונג וואָס קומט פאָר אין גאָלדעס מוח. די ענדערונג איז באַשטאַנען אין גאָלדעס אַרט דענ־קען, אין איר לייענען ערנסטע ביכער, אין איר רעאַגירן אויף די נייעסן פון טאָג. אין אירע זייטיקע באַמערקונגען וועגן דער אָפּגעשטאַנענקייט פון איר מענקסן. און וועגן איר אומאינטערעסאַנט לעבן, וואָס זי פירט.

סאַלטשע האָט באַקומען דעם פולסטן צוטרוי צו גאָלדען. זי האָט איר דערציילט ווי זי פאַרדעכטיקט, אַז מאָטעק איז אומצופרידן, זינט דאָס קינד איז אויף דער וועלט געקומען. זי האָט זיך ניט געריכט, אַז ער זאָל דאָס ניט פאַרשטיין, אַז ער זאָל זיך פאַרקרימען, אַז ער זאָל אין קינד ניט קאָנען דערזען יעדן טאָג די גרויסע ענדערונגען, וואָס עס קומען מיט אים פאָר. עס אַרט אים וואָס דאָס קינד וויינט צופיל, וואָס דאָס קינד שטערט אים זייך שלאָף, וואָס ער קאָן קיין צייטונג רעכט ניט איבערלייענען.

גאָלדע האָט סאַלטשען געוואָרנט, אַז זי האַנדלט ניט ריכטיק. זי דאַרף זיך רעכענען מיט מאָטעקס צושטאַנד, מיט זיינע פיזישע באַדינגונגען. אַן עלעקטריקער אַרבעט שווער פיזיש און אויך גייסטיק. ווער ווייס, אפשר האָט מאָטעק אויך צרות אויפן דזשאַב, קריגערייען צווישן אַרבעטער זיינען אַ טאָג־טעגלעכע פאַסירונג. זאָל סאַלטשע ניט אויסנוצן אים אַזוי פיל. זאָל זי אַליין אויפשטיין ביינאַכט און לאָזן מאָטעקן שלאָפן.

— דו מיינסט מיר צו זאָגן, גאָלדע, אַז מאָטעק איז אין מיר מער ניט פאַרליבט, ווי איידער דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן ?

— איך מיין צו זאָגן, סאַלטשע, אַז פיזיש ביסטו איצט רייצנדיקער ווי ווען ס׳איז אין דיין לעבן און מאָטעק ווייסט עס. נאָר פאַרגעס, אַז דו האָסט איין קינד. דו האָסט צוויי און פאַרנאַכלעסיק ניט איינס צוליבן צווייטן. אַזוי איז דאָס. הלוואי וואָלט איך דאָס אַזוי געפילט. מיין מעקס איז ניט סענטימענטאַל, ניט אימפולסיוו, ווי מאָטעק איז. אים אַרט ניט וואָס זיין פרוי שענקט אים ניט קיין ליבע. ער דאַרף האָבן זיין שפייז, זיינע פאַרגעניגנס. ליבע, ווי מיר מאַמעס פאַרשטייען דאָס, איז אים פרעמד. איך גלויב, אַז דו פאַרשטייסט מיך. ליבע איז דאָך עפּעס מער ווי די פשוטע נויטיקע ליידנשאַפט, אָן וועלכער אַ מאַן קאָן זיך קיינמאָל, דוכט זיך מיר, ניט באַגיין. עס איז אַ טייל פון זיין צוזאַמענשטעל. נאָר ליבע איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש. צו ליבע דאַרף מען זיך דערהויבן. עס איז עפּעס אַזאַ דינקייט און שיינקייט פון געפילן, אַזאַ איידלקייט, עס איז עפּעס אַזוי סענסיטיוו, אַזוי טייער ווי דער טייערסטער איידלשטיין. עס פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ אוצר וואָס מען קאָן דאָס ניט אָפּשאַצן, וואָס מען ווייסט ניט וואָס דאָס איז, נאָר פילן דערפילט מען דאָס מאָמענטאַל. מיר דוכט זיך, אַז מאָטעק פאַרמאָגט אין זיך אָט דעם אוצר וואָס הייסט ליבע. איך האָב עס אַמאָל ניט פאַרשטאַנען. איך בין געווען צו פּראַקטיש, צו ברויטמעסיק און איך האָב ניט באַגריפן, אַז אין ברויט גייען אַריין אַ סך זאַפטן וואָס ציען זיך פון דער ברוסט פון דער ערד און וואָס נערן זיך מיט די שטראַלן פון דער זון.

— ווען איך זע ווי מאָטעק קומט אַהיים לעצטנס, גאָלדע, און ער דער־

פרייט זיך ניט מיט מיר און מיטן קינד, נאָר אַלץ פאַלט אים שווער און ער איז אומצופרידן וואָס ער קאָן די צייטונג ניט לייענען, וואָס ער מוז גיין אַ גאַנג פאַר מיר, דאַן טראַכט איך, אַז אָדער ער איז זייער מיד, אָדער ער באַ־גרייפט ניט די גרויסע מתנה, וואָס געפינט זיך אין זיין באַזיץ — זיין פאָטער־שאַפט. איך האָב איין טרייסט אַז ער וועט זיך באַלד בייטן. דאָס קינד איז נאָך קיין צוויי חדשים ניט אַלט. נאַטור האָט זיך אויך דערפאַר געזאָרגט, דוכט זיך מיר. באַלד וועט שלום אים ווייזן ווער עלטער איז. באַלד וועט ער קריכן אויף אַלע פיר פאַר ליבשאַפט צום קינד, ניט אַזוי, גאָלדע טייערע?

און סאַלטשע האָט זיך ווי צוגעטוליעט צו גאָלדען. דערפילט אין איר אַ טרייסטער אין אירע צווייפלען. גאָלדע, ווידער, האָט אין סאַלטשען דער־זען די אויפריכטיקייט וואָס האָט פון איר אַרויסגעשטראַלט און די עכטקייט וואָס איז אין איר געלעגן, און דאָס איז איר געווען טייער.

און אַ געוויסע קנאה איז אין איר אויפגעגאַנגען צו מאַטעקן, וואָס ער האָט באַקומען אַזאַ וואונדערבאַרע פרוי ווי סאַלטשע. זי האָט געפילט, אַז מאַטעקן וועט זיין אינטערעסאַנטער צו לעבן מיט סאַלטשען, ווי איר איז צו לעבן מיט מעקסן.

גאָלדע האָט פאַרלאָזן סאַלטשעס הויז אין אַ אומרואיק געמיט.

סאַלטשע האָט געפילט, אַז גאָלדע ווערט אַן אַנדער מענטש און זי האָט עס מאַטעקן ניט דערציילט.

## קאַפּיטל עלף

## ב ע ן

.1

מאַטעק האָט געשיקט אַ קאַרטל צו זיין חבר בען און אים אָנגע־זאָגט די בשורה, אַז ס׳איז געבאָרן געוואָרן אַ נייער קעמפּער פאַר שלום און גערעכטיקייט. ער איז געווען זיכער, אַז בען וועט באַלד קומען צו גאַסט. נאָר בען איז ניט געקומען און ניט געענטפערט אויפן קאַרטל.

— מסתם איז ער אויסער שטאָט, — האָט מאַטעק געזאָגט צו סאַלטשען, — וועסט אים טרעפן אויפן סטרייק־פראָנט, אָדער אפשר איז ער גאָר צו־ריקגעפאָרן קיין שיקאַגאָ צו זיינע עלטערן. יעדעס מאָל, ווען עס ווערט אים

אָנגעזאָלצן אויף דער נשמה, פּאַרט ער צו זיין שוועסטער בעס און פאַר־ברענגט אין שיינעם שטעטל און גריבלט זיך אין ביכער און רייכערט זיין לולקע. איך וואָלט וועלן האָבן בענען לעבן זיך אַצינד.

— ער איז אַנדערש פון אונדזערע היימישע רעוואָלוציאָנערן, — האָט סאָלטשע פאַרטראַכט געענטפערט, — ער איז צופיל אַריינגעטאָן אין זיך. ער איז אי אַן אינטעלעקטואַל, אי אַ שווערער אַרבעטער ביים האָפן. ביידע זאַכן זיינען ניט קיין קאָמבינאַציע. ער קאָן דאָך זיין אַ לערער, אָדער אַן אָרגאַ־ניזאַטאָר אין אַ יוניאָן, אָדער אַן אָנפירער פון קולטור־טעטיקייטן פאַר אַר־בעטער. וואו שטייט דאָס געשריבן, אַז ער דאַרף אויך זיין אַ האָפן־אַרבעטער? ער איז דאָך ניט אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין דער יוניאָן פון די האָפן־אַרבעטער. ער פאַרלאָזט דאָך דעם האָפן אַזוי גיך ווי עס מאַכט זיך עפּעס אויף אַן אַנדער אַרבעטער־פּראָנט. אַזוי פאַרשטיי איך דאָס פון דיינע שיל־דערונגען וועגן אים. ער איז שוין ניט קיין יינגל און דאָך איז ער ניט גע־זעצט ביי זיך. ער ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך. ער איז אַ קעמפער פאַר דער אַרבעטער־זאַך, נאָר דאָס איז ניט דער וועג. ער דאַרף זיך אויסקלייבן אַ געוויסן ציל, אַ געוויסע פּאָזע און דאָס זאָל ווערן זיין שטענדיקע אַרבעט. אַזוי איז ער היינט ביי די טעקסטיל־אַרבעטער און מאָרגן פּאַרט ער אַוועק ערגעץ אין אַן אומבאַקענט פאַר אים געביט פון קאַמף. איז דאָס אַ שטריך פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער אינטעליגענץ?

מאָטעק האָט זיך איינגעהערט צו סאָלטשען און זיך איינגעקוקט אין איר בעת זי האָט גערעדט. אים איז געפעלן געוואָרן איר ערנסטקייט, איר גע־זונטער צוגאַנג. אַ וואַרעמקייט האָט אים אַרומגענומען צו איר. זי איז צוריק די אַלטע סאָלטשע. ער האָט זיך אַליין גענומען אויסרעדן, וואָס ער האָט אויף איר געטראָגן אַ שטיקל הארץ, למאי זי האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן צו די ווינדעלעך און זי מאַכט אים אויך פאַר אַ . . . פּאַרא וואָס? האָט ער זיך אַליין געפּרעגט און זיך פאַרשעמט, וואָס ער האָט שיעור נישט באַשולדיקט דאָס קינד אין זיין שלעכטער שטימונג לעצטנס.

— סאָלטשע, ווען בען וועט אַריינקומען צו אונדז, וועלן מיר זיך אָוועקזעצן און אַ שמועס טאָן וועגן דער אַרבעטער־לאַגע און בכלל וועלן מיר אים אַרויפ־ציען אויף אַ שמועס וועגן זיין פּערזענלעכער לאַגע. איך גלויב, אַז דו וועסט האָבן אויף אים אַ גוטע ווירקונג. מען טאָר ניט דערלאָזן אַז דער בחור זאָל פאַרשווענדן זיין ענערגיע אויף קלייניקייטן. ביסט פולקאָם גערעכט, סאָל־טשע, אין דיין אָפּשאַצונג פון אים. און אפשר האָט ער זיך געביטן זינט איך בין מיט אים געווען נאָענט. לעצטנס האָב איך דאָך ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו רעדן מיט אים אויג אויף אויג.

אומגעריכטערהייט האָט בען אָנגעקלאַפּט אין מאַטעקס טיר. עס איז געווען באַלד צען אין אָוונט און מאַטעק, וואָס האָט געדאַרפט אויפשטיין זעקס אין דער פרי, האָט זיך שוין געקליבן מיטנעמען אַ בוך אין בעט אַריין, ווי עס איז לעצטנס געווען זיין טבע.

— עמיצער קלאַפּט, דוכט זיך, אין טיר, מאַטעק.

— עס דאַכט זיך דיר אויס. קיינער וועט צו אונדז ניט קומען אַזוי שפּעט . . . דוכט זיך, אַז מען קלאַפּט. איך וועל צוגיין אַ קוק טאָן.

— אָ, דו אַזויגער און אַזעלכער! קום אַריין. איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט פאַרפאַלן געוואָרן.

— ווער איז? איך בין ניט אָנגעטאָן, מאַטעק. איין מינוט.

בען האָט זיך אַנטשולדיקט. ער איז צוריקגעקומען שפּעט אין אָוונט און געפונען מאַטעקס קאַרטל, וואָס וואַרט שוין אויף אים איבער אַ וואָך צייט. ער איז ניט געווען אין שטאָט.

נאַטירלעך האָט סאַלטשע די ערשטע זאַך אים אַריינגעפירט אין קינדס צימער און אים געוויזן דעם שלאָפנדיקן שלומקע. בען האָט געקוקט אויף מאַטעקן און אויף סאַלטשען.

— ער האָט ניט אייער ביידנס אָנבליק. ניט אייער נאָז, ניט אייערע געזיכטס שטריכן.

— וואַרט, וואַרט, בען, אין אַ פּאָר חדשים אַרום וועסטו שוין רעדן אַנדערש, — האָט געזאָגט מאַטעק און נאָכאַמאָל אַ בליק געטאָן אויף זיין זינדל און צוגעגעבן — ער איז אינגאַנצן אין מיר געראָטן, וועסט זען.

מען איז אַריין אין קיך. סאַלטשע איז געווען זייער צופרידן צו זען בענען און זי האָט געדענקט, וואָס מאַטעק האָט איר פאַרגעשלאָגן. נאָר דער זייגער איז געווען צען, מאַטעק דאַרף אויפשטיין פרי.

— איך וועל ביי אייך לאַנג ניט זיצן. איך בין פּשוט נייגעריק צו זען ווי דער פּאַפּאַ פילט, ווי די מאַמאַ קוקט אויס און וואָס דער נייער קעמפער האָט צו זאָגן וועגן אַמעריקע, — האָט בען זיך געוויצלט מיט אַ ערנסטן אויסדרוק אויפן פּנים.

— פון וואַנען קומסטו און פאַרוואָס האָט מען פון דיר ניט געהערט, בען? — האָט מאַטעק אָנגעהויבן.

— מיין פריינט, איך האָב אייך ביידן אַ סך צו דערציילן. נאָר עס איז צו שפּעט. און סאַלטשע פאַרשטייט ניט גענוג ענגליש און מיין יידיש איז שטומפּיק און איידער מיר גייען ווייטער: ווי האָסטו געזאָגט הייסט דיין בחור, מאַט?

— שלום הייסט ער, בען, — האָט מאָטעק אים אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגן.

— און ווי וועט ער הייסן אין ענגליש ?

— שלום וועט ער הייסן, בען.

— נו, ביסט געבליבן דער זעלבער אומהיילבאַרער נאַציאָנאַליסט, מאָט. ווען וועסטו שוין אָנערקענען, אַז דו לעבסט אין אַמעריקע צווישן אַזוי פיל פעלקערשאַפטן ? ווען יעדעס פאָלק זאָל זיך אָנגיין זיין וועג, וועט מען קיינמאָל קיין סאָציאַלע רעוואָלוציע ניט קאָנען מאַכן. ווי דענקסטו וועלן אויף אים קוקן די קינדער אין פּאַבליק סקול מיט אַזאַ נאָמען ? צוליב וואָס זאָל ער דאַרפן ליידן אומזיסט און אומנישט. און סאַול וואָלט ניט געווען בעסער ? אָדער יודזשין, אָדער טאָם . . .

— לאָמיר אַצינד וועגן דעם ניט דיסקוטירן, בען. איך באַמערק, אַז עס איז פאַראַן אַן אַסימילאַטאָרישע ריכטונג צווישן אונדזערע יידישע חברים. איבערהויפּט צווישן אַמעריקאַנער געבאָרענע און מער אַמעריקאַניזירטע. איך גלויב, אַז איר זייט אומגערעכט. נאָר לאָמיר הערן וואו דו ביסט געווען און וואָס דו טוסט און בכלל וואָס מאַכסטו ? איך בין געווען אויסגעבענקט נאָך דיר, בען.

— פריער פון אַלץ וויל איך אייך ביידן לאָזן וויסן, אַז איך האָב אַ נייעם דזשאָב, גאָר אַ וויכטיקן דזשאָב און ניט קיין ציטוויייליקן. איך פאַר־האָף, אַז ער וועט זיין ציטוויייליק, נאָר ווי עס קוקט אויס, האָב איך מורא, אַז דער דזשאָב איז ניט קיין גרינגער און ניט קיין ציטוויייליקער. איר מעגנטשן לעבט דאָך מסתם בלויז מיט אייער בעיבי און וואָס עס טוט זיך אין דרויסן ווייסט איר ניט, אָדער עס אינטערעסירט אייך ניט. שעמט זיך ניט צוצוגעבן אייערע זינד. נו, איך בין איצט איינגאַנצן אַריינגעטאָן אין קאַמף פאַר סאַקאָ און וואַנזעטי. איך קום נאָר־וואָס פון באָסטאָן און איך וועל מסתם אינגיכן צוריקפאָרן און ניט פאַרלאָזן די שטאָט ביז איך וועל העלפן די צוויי חברים געווינען זייער פרייהייט. עס קוקט ניט אויס גוט, אָט דאָס איז מיין דזשאָב. ווי געפעלט עס דיר ?

סאָלטשע האָט צוגעגרייט צום טיש און אַ שווייגנדיקע זיך איינגעהערט צו בענס דערציילן. אויך מאָטעק האָט געשוויגן און זיך אויפמערקזאַם צו־געהערט. בען איז געווען אַריינגעטאָן אין איבערגעבן איינצלהייטן פון דעם סאַקאָ און וואַנזעטי פאַל. ער האָט דערציילט ווי אַזוי דאָס לאַנד און די גאַנצע וועלט ווערט אויפגערודערט פון דער אומגערעכטיקייט, וואָס ווערט באַגאַנגען קעגן די צוויי ראַדיקאַלע אַרבעטער. ער איז געווען זיכער, אַז זיי זיינען קרבנות, אומשולדיקע קרבנות אויפן מזבח פון קאַמף קעגן קאַפּיטאַל.

מאַטעק האָט קיינמאָל בעגען ניט געהערט רעדן אַזוי הייס, מיט אַזוי פיל צאָרן.

— יאָ, עס קאָכט אין מיר מיין בלוט. און דו ווייסט, אַז איך בין ניט פון די היציקע, מאַט. נאָר אויב זיי זאָלן געפינען ווערן שולדיק, וועט זיך אָנהויבן אַ צייט פאַר אונדז, וואָס וועט זיין נאָך ערגער פון די פּאַלמער־רעידס. מאָרגן וועט אַ רויבער מאַכן אַ האָלד־אַפּ אויף דער גראָסערי אין דיין געגנט און די פּאָליציי וועט אַרעסטירן דיך דערפאַר וואָס דו ביסט אַ טוער אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און דיך באַשולדיקן אין דעם האָלד־אַפּ.

— עס איז אמת, מאַט, אַז איך האָב קיין סך ניט געלייענט לעצטנס, איך בין טאַקע געווען פאַרנומען מיט הויז־פליכטן. ווען דו וועסט ווערן אַ טאַטע, בען, וועסטו דאַן סימפּאַטיזירן מיט מיר. נאָר די מעשה סאַקאָ־וואַנזעטי הייבט מיר אויך אָן אַריינגיין אין די ביינער. איך פיל זיך באמת שלעכט וואָס איך האָב פאַרנאַכלעסיקט מיינע געזעלשאַפטלעכע פליכטן.

— ניין, ניין, מאַטעק, — האָט דערווידערט סאַלטשע, — צו האָבן אַ קינד מיינט נעמען אויף זיך גאָר אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע פליכט. דאָס איז דער פונדאַמענט פון אונדזער סאָציאַלן בנין. און, בען, עס איז שוין צייט, אַז איר זאָלט זיך אויך נעמען צו אָט־דער געזעלשאַפטלעכער פונקציע. ווי אַ מאַמע וויל איך זען, אַז יעדער בחור און יעדע מיידל זאָלן ווערן טאַטע־מאַמע. דאָס רעדט אין מיר מיין נייער מוטערלעכער אינסטינקט. איר וועט מיר מוחל זיין וואָס איך וואָג זיך צו מישן אין אייערע פּריוואַטע ענינים, בען.

— עס איז אָלרייט, מיין טייערע סאַלטשע. איך בין זייער צופרידן, וואָס איך זייט מיר אַזאַ גוטער פריינט. איר רעדט אַזוי ווי מיין פאָטער און ווי מיין שוועסטער בעס. פרעגט מאַטעקן וועט ער אייך דערציילן סאַראַ וואוילע שוועסטער איך האָב. זי דערמאָנט מיך פיל אין אייך. דער אמת איז, אַז עס קומט אַ מאָמענט, ווען אַ מענטש וויל זיך אָראָפּרעדן פון האַרצן. נו, וועל איך דאָך ניט פאָרן קיין שיקאַגאָ יעדעס מאָל, ווען איך ווער סענטימענטאַל . . . אָט בין איך היינט אָנגעקומען פון באָסטאָן, געקומען אין אַ פינצטערן געמיט, אַריינגעקומען אין הויז, כאָטש רעד צו די פיר ווענט . . . מאָט, אַ סך זאַכן האָבן פּאַסירט מיט מיר זינט מיר האָבן ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו רעדן האַרץ צו האַרץ . . . סאַלטשע, איר האָט ביי מיר צוגענומען מאָטן. איידער איר זייט געקומען, זיינען פאַר אונדז קיין סודות ניט געווען. איך טראָג אַ קנאה אויף אייך, סאַלטשע.

— בען, דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז מיט סאַלטשען קאָנסטו רעדן ווי דו רעדסט מיט מיר. פאַרקערט: סאַלטשע איז קליגער פון מיר און זי איז מער דורכגעגאַנגען אין דער אַרבעטער באַוועגונג ווי איך. זיי פריי, אָנפהאַרציק

מיט איר. זי איז טאַקע אַזוי ווי דיין שוועסטער בעס. דערצייל אונדז וועגן דיין בעל, דערצייל וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דיר לעצטנס.

— נו, בעל איז זייער קראַנק, מאַט, געפערלעך קראַנק. זי ליידט פון אַ בלוט־קראַנקהייט. איך האָב מורא, אַז זי איז האָפּנונגסלאָז. איך האָב גע־רעדט מיט אַ דאָקטאָר וועגן איר. זי געשיקט צו אַ באַקאַנטן דאָקטאָר. ער האָט מיר אָפּגעגעבן זייער אַ שלעכטן רעפּאָרט. בעל גייט איין. די מעדיצין איז הילפלאָז קעגן איר קראַנקהייט. זי איז שוין געלעגן אַ פּאָר וואָכן אין אַ שפּיטאָל. עס האָט גאָרניט געהאָלפן. איר טעכטערל איז אויך קראַנק. דער מאַן מוז וויסן וועגן איר צושטאַנד. ער באַהאַנדלט זי גוט. וואָס קאָן איך טאָן פאַר איר? כ׳האָב אים לעצטנס געגעבן אַ פּאָר דאָלער. איך האָב איר געקויפט מתנות. איך האָב אין באָסטאָן דערהאַלטן פון איר אַ פּאָר האַרצ־רייסנדיקע בריוו. סאַלטשע, מאַט האָט אייך מסתּם דערציילט, אַז איך האָב בעלן זייער ליב. איך האָב אין מיין לעבן קיינעם אַזוי ליב ניט געהאַט. זי מיינט פאַר מיר אַלץ. נו . . .

— איך פאַרשטיי אייך, בען, — האָט סאַלטשע געזאָגט מיט אַ גערירט קול, — נאָר דאָס איז פאַר אייך דאָך קיין צוקונפט ניט. ווען בעל וואָלט געווען אינגאַנצן געזונט, וואָלט איר דאָך זי אויך ניט צוגענומען פון איר מאַן. עס טרעפט, אַז מען איז פאַרליבט אין איין מענטשן און מען הייראַט אַ צווייטן און מען פאַרליבט זיך מיט דער צייט אין אַ צווייטן. זינט איך האָב אייך געזען לעצטנס, בען, זייט איר פאַרעלטערט געוואָרן אַ סך. וואָס מיך אַרט איז אייער סאָרט לעבן. אָן אַ היים, אָן אַ פונדאַמענט . . . איך גלויב, אַז גראָד אונדזערער אַ מענטש, אַ רעוואָלוציאָנער דאַרף פירן אַ נאָרמאַל פאַמיליע־לעבן. מיר, וואָס ווילן ווייזן דער וועלט ווי צו בויען אַ ניי לעבן, דאַרפן אַליין זיין אַ ביישפּיל ווי אַזוי צו לעבן. איך זע דעם אונטערשייד, דוכט מיר, אין מאַטעקן. איך ווייס ניט ווי אַזוי ער האָט געלעבט איידער איך בין געקומען, נאָר איך זע ווי ער האָט זיך געביטן זינט איך בין מיט אים. עס איז גאָר אַן אַנדער אַרט דענקען און האַפן.

— הערט, מיין טייערע סאַלטשע, איך שטאַם אָפּ פון אַ באַלעבאַטישער היים. לאָמיר אייך אויסמאָלן מיין היים. אפשר ווילט איר שוין גיין שלאָפן, האַ?

— ניין, בען. איך בין זייער צופרידן וואָס דו ביסט געקומען און אויב דו ווילסט, וועסטו קאָנען דאָ איבערנעכטיקן אויף דער קושעטקע.

— ניין, איך וועל זיצן נאָך אַביסל און איך וועל אַהיים גיין. יאָ, איך וועל אייך דערציילן וועגן מיינע עלטערן און מיין סביבה. איך וועל אָנהויבן פון מיין מוטער. זי איז געווען אַ שיינהייט אין דער יוגנט. דאָס ווייזן אירע

פֿאָטאָגראַפֿישע בילדער. דאָס דערציילן פּריינטן. זי איז געקומען פֿון עסטרייך, פֿון אַ יידישער סוחרישער פֿאַמיליע, מסתּם זיינען זיי געווען אַריסטאָקראַטן. ביזן היינטיקן טאָג איז איר געבליבן אָט דער ניט־אַמעריקאַנער שטריך. שטאָלץ מיט זיך און מיט אַלץ וואָס שטאַמט אָפּ פֿון איר הויז. דער היפּוך פֿון איר איז מיין פֿאָטער. ער קומט אַרויס פֿון אַ קבצנישער פֿאַמיליע פֿון דער ליטע. געקומען אַהער אַ בחור פֿון אַ זעכצן יאָר, אָן וועלכער ס׳איז ביל־דונג. געקומען צו משפּחה אין שיקאַגאָ. אַריין אין אַ שיך־פֿאַבריק, געוואָרפֿן די אַרבעט, געליען ביי לאַנדסלייט אַ פּאָר דאָלאַר, געעפֿנט אַ קרעמל פֿון העמדער, זיך אַרויפֿגעאַרבעט און צו צוויי־און־צוואַנציק יאָר איז ער שוין געווען דער אייגנטימער פֿון אַ גרויסער קראָם פֿון מענער־וועש. קיין ענגליש רעדן האָט ער ניט געקאָנט. קומט צו איר אַריין אַמאָל אין קראָם אַ מיידל איינקויפֿן עפּעס פֿאַר איר פֿאָטער. מיין פֿאָטער איז געווען אַליין אין קראָם און באַדינט ווי ער האָט איר געהאַט איינגעפּאַקט וואָס זי האָט געקויפֿט, רופֿט זי זיך אָן צו אים: „איר זייט דער אייגנטימער פֿון דער קראָם? ווי לאַנג זייט איר אין אַמעריקע? איז ווי קומט דאָס וואָס איר האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנט רעדן ענגליש? עס איז נישט שיין אַזוי. גייט אין סקול און לערנט זיך. געלט איז ניט אַלץ. בילדונג איז מער“. נו, אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט און מיין פֿאָטער האָט אָנגעהויבן זיך בעטן ביים מיידל, אַז זי זאָל אים העלפֿן. איר פֿאַרשטייט שוין מסתּם, אַז עס איז אַנטשטאַנען אַ ליבע צווישן זיי און זי איז געוואָרן זיין ווייב און מיין מוטער. וואָס איך וויל אַרויס־ברענגען איז דאָס: ביזן היינטיקן טאָג קוקט מיין פֿאָטער אַרויף צו דער מוטער. מיר, קינדער, האָבן זינט מיר זיינען צום שׂכל געקומען געוואוסט פֿון מיין מאַמען ווי אַזוי זי האָט זיך באַקאַנט מיטן טאַטן. דאָס איז געווען אַ מין מאָראַל לעקציע פֿאַר אונדז. ביזן היינטיקן טאָג איז מיין מוטער די וואָס איז אויסגעשפּראָכן אין אירע מיינונגען און וואָס זי האָט צו זאָגן, ווערט זי דאָס זאָגן אָן מורא און אָן דרך־ארץ פֿאַר יענעם. כּל זמן זי מיינט, אַז זי איז גערעכט. אָפּט זעט זי ניט איין, אַז זי איז אומגערעכט. זי איז, זי מוז זיין גערעכט. דערפֿון ליידט מיין פֿאָטער. ער גיט איר אַלץ נאָך. ער שטייט אויף אַ נידעריקערע שטופֿע ביזן היינטיקן טאָג אין אירע אויגן און אים דוכט זיך — אין די אויגן פֿון דער וועלט. דאָס וואָס ער האָט ניט באַקומען קיין אַקאַדעמישע בילדונג און זי האָט אים גענומען, אַזוי צו זאָגן, אָן אַ דיפּלאָמאַ, דאָס האַלט ער פֿאַר זיין גרעסטן מינוס און דאָס וואָס זי איז געגאַנגען אין אַ קאַלעדזש, האַלט ער פֿאַר זיין זכיה. ער איז רייך, מיין פֿאָ־טער, נאָר ער האַלט זיך פֿאַר אַ גייסטיקן קבצן. ער באַשעפֿטיקט צוועלף מענטשן אין זיינע געשעפֿטן, נאָר קיין בוך לייענט ער ניט, קיין מוזיק הערט

ער ניט. זיין מוזיק איז דער קלאַנג פון דער מטבע, זיין גייסטיקע נערונג איז דער גינסטיקער רעפּאָרט פון זיין בוכהאַלטער.

— בען, נאָך אַ גלעזל קאַווע?

— אויב ס'איז אייך ניט שווער, סאַלטשע. יאָ, מיין מוטער באַלאַנגט צו אַ פּאָר אַריסטאָקראַטישע ניט־יידישע קלובן אין שטאָט. זי איז געגצלעך אַסימילירט. איין אויסזען קאָן מען זי אָננעמען פאַר אַן אונגאַרישער פרוי. זי האָט ברענענדיק שוואַרצע אויגן. אירע האָר זיינען אַמאָל געווען פעך־שוואַרץ און איר קול איז טיף־ברוסטיק און שטאַרק. זי שעמט זיך אונטער די אויגן מיט איר יידישן אָפּשטאַם און דערפון נעמט זיך אפשר מיין גרינג־שעצונג צו מאָטעקס יידיש־באַוואוסטזיניקייט . . . נו, דאַרף זיך אַזוי מאַכן אַז מיין שוועסטער בעס, זי איז די עלטערע, דאַרף גראָד חתונה האָבן מיט אַ ציוניסט און נאָך מיט אַ רוסישן אימיגראַנט דערצו. מיין מוטער האָט גע־אַרבעט מעשים קעגן שידוך. בעס איז, ווי מיין פאָטער, זייער אַ גוט־מוטיקע, נאָר ווי איך, אַן אַנטשלאָסענע. זי האָט חתונה געהאַט קעגן מיין מוטערס ווילן. צו אַלע צרות וויל מיין שוואָגער ניט רייך ווערן. מאָטעק קען אים און ער ווייסט, אַז ער איז אַ שטילער, ליבער מענטש, וואָס האָט ליב צו לעבן אין אַ קליינעם שטעטל און ער איז צופרידן מיט דעם וואָס ער פאַרמאָגט. מיין מוטער איז אַ האַרטער מענטש און זי קאָן איר טאָכטער ניט פאַרגעבן. זי קומט זעלטן צו גאַסט זען די אייניקלעך. לעצטנס, הער איך, האָט זי זיך אָביסל געביטן. די עלטער האָט זיך אָנגערוקט אויף איר און זי האָט דערפילט די איינזאַמקייט . . . פון דעם וואָס איך האָב אייך דערציילט וועט איר זיך אָנשטויסן, אַז מיין אייגענע קינדהייט איז ניט געווען צו אידיליש. איך האָב שטענדיק געזען דעם אויבן־אַראָפּ־קוק פון מיין מאַמען קעגן דעם טאַטן און זיין הכנעהדיקן בייגן זיך פאַר איר. איך האָב סימפּאַטיזירט מיט אים און אין דער זעלבער צייט זיך געגנויטיקט אין דער ליבע פון מיין מוטער. זי איז געווען שפּאַרזאַם מיט אַ קוש, מיט אַ גוט וואָרט, מיט אַ גלעט. זי האָט גע־האַלטן מער פון באַפעלן ווי פון פאַרשטיין זיך. איך האָב זיך געלערנט שפּילן פידל און פּיאַנאָ, געלערנט זיך מאָלן, געהאַט פּריוואַטע לערער אָנצוזאָגן מיינע לימודים, כדי צו זיין דער בעסטער אין סקול. אירע קינדער האָבן געדאַרפט זיין דער אויסנאַם פון אַלץ. שענער, געזינטער, בעסער, אינטעלי־גענטער . . . צו אָרעמע און אימיגראַנטן האָט זי געהאַט פאַראַכטונג. ניט קאָנען רעדן קיין קאָרעקטן ענגליש איז ביי איר געווען אַ פאַרראַט צום לאַנד . . . נאָר ווען איך בין אין עלטער פון אַכצן יאָר אַרומגעגאַנגען מיט אַ ניט־יידישער מיידל, אַן עכטע אַמעריקאַנערין, איז עס איר גאָר ניט גע־פעלן געוואָרן. זי האָט מורא געהאַט, אַז איך וועל זיך שמדן. יאָ, מיין פאָטער

האָט ליב געהאַט צו הערן רעדן יידיש. ער האָט ליב געהאַט צו לייענען אַ יידישע צייטונג, צו גיין אַמאָל אין יידישן טעאַטער. איך האָב ליב געהאַט מיטצוגיין מיט אים און איך האָב אויך באַקומען אַ ליבע צום יידישן וואָרט, נאָר גראָד האָב איך זיך שטענדיק פאַרליבט נאָר אין ניט־יידישע מיידלעך און פרויען. ווי איר זעט, פעלט מיר די אייגעוואָרצלטקייט וואָס איז אפשר דאָ ביי אייך. איר זייט טאַקע אימיגראַנטן און איר וועט אפשר פאַרבלייבן אויפן גאַנצן לעבן, נאָר דאָך פאַרמאָגט איר אין זיך עפּעס וואָס מיר פעלט. ווי קאָן מען דאָס אויסדריקן אין ווערטער?

— בען, איך פאַרשטיי דיך זייער גוט, — האָט געזאָגט מאַטעק, — צווישן דיר און דיין היים איז ניט געווען קיין האַפט. איך האָב באַמערקט ווי בעס איז געווען פאַרליבט אין איר מאַן, אין אים האָט זי געפונען די גאַנצקייט פון כאַראַקטער און איינגעוואָרצלטקייט פון אָפּשטאַם, וואָס זי האָט ניט געהאַט אין אין איר היים. ניט אַזוי?

— איך ווייס באמת ניט ווי אַזוי דאָס צו דערציילן. איך קאָן עס מער פילן ווי אויסדריקן. איך ווייס נאָר דאָס: מיין פאַרלאָזן דעם שיקאַגער אוניווערסיטעט אינמיטן לערנען, מיין ניט וועלן זיך צוגרייטן צו אַ קאַריערע, מיין ניט האָבן קיין מאַטעריעלע אַמביציעס, מיין ניט קאָנען זיך אפילו איינ־אָרדענען ווי אַ בחור — דאָס אַלץ האָט מסתם געהאַט צו טאָן מיט מיין דער־ציאונג. מיין אַריינגיין אין דער אַרבעטער באַוועגונג איז אַ רעזולטאַט פון מיין לאָגיק און דערפאַרונג, נאָר אויך דאָ דאָמינירט אומרו. סאַלטשע איז געדעכט. דאָס אַרומוואַנדערן איז אַ פאַרשווענד פון ענערגיע . . . אוה, ס'איז שפּעט, איר וועט מיר מוזן אַנטשולדיקן וואָס איך האָב אייך אַזוי שפּעט אויפגעהאַלטן.

— בען, איר וועט מוזן קומען צו אונדז זונטיק, טאַקע דעם זונטיק. איך לאַד איין גאָלדען און נאָך אַ פּאָר מענטשן. איר וועט עסן מיטאָג און דאַן וועלן מיר האָבן גענוג צייט צו פאַרברענגען. איר זאָגט מיר צו?

— גוט, דערווייל בין איך נאָך אַ פרייער מענטש.

— איך וויל פון דיר הערן מער וועגן דער סאַקאָ־וואַנזעטי קעיס, בען. דו האָסט די ערשט־ראַנגיקע אינפאָרמאַציע.

ווען בען האָט פאַרלאָזן און מאַטעק און סאַלטשע זיינען געגאַנגען שלאָפן האָבן זיי נאָך אַ לאַנגע צייט גערעדט וועגן אים. בענס היינטיקע רייד זיינען פאַר מאַטעק געווען אַן אַנטפּלעקונג. ער האָט פאַר זיך דערזען גאָר אַ נייעם בען. ער האָט אים אָנגעפאַנגען פאַרשטיין אַנדערש. און וואָס עס האָט אים געחידושט איז געווען, וואָס גראָד סאַלטשע, וואָס האָט אים געקענט אַזוי ווייניק, האָט אים קלאָרער אָפּגעשאַצט און זי האָט מיט אַ פּאָר ווערטער

אירע געפונען דעם שליסל צו זיינע געפילן.

— מאַטעק, ווען מיר שטודירן די אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג און אירע פירער לאָמיר אינזינען האָבן די קינדער־יאָרן פון אָט־די פירער. זיי, די קינדער־יאָרן, קאָנען אונדז אָפט געבן די מעגלעכקייט צו דערקלערן די באַזונדערקייטן פון די האַנדלונגען. מיר וואונדערן זיך ניט איינמאָל, וואָס אַן אַרבעטער־פירער ווערט מיטאַמאָל אַ פּאַרועטער, אָדער אַ קאַפּיטאַליסט. דער געוועזענער סאָציאַליסט ווערט אַ גיפטיקער רעאַקציאָנער און פאַרקערט, דער געוועזענער מיליאָנער, ווערט אַ ראַדיקאַל. בעַן איז פאַר מיר ניט קיין נייס. ער איז איבערגעגעבן מיט זיין גאַנצער נשמה דער ראַדיקאַלער באַוועגונג. איך צווייפל ניט אין דעם. איך וויל נאָר פון אים אויסגעפינען וואָס האָט אים אַריינגעבראַכט אין די רייען פון די האַפן־אַרבעטער. איך וויל אים ניט אַוועקנעמען פון זיין געליבטער, נאָר קיין נאָרמאַל לעבן איז דאָס דאָך זיכער ניט און אונדז פאַרשאַפט דאָס קיין גוטס נישט. דאָס פּריוואַטע לעבן פון אַ קעמפער דאַרף זיין ריין. איך וויל גאָלדע זאָל מיר העלפן באַקענען אים מיט מיידלעך פון איר קרייז. צווישן זיי זיינען פאַראַן אונדזעריקע — פיינע, געבילדעטע מיידלעך.

— ווען דו ווילסט חתונה מאַכן בענען, וועל איך דיר געבן אַ מעדאַל.

— מאַטעק, אַז דו האָסט געקאָנט חתונה האָבן און נאָך מיט אַזאַ אָנשיקעניש ווי סאָלטשע, איז דאָ אַ האָפענונג אַז בען זאָל אינגיכן ווערן אַ חתן.

— אַ גוטע נאַכט, שדכנטע.

— שלאָף געזונט, טאַטעלע.

בען האָט נאָך אַ לאַנגע צייט שפּאַצירט איבער די איינזאַמע גאַסן אין זיין געגנט. ווען ער איז אַהיים געקומען, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט און געשריבן אַ לאַנגן בריוו צו זיין שוועסטער בעס, אין וועלכן ער האָט איר איבערגעגעבן וועגן איר אַמאָליקן באַרדער מאַטעק, וועגן זיין זייער ליבער פרוי און זייער קינד מיטן מאָדנעם נאָמען — שלום.

## קאַפּיטל צוועלף

# דער שונא

.1

שלומל איז אַלט געוואָרן צוויי חדשים. ער האָט מיטאַמאָל אויפֿגעוואַכט פֿון זײַן כסדרדיקן שלאָפֿן און דרעמלען און מיט אים צוזאַמען האָט אויפֿגעוואַכט מאָטעק. די דערנענטערונג צווישן פֿאָטער און קינד איז פֿאַרגעקומען בהדרגהדיק. מאָטעק האָט באַמערקט, אַז דאָס קינד וואַקסט, אַז זײַנע אויגן ווערן גרעסער און נעמען אָן סאַלטשעס בורשטין קאָליר. מאָטעקן זײַנען געפֿעלן געוואָרן דעם קינדס הענטעלעך, זײַנע שטאַרקע פֿינגערלעך, וואָס האָבן זיך אײַנגעקלאַמערט אין זײַנעם אַ פֿינגער און אים ניט אָפּגעלאָזט. דאָס קינד האָט צוגענומען צוויי פֿונט לעצטן חודש. שלומל איז געוואָרן פֿולער, מענטשישער, האָט מאָטעק געזאָגט. ער האָט שוין ניט אויפֿגעוועקט דאָס הויז אַרום צוויי אַזייגער פֿאַרטאָג, כאָטש געוויינט האָט ער נאָך גענוג און אומרויִק, גלאַט צו דערגיין די יאָרן. נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז ס'איז נאָך ניטאָ מיט וועמען צו גיין צום טיש ? ס'פֿאַרשטייט גאָרנישט.

סאַלטשע פֿלעגט ווערן אויפֿגעבראַכט פֿון אַזעלכע רייד.

— וואָס הייסט ער פֿאַרשטייט גאָרניט ? עס איז דײַן אייגענע שולד. איך זע, אַז ער איז אַ חכם, אַז יעדן טאָג באַמערקט ער אַלץ מער זאַכן און ווײַזט אַרויס נײַגעריקייט צום אַרום. וואָס וואָלסטו וועלן, אַז ער זאָל פֿאַר דיר איבערלייענען מאַרקס' „קאַפּיטאַל” ?

נאָר אָט האָט עפּעס פּאַסירט, ווען שלומל איז אַלט געוואָרן צען וואָכן. מאָטעק איז געהאַט אַהיים געקומען פֿון דער אַרבעט און ער האָט זיך דערפֿרייט מיטן קינד. ער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג און ער האָט געלאַכט צום קינד. מיטאַמאָל האָט דאָס קינד געגעבן אַ שמייכל ווי עס וואָלט אויסגעדריקט מיט דעם, אַז עס געפֿעלט אים, וואָס מאָטעק פֿילט גוט.

— סאַלטשע, סאַלטשע, קום נאָר אַהער, — האָט ער אויסגעשריִען ניט ווי מיט זײַן קול, — סאַלטשע איז געווען פֿאַרנומען אין קיך און דערהערנדיק מאָטעקס מאָדנעם קול, האָט זי זיך דערשראָקן און זי איז שנעל אַרײַן אין קינדס צימער.

— וואָס האָט פּאַסירט, מאַטעק?

— אויף מיין וואָרט, ווי ער האָט אַ ברייטן שמייכל געטאָן צו מיר, איך זאָג דיר ניט קיין ליגן. איך האָב אַ מאָך געטאָן מיט די ליפּן צו אים און ער האָט ווי פאַרשטאַנען מיין מינע און ער האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל. איך האָב נאָך אַזעלכעס אויף מיין לעבן ניט געזען! אוי, וואַקסט ער אַ יאַט! דאָס איז געווען דער שמייכל פון איינעם וואָס פאַרשטייט, פון איינעם וואָס דערקענט דיך שוין. איך זאָל אַזוי לעבן, ווי ער דערקענט מיך שוין! ס׳איז אַ לעבעדיקע וועלט מיט אים, סאַלטשע. דאָס איז ס׳ערשטע מאָל וואָס איך האָב אים געזען שמייכלען. מסתם איז דאָס זיין ערשטער שמייכל און ער האָט אים מיר געשאָנקען, אַ לעבן אויף זיין קעפּל. שלומל, גיב מיר נאָך אַ שמייכל. אַ האַלבן לעבן פאַר אַ שמייכל . . .

סאַלטשע האָט באַטראַכט מאַטעקן. איר פּנים האָט אויפגעשטראַלט. שלומל האָט ענדלעך זיך איינגעבאַקן ביי מאַטעקן אין האַרצן. פון איצט אָן וועט מאַטעק אויסגיין נאָכן קינד. שוין לאַנג האָט זי ניט געזען מאַטעקן אַזאַ צעפלאַמטן. אַזוי ווי ער וואָלט אַנטדעקט אַמעריקע — שלומל האָט אַ שמייכל געטאָן!

— ער ווערט אַ לייט, מיין זון! — האָט סאַלטשע געלאַכט. — נאַר פאַר־וואָס קומט דיר דער ערשטער שמייכל און ניט מיר, ווייס איך ניט. מסתם איז שוין דאָס דער מזל פון דער מאַמען. דער טאַטע קומט אויפן גרייטן . . . קום עסן, ער וועט נאָך שמייכלען שפּעטער אויך.

פאַר איר האָט דאָס קינד געשמייכלט, זינט זי האָט אים דעם ערשטן מאָל דערזען. זי האָט דערקענט דעם שמייכל אין אים, אפילו ווען ער איז זיך פאַר־גאַנגען אין געוויין. דאָך איז זי געווען שטאַרק צופרידן, וואָס שלומל האָט דעם ערשטן ריכטיקן שמייכל געשאָנקען מאַטעקן.

און פון דאַן אָן טאַקע האָט מאַטעק זיך פאַרליבט אין זיין יינגעלע. ס׳איז געווען ווי ער וואָלט אויסגעפונען, אַז דאָס קינד איז אַ טייל פון אים. דער פריידיקער טייל פון אים. אַלע זיינע טראַכטונגען, אַלע זיינע אַמבי־ציעס און פּלענער זיינען אַצינד געווען געווענדט אויף שלומלען. ער האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן אַהיימצוקומען פון דער אַרבעט. נאָך איידער ער האָט זיך אָפּגעוואַשן, — שוין אָפּגערעדט פון אַריינגיין אין קיך פריער, — אַזוי ווי ער האָט הינטער זיך די טיר פאַרמאַכט, איז ער גלייך אַריין צו שלומלען אין צימער.

— אָט אַזוי, קינד מיינס, אָט אַזוי, דו ביסט צופרידן וואָס איך בין גע־קומען, האַ? איך זע אין דיינע אויגעלעך, אַז דו ביסט צופרידן מיט מיר.

בן, גיב מיר אַ שמייכעלע, אַט אַזוי . . . סאַלטשע, ער פרייט זיך מיט מיר. האָסט געדאַרפט זען ווי ער האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן, ווען ער האָט מיך דער־זען. ער קוקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין, ווי איינער זאָגט: איך ווייס ווער דו ביסט. גיי ניט אַוועק פון מיר.

אָפּגעגעסן און גלייך אַריין צוריק צום קינד און אים גענומען אויף די הענט און זיך געשפּילט מיט אים. און ער איז געווען גליקלעך, וואָס דאָס קינד האָט געקוקט אויף אים, וואָס דאָס קינד האָט אַ מאַך געטאָן מיטן קעפּל, ווייל ס'איז געווען דאָס קעפּל וואָס האָט צו צוויי חדשים אָנגעהויבן מאַכן איבונגען, דרייען אַרויף און אַראָפּ און אויף אַ זייט. ער איז געווען פאַרליבט, האָט ער געזאָגט, אין קינדס הענטעלעך, אַזוי סאַמעט־גלאַט און אין די פינ־גערלעך, אַזוי אויסגעטאָקט און גיריק.

אמת, באַלד האָט דאָס קינד באַקומען אַן אויסשיט אַרום האַלדז און אויפן רוקנדל. ס'איז געווען אין יולי און די היצן זיינען געשטאַנען גרויסע און אין די צימערן איז געווען פאַרשטיקט און אויך אויף דער גאַס איז ניט געווען קיין סך בעסער. סאַלטשע און מאַטעק האָבן ניט געקאָנט איינשלאָפן פון דושנעקייט, נאָר דאָס קינד האָט געליטן מער פון אַלעמען. און הגם דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג ביי עופעלעך, זיינען אָבער טאַטע־מאַמע אַרומגעגאַנגען אָן קאָפּ וועגן דעם קינדס צושטאַנד.

סאַלטשע האָט געוואוסט, אַז מער וועט מאַטעק ניט אַרומגיין אין הויז מיט אַ מינע פון אַ פאַרנאַכלעסיקטן, מער וועט ער ניט האָבן די קינדישע קנאה, וואָס מענער גייען דורך, ווען זיי דערפילן אַז די פרוי שענקט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט צום קינד און ניט צום מאַן. פאַרקערט, איצט האָט זי געפילט ווי מאַטעק גיט אָפּ מער ליבע צום קינד ווי איר. זי האָט זיך אויך געשראָקן, אַז זי וועט ווערן צו פויל און מאַטעק, האָט זי געוואוסט, האָט אַ ווידער־געפיל צו שווער־לייביקע פרויען. דערפאַר האָט זי אפשר אויפגעהערט זויגן דאָס קינד, מחמת צוליבן קינד האָט זי אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן אין איין עסן. און די וואָג אירע האָט איר געגעבן געפאַר־סיגנאַלן.

זי איז געווען מער צופרידן וואָס מאַטעק האָט זיך אַזוי אָנגעהויבן אָפּ־געבן צום קינד, נאָר זי האָט ניט געוואָלט, אַז מאַטעק זאָל זי פאַרנאַכלעסיקן, אָדער אַז זי זאָל אויפן מינדסטן אופן אָנווערן אין רייץ פאַר אים. זי האָט זיך באַקוקט אין שפּיגל, זי האָט עקזאַמינירט יעדן טייל פון איר רייפן, צעבליטן קערפּער. ווי גיך האָט די נאַטור איר געהאָלפן קומען צו זיך, נאָך דער רע־וואָלוציע פון איר שוואַנגערשאַפט. פאַרקערט, דאָס וואָס די נאַטור האָט גע־האַט אויסגעליִען ביי איר לטובת דעם קינד, האָט זי איצט אָפּגעגעבן מיט

פּראָצענט. איר מראה (מאַרע) איז געווען לויטערער, איר הויט גלאַטער, אירע האָר געדיכטער און גלאַנציקער, דאָס גאַנצע פּנים איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ מין ראָזעווען טוי פון גלוסטיקייט. האָט עס מאָטעק ניט באַמערקט? ער האָט שוין גאָר געציטערט איבער איר. איז וואָס־זשע האָט זי מורא, אַז צוליב דעם וואָס ער פאַרנעמט זיך מיטן קינד גלייך ווי ער קומט אַהיים פון דער אַרבעט און צוליב דעם וואָס ער האָלט איר אין איין דערציילן די אַנטדעקונגען, וואָס ער מאַכט יעדן אָוונט אין קינדס פיזישער און גייסטיקער אַנטוויקלונג („דאָס פּנימל ווערט ברייטער, די ליפּעלעך ווערן שענער יעדן טאָג און זיי באַוועגן זיך, ווי זיי וואָלטן וועלן עפּעס זאָגן, די פינגערלעך זיינען קלוג, ווייסן וואָס זיי ווילן, עס קומען צו הערעלעך, גיין־גאָלדענע הערעלעך; עס איז דאָך דער גרעסטער וואונדער אין דער וועלט צו באַאָבאַכטן וואָס עס קומט פאָר אין דעם נפשל") באַמערקט ער ניט ווי זי בליט און אַנטוויקלט זיך?

גראָד האָט זיך דאָס רעדל אָנגעהויבן איבערקערן, האָט זי דערפילט. אויב מאָטעק פלעגט זיך באַקלאָגן, אַז ער וויל לייענען אַ צייטונג, נאָר דאָס קינד לאָזט אים ניט, ווייל נאָר עס וויינט און עס דאָקוטשעט, האָט סאָלטשע איצט געהאַט גענוג צייט צו לייענען צייטונגען און ווערן וואָך צו די געשעענישן פון אַרום און מאָטעק האָט די הויפּט־בייעסן דערזען בלויז אין זיין קינד און די בייעסן פון דער וועלט האָבן ביי אים ניט געהאַט די הויפּט באַדייטונג.

— מאָטעק, דער סאַקאָ־וואַנזעטי פּראָצעס גייט ניט גוט. ווי דענקסטו, מען וועט זיי געפינען שולדיק?

— סאָלטשע, איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך בין שוין אָנגעזעטיקט און די צייטונג אינטערעסירט מיך ניט פיל.

געווען מאָמענטן, ווען מאָטעק האָט זיך אַליין אויסגערעדט פאַר זיין יחידישער באַנעמונג.

— הייסט עס, — האָט ער זיך געמוסרט, — אַז איך בין געוואָרן דער אמתער קליינבירגער. איך האָב מיר אַ דירה, אַ דזשאָב, אַ ווייב און קינד און מער דאַרף איך ניט און וואָס עס פּאַסירט אויף דער וועלט, אַרט מיך ניט. וואָס עס איז פון דיר געוואָרן, מאָטעק?

נאָר באַלד האָבן די פּאַסירונגען פון אַרום גענומען אַריינדונערן צו מאָטעקן אין האַרץ אַריין און באַלד איז ער געוואָרן צוריק דער שטורעמדיקער מאָטעק, וואָס האָט זיך מער ניט געקאָנט באַרואיקן. דער ים אין אים האָט זיך צעברויזט און די כוואַליעס פון זיינע געדאַנקען און געפילן האָבן זיך געריסן און אָנגעשלאָגן אין פעלזיקע ברעגן.

.2

דעם 14טן יולי, 1921 זיינען סאַקאָ און וואַנזעטי געפונען געוואָרן שול־דיק אין ערשטן גראַד מאָרד.

יענעם אָוונט איז בען געקומען צו מאַטעקן אין הויז אַריין. עס איז גלייך געווען קענטיק, אַז ער איז געווען אין אַ קאַמפּס־שטימונג און ער האָט זיך אפילו ניט נאָכגעפרעגט אויפן וואוילזיין פון קינד.

— הערט זיך איין, מאַטעק און סאַלטשע, איך פאָר מאָרגן אָפּ קיין באָסטאָן און איך וועל זיך אײַנגאַנצן ווידמען צו דער סאַקאָ און וואַנזעטי קעיס. פאַר מיר איז דאָס ניט נאָר אַ פראַגע פון שאַפן פאָנדן פאַר זייער פאַרטיידי־קונג. איך בין אינגאַנצן ניט איינשטימיק מיט אונדזערע ליבעראַלן וואָס ווילן באַווייזן, אַז סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען ניט באַגאַנגען דעם האָלד־אַפּ און מאָרד אין סאַוט בריינטרי, דעם 15טן אַפּריל, 1920. עס איז קלאָר פאַר יעדן דערוואַקסענעם מענטשן, וואָס האָט זיך אינטערעסירט מיט דער קעיס, אַז זיי ווערן ניט געמשפּט אַלס רויבער און מערדער, נאָר זיי זיינען קרבנות פון זייערע ראַדיקאַלע איבערצייגונגען. ערשטנס, זיינען זיי איטאַליענער, אויסלענדער, הייסט עס, וואָס האָבן געוואַגט צו באַטייליקן זיך אין קלאַסן־קאַמף אין אַ שטאַט וואָס איז פעלד־רעאַקציאָנער און אַזוי שאָוויניסטיש "רייך־אַמעריקאַניש".

— בען, — האָט אים אונטערגעבראָכן סאַלטשע — זיי זיינען אַנאַר־כיסטן און ביי דעם דורכשניטלעכן אַמעריקאַנער איז אַן אַנאַרכיסט איינער, וואָס גלויבט אין גוואַלד־טאַט. ווי אַזוי קאָן מען אויפקלערן דעם עולם, אַז ער זאָל פאַרשטיין, אַז זיי זיינען ניט געווען פאַראינטערעסירט אין קיין האָלד־אַפּס און אַז זיי האָבן זייער ענערגיע אָפּגעגעבן צו קעמפן פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען . . .

— הער, סאַלטשע, די צרה איז וואָס די צייטונגען זיינען ניט פאַר־אינטערעסירט צו דערציילן דעם אמת. אפילו דו און מאַטעק ווייסן ניט די פולע פאַקטן. עס איז גענוג צו באַקאָנען זיך מיט די ביאָגראַפיעס פון די צוויי אַרבעטער צו זען, אַז זיי זיינען אידעאַליסטן און אַז דאָס איז נאָך אַן ערגערע פאַרזעצונג פון די פאַלמער רעידס.

„לאָמיר אָנהויבן פון סאַקאָן. וואָס פאַר אַ טיפּ מענטש איז דאָס? ער איז איצט 30 יאָר אַלט. ער איז פאַרהייראַט און האָט אַ קינד. ער איז אַן איבערגעגעבענער פאַמיליע־מאַן. ער שטייט אויף פיר פאַרטאָג און פאַר־ברענגט אין זיין גערטנדל. זיבן אין דער פרי איז ער שוין אין דער שיך־פאַבריק וואו ער אַרבעט. פאַרנאַכט איז ער ווידער אין גאָרטן און ער איז

שטאַרק שטאָלץ מיט דעם גרינוואַרג, וואָס ער באַקומט אַרויס פֿון דאָרט. ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין עלטער פֿון זיבעצן יאָר און אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז ער געוואָרן אַן אויסגעצייכנטער צושניידער ביי שיך. ער ווערט פֿאַררעכנט ביי זיין באַלעבאָס ווי דער שנעלסטער אַרבעטער צווישן דריי טויזנט צושניידערס. ער פֿאַרדינט גוט און ער שיקט אַהיים געלט צו זיינע עלטערן רעגולער. קאָן מען זיך פֿאָרשטעלן אַזאַ מענטש וועט ווערן אַ רויבער מיטאַמאָל?

„נו, אין וואָס באַשטייט זיין פֿאַרברעכן? זיכער האָט ער זיך ,פֿאַרזינדיקט'. אין 1918 איז ער געווען איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון אַ לאַנגן סטרייק פֿון שיך־אַרבעטער לעבן באָסטאָן. ער האָט געהאָלפֿן געווינען העכערע שכירות פֿאַר די אַרבעטער. איז דאָס ניט קיין ,פֿאַרברעכן'? ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער פֿאַרטיידיקונג פֿון עטאָר און דזשיאָוואַניטי.

„וואַנזעטי איז אַביסל עלטער פֿון סאַקאָן. ער איז געקומען אַהער פֿון איטאַליע אין 1908. ער האָט געטאָן אַלערליי אַרבעטן, ביז ער איז אָנגעקומען קיין פּלימוט אין דער שטריק־וועבעריי. די באַדינגונגען פֿון די איטאַליענישע און פּאָרטוגעזישע אַרבעטער אין פּלימוט זיינען געווען ערגער ווי אין לאָרענס, איידער עס זיינען דאָרט פֿאָרגעקומען די גרויסע סטרייקס, וואָס האָבן אויפֿגערודערט דאָס לאַנד. מענער האָבן דאָרטן פֿאַרדינט ניין דאָלאַר אַ וואָך און זייערע פֿרויען זעקס דאָלאַר אַ וואָך. וואַנזעטי האָט זיך אַ נעם געטאָן אָרגאַניזירן די אַרבעטער. אין 1916 זיינען אַרום 4,000 שטריק־וועבער אַרויס אין סטרייק. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל וואָס עס איז געלונגען צו פֿאַראייניקן די אַרבעטער אין סטרייק קעגן דעם מעכטיקן שטריק־טראָסט. וואַנזעטי איז פּאַקטיש געווען דער איניציאַטאָר פֿון סטרייק. עס איז געווען זייער אַ שווערער קאַמף. מען האָט דורך פּאָליציי און גענגסטערס טעראָריזירט די סטרייקערס און זיי געוואָלט אַרויסטרייבן פֿון די וואוינונגען, וואָס האָבן באַלאַנגט צו דעם שטריק־טראָסט. וואַנזעטי האָט געהאַלטן רעדעס, געזאַמלט געלט, אָנגעפֿירט מיט דער פּיקעט־לאַין. דער סטרייק איז געוואונען געוואָרן. די פֿיר טויזנט אַרבעטער זיינען צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, באַקומען העכערע שכירות און בעסערע באַדינגונגען. אַלע זיינען צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט — אַחוץ וואַנזעטי. אים האָט מען ניט געוואָלט צוריקנעמען. ער איז געבלעקליסטעד געוואָרן. ער האָט מער אין קיין פֿאַבריק ניט געקאָנט אַרבעטן. נו, איז ער ניט באַגאַנגען קיין ,פֿאַרברעך'? קאָן זיך ווער פֿאָרשטעלן, אַז אַזאַ מענטש וועט ווערן אַ רויבער און באַגיין אַ מאָרד צוליב געלט? ער איז געוואָרן, ווי איר ווייסט, אַ פֿיש־פּעדלער און ער איז געוואָרן פּאָפּולער צווישן די איינוואוינער.

„איר ווייסט מסתּם, אַז ווען מען האָט זיי אַרעסטירט — זיי זיינען געפאָרן אין אַ טראַמוויי, אויפן וועג צו אַ מיטינג — האָט מען זיי אין פּאָליציי־סטאַנציע אויסגעפרעגט וועגן זייער ראַדיקאַליזם. פון ווען אָן פרעגט מען באַנדיטן אויס צו וואָס פאַר אַ פּאַרטיי זיי באַלאַנגען? און פון ווען אָן האָט דער יוסטיץ־דעפּאַרטמענט גענומען אַ האַנט אין אַ לאָקאַלן רויבער־אָנפאַל? נו, איר האָט זיכער געלייענט די מעשה וועגן סאַלסעדאָס שרעקלעכן טויט. סאַלסעדאָ און עליאַ זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין ניו־יאָרק אויפן ,פאַרדאַכט' פון ראַדיקאַליזם. סאַלסעדאָ האָט זיך אַרויסגעוואָרפן פון עלפטן שטאָק, בעת מען האָט אים געמוטשעט אין דער געביידע פון דעם יוסטיץ דעפּאַרטמענט אויף פּאַרק ראָו. עליאַ איז דעפּאָרטירט געוואָרן און ער האַלט ביים שטאַרבן פון די קלעפּ וואָס ער האָט באַקומען אין יוסטיץ דעפּאַרטמענט. סאַקאָ און וואַנזעטי האָבן אָרגאַניזירט פּראָטעסט מיטינגען. עטלעכע טעג איידער דער פּראָטעסט מיטינג האָט געזאָלט פאָרקומען אין בראָקטאָן, האָט מען סאַקאָן און וואַנזעטין אַרעסטירט. איר זעט די פאַרבינדונג? איר זעט דעם פּרעים־אַפּ? דער יוסטיץ דעפּאַרטמענט פילט זיך שולדיק פאַרן מאָרד פון סאַלסעדאָן. זיי ווילן דערפאַר אָנוואַרפן אַ שרעק אויף די איטאַליענישע ראַדיקאַלן אין לאַנד . . . עס איז קלאָר, אַז סאַקאָ און וואַנזעטי מוזן אָפּגעראַטעוועט ווערן, אַניט וועט קיינער פון אונדז ניט זיין זיכער מיטן לעבן. יעדער אַרבעטער־טוער, יעדער איינער וואָס איז ראַדיקאַל געשטימט וועט ניט קאָנען אַרומגיין פריי און אַרויסזאָגן אַ וואָרט. איך פאָר אָפּ קיין באָסטאָן און שליס זיך אָן אין פאַרטיידיקונג־קאָמיטעט פאַר סאַקאָ־און וואַנזעטי. איך וועל אָפּגעבן מיין צייט און מיין ענערגיע, אויב נויטיק אָן געצאָלט. איך טו דאָס צוליב פּאַטריאָטישע מאָטיוון. דאָ בין איך געבאָרן געוואָרן און איך וויל ניט אַז מיין לאַנד זאָל געשטעלט ווערן צו שאַנד אין די אויגן פון דער וועלט" . . .

מאַטעק האָט זיך איינגעהערט צו בענען מיט אַ ווילדקייט אין די אויגן. ער האָט באַשלאָסן צוריק אַריינוואַרפן זיך אין דער באַוועגונג. איצט איז דאָס ביי אים געווען אַנדערש ווי ווען ער איז געווען אַ בחור. דאַן האָט ער וועגן זיך קיינמאָל ניט געהאַט געטראַכט. ער איז געווען פאַראינטערעסירט, אין דעם אידעאַל. איצט איז ער געווען אַריינגעטאָן אין זיין אייגענעם וואוילזיין. ער האָט אַ פרוי און אַ קינד. זיי דאַרף ער פאַרטיידיקן פון דער רעאַקציע, וואָס וויל באַהערשן אַמעריקע. אַרבעטלאָזיקייט און „אָפּען שאָפּ", טעראָר קעגן אָרגאַניזירטע אַרבעטער, דעפּאָרטאַציעס און אַרעסטן צוליב סטרייק טעטיקייטן — דאָס אַלץ האָט אים איצט אָנגערירט מער ווי אַלעמאָל. מאָרגן קאָן ער פאַרלירן זיין פּרנסה און ווערן געשטעלט אויפן שוואַרצן צעטל און ניט קאָנען מער פאַרדינען זיין ברויט, ווי עס האָט פּאַסירט מיט

וואַנזעטין. מאָרגן קאָן ער ווערן אַקטיוו אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און דערפאַר קאָן מען אויף אים מאַכן אַ פּרעים אַפּ ווי אויף סאַקאָ, מאָרגן קאָן סאָלטשע ווערן אַ מיטגליד פון אַן אַרבעטער־קלוב און מען וועט זי וועלן דע־פּאָרטירן . . . דאָס בלויז האָט אין אים אויפגעקאָכט.

— בען, — האָט ער זיך אָפּגערופן, — איך נעם זיך צוריק צו דער אַרבעט. ביז איצט, פאַרשטייסטו דאָך, זיינען מיר ביידע געווען פאַרנומען מיטן איינאָרדענען זיך, מיטן קינד. די צייט איז געקומען, אַז איך זאָל צוריק ווערן אַקטיוו. איך זאָג דיר צו, בען, אַז איך וועל זיך אַריינוואַרפן אין דער אַרבעט פאַר סאַקאָ־וואַנזעטי. עס איז באמת שרעקלעך.

— וואָס מאַכט בעל? — האָט פלוצלינג סאָלטשע געפרעגט.

— יאָ, וועגן דעם בין איך אויך געקומען צו אייך. בעל זינקט כסדר. זי קומט צו זיך אַמאָל און נאָכדעם באַקומט זי אַן אַטאַקע און זינקט. מיין אַוועקפאָרן וועט איר קיין גוטס ניט טאָן. איך וואָלט זייער שטאַרק אָפּגע־שאַצט, ווען עמיצער פון אייך וועט צוגיין צו איר פון צייט צו צייט און איר זאָגן אַ גוט וואָרט. פּשוט זאָגן, אַז איר האָט דערהאַלטן בריוו פון מיר און איר זייט געקומען איר אָפּגעבן אַ גרוס. סאָלטשע, איר מעגט עס טאָן. איך האָב איר דערציילט פון אייך און זי וועט אייך דערוואַרטן. וואָס איך וויל איז, אַז איר זאָלט מיר שרייבן וועגן איר צושטאַנד, ווי זי קוקט אויס און צי זי בויטיקט זיך אין עפּעס. אויך איר קינד איז ניט געזונט. עס איז אַ טראַגישע לאַגע און איך קאָן גאָרניט טאָן פאַר איר. אַז די מעדיצינישע וועלט איז מאַכטלאָז, איז עס זייער ניט גוט.

בען איז יענעם אָוונט געזעסן אַ לאַנגע צייט ביי מאַטעקן אין הויז און מען האָט גערעדט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין לאַנד און וועגן זיין פּער־זענלעך לעבן. סאָלטשע איז געווען די וואָס האָט מיט איר טאַקט און הומאָר אים אַרויסגעפירט צוריק אויף איר פאַראינטערעסירטער טעמע — אַז בען זאָל זיך איינאָרדענען פּערזענלעך.

— בען, איך האָב פאַר אייך אַ מיידל. איך וויל אייך חתונה מאַכן, בען. לאַכט ניט. איך האַלט, אַז איך וועל טאָן דער באַוועגונג אַ טובה, ווען איך וועל אייך איינאָרדענען מיט אַ היים, מיט אַ פרוי. און הויפּטזעכלעך בין איך פאַראינטערעסירט, אַז איר אַליין זאָלט טאַקע ווערן אויס וואַגאַבונד. וואָס אַרט אייך, אַז איר וועט פאַרברענגען מיט אַ מיידל און אויסגעפינען, דאָס איר פאַרשטייט זיך ביידע אויסגעצייכנט?

— הערט אויף, סאָלטשע. איך גלויב ניט, אַז איך וועל ווען ס׳איז חתונה האָבן. עס איז אַרויסגעוואָרפן אייער מי. איך בין אַ פאַרפאַלענער. איך האָב ניט געהאַט קיין סאָלטשע אין מיינע יונגע יאָרן און די מיידלעך

מיט וועלכע איך האָב זיך באַקאַנט, האָבן מיר געגעבן אַ לעקציע צו האַלטן זיך וואָס ווייטער פון זיי. איך בין אַ סאָלדאַט אין דער באַוועגונג און אַ סאָלדאַט האָט ניט קיין שטענדיקע היים. היינט בין איך אין ניו־יאָרק, מאָרגן פאַר איך קיין באָסטאָן און פון דאָרט קאָן מען מיך שיקן קיין טשאַטאַנוגאַ. די סאַקאָ־וואַנזעטי געשיכטע פאַרוואַנדלט זיך אין אַ גאָר אַ גרויסע געשעעניש... איך פאָר אָפּ מאָרגן און איך וועל אייך שיקן מיין נייעם אַדרעס. איך בעט אייך, שרייבט צו מיר. איך וועל זיין נייגעריק צו הערן פון אייך און פאַרגעסט ניט וועגן בעל. איך בעט אייך.

בען איז אַוועק און מאַטעק מיט סאַלטשען האָבן אַ לאַנגע צייט אין דער נאַכט אַריין גערעדט וועגן בענען און וועגן בעל. אויב בעל וועט שטאַרבן, האָט געזאָגט סאַלטשע, דאַן וועט בען זיך דערפילן איינזאַמער, ווי ער איז אַצינד. דערפאַר איז נויטיק אַז ער זאָל זיך באַצייטנס באַקענען מיט אַ מיידל. זי האָט גערעדט מיט גאָלדען וועגן דעם. גאָלדע האָט אַ צאָל באַקאַנטע מיידלעך, וואָס זיינען פּאַסיק פאַר בענען. מאַטעק האָט געהאַלטן, אַז בען וועט קיינמאָל ניט זיין קיין היים־זיצער אָדער באַזיצער. ער איז אַ וואַנדערער פון דער נאַטור. עס איז אים ניט לייכט צו דערקענען. ער איז מאָדנע, מיט אַלע זיינע מעלות.

אויף סאַלטשען האָט בענס באַזוך געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. זי האָט געוואוסט, אַז די צייט איז געקומען, ווען זי וועט אויך דאַרפן אויפהערן לעבן אין אַ אידיילישער וועלט, אין אַ וועלט, וואו איר הויפּט־אינטערעס איז געווען שלומל, זיין שלאָף, זיין באָד, זיין שפּייז, זיין שטול־גאַנג . . . דער סאַקאָ־וואַנזעטי פאַל, איבערהויפּט, ווי בען האָט אים געשילדערט, האָט אָנגעקלאַפּט אין איר טיר און זי האָט אים געמוזט אַריינלאָזן. ער איז געוואָרן איר אייגענער פאַל. אַמעריקע איז פאַר איר די גאַנצע צייט געווען אַ טרוים, אַן אָפּרו, אַ מין האָניק־חודש, אַ גן־עדן. זי האָט ניט געוואָלט לייענען אָדער טראַכטן וועגן די קאַמפן וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לאַנד. זי האָט געוואָלט, אַז איר טרוים פון גוטסקייט און ליבע זאָל אָנהאַלטן לענגער און זי האָט מורא געהאַט פאַרן טאָג, ווען מאַטעק וועט אַהיים קומען און אָנהויבן רעדן וועגן פּאָליטיק. צום סוף איז זי גאָר געווען די, וואָס האָט לעצטנס די ערשטע גענומען לייענען וועגן די געשעענישן אין לאַנד.

מאַטעק איז שוין לאַנג געשלאָפן, נאָר זי האָט ניט געקאָנט פאַרגעסן דעם אָוונט מיט בענען. מיטאַמאָל האָט זי גענומען טראַכטן וועגן שלומלען. מיט וואָס איז זי זיכער, אַז מאַטעק וועט ניט אַרעסטירט ווערן און, ווי סאַקאָס פרוי מיטן קינד, וועט זי בלייבן ווי אויפן וואַסער און מען וועט דאַרפן פאַר איר קלייבן אין די פּושקעס ?

זי האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט און זי איז אַריין צום קינד אין צי־מער און אָנגעצונדן דאָס טונקעלע ליכט. דאָס קינד האָט ווי געשמייכלט פון שלאָף. זי האָט אים דאָך שטענדיק געזען אין אַ שמייכלענדיקן צושטאַנד. ווי רואיק ער איז געווען, ווי זיס דאָס פּנימל האָט אויסגעקוקט. יאָ, איצט איז געווען קלאָר, אַז ער וועט אויסקוקן אַביסל ווי זי און אַביסל ווי מאַטעק. אירע אויגן, זיינע אויערן, זיין נאָז, איר שטערן. זי האָט זיך איינגעבויגן און אים אַ קוש געטאָן אויפן שטערן.

אין דער פרי ווען מאַטעק איז אַוועק צו דער אַרבעט און זי איז געבליבן אַליין מיטן קינד, האָט זי דערפילט, ווי זי דאַרף אים באַשיצן פון איצט אָן, באַשיצן אים פון די דרויסנדיקע שונאים; פון די וואָס האָבן גענומען אַר־בעטער־פירער און זיי געפּייניקט. זיי זיינען די געפאַר פון אַמעריקע, האָט זי געטראַכט. אַמעריקע מוז צוריק ווערן פריי פון די פאַרשקלאַפער פון אַר־בעטער; אַמעריקע טאָר ניט דערלאָזן צו קיין טעראָר אויף ראַדיקאַלן. זי מוז באַשיצן איר שלומלען. עס איז זיין אַמעריקע.

## קאַפּיטל דרייצן

# ב ע ל

.1

שלומל האָט געהאַט אַ געבורטס־טאָג יום־טוב יעדן חודש. דאָס הייסט, די עלטערן האָבן זיך געפרייט און אים געקויפט מתנות. ער אַליין האָט ניט פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

— קומענדיקע וואָך ווערט שלומל פיר חדשים אַלט. מען דאַרף אים עפּעס קויפן און מאַכן אַ יום־טוב, — אַזוי האָט מאַטעק דערמאָנט סאַלטשען.

— גאָלדע, וועסט אַריבערקומען? שלומל וועט האָבן אַ געבורטסטאָג. ער ווערט פיר חדשים אַלט דינסטיק, — אַזוי האָט סאַלטשע געלאָזט וויסן גאָלדען.

נאָר גאָלדע האָט געלאַכט. איר אסתרל האָט זיך געגרייט צום אמתן געבורטסטאָג. זי האָט געהאַלטן ביים ווערן איין יאָר אַלט. דאָס וועט זיין די אמתע שמחה.

— סאַלטשע, אין אַ פּאָר טעג אַרום ווערט אסתרל אַ יאָר אַלט. איך מאַך אַ פּאַרטי און איך שיק אַרויס אַן איינלאַדונג צו דיין שלומלען.

האָט סאַלטשע זיך אויסגעקליידט צו דער פּאַרדי און אויסגעפּוצט שלומלען אין שפּאָגל־נייע זאַכן. זיינען ביי גאָלדען געווען אַ סך מענטשן יענעם נאָכמיטאָג, איבערהויפּט יונגע מאַמעס מיט זייערע קינדערלעך. איז דער טומל געווען גרויס און די געוויינען פון די פּיצעלעך נאָך גרעסער. מאָטעק האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אויף אַ פרעמדער חתונה און זיך געהאַלטן די גאַנצע צייט לעבן סאַלטשען. גאָלדעס באַקן זיינען געווען צעפלאַמט און מעקסעס אויגן פאַרלאָפן פון די צופיל "לחיימס", וואָס ער האָט געטרונקען מיט אַלע געסט. פרוי יאַקובאָוויטש און איר מאַן האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין שטאַרקן אינטערעס אין שלומלען און דאָס האָט מאָטעקן געקרענקט. ווען סאַלטשע לאָזט, וואָלט ער גענומען דאָס קינד און אַהיים געפאָרן. נאָר סאַלטשע איז געווען אַ מחותנתטע אויף דער שמחה. זי האָט גאָלדען געהאָלפן אין קיך און אין אויסטיילן די שפּייז און אין איינשטילן די עלטערע קינדער. שלומל האָט, ווייזט אויס, גאָר ניט קיין הנאה געהאַט. ער האָט געהאַלטן אין איין וויינען. געווען איבערגעשראָקן. מאָטעק האָט זיך געבעטן ביי סאַלטשען:

— זעסט דאָך, אַז דאָס קינד פילט זיך ניט גוט דאָ, לאָמיר אַהיים פאָרן.

— זאָל ער זיך צוגעוואוינען צו מענטשן, דער אינדיווידואַליסט, — האָט סאַלטשע געלאַכט און זיך אַמוזירט פון גאַנצן טאַראַראַם.

נאָר מאָטעק האָט אויסגעפירט, מיט שלומס הילף.

אין דער היים האָט מאָטעק אויסגעלאָזט זיין כעס אויף די יאַקובאָוויטשעס.

— האָסט געזען, סאַלטשע, ווי זיי האָבן זיך געמאַכט, אַז זיי באַמערקן אונדז ניט? מילא, אויף מיר טראָגט ער אַ הארץ, דער וויעלמאָזשני פּאַן יאַקובאָוויטש, נאָך פון אַלטע צייטן אָן. נאָר וואָס האָט ער צום אומשולדיקן קינד? הונט־טייוול! קום־צו, גיב אַ קוק, גיב אַ שמייכל. גיי צו צו דער מאַמען און זאָג: „סאַלטשע, איר האָט אַ שיין קינד". ניין, ער איז פאַרבייגעגאַנגען, ווי אַן אָפּגעבריטער . . . און גאָלדעס מאַמע מאַכט זיך, אַז זי קען דיך ניט אפילו. צום קינד איז זי גראָד יאָ צוגעקומען, אַ פאַרקרימטן שמייכל געטאָן, נאָר דיך האָט זי ווי ניט באַמערקט.

— וואָס ביסטו אַזוי הייס־געבאָדן, מאָטעק מיינער? איך האָב, זעסטו, זיך גוט אַמוזירט דאָרט. איך האָב ליב די געזעלשאַפט פון קינדער און פון יונגע מאַמעס. גלויב מיר, אַז די יאַקובאָוויטשעס זיינען מיר ניט געלעגן אין דער לינקער פּאה. און שלומלען אַרט אַוודאי ניט, צי מען קוקט יאָ אויף אים, אָדער ניט. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט די גאַנצע צייט, וואָס איך בין דאָרט געווען, ווי אונדזער פּאַרדי וועט אויסזען, ווען שלומל וועט ווערן אַ יאָר אַלט. מאָטעק, מען וועט דאַרפן מאַכן גאָר אַ גרויסע שמחה. דאָס וואָס מיר פּראַווען פאַר אים אַ געבורטסטאָג יעדן חודש, דאָס איז אונדזער פּריוואַטע זאַך, נאָר

פאַר דער וועלט פּראָוועט מען אַ געבורטסטאָג איינמאָל אַ יאָר, ניט יעדן חודש.

ווען דער עולם איז זיך געהאַט פאַנאַנדערגעגאַנגען ביי גאָלדען, האָבן אירע עלטערן איר געהאָלפן ברענגען אַלץ אין אָרדענונג, דאַן האָט מען זיך אַוועקגעזעצט אין קיך טרינקען טיי מיט איינגעמאַכטס. גראָד דער שוויגער־דיקער פאָטער האָט דער ערשטער דערמאָנט מאָטעקן.

— גאָלדע, דער מאָטעק קומט מיר עפּעס אויס ווי אַ זויערע אוגערקע. ער האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ נעכטיקער און זיין גאַנצער הילוך איז געווען פון אַ היימישן בונדיסטל. עס האָט אים בלויז געפעלט אַ שטעקעלע און אַ פּאָר וואָנצעלעך.

און פרוי יאַקובאָוויטש איז אים געקומען צו הילף:

— ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן, מיין מאַן, אַז דאָס קינד זייערס איז גאָרניט ענלעך אויף זיי. אסתרל אין זיין עלטער איז שוין געווען אַ גאַנצער מענטש. צו פיר מאָנאַטן האָט אסתרל ניט געוויינט אַזוי פיל און זי האָט זיך פאַר קיינעם ניט געשראָקן.

נאָר גאָלדע האָט עס ניט געקאָנט פאַרליידן.

— מאַמע, דו מאַכסט אַ טעות. זייער קינד איז זייער זיס. דאָס איז צום ערשטן מאָל, וואָס ער איז געווען צווישן אַזוי פיל מענטשן. ביי אונדז אין הויז איז שטענדיק דאָ געזעלשאַפט, איז אסתרל שוין צוגעוואוינט. און ווידער, קוקט שלומל אויס מער ווי סאָלטשע, נאָר ער האָט אויך ענלעכקייטן אויף מאָטעקן . . .

דאָ האָט מעקס זיך אַריינגעמישט.

— איך בין איינשטימיק מיטן שווער. מאָטעק איז מסתמא ניט געוואוינט צו זיין אין אַזאַ געזעלשאַפט ווי די, אין וועלכער ער האָט זיך היינט געפונען. ער האָט ניט געהאַט מיט וועמען צו רעדן וועגן קאָמוניזם און סאָציאַליזם. עס איז מיר געווען אַ וואונדער וואָס זיי האָבן געבראַכט אַ פּרעזענט פאַרן קינד. זיי גיבן דאָך אַוועק יעדע פּעני פאַר דער באַוועגונג.

גאָלדע האָט געשוויגן. באַלד איז מען אַריבער אויף אַן אַנדער טעמע.

ביינאַכט, ווען מעקסעס כראָפּען האָט איר געשטערט איינצושלאָפן, האָט גאָלדע געטראַכט פון מאָטעקן. זי האָט אים געזען, ווי ער האָט זיך געהאַלטן לעבן סאָלטשען, ווי ער האָט כסדר געקוקט אויפן קינד און ער איז געווען באַזאָרגט, וואָס שלומל האָט געוויינט. עס האָט איר פאַרדראָסן, וואָס זי האָט אים קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געשענקט. זי האָט געוואוסט, אַז ער איז מער ניט אייפערזיכטיק אויף סאָלטשען צוליבן קינד, נאָר אַז שלומל פאַרנעמט איצט דעם אויבנאַן אין זיינע געפילן. זי האָט געוואָלט איצט אַ גלעט טאָן מאָטעקס צעשויבערטע שיינע גאָלדענע האָר.

.2

נאָך בענכס אַוועקפאָרן קיין באָסטאָן אָנטיילצונעמען אין דער פאַרטיידיקונג פון סאַקאָ און וואַנזעטי, האָט ער פון זיך ניט געלאָזט הערן. ער האָט צוגעזאָגט מאָטעקן צו שיקן זיין אַדרעס, נאָר ניט געהאַלטן וואָרט. סאַלטשע און מאָטעק האָבן אָפט זיך געוואונדערט וואָס עס איז פון אים געוואָרן. זיי האָבן זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט די געשעענישן און ווען עס האָט זיך אין אָקטאָבער פון יענעם יאָר אָרגאַניזירט אין באָסטאָן אַ סאַקאָ־וואַנזעטי פאַרטיידיקונג קאָמיטעט, איז מאָטעק געווען גלייך גרייט אין ניו־יאָרק זיך אָנצושליסן אין אים און אָנהויבן שאַפן פאָנדן און אַגיטירן פאַר אַ נייעם משפט.

אין זוניקע טעג איז סאַלטשע געזעסן מיטן קינד אין דרויסן, אין פאַרקל און עס איז איר געלונגען צוצוציען אַ דריי־פיר יונגע מאַמעס, וואָס זיינען געוואָרן אירע פריינט אַדאַנק דער באַנק־באַקאַנטשאַפט און זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם סאַקאָ־וואַנזעטי קאָמיטעט. זי האָט געקאָנט לייכט באַאיינפלוסן מענטשן, סאַלטשע. איר ענגליש איז נאָך געווען שוואַך, נאָר דאָס איז פאַר איר ניט געווען קיין שטער.

ווען ריכטער טהייער האָט סוף דעצעמבער צוריקגעוויזן דעם פאַרלאַנג פאַר אַ נייעם משפט, ניט געקוקט אויף די נייע באַווייזן פון דער אומשולדיקייט פון די פאַראורטיילטע, האָבן מאָטעק און סאַלטשע באַשלאָסן זיך אַריינצוואַרפן מיט מער ענערגיע אין דער אַרבעט. איבער דער גאַנצער וועלט האָבן אַרבעטער גענומען דורכפירן דעמאָנסטראַציעס לטובת די צוויי מאַרטירער. סאַלטשע האָט אין איר געגנט געהאַט אָרגאַניזירט אַ גרופע פרויען, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן ווי אַ צווייג פון פאַרטיידיקונג קאָמיטעט, מיט סאַלטשען אַלס די קאַסירערין.

אַרום יענער צייט איז אָנגעקומען אַ לענגערער בריוו פון בענען. ער האָט געאַרבעט ווי באַאַמטער אין פאַרטיידיקונג קאָמיטעט און אים איז אויסגעקומען אַרומצופאָרן איבער פאַרשיידענע שטאַטן, מערסטנס אין ניו־ענגלאַנד. ער האָט זיך ווידער געבעטן, אַז מען זאָל גלייך צוגיין זען בעל, דערפאַר וואָס ער האָט שוין פון איר ניט געהערט זעקס וואָכן צייט. סאַלטשע האָט באַשלאָסן, אַז זי וועט אַליין צוגיין דעם קומענדיקן טאָג און זי וועט איבערלאָזן שלומען ביי דער פרוי העננעסי.

בעל האָט געוואוינט אין דער מערב־טייל פון מאַנהעטן, וואָס האָט זיך גערופן „העל׳ס קיטשן“. זי האָט געוואוינט אויפן דריטן שטאָק. דער אַרויפגאַנג צו איר איז געווען איבער פינצטערע, הילצערנע שטיגן. סאַלטשע האָט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ געגנט פון אָרעמקייט, פון שיכרות און ביינאַכטיקע

איבערפאַלן אויף פאַרבייגייער. זי איז אָנגעקומען אין בעלס דירה גלייך נאָכ־מיטאָג. זי האָט אָנגעקלאַפּט אין 5־ב, ווי בען האָט איר אָנגעוויזן. געענטפערט האָט אַ קול פון אַ מאַן, אַ באַסאָווע, מיד קול.

— אַריין.

סאַלטשע האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף בעל:

— וואָס מאַכט בעל?

דער מאַן האָט אויף איר אַ קוק געטאָן לאַנג און אומבאַוועגלעך. דאַן האָט ער זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען נאָענט צו סאַלטשען און געזאָגט שטיל און ניט אַראָפּלאָזנדיק זיין בליק פון סאַלטשען:

— בעל איז אויסגעגאַנגען אַ וואָך צוריק, דאָנערשטיק.

ער האָט זיך אויסגעדרייט און זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

— עס טוט מיר לייד דאָס צו הערן. גודבאַי.

זי איז אַרויס מיט גיכע טריט. זי איז געווען צופרידן, וואָס דער מאַן האָט זי ניט אויסגעפרעגט, ניט געהייסן זיצן. וואָס וואָלט זי אים דען געקאָנט זאָגן: אַז זי איז בענס אַ פריינט און ער האָט זי אַהער געשיקט? ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז זי וועט אָנטרעפן דעם מאַן?

דעם זעלבן אָוונט האָט מאַטעק אַוועקגעשריבן בענען די נייעס. עס זיינען אַוועק דריי וואָכן און מען האָט פון בענען ניט געהערט. פּלוצלינג — אַ קלאַפּ אין טיר און בען איז אַריין.

— איך בין געקומען אַרבעטן אין ניו־יאָרק פאַר דער סאַקאָ־וואַנזעטי דעפענס קאָמיטע. סאַלטשע, איך האָב אויסגעפונען פון די רעקאָרדס, אַז איר טוט פיינע אַרבעט פאַר אונדז. איך וועל אויפטרעטן פאַר אייער גרופּע ביים קומענדיקן מיטינג.

דעם גאַנצן אָוונט האָט בען נישט אויפגעהערט דערציילן וועגן דעם אויפברויז וואָס קומט פאַר איבערן לאַנד און אויף דער גאַנצער וועלט צוליב דעם פּרעים־אָפּ קעגן די צוויי אומשולדיקע אַרבעטער־טוער. ער האָט איבערגעגעבן איינצלהייטן וועגן דער פאַרביסנקייט און אָפענעם האַס צו די פאַרמשפּטע פון דעם ריכטער טהייער, וואָס האָט אפילו קיין איין מאָל ניט אַ קוק געטאָן אויף די באַשולדיקטע, ווען ער האָט אַרויסגעטראָגן דעם טויט־אורטייל אויף זיי. און ווי אַזוי די רעגירונג־עדות האָבן זיך כסדר ווידער־שפּראָכן און ווי אַזוי דער גאָווערנאָר פון שטאַט, פולער, אַליין אַ מיליאָנער פון וועליסאָפּעדן פאַבריקן, איז אַ ביטערער שונא פון יוניאָנס און אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס.

ווען ס׳איז געוואָרן זייער שפּעט און בען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן אַהיים גיין, האָט ער זיך פּלוצלינג געווענדט צו סאַלטשען און געפרעגט:

— האָט איך בעלס מאַן איבערגעגעבן איינצלהייטן וועגן איר טויט ? האָט איר געטראָפן איר מיידל אין הויז ? דערציילט מיר וועגן אייער באַזוך, איך בעט אייך.

סאַלטשע האָט אים איבערגעגעבן די זייער מאָגערע איינצלהייטן. בען איז געזעסן אַן איינגעבויגענער, ווי אַן אבל און זיין קאָפּ האָט ווי גענידערט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעהויבן, זיך אויסגעגליכן און אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער. ער איז צוגעגאַנגען באָענט צו סאַלטשען, וואָס איז געזעסן אויף דער קושעטקע און געצירעוועט מאָטעקס זאָקן, און געזאָגט מיט אַ נערוועזן מאַך מיט דער האַנט אין דער לופטן:

— אַ שאָד, סאַלטשע, וואָס איר האָט ניט געקענט בעלן. איר וואָלט ביידע געווען גוטע פריינט. זי איז געווען קלענער פון אייך אין וואוקס. זי איז געווען איריש, מיט אַ קאָפּ באַטיר־לעך־געקרייזלטע קאַשטאַנען האָר, ענלעך צו אייערע, נאָר אויגן האָט זי געהאַט טיף־בלויע, וואָס האָבן געלויכטן מיט אַ האָפערדיקן ליכט און אַ קול האָט זי פאַרמאָגט ווי אַ זילבערן גלעקל. זי איז געווען איינע פון די שענסטע פרויען, וואָס איך האָב אויף מיין לעבן געזען. באַקענט האָב איך זיך מיט איר ביי אַ וואבלי־פאַרזאַמלונג. מיר, וואבליס, פלעגן אַ סך זינגען ביי אונדזערע צוזאַמענקונפטן. ווען זי האָט זיך צעזונגען „האָלד דהע פאָרט“, איז דער זאַל אָנגעצונדן געוואָרן פון עקסטאַז. אָט דאָס קליינע מיידל איז געווען פלאַם־פייער. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז זי איז ווי אַ שמעטערלינג און אַז עס האָט איר געצויגן צום פייער. נאָר ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז זי וועט זיך פּלוצלינג אָפּקערן פון אַלע אַנפירנדיקע חברים, פון אַלע העלדישע קעמפער, וואָס האָבן זי געפרעסן מיט זייערע בליקן — און חתונה האָבן אין קירך מיט מאַיק „די סלעקער“, אַ פאַרשלאָפענער בחור, וואָס איז געזעסן ביי די מיטינגען אין אַ ווינקל און געגענעצט און קיינמאָל קיין וואָרט ניט גענומען און אין קיין איינציקער אַקציע זיך ניט באַטייליקט. יאָ, אַלע האָבן אַ טעות געהאַט אין איר. אין האַרצן איז זי געווען אַ מיידל, אַ מלאך וואָס האָט געטרוימט פון אַ שטיל פאַמיליע־לעבן און פון וואוינען אין אַ קאָטעדזש אַרומגערינגלט פון בלומען אוןביימער . . . מאַיק האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גראָבער מענטש, וואָס איז געווען פלעגמאַטיש און האַרצלאָז ווי אַ שטיין. זי איז איינגעגאַנגען. ווען איך האָב זיך מיט איר צופעליק געטראָפן אַ צוויי יאָר נאָך דער חתונה, בעת זי האָט באַאַבאַכט אַן ערשטן מאַי פאַראַד, אין וועלכן איך האָב אָנטיילגענומען, האָט זי מיך אָנגעכאַפּט פאַרן אָרעם. איך האָב דאַן דערפילט, אַז זי האָט אין מיר צוריק באַגעגנט איר אידעאַל. אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן, איר פּנים האָט גענומען שיינען. אין אַ קורצער צייט אַרום איז פאַר אונדז ביידן קלאָר

געוואָרן, אַז מיר זיינען אומשיידבאַר . . . און לאָזט מיר אייך זאָגן, סאַלטשע, — און מאַטעק איז אַן עדות, דערפאַר וואָס איך האָב אים אַ סך דערציילט וועגן איר, — אַז זי איז געווען די אידעאַלסטע געליבטע און דער סימפּאַ־טישסטער פריינט וואָס איך האָב געהאַט . . .

— האָט דער מאַן געוואוסט וועגן איר פריינטשאַפט מיט אייך? — האָט געפרעגט סאַלטשע.

— זי האָט אים דערציילט, אַז מיר זיינען פריינט. ס'האָט אים אָבער ניט געהאַט געאַרט. פאַרקערט, זי האָט געהאַפט, אַז ער וועט איר מאַכן סקאַנדאַלן, אַז ער וועט אַרויסווייזן זיין כעס. נאָר ער איז געווען ווי אַן אומ־באַוועגלעכער פעלז. שווער געווען אים צו פאַרשטיין. ער האָט מיך באַ־געגנט מיט אַ: „האַלאָ, בען, אַ שיין וועטער היינט, האַ״? נו, אַוועקגיין פון אים האָט זי שטאַרק געוואָלט, נאָר איך האָב געזאָגט — ניין . . . אפשר וועל איך צוגיין אים זען. אפשר וועל איך צופאָרן אויף דער סעמעטערי און לייגן אַ בוקעט רויטע רויזן אויף איר קבר . . . עס איז גוט, וואָס איך בין שטאַרק פאַרנומען אין דער באַוועגונג, אַניט וואָלט מיר איצט געווען זייער פּוסט צו לעבן . . .

ווען בען האָט פאַרלאָזן, האָט סאַלטשע געזאָגט:

— מאַטעק, ער איז אַ טייערער בחור, בען; ער וועט לאַנג ניט בלייבן אָן אַ געליבטע. און ס'איז אַ שאָד, וואָס ער געפינט זיך ניט אין קרייז פון יידישע פרויען. אין מיין גרופּע איז פאַראַן אַ יונגע דאָקטאָרשע, וואָס האָט ניט לאַנג געענדיקט איר שטודיום. זי אַרבעט אַלס אַן אינטערן אין אַ שפּיטאָל. זי איז אַלט אַ יאָר דרייסיק. אַ שיין, קלאַסנבאַוואוסטזיניקע מיידל. איך האָב זי געפרעגט: „ווי קומט עס וואָס איר זייט ניט פאַרהייראַט?״ — קיין צייט ניט געהאַט צו זוכן אַ באַשערטן, — האָט זי געענטפערט, — איצט וועל איך זיך דאַרפן אַרומקוקן און זען, וואָס עס איז פאַראַן אויפן מאַרק, — האָט זי געלאַכט. מאַטעק, איך וועל זי באַקענען מיט בענען. מיר דוכט זיך, אַז זי וועט אים געפעלן ווערן. אפשר זאָל ער ביידן איינלאַדן צו אונדז, האַ, מאַטעק?

— איך בין ניט מקנא די פרוי וואָס וועט נעמען בענען. ער איז פון דער נאַטור אַ שטימונגס־מענטש און אַן אומרואיקע נשמה. ער איז ניט קיין היים־זיצער.

.3

סאַלטשע האָט איבערראַשט מאַטעקן. עס איז איר געלונגען צו־זאַמענצוברענגען בענען מיט דער יונגער דאָקטאָרשע.

געשען איז דאָס אַזוי: דערוויסנדיק זיך געגנוי ווען בען וועט אויפ־

טרעטן פאַר דער סאַקאָ־וואַנזעטי פאַרטיידיקונג גרופּע, האָט סאַלטשע אָנגע־קלינגען דר. פּאַניאַ אימבער אין שפּיטאָל.

— דר. אימבער, איר וועט מיר אַנטשולדיקן וואָס איך נעם זיך דאָס רעכט אייך צו טעלעפאָנירן. יאָ, איך ווייס, אַז איר האָט דערהאַלטן אַ קאַרטל צו קומען צו דעם מיטינג. נאָר איך האָב אַ פּערזענלעכן אינטערעס אין דעם. דער רעדנער בען בראַדי איז אונדזער, איבערהויפּט מיין מאַנס, אַ גוטער פריינט. ווייל איך מאַכן זיכער, אַז דער מיטינג זאָל זיין אַ דערפאָלג . . . גוט, איך בין צופרידן, דאָקטאָר, וואָס איר וועט זיין, וואָס איר זייט דאָן פריי. אויב אַזוי, האָב איך שוין צו אייך נאָך אַ בקשה. נאָך דער פאַרזאַמלונג וויל איך איינלאַדן דעם רעדנער און אַ פּאָר מענטשן פון דער גרופּע צו אונדז אין הויז אַריין אויף אַ גלעזל טיי. קאָן איך האָבן דעם כבוד פון אייער באַזוך ?

— איך וועל מיט פאַרגעניגן קומען. פאַרקערט, עס וועט זיין מיין פאַר־געניגן.

סאַלטשע האָט זיך געבומען גרייטן, ווי צו אַ מאָביליזאַציע. זי האָט גוט באַטראַכט און איינספּעקטירט יעדע זאַך אין הויז. זי האָט זיך בעראָטן מיט גאָלדען וועגן יעדער קלייניקייט. נאָר די גרעסטע הילף איז איר געווען איר שכנטע, פרוי הענעסי. צווישן איר און מרס. הענעסי האָט זיך אַנטוויקלט אַן אמתע פריינטשאַפט. ערשט אין אַמעריקע האָט סאַלטשע אויסגעפונען, אַז מענטשן קלעפּן זיך צו צו איר און זי אַליין האָט באַקומען צוטרוי און ליבע פאַר אירע מיט־מענטשן. איבערהויפּט פאַרן פּשוטן פאָלק, וואָס איז אויפריכטיק און צוגעלאָזן. פרוי הענעסי פלעגט אָפט לייען געלט ביי סאַל־טשען. איר מאַן האָט געליטן פון דער אַרבעטסלאָזיקייט פון יענעם יאָר און סאַלטשע איז איר ניט בלויז אַקעגנגעקומען מיט אַ פּאָר דאָלער, נאָר זי האָט פאַר איר געמאַכט אַ שיינעם הוט צו גיין זונטיק אין קירך אַריין. זי האָט איר ניט איינמאָל אַריינגעטראָגן אַ מאָלצייט: „איך האָב אָנגעקאָכט צופיל״. פרוי הענעסי האָט דאָס שטאַרק אָנערקענט און זי האָט באַהאַנדלט סאַלטשען אויף אַ מוטערלעכן אופן.

— געבענטשט זאָל זיין אייער האַרץ, סאַלי, איר זייט ביי מיר די פינפטע טאָכטער מיינע, און איך זאָג אייך קיין ליגן ניט.

פרוי הענעסי האָט אויפגעפּאַסט אויף שלומען. ער האָט זי שוין דער־קענט און זי האָט ליב געהאַט אים אויסצובאָדן. סאַלטשע האָט טאַקע פון דער פרוי הענעסי געלערנט גאָר אַ סך און זי האָט אפילו אָנגעהויבן רעדן מיט אַן איירישן אַקצענט, מחמת יענע האָט אויסגעבעסערט אירע ענגלישע גרייזן . . .

מאַטעקס מיינונג איז געווען, אַז סאַלטשע זאָל מיט דער פרוי הענעסי

ניט רעדן וועגן קיין פּאָליטיק. זי איז אַ פרומער קאַטאָליק, גייט יעדן זונ־טיק אין קירך און איר מאַן איז אומפּריינציפּעלער, מסתמא אַנטיסעמיטיש. סאָל־טשע האָט אים ניט געפאָלגט. זי האָט די פרוי הענעסי געמאַכט פאַר אַ מיט־גליד פון דער סאַקאָ־וואַנזעטי פאַרטיידיקונג גרופּע און זי האָט איר געגעבן לייענען אַלע פּאַמפּלעטן, וואָס זי האָט פריער אַליין געהאַט איבערגעלייענט. זי האָט באַשלאָסן איינצולאַדן איר שכנטע צו דער „טיי"־פּאַרטי, וואָס זי האָט אַראַנזשירט לכבוד בענען.

סאָלטשע האָט אויך איינגעלאַדן גאָלדען צום מיטינג און צום „טיי", נאָר גאָלדע האָט דערקלערט, אַז מעקס וועט זיין דאַגעגן. עס קומט אויס אין אַ זונטיק אָונט, ווען עס קומען צו איר געוויינלעך געסט און ער וועט ניט וועלן, אַז זי זאָל אַהיים קומען נאָך צוועלף ביינאַכט. זי וואָלט וועלן זיין ביים „טיי", נאָר זי וועט פרוּוון איבעררעדן מעקסן.

דער „טיי" איז אַראַנזשירט געוואָרן פאַר אַ צען מענטשן, פאַר די מיט וועלכע סאָלטשע איז געוואָרן נאָענט באַקאַנט און באַפריינדעט אין דער פאַר־טיידיקונג גרופּע. מיט פיר האָט זי שוין געהאַט גערעדט און זיי האָבן ווילליק אָנגענומען. די איבעריקע וועט זי איינלאַדן ביים מיטינג. די הויפּט־זאַך: די דאָקטאָרשע האָט אָנגענומען, דער סעקרעטאַר האָט אָנגענומען, טשאַרלי קאַץ האָט אָנגענומען און בען האָט געענטפערט, אַז סאָלטשע איז יענעם אָונט זיין „באָס" און וואָס זי וועט הייסן, וועט ער טאָן.

מאָטעק האָט אָנגעקוואָלן פון סאָלטשען.

## קאַפּיטל פערצן

# געבורטסטאָג

.1

בען איז ניט געווען קיין אָראַטאָר, נאָר זיינע רייד האָבן געלאָזט אַ דויערהאַפטיקן איינדרוק, מחמת זיי זיינען געווען אָנגעלאָדן מיט באַ־גלויבטע פאַקטן, נעמען און דאַטעס. ער האָט זיין רעדע קאָנסטרוקטיוו גע־בויט — אַרגומענטן האָבן זיך געקייטלט אין געשעעניש. דער צוהערער האָט עפּעס געלערנט פון אים, דער רעדנער האָט געוואונען זיין צוטרוי.

דאָס אויסזען פון בענען האָט אויך ביגעטראָגן צו זיין דערפאָלג. ער

איז געווען פֿעסט געבויט, מיטלוויקסיק, מיט ברייטלעכע פּלייצעס. דער איינדרוק ביים צוהערער איז געווען: אַ געזונטער, ערלעכער, קעמפֿערישער יונגערמאַן, וואָס ווייסט וואָס ער רעדט און רעדט וואָס ער ווייסט. זיין קול איז געווען זיכער.

טשאַרלי קאַץ איז געווען דער פֿאָרזיצער פֿון מיטינג. ער איז אויך געווען דער פֿאָרזיצער פֿון דער סאַקאָ־וואַנזעטי פֿאַרטיידיקונג גרופּע. ער האָט געהאַלטן אַ פֿיש־קרעמל אויף דער ערשטער עוועניו. געווען איז ער אַ מאַן אין די אָנהויב פֿופֿציקער, פֿעסלדיק געבויט, מיט אַ האַלב־גרויען קאָפּ און אַ פֿליישיקער נאָז מיט ברייטע נאָז־לעכער. זיינע אויגן זיינען געווען פֿולע און שוואַרצע. געקומען איז ער פֿון דער ליטע און ער איז געווען אין לאַנד איבער 30 יאָר. געשפּילט אַ ראָל אין דער אַלטער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אַרויס פֿון איר, מיט צאָרן קעגן דער פֿירערשאַפֿט, קעגן הילקוויטן, באָרמאַן טאָמאַסן און מאיר לאָנדאָנען און זיך ניט אָנגעשלאָסן אין קיין פּאַרטיי מער, נאָר ער האָט סימפּאַטיזירט מיט אַלץ, וואָס האָט זיך געקירעוועט לינקס. טשאַרליס ענגליש איז געווען אַן איסט־סאַידער גאַסן־ענגליש, און ער האָט אַריינגעוואָרפֿן אַזוי פֿיל יידישע פֿאָלקס־אויסדרוקן, אַז די וואָס האָבן פֿאַרשטאַנען, האָבן געלאַכט און געהאַלטן טשאַרלין פֿאַר אַ לץ. זיין גוטמוטיקייט האָט אים געמאַכט פּאָפּולער. נאָר ווען ער האָט געדאַרפֿט פֿאָרשטעלן בענען, האָט ער זיך געהאַלטן ערנסט און געניצט פּאַטאָס, רעדנדיק וועגן די צוויי אַרבעטער־מאַרטירער.

סאַלטשע האָט געפֿיבערט פֿון אויפֿרעגונג. זי האָט פּאַקטיש אַליין געהאַט אַלץ אַראַנזשירט. עס איז געווען איר דעביוט אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג און זי איז געווען די ערשטע אין קליינעם פֿאַרזאַמלונג זאַל. זי האָט אויפֿגענומען יעדן אַריינקומענדיקן, ווי אַ באַלעבאָסטע נעמט אויף אַ גוטן גאַסט און זי האָט זיך געפֿרייט וואָס די בענקלעך ווערן פֿאַרנומען. אויך מרס. הענעסי איז געווען פֿון די ערשטע אין זאַל.

בען האָט גערעדט פֿאַר אַן עולם פֿון עטלעכע און דרייסיק מענטשן. ער איז געקומען אין צייט. סאַלטשע האָט אים פֿאָרגעשטעלט פֿאַר די הויפּטטוער. נאָר זי איז געווען באַזאָרגט, וואָס די דאָקטאָרשע איז נאָך ניט געווען. בען האָט באַטראַכט דעם עולם, געשמייכלט. ער האָט געטראָגן אַ פֿיינעם טונקעלן אָנצוג, וואָס די לאָדזשערין סאַלטשע האָט די ערשטע זאַך באַמערקט אויף אים. „אַ סאָלידע וואַרע", האָט זי געטראַכט. אין אַ ריין העמד, מיט גלאַנציקע שיך און אַן אויסגערוט פּנים קוקט ער אויס גאָר אַ לייט. מאָטעק וועט הנאה האָבן פֿון זיין אויסזען. נאָר ער האָט געדאַרפֿט בלייבן מיטן קינד אין דער היים.

סאַלטשע האָט זיך ווינציק צוגעהערט צו בענס רעדע. זי איז געווען נער־ווען. איר בליק איז געווען געווענדט צו דער טיר. עס האָט איר פאַרדראָסן וואָס די דאָקטאָרשע איז ניט געקומען. נאָר אינמיטן בענס רעדע, גראָד ווען ער האָט געהאַלטן דעם עולם געשפּאַנט, האָט זיך די טיר פּאַמעלעך און פאַר־זיכטיק געעפנט און סאַלטשע האָט דערזען ווי די דאָקטאָרשע שלייכט זיך אַריין ווי אַ פאַרשולדיקטע. סאַלטשע האָט איר געגעבן אַ וואונק, אַז זי זאָל זיך זעצן לעבן איר, נאָר די דאָקטאָרשע האָט געפונען אַ ליידיק בענקל, האַרט לעבן דער טיר. סאַלטשע איז געזעסן ביי דער וואַנט, מיטן פּנים צום עולם און מיטן פּראָפיל צום רעדנער. זי האָט שטודירט דער דאָקטאָרשעס פּנים, געוואָלט זען ווי בענס רייד ווירקן אויף איר. נאָר, קודם כל, האָט זי באַ־טראַכט יענערס הלוך. געטראָגן האָט זי אַ פוטערן היטל מיט אַ פוקסן קעל־נערל אַרום האַלדז. זי איז אַ צייט לאַנג געזעסן אין די ווייסע הענטשקעס, וואָס האָבן אַזוי שטאַרק אָפּגעשלאָגן אין דער שוואַרצקייט פון איר מאַנטל. סאַלטשעס איינדרוק איז געווען, אַז דר. אימבער איז געווען פאַרכאַפּט פון בענס רייד און זי האָט אויך ניט אַראָפּגעלאָזט איר בליק פון זיין פּנים. בען האָט אַרויסגערופן צו זיך אַכטונג. זיין קול האָט אָפּגעקלונגען אַזוי מענעריש שטאַרק און אַנפירנדיק. ווען די דאָקטאָרשע האָט לאַנגזאַם אַראָפּגעצויגן אירע בלאַנקענדיקע ווייסע הענטשקעס און געהאַלטן איר בליק אַנגעשטרענגט אויף בענען, האָט סאַלטשע באַמערקט, אַז בען האָט זיין בליק געהאַט גע־ווענדט צו דער דאָקטאָרשע.

נאָך דער רעדע האָט מען געמאַכט אַ געלט־זאַמלונג. געטאָן האָט דאָס די סעקרעטאַרשע, פרוי אַלפער. זי האָט פּאַקטיש איבערגעחזרט בענס לעצטע רייד און זי האָט געבעטן, אַז סאַלטשע זאָל אַרויפקומען אויף דער קליינער פּלאַטפאָרמע און פאַרשרייבן די סומעס. צווישן די געבער האָט מען אויך אַנאָנסירט דר. פאַניאַ אימבערס נאָמען. סאַלטשע האָט אַ שמייכל געטאָן צו־פרידן. בען איז געזעסן און נאָכגעפאָלגט אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען, מיט אינטערעס. ווען דער דאָקטאָרשעס נאָמען איז אויסגערופן געוואָרן, האָט ער אַ קוק געטאָן אין איר זייט. סאַלטשע האָט פאַרצייכנט ביי זיך אין גע־דאַנק זיין האַנדלונג.

דער אָוונט איז געווען אַ מאָראַלישער און מאַטעריעלער דערפאָלג. בען האָט אַ סך געזאָגט און לאַנג ניט גערעדט. די זאַמלונג איז געווען בעסער ווי דערוואַרט. סאַלטשע האָט געהאַט די שווערסטע אויפגאַבע. ערשטנס, האָט זיך געדאַרפט זיך עסקן מיט געלט, און צווייטנס, — דאָס איז ביי איר איצט געווען די הויפּט־זאַך — האָט זי געדאַרפט צונויפנעמען אירע געסט. דער גוטמוטיקער טשאַרלי קאַץ און די ערנסטע, שטענדיק־פאַרזאָרגטע, גוטע

נשמה, מרס. אַלפּער, זיינען נאָך געווען שטאַרק־פאַרנומען און סאַלטשע האָט דערווייל צוגעפירט בענען צו דער דאָקטאָרשע און זי באַקענט און געבעטן בענען, אַז ער זאָל אויפפּאַסן אויף דער דאָקטאָרשע, אַז זי זאָל ניט אַנטלויפן. סאַלטשע האָט געהערט ווי דר. אימבער האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר בענען צוליב איר קומען שפּעט.

— איר ווייסט דאָך, אַ דאָקטאָר איז קיינמאָל ניט ביי זיך אין די הענט.

סאַלטשע האָט דערווייל איינגעלאַדן נאָך אַ דריי געסט צו זיך, טוער פון דער גרופּע. זי האָט געבעטן פרוי הענעסי, אַז זי זאָל אָנהויבן גיין מיט די געסט.

— סאַלי, איר גייט אָן מיט דער אַרבעט. איך וועל אַהיים לויפן און זען, אַז אַלץ זאָל זיין גרייט. זאָרגט זיך ניט, טייערע, — האָט געזאָגט מרס. הענעסי.

טשאַרלי קאַץ האָט שפּאַצירט מיט פרוי אַלפּער און סאַלטשע איז גע־גאַנגען צוזאַמען מיט דער דאָקטאָרשע און מיט בענען אינמיטן. בען איז געווען אין אַ גוטער שטימונג. דערציילט דער דאָקטאָרשע אַן עפּיזאָד וועגן זיין שוועסטער בעס, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט היילן ביי אַ דענטיסטקע, נאָר ביי אַ מאַן. דר. אימבער האָט געלאַכט. איר קול האָט אָפּגעהילכט יוגנט־לעך און מונטער. סאַלטשע האָט געפילט, אַז בען סטאַרעט זיך אויסצוגעמען ביי איר און אַז זי איז צופרידן פון בענען אַלס איר באַגלייטער.

אין הויז האָט סאַלטשע געטראָפן מאַטעקן אַ שטאַרק פאַרנומענעם, נאָר אָן אויפגעלייגטן. ער האָט אויפגענומען די געסט וואַרעם, צוגענומען זייערע מאַנטלען, פאַר יעדן געהאַט אַ פריינטלעך וואָרט און ווען בען איז אַריין, האָבן זיי זיך ביידע געקלאַפּט אין דער פּלייצע.

— ווי איז עס דיר געגאַנגען, בען?

— מאַט, אַ שאָד וואָס דו ביסט ניט געווען. פרעג דעם עולם דאָ . . .

— פון מיין זייט קאָן איך קאָנסטאַטירן, אַז איך האָב אַ סך געלערנט פון היינטיקן אָוונט. דער רעדנער האָט דערבראַכט צו ממשותדיקע רעזול־טאַטן, ווי די געלט־זאַמלונג האָט באַוויזן, — האָט דר. אימבער דערציילט מאַטעקן.

ערשט דאַן איז סאַלטשע צוגעלאָפן און פאַרגעשטעלט די דאָקטאָרשע פאַר מאַטעקן. דר. אימבער האָט זיך דערפילט היימיש און סאַלטשע האָט זי אַריינגענומען אין קינדס צימער. זי האָט אויך גלייך אַריינגערופן בענען און פאַר ביידן געוויזן איר קינד, וואָס איז זיך געשמאַק געשלאָפן.

— קוקט אויס צו זיין אַ פעסט יאַטל! — האָט דר. אימבער געזאָגט אין אַ זיכערן טאָן. סאַלטשע האָט געשטראַלט.

— לאָזט דאָס צו מיין גוטן פריינט מאָט, — האָט בען געענטפערט אַ שמייכלענדיקער.

אַרויסגייענדיק פון קינדס צימער, האָט סאַלטשע געהערט ווי בען האָט דער דאָקטאָרשע דערציילט וועגן זיין באַקאַנטשאַפט מיט מאָטעקן.

ביים טיי איז בען געווען דער צענטער פון אַטראַקציע. מען האָט אים געשטעלט פראַגעס וועגן די וויטערדיקע פלענער פון פּאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט. דר. אימבער האָט גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין דער דיסקוסיע. לאַנג איז דער עולם ניט געזעסן. מען האָט געדאַנקט סאַלטשען פאַר דער גאַסט־פריינטלעכקייט. בען האָט געהאָלפן דר. אימבער מיט איר מאַנטל און ביידע האָבן פאַרלאָזן צוזאַמען.

מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך צופרידן אָנגעקוקט, נאָכדעם ווי זיי זיינען געבליבן אַליין אין קיך און זיך געקליבן אָפּוואַשן דאָס געפעס.

— ניט שלעכט געווען, מאָטעק, האַ? — האָט סאַלטשע געוואַרט אויף זיין פסק.

— אַלע זיינען געווען צופרידן און בען אויך. איך האָב הנאה געהאַט פון אים, — האָט מאָטעק געזאָגט.

— די דאָקטאָרשע און בען האָבן אַ סך פאַרבראַכט צוזאַמען. זיי זיינען אַוועק צוזאַמען, האָסט באַמערקט?

— דאָס מיינט גאָרניט. אין אַמעריקע איז אַ מאַן אַ דזשענטלמאַן. ער קאָן אַזוי זיך פריינטלען מיט איר יאָרנלאַנג און ביי דעם וועט עס בלייבן.

— און מיין פרויען־אינסטינקט זאָגט מיר, אַז עס קאָן עפּעס אַרויסקומען.

— דו קענסט ניט בענען, סאַלטשע. ער איז ניט קיין פרויען־יעגער.

— סאַלטשע וועט נאָך ווערן אַ שדכנטע אין אַמעריקע. וועסט זען, מאָטעק.

.2

דאָס צווייטע מאָל, ווען סאַלטשע האָט איינגעלאַדן צו זיך אין הויז אַ גרעסערע צאָל געסט, איז געווען, ווען זי האָט געפייערט שלומלס ערשטן געבורטסטאָג. דאָסמאָל האָט זי באַדויערט, וואָס מען קאָן די ווענט ניט צעשפּאַרן. דאָסמאָל האָט זי געקאָכט און געבאַקן און צוגעגרייט ווי אויף אַ חתונה. איר קרייז פון באַקאַנטע האָט זיך געהאַט פאַרמערט. עס איז געבליבן, אַז מען פראַוועט די געבורטסטאָג־פייערונג דעם גאַנצן טאָג זונטיק. זאָל מען קומען פון נאָכמיטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. וויין און שנאַפּס וועט שטיין אויפן טיש. ווער עס וועט קומען, וועט שוין קיין הונ־

געריקער ניט אַרויסגיין. און הגם מאָטעק האָט ניט ליב געהאַט קיין שאַרפן טרונק — און צוליב דעם האָט ער זיך ניט פאַרשאַפט קיין פּריינט אין זיין פאַך — האָט ער אָבער דאָסמאָל אַ סך געטרונקען — און טאַקע ניט געקאָנט שטיין לאַנג אויף די פיס.

האָט מען יענעם טאָג געהאַלטן אין איין גיין צו מאָטעקן אין הויז אַריין. „אַלע" זיינען געקומען, אפילו די, אויף וועלכע מען האָט זיך גאָרניט געהאַט גערעכט. אויך דער פעטער קיווע־ניק סאַרדזשענט — מיט זיין ווייב און זייערע קינדער משהלע און עליסל, און ווער האָט זיך דאָס געקאָנט ריכטן אויף גאָלדענע טאַטע־מאַמע און אפילו אויף מעקסן?

צו סאַלטשעס איבערראַשונג, זיינען אויך אַריינגעקומען צוויי שכנטעס פון הויז מיט זייערע ייִנגלעך. זי פלעגט זיך מיט די צוויי פרויען בלויז באַגריסן. זיי האָבן פון יוצא וועגן אַ קוק געטאָן אויפן קינד און אויסגעדריקט זייער באַוואונדערונג ווי ער וואַקסט, קיין עין־הרע. זיך גרייטנדיק צום געבורטסטאָג האָט סאַלטשע זיך ניט געקאָנט צוריקהאַלטן און אפילו אַ וויילע באַקאַנטן איינגעלאַדן צום יום־טוב. די צוויי שכנטעס האָבן איר געדאַנקט און צוגעזאָגט צו קומען. און זיי האָבן געהאַלטן וואָרט.

צווישן די נייע געסט איז אויך געווען מאָטעקס אַ פאַך־קאָלעגע, מר. ריטש. אַ מיטליעריקער אַמעריקאַנער, וואָס האָט געראַכערט אַ לולקע און וואָס האָט געהאַט תמיד לאַכנדיקע בלאָס־בלויליכע אויגן. שוין באַלד אַ יאָר צייט ווי מר. ריטש און מאָטעק זיינען פון זייער באַלעבאָס געשיקט געוואָרן צו אַרבעטן צוזאַמען. און ס'איז געווען אַ זייער צוגעפּאַסטע פּאָר. מר. ריטש איז געווען דער בעסערער פאַכמאַן, מאָטעק איז געווען דער געהאָרכזאַמער תלמיד. מר. ריטש איז געווען דער עלטערער, דער שוואַכערער, מאָטעק האָט שטענדיק זיך גערעכנט דערמיט און אים אַרויסגעהאָלפן און איבערגענומען די שווערערע אַרבעט.

דר. פאַניאַ אימבער האָט פאַרבראַכט אַביסל צייט, געהייסן זיך אָנגיסן עפּעס שטאַרקס, געגעסן שטייענדיק, זיך כסדר אַנטשולדיקט, וואָס זי קאָן ניט בלייבן. זי איז פאַרנומען אין שפיטאָל. אַלץ אין איר האָט זיך געאיילט און זי האָט טאַקע באַלד פאַרלאָזן.

צווישן סאַלטשען און דער דאָקטאָרשע האָט זיך אַנטוויקלט אַ נאָענטע באַקאַנטשאַפט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דר. אימבער, כאָטש זי איז שטענדיק געווען שטאַרק פאַרנומען און מען האָט געקאָנט מיינען, אַז זי האַלט פון זיך אַ וועלט, איז אָבער אין דער אמתן געווען אויסגעבענקט נאָך געזונטע, נאָרמאַלע מענטשן און לעבנס. זי פלעגט זיך דערפרייען, ווען זי האָט באַגעגנט סאַלטשען מיטן קינדער־וועגעלע. ניט איינמאָל איז זי צוגעקומען

אין פּאַרקל און זיך צוגעזעצט לעבן סאַלטשען אויף דער באַנק. גערעדט האָט זי מיט סאַלטשען נאָר יידיש און זי האָט ניט איינמאָל זיך אַמוזירט מיט סאַלטשעס פּוילישער אויסשפּראַך. דר. אימבער האָט אָפּגעשטאַמט פון דער אוקראַינע. אירע עלטערן זיינען אומגעקומען אין אַ פּאָגראָם. זי האָט זיך מיט דער עלטערער שוועסטער אויסבאַהאַלטן דריי טעג אין אַ שטאָק־פינצטערן קעלער. דער אַמעריקאַנער ברודער האָט זייביידן אַראָפּגעבראַכט צו זיך קיין ניו־יאָרק. דער ברודער, וואָס האָט אין דער אַלטער היים קיינמאָל ניט געקאָנט זיך לערנען וועלטלעכע זאַכן, כאָטש ער איז געווען אויסגעדורשט נאָך בילדונג, איז אין אַמעריקע געוואָרן אַ געשעפטסמאַן. ער האָט געהאָפט, אַז זיין בן־יחיד וועט גיין אין קאַלעדזש, איז אונטערגעקומען די מלחמה, איז ער מיט גרויס לוסט אַוועק אין דער אַרמיי. צוריקקומענדיק אַ גאַנצער, האָט ער זיך אויסגעלאַכט פון טאַטנס פּלענער וועגן פאָרזעצן זיין בילדונג און ער איז געוואָרן אַן אָנהענגער פון בראָדוועי. דזשעז איז אַריין אין זיין בלוט און ער האָט גאַנצע טעג פּראַקטיצירט אויפן סאַקסאָפאָן און גאַנצע נעכט פאַרבראַכט אין די טאַנץ־זאַלן.

ווען די 12־יעריקע פאַניאַ איז געקומען צום ברודער און ער האָט דערזען איר קלוג, ערנסט פּנימל, האָט ער איר פאָרגעשלאָגן, אַז זי זאָל זיך לערנען, נאָר לערנען. ער וועט זי אויסהאַלטן אַזוי לאַנג ווי זי וועט נאָר וועלן. פאַניאַס געהיימע אַמביציע איז שטענדיק געווען צו זיין אַ דאָקטאָר מעדיצין. זי האָט עס דערציילט דעם ברודער. ער האָט גראָד געקוקט אויף דעם קרום. צו אַ דאָקטאָרשע האָט מען ניט קיין צוטרוי. זי וועט ניט האָבן קיין גרויסע נאָכפאָלגערשאַפט, נאָר בעסער זאָל זי ווערן אַ דאָקטאָרשע, איידער אַ דזשעזטענצערין.

אָט ביז אַהער האָט סאַלטשע געוואוסט וועגן דער דאָקטאָרשע. זי האָט איר ניט געוואַגט צו פרעגן מער. מסתמא וועט זי ביי אַן אַנדער געלעגנהייט איר דערציילן מער, האָט זי געזאָגט מאַטעקן.

געמיינט האָט סאַלטשע, אַז בען וועט זיכער קומען צום יום־טוב. נאָר ער האָט אפילו מיט קיין קאַרטל ניט געענטפערט אויף דער איינלאַדונג. ווי פאַרנומען אַ מענטש זאָל ניט זיין, האָט ער זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן אויף אַ שעה? סאַלטשען האָט עס געקרענקט. מאַטעק האָט געלאַכט: „דו קענסט ניט בענען? ער איז דאָך אַ שטיק אומרו!

געחלומט האָט סאַלטשע, אַז בען און די דאָקטאָרשע וועלן זיך ווידער טרעפן ביי איר אין הויז און זיי וועלן דערנעענטערט ווערן. זינט יענעם אָוונט האָבן זיי זיך ניט געהאַט געזען. סאַלטשע האָט ניט איינמאָל דערמאָנט בענס נאָמען צו דר. אימבער.

— אָ, ער איז זייער אַ פיינער יונגערמאַן, — האָט די דאָקטאָרשע באַ־מערקט.

— איך וויל אים חתונה מאַכן. איך זוך אַ מיידל פאַר אים, — האָט סאַלטשע געזאָגט און געקוקט אויף דר. אימבער.

— פאַר אַזאַ בחור דאַרפט איר זיך ניט זאָרגן, סאַלטשע. ער קאָן שוין זיין שטעטל אַליין באַשטיין, — האָט דר. אימבער זיך צעלאַכט.

איינמאָל האָט סאַלטשע געוואַגט צו פרעגן די דאָקטאָרשע, פאַרוואָס זי האָט ניט חתונה.

— איך האָב אייך נעכטן געזען פאַרבייגיין דאָ מיט אַ שיינעם יונגן דאָק־טאָר, מיט רויטע בעקלעך. איר האָטביידע האַרציק געלאַכט און איר האָט אפילו ניט באַמערקט, אַז איך בין געזעסן מיטן פנים צו אייך. איז דאָס אייער באַשערטער?

— ווער?

— איך מיין, דער דאָקטאָר.

— נאַרישקייטן, וואָס פאַלט אייך איין, סאַלטשע. מיין באַשערטער? דאָק־טוירים זיינען צו פאַרנומען צו וויסן, אַז ס'איז דאָ אַזאַ זאַך ווי ליבע אויף דער וועלט. אַ דאָקטאָרס ליבע איז זיין קאַריערע און מערסטנס מיינט דאָס — געלט.

— און איר גלויבט אויך ניט אין ליבע, דאָקטאָר?

— אַי, סאַלטשע, איך האָב אייך האָלט, וואָס איר זייט ראָמאַנטיש. איך בין אייך אָפט מקנא.

— איר האָט ניט ליב אייער פּראָפעסיע?

— איך בין פאַרליבט אין מיין פּראָפעסיע. נאָר איר האָט אָנגערירט אַ פונקט, וועגן וועלכן מיר דאַרפן אַ סך רעדן. דאָס הייסט, איך דאַרף וועגן דעם אייך דערקלערן. ביי אַ צווייטער געלעגנהייט, סאַלטשע. איך מוז שוין לויפן.

מער האָט די דאָקטאָרשע וועגן דעם ענין ניט גערעדט, נאָר סאַלטשעס איינדרוק איז געווען, אַז די דאָקטאָרשע איז אין קיינעם ניט פאַרליבט און אַז זי פילט זיך איינזאַם און ניט צופרידן. זי איז פאַרטיפט אין דער אַרבעט, נאָר זי ווערט אַן אַנדער מענטש ווען זי זיצט מיט סאַלטשען אויף דער באַנק אין פאַרקל. זי איז דאַן מקנא סאַלטשען. זי פילט עס, סאַלטשע. דער אינסטינקט נאַרט איר ניט אָפּ. דר. אימבער וואָלט מסתמא וועלן האָבן אַ מאַן, אַ קינד און אַ היים. זי וועט נאָך אַמאָל מוזן צוזאַמענברענגען בענצן מיט איר. עפעס זאָגט איר, אַז זיי וועלן זיין אַ גוטע פאָר. אַ שאָד, וואָס

בען איז ניט געקומען צום קינדס געבורטסטאָג. עס וואָלט אים אַ סך גוטס געטאָן.

זי איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרנומען מיט דער פאָרדי, סאַלטשע, נאָר זי האָט ניט פאַרפעלט צו באַאָבאַכטן זאַכן און איר מוח איז געווען ווי אַ פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט, וואָס האָט כסדר אַראָפּגעכאַפּט בילדער און אויסדרוקן, וואָס זיינען ווערט געווען צו האָבן אימפּרעסיעס פון זיי.

הויפּטזעכלעך האָט סאַלטשע געהאַלטן אַן אויג אויף גאָלדעס פּנים. זי איז טאַקע געווען אַנדערש יענעם טאָג, גאָלדע. זי האָט געלאַכט, נאָר ניט געשטיפט ווי ביי זיך אין דער היים. זי האָט גערעדט נאָר דאַן, ווען מען האָט צו איר פריער גערעדט. זי איז עפּעס געוואָרן רעזערווירט און פאַרטראַכט. זי האָט נאָכגעפאָלגט מאָטעקן און איר פּנים האָט זיך צעשיינט, ווען זי האָט געזען ווי מאָטעק האָט געהאַלטן שלומען אויף די הענט און ווי ער האָט צוגערופן איר אסתרלען צום קינד און זיי ביידן געפּרואווט באַקענען. עס איז טאַקע געווען זייער קאָמיש. מאָטעק איז אַזוי בעזגראַבנע, ווען עס קומט צו די זאַכן. גאָלדע האָט זיך אפילו געהאַלטן ווייט פון אירע עלטערן און פון איר אייגענעם מאַן. זי איז ווי געווען פאַרטאָן אין זיך . . . וועגן וואָס האָט גאָלדע דאַן געטראַכט? סאַלטשע האָט געפּרואווט זי פאַרשטיין, נאָר ניט געקאָנט.

מער ווי אַלע האָט סאַלטשען אינטערעסירט מאָטעק. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער גענומען אַן איבעריקן טרונק. ער איז געווען סענטימענטאַל און זיין שמייכל איז איר ניט געפעלן. ער האָט אויסגעקוקט לעפּעשעוואַטע. מאָטעק האָט קיינמאָל נישט געשמייכלט גלאַט אין דער וועלט אַריין. דאָסמאָל האָט ער געקוקט אויף יעדן איינעם און ניט־נאַטירלעך אונטערגעשמייכלט. ער האָט, ווייזט אויס, דערפילט זיין לאַגע און זיך געשעמט פאַר סאַלטשען. זי האָט זיך געמאַכט, ווי זי וואָלט דאָס ניט באַמערקט. ער האָט זיך געהאַלטן ווייטער פון איר.

נאָר איין זאַך איז איר געווען קלאָר: מאָטעק האָט שטאָלצירט מיטן קינד. ווי אַ וואַכער אָדלער איז זיין בליק געווען תמיד צום קינד. ווער ס'איז צו אים צוגעגאַנגען, איז מאָטעק גלייך געווען ביים קינדס שטול. און זיין פּנים האָט זיך געדרויטלט און צעשמייכלט. ער איז ניט מיד געוואָרן צו דערציילן וועגן שלומלס חכמות, וואָס זיינען באַשטאַנען פון די פּרימיטיוווסטע קלאַנגען, פון קונצן מיט די פינגער, פון שפּילן אויף די ליפּלעך, פון שטיפעריען מיט די אויגן.

ווען דער לעצטער גאַסט איז אַוועק און מער האָט מען זיך שוין אויף קיינעם ניט געריכט, האָט סאַלטשע, אין דער שטילקייט, וואָס באַוועלטיקט

אַ שטוב נאָך אַזאַ גערודער, געזאָגט מילד צו מאַטעקן:

— גיי שלאָפן, טייערער, דו ביסט זייער מיד.

— ווייסט, סאַלטשע־קרוין, איך האָב צופיל געטרונקען. איך קאָן אויף די פיס ניט שטיין . . . ס'איז געווען גאָר אַ פיינע פאַרדי און שלומל האָט זיך געהאַלטן ווי אַ לייט. ער האָט דאָך גאָרניט געוויינט.

נאָך איידער זי האָט זיך אַרומגעקוקט, איז שוין מאַטעק געלעגן אין בעט און געשמאַק געשלאָפן.

ערשט דאַן האָט סאַלטשע גענומען לאַנגזאַם שפּאַנען איבער די צימערן. זי האָט באַקוקט און באַטראַכט און ווי נאָכאַמאָל פאַר זיך אַליין איבערגעלעבט די פּאַרדי. אָט־דאָ האָט מר. ריטש פאַרבראַכט מיט טשאַרלי קאַץ; אָט־דאָ האָט מרס. הענעסי דערלאַנגט דער פרוי יאַקובאָוויטש דעם טעלער מיט אויפשניט; אָט־דאָ האָט זיך אויסגעזעצט פעטער ניק מיט זיין פאַמיליע.

— יאָ, עס איז געווען אַ גרויסאַרטיקע פּאַרדי, שלומל איז אַלט געוואָרן אַ יאָר. מאַטעקס קרובים זיינען געקומען. אין לאַדזש פרייען זיך זיינע שוועסטער און זיי העפטן און שטריקן יאַקעלעך פאַר שלומען. בלויז זי אַליין, סאַלטשע, האָט ניט קיין קרובים. זי האָט זיי קיינמאָל ניט געהאַט און דאָס טוט איר שטענדיק וויי. ווער ווייסט, צי אירע צוויי ברידער לעבן נאָך. ווי אין וואַסער אַריין, פאַרפאַלן געוואָרן.

זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט וואַשן ס'געפעס. זי האָט אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי, נאָר טרערן האָבן זיך אָנגעהויבן קייקלען איבער אירע באַקן.

קאַפּיטל פופצן

# אָ נ ק ל ק י ו ו ע

.1

אָנקל קיווע — ניק סאַרדזשענט — איז געווען גאָר אַן אַנדער מענטש, בשעת ער איז געזעסן ביי מאַטעקן אין הויז. ווען ער האָט באַפוילן דער וויַיב מיט די קינדער מיטצוגיין מיט אים צו דער פּאַרדי פון מאַטעקס קינד, איז דאָס געווען עפּעס נייעס ביי זיין הויזגעזינט. געוואוסט האָט מען, אַז ער האַלט גאָר ניט פון מאַטעקן און מסתמא איז סאַלטשע אויך אַזוי ווי ער — אַ סאָציאַליסטקע, וואָס וועט באַלד אַרומגיין מיט גע„באָב“טע האָר.

וואָס ווינציקער ער וועט האָבן מיט זיי צו טאָן און וואָס ווינציקער זיי וועלן קומען צו אים, אַלץ געזינטער וועט דאָס זיין פאַר אים און פאַר זיין נאָמען. ווער ווייסט צו וואָס זייערע פאַרדרייטע מוחות קאָנען דערפירן? אַז מען האָקט האַלץ, פליען שפענער.

נאָר אַז ניק האָט זיך אויסגעפוצט אין זיין ווייס העמד מיטן זיידענעם שוואַרצן „באָו־טאַי" און אָנגעטאָן זיין שוואַרצע דוירבי און געלאָזט זיך ראַזירן פון טאָני דעם איטאַליענישן באַרבער, וואָס האָט ספּעציעל געעפנט פאַר אים דעם באַרבער שאַפּ זונטיק אינדערפרי, — דאָן האָבן ווייב און קינדער פאַרשטאַנען, אַז ניק איז זייער ערנסט און עס איז אַ געפאַר זיך דאָן מיט אים אָנצוהויבן. פעני האָט זיך אָנגעטאָן די דימענטענע אוירינגען און די עכטע פּערל און דאָס קורצע קלייד, לויטן לעצטן סטאַיל — צו ווייזן דעם מאַן, אַז זי איז מסכים מיט אים, אַז ער פאַרשטייט בעסער. עליסל און משהלע האָבן געוואָלט ביי דער מאַמען דערגיין, וואָס איז עפּעס דער פּאַפּאַ מיטאַמאָל געוואָרן פאַרקאָכט אין קאַזין מאָטל, פון וועמען ער פלעגט שטענדיק אָפּלאַכן. נאָר פעני האָט געהאַט איין ענטפער: „איך זעט דאָך, קינדער, אַז דער פּאַפּאַ שווייגט און ער טוט זיך אָן די בעסטע קליידער, איז אַ סימן, אַז ס'איז בעסער אים ניט צו פרעגן, נאָר צו פאָלגן". האָבן משהלע און עליסל זיך איבערגעקוקט און באַשלאָסן, אַז מען מוז גיין מיטן טאַטן, אַניט וועט זיין שלעכט. דער טאַטע פאַרגיט ניט אין אַזעלכע פאַלן. אַז דער טאַטע שווייגט, איז עס געפערלעך.

ניק האָט אויך געלאָזט וויסן:

„איך וועל זיי געבן פינף דאָלער אַ פרעזענט פאַרן קינד. קעש איז דער בעסטער פרעזענט. און מען וועט ניט רעדן קיין פּאָליטיקס. מיר קומען זען דאָס קינד. מיר ווינטשן זיי אַלדאָס גוטס. נאָך אַלעם — איז דאָס דאָך מיין אייגן בלוט־און־פליייש".

און ווען ניק האָט, אַרויסגייענדיק מיט דער משפּחה פון הויז, דערזען מעקן, דעם איירישן טעקסי־טרייבער, שטיין אויפן קאָרנער, האָט ער אויסגערופן:

— מעק, מאַי באָי, קאָנסט מאַכן פּלאַץ פאַר ניק סאַרדזשענט און זיין „גענג" אין דיין ראָלס־ראָיס?

מעק איז געוועזן איבערראַשט און אַזוי זיינען אויך געוועזן איבערראַשט פעני און די קינדער.

— דזשי, פּאַ, ביזנעס מוז זיין גוט, וואָס דו גיסט אונדז אַ טעקסי־ראַיד? — האָט זיך געווענדט צו אים עליסל.

— אַז עס געפעלט דיר ניט, טאָכטער, קאָנסטו נאָך אַלץ פאָרן מיטן

עלעווײטעד, אויב מען וועט דיך אַרויפלאָזן פאַר אַ ניקל. דו דאַרפסט צאָלן צוויי ניקלס, ווען מען פרעגט ביי מיר.

די מאַמע האָט געגעבן אַ בליק צו דער טאָכטער, ווי זי וואָלט איר געזאָגט: „נו, האָט זיך געלוינט אָנצוהייבן מיט אים, ווען ער טראָגט די דוירבי?"

די ערשטע זאַך וואָס ניק האָט באַמערקט, בעת ער האָט זיך מיט דער משפּחה אויסגעזעצט אויף די באַקוועמסטע שטולן אין מאַטעקס הויז, איז געווען די „לעיבלס" אויף די פלעשער שנאַפּס און וויין, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן טיש. און ווען ער האָט געטרונקען אַ „לחיים" מיט מאַטעקן, האָט ער צו אים געזאָגט, אין דער שטיל:

— האָסט געמעגט פרעגן ביים אָנקל קיווע, וואָס פאַראַ „בראַנד" צו נוצן.

צומאָרגנס, נאָך דער פּאַרדי, ווען מאַטעק איז אַהיים געקומען פון דער אַרבעט, האָט ער מיט סאַלטשען גלייך גערעדט וועגן אַנקל ניקס באַזוך. זיי זיינען ביידע געווען דערשטוינט פון אָנקלס האַלטן זיך און פון דעם אויפפירן זיך פון זיין פאַמיליע.

— סאַלטשע, ווי איז דיר געפעלן מיין אָנקלס שווייגן? איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז ווען כ'האָב אים דערזען, האָב איך געמיינט, אַז ער וועט אָנהויבן רעדן, ווי זיין שטייגער איז, פאַר פייער און פאַר וואַסער. צום סוף האָט ער די גאַנצע צייט געשוויגן, אַלע האָבן זיי געשוויגן. מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס, סאַלטשע?

— יאָ, מאַטעק, איך האָב היינט אַ סך איבערגעטראַכט דערוועגן. עס איז מעגלעך, אַז דער אָנקל האָט זיך געפונען ניט אין זיין געזעלשאַפט. איך האָב באַמערקט, אַז ווען איך האָב אים פאָרגעשטעלט פאַר דער דאָקטאָרשע, האָט זיין פּנים אויסגעדריקט גרויס דרך־ארץ. אויך משהלע האָט פון איר די אויגן ניט געקאָנט אַראָפּנעמען.

— דאָס וואָס דו זאָגסט, שטימט איך איין מיט דיר, סאַלטשעניו, נאָר מיר דוכט זיך אויך, אַז דער אָנקל בייט זיין מיינונג וועגן מיר. ער הויבט אָן טראַכטן, אַז איך מוז זיין אַ מענטש ווי אַלע מענטשן און אפשר איז דאָ עפּעס אין דעם וואָס איך פּרעדיק. נאָר הויפּטזעכלעך, פאַלט מיר איין, האָט ער אָנגעהויבן דערפילן אַ נאָענטקייט צו אונדזער פאַרוואַנדשאַפט. ער ווערט אַלט, דער אָנקל קיווע, און וואָס עלטער מען ווערט, הויבט מען זיך אָן, אין געדאַנק, אומקערן צו די קינדער־יאָרן. אפשר האָב איך אים היינט דערמאָנט אין זיין ברודער, מיין פאָטער, אין זיינע עלטערן, מיינע באָבע־זיידע. דו האָסט באַמערקט, אַז ווען דו האָסט אים צוגעפירט צו שלומלען, איז ער געבליבן שטיין אַ פאַר'חוש'ט'ער און זיך איינגעגעסן אין אים מיט די אויגן? איך האָב דאָס גוט געזען.

און ס'איז געווען אמת. דער אָנקל קיווע איז ביי מאָטעקן אין הויז גע־וואָרן אויס ניק סאַרדזשענט, ער איז צוריק געוואָרן קיווע סאַרנע פון דעם אָרעמען זשעלאָבנע געסל פון היימישן פוילישן שטעטל. אויך פּעני און די קינדער האָבן דאָס אינסטינקטיוו דערפילט און געקוקט אויף ניקן און דער־זען אים אין אַ נייער ליכט, גאָר אַן אַנדערן, אַ שווייגנדיקן און אַ דרך־ארצדיקן.

עס איז ניקן געפעלן געווען, וואָס סאַלטשע האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר יעדן איינעם: „מיין מאַנס לייבלעכער אָנקל, מר. סאַרדזשענט". ער האָט באַקומען אָפּשיי פאַר מאָטעקן, וואָס אַזאַ גרויסער עולם איז געקומען צו דער פאַרדי, אַן עולם פון איידעלע מענטשן, וואָס האָבן ניט גערעדט קיין גראָב וואָרט און וואָס אַלע זיינען געווען אָנגעטאָן ווי ספּאָרטס.

— מאָט, איך בין געקומען אַהער אין אַ טעקסי פון האַרלעם, — האָט ניק פילדייטיק געזאָגט.

— יאָ טעקסי, ניט טעקסי, אַבי דער אָנקל איז געקומען, — האָט מאָטעק, בשעת מעשה, ניט געכאַפּט דעם אָנקלס אַנדייט.

— איך וויל טאַקע, אַז דו זאָלסט עס וויסן, מאָט, דיין אָנקל גייט ניט אָפּט צו פּאַרדיס, נאָר דו ביסט מיין גאָטזעליקן ברודערס בן־יחיד און דיין שמחה איז אויך מיין שמחה. זאָל ער דיר וואַקסן געזונט און שטאַרק . . . זאָג מיר נאָר, איך געדענק ניט, צי איך האָב דיך שוין אַמאָל געפרעגט: די האָסט אים מל געווען?

מאָטעק האָט געלאַכט און געקלאַפּט גוט־ברודעריש דעם נידעריקערן אָנקל איבער דער פּלייצע. דער אָנקל האָט זיך געפילט געשמייכלט דערפון.

די מומע פּעני האָט געהאַלטן אין איין עסן; אויך עליסל און משהלע האָבן אָפּגעליידיקט גיך זייערע טעלער, נאָר דער אָנקל האָט בלויז פאַר־זוכט צוביסלעך. ער האָט מער באַטראַכט דעם עולם און געטראַכט אין זיך, ווי געגעסן.

ניק איז אַריין אין קיך, ווען סאַלטשע איז אַהין אַריין און צוגייענדיק צו איר, האָט ער איר אַריינגעשטופּט אין דער האַלב־פאַרמאַכטער פויסט אַ פינף־דאָלערדיק פּאַפּירל.

— נאַדיר פינף דאָלער, סאַלטשע, און קויף עפּעס פאַרן קינד און זאָל ער אויסוואַקסן געזונט און שטאַרק און איר זאָלט האָבן נחת פון אים.

סאַלטשע איז געווען איבערראַשט פון זיין האַנדלונג און זי האָט אויפן מאָמענט ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן:

— אָנקל, דאָס איז אומדערוואַרט . . . דאָס איז זייער שיין פון אייך . . . איך דאַנק אייך האַרציק. איר זאָלט האָבן נחת פון אייערע קינדער.

— יאָ, ביי מיין עליסל צו דערלעבן. עס איז שוין צייט, אַז זי זאָל עפּעס האָבן, נאָר דערווייל איילט זי זיך ניט. ווען דו האָסט אַ געלעגנהייט, רעד מיט איר וועגן דעם. איך פאַרשטיי, אַז היינט ביסטו צופיל פאַרנומען. נאָר רעדן צו איר שאַדט ניט.

געזעגנט האָט זיך ניק מיט מאַטעקן און מיט סאַלטשען גאָר פריינטלעך און געבעטן, אַז זיי זאָלן זיך אַריבערכאַפּן צו אים מיטן קינד. מאַטעק און סאַלטשע האָבן זיך אַנטשולדיקט פאַר עליסלען און משהלען, וואָס מען האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו רעדן אַביסל.

— קאָזין מאַטעק, מיר טאָרן זיך ניט האַלטן אָפּגעפרעמדט,—איז מיטאַמאָל געוואָרן סענטימענטאַל עליסל, האַלטנדיק די קליאַמקע פון דער טיר, — מיין מאַן האָט געדאַרפט באַזוכן זיין קראַנקן ברודער. אַניט וואָלט ער היינט מיטגעקומען. איר מוזט קומען מיטן קינד צו אונדז. סאַלטשע, דאָס קינד איז אַ ליב ייִנגעלע, איך בין ממש פאַרליבט אין אים. ווי אַזוי וועט איר אים רופן אין ענגליש ?

— שלום הייסט ער אין אַלע שפּראַכן, עליס, — האָט סאַלטשע געענטפערט אין אַ זיכער קול.

— איך טראַכט, אַז סאָול איז אַ שיינער נאָמען, — האָט עליסל געגעבן אַן עצה.

בלויז משהלע האָט געשוויגן. אין דרויסן האָט ער געזאָגט צו דער שוועסטער :

— וואַי דאָנט יו מאַינד יור אָון ביזנעס ?" (פאַרוואָס מישסטו זיך אין פרעמדע געשעפטן ?).

.2

יעדע געבורטסטאָג מתנה, וואָס שלומל האָט באַקומען, האָט גע־טראָגן דעם נאָמען פון דעם געבער.

— גיב מיר, זייט אַזוי גוט, פרוי גלאַזוערס העמדעלע, — האָט סאַלטשע געזאָגט צו מאַטעקן.

— גיי ווייס וואָס פאַר אַ העמדל איז פרוי גלאַזוערס. ווי קאָנסטו דאָס אַלץ געדענקען, סאַלטשע ? — נאָר סאַלטשע האָט גענוי געדענקט וואָס ווער עס האָט געבראַכט, אפילו ווען זי האָט געדאַרפט די מתנה אויסבייטן אויף עפּעס אַנדערש.

פאַרן אָנקלס פינף דאָלער האָט זי שלומלען געקויפט זיינע ערשטע פּאָר שיכלעך און אַ פּאָר זעקעלעך. ניט ווילנדיק האָט מאַטעק זיך דערמאָנט אין זיין אָנקל, ווען ער האָט געפרוווט אָנטאָן שלומלען די שיכלעך.

— איך וואָלט געדאַרפט זיך צוכאַפּן צום אָנקל, — האָט ער איינמאָל דערקלערט סאַלטשען, — ער איז פּאַרט געקומען מיט דער גאַנצער משפּחה צו דער פּאַרדי. און ער האָט זיך עפּעס אויפגעפירט גאָר סטאַטעטשנע. אפשר זאָלן מיר נעמען דאָס קינד און צופאָרן צו אים זונטיק?

עס איז אַוועק ניט איין זונטיק און מען האָט דאָס אַלץ אָפּגעלייגט, ביז מאַטעק איז אַליין צוגעפאָרן צום אָנקל אַ זונטיק אינדערפרי. געטראָפן האָט ער דאָס הויז אין ניט קיין אויפגעראַמטן צושטאַנד. מומע פעני האָט זיך אַנט־שולדיקט און זיך גענומען צו דער אַרבעט, נאָר ניק האָט געזאָגט צו מאַטעקן:

— ווילסט כאַפּן אַ שפּאַציר? קום, אַ גאַנצע וואָך האָב איך ניט קיין פרישע לופט. ס׳איז שיין אין דרויסן, יאָ? וועלן מיר צוגיין צום פּאַרק.

מאַטעק איז געווען מער ווי צופרידן. אים איז הויפּטזעכלעך געווען גע־פעלן, וואָס ער וועט זיין מיטן אָנקל אַליין. עפּעס האָט ער געהאַט אַ געפיל, אַז דער אָנקל וויל אויך זיין מיט אים אַליין. און ער האָט זיך ניט אָפּגענאַרט.

— האָסט אַ פיין ווייב מיט אַ טייערע בעיבי, מאַט. ווי גייט עס דיר מיט פרנסה? קאָנסט זיך ניט צוכאַפּן צו עפּעס בעסערס? געדענקסט ווי איך האָב דיך געוואָרנט, אַז דו זאָלסט ניט בלייבן קיין אַרבעטאָרער דאָס גאַנצע לעבן? איך וויל ניט רעדן מיט דיר קיין פּאָליטיקס, נאָר דו מיינסט אויך, אַז די צוויי איטאַליענער זיינען ניט שולדיק?

— אָנקל, סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען אומשולדיק. צוליב וואָס האָבן זיי געדאַרפט מאַכן האָלד־אַפּס, ווען זיי האָבן זיך ס׳גאַנצע לעבן זייערס פּאַרנו־מען מיט שווערער פּראַצע, — און מאַטעק האָט איבערגעגעבן אין קורצן די ביאָגראַפיעס פון ביידע אַרבעטער־טוער און די פאַקטן וועגן די בייע באַ־ווייזן פון זייער אומשולד.

דער אָנקל האָט זיך איינגעהערט און מער ניט גערעדט וועגן דעם. מאַ־טעק האָט אים געפרעגט וועגן משהלען און עליסלען און דאָ האָט דער אָנקל זיך צעוואַרעמט און זיין קול האָט זיך געביטן, געוואָרן ווייכער און מען האָט געקאָנט דערפילן, אַז מען האָט אין אים אָנגערירט אַן איידעלע סטרונע.

— מאַטעק, מאַי באָי, כ׳בין צופרידן וואָס דו אינטערעסירסט זיך מיט דיינע קאָזינס. פאַר אַ פרעמדן קאָן מען זיך דאָך דאָס האַרץ ניט אויסרעדן. נאָר דו ביסט מיר דאָך אַן אייגענער, קאָן מען דיר דערציילן . . . איך וועל אָנהויבן פון עליסלען. זי האָט חתונה געהאַט פאַר סיימאָנען. שאַ, שטיל, אָן אַ טאַראַראַם. איינגעקויפט זיך אַ הויז מיט פירבעטשע, ווי אויף ריווערסאַיד דראַיוו. זאָלסט דאָס פאַרמאָגן יעדן חודש וויפל דאָס האָט מיך געקאָסט אין איין טאָג. מאַהאָגאַני און פּלוש און קאַט־גלעס און פיר רומס אין אַן עלע־וועיטער הויז מיט אַ יוניפאָרם דאָרמען, וואָס עפנט אויף די טיר פאַר דיר.

מיר איז אָנגעשטאַנען צו וואוינען אין דעם גאַנצן קלאָפּערגעצייג, מיין עליסל איז אַ לעידי . . . אָקעי. שוין אַכט חדשים נאָך דער חתונה און וועגן קיין קינד רעדט מען אפילו נישט. ער, איר מאַן, איז שוין גאָר נישט קיין יונגערמאַנטשיק. אויף וועמען וואַרט ער? און וואָס טוט מיין טאָכטער גאַנצע טעג? זי שפּילט קאָרטן, זי עסט ביים „טשינק", זי גייט אין די מואוויס. און ער, מיין איידעם? יעדעס מאָל, וואָס איך פרעג אים, טוט ער עפּעס אַנדערש. אָט איז ער אין ריעל עסטעיט. נו, ווייסט ער דאָך, אַז איך ווייס מיט וואָס מען עסט עס, קאָן ער מיר קיין קלאָרן ענטפער נישט געבן. איך קען גאַנץ ניו־יאָרק ווי מיינע צען פינגער. וועלכע פּראָפּערטי? אַ טענעמענט הויז? אַ לאָט? אַ טעקס פּעיער? בע, מע, קוקוקרעקו. גוט. ס׳צווייטע מאָל פרעג איך אים: „סיימאָן, האָו איז ביזנעס? וואָס טוסטו איצט פאַר אַ לעבן? איצט, הערסטע, איז ער שוין אין די אַדווערטייזינג לאַין. וואָס טוסטע אין דיין לאַין? ער נעמט אָן „עדס" פאַר מעגעזינס. ווייס איך שוין, אַז דאָס איז אַ בלאָף. בקיצור, איך האָב אַ פאַרדאַכט, אַז דער קערל געמבלט אונטער. מילא, גרעסערע קנאַקערס פון אים טוען דאָס. צו מיר, הערסטע, קומט אַריין אַ דעטעקטיוו, אַ גאַנצער שישקע אין דעפּאַרטמענט. מאַכט ער אַ פיין לעבן פון געמבלינג. און וועמען מיינסטע אַרעסטירט ער? געמבלערס, זיינע קאָנקורענטן . . . נו, אַבי זי איז פאַרהייראַט, מיין עליסל. אַראָפּ אַ יאָך פון קאָפּ. זאָל ער זיך אויך אַביסל זאָרגן. געלט האָט זי דערווייל גענוג. און אויף וועמען מיינסטע, וועל איך אָפּשרייבן דאָס הויז? אויף איר. איין הויז אויף איר, דאָס צווייטע — אויף משהלען. צוליב וואָס לעבט מען דען אויף דער וועלט? צוליב די קינדער. נישט אַזוי?

— אַנקל, וואָס איז געוואָרן פון משהלעס שטודירן?

— אַי, מאָטעק, מיינסט, עס איז לייכט צו רעדן וועגן דעם? אסור מיר, אויב איך קאָן אים פאַרשטיין. משהלע איז, קיין עין־הרע, אַ בחור מיט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס און דאָך האָב איך פון אים קיין צופיל נחת נישט געהאַט. איך האָב אים געשיקט אין חדר, אין היברו, האָבן די טיטשערס געהאַט פון אים געבורענטע צרות. יעדע וואָך האָט מען מיך געשיקט רופן . . . אייער משהלע ברעכט שויבן . . . משהלע אַהער, משהלע אַהין. דער סוף איז געווען, אַז כ׳האָב געדאַרפט אַריינגעמען אַ היברו טיטשער אין הויז אַריין אים צוגרייטן צו דער בר מצווה ספּיטש. מיינסטע, ער האָט געזאָגט די ספּיטש? הייבט זיך גאָר נישט אָן. ער האָט עפּעס יאָ אַ מורמל געטאָן פון דער ספּיטש, אָבער די פאָר ווערטער, וואָס ער אַליין האָט צוגעגרייט, האָבן געהאַט טויזנט טעם. אַזוי איז ער, ער האָט פיינט סקולס. נו, קאָן מען ווערן אַ דאָקטאָר אָן קאָלעדזש? האָט ער אויפגענומען קאָרעספּאָנדענץ קורסן. געזעסן אין הויז,

געלעקט אייז־קרים קאָונס און שטודירט די קורסן. איז אים דאָס אויך נמאס געוואָרן . . . וואָס ווילסטו זיין, משהלע? ער האָט צייט, קיינער שטייט ניט איבערן קאָפּ מיט אַ שטעקן. די מלחמה האָט אים אויסגעלערנט צו זיין אינדעפּענדענט, ווי אַלע היינטיקע יונגעלייט . . . דזשעז, קורצן קליידלעך, הייקס, יינגל־מיידל גייען געאַרעמט צוזאַמען, אין די מואוויס איז פינצטער... הכלל, זיי זיינען באַפרייט געוואָרן. די מלחמה האָט געבראַכט פרייהייט, פריי־דאָם . . .

— אַנקל, איר ווילט זיך צוזעצן אויף דער באַנק?

— כ׳לעבן, ס׳איז אַ גוטע אידייע. דו ווייסט, אַז איך לייד אויף די פיס? ס׳איז מיר אַליין אַ וואונדער, וואָס איך בין אַזוי פיל געגאַנגען. אַז מען רעדט, פליט די צייט . . . יאָ, וואו האַלטן מיר? ביי משהלען. מיטאַמאָל קומט ער צוגיין צו מיר מיט אַ שפּאָגל נייעם פּלאַן: פּאָפּ, באַב אַנדזשעלאָ וויל, אַז איך זאָל מיט אים עפּענען אַ „דענס האָל״, אַ טאַנץ־זאַל, הייסט עס. וואָס ווייסט איר ביידע פון די ביזנעס? באַב, זאָגט ער, שפּילט אויף אַ סאַקסאָ־פאָן. הערסט אַ מעשה? מיינסטע, מיין משהלע האָט ביי מיר ניט אַרויסגע־צויגן 1,500 דאָלער, אַז איסט האַרלעם זאָל באַגליקט ווערן מיט אַ טאַנץ־זאַל פאַר משוגענע יונגען און מוידן? האָסט געדאַרפט אַנקוקן מיין משהלען: דאָס פּנים גלאַנצט פון שוויס. ער פּרעגלט זיך פון עקסייטמענט. אַ קליי־ניקייט — מאָו סאַרדזשענט איז דער אייגנטימער פון אַ טאַנץ־זאַל! ווער קאָן זיך פאַרגלייכן צו אים. און באַב אַנדזשעלאָ איז דער קעניג פון דזשעז. גאַנץ סעקאָנד עוועניו האָט געקאָכט מיט משהלען.

— אָט גייט דער באָס פון טאַנץ־זאַל! . . . טראַכט איך: זאָל זיין אַ טאַנץ־זאַל, אַבי קום צו תכלית. מיט וואָס איז שטיין הינטערן קאָונטער און סער־ווירן שיכורים בעסער ווי לאָזן נאַרישע יינגלעך און מיידלעך זיך משוגע מאַכן. דאָך טראַכט איך: לאָמיר איינמאָל צוגיין אַ קוק טאָן אויף „מאָוס טאַנץ־פּערעדאַיז״. איך קום צו צו דער טיר פון דעם גן־עדן, וואַקסט אויס פאַר מיר עפּעס אַ פּימפּ, הערסטע, און פאַרשטעלט מיר דעם וועג.

— דאָס איז בלויז פאַר טענצערס, — שרייט ער אויף מיר.

— שאַראַפּ, — זאָג איך אים, — דו ווייסט צו וועמען דו רעדסט? איך...

— אויב דו גייסט ניט אַוועק, וועט מען דיך אַוועקטראָגן, — שרייט ער נאָך העכער.

זע איך שוין מיט וועמען איך האָב דאָ צו טאָן, זאָג איך אים, אַז איך וויל זען מאָו, איך בין זיין טאַטע און אַז איך בין אויך דער טעמעני קעפּטן דאָ. מאַכט ער מיר אַן אַמעריקאַנער „מי שברך״ און הייסט מיך קומען שפּעטער. מאָו, זאָגט ער, איז איצט נישטאָ. ער איז געגאַנגען עסן. איך

שטיי אזוי אונטן און טראַכט, וואָס צו טאָן. באַוווייזט זיך משהלע און אַ יפה־פיה העננט אים אויפן אָרעם און ער גייט און ער סאָפּעט אינגאַנצן. איך גיב אַ קוק אויף דעם „מעדכען", ווערט מיר פינצטער אין די אויגן: די ליפּן — אַזוי הויך פאַרשמירט מיט רויטע פּאָווידלע, אונטער די אויגן שוואַרצע סאַזשע, זי טראָגט לאַנגע אויריננגען, ווי די היימישע ציגיינערקעס. אַ קליידל טראָגט דאָס, ווי אַ ספּאַדניצע און עס קייעט אַ פול מויל מיט גאָם . . .

— משהלע, — זאָג איך, — איך בין געקומען אַ קוק טאָן אויף דעם גן־עדן, לאָזט מיך דער פּימפּ ניט אַריין. און ווער איז דאָס די נקבה, וואָס מען דאַרף זי אַריינזעצן אין אַ מקוה ? — איך זע, אַז זי איז ניט קיין יידישע; איך קאָן שווערן, אַז זי איז אַן איטאַליענערקע. איך רעד יידיש צו אים און זי קוקט מיר פרעך אין פּנים אַריין און פאַרשטייט ניט וואָס איך זאָג.

— פּאַ, — מאַכט ער, — דאָס איז ניט קיין פּלאַץ פאַר דיר. ס'איז אַ טאַנץ־זאַל פאַר יונגוואַרג און אַז זיי דערזעען אַן עלטערן מענטשן דערשרעקן זיי זיך און מיינען, אַז מען איז געקומען פון די הויכע פלעצער. דערפאַר לאָזט מיין גאַרד ניט אַריין קיין פרעמדע. עס איז ביזנעס, פּאַ, און די ביזנעס הויבט אָן גיין גוט.

— יאָ, — זאָג איך, — מיין קינד, איך בין אויך אַ פּאַרטנער אין די ביזנעס. איך וויל וויסן צו עס האָט זיך מיר געלוינט אַריינצוברענגען אַזוי פיל געלט.

און די יפה־פיה שלעפּט אים: „קאַמאָן, דאַרלינג", דאַרלינג אַהער, דאַרלינג אַהין, פרעג איך אים נאָכאַמאָל: „ווער איז די נקבה ?"

— פּאַ, — מאַכט ער, — זי אַרבעט פאַר מיר. דאָס איז דער סטאַיל. מען מוז זיין אויסגעפּוצט אין אַ טאַנץ־זאַל. גוד־נאַיט, פּאַ. איך וועל אַהיים קומען צוויי אַזייגער.

מילא, איך בין אָפּגעגאַסן געוואָרן פון קאַלטן שווייס. וואָס זאָל איך דיר ווייטער דערציילן, — ס'איז אַ חרפּה און אַ שאַנד — מאָו איז נאָך אַלץ אין די טאַנץ־ביזנעס. שוין מיט צוויי אַנדערע פּאַרטנערס. ער איז אַ סוקסעס. ער דאַרף ניט מיין געלט. איך האָב פון אים אַרויסגעקראָגן 500 דאָלאַר דער־וויל, באַר וואָס טויג מיר דאָס געלט, אַז דער יונג דרייט זיך אַרום מיט אַן איטאַליענישע שיקסע, אַ שיינהייט, אַ דזשיפּסי, מיט אַזעלכע גרויסע שוואַרצע פייערדיקע אויגן. מיינסטו, אַז זי לויפט אים נאָך ? ניין, ער נעמט איין די כפּרה פאַר איר. ער גיט אויס אַ פאַרמעגן אויף איר. מען קאָן מיט אים ניט רעדן. ער איז נערוועז. מיט דער מאַמען איז מען אויף מעסער־שטעך, מיך מיידט ער אויס. געפעלט מיר ניט דער גאַנצער עסק . . . ווי שפּעט איז, מאָטעק ? מוזסט שוין זיין הונגעריק. וועסט עסן מיט אונדז.

— ניין, אָנקל, סאַלטשע וועט שוין איבערטראַכטן. איך מוז לויפן.

— הער, מאַטעק, וואָס עס איז מיר נאָר־וואָס איינגעפאַלן: אפשר וואָלסטו אַ רעד געטאָן מיט משהלען?

— וואָס זאָל איך מיט אים רעדן, אָנקל?

— ביסט פאָרט ייִנגער פון מיר און דו ווייסט ווי אַזוי צו רעדן מיט אַזאַ בחור. גיב אים צו דערקלערן, אַז די ביזנעס איז ניט פאַר אים. זאָל ער זיך אַרומזען. און רעד אים אָפּ פון דער איטאַליענערקע. זאָל ער געפינען אַ מיידל, ווי דיין סאַלטשע.

— אָנקל, איך מוז לויפן. איך וועל זיך זען מיט משהלען, כ׳וועל פּרוּבירן אַ רעד טאָן מיט אים.

— וועסט מיר טאָן אַ גרויסע געפעליקייט, מאַטעק.

קאַפּיטל זעבצן

# סאַלטשע אַמעריקאַניזירט זיך

1.

נאָך איידער סאַלטשע האָט געגלויבט, אַז זי וועט קאָנען דערגרייכן די ברעגן פון נייעם לאַנד, האָט זי אָנגעהויבן שטודירן אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט די פּאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. קיין גרויסע לייענערין פון ביכער איז זי ניט געווען. נאָר זי האָט געוואָלט וויסן, געשטרעבט צו לערנען. זי האָט זיך געשעמט וואָס זי איז קיינמאָל אין קיין שול ניט געגאַנגען. אַלץ וואָס זי האָט געקענט, האָט זי פון זיך אַליין זיך אויסגעלערנט. מאַטעקס ייִנגערע שוועסטער לאַטשיאַ איז איר לערערין געווען אין דער פּוילישער שפּראַך און אין אַריפמעטיקע. פון מאַטעקן האָט זי זיך געלערנט אַביסל רוסיש. יידיש האָט זי זיך אויסגעלערנט אויף די „סכאָדקעס״ פון „בונד״. דערפאַר האָט זי שטענדיק מקנא געווען די וואָס זיינען געווען פריי אין זייערע קענטעניש. זי אַליין האָט מורא געהאַט דאָס מויל צו עפענען אין אַ קרייז פון געבילדעטע מענטשן, כאָטש ניט איינמאָל האָט זי זיך איבערצייגט אַז זי האָט וועגן געוויסע זאַכן פאַרשטאַנען בעסער פון זיי. נאָר זי האָט ניט געוואַגט צו באַטייליקן זיך אין אַ דיסקוסיע, מורא האָבנדיק, אַז

זי זאָל זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט, וואָס זאָל ניט זיין ריכטיק אַרויסגערעדט, אָדער ניט אויפן געהעריקן פּלאַץ.

פון דעם מאָמענט אָן, ווען זי האָט געוואוסט אַז זי פאָרט קיין אַמעריקע, האָט זי דעם באַגריף וועגן אַמעריקע פאַרבונדן מיטן באַגריף פון בילדונג. ווי קאָן מען פאָרן זיך באַזעצן אין נייעם לאַנד און ניט זיין גייסטיק פאַרבערייט צו ווערן אַ בירגערין פון לאַנד? אַמעריקע האָט פאַר איר געמיינט דער אידעאַל פון איר לעבן. זי וועט האָבן אַ ווערט אויף דער וועלט. זי וועט דאַרפן זיין ווערט צו לעבן אין אַמעריקע. מען דאַרף זיך גלייך אָנהויבן לערנען. אָנהויבן פון דער ענגלישער שפּראַך, באַקאָנען זיך מיט דער געשיכטע און געאָגראַפיע פון לאַנד, אויסגעפינען וועגן דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע פון לאַנד, זיין באַהאַונט מיט דער אַרבעטער באַוועגונג, פאַרשטיין דאָס יידישע לעבן און די באַדינגונגען פון לאַנד.

צום לייכטסטן איז איר געווען צו לייענען יידישע ביכער. האָט זי פאָרן אָפּפאָרן געהאַט אויסגעלייענט וואו זי האָט נאָר געקאָנט דערטאַפּן אַ ביכל וועגן אַמעריקע. נאָכן אָנקומען קיין ניו־יאָרק, דעם ערשטן אָוונט וואָס זי האָט פאַרבראַכט מיט מאָטעקן אין סענטראַל פּאַרק, האָט זי אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט זיך פאַר אים פאַרטרויט, אַז זי שעמט זיך מיט איר אומוויסנקייט. ווי וועט זי אויסזען אין אַמעריקע מיט אַזוי ווינציק בילדונג? עס איז דאָך אַ לאַנד פון ציוויליזאַציע. מען דאַרף דאָך מאַכן אַ גוטן איינדרוק צווישן מענטשן. און איבערהויפּט, אַז זי וועט זיך אָנשליסן אין דער אַרבעטער באַוועגונג, וועט מען דאָך דאַרפן קאָנען אָנפירן מיט טעטיקייטן. זי ווייס, אַז זי ווייס אַזוי ווינציק און דערפאַר טאָקע וויל זי, אַז מאָטעק זאָל איר העלפן זיך איינאָרדענען אין אַן אָוונט־שול. זי וויל אָנהויבן מיט ענגליש און אויפנעמען אַלע איבעריקע לימודים, וואָס זיינען גלייך נויטיק, כדי מען זאָל ניט הייסן קיין אומוויסנדיקער מענטש. און אַזוי איז זי פון ערשטן טאָג אָן אין לאַנד געווען באַוואוסטזיניק, אַז זי דאַרף לערנען, אַז זי דאַרף איינזאַפּן אין זיך די קולטור פון לאַנד און די גוטע מידות און פירונגען. אַביסל האָט זי באַזוכט די אָוונט־שול. פון דאַן אָן האָט זי תמיד געהאַט אַן ענגליש ביכל לעבן זיך. זי האָט זיך איינגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו די וואָס האָבן גערעדט אַ פּליסיקן ענגליש און זי האָט כסדר נאָכגעזוכט דעם באַדייט פון ווערטער און זיך געפרייט ווען איר וואָקאַבולאַר האָט זיך באַרייכערט.

מאָטעק, וואָס האָט אַליין אין אַמעריקע קיין סך בילדונג ניט געקאָנט געניסן, האָט איר ניט געוואָלט דערציילן, אַז ער האָט אויף דעם געביט ווינציק־וואָס אויפגעטאָן. פאַרקערט, זאָל זי מיינען, אַז ער האָט דאָ אַ סך

געלערנט. זאָל זי אַרויפקוקן צו אים. אמת, ער האָט באַזוכט די רענד סקול און געלערנט וועגן דער יוניאָן־באַוועגונג אין לאַנד. אויך איז זיין ענגליש געווען אַ פּליסיקער, מחמת ער האָט געאַרבעט אין אַ פאַך, וואו מען האָט מערסטנס גערעדט ענגליש. נאָר ער האָט סאַלטשען פאַרזיכערט, אַז ניט בלויז וועט זי זיך קאָנען לערנען אין די אָוונטן, נאָר כדי עס זאָל זיין היימ־לעכער, וועט ער אויך אויפנעמען קורסן אין די אָוונטן. ער האָט זיין וואָרט ניט געהאַלטן, זי — יאָ. בעת איר שוואַנגערשאַפט האָט זי טראַכטנדיק וועגן איר מאַמעשאַפט, אין דער זעלבער צייט געטראַכט וועגן אירע לימודים. זי איז דאַן שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם געגנשטאַנד „סיוויקס". זי האָט זיך געקליבן ברענגען אַ בירגער אויף דער וועלט, דאַרף זי פריער אַליין וויסן, וואָס עס מיינט די בירגערשאַפט פון לאַנד; ווי אַזוי ווערט דאָס לאַנד געפירט; ווי אַזוי די באַאַמטע ווערן דערוויילט און ווי אַזוי די געזעצן ווערן געשאַפן. דערפאַר ווען זי האָט גענומען לייענען די צייטונגען, איז איר גע־וואָרן אַ ליכט אין מוח פון דעם, וואָס זי האָט געהאַט געלערנט וועגן סיוויקס.

עס זיינען דאַן פאָרגעקומען וואַלן פאַר אַ פּרעזידענט פון לאַנד. זי איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער וואַל־קאַמפּאַניע און זי האָט געלייענט וועגן דער וואַל־קאַמפּאַניע און זי האָט נאָכגעפאָלגט די קאַמפּאַניע מיט אַזאַ נייגיר, ווי זי וואָלט איבערגעלעבט אַ געוואַלטיק דראַמאַטישע געשעעניש. און ווען האַרדינג איז דערוויילט געוואָרן און מיט אים קאַלווין קולידזש, ווי דער וויצע־פּרעזידענט, האָט זי מיט אַן אָפן מויל זיך איינגעהערט צו די, וואָס האָבן גערעדט וועגן דעם מיט מער וויסן און דערפאַרונג. און דער פאַקט, וואָס דעבס האָט, זיצנדיק אין טורמע אַלס פאַרברעכער נומער 9653, גע־צויגן נאָענט פון אַ מיליאָן שטימען אויפן סאָציאַליסטישן צעטל, — האָט סאַלטשען ממש באַצויבערט. עס איז געווען די מענטשלעכע דראַמע, וואָס איז געלעגן אין דער גאַנצער וואַל־קאַמפּאַניע, וואָס האָט פאַר איר געהאַט אַן אומגעהייערן אינטערעס, אַ זאַך וואָס די מערסטע אַמעריקאַנער האָבן ניט געקאָנט פאַרשטיין. זיי האָבן געקוקט אויף איר ווי אויף אַ נאַאיווער ענ־טוזיאַסטקע, אויף אַ גרינהאָרן.

— ווי קאָן מען האַלטן אַזאַ גרויסן מענטשן אין טורמע, ווען אַ מיליאָן בירגער ווילן, אַז ער זאָל זיין דער פּרעזידענט פון לאַנד? אויב אַזוי, דאַרף מען דאָך דעם מיליאָן מענטשן אויך פאַרשפאַרן אין טורמעס. און וויפל זיינען דאָ דעבסיאַנער, וואָס קאָנען נישט שטימען, אָדער וואָס זיינען בכלל איינשטימיק מיט דעבסן? — האָט זי אַרגומענטירט מיט יעדן איינעם, וואָס האָט געוואָלט הערן.

מאָטעק האָט זיך ניט איינמאָל געוואונדערט, וואָס סאַלטשע ווייסט בע־

סער די לאַגע פון לאַנד ווי ער. זי האָט אי געלייענט אַ יידיש בלאַט, אי זי האָט געקויפט יעדן טאָג די ענגלישע צייטונג. אמת, בעת איר שוואָגער־שאַפט האָט זי ניט געוואָלט צופיל לייענען וועגן סטרייקס, וואָס זיינען דאַן אָנגעגאַנגען און די געוואָלדטאַטן, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן קעגן דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט. נאָר נאָכדעם ווי שלומל איז געבוירן געוואָרן און נאָכדעם ווי זי האָט אים אויפגעהערט זייגן, האָט זי מיט אַ שאַרפן אַפּעטיט געלייענט וועגן סטרייקס און אַרבעטער־קאַמפן דאָ אין לאַנד און וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף דער גאַנצער וועלט און זי האָט אָנגעהויבן שטעלן מאָטעקן פראַגעס איבער פראַגעס. זי האָט ניט געקאָנט באַגרייפן ווי אַזוי איר גוטע שכנטע, די עלטערע פרוי הענעסי, האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט די געשעענישן אויפן אַרבעטער פראָנט. אויך איר מאַן, האָט זי געזאָגט, לייענט מערסטנס די ספּאָרט־נייעס און היות די דע־מאָקראַטן האָבן ניט געוואונען די נאַציאָנאַלע וואַלן, דערפאַר אינטערעסירט אים ניט פּאָליטיק פון לאַנד.

פון מאָטעקן האָט סאַלטשע זיך אָנגעשטעקט מיט באַגייסטערונג פאַר דעבסן. ווי פאַר אים, איז דעבס אויך פאַר איר געוואָרן דער נאַציאָנאַלער העלד פון לאַנד. ער איז איר געוואָרן אייגן און זי האָט געגאַרט צו וויסן מער וועגן זיין פּערזענלעך לעבן. זי האָט געפילט, אַז ער איז איר לערער און פירער און זי האָט באַדויערט, וואָס דעבס האָט קיין קינדער ניט. צוזאַ־מען מיט אַנדערע אַמעריקאַנער האָט זי געשטיצט מיט געלט די קאַמפּאַניע פאַר דעבס' באַפרייאונג און זי האָט געציילט די טעג וויפל ער איז שוין געזעסן אין טורמע.

נאָך שלומלס ערשטן געבורטסטאָג האָט סאַלטשע געפילט, אַז זי דאַרף זיך שוין אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט — אָניאָגן וואָס זי האָט געהאַט ביז אַהער פאַרנאַכלעסיקט אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן און אויסביל־דונג. זי האָט אָנגעהויבן אַרויסנעמען ביכער פון דער ביבליאָטעק, ניט בלויז וועגן קינדער־דערציאונג, נאָר אויך וועגן דער געשיכטע פון לאַנד, וועגן פּאָ־ליטיק און וועגן סאָציאַלע פּראָבלעמען, וואָס זיינען איר אָנגעגאַנגען.

— סאַלטשע, ווייסט נאָך אויסוואַקסן אַ פּראָפעסאָר, — האָט מאָטעק זיך געריצט מיט איר.

— לאָך ניט, מאָטעק, דיין סאַלטשע וועט זיין אַן אמתע בירגערין פון לאַנד. ניט בלויז וועל איך וויסן וועך עס מאַכט די געזעצן פון לאַנד, נאָר אויך וועלכע געזעצן מען דאַרף נאָך מאַכן. איך פאָלג נאָך די האַרדינג־אַדמיניסטראַציע, ווי עס וואָלט געוועזן אַ שפּאַנענדיקער ראָמאַן. עס קומט מיר פאָר זייער מאָדנע, ווי אַזוי האַרדינג האָט זיך אויסגעקליבן זיין קאַבינעט.

איך קאָן זיך עס ניט פאָרשטעלן, אַז אַ מענטש אין אַזאַ פּאָזיציע זאָל זיך רעכענען מיט זיינע פּערזענלעכע פאַן־בראַסטטוואָ און נישט מיט די נויט־וועגדיקייטן פון פאָלק.

.2

שלומל איז אַרומגעקראָכן איבער די חדרים און געפּלאַפּלט אויף זיין אופן. ער איז געווען אַ גוט קינד. דאָס האָט געמיינט, אַז ער האָט שוין לאַנג געהאַט אויפגעהערט אָפּט צו וויינען און, פאַרקערט, ביי יעדער געלעגנהייט געשמייכלט און געקוויטשעט פון צופרידנקייט מיט זיך און מיטן אַרום. אמת, ער האָט זיך ניט געלאָזט אַנטאָן און ער האָט אַלץ געוואָלט נע־מען אין האַנט אריין. און ווען סאַלטשע האָט געזאָגט: „ביין!" האָט ער אָנ־געבלאָזן אַ פּאָר פּולע ליפּלעך צום וויינען. נאָר ער איז שוין געווען אַ גאַנצער מענטש. ער האָט שוין אַלץ געוואָלט אַליין טאָן: אויסטאָן די שיכלעך פון די פיס, איבערקערן די צוקער־פּושקע אויפן טיש און טאַקע איבערקערן דעם גרויסן טיש אויך.

סאַלטשע האָט דערפילט, אַז דאָס לעבן האָט זיך איינגעשטעלט נאָרמאַל און עס איז צייט צו טאָן עפּעס פאַר זיך אַליין אויך. זי האָט געוואָלט אַניאָגן אין איר בילדונג וואָס זי האָט דאָס גאַנצע לעבן אירס ניט געקאָנט דער־גרייכן. זי האָט דאָך פּאַקטיש ערשט אָנגעהויבן לעבן, זינט זי וואוינט מיט מאַטעקן. זי דאַרף דאָך דורכמאַכן די אַלע אַנטוויקלונגען פון דער אייגענער דערציאונג ווי שלומל דאַרף דורכמאַכן זיין אַנטוויקלונג. זי ווערט אַן אַמע־ריקאַנערין. זי דאַרף וויסן, וואָס עס טוט זיך אין לאַנד. מר. און מרס. הענעסי, וואָס זיינען היגע געבוירענע, זיינען פאַר איר ניט קיין ביישפּיל. ווען זי האָט געפרעגט פרוי הענעסי, פאַרוואָס זי האָט געשטימט דעמאָקראַ־טיש, האָט יענע איר געענטפערט, אַז עס איז ביי איר אַ געוואוינהייט אַזאַ, דערפאַר וואָס איר מאַן שטימט אַזוי. און פאַרוואָס שטימט מר. הענעסי פאַר די דעמאָקראַטן? דערפאַר וואָס די מערסטע אַרבעטער פון זיין שאַפּ שטי־מען אַזוי . . .

האָט סאַלטשע מיט גרויס שפּאַנונג נאָכגעפאָלגט די נייעס פון טאָג און מרס. הענעסי האָט איר גאַנצע געזעלשאַפטלעכע אויפמערקזאַמקייט געשאָנ־קען צו מערי פּיקפאָרד און דאָגלעס פעירבענקס. און ווען סאַלטשע האָט מיט איר גערעדט וועגן דער האַרדינג אַדמיניסטראַציע און וועגן די גרויסע סטרייקס, וואָס זיינען דאַן פאָרגעקומען איבערן לאַנד, סטרייקס, וואָס האָבן אַנגערירט דעם סאַמע וואָרצל פון נאַציאָנאַלן לעבן, האָט פרוי הענעסי געזאָגט:

— סאַלי, איר וועט זיין בעסער אָפּ, אויב איר וועט זיך ניט פאַרנעמען

מיט קיין פּאָליטיקס. סטרייקס זיינען ניט קיין אַמעריקאַנער פּראָדוקט. דאָס טוען די „פּארענערס“ אויפצורייצן די אַרבעטער. זיי זיינען אַלע טראָבל־מאַכער און דערפאַר דאַרף מען זיין פּאַרזיכטיק וועמען מען לאָזט אַריין אין לאַנד.

— מרס. הענעסי, איך בין דאָך אויך אַ „פּארענער“ און מיין מאַן איז אַן אַריבערגעקומענער. גלויבט איר, אַז מיר ווילן ניט די טובה פון לאַנד?

— אָ, איר זייט אַנדערש, נאָר אַז די מיינערס וועלן ניט גראָבן קיין קוילן, וועלן מיר דאָך ליידן, און אַז די באַנען וועלן בלייבן שטיין, וועט אַלץ ווערן טייער און דאָס וועט אויסגיין צו אונדזערע קעפּ. ניט אַזוי?

— מרס. הענעסי, איר זייט ניט גערעכט און איך וועל אייך איינלאַדן צו אַ גלעזל טיי און מיר וועלן זיך דורכשמועסן.

אין 1922 זיינען אַרום אַ מיליאָן אַרבעטער אין די פּאַראייניקטע שטאַטן געשטאַנען אין קאַמף פאַר זייערע אינטערעסן. עס האָבן געסטרייקט די טעקסטיל אַרבעטער אין ניו־ענגלאַנד; עס איז פאָרגעקומען דער גענעראַל־סטרייק פון די קוילן־גרעבער און עס האָבן פאַרסטרייקט די פיר הונדערט טויזנט באַן שאַפּ אַרבעטער. די צייטונגען האָבן געפּרואווט פאַרבאָרגן די אמתע אורזאַכן פון די סטרייקס. נאָר די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט פון לאַנד האָט געוואוסט, אַז אַט די קאַמפן זיינען געווען דער רעזולטאַט פון פריערדיקע אָפענע ברוטאַלע האַנדלונגען פון די גרויס־קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָבן געוואָלט דורכפירן „דעם אַמעריקאַנער פּלאַן“ פון אָפּען־שאַפּ און איינמאָל פאַר אַלעמאָל צעברעכן די אַרבעטער באַוועגונג.

סאַלטשע האָט באַמערקט צו מאָטעקן, אַז די אורזאַך, פאַרוואָס בען איז ניט געקומען צו שלומלס געבורטסטאָג פּאַרטי מוז זיין, אַז ער איז ערגעץ־וואו פאַרנומען אויפן סטרייק־פראָנט. אין פּענסילווייניאַ איז אָנגעגאַנגען אַ געפערלעכער טעראָר קעגן די מיינערס. מען האָט דורך אינדזשאַנקשאָנס פאַרבאָטן דאָס מאַסן־פּיקעטן און מען האָט סטרייקערס אַרויסגעוואָרפן פון זייערע קאָמפּאַני־הייזער. עס זיינען פאָרגעקומען אָפענע שלאַכטן צווישן די סטרייקערס און דער מיליציע פון שטאַט. עס זיינען געפאַלן פיל קרבנות.

סאַלטשע איז געוואָרן אַן אויפגעציטערטע פון דער שלאַכט אין הערין, אילינאָי, וואו צוויי סטרייקערס זיינען דערשאָסן געוואָרן אויף טויט און פיל זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן בלויז דערפאַר, וואָס זיי האָבן געפּרואווט רעדן צו די סטרייק־ברעכער. באַלד האָט אויסגעבראָכן אַן אָפענע שלאַכט צווישן די סטרייקערס און די גענגסטערס. עס זיינען געפאַלן טויט 19 סטרייק־ברעכער און פּרעזידענט האַרדינג האָט זיך אַריינגעמישט און געשטאַרקט די הענט פון די, וואָס האָבן געדונגען די סטרייק־ברעכער. דער רעזולטאַט

איז געווען, אַז 214 סטרייקערס זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן אין מאָרד, אין קאָנספּיראַציע צו באַגיין מאָרד און אין רעוואָלט. אַ סך פון זיי האָבן באַקומען לאַנגע טורמע־טערמינען. נאָר פון די סטרייק־ברעכער און געדונגענע גענגסטער איז קיין איינער ניט געפונען געוואָרן שולדיק.

פּרעזידענט האַרדינג האָט אויך געהאַנדלט מיט אַ געביילטער פויסט קעגן די באַן־אַרבעטער און זיין אַטורני דזשענעראַל דאָהערטי האָט געטאָן אַלץ אין זיינע כּוחות ניט צו העלפן שליכטן דעם סטרייק און זיך רעכענען מיט די גערעכטע פאָדערונגען פון די אַרבעטער, נאָר צו צעברעכן די רייען פון די אַרבעטער און זיי טעראָריזירן דורך אינדזשאַנקשאָנס און דורך צונעמען ביי די אַרבעטער זייער סעניאָריטעט רעכט און דורך דערלויבן די קאָמפּאַניס אָנצושטעלן נייע אַרבעטער אויף זייער פּלאַץ . . . אויך האָט די פעדעראַלע רעגירונג פאַרנומען אַלע פאָנדן פון די יוניאָנס.

די דריי גרויסע סטרייקס, וואָס האָבן זיך געענדיקט מיט גרויסע נידערלאַגעס פאַר די אַרבעטער, דערפאַר וואָס עס איז ניט געווען קיין איינינקייט אין די אַרבעטער־קרייזן; דערפאַר וואָס די רעגירונג איז געווען אין פולער האַרמאָניע מיט די באַלעבאַטים און זייערע געדונגענע גענגסטער, — האָבן סאָלטשען די אויגן געעפנט. דאָס קינד האָט שוין איצט ניט פאַרנומען ביי איר דעם גאַנצן טאָג. זי איז געווען אַריינגעטאָן אין די געשעענישן און זי האָט געפיבערט מיט זיי. ווען מאָטעק איז אַהיים געקומען פון דער אַרבעט, איז דאָס געוואָרן די הויפּט־טעמע. אויך מאָטעק האָט ניט דורכגעלאָזט יעדע שטיקל נייעס וועגן די גרויסע סטרייקן יענעם פרילינג און זומער. יאָ, די באַלעבאַטים האָבן אָפּגעהאַלטן גרויסע זיגן. די יוניאָנס זיינען ניט צעשטערט געוואָרן, נאָר זיי זיינען שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אַרום צוויי הונדערט טויזנט באַן־אַרבעטער האָבן פאַרלאָרן זייערע דזשאָבס, וואָס זיינען פאַרנומען געוואָרן פון די סטרייק־ברעכערס, מיט דער הילף פון דער פעדעראַלער רעגירונג. אַלע יוניאָנס האָבן אין יענער צייט פאַרלאָרן אַ מאַסע מיטגלידער. אפילו די מענער שניידער יוניאָן האָט פאַרלאָרן אַ העלפט פון אירע מיטגלידער.

ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין זיינען סאָלטשע און מאָטעק געזעסן און געפּרואווט אַנאַליזירן די נידערלאַגעס פון דער אַרבעטער באַוועגונג. פאַר סאָלטשען זיינען דאָס געווען גרינטלעכע לעקציעס אין דער געשיכטע פון אַמעריקע. די רעגירונג איז געשטאַנען אָפן קעגן די אַרבעטער. די רעגירונג איז געווען פאַראייניקט מיט די ערגסטע פאַרשקלאַפער. אַמעריקע איז געגאַנגען אויף צוריק, ניט פאָראויס.

סאָלטשע האָט געפּרואווט פאַרשטיין די האַנדלונג פון פּרעזידענט האַרדינג, וואָס האָט געהאַט באַפרייט דעבסן סוף דעצעמבער פון 1921 און אים

נאָך איינגעלאַדן אַלס זיין ספּעציעלן גאַסט אין ווייסן הויז לכבוד דעם הייליקן קריסטמעס טאָג. מאָטעק האָט איר איבערגעגעבן אַ צאָל פּאַקטן פון זיינע דערפאַרונגען אין דער אַרבעטער באַוועגונג. סאַלטשע האָט פיל נאָכגעטראַכט און באַשלאָסן צו שטודירן די פּאָליטישע סצענע. די האַרדינג־אַדמיניסטראַציע איז פאַר איר געווען די וויכטיקסטע פּאָליטישע לעקציע, וואָס איר איז אויסגעקומען צו לערנען אין לעבן ביז דאַן.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און דאָס גאַנצע לאַנד איז אויפגערודערט געוואָרן פון די פאַרברעכעריש־שווינדלערישע האַנדלונגען פון האַרדינגס קאַבינעט־מיטגלידער, אָנהויבנדיק פון דעם סטרייק־ברעכערישן אַטוירני דזשענעראַל דאָהערטי און ענדיקנדיק מיט דעם אינערן סעקרעטאַר אַלבערט פאָל, וואָס איז געפונען געוואָרן שולדיק און איז פאַרשיקט געוואָרן אין טורמע אויף אַ יאָר צייט.

האַרדינגס פאַרדעכטיקטער טויט און די מאָדנע טויט־צופאַלן פון אַ צאָל פון זיינע נאָענטע מענטשן; דער אופן ווי פעדעראַלע באַאַמטע האָבן געפּלינדערט דאָס געלט פון דער רעגירונג, געלט, וואָס איז אָנגעקליבן געוואָרן פון פאָלק; די רעדעס וואָס אָט די רויבער, וועלכע האַרדינג האָט געהאַט באַשיצט, האָבן געהאַלטן, אַרויפוואַרפנדיק די שולד אויף די „רויטע“ — די אַלע פאַקטן האָבן סאַלטשען אויפגערודערט.

האַרדינג איז געשטאָרבן אויגוסט, דעם צווייטן, 1923. אויגוסט דעם דריטן, העט־פאַרטאָג, איז קאַלווין קולידזש איינגעשוואָרן געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. סאַלטשע איז געוואָרן סענטימענטאַל, ווען זי האָט די בייעס געלייענט, ווי אַזוי פרוי קולידזש איז געשטאַנען, אָנגעטאָן אין שלאָף־ראָק מיט אַ קעראָסין־לעמפּל אין האַנט, אין אַן אַלטן פאַרם־הויז אין ווערמאָנט, ביי זיין פאָטער אין הויז; ווי אַזוי דער פאָטער האָט איינגעשוואָרן דעם זון, ביי אַן אָפענער ביבל, וואָס איז באַלויכטן געוואָרן פון דעם לעמפּל. עס איז געווען עפּעס פּשוט׳ס און מענטשלעכס אין דער צערעמאָניע. נאָר אין אַ דעמאָקראַטיע האָט דאָס געקאָנט פאַסירן. זיכער, האָט זי געטראַכט, וועלן מיליאָנען אַמעריקאַנער גערירט ווערן פון אָט דער איינפאַכקייט און באַשיידנקייט.

נאָר באַלד האָט זיך סאַלטשע דערמאָנט, אַז קולידזש האָט זיך פּאָליטיש דערהויבן אַדאַנק זיין סטרייק־ברעכערישקייט. גאָט אין הימל! מוז מען זיך דאָס אויסצייכענען אַלס שונא פון אָרגאַניזירטן אַרבעטער, וואָס קעמפט פאַר אַ בעסער לעבן פאַר זיך און זיין הויז־געזינט, צו קאָנען דערגרייכן דעם העכסטן שטאַפּל פון פּאָליטישן לייטער?

זי האָט אָנגעהויבן אויסרעכענען וויפל פּרעזידענטן האָבן דאָס פאַר־

טיידיקט „אָרדענונג און געזעץ" קעגן די אַמעריקאַנער, וואָס האָבן געקעמפט פאַר אמתער דעמאָקראַטיע און פאַר בעסערע באַדינגונגען. פאַרוואָס האָבן פּרעזידענטן באַשיצט די אינטערעסן פון די סטרייק־ברעכער, פון געדונגענע באַנדיטן, פון די רויבער באַראָנען, פון די, וואָס האָבן באַשעפטיקט קינדער־אַרבעט און וואָס האָבן געהאָלפן דערמאָרדן אין קאַלטן בלוט מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָבן געוואָלט האָבן אַ בעסערן לוין פאַר זייער ערלעכער אַרבעט ?

וואָס קאָן דער אַרבעטער דערוואַרטן פון קאַלווין קולידזש ? מיט וואָס איז קולידזש געווען ראוי צו ווערן דער העכסטער באַאַמטער פון דער רע־פּובליק ? און ווער איז שולדיק געווען אין דעם, וואָס קולידזש איז שפּעטער דערווײַלט געוואָרן אַלס פּרעזידענט, אויב ניט די אַרבעטער, וואָס האָבן אַזוי בלינדערהייט געשטימט פאַר אים ? עס איז דאָך געווען אין זייער מאַכט אים אַרונטערצוזעצן. זיי האָבן דאָך געקאָנט דאָן שטימען פאַר לאַפאָלעטן, וואָס איז געווען דער איינציקער פּראָגרעסיווער קאַנדידאַט, וואָס אפילו די רעאַק־ציאָנערע אַמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר האָט, דעם ערשטן מאָל אין איר געשיכטע, געשטיצט אים, און דאָך האָט ער באַקומען נאָענט צו פינף מיליאָן שטימען קעגן קולידזשס נאָענט צו זעכצן מיליאָן.

סאָלטשע האָט מער ניט גענדאַרפט אָנקומען צו ביכער צו לערנען וועגן דער געשיכטע פון אַמעריקע. זי האָט אירע לעקציעס געלערנט יעדן טאָג פון די געשעענישן אין דער יוניאָן־באַוועגונג, אין די רעדעס פון קאָנגרעס־לייט און סענאַטאָרן, אין די האַנדלונגען פון „קילן" קולידזש.

עס איז געווען סוף 1924. סאָלטשע האָט אין די איבער פיר יאָר, וואָס זי איז געווען אין לאַנד, זיך דערפילט ווי אַן איינגעזעסענע דאָ. די פּאָגראָמען אויף יידן אין פּוילן, די מלחמה־אָפּקלאַנגען צווישן די אייראָפּייאישע לענדער, די ביטערע דערפאַרונגען פון אירע יונגע יאָרן אין לאָדזש, האָבן אין איר אויף שטענדיק אָפּגעטויט די בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים. זי האָט אפילו ניט געוואָלט מער טראַכטן וועגן דעם.

אַמעריקע איז געווען איר נייע היים, איר לאַנד. דאָ וועט זי לעבן, דאָ וועט זי קעמפן פאַר איר עקזיסטענץ און פאַר אַ בעסער לעבן פאַר איר שלומ־לען. זי איז שוין ניט קיין יונגע מיידל. איצט אין די דרײַסיקער יאָרן, מיט די פאַרשטייענדיקע קאַמפן אין דער אַרבעטער באַוועגונג, האָט זי ניט גע־טראַכט מער וועגן האָבן נאָך אַ קינד. עס איז געווען גאָלדע, וואָס האָט ווידער פאַרשוועגנערט און וואָס האָט צוגערעדט סאָלטשען, אַז זי זאָל האָבן נאָך אַ קינד. איר אסתרל האָט עס פון איר געפאָדערט. שלומל וועט עס אויך פאָדערן. אַ קינד איז אומעטיק אָן אַ ברודערל אָדער שוועסטערל.

סאַלטשע האָט קיין סך ניט געדאַרפט איבערטראַכטן. זי איז געווען אַנט־שלאָסן מער קיין קינדער ניט צו האָבן.

צווישן די נייע ווערטער, וואָס סאַלטשע האָט זיך אויסגעלערנט אין יענער צייט איז דאָס וואָרט „רעקעטיר" געווען זייער פּאָפּולער. זי האָט געוואוסט, אַז מאַטעק האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו ליידן פון דעם וואָרט. אין זיין יוניאָן איז דאָס וואָרט געוואָרן, ווי אַ פּאָליסמאַנס קלאָב.

— סאַלטשע, עס איז ניט אויסצוהאַלטן. ביסט ניט זיכער מיטן לעבן, טאָמער רעדסטו אויס אַ וואָרט, וואָס געפעלט ניט דער פאַרקויפטער פירער־שאַפט. ניט איין אַרבעטער ווערט צעשלאָגן פאַר וואַגן צו קריטיקירן דעם מאַכער פון דער יוניאָן. אונדזער פּראָגרעסיווע גרופּע אין מיין לאָקאַל איז אַ מאַרטירער גרופּע. עס איז מער ניטאָ קיין סימן פון דעמאָקראַטיע ביי אונדז. שטים ווי מען הייסט דיך, אָדער פאַרליר דיין ברויט, אָדער ערגער, — וועסט צעשלאָגן ווערן אַזוי, אַז דו וועסט שוין בלייבן מיט אַ מום אויפן גאַנצן לעבן.

מאַטעק האָט געהאַט איין אויסוועג — ניט אַנטוישט ווערן, ניט אָפּלאָזן די הענט, זיין טאַקטיש און אָרגאַניזירן די ערלעכע אָפּאָזיציע. ער איז געווען אַ געטריייער יוניאָן מיטגליד. זיין יידישקייט האָט אים געשטערט צו ווערן פּאָפּולער. דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען איינגעבאַקן ביי די דייטשע און איירישע מיטאַרבעטער. נאָר מען האָט געהאַט צוטרוי צו מאַטעקן. וואָס ער האָט אונטערגענומען אין דער יוניאָן, האָט ער געטריי דורכגעפירט. ער האָט שטענדיק געצויגן אַ גרויסע צאָל שטימען.

נאָר שלומל האָט דערפון ניט געוואָלט וויסן. ער האָט דעם פאָטער ווינציק געזען אַצינד. ווען ער האָט געהערט, אַז דער טאַטע קומט אַהיים שפּעט, האָט ער זיך צעוויינט. סאַלטשע האָט געליטן דערפון. ליבע און פליכט האָבן געפירט אַ קאַמף צווישן זיך ביי מאַטעקן.

שלומל האָט אָנגעהויבן געווינען. מאַטעק האָט אין קינד דערזען אַ נייע וועלט, וואָס איז אים געוואָרן אַלץ ליבער און פאַרכאַפּנדיקער. סאַלטשע האָט דערזען אַ נייעם מאַטעקן.

קאַפּיטל זיבעצן

# סאַלטשעס איינפאַלן

.1

דר. פאַניאַ אימבער האָט געעפנט אַן אָפיס און גראַד אויף דער איסט סאַיד, צווישן יידן און סלאַוון. זי האָט ניט נאָכגעפאָלגט דעם ביישפיל פון אירע קאָלעגן, וואָס האָבן זיך געריסן אַרויף צו די אָכציקער גאַסן, צו דער וועסט ענד עוועניו און ריווערסאַיד דראַיוו. זי האָט זיך געפילט היימיש צווישן דער אָרעמקייט און איר פּאָפּולאַריטעט איז געוואָקסן אין געגנט. מען האָט זי גערופן „אונדזער דאָקטאָר". דער טיטול איז איר זייער געפעלן געוואָרן און זי האָט אים געוואָלט אָנהאַלטן. זי האָט אָבער געאַרבעט צו שווער און זי האָט פון קיין רו ניט געוואוסט. דאָס פּנים איז געוואָרן אויס־געמאַטערט, די אויגן אָנגעשטרענגט און דאָס קול הייזעריקלעך. נאָר זי איז געווען צופרידן.

שלומל איז איצט געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער דאָק־טאָרשע. ער האָט זיך פאַר איר ניט געשראָקן ווי פאַר די אַנדערע דאָק־טוירים, וואָס זיינען גערופן געוואָרן צו אים, ווען מען האָט זיך געגוויטיקט אין זיי. דר. פאַניאַ אימבער האָט זיך אָפט אַריינגעכאַפּט צו סאַלטשען אין שטוב אַריין, און ניט איינגעלאַדנערהייט.

— סאַלטשע, איך בין טויט־מיד. איך האָב אַ שעה צייט, וועל איך זיך אָפּרוען. שטער דיר ניט. טו וואָס דו ווילסט און פאַרגעס אין מיר, — פלעגט די דאָקטאָרשע זאָגן און זיך מאַכן באַקוועם, אויסטאָן אירע קליידער און אָנ־טאָן סאַלטשעס אַ שלאָפראָק און זיך צולייגן אויף אַ וויילע.

פאַר די דריי יאָר צייט, וואָס זיי האָבן זיך געקענט זיינען זיי געוואָרן באַפריינדעט. פּאָליטיש זיינען זיי געווען אייניק; באַלאַנגט צו אַ פּאָר קלובן צוזאַמען און אין דיסקוסיעס זיך גוט פאַרשטאַנען. עס איז געווען סאַלטשע, וואָס האָט דער דאָקטאָרשע געגעבן אַרבעט אין סאַקאָ־וואַנזעטי קאָמיטעט. דר. אימבער איז געווען אַ געטרייע אויספּאָלגערין.

אַדאַנק דעם וואָס זיי זיינען אָפּט ביידע געבליבן צוזאַמען אונטער פיר אויגן, האָט סאַלטשע געהאַט די מעגלעכקייט נעענטער צו באַקענען זיך מיט

דער דאָקטאָרשע און רעדן מיט איר פון האַרץ צו האַרץ וועגן די זאַכן וואָס האָבן סאַלטשען אינטערעסירט אין דר. אימבערס לעבן.ביידע פרויען האָבן זיך פאַרשטאַנען און אָנפאַרטרויט.

די צייט איז ניט געשטאַנען אויף איין אָרט. דר. אימבער איז אַלט געווען דריי און דרייסיק יאָר און זי איז ניט געווען פאַרהייראַט. איר ברודער און איר שוועסטער האָבן מיט איר אַ פּאָר מאָל גערעדט וועגן דעם, נאָר פאַניאַ האָט זיך געמאַכט אַז דער גאַנצער עסק אַרט איר ניט. אַנדערש האָט זי אָבער גערעדט ווען סאַלטשע האָט זי „גענומען אויפן צימבל". פאַר סאַלטשען האָט זי גערעדט ווי מען רעדט צו זיך אַליין.

איינמאָל איז זי געוואָרן זייער אָפנהאַרציק און געזאָגט:

— פאַרשטיי, סאַלטשע, אַז מענטשן גלייבן ניט, אַז אַ דאָקטאָר זאָל זיין שוועער זיך צוצופּאַסן אַ מאַן. איך בין שוין ניט קיין יונג מיידל, קיין פלע־פּערקע. די באַקאַנטע פון מיין קרייז זיינען מערסטנס פון מיין פּראָפעסיע. דאָס זיינען פאַרהאַוועטע מענטשן, וואָס ווילן זיך אַרויפאַרבעטן און זיין אַ סוקסעס אין לעבן.

— זיי זיינען אַזוי ווי דו, פאַניאַ, — האָט סאַלטשע זי אָנגערייצט.

— ניין, סאַלטשע, איך בין ניט אַזוי ווי זיי. איך האָב מיר מיינע חסרונות, נאָר ניט אין דעם זין. געלט וועט קיינמאָל ניט שפּילן קיין ראָלע ביי מיר. דאָס איז איינע פון די אורזאַכן פאַרוואָס איך גיי זיך פאַ־נאַנדער מיט מיינע קאָלעגן. איך מיין, דאָס איז אפשר די אורזאַך פאַרוואָס דאָקטאָר דער און דאָקטאָר יענער האָבן ניט געוואָלט חתונה האָבן מיט מיר. פאַרשטייסט, איך קוק אויפן לעבן מיט ניכטערע אויגן, נאָר אַביסל ווייַן יעדן טאָג קאָן ניט שאַטן. די קאָלעגן אין מיינע יאָרן, וואָס האָבן זיך באַפריינדט מיט מיר און געטראַכט מסתּם פון אַ תּכלית, זיינען, ערשטנס, ניט געווען פאַראינטערעסירט אין קיין אידעאַלן. זייער איינציקער אידעאַל איז געווען — פאַרדינען וואָס מער געלט. עפּענען אַן אָפיס אויף דער וועסט ענד. סאָ־ציאַליזם, קאָמוניזם, סאָוועטיזם — דאָס זיינען פאַר זיי געווען פראַזן און דיסקוסיעס. פאַר מיר איז סאָציאַליזם מיין לעבן. דער גורל פון סאַקאָ־וואַנזעטי איז מיין גורל. אויב בויטיק, וועל איך מאָרגן אויפגעבן מיין פּראַקטיק און דינען מיין אידעאַל. מיין גרעסטע באַפרידיקונג איז וואָס אויף דער ערשטער עוועניו, צווישן דער דריטער און צוועלפטער גאַס הייס איך „אונ־דזער דאָקטאָר". ווען עס קומט צו מיר אַריין אַן אַלטע אוקראַינערין, אַ גע־וועזענע פּויערטע און איך זע ווי דער קענסער וועט באַלד אָנהייבן אַ תּל מאַכן פון איר, נאָר דערווייל קוקט זי נאָך אויס געזונט און קרעפּטיק, דאַן קאָן איך זי ניט אָפּ׳פּטר׳ן מיט אַ מעדיצין, וואָס וועט איר גאָרניט העלפן. איך

זעץ זיך אָוועק מיט איר און מיר רעדן זיך פֿאַנאַנדער וועגן „טשאָרנאָזאָם“, וועגן דער פּעטער אוקראַיִנישער ערד. איך רעד מיט איר כּאָכליש. אירע האַלב אויסגעלאָשענע בלויע אויגן גלאַנצן אויף. איך פֿיל, אַז איך טו עפּעס אויף פֿאַר איר. דאַן בין איך שטאָלץ אויף מיין פּראָפעסיע. איך צייל ניט וויפֿל געלט איך האָב אַריינגענומען מער פֿון לעצטער וואָך. איך דערמאָן זיך בלויז וויפֿל גוטע זאַכן איך האָב אויפגעטאָן מער ווי לעצטע וואָך . . . דאָקטאָר עקס וואָס האָט פֿאָרגעשלאָגן מיר זאָלן צוזאַמען עפּענען אַן אָפּיס — און מסתּם זיך פֿאַרבינדן מיט אַ היים, — איז געוואָרן שטאַרק אָפּגעקילט, ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז איך קוק אַנדערש אויף מיין פּראַקטיק, ווי ער אויף זיינער . . . פֿאַרשטיי אויך, סאַלטשע, אַז מעדיצין איז פֿאַרביזנעוועט געוואָרן, אַז עס דערמאָנט מיך ניט איינמאָל אין אַ מין גראָסערי קראָם. נו, קיין אַנדערע קרייזן זיינען מיר ניט אַזוי נאָענט. האָסט מיך אַמאָל באַקאַנט מיט דיין פריינט בען. דיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז אַ פֿאַסיקער מענטש פֿאַר מיר. אפשר איז דאָס אמת, נאָר אין דעם פֿאַל ווייסטו דאָך, בין איך ניט די וואָס דאַרף, לאָמיר זאָגן, פֿאָרשלאָגן. ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. נאָר וואָס ווייס איך וועגן אים. וואָס ווייס איך, צי איך האָב אויף אים געמאַכט אַן איינדרוק. מיר איז שווער זיך צו פֿאַרנעמען מיט געפֿעלן ווערן יענעם. פֿאַר אונדזערס אַ מענטשן איז בכלל דער ענין חתונה האָבן עפּעס אַ מין אַלט־מאָדישע אינסטיטוציע. מען האָט געדאַרפט צוטראַכטן נייע מיטלען ווי אַזוי מאַן און פרוי זאָלן . . . דו פֿאַרשטייסט וואָס איך מיין. מיט מיר דאַרף זיין ניט שווער אויסצוקומען. איך פֿאָדער ניט קיין סך פֿון לעבן, נאָר איך בין ניט אַהין, ניט אַהער. איך וויל העלפן בויען אַ נייע געזעלשאַפט און איך בין אויס מיטן אַלטן לעבנס־שטייגער, נאָר קיין נייעם האָבן מיר נאָך ניט געשאַפן. מיינע קאָלעגן דאָקטוירים, זיינען מיר אַלס שטי־צער פֿון צעפֿוילטן לעבנס־שטייגער דערווידער. ווען איך האָב ביי דאָקטאָר איגרעק געבעטן אַ פּאָר דאָלאַר פֿאַרן סאַקאָ־וואַנזעטי פֿאָנד, האָט ער מיר גע־טאָן אַ פֿערזענלעכע טובה און טראַכטנדיקערהייט געציילט די גרינע פּאַפּיר־לעך. נאָר ווען מיר זיינען אויסגעגאַנגען, האָט ער געקויפט די טייערסטע פּלעצער אין דער אָפּערע און שפּעטער מיך גענומען אין „קאַטן קלאָב“ אין האַרלעם. דער אָוונט האָט אים געקאָסט געווגג געלט, נאָר איך וועל אים געדענקען, ווי ער האָט זיך געוואַקלט מיט די פּאָר דאָלאַר פֿאַרן סאַקאָ־וואַנזעטי פֿאָנד. דאָס איז ביי מיר געווען אַ פּראָוו־שטיין.

נאָך יענעם שמועס מיט פֿאַניאַן האָט סאַלטשע באַשלאָסן, אַז זי וועט האָבן אַן אויג אויף אויג געשפּרעך מיט בענען.

בען האָט שויז דאַן געהאַט געוואוינט אין ניו־יאָרק. ער האָט זיך

פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און ער האָט אָנגעהויבן קריגן אַ נאָמען אַלס אַן אָרגאַניזאַטאָר און טוער. זיינע אָונטן זיינען שטענדיק געווען די וויכטיקסטע טייל פון זיין טעטיקייט, האָט ער דערציילט סאַלטשען. דער־פאַר קאָן ער זייער זעלטן זיין ביי איר אַ גאַסט אין אָונט, ווען מאַטעק איז אינדערהיים.

סאַלטשע האָט געטראַכט ווי אַזוי ברענגט מען פאַרט צוזאַמען אים מיט פאַניאַן, אַז זיי זאָלן ווערן באַפריינדעט. זי איז געווען זיכער, אַז פון אַזאַ באַקאַנטשאַפט וועט אַרויסקומען אַ שידוך. זיי זיינען געווען זייער פּאַסיק, האָט זי באַשלאָסן, נאָר קיין אַלט־מאָדישע מיטלען קאָן מען צו זיי ניט אָנ־ווענדן. אין דעם איז זי געווען איבערצייגט.

איז איר איינגעפאַלן אַ נייער מיטל. זי האָט בענען טעלעפאָנירט אין זיין אָפיס. ער איז דאָן געווען פאַרבונדן מיט דער טעקסטיל־יוניאָן. זי האָט אים געבעטן צוקומען צו איר אויף מיטאָג.

— איך דאַרף אייך נויטיק זען, בען. איר עסט דאָך מיטאָג אין אַ רעס־טאָראַן, קומט צו מיר אין מיין רעסטאָראַן אַמאָל. איך וועל אייך לאַנג ניט האַלטן.

— און וואָס וועט מאַטעק זאָגן ?

— מאַטעק וועט אייך די אויגן אויסדראַפּען. איך וועל טאַקע זען, צי ער האָט מיך נאָך ליב.

— גוט, סאַלטשע, איבערמאָרגן, איינס נאָכמיטאָג, נאָר צוויי אַזייגער וועל איך מוזן פאַרלאָזן.

— דאָס עסן וועט שטיין אויפן טיש, באָס.

בען האָט געטראַכט און ניט געקאָנט זיך דערטראַכטן צוליב וואָס סאַלטשע האָט אים גערופן אינמיטן טאָג. מסתם האָט דאָס עפּעס צו טאָן מיט מאַטעקס וואוילזיין.

ער האָט ניט געטראָפן.

סאַלטשע האָט געהאַלטן וואָרט. די מינוט, וואָס בען איז אַריינגעקומען, איז זי צוגעגאַנגען צום אויוון און אָנגעהויבן סערווירן. בען האָט געלאַכט.

— סאַלטשע, איר וואָלט באַדאַרפט עפענען אַ פּריוואַטן רעסטאָראַן. זיי גייען שוין איצטער אַרויס פון דער מאָדע, נאָר איך וואָלט געקומען צו אייך עסן יעדן טאָג.

— בען, איר עסט און איך וועל רעדן, צוויי אַזייגער וועט איר זיין פריי. שלומל שלאָפט, וועט אונדז קיינער ניט שטערן.

— איר מאַכט עס זייער ראָמאַנטיש. איר ציט מיך אָן.

— יאָ, בען, עס איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק און וועגן דעם וויל

איך מיט אייך רעדן. ווען איר זייט דאָ געווען אַמאָל, האָט איר אונדז דער־ציילט וועגן דער לאַגע פון די טעקסטיל אַרבעטער אין פּאַסייק און אין ניו־ענגלאַנד. איר האָט גערעדט וועגן קינדער־אַרבעטער און וועגן דער הויכער ראַטע פון שווינדזיכטיקע, וואָס די אינדוסטריע גיט אַרויס. איך טראַכט, אַז איר וואָלט געדאַרפט צוציען צו אייער אָרגאַניזיר־אַרבעט אַ פּאָר פּראָסע־סיאָנעלע מענטשן, איך מיין הויפּטזעכלעך דאָקטוירים. איך בין זיכער, אַז איר וועט וויסן אויף וואָס פאַר אַן אופן זיי אויסצונוצן. איר וועט זיך דער־מאָנען, אַז איך האָב אייך אַמאָל באַקאָנט מיט מיין פריינט דר. פאַניאַ אימבער. זי איז נאָך אַלץ טעטיק אין סאַקאָ־וואַנזעטי פאָנד און זי טוט פיינע אַרבעט פאַר ענלעכע צוועקן. זי האָט געעפנט איר אייגענעם אָפיס אויף דער איסט־סאַיד און זי האָט זיך געשאַפן אַ וואונדערבאַרן נאָמען אַלס פאָלקס־דאָקטאָר. די אָרעמשאַפט איז דאָ גרויס און זי האָט באַקומען ביי זיי, ביי די איינוואוינער פון די ערגסטע טענעמענט הייזער אין ניו־יאָרק, דעם נאָמען „אונדזער דאָק־טאָר". איך פיל, אַז מיר טוען גאָרניט אויסצונוצן אַזאַ מענטשן, אַז ער זאָל ברענגען נוצן אונדזער באַוועגונג אויפן ריכטיקן פלאַץ. שאַפן אַ פאָר דאָלער קאָן יעדער איינער פון אונדז. נאָר ברענגען נוצן ווי עס קאָן אַזאַ פאָלקס־דאָקטאָר ווי פאַניאַ אימבער, קאָנען זייער ווייניק פון אונדז. איך וויל, אַז איר זאָלט זי צוציען צו וויכטיקערער אַרבעט. זי איז ניט פון די מענטשן, וואָס האַלטן רעדעס. זי איז זייער אַ באַשיידענער מענטש און זייער אַן ערלעכער. געלט האָט קיין באַדייטונג ניט פאַר איר. ווען זי קאָן זיך אַוועקזעצן מיט אַ פּאַציענט און אים אַריינברענגען אין אַ גוטן געמיט צו פאַרלייכטערן זיינע ליידן, פילט זי זיך באַפרידיקט. וויפל האָבן מיר אין דער באַוועגונג אַזעלכע טיפּן? דאָס אַלץ, וואָס איך וויל פון אייך, בעז. אויב איר ווילט קאָן איך אייך ביידן איינלאַדן צו זיך און איר וועט זיך דורכרעדן וועגן דעם.

— ניין, ניין, סאַלטשע. איר זייט אַ גאָלדענער מענטש, סאַלטשע. איך האָב שוין לאַנג ניט אַזאַ הנאה געהאַט פון אַ שטיקל קאַלבס בראָטן ווי היינט. מסתם האָט אייך מאָטעק געזאָגט, אַז דאָס איז מיין באַליבטער מאכל. און פון וואַנען האָט איר געוואוסט, אַז איך האָב ליב קאָקאָנאַט קאָסטערד פּאַי? ערנסט גערעדט, סאַלטשע: איר האָט מיר געגעבן אַ וואונדערבאַרע אידייע וועגן דר. אימבער. איך וועל נאָך היינט אָוונט רעדן מיט זייער אַ וויכטיקן טוער און אים פאָרשלאָגן עפּעס, וואָס איז מיר נאָר וואָס איינגעפאַלן אונ־טערן איינפלוס פון אייערע אמתדיקע ווערטער. דער פלאַן איז נאָך ביי מיר ניט אויסגעאַרבעט, נאָר איך בין זיכער, אַז עס וועט עפּעס אַרויסקומען דער־פון. גיט מיר דעם דאָקטאָרס אַדרעס און טעלעפאָן. זאָגט מיר ווען עס איז די פּאַסיקסטע צייט זי צו רופן. איר וועט הערן פון מיר. אַ שאָד, וואָס

איר האָט ניט קיין טעלעפאָן. גיט מיר אַ קלינג אָן אין אַ וואָך אַרום. איר האָט געטאָן אַ גוטע זאַך, איך מיין דאָס, סאַלטשע, וואָס איר האָט מיט מיר גערעדט וועגן דעם. עס איז זייער אַ גוטע אידייע . . . וואָס מאַכט מאָטעק? ער האָט צרות מיט זיין לאָקאַל 3, דאָס ווייס איך. די רעקעטירס האָבן איי־בערגענומען אַ סך יוניאָנס. עס איז אונדזער פּראָבלעם. מען דאַרף האָבן קעמפערישע מענטשן אַצינד. אין מאָטעקס יוניאָן קאָן ער אַליין גאָרניט אויפטאָן . . .

סאַלטשע האָט זיך געהיט ניט צו רעדן קיין איבעריק וואָרט. איר ציל איז געווען דערגרייכט און זי האָט שוין געוואָלט, אַז בען זאָל פאַרלאָזן.

— בען, איר האָט נאָך פינף מינוט צו צוויי. כאַפּט זיך אַריין צו אונדז אין אַ פרייען אָוונט, וועט אייך מאָטעק אַלץ דערציילן. איר מוזט שוין לויפן, בען. איך וויל אייך קיין מינוט לענגער ניט פאַרהאַלטן.

בעת זי איז פאַרטיק געוואָרן מיטן געפעס האָט זי געטראַכט וועגן איר געלונגענעם איינפאַל און זי האָט אויסגערופן צו זיך אַליין:

— סאַלטשע, ס׳וועט נאָך זיין אַ לייט צווישן פאַניאַן און בענען, וועסט זען.

.2

אין אַ וואָך אַרום נאָך בענס באַזוך ביי סאַלטשען, איז פאַניאַ אַריינ־געפאַלן צו איר מיטן שוואַרצן דאָקטאָר־רענצל, וואָס זי האָט אַוועקגעשטעלט שטענדיק ביי דער טיר און אויסגערופן:

— סאַלטשע, וואָס מאַכט ס׳קינד? האָסט אים געגעבן די פּילן? דאַרפסט ניט מורא האָבן. זיי זיינען צו סטימולירן זיין אַפּעטיט. איך קאָן לאַנג ביי דיר ניט זיין. איך וועל טרינקען אַ גלעזל טיי און זיך אַרומוואַשן. איך וועל שוין היינט אין אָפיס אַריינקומען שפּעט. וואו נעמט מען אַזוי פיל צייט, סאַלטשע? איך קום נישט אויס מיטן טאָג. הער, דאָס האָט געמוזט זיין דיין קאָפּ. איך האָב מיט אַ דריי טעג צוריק באַקומען אַ טעלעפאָן־רוף פון דיין בען. ער האָט גערעדט אין נאָמען פון דער יוניאָן פאַר וועלכער ער אַרבעט. ער פרעגט מיך צי וואָלט איך געווען פאַראינטערעסירט צו קומען צו אַ פאַרזאַמלונג פון אינטעלעקטואַלן וועגן דער לאַגע פון די קינדער־אַר־בעטער אין פאַסייק. איך האָב ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט באַצוועקט און איך האָב געוואָלט מער אינפאָרמאַציע, האָט ער געענטפערט, אַז ער וויל מיך טרעפן פאַרן מיטינג און רעדן מיט מיר וועגן דעם. האָבן מיר אָפּגערעדט זיך צו טרעפן מאָרגן אָוונט אין אַ כינעזישן רעסטאָראַן און נאָכדעם צוגיין צום מיטינג. דערפאַר וויל איך וויסן, סאַלטשע, צי דאָ שטעקט דיין קאָפּ.

— פאַניאַ, בען איז געקומען צו מיר און מיר דערציילט, אַז זיין יוניאָן

נויטיקט זיך אין הילף פון אינטעליגענטן, פּראָפעסיאָנאַלן. איז מיר איינגע־פאַלן צו געבן דיין נאָמען. דו לייענסט דאָך און דו ווייסט, וואָס עס טוט זיך אין דער טעקסטיל אינדוסטריע און ווי מען קלייבט זיך אָרגאַניזירן די אומ־אָרגאַניזירטע. עס וועט זיין אַ גרויסער קאַמף און ניט קיין לייכטער. אויב דיין הילף איז נויטיק, פאַניאַ, דאַרפסטו זיך ניט אָפּזאָגן.

— אין געגנטייל, סאָלטשע, אַזאַ אַרבעט איז מיר זייער באַקוועם און אויב בעת וועט מיר איבערגעבן אַרבעט, וואָס וועט זיין מעגלעך פאַר מיר צו טאָן, וועל איך איבערלאָזן אַנדערע זאַכן און דאָס וועט קומען פריער. איך בין נייגעריק צו הערן אין וואָס עס האַנדלט זיך.

— פאַניאַ, אַז דו וועסט קאָנען, קום אַריין פאַר אַ מינוט און גיב מיר איבער וואָס עס איז פאָרגעקומען ביים מיטינג, — האָט סאָלטשע זיך געבעטן.

— איך קאָן דיר ניט צוזאָגן — יעדע מינוט איז ניט מיינע, סאָלטשע. מיר'ן זען.

און אַז פאַניאַ האָט זיך ניט באַוויזן אַ פּאָר טעג נאָכן מיטינג, האָט סאָלטשע זיך ניט געפוילט און זי איז מיט שלומלען צוגעגאַנגען צו דער דאָקטאָרשע אין אָפיס. געקומען איז זי אַהין נאָך די אָפיס־שעה'ן און זי האָט געוואוסט, אַז זי וועט נאָך טרעפן פאַניאַן רעדנדיק מיט אַ פּאַציענט וועגן היימישע ענינים. אַזוי איז טאַקע געווען. אַ יונגע יידישע פרוי האָט זיך מיטן דאָקטאָר באַראָטן וועגן איר שוויגער, וואָס רייצט אָן דעם זון קעגן איר. דערזעענדיק סאָלטשען, איז פאַניאַ געוואָרן איבעררעשט און געבעטן דער פרוי אַריינקומען אַ צווייטן מאָל.

— סאָלטשע, שלומל, קומט אַריין. שלומל, ווילסט זיין אַ דאָקטאָר? וואָס ווילסטו זיין, שלומל?

— איכ'ל זיין אַ גאַרבעדזש־קאָלעקטאָר; איך זיין אַ פייערמאַן, — האָט שלומל אויסגעצויגן די ווערטער.

— פאַניאַ, איך בין געקומען אויסגעפינען, וואָס עס איז פאָרגעקומען ביים מיטינג. פון וואַנען וויים איך, צי דו ביסט געווען ביים מיטינג און איך פרעג שוין וואָס עס איז פאָרגעקומען.

— יאָ, איך בין געווען ביים מיטינג און איך האָב פריער געהאַט סאַפּער מיט בענען און מיר האָבן גערעדט וועגן דיר און ער האָט מיר דערציילט וועגן מאַטעקן. איך האָב גאָרניט געוואוסט, אַז מאַטעק האָט זיך באַטייליקט אין גענעראַלן שטאָל סטרייק. ער איז אַ וועטעראַן, הייסט עס. האָסט אַ מאַן אַ וועטעראַן, נאָר אָן מעדאַלן . . . בעין איז אַן ערנסטער מענטש. די אַרבעט, וואָס ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן איז צו שווער פאַר מיר. איך קאָן ניט פאָרן קיין פּאַסייק אפילו איין מאָל אין וואָך. נאָר איך האָב אָנ־

גענומען אין אַ קאָמיסיע. איינמאָל אַ חודש וועל איך יאָ צופאָרן קיין פּאַסייק, אויב מען וועט וועלן. סאַלטשע, וועסט מיך מוזן באַפרייען פון דער עקזעקו־טיווע פון סאַקאָ־וואַנזעטי פאָנד. איך קאָן זיך ניט צערייסן. די קאָמיסיע וועט האָבן מיטינגען צוויי מאָל אַ חודש.

— וואָס פאַר אַן איינדרוק מאַכט ער אויף דיר, בען?

— סאַלטשע, איך האָב דיר דאָך געזאָגט. ער איז אַן ערנסטער יונגער־מאַן און ער איז אַן אידעאַליסט. מען זעט, אַז ער איז געבילדעט און אַז ער קומט אַרויס פון אַ פאַרמעגלעכער היים. ער האָט מיך געפרעגט צי איך האָב אַ גוטע פּראַקטיק און צי מען האָט ניט קיין פאָראורטייל דערפאַר וואָס איך בין אַ פרוי. איך האָב זיך מודה געווען, אַז דאָס איז דער פאַל און אַז די מערסטע, כמעט אַלע, מיינע פּאַציענטן, זיינען פרויען מיט קינדער. מענער זיינען נאָך קאָנסערוואַטיוו און געטרויען ניט די דיפּלאָמען פון פרויען דאָק־טוירים. בען האָט געזאָגט, אַז ער וועט באַווייזן אַ העלדישקייט און קומען פאַר אַ טשעק־אַפּ צו מיר און טאָמער וועט ער זיך נויטיקן אין מעדיצינישער באַהאַנדלונג, וועל איך זיין זיין דאָקטאָר. איך האָב אים געענטפערט, אַז ער וועט ביי מיר זיין דער זעלבער מיוחס ווי יעדע פּאַציענטקע.

— האָסט ניט געדאַרפט דאָס נעמען אַזוי ערנסט. דיר פעלט אַביסל הומאָר, פאַניאַ. איך וואָלט מיט אים אַ שפּאַס געטאָן דערוועגן.

— אפשר ביסטו גערעכט, סאַלטשע, נאָר ס'איז ביי מיר אַ סענסיטיווער פּונקט. אַלע מאַכן שפּאַס אויף מיין חשבון אַלס דאָקטאָרשע, ווי איך וואָלט געווען אַן אויסטערלישע באַשעפעניש.

עס איז אַוועק עפּעס מער ווי אַ וואָך און פאַניאַ איז ניט געקומען צו סאַלטשען. מיטאַמאָל האָט זי אַן עפן געטאָן די טיר און אַריינגעשריען:

— סאַלטשע, איך האָב קיין צייט ניט. איך לויף צו אַ פּאַציענט אויף דיין גאַס. אַלע זיינען געזונט? כ'וויל דיר דערציילן אַ שפּאַס, אויף איין פוס. דיין בען האָט מיר געשיקט אַ פּאַציענט, ווייזט אויס, אַז ער האָט פריער גע־וואָלט אויספּרואוון אַן אַנדערן, איידער עס וועט אים אָנשטיין אַליין צו קומען צו אַ דאָקטאָרשע. געשיקט האָט ער מיר אַ טעקסטיל־אַרבעטער, אַ יונגנמאַן, וואָס איז צעשלאָגן געוואָרן אויף דער פּיקעט־ליין. איך האָב מורא, אַז ער וועט האָבן צו טאָן מיט זיין אויער. איך שיק אים צו אַ ספּעציאַליסט. גוד־באַי, סאַלטשע.

אין אָוונט האָט סאַלטשע זיך דורכגערעדט מיט מאַטעקן וועגן איינלאַדן בענען און פאַניאַן צו מיטאָג זונטיק. וואָס איז די שמחה? האָט מען גע־טראַכט און געטראַכט און זיך דערטראַכט, אַז ס'איז לכבוד מאַטעקס גע־בורטסטאָג. ווען איז מאַטעקס געבורטסטאָג? קיינער וועט ניט פרעגן און

אַ ליגן אַזאַ וועט קיינעם ניט שאַטן.

— בען, זונטיק איז מאַטעקס געבורטסטאָג. איר וועט קומען עסן מי־טאָג ביי אונדז, אַ ניט וועל איך זיין ברוגז אויף אייך, — האָט סאַלטשע אים טעלעפאָנירט.

— אָלראַיט, באָס, — האָט בען געענטפערט.

דאַן איז זי אַוועק מיט שלומלען צו פאַניאַן.

— זונטאָג איז מאַטעקס געבורטסטאָג. וועסט קומען צו אונדז מיטאָגן, פאַניאַ.

— וועסט האָבן אַ גרויסן עולם?

— ניין, עס וועלן זיין אַ פיר מענטשן. כ'וועל זיין ברוגז אויף דיר, אויב דו וועסט מיר אָפּזאָגן. זאָלסט קומען אין צייט. איך לאָז דיר וויסן פיר טעג אין פאָראויס.

— זונטיק האָב איך אַ סוב־קאָמיטע מיטינג פון שפּיטאָל־דאָקטוירים. נאָר כ'וועל קומען.

בען איז געווען דער ערשטער צו קומען. ער איז געווען גוט אויפגעלייגט און ער האָט זיך געשפּילט מיט שלומלען. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס בען האָט זיך געפּילט אַזוי פריי. ער האָט זיך מיטן קינד געקאָלערט איבערן דיל און שלומל איז געריטן אויף דער „טשערעפּאַכע".

— לויף שנעלער, טשערעפּאַכע, — האָט שלומל געפּילדערט.

בען האָט זיך געשאָקלט און אים אַראָפּגעשאָקלט פון זיך און דאָס קינד האָט זיך פאַרשלוקערצט פון געלעכטער. בען איז געווען פאַרשוויצט און מען האָט געקאָנט זען, אַז ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַלע זאָרג, מיט וועלכע ער איז אַריינגעקומען.

און אָט האָט זיך באַוויזן פאַניאַ. זי האָט בענען געטראָפן אויפן דיל מיט שלומלען אויף אים. זי איז געווען איבערראַשט פון דער סצענע און זי האָט אויסגערופן:

— מיין אָרגענייזער איז באַזיגט געוואָרן פון שלומלען. שלומל, הייס אָנקל בען לויפן שנעל.

— שלומל, זאָג דער דאָקטאָרשע, אַז זי איז ניט דיין באָס. שלומל, זאָג פאַניאַן, אַז זי זאָל זיך אַוועקלייגן און דו וועסט רייטן אויף איר. זאָל זי וויזן אַזאַ קונץ.

— פאַניאַ איז אַ דאָקטאָר, ניט קיין טשערע, — האָט שלומל באַשלאָסן.

אַלע האָבן געלאַכט. בען האָט זיך אויפגעהויבן פון דיל און זיך באַגריסט מיט פאַניאַן. באַלד זיינען זיי אַריין אין צווייטן צימער און בען האָט איבערגעגעבן פאַניאַן איינצלהייטן פון אַ פּאַסירונג אין פּאַסייק. פאַניאַ איז

געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט. מאַטעק און סאַלטשע זיינען געווען פאַר־נומען אין קיך.

— ווען שלומל וועט קלינגען מיטן גלעקל, וועט איר אַריינקומען עסן,
— האָט מאַטעק אויסגערופן, — איר וועט מיר אַנטשולדיקן, איך טו מיין פאַטערלעכע פליכטן. פריער עסט ער און דאַן קומט אונדזער ריי.

ביים עסן האָט בען אַנגעפירט מיטן שמועס און פאַניאַ האָט זיך שטאַרק איינגעהערט צו אים. עס איז געווען קענטיק, אַז זי ווערט באַאיינפלוסט פון זיינע רייד. זי האָט כסדר געשטעלט פראַגעס און ער האָט איר געגעבן קאָמפּ־לימענטן פאַר קאָנען אָפּשאַצן די סיטואַציעס.

סאַלטשע איז געווען מער פאַרנומען מיט באַאָבאַכטן די פּנימער פון אירע געסט, ווי מיטן סערווירן. זי האָט זיך ווינציק געמישט אין שמועס. נאָר ווען מען איז פאַרטיק געוואָרן און מען איז אַריין אין הויפּטצימער, און שלומל איז געוואָרן די אַטראַקציע, האָט סאַלטשע געמאַכט די דערקלערונגען און געפּרואווט פאַרשפּילן זיך מיט שלומלען, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט און נאָר געוואָלט האָבן די פולסטע אויפמערקזאַמקייט צו זיך.

פאַרלאָזן האָבן בען און פאַניאַ צוזאַמען. אַנגעוואונטשן מאַטעקן אַלדאָס גוטס צוליב זיין געבורטסטאָג. סאַלטשע און מאַטעק האָבן זיך געגוזג אָנ־געלאַכט.

— איצט וועלן מיר פּראַווען דיין געבורטסטאָג, — האָט מאַטעק פאַר־געשלאָגן סאַלטשען.

— אויב עס וועט אַרויסקומען אַ שידוך, וועל איך פייערן מיין באָבעס געבורטסטאָג אויך.

פון צייט צו צייט פלעגט פאַניאַ אָפּגעבן סאַלטשען אַ גרוס פון בענען.

— זיך מיט אים געטראָפן ביי אַ זיצונג. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דיר. ער קלויבט זיך קומען צו אייך.

און בען איז טאַקע איינמאָל אומגעריכטערהייט געקומען. אַריינגעפאַלן ווי זיין שטייגער איז געווען אַרום צען אין אָוונט.

— ווי האָט מאַטעק האָלט צו זאָגן: „אַז מען וויל דעם מלאך, קומט דער גלח". אָט בין איך דאָ. וואָס מאַכט מען עפּעס גוטס?

האָט מען גערעדט וועגן דער קולידזש אַדמיניסטראַציע, וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועגן סאַקאָ־וואַנזעטי און וועגן דער טעקסטיל יוניאָן. נאָר סאַל־טשע האָט געפילט, אַז זי מוז דעם שמועס אַרויספירן אויף פאַניאַן און זי האָט געוואַרט אויף דער געלעגנהייט.

— בען, איז פאַניאַ טעטיק ביי אייך אין דער אָרגאַניזאַציע?

— סאַלטשע, הלוואי האָבן מיר נאָך אַ טוצן פאַניאַס. זי איז וואונדער־

באַר. זי האָט געזונגטן מוח און זי איז פשוט און האַרציק און עס איז אַ פּאַר־גענינגן צו אַרבעטן מיט איר, — האָט בען ניט אויפגעהערט זי צו לויבן.

דאַן האָט סאַלטשע געזוכט אַ געלעגנהייט צו שטעלן אַ צווייטע פּערזענ־לעכע פראַגע:

— וואָס וועט זיין דער סוף פון אייך, בען? ווי לאַנג נאָך וועט איר זיין אַליין? פאַרוואָס קלייבט איר זיך ניט אויס קיין ווייב?

— סאַלטשע, איך האָב ניט קיין צייט פאַר אַזעלכע נאַרישקייטן.

— מאַטעק האָט אויך אַזוי געזאָגט אַמאָל. ביז איך בין געקומען און איך האָב אים איבערצייגט, אַז עס דאַרף זיין אַנדערש.

— ווילט איר מיך אויך איבערצייגן?

— בען, איך באַפעל אייך זיך צו געפינען אַ ווייב און וואָס גיכער. ווי־טער קאָן עס אַזוי ניט אָנגיין, איך שעם זיך מיט אייך.

— אָלראַיט, אָלראַיט, איך גיב אייך די דערלויבעניש, — אויב איר ווילט אַ שריפטלעכע, — אַז איר זאָלט פאַר מיר געפינען מיין באַשערטע, אָקעי?

— מאַטעק, דו ביסט אַן עדות. דו האָסט אַליין געהערט, וואָס בען האָט געזאָגט. מאָרגן נעם איך זיך צו דער אַרבעט.

— וויפל ווילט איר קאָמישאָן?

— איר וועט מיר קויפן אַ פּאַר לאַנגע אויערינגגען.

— אָפּגעמאַכט.

צומאָרגנס איז סאַלטשע געווען ביי פאַניאַן אין אָפיס און איר איבער־געגעבן בענס באַזוך און וועגן זייער אָפּמאַך.

ביידע האָבן געלאַכט.

## קאַפּיטל אַכצן

# משפחה

.1

ניט איינמאָל האָט זיך מאַטעקן אויסגעוויזן, אַז סאַלטשע האָט מער אינגזינען זיין משפחה, ווי ער אַליין. זי האָט אים כסדר דערמאָנט, אַז מען דאַרף שוין אַהיים שרייבן, אַז מען דאַרף שיקן אַ פּאָר דאָלאַר אויף יום־טוב. עס האָט איר, למשל, געאַרט, וואָס מאַטעק שרייבט זיך ניט דורך

מיט זיין אָנקל ווילי אָפּסטעיט. זינט די טאַנטע דזשעני האָט געענטפערט אויף זיין בריוו, האָט ער צו זיי ניט געשריבן. נאָך אַלעם, האָט אים דאָך דער אָנקל ווילי אַראָפּגעבראַכט קיין אַמעריקע. פאַרוואָס האָט מען אים ניט געשריבן, אַז ס'איז פאַראַן אַ ליכטיק שלומל אויף דער וועלט?

— גיי, ביסט אַ שלעכטער, מאָטעק; זעץ זיך אַוועק און שרייב אַן אַ פּאָר ווערטער צום אָנקל ווילי און צו דער טאַנטע. איך וועל צושרייבן אַ פּאָר שורות, — האָט סאַלטשע זיך געבעטן. נאָר מאָטעק איז געווען מיד פון דער אַרבעט און ער איז געווען פויל אויף שרייבן. ס'האָט געמיינט — אַוועקפּטרן אַן אָוונט און ניט קאָנען שפּילן זיך מיט שלומלען.

ניט איינמאָל האָט מאָטעק דערציילט סאַלטשען וועגן זיינע ערשטע פּאָר יאָרן אין אַמעריקע, און דאָס האָט שטענדיק אַרויפגעבראַכט אויפן געדאַנק דעם אָנקל ווילי מיט דער טאַנטע דזשעני, מיט דעם סעטשל, וואָס דער אָנקל האָט אים אויסגעשטאַט, אַז ער זאָל ווערן אַ פּעדלער און זיך אַרויפאַרבעטן אין אַמעריקע. מ'האָט זיך געגנוג אָנגעלאַכט פון מאָטעקס דערציילן. און היינט די מיסיסעס, וואָס מאָטעק האָט געהאַט, און די דזשאַבס אין די פאַבריקן . . .

— דאָך וואָלט איך וועלן מיט דיר אַמאָל צופאָרן צום אָנקל ווילי און זען דאָס שטעטל און באַקאָנען זיך מיט דיינע ערשטע פריינט, מאָטעק, — האָט סאַלטשע באַמערקט.

— נאָכן אָנקל מיט דער טאַנטע בענק איך ניט, נאָר נאָך ליובאַן און איסאַקן — יאָ. הערסט, סאַלטשע, די ליובאַ איז געווען אַ וואונדערבאַרע ווייבל. עס איז מיין שולד, וואָס איך האָב זיך אָפּגעפרעמדט פון אָט־דער ליבער משפּחה. יונגע מענטשן, האַרציקע מענטשן, שיינע מענטשן. ליובאַ איז מיר געווען מער ווי אַ מיסעס. זי האָט זיך געהנדלט צו מיר און זי האָט געלויכטן ווי זיבן זונען. ביי איר אין הויז האָב איך דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן געפונען אַ האַרציקייט, אַ נאַטירלעכע פריינטשאַפט. אַזוי איז אויך געווען איר מאַן. ניט דער אָנקל מיט דער טאַנטע, נאָר ליובע און איסאַק האָבן זיך געזאָרגט פאַר מיר. ווילד־פרעמדע מענטשן, נאָר זיי האָבן פאַר מיר אַ סך געטאָן. זי האָט מיך אפילו געוואָלט פאַרשדכענען פאַר איר שוועסטער וועראַ, כדי איך זאָל בלייבן אין דער פאַמיליע. און ווי קאָן איך פאַרגעסן די שטיפערישע זלאַטע, וואָס האָט פאַר מיר געקראָגן דעם צימער ביי ליר־באַן? אין ניו־יאָרק האָב איך דאָך דערווייל ניט באַגעגנט אַזעלכע געזונטע, לעבנס־לוסטיקע טיפּן ווי אין דעם שטעטל. עס רעדט זיך אַזוי אַ שטעטל. אַ שטאָט מיט פאַבריקן און אַן אַ שיעור קירכן און אַן אַ שיעור שיכורים. אָן, ווען איך שרייב אַוועק אַ בריוו צו איסאַקן און איך דערצייל אים, אַז איך בין שוין אַ טאַטע, וואָלסטו געזען ווי שנעל זיי וואָלטן געענטפערט.

— זיי אַ גוטער, מאַטעק און שרייב צו זיי. עס ווילט זיך האָבן פריינט. ווי איך פאַרשטיי, איז די ליובאַ אַ ווייבל אַ פלאַם־פייער און זי איז מסתם געווען פאַרליבט אין דיר אין געהיים. אַ ראָמאַנטישע נשמה, וואָס האָט געהאַט אַ ראָמאַנטישן באַרדער; נאָר עס אַרט מיך נישט, זאָל זיין ליובאַ, זאָלן זיין זלאַטע, אַבי האָבן וואָס מער פריינט. טאָמער ווילן מיר פאָרן אַהין, זאָל זיין צו וועמען אַריינצוגיין.

— לאָז מיך צורו, סאַלטשע, איך בין ניט קיין שרייבער. אַז איך דער־זע שרייב־פאַפיר, ווערט מיר קאַלעמוטנע אויף דער נשמה.

האָט סאַלטשע געטראַכט וועגן מאַטעקס ערשטע יאָרן אַפּסטעיט. האָט זי זיך פאַרגעשטעלט זיין לעבן דאָרט, זיינען איר ליובאַ, זלאַטע און איסאַק געוואָרן נאָענט.

נאָר גאָר אומגעריכטערהייט איז מאַטעקן באַשערט געווען נאָכאַמאָל צו זיין אין יענער שטאָט. עס איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פאַר מאַטעקן, וואָס האָט אים אָנגעזאָגט די טרויעריקע נייעס, אַז זיין טאַנטע דזשעני איז גע־שטאָרבן, און אַז ער זאָל גלייך אַרויספאָרן צו דער לויה. די טעלעגראַמע איז געווען פון אַנקל ווילי אַליין. זי האָט זיך געלייענט:

„דייך טאַנטע דזשעני איז היינט 10 פרי געשטאָרבן. די לויה זונטיק 2 נאָכמיטאָג. איך דערוואַרט דיך. דיין אַנקל ווילי".

סאַלטשע האָט מאַטעקן טעלעפאָנירט און פאַר אים פאָרגעלייענט די טעלעגראַמע. מאַטעק האָט באַשלאָסן אַרויסצופאָרן דעם זעלבן אָוונט און אָנקומען אַהין שבת.

— זי האָט שטענדיק אויסגעקוקט צו זיין זייער אַ געזונטע פרוי, — האָט מאַטעק דערציילט סאַלטשען, — אַ שאָד, וואָס איך האָב זיך אַזוי אָפּגע־פרעמדט פון זיי. שוין באַלד פינף יאָר ווי זי האָט אונדז געשיקט דעם בריוו און מיר האָבן פון דאַן אָן ניט געענטפערט. נו, איך וועל זיין דאָרט שבת און זונטיק און איך וועל אַרויספאָרן זונטיק ביינאַכט און אָנקומען גלייך צו דער אַרבעט. כ'וועל שוין אין איין וועגס אויך באַזוכן מיינע אַלטע פריינט זלאַטע, ליובאַ און איסאַק. אַזוי איז שוין דאָס. אַ לויה מאַנט.

— איך דערמאָן זיך, מאַטעק, ווי די טאַנטע האָט אין איר בריוו גע־לויבט אירע צוויי זין, דזשעיקי און הערי, דוכט זיך, הייסן זיי. ניט אַזוי? אָרעמע קינדער. איינער מוז שוין זיין אַ גרויסער בחור. איך גלויב אַ זיבעצן יאָר. נעם מיט אַ פאָר דאָלאַר און קאַרג ניט צו קויפן עפּעס פאַר די קינדער. וועסט בלייבן דאָרט נאָך אַ טאָג אויב דער אַנקל וועט וועלן. הערסט, מאַטעק?

אויפן וועג צו דער באַן האָט מאַטעק געטראַכט וועגן זיינע ערשטע טעג

דאָ אין לאַנד און ווי דער אָנקל מיט דער טאַנטע האָבן אים באַהאַנדלט. עס האָט זיך אים זייער ניט געוואָלט פאָרן צו דער לויה. שלומל וועט בענקען נאָך אים. סאַלטשע וועט דעם ערשטן מאָל זיין אַליין.

די איצטיקע רייזע צום אָנקל האָט אים דערמאָנט אין זיין ערשטער רייזע, ווען ער איז גלייך פון דער שיף געפאָרן פון באַלטימאָר צום אָנקל אין ניו־יאָרק שטאָט. דאַן איז ער געווען אַ ייִנגל, אָן אַ שפּראַך, אָן אַן אייגענעם ווינקל. היינט פאָרט ער ווי אַן איינגעפונדעוועטער אין לאַנד. ער וואוינט אין ניו־יאָרק און דער אָנקל איז נאָך אַלץ געבליבן שטעקן אין דער קליינער שטאָט. מאָטעק האָט געטראַכט פון יענעם לעבן, פון דער פּראָגרע־סיווער ביבליאָטעק מיט אירע טיפן, פון די אַרבעטער, מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געאַרבעט אין פאַבריקן, פון די שלעפּערדיקע גאַסן און די זאַטע, צופרידענע מענטשן, וואָס טראַכטן נאָר פון זיך און זיי פאַרשטייען נישט, אַז זיי זיינען די בירגער פון לאַנד און זיי דאַרפן זיך אינטערעסירן מיט די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פירונגען פון לאַנד. נאָר זיך אַליין האָבן זיי אינ־זינען, מער גאָרנישט.

די באַן האָט זיך געטראָגן מיט אַ פייפן און וואָיען און מאָטעק האָט זיך געלאָזט טראָגן פון זיינע געדאַנקען, נאָר וועגן וואָס ער האָט ניט געטראַכט, איז ער אַלץ צוריקגעקומען צו סאַלטשען.

— איך בין זיכער, סאַלטשע, — האָט ער אין געדאַנק צו איר גערעדט, — אַז דער אָנקל וועט באַדויערן, וואָס איך בין אַוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק. ער וועט מיר זאָגן, אַז ווען איך בלייב אין שטאָט מיט אים, וואָלט איך היינט געהאַט אַן אייגן הויז אויף דער אָקעי סטריט. און אויך ליובאַ און איסאַק וועלן מיך צורעדן, אַז איך זאָל בלייבן ביי זיי, נעמען ווייב און קינד און זיך איינאָר־דענען דאָרט. אַ רואיק לעבן, וועלן זיי זאָגן, ניטאָ קיין סאָבוועי, קיין על, מען קריגט אַ דזשאָב און מען קאָן אָפּשטיין אויפן דזשאָב אַ לעבן־לאַנג. אפשר זיינען זיי גערעכט, סאַלטשע?

די געדאַנקען האָבן אים גענומען מאַטערן און די רייזע איז אים גע־וואָרן אומדערטרעגלעך. ס'וועט קומען אַ צייט, ווען מען וועט קאָנען פליען. דאַן וועט מען ניט דאַרפן זיך שלעפּן אַ גאַנצע נאַכט מיט דער באַן. מען וועט זיך אַריינזעצן אין אַן עראָפּלאַן און אין אַ פּאָר שעה וועט מען זיין דאָרט. און טראַכטנדיק וועגן דעם, האָט מאָטעק דערפילט ווי ניו־יאָרק איז אַריין אין זיין בלוט. ער איז אומגעדולדיק, ער וויל דערגרייכן זיין ציל אָן אָפּ־שטעלן. ניו־יאָרק וואַרט אויף אים. שלומל איז שוין באַלד אַ גרויסער בחור. שוין צייט צו ווערן צוריק אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיין בירגער־שאַפט פאַרפליכטעט.

.2

מאַטעק איז פאַרפאָרן מיט אַ טעקסי גלייך צום אָנקלס הויז. עס איז נאָך געווען גאַנץ פרי, נאָר ער האָט געוואָלט ווייזן דעם אָנקל, אַז ער איז גלייך געקומען צו אים. ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר מיטן קליינעם וואַליזל און געוואַרט. אויף זיין קלונג האָט מען גלייך ניט געענטפערט. געוואַרט האָט ער מסתם אַ מינוט, נאָר עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער וואַרט אַ לאַנגע צייט און מען דאַרף אָוועקגיין. ער האָט זיך אויסגעדרייט, נאָר דאָ האָט זיך די טיר באַזאַכט עטוואָס אָן עפן געטאָן. ער האָט דערזען דעם אָנקלס פנים. דער אָנקל האָט אים אַריינגעלאָזט און אָן ווערטער אַ טרויעריקן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך צעוויינט.

— ווען האָט דאָס פּאַסירט, אָנקל? און ווי אַזוי? — האָט מאַטעק געפרעגט, ניט אויסטוענדיק זיין מאַנטל. עס איז געווען אין אָנהויב מערץ און די פרימאָרגן קעלט האָט געווייעט פון הויז. ווייזט אויס, אַז מען האָט נאָך דעם אויוון ניט געהאַט געמאַכט.

דער אָנקל האָט געשלוכצט. געפּרואווט רעדן און ניט געקאָנט.

— קום אַריין, מאַט. כ׳בין צופרידן, וואָס דו ביסט געקומען. דו ביסט דאָך דער איינציקער פון מיין פאַמיליע. זי האָט דאָ גראָד אַ גרויסע משפחה... ווען עס האָט פּאַסירט? בעכטן 10 פרי. זי איז געווען קראַנק אַ לאַנגע צייט. געדאַרפט האָבן אָן אָפּעראַציע, נאָר זי איז געווען איינגעשפּאַרט. די ביזנעס, אַלץ די ביזנעס, ווער וועט אויפפּאַסן אויף די ביזנעס? דו געדענקסט דאָך, מאַט, ווי איבערגעגעבן זי איז געווען צו מיר און צו די ביזנעס . . . לעצטנס איז איר בעסער געוואָרן, נאָר די ביזנעס איז ניט געגאַנגען, האָט זי זיך גענומען דערפון צום האַרצן (דאָ האָט ער זיך ווידער צעוויינט און אויפגעהערט רעדן און געווישט די אויגן דאָ מיט איין טיכל, דאָ מיט אַ צווייט ווייס טיכל). יאָ, מאַט, אַט דאָס איז דער סוף פון מענטשן. עס לוינט זיך ניט צו אַרבעטן שווער, עס לוינט זיך ניט איינצוזאַמלען אַ וועלט . . . צוליב שבת וועט די לויה פאָרקומען מאָרגן. קיינער וועט זיך ניט גלויבן אויף פעיר סטריט, אַז דזשעני וועט שוין מער ניט קומען אַהין. אַלע האָבן זי ליב געהאַט אויף פעיר סטריט. מיט יעדן איז זי געווען אויסגעבונדן. שטרענג אין ביזנעס, נאָר ערלעך, אַלע גלייך.

מאַטעק האָט זיך דערפילט מאָדנע פון די רייד. ער האָט זיך דערמאָנט ווי די טאַנטע דזשעני האָט אויסגעזען, ווי אויסגעדורשט זי איז געווען נאָך די פּאָר דאָלאַר, ווי ברוטאַל זי האָט געהאַנדלט קעגן די שיכורים, ווי זי האָט זיך געפרייט ווען דער שיכור האָט שוין אינגאַנצן ניט געוואוסט, וואָס עס טוט

זיך מיט אים און מען האָט אים דאָן געקאָנט בעסער „באַאַרבעטן".

— עס איז דאָ קאַלט, מאַמע, איך דאַרף אַרונטערגיין מאַכן דעם אויוון. די קינדער שלאָפן נאָך. באַלד וועט אָנקומען איר פאַמיליע. האָסט נאָך מסתּמא קיין ברעקפעסט ניט געהאַט? איך אויך ניט. קום אַריין אין קיך.

מאַטעקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז קיין סך האָט זיך דאָס הויז ניט געהאַט געביטן, זינט ער האָט געהאַט פאַרלאָזן מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק.

— מאַמע, וועסט ניט דערקענען די קינדער. זיי זיינען גרויסע בחורים. אין אַמעריקע האַלט מען זיך פּרעמדי. כ׳ווייס ניט צי דאָס איז מיין שולד, צי דיין שולד, נאָר די אַלע יאָרן פון דיר ניט געהערט. איך ווייס, אַז דו ביסט פאַרהייראַט. קיין קינדער האָסטו נים?

— יאָ, אָנקל, מיר האָבן אַ זון, וואָס וועט אין מאַי ווערן פינף יאָר אַלט.

— זע, זע, ווי די צייט לויפט. זי האָט טאַקע שטענדיק געזאָגט: „האָסט אַראָפּגעבראַכט אַ נעפיו און ער איז אַוועק פון אונדז ווי אין וואַסער אַריין". אַזוי האָט זי געזאָגט און געטראַכט, וואָס עס איז געוואָרן פון דיר. און ווען עס איז אָנגעקומען דיין בריוו וועגן דיין הייראַט, האָט זי זיך דערפרייט: „האָסט איין נעפיו, ווילי, — האָט זי געזאָגט, — און ביסט אויף זיין חתונה ניט געווען".

— ווען ס׳וואָלט ניט געווען אַזוי ווייט פון ניו־יאָרק, אָנקל —

— נעכטן אין דער צייט האָט זי נאָך געלעבט, מאַמע. קיינער האָט זיך ניט געריכט, אַז זי זאָל אַוועקגיין אַזוי גיך. עס איז איר בעסער געוואָרן לעצטנס, נאָר זיך געריסן אין סטאָר אַריין. איך האָב געזען, אַז זי גייט איין. לעצטע וואָך האָט זי זיך אונטערגעגעבן: „ווילי, מיינע פיס טראָגן מיך ניט מער, איך פיל, אַז איך בין צו שוואַך צו שטיין אין סטאָר, ווילי".

דער אָנקל האָט זיך ווידער צעוויינט, געזוכט די טיכעלעך.

— הערסט, מאַמע, זי האָט זיך געפילט שולדיק יעדן טאָג, וואָס זי האָט ניט געקאָנט גיין אין סטאָר. ווען איז דאָס געווען? יאָ, לעצטן מיטוואָך. די קינדער דאַרפן גיין אין סקול, זי ליגט. איך דאַרף עפענען די סטאָר, זי הייבט זיך ניט אויף. זי שלאָפט. עס האָט קיינמאָל פריער ניט פּאַסירט, אַז זי זאָל שלאָפן אַזוי שפּעט. אויפוועקן וויל איך זי ניט. מוז איך שוין אַליין מאַכן ברעקפעסט. וואָס ווייס איך וועגן דער קיך. גרויסע קינדער, דאַרפן עסן צו זאַט. ניין, וועקן זי טאָר מען ניט. דזשעיקי האָט אַ קול פון אַ קאַנאָן. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט. איך זע, זי קאָן דעם קאָפּ ניט אויפהויבן. „דזשעני", זאָג איך, „ביסט מיד?"

— ווילי, איך קאָן זיך ניט אויפהויבן. איך וויל, נאָר איך קאָן ניט, ווילי.

— זאָל איך רופן דעם דאָקטאָר? — פרעג איך.

צעוויינט זי זיך און ענטפערט ניט.

עס האָבן זיך מיטאַמאָל דערהערט טריט אויף די שטיגן.

— דאָס קומט הערי אַרונטער. ער איז דער יינגערער. די געדענקסט אים?

— האלאָ, הערי, — האָט מאַטעק געזאָגט און אים אַנטקעגנגעגאַנגען.

— הערי, דאָס איז דיין אָנקל מאַט.

— האלאָ, אָנקל . . . פּאַ, איך בין הונגעריק. לאָמיר עסן.

באַלד איז אַרונטערגעקומען דזשעיקי, דער עלטערער זון.ביידע קינדער זיינען געווען ענלעך צו דער מאַמען. זיי האָבן מאַטעקן גאָר קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געשאָנקען. דער אָנקל האָט זיך געפילט ווי פאַרלאָרן. מאַטעק האָט אים באַדויערט.

— ווּעסט מסתּם גיין זען דיינע אַלטע פריינט היינט, מאַט? — האָט דער אָנקל זיך געווענדט צו מאַטעקן.

— יאָ, אויסער אויב איר ווילט מיך דאָ האָבן. אויב איך קאָן מיט עפּעס באַהילפיק זיין, וועל איך בלייבן.

— לעבעדיק מאַכן ווּעסטו זי ניט, מאַט. היינט וועלן קומען אירע קרובים און באַקאַנטע און שכנים. די סטאָר איז פאַרשלאָסן. איר שוועסטער וועט ברענגען וואָס מען דאַרף. קאָנסט קומען עסן מיטאָג מיט אונדז. און עס איז איז דאָ גענוג פּלאַץ צום שלאָפן. סיי ווי, דיין סעטשל לאָז איבער און טו ווי ס'איז באַקוועמער פאַר דיר. ביסט ניט געקומען אין אַ פּאַסיקער צייט, נאָר איך בין צופרידן, וואָס דו ביסט געקומען זיך געזעגענען מיט דזשעניִן. זי האָט שטענדיק גערעדט וועגן דיר און —

דאָ האָט זיך דער אָנקלווידער צעוויינט און די קינדער האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ.

3.

מאַטעק איז אַרויס פון אָנקלס הויז און אָפּגעאָטעמט פרייער. די גאַסן זיינען אים געווען באַקאַנט און אומבאַקאַנט. ער איז געוואָרן אומגעדולדיק און געוואָלט וואָס גיכער אָנקומען צו ליובאַן. ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן דעם וועג צו איר און זיך נאָכגעפרעגט ביי מענטשן ווי אַזוי צו פאָרן. זי האָט געוואוינט אין יידישן געגנט.

דער טראַמוואַי האָט מאַטעקן דערמאָנט אין דער צייט ווען ער פלעגט פאָרן צו דער אַרבעט, בעת ס'איז נאָך געווען גוט פינצטער. די זעלבע פאַרשלאָפענע פנימער, גוטמוטיקע, פאַרעוועט. ס'איז אים אויפן זינען אַרויפגעקומען די מעבל פאַבריק, אין וועלכער ער האָט דאָ געאַרבעט. דער אַנטיסע־

מיטישער פּאָרמאַן; די פּוילישע, רוסישע און איטאַליענישע אַרבעטער; דער שפּעטערדיקער פּריינטלעכער פּאָרמאַן, דער דייטשער סאָציאַליסט, קעלער, וואָס האָט אים געבראַכט די ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשורן. זיבן דאָלאַר אַ וואָך האָט ער פאַרדינט און 54 שעה געאַרבעט און נאָך אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר סענט צו שיקן צו די שוועסטער. טרוקנס געגעסן און איינזאַם געווען, נאָר ליובאַ האָט אים געראַטעוועט. זי מיט איר פריינדין זלאַטע, וואָס האָט אים צו ליובאַן געבראַכט און דעם צימער פאַר אים געקראָגן. געדאַרפט אַמאָל שרייבן צו זיי. ניט שיין געהאַנדלט. אומדאַנקבאַר. אפשר וועט ער זיי שוין דאָרט ניט געפינען?

ער האָט זיך געלאָזט גיין צו ליובאַס גאַס. די טראָטואַרן דאָ זיינען אים געווען גוט באַקאַנט. אָט דאָ האָט ער געהאַט באַגעגנט די מרס. לעווין, וואָס האָט אים געהאַט באַשולדיקט אין גנבענען צען דאָלאַר, ווען ער איז געווען איר באָרדער. אָט האָט זי אים אָנגעזאָגט, אַז מען האָט געפונען דאָס צענערל, אַז זי האָט אים אומזיסט חושד געווען און אים איינגעלאַדן קומען אויף אַ גלעזל טיי . . . ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן — אפשר וועט ער דערזען אַ באַקאַנטן פּנים. אפשר וועט ער זיך אָנשטויסן אויף ליובאַן . . .

ער איז צוגעקומען צו ליובאַס הויז. זיין האַרץ האָט געקלאַפּט האַסטיקער.

— נאַרישער בחור, — האָט ער זיך פאָרגעוואָרפן, — וואָס ביסטו נערוועז?

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן האַנט־זייגערל. עס איז געווען עטוואָס נאָך ניין. עס איז צו פרי צו גיין צו גאַסט. אפשר אַרבעט איסאַק שוין ניט שבת. אפשר איז מען נאָך ניט אָנגעטאָן . . . ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

אַ מיידעלע פון אַ יאָר אַכט, מיט גלאַנציקע שוואַרצע אייגעלעך, האָט אויפגעעפנט די טיר און אים באַקוקט.

— מאַ, — האָט זי אַריינגעשריען אין צווייטן צימער, — אַ מאַן איז ביי דער טיר. קום אַהער.

— פרעג אים וואָס ער וויל. איך בין נאָך ניט אָנגעטאָן. פרעג אים, קינד.

— וואָס ווילט איר, מיסטער?

— זאָג דער מאַמען, אַז מאָטעק וויל זי זען, — האָט מאָטעק געזאָגט און געבליבן שטיין אין דרויסן און געציטערט פון אומגעדולד.

— מאַ, ער זאָגט, אַז מאָטעק וויל דיך זען. זאָל איך אים הייסן אַריינקומען?

די טיר איז געווען האַלב אָפן, נאָר מאָטעק איז ניט אַריין.

— ווער? מאָטעק? וואָס פאַר אַ מאָטעק? מאָטעק? אָט גיי איך אַרויס.

מאָטעק איז געשטאַנען אַ שמייכלענדיקער, אַ רואיקער אַצינד, די הענט

אַראָפּגעלאָזט, די פּלייצעס אַביסל געבויגן, ווי איינער וואָס דערוואַרט אַ גימנאַסטיקן אורטייל.

— יאָ, איך שטאַרב אַ לעבעדיקע! ס׳איז דאָך מאַטעק! מיין מאַטעק!

— זי איז צוגעלאָפן, אַ קוק געטאָן אויף אים און אים אַרומגענומען מיט אירע נאַקעטע אָרעמס און דאַן מיט די קליינע פויסטן געקלאַפּט אויף זיין ברייטער ברוסט. — ווי קומט איר אַהער, וואָס שטייט איר ווי אַ פלאָקן? מען וועט אייך ניט אָפּבייסן. קומט אַריין און פאַרמאַכט די טיר — יאָ, מאַטעק! איך מוז מיך מיט אייך צוקושן . . . ווי קומט איר אַהער? איך בין ניט אָנגעטאָן. ווען איר האָט אַריינגעמופּט צו מיר, זייט איר אויך געקומען אין אַ שבת אינדערפרי, און דאַן בין איך אויך ניט געווען קיין אָנגעטאָענע. רעדט אַרויס אַ וואָרט . . . סאָפי, דאָס איז מאַטעק, דו וועסט אים ניט דער־קענען. ער האָט אַמאָל געוואוינט ביי אונדז, ווען דו ביסט געווען אָט אַזוי די גרויס. איר וואָלט זי ניט דערקאָנט, אַ? אַי, מאַטעק, מאַטעק, איר זייט דאָך טאָקע עלטער געוואָרן, נאָר די האָר די זיינען די זעלבע, דער זעלבער ערנסטער מאַטעק. איך ווייס ניט וואָס פריער צו טאָן, איך בין אַזוי נייגעריק צו הערן, וואָס איר האָט צו זאָגן. איסאַק אַרבעט אָווערטאַים היינט און ליזאָטשקאַ איז אַוועק נעמען די פּיאַנאָ לעקציע. ווי קוק איך אויס, מאַטעק? אַנטשולדיקט, איך מוז אַריינגיין זיך איבערטאָן, ניין, זיך אָנטאָן. איין מינוט, זיצט, לייענט אַ יידישע צייטונג, נאָר־וואָס אָנגעקומען פון ניו־יאָרק.

זי איז אַריין אין צווייטן צימער.

— מיסטער, איר זייט געווען אַ באָרדער ביי אונדז? — האָט די קליינע געפרעגט און אירע בעקלעך האָבן געלאַכט.

— סאָפי, איך האָב דיך ניט איינמאָל געלייגט שלאָפן, נאָר איך וואָלט דיך ניט דערקאָנט. עס איז געווען מיט זעקס יאָר צוריק אָדער מער.

— אין וועלכן צימער זייט איר איינגעשטאַנען, מיסטער?

— אָ, אין דעם פינצטערן צימער.

— אָ, איצט דערמאָן איך מיך, ווי טאַטע־מאַמע האָבן ניט איינמאָל גע־זאָגט, אַז מאַטעק איז געווען זייער בעסטער באָרדער.

— ליובאָ, איר הערט, וואָס סאָפי זאָגט? זי זאָגט, אַז איך בין געווען אייער בעסטער באָרדער.

— איך הער, איך הער, נאָר וואָס מיר האָבן ניט דערזאָגט, איז מער וואָס מיר האָבן יאָ געזאָגט. אָט קום איך שוין אַרויס, איך דאַרף בלויז די האָר ברענגען אין אָרדענונג. איך האָב ניט געשניטן מיינע האָר, מאַטעק. איך וויל ניט קיין באָיאיש באָב. אַי, איך דאַרף לאָזן וויסן זלאַטען. מיר האָבן אַ טעלעפאָן. איך וועל זיך מיט איר אַביסל רייצן באַלד, איר׳ט הערן.

זי איז אַרויסגעקומען. די זעלבע ליבע קאָקעטקע פון אַמאָל. אירע וואַרעמע, פולע אויגן האָבן נאָך אַלץ פֿאַרמאָגט אין זיך דעם שטיפֿערישן אָפּ־גלאַנץ פון אַמאָל. די הויט פון פּנים איז געווען בלאַס, נאָר פריש און די לאַנגע ווייכע שוואַרצע האָר זיינען געווען צוציִענדיק און מיידליש. איר ווייסע בלוזע איז געווען צעעפנט און עס האָבן זיך אַרויסגעזען אירע נאָך יונגע, רונדיקע, פולע ברוסטן.

— אָ, מאָטעק, אַ געזונט אין אייערע ביינער, האַלט מיך ניט געשפּאַנט. דערציילט ווען איר זייט געקומען און ווי לאַנג איר וועט דאָ זיין און פון וואַנען איר קומט און וואָס האָט אייך געבראַכט אַהער און צי איר וועט אפשר דאָ בלייבן און צי ווילט איר זיין ביי אונדז און ווי לאַנג איר וועט דאָ זיין אין שטאָט און צי זייט איר שוין אַ באַווייבטער און צי האָט איר אַ צווילינג, אָדער אַזוי אַ חתן פאַר מיינע טעכטער . . . דערציילט, איך שטאַרב וויסן.

— ליובאַ, אַז איר וועט אַלץ וויסן, וועט איר גיך אַלט ווערן און איר קוקט אויס וואונדערבאַר. איר האָט זיך גאָרניט געביטן. ניט געבענקט נאָך מיר —

— איך מוז אייך איבערשלאָגן, שלימזל, אַזוי פיל צענדליקער דאָלאַר בילס זאָלט איר האָבן וויפל מאָל איך האָב געטראַכט פון אייך. שטענדיק געטראַכט. ווען איסאַק איז אַוועק צו אַ מיטינג און איך בין געבליבן אַליין, האָב איך געטראַכט פון אייך און געזאָגט: אָ, ווען מיין לאָדזשער יונגערמאַן וואָלט דאָ געווען, וואָלט מיר גוט געווען. איך וואָלט אים מער ניט געלאָזט אַוועקפאָרן קיין ניו־יאָרק. איך וואָלט אים צוגעבונדן מיט שטריק צום אויוון.

און מאָטעק האָט איר דערציילט, וואָס עס האָט אים געבראַכט אין שטאָט אַריין און אַז ער פאָרט מאָרגן אָוונט צוריק אַהיים און וועגן סאַלטשען און שלומלען האָט ער דערציילט.

ליובאַ האָט טעלעפאָנירט זלאַטען און דאָס הויז איז פול געוואָרן מיט איר הילכיק געלעכטער. באַלד איז טאָקע זלאַטע געקומען און זי האָט אַרומ־געכאַפּט מאָטעקן און אים געקושט און זיך געטוליעט צו אים, ווי זי וואָלט געפונען אַ לאַנג־פאַרלאָרענעם ברודער. צווישן די צוויי גוטע פרויען האָט מאָטעק זיך דערפילט סענטימענטאַל און גוט און זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אויף אים, אַז ער זאָל זיי ווייזן אַ בילד פון סאַלטשען מיטן קינד און זיי האָבן אים פשוט פאַרשעמט, וואָס ער טראָגט ניט מיט זיך זייערע בילדער. ביידע האָבן אים איינגעלאַדן, אַז ער זאָל נעמען סאַלטשען מיטן קינד און קומען צו זיי פאַרברענגען דעם זומער מיט זיי, אויב ניט דעם גאַנצן זומער, איז כאָטש אויף אַ פאָר וואָכן. ליובאַ און זלאַטע האָבן די לעצטע פאָר זומערס

געהאַט אַ קאַטעדזש ביים לעיק און זיי האָבן באַשלאָסן אָפּצוגעבן אַ צימער פאַר מאַטעקן און זיין הויז-געזינט.

פון מאַטעקן איז אַרונטער די מידקייט פון דער לאַנגער, האַרטער רייזע און פון דעם שווערן געמיט, וואָס אָנקל ווילי און זיין לאַגע האָבן אויף אים אַרויפגעוואָרפן. ווען איסאַק איז אַהיים געקומען, האָט ער זיך צעקושט מיט מאַטעקן און די פרייד איז געווען גאָר גרויס. נאָכמיטאָג איז מען אַלע צוזאַמען אַוועק צו זלאַטען אין הויז און עס האָט זיך אַביסל אָפּגעטאָן דאָרט. מען האָט מאַטעקן פון אויג ניט אַרויסגעלאָזט. ערשט אין אָוונט איז ער אַוועק צום אָנקל.

דעם אָנקלס הויז איז פול געווען מיט מענטשן. מען האָט גערעדט שטיל. מאַטעק האָט זיך געפילט פרעמד דאָרט און ער האָט ניט געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן און ווען ער האָט גענומען זיין וואַליזל און געזאָגט דעם אָנקל, אַז ער וועט שלאָפן ביי איסאַקן, האָט דער אָנקל צוגעשטימט.

שפּעט אין דער נאַכט אַריין זיינען זיי געזעסן — איסאַק און ליובאַ און געשלונגען מאַטעקס רייד. איצט האָבן זיי אַרויפגעקוקט צו אים און געלערנט פון אים. מאַטעק האָט דערציילט וועגן שטאָל-סטרייק, וועגן זיין אַנטי-מלחמה טעטיקייט, וועגן זיין און סאָלטשעס אינטערעס אין דער פאַר־טיידיקונג פון סאַקאָ-וואַנזעטי, וועגן בענען, וועגן דר. פאַניאַ אימבער, וועגן ניו-יאָרק בכלל.

נאָר וועגן זיך אַליין האָבן זיי ניט געהאַט וואָס צו דערציילן. איסאַק האָט נאָך אַלץ געאַרבעט ווי אַ קאַטער ביי נעקטאַיס. די קינדער זיינען מוזיקאַ־ליש. קיין נייעם אין שטאָט איז ניט פאָרגעקומען.

מאַטעק איז געשלאָפן אין זיין אַלטן צימער און ווען ער האָט זיך אויפ־געכאַפּט האָט ער געהערט ווי ליובאַ האָט אַלעמען געשושעט, געהייסן זיין שטיל, ניט אויפוועקן מאַטעקן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז געווען אַ גרויסע לויה. דזשעני איז געלעגן אין אַ קאַסטן אַן אויסגע־פּוצטע אין אַ ווייסער בלוזקע מיטן קעלנערל ביז אַרויף. אירע שוואַרצע האָר זיינען געווען הויך געקרייזלט. דער אָנקל האָט געוויינט און מאַטעק איז געשטאַנען ביי זיין זייט.

צו זיין איבעראַשונג האָט מאַטעק געטראָפן איסאַקן און ליובאַן אין וואָקזאַל. זיי האָבן געוואַרט אויף אים. ליובאַ האָט אים מיטגעגעבן אַ שאַכ־טעלע מיט אייגן-געבאַקענע קיכלעך פאַר שלומלען.

קאַפּיטל ניינצן

# אַ בעט לעבן אַ בעט

.1

גאָלדע האָט געבאָרן נאָך אַ קינד, אַ מיידעלע. מען האָט איר אַ נאָמען געגעבן העלען, נאָך מעקס׳ פֿאַרשטאָרבענער מאַמע, חיה־שרה. סאָלטשע האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן צו גאָלדען נאָכדעם ווי זי איז אַהיים געקומען פֿון שפּיטאָל.

— סאָלטשע, אויף וואָס וואַרטסטו? — האָט גאָלדע איינמאָל געוואָלט וויסן, — שלומל האָט דיר זיכער ניט איינמאָל פֿאָרגעוואָרפֿן, אַז ער וויל האָבן אַ ברודערל, אָדער אַ שוועסטערל. עס איז אים אומעטיק. מיינסט וואָס? בלויז צוליב אסתרלען האָב איך געהאַט נאָך אַ קינד. אמת, איך האָב גע־טרוימט צו האָבן אַ כאַלאַסטריע קינדערלעך. דאָס איז געווען אַמאָל, ווען עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די וועלט איז אַ גאָרטן און קינדער זיינען די בלומען. היינט בין איך עלטער געוואָרן, געוואָרן אויס סטודענטקע מיטן לאַנגן צאָפּ. היינט קנייטש איך פֿון צייט צו צייט — ניט צו אָפּט — דעם שטערן און פֿאַרטראַכט זיך וועגן געוויסע זאַכן. האָב איך געזאָגט צו זיך: גאָלדע, צוויי וועט זיין גענוג. עס איז טאַקע אַ פּראָספּעריטי אין לאַנד און מעקס זאָגט, אַז קולידזש דער שווייגער איז גוט פֿאַר ביזנעס, נאָר איך קוק מיט אָפֿענע אויגן אויף אַמעריקע און איך טראַכט: אויב מיר האָבן געקענט אַרונטערשלינגען האַרדינגן מיט זיינע שווינדלער, אויב מיר האָבן געקאָנט דערוויילן קולידזשן, דעם פֿאַרטריקנטן קוילעטש, דאַן איז עפּעס דער מער מיטן אַמעריקאַנער פֿאָלק. דזשעז, פּראָהיבישן, באַרני גוגל, רודאָלף וואַלענ־טינאָ און קלאַראַ באָו — איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז וואָס מער איך פֿאַרטראַכט זיך, אַלץ מער ווער איך אומצופֿרידן. נו, אַז מיין אסתרל וועט שוין עסן מער ספּינאַטש, וואָס האָט אַזוי פֿיל וויטאַמינען, וועט זי דען גייסטיק ווערן שטאַרקער דערפֿון? מיר רעדן דאָך אָפֿן וועגן דעם, סאָלטשע, איך קאָן מיט מעקסן ניט דעבאַטירן. איך האָב דיר שוין אַמאָל געזאָגט: אים אַרט ניט אויב איך וועל האָבן צען קינדער. ער מיינט, אַז זיין באַנק־ביכל און די

סטאַקס, וואָס ער האַלט אין איין קויפן, זיינען אַלץ וואָס מען דאַרף צו זיין צופרידן.

— גאָלדע, גאָלדע, פאַר די קומענדיקע פאָר יאָר וועסטו זיין צופיל פאַר־נומען מיט העלענען, אַז דו זאָלסט קאָנען זיך אָפּגעבן מיט די פּראָבלעמען פון דער וועלט. דו פרעגסט מיך פאַרוואָס איך האָב ניט נאָך אַ קינד און דו אַליין פעדערסט זיך און גיסט דעם ענטפער. יאָ, זיכער, דו ביסט לענגער אין לאַנד פון מיר, נאָר דו האָסט דערוואַכט שפּעטער פון מיר. דו האָסט געמיינט, אַז אַמעריקע איז אַ טרוים־לאַנד און דו וועסט אויסמיידן די ווירקלעכ־קייט. איך בין צופרידן, וואָס דו ביסט אומצופרידן, גאָלדע. סאָקאָ־וואַנזעטי און דעבס און סטרייקס פאַר בעסערע באַדינגונגען און די געפאַר פאַר אַ נייער וועלט־מלחמה זיינען ניט בלויז מיינע און מאָטעקס דאגות. זיי דאַרפן זיין דיינע אינטערעסן. איך בין צופרידן וואָס דו זוכסט אַן ענטפער, וואָס דו לייענסט שוין צווישן די שורות, וואָס דו גלויבסט ניט, ווי די מאַיאָריטעט אַמעריקאַנער, אַלץ וואָס די צייטונג שרייבט. מאָטעק און איך זיינען שוין צוריק געוואָרן אַקטיוו און דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן. מאָטעק איז אַק־טיוו אין זיין יוניאָן, וואו די רעקעטירס פירן די גרענדע. מאָטעק הויבט זיך אָן אינטערעסירן מער מיטן יידישן לעבן. באַלד וועט שלומל אונטערוואַקסן. ער וועט גיין אין פּאַבליק סקול און ער וועט אויך גיין אין אַ יידישער שול. דאָס זעלבע איז מיט דיין אסתרלען. דו וועסט זי דאָך שיקן אין אַ יידישער שול, ווען זי וועט אַלט ווערן זיבן יאָר. מילא, אין פּאָבליק סקול האָסטו ניט קיין דעה, כאָטש יעדע מאַמע וואָלט געדאַרפט געננוי וויסן, וואָס מען לערנט דאָרט און ווי אַזוי מען דערציט די קינדער. אָבער די יידישע שולן ווערן אויסגעהאַלטן מערסטנס פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אַליין. אין וועלכער שול וועסטו שיקן אסתרלען?

— סאַלטשע, איך שעם זיך דיר צו דערקלערן, אַז איך וויים אַבסאָלוט גאָרניט וועגן יידישן לעבן, כאָטש איך לעב אין דער גרעסטער יידישער שטאָט אין דער וועלט. איך לייען ניט קיין יידישע צייטונג. אַמאָל, אַמאָל גיי איך מיטן טאַטן אין יידישן טעאַטער, נאָר מעקס וויל בעסער גיין זען די „זיגפילד פאַליס״. מיין ברודער מעלווין האָט דאָך שוין אַ צען־יעריקן זון און ער שיקט אים אויך ניט אין קיין יידישער שול. ער וועט אים שיקן אין „היברו״, זאָגט ער, צוליב דער בר־מצווה.

— נו, גאָלדע, מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם. נאָר דערווייל דאָס איז מיין ענטפער וועגן האָבן נאָך אַ קינד. ניין, איינס איז גענוג פאַר מיר. און איך דאַרף דיר ניט דערציילן, אַז איך האָב ליב קינדער און איך וואָלט מסתם זיך געפרייט מיט נאָך אַ קליינס, נאָר דאָס וואָלט געמיינט זיין צוגעבונדן

נאָך אויף אַ פֿיר יאָר צו דער שטוב און זיין אָפּגעזונדערט פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. זיין אַ פֿלעפּערקע מיינט נאָך ניט זיין אַ פֿרייע פֿרוי. רייכערן און טראָגן ניקערס און טרייבן אַ פֿאָרד מיינט נאָך ניט, אַז מיר האָבן דורכגעפֿירט אַ רעוואָלוציע. איך וויל טאַקע געפֿעלן ווערן אַלס אַ פֿרוי, נאָר ווי אַ מאַמע און ווי אַ מענטש גייען מיר אָן די געשעענישן פֿון לאַנד און איך וויל העלפֿן די וואָס זיינען ערלעך און אמתע פּאַטריאָטן. דאָס מיינט, אַז אויב סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען אין געפֿאַר געטויט צו ווערן בלויז דערפֿאַר וואָס זיי זיינען געווען אַרבעטער־פֿירער, גייט עס מיר אין לעבן זיי צו באַפֿרייען. עס איז מיין פֿליכט, עס איז מיין עלעמענטאַרער חוב. גיב אַ קוק אין מיין געגנט אויף דער איסט סאַיד, וואו מענטשן לעבן אין די ערגסטע סאַניטאַרישע אומשטענדן — אין רייכסטן לאַנד אין דער וועלט. די גרעסטע מיליאָנערן פֿאַרמאָגן די ערגסטע סלאָמס, די פֿייער פּאַסטקעס, וואו דאָס לעבן פֿון די קינדער, וואָס וואוינען דאָרט איז אין שטענדיקער געפֿאַר. אָט דאָס איז מיין דאגה און — דיינע.

יאָ, ווידער האָט זיך אין סאַלטשען אַריינגעכאַפּט דער ווידערגעפֿיל פֿון קנאה. זי האָט מיט אַלע כוחות געוואָלט זיך באַפֿרייען דערפֿון. אין גאָלדעס הויז איז אַלץ געווען אַזוי רחבותדיק; געלט האָט געהאַט אַ קנאַפּע באַדייטונג; גאָלדע האָט זיך לעצטנס ניט פֿאַרטראַכט וועגן שפּאָרן, וועגן פּרייז. פֿאַרקערט, וואָס טייערער דער אַרטיקל איז געווען, אַלץ מער איז עס איר געפֿעלן. איצט, ווען זי האָט געהאַט ס׳צווייטע קינד, האָט מען געזוכט אַ פֿרוי וואָס זאָל אויפֿפּאַסן אויפֿן הויז און מעקס האָט זיך געקליבן פֿאָרן קיין פֿלאָרידע און אָנטיילנעמען אין דעם ריעל־עסטייט בום, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד. זומער האָט זיך גאָלדע געקליבן וואוינען ביים ים אין ניו־יאָרק. סאַלטשע האָט געשטוינט הערנדיק פֿון גאָלדען די פּלענער וואָס זייער געלט האָט פֿאַר זיי אויסגעוועבט.

יאָ, סאַלטשע איז מקנא געווען גאָלדען. ניט איינמאָל האָט זי געזען שיינע זאַכן פֿאַר שלומלען אָדער פֿאַר מאָטעקן אָדער גאָר פֿאַר זיך. באַקוקט זיי אין שויפֿענצטער, זיך באַלעקט — און אויסגעשטעקט אַ צונג אויפֿן שויפֿענצטער. ניין, מיט דער גאַנצער פּראָספּעריטי, קאָן זי זיך ניט דערלויבן צו האָבן וואָס זי וויל. מאָטעקס שכירות זיינען צוגעציילטע און מען האָלט אין איין אויסצאָלן פֿאַר מעבל, פֿאַר אַ ראַדיאָ וואָס איז זייער גרעסטער לוקסוס וואָס מען האָט זיך ווען־ס׳איז דערלויבט איינצוקויפֿן. פֿאַרוואָס איז גאָלדען אַזוי גרינג דאָס לעבן און איר, סאַלטשען, קומט עס אָן ווי מיט שטאַכעטן אויף שריט און טריט?

און ניט ווילנדיק האָט סאַלטשע פֿאַרגליכן מעקסן צו מאָטעקן. זי האָט

באַשלאָסן ביי זיך: זי וואָלט קיינמאָל מיט אַזאַ מענטש ניט געקאָנט אָפּלעבן אַ לעבן לאַנג. האָט דאָך גאָלדע פאַר איר ניט איינמאָל זיך פאַרטרויט, אַז מאַקס איז זייער אַ שווערער, אַ האַרטער, אומאינטערעסאַנטער מענטש, וואָס האָט איין ליבע אין לעבן — די ליבע פאַר געלט, פאַרן באַנק־ביכל . . . מאָ־טעק, איז אָנגעפילט מיט אַזוי פיל ליבעס — ליבע פאַר איר, ליבע פאַרן קינד, ליבע פאַר אַמעריקע, ליבע פאַר גערעכטיקייט אויף דער וועלט. ווען מאָטעק וואָלט געהאַט מער געלט, וואָלט ער דאָס דאָך ניט געהאַלטן פאַר־שפּאַרט אין באַנק. ער וואָלט געגאַנגען זיך לערנען, ער וואָלט געשטיצט די צוועקן וואָס זיינען אים טייער.

אין אַ געוויסן זין האָט סאַלטשע מקנא געווען גאָלדען מיט איר צווייטן קינד. עס איז פאַראַן אַזאַ טיפע פאַרייד מיט אַ צווייט קינד. זי ווייס עס. זי פילט עס. שלומל בענקט טאַקע נאָך אַ ברודערל אין הויז. נאָך גוט, וואָס עס איז דאָ אַ פּאַרקל דערנעבן און ער האָט זיך מיט וועמען צו שפּילן דאָרט. נאָר ווען זי האָט נאָך אַ קינד, וואָלט זי זיך אַליין געפילט מאַמעשער, וואָלט אפשר מאָטעק אויך זיך געפילט רייפער, ווי אַ סאַד אָנגעלאָדן מיט פּירות. ניין, זי מוז פאַרטרייבן פון זיך אַזעלכע געדאַנקען.

## .2

סאַלטשע האָט מיט שלומלען פאַרבראַכט ביי גאָלדען און זי האָט זיך געאיילט אַהיימצופאָרן. זי האָט ניט געהאַט ליב צו זיין אין דער היים צו שפּעט. איידער מאָטעק קומט, וויל זי זיין אַן אויסגערוטע און דאָס קינד זאָל זיין אָפּגעגעסן און אין גוטן מוט אויפצונעמען דעם טאַטן. מאָטעק דער־שפּירט מאָמענטאַל איר שטימונג און דעם קינדס געמיט.

צו איר איבערראַשונג האָט זי שוין מאָטעקן געהאַט געפונען אין הויז. עס איז געווען סוף סעפּטעמבער און דער טאָג איז גראָד געווען אַ כמאַרנער און ס׳איז געוואָרן פרי פינצטער. ווען זי איז אַריין אין הויז, האָט זי גע־פונען די ליכט ברענען. זי האָט זיך געהאַט דערשראָקן, נאָר מאָטעק איז איר אַנטקעגן געקומען.

— וואָס האָט פּאַסירט, מאָטעק? — האָט זי געפרעגט האַלב־איבער־ראַשט און האַלב־צופרידן.

— עס האָט קיין זאַך ניט פּאַסירט. שרעק זיך ניט. מיין זייט טוט מיר ווי און איך האָב געטראַכט, אַז ס׳איז בעסער זיך אָפּצורוען. בין איך אַוועק מיט צוויי שעה פריער. פּשוט מער ניט געקאָנט אַרבעטן.

שלומל האָט געוואָלט זיצן אויפן פאָטערס שויס, נאָר דער פאָטער האָט

זיך ביי אים אָפּגעבעטן. סאַלטשע האָט דערזען, אַז מאַטעק ליידט. ער האָט געביסן די ליפּן. עסן האָט ער ניט געוואָלט, נאָר ליגן.

— איך וועל טעלעפאָנירן פאַניאַן, אָדער דר. בריסקינען.

— יאָ, איך וועל מאָרגן אינדערפרי צוגיין צו פאַניאַן.

— ניין, מאַטעק, איך וועל איר בעטן, אַז זי זאָל גלייך צוקומען.

ווען ער שעמט זיך ניט פאַר סאַלטשען, וואָלט ער איר געזאָגט, אַז ער וואָלט בעסער וועלן האָבן דר. בריסקין. דאָס וועט זיין צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער וועט זיך לאָזן אונטערזוכן פון אַ דאָקטאָרשע. נאָר ער אַליין האָט באַקעמפט אין זיך דעם געפיל און ווען פאַניאַ איז געקומען, האָט ער זיך באַצויגן צו איר מיטן פולן רעספּעקט, וואָס מען האָט אין אַזאַ פאַל פאַרן דאָקטאָר.

— איך האָב מורא, אַז איר וועט דאַרפן דורכמאַכן אַ לייכטע אָפּעראַציע און וואָס פריער איר וועט עס טאָן, אַלץ געזינטער וועט זיין פאַר אייך. איר האָט אַ ברוך. איר האָט זיך אונטערגעהויבן. מסתם אויפגעהויבן אַ קעסטל מיט אייזן. אין אייער פאַך איז דאָס קיין נייעס ניט צו באַקומען אַ ברוך. נאָך גוט וואָס עס איז אויף איין זייט. אַמאָל טרעפט אַז מען ליידט אויף ביידע זייטן. נאָר איך גלויב, אַז איר וועט זיך אָן קיין אָפּעראַציע ניט קאָנען באַגיין. איך וועל אייך שיקן צו דר. בער. ער איז אַ ספּעציאַליסט אויף די זאַכן. קלינגט מיר אָן מאָרגן מיטאָג צייט, איך טרעף זיך מיטן דאָקטאָר מאָרגן אין דער פרי אין שפּיטאָל און איך וועל מיט אים רעדן וועגן אייך.

סאַלטשע האָט זיך געפרואווט קאָנטראָלירן. נאָר זי איז בלאַס געוואָרן. מיטן אויסנאַם פון שלומס געוויינלעכע קינדער־שלאַפקייטן און איר שוואַנגערשאַפט, האָט דאָס הויז געליטן פון קיין ערנסטע זאַכן. אַן אָפּעראַציע, ווי לייכט זי זאָל ניט זיין, איז אַן ערנסטער ענין. און מסתם מאַכט פאַניאַ דאָס לייכטער ווי עס איז אין דער ווירקלעכקייט. זי זאָגט, אַז מאַטעק וועט ניט קאָנען גיין צו דער אַרבעט אַ לאַנגע צייט. ער וועט ניט טאָרן זיך אָנשטרענגען, קריכן, זיך איינבויגן. עס וואָלט אַנדערש געווען, ווען ער דאַרף זיצן ביי אַ דעסק. נאָר אַן עלעקטרישן טוט פיזישע אַרבעט און פריער ווי זעקס וואָכן זאָל ער ניט צוריקגיין צו דער אַרבעט.

צומאָרגנס האָט מאַטעק טעלעפאָנירט פאַניאַן. יאָ, זי האָט געמאַכט אַן אַפּאָינטמענט פאַר אים ביי דר. בער פאַר היינט פאַרנאַכט אין זיין אָפיס, אויף דער פיר־און־אַכציקסטער גאַס, לעבן ריווערסאַיד דראַיוו. מאָדנע, ווי דער אַדרעס האָט געווירקט אויף מאַטעקס געמיט. ער גייט צו אַ פּראָפעסאָר. מסתם איז ער גוט קראַנק.

דר. בער איז געווען גרוי, נאָר זיינע באַקן זיינען געווען רויט און ער

איז געווען נאָך יונג, אין די אָנהויב פערציקער. ער האָט זיך באַצויגן צו מאַטעקן פריינטלעך, דערמאָנט דר. אימבערס נאָמען.

— איר זייט אירער אַ פריינט? זי איז אַ פיינער מענטש, דר. אימבער, זייער אַ ליבער מענטש.

די אונטערזוכונג איז צוגעגאַנגען שנעל. מאַטעקן האָט זיך אויסגעוויזן, צו שנעל. דר. בער האָט אים געהייסן הוסטן, אַריינגעשטעקט זיין פינגער אין דיך־קאַנאַל.

— יאָ, מיין פריינט, איר מוזט אומבאַדינגט האָבן די אָפּעראַציע. קיין אַנדער זאַך וועט אייך ניט העלפן. וואָס פריער איר וועט עס דורכמאַכן, אַלץ בעסער וועט עס זיין פאַר אייך.

און נאָך דעם זעלבן אָוונט האָט מאַטעק געוואוסט, אַז ער גייט אונטערן מעסער. עס איז אים דורכגעגאַנגען אַ ציטער איבערן לייב פון דעם געדאַנק. סאַלטשע האָט זיך קאָנטראָלירט, נאָר מאַטעק האָט באַמערקט, אַז אירע אויגן זיינען פול, פול מיט באַהאַלטענעם צער, פול מיט מיטלייד צו אים.

— מעקס פאָרט אַוועק אין פלאָרידע אויף אַ פאָר וואָכן. שטעל דיר פאָר, מאַטעק, אַז דו האָסט באַשלאָסן צו האָבן אַ לענגערע וואַקאַציע דעם ערשטן מאָל אין דיין לעבן. עס קומט דיר אַ וואַקאַציע. וועסט אַרויס פון שפּיטאָל אין אַ צוויי וואָכן אַרום און דאַן וועסטו זיין אין הויז און מיר וועלן זיין צוזאַמען אַ חודש צייט. איך וועל זיין דיין נויירס און דו וועסט זיך אין מיר פאַרליבן, ווי מען ווייזט אין די מואוויס.

נאָר ווען מאַטעק איז מיט סאַלטשען אַוועק אין שפּיטאָל, וואו עס האָט אויף אים געוואַרט אַ בעטל און זי האָט זיך מיט אים געזעגנט, איידער מען האָט אים געהייסן זיך צוגרייטן זיך לייגן אין בעטל אַריין — אַן אָוונט פאַר דער אָפּעראַציע, — האָט זי אַרויסגעיאַגנדיק זיך גאַנץ פיין צעוויינט.

אַכט אינדערפרי האָט מען מאַטעקן אַריינגערעדלט אין אָפּעריר־צימער און ער האָט דערהערט דר. בערס באַפעלעריש קול. פלינקע פרויען־פינגער האָבן געלייגט נאַסע האַנטיכער אויף זיין פּנים. באַלד האָט אים אָנגעהויבן צו שטיקן. ער האָט דערפילט אַז ער גייט אויס. ער האָט געוואָלט שרייען, צי האָט ער אפשר געשריען. אין די אויערן האָט אים אָנגעהויבן צו רוישן און באַלד איז געוואָרן אויס רעש, ווי ער וואָלט געזונקען אין אַ תהום, אָן לופט, אָן ליכט, גרוי, גרענעצלאָז . . .

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער זיך געהערט קרעכצן, ווי ער וואָלט געבעטן הילף. ניין, אויף דעם האָט ער זיך ניט געריכט. דער גאַנצער גוף איז געווען צעשרויפט ווי אַ צענומענער מאָטאָר, וואָס איז ווערטלאָז.

— ליג שטייף, ליג און פרואוו באַנעצן די פאַר׳שרפ׳טע ליפּן.

— וואַ־סער, וואַ־סער!

קיינער ענטפערט ניט. שרייען קאָן ער ניט. ענדלעך איז צוגעקומען דער ווייסער אוניפאָרם.

— וואַסער!

— רואיק. שפּעטער אַביסל.

ווי לאַנג איז ער געשלאָפן? וויפל טעג איז ער שוין דאָ? און וואו געפינט ער זיך? צום ערשטן מאָל האָט ער ברייט די אויגן געעפנט. אַזוי פיל בעטלעך. אַרום און אַרום קראַנקע. דאָס איז אַ טרייסט.

— אייער פרוי וועט דאָ היינט זיין פאַרנאַכט. צופרידן?

— אַ דאַנק, נוירס, דאָס איז גוטע בייעס.

פאַרנאַכט איז אַריינגעקומען אַן עולם און צוגעלאָפן צו די בעטן. סאַלטשע איז ניטאָ. אויפזעצן זיך קאָן ער ניט. דרייט ער דעם קאָפּ. מיטאַמאָל — אָט שטייט סאַלטשע לעבן אים און שמייכלט. זי בויגט זיך אָן, גיט אים אַ קוש אין הייסן שטערן. אירע ליפּן זיינען טרוקן. זי האַלט זיין האַנט און אירע אויגן לאַכן. זי זינגט אין דער שטיל: „ס׳האָט שוין געברענט, מען האָט שוין געלאָשן, מען פאָרט שוין באַלד אַהיים, מאַטעק“.

— עס רעדט זיך נאָר אַזוי, סאַלטשע. וואָס מאַכט שלומל?

— אוי, בענקט ער נאָך דיר. אַ גאַנצן טאָג גייט ער אַרום און זאָגט: „איך וויל זען דעם פּאַ! איך וויל זען דעם פּאַ!“ ער איז צוגעגאַנגען היינט צו מרס. העננעסי, אין גאַס און געזאָגט: „נעם מיך צום פּאַ“. איך האָב גערעדט מיט פּאַניאַן. זי איז דאָ געווען, ווען דו ביסט געשלאָפן. זי זאָגט, אַז אַלץ איז פיין. דו וועסט אַרויס פון דאַנען אין אַ צען טעג אַרום. דר. בער וועט דיך מאָרגן זען. זי וועט אפשר אויך זיין דאָ מאָרגן.

צומאָרגנס אינדערפרי איז דר. בער צוגעקומען צו זיין בעטל, אים אויסגעפרעגט, פאַרשריבן עפּעס אויפן טשאַרט.

נאָכמיטאָג איז אַריינגעקומען דר. אימבער. זי האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט מאַטעקן, אים געבראַכט אַ מתנה — דעם ראָמאַן „בידער מיט וואָפן“ פון באַראָנעסע זוטנער. זי האָט געקוקט אויפן טשאַרט און אויסגעדריקט איר צופרידנקייט. זי האָט אים געפרעגט וועגן דער באַהאַנדלונג און אים פאַרזיכערט, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער שוין קאָנען אַרומפאָרן איבערן זאַל פון שפּיטאָל.

און אַזוי איז טאָקע געווען. דר. בער איז נאָכאַמאָל געקומען, אים אויסגעפרעגט, פאַרשריבן אויפן טשאַרט און געהייסן אין אַ טאָג אַרום אים אויפזעצן אויף אַ רעדל־שטול, אַז ער זאָל קאָנען אַרומפאָרן אַ פּאָר שעה.

ערשט דאַן האָט מאַטעק דערפילט, אַז ער ווערט צוריק אַ מענטש. די

וואָס זיינען געלעגן אין די בעטן האָבן אים גראַטולירט. ער איז צוגעפּאָרן צו יעדן איינעם, זיך דורכגערעדט און שפּעטער אַרויסגעפאָרן אין פאַרברענג־זאַל, וואו ער האָט געטראָפן נאָך אַזעלכע „געזונטע" ווי ער. עס איז געווען גוט צו זען די ליכטיקע שיין, האָט ער זיך געזאָגט.

ווען ער איז צוריקגעקומען צו זיין בעט האָט ער געהאַט דאָס געפיל ווי ער גייט אין טורמע אַריין. ער האָט דאָס געטאָן לאַנגזאַם, מיט אַ קרעכץ און זיך אַרומגעקוקט ווי זוכנדיק סימפּאַטיע. נאָר דער עולם איז געלעגן צוגעשמידט צו די בעטלעך און עס האָבן זיך געהערט קרעכצן, הוסטן און מורמלען. מאַטעק האָט זיך מיט מי און מאַטערניש אַוועקגעלייגט אויפן גע־לעגער און אַ קוק געטאָן אויפן שכן צו דער רעכטער זייט און דערזעענדיק, אַז יענער האָט אויך אויף אים געקוקט, האָט מאַטעק אויסגערופן:

— איר זייט שוין לאַנג דאָ? איך בין די ערשטע טעג געלעגן ווי אַ געפאַנגענער און איך האָב ניט געוואוסט אויף וועלכער וועלט איך בין.

— יאָ, איך בין דאָ מיט אַ פּאָר טעג לענגער פון אייך, נאָר אָראָפּגיין פון בעט טאָר איך נאָך ניט. איך האָב געהאַט זייער אַן ערנסטע אָפּעראַציע — געשווירן אויפן מאָגן. מאָרגן קומט מיין דאָקטאָר און איך וועל וויסן ווי לאַנג איך וועל נאָך דאַרפן ליגן אין געהאַקטע וואונדן. גלויבט מיר, אַז מען דאַרף די קאַפּאָטע פאַרזעצן, אַבי געזונט צו זיין.

— פון וואַנען זייט איר אַ לאַנדסמאַן? איר רעדט ווי אַ פּוילישער, ווי פון אַ געגנט אַרום לאָדזש, — האָט מאַטעק באַקוקט דעם מאַן, וואָס איז געווען עפּעס קענטלעך און וואָס איז געווען אין די פערציקער.

— זאָגט מיר נאָר, די פרוי וואָס איז דאָ געווען נעכטן איז אייער פרוי? זי רעדט אַזוי ווי פון מיין קאַנט. איר רעדט מער מיט אַ ליטווישן אַקצענט. פון וואַנען קומט איר אַליין?

— איך בין געבאָרן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל אין קאַלישער גובער־ניע, נאָר איך האָב מערסטנס געלעבט אין לאָדזש און איר ווייסט דאָך, אַז דער לאָדזשער האָט איינגעזאַפּט אין זיך פאַרשיידענע דיאַלעקטן. איך וויל רעדן אַן אמתן יידיש און דער אמתער יידיש איז מער ליטוויש.

— איר ווייסט וואָס מיין פרוי האָט מיר געזאָגט? — האָט דער ייד זיך געפּרואווט אונטערהייבן, אַז מען זאָל אים בעסער הערן, — מיין פרוי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט געהערט ווי מען האָט אייך גערופן סאַרני, דוכט זיך, ס'איז דאָ געווען אַ מיטגליד פון אייער ברענטש. אַרויסגייענדיק האָט זי אים איבערגעפרעגט, צי איר הייסט טאַקע סאַרני, האָט ער געזאָגט, אַז אַזוי האָט זיין האָספּיטאַלער אים פאַרשריבן, אַז ער זאָל באַזוכן דעם מיטגליד סאַרני. איז דאָס אייער נאָמען פון דער היים?

— פאַרוואָס פרעגט איר?

— דערפאַר וואָס איך האָב עפּעס אַ שייכות מיט אָט דעם נאָמען, אויב דאָס איז טאַקע אייער אמתער נאָמען פון דער היים.

— וואָס פאַר אַ שייכות? — איז מאַטעק געוואָרן בייגעריק.

— מיין זיידע האָט געהייסן סאַרני, נאָר ווען די רוסן זיינען אַריין אין פוילן האָט מען אים געצוואונגען צו בייטן דעם נאָמען אויף סאַרנאָווסקי. מיין פאָטער האָט געהאַט אַ ברודער אין סאָוט אַפריקע, יאָהאַניסבורג, וואָס איז זייער רייך געוואָרן. האָט ער דעם פאָטער מיינעם אַראָפּגעבראַכט צו זיך און אַזוי ווי דער ברודער האָט געביטן זיין נאָמען אויף דעיווויס, האָט מיין פאָטער אויך געביטן דעם נאָמען. און אַזוי זיינען מיר אַלע געוואָרן דעיווויס. איצט פאַרשטייט איר שוין?

— הערט זיך איין, מר. דעיווויס, אויב אַזוי זיינען מיר דאָך אמתע קרובים. מיין פאָטער האָט מיר טאַקע דערציילט — איך בין דאַן אַלט געווען אַ יאָר אַכט־ניין — אַז זיינער אַן אייגענער, זיין פאָטערס ברודערס זון, געפינט זיך אין אַפריקע און איז אַ ייד אַ גביר. ווי קומט איר קיין אַמעריקע?

און עס איז אַוועק אַ לאַנגער שמועס וועגן די משפחה־פאַרבינדונגען און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער חשבון האָט געשטימט. מאַטעק און מר. דעיווויס זיינען געווען ווייטע קרובים פון זייער פאָטערס צד.

מר. דעיווויס, לויט דעיווויס, איז געווען אַ קלאָוקמאַכער און ער איז געווען אַקטיוו אין דער יוניאָן און ער האָט געהאַט מיטגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס אַלס אַרבעטער. ער איז געווען אַ לינקער און זיינע קינדער — אַלע דריי — זיינען געווען לינקע. ווען זיין פרוי איז געקומען פאַרנאַכט, איז די שמחה געוואָרן פול.

— איך האָב דיר אָבער גלייך געזאָגט, אַז דער יונגערמאַן קוקט מיר עפּעס אויס קענטלעך, — האָט זי באַגייסטערט געזאָגט.

— קענטלעך בין איך ניט. איך בין גראָד געראָטן אין מיין מאַמען. זי איז געווען גאָלדיק־בלאָנד. נאָר אייער מאַן האָט אַן ענלעכקייט צו מיין פאָ־טער. וואָס מער איך קוק זיך איין אין אים, בין איך זיכער, אַז ווען ער וועט אַרויס פון דאַנען און זיין אַ געזונטער מענטש, וועט זיך דאַן די ענלעכ־קייט מער אָנזען. נאָר וואָס איך בין הויפּטזעכלעך צופרידן איז וואָס אייער מאַן איז פון מיין גלייכן. וואָס קומט מיר אַרויס, אַז מען האָט משפחה, נאָענטע משפחה, אַז זי איז מיר דערווידער אידעאָלאָגיש. איך האָב אין דער היים, אין לאָדזש, אַ פעטער, איז ער געווען אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד, זייער אַ פרו־מער, נאָר ווען ס'האָט אויסגעבראָכן ביי אים אַ סטרייק, האָט ער געדונגען די אונטערוועלט חברה צו צעברעכן די פינגער פון די אַלטע פרויען, וואָס

האָבן ביי אים געאַרבעט פֿאַר אַ הונגער־לוין. איז וואָס פֿאַר אַ פֿעטער איז ער מיר געווען? עס איז דער מענטש און צו וועלכן קלאַס ער באַלאַנגט.

די זעלבע שמחה האָט זיך ווידערהאָלט ווען סאַלטשע איז געקומען. שפּע־טער האָבן זיךביידע פּרויען געטראָפֿן און האָבן צוזאַמען פֿאַרלאָזן.

היות ווי מאַטעק איז שוין געווען דער געזונטער, האָט ער צוגעזען מר. דעיוויסן און סאַלטשע האָט געבראַכט גוטע זאַכן אויך פֿאַר דעם ניי־געפֿונענעם ווייטן קרוב. מען איז געווען אַזוי איבערראַשט פֿון דער מאָדנער באַגעגעניש, אַז באַלד האָט דער גאַנצער שפּיטאָל־זאַל געוואוסט וועגן דעם און ווען אייגענע זיינען געקומען אויף אַ באַזוך, האָט מען מיט די פֿינגער אָנגעוויזן אויפֿן מאָ־טעק־דעיוויס ווינקל. אָט דאָרט ליגן זיי, אַ בעט לעבן אַ בעט, צוויי קרובים, וואָס האָבן זיך קיינמאָל ניט געקענט און וואָס דער שפּיטאָל האָט זיי צוזאַ־מענגעבראַכט.

ווען מאַטעק האָט פֿאַרלאָזט דעם שפּיטאָל, איז נאָך דעיוויס געבליבן. די געזעגעניש צווישן זיי איז געווען, ווי צווישן צוויי אייגענע. מאַטעק האָט צו־געזאָגט אים צו באַזוכן אין שפּיטאָל און אין דריי טעג אַרום איז ער טאַקע געקומען, אַ געבויגענער אויף אַ שטעקן, מבקר חולה זיין זיין אייגענעם.

דעיוויס איז נאָך געלעגן צוויי וואָכן אין שפּיטאָל און ווען ער איז אַרויס האָט מען אים אַוועקגעשיקט אויפֿן לאַנד פֿאַר אַ פּאָר וואָכן. דערווייל האָבן סאַלטשע און מאַטעק איינגעלאַדן צו זיך פֿרוי דעיוויס און זי האָט פֿאַרבראַכט אַ זונטיק מיטאָג ביי מאַטעקן.

— גאָלדע האָט צוגעקראָגן נאָך אַ מיטגליד אין איר הויז און מיר האָבן צוגעקראָגן נאָך אַ קרוב, — האָט סאַלטשע געזאָגט אין שפּאַס, נאָר זי האָט עס געמיינט ערנסט.

— ער געפֿעלט מיר, דעיוויס, האָט מאַטעק געזאָגט און צוגעגעבן — ווען ער וועט צוריקקומען, וועלן מיר זיך דערנעענטערן. דאָס וואָס ער איז אַ לינקער, איז מיר טאָפּלט טייער. ער האָט מיר שוין אַביסל דערציילט וועגן זיין יוניאָן. איך האָב מיינע אויערן ניט געגלויבט.

## קאַפּיטל צוואַנציק

# דר. פאַניאַ אימבער

.1

נאָך מאַטעקס אַהיים קומען פון שפּיטאָל האָט ער זיך פעריאַדיש געדאַרפט מעלדן צו דר. בער, וועלכער האָט געזען ווי דער שניט פאַרהיילט זיך. נאָר אויך פאַניאַ פלעגט זיך אָפטער באַווייזן אָדער טעלעפאָנירן, צי מאַטעק איז געזונט. און אַזוי ווי ער איז געווען כסדר אין הויז, פלעגט זי פאַרברענגען מיט אים און זיך ניט איילן, ווי אַמאָל. סאָלטשע האָט געוואוסט, אַז ווען פאַניאַ קומט אַריין קאָן זי איר צוגרייטן אַ בייס און זי וועט זיצן און מען וועט רעדן וועגן די לעצטע געשעענישן אויף דער וועלט. עס איז געווען קענטיק, אַז צו מאַטעקס רייד הערט זיך פאַניאַ אויפמערקזאַם צו. ער האָט טאַקע ניט געהאַט קיין אַקאַדעמישע בילדונג, נאָר אין פּאָליטישע און געזעל־שאַפטלעכע פראַגן, האָט פאַניאַ געפילט, קאָן זי לערנען פון אים. זי האָט זיך ניט איינמאָל געוואונדערט, פאַרוואָס מאַטעק איז ניט געוואָרן קיין פּראָפּע־סיאָנאַל. זיין מוח איז קלאָר, זיין זכרון שטאַרק, זיין דראַנג נאָך וויסן גרויס און ער האָט זיך ליב געהאַט צו דערגרונטעווען אין זאַכן, וואָס האָבן אים אינטערעסירט. און זיין אינטערעס איז געלעגן אין דער טיף, האָט זי גע־טראַכט. קליינלעכקייטן זיינען אים ניט אָנגעגאַנגען. פאַר אים איז אַ פירער פון לאַנד, אָדער אַ פירער פון אַ יוניאָן, געווען דער אָפּשפּיגל פון דער לאַגע אַרום אים. ניט די פּערזאָן האָט באַאיינפלוסט, נאָר איז באַאיינפלוסט געוואָרן.

מאַטעק איז איר שטאַרק געפעלן געוואָרן אַלס מענטש, האָט פאַניאַ זיך איבערצייגט. זי איז געווען אַ גרויסער מפונק. קומענדיק אין נאָענטן קאָנ־טאַקט מיט טויזנטער מענטשן אין איר פּראָפעסיע, איז זי געוואָרן אַ שטרענגע איבערקלייבער. זי האָט זיך ניט איינמאָל פאַרשאָלטן דאָס געביין, וואָס זי דרייט אַזוי מיט דער נאָז. אין איר ברודער און איר עלטערע שוועסטער, וואָס האָבן זי זייער רעספּעקטירט צוליב איר טיטול דאָקטאָר און צוליב דעם כבוד, וואָס זי האָט מיט דעם אָנגעטאָן אירע אייגענע, האָבן ניט געוואַגט צו קריטיקירן אָפן, נאָר אויף אַן איידעלן אופן האָבן זיי איר געגעבן צו פאַר־שטיין, אַז — ווי לאַנג איז דער שיעור צו לעבן איינזאַם — אַז זי איז ניט

קיין מיאוסע, זי איז אַן אָנגענעמע, אַ מענטש, וואָס מען דאַרף זיך מיט איר בענטשן — אַז מענער גייען זיכער אויס נאָך אירע טריט — איז פאַרוואָס דאַרף מען זיך האַלטן אַזוי אָפּגעזונדערט פון כלל און פאַרוואָס דאַרף מען אַזוי זיין פאַרנומען און ניט קאָנען זיך אָפּגעבן מיט אַזאַ בויטיקן ענין ווי אויס־קלייבן זיך אַ מאַן און חתונה האָבן ווי אַלע מענטשן טוען ?

האָט פאַניאַ פאַרשטאַנען די גוטע וואונטשן פון ברודער און פון דער שוועסטער און פון דער ליבער סאַלטשע. געוויס איז איר סאַלטשע געוואָרן אייגן מיט איר קלוגשאַפט, ערלעכקייט און קאַמף פאַרן אמת, נאָר זינט זי האָט זיך נעענטער באַקענט מיט מאַטעקן, האָט זי פּשוט מקנא געווען דאָס איינפאַכע פאַרפאַלק. זיי זיינען פאַר איר געווען דער מוסטער פון אמתע אידעאַליסטן. זי באַלאַנגט אין זייער געזעלשאַפט, זי איז איינע פון זיי. מיט אירע קאָלעגן, די דאָקטוירים, איז גוט צו פאַרברענגען וועגן פראַ־פעסיאָנעלע ענינים. זי לערנט פון די מער־דערפאַרענע, זי געווינט פון די קאָנווערסאַציעס ; עס האָבן זיך שוין ביי איר אָנגעקליבן גאָר פיל וויצן, אַנעק־דאָטן און רעדנס־אַרטן פון דער פּראָפעסיע. זי פלעגט אָנהויבן רויט ווערן פון זיי און אַליין קאָן זי ביזן היינטיקן טאָג ניט דערציילן קיין וויץ פון „רויכער־צימער", נאָר די געזעלשאַפט פון דאָקטוירים האָט זי ליב מיט אַלע צינישע וועגן, מיט דעם שטענדיקן באַרימען זיך, אַז מען איז אַ „סוק־סעס". וויפל מאָל האָט זי געמיינט, אַז זי וועט חתונה האָבן מיט דעם אָדער יענעם יונגען, ראַפינירטן, געשליפענעם דאָקטאָר, וואָס איז געווען ניט גלייכ־גילטיק צו איר און מיט וועמען זי האָט פאַרבראַכט אַזוי פיל אָנגענעמע שטונדן. עס האָט זיך אָבער שטענדיק אויסגעלאָזט אַ בוידעם. אָדער עס איז בלויז געווען אַ באַקוועמער פלירט, אַ צייטווייליקע באַפרידיקונג, אָדער די פאַרשיידנקייט פון אידייען האָט זיי צעטיילט, אָדער זי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן יענעמס געלט־שיכרות . . . איז דאָס באמת געווען איר שולד, ווי די שוועסטער און אפילו סאַלטשע האָבן איר געוואָלט אויפווייזן ?

מאַטעק איז פאַר איר געווען דער מוסטער פון אַ מאַן. זי האָט די ערשטע צייט געלאַכט פון זיך אַליין. זי איז אַזוי אויסגעהונגערט נאָך אַ פאַ־מיליע־לעבן, אַז ווען זי קומט אַריין אין אַ הויז, וואָס פירט אַ נאָרמאַלע באַ־לעבאַטישקייט, ווייזט זיך איר אויס, אַז דאָס איז איר אידעאַל. וואָס האָט זי דאָ אין מאַטעקן דערזען ? ניט קיין מיאוסער מאַנסביל, אַן ערלעך פּנים, אַ קלוגער, אַ פאַרליבטער אין זיין פרוי און קינד, אַן אומדערשראָקענער אי־דעאַליסט, וואָס פּראַקטיצירט וואָס ער פּרעדיקט, אַ גלויביקער אין דער באַל־דיקער אַנטשטייאונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע — נו, איז דאָך זיין חבר בען אַזוי ענלעך צו אים און בען לייכט דאָך אינגאַנצן אויף, ווען ער פאַר־

ברענגט מיט איר און סאַלטשע האָט איר דאָך פאַרזיכערט, אַז בען איז ניט גלייכגילטיק צו איר — פאַרוואָס־זשע האָט זי צו מאָטעקן, זינט זי פאַרברענגט מיט אים אָפּט, צוליב זיין ניט קאָנען גיין צו דער אַרבעט, באַקומען אַ וואַ־רעמערן געפיל, ווי זי האָט פאַר בענען? זי וואָלט דאָך צוליב פּראַקטישע סיבות געדאַרפט זיך זען מיט בענען אָפטער, ווי ער אַליין פּרואווט עס טאַקע דורך פאַרשיידענע מיטלען צו אַראַנזשירן, און עס וואָלט מסתם צו עפּעס געקומען. בען איז אַ פרייער מענטש, אַ בחור, זי זעט אים קיינמאָל ניט ביי די מיטינגען מיט קיין פרויען, כאָטש די פרויען ביי די מיטינגען שענקען אים געגנוג אויפמערקזאַמקייט און אַזוי ווי ער איז מערסטנס דער לייטנדיקער טוער, נעמט ער שטאַרק אויס ביי אַלעמען — נאָר זי האָט פאַר אים קיינמאָל ניט געהאַט דעם געפיל, וואָס זי האָט לעצטנס פאַר מאָטעקן. עס ווערט איר וואַרעם, ווען זי דערזעט מאָטעקן. פריער פון אַלץ איז זיין קול איר געפעלן געוואָרן. דאָס מענטשלעכע קול שפּילט ביי איר אַ געוואַלדיקע ראָלע. ווען זי קומט אַריין צו אַ פּאַציענט קאָן זי, דוכט זיך איר, נאָכן קול נאָך דער־קענען דעם כאַראַקטער פון מענטשן. ניט איינמאָל, דוכט זיך איר אויס, אַז נאָך איידער זי ווייסט, וואָס עס איז מיטן פּאַציענט דער מער, ווייסט זי דאָס פּרואוון דערגיין נאָכן קול נאָך. עס איז געוויס נאַריש פון איר אַזוי צו טראַכטן אפילו, נאָר יעדער דאָקטאָר האָט זיך זיינע פאָרגעפילן, וואָס שטאַמען פון זיין אַזוי נאָענט צום מענטשלעכן מין. איין זאַך מאַכט זי אָבער ניט אַוועק מיט דער האַנט: זי קאָן לויטן קול דערקענען צי דער מענטש איז קלוג, צי נאַריש, גראָב, צי איידל.

מאָטעקס קול האָט אין זיך אַ געוויסן היפּנאָז פאַר איר. עס איז ברוסטיק, עס איז עמאָציאָנעל, דאָך קיינמאָל ניט גריילצנדיק. אין זיין קול דערפילט מען גלייך דעם קאָנטראָל, וואָס דער מענטש האָט איבער זיך און זיינע אַלע חושים. עס האָט ניט איינמאָל פּאַסירט, אַז מאָטעק, רעדנדיק וועגן זיינע באַליבטע פירער — דעבס, לענין, דזשעפערסאָן, לינקאָלן — איז געוואָרן אָנגעצונדן. זיינע רויטלעכע האָר האָבן, דוכט זיך, אָנגעהויבן פלאַקערן; זיינע גרוילעכע אויגן האָבן זיך שטורמיש צעכוואַליעט. זיין קול האָט גענומען דונערן און זי האָט געמיינט, אַז באַלד, באַלד וועט ער אַרויס פון די האַלאַבליעס. זי האָט אים געגאַרט צו זען אין אַזאַ צושטאַנד, נאָר, ניין, ער האָט תיכף דערפילט, אַז דאָס איז ניט דער וועג און, ווי אויף אַ צויבערלעכן סיגנאַל, האָט אַלץ אין אים זיך אָנגעהויבן קאָנטראָלירן. די געזיכטס־ציגן זיינען געוואָרן געלאַסן, די ברייטע דלאָניעס האָבן זיך געצאַמט און הויפּטזעכלעך דאָס קול זיינס איז געוואָרן צוריק גוטמוטיק און צוטרוילעך.

ווען זי האָט גערעדט, האָט מאָטעק אויף איר געקוקט מיט אַן ערנסטקייט,

וואָס האָט אין זיך פאַרמאָגט פאַרהערלעכונג, האָט זי געטראַכט. נאָר ווען ער איז מיט איר ניט געווען איינשטימיק, האָט זי דאָס גלייך באַמערקט אין דעם בייט פון זיינע אויגן. דאָס קול איז געבליבן דאָס זעלבע, נאָר די אויגן האָבן גערעדט, נאָר איידער ער האָט דאָס מויל געעפנט.

וואָס עס איז איר אין אים זייער געפעלן געוואָרן איז געווען זיין באַשיידנקייט, זיין דערווידערן צו הערן רעדן וועגן זיך אָדער אַליין צו רעדן וועגן זיך. זיינע אינטערעסן זיינען מערסטנס געווען געצילט אויפן כלל. דאָרט איז געלעגן זיין נשמה. עס האָט אים מער געאַרט, וואָס אַ יוניאָן האָט פאַרלאָרן מיטגלידער, ווי דאָס וואָס ער האָט פאַרלאָרן אַזוי פיל שכירות צוליב זיין קראַנק זיין.

פאַניאַ האָט סאַלטשען ניט דערציילט, וואָס זי פילט צו מאָטעקן. עס איז געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, אַז זי זאָל קומען באַזוכן מאָטעקן. פאַר איינעם וואָס האָלט ביים געזונט ווערן נאָך אַן אָפּעראַציע איז וויכטיק, אַז דער דאָקטאָר זאָל אַרויסווייזן אינטערעס.

איינמאָל האָט זיך סאַלטשע באַקלאָגט פאַר פאַניאַן, אַז מאָטעק איז ניט מיט אַלעמען. ער ליידט פון קאָפּ־ווייטאָגן און זיין אַפּעטיט איז שלעכט. און אין אַלגעמיין זאָגט ער, אַז ער פילט זיך ניט גוט. און אַז מאָטעק רעדט שוין וועגן זיך, מסתּם איז ניט גוט.

פאַניאַ איז געווען צופרידן פון סאַלטשעס רייד. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז מאָטעקן איז מסתּם גאָרניט. ער טוט גאָרניט גאַנצע טעג. ער איז ניט געוואוינט דערצו. לעצטנס זיינען די וועטערן שלעכטע. גיין קאָן ער נאָך ניט קיין סך.

— מאָטעק, סאַלטשע האָט מיר איבערגעגעבן, אַז איר פילט זיך ניט הונדערט פּראָצענט. איך וויל אַ קוק טאָן אויף אייך. אויב איר ווילט, וועל איך עס איצט טאָן. איך האָב מיט זיך מיין טאַש. וואָס זאָגט איר, מאָטעק? אַניט קומט אַריין צו מיר מאָרגן אין אָפיס, אַרום צוויי, וועל איך אייך בעסער קאָנען באַקוקן.

איז ער צומאָרגנס געקומען און זי האָט אים געגעבן אַ פולקאָמענעם עקזאַמען, אָנהויבנדיק פון די אויגן; זי האָט אַריינגעקוקט אין די אויערן, אין דער נאָז, אין האַלדז, אפילו די ציין באַקוקט און אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זיינע יאַסלעס זיינען קראַנק און דערפון קאָנען אַרויסקומען ניט קיין גוטע רעזולטאַטן. גלייך גיין צו אַ דענטיסט. זי האָט גענומען זיין בלוטדרוק און זיין פּולס. זי האָט פאַרבראַכט מער צייט אויף זיינע לונגען און זיין האַרץ. זי האָט אים זיינע שפּיצן פינגער געשטאָכן מיט אַ נאָדל און

בכלל געטאָן זאַכן, וואָס קיין דאָקטאָר האָט נאָך ביז דאָן ניט געהאַט גע־טאָן צו אים.

— דאָס הייסט אַן עקזאַמען, — האָט מאַטעק אַ צופרידענער געזאָגט.

— מאַטעק, טוט זיך אָן און קומט אַריין אין מיין אָפיס, וועלן מיר זיך דורכרעדן.

דאָס האָט מאַטעקן אַביסל איבערגעשראָקן. זי האָט אים קיין מיינונג ניט אַרויסגעגעבן.

— זיצט, — האָט זי אים אָנגעוויזן אויף דעם פאָטעל קעגנאיבער זיך און אַליין איז זי געזעסן אויף אַ שמאָלן שטול אָן זייטיקע אָנלענען, — איר זייט אינגאַנצן געזונט, מאַטעק. אייער האַרץ און אייערע לונגען זיינען פּער־פעקט. אייער בלוט־דרוק איז נאָרמאַל און דאָס זעלבע דער פּולס. איר האָט ניט גענוג איבונג. אייער קערפּער איז צוגעוואוינט צו אַרבעט. איר האָט ניט גענוג פרישע לופט. אייערע נערוון זיינען אָנגעשטרענגט. מעגלעך, אַז איר עסט צופיל און איר פאַרדייעט ניט גוט דאָס עסן. די סימנים, וואָס איר האָט מיר אָנגעגעבן זיינען אַן אָנזאָג דערפון. עס וועט אייך גאָרניט זיין. נאָך אַ וואָך און איר וועט קאָנען מער שפּאַצירן, אפילו אין שלעכטן וועטער.

און ווען מאַטעק האָט איר געוואָלט באַצאָלן, האָט זי זיך ווי פאַרשעמט און אַוועקגערוקט זיין האַנט פון איר זייט.

— זייט אַ קאַוואַליער און טראַקטירט מיך מיט קאַפע און קעיק. קומט מיט מיר צו דער פּערצנטער גאַס, וועלן מיר אַריינגיין אין אַ שטילן רעסטאָ־ראַן. איך האָב נאָך אַ שעה צייט, וועלן מיר אַביסל באַלאַקען, אויב איר ווילט. דערציילט מיר אַ פּאָר נייע חכמות פון שלומלען. איר דערציילט זיי וואונדערבאַר. ער וויל נאָך אַלץ זיין אַ טשאַרלי טשעפּלין ?

אין איר פּיליזייטיקער פּראַקטיק, אין אירע טעגלעכע באַזוכן אין שפּי־טאָל, האָט זי זיך אַזוי צוגעוואוינט צום מענטשלעכן קערפּער, אַז זי האָט אָפּט פאַרגעסן, אַז זי האָט צו טאָן מיט אַ מענטשלעכער נשמה, וואָס געפינט זיך אין קערפּער ; אַז דער באַריר פון אירע פינגער אויף אַ צאַרט קינדס קערפּערל ווירקן אויף איר גאַנצן געמיט. זי האָט נאָך אַ טאָג אַרבעט — און דאָס האָט געמיינט, ווען זי איז געלעגן אין בעט און נאָכגעטראַכט פון אימ־פּרעסיעס און אָפּקלאַנגען — ניט איינמאָל זיך געוואונדערט, וואָס זי ווערט אַלץ מער פאַרהאַרטעוועט, כאָטש זי האָט ניט געקאָנט איבערטראָגן דעם טויט פון אַ קינד. זי האָט געוואָלט צוריק פילן ווי זי האָט געפילט, ווען זי האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן די מעדיצינישע שול. דאַן איז זי געווען אָנ־געזאָפּט מיט באַגייסטערונג, מיט אָפּפערוויליקייט פאַרן מענטשלעכן גוף. זי האָט זיך ניט געקאָנט אָפּוואונדערן פון דער מיסטעריע, וואָס געפינט זיך

אין אָט דער קלײנער מענטשלעכער מאַשינקע. קײן גרעסערן װאונדער האָט די װעלט ניט באַשאַפן — איז זי געװען איבערצײגט. יעדער אבר איז אַ װעלט פאַר זיך, מיט זײנע קאַפּריזן און שטימונגען. און דאָך זײנען אַלע אברים אונטערװאָרפן אַן אומגעהויערער דיסציפּלין. זי איז געלעגן װאַך גאַנצע נעכט טראַכטנדיק װעגן די גרויסע אַנטפּלעקונגען, װאָס די אַנאַטאָמישע װיסנשאַפט האָט איר געגעבן.

דאָך האָט אַ מענלעכער קערפּער פאַר איר מיט דער צײט אָנגעװאָרן יעדן רײץ, איבערהויפּט נאָכדעם װי זי האָט אים דערקענט אין אַלע זײנע פאַזן. דער מענטש איז אַ חיה און ער איז באַשאַפן געװאָרן פאַר באַשטימטע פונקציעס. דאָס איז פּראָזאַאיש און זי קאָן שוין ניט װערן סענטימענטאַל. פאַרגעניגנס זײנען מאָמענטאַל.

אַנדערש האָט זי געפילט נאָכדעם װי זי האָט מאַטעקס קערפּער באַקוקט און באַטאַפּט. זי האָט אויף אים ניט געקוקט מער מיט פּראָפעסיאָנעלע אויגן. זי האָט זיך געװאָלט אײנעסן אין אים. זי האָט אין אים דערזען אַ שײנקײט, װאָס איז איר נאָענט געװאָרן. זײן לײב איז געװען יונג און פעסט. דורך זײן הויט האָט געאָטעמט זײן כאַראַקטער, װאָס איז איר געװען אַזוי אָנגענעם. װען זי װאָלט זיך ניט קאָנטראָלירט, װאָלט זי אים מסתּם גענומען גלעטן. זי האָט פאַר זיך אין יענעם מאָמענט געזען סאַלטשען און שלומלען. זי האָט די ליפּן פאַרביסן. זי האָט זיך געדאַרפט צופרידנשטעלן מיט באַרירן אים. כאָטש זי האָט געפילט װי אירע פינגער זײנען געװאָרן הײס. האָבן זײ אים ניט געבריט? האָט ער עס ניט געפילט?

און גײענדיק מיט אים אויפן װעג צום קלײנעם רעסטאָראַן האָט זי נאָך אַלץ זיך ניט געקאָנט באַפרײען פון דער סענסאַציע, װאָס זײן לײב האָט אין איר אַרויסגערופן.

— מאַטעק, איך גײ צו שנעל פאַר מיר. איר זײט דאָך דער פּאַציענט, ניט איך.

— פאַניאַ, איך פיל זיך שוין בעסער. װײזט אויס, אַז אַ דאָקטאָרס באַריר האָט אין זיך אַ צויבער־קראַפט. אַ דאָקטאָרס װאָרט הײלט.

— זײער ריכטיק, מאַטעק.

---

דר. פאַניאַ אימבער איז געפאָרן מיט בענקען קײן פּאַסײק. די רײזע איז געװען אַ לאַנגע און אַ נודנע. דער באַס האָט זיך אָפט אָפּגעשטעלט. דאָס װעטער איז אויך געװען װי די רײזע — נאַס און עסיק. דר. אימבער האָט באַדויערט, װאָס זי האָט צוגעשטימט צו פאָרן.

— בען, איך פאַרהאָף, אַז מער װעל איך ניט דאַרפן פאָרן אַזאַ מהלך.

איך בין צופרידן צו טאָן מיין חלק אַרבעט, נאָר האָט איר אין פּאַסייק ניט געקאָנט קריגן קיין דאָקטאָר וואָס זאָל אייך אַרויסהעלפן?

— דר. אימבער, איך פאַרשטיי אייך, נאָר גלויבט מיר, אַז די באַוועגונג דאַרף האָבן וואָס מער כוחות, וואָס זאָלן זיך מקריב זיין, אויב נויטיק. איך וואונדער זיך, וואָס איר מאַכט אַזאַ וועזן פון פאַרן קיין פּאַסייק. מיר האָבן חברים, וואָס האָבן איבערגעלאָזט טייערע קאַריערעס און זיך איבערגעגעבן אין דינסט פון אונדזער זאַך.

— בעז, איר זייט גערעכט און איך אַנטשולדיק זיך. מיר זיינען צופיל צעבאַלעוועט. נאָר עס איז דאָך ניט מער ווי מענטשלעך, אַז איך זאָל אַזוי פילן. אַ גאַנצע וואָך אַרבעט איך אויסערגעוויינלעך שווער און זונטיק וויל איך זיך אַביסל אָפּרוען. איר ווייסט וויפל שעה'ן אַ דאָקטאָר לייגט אַריין אַ טאָג? גלויבט מיר, אַז אָפט קום איך אַהיים נאָך צען אין אָוונט. און ניט איינמאָל בין איך אַכט אין דער פרי אין שפּיטאָל.

— איך האָב געהערט פון אייער גוטער אַרבעט, דאָקטאָר. איך טראַכט ניט איינמאָל, אַז ווען מיר וועלן האָבן וואָלן און אונדזער פּאַרטיי וועט אַרויס־שטעלן אַ צעטל, זאָלט איר זיין דער קאַנדידאַט פון אייער דיסטריקט. מיט דעם נאָמען, וואָס איר שאַפט זיך דאָרט, וועט איר ציען גאָר אַ סך שטימען. און לאָזט מיך ווערן אייער קאַמפּיין־מענעדזשער.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, בעז, פאַרן צוטרוי צו מיר. איך בין ניט אַזוי פּאָ־פּולער ווי אייך ווייזט זיך אויס. מסתם האָט אייך סאַלטשע אָנדערציילט. זי איז מיין „בוסטער“.

און ס'איז אָוועק אַ שמועס וועגן מאַטעקן און סאַלטשען און שלומלען. בעז האָט געוואָלט רעדן מער וועגן סאַלטשען, פּאַניאַ — האָט געוואָלט הערן מער וועגן מאַטעקן.

— איך זוך אַזאַ מיידל ווי סאַלטשע, — האָט בעז זיך פּלוצלינג אָנגערופן.

— וואָס מיינט איר, איר זוכט אַזאַ מיידל? — האָט דר. אימבער זיך געמאַכט, אַז זי פאַרשטייט ניט בעגס דערקלערונג.

— איך האָב גאָרניט ניט געמיינט, דאָקטאָר. מיר געפעלן די אייראָפּיי־אישע פרויען. זיי זיינען נישט אַזוי לייכטזיניק ווי די אַמעריקאַנער פרויען, איבערהויפּט היינטצוטאָג.

— איך בין אויך אַן אייראָפּייאישע פרוי, אויב דאָס מיינט עפּעס פאַר אייך.

— געפעלט איר מיר טאַקע אויך.

— בעז, אַ דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט.

— איר זייט דאָך ניט פאַרהייראַט, אמת?

— ניין.

— איר דאַרפט הערן ווי סאַלטשע אַגיטירט מיך, אַז איך זאָל מיר אויס־קלייבען אַ ווייב. זי האָט מורא, אַז איך וועל בלייבן אַן אַלטער בחור.

— אפשר איז זי גערעכט.

— אפשר.

— איז עס אַזוי שווער פאַר אייך צו קריגן אַ פרוי?

— אפשר שטרענג איך זיך ניט אָן גענוג.

— פאַרוואָס ניט?

— איך בין צופיל פאַרנומען.

— ווען ס׳איז דאָ דער ווילן, איז דאָ אַ וועג, — האָט דר. אימבער גע־זאָגט און אַרויסגעקוקט פון פענצטער און איר בליק ניט אָפּגעווייכט.

בען האָט ניט געענטפערט. דר. אימבער, וואָס איז געזעסן ביים פענצ־טער, איז אויך אַנטשוויגן געוואָרן און זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זי איז פאַראינטערעסירט אין דעם וואָס עס קומט פאָר אין דרויסן.

בעתביידע האָבן געשוויגן, זיינען אָבער זייערע געדאַנקען געווען גע־ווענדעט איינער צום אַנדערן.

בען האָט געפילט דער דאָקטאָרשעס נאָענטקייט. זי איז געווען אין זיינע יאָרן. זי האָט געהאַט אַ פיין אָנגענעם פנים. סאַלטשע וויל אים איינרעדן, אַז פאַניאַ איז ניט גלייכגילטיק צו אים. ער זעט עס ניט. ער פילט עס ניט. ווען דאָס וואָלט געווען דער פאַל, וואָלט זי זיך ניט באַקלאָגט, אַז די רייזע איז איר איבעריק. וואָלט זי געווען צופרידן פון דער געלעגנהייט צו זיין מיט אים די פאָר שעה. און אפשר איז דאָס ביי איר בלויז געווען דער אָנשטעל. אַזוי זיינען זיי די פרויען, אפילו די ראַדיקאַלסטע. זיי ווילן מען זאָל זיך בעטן ביי זיי. אַ פרוי וועט אירע געפילן צום מאַן ניט אַרויסגעבן. אַנדערש איז עס געווען מיט בעל, אַנדערש איז דאָס געווען מיט די יונגע מיידלעך פון אוניווערסיטעט. פרויען אין פאַניאַס עלטער זיינען עפּעס אַזוי צוריק־געהאַלטן, ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט צו אַנטפּלעקן זייערע געפילן און שטימונגען.

פאַניאַ האָט זיך געמאַכט, אַז זי באַקוקט די לאַנדשאַפט, נאָר אירע חושים זיינען געווען אָנגעצילט אויף בענען לעבן איר. אָט זיצט ער לעבן איר, אַזאַ געזונטער און דערוואַקסענער. סאַלטשע זאָגט, אַז ער איז ניט גלייכגילטיק צו איר. ער ווייזט עס מיט קיין האָר ניט אַרויס. צוליב וואָס איז ער פּלוצ־לינג אַרויסגעקומען און געזאָגט, אַז ער זוכט אַזאַ מיידל ווי סאַלטשע? ער האָט ניט געזאָגט, אַז איך בין אַזוי ווי סאַלטשע. ער האָט אויף מיין באַ־

מערקונג, אַז איך בין אויך אַן אייראָפּייערין, דזשענטלמעניש געענטפערט, אַז איך געפעל אים אויך.

— אפשר האָב איך דעם שמועס ניט פאַרקערעוועט אין דער געהעריקער ריכטונג ? — האָט פאַניאַ זיך פאַרגעוואָרפן. — ניין, ווען ער וואָלט באמת געטראַכט פון מיר, וואָלט ער שוין געפונען אַ וועג ווי פאַרצוזעצן. איך בין דאָך ניט אַזוי טעמפּ, אַז ער זאָל ניט קאָנען געפינען עפּעס אָנציִענדיקס אין מיר. ער זיצט לעבן מיר און רעדט צו מיר ווי איך וואָלט ניט געווען זיין באַקאַנטע יונגע פרוי, נאָר אַ פרעמדע צו אים.

בעז האָט געטראַכט, אַז דר. אימבער וואָלט געווען אַ פּאַסיקע פרוי פאַר אים, נאָר עס פעלט איר די וואַרעמקייט, וואָס בעל האָט אים געקאָנט געבן. זי איז אַ דאָקטאָר און אַ דאָקטאָר מוז זיין אַ קאַלטער מענטש. און ווידער, אויב ער וויל חתונה האָבן, זיינען דאָ גענוג יינגערע מיידלעך פון איר. זי וועט זיך דאָך האַלטן העכער פון אים. זי וועט וועלן אַ סך אויפמערקזאַמקייט. ער קלייבט זיך אַרומפאָרן כסדר איבערן לאַנד און אַמאָל פאַרברענגען וואָכנלאַנג אין וועג. ער דאַרף אַ פרוי, וואָס וועט אָנערקענען זיין טעטיקייט און שטאָלצירן מיט דעם. ער דאַרף האָבן אַ פרוי ווי ער איז. און דאָס איז די דאָקטאָרשע ניט. סאַלטשע גלויבט, אַז ער קען זי ניט. מעגלעך.

פאַניאַן האָט דער גאַנצער שמועס פאַרדראָסן. ווי אַנדערש איז מאָטעק פון בענען. מאָטעק וואָלט זיכער אַזוי ניט געהאַנדלט. ווען ער וואָלט געווען אין איר פאַרליבט, וואָלט ער אַרויסגעקומען אָפן און איר דאָס געזאָגט. פון מאָטעקן רעדט אַרויס דער היימישער עכטער רעוואָלוציאָנער, ניט בלויז פון דער באַוועגונג, נאָר אויך אין כאַראַקטער. בעז איז אין האַרצן נאָך אָפּגעשטאַנען. ער האָט זיך דערצויגן ניט אַהין, ניט אַהער. און אַזוי איז ער געבליבן ניט דערבאַקן. נאָר צוריקגעטראַכט האָט זי געדאַרפט זיין וויכער מיט אים. זי איז טאַקע צו שטייף. מעגלעך, אַז אין דעם איז שולדיק איר מעדיצינישע דערציאונג. מענטשן מיינען, אַז אַ דאָקטאָר קאָן ניט זיין סענטימענטאַל. זי איז צו לאָגיש אפשר און איר ניכטערקייט אַפּעלירט ניט צו מענער. דערפאַר זוכן די יונגע דאָקטוירים מיידלעך, וואָס זיינען פאַרשלייערט און דערפאַר פאַלן זיי טאַקע אָפּט אַריין מיט פּוסטע מיידלעך, וואָס האָבן בלויז געמאַכט אַן אָנשטעל פון עפּעס רעכטס. אַזאַ פרוי ווי זי איז קאָנען זיי געוויינלעך ניט אָפּשאַצן. און זי בלייבט דער קרבן.

מען איז אָנגעקומען אין פּאַסייק. עס האָט גערעגנט. דער מיטינג איז פאַרגעקומען ניט ווייט פון דער באַס־סטאַנציע. אַ קאָמיטע מיטינג פון אָרגאַניזערס און פון שאָפּ־טשערלייט. פאַניאַ האָט געמאַכט נאָטיצן. עס זיינען ביים מיטינג געווען אַ דרייסיק מענטשן. וואָס איר איז געפעלן געוואָרן גלייך

פון אָנהויב איז געווען דער פּראָלעטאַרישער אויסזען פון עולם. אמתע טעקסטיל אַרבעטער. זייערע פּנימער האָבן עדות געזאָגט, אַז זיי זיינען געווען אין דער טעקסטיל אינדוסטריע. פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. מערסטנס פּוילישע און איטאַליענישע. אַנטשלאָסענע פּנימער, ליידנדיקע פּנימער, נויט, נויט, נויט!

באַריכטן פון שעפּער, וואָס מען האַלט ביים אָרגאַניזירן. קאָנדיציעס אוממענטשלעכע, אומגלויבלעכע. פאַניאַ פרעגט פראַגעס. די ענטפערס זיינען אויפשוידערנדיקע. קינדער־אַרבעט, שווינדזוכט צווישן דער יוגנט, ווי שרעקלעך! בען קוקט אויף פאַניאַן. זי איז אויפגעברויזט פון דעם, וואָס זי הערט. זי וועט אָפּגעבן אַ באַריכט אין ניו־יאָרק, וואָס וועט אויפשטויבען די קאָמיטע. זי איז צופרידן, וואָס זי איז געקומען. זי וועט דאָס זאָגן בענען. ער טוט וואונדערבאַרע אַרבעט, בען. ער רעדט מיט האַרץ ביים מיטינג. פאַרוואָס רעדט ער ניט מיט אַזאַ וואַרעמקייט צו איר? זי פאַרשטייט אים ניט.

נאָכן מיטינג איז בען געווען פאַרנומען מיט פאַרשיידענע מענטשן. פאַניאַ האָט געוואַרט און געוואַרט. זי האָט געטראַכט, אַז זי וועט זיך מיט אים געזעגענען און אַליין אַהיים פאָרן. זי האָט ניט וואָס צו טאָן דאָ. זיצן און וואַרטן ביז ער וועט פאַרטיק ווערן איז ניט קיין פּלאַן. זי האָט אים געפרעגט, צי ער וועט נאָך לאַנג בלייבן. ער האָט געענטפערט, אַז זי זאָל ניט אַוועקפאָרן. באַלד וועט ער פאַרטיק ווערן. דער „באַלד" האָט געדויערט אַ האַלבע שעה. פאַניאַ האָט באַשלאָסן צו וואַרטן, כאָטש איר געדולד האָט ניט אויסגעהאַלטן.

אין באַס האָט מען אַ סך גערעדט און פאַניאַ האָט אים געשטעלט פראַגעס וועגן דער לאַגע פון דער טעקסטיל אינדוסטריע און וועגן דער צוגרייטונג צום סטרייק. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז בען האָט פאַר זיך אַ ריזיקע אַרבעט. מען האָט צו טאָן מיט מיליאָנערסקע פירמעס, וואָס וועלן זיך ניט אָפּשטעלן פאַר קיין מיטלען צו צעברעכן יעדן פאַרזוך צו אָרגאַניזירן די שעפּער. די שעפּער זיינען פול מיט שפּיאָנען. גענגסטערס זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אַזש פון שיקאַגאָ. די פּאָליציי איז, נאַטירלעך, אינגאַנצן אויף דער זייט פון די באַלעבאַטים און זי וועט שיסן אויף די אַרבעטער. נאָר די קאָנדיציעס זיינען ניט אַריבערצוטראָגן. די אַרבעטער זיינען גרייט. עס פאָדערט זיך פייאיקע און ערלעכע פירערשאַפט. עס פאָדערט זיך, אַז מען זאָל אויפרודערן דאָס לאַנד און דערציילן ווי אַזוי די אַרבעטער לעבן און וואָס זיי פאַרדינען און וואָס זיינען די קראַנקן־און טויטן־פאַלן צווישן זיי. און דער ענין קינדער־שקלאַפעריי מוז געבראַכט ווערן אין דער עפנטלעכקייט. בען וועט זיין פאַרנומען טאָג און נאַכט. ער איז שוין פאַרנומען אָן אויפהער. זאָל פאַ־

גיאַ פאַרשטיין פאַרוואָס ער האָט זי אין אַ זונטיק אַראָפּגעבראַכט אין פּאַסייק. זי באַדויערט עס זיכער ניט. דאָס וואָס ער וויל טאַקע. הלוואי קאָן ער אַראָפּ־ברענגען וואָס מער אינטעלעקטואַלן, שרייבער, אַדוואָקאַטן, גלחים, רבנים, קינסטלער.

מען איז געווען אויסגעהונגערט אָנקומענדיק אין ניו־יאָרק. אַריין אין אַ קאַפעטעריע. בען איז געווען דער וואָס האָט איר אַלץ געבראַכט און ער האָט באַצאָלט איר טשעק. זי האָט פּראָטעסטירט. ער איז געווען איינגע־שפּאַרט.

— דר. אימבער, איר וועט ניט פאַרגעסן אָפּגעבן אַ גרוס סאַלטשען און מאַטעקן. איר וועט זיי דאָך זען פריער פון מיר.

— פאַרוואָס זאָלט איר טאַקע ניט צוקומען צו זיי? לאָזט מיר וויסן, ווען איר קומט, וועל איך אויך קומען, בען.

— דאָס איז אַ פּלאַן, דאָקטאָר. נאָר מיט די צוגרייטונגען פאַרן פּאַ־סייקער סטרייק, בין איך ניט מער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מיינע צוזאָגן. איך וועל אייך אָנקלינגען ווען איך וועל קומען און מיר וועלן זיך דאָרט טרעפן. דערוויל גרייט צו דעם באַריכט און געדענקט, אַז אונדזער מיטינג איז מיטוואָך.

בען האָט איר געדריקט די האַנט און איר געדאַנקט פאַר דער הילף. זי האָט זיך געפילט מאָדנע פון זיין דאַנק.

— איך דאַרף אייך דאַנקען פאַר דער דערפאַרונג, וואָס איך האָב דאָרט געהאַט.

זי האָט געהאָפט, אַז בען וועט צוקומען צו מאַטעקן, נאָר ניט צוליב בענען האָט זי געוואָלט פאַרברענגען אַן אָוונט דאָרט, נאָר כדי צו זיין מיט מאַטעקן.

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

# שלומל

.1

אויב מאַטעק און סאַלטשע האָבן ניט איינמאָל, נאָך לאַנגע דיס־קוסיעס באַשלאָסן, אַז עס איז זייער שווער צו פאַרשטיין די וועלט און אירע פּירוגגען; אויב זייער לאָגיק האָט זיי דיקטירט, אַז אַזוי און אַזוי דאַרפן מענטשן לעבן און האַנדלען און די פּראַקטיק האָט זיי געוויזן, אַז מענטשן האָבן

געטאָן פונקט פאַרקערט; אויב ניט געקוקט אויף אַלע אַנטווישונגען, האָבן מאַטעק און סאַלטשע באַשלאָסן, אַז מען מוז ווייטער אַנגיין, דערפאַר וואָס אַזוי ווי נאָך ווינטער קומט דער זומער, נאָך אַ שטורעם גייט אויף די זון, אַזוי וועט דער מענטשלעכער פראָגרעס באַזיגן די פינצטערע כוחות אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט — איז אָבער ביי זיי ביידן געווען איין וועג־ווייזער, וואָס איז פאַר זיי שטענדיק געווען, ווי אַ ליכטיקער זייל, וואָס האָט באַלויכטן זייערע געדאַנקען, שטימונגען און האַנדלונגען.

אַט־דער וועג־ווייזער איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי זייער קליין שלומל.

אויב ביי דר. פאַניאַ אימבער איז אַמאָל דער צוזאַמענשטעל, די אַנאַטאָמיע פון מענטשלעכן קערפּער געווען דער גרעסטער וואונדער, וואָס האָט עקזיסטירט אויף דער וועלט, — זיינען ביי סאַלטשען און מאַטעקן דער גרעסטער וואונדער געווען ניט שלומלס שיין און גלאַטיק קערפּערל, נאָר גראַד זיין גייסטיקע אַנטוויקלונג, וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון זיין פיזישער דערגרייכונג.

פון דעם מאָמענט אָן, ווען שלומל איז נאָך געווען אַ „שטומע לעלע", ווען ער האָט בלויז געקאָנט וויינען און מאַכן רחמנותדיק מיט די זיסע ליפּעלעך און עס איז אוממעגלעך געווען צו פאַרשטיין, וואָס עס איז אים געווען, אָדער וואָס ער האָט געוואָלט, ביז דעם מאָמענט ווען ער האָט צעפּאַרעט מאַטעקס האַרץ מיט זיין ערשטן פולן שמייכל; פון דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך גענומען שפּילן מיט זיינע פינגערלעך, מאַכנדיק די אַנטדעקונג, וואָס וועט אים דינען אויפן גאַנצן לעבן, ביז דעם מאָמענט, ווען ער האָט געוואָלט מיט אַט־די פינגערלעך דעם שווערן קיך־טיש איבערקערן; פון דעם מאָמענט, ווען ער האָט אָנגעהויבן אַרויסזאָגן גאַנצע ווערטער און דאָס ערשטע וואָרט זיינס איז געווען „קאַר" און ערשט נאָכדעם איז עס געווען „מאַמע" און דאָן „טאַטאַ", פון דעם מאָמענט ווען סאַלטשע איז רויט געוואָרן פון די „שמוציקע" ווערטער, וואָס דאָס קינד, אין עלטער פון פיר יאָר האָט אַהיים געבראַכט פון גאַס; און פון דעם מאָמענט, ווען מען האָט שלומלען אָנגעטאָן די ערשטע פּאָר שיכלעך, ביזן מאָמענט ווען ער האָט זיך אָנגעטאָן דעם טאַטנס אַלטע, צעפּאָרענע ברייטע שיך און גענומען אַ שירעם אין האַנט אַריין און אימיטירט טשאַרלי טשאַפּלענען —

שטענדיק, שטענדיק איז דאָס אומשולדיקע נפשל געווען דער ענטפער אויף אַלע אַנטווישונגען מיט דער וועלט און אירע גענג; שטענדיק, שטענדיק האָבן די עלטערן געפילט ווי צו מאַכן אַ ברכה, וואָס זיי האָבן די זכיה צו זען

די גרויסע וואונדער פאַר זייערע אויגן, די וואונדער פון דעם קינדס וואוקס און זיין אַנטוויקלונג.

זיי האָבן געלאַכט, ווען זיי האָבן געהערט ווי אַנדערע עלטערן האָבן זיך באַרימט מיט די אויסערגעוויינלעכע חכמות, פייאיקייטן, טאַלאַנטן פון זייערע קינדער. ביי זיי איז שלומל געווען אַ געוויינלעך געזונט ייִנגעלע, וואָס האָט געקאָנט טאַטע־מאַמע דערנערווירן מיט זיין ניט פאָלגן; וואָס האָט ניט איין־מאָל, אין עלטער פון דריי און פיר, אַריינגעכאַפּט אַ שיינע פאַר פּעטשלעך און אַמאָל פּעטש פאַר זיינע ווילדע שטיק; פאַר זיין מאַכן סצענעס ווען געסט זיינען געקומען; פאַר זיין טראָציקייט, גראָד ווען עס האָט זיך געלייגט אויפן שכל, אַז ער זאָל זיך אויפפירן ווי אַ „מענטש“.

נאָר וויפל קלעפּ, פאַרדינטע קלעפּ, דאָס קינד האָט אַריינגעכאַפּט, האָבן די עלטערן מער „קלעפּ“ באַקומען. שלומל פלעגט אויף אַ קלאַפּ ענטפערן, אַז עס טוט אים גאָרניט וויי. נאָר די עלטערן האָט עס שוין גאָר ווי געטאָן. זיי האָבן באַדויערט יעדעס פּעטשל, וואָס זיי האָבן אים געגעבן, באַדויערט אחר המעשה און געגעבן זיך אַ וואָרט מער אויפן קינד די האַנט ניט אַרויפ־צולייגן. צוליב דעם איז ניט איינמאָל פאָרגעקומען אַ שאַרפער איבעררייד צווישן מאַטעקן און סאַלטשען. צומאָרגנס האָט סאַלטשע געוויינט פאַר שלומלען:

— זע, צוליב דיר ווערט אַ שלעכט לעבן צווישן מיר און טאַטן. מיר האָבן זיך קיינמאָל ניט געקריגט, ביז דו האָסט אָנגעהויבן דיינע ווילדע שטיק. פאַרוואָס ביסטו געקומען צום טיש מיט שמוציקע, פאַר'חזיר'טע הענט? פאַר־וואָס האָסטו ניט געטאָן, וואָס דער טאַטע האָט דיך געהייסן, האַ? איז דאָס שיין אַזוי?

אויף דעם האָט דער פינף־יעריקער שלומל געהאַט איין ענטפער:

— איך האָב עס ניט געוואָלט טאָן, מאַמע. איך וועל עס מער ניט טאָן. איך זאָג דיר צו.

נאָר אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט ער שוין געהאַט זיין צוזאָג פאַרגעסן.

שלומלס קומען אויף דער וועלט האָט פאַר מאַטעקן און סאַלטשען אַנט־דעקט אַ נייע וועלט, די וועלט פון קינד, וואָס איז געווען אַזוי אַנדערש, אַזוי אומפאַרשטענדלעך און אין דער זעלבער צייט אַזוי צוציערלעך, אַז זיי האָבן נאָכגעפאָלגט זיין יעדן ריר און זיי האָבן זיך געלאָזט אין ביבליאָטעק אַריין צו געפינען ביכער וועגן קינדס לעבן און זיי האָבן ניט דורכגעלאָזט קיין לעק־ציע, וואָס האָט זיי געקאָנט דערציילן ווי אַזוי צו פאַרשטיין אַ קינד און וואָס צו טאָן פאַר זיין דערציאונג.

און זיי האָבן אויסגעפונען, אַז דעם קינדס ליב האָבן זיך צו פלושקען אין

וואַסער, אָדער זיין קריכן אויף אַלע פיר, אָדער זיין באַפאַלן קלענערע קינדער — דאָס אַלץ האָט געהאַט צו טאָן מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מענטש־לעכער ראַסע. שלומל מאַכט דורך דאָס, וואָס די מענטשלעכע ציוויליזאַציע האָט דורכגעמאַכט. אין אים ליגט די עוואָלוציע און די רעוואָלוציע פון מענטשלעכן מין און אפשר אויך די עוואָלוציע און די רעוואָלוציע פון לע־בעדיקן מין אויף דער ערד. עס איז פאַר זיי געווען אַ פאַנטאַסטישע אַנט־פלעקונג און זיי האָבן איינגעזען, אַז דאָס קינד קאָן קיין „מענטש" ניט זיין, נאָר ער איז אַ וועלט פאַר זיך, — ער איז די געשיכטע פון דער וועלט. ער איז די פאַרגאַנגענהייט און אויך די צוקונפט פון דער וועלט. דערפאַר האָבן זיי זיך אָנגעהויבן באַציען מיט גרויס דרך ארץ צו אים. ער איז אי גע־וואָרן זייער לערער, איז דער ניט געהאָרכזאַמער שילער; ניט געהאָרכזאַם דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט פאַרמאָגט די נויטיקע צוגרייטונג אים בעסער צו פאַרשטיין און אים קאָנען בעסער דערקלערן, וואָס ער האָט געוואָלט וויסן.

עס האָט געדויערט אַ לאַנגע און פיינלעכע צייט, ביז עס איז ביי זיי פאַרגעקומען אַ גרינטלעכע ענדערונג אין זייער באַציאונג צום קינד. אין עלטער צווישן פיר און פינף האָט זיך שלומל ספּעציאַליזירט אויף זאָגן „ביין" אויף אַלץ, וואָס זיי האָבן געוואָלט, אַז ער זאָל זאָגן „יאָ". דער „ביין" האָט אין זיך קיין באַגרינדונג ניט געהאַט. גלאַט „ביין" האָט דאָך ניט קיין זין. מען מוז דאָך אַ קינד אויסלערנען פאַרשטיין זאַכן און זאָגן יאָ. האָבן זיי געפרעגט פאַניאַן. פאַניאַ האָט געלאַכט. זי איז דאַן געווען ניט גלייכגילטיק צו מאַ־טעקן און זי האָט געהאַט די פּאַסיקע געלעגנהייט צו קוקן מאַטעקן אין זיינע אויסגעגלאָצטע אויגן אַריין און זאָגן אים:

— מאַטעק, איך זאָג אייך דעם אמת, אַז איך ווייס ניט. איך באַוואונדער סאַלטשעס געדולד. איך וואָלט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

נאָר די פּשוטע מרס. הענעסי, וואָס האָט אַליין דערצויגן פיר טעכטער און זי האָט איצט זיך אָפּגעגעבן צו זייערע אייניקלעך, האָט געגעבן סאַל־טשען אַן עצה:

— סאַלי, איך אויף אייער אָרט וואָלט זיך ניט גענומען צום האַרצן. עס וועט איבערגיין. איך האָב געהאַט די דערפאַרונג. שלאָגן העלפט ניט, רעדן העלפט ניט. זיי גייען אַלע דורך אַזאַ שטופע. עס איז נאַריש פון אייך זיך צו זאָרגן וועגן דעם.

און טאַקע נאָכדעם ווי שלומל איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר, האָט מען דערפילט, אַז עס ווערט אַן אַנדער קינד. ער האָט פון זיך אַליין גענומען ווערן אַ לייט. ער האָט געפאָלגט, נאָך איידער מען האָט אים געהייסן עפּעס טאָן. ער האָט אַליין פאַרשטאַנען וואָס מען וויל פון אים און ער איז געווען באַ־

הילפיק דער מאַמען אין קיך און דעם טאַטן מיט זיינע מכשירים. צו זעקס יאָר האָט מען געזען ווי דאָס קינד שטרעבט צו זיין אומאָפּהענגיק.

מען האָט שוין אפילו געהאַט איבערגעטריבן. שלומל האָט נאָך זייער שטאַרק הנאה געהאַט, ווען דער פאָטער האָט אים געהאַלטן אויפן שויס, כאָטש ער האָט שוין געוואָלט וויסן, ווי אַזוי האַלט זיך אַ שיף אויפן וואַסער. ער האָט געוואָלט די מאַמע זאָל מיט אים זיצן ביים בעט ביים שלאָפן גיין און אים קיצלען, כאָטש ער האָט שוין גערעדט וועגן „חתונה האָבן" מיט דער דרייצן־יעריקער שולמית.

זיין זעקס־יאָריקער געבורטסטאָג איז געווען גאָר אַ יום־טובדיקער. עס איז אויסגעפאַלן אין פרילינג, אין מאַי, און סיי די דערוואַקסענע, סיי די קינדער זיינען געווען אין אַ פריילעכער שטימונג. די זון האָט געוואַרעמט, דער הימל איז געווען בלוי. די ווינטן מיט די קעלטן זיינען פאַרשוואונדן. דער פרילינג האָט געזונגען יוגנטלעך.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בלויז דעם ערשטן יאָר האָט ער געהאַט אַזאַ גרויסע פּאַרדי. די אי־בעריקע געבורטסטעג זיינען צוגעגאַנגען אין ענגן קרייז פון קינדער און בלויז גאָלדע האָט געדענקט די דאַטע. אַנדערש איז אָבער געווען צו זיין זעקס־יאָריקן געבורטסטאָג. וואָכן אין פאָראויס האָט סאַלטשע זיך גענומען צו דער אַרבעט. זי האָט געוואָלט אַ גאַנצן טאָג זאָל מען פייערן. נאָכמיטאָג — די קינדער, פון פאַרנאַכט אָן — די דערוואַקסענע. און טאַקע מיט דער ברייטער האַנט, ס'זאָל זיין צום עסן און צום טרינקען און שלומל זאָל האָבן אַ דעה אין אַלץ. ער זאָל זיין צופרידן פריער פון אַלץ.

זיי האָבן הנאה געהאַט, וואָס שלומל האָט אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פון דער פייערונג. ער איז לאַנג געשטאַנען ביים לאַנגן שפיגל אין וואַש־צימער און זיך געקאַמט די גאָלד־ברוינע האָר, אַז זיי זאָלן ליגן גלייך און גראָד האָבן אַ פּאָר האָר אין קיין פאַל ניט געוואָלט פאָלגן און זיי האָבן זיך ווי געריצט מיט אים. ער האָט אַליין זיך אָפּגעפּוצט די שיך און דווקא באַשטאַנען צו טראָגן אַ העמד מיט אַ שניפּס. און אין העמד האָט ער אַריינגעשטעקט אַ ווייס טאַשנטיכל און פון דער הויזנקעשענע האָט אַרויסגעשיינט אַ „גאָל־דענע" קייט מיט אַ שליסל רינג מיט גרויסע און קליינע שליסלען.

נאָכמיטאָג, נאָך פאַר דער באַשטימטער צייט, זיינען אָנגעקומען זיינע חברים און חברטעס. שלומל האָט ליב געהאַט די מיידלעך און ער האָט זיך באַצויגן צו זיי פריינטלעך, אַ זאַך, וואָס איז געווען אַ נייעס ביי סאַלטשען. מחמת מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָט ער זיך ניט געוואָלט שפּילן מיט קיין מיידלעך. מאַטעק און סאַלטשע האָבן זיך ווינציק וואָס געמישט אין זיין

פאַרברענגען. די ראָזעווע בעקלעך זיינע האָבן געגליט און די פולע ברוינע אויגן — די גוטע סאַלטשע אויגן — האָבן זיך געשפּיגלט אין דער פרייד, וואָס האָט אים געהאַט באַוועלטיקט.

שלומלס נייער בייסיקל איז געשטאַנען אין זיין צימער און יעדער גאַסט האָט געמוזט זיך צורירן צו אים. די קינדער זיינען געפאָרן, די דערוואַקסענע האָבן געדאַרפט קלינגען אָדער באַטאַפּן די גומענע רעדער, אָדער גלעטן דעם בלויען גלאַנץ, אָדער זיך אפילו אַוועקזעצן אויף אים.

פאַרנאַכט זיינען אָנגעקומען די דערוואַקסענע. די ערשטע איז געווען גאָלדע מיט איר אסתרקען. מעקס איז געבליבן אינדערהיים מיט העלענען. אסתר און שלומל זיינען געווען אַ פּאַסיקע פּאָר. זיי האָבן זיך שוין געקאָנט אַזאַ לאַנגע צייט און זיי זיינען שטענדיק גוט אויסגעקומען צווישן זיך. גאָלדע האָט זיך צעקושט מיט סאַלטשען און מיט מאַטעקן ביים אַריינקומען און זי האָט שלומלען געבראַכט דאָס, וואָס זי האָט אים פיל מאָל געהאַט צוגע־זאָגט — אַן אמתדיק זייגערל. שלומל האָט פון גרויס שמחה געמאַכט קאָ־זשעלקעס אויפן דיל און מיטאַמאָל איז ער צוגעלאָפן צו גאָלדען און געזאָגט:

— גאָלדע, איך וויל דיר געבן אַ קוש . . .

צווישן די ערשטע געסט איז אויך געווען דר. פּאַניאַ אימבער. סאַלטשע איז געווען פאַרנומען און מאַטעק האָט געהאַט צוגערא‎ַמט דעם קינדס צימער. גאָלדע האָט געהאָלפן סאַלטשען. מיט פּאַניאַס אַריינקומען האָט סאַלטשע גע־הייסן מאַטעקן איבערלאָזן דעם צימער און פאַרברענגען מיט פּאַניאַן.

— אָט אַזוי, זעצט זיך אַוועק און לאָמיר רעדן אַביסל, איידער די געסט קומען אָן, — האָט פּאַניאַ געזאָגט און זי האָט זיך אַוועקגעזעצט קעגנאיבער מאַטעקן, אַזוי אַז זי זאָל קאָנען אים קוקן גלייך אין פּנים אַריין.

— מאַטעק, איר שיינט היינט. עס קליידט אייך היינט אייער אויסזען. עס וואָלט געווען גוט, ווען איר זעט אַזוי אויס יעדן טאָג, — האָט פּאַניאַ גע־שמייכלט צו אים.

— פּאַניאַ, עס איז ביי מיר היינט גאָר אַ גרויסער יום־טוב. איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז שלומל איז שוין זעקס יאָר אַלט. דאָס לעבן פון מענטשן קאָן זיין אַזוי רייך און אינטערעסאַנט, נאָר מיר דאָ אין אַמעריקע שעמען זיך ניט צו לעבן אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. איר ווייסט, פּאַניאַ, עס איז, דוכט זיך, אַזוי נאַטירלעך, אַז מיר דאָ זאָלן גאָר אין אַ קורצער צייט קאָנען איבערגיין אויף סאָציאַליסטישע יסודות. אַלץ איז גרייט, ווי אַ סאָד מיט רייפע פירות — קום און נעם. די קאַפּיטאַליסטישע אומאָרדענונג, וואָס הייסט אָרדענונג, דאַרף דאָך שוין ביי אונדז אין אַמעריקע, זיין ווי אַן אָפּגעלעבטער טראַמוואַי. מיר פליען דאָך שוין באַלד קיין איירָאָפּע.

און דאַ דאַרף איך אַרייַנגיין אין אַ קרעמל און זיך לאָזן גענאַרן פון אַ גראָשנ־דיקן קרעמער, וואָס שטייט נעבעך אַ גאַנצן טאָג אויף די פיס און דעם גרויסן פּראָפיט מאַכט דאָך ניט ער, נאָר די גרויסע קאָמפּאַני, וואָס שטעלט אים צו די וואַרע. ווער דאַרף דעם קרעמער און ווער דאַרף דעם צושטעלער?

— צוליב וואָס איז דאָס געקומען צו רייד, מאָטעק?

— איר זייט גערעכט, פאַניאַ. ניט דאָס האָב איך געוואָלט אַרויסברענ־גען. איך האָב אָנגעהויבן וועגן שלומלען.

— מאָטעק, גיב פאַניאַן עפּעס אין מויל אַרײַן צו נעמען, — האָט זיך דערהערט סאַלטשעס קול פון קיך.

— פאַניאַ, ווייסט וואו אַלץ שטייט. זאָרג זיך ניט פאַר פאַניאַן, — האָט פאַניאַ צוריק אַרייַנגעענטפערט אין קיך.

— יאָ, עס איז ניטאָ קיין גרעסערע פרייד ווי אַ קינד, דוכט זיך מיר. נאָר וואָס פאַר אַ צוקונפט דערוואַרט סאַקאָס קינד און די קינדער פון אַנ־דערע קלאַסנקעמפער, וואָס ווערן פאַרשפאַרט אין טורמע אין אונדזער העכסט ציוויליזירטן לאַנד? אויב איך וועל אַרעסטירט ווערן פאַר יוניאָן אַקטיווי־טעט און שלומל וועט בלייבן אָן מיר אַ פּאָר יאָר, וואָס וועט אים אַרויסקומען פון אונדזער ציוויליזאַציע?

— מאָטעק, שלומל איז זיס. ער איז אַזוי שיין אויסגעוואַקסן און איר דאַרפט זיך פילן גליקלעך, וואָס ער איז אַ געזונטער בחור. ניט אַלע על־טערן האָבן אַזוי ווינציק צרות ווי איר האָט געהאַט מיטן קינד. יעדעס מאָל, ווען איך גיב אויף אים אַ קוק, ווערט מיר וואַרעם אויף דער נשמה, — האָט פאַניאַ געזאָגט און איר קול האָט געוואַרעמט.

— איך וואָלט גאָרניט געשאַדט צו האָבן אַזאַ שלומל, פאַניאַ. פאַרוואָס האָט איר טאַקע ניט חתונה? איר וועט מיר אַנטשולדיקן מיין עזות, נאָר מיר קאָנען זיך דאָך שוין לאַנג גענוג און איך וואָלט אייך ווען זען אַ גליק־לעכע. איר קאָנט דאָך אַזוי פיל געבן אַ קינד און אַ מאַן וואָלט זיך געדאַרפט פילן געשעצט צו האָבן אייך אַלס אַ לעבנס חברטע. איך מיין עס ערנסט, פאַניאַ.

— איך ווייס, אַז איר מיינט עס ערנסט, נאָר עס איז אַ לאַנגע געשיכטע און איך ווייס ניט פון וואַנען אָנצוהייבן. אפשר ביי אַן אַנדער געלעגנהייט וועל איך אייך אַלץ אויסדערציילן. איר וועט מיך פאַרשטיין מער ווי עמיצער אַנדערש, פיל מער ווי מיין אייגענער ברודער . . . מיר דוכט זיך, אַז מען קומט. מען קלאַפּט אין טיר, הערט?

מאָטעק האָט זיך אויפגעשטעלט. די טיר האָט זיך געעפנט. עס זיינען אַרייַנגעקומען די דעיווויסעס און טאַלטשע מיט מאָטעקן האָבן זיך אָפּגעגעבן

צו זיי און נאָך איידער מען האָט זיי געקאָנט פאַרשטעלן פאַר גאָלדען און פּאַניאַן, זיינען אָנגעקומען סאַלטשעס צוויי חברטעס פון קלוב און באַלד איז אויך אַריין די פּרוי הענעסי. עס איז געוואָרן אַ שטיקל סומאַטאָכע ביז מען האָט דעם עולם אויסגעזעצט און ביז מאָטעק האָט געקאָנט פאַר גאָלדען דער־ציילן די מערקווירדיקע געשיכטע וועגן דעם ווי אַזוי ער האָט געפונען זיינעם אַ ווייטן קרוב אין שפּיטאָל ליגן אין בעט.

אויך בען איז דאָס מאָל געקומען פאַר צען אין אָונט. גלייך ווי ער איז אַריין און ער האָט דערזען פּאַניאַן, האָבן זיי זיך ביידע פאַרקליבן אין צווייטן, אין שלומלס צימער, און זיי האָבן גערעדט צווישן זיך. ווען סאַלטשע איז אַריין און זיי ניט געפונען צווישן די געסט, איז זי אַריין אין צווייטן צימער און זעענדיק ווי זיי זיצן ביידע אויף שלומלס בעטל, האָט זי זיך אָנגערופן:

— איר זיצט ביידע ווי אַ פאַרליבטע פּאָרל.

— דו ווייסט דאָך, סאַלטשע, אַז ווען איך קום אַריין צו דיר, ווער איך פאַרליבט, — האָט זיך צעלאַכט פּאַניאַ.

— אין וועמען זייט איר פאַרליבט, דאָקטאָר ? — האָט געפּרוּווט שמייכלען בען.

— אין וועמען דענקט איר דאַרף איך זיין פאַרליבט, בען ? אַנו טרעפט ?

— האָט פּאַניאַ געזאָגט קוקנדיק אים גלייך אין פּנים אַריין.

— מסתם אין סאַלטשען. זי איז אויך מיין מיידל. היט זיך, — האָט בען געדראָט מיטן פינגער.

3.

די דעיוויסעס זיינען געוועזן די לעצטע צו פאַרלאָזן. זיי האָבן אַלץ גע־האָפט, אַז קיווע וועט קומען. נאָר דאָס מאָל האָט קיווע זיין וואָרט ניט גע־האַלטן און קיינער פון זיין משפחה איז ניט געקומען. פּאַניאַ און בען האָבן פאַרלאָזן צוזאַמען. פּרוי הענעסי האָט געהאָלפן סאַלטשען אין קיך. מאָטעק איז געבליבן אַליין מיט די דעיוויסעס. דאָסמאָל האָט ער ווינציק גערעדט און געלאָזט דעיוויסן דערציילן און פרוי דעיוויסן אַרויסהעלפן דעם מאַן, טאָמער האָט ער עפּעס פאַרגעסן. לואי מיט מאָטעקן האָבן זיך שוין געדוצט.

— דו פאַרשטייסט, מאָטעק, ווען מיין פאָטער האָט מיך אַראָפּגעבראַכט קיין אַמעריקע, בין איך געווען אַ בחור פון אַ יאָר זעכצן. היינט בין איך אַכט און פערציק יאָר אַלט. דער טאַטע מיינער איז געווען אַ שניידער און דאָ איז ער אַריין אין אַ קלאָוק שאַפּ. די אָרעמקייט איז ביי אונדז געווען גרויס און איך בין געווען דער עלטסטער פון די קינדער. אויסער מיר זיינען געווען

דריי ייִנגערע. די מאַמע איז געווען אַ קראַנקע פֿרוי און דער טאַטע האָט ניט פֿאַרדינט גענוג. די מאַמע האָט זיך געשלעפּט פֿון איין קליניק צום צווייטן. די קינדער זײַנען געווען אָפּגעלאָזן. עס איז געווען אַ שמחה אין הויז, ווען דער טאַטע האָט פֿאַר מיר געקראָגן אַ דזשאַב אין זעלבן שאַפּ, וואו ער האָט געאַרבעט. איך האָב אָנגעהויבן ווי אַ פּלאָר באָי, נאָר צו ביסלעך האָב איך אַרײַנגעכאַפּט די תּורה פֿון דער מאַשין און פֿון נײַען קלאָוקס און אַזוי בין איך צו צוואַנציק יאָר געווען אַ פֿולער בעל־מלאָכה. איך קאָן די טרעיד אויסגעבונדן. איך האָב געפּאַקט און געמאָזלט מיט אונדזער יוניאָן און די איצטיקע פּאָסירונגען זײַנען פֿאַר מיר ניט קיין נײַעס. עס איז אַ ביטערער קאַמף און איך וועל אים אויף מײַן הויט אַריבערטראָגן. מײַן פֿאָטער איז געשטאָרבן בײַ דער מאַשין פּאַקטיש. עס איז אים ניט גוט געוואָרן בײַ דער אַרבעט. איך האָב אים אַהיים געפֿירט און מער איז ער שוין פֿון בעט ניט אויפֿגעשטאַנען.

— לואי, דו האָסט געמוזט שטיין בײַם וויגעלע פֿון דער יוניאָן? — האָט מאָטעק געפֿרעגט.

— אַלץ הייסט בײַם וויגעלע. עס איז געווען מער ווי איין וויגעלע. אין מײַנע יונגע יאָרן האָב איך געזען ווי שווער עס איז געווען צו אָרגאַניזירן די קלאָוקמאַכער אין אַ יוניאָן. מען האָט מער סטרײַקס פֿאַרלאָרן ווי געוואונען. די ערשטע יוניאָן אונדזערע איז אָרגאַניזירט געוואָרן פֿאַר מײַן צײַט, אין 1890. זי איז זיך צעפֿאַלן פֿאַרמאָגנדיק אַרום זיבן טויזנט מיטגלידער. עס האָט געדויערט נאָענט פֿון צוואַנציק יאָר „רבי געלט“, ביז עס איז אונדז געלונגען צו באַשאַפֿן אַ מעכטיקע יוניאָן. איך האָב באַלאַנגט צו לאָקאַל 1 און מיר האָבן געהאַט אונדזערע מיטינגען אויף 96 קלינטאָן סטריט. געאַרבעט האָב איך בײַ דער צוואַנציקסטער גאַס לעבן פֿינפֿטע עוועניו און צו די מיטינגען פֿלעג איך גיין צופֿוס. ווײַסט, צו יענער צײַט האָב איך אין שאַפּ געדאַרפֿט מיטברענגען מײַן אייגן בענקל, שוין אָפּגערעדט, אַז איך האָב געהאַט מײַן אייגענע מאַשין. ווען איך האָב חתונה געהאַט צו פֿיר און צוואַנציק יאָר האָט מײַן ווײַבל געדאַרפֿט גיין אַרבעטן ביז זי האָט שוין געהאַלטן בײַ האָבן די בעיבי. פֿון מײַנע פֿאַרדינסטן האָט ניט געקלעקט דורכצוקומען די וואָך. ווען מיר האָבן גענומען אָרגאַניזירן די טויזנטער קלאָוקמאַכער פֿאַרן גרויסן סטרײַק אין יאָר 1910, בין איך יעדן טאָג געגאַנגען אַלס אַ קאָמיטע — דאָס זײַנען אַלץ געווען פֿרײַוויליקע קאָמיטעס — איבערצורעדן די אַרבעטער, וואָס זײַנען אַרויסגעגאַנגען פֿון די שעפּער, אַז זיי זאָלן קומען צום מיטינג אויף דער פֿערטער גאַס, וואָס איז אין אַ קורצער צײַט אַרום שוואַרץ געוואָרן פֿון מענטשן, וואָס זײַנען געקומען זיך פֿאַרשרײַבן אין דער

יוניאָן און זיך צוגעגרייט צום גענעראַלן סטרייק. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם מיטינג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן. אַ סך האָבן ניט געקאָנט אַריינגיין, אַזוי געפּאַקט איז ער געווען. דאָס איז געווען אַ וואָך איידער דער גענעראַל סטרייק איז דערקלערט געוואָרן. פאַרגעקומען איז דאָס זומער צייט, אין חודש יולי. איך האָב געשוויצט ווי אַ ביבער, ניט פון די היצן, נאָר פון זיין פאַרנומען מיטן סטרייק. מען האָט געדאַרפט פּיקעטן, מען האָט געדאַרפט איבערעדן די אַרבעטער. מיין דזשאָב איז געווען אויפצוקלערן די איטאַליענישע אַרבעטער, וואָס אַ יוניאָן איז. צו מיר האָבן זיי געהאַט צוטרוי. מיינע שוואַרצע האָר און מיין טונקעלע הויט האָט ביי זיי געשאַפן דעם איינדרוק, אַז איך בין איינער פון זייערע, אַז איך בין אַן איטאַליענער. זיי האָבן טאַקע גערעדט צו מיר איטאַליעניש און איך האָב זיך געמוטשעט מיט מיין ענגליש. נאָר צומערסטנס האָבן מיר צוזאַמען גערעדט מיט די הענט. ניט איינמאָל האָב איך געפּיקעט ביז נאָך האַלבער נאַכט. וויפל מיין ווייבל איז זיך אויסגעשטאַנען, זאָל זי אַליין דערציילן. אַ קינד ביי דער ברוסט און די שרעק איז גרויס און די נויט פּייפט פון אַלע ווינקעלעך. דער סטרייק האָט געדויערט צען וואָכן. איך האָב דעם סטרייק דורכגעשוויצט. ער איז געווען ווי מיין העמד פון לייב . . . נו, וועגן טרייעננגל פּייער האָסטו געהערט? איך האָב אַמאָל געהאַט געפּיקעט יענעם חזיר׳שן שאָפּ. ער איז געווען איינער פון די ערגסטע אין טרעיד. עס איז געווען אַ וואונדער, וואָס עס האָט פּאַסירט איין טרייענגל פּייער. ווי די שעפּער האָבן אין יענער צייט אויסגעזעצן אינעווייניק, האָט מען געקאָנט דערוואַרטן די גרעסטע אומגליקן. איך האָב שפּעטער געאַרבעט מיט אַ מיידל, וואָס איר פּנים איז געווען צעבערענט פון דעם טרייענגל פּייער. עס איז געווען אַ שרעק צו קוקן אויף איר. אַ פּויליש שיקסל, שטיל ווי אַ טויב און זי איז געווען צופרידן, וואָס אַ בחור האָט אויסגערעדט אַ וואָרט צו איר. נאָר וועמען האָט דאָס געאַרט, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט? ווער האָט דאָס געוואָלט נעמען אַזאַ פּנים פאַר אַ ווייב?

— לואי, דערצייל מאָטעקן וועגן דעם ביטערן סטרייק פון 1916, — האָט זיך אָפּגערופן בעסי, לואיס פרוי.

— לאָמיר בעסער אַ קוק טאָן אויפן זייגער. מאָרגן איז מאָנטיק און מען וועט דאַרפן פּאַנטשן דעם זייגער, — האָט לואי אַ קוק געטאָן אויף זיין האַנטזייגערל. — בעסי, מיר מוזן גיין. עס איז שוין באַלד עלף.

— לואי און בעסי, קומט צו אונדז אָפטער, האַלט זיך ניט פון וויטן, — האָט סאַלטשע זיך געבעטן און מאָטעק איז מיט זיי אַרונטערגעגאַנגען באַגלייטן זיי צו דער סאָבווײ, ווי זיין שטייגער איז געווען מיט געסט, וואָס זיינען אים געווען אָנגעלייגט.

עס איז געווען אַן אָנגעשטרענגטער טאָג פאַר מאַטעקן און סאַלטשען. אָבער אַ טאָג וואָס איז זיי געבליבן לאַנג אין זכרון. די הויפּט־זאַך איז געווען, וואָס שלומל האָט אַזוי שטאַרק געהאַט אויסגענומען ביי אַלע געסט. ער האָט זיך געהאַלטן מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אַלע האָבן באַוואונדערט זיין דערוואַקסנקייט.

צומאָרגנס, ווען מאַטעק איז אַהיים געקומען פון דער אַרבעט, האָט ער באַמערקט, אַז סאַלטשע איז געווען פאַראומערט. ער האָט דאָס געקאָנט גלייך דערקענען פון ערשטן בליק.

— וואָס האָט פּאַסירט, סאַלטשע ?

— איך וועל דיר שפּעטער דערציילן, — האָט זי שטיל געזאָגט, אַז שלומל זאָל ניט הערן.

נאָר שלומל האָט זיך געפעדערט און אויסגעלייגט זיינע טענות צום פאָטער, ווי ער האָט עס ביי טאָג געהאַט געטאָן צו דער מוטער.

— אַלע קינדער האָבן זיידעס און באָבעס און איך האָב ניט, טאַטע, — האָט ער זיך באַקלאָגט מיט ביטערקייט. — פאַרוואָס האָב איך ניט קיין באָבע און קיין זיידע ?

ניט געקוקט דערויף, וואָס סאַלטשע האָט אים שוין געהאַט דערקלערט ווי אַזוי מאַטעקס עלטערן זיינען געשטאָרבן און זי האָט אים נאָכאַמאָל גע־האָט געוויזן די פאָטאָגראַפישע בילדער פון טייבלען, מאַטעקס מאַמע און איר אַמאָליקע באַלעבאָסטע, דאָך האָט שלומל ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַר־וואָס עס איז ניטאָ קיין בילד פון מאַטעקס טאַטן. נו, ווי האָט זי דעם קינד געקאָנט דערקלערן, אַז ליפע האָט זיך ניט געלאָזט אָפּפאָרטרעטלען צוליב רעליגיעזן פאַנאַטיזם ? זי האָט אים געוויזן אַן אָפּבלאַקירט פאָטאָגראַפיש קאַרטל פון אירע עלטערן, דאָס איינציקע, וואָס זי האָט געהאַט און וואָס האָט אויפן קינד זיכער ניט איבערגעלאָזט קיין גוטן איינדרוק. צוויי אַלטיטשקע מיט פאַרזויערטע פּנימער, מיט אָפּגעטראָגענע מלבושים. אויך אירע עלטערן זיינען געשטאָרבן. גיי, דערצייל דעם קינד, אַז זיי האָבן קיינמאָל ניט גע־לעבט. ווען זי האָט גערעדט צום קינד וועגן אירע עלטערן, זיינען איר טרערן געקומען אין די אויגן און שלומל האָט זיך שיעור ניט צעוויינט דער־פאַר. נאָר זיין הויפּט־טענה איז געווען, אַז אַ געבורטסטאָג פאַרדי אַן אַ זיידן אָדער אַ באָבען איז ניט קיין גאַנצע פאַרדי.

מאַטעק האָט זיך באַלד פאַרשפּילט מיט שלומלען, כדי אָפּצוציען זיין אויפמערקזאַמקייט. נאָר אַליין האָט אים דעם קינדס פראַגע געגעבערט אַ לאַנגע צייט. זיינע עלטערן זיינען געשטאָרבן צו יונג. ניט דערלעבט זיך צו פרייען מיט שלומלען.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

# צו גאַסט

.1

מאָטעק האָט זיך געוואונדערט פאַרוואָס אָנקל קיווע איז ניט געקומען צו דער פאַרדי. קיין טעלעפאָן האָט דער אָנקל נאָך אַלץ ניט געהאַט, איז מאָטעק צוגעפאָרן אים זען. ער האָט אים אָנגעטראָפן ניט אין קיין גוטער שטימונג.

— מאָט, ביסט ניט געקומען אין דער ריכטיקער צייט. הלוואי וואָלסטו היינט ניט געקומען, מאַי באָי, ביזנעס איז גוט, נאָר קיין צרות פעלן ניט. ביסט דאָך מיין נעפיו, קאָן איך עס דיר דערציילן. פרעמדע מענטשן דאַרפן דערפון ניט וויסן. פאַר זיי בין איך — ניק סאַרדזשענט, דער באָס פון דער עוועניו, אַ ביג שאָט, נאָר, מאָט, עס לויט זיך נישט צו מוטשען אויף דער וועלט. וועסט דאָך פרעגן, וואָס איז עפּעס דער אָנקל מיטאַמאָל געוואָרן אַ יידענע, וואָס זיצט מיט אַ טייטש־חומש און קלאָגט און מיינט, אַז די וועלט גייט מיר אונטער? ניין, מאַי באָי, עס איז מיר היינט אָנגעזאַלצן אויף די פּיאַטעס, רעד איך. בעסער וואָלט געווען, ווען איך שווייג. האָט דער ווינט דיך געבראַכט, וועסט הערן וואָס דער אָנקל האָט צו זאָגן. ווילסט אַ טרונק? וואָס מאַכן דיינע? צו דער פאַרדי האָב איך ניט געקאָנט זיין. דער קאָפּ איז מיר ניט געשטאַנען דערביי. ווערסט הערן, ווערסטו פאַרשטיין. ס'איז אַזוי די געשיכטע. מעיק יורסעלף קאָמפאָרטעבל ענד ליסן:

„כ'האָב צוויי קינדער, זאָלן לעבן, פעלט מיר ניט קיין צרות פון ביידע. כ'האָב אַ ווייב, זאָל לעבן, פעלט מיר ניט קיין צרות פון מיין ווייב. עס גייט מיר מיט דער פוטער אַראָפּ. אַזוי זאָלן מיר אַלע האָבן אַלדאָס גוטס. צוליב די קינדער איז פעני קראַנק געוואָרן. עליסל האַלט זיך אין איין דאָקטאָרן, זי וויל האָבן אַ קינד, נאָר זי קען ניט. איר מאַן, וואָס איז מיט אַזוי פיל יאָרן עלטער פון איר, טענה'ט, אַז עס איז איר שולד, זי איז צו פעט, זי דאַרף זיין אויף אַ דאַיעט; דאַיעט אַהער, דאַיעט אַהין, דערווייל לעבט מען צווישן זיך ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. צו וועמענס קאָפּ גייט עס אויס? צו מיין קאָפּ און צו פעניס קאָפּ. אַז מיר דערזעען ווי עליסל באַווייזט זיך איבער

דער שוועל, ווייסן מיר שוין, אַז עס איז טראָבל.

„וואָטצדעמעדער נאַו, עליסל ?

— סיימאָן איז אַ באַם, אַ גוד פאָר נאַטינג. ער קומט אַהיים צוויי פאַר־טאָג. ער רעדט ניט מיט מיר. ער רופט מיך „פעט האַרס״ . . .

— וואָס־זשע זאָלן מיר טאָן ?

— פאַ, דו רעד מיט אים. פאַר דיר האָט ער מורא. מאַ, דו מיש זיך ניט. דו מאַכסט אָן טראָבל. פאַ, וועסט רעדן צו אים ? אַניט וועל איך ניט אַהיים גיין.

— און אַז עליסל זאָגט, אַז זי וועט ניט אַהיים גיין, מיינט זי וואָס זי זאָגט. ביי אונדז האָט זי אָן עקסטראַ פאָר פידזשאַמעס און אַלע שמאָכטעס ; אַ האַל־בער קלאָזעט איז אירער. זיצט זי אַ פאָר טעג און וויינט איבער אונדזערע קעפּ. זאָגט פעני צו מיר :

— ניק, האָב רחמנות אויף דיין קינד און מאַך שלום צווישן זיי, אַניט וועל איך אַנטלויפן פון הויז.

— רוף איך אָפּ סיימאָנען און איך רעד צו אים מיט גוטן, נאָר מיט גוטן. מען דאַרף וויסן ווי אויסצוקומען מיט מענטשן. דאָס איז שטענדיק געווען מיין עצה צו יעדן איינעם. איבערהויפּט אין מיין לאַין דאַרף מען קאָנען מענעדזשען מענטשן. הער איך אויס וואָס סיימאָן האָט צו זאָגן. ווייס איך, אַז זיינע רייד זיינען ניט ווערט קיין שמעק טאַבאַק, נאָר וואָס טוט מען ניט, אַז עס זאָל זיין שלום. זאָג איך : „סיימאָן, מאַי באַי, דו ביסט קליגער פון איר. אויף דיר קאָן מען זיך פאַרלאָזן. גיי בעט זי איבער״. און צו עליסן זאָג איך : „סיימאָן איז דיין מאַן און דו דאַרפסט אים פאָלגן״.

— אָנקל, צוליב וואָס קריגן זיי זיך?

— מאַט, דאַרף איך דיר דערציילן, אַז זיי זיינען ניט קיין גלייכע פאָר ? דו פאַרשטייסט עס דען אַליין ניט ? נאָר וואָס קאָנען מיר טאָן ? אַבי מען האָט זי פאַרשלייערט. אָקעי. זיינען מיר פאַרטיק מיט איין קינד. איצט וועל איך דיר דערציילן דעם נחת, וואָס מיר האָבן פון דעם תכשיט משהלע. גע־דענקסט ווי ער האָט געהאַט אַן איטאַליענערקע ? פון דאַן אָן, מאַט, האָט ער שוין געהאַט ניט איין שוואַרץ יאָר. אַרומגעגאַנגען מיט אַ יידישער טאָכ־טער, אַ דאַרלינג, אַן אמתע פערל. אין דער לעצטער מינוט האָט מען זיך צעוועורטלט און — אויס. עס איז פעניך געגאַנגען אין לעבן, אַז זיי זאָלן חתונה האָבן. מיר זיינען שוין געווען ביי אירע עלטערן, זיי זיינען געקומען צו אונדז מען האָט שוין גערעדט וועגן אַן ענגיידזשמענט רינג. מיטאַמאָל — באַסטא . . . עס גייט ניט פאַראיבער קיין צוויי וואָכן, איך גיב אַ קוק — מיין משהלע פירט שוין אין זיין קאָר אַ נייע מויד, — דאָסמאָל אַ פאַריסן

נעזל, מיט רויטלעכע האָר, מיט גרינע אויגן ווי ביי אַ שוואַרצער קאַץ. מער פעלט מיר ניט, אַז ער זאָל אַריינפאַלן צו אַן איירישער אין די הענט. זאָג איך צו אים: „ווער איז זי? שטעל מיך פאָר פאַר איר". ענטפערט ער: „פּאַ, זי איז מיינע אַן אַלטע סוויטהאַרט, נאָך פון „פּאַראַדאַיז דענס האָל". זי וויל מיט מיר חתונה האָבן אפילו מאָרגן, נאָר איך דאַרף גיין אין טשוירטש.

— נו, ווער לאָזט דיך ניט? — זאָג איך צו אים און ער פאַרשטייט מיין בליק.

— ווילסט וויסן דעם סוף, מאַט? נאָר זאָלסט עס אפילו דיין ווייב ניט דערציילן. דו הערסט? איך זיץ מיר אַזוי אין טעמעני קלאָב איין אָוונט און עס קומט אַריין אַ טשיף, אַ לאָיער, אַ ביג שאָט. געוויינלעך באַגריסט ער מיך מיט אַ: „האַיע, ניק?" און גייט צו צו אַן אַנדער טישל. דאָס מאָל זעצט ער זיך אַוועק לעבן מיר און נעמט אַרויס אַ סיגאַר און דערלאַנגט מיר אַ סיגאַר און זאָגט צו מיר: „ניק, איך האָב עפּעס וואָס אויפצונעמען מיט דיר. פּריוואַט. לאָמיר אַוועקגיין וואו מען וועט אונדז ניט שטערן". זיין פּנים ווערט רויט און מיר ווערט קאַלט דערפון. „ניק, זאָגט ער, איך בין דיר געקומען זאָגן, אַז דו ביסט אין טראָבל און איך וויל דיך אַרויסנעמען פון טראָבל. דיין זון דאַרף גלייך חתונה האָבן מיט מיס עקס. אַניט וועט זיין טראָבל. ער האָט געגומען אַ טאָכטער פון אונדזערס אַן איינפלוסרייכן מיט־גליד, און ער וויל מיט איר ניט חתונה האָבן און ער מוז, ניק, ער מוז און טאָקע באַלד, די נעקסטע פאָר טעג, אַניט וועט זיין טראָבל פאַר אים און פאַר דיר. זי איז אַ יידישע מיידל און זי איז נאָך קיין ניינצן יאָר ניט אַלט. זי טראָגט זיין קינד, ניק. איך וויל ניט, אַז עס זאָל קומען אין קאָורט. לאָמיר זיך טרעפן מאָרגן, מיר דריי, דו, דיין זון און איך. יאָ, איך האָב אים צו זאָגן נאָך אַ פּאָר זאַכן, וואָס וועלן אים ניט געפעלן ווערן, ניק. ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט מיט אַ פּאָר ניט־גוטע חברים. זאָל ער זיך גלייך פון זיי אָפּ־טשעפּען, זאָל ער נעמען זיין כלה און אָפּפאָרן פון ניו־יאָרק גלייך נאָך דער חתונה. זאָל עס זיין אַ „האָני מון", אַניט וועט עס זיין אַ ביטערער חודש פאַר אים. די גרענד דזשורי גרייט זיך עפּעס טאָן צו זיינע חברים. ער איז מסתם אומשולדיק, נאָר מען דערקענט אַ מענטשן נאָך די חברים, וואָס ער האָט".

— וואָס איז געוואָרן, אַנקל?

— מען איז אין אַ פּאָר טעג אַרום אַוועק אין סיטי האָל און מען איז גע־וואָרן מאַן און ווייב. אַ זיס מיידל, נאָר אַ בעיבי. זיי זיינען איצט אין קע־נעדע. וואָס לענגער זיי וועלן דאָרט זיין, אַלץ געזינטער וועט זיין פאַר מיר און פאַר אים. נאָר מיין פעני איז קראַנק געוואָרן פון דער געשיכטע און,

מאַי באַי, מיר האָט עס אויך קיין גוטס ניט געטאָן. נאָך אַ גליק, וואָס איך האָב אַ סך „פּול" און אַלץ וועט זיין אָלראַיט. ווען ער וועט צוריקקומען וועט זיין רעקאָרד זיין ריין ווי אַ „ווייסל" . . . פאַרשטייסטו שוין פאַרוואָס איך בין ניט געקומען צו דיין פּאַרדי? איך האָב געהאַט אַן אייגענע „פּאַרדי", מאַט. ווען דו וועסט זען פּעגין, זאָלסטו ניט פרעגן וועגן די קינדער. באַלד הויבט זי אָן ווייגען, פּור סאָול . . . יאָ, מאַט, איך בין אַרויס פון די ביזנעס. וואָס איך וועל טאָן? אַט איז מיין קאַרד. איך פאַרקויף הייזער. דאַרפסט אַ הויז? קום צו ניק סאַרדזשענט. פאַמיליע הייזער אין קווינס פאַרקויף איך. איין פאַמיליע, צוויי פאַמיליע הייזער. מיין משהלע וועט צוריקקומען, וועט ער האָבן אַ גוטן דזשאַב ביי מיר. איך וועל אים האַלטן אין די הענט פון איצט אָן. איך וועל פון אים מאַכן אַ לייט, אויב עס איז די לעצטע זאַך, וואָס איך דאַרף אויף מיין לעבן טאָן. עס לוינט זיך צו האָבן קינדער, זיי זאָלן אויס־וואַקסן ווי ווילדגראָז . . . אַמעריקע, מאַט, איז דאָס בעסטע לאַנד אין דער וועלט, נאָר מען איז דאָ צו זאַט און דערפאַר טויג עס ניט. דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַרנומען מיט „טשאַרלסטאָן". מען טאַנצט, נאָר מען טאַנצט. פּראָס־פּעריטי איז גוט, נאָר מען עסט זיך איבער מיט דער פּראָספּעריטי. מען געמבלט צופיל, מען ווייסט ניט, וואָס צו טאָן מיטן געלט. טיילמאָל וואָלט איך וועלן אַוועקפאָרן אין יוראָפּ און זען די וועלט. וואָס קומט אַרויס, אַז כ'האָב שוין צוויי הייזער און כ'וועל באַלד האָבן נאָך פּראָפּערטי, אַז קיין פאַרגעניגן האָב איך ניט פון מיין לעבן. מאַט, אפשר איז דיר בעסער פון מיר. אפשר וועסטו וויסן ווי צו דערציען דיין קינד. זאָל ער וויסן וואָס נויט איז. מיינע זיינען שטענדיק געווען צו זאַט. דאָס האָט ניט געטויגט. איך ווער אַלט און איך וויל ניט קיין טראָבל מער. מאַי באַי, ס'איז מיר ניט גוט.

.2

ער האָט אַליין ניט געוואוסט פאַרוואָס, נאָר נאָך זיין באַזוך ביים אַנקל קיווע האָט מאָטעק געצויגן צו פאָרן צו די דעיווויסעס, וואָס האָבן גע־וואוינט אין ברוקלין, אין וויליאַמסבורג.

— גיב אַ קוק, סאַלטשע, —האָט מאָטעק געזאָגט, — ווי אַמעריקע האָט געווירקט אויף צוויי יידישע אימיגראַנטן. איך מיין מיין אַנקל קיווע און לואי דעיוויס. דער אַנקל איז עלטער און ער איז לענגער דאָ אין לאַנד. ער איז גוט אָפּ. דעיוויס איז אַ קבצן, אַ שקלאַף אין אַ סועט שאַפּ. דער אַנקל, וואָס ווען איך בין צום ערשטן מאָל געקומען צו אים, האָט ער געוואָלט מיר וויזן ווי צו ווערן אַ סוקסעס אין אַמעריקע — יאָ, איך האָב געדאַרפט

אָנהויבן מיט רייניקן דעם טאָילעט און די ספּיטונס אין זיין סאַלון — בעט ביי מיר איצט, אַז איך זאָל אים טרייסטן. „עס איז מיר ניט גוט, מאַט", זאָגט ער צו מיר. וואָס האָט ער פון זיינע קאָמעניצעס, פון די צוויי טענעמענט הייזער? אַז זיינע קינדער זיינען אויסגעוואָקסן ווי ווילדגראָז און אַז זיין גאַנץ געלט האָט אים קיין צופרידנקייט ניט געבראַכט. איך ווייס ניט וואָס עס טוט זיך ביי די דעיוויסעס אין הויז. נאָר איין קוק אויף לואין און בעסין און דו זעסט, אַז עס איז גאָר עפּעס אַנדערש. זיי האָבן אַן אידעאַל, אַ זאַך, פון וועלכער דער אַנקל האָט זיך תמיד אויסגעלאַכט. זיי זיינען אָרעם, נאָר זיי געפינען אַ באַפרידיקונג אין קאַמף, אַן אינטערעס אין לעבן אין קאַמף. סאַלטשע, לאָמיר צופאָרן צו זיי. עס ציט מיך צו זיין ביי זיי. ער האָט דערציילט וועגן זיין שאַפּ לעבן, וועגן דעם, וואָס ער האָט מיטגעמאַכט — און פאַר דיינע אויגן גייט פאַרביי אַ שטיק אַמעריקאַנער לעבן. פאַרגלייך די אַמעריקע פון אַנקל און די אַמעריקע פון דעיוויסן. דעיוויס בויט אַמעריקע, דער אַנקל מיט זיין סאַלון, מיט זיין טעמעני קלוב, פאַרשעמט אַמעריקע.

האָט מען געלאָזט וויסן די דעיוויסעס, אַז מען קומט, און אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג איז מען מיט שלומלען אַריבערגעפאָרן די בריק און מען איז אָנגעקומען אַהין. געוואוינט האָבן זיי אין אַ צוויי-פאַמיליע הויז, אויפן צווייטן שטאָק. דריי צימערן און אַ קיך. דאָס מעבל אָפּגענוצט און געשמאַקלאָז, נאָר די ריינקייט האָט זיך אָנגעזען אין אַלע ווינקלען. די קינדער זיינען געווען אין הויז. מען האָט זיי פאַרגעשטעלט: די עלטסטע, ענאַ, צוואַנציק יאָר אַלט; אייב, 17 און די בעיבי, יאַנקל — 13. אַלע דריי האָבן גערעדט מיט די עלטערן יידיש, כאָטש צווישן זיך האָט מען גערעדט ענגליש. מאַטעק און סאַלטשע האָבן גערעדט צו זיי יידיש און מען האָט זיי געענטפערט אויף יידיש. דאָס האָט שטאַרק אויסגענומען ביי די געסט און די דעיוויסעס זיינען געווען שטאָלץ דערויף.

— יאַנקל לערנט זיך אין דער מיטלשול אין האַרלעם, — האָט געזאָגט בעסי, — ער שרייבט פיינע קאָמפּאָזיציעס אין שול. יאַנקל, אפשר ווילסטו ווייזן די געסט דיין קאָמפּאָזיציע וועגן פּרצן?

— מאַמע, איך האָב עס געלאָזט אין שול, — האָט יאַנקל געענטפערט אַ שמייכלדיקער.

— גלויב אים ניט, מאַמע, — האָט אויסגערופן אייב, — ער שעמט זיך צו ווייזן.

אַלע האָבן געלאַכט. עס איז געווען אין מיטן יוני און אין הויז איז געווען פאַרשטיקט, איז מען אַרויסגעגאַנגען אויפן פאָרטש. די יינגלעך האָבן אַרויסגעשטעלט שטולן און ענאַ, וואָס האָט ביז איצט געשוויגן און זיך געפּאָרעט

אין קיך, איז אַרויסגעקומען און האָט שלומלען געגעבן אַן עסקימאָ פּאַי און קיכלעך, וואָס זי האָט אַליין געהאַט געבאַקן. זי האָט גערעדט מיטן קינד ענגליש און בעסי האָט געפרעגט:

— שלומל, דו קאָנסט רעדן יידיש?

— ניין, — האָט שלומל געענטפערט און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— שלומל, וואָס איז מיט דיר? דו קאָנסט ניט רעדן יידיש? — איז סאַלטשע געוואָרן נייגעריק, — האָסט שוין פאַרגעסן צו רעדן יידיש, שלומל?

— יאָ, פאַרגעסן, — האָט ער געענטפערט אויף יידיש אין אַן ערנסטן טאָן, וואָס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן אַ געלעכטער.

— קום אַהער צו מיר, שלומל, וועסט אויפעסן דעם אייז־קרים און איך וועל מיט דיר גיין שפּאַצירן. איך וועל דיר ווייזן אונדזער הויף מיט די בלומען, וואָס קומען אַרויס, יאָ? שלומל, וועסט גיין מיט מיר?

— יאָ, — האָט געענטפערט שלומל, — ווייז מיר, וואו דער פייער דעפּאַרטמענט איז, — האָט ער אויסגערופן אין אַ געשמאַקן יידיש.

ענאַ האָט אים צוגעדריקט צו זיך און שלומל האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איר שויס.

— מיט מיידלעך ווערט ער גיך פריינט, — האָט מאַטעק געזאָגט.

— ענאַ איז מיין קאָזין, — האָט שלומל זיך באַרימט.

די קינדער זיינען אַוועק און די דעיוויסעס זיינען געבליבן אַליין מיט די געסט. מאַטעק און לואי האָבן אָנגעהויבן רעדן וועגן זייער משפּחה־קרובהשאַפט און בעסי האָט אַריינגערופן סאַלטשען אין הויז צו ווייזן איר די באַלעבאַטישקייט.

באַלד איז לואי אַריבער אויף דער שטענדיקער טעמע וועגן דער יוניאָן, וועגן דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און וועגן סטרייק, וואָס האָט געהאַלטן ביים אויסברעכן אין זיין פאַך.

— זינט איך בין אַ קלאָוקמאַכער — און ווען בין איך ניט געווען קיין קלאָוקמאַכער? איך בין דאָך געבאָרן געוואָרן אין טרעיד — ווייס איך נאָר פון סטרייקס און סלעקס און פון אַ קורצער ביזי. די יוניאָן קריגט זיך מיט די באַלעבאַטים, די אַרבעטער רייסן זיך צוליב די באַנדלס און די מענער באַקלאָגן זיך, אַז די ווייבער זייערע גיבן אויס די גאַנצע פּעידע, — האָט לואי פאַרענדיקט, זעענדיק, אַז בעסי קומט אַריין.

— יאָ, און מיר ווייבער האַלטן אין איין אַרבעטן פאַר אייך, — האָט זי שטיל געזאָגט.

סאַלטשע האָט ניט ליב געהאַט דעם דיאַלאָג און זי האָט אָנגעהויבן אַן אַנדער טעמע.

— בעסי, אייער ענאַ געפעלט מיר זייער. אַ ליב פּנים, אַ גוט פּנים. זי קוקט אויס ווי אַ חסידישע טאָכטער פון דער היים, ביי אונדז אין פּוילן. אַזוי באַשיידן און קלוג.

— סאָלטשע, איך האָב זיך ניט וואָס צו באַקלאָגן אויף קיינעם פון מיינע קינדער. זיי זיינען אַלע טייערע קינדער, זאָג איך אייך. ענאַ איז אַ גאָלד. ניט וואָס איך באַרים זיך. זי האָט געענדיקט די קאָמערציעלע הייסקול און באַלד באַקומען אַ דזשאָב אַלס טייפּיסטקע און איצט איז זי דעם באָסעס פּריוואַט סעקרעטערי. ער פאַרט זיך אַוועק אויף גאַנצע טעג און זי ענטפערט אויף בריוו און ווייסט וואָס צו טאָן אין אָפיס אָן אים. זי אַרבעט אין אַ מעבל פירמע. אין איר אָפיס אַרבעטן אַכט מיידלעך, קאָנט איר זיך פאָרשטעלן ווי גרויס די פירמע איז. דער באָס ווייסט, אַז זי איז אַ לינקע. זי באַהאַלט עס ניט פון קיינעם. זי זאַמלט געלט פאַר די פּאַסייקער סטרייקערס און זי האָט ביים באָס אויך געקראָגן אַ פּאָר דאָלער. זי גייט שוין אַרום מיט אַ באָי, זי האָט זיך מיט אים באַקאָנט אויף אַ פּיקניק פאַראַיאָרן. זי ברענגט אים אין הויז אַריין. זיינע עלטערן זיינען טאַקע אונדזערע מענטשן. דער פאָטער איז אַ דרעסמאַכער און די מאַמע זינגט אין „פרייהייט געזאַנג־פאַראיין". טייערע חברים ביידע און דער באָי, לעני, האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז ער וויל זיין אַ מין פאַרמער, כ'ווייס ניט ווי מען רופט דאָס, ער וויל האָדעווען בלומען און פלאַנצן. לואי, ווי רופט מען דאָס? עס האָט עפּעס אַ לאַנגן נאָמען.

— וואָס איז דער אונטערשייד, אַבי ער וויל ניט זיצן אין שאַפּ זיין גאַנץ לעבן. ער וויל האָבן פרישע לופט, שוין פאַרן טאַטן אויך, — האָט זיך לואי געוויצלט.

— נו און וועגן מיין איבן איז ניטאָ וואָס צו דערציילן. ער ענדיקט הייסקול און שבת שטייט ער אין אַ פּרוכט־סטאָר און טראָגט אָפּ אָרדערס און קריגט טיפּס און ברענגט אַהיים יעדן סענט. „מאַמע, זאָגט ער, ליי מיר אַ דאָלער", אַזוי ווי איר הערט.

— איבי איז אָלראַיט, אַן ערנסטער יאַט, — האָט לואי באַשטעטיקט, — ער גריבלט זיך אין „קאַפּיטאַל", ווי אַ פרומער ייד אין אַ גמרא.

— און יאַנקל, די בעיבי מיינע, — האָט בעסי אינגאַנצן אויפגעשיינט, — ברענגט די בעסטע צייכנס פון סקול און פון דער מיטלשול. ער האָט אַן אייזערנעם קאָפּ אויף זיך און לעצטן זונטיק איז ער אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג מיט אַ פּושקע און געזאַמלט געלט פאַר די פּאַסייקער סטרייקערס. ער נעמט זיך צום האַרצן פון דעם מיינער סטרייק און לייענט אַ צייטונג ווי אַ דערוואַקסענער מענטש. ער זעצט זיך אַוועק מיט מיר און גיט מיר צו דער־

קלערן פּאָליטיק, ווי ער וואָלט געווען מיין לערער. אַ געשמאַקער בחור, עס מאַכט ניט אויס, וואָס איך זאָג עס אויף מיין אייגן קינד. דעם אמת דאַרף מען זאָגן.

— און וועגן מיר האָסטו ניט קיין גוט וואָרט, בעסי? — האָט לואי זיך געפּיעשטשעט.

— ביסט שוין אַלט גענוג צו געבן דיין ווייב אַ פּאָר גוטע ווערטער, — האָט זי אים אַריינגעזאָגט.

.3

אויפן וועג אַהיים האָט סאַלטשע פון דער זייט געקוקט אויף מאַטעקן און געזען ווי ער איז פאַרטיפט אין זיינע רעיונות. זי האָט פאַרשטאַנען פאַרוואָס שלומל איז געווען אומצופרידן פון טאַטן. דער טאַטע שענקט אים ניט קיין אויפמערקזאַמקייט. ער רעדט צו איר אויך ניט אויס קיין וואָרט. אין אַזעלכע מאָמענטן קאָן זי מאַטעקן ניט פאַרטראָגן. זיין שווייגן אין איר אָנוועזנקייט איז איר שווער.

— וועגן וואָס טראַכסטו, מאַטעק? נעם צו זיך שלומלען, רעד צו אים — האָט זי געזאָגט.

— איך האָב ניט קיין געדולד פאַר אים איצט. דעיוויסעס הויז מאַכט מיך צום טראַכטן וועגן אונדזער אייגן לעבן, סאַלטשע. ער האָט מיר דערציילט וועגן דער יוניאָן זיינער, שטענדיק האָט ער איין טעמע — די „יוניע". איצט הויבט זיך דאָרט אָן אַן אינערלעכער קאַמף. ס'איז אייגנטלעך ניט קיין נייער קאַמף. דאָס נייע קעגן אַלטן, פּראָגרעס קעגן רעאַקציע, פריינט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און שונאים פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. דערווייל ווערן די אַרבעטער־כוחות אָפּגעשוואַכט און די באַלעבאַטים נוצן דאָס אויס און בעת אַ סטרייק, אַן פולער איינהייט, געווינט דער באַלעבאָס. דאָך בין איך מקנא לואין. איך האָב צו מיין יוניאָן ניט דעם וואַרעמען געפיל, וואָס ער האָט צו זיין אָרגאַניזאַציע. פאַרשטייסט, מיר זיינען אַריסטאָקראַטן. אין אַ בילדינגבום זיינען מיר דאָס אויבערשטע פון שטויסל. אונדז דאַרף מען ניט אָרגאַניזירן. פאַרקערט, עס איז אַ גליק ווען מען קאָן אַריין אין דער יוניאָן. שוין אָפּגערעדט וואָס אַ נעגער, ווי פייאיק ער זאָל ניט זיין, ווערט ניט אַריינגענומען בלויז צוליב זיין טונקעלער הויט. דאָס איז איינע פון די מיאוסטע פלעקן אויפן געזעלשאַפטלעכן קערפּער ביי אונדז אין לאַנד. ניט דער נעגער איז שוואַרץ, נאָר מיר, וואָס האַנדלען אַזוי, זיינען שוואַרץ — אין האַרצן. יאָ, לואי און בעסי זיינען גאַנצע מענטשן. זיי האָבן אַן אידעאַל, נאָר ס'איז

דער אידעאַל פון קאַמף פאַר באַלדיקע פאַרבעסערונגען פון זייער עקאָנאָמישער לאַגע. גיב אַפּ אַ לעבן לאַנג, ווי לואי טוט עס, זינט ער איז זעכצן יאָר אַלט, אַז זיין דזשאַב זאָל מער ווינציקער זיין געזיכערט, אַז דער באָס זאָל אים ניט הייסן גיין, ווען עס געפעלט אים; אַז מען זאָל געווינען נאָך אַ פּאָר שעה פרייהייט פון שאַפּ; אַז מען זאָל קריגן נאָך אַ דאָלער אַ וואָך פאַר דער אַרבעט; אַז דער טאָילעט, וואו מען אַרבעט, זאָל זיין ריין . . . און אויך האָבן זיינע קינדער געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק. זיי גייען אַרום מיט פושקעס — פאַר די מיינערס, פאַר די טעקסטיל אַרבעטער. אין רייכסטן לאַנד אויף דער וועלט דאַרף איין אַרבעטער אַרומגיין מיט אַ פושקע פאַרן צווייטן אַרבעטער. האָסט דאָך געהערט, וואָס פאַניאַ דערציילט וועגן די אומסאַניטאַרישע באַדינגונגען אין פאַסייק. און מיר רעדן וועגן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און מיר מאַכן פּלענער וועגן איבערנעמען די וועלט. און אונדזערע צייטונגען דראָען וועגן אַ נייער מלחמה. עס גייט ניט אַוועק אַ חודש, אַז מען זאָל ניט לייענען וועגן קריגס-פּלענער אין אייראָפּע. און ווער וועט צושטעלן די אַמוניציע? דער רייכער אַנקל סעם, ווי אין דער לעצטער וועלט-מלחמה. סאַלטשע, טיילמאָל ווער איך מיד, גייסטיק מיד פון אונדזער וועלט, פון אונדזער רייכער אַמעריקע. טאַקע דאַרפן מיר דאָ, מיר, די פּראָדוצירער, שטיין ווי בעטלער פאַרן הערשנדיקן קלאַס? נאָך דער מעשה האַרדינג און דאָהערטי און אַלבערט פאָל, נאָך קולידזשעס אומפּייאַיקייט — האָט נאָך דער אַמעריקאַנער אַרבעטער און אינטעליגענט ניט דערקענט ווער עס פירט אים ביי דער נאָז? מוזן דאָס מיליאָנערן זיין אין דער שפּיץ פון דער רעגירונג? האָסטו דען איין אַרבעטער אין קאָנגרעס? מיט איבער צען מיליאָן אונטערדריקטע נעגערס, איז דען פאַראַן איין נעגער אין דער רעגירונג?

— ביסט אין אַ שלעכטער שטימונג, מאַטעק. דאָס לעבן איז אינטערעסאַנטער ווען ס'איז דאָ צוליב וואָס צו קעמפן. ווען איך בין געזעסן אין טורמע האָב איך געהאַט איין אַמביציע: צו קאָנען אַרומגיין פריי איבער די גאַסן. איך האָב דאַן ניט געטראַכט וועגן אַרבעט, וועגן פאַרדינען, וועגן אַ צימער — איך האָב געוואָלט קאָנען שפּאַנען פריי איבערן טראָטואַר. דאָס אַלץ. באַלאַנגסט צו אַ פעסטער יוניאָן, מיט אַלע חסרונות, מיטן רעקעטירערזשים — איז דאָס פאָרט אַ יוניאָן, וואָס גיט דיר בעסערע שכירות ווי די מערסטע יוניאָנס. דו מאַכסט ניט דורך וואָס אַ קלאָוקמאַכער אָדער אַ פּאָריער אָדער אַ מיינער, וואָס אַרבעט טויזנט מאָל שווערער פון דיר, מאַכט דורך. דו ביסט דער אַריסטאָקראַט. לואין, זעסטו בין איך ניט מקנא מיט זיין „יוניע".
דער אייביקער קאַמף, דאָס אייביקע סטרייקן, און איצט אי דער דרויסנדיקער

קאַמף, אי דער אינערלעכער קאַמף צווישן זיך — דאָס זעסטו וואָלט איך ניט וועלן דורכלעבן. ווען אָרגאַניזירטע אַרבעטער פּאַרשטייען זיך ניט, איז צרות.

שלומל האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן זייער שמועס און ער האָט געשריען, אַז ער וויל אויך עפּעס זאָגן. און ער האָט גערעדט וועגן זיין נייעם קאָזין ענאַ, וואָס האָט אים געוויזן, וואו זי שלאָפט און וואו די אַנדערע קאָזינס שלאָפן און וואו דער פייער דעפּאַרטמענט געפינט זיך. ער האָט אפילו געזען דעם פייער טשיפס רויטע קאַר.

מאָטעקס געמיט האָט סאַלטשען דענערווירט. עס איז שוין ניט געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מאָטעק איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון אַזעלכע שטי־מונגען. אויך ווען בען קומט צוגיין און רעדט זיך דורך מיט אים, ווערט ער אויס מענטש. בען זאָגט טאַקע, אַז מאָטעק איז מער „אַמעריקאַניש" ווי ער אַליין איז. ער מיינט דאָס אין איראָנישן זין — מאָטעק איז פאַרווי־כערט געוואָרן אין אַמעריקע. ער וואָלט וועלן, זאָגט ער, אַז מען זאָל אים צוטראָגן די רעוואָלוציע אויף אַ קישעלע. עס וואָלט אים גאָרניט געשאַדט, אַז ער זאָל איבערלעבן אַ פּאָר האַרטע קאַמפן אין זיין יוניאָן. סאַלטשע איז איינשטימיק מיט בענען. מאָטעק וואָלט געדאַרפט דורכגיין וואָס לואי גייט דורך. יאָ, די פראַגע פון נאָך אַ דאָלער אַ וואָך, אָדער פון סאַניטאַרישע באַ־דינגונגען אין שאָפּ, די פראַגע וועגן ווענטילאַציע — דאָס איז דער אלף־בית פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. זי האָט עס מאָטעקן שוין ניט איינמאָל דערקלערט. ווערט ער אין כעס.

אהיים קומענדיק האָט מען שלומלען גלייך געלייגט שלאָפן. עס איז געווען אַ רחמנות צו קוקן אויפן קינד ווי אויסגעמאַטערט די רייזע האָט אים געמאַכט. ער האָט געוויינט און געזאָגט, אַז ער וויל עסן ווען דער טאַטע וועט עסן, נאָר די מינוט, וואָס ער איז געלעגן אין בעט, איז ער שוין געווען שטיל און זיין פרייש אָפּגעוואַשן פּנימל איז געווען ווי אויסגעשניצט פון אַ מייסטער קינסטלער. סאַלטשע האָט אַריינגערופן מאָטעקן:

— זע, ווי שיין ער קוקט אויס, ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געקאָנט אַ וויין טאָן.

סאַלטשע האָט געוואוסט, אַז דאָס וועט ווירקן אויף מאָטעקן. ווי אָנגע־שטרענגט ער זאָל ניט זיין, איז ווערט ער גלייך ווייך און סענטימענטאַל ווען ער קוקט אויפן שלאָפנדיקן שלומלען.

— כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז איך בין אויך מיד, — האָט סאַלטשע געזאָגט. — לאָמיר מאַכן פרי נאַכט. דו האָסט פאַר זיך אַ שווערע וואָך, מאָטעק, מיט אַ סך מיטינגען.

— דו ווייסט, סאַלטשע, וואָס איך וואָלט וועלן טאָן היינט? ווערסט ניט טרעפן?

— פאַרלייענען פאַר מיר אַ קינדער־מעשה פון שלום עליכם?

— ניט היינט, סאַלטשע. איך וואָלט וועלן, אַז דו זאָלסט מיר העלפן אָנשרייבן אַ פּאָר בריוו אַהיים. אַליין וועל איך עס דאָך קיינמאָל ניט טאָן, כל זמן אַז דו ביסט דאָ. איך פיל זיך שולדיק קעגן די שוועסטער און קעגן די פעטערס און קעגן דער טאַנטע רעגינטשאַ. ס'איז ניט שיין, שוין אַזוי לאַנג ניט געשריבן. איך ווייס דו ווערסט מיר זאָגן, אַז ס'איז מיין שולד, ס'איז אמת, נאָר גוטשיאַ און מלכה האָבן שוין צוויי מאָל געשריבן און איך האָב זיי נאָך קיין איין מאָל ניט געענטפערט. ברענג אַריין פּאַפּיר און דעם טינטער און דו זאָג מיר וואָס און איך וועל שרייבן.

— פריער דאַרף מען אויסזוכן זייערע בריוו און זיי איבערלייענען נאָכאַמאָל. איך האָב שוין פאַרגעסן וואָס זיי האָבן געשריבן. עס איז צרות אין פּוילן, מאַטעק. גרויסע צרות. מיר לעבן דאָ ווי פרייע מענטשן, זאָג איך דיר. דו קאָנסט ניט אָפּשאַצן דיין פרייהייט, ביז דו האָסט ניט פאַרזוכט דעם טעם פון פּילסודסקיס בייטש אין פּוילן. דו קאָנסט זיך ניט פאָרשטעלן, וואָס אַ ייד מאַכט דורך איצט אין פּוילן. דו וואָלסט עס זיכער ניט געקאָנט איבערטראָגן, אויב ס'איז דיר שווער צו דולדן די לאַגע פון אַמעריקאַנער אַרבעטער. די לאַגע פון פּוילישן יידן איז ווי די לאַגע פון נעגער אין דער סאָוט דאָ. אַזוי שטעל איך זיך פאָר.

איז מען געזעסן און געלייענט גוטשיאַס בריוו און לאַטשאַס בריוו און מען האָט זיך געמוטשעט דורכצוקריכן מלכהס פּוילישע בריוו. האָט מען זיך אַוועקגעטראָגן אין אַ וועלט, וואָס איז שוין געוואָרן פרעמד, נאָר צו מענטשן, וואָס זיינען געווען זייער נאָענט אין בלוט און געטריי צום האַרצן.

און ווען מאַטעק האָט גענומען שרייבן צו דער עלטסטער שוועסטער דעם ערשטן בריוו, האָט ער מיטאַמאָל אַוועקגעלייגט די פּען און געזאָגט צו סאַלטשען:

— לאָמיר דאָס איבערלאָזן אויף אַן אַנדער אָוונט. עס שרייבט זיך עפּעס נישט.

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

# די שוועסטער איילן זיך ניט

.1

די בריוו, וואָס זיינען ניט רעגלמעסיק אָנגעקומען פון די שוועסטער און די אָנקלס און טאַנטעס פון לאָדזש, האָבן מאָטעקן געגעבן אַ נעבלהאַפטיקן באַגריף וועגן זייער דאָרטיקן לעבן. ווי זיי וואָלטן געהאַט אָפּגעמאַכט צווישן זיך, האָט קיינער פון זיי ניט געשריבן וועגן דער פּאָליטישער אָדער עקאָנאָמישער לאַגע, גראָד זאַכן וואָס זיי אַליין האָבן אין יעדן בריוו געוואָלט וויסן פון מאָטעקן וועגן אַמעריקע. נאָר מאָטעק האָט זיך ניט גענויטיקט אין זייער אינפאָרמאַציע. די יידישע צייטונגען אין אַמעריקע זיינען געווען פול מיט קאָרעספּאָנדענצן וועגן פּוילן. די „קעפּ" האָבן געשריען וועגן פאַשיזם, וועגן אַנטיסעמיטיזם, וועגן געפערלעכער אַרבעטלאָזיקייט, וועגן טעראָר קעגן אַלץ וואָס איז דעמאָקראַטיש און אפילו ליבעראַל. פּילסודסקי איז, ווי מוסאָליני, געוואָרן פון אַ סאָציאַליסט אַ דיקטאַטאָר.

סאַלטשע האָט איבערהויפּט זיך אינטערעסירט מיט דער לאַגע אין פּוילן, אַ סך מער ווי מאָטעק. פאַר אים איז פּוילן געווען אַ פאַרמאַכטער בוך, אַן אומאינטערעסאַנטער, נודנער בוך, צו וועלכן מען וויל זיך מער ניט אומקערן. פאַר איר, פאַרקערט, איז דאָס געווען אַ פאַרכאַפּנדיקער ראָמאַן, וועלכן מען וויל איבערלייענען נאָכאַמאָל.

דערפאַר אָבער האָט די עלטסטע שוועסטער, גוטשיאַ, געשריבן וועגן זיך און וועגן די קרובים. אויב דעם און דעם איז געגאַנגען גוט, איז דאָס געווען דערפאַר וואָס דער ליבער גאָט האָט אים באַגליקט; איז וועמען געגאַנגען, חלילה, שלעכט איז דאָס געווען דערפאַר וואָס גאָטס שטראָף האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אים.

מאָטעקס און סאַלטשעס בריוו זיינען נאָך געווען ווינציקער רעגולער. ער האָט פּשוט ניט געוואוסט וואָס אַהיים צו שרייבן, אַז עס זאָל זיי אינטערעסירן. יאָ, ער איז געזונט, סאַלטשע איז געזונט און וועגן שלומלען וועט די מאַמע שרייבן אויספירלעך. און דער גאַנצער בריוו סאַלטשעס איז טאַקע געווען וועגן דעם קינד. ער רעדט יידיש, זי וועט אים שיקן אין אַ יידישער

וועלטלעכער שול, וואו מען וועט אים לערנען די יידישע שפּראַך, די יידישע ליטעראַטור און געשיכטע און בכלל פאַרשטיין דאָס היינטיקע לעבן. וואָס נאָך האָט זי געקאָנט שרייבן? ווידער אַמאָל זיך אָנגעפרעגט אויפן געזונט, אויף אַ פּאָר אַלטע באַקאַנטע און אויף לאָדזש בכלל. זי האָט געוואוסט, אַז דאָס לעבן פון באַלוט איז זיי ניט אָנגעגאַנגען.

ניט איינמאָל האָט סאַלטשע געלייענט וועגן אַ פּאַסירונג אין לאָדזש וואָס האָט זי אויפגערודערט. דאָ האָט מען אירן אַ באַקאַנטן פאַרמשפּט אויף צען יאָר זיצן פאַר געהערן צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג; דאָ האָט זי געלייענט וועגן דעם ווי אַ חברטע, מיט וועלכער זי איז צוזאַמען געזעסן אין טורמע, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. איינמאָל האָט מאָטעק אַהיים קו־מענדיק געטראָפן סאַלטשען אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד.

— מאָטעק, מיר לעבן אין אַ העכסט־דראַמאַטישער צייט. הער: אין היינטיקן בלאַט איז דאָ אַ קאָרעספּאָנדענץ פון לאָדזש, וואָס רירט מיך פער־זענלעך שטאַרק אָן. דערפאַר וואָס מיר זיינען די הויפּט־פיגורן פון דער טראַגעדיע גוט באַקאַנט. דער 22־יאָריקער יעקב הערש שלענצקי האָט דער־שאָסן דעם פּראָוואָקאַטאָר וויטקאָווסקי. איך פלעג אַריינקומען צוביידע משפּחות. וויטקאָווסקי האָט אין מיין צייט געכאַפּט קלעפּ פון דער פּאָליציי און ער איז געווען זייער אַקטיוו אין דער באַוועגונג. שלענצקין געדענק איך אַלס אַ יינגעלע פון אַ יאָר צען. איך פלעג אָפט אַריינקומען צו זיי אין הויז. ער האָט שפּעטער געענדיקט די האַנוורקער תלמוד־תורה. זיין שוועסטער רעגינאַ איז אַ ציוניסטקע. שטעל דיר פאָר — וויטקאָווסקי אַ פּראָוואָקאטאָר, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ סך חברים און אָנפירנדיקע טוער, וואָס שמאַכטן איצט אין פּילסודסקיס טורמעס! יעקב הערש שלענצקי וועט שוין קיין לע־בעדיקער ניט אַרויס. אַ יינגל פון 22 יאָר. איך קאָן זיך דעם גאַנצן טאָג ניט באַפרייען פון דעם נייעס. פּוילן איז געוואָרן דאָס וויגעלע פון טעראָר. אונ־דזער פּוילן.

— דיין פּוילן, ניט מיינס.

— עס איז אונדזער פּוילן, מאָטעק. דו קאָנסט זיך ניט באַפרייען פון אַ לאַנד וואו דו ביסט געבוירן געוואָרן און וואו דו האָסט דיינע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט. טיף אין האַרצן בענקסטו נאָך דיינע שוועסטער און אפילו נאָך דיינע ניט־סימפּאַטישע אָנקלס.

— וואָס מיינסטו, סאַלטשע, וועט אַרויסקומען פון אַזאַ רעזשים?

— איך האָב צוטרוי צו אונדזערע חברים. זיי וועלן באַפרייען פּוילן. זיי זיינען אויסגעצייכנטע קעמפער און די טורמעס וועלן בלויז אָפּשוואַכן די שוואַכע.

— און וואָס וועסטו זאָגן וועגן קאַניבאַלישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס באַ־הערשט אי דעם פויער, אי דעם פּשוטן אַרבעטער?

— מיך וואונדערט אויף דיר, מאַטעק. אַנטיסעמיטיזם איז ווי אַ קרענק אין דער אינגעווייד, וואָס עס איז שווער צוצוקומען צו דעם און עס אויסצו־היילן. דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ טיף פאַרוואָרצלטער און, ווי דו ווייסט, שטאַמט ער אָפּ פון אַלטע צייטן און ער האָט זיינע טיפע סיבות. וואָס גרעסער די אַרבעטלאָזיקייט, אַלץ שאַרפער דער אַנטיסעמיטיזם. דאָס איז דאָך שטענ־דיק געווען דער מיטל אָפּצואוועגדן די אויפמערקזאַמקייט פון פאָלק קעגן די אמתע סיבות פאַר זיינע צרות. אויף אַ געזונטן געזעלשאַפטלעכן קערפער וועט די מכה פון יידן־האַס קיין האַפט ניט האָבן. מאַטעק, וועסט זיך גוט איינהערן צו דיינע שוועסטערס און אָנקלס בריוו, וועסטו אויסגעפינען דעם אמת צווישן די שורות.

— נו, עס איז דאָך זייער אייגענע שולד. עס איז מיר דאָך שוין נמאס צו שרייבן צו זיי, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן פוילן. מיר שיקן זיי געלט, מיר זיינען גרייט זיי אַהערצוברענגען, אָדער זיי העלפן אויסוואַנדערן וואו זיי ווילן, און וואָס איז זייער ענטפער? איין ענטפער — עס וועט נאָך זיין גוט אין פוילן. און אַמאָל פאַלט זיי איין, איבערהויפּט גוטשיאַן — מיר פאַרצושלאָגן, אַז איך זאָל אינגאַנצן צוריק אַהיים קומען. פּאַק זיך איין און לאָמיר פאָרן . . .

.2

קיין גוטע נייעס האָט ער פון די שוועסטער ניט געהערט. יעדער בריוו האָט געגעבן אָנצוגעהערן אַז עס ווערט „שלים און שלימער". ניט איינמאָל האָט ער מיט סאַלטשען צוזאַמענגעשטעלט פון שטיקלעך און ברעקלעך נייעס אַ בילד, וואָס האָט זיי געגעבן די פולע פאַרשטעלונג פון דער לאַגע.

עס איז געווען גוטשיאַ, וואָס האָט כמעט אין יעדן בריוו געציילט די יאָרן, די חדשים און וואָכן זינט דער איינציקער ברודער איז אַוועק פון זיי. דורך די בריוו האָט מאַטעק זיינע שוועסטער בעסער דערקענט. איבערהויפּט די עלטסטע שוועסטער, גוטשיאַ. וואָס מער עס איז איר ניט געגאַנגען, אַלץ פרומער איז זי געוואָרן. אין אירע בריוו צו מאַטעקן האָט זי אים שטענדיק דערמאָנט פון וואָס פאַר אַ הויז ער קומט אַרויס. זי האָט אים דערמאָנט, אַז ער זאָל זאָגן קדיש נאָך די גאָטזעליקע עלטערן, אַז ער זאָל יעדן יום־טוב גיין אין שול אַריין.

פון די אַנדערע שוועסטער האָט מאַטעק אויסגעפונען, אַז גוטשיאַן לעבט זיך שלעכט, הגם זי האָט זיך קיינמאָל ניט באַקלאָגט פאַר אים. איר מאַן זעליק

איז געווען קאַרג, קיין קינד האָט זי מיט אים ניט געהאַט. געזאָגט האָט מען אין דער משפּחה, אַז עס איז זיין שולד, נאָר גוטשיאַ, וואָס האָט דעם סוד גע־האַט פאַרטרויט פאַר איר שוועסטער לאָטשיאַ, האָט געזאָגט, אַז מסתם איז דאָס דעם אויבערשטנס ווילן און אַזוי איז באַשערט. וואָלט כאָטש זעליק, איר מאַן, געווען אַ מענטש. אין דער משפּחה האָט מען געזאָגט, אַז ער איז אַן „אוממענטש". אַ מרוק. ער האָט מיט קיינעם קיין וואָרט זיך ניט געטיילט. אויב ער האָט גערעדט צו איר, איז דאָס געווען זי אויסצורעדן פאַר עפּעס; אויב ער האָט גערעדט וועגן איר, איז דאָס געווען זי צו באַרעדן. נאָר גוטשיאַ האָט פאַר פרעמדע מענטשן קיין קרום וואָרט אויף אים ניט געזאָגט און ניט געלאָזט קיין שטויבעלע פאַלן אויף אים.

די שוועסטער און די אָנקלס מיט די טאַנטעס האָבן באַדויערט גוטשיאַן. איר ערלעכקייט און גוט־האַרציקייט איז אַלעמען געווען באַקענט. זי האָט אויפגעפּאַסט אויף יעדן קראַנקן אין דער משפּחה. זי האָט אָפּט פאַרבראַכט גאַנצע טעג אויפפּאַסנדיק אויף לאָטשיאַס מיידעלע. עס איז געווען אַ נאַ־טירלעכע זאַך, אַז גוטשיאַ זאָל קומען, ווען מען וועט זי דאַרפן און זיך מקריב זיין פאַר יעדן איינעם.

געווען צייטן ווען זעליק האָט גאָרניט פאַרדינט. געזאָגט האָט מען, אַז ער פאַרמאָגט אַ סך געלט, נאָר ער גיט גוטשיאַן אַ פייג. בעת ער איז אַרומ־געגאַנגען ליידיק און ניט צוגעטראָגן צו דער הוצאה פון הויז, האָט ער צו גוטשיאַן געזאָגט:

— פון וואַנעט זאָל איך נעמען? אַז איך האָב ניט. דיינע אָנקלס זיינען ניט חולה צו העלפן דיר.

נאָר גוטשיאַ איז צו קיינעם ניט געגאַנגען. זי האָט זיך קיין פאַר שיך פאַר יאָרן ניט געקויפט; דעם מאַנטל איבערגעניית ביז לאָטשיאַ האָט איר געגעבן אירע זאַכן.

פון אַלע פיר שוועסטער איז לאָטשיאַ געווען פון שטענדיק אָן די צו־פרידנסטע און די מזלדיקסטע. זי האָט זיך ווינציק וואָס געזומען צום האַרצן פון זאַכן וואָס זיינען געגאַנגען מיט דער פוטער אַראָפּ. אויב איר מאַן העניעק האָט זיך ניט איינגעלעבט מיט איר פאַמיליע, איבערהויפּט מיטן אָנקל גוסטאַוו, האָט עס איר אויך ניט געאַרט. זי האָט געוויזן העניעקן, אַז זי שטעלט אים העכער ווי אַלץ. זי האָט אים געבאָרן אַ מיידעלע, אַנקאַ — אַ נאָמען נאָך זיין פאַרשטאָרבענער מוטער — און אַזוי שנעל ווי זי האָט זיך געקאָנט אויף די פיס שטעלן, איז זי שוין געווען אין געשעפט. געזויגן דאָס קינד און געהיט דעם מסחר.

העניעק איז געווען אַ פּראַקטישער יונגערמאַן. ער האָט געוואָלט פאָרן קיין

אַמעריקע. ער האָט ניט געגלויבט, אַז יידן וועט זיין גוט אין פּוילן. ער האָט אַליין געדינט אין מיליטער און ער האָט געוואוסט, אַז דאָרט וואו מען גרייט צו סאָלדאַטן, דאָרט וועט זיין אַ מלחמה. גאַנץ אייראָפּע קלימפּערט מיט די שאַשקעס. נאָר מען רייסט זיך צו שלאָגן. ווייל ער פאָרן קיין אַמעריקע. ער וויל, אַז לאָטשיאַ זאָל אים לאָזן שרייבן צו איר ברודער מאָטעק, אַז ער איז גרייט צו קומען מיט ווייב און קינד קיין ניו־יאָרק. ער וויל מיט מאָטעקן רעדן געשעפט. פּראַקטיש צו דער זאַך. איז אָבער גראָד אין דעם פּרט לאָטשיאַ איינגעשפּאַרט. זי גיט אים אין אַלץ נאָך, נאָר ניט אין דעם.

— העניעק, מיין ברודער האָט קיין גליקן ניט געמאַכט אין אַמעריקע. אומעטום איז גוט וואו מיר זיינען ניטאָ, זאָגט אַ פּויליש ווערטל. מיין ברודער איז אַ קלוגער מענטש און אויב ער האָט זיך ניט געקאָנט ווי ס׳געהער צו זיין איינאָרדענען, נאָך אַזוי פיל יאָרן לעבן אין אַמעריקע, ווייס איך ניט צי מיר וועלן זיך דאָרטן איינלעבן. וואָס פעלט אונדז דאָ, העניעק? מיר האָבן פיל געלעגנהייטן צו פאַרגרעסערן דאָס געשעפט. דאָ האָסטו דיין פאָטער און פיל באַקאַנטע, אין פאַל פון אַ נויט קומט מען דיר צוהילף. איך קאָן זיך ניט צעשיידן מיט מיינע שוועסטער, איבערהויפּט מיט גוטשיאַן און ניט זי, ניט די איבעריקע ווילן פאַרלאָזן פּוילן. אפילו מיין יינגערע שוועסטער מלכה, וואָס האַלט אין איין סטראַשען, אַז אָט־אָ נעמט זי די וואַליזן און זי פאָרט צו מאָטעקן, אפילו זי וועט זיין די לעצטע צו פאַרלאָזן לאָדזש. איך קען זיי בעסער ווי דו שטעלסט זיך זיי פאָר.

— אָבער, לאָטקאַ, דיין פאַרגלייך איז ניט קיין ריכטיקער. איך בין אַ געשעפטסמאַן און מאָטעק איז דאָס קיינמאָל ניט געווען. ער איז אַ סאָציאַליסט. ער וויל ניט האָבן קיין קאַפּיטאַל און איך גלויב אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, דערפאַר ציט עס מיך קיין אַמעריקע, וואו דער קאַפּיטאַליזם איז צום שטאַרקסטן. דאָרט וועל איך קאָנען צעשפּרייטן די הענט. קיינער וועט מיר אין וועג ניט שטיין. דאָ האָב איך צו טאָן מיט באָיקאָטן, באַנקראָטן און מיט גאָרגל־שניידער, מיט גראָשנדיקע מענטשעלעך.

דער וויכטיקסטער אַרגומענט קעגן פאָרן איז געווען די קליינע אַנקאַ. זי איז איצט אַלט געווען פיר יאָר און לאָטשיאַ האָט זי דערצויגן ווי אַ פּויליש קינד. זי האָט כמעט קיין יידיש ניט גערעדט. סיי לאָטשיאַ און סיי העניעק האָבן מיט איר גערעדט נאָר פּויליש. בלויז גוטשיאַ האָט אין הויז מיט איר גערעדט יידיש. דאָס קינד האָט אָבער געענטפערט אויף פּויליש. לאָטשיאַ פלעגט דאָס קינד אויספּוצן אין פּוילישן נאַציאָנאַלן טראַכט, אין אַ העמד און פיל־פאַרביקן קאָסטיום מיט אַ סך לענטעס און קרעלן און די טונקל בלאָנדע האָר אַנקאַס האָט זי געלאָזט וואַקסן און וואַקסן איבער אירע אַקסלען.

אויגן האָט דאָס קינד פאַרמאָגט טונקל בלויע, וואָס האָבן פאַרכאַפּט מיט זייער פאַרבאָרגענעם קאָליר. דאָס פּנימל איז געווען שמאָל און לענגלעך און ליפּעלעך האָט זי געהאַט דיניקע און רייצנדיקע.

אפילו דער אָנקל מאיר, דער עלטסטער אָנקל, האָט געפונען פאַר ראַט־זאַם צו רעדן מיטן קינד פּויליש. געטאָן האָט ער עס צוליב העניעקן. ער איז געווען אַ רודף שלומניק און ווײַסנדיק, אַז העניעק איז אָנגעבלאָזן אויף זיין ברודער גוסטאַוו — און צוליב דעם אויף דער גאַנצער משפּחה, — האָט מאיר דאָס געוואָלט אויף פאַרשיידענע אופנים פאַרגיטיקן. ער האָט געוואוסט, אַז העניעק וויל אַז דאָס קינד זאָל רעדן פּויליש.

פאַרוואָס האָט לאָטשיאַ זיך אַזוי געזאָרגט פאַרן קינדס פּוילישער דער־ציאונג?

זי האָט געוואָלט מיט דעם באַווייזן, אַז ערשטנס, איז זי ניט פון נידע־ריקערן קלאַס. זי איז פון סוחר־שטאַנד. צווייטנס, האָט זי צוזאַמען מיט העניעקן געהאַלטן, אַז יידן אין פּוילן דאַרפן זיך אַסימילירן, דאַן וועט זיין בעסער צו לעבן. דאַן וועלן די פּאָליאַקן ניט קאָנען פאַרוואַרפן, אַז מען איז פרעמדע דאָ אין לאַנד; דאַן וועלן זיי ניט קאָנען שרייען: „פּאָרט קיין פּאַ־לעסטינע!"

לאָטשיאַ איז פון קינדהייט אָן געווען קעגן די יידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, קעגן יידן מיט בערד, הגם איר פאָטער האָט געטראָגן אַ שיינע באָרד. זי האָט שטענדיק געשטרעבט צו באַרמאָלקייט, האָט זי געזאָגט. זי האָט געוואָלט גע־הערן צו די שטאַרקע, צו די צופרידענע און מאַכט־האָבנדיקע. זי האָט ליב געהאַט געזונטע מענטשן — אפשר דערפאַר וואָס זי איז אויסגעוואָקסן אין אַ קראַנק הויז. זי האָט ליב געהאַט די רייכע מענטשן — אפשר דערפאַר וואָס זי האָט געוואָלט געניסן פון לעבן און נעמען פון גרייטן. זי איז געווען די שענסטע פון די פיר שוועסטער און די העכסטע פון זיי. זי האָט פון אירע פריע יאָרן פאַרשטאַנען דעם סוד פון דערפאָלג, וואָס איז, נאָך איר געדאַנק געווען: זיי אַליין דערפאָלגרייך און זאָל דיר קיין זאַך ניט שטיין אין וועג פון ווערן דערפאָלגרייך. דערפאַר האָט זי אין גאָלדען געפונען אַן עכטע חברטע, דערפאַר האָט זי זיך אויסגעלערנט, אַז קיין זאַך זאָל איר ניט אַרן, אַבי גיין פאָראויס אין לעבן און געניסן פון אַלץ.

די יידישע צרות אין פּוילן האָט לאָטשיאַ צוגעשריבן צו דעם ניט וועלן זיך צופּאַסן צום אַלגעמיינעם לעבן אין פּוילן. יידן האָבן געטראָגן באַזונדערע בגדים, יידן האָבן געטראָגן בערד, גערעדט יידיש. אָפּגעהיט כשרות, זיך ניט געוואָלט אַסימילירן. זי איז געווען זיכער ביי זיך, אַז ווען אָנקאַ וועט אויס־וואַקסן, וועט זי ניט דורכגיין די ליידן וואָס אַזוי פיל יידן מאַכן דורך. זי

זעט דאָס באַשײנפּערלעך. װען אָנקל גוסטאַװ פֿאָרט אַרױס אױפֿן לאַנד, ציִען די פֿױערים פֿאַר אים די היט. װען אָנקל מאיר קומט אַרױס אױפֿן זעלבן פּלאַץ, חוזקן די פֿױערים פֿון אים אָפּ. אָנקל גוסטאַװ קוקט אױס װי אַ פּאָ־ליאַק, אָדער דײַטש, אָנקל מאיר טראָגט אַ בערדל און דער ייִד ליגט אױסגע־גאָסן איבערן גאַנצן פּנים.

נײן, זי װיל ניט פֿאָרן קײן אַמעריקע. זי האָט זיך ניט צוליב װאָס צו אײלן. זי װעט די דאָרטיקע גליקן קײנמאָל ניט פֿאַרשפּעטיקן. פּױלן איז איר הײם, דאָ איז אַנקאַ געבױרן געװאָרן, די פּױלישע שפּראַך איז איר ליב און זי איז אַ טײל פֿון לאַנד און זײַן קולטור. אין פּאָליטיק מישט זי זיך ניט. זי װײס, אַז מען דאַרף זײַן פּאַטריאָטיש.

באַדױערט לאָטשיאַ װאָס איר עלטסטע שװעסטער איז ניט אַזױ װי זי. זי איז שטענדיק געװען פֿאַרזאָגט, װי זי װאָלט געטראָגן דעם ייִדישן גלות אױף די פּלײצעס. באַדױערט לאָטשיאַ נאָך מער װאָס איר ייִנגערע שװעסטער מלכּה איז געװאָרן די פּראָבלעם פֿון דער גאַנצער משפּחה. קלוג איז זי און סענסיטיװ און פֿאַרשטײט צופֿיל און זי קאָן זיך ניט און װיל זיך ניט צופּאַסן צום לעבן און זײַנע באַדינגונגען. זי האָט זיך פֿאַרקוקט אין דער טאַנטע רע־גינטשאַ און װיל ניט חתונה האָבן. זי זאָגט זיך ניט אָפּ פֿון דער מענער־געזעלשאַפֿט, נאָר קײנער פֿון די יונגעלײט איז ניט גענוג גוט פֿאַר איר. זי איז שױן ניט אַזױ יונג און צוליב איר פֿאַרזױערטקײט איז דאָס פּנים געװאָרן ניט שײן און עס באַװײַזן זיך שױן קנײטשן אַרום די אױגן. קײן אַלמן װיל זי ניט נעמען. כאָטש געפֿין פֿאַר איר אַן אינטעליגענט, אַן אַדװאָקאַט, אַ דענטיסט, אַן אַרטיסט, געפֿין פֿאַר איר. אַלײן רירט זי זיך ניט פֿון אָרט.

צו מאַטעקן האָט מלכּה געשריבן, אַז זי איז לעצטנס שטאַרק אױפֿגע־רעגט און זי װאָלט װעלן רעדן מיט אים מינדלעך. האַלט ער אין אײן שרײַבן — און אױך סאַלטשע בעט זיך בײַ איר — אַז זי זאָל קומען קײן אַמעריקע. זײ װעלן זי גוט באַהאַנדלען. זײ װעלן איר שיקן אַלע אױסגאָבן. זאָל זי קומען אױף אַ באַזוך. ענטפֿערט זי, אַז זי באַטראַכט דעם פּלאַן — און מער הערט מען ניט פֿון איר.

גאָר אַן אַנדער מענטש װערט מלכּה, װען זי פֿאַרשפּילט זיך מיט אַנקאַן. לאָטשיאַ קאָן זיך דאַן ניט אָפּװאונדערן פֿון איר. דאָס קינד איז משוגע פֿאַר איר. קײנער קאָן ניט געװינען איר צוטרױ אַזױ גיך װי מלכּה. דאָס קינד קלעפּט זיך צו צו איר װי אַ פּיאַװקע, ניט אָפּצורײַסן זי פֿון איר.

— מלכּה, שלאָף דאָ, מלכּה. איך װיל דו זאָלסט װאױנען מיט אונדז, — בעט זיך אַנקאַ.

לעצטנס איז צוגעקומען נאָך אַ צרה. מלכה האָט פאַרלאָרן איר פּאָסטן. און אַ פּאָסטן איז זייער שווער צו קריגן. עס דרייען זיך אַרום אַן אַ שיעור אַרבעטלאָזע. אַ סך געשעפטן זיינען געשלאָסן. אַ סך פאַבריקן זיינען פאַר־מאַכט און מען ווייסט ניט ווען זיי וועלן זיך עפענען. מלכה דאַרף צו קיינעם ניט אָנקומען. זי לעבט שפּאָרזאַם און זי מוז האָבן געגוג געלט, נאָר די אויס־זיכטן צו קריגן אַ שטעלע ווערן אַלץ מאָגערער און דאָס מוז ווירקן אויף איר געמיט.

דערפאַר האָט מען אָבער מער נחת פון אַנדזשיאַן, די יינגסטע שוועסטער. אַנדזשיאַ האָט אַ דיפּלאָמע און זי האָט אַ פיינעם פּאָסטן אין אַ גרויסן קאָנטאָר. וואָלט אַלץ געווען גוט, ווען זי וואָלט געגאַנגען אויף לאָטשיאָס וועג. טוט זי אָבער אַלץ זעלבשטענדיק און זי איז אַנדערש פון אַלע שוועסטער. זי לאַכט זיך אויס פון גוטשיאָס פרומקייט און פון איר לויפן צום טאַטנס קבר, ווען עס ווערט איר שלעכט. אַנדזשיאַ איז קעגן רעליגיע. זי איז פריי „גע־זאָגען“, נאָר זי איז קעגן לאָטשיאָס געדאַנק אַז יידן מוזן זיך אַסימילירן. פאַרקערט. אַנדזשיאַ האָט לעצטנס זיך גענומען רעדן יידיש און ניט אָנקל מאַירס יידיש, נאָר אַ בוך־יידיש. זי האָט אפילו געפּרואווט איינרעדן לאָ־טשיאַן און העניעקן, אַז זיי זאָלן שיקן אַנקאַן אין אַ יידישער שול. אַנדזשיאַ וואָס האָט קיינמאָל ניט געלייענט קיין יידיש ביכל, טראָגט זיך אַרום מיט די לעצטע יידישע אויסגאַבעס פון וואַרשע. זי דערהאַלט יעדע וואָך „די לי־טעראַרישע בלעטער“ און דאָס איז ביי איר אַ גאַנצע תורה. זי זאָגט, אַז מלכה איז אַזוי געוואָרן דערפאַר, וואָס זי אינטערעסירט זיך ניט מיט געזעל־שאַפטלעכע פּראָבלעמען. אַנדזשיא וויל ניט אויסזאָגן וואָס זי אַליין איז. אַמאָל רעדט זי ווי אַ סאָציאַליסטקע און אַמאָל נאָך „ערגער“ — ווי אַ רויטע. זי לאַכט ווען מען פרעגט זי, נאָר איין זאַך איז זיכער, זי ווייס וואָס עס טוט זיך אין דער פּאָליטיק. זי האָט אַ מענערשן קאָפּ אויף זיך.

אַלע ווייסן, אַז אַנדזשיאַ גייט אַרום מיט אַ יונגנמאַן וואָס איז אַן אינטע־ליגענט. ער זינגט שיינע יידישע פאָלקס־לידער און ער איז אַ גאַנצער מאַ־כער אין דער יידישער קינדער־שול. אַליין איז ער אַ זייגערמאַכער און ער האָט אַנדזשיאַן געשאָנקען גאָר אַ שיין זייגערל. דאָס זייגערל ווייזט, אַז עס האַלט שוין גאָר נאָענט צווישן זיי.

זינט אַנדזשיאַ האָט זיך אויסגעלערנט שרייבן אַ מאָדערנעם יידיש האָט זי אָנגעהויבן פירן אַ גרעסערע קאָרעספּאָנדענץ מיט מאָטעקן און סאָלטשען. מאָטעק איז געווען איבערראַשט ווען ער האָט דערהאַלטן פון איר דעם ערשטן יידישן בריוו.

.3

די אַנקלס און טאַנטעס האַלטן אַן אויג אויף מאַטעקס שוועסטער. זיי זעען וואָס עס קומט פאָר, מישן זיך ווילן זיי ניט. זיי האָבן אייגענע קינדער און אייגענע דאגות, נאָר פון צייט צו צייט קומט מען זיך צוזאַמען און מען שמועסט זיך דורך וועגן טייבלס טעכטער. מען ציט אַ מין חשבון פון די פּלוסן און מינוסן.

דער הויפּט־טאָן געבער איז נאָך אַלץ אַנקל גוסטאַוו, דער רייכסטער אין דער משפחה. זיין וואָרט דרינגט אַריין אומעטום און עס איז שווער אים צו דערווידערן. טאָמער טוט מען דאָס, וועט ער עס געדענקען און ווען מען וועט דאַרפן אָנקומען צו אים, וועט ניט זיין אַזוי לייכט.

אַנקל גוסטאַוו האָט שוין דערוואַקסענע צוויי קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער. ביידע שטודירן אין אויסלאַנד — דער זון אין דייטשלאַנד, די טאָכטער אין פּאַריז. דער אַנקל איז אַנגעזען אין לאָדזש. ער איז אַ דירעקטאָר פון אַ באַנק. ער האָט אַקציעס אין אַ צאָל געזעלשאַפטן. ער פאַרמאָגט הייזער און גיטער. נאָר ער האָט גענוג צייט און אינטערעס זיך אָפּצוגעבן מיט פאַמיליע אַנגעלעגנהייטן. אין אַלץ מישט ער זיך. אַלץ געדענקט ער. ער ווייס, אַז גוטשיאַ האָט ניט קיין נחת פון איר מאַן. צו גוטשיאַן האָט ער אַ וואַרעם געפיל נאָך פון אירע קינדער־יאָרן אָן. ער האָט ליב, אַז מען איז געטריי. גוטשיאַ איז שטענדיק געווען געטריי צו אירע עלטערן, צו זיין גאָטזעליקער שוועסטער טייבל. גוטשיאַ האָט שטענדיק געפאָלגט. קיינמאָל ניט אַקעגנגערעדט ווי דער ווילדער יונג מאַטעק. ערב אַ יידישן יום־טוב פאַרגעסט גוסטאַוו ניט אין גוטשיאַן. ער קויפט איר עפּעס אויף יום־טוב, ער ברענגט עס איר אַליין צו. ער האָט ליב איר ברכה.

— זאָל דער ליבער גאָט געבן דעם אַנקל אַ סך גוטע יאָרן.

— דער אַנקל זאָל זען נאָר גוטס און פריידן פון זיינע ליבע קינדער, אמן.

גוסטאַוון קרענקט וואָס לאָטשיאַ איז צוליב איר מאַן העניעק, ניט אַזוי נאָענט צו אים ווי אַמאָל. דער אַנקל האָט ליב אַ שיין, יונג פּנים. דער אַנקל האָט ליב אונטערגעמוגג־גייסט. לאָטשיאַ פאַרמאָגט די אַלע מעלות. עס געפעלט אים איבערהויפּט, וואָס זי דערציט איר קינד אין פּוילישן גייסט, וואָס זי איז מאָדערן. ער וואָלט וועלן, אַז העניעק זאָל זיך מיט אים איבערבעטן, נאָר העניעק איז אַ האָן, וואָס מיינט, אַז מיט זיין קרייען וועט ער שטייגן גאָר הויך. דער אַנקל האָט שוין געזען ווי שווערע אינדיקעס האָבן זיך אויסגעצויגן פאַר אים. העניעק וועט אים נאָך קומען איבערבעטן.

פון מלכהן און אַנדזשיאַן האָט גוסטאַוו פיל קרענקעניש. ער וואָלט

וועלכן מלכהן חתונה מאַכן. ער איז גרייט צו געבן נדן, אַבי עס זאָל אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ. ער פּרוואווט געפינען פאַר איר אַ גוטן פּאָסטן, נאָר פּאָסטנס זיינען מיט גאָלד צוגליידך. ער איז אַליין אַזוי שטאַרק פאַרדרייט אין זיינע געשעפטן, אַז ער ווייסט אַליין ניט וויפל ער איז ווערט. די וועלט מיינט, אַז ער איז אַ מיליאָנער, זאָל מען מיינען.

די קליינע אַנדזשיאַ, וואָס איז גאַרניט געראָטן אין דעם קאַלינסקי־שטאַם, חברט זיך מיטן פּעבל. מען וועט זי נאָך אַמאָל אַריינפּאַקן אין דער קאָזע, האָט ער איר געוואָרנט, האָט זי געלאַכט פון אים. זי לאַכט אַזוי אָנ־גענעם, נאָר ער ווערט אין כעס פון איר שמייכל. פאַר איר זאָרגט ער זיך ניט. זי וועט באַלד הייראַטן. זי האָט אַ גוטע שטעלע. זי האַלט ניט פון אים. זאָל זי לעבן איר לעבן. אים אַרט ניט.

דער אָנקל מענדל האָט אויך צוויי דערוואַקסענע קינדער. מאָדנע ווי דער אָנקל מענדל האָט אין אַלץ נאָכגעטאָן זיין איינפלוסרייכן ברודער. די זעלבע וואָנצעס, די זעלבע אָנגעדרודלטע ווייב. ביידע ברידער האָבן צו צוויי קינ־דער, גוסטאַוו האָט הייזער; מענדל האָט אויך געקויפט הייזער. נאָר גוסטאַוו איז רייך און מענדל קריכט אויף די גלייכע ווענט. גוסטאַוו אינטערעסירט זיך מיט דער משפחה, נאָר מענדל וויל בלויז אויסנוצן די משפּחה, ווען ער נויטיקט זיך אין איר. ליי אים געלט, טו אים טובות, נעם מיט דעם זון אויפן לאַנד. מענדל האָט צוויי זין, איז איינער אין פּוילישן מיליטער און דער צווייטער העלפט דעם פאָטער אין זיינע געשעפטן. זיינע געשעפטן — מאַ־ניפאַקטור בראַנזשע און הייזער.

דער טאָמאַשאָווער אָנקל קומט נאָך אַלץ צופאָרן נאָך לאָדזש, נאָר קיין שאָקאָלאַד קייט ער שוין ניט. די ציין דינען אים מער ניט. אַ מויל מיט לעכער. זיין פרוי, די טאַנטע העלטשאַ, איז נאָך אַלץ די גוטסקייט אַליין, נאָר זי קרענקט אונטער און מען בעט רחמים פאַר איר. זי האָט פיר קינדער. איין זון וואוינט אין פּאַריז, חתונה געהאַט, האָט אַ מיידעלע. איין טאָכטער וואוינט אין וואַרשע, איז דער מאַן פון איר אַוועק און זי וואַרט אַז ער זאָל צוריקקומען. די איבעריקע צוויי טעכטער זיינען מיט איר אין טאָמאַשאָוו, נאָר זיי קלייבן זיך באַזעצן אין לאָדזש.

דער עלטסטער אָנקל, מאיר, האָט זעקס קינדער. זעקס טעכטער. קלייבט זיך איינע פאָרן אין פּאַלעסטינע מיט איר מאַן; די צווייטע האָט געקראָגן אַ חתן אין ברעסלאַו און וואוינט דאָרט. די איבעריקע פיר זיינען געקומען מיט די עלטערן נאָך לאָדזש און דאָ וועלן זיי חתונה האָבן. די טאַנטע עמאַ איז זייער מעטאָדיש, אפילו ווען עס קומט אויסצוקלייבן חתנים פאַר פיר טעכ־טער. אַלץ פירט זי מיט אַ זיכערער האַנט. איין שדכן אַריין, דער צווייטער

אַרויס; זי טוט זיך אָן דאָס שבתדיקע קלייד און גייט זען אַ חתן, זי לאָדט איין איר טאָכטערס באַקאַנטן צו זיך אין שטוב אַריין און זי מעסט אים אָפּ פון קאָפּ ביז צו דער קעשענע. פּראַקטיש, געשעפטסמעסיק.

בלייבט נאָך איבער די טאַנטע רעגינטשאַ. זי האָט נאָך אַלץ פולע שראַנקן מיט די טייערסטע קליידער, מאַנטלען און פוטערס. זי לייענט נאָך אַלץ פראַנצויזישע ראָמאַנען, זי שפּעט נאָך אַלץ אָפּ פון דעם גרויסן ליגן — דאָס פּאַרהייראַטע לעבן. זי איז נאָך אַלץ גרייט יעדן איינעם צו געבן אָנ־ווייזונגען ווי זיך איינצואָרדענען אין לעבן. זי איז נאָך אַלץ געזונט, הגם זי איז אָנגעפּאַקט מיט יאָרן, ווי אַ מילגרוים מיט קערנער. זי וועט שוין ניט חתונה האָבן. זי וועט שוין אין אַמעריקע ניט פאָרן. זי וויל בלויז, אַז אין ווינטער זאָל איר זיין וואַרעם און אין זומער זאָל זי קאָנען זיך קילן אין די טאַרטאַר בערג. זי דאַרף צום קיינעם ניט אָנקומען און קיינער וועט צו איר ניט אָנקומען. זי היט אָפּ דעם שטאָלץ פון דעם אַלטן קאַלינסקי־שטאַם.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

# סטרייקס

.1

מאַטעק און סאַלטשע האָבן זיך ניט געוואונדערט, וואָס מען זעט מער ניט בענען. זיי האָבן געוואוסט, אַז ער איז איבערן קאָפּ פאַרנומען מיטן סטרייק פון די טעקסטיל־אַרבעטער אין פּאַסייק. און ניט נאָר ער, נאָר דר. פּאַניאַ אימבער האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט איר גאַנצער ענערגיע אין דער רעליף־אַרבעט פון סטרייק. טאָמער האָט זי זיך אויף אַ פּאָר מינוט אַריינגע־כאַפּט צו סאַלטשען אין הויז, איז די טעמע געווען — פּאַסייק. און באַלד האָט זיך סאַלטשע פאַרנומען מיט זאַמלען געלט און זאַכן פאַר די קינדער פון די סטרייקערס. זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין רעליף־קאָמיטעט און זי האָט מאַ־טעקן אויך אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט.

עס איז געווען אין אויגוסט פון 1926. אין די אַרבעטער־קרייזן האָט מען גערעדט וועגן די דריי גרויסע סטרייקס, וואָס האָבן אויפגערודערט דאָס לאַנד. דער לאַנגער פאַרלאָרענער סטרייק פון קוילנגרעבער אין קאָלאָראַדאָ; דער סטרייק פון די טעקסטיל אַרבעטער אין פּאַסייק און דער סטרייק פון די

קלאָוקמאַכער און פּאַריער אין ניו־יאָרק. לואי דעיוויס און זיין פרוי זיינען געקומען צוגאַסט צו מאַטעקן און די פּאָר שעה, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט אין הויז האָט מען בלויז גערעדט וועגן דעם קלאָוקמאַכער סטרייק, אין וועלכן לואי האָט זיך שטאַרק באַטייליקט. קיין צו־געזונטער מענטש איז לואי ניט געווען. נאָך דער שווערער אָפּעראַציע איז ער אַרויס ניט דער זעלבער מענטש און ווי ער האָט געוואָלט אַרויסצייגן זיין געטריישאַפט צו דער יו־ניאָן און באַווייזן, אַז ער קאָן פון דער פּרי ביז ביינאַכט זיין אַריינגעטאָן אין סטרייק אַקטיוויטעט, איז עס אים אָבער מער ניט געלונגען. ער איז געווען אָפּגעשוואַכט און לאַנג ניט געקאָנט שטיין אויף די פיס און פּיקעטן. ער האָט זיך געפילט שולדיק, דאָך האָט ער זיך ניט אָפּגעזאָגט פון קיין אַר־בעט, וואָס די פירערשאַפט האָט אויף אים אַרויפגעלייגט.

מאַטעק און סאַלטשע האָבן לואין אויסגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. דער דזשאַינט עקשאָן קאַמף, דער קאַמף קעגן דער רעכטער פירערשאַפט אין דער יוניאָן, און ווי אַזוי 35 טויזנט קלאָוקמאַכער זיינען דעם ערשטן יולי אַרויס אין סטרייק; די פאַרפאָלגונגען פון דער פּאָליציי קעגן די סטרייקערס און די אַנפירער — דאָס אַלץ איז געווען אי אויפברויזנדיק, אי דראַמאַטיש אין זייערע אַנטוויקלונגען.

נאָר פּאַסייק האָט פאַרנומען מאַטעקס און סאַלטשעס הויפּט־אינטערעס. זייענדיק לאָדזשער איז זיי די טעקסטיל אינדוסטריע געווען נאָענט און פּע־טערסאָן און פּאַסייק זיינען פאַר זיי געווען אַ שטיק פון לאָדזש. די וועבע־רייען און די פאַרבערייען און די באַדינגונגען אין זיי זיינען פאַרגליכן גע־וואָרן מיט די היימישע קאָנדיציעס אין פּאַביאַניץ און זגערזש.

ענדלעך איז געקומען צו אַ מאָמענט, ווען אַלע פריינט זיינען זיך צו־זאַמענגעקומען אין די אינטערעסן פון דעם פּאַסייקער סטרייק. געשען איז דאָס דעם 28טן אויגוסט, אין קוני איילאַנד סטאַדיום, וואו עס איז דורכגע־פירט געוואָרן אַ קאָנצערט צוגונסטן דעם רעליף־קאָמיטעט פון די סטרייקערס. יעדער איינער האָט אויף זיין אופן בייגעטראָגן צום דערפאָלג פון דער אונ־טערנעמונג. מאַטעק און סאַלטשע האָבן אַ פּאָר וואָכן אין פאָראויס פאַר־קויפט בילעטן; דר. אימבער איז געווען אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דעם גענעראַלן רעליף קאָמיטעט; בען איז געשטאַנען אין דער אָנפירער־שאַפט פון דער אונטערנעמונג און די דעיוויסעס — פאָטער, מוטער און דריי קינדער — האָבן אַרויסגעהאָלפן האַלטן אָרדענונג אין סטאַדיום.

אפילו שלומל האָט אָנטייל גענומען אין דער אונטערנעמונג. דאָס איז געווען זיין געזעלשאַפטלעכער דעביוט. צום ערשטן מאָל האָבן אים די על־טערן גענומען צו אַ קאָנצערט. די פּראָגראַם איז באַשטאַנען פון אַ באַלעט,

וואָס האָט אויסגעטאַנצט „שעהעראַזאַדע״; אַן אָרקעסטער האָט געשפּילט; דער גרויסער פרייהייט געזאַנג פאַראַיין, פון 400 שטימען, אונטער דער ענער־גישער אָנפירונג פון דעם יונגן אַרבעטער קאָמפּאָזיטאָר, יעקב שייפער, האָט געזונגען יידישע אַרבעטער־לידער און דער באַרימטער אַדוואָקאַט פרענק וואָלש האָט גערעדט. אומזיסט האָבן זיך זיינע עלטערן געשראָקן, אַז שלומל וועט ניט אויסזיצן די לאַנגע פּראָגראַם. פאַרקערט, ער איז געווען שטאַרק פאַרכאַפּט פון געזאַנג און פון די טענץ. בלויז די רעדנער האָט ער ניט גע־קאָנט פאַרטראָגן און מאַטעק האָט מיט אים אַרומגעשפּאַצירט צווישן ריזיקן עולם. סאַלטשע איז געווען שטאָלץ אויף איר שלומלען, וואָס איז געווען אי אויסגעשלאָפן, אי זאַט, אי אין אַ פריילעך געמיט.

עס איז שוין דאַן געווען די 31סטע וואָך זינט דער סטרייק איז אָנגעגאַנ־גען. מאַטעק און סאַלטשע האָבן ניט נאָר נאָכגעפאָלגט די טאָג־טעגלעכע געשעענישן אין סטרייק, נאָר זיי זיינען געווען גוט אינפאָרמירט וועגן דער לאַגע פון די טעקסטל־אַרבעטער איבערן לאַנד. פאַר זיי איז דאָס געווען אַ לעקציע אין דער אינדוסטריעלער געשיכטע פון לאַנד. די איבער איין מי־ליאָן טעקסטיל־אַרבעטער זיינען געווען אַ גרויסער כוח אין דער שליסל־אינ־דוסטריע, פון וועלכער פיר און אַ האַלב מיליאָן מענטשן זיינען געווען אָפּ־הענגיק.

פאַר מאַטעקן און סאַלטשען זיינען איבערהויפּט געווען אינטערעסאַנט די פאַקטן וועגן דעם, ווי די אינדוסטריע האָט זיך פאַרשפּרייט אין די דרום־שטאַטן; ווי אַזוי קינדער־אַרבעט איז געווען פאַרשפּרייט צווישן דער נעגער־באַפעלקערונג; ווי אַזוי פרויען, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ גרויסן טייל פון די אַרבעטער אין די פאַבריקן ווערן עקספּלואַטירט און ווינציקער באַ־צאָלט ווי די מענער; ווי אַזוי די אינדוסטריע זאַפּט אין זיך אַריין אַרבעטער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן.

די זעכצן טויזנט טעקסטיל סטרייקערס אין פּאַסייק האָבן מיט זיך פאָר־געשטעלט אַן אינטערנאַציאָנאַלע אַרמיי. די מערסטע זיינען באַשטאַנען פון פּוילישע און אונגאַרישע אַרבעטער, נאָר עס זיינען צווישן זיי אויך געווען יידן, פראַנצויזן, פּאָרטוגעזער, גריכן, איטאַליענער און איירישע. דער סטרייק איז אָרגאַניזירט געוואָרן ניט פון דער מעכטיקער אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון אַרבעט, נאָר פון דעם לינקן פאַראייניקטן פראָנט־קאָמיטעט, וואָס האָט געוואוסט, אַז די פעדעראַציע קלייבט פאַר זיך תמיד אויס דעם לייכטן וועג פון קומען אויף גרייטן, פון אָרגאַניזירן די פאַכן, וואָס זיינען מערסטנס ספּעצ־יאַליזירט און וועלכע עס איז לייכט צו אָרגאַניזירן. נאָר די סאַמע פאַר־שקלאַפּטסטע, די „שוואַרצע״ אַרבעטער, די אימיגראַנטישע עלעמענטן, די

קינדער און פרויען, וועלכע נויטיקן זיך צומערסטנס אין אָרגאַניזאַציע — אָט די האָט די פעדעראַציע איגנאָרירט. דער פּאַראײניקטער פראָנט־קאָמיטעט האָט דערפאַר פאַר זיך געהאַט די שווערסטע אויפגאַבע. אין אָנהויב האָט די פעדעראַציע אפילו געשטערט אין דער אַרבעט, נאָר נאָך אַ האַלב יאָר סטרייקן און הונגערן און האַלטן זיך מוטיק, האָט די אָפיציעלע יוניאָן פון דער פעדעראַציע, די יונײַטעד טעקסטיל וואָירקערס, אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען, צי מען זאָל די סטרייקערס אַרײַננעמען אין דער יוניאָן. זי האָט דאַן געשטעלט באַדינגונגען, אַז די פירערשאַפט, איבערהויפּט די לינקע — און זי איז געווען די סאַמע איבערגעגעבנסטע — מוז פאַרלאָזן דעם סטרייק.

די פּאָליציי־ברוטאַליטעטן אין פּאַסייק האָט איבערגעשטיגן אַלע גרענעצן. מען האָט געשלאָגן קינדער, פרויען, אַלטע לייט. אַ פרוי פון אַ סטרייקער האָט געכאַפּט אַ זעץ אין פוס פון אַ פּאָליציאַנט און דער פוס איז תיכף פּאַראַליזירט געוואָרן. דאָך האָבן די סטרייקערס זיך ניט געשראָקן פאַר דעם טעראָר. זיי האָבן געוואוסט, אַז פון גאַנצן לאַנד ווערן זיין געשטיצט פון די אַרבעטער מיט שפּייז, מיט קליידער, מיט געלט. אויך האָבן די אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן זיך סאָלידאַריזירט מיט די סטרייקערס. אַזוי איז דורכגעפירט געוואָרן אין פּאַסייק אַ דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט איבער פינף און צוואַנציק טויזנט אַרבעטער. עס האָבן מאַרשירט די זאָקן־אַרבעטער, די ציגל־לייגער, די אײַזן־אַרבעטער, די מעבל־אַרבעטער. די ליבשאַפט פון די סטרייקערס צו זייערע פירער האָט קיין גרענעץ ניט געהאַט.

איינמאָל איז פאַניאַ געקומען צו סאַלטשען און זי האָט זיך אָפּגערוט ביי איר. זי האָט איר דאַן דערציילט וועגן די שווינדזיכטיקע פרויען, וואָס זײַנען באַשעפטיקט פאַר אַ הונגער־לוין אין פּאַסייק, וועגן 15־יעריקע מיידלעך, וואָס שפּייען מיט בלוט און פאַרדינען ניין דאָלאַר אַ וואָך, וועגן אַ מאַמע מיט אַכט קינדער אין דער היים, וואָס אַרבעט שוין 20 יאָר ביים וועב־שטול. פאַניאַ האָט גערעדט מיט געפיל, מיט ווייטאָג און סאַלטשע האָט געביסן די ליפּן.

— אין רייכסטן לאַנד אויף דער וועלט, — האָט סאַלטשע געשעפּטשעט.

די יידישע אַרבעטער־גאַס אין ניו־יאָרק האָט געברויזט מיט קאַמף; קאַמף קעגן באַלעבאָס, וואָס האָט געוואָלט אַרויסרייסן וואָס מער און געבן וואָס ווייניקער, און קאַמף אין די אייגענע רייען, צווישן די אַרבעטער גופא. שפּאַלטונגען אין די יוניאָנס, שפּאַלטונגען אין פּאַראײנען, אין אַרבעטער־רינג, אין די קינדער־שולן. דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגערופן אפילו אויף די היימען. דער פאָטער איז געווען אַ לינקער, די מאַמע אַ רעכטע, איין קינד

האָט געהאַלטן מיטן פאָטער, דאָס צווייטע מיט דער מוטער. און צוליב וואָס זיינען געוועזן די שפּאַלטונגען און די רייבערייען און רייסערייען? צו־ליב דעם נייעם לעבנס־וועג, צוליב די געשעענישן אויף דער וועלט, צוליב די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די מוחות פון די דענקענדיקע מענטשן.

פּראָגרעס האָט געפאָדערט קרבנות, געפאָדערט מאַרטירער, געפאָדערט רויט בלוט. קיינער האָט ניט געוואָלט צעשלאָגן ווערן אויף דער פּיקעט־ליין, קיינער האָט ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט גענגסטערס און מיט דער צערייצטער פּאָליציי. און דאָך האָט מען געזען ווי איידעלע מיידלעך, אַלטע מענער און קראַנקע אַרבעטער האָבן זיך געשטעלט קעגן דער ברוטאַלער מאַכט, געשטעלט זיך מיטן וואָרט פון אמת און דערפאַר באַקומען צעבראָכענע קעפּ און אויסגעהאַקטע ציין.

די קלאָוקמאַכער, די פּאָריער, די בעקערס, די פּיינטערס — אַלץ יידישע פאַכן, וואו עס זיינען כסדר פאָרגעקומען סטרייקס און קאַמפן צווישן רעכטע און לינקע ברידער אַרבעטער. האָבן אָט די מערסטנס אימיגראַנטישע אַר־בעטער געבראַכט שאָדן דעם לאַנד מיט זייערע קאַמפן? די פאַקטן האָבן געוויזן, אַז פאַרקערט — זיי זיינען געווען דער אַוואַנגאַרד פון די מיליאָנען אַמעריקאַנער אַרבעטער זיך צו אָרגאַניזירן פאַר בעסערע באַדינגונגען, פאַר מער שכירות, פאַר קירצערע שטונדן, פאַר אַרויסווייזן סאָלידאַריטעט צווישן זיך, פאַר העלפן אַנדערע אַרבעטער אין קאַמף, פאַר שאַפן אַ בעסערע אַמע־ריקע פאַרן פּשוטן מענטשן, וואָס איז דער רוקנביין פון גאַנצן לאַנד.

ניט איינמאָל האָט מאַטעק מקנא געווען אָט־די יידישע פאַכן, וואָס האָבן אַזוי פיל מוט צו קעמפן פאַרן אמת, וואָס זיי שטייען אויף אַזוי פיל הע־כער אין גייסט פון פּראָגרעס פון זיינע אייגענע פאַך־קאָלעגן, די עלעקטרישנס, וואָס האָבן גוט פאַרדינט און דאָך זיינען זיי געווען אָפּגעשטאַנען אין אַר־בעטער־פּראָבלעמען. זיי האָבן זיך ווינציק וואָס אינטערעסירט מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע פון לאַנד. זיי האָבן געטראַכט בלויז פון זיך און מער גאָרניט.

— זיי זיינען ניט קיין אמתע פּאַטריאָטן פון אַמעריקע, — האָט פילאָ־זאָפירט מאַטעק און סאַלטשע האָט דאָס נאָך אַלץ ניט געקאָנט באַגרייפן.

.2

ווען עס איז אָנגעקומען די נייעס, אַז יודזשין וויקטאָר דעבס איז געשטאָרבן דעם 20טן אָקטאָבער, 1926, איז דאָס געווען אַ טרויעריקער טאָג פאַר מאַטעקן און סאַלטשען. זיי האָבן געוואוסט, אַז דעבס איז אין טורמע, די

דריי יאָר צייט, וואָס ער האָט זיך דאָרט געמוטשעט, שטאַרק קראַנק געווען און אַז ער האָט פאַרלאָרן 20 פונט. מען האָט זיך גערירכט, אַז ער וועט שוין לאַנג ניט לעבן. כאָטש האַרדינג האָט אים געהאַט באַפרייט און אים אפילו איינגעלאַדן צו זיך אין ווייסן הויז, האָט אָבער דעבס ניט געהאַט צוריקגע־קראָגן דאָס רעכט פון קאָנען שטימען ביי די וואַלן, פון זיין אַ בירגער. וואָס עס איז ביידן שטאַרק געפעלן געוואָרן איז געווען דעבסעס כאַראַקטער, זיין נשמהדיקייט. זיי האָבן ניט געקאָנט פאַרגעסן ווי זיין ערשטע טאַט, ווען ער איז אַרויס פון טורמע, איז געווען צו שיקן די פינף דאָלאַר, וואָס ער האָט באַקומען פון דער רעגירונג אַ „באַלוינונג" — פאַר דער פאַרטיידיקונג פון סאַקאָ און וואַנזעטי.

ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז עס וועט פאַרקומען אַ דעבס מעמאָריאַל אין קאַרנעגי זאַל, מאַנטיק, דעם 24טן אָקטאָבער, האָט סאַלטשע טעלעפאָ־נירט גאָלדען און פאַניאַן און ביידע האָבן באַשלאָסן צוזאַמען צו גיין מיט סאַלטשען און מיט מאָטעקן צו דעם דעבס־אָוונט.

דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, וואָס גאָלדע האָט געהאַלטן איר צוזאָג. וויפל מאָל סאַלטשע און מאָטעק האָבן זיך ביי איר געבעטן, אַז זי זאָל זיך „אויסמענטשלען", ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, האָט זי צוליב דער אָדער אַן אַנדער סיבה איר צוזאָג ניט געהאַלטן. דאָס מאָל איז זי געקומען צו סאַלטשען פרי און אויך פאַניאַ האָט צוזאַמען מיט דער פאַמיליע געגעסן וועטשערע און זיך ריכטנדיק אויף אַ גרויסן עולם, האָט מען זיך אַרויסגע־לאָזט פון הויז גאָר פרי. דאָס איז געווען מאָטעקס פאָרשלאָג.

— איר וועט זען, אַז די גאַס וועט זיין שוואַרץ פון מענטשן, — האָט ער געזאָגט. און ער האָט געהאַט געטראָפן.

עס איז געווען סאַלטשעס מיינונג, אַז מען זאָל צום אָוונט מיטנעמען שלומלען.

— ער איז פינף און האַלב יאָר אַלט און דאָס וועט זיך אים איינקריצן אין זכרון, — האָט זי געזאָגט. פאַניאַ און גאָלדע האָבן איר אָפגערעדט, נאָר מאָטעק האָט צוגעשטימט און מען האָט שלומלען מיטגענומען.

זיי זיינען אָנגעקומען אין זאַל אַ שעה איידער דער אָוונט האָט זיך געדאַרפט אָנהויבן און אין אַ פאָר מינוט נאָכדעם ווי זיי זיינען אַריין, זיינען די טירן פאַרמאַכט געוואָרן און מען האָט מער קיינעם ניט אַריינגעלאָזט. זיי האָבן קוים געקאָנט קריגן צוואָרפענע פלעצער. סאַלטשע איז געזעסן מיט שלומלען אויף איר שויס. מאָטעק — באַזונדער, פאַניאַ באַזונדער און אויך גאָלדע האָט קוים געקראָגן אַ פלאַץ אויף דער העכסטער באַלקאָני.

דערפאַר אָבער האָט דער אָוונט איבערגעלאָזט אויף אַלעמען גאָר אַ

שטאַרקן איינדרוק. שוין די פאַרשיידנאַרטיקייט פון דעם רעדנער־צעטל האָט געווירקט. עס האָט געערעדט די העלדישע פיגור פון דער אַרבעטער באַוועגונג, עליזאַבעט גורלי פלין, וועגן וועלכער בען האָט אָפט ליב געהאַט צו דערציילן. זי איז געווען אַ פּראַכטפולע רעדנערין און איר קול האָט אָפּגעהילכט, ווי אַ קלאָרע עכאָ אין אַ געדיכטן, אַלטן וואַלד. עס האָט געערעדט דער בישאָפּ מאָנגאָמערי בראַון, וואָס האָט געזאָגט, אַז דעבס איז געווען אַ הייליקער פון אַרבעטער־קלאַס.

מאַטעק האָט געהאַט נאָך אין לאַדזש געהערט ווי מען האָט געזונגען די לידער פון „זיידע" מאָריס ווינטשעווסקי און אַט האָט זיך ווינטשעווסקי אַליין באַוויזן אויף דער בינע און דער גאַנצער עולם האָט זיך אויפגעשטעלט און אים אַפּלאָדירט, כאָטש מען האָט כסדר געבעטן דעם עולם נישט צו אַפּלאָדירן.

סאַלטשע האָט נאָך אין „בונד" אין לאַדזש זיך אָנגעהערט אַזוי פיל וועגן דער לעגענדע אַלגין. זי האָט געלייענט די פּראָקלאַמאַציעס, וואָס ער האָט געשריבן. וואו עס איז עפּעס געווען אַ ווירקזאַמע פּראָקלאַמאַציע, האָט מען געזאָגט, אַז דאָס מוז זיין פון אַלגינס גילדערנער פּען. און אַט שטייט אַלגין און רעדט וועגן דעבסן און רעדט גראָד ענגליש, כאָטש זיין יידיש איז געווען אויסערגעוויינלעך רייך און זאַפטיק.

מיט גרויס מי האָבן זיך שפּעטער צוזאַמענגעטראָפן מאַטעק מיט סאַלטשען מיט פאַניאַן און גאָלדען. אַלע זיינען געווען זייער שטאַרק גערירט פון דער פאַרזאַמלונג. דעבס איז אויסגעוואַקסן ריזיק גרויס אין זייערע אויגן. דעבס — דער עכטער אַמעריקאַנער, דער אַמעריקאַנער פון דער צוקונפט, וועמען מען וועט שטעלן מאָנומענטן ווי אַ נאַציאָנאַלן העלד.

וואָס עס האָט אַלעמען געוואונדערט איז געווען, וואָס דער עולם אין קאַרנעגי זאַל איז באַשטאַנען מערסטנס פון יידישע פּנימער. סאַלטשע האָט געזאָגט:

— איך בין שטאָלץ דערויף וואָס דער יידישער אַרבעטער איז געווען דער ערשטער צו ערן דעבסעס אָנדענק.

און טאַקע אַביסל שפּעטער זיינען אין ניו־יאָרק אָפּגעהאַלטן געוואָרן נאָך אַ ריי טרויער־אָוונטן נאָך דעבסן, וואו עס זיינען געווען פאַרטראָטן אַלערליי שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

אין וויניקער פון אַ חודש צייט האָט סאַלטשע ווידער צוזאַמענגעבראַכט גאָלדען און פאַניאַן און דאָס מאָל אויך בענען צו אַ פאַרזאַמלונג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען, וואו צוואַנציק טויזנט ניו־יאָרקער זיינען געקומען פּאָדערן, אַז מ'זאָל באַווילִיקן אַ נייעם משפּט פאַר סאַקאָ און וואַנזעטי,

אויפֿן גרונט פֿון די נײַע באַווייזן, וואָס האָבן באַשטעטיקט, אַז די צוויי מאָר־טירער זײַנען געווען אומשולדיק. אין צוויי טעג אַרום האָט ריכטער טהייער צוריקגעוויזן דעם פֿאָרלאַנג פֿאַר אַ נײַעם משפּט.

פֿאַרנומענע מענטשן זײַנען אין יענער צײַט געווען מאַטעק און סאַל־טשע. פֿרוי העניעסי האָט ניט איינמאָל אויפֿגעפּאַסט אויף שלומלען ביז זיי זײַנען אַהיים געקומען. זי האָט געוואוסט, אַז זיי טוען דאָס פֿאַרן וואוילזײַן פֿון אַמעריקע, כאָטש זי האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס מען פֿאָלגט ניט וואָס די רײַכע הייסן טאָן. זיי האָבן דאָס געלט, האָט זי געטענהט, האָבן זיי די מאַכט. מען דאַרף פֿאָלגן דעם, וואָס זיצט אין זאָטל.

.3

בען איז קוים געהאַט פֿאַרטיק געוואָרן מיטן סטרײַק אין פּאַסעיק, ווי ער האָט זיך געקליבן ווײַטער גיין אין שלאַכט אַרײַן, ווײַטער אָרגאַניזירן ניט־אָרגאַניזירטע טעקסטיל אַרבעטער אין די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע פּלע־צער, אין דעם נײַעם אינדוסטריעלן דרום, וואו דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל האָט פֿאַר זיך דערזען אַ פּרוכטבאַר פֿעלד פֿון ביליקע אַרבעטס־הענט און אַן אומדערשעפּלעכן קוואַל פֿון עקספּלואַטאַציע. בען איז שוין באַטראַכט גע־וואָרן פֿאַר אַן עקספּערט אין דער טעקסטיל אָרגאַניזיר־אַרבעט.

סאַלטשע איז געווען אַנטשלאָסן צו זען בענען פֿאַר זײַן פֿאַרשווינדן אין דרום. זי האָט אים אײַנגעלאַדן צו מיטאָג, ווען קיינער וועט ניט זײַן. זי האָט געוואוסט, אַז ער וועט אַזאַ אײַנלאַדונג אָננעמען. ער איז טאַקע געקומען. ער האָט געהאַט אַ פֿאַרגעפֿיל, אַז סאַלטשע וועט אים ווידער פּרואוון רעדן אַ שידוך און ער איז געווען צוגעגרייט.

— צוליב וואָס האָט איר מיך גערופֿן, סאַלטשע? איך קען דאָך אײַך. גלאַט געבן מיר אַ גוטן מאָלצײַט איז דאָך ניט געווען אײַער ציל. וואָס איז, סאַלטשע?

— בען, פֿאַרוואָס האָט איר ניט חתונה מיט פֿאַניאַן? — איז זי אַרויס־געקומען אָן אַ פֿאָררעדע, און גלײַך צום פּונקט, ערנסט און באַטריבט.

— דערפֿאַר, סאַלטשע, וואָס מיר זײַנען ניט קיין גלײַכע פּאָר. ווען זי וואָלט געווען אַזאַ פֿרוי ווי איר זײַט, וואָלט איך קיין צוויי מאָל ניט איבער־געטראַכט. איך וואָלט געזאָגט: „סאַלטשע, איך קאָן אָן אײַך ניט לעבן. איך בין פֿאַרליבט אין אײַך, האָט מיט מיר חתונה“. נאָר פֿאַניאַ איז ניט אַזאַ פֿרוי ווי איר זײַט. זי איז, ערשטנס, אַ קאַלטער מענטש און נאָך מײַן בעל איז מיר שווער געווען צו געפֿינען וואַרעמקייט. נײַן, פֿאַניאַ איז אַ זעלטענער מענטש, אַן ערלעכע ביז גאָר, אַן אידעאַליסט, אַ גוטער מענטש. זי וועט זײַן אַ פֿײַנע

פֿרוי פֿאַר איינעם, וואָס וועט זי ליב האָבן. אַלס אַ פֿריינט, אַלס אַ חבר איז זי מיר זייער טייער, נאָר זי קאָן ניט זיין דאָס, וואָס סאַלטשע איז צו מאַטעקן, דאָס זוך איך.

— בען, איר מאַכט אַ גרויסן טעות. איר וועט ניט יינגער. קיין סך פֿאַניאַס וועט איר ניט געפֿינען. איר זייט אַקטיוו, איר קומט אין באַרירונג מיט אַזוי פֿיל מענטשן און דאָך האָט איר זיך ביז איצט קיינעם ניט צוגעקליבן.

— פֿון וואַנען ווייסט איר, סאַלטשע?

— וואָס מיינט איר, פֿון וואַנען ווייס איך? איר גייט ניט אַרום מיט קיין פֿרוי, אָדער אפֿשר ווייס איך ניט דערפֿון. איר מוזט מיר ניט דערציילן אייערע פּריוואַטע ענינים.

— מיין טייערע סאַלטשע, איר ווייסט דאָך וואָס פֿאַר אַ גוט געפֿיל איך האָב צו אייך. איך רייד זעלטן וועגן מיינע פּריוואַטע אינטערעסן, אַפֿילו ניט מיט מיין שוועסטער, נאָר איר זייט דער ערשטער מענטש וועמען איך וועל עס דערציילן.

— איך וועל זיך זייער פֿרייען, אויב עס איז עפּעס גוטס פֿאַר אייך, בען.

— סאַלטשע, אין אונדזער גענעראַלער עקזעקוטיווע פֿון פּאַסעיק סטרייק האָט זיך געפֿונען אַ מיטגלידער, אַ מיידל, וואָס איז נאָר וואָס געהאַט אַרויס פֿון קאַלעדזש. זי איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער באַוועגונג און זי האָט באַשלאָסן אָפּצוגעבן איר פֿולע צייט פֿאַר דער רעליף־אַרבעט, איבערהויפּט פֿאַר די קינדער פֿון די סטרייקערס. זי האָט אַרויסגעוויזן פֿייאיקייט, טאַקט און קלוגשאַפֿט. נו, איך האָב געפֿילט, אַז איך פֿאַרליב זיך אין איר. ווי עס ווייזט אויס, איז ליבע אַ מין מאַגנעט. וואָס מער איך האָב זיך גענומען דערנעענטערן צו איר, אַלץ מער האָט זי זיך דערנעענטערט צו מיר. פֿאַר די לעצטע פּאָר חדשים זעען מיר זיך יעדן טאָג. ווי פֿאַרנומען איך זאָל ניט זיין, מוז איך זי זען. איך האָב ניט געוואוסט ווער זי איז, אויסער וואָס זי האָט דערציילט, אַז זי האָט געענדיקט קאַלעדזש. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז זי איז אַ טאָכטער פֿון אַן אָנגעזעענעם יידן אין דער היגער געזעלשאַפֿט. ער איז זייער אַ רייכער מענטש, כמעט אַ מיליאָנער, זאָגט מען מיר. ער איז אַ וואָל־סטריט לאָיער און אַ גאַנצער מאַכער אויפֿן סטאָק מאַרק. זי איז זיין איינציק קינד און ער מישט זיך ניט אין אירע אינטערעסן. זי האָט אים דערקלערט וועגן מיר און ער האָט געזאָגט: „לאָד אים איין אין הויז". איך בין געקומען און איר מוטער האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ ליבעראַלער פֿרוי. זי איז טאַלענטירט, זי האַלט אַז סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען אומשולדיק. זי האָט סימפּאַטיזירט מיט די פּאַסעיק סטרייקערס. די טאָכטער אירע איז מיט אַ צען יאָר יינגער פֿון מיר. זי איז איידל, צאַרט, העכסט־

ראַפּינירט און גראַציעז און זי איז אַ וואַרעמע נשמה, אַזאַ וואָס איך האָב ליב. עס קוקט אויס, אַז זי וועט מיט מיר מיטפאָרן אין דער סאוט, אָדער קומען צו מיר, ווען איך וועל זיך האָבן איינגעאָרדנט. איר נאָמען איז לואיז.

סאַלטשע איז געבליבן געפּלעפּט. זי האָט זיך אויף דעם ניט געהאַט געריכט.

— איך בין געווען איבערצייגט, אַז איר און פּאַניאַ זייט אַ גוטע פּאָר, נאָר עס איז דאָך אייער לעבן און איך ווינטש אייך גליק און דערפאָלג אין אייער אונטערנעמונג. מעג איך עס דערציילן מאַטעקן?

— און אַז איך וועל אייך זאָגן, אַז איר טאָרט ניט, וועט איר מיך דען פאָלגן? דערציילט, דערציילט. איך וועל זיך אַריינכאַפּן צו אייך אין אַן אָוונט און זיך געזעגענען מיט אייך ביידן. אפשר וועל איך מיטברענגען לואיזן.

— איר וועט מיר אָבער פריער לאָזן וויסן, ווען איר קומט, בען.

— יאָ, כ׳וועל אָנשרייבן אַ פּאָר ווערטער, נאָר מאַכט ניט קיין צוגרייטונגען. לואיז איז גרויס אין איר איינפאַכקייט. איר וועט זי ליב באַקומען, סאַלטשע.

— איך וועל אייך דאַנקבאַר זיין, אויב איר וועט קומען מיט איר, בען.

— איך זאָג אייך צו, סאַלטשע.

סאַלטשע האָט געהאַט דערציילט פּאַניאַן, אַז זי האָט איינגעלאַדן צו זיך בענען צו מיטאָג. פּאַניאַ האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז סאַלטשע וועט איר דערנאָך דערציילן וועגן זייער צוזאַמענקונפט. פּאַניאַ האָט זיך אויך פאַרגעשטעלט, אַז זי וועט זיין די טעמע ביים מיטאָג. יעדעס מאָל, וואָס סאַלטשע האָט פאַרבראַכט מיט בענען, האָט זי שפּעטער פּאַניאַן דערציילט ווי בען האַלט אין איין רעדן וועגן איר, פּאַניאַן. דער אמת איז געווען, אַז פּאַניאַ האָט אַלץ געוואַרט, אַז בען וועט אָנהויבן ווערן אַביסל ראָמאַנטישער און זי איינלאַדן אין טעאַטער אָדער צו אַ קאָנצערט. ער האָט עס געהאַט געטאָן אַ פּאָר מאָל און מיטאַמאָל אויפגעהערט. זי האָט דאָס געהאַט צוגעשריבן צו זיין פאַרנומענקייט מיטן סטרייק. נו, איצט איז געוואָרן אויס סטרייק. האָט זי געהאָפט, אַז בען וועט איר טעלעפאָנירן. נאָר בען האָט זיך שטענדיק געאיילט ביים מיטינג און זיך אַנטשולדיקט ביים אַוועקגיין, אַז ער איילט זיך, אַז מען וואַרט אויף אים.

פּאַניאַ האָט געוואַרט, אַז סאַלטשע וועט איר צומאָרגנס נאָך דעם מיטאָג מיט בענען טעלעפאָנירן און איר איבערגעבן, וואָס פאַר אַ שמועס זי האָט געהאַט מיט בענען. זי האָט זיך ניט דערוואַרט. איז זי אַריינגעקומען צו סאַלטשען זיך אָפּרוען אַביסל צווישן די „קאָלס״, נאָכמיטאָג.

— פאַניאַ, מיר פאַרלירן בעגען, — האָט סאַלטשע אָנגעהויבן, — ער פאַרט שוין ווידער אַוועק אָרגאַניזירן טעקסטיל מילס. דאָסמאָל פאָרט ער אין דער סאוט. עס איז אים ניט מקנא צו זיין. ער וועט זיין אין געפאַר אַרעסטירט צו ווערן אָדער נאָך ערגער — געקידנעפּט צו ווערן פון קלען. איך ווייס ניט ווען ער פאָרט, נאָר ער קלייבט זיך.

— מאָדנע, — האָט פאַניאַ זיך אָנגערופן, — ער האָט וועגן דעם גאָרניט ניט דערמאָנט ביים לעצטן מיטינג. ער האָט זיך לעצטנס זייער געאײַלט און איך האָב ניט געהאַט קיין געלעגנהייט מיט אים אויסצורעדן אַ פּאָר ווערטער. ער איז אַ טייערער יאַט, ניטאָ קיין סך אַזעלכע ווי ער אין אונדזער באַוועגונג.

זי האָט זיך געוואונדערט, וואָס דאָסמאָל האָט סאַלטשע איר גאָרניט ניט דערמאָנט וועגן דעם, אַז בען האָט געהאַט גערעדט וועגן איר. זאָל דאָס זיין מעגלעך, אַז בען האָט איר ניט דערציילט ווי שטאַרק ער האָט זי געלויבט פאַר אירע באַריכטן ביים לעצטן מיטינג?

נאָר סאַלטשע האָט געשוויגן. באַהאַלט עפּעס סאַלטשע פון איר?

— סטרייקס, סטרייקס, נאָר סטרייקס, — האָט פאַניאַ געזאָגט, ווי אין דער לופט אַריין.

— בום און פּראָספּעריטי און סטאַק מאַרקעט, פאַניאַ, און דו רעדסט נאָר וועגן סטרייקס.

— סאַלטשע, פּראָספּעריטי פאַר געציילטע, אָרעמקייט פאַר מיליאָנען. אין דער צוקונפט זע איך — סטרייקס, סטרייקס, סטרייקס . . .

פאַניאַ האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער קושעטקע און פאַרמאַכט די אויגן.

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

# מענטשלעכע לעבנס

.1

די מעשׂות וואָס לואי דעיווים האָט דערציילט מאַטעקן וועגן די פאַרפאָלגונגען וואָס די קלאָוקמאַכער שטייען אויס פון זייער רעכטער פּי־רערשאַפט האָבן מאַטעקן און סאַלטשען אויפגערודערט. עס האָט אויסגעקוקט ווי די אַרבעטער־פירער זיינען געווען אין אַ געוויסן זין ערגער פון די

באַלעבאַטים. די רעכטע אָפּאָזיציע האָט ניט בלויז אויסגעשלאָסן די קלאָוק־מאַכער און די פּאָריער, נאָר אויך די מילינערי און קאַפּן אַרבעטער, וואָס זיינען געווען לינק געשטימט, נאָר מען האָט די אַרבעטער אויך ניט געלאָזט אַרבעטן ביי זייערע פאַכן.

עס האָט געהערשט אַ טעראָר אויף דער יידישער אַרבעטער גאַס. יוניאָן פירער האָבן זיך באַנוצט מיט פּראָפעסיאָנעלע גענגסטערס צו פאַרקריפּלען אַרבעטער, צו צעברעכן די לעבנס פון דער לינקער פירערשאַפט. עס איז געווען אַ צייט פון „מעסער־העלדישקייט" און ניט איין ערלעכער אַרבעטער איז געבליבן אַ צעשעדיקטער אויפן גאַנצן לעבן.

לואי האָט דערציילט ווי מען האָט אים געוואָלט, צוזאַמען מיט נאָך צוויי מיטאַרבעטער פון שאַפּ צווינגען, אַז זיי זאָלן זיך רעגיסטרירן אין דער רעכטער יוניאָן. האָט מען אים געסטראַשעט מיט טורמע; מען האָט אים און זיינע חברים געוויזן רעוואָלווערן. אומבאַקאַנטע יונגעלייט, מיט פּנימער פון פּימפּס, זיינען אים נאָכגעגאַנגען און געזידלט מיט מיאוסע אויסדרוקן און געענדיקט: „מיר האָבן דיין נומער, מיר ווייסן דיין אַדרעס". ניט לואי און ניט זיינע חברים האָבן געפאָלגט.

בעסי דעיווויס האָט דאַן געהאַט געאַרבעט אין דער מילינערי ליין. אויך דאָרט האָט זי איבערגעלעבט עפּעס ענלעכס. וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אין קריג צווישן אַרבעטער־פירער זאָל מען זיך באַנוצן מיט מאָרד־מיטלען? און די פּאָליציי און די געריכטן זיינען געווען כסדר פאַרנומען מיט די אינערלעכע אַרבעטער־רייסערייען.

נאָר מאָטעק האָט אין זיין אייגענעם פאַך אָנגעהויבן איבערלעבן עפּעס ענלעכס. דאָרט איז ניט געווען דער אידעאָלאָגישער קאַמף צווישן רעכטס און לינקס, ווי אין די יידישע פאַכן. דאָרט האָט געהערשט די ערגסטע קאָרופּציע צווישן דער פירערשאַפט פון די בילדינג טרעידס. די פירער האָבן פשוט פאַרקויפט סטרייקס, זיינען אַליין רייך געוואָרן. זיי האָבן זיך געלאָזט אָפּקויפן פון אָפּען־שאַפּ באַלעבאַטים, כדי מען זאָל זייערע שעפער ניט אָר־גאַניזירן. רעקעטירס, גענגסטערס, קאָרופּציע, פאַרראַט צו די יוניאָן אינ־טערעסן, דאָס איבערנעמען פון יוניאָן לאָקאַלן, מיט דער הילף פון אונטער־וועלט העלדן; מעסערס, רעוואָלווערן, שטינק־באָמבעס, קלאַס־קאָלאַבאָראַ־ציע — דאָס אַלץ האָט דערפירט צו דעם, אַז די „אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון אַרבעטער" האָט נאָכאַנאַנד פאַרלאָרן מיטגלידער און אַז מיטגלידער האָבן זיך אויפגעהערט מישן אין די פירונגען פון די יוניאָנס.

די אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון אַרבעט האָט גענוצט אָפּגעלעבטע מע־טאָדן פון קרעפט יוניאָניזם, בעת די אַנטוויקלונג פון דער גרויס־אינדוסטריע,

װי די אויטאָמאָבילן, טעקסטיל, ראַדיאָ, עראָפּלאַנען, האָבן פאַרלאַנגט די מיטלען פון אינדוסטריעלן יוניאָניזם.

פון די דרום שטאַטן האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן אימיגראַציע פון נעגערס אין די אינדוסטריעלע צענטערן פון צפון — אין שיקאַגאָ, דעטראָיט, ניו־יאָרק. די נעגערס זיינען צו די יוניאָנס ניט צוגעלאָזט געוואָרן. בלויז אין די יידישע פאַכן, איבערהויפּט אין דער לינקער פאַריער יוניאָן, וואָס איז געווען די ערשטע צו געווינען אַ פערציק שעה'יקע אַרבעט־וואָך, זיינען נעגער אַרבעטער באַהאַנדלט געוואָרן ווי גלייכע. די לינקע זיינען אומעטום געצוואונגען געוואָרן צוליב די פאַרפאָלגונגען קעגן זיי, צו גרינדן אייגענע יוניאָנס. נאָר דער דואַל־יוניאָניזם האָט אָפּגעשוואַכט די אַרבעטער־באַוועגונג.

אָט אין יענער צייט זיינען די הערצער פון דער גאַנצער וועלט געווען געווענדט אויף באָסטאָן. עס איז שוין געווען זיבן יאָר זינט סאַקאָ און וואַנזעטי האָבן געשמאַכט הינטער גראַטעס. אַ סך נייע באַווייזן פון זייער אומשולד זיינען פון צייט צו צייט אַרויסגעבראַכט געוואָרן, נאָר ריכטער טהייער און דער סופרים קאָורט זיינען געווען אַנטשלאָסן ניט צו באַוויליקן די מאַרטירער אַ נייעם משפט.

דעם 9טן אַפּריל, 1927, האָט ריכטער טהייער באַשטימט, אַז סאַקאָ און וואַנזעטי זאָלן היגעריכטעט ווערן אויפן עלעקטרישן שטול, דעם 10טן יולי.

סאַלטשע איז אַרומגעגאַנגען מיט פאַרוויינטע אויגן. אפילו פרוי הענעסי האָט געהאַלטן, אַז מען האָט זיי געדאַרפט שענקען דאָס לעבן בלויז דערפאַר, וואָס אַזוי פיל מיליאָנען מענטשן אויף דער גאַנצער וועלט גלויבן אין זייער אומשולד.

— אַז מען וועט זיי פאַרברענען, וועט מען שפּעטער זיי ניט קאָנען צוריק לעבעדיק מאַכן, — האָט זי זיך געהיצט, — איך האָב אַ געפיל, אַז זיי זיינען אומשולדיק, אַניט וואָלט מען זיך ניט געאיילט זיי צו טויטן. איך גלויב נאָך, אַז גאָווערנאָר פולער וועט זיי שענקען דאָס לעבן. דו וועסט זען, סאַלי.

— ניין, מיין טייערע מרס. הענעסי, — האָט סאַלטשע געענטפערט מיט אַ צעבראָכן קול, — זיי זיינען אַזוי אומשולדיק ווי איר און איך, נאָר דורך טויטן זיי וויל מען אָנלערנען מיך און אַזעלכע ווי איך, וואָס זיינען אומצופרידן, אַז די רייכע זאָלן פירן דאָס לאַנד, דאָס מיר זאָלן ניט וואַגן צו אָרגאַניזירן אַרבעטער און דורכדעם אַרויסקריגן פאַר זיי פון די באַלעבאַטים מער שכירות, מער צייט און אָנשטענדיקע באַדינגונגען צום אַרבעטן . . . איך האָב ליב אַמעריקע מער ווי אַ סך פון די, וואָס זיינען דאָ געבוירן געוואָרן. טאָקע דערפאַר וואָס איך בין דערצויגן געוואָרן אין צאַרן־רוסלאַנד אונטער טיראַנען, קאָן איך בעסער אָפּשאַצן דאָס לעבן אין אַ רעפּובליק. נאָר דער־

פּאַר טאָקע בין איך אַנטשלאָסן, אַז דאָס לאַנד וואָס איז מיר אַזוי ליב, זאָל ניט געפּירט ווערן פון מענטשן וואָס דינען די אינטערעסן פון די געלט־מאַגנאַטן, די באַרויבער פון ערלעכער אַרבעט.

— מיין מאַן — האָט געזאָגט פרוי הענעסי — גלויבט, אַז יעדער איינער וואָס איז אַן אַנאַרכיסט מוז אָדער זיצן אין טורמע, אָדער ער מוז אַרויסגע־שיקט ווערן פון אַמעריקע. ער רעכנט דיר אויס אַ צעטל פון באָמבע־וואַרפער, אָנהויבנדיק מיט די אין שיקאַגאָ, וואָס האָבן אומגעבראַכט פּאָליסלייט און דעם אויפרייס אין לאָס אַנדזשעלעס, וואו אומשולדיקע אַרבעטער האָבן פאַר־לאָרן זייערע לעבנס אין דער „טאַימס"־בילדינג, ביז די סאַקאָ־וואַנזעטי ביז־נעס. ער זאָגט, אַז אויב זיי האָבן ניט געמאַכט דעם האָלד־אַפּ, דאַרף מען זיי אויך האַלטן הינטער גראַטעס. ער איז אָבער איינשטימיק מיט מיר, אַז טויטן זאָל מען זיי ניט. וואָס איז דאָס געאייל? אמת, זיבן יאָר ווי די גאַנצע וועלט בעמט זיך אָן פּאַר זיי. איך האָב געלייענט ווי גרויסע גלחים שטעלן זיך איין פאַר זיי און אויך גרויסע לאַיערס און זיי דאַרפן דאָך וויסן. סאַלי, עס איז אַ מאָדנע וועלט, ווען דו הויבסט דאָס אָן באַטראַכטן.

איידער סאַקאָ און וואַנזעטי האָבן אויסגעהערט דעם טויט־אורטייל איבער זיך דעם 9טן אַפּריל, אין געריכט־הויז אין דעדהעם, מאַס., האָבן זיי ביידע געהאַלטן רעדעס. אַלע צייטונגען פון לאַנד האָבן אָפּגעדרוקט די פולע רייד זייערע. עס איז געווען אפשר צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון לאַנד אַז מענטשן וואָס זיינען געמשפּט געוואָרן אַלס רויבער, זאָלן האַלטן אַזעלכע רעדעס. זייערע רייד האָבן אויפגערודערט דאָס געוויסן פון דער וועלט.

סאַלטשע האָט געלייענט און געכליפּעט. זי איז אַריינגעגאַנגען צו פרוי הענעסי און די אַלטע האָט זיך דערשראָקן זעענדיק סאַלטשען אַ פאַרוויינטע.

— קריסטוס אַלמעכטיקער, — האָט זי אויסגערופן, — וואָס האָט פּאַסירט, סאַלי? איך פאַרהאָף צו גאָט, אַז „שלאָם" איז אַלרייט. איך האָב אים דאָך נעכטן פאַרנאַכט געזען און זיך געשפּילט מיט אים. הער אויף וויינען און דערצייל, אין גאָטס ווילן.

— מרס. הענעסי, איר האָט געלייענט די רעדעס?

— וואָס פאַר אַ רעדעס? וואָס פעלט דיר איין?

— אָט איז די צייטונג. נאַט, לייענט די רעדעס פון סאַקאָ און וואַנזעטי. זאָגט מיר, צי מענטשן וואָס רעדן אַזוי, קאָנען באַגיין אַ מאָרד אָדער אַ רויב. איר זייט דאָך עלטער פון מיר און איר פאַרשטייט דאָס לעבן בעסער פון מיר.

— סאַלי, איך קאָן אָן די ברילן ניט לייענען און אפילו מיט די ברילן בין איך ניט קיין גרויס ז לייענערין פון קליינע בוכשטאָבן. זיי אַ גוט מיידל און לייען עס פאַר מיר. באָר, אין גאָטס ווילן, הער אויף . . . מען קאָן מיינען,

אַז זיי זיינען דיינע ברידער אָדער אָנקלס. יאָ, עס איז אַ רחמנות, ווען אַ מענטשלעך לעבן ווערט אויסגעלאָשן, נאָר דאָס איז גאָטס ווילן און מיר וועלן אַלע שטאַרבן, פריער, צי שפּעטער. מסתם איז באַשערט אַז זיי זאָלן שטאַרבן פריער. איך גלויב נאָך אַלץ, אַז גאָווערנאָר פולער וועט זיי שענקען דאָס לעבן.

סאַלטשע האָט זיך אָוועקגעזעצט און האָט אָנגעהויבן לייענען. פרוי הענעסי האָט צוגערוקט דעם שטול נעענטער צו איר און פאַרלייגט די הענט אויפן שויס און זיך פרום איינגעהערט.

— איך וועל ניט לייענען די פולע רעדעס, מרס. הענעסי, עס איז צו לאַנג.

— נייך, סאַלי, איך וויל הערן יעדעס וואָרט. איך וויל הערן וואָס זיי האָבן צו זאָגן. הויב אָן.

סאַלטשע האָט אָבער ניט געלייענט יעדעס וואָרט. זי האָט אויסגעלאָזן פּאַראַגראַפן.

— דער ערשטער האָט גערעדט ניקאָלא סאַקאָ. ער האָט געזאָגט:

„איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט, קיינמאָל ניט געהערט און קיינמאָל אפילו אין דער געשיכטע ניט געלייענט וועגן עפּעס וואָס זאָל זיין אַזוי גרויזאַם ווי דאָס געריכט. נאָך זיבן יאָר מאַטערן אונדז, רעכענען זיי אונדז נאָך פאַר שולדיק . . .

„איך ווייס אַז דער אורטייל וועט זיין אַ קלאַסן־אורטייל און אַלעמאָל וועלן פאַרקומען צוזאַמענשטויסן צווישן דעם אונטערדריקטן קלאַס און דעם רייכן קלאַס. מיר פאַרברידערן די מאַסן מיט ביכער, מיט ליטעראַטור. איר פאַרפּייניקט זיי, טיראַניזירט זיי און דערהרגעט זיי. מיר פּרובירן אַלעמאָל צו בילדן די מענטשהייט, איר פּרובירט אויסצולייגן אַ וועג צווישן אונדז און אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס האָבן פיינט איינעם דעם צווייטן. דאָס איז די אורזאַך פאַרוואָס איך געפין זיך דאָ היינט אויף דער אָנקלאָג־באַנק.

„איך וואָלט געוואָלט דערציילן די געשיכטע פון מיין לעבן, נאָר וואָס קומט אַרויס? . . . ריכטער טהייער ווייסט מיין גאַנץ לעבן און ער ווייסט, אַז איך בין קיינמאָל ניט שולדיק געווען. קיינמאָל — ניט נעכטן, ניט היינט, קיינמאָל ניט“.

סאַלטשע האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. טרערן האָבן איר געשטיקט.

— אויב דו ווילסט ניט, סאַלי, וועט זיין גענוג. איך וועל עס אפשר אַליין לייענען — האָט פרוי הענעסי געזאָגט מיט אַ ווייך קול.

— ניין. איך וועל איצט לייענען אַ פּאָר שטעלן פון וואַנזעטיס רעדע. דערפאַר וואָס עס איז זייער אַ לאַנגע רעדע. איר וועט עס אַליין לייענען

שפּעטער. איך לאָז דאָ איבער די צייטונג . . . דער קלוירק פון געריכט פרעגט:

— באַרטאָלאָמעאָ וואַנזעטי, האָסטו עפּעס צו זאָגן פאַרוואָס דער טויט־אורטייל זאָל ניט אויסגעפירט ווערן איבער דיר?

„וואַנזעטי ענטפערט:

— יאָ, איך זאָג, אַז איך בין אומשולדיק נישט נאָר אין דעם ברענטרי פאַרברעכן, נאָר אויך אינעם פאַרברעכן פון ברידזשוואָטער. און ניט נאָר בין איך אומשולדיק אין אָט־די צוויי פאַרברעכנס, נאָר אין מיין גאַנצן לעבן האָב איך קיינמאָל ניט געגנבעט, קיינמאָל ניט געהרגעט, קיינמאָל ניט פאַרגאָסן קיין בלוט . . .

פרוי הענעסי האָט אונטערגעבראָכן: — דאָס זיינען רירנדיקע ווערטער. סאָלטשע האָט געזאָגט: — וואַנזעטי רעדט ווייטער:

„נאָר איך האָב געקעמפט מיין גאַנץ לעבן, זינט איך בין צו מיין שכל געקומען אויסצוראָטן פאַרברעכנס אויף דער וועלט.

„יעדער איינציקער וואָס קען אָט די צוויי הענט, ווייסט זייער גוט, אַז כ׳האָב ניט געדאַרפט גיין אין די גאַסן און הרגענען מענטשן כדי צוצונעמען געלט. איך קען לעבן פון מיינע צוויי הענט און לעבן שיין. און אַ חוץ דעם, איך קען לעבן און אפילו ניט אַרבעטן מיט מיינע הענט פאַר אַנדערע מענטשן. איך האָב גענוג מעגלעכקייטן צו לעבן אומאָפּהענגיק און צו פירן, וואָס די וועלט האַלט, אַ העכערן לעבן, און ניט דאַרפן פאַרדינען מיין ברויט אינעם שוויס פון מיין פּנים.

„מיין פאָטער אין איטאַליע איז אין אַ גינסטיקער לאַגע. איך וואָלט געקאָנט גערוען פאָרן קיין איטאַליע און ער וואָלט מיך אַלעמאָל אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. און אפילו ווען איך קום אָן אַ סענט געלט אין קעשענע, וואָלט מיין טאַטע מיר געגעבן אַ שטעלע ניט אויף אַרבעטן, נאָר אויף טאָן מסחר, אָדער פאַרוואַלטן דאָס לאַנד וואָס ער באַזיצט. ער האָט מיר געשריבן פיל בריוו דערוועגן, בריוו וואָס איך קאָן אייך באַווייזן״.

„ . . . ניט נאָר האָב איך קיינמאָל ניט געגנבעט, געהרגעט אָדער פאַרגאָסן בלוט אין מיין גאַנצן לעבן, ניט נאָר האָב איך שטאַרק געקעמפט קעגן פאַרברעכנס, נאָר איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו פירן אַ רייכן לעבן, ווייל איך האַלט, אַז ס׳איז אַן אומרעכט צו עקספּלואַטירן מענטשן.

„איצטער מוז איך זאָגן, אַז אַוודאי בין איך ניט שולדיק אין אָט־די אַלע פאַרברעכנס, ניט נאָר האָב איך קיינמאָל ניט באַגאַנגען קיין אמתן פאַרברעכן אין מיין גאַנצן לעבן, נאָר איך האָב מיין גאַנץ לעבן

געקעמפט צו פאַרניכטן פאַרברעכנס, ניט נאָר קעגן די פאַרברעכנס, וואָס דאָס אָפיציעלע געזעץ און די אָפיציעלע מאָראַל פאַרדאַמט, נאָר אויך אַזעלכע פאַרברעכנס, וואָס די אָפיציעלע מאָראַל און דאָס אָפיציעלע געזעץ סאַנקציאָנירט — די עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג פון איין מענטש דורך דעם צווייטן. אויב ס'איז דאָ אַן אורזאַך פאַרוואָס איר קענט מיך פאַרמשפּטן צום טויט אין עטלעכע מינוט, איז דאָס אָט־אָ־די אורזאַך און ניט קיין אַנדערע.

„ . . . אויב ס'איז דאָ איינער וואָס דאַרף וויסן, צי ס'איז רעכט צי אומרעכט, איז עס אָט דער מענטש (ווייזט אויף זיך). איר זעט, שוין זיבן יאָר, אַז מיר זיצן אין טורמע. וואָס מיר האָבן איבערגעליטן אין משך פון די זיבן יאָר קאָן קיין מענטשלעך מויל ניט אַרויסזאָגן. און דאָך זעט איר מיך דאָ פאַר אייך ניט קיין ציטערדיקן. איר זעט מיך ווי איך קוק אייך גלייך אין די אויגן. איך ווער ניט רויט, דער קאָליר אין פּנים בייט זיך ניט, איך שעם זיך ניט פאַר אייך".

סאַלטשע האָט צוגעטראָגן די צייטונג צו פרוי הענעסי און געזאָגט:

— ס'איז זייער אַ לאַנגע רעדע. לייענט עס פאַרזיכטיק און דאַן וועלן מיר זיך דורכשמועסן וועגן דעם. איך בין צעבראָכן פון דער גאַנצער זאַך. אין אַמעריקע האָט דאָס ניט געטאָרט פּאַסירן. איך שעם זיך פאַר זיך אַליין. איך האָב אַמעריקע צופיל ליב.

— סאַלי, זיי ניט קיין נאַר, מען קאָן די וועלט ניט איבערמאַכן.

— אויב מיר וועלן זי ניט איבערמאַכן, וועט עס קיינער פאַר אונדז ניט טאָן. ווען דו זעסט ווי מען באַגייט אַן אומגערעכטיקייט קעגן אַ מענטשן אין גאַס, וועסטו ווערן אויפגעקאָכט און דו וועסט זיך אָננעמען פאַר אים. ניט אַזוי? דאָס זעלבע איז מיט אַן אומגערעכטיקייט וואָס די מלוכה באַגייט.

אין אָוונט האָט סאַלטשע איבערגעגעבן מאַטעקן דעם שמועס, וואָס זי האָט געהאַט מיט פרוי הענעסי. זי האָט ניט געקאָנט באַגרייפן יענערס גלייכגילטיקייט.

— סאַלטשע, די מערסטע אַמעריקאַנער געבוירענע זיינען אַזוי ווי זי, — האָט מאַטעק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך פאַרטיפט אין דער צייטונג.

.2

אין אַ פאָר טעג אַרום איז פאָרגעקומען אַ סאַקאָ־וואַנזעטי פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע אויף יוניאָן סקווער. סאַלטשע האָט געבעטן פרוי הענעסי, אַז זי זאָל מיטגיין מיט איר. פרוי הענעסי האָט זיך געקווענקלט.

— איר דאַרפט דאָך ווייט ניט גיין, — האָט סאַלטשע זיך געבעטן ביי איר.

— סאַלי, איך בין ניט יונג און איך קאָן ניט אַנטלויפן פון אַ פּאָליצייאישן פערד. און אויב העמעצי וועט זיך דערוויסן, וואו איך בין געווען, וועט ער מיר די ביינער אָנברעכן. איך וויל זיך אויסהיטן פון טראָבל, סאַלי.

— און איך וועל מיטנעמען שלומלען, — האָט סאַלטשע געענטפערט, — זאָל ער וויסן, זאָל ער זען. ער ווייס וועגן סאַקאָ און וואַנזעטי. ער פאַרשטייט ניט, נאָר זאָל ער עס איינזאַפּן אין זיך. אַז מען נעמט אַ קינד מיט זיך אין קירך אָדער אין דער סינאַגאָגע פאַרשטייט ער דען וואָס קומט פאָר? נאָר עס בלייבט איבער אין אים דאָס בילד. זאָל שלומל זען דאָס בילד. אויב פּאָליציי וועט טרייבן, זאָל ער עס געדענקען. די דעמאָנסטראַציע איז ניט בלויז פאַר סאַקאָ און וואַנזעטי. עס איז מער פאַר דעם צוקונפטיקן דור, אַז אַמעריקע זאָל ניט ליגן אין די הענט פון מיליאָנערן.

— דו ווייסט, סאַלי, איך וואונדער זיך ניט איינמאָל און איך רעד עס איבער מיט מיין אַלטן, און איך זאָג אים: „אונדזערע שכנים, זאָג איך, — זיינען יידן, נאָר זיי זיינען ניט קיין געלט־מענטשן. זיי זיינען אויך קעגן די רייכע וואָס זיינען אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד“. און מיין אַלטער זאָגט אויך, — אַז ער האָט אויסגעפונען, אַז עס זיינען דאָ אין ניו־יאָרק מער אָרעמע יידן ווי פאַרמעגלעכע.

די פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע אויף יוניאָן סקווער איז געווען זייער איינדרוקספול. די צייטונגען האָבן געשריבן, אַז עס זיינען געווען צוואַנציק טויזנט מענטשן. ווען סאַלטשע איז אָנגעקומען איז שוין דער סקווער געווען באַלד פול. זי האָט לאַנג ניט געקאָנט שטיין און זי האָט די רעדנער ניט געקאָנט הערן. די פּאָליציי אַרום איר האָט געהאַלטן אין איין טרייבן דעם עולם. עס איז געווען קלאָר, אַז די פּאָליציי וויל ניט האָבן קיין אָרדענונג. די פּאָליצייאישע קלאָבס האָבן זיך געריסן צו טאָן אַביסל „אַרבעט“, נאָר דער עולם האָט זיך געהאַלטן אין צאַם און ער איז געשטאַנען אַן אָנגעצויגענער און זיך איינגעהערט צו די רעדנער. שלומל איז געווען איבערגעשראָקן פון דער פּאָליציי און פון די רייטער, וואָס האָבן מיט זייערע הויכע פערד אַרומגערינגלט דעם עולם פון אַלע זייטן.

מאָטעק האָט גראָד דאַן געהאַט אַ יוניאָן מיטינג און ווען ער איז אַהיים געקומען האָט ער געהאַט גענוג צו דערציילן וועגן אַ געשלעג וואָס איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל צוליב צוויי פירנדיקע קליקעס, וואָס האָבן געוואָלט קאָנטראָלירן די קומענדיקע וואַלן.

— מען האָט ניט אין זינען די אינטערעסן פון די מיטגלידער. מען האָט

אין זינען די פּאָר פּעטע דזשאַבס פאַר זיך, — האָט ער אַ פאַרביטערטער דער־קלערט סאַלטשען.

זינט בענס אָפּפאָרן אין אַ דרום שטאָט האָט דר. פאַניאַ אימבער זיך ווינ־ציק געוויזן אין סאַלטשעס הויז. זי האָט געזאָגט, אַז זי איז זייער פאַרנומען און סאַלטשע האָט פאַרדעכטיקט, אַז זי איז געווען אַנגעצויגן אויף איר צוליב בענען. בען האָט, ווי זיין שטייגער איז, ניט געשריבן צו קיינעם. מאָטעקן האָט ניט געאַרט וואָס פאַניאַ האָט זיך ניט געוויזן. ער איז געווען מיד נאָך דער אַרבעט און ער איז געווען צופרידן וואָס ער קאָן זיך אויסרוען אויף דער קושעטקע און לייענען.

די סאָקאָ־וואַנזעטי פאַרטיידיקונג קאָמיטע איז ווידער געוואָרן שטאַרק אַקטיוו און ביי אַ מיטינג האָט סאַלטשע געטראָפן פאַניאַן. די דאָקטאָרשע האָט אויסגעקוקט מיד, נאָר די מידקייט פון פּנים האָט איר געקליידט. עס האָט איר צוגעגעבן ווייכקייט און צאַרטקייט.

— פאַניאַ, וואָס ביסטו אין כעס אויף אונדז, וואָס דו ווייזט זיך ניט?

— האָט סאַלטשע, די שטענדיקע אָפנהאַרציקע, זי געפרעגט.

— ביסטו אַ קינד, סאַלטשע. פאַרוואָס זאָל איך זיין אין כעס אויף דיר? איך אַרבעט שווער און בין פאַרנומען געזעלשאַפטלעך און איך בענק נאָך אַביסל אָפּרו און נאָך דיין קושעטקע און נאָך דיין גלעזל טיי.

— ביסט דען פאַרנומען יעדן אָוונט?

— יאָ, איך שטודיר אַביסל. גיי צוריק אין אוניווערסיטעט. אין אונדזער פּראָפעסיע דאַרף מען שטענדיק לערנען, אַניט בלייבט מען הינטערשטעליק.

דאָך האָט פאַניאַ אָנגענומען אַ וויכטיקן אַמט אין קאָמיטעט.

סאַלטשע איז געווען נייגעריק צו וויסן וואָס עס קומט פאָר אין פאַניאַס האַרצן.

עס איז געווען סוף אַפּריל און סאַלטשע האָט זיך באַראַטן מיט מאָטעקן, צי מען זאָל מאַכן אַ געבורטסטאָג פאַרדי פּאָר שלומלען. די שטימונג אין הויז איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע צוליב די פייַנטלעכע ווינטן וואָס האָבן געווייט פון דרויסן, פון די צייטונג־בלעטער. אַפילו די נייעסן פון פוילן האָבן איצט געווירקט סיי אויף מאָטעקן און נאָך מער אויף סאַלטשען. איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען לאַדט איין בלויז שלומלס חברים פון בלאָק. נאָ־טירלעך האָט מען געוואָלט, אַז גאָלדע זאָל קומען. פאַניאַן האָט מען ניט דערמאָנט.

די פּאָסט האָט געבראַכט אַ בריוו פון ניק סאַרדזשענט. סאַלטשע איז געווען נייגעריק צו וויסן וואָס דער אָנקל וויל. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס ניק האָט געשריבן צו מאָטעקן. זי האָט אָבער דעם בריוו ניט

געעפנט. אַזוי האָט זי זיך געפירט.

— מאַטעק, טרעף פון וועמען דו האָסט אַ בריוו?

נאָר מאַטעק האָט אין קיין פאַל ניט געקאָנט טרעפן. ער האָט געעפנט דעם אָנקלס בריוו און אים צוזאַמען געלייענט מיט סאַלטשען. ער איז געווען אין יידיש און די האַנטשריפט איז געווען אַ פאַרדרייטע, געשריבן מיט אַ קאַליעדיקער פען. געלייענט האָט ער זיך:

„מיין ליבער נעפפע מאט:

איך דיין אָנקל ניק וויל דיך זען ווי אַם שנעלסטן. משהלע איז אין טראַבל און איך וויל האָבן דיין ראַט. דיין אָנקל ניק."

דער בריוו איז אָנגעקומען אין אַ דינסטיק און דאָס האָט געמיינט, אַז ביז שבת וועט מאַטעק ניט קאָנען זיין ביים אָנקל בייטאָג. האָט ער באַשלאָסן צופאָרן אין אָוונט, וואָס דאָס האָט געמיינט אַהיים קומען צו־שפעט. נאָר ער איז געווען נייגעריק.

דער אָנקל איז געווען אין הויז. נאָר ער האָט גלייך מאַטעקן געגעבן אַ וואונק, אַז ער וויל זיך מיט אים דורכגיין אַביסל צוליב דער פרישער לופט. טאַנטע פעני האָט גראַד געוואָלט, אַז מאַטעק זאָל טרינקען אַ גלעזל סאָדע און איר דערציילן וועגן סאַלטשען און וועגן „באַי". נאָר דער אָנקל האָט זיך געאיילט.

— מאַט, מיר וועלן אַריינגיין אין אַט דעם לאָנטש־רום, וואו קיינער וועט אונדז ניט שטערן.

דער אָנקל האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים לעצטן טישל, וואָס איז געווען ניט אינגאַנצן ריין. ער האָט צוגערופן דעם באַלעבאָס, זיך געהייסן געבן צוויי גלעזער וואַסער און צוגעגעבן:

— טאָני, וועסט מיר שיקן אַ ביל פאַרן וואַסער.

— איך וועל ביי דיר אָפּנעמען אַ טרונק, ניק.

דער אָנקל האָט זיך געגעבן אַ קראַץ אין קאָפּ און אָנגעהויבן:

— איך האָב דיך גערופן, מאַט, דערפאַר וואָס עס איז ווידער צרות מיט מיין משהלען. ער האָט חתונה געהאַט. זי דערוואַרט אַ קינד יעדן טאָג. וואָלט דאָך געדאַרפט זיין אַ שמחה, אַ פרייד, נאָר עס איז ווייט דערפון. געדענקסט ווי איך האָב דיר דערציילט וועגן דעם גרויסן לאָיער, וואָס האָט מיר געוואָרנט, אַז משהלע קאָן זיין אין טראָבל. אַלץ וואָס איך קאָן דיר דערציילן איז, אַז ווען ער האָט ניט ביקן פאַר אַ טאַטן, וואָלט ער שוין לאַנג געזעסן אין דזשעיל. האָסט אפשר געלייענט וועגן אַ גענג געמבלערס אין האַרלעם? דו לייענסט דאָך אַ סך צייטונגען. ס'איז געווען אין אַלע צייטונגען. וואָס האָט מיין משהלע צו טאָן מיט יענער גענג? מען האָט זיך

צוזאַמען אויפגעהאָדעוועט, צוזאַמען אין סקול געגאַנגען, צוזאַמען באָל געשפּילט. וואָס איז ער שולדיק אַז זיי האָבן אים אַרייַנגעצויגן אין זייער געץ? איז דאָס געמבלען, ווי דאָס געמבלען. אַלע געמבלען היינטיקע צייטן. מען האָט ניט וואָס צו טאָן מיטן געלט. עס איז פּראָספּעריטי, נאָר אַז עס האָבן זיך אַרייַנגעמישט די באָיעס מיט די מעסערס, איז שוין שלעכט. מיין משהלע האָט אויף זיין לעבן אויף קיינעם, חלילה, די האַנט ניט אויפגעהויבן. נאָר אַז מען חברט זיך מיט שלעכטע חברים איז ביטער. הכלל, אַ פּאָר באָיעס ליגן אין שפּיטאָל. מען האָט אַרעסטירט די שלעגער. זיי ווילן ניט אַרויסגעבן זייערע חברים. האָט אָבער די פּאָליציי אויסגעפונען, אַז זיי האָבן באַלאַנגט צו אַ קלוב און מיין משהלע איז געווען אַ גאַנצער קנאַקער אין דעם קלוב. פרעג שוין ניט, יעדן טאָג באַדערט מען מיך. מען האָט רעספּעקט פאַר מיר. יעדער דעטעקטיוו קען מיך. זיי ווילן מיר העלפן, נאָר נעקסטן יאָר איז עלעקשאָן און די פּאָליטישנס ווילן מאַכן אַן אישו דערפון. איך האָב דיך גערופן, מאָט, דיך צו פרעגן, צי עס וואָלט געווען ראַטזאַם, אַז מען זאָל משהלען אַוועקשיקן קיין פּוילן. די משפּחה רופט אים אַרויס. זיין פעטער איז קראַנק, אָדער עפּעס ענלעכס. קאָנסט מיר אַרויסהעלפן?

מאָטעק איז געבליבן זיצן און געקוקט דעם אָנקל גלייך אין די אויגן אַריין.

— מען וועט אים דען אַרויסלאָזן פון לאַנד?

— לאָז דאָס צו מיר. דערווייל איז זיין רעקאָרד ריין. מען האָט אים ניט אַרעסטירט, נאָר מען דאַרף האַנדלען וואָס גיכער. שרייב אַוועק אַ בריוו, אַז זיי זאָלן אים אַרויספאָדערן. טראַכט עפּעס צו מיט דיין שוועסטער. איך וועל דעם בריוו דאָ ווייזן. אויב נויטיק זאָלן זיי שיקן אַ טעלעגראַמע. איך וועל באַצאָלן פאַר אַלץ. טו עס נאָך היינט ביינאַכט. איך וועל דיר די טובה ניט פאַרגעסן.

מאָטעק האָט זיך געזעגנט מיטן אָנקל און צוגעזאָגט אים צו לאָזן וויסן וואָס ער האָט אויפגעטאָן. ער דאַרף אַ טראַכט טאָן.

סאַלטשע האָט אויסגעהערט די געשיכטע וועגן משהלען און זי האָט געזאָגט:

— מאָטעק, אייל זיך ניט. מיר וועלן זיך דורכטראַכטן. איך בין גענויגט, אַז דו זאָלסט זיך ניט מישן אין דער גאַנצער זאַך.

— איך בין מיט דיר איינשטימיק, — האָט מאָטעק פאַרטראַכט געענטפערט.

קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

# יוגנט און עלטער

.1

— סאַלי, שוין דאָס צווייטע מאָל היינט ווי אַ יונגער בחור האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אייך. ער האָט ניט געוואָלט זאָגן ווער ער איז און צוליב וואָס ער דאַרף אייך. ער וועט דאָ זיין צוריק מאָרגן פאַרנאַכט, האָט ער געזאָגט, — אַזוי האָט פרוי הענעסי דערציילט סאַלטשען ווען זיי האָט זיך אומגעקערט פון אַ טאָג פאַרברענגען אין סענטראַל פּאַרק מיט שלומלען.

— ווער קאָן דאָס זיין? — האָט סאַלטשע געפרעגט מאָטעקן.

— פאַרוואָס האָסטו ניט אויסגעפונען ווי דער בחור קוקט אויס? עס קאָן ניט זיין משהלע.

— איך וועל דיר זאָגן, מאָטעק, איך וועל גיין צו מרס. הענעסי און אויסגעפינען, — און זי איז אַוועק.

זי האָט זיך געזאַמט אַ צען מינוט און מאָטעק האָט דערווייל געוואָלט טרעפן ווער עס האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אים. עס קאָן אַמאָל זיין אַן אַרבעטער פון שאַפּ, וואָס האָט פאַרלאָרן דעם דזשאַב און מאָטעק האָט אים צוגעזאָגט צו העלפן. נאָר יענער וועט דאָך ניט קומען צו אים אין הויז אַריין. זאָל עס אַמאָל זיין משהלעס אַ חבר ווענען דער אָנקל האָט געשיקט צו אים? הלוואי ניט.

— מאָטעק, זי זאָגט, — האָט סאַלטשע גענומען דערציילן, נאָך איידער זי האָט די טיר פאַרמאַכט הינטער זיך, — אַז עס איז געווען אַ בחור פון אַ יאָר אַכצן, אַ גוט־געבויטער, מיט אַ קליין פאַרריסן נעזל. זי געדענקט ניט זיינע אויגן אָדער זיינע האָר. ער האָט געטראָגן אַ שטרויענעם האַרטן קאַפּעלוש. ער האָט אויסגעקוקט ווי ניט קיין ניו־יאָרקער, האָט זי געזאָגט. זי איז אויך ניט זיכער, צי ער איז אַ ייד. איר דוכט זיך, אַז ניט.

לאַנג טראַכטן האָט ער ניט געקאָנט. באַלד איז אַרויפגעקומען אַ מיטגליד פון זיין אַרבעטער־רינג בראַנטש, וואָס איז געקומען רעדן מיט אים וועגן דעם אינערלעכן שטרייט, וואָס עס איז פאָרגעקומען ביים לעצטן מיטינג צווישן די רעכטע און די לינקע. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן קויפן בילעטן

פאַר אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז סימפּאַטיש צום סאָוועטן־פאַרבאַנד. איבער־גאַנצן איז דאָס געווען אַ פראַגע פון אויסגעבן צען דאָלאַר, נאָר ניט דאָס געלט איז דאָ געווען דער עיקר, נאָר דער פּרינציפּ. דער מיטגליד איז געקומען צו מאַטעקן אים אויפפאָדערן צו זיין ביים קומענדיקן מיטינג, וואו די פראַגע וועט אָפּגעשטימט ווערן.

מאַטעק איז יענעם אָוונט געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין דעם וואָס דער מיטגליד האָט דערציילט, אַז ער האָט פאַרגעסן אינגאַנצן וועגן דעם בחור, וואָס האָט געדאַרפט מאָרגן פאַרנאַכט אים קומען זען. אויך סאַלטשע איז געווען פאַראינטערעסירט אין דער לאַגן פון אָרדן. זי האָט באַדויערט וואָס אַרבעטער כוחות ווערן צעשפּאָלטן אומעטום.

זיך ריכטנדיק אויפן יונגענמאַן איז סאַלטשע שוין אַ גאַנצן נאָכמיטאָג געבליבן אין הויז. איר איז איינגעפאַלן, אַז דער בחור מוז זיין בענס אַ באַ־קאַנטער און ער איז מסתם געקומען איבערגעבן אַ גרוס פון בענען. דער־פאַר האָט ער דער מרס. הענעסי ניט געוואָלט זאָגן ווער ער איז. מסתם איז ער פון אַ דרום שטאַט, אַ יוניאָן־טוער.

פאַרנאַכט, בעת שלומל האָט געגעסן זיין מאָלצייט — און געגעסן האָט ער איידער דער פאָטער איז געקומען — האָט אין טיר אָנגעקלאַפּט עמיצער. סאַלטשע האָט געעפנט.

— זייט איר פרוי סאַרגי ? איך בין אייער מאַנס קאָזין. איך בין דזשעיק קעלי. יאָ, איך בין דאָ אין ניו־יאָרק צוויי טעג.

— קומט אַריין. איך קאָן אייך ניט פערזענלעך, נאָר מיין מאַן האָט מיר דערציילט וועגן אייך און ער האָט דאָך אייך געזען מיט איבער אַ יאָר צוריק. מיין מאַן וועט באַלד אַהיים קומען. מיר האָבן זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן ווער עס האָט אונדז געזוכט נעכטן. איך בין זייער צופרידן וואָס איר זייט געקומען. איר וועט עסן מיט אונדז וועטשערע.

— איך דאַנק אייך. איר פאַרשטייט, איך בין געקומען פּלוצלינג. זיך ניט געריכט צו פאַרלאָזן דעם פאָטערס הויז. איך בין געקומען זיך איינ־אָרדנען דאָ. איך זוך באַשעפטיקונג. איך פאַרהאָף, אַז קאָזין מאַט וועט מיר קאָנען באַהילפיק זיין.

סאַלטשע האָט באַקוקט דעם בחור. ער איז געווען מיטלוויקסיק, פעסט־געבויט, געהאַט דעם אויסזען פון אַן אירלענדער. ער האָט געמוזט זיין אַרום צוואַנציק יאָר אַלט. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט ערנסטקייט און פאַרזאָרגט־קייט. זי האָט אים ניט געוואָלט צופיל אויספרעגן, איבערהויפּט אין דער אָנוועזנהייט פון שלומלען, וואָס האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט יעדעס וואָרט און עס גלייך צעטראָגן אויף דער גאַס. פאַרקערט, זי האָט געהאָפט, אַז דער

בחור וועט ניט דערציילן וועגן זיך צופיל כדי שלומל זאָל ניט הערן און עס צעפּויקן צו דער מרס. הענעסי און צו אַנדערע שכנים.

— קאָזין דזשעיק, — האָט שלומל אים גלייך גענומען אויף אַ פאַרהער, — ביסט געקומען מיט דער באַן, אָדער מיטן באָס ? איז דיין מאַמע געשטאָרבן און מיין טאַטע איז זי געפאָרן זען ?

— ער איז אַ סמאַרטער יינגל. איך האָב אים געדאַרפט עפּעס ברענגען, נאָר איך בין אַוועקגעפאָרן אין איילעניש.

— באַלד וועט קומען מיין מאַן, וועלן מיר רעדן וועגן אַלץ, — האָט סאַלטשע געזאָגט און אים איינגעלאַדן צו זיצן אין פאַרברענג־צימער. זי וועט באַלד אַריינקומען. זי וועט שלומלען געבן זיין מילך און אים אַרויסשיקן זיך שפּילן אין גאַס.

— ניין, איך וועל זיצן דאָ און איך וועל האַלטן אייער קאָמפּאַני. אייער יינגל געפעלט מיר. וואָס איז זיין נאָמען ?

— איך הייס שלום. אַזוי הייס איך אויף ענגליש, אויב דו ווילסט וויסן. אַלע ווילן וויסן. איך קאָן שוין שרייבן מיין נאָמען אויף יידיש און אויף ענגליש און אפילו אויף פּויליש. אויף מיין בלאָק וואוינט אַ פראַנצויזיש יינגל, ער איז צען יאָר אַלט, וועט ער מיך אויסלערנען שרייבן מיין נאָמען אויף פראַנצויזיש אויך.

— איך האָב קיינמאָל ניט געהערט פון אַזאַ נאָמען. ווען איך בין גע־וואָרן „באַמיצווי" האָט דער ראַביי מיך געלערנט זאָגן אַ ברכה, וואָס האָט געהאַט אין זיך דאָס וואָרט „שאַלאָם".

צווישן דזשעיקן און שלומלען איז אָנגעגאַנגען אַ שמועס וועגן בעיז־באָל, וועגן „עימאָס ענד ענדי". סאַלטשע האָט באַשלאָסן ביי זיך, אַז דער דערוואַקסענער בחור איז ניט קיין צו קלוגער און ניט קיין דערוואַקסענער. באַלד האָט זיך באַוויזן מאָטעק. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן בחור און זיך געפּרוּווט דערמאָנען וואו ער האָט אים געזען. ער האָט זיך דערמאָנט.

— דו ביסט דאָך אָנקל ווילים זון ? דו הייסט דזשעיק ?

— יאָ, דער זעלבער. קאָזין מאָט, איך בין געקומען צו אייך נאָך אַ טובה.

מען האָט זיך געזעצט צום טיש. סאַלטשע האָט זיך געדאַרפט אָן עצה געבן און „אויסציען" די פּאָרציעס, אַז עס זאָל קלעקן פאַר דריי. פאַר זיך האָט זי כמעט גאָרניט איבערגעלאָזט. זי האָט באַמערקט, אַז מאָטעק איז ניט געווען שטאַרק באַגייסטערט פון דזשעיקס רעדן. ס'איז געווען אַ רחמנות אויפן בחור.

— אָנקל מאָט, דאָס איז די מעשה : מיין פאָטער האָט זיך ביי מיר און

ביי מיין ברודער ניט אָנגעפרעגט און ער האָט אַריינגענומען אַ פרוי אין הויז אַריין. און ער האָט אונדז געזאָגט, אַז זי וועט זיין אונדזער שטיף־מוטער און אַז מען זאָל זי גוט באַהאַנדלען, מחמת ער האָט זי ליב. מיר איז ניט געפעלן געוואָרן ווי אַזוי ער האָט דאָס געטאָן, נאָר איך האָב געטראַכט, אַז מיר דאַרפן עס „נעמען ווי ספּאָרטס". די צרה איז אָבער געווען וואָס די שטיף־מאַמע האָט זיך מיט אונדז ווינציק וואָס אָפּגעגעבן און מיר האָבן זיך באַלד דערפילט ווי פרעמדע אין הויז. מען האָט אונדז ביידן אָפּגעגעבן איין צימער און מען האָט אונדז געגעבן צו פילן, אַז מיר זיינען באָרדערס אין הויז. דאָס איז אייער צימער און ניט אייער הויז. איך האָב זיין פרוי פיינט באַקומען און עס האָבן זיך אָנגעהויבן קריגערייען צווישן מיר און מיין פאָטער. וואָס עפּעס, האָט זי מיך פאַר'מסר'ט פאַר אים. מיר האָט זי גאָרניט ניט געזאָגט, נאָר ווען ער איז אַהיים געקומען, האָט זי אים געזאָגט, אַז איך באַליידיק זי, אַז זי וויל מיט מיר ניט זיין אין איין הויז. איך בין שוין ניט קיין בעיבי. איך בין אַכצן יאָר אַלט און איך האָב געענדיקט הײַ־סקול און איך האָב שוין אָנגעהויבן פאַרדינען, אַרבעטנדיק אין אַ סטאָר פון פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן. לעצטע וואָך איז עס געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן מיר און מיין פאָטער, אַלץ צוליב זיין פרוי. איך האָב זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און איך האָב מיין פאָטער געזאָגט, וואָס איך האָב אים שוין לאַנג געוואָלט זאָגן. ער איז געוואָרן זייער אויפגעבראַכט און געזאָגט: „אויב עס געפעלט דיר ניט ווייסטו וואָס דו קאָנסט טאָן". נו, איך האָב אויסגעפונען אין זיין אַדרעסן־ביכל אייער אַדרעס און איך האָב באַשלאָסן צו קומען קיין ניו־יאָרק. איך האָב געגעכטיקט אין דער „וואַי". איך האָב שוין געקראָגן אַ צוזאָג פאַר אַ דזשאַב. איך האָב אַ רעקאָמענדאַציע פון מיינעם אַ סקול־לערער צו זיין ברודער, וואָס האָט דאָ אַ גרויסע סטאָר אויף דער זעקסטער עוועניו. איך בין נאָך דאָרט ניט געווען, נאָר איך האָב ניט קיין דאגה וועגן אַ דזשאַב.

— ווייסט דער טאַטע, אַז איר זייט אין ניו־יאָרק? — האָט געפרעגט סאַלטשע.

— מיין ברודער ווייסט, נאָר דעם טאַטן האָב איך גאָרניט ניט געזאָגט. מיין ברודער ווייסט, אַז איך וועל זיין ביי אייך. איך האָב אים געגעבן אייער אַדרעס.

— מעג איך שרייבן צום טאַטן, אַז איר זייט געווען ביי אונדז און אים זאָגן, אַז איר ווילט זיך דאָ איינאָרדענען? — האָט געפרעגט מאָטעק.

— אויב איר ווילט, — האָט געענטפערט דזשעיק און מאָטעק האָט פאַרשטאַנען, אַז דער בחור בענקט נאָך זיין פאָטער און זיין ברודער.

סאַלטשע האָט איינגעלאַדן דזשעיקן צו קומען יעדן אָוונט אויף ווע־

טשערע און אויב ער וויל קאָן ער נעכטיקן ביי זיי אין הויז. דזשעיק האָט אָנגענומען די איינלאַדונג צו קומען עסן, נאָר דעם צימער האָט ער ניט גע־וואָלט אויפגעבן אין דער „וואַי“.

מאָטעק און סאַלטשע האָבן ערנסט באַטראַכט דעם ענין דזשעיק. ווילי האָט מסתם קיינמאָל קיין גוט לעבן ניט געהאַט מיט זיין ערשטער פרוי, כאָטש זי האָט אים ניט אויפגעהערט ליב צו האָבן נאָכדעם ווי זי האָט געזען, אַז ער קאָן זי מער ניט פאַרטראָגן. די קינדער האָבן מסתם געליטן צוליב דעם. די נייע פרוי, וועגן וועלכער דזשעיק האָט מער ניט געוואָלט דערציילן, איז מסתם ניט קיין צו איידעלער מענטש און די קינדער זיינען איר אין וועג. מען וועט דאַרפן וואַרטן אויף אַ בריוו פון אָנקל ווילי. דערווייל דאַרף מען צו אים שרייבן. ווער וועט זיין דער שרייבער? נאַטירלעך, סאַלטשע. מאָטעק ווערט פאַרציטערט ווען ער דערזעט דאָס בייגעלע פאַפיר מיטן טינטער.

האָט סאַלטשע, אין נאָמען פון מאָטעקן, אָנגעשריבן אַ קורץ בריוול צום אָנקל ווילי. דזשעיק איז געקומען צו אונדז. ער וואוינט אין דער „וואַי“ און וועטשערע עסט ער ביי אונדז. ער האַלט ביים געפינען אַ דזשאָב. מיר וועלן אים ניט לאָזן פאַלן. אויב מיר קאָנען עפּעס טאָן פאַר אים, לאָזט אונדז וויסן. גרוסן.

איז אין אַ פּאָר טעג אַרום אָנגעקומען אַ בריוו פון אָנקל ווילי. ער דאַנקט פאַר דער אויפמערקזאַמקייט צום זון. אומגליקלעכערווייז האָט דזשעיק ניט געקאָנט אויסקומען מיט זיין פרוי, מיט וועלכער ער האָט לעצטנס חתונה געהאַט. זי איז אַ פיינע פערזאָן, זי האָט אַ פאַרהייראַטע טאָכטער פון איר ערשטן מאַן, מיט וועלכן זי איז געגעט. אויב דזשעיק וועט זיך ניט קאָנען איינאָרדענען אין ניו־יאָרק, זאָל אים מאָטעק איבעררעדן צוריקצופאָרן.

דזשעיק האָט געקראָגן אַ דזשאָב אין אַ קאַמעראַ סטאָר. ער האָט זיך אויסגעטויגט אויף פאַריכטן קאַמעראַס און בכלל אויף דער פאָטאָגראַפישער קונסט. ער איז געווען זייער צופרידן פון זיין נייעם דזשאָב און זיין פּנים האָט געגומען שיינען פון דערפאַלג. אין דער „וואַי“ האָט ער אַלע באַקוועמ־לעכקייטן. ער האָט ליב דעם „דזשים“ און ער האָט שוין אַ פּאָר חברים און ער וויל מער ניט זיצן וועגן אַהיים פאָרן.

ער איז מער ניט געקומען עסן וועטשערע. ער האָט זיך ניט געוויזן אַרום אַ וואָך צייט און דאַן געמאָלדן, אַז ער וועט קומען איינמאָל אַ וואָך, מאָנטיק, אויף וועטשערע. די איבעריקע אָוונטן וועט ער זיין פאַרנומען. ער וועט גיין אין אָוונט־קאָלעדזש דריי מאָל אַ וואָך.

ווען דזשעיק האָט איינמאָל ביים טיש געהערט ווי מאָטעק און סאַלטשע האָבן גערעדט וועגן דער מאַרגנדיקער סאַקאָ־וואַנזעטי דעמאָנסטראַציע, צו

וועלכער זיי האָבן זיך געקליבן גיין אויף יוניאָן סקווער, האָט ער אויסגע־
שטעקט אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן. ער האָט גאָרניט ניט געזאָגט, נאָר ער
האָט זיך מער ניט געוויזן.

.2

נאָך איידער מאַטעק האָט געהאַט באַשלאָסן ביי זיך, צי ער זאָל אוועקשרייבן צו זיינע שוועסטער וועגן משהלעס געפּלאַנטן באַזוך ביי זיי, ווי אַנקל ניק האָט פאַרגעשלאָגן, — האָט ער פאָרנדיק צו דער אַרבעט און לייענענדיק די צייטונג, צופעליק באַמערקט אויף דער ערשטער זייט אַ שטיק נייעס וועגן דער „געמבלינג־גענג" אין האַרלעם. עס האָט אים געצויגן אַ קוק צו טאָן און צו זיין איבערראַשונג און שרעק האָט ער דערזען דעם נאָמען מאָו סאַרדזשענט, וואָס ווערט גערופן אויף אַ פאַרהער צו דער גרענד דזשורי. מאָו סאַרדזשענט, האָט זיך געזאָגט אין דער צייטונג, איז געווען איינער פון די אָנפירער פון דער גענג, וואָס האָט זיך גערופן דער „האַרלעם קלוב".

מאַטעק האָט דעם גאַנצן טאָג ביי דער אַרבעט זיך געפילט אומרואיק דערפון. ער האָט זיך אַליין פאַרגליכן צו משהלען. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי דער אַנקל ניק האָט אים אויסגערעדט אַלע יאָרן פאַר זיין אַ „סאָשעליסט", פאַר וועלן מאַכן די רעוואָלוציע. ער, דער אַנקל, איז געווען זיכער מיט זיך; עס איז געווען, ווי ער פלעגט זיך באַרימען, זיין אַמעריקע. און איצט? וואָלט משהלע באַלאַנגט צו אַ סאָציאַליסטישן קלוב, וואָלט ער זיך געפונען אין געזעלשאַפט פון אינטעליגענטער יוגנט, וואָלט צו דעם אומגליק נישט געקומען.

מאַטעק איז אַהיים געקומען. געוויזן די נייעס סאַלטשען און זיך געאיילט צו פאָרן צום אַנקל. העלפן וועט ער ניט קאָנען, נאָר זיין דאָרט וויל ער.

דער אַנקל ניק איז געווען פאַרחושכט. זיין קול האָט זיך געענדערט. ער האָט געברומט, ווי עס וואָלט אין אים אַלץ געציטערט.

— גוט וואָס דו ביסט געקומען, מאָט. האָסט געזען די צייטונג? וואָס דען, ניט. אַזעלכע זאַכן זעט מען גלייך. נאָר ניט געזאָרגט. מיר האָבן אַ גרויסן לאָיער. עס וועט זיך אויספּרעסן, מאַי באָי.

די טאַנטע פעני האָט געבראָכן די הענט און גענעצט מיט דער צונג די ליפּן די פאַרחלשטע. זי האָט אַריינגעקוקט מאַטעקן אין די אויגן און געפרעגט:

— מאָטל, עס איז געווען אין די בלעטער? אַ בראָך צו מיינע יאָרן.

דער אַנקל האָט געשוויגן. ער האָט ניט געקאָנט פאַרלאָזן דאָס הויז. ער

האָט דערוואַרט עמיצן, אַ גוטן פריינט, אַ דעטעקטיוו, וואָס וועט אים געבן אַ גוטע עצה.

מאָטעק האָט זיך געפילט אומהיימלעך און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער אָנקל וועט זיין צופרידן, אַז ער וועט ניט זיין, ווען יענער וועט קומען.

— איך וועל גיין, אָנקל. מ׳דאַרף אויפשטיין פרי צו דער אַרבעט.

— יאָ, שיעור ניט פאַרגעסן. עס קומט אונדז אַ מזל־טוב, זיין פרוי האָט געהאַט אַ מיידעלע, — האָט ניק, ווי פאַרשעמט, דערציילט.

— און פונקט איצט דאַרף זיך טרעפן אַזאַ אומגליק, — האָט אויסגעפלאַצט פעני.

— עס וועט זיך אויספּרעסן. אָנקל ניק איז ניט געפאַלן ביי זיך. מאַט, קום אַרויף אין אַ פּאָר טעג אַרום, וועסטו הערן בעסערע נייעס.

דערווייל האָט מען משהלען ניט גערופן צו דער גרענד דזשורי. מען האָט עס געהאַלטן אין איין אָפּלייגן. איין געשטאָכענער בחור האָט נאָך אַלץ געשוועבט צווישן לעבן און טויט אין שפּיטאָל. עס האָט זיך געווענדט אין דעם אויסגאַנג פון זיין לאַגע, אַז מען זאָל די שולדיקע בייטן זייער אורטייל.

ענדלעך האָט מען משהלען גערופן צו דער גרענד דזשורי.

און דאַן איז שטיל געוואָרן. די צייטונגען האָבן געשריבן וועגן דער געננג, נאָר ניט וועגן משהלען. מאָטעק איז נאָכאַמאָל געווען ביים אָנקל.

— גאָט צו דאַנקען, מאָט, עס האָט זיך אויסגעפּרעסט, — האָט דער אָנקל שטיל געזאָגט.

— ווי אַזוי? — האָט געפרעגט מאָטעק.

— וואָס דו ווייסט ניט, וועט דיר ניט שאַטן. מאַי באַי איז אומשולדיק. ער איז אַריינגעפאַלן צווישן שלעכטע חברים, נאָר ער האָט אַ גוטן טאַטן. אַז מען האָט אַ גוטן טאַטן, איז גוט אין אַמעריקע, מאָט. דאָס אַלץ וואָס איך קאָן דיר זאָגן.

— וואָס טוט ער איצט, משהלע? און וואָס מאַכט זיין פרוי און קינד?

— אויב דו קאָנסט האַלטן אַ סוד, מאָט, וועל איך דיר זאָגן: משהלע מיט זיין פאַמיליע זיינען ניט דאָ אין שטאָט. זיי וואוינען ערגעץ אַנדערש. וואו? איך קאָן דיר ניט זאָגן וואו. איך האָב אים איינגעאָרדנט אַ ביזנעס און ער וועט זיין אָלרייט. אַבי אַרויס פון טראָבל און פון האַרלעם. ער האָט געדאַרפט גומל בענטשן.

— און וואָס מאַכט עפּעס עליסל, אָנקל?

— עליסל האָט זיך אירע צרות. קיין קינד קאָן זי ניט האָבן. ער איז אַן אָקס אָן הערנער און פון וואָס ער מאַכט אַ לעבן, ווייס איך נאָך אַלץ

ניט. טראָגט די בעסטע סוטס, איז לייכט אויפן דאָלאַר און ער איז זעלטן אין דער היים. געהערט וועגן טראָבל מיט משהלען איז ער געקומען מיט אַ פּאַק געלט: „ניק, וויפל דאַרפסטו ?" כ'וועל דיר זאָגן, מאַט, אַז אין אַ נויט דערקענט מען די פריינט. צו מיר זיינען געקומען פרעמדע מענטשן פון געגנט און מיר אָנגעבאָטן הילף. מענטשן האָבן געוואָלט זיין גוטע עדות פאַר משהלען. שוין אָפּגערעדט פון מיינע קלוב־מענטשן. יעדער איינער: „ניק, וואָס קאָן איך טאָן פאַר דיר ?"

מאָטעק האָט געקוקט אויף טאַנטע פעני, זי איז שוין ניט געווען דער זעלבער מענטש. אירע ליפּן זיינען געווען פאַרברענט. אין אירע אויגן איז געלעגן דער צער פון אונטערגאַנג. איר קול, וואָס פלעגט שטענדיק זיין קוויטשיק און חוצפּהדיק, איז איצט געוואָרן קוים הערבאַר, ווי עס וואָלט ווער עס געדישעט אינעווייניק.

זי האָט גערעדט צו אים, זיך נאָכגעפרעגט אויף סאָלטשען און שלומלען און מאָטעק האָט געפילט ווי זי רעדט מיט קנאה צו זיי. זי האָט געוואוסט, אַז מאָטעק וועט קיינמאָל ניט זיין פאַרמישט אין קיין גענגס און אַז ער וועט קיינמאָל זיך ניט שעמען אויסצוזאָגן פון וואָס ער פאַרדינט זיין ברויט, ווי איר איידעם סיימאָן.

אַהיים געקומען איז מאָטעק אין אַ געדריקטער שטימונג.

— עס איז אים ניט אָנגעשטאַנען צו טראָגן אונדזער נאָמען, דעם פריץ, — האָט ער געזאָגט צו סאָלטשען, — ווייסט מען ניט, אַז משהלע פון די צייטונגען, איז מיין קאָזין. ער איז אַ סאַרדזשענט, ניט קיין סאַרני. כאָטש איין טרייסט.

סאָלטשען איז אויך עפּעס געווען אָנגעזאָלצן אויף דער נשמה. מאָטעק האָט עס באַלד באַמערקט און ער האָט עס דערקענט אין איר קול, וואָס האָט געאָטעמט מיט עגמת נפש.

— וואָס איז דיר, סאָלטשע ? איך דערקען אין דיר, אַז דו ביסט ניט צופרידן מיט עפּעס.

— פּאַניאַ איז דאָ געווען, מאָטעק. זי איז געקומען אַ צעוויינטאָגטע און זי איז געווען צופרידן וואָס איך בין געווען אַליין. עס איז איר זייער ביטער. זי האָט זיך צעוויינט. דעם ערשטן מאָל האָב איך זי געזען אַ וויינענדיקע. געהייסן האָט עס, אַז זי האָט זיך גענומען צום האַרצן וואָס אַ קינד, אַ פאַרציענטקע אירע, איז, נעבעך, געשטאָרבן. איך שטעל זיך פאָר, ווי אַ מענטש קאָן פילן, אפילו אַ דאָקטאָר, וואָס איז געוואוינט צו זען דעם טויט אָפט, ווען אַ קינד פון דריי יאָר שטאַרבט פאַר דיינע אויגן. עס האָט געהאַט אַ לונגען אָנטצינדונג און פשוט פאַרברענט געוואָרן פון פיבער. ס'איז געווען

אַ מיידעלע. איך האָב מיטגעווײנט. נאָר נאָכדעם האָבן מיר אָנגעהויבן רעדן וועגן אַנדערע זאַכן און זי האָט מיך געפרעגט, צי ס'איז אמת, אַז בען האָט חתונה געהאַט. איך האָב ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן פון איר וואָס איך ווייס און איך האָב איר דערציילט וואָס בען האָט מיר דערציילט וועגן זיין לואיז. צי זיי האָבן חתונה געהאַט, ווייסן מיר דאָך ניט. נאָר, ווייזט אויס, אַז פאַניאַ האָט דאָס אויסגעפונען פון אַ מיטגליד פון דער פּאָסעיק קאָמיטע, צו וועלכער זיי האָבן אַלע באַלאַנגט. נו, האָט עס איר שטאַרק וויי געטאָן. אַזוי איז זי אַ גאַנצער העלד, קיין זאַך אַרט איר ניט. זי מאַכט נאָר דעם אָנשטעל. איך האָב די גאַנצע צייט געוואוסט, אַז זי חלשט נאָך בענען. עס איז אַ רחמנות אויף פאַניאַן. פאַרוואָס זיינען מענער אַזעלכע גאַרנישטן, מאַטעק?

— וואָס מיינסטו גאַרנישטן? מען קאָן ניט חתונה האָבן אויס רחמנות צו עמיצן. בען האָט געוואַרט און געפונען וועמען ער האָט ליב. פאַניאַן האָט ער רעספּעקטירט, אָבער ליבע איז אַן אַנדער זאַך. איך וואָלט קיינמאָל ניט חתונה געהאַט עמיצן צוליב צו טאָן. דו זאָלסט אַזוי רעדן? מיר איז אַ וואונדער אויף דיר.

— זעסטו, פאַניאַ האָט היינט גערעדט אַנדערש. זי האָט אָפן געזאָגט, אַז זי וואַרט שוין ניט אויף ליבע. זי וויל פריינטשאַפט, זי וויל זיך באַקענען מיט אַ מאַן וואָס זאָל זי רעספּעקטירן און אָפּשאַצן און זיי זאָלן האָבן גע־מיינשאַפטלעכע אינטערעסן, סיי געזעלשאַפטלעך, סיי פערזענלעך. עס ווערט איר נמאס צו לעבן אַליין. זי אַרבעט זייער שווער. אַ גאַנצן טאָג האָט זי צו טאָן מיט מענטשן, נאָר ווען זי איז מיט זיך, בענקט זי נאָך אַ מענטשן. זי האָט מיר פאַרטרויט, אַז אַן עלטערער דענטיסט גייט איר נאָך. ער איז אַן אלמן. שוין צוויי יאָר ווי די פרוי איז ביי אים געשטאָרבן. ער האָט צוויי דערוואַקסענע קינדער. זי גלויבט, אַז ער איז צו איר ניט גלייכגילטיק, נאָר ער מוז זיין מיט אַ פופצן יאָר עלטער פון איר. דאָס האַלט איר אָפּ פון דער־נעענטערן זיך מיט אים. זי פּרוווט אים אויסצומיידן. זי האָט מורא, אַז איר איינזאַמקייט וועט זי דערנעענטערן צו אים. זי טראַכט פון פאַרלאָזן אַמעריקע פאַר אַ צייט. זי וויל מאַכן אַ רייזע איבער דער וועלט. געלט מוז זי האָבן. ווען זי האָט פאַרלאָזן, האָב איך זיך גוט אויסגעוויינט, מאַטעק. עס האָט מיר פאַרקלעמט ביים האַרצן. איך האָב פאַר זיך געזען אַ שיינעם מענטשן, שיין פיזיש און גייסטיק, דאָך איז אַזאַ מענטש אינגאַנצן איינזאַם. זי טוט אַזוי פיל גוטס צו קראַנקע, זי איז איינע פון אונדזעריקע און דאָך איז זי עלנט ווי אַ שטיין.

— סאָלטשע, דו האָסט געדאַרפט אַ קוק טאָן אויף מיין אָנקל ניק מיט דער טאַנטע פעני, וואָלסטו דאַן פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט האָבן אָפּגע־

לעבט אַ לעבן אין אַ נאַרעריי, אַ לעבן פון בלאָף. האָבן דערצויגן צוויי קינ־דער און אויף דער עלטער האָבן בלויז צרות פון זיי. די טאַנטע פעני גייט איין, דער אָנקל מאַכט דעם אָנשטעל פון „משה גרויס״, נאָר ער ווייסט אַז זיין סוף קומט. איך בין אַוועק פון זיי אין אַ געדריקטן צושטאַנד. עס איז זייער אייגענע שולד, נאָר זיי זיינען דאָך מענטשן.

— אויף סאַקאָ און וואַנזעטי, וואָס וועלן פאַרברענט ווערן אין צוויי וואָכן אַרום, איז מיר אַ גרעסערער רחמנות, — האָט אויסגערופן סאַלטשע.

— איך קאָן זיך נאָך אַלץ ניט גלויבן, אַז אַמעריקע וועט זיך ניט צוהערן צו דער גאַנצער וועלט, — האָט מאַטעק געזאָגט.

— קאַפּיטאַליזם האָט קיין האַרץ ניט, — האָט סאַלטשע אויסגעזיפצט.

## קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

# מאָרד

1.

דונטיק ביי טאָג, דעם 31טן יולי, 1927, האָט געגאָסן אַ רעגן. אויף יוניאָן סקווער האָט געזאָלט פאַרקומען אַ סאַקאָ־וואַנזעטי דעמאָנסטראַציע. די פּאָליציי האָט געוואוסט, אַז דער רעגן וועט דעם עולם ניט אָפּהאַלטן. זי איז געווען גוט צוגעגרייט. אין די זייטיקע שמאָלע גאַסן זיינען געשטאַנען פוס־גייער פּאָליציאַנטן, רייטער־פּאָליציי און מאָטאָרציקליסטן.

— דער רעגן וועט אַזוי שנעל ניט אויפהערן, סאַלטשע, — האָט געזאָגט מאָטעק, — נאָר מיר גייען. וועסט אָנטאָן שלומלען די קאַלאָשן און זיין רעגנמאַנטל און מיר וועלן גיין.

— יאָ, מיר וועלן גיין. נאָר פריער וועלן מיר האָבן מיטאָג. איך וויל ניט האַלטן צו־לאַנג דאָס קינד אין דער נעץ. די ציטונגען שרייבן, אַז מען ריכט זיך אויף פּאָליציי־אריינמישונג, אויב מען וועט פּרואוון מאַרשירן צום סיטי האָל. מיר וועלן מאַרשירן ווי ווייט שלומל וועט קאָנען גיין, — האָט סאַלטשע געמאַכט פּלענער.

— דו וועסט אַהיים גיין מיט אים און איך וועל מאַרשירן צו סיטי האָל, — האָט מאָטעק געזאָגט.

דער זעקס־יאָריקער שלום האָט געוואוסט ווי שטאַרק זיינע עלטערן

זיינען פּאַראינטערעסירט אין ראַטעווען די לעבנס פון סאַקאָ־וואַנזעטי. ער האָט געוואוסט, אַז סאַקאָ האָט צוויי קינדער, אַ ייִנגל, דאַנטע און אַ מיידל אינעז. וואַנזעטי האָט ניט קיין קינדער, נאָר ער האָט זייער ליב סאַקאָס ייִנגל דאַנטע און ער שרייבט אים בריוו. שלום האָט ליב געהאַט צו גיין וואו זיינע עלטערן זיינען געגאַנגען. דער דערבייאיקער יוניאָן סקווער איז אים שוין געווען גוט באַקענט. ער האָט שוין געוואוסט וואו די רעדנער שטייען און וואו דער ערשטער מאַי־פּאַראַד פאַרענדיקט זיך. ניט איינמאָל האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער איז דער רעדנער אויפן סקווער און ער האָט אין זיין צימער אויסגעשריען צו זיך אַליין: „סאַקאָ און וואַנזעטי מוזן זיין פריי!"

ווען זיי האָבן פאַרלאָזט דאָס הויז, האָט געגאָסן דער רעגן. סאַלטשע און שלומל האָבן זיך צוגעטוליעט צו מאָטעקן, וואָס האָט זיי באַשיצט מיט זיין גרויסן, שוואַרצן שירעם. די פּאָליציי אויף דער זעכצנטער גאַס, פון וואַנען מאָטעק איז אַרויס צום סקווער, איז באַשטאַנען פון רייטער און שלום איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די שיינע גרויסע, ברוינע פערד, וואָס האָבן זיך געריסן צום שפּאַן. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין אומקוקן אויף זיי. כאָטש דער זייגער איז ערשט געווען איינס, איז אַ גרויסער עולם שוין געווען אויפן פאַר־זאַמלונג־פּלאַץ און עס האָט זיך געהערט געזאַנג פון דער רעדנער־פּלאַט־פאָרמע. דער עולם האָט געהאַלטן אין איין שטראָמען. באַלד האָט מען בלויז געזען רעגן־שירעמס, וואָס האָבן ווי שוואַרצע כוואַליעס, זיך געוויגט איבער דער אויבערפלאַך פון מענטשן־ים. די פאַרזאַמלונג האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. מאָטעק און סאַלטשע האָבן געהערט וועגן סאַקאָס הונגער־סטרייק, וואָס האַלט שוין אָן זעכצן טעג און אַז ער איז אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז מען האָט מורא פאַר זיין פיזישן און גייסטיקן צושטאַנד. ער האָט זיך ניט געלאָזט איבעררעדן פון זיין פרוי, וואָס האָט זיך געבעטן, אַז ער זאָל אויפגעבן דעם הונגער־סטרייק.

די רעדנער האָבן געהייסן דעם עולם מאַרשירן צו סיטי האָל דורך דעם איטאַליענישן קוואַרטאַל. פּאָליציי האָט זיך אָנגעהויבן אַריינמישן. באַלד זיינען דריי מענטשן אַרעסטירט געוואָרן. נאָר דער מאַרש האָט אָנגעהאַלטן. דער רעגן איז געוואָרן שטאַרקער. ביי דער אַכטער גאַס האָט סאַלטשע זיך געזעגנט מיט מאָטעקן און זי איז מיט שלומלען אַהיים געגאַנגען. מאָטעק האָט מאַרשירט אויף מאַלבערי סטריט, וואו עטלעכע הונדערט איטאַליענישע קינ־דער האָבן געזונגען לידער. עס האָט אים באַנג געטאָן, וואָס שלומל איז ניט געווען דערביי.

די הינריכטונג פון סאַקאָ און וואַנזעטי איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף דעם 10טן אויגוסט. די סאַקאָ־וואַנזעטי עמוירדזשענסי קאָמיטע האָט געהאַלטן

אין איין רופן מיטינגען פון אירע מיטגלידער און סאַלטשע האָט זיך איצט כמעט יעדן אָוונט געטראָפן מיט פּאַניאַן. וועגן קיין אַנדער זאַך האָבן זיי איצט ניט געקאָנט רעדן. ביידע פּרויען זיינען געווען צעווייטיקט און פאַר־ביטערט.

— סאַלטשע, אויב מען וועט זיי דערמאָרדן, וועל איך פאַרלאָזן אַמעריקע, — האָט פּאַניאַ דערקלערט און צוגעגעבן — אויב דאָס אַמעריקאַנער פאָלק איז אַזוי אָפּגעשטאַנען, דאַן איז ניטאָ קיין האָפענונג, אַז מיר זאָלן, אין מיין צייט, דערלעבן סאָציאַליזם דאָ.

— אַזוי האָבן מענטשן געזאָגט אין רוסלאַנד נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע פון 1905, — האָט סאַלטשע געזאָגט, — נאָר די אמתע קעמפער זיינען געבליבן און דערלעבט די אָקטאָבער רעוואָלוציע. איך גלויב אין קאַמף, ניט אין אַנטלויפן. דער אמתער אַמעריקאַנער איז דעמאָקראַטיש און ער וועט ניט לאָזן זיין לאַנד פאַרשאַכערן צו די פּוליטיקערס און קולידזשעס. היינט איז דאָ קולידזש, מאָרגן קאָנען מיר אויסקלייבן אַ פּרעזידענט, וואָס זאָל פּאַרטיי־דיקן אונדזערע אינטערעסן. דאָ בלייב איך און דאָ וועל איך אָוועקגעבן מיין לעבן, אויב נויטיק, פאַר מיין זונס פרייער צוקונפט.

אַלע צוגרייטונגען זיינען געמאַכט געוואָרן, אַז דעם ניינטן אויגוסט, אַ טאָג פאַר דער געפּלאַנטער הינריכטונג, זאָלן די אַרבעטער, צען אינדערפרי, פאַר־לאָזן זייערע שעפער און דערקלערן אַ גענעראַל סטרייק. אויך אַרבעטנדיק פיבערהאַפטיק, אַז די דעמאָנסטראַציע זאָל זיין דערפאָלגרייך, איז פּאַניאַ געווען פול מיט פאַרביטערונג און אַרגומענטירט מיט סאַלטשען:

— גיב אַ קוק, סאַלטשע, וואָס קאָן גאָר זיין לאָגישער ווי אַ פּאַראייניקטער פּראָטעסט אין דעם פאַל? איך גלויב ניט, אַז מען וועט זיי הינריכטן, אויב אַ פּאָר מיליאָן אַרבעטער איבערן לאַנד זאָלן באַווייזן זייער אייניקייט און טאָקע אָפּשטעלן די אינדוסטריעס פון לאַנד אַלס אַ פּראָטעסט. די רעגירונג וועט זיך דאַן מוזן רעכענען מיט אָט דער מאַכט. דו ווייסט אָבער וואויל, אַז די סאָציאַליסטן זיינען קעגן דעם גענעראַל־סטרייק. די מעכטיקע פעדערעישאָן אָוו לייבאָר עסט זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ, אויב מען וועט זיי, די אימיגראַנטישע אַנאַרכיסטן, אָפּראַמען פון וועג; די אַמעריקאַנער אינטעליגענץ איז סימפּאַ־טיש און ווייכהאַרציק, נאָר ניט קעמפעריש. דאָס איז דער רעזולטאַט. דעם ניינטן אויגוסט וועט קיין שטורעם איבערן לאַנד ניט אויסברעכן. דעם צענטן אויגוסט וועט מען זיי דערמאָרדן און דעם צוועלפטן אויגוסט וועט מען מער וועגן דעם אין די צייטונגען ניט שרייבן. גוט, איך וועל גיין מיט דיר טיילן ליפלעטס, נאָר וויפל וועלן אונדז פאָלגן?

דעם ניינטן אויגוסט האָבן איבער הונדערט טויזנט אַרבעטער געוואָרפן

די אַרבעט אין ניו־יאָרק און אויף יוניאָן סקווער האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום פופציק טויזנט אויפגעבראַכטע, דערצאָרנטע מענער, פרויען און קינדער. סאַלטשע איז געגאַנגען געאַרעמט מיט פאַניאַן. גאָלדע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קומען און סאַלטשע האָט זיך מיט איר צעקריגט דורכן טעלעפאָן. מאָטעק האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: „איך קען גאָלדען בעסער פון דיר‟, — האָט ער געזאָגט און פאַרהאַקט די ליפּן.

די פּאָליציי, די אַרמיי האָט זיך ניט געקאָנט ספּראַווען מיט דער ריזיקע מאַסע. דער סקווער איז געווען געפּאַקט. באַלד זיינען אָנגעקומען אַרבעטער, וואָס האָבן יאָ געהאַט געאַרבעט, נאָר געוואָלט זיך באַטייליקן אין דער דע־מאָנסטראַציע. די פּאָליציי האָט זיי שוין ניט אַרויפגעלאָזט אויפן סקווער, נאָר געהאַלטן זיי אין אײַן שטויסן און שטופּן אויף די זייטיקע גאַסן. איבער־הויפּט, אַז עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז מען וועט מאַרשירן אין איטאַליענישן געגנט צו סיטי האָל, איז די פּאָליציי געוואָרן זייער אויפגערעגט און זיך גע־לאָזט מיט די שטעקנס פאַרטרייבן דעם עולם. די רייטער זיינען אַרויף מיט די צערייצטע פערד אויף די טראָטואַרן און עס האָבן זיך דערהערט קולות פון פרויען, וואָס האָבן פּראָטעסטירט און געשריען: „קאָזאַקן! אַמעריקאַ־נער קאָזאַקן!‟

— איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַזעלכעס קאָן פּאַסירן דאָ אין לאַנד, — האָט געקוויטשעט די שטענדיק־געלאַסענע פאַניאַ.

— איך האָב געזען עפּעס ערגערס אין צאַרישן רוסלאַנד און אין פּיל־סודסקישן פוילן, — האָט סאַלטשע געלאַכט.

— ווי דו קאָנסט לאַכן אין אַזאַ מאָמענט קאָן איך ניט באַגרייפן, — האָט זיך געבייזערט פאַניאַ.

— ווי אַ דאָקטאָר ווייסטו דאָך, אַז גראָד אין אַ געפערלעכן מאָמענט פאָדערט זיך קאַלטבלוטיקייט און קאָנטראָל איבער זיך אַליין, — האָט סאַלטשע געענטפערט אין אַן ערנסטן טאָן.

סאַלטשע האָט איינגעלאַדן פאַניאַן צו זיך אין הויז און מאָטעק איז אוועק מאַרשירן. שלומל האָט אויך געוואָלט מיטגיין מיטן פאָטער, נאָר פאַ־ניאַ האָט אים איבערגערעדט.

ווען מאָטעק איז שפּעט אין אָוונט אַהיים געקומען האָט ער דערציילט וועגן דעם פּראָטעסט מיטינג, וואָס די סטודענטן פון אוניווערסיטעט האָבן אָפּגעהאַלטן אויפן קעמפּוס און ווי אַזוי פּאָליציי האָט געשלאָסן דעם מיטינג. ער האָט אויך איבערגעגעבן ווי אַזוי די האָפן־אַרבעטער האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פּראָטעסט מיטינג אונטער דער אויפזיכט פון דער א. וו. וו.

צומאָרגנס, אין טאָג פון דער געפּלאַנטער הינריכטונג, זיינען איבער

דער גאַנצער וועלט אָפּגעהאַלטן געוואָרן מאַסן־דעמאָנסטראַציעס. אַלע ניו־יאָרקער רעגירונג אינסטיטוציעס און געלט־צענטערן זיינען באַוואַכט געוואָרן פון פּאָליציי און אין דער לופט האָט זיך געפילט אַן אָנזאָג פון טויט, וואָס וועט ניט פאַרגעבן ווערן.

ווען מאָטעק איז אַהיים געקומען פון דער אַרבעט יענעם פאַרנאַכט האָט ער געטראָפן סאַלטשען אַ פאַרוויינטע און אין הויז האָט געהערשט די שטי־מונג פון שווייגן, וואָס האָט גערעדט מיט דראָענדיקע פויסטן. אפילו שלומל האָט יענעם פאַרנאַכט ניט געזונגען און געטאַנצט ווי שטענדיק. ער האָט גערעדט שטילער און געהאַלטן אין איין פרעגן דער מאַמען, צי מען וועט זיי טאַקע טויטן אויפן עלעקטריק טשער.

אין אָוונט איז געקומען פאַניאַ און מען האָט זיך צוגעהערט צו דער ראַדיאָ, וואָס מען האָט געהאַלטן אָפן די גאַנצע צייט. אויך מרס. הענעסי איז אַריינ־געקומען.

— איך בעט פאַר זייערע אָרעמע נשמות, — האָט זי געזאָגט, — מען דאַרף זיי שענקען דאָס לעבן. איך זאָג: די רעגירונג איז שטענדיק גע־רעכט, נאָר זי האָט זיך גענאַרפט צוהערן צו די געבעטן פון דער וועלט. עס איז ניט גוט אַזוי.

זי האָט פאַרלאָזן אַרום עלף אַזייגער. די הינריכטונג האָט געזאָלט פאַר־קומען דריי מינוט נאָך צוועלף. נאָר צוואַנציק מינוט צו צוועלף האָט גאַ־ווערנאָר פולער געלאָזט וויסן, אַז ער לייגט אָפּ די הינריכטונג אויף דעם 22טן אויגוסט.

— מען וועט זיי באַגנאַדיקן, — האָט אויסגערופן פאַניאַ.

— עס גלויבט זיך קוים, — האָט שטיל געענטפערט סאַלטשע.

.2

— קום אַהער, שלומל, וועל איך פאַר דיר איבערלייענען דעם בריוו, וואָס סאַקאָ האָט געשריבן צו זיין זון דאַנטע. סאַקאָ ווייסט, אַז ער וועט שוין מער זיין קינד ניט זען. געזעגנט ער זיך מיט אים אין בריוו, — האָט סאַלטשע, אין אַ קול אָנגעזאַפּט מיט ווייטאָג, געזאָגט צו שלומלען.

— מאַמע, פון וואַנען ווייסטו, אַז סאַקאָ וועט שוין מער ניט זען זיין זון?

זי האָט געהאַט ביי זיך פריער אָנגעצייכנט מיט אַ בלייער, וועלכע טיילן צו לייענען פאַרן קינד. זי האָט אָנגעהויבן:

„נו, מיין טייערער זון, נאָכדעם ווי דיין מוטער האָט מיר דערציילט אַזוי פיל און איך האָב געחלומט פון דיר טאָג און נאַכט, ווי גרויס איז געווען מיין פרייד דיך ענדלעך צו זען, צו רעדן צו דיר, ווי מיר האָבן

גערעדט אין די טעג — אין יענע טעג. פיל האָב איך דיר געזאָגט אויף יענעם באַזוך און איך האָב דיר געוואָלט זאָגן נאָך מער, אָבער איך האָב געזען, אַז דו וועסט בלייבן דאָס זעלבע ליב קינד, געטריי צו דיין מוטער, וועלכע ליבט דיך אַזוי שטאַרק. איך בין זיכער, אַז דו וועסט בלייבן דער זעלבער און געדענקען וואָס איך האָב דיר געזאָגט".

נאָך יעדן פּאַראַגראַף האָט זיך סאַלטשע אָפּגעשטעלט און פאַרטייטשט דעם געדאַנק און דעם מיין פון איבערגעלייענטן.

„דערפאַר, מיין זון, אָנשטאָט וויינען, דאַרפסטו זיין שטאַרק, אַז דו זאָלסט קאָנען טרייסטן דיין מוטער. איך וועל דיר זאָגן וואָס איך פלעג טאָן זי צו דערמוטיקן. איך פלעג זי אַרויסנעמען אויף אַ לאַנגן שפּאַציר אין אַ שטילער לאַנדשאַפט, און אָנגעריסן ווילדע בלומען און גערוט אונטערן שאָטן פון ביימער. איך בין זיכער, אַז זי וועט דערפון געניסן.

„נאָר געדענק שטענדיק, דאַנטע, העלף די שוואַכע, וואָס וויינען נאָך הילף. העלף די אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע, דערפאַר וואָס זיי זיינען דיינע בעסטע פריינט. אין דעם דאָזיקן קאַמף וועסטו געפינען מער ליבע און וועסט געליבט ווערן.

„דאַנטע, איך זאָג דיר אָן נאָכאַמאָל צו ליבן און זיין באַענט צו דיין מוטער און די באַליבטע אין די איצטיקע טרויעריקע טעג, און איך בין זיכער, אַז מיט דיין מוט און גוטסקייט וועלן זיי זיין מער געטרייסט. און דו וועסט אויך ניט פאַרגעסן מיך צו ליבן אַביסל, ווייל איך ליב דיך אויך. אָ, מיין זון! ווי אָפט איך טראַכט פון דיר!"

— וויין ניט, מאַמע, איך האָב דיך ליב, — האָט שלומל צוגענומען אירע הענט פון די אויגן און זיך געטוליעט צו איר.

— ווען דו וועסט עלטער ווערן, וועסטו לייענען דעם גאַנצן בריוו און דאַן וועסטו פאַרשטיין וואָס פאַר אַ גוטע מענטשן און פריינט סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען געווען, — האָט סאַלטשע געזאָגט און זיך גענומען קאָנטראָלירן.

ווען עס איז דערשינען וואַנזעטיס בריוו צו דאַנטען האָט סאַלטשע אים פאַר שלומלען ניט געלייענט. זי האָט געזען, אַז דאָס קינד איז געווען שטאַרק צעטראָגן און זי האָט געוואוסט, אַז ער איז צו סענסיטיוו צו קאָנען דאָס פאַרנעמען. נאָר זי האָט אַריינגערופן פרוי הענעסי און צוזאַמען געלייענט דעם בריוו פאַר איר. צוויי שטעלן פון בריוו האָט זי פאַר איר צוויי מאָל איבערגעלייענט. דאָס זיינען געווען פאָלגנדיקע פאַראַגראַפן:

„איך זאָג דיר איצט, אַז אַלץ וואָס איך ווייס וועגן דיין פאָטער איז, אַז ער איז ניט קיין פאַרברעכער, נאָר איינער פון די העלדישסטע מענער, וואָס איך האָב ווען ס'איז געקענט. ווען דו וועסט עלטער ווערן, וועסטו פאַרשטיין, וואָס איך זאָג דיר: אַז דיין פאָטער האָט אַוועקגעגעבן אַלצדינג, וואָס איז הייליק און טייער צום מענטשלעכן האַרץ און נשמה צוליב זיין גלויבן אין פרייהייט און גערעכיקייט פאַר אַלע. אין יענעם טאָג וועסטו זיין שטאָלץ אויף דיין פאָטער, און אויב דו וועסט זיין בראַוו געוווּנג, וועסטו פאַרנעמען זיין אָרט אין דעם קאַמף צווישן טיראַניי און פרייהייט און דו וועסט ריינוואַשן זיין (אונדזער) נאָמען און אונדזער בלוט.

„געדענק, דאַנטע, זאָלסט שטענדיק געדענקען אָט־די זאַכן: מיר זיינען ניט קיין פאַרברעכער. זיי האָבן אונדז געפאַנגען דורך אַ בלבול. זיי האָבן אונדז אָנטזאָגט אַ נייעם טרייעל, און אויב מיר וועלן ווערן היינגעריכטעט נאָך זיבן יאָר, פיר מאָנאַטן און זיבעצן טעג און ניט דער־ציילבאַרע מאַטערנישן און פאַלשקייטן, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס איך האָב דיר שוין דערקלערט, ווייל מיר זיינען געשטאַנען מיט אָרעמע קעגן עקספּלואָטאַציע און אונטערדריקונג פון מענטש צו מענטש".

— גאָלדענע ווערטער, — האָט זיך אָנגערופן פרוי הענעסי, — און צו זאָגן, אַז אַזאַ מענטש האָט געמאַכט אַ האָלד־אָפּ און ער האָט דערהרגעט עמיצן צוליב אַ פּעי־ראָל, איז נאַריש. ס'איז אַ מאָדנע וועלט. דו ווייסט ניט וועמען צו גלויבן. מיין מאַן האַלט זיך ביי זיינס: זיי גיבן צו, אַז זיי זיינען אַנאַר־כיסטן און יעדער אַנאַרכיסט, זאָגט ער, גלויבט אין „באָמבעס".

סאַלטשע האָט ניט געענטפערט. פרוי הענעסי איז פאַר איר געווען איינע פון די גרויסע רעטעניש פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג.

עס האָט זיך דערגעענטערט דער 22טער אויגוסט. סאַלטשע און מאַטעק האָבן זיך געפילט ווי אַליין פאַראורטיילטע, ווי שולדיקע. דער ענין סאַקאָ און וואַנזעטי איז געוואָרן אַ פערזענלעכער ווייטאָג. פאַניאַ איז צוזאַמען מיט אַ דעלעגאַציע אָפּגעפאָרן קיין באָסטאָן צו זיין אין דער טויטן־וואַך. אין טשאַרלסטאָון געפענגעניש, וואו די צוויי אומגליקלעכע האָבן זיך געפונען, זיינען געמאַכט געוואָרן אַלע צוגרייטונגען צום מאָרד. אַרום דער תפיסה האָבן זיך געפונען איבער 700 פאָליציייער מיט מאַשין־ביקסן. אין אַלע שטעט איבערן לאַנד זיינען באַוואַכט געוואָרן די רעגירונג אינסטיטוציעס. דער באַ־פעל איז געווען „פריער צו שיסן, דערנאָך צו פרעגן פראַגעס", אויב עס וועט עפּעס פּאַסירן.

צו אַ פאַרשטייער פון דער פרעסע האָט וואַנזעטי געזאָגט: „ווען ניט די

געשיכטע וואָלט איך מיר מסתם אויסגעלעבט מייַן לעבן צווישן אומצו־פרידענע מענטשן. איך וואָלט געשטאָרבן אומבאַקאַנט, ניט פאַרצייכנט, אַ דורכפאַל. דאָס איז אָבער אונדזער קאַריערע און אונדזער טריאומף. קיינ־מאָל אין אַ פולן לעבן וואָלטן מיר ניט געקאָנט טאָן אַזאַ אַרבעט פאַר טאָ־לעראַנץ, פאַר גערעכטיקייט, פאַר פאַרשטענדעניש צווישן מענטשן און מענטש, ווי מיר טוען דאָס איצט צופעליקערווייז.

— אונדזערע ווערטער — אונדזערע לעבנס — אונדזערע ווייטאָגן — גאָרניט! דאָס צונעמען פון אונדזערע לעבנס — די לעבנס פון אַ גוטן שוסטער און אַן אָרעמען פיש־פעדלער — אַלץ!"

יוניאָן סקווער איז די לעצטע פאָר טעג געווען באַוואַכט פון אַ סך פּאָ־ליציאַנטן. די געוויינלעכע פרייהייט וואָס דער עולם האָט פון תמיד אָן גע־האַט, איבערהויפּט אויפן פּלאַץ צווישן די סטאַטועס פון וואַשינגטאָן און לינקאָלן, איז איצט שטאַרק באַגרענעצט געוואָרן. מען האָט געקאָנט זיצן אויף די בענק, נאָר ניט שטיין אין רעדלעך און דיסקוטירן, ווי עס האָט זיך געפירט פון ווער־ווייסט ווי לאַנג צוריק.

— ניט צוזאַמענקומען זיך.

— ניט שטיין, פאַראַן געזעץ בענק, זיץ אָדער פאַרלאָז.

דער עולם איז געווען דערצאָרנט, אפילו די וואָס האָבן ניט געוואוסט פאַרוואָס.

.3

דעם 22טן אויגוסט איז סאַלטשע אויפגעשטאַנען פריער ווי אַלע מאָל. זי האָט געזאָגט צו מאָטעקן:

— איך האָב מיט קיין אויג ניט געקאָנט צו־טאָן. איך האָב פאַר זיך כסדר געזען דעם עלעקטרישן שטול און ווי מען פאַרגאָרטלט זיי. איך האָב געהערט דעם ריח פון פאַרסמאַליעט מענטשן־פלייש. עס איז אַזוי שרעקלעך. עס וואָלט זיך ניט געוואָלט דערלעבן אַזאַ טאָג. אויב מען וועט זיי דערמאָרדן, וועל איך דאָס ניט פאַרגעסן כל זמן איך וועל לעבן. און איך וויל, אַז שלומל זאָל דאָס איינקריצן אין זיין מוחל און הערצעלע. יאָ, זאָל ער דאָס געדענקען, מאָטוש, היינט איז תשעה באב, היינט איז יום כיפור ביי אונדז.

— סאַלטשע, זיי ניט סענטימענטאַל און רעד זיך ניט אַרויס קיין נאַ־רישקייטן אין גאַס. מרס. הענעסי איז טאַקע אַ גוטער פריינט, נאָר זי קאָן דיך פיין איבערגעבן דאָרט וואו מען דאַרף. היט זיך, סאַלטשע.

די לופט איז יענעם טאָג געווען אַזוי אָנגעפילט מיט פולווער, אַז אפילו סאַלטשע האָט ניט געוואָלט שלומלען נעמען אויף יוניאָן סקווער, ווי זי

האָט עס פריער געהאַט געפּלאַנט. שלומל איז יענע נאַכט געשלאָפן ביי פרוי הענעסי אין הויז. דער אַלטער הענעסי האָט דעם קליינעם זייער ליב געהאַט און שלומל פלעגט זיך אָנלאַכן פון יענעמס טריקס.

די הינריכטונג האָט געזאָלט פאָרקומען נאָך האַלבע נאַכט. נאָר דריי נאָכמיטאָג איז שוין יוניאָן סקווער געווען אַרומגעצאַמט פון דער פּאָליציי און זי האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל אומזיניקע ברוטאַליטעט, אַז עס איז געווען אַ וואונדער, וואָס דער גרויסער עולם האָט זיך ניט געלאָזט פּראָוואָצירן.

אויף די דעכער פון די געביידעס, וואָס זיינען געווען געווענדט צום סקווער איז געשטאַנען פּאָליציי מיט מאַשין ביקסן, רייטער־פּאָליציי האָט געהאַלטן אין איין אַרויפגאַלאָפּירן מיט די פערד אויף די טראָטואַרן און אַריינגעפּאָרן גלייך אין עולם אַריין. מיט האָט ניט געהאַט קיין איינזעעניש מיט צופעליקע דורכגייער. מען האָט געטראָטן אויף פרויען און קינדער. די „קלאָבס" האָבן זיך אָנגעזען אין דער לופטן און אַ גאַנצן פאַרנאַכט איז אָנגעגאַנגען אַ ווילד געיעג קעגן עולם.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן און עס איז געוואָרן אָנגעשטרענגטער די שטימונג, איז די פּאָליציי געוואָרן פרעכער, ווי זי וואָלט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די גאַנצע בושה פון ציוויליזירטקייט.

אויפן פאַרזאַמלונג־פּלאַץ אין סקווער האָבן צען טויזנט מענטשן זיך ניט גערירט פון אָרט. די פּאָליציי האָט געשלאָסן אַ רינג אַרום זיי. וואָס שפּעטער די שעה איז געוואָרן, אַלץ שטילער איז געוואָרן די לופט, אַלץ אָנגעצויגענער די פּנימער, סיי ביים עולם, סיי ביי דער מאַכט.

אויף דרייסיק יוניאָן סקווער האָט זיך געפונען די געביידע פון דער יידישער אַרבעטער־צייטונג „די פרייהייט". דאָרט איז אויסגעשטעלט געוואָרן אַ ווייסער בולעטין, וואָס האָט געדאַרפט אין שוואַרצן אָנזאָגן די לעצטע נייעס. דער עולם האָט געהאַלטן אין איין קוקן צום בולעטין.

עס איז געוואָרן עלף אין אָוונט. אויפן ווייסן ליינט האָט זיך באַוויזן אַ דיקע שוואַרצע שריפט:

„נאָך איין שעה צום לעבן".

אַ ריזיקער ברום איז אַרויס פון אַלע מיילער, ווי דער ברום פון אַ שטורעם־ווינט אין צעבושעוועטן אָקעאַן. דער עולם איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, געוואַרט אויף נייעס. עס זיינען געשטאַנען אַמעריקאַנער, נעגער, כינעזער, יאַפּאַנעזער, סלאַוון, יידן, איטאַליענער. מען האָט אין דער שטילקייט געהערט פאַרשטיקטע רייד אויף פאַרשיידענע לשונות, נאָר אַלע האָבן געהאַט איין געדאַנק, איין געפיל: אפשר, אפשר וועלן זיי בלייבן לעבן...

אַזוי פיל גוטע פריינט האָבן די צוויי מענטשן געהאַט איבער דער גאַנצער

וועלט, אַזוי פיל גוטע וואונטשן זיינען אַרויס פון די קעלן פון מיליאָנען מענטשן פאַר די צוויי אָרעמע אַרבעטער.

עס איז געוואָרן האַלב נאָך עלף. דער „פרייהייט"־בולעטין האָט זיך אַריינגעקריצט אין די אויגן, אין די הערצער:

„נאָך אַ האַלבע שעה צום לעבן".

די מאַסע איז געוואָרן געדיכטער, מען האָט זיך געשטעלט נענטער איי־נער צום אַנדערן, ווי מען וואָלט מיט דעם זיך אַליין געוואָלט באַשיצן, זיך אַליין טרייסטן מיט דער נאָענטקייט פון די לייבער און רייד.

עס האָט זיך דערהערט דאָס וואָיען פון מאָטאָרציקלען, עס האָט זיך דער־טראָגן דאָס ריטמישע קלאַפּן פון פערדישע קאָפּיטעס. פון די הויכע דעכער האָבן אַראָפּגעבליצט פּראָזשעקטאָרס און ווי מיט ריזיקע, דראָענדיקע פינגער געסטראַשעט דעם דערצאָרנטן עולם.

סאָלטשע האָט געציטערט און זיך געהאַלטן אָן מאָטעקס אָרעם. מאָטעק האָט געשוויגן און געהאַלטן אין איין קוקן אויפן „פרייהייט"־בולעטין.

מיטאָמאָל האָט אַ לייכט געטאָן אויפן בולעטין:

„נאָך פופצן מינוט צום לעבן".

ערגעץ וואו האָט אַ פרוי אויסגעבראָכן אין אַ היסטעריש געוויין. סאָלטשע האָט זיך מיטביידע הענט אָנגעהאַלטן אין מאָטעקן. זי האָט עפּעס געברומט אומפאַרשטענדלעך. מאָטעק האָט ניט געפרעגט, ניט געקוקט אויף איר.

אַ וואַלד פון גלייכע טולפּאַנען־ביימער איז געווען דער עולם. אַלע פּנימער צום בולעטין. אַלע קעפּ אויפגעהויבן גלייך.

די פּאָליציי איז צוגעקומען נענטער צום עולם. מען האָט געזען ווי זי איז געווען גרייט צום שלאַכט קעגן אַ צעווייטאָגטן, אויסגעמאַטערטן עולם, וואָס האָט געוואָלט, אַז צוויי לעבנס זאָל געראַטעוועט ווערן און גאַרניט אין זינען געהאַט צו פאַרפירן אַ שלאַכט מיט דער שווער־באַוואָפנטער פּאָליציי.

מיטאָמאָל האָט זיך דערהערט אַ קרעכצן און אָכצן פון אַלע זייטן. אויף דעם בולעטין האָט זיך באַוויזן:

„נאָך פינף מינוט צו לעבן".

עס איז געווען האַלב נאַכט. יעדע מינוט איז געוואָרן שטיקנדיק. עס האָט אויסגעפּעלט אָטעם. אפילו מאָטעק האָט שוין ניט געקאָנט איינשטיין און ער האָט זיך געדרייט ווי אין קאָנוואולסיעס. ער האָט געהערט ווי סאָל־טשעס ציין האָבן געקלאַפּט.

עס איז געוואָרן אינגאַנצן שטיל. אפילו די פּאָליציי האָט געשוויגן און דערפילט די וועלט־וויכטיקייט פון מאָמענט.

אויפן בולעטין האָט זיך באַוויזן אין דיקן שוואַרצן שריפט:

„סאַקאָ דערמאָרדעט“.

מאַטעק און סאַלטשע האָבן קיין צייט ניט געהאַט אויסצורעדן קיין וואָרט, ווי אַרום זיי האָבן זיך דערהערט אויסטערלישע געוואַלדן. אַ הויכער רוס האָט געיאָמערט און זיינע אַקסלען האָבן זיך געשאָקלט און מיטגעיאָמערט. אַ קליינער איטאַליענער האָט אויפגעריסן דעם קאָלנער פון זיין ווייסן העמד, ווי ער וואָלט קריעה געריסן. פרויען זיינען אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד אין חלשות. עס איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ געלאָף. מען איז געלאָפן — דאָ אין איין ריכטונג, דאָ איז מען צוריקגעקומען אין דער זעלבער ריכטונג.

— לאָמיר גיין, — האָט געזאָגט מאַטעק אין אַ פאַרשטיקט, פאַרוויינט קול.

— וואו ווּעסטו גיין, אַז דער עולם איז ווילד פון צאָרן און ווייטאָג.

האָבן זיי זיך געלאָזט צו דער זעכצנטער גאַס אַהיימצוגיין, נאָר די ליצייי האָט געשלאָגן מיט די קלאָבס אָן אַ פאַרוואָס.

— לאָזט אונדז אַרויסגיין, — האָט סאַלטשע זיך געווענדט צו אַ פאָלי־ציאַנט, וואָס האָט געהאַלטן גרייט זיין „קלאָב“.

— גייט צום טייוול! — האָט ער אויסגעשריען און זיי דורכגעלאָזט.

אַ סך מענטשן זיינען געגאַנגען אויפן טראָטואַר, נאָר קיינער האָט ניט גערעדט. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַלע וויינען.

סאַלטשע האָט ניט געוואָלט קוקן אויף מאַטעקן. ער האָט אויף איר אויך ניט געקוקט.

צוזאַמען, ווי צוויי פרישע אבלים, זיינען זיי אַריין צו זיך אין הויז. סאַלטשע איז אַרויפגעפאַלן אויפן בעט און זיך צעכליפעט.

מאַטעק איז אַריין אין וואַש־צימער, פאַרהאַקט די טיר און זיך אויסגע־וויינט. ווען ער איז אַרויסגעקומען, איז ער צוגעגאַנגען צו סאַלטשעס בעט און אין אַ צעבראָכן, הייזעריק קול געזאָגט: „מיר וועלן בויען אַ נייע אַמע־ריקע, אַן אַמעריקע פון אמתער אַרבעטער־דעמאָקראַטיע“.

סאַלטשע האָט זיך אויפגעהויבן, אויסגעווישט די אויגן און זי איז אַריין אין קינדס צימער.

קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

# בען און לואיז

.1

סאַלטשע האָט געוווּסט, אַז בען וועט זיין וואָרט ניט האַלטן. ער איז ניט געקומען געזעגענען זיך פאַרן אָפּפאָרן אין דער סאַוט און ער האָט ניט פאַרגעשטעלט לואיזן פאַר איר, אָדער מאַטעקן. אַלץ וואָס זי האָט געוואוסט איז געווען, אַז בען איז ניטאָ מער אין ניו־יאָרק, אַז פאַניאַ ווייסט, אַז ער איז ערגעץ וואו אין דער סאַוט צו העלפן אָרגאַניזירן די טעקסטיל אַר־בעטער דאָרט.

ניט איינמאָל האָט מאַטעק וועגן אים גערעדט מיט סאַלטשען. בען האָט געמעגט אַמאָל אָנשרייבן אַ פּאָר ווערטער, ווי פאַרנומען ער זאָל ניט זיין. עס האָט זיי ביידן אינטערעסירט צו וויסן, צי לעבט ער טאַקע מיט לואיזן, צי איז דאָס בלויז געווען אַ צייטווייליקע ליבע.

צו זייער איבעררעאַשונג איז פון בענען פּלוצלינג אָנגעקומען אַ לאַנגער בריוו. נאָר ניט פון דרום. דער פּאָסט־שטעמפּל האָט געוויזן ניו־בעדפאָרד, מאַס. די דאַטע איז געווען סוף יולי, 1928. גלייך האָבן מאַטעק און סאַלטשע פאַרשטאַנען, אַז בען העלפט אָנפירן מיטן סטרייק פון די טעקסטיל אַרבעטער אין יענער געגנט. זיי האָבן געהאַט געלייענט וועגן דעם סטרייק און נאָכגע־פאָלגט זיין אַנטוויקלונג.

דאָס מאָל האָט סאַלטשע זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן ביז מאַטעק וועט אַהיים קומען. זי האָט דעם בריוו גלייך געעפנט און אים אַ פּאָר מאָל געלייענט. זי האָט דעם אינהאַלט זיינעם איבערגעגעבן מאַטעקן בעת זי האָט אים דער־לאַנגט דאָס עסן.

— מאַטעק, האָסט ניט געטראָפן וועגן בענען. ער איז איבער די אויערן פאַרליבט אין לואיזן און ער שרייבט אַ סך וועגן איר. ס'איז אַ וואַרעמער בריוו און ער שרייבט, אַז ער בענקט נאָך אונדז. זאָל זיך שלומל לייגן שלאָפן וועל איך אים פאַר דיר איבערלייענען.

דער בריוו איז געווען אָפּגעקלאַפּט אויף אַ שרייב־מאַשינקע. געדיכטע שורות, אַ סך געמעקט, אויף אַ ביליקן פּאַפּיר. מען האָט געקאָנט באַמערקן,

אַז דער שרייבער איז זייער אַ פאַרנומענער מענטש און ער האָט געשריבן דעם בריוו אין אַ מאָמענט, ווען ער האָט זיך אָפּגערוט און געוואָלט זיך מיט עמיצן טיילן מט זיינע געפילן. דער בריוו האָט זיך געלייענט אַזוי :

„מיינע טייערע מאַט און סאַלטשי — נוצלאָז צו געבן אייך תירוצים פאַרוואָס איך האָב צו אייך ניט געשריבן אַזאַ לאַנגע צייט און בין אפילו ניט געקומען געזעגענען זיך מיט אייך. אַ סאָלדאַט מוז מען אַ סך פאַר־געבן. געווען די גאַנצע צייט אין דער סאוט, אין נאָרט קאַראָלאַינאַ. איצט געפין איך זיך שוין אַ צייט לאַנג אין ניו ענגלאַנד, אין טעקסטיל צענטער ניו בעדפאָרד. איך בין דאָ מיט לואיזן. זי ווייסט וועגן אייך פיל, נאָר איר ווייסט וועגן איר גאָרניט. דערפאַר — פריער אַ פאָר ווערטער וועגן איר. (דער אמת איז, אַז צוליב איר שרייב איך דעם בריוו, כאָטש זי ווייס עס ניט.) מיר זיינען שוין דאָס צווייטע יאָר פאַרהייראַט (מאָט, לאַך ניט פון מיר). זי האָט זיך אַזוי איינגעלעבט אין מיין סאָלדאַטישן לעבן, אַז איך קאָן זיך נאָך אַלץ ניט גלויבן, אַז זי איז ביי מיין זייט. מיין לעבן : אַן אָרגאַנאַיזער פאַר דער נאַציאָנאַ־לער טעקסטיל אַרבעטער יוניאָן. און דאָס מיינט — הונגער־לוין, שווערע אַרבעט צווישן אימיגראַנטישע עלעמענטן, וואָס באַזיצן ניט די ענגלישע שפּראַך ; ניט זיין זיכער מיטן לעבן ; פאַרפאָלגט ווערן פון דער פּאָליציי, פון די געדונגענע גענגסטערס, געקידנעפּט ווערן פון זיי און פאַרקריפּלט ווערן פון זיי. עס מיינט — וואו געטאָגט, דאָרט ניט גענעכטיקט ; וואוינען אין כאַלופּעס צוזאַמען מיט די אַרבעטער ; זיין איינער פון זיי. נו, בין איך געוואוינט צו אַזאַ לעבן. נאָר ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז לואיז וועט דאָס קאָנען איבערטראָגן אפילו איין וואָך צייט ?

„ווען זי האָט געזאָגט, אַז זי פאָרט מיט מיר אין דער סאוט, האָב איך איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז ניט פאַר איר. זי איז קיינמאָל אין דער סאוט ניט געווען און זי האָט ניט געוואוסט, וואָס עס מיינען די שילדן : „בלויז פאַר ווייסע“. זי האָט זיך ניט געקאָנט פאָר־שטעלן, אַז אין אונדזער לאַנד זאָלן מענטשן באַהאַנדלט ווערן ערגער ווי הינט בלויז דערפאַר, וואָס זייער הויט איז פון אַן אַנדער קאָליר, און איר פאַנטאַזיע האָט זיך ניט געקאָנט אויסמאָלן, אַז ביי אונדז אין לאַנד זאָלן אַמעריקאַנער־געבוירענע ווייסע לעבן אין אַזאַ שרעקלע־כער אָרעמקייט, ווי עס לעבן די ווייסע פאַרמערס און טעקסטיל אַר־בעטער אין דרום. איך האָב געמיינט, אַז זי וועט זיין מיט מיר אַ פאָר טעג און זי וועט זיך אומקערן קיין ניו־יאָרק צו אירע עלטערן און

וואַרטן ביז איך וועל צוריקקומען. נאָר — ניין. זי האָט זיך גיך צו־געפּאַסט צו די אומשטענדן און ניט בלויז האָב איך פון איר קיינמאָל ניט געהערט קיין באַקלאָגן זיך אויף דער לאַגע, נאָר זי האָט גלייך פאַרקאַטשעט די אַרבל און זי איז געוואָרן טעטיק אין דער קינדער־רעליף אַרבעט, ווי זי האָט עס געטאָן אין פּאַסעיקער סטרייק.

„ווען איר וואָלט געזען פון וואָס פאַראַ היים לואיז קומט אַרויס, וואָלט איר זיך אויך געוואונדערט. אירע עלטערן וואוינען אין אַ פּאַ־לאַצל לעבן ריווערסאַיד דראַיוו. לואיז איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין רייכטום, אַרומגערינגלט פון באַדינער. ביז זי איז אַריין אין קאַ־לעדזש האָט זי ניט געוואוסט פון דעם, אַז ס'איז פאַראַן אַן אַנדער לעבן. אויף איר האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אַ לערערין אין קאַ־לעדזש. לעניִנס טויט, טאָם מוני, סאַקאָ־וואַנזעטי און די האַרדינג־סקאַנדאַלן האָבן געטאָן דאָס איבעריקע.

„לואיז איז עטוואָס נידעריקער פון מיר. זי איז איידל געבויט, ווי אַ יונג ביימעלע, וואָס בייגט זיך פאַרן ווינט. איך האָב זיך פאַרליבט אין איר דעם ערשטן מאָל, ווען איך האָב זי געזען זיצן ביי אַן אויס־געריבענער פּיאַנאָ, אין אַ סטרייק־זאַל. זי איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין איר שפּילן, אַז מען האָט געקאָנט מיינען, אַז זי שעפּט דערפון נחת. אַזוי איז זי טאַקע. וואָס זי טוט, איז דאָס מיטן גאַנצן האַרצן. זי פאַרמאָגט אַ זעלטענעם אינסטינקט. איר בילדונג איז בלויז אַ שליח פון איר אינסטינקט. איך דערמאָן זיך, ווען איך האָב זיך באַקענט מיט מאָטעקן, פלעג איך אָפּלאַכן פון זיין סענטימענטאַלקייט. איך האָב אים דאַן געזאָגט, אַז פון אים וועט קיין רעוואָלוציאָנער ניט ווערן. לואיז איז אויך סענטימענטאַל, נאָר דאָס ווירקט אויף איר פאַרקערט, ווי אויף מאָטעקן. זי ווערט קיינמאָל ניט אַנטוישט. פּאָליציי שלאָגט, גלחים נעמען זיך אָן פאַר די טעקסטיל באַראָנען — לואיז ווערט דאַן ניט אין כעס, נאָר זי נעמט זיך טאָן אַרבעט צו העלפן די געליטענע. זי שוויַיגט און טוט. דאָס איז איר ענטפער אויף אירע סענטימענטן.

„נאָך אַ זאַך. דאָס וואָס מיר טוען איצט אין נאָרט קאַראָלאַניאַ, איז ערשט אַ צוגרייטונג פאַר עפּעס וואָס דאַרף זיך צעברויזן. מיר ריכטן זיך אויף צרות. לואיז באַגרייפט עס און זי גרייט זיך צו. מעג־לעך, אַז איך וועל אַרעסטירט ווערן, מעגלעך — ביידע. זי רעדט מיט מיר ווי זיך צו האַלטן צווישן די טורמע־ווענט, ווי זי וואָלט געווען דאָרט אַמאָל. אפשר האָט איר פאָטערס פּראָפעסיע געהאַט אַ ווירקונג אויף איר. ווי סאַלטשע ווייסט, איז איר פאָטער אַן אָנגעזעענער לאָיער אין

ניו־יאָרק.

„נו, איך האָב אייך געמוזט דערציילן וועגן לואיזן. געמוזט, דער־וואָס אויף אַזעלכע ווי זי האַלט זיך אויף אמתע דעמאָקראַטיע. ניט ווייל זי איז מיין פרוי דערצייל איך אייך וועגן איר, נאָר ווייל זי איז דער טיפּ פון דעם אַמעריקאַנער פאָלקס־מענטש, וואָס וועט איינפירן סאָ־ציאַליזם אין אונדזער לאַנד.

„איצט וועגן דעם סטרייק אין ניו־בעדפאָרד, וואָס האָט זיך אָנ־געהויבן אין אַפּריל און וואָס האַלט ביים געבראָכן ווערן, צוליבן טע־ראָר אין די קאָורטס, וואָס גיבן אַרויס די ווילדסטע אורטיילן פאַר פּי־קעטן. איבער צוויי טויזנט אַרבעטער זיינען שוין אַרעסטירט געוואָרן. אין איין טאָג האָט מען 275 אַריינגעזעצט אין דזשעיל. פאַר פּיקעטן סטראַשעט מען מיט דעפּאָרטירן פון לאַנד. מען באַפאַלט מיט קלאָבס די פרידלעכע פּיקעטס. פרויען ווערן געזידלט און באַליידיקט מיט די ערגסטע ווערטער. די פּאָליציי שטייט און לאַכט און באַשיצט די בואיאַנעס.

„כל זמן מיר האַלטן נאָך אָן די רעליף־קראָמען און מיר שטיצן די סטרייקערס מיט שפּייז און מיט קליידער, וועלן זיי זיך ניט אונ־טערגעבן, נאָר די באַלעבאַטים פאַרשטיין דאָס און לעצטנס האָט מען אָנגעהויבן אַטאַקירן אונדזערע רעליף־צענטערן. לואיז האָט שוין פאַר־זוכט דעם טעם פון אַ שטיין אין קאָפּ. זי האָט זיך ניט פאַרלאָרן. איך האָב זיך מער פאַרלאָרן, ווען איך האָב זי דערזען מיט אַ ווייסן באַנ־דאַזש אויפן קאָפּ. זי האָט ווייכע געכוואַליעטע, טונקל ברוינע האָר, קורץ געשוירן, ניט ייִנגליש, נאָר עכט מיידליש. סאַלטשע וועט פאַר־שטיין וואָס איך מיין. דאָס פּנים איז קליין, מיט אַ שפּיציקער קין, זי מאַכט דעם איינדרוק פון אַ מוזיק־סטודענטקע. דער עולם דאָ האָט זי שטאַרק ליב.

„איר מוטער וויל שטאַרק, אַז זי זאָל זיך אַריבערכאַפּן קיין ניו־יאָרק אויף אַ פּאָר וואָכן. זיי געפינען זיך איצט אין זייער זומער־היים אין ראַי, ניו־יאָרק, און ווען לואיז דערמאָנט זיך אין יענעם וואונ־דער־ווינקל פאַרמאַכט זי די אויגן. נאָר באַלד גיט זי זיך אַ כאַפּ און זאָגט: ,ווען מיר וועלן ווערן אַלט און מיר וועלן באַקומען אַ פּענ־סיע פון אונדזער אַרבעטער־רעגירונג וועלן מיר פאַרברענגען אין ראַי. דערווייל זיינען מיר יונג און מיר דאַרפן עפּעס אויפטאָן׳.

„די טעג פאָרן מיר צוריק קיין נאָרט קאַראָלאַינאַ. פון דאָרט זאָלט איר פון אונדז קיין בריוו ניט דערוואַרטן. איך שיק אייך אונדזער

אַדרעס. שרייבט. שרייבט צו לואיזן. זי וועט אייך ענטפערן. איך וויל ניט, אַז זי זאָל זען דעם בריוו, דערפאַר שרייבט זי ניט צו אייך. זי וועט זיך דערפרייען מיט אייערע פּאָר ווערטער. שיקט אַ בילד פון יאָטל.

אייער סאָלדאַט, בען."

מאַטעק און סאָלטשע האָבן פון דאַן אָן זיך מער אינטערעסירט מיטן סטרייק אין ניו־בעדפאָרד און שפּעטער מיט די סטרייק געשעענישן אין דרום. לואיז איז זיי געוואָרן באַענט און זיי האָבן זיך אַלץ געקליבן אָנשרייבן איר אַ פּאָר ווערטער, נאָר עס האָט זיי אויסגעפעלט מוט. ביז לואיז איז צו זיי געקומען, נאָר דאָס האָט פּאַסירט ערשט אין אַ יאָר אַרום.

.2

פון די בערג זיינען זיי אַרונטערגעקומען; די שטיינערדיקע ערד פאַר־לאָזן, די טרוקענע ערד, וואָס האָט זיי ווינציק נאַרונג געגעבן. אונטן, אין טאָל, לעבן די קאָטן־פּלאַנטאַציעס, האָבן זיך גרויסע פאַבריקן אויפגעבויט, וואו עס אַרבעטן ווייסע און וואו שוואַרצע באַדינען, טוען די שמוציקסטע אַר־בעטן. דער ווייסער קריגט אַ דירה, קאָן קויפן אַלץ אין דער קאָמפּאַני סטאָר, און מען קאָן אַרבעטן ווי לאַנג מען וויל און וואָס מער מען אַרבעט אַלץ גרעסער ווערט דער איינקונפט, ניט ווי אין די בערג — אַרבעטסט פון פרי ביז שפּעט און די ערד איז שטיין און גיט גאָרניט אַרויס.

זיינען געקומען די דזשענטללייט מיט געשליפענע צינגלעך און איבער־גערעדט די פאַרמערס פון די בערג, אַז זיי זאָל ווערן טעקסטיל אַרבעטער: אָפּערירט מאַדערנע מאַשינען, ווערט מיט לייטן צוגלייך. די סאוט ווערט אויפגעריכט, אַדאַנק די מעטויל דזשענקס קאָמפּאַני, אַדאַנק די קלינטש־פילד קאָמפּאַני . . .

בען און לואיז זיינען פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן די אַרבעטער פון דער לאָרעי מיל אין גאַסטאָניאַ, נאָרט קאַראָלאַינאַ. דאָרט האָבן געאַרבעט 1,700 מענטשן, נאָר מער ווי אַ פּאָר הונדערט איז דערוויל ניט געלונגען אַריינצו־נעמען אין דער נאַציאָנאַלער טעקסטיל אַרבעטער יוניאָן. סוף מערץ 1929 האָט די קאָמפּאַני אָפּגעזאָגט 20 יוניאָן־לייט און די יוניאָן האָט דערקלערט אַ סטרייק.

וואָס זיינען געווען די פאָדערונגען פון דער יוניאָן?

1) אַ מינימום פון 20 דאָלאַר אַ וואָך פאַר אַלע אַרבעטער, מיט גלייכע שכירות פאַר גלייכער אַרבעט פאַר פרויען און יוגנטלעכע אַרבעטער; 2) דאָס

אָפּשאַפן פון „הענק קלאַקס“ און שטיק־אַרבעט; 3) אַ 5־טאָגיקע אַרבעטס־וואָך און 8־שעה׳איקער טאָג; 4) בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען; 5) פאַרריכטן און אויסבעסערן די מיל־וואוינונגען און רעדוצירן דאָס דירה־געלט; 6) דאָס אָנערקענען פון דער יוניאָן.

ביז דאַן האָבן די אַרבעטער געהאַט געאַרבעט זעכציק שעה אַ וואָך און באַקומען אין דורכשניט צווישן אַכט און 11 דאָלאַר אַ וואָך. מען האָט געקאָנט טרעפן קינדער ביים שפּינדל; קינדער ביי דער וועב־מאַשין און יוגנטלעכע ביי דער פאַרב־מאַשין. גאַנצע פאַמיליעס האָבן געשקלאַפט און דאָך איז ניט געווען גענוג צו לעבן ווי מענטשן. אין גאַסטאָן קאַונטי, וואו עס געפינט זיך גאַסטאָניאַ, האָבן געאַרבעט אַרום זעכציק טויזנט טעקסטיל־אַרבעטער.

ווען דער סטרייק איז דערקלערט געוואָרן, דעם 2טן אַפּריל, איז דער אָפּרוף פון די אַרבעטער געווען אַזאַ באַגייסטערטער, אַז פון די אַרומיקע דערפער זיינען אַרבעטער געקומען צו דער יוניאָן און זיך געבעטן, אַז מען זאָל זיי אָרגאַניזירן.

די סטרייקערס זיינען אַרויסגעזעצט געוואָרן פון זייערע דירות, וואָס האָבן באַלאַנגט צו די טעקסטיל קאָמפּאַניס. די יוניאָן האָט דאַן אַוועקגעשטעלט טענט־קאָלאָניעס. דער אָפיס פון דער יוניאָן איז פאָגראָמירט געוואָרן. באַלד האָבן די אַרבעטער אויפגעבויט אַ נייעם אָפיס פאַר דער יוניאָן. יעדן טאָג האָט די יוניאָן אָפּגעהאַלטן מאַס־מיטינגען אויפן פרייען פעלד. די קאָמפּאַני האָט געגעבן פרייע פאָרשטעלונגען, כדי אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון די אַרבעטער. עס האָט ניט געהאָלפן. איבער דער גאַנצער געגנט האָט זיך געטראָגן דאָס מונטערע געזאַנג פון די סטרייקערס, וואָס האָבן געזונגען „סאָלידאַריטי פאָרעווער“ און די לידער וואָס די סטרייקערס האָבן אַליין פאַרפאַסט. צווישן זיי זיינען די פּאָפּולערסטע געווען פון עלאַ מעי וויגינס. זי האָט געשריבן די ווערטער און צוגעפּאַסט צו זיי פּאָפּולערע מעלאָדיעס פון דרום.

די באַלעבאַטים האָבן געמיינט, אַז די סטרייקערס וועלן באַלד ווערן אויסגעהונגערט, נאָר הילף איז געקומען פון איבערן גאַנצן לאַנד, פון אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס און יוניאָנס. די באַלעבאַטים האָבן דאַן באַשלאָסן חרוב צו מאַכן די הילף־סטאַנציעס. פינף קאָמפּאַניס פון דער נעשאָנאַל גאַרד זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין גאַסטאָניאַ צו צעברעכן דעם סטרייק. דעם 18טן אַפּריל זיינען די מאַסקירטע כוליגאַנעס באַפאַלן די סטרייק־קוואַרטיר און די רעליף־סטאַנציע און זיי פאַרברענט.

לואיז האָט זיך דאַן געפונען אין דער רעליף־סטאַנציע. זי איז אַנטלאָפן פון דאָרט מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן. זי האָט ניט געוואוסט ווער

עס האָט געשלאָגן, נאָר פון אַלע זייטן האָבן שכורע מענער מיט שטעקנס אין די הענט געשלאָגן יעדן איינעם וואָס האָט זיך געפונען אין דער סטאַנציע; ניט געשאָנעוועט קיין קינדער און קיין עלטערע פרויען.

בען איז געווען פאַרנומען מיטן אַנדערע אַרבעטן, ניט ווייט פון דער סטרייק־קוואַרטיר. ער האָט דערהערט וועגן דעם פּאָגראָם, איז ער געלאָפן צום פּלאַץ, נאָר מען האָט אים באַצייטנס געוואָרנט, אַז מען וועט אים קידנעפּן, אויב ער וועט ניט אַנטלויפן. צוויי טעג צייט האָט ער זיך ניט געזען מיט לואיזן. ער האָט די צוויי נעכט פאַרבראַכט מערסטנס ביי געהיימע מיטינגען וועגן סטרייק־סטראַטעגיק. די סטרייק קאָמיטע האָט זיך דאַן געווענדעט צום גאָווערנאָר גאַרדנער, וועלכער איז אַליין אַ טעקסטיל באַראָן, נאָר אָנשטאָט שוץ, האָבן די סטרייקערס באַקומען מער קלעפּ, די פּיקעטס זיינען אַטאַקירט געוואָרן און די פרויען אויף דער פּיקעט־ליין זיינען ניט געווען זיכער מיטן לעבן.

אָנהויב יוני האָט זיך דער סטרייק פון די טעקסטיל אַרבעטער צעפלאַקערט איבער דער גאַנצער גאַסטאָניאַ געגנט. די „קאָמיטע פון הונדערט״ פון די באַסעס, וואָס איז באַשטאַנען פון באַוואָפנטע, איינגעשוואָרענע „שטאַרקע״, האָט ניט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו שלאָגן, פּאַרברענען, פּאָגראָמירן, קידנעפּן, טעראָריזירן קינד און קייט. די סטרייק־קאָמיטע האָט דערקלערט, אַז זי וועט זיך מוזן פאַרטיידיקן און ניט לאָזן פאַרברענען די טענט קאָלאָניע אָדער פּאָגראָמירן די סטרייק־קוואַרטיר און די רעליף־סטאַנציע. דעם 7טן יוני איז עס געקומען צו אַן אָפענער שלאַכט צווישן די אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער סטרייק־קוואַרטיר און דער פּאָליציי, וואָס איז געקומען צו צעשטערן די קוואַרטיר. אַ צאָל פון די פּאָליציי־לייט איז געווען שיכור. עס איז אַנטשטאַנען אַ שיסעריי און דער הויפּט פון דער פּאָליציי איז פאַרוואונדעט געוואָרן. ער איז שפּעטער געשטאָרבן פון די וואונדן. אויך אַ פּאָר פון די באַפאַלער זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן. פון די סטרייקערס איז איינער פאַרוואונדעט געוואָרן. באַלד זיינען עטלעכע הונדערט סטרייקערס אַרעסטירט געוואָרן און אָנגעקלאָגט געוואָרן אין מאָרד. די סימפּאַטיע פון דער גאַנצער אַרומיקער באַפעלקערונג איז געווען איינגאַנצן אויף דער זייט פון די סטרייקערס. איבערן גאַנצן לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָטעסט באַוועגונג קעגן דעם גאַסטאָניאַ טעראָר. די פאַקטן זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דער עפנטלעכקייט. די לאָקאַלע מאַכט איז געווען געצוואונגען צו באַפרייען די מערסטע אַרבעטער, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ צאָל פרויען. דער סטרייק איז געבראָכן געוואָרן. זיבן פון די סטרייק־פירער זיינען פאַרמשפּט געוואָרן. צוזאַמען זיינען זיי פאַראורטיילט געוואָרן אויף

117 יאָר אין טורמעס.

עס איז געווען דעם 14טן סעפּטעמבער, ווען אַ טראָק מיט סטרייקערס
האָט זיך אומגעקערט פון אַ פּיקניק. אין טראָק האָט זיך געפונען עלאַ מעי,
די באַליבטע סטרייק־פירערין און פאַרפאַסערין פון די סטרייק־לידער. מיטאַ־
אַמאָל איז דער טראָק באַשאָסן געוואָרן פון די דעפּיוטי שעריפס, אָן וועלכער
ס׳איז וואָרנונג. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז מען האָט געצילט אין עלאַ מעי.
איר קערפּער איז דורכגעלעכערט געוואָרן פון די קוילן און זי איז אויס־
געגאַנגען.

עלאַ מעי איז אַלט געווען 29 יאָר, ווען זי איז געפאַלן אַ קרבן פון
גאַסטאָניאַ סטרייק, אין קאַמף פאַר אַמעריקאַנער לעבנס־סטאַנדאַרד. זי איז
געבוירן געוואָרן אין די בערג, אויפן שטיינערנעם באָדן, ביי עלטערן, באַרג־
פאַרמערס. זי האָט זייער יונג חתונה געהאַט מיטן בערגלער וויגינס. נאָכ־
דעם ווי זי האָט געבאָרן דאָס דריטע קינד האָט אַן אַגענט פון דער טעקסטיל־
מיל איבערגערעדט איר מאַן, אַז ער זאָל פאַרלאָזן די פּרוכטלאָזע פאַרם און
זיך אַריבערקלייבן אין טעקסטיל־דאָרף און אַרבעטן פאַר גוטע שכירות.
וויגינס האָט געאַרבעט 60 שעה אַ וואָך און געקראָגן 11 דאָלאַר אַ וואָך, אין
דורכשניט. די קאָמפּאַני סטאָר, וואו מען האָט גערעכנט הויכע פּרייזן פאַר
אַלץ און די שכירות זיינען געווען אויסגעמאַכט אין פאָרם פון טשעקס צו
דער קאָמפּאַני סטאָר. זיי האָבן געוואוינט אין אַ הייזל, וואָס האָט ניט געהאַט
די מינדסטע באַקוועמלעכקייטן. לאַנג האָט דער בערגלער וויגינס ניט גע־
קאָנט אויסהאַלטן די שקלאַפעריי און ער איז אינגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן און
באַלד געשטאָרבן. דער יאָך פון אויסהאַלטן די פאַמיליע איז איצט געפאַלן
אויף זיין פרוי עלאַ מעי. ניט בלויז האָט זי געדאַרפט שקלאַפן 60 שעה אַ
וואָך, נאָך אַהיים קומענדיק האָט זי נאָך געדאַרפט טאָן די הויז־פליכטן. ווי
די מערסטע באַרג־פרויען, האָט זי כמעט יעדעס יאָר אויסגעטראָגן אַ קינד.
זינט דער חתונה ביז איר מאַרטירער טויט, צו 29 יאָר, האָט זי געבראַכט
אויף דער וועלט 9 קינדער. זי פלעגט דאַרפן אַרבעטן אין פאַבריק כמעט
ביז דער לעצטער מינוט, איידער דאָס קינד איז געבאָרן געוואָרן. און טאַקע
באַלד נאָכן געבורט האָט זי זיך שוין געדאַרפט גרייטן צו דער אַרבעט אין
מיל. פיר קינדער זיינען איר אָפּגעשטאָרבן, פינף זיינען געבליבן לעבן.
פאַרדינט האָט זי 9 דאָלאַר אַ וואָך און זי האָט ניט געהאַט קיין שפּייז פאַר די
קינדער. ווען די יוניאָן האָט זיך באַוויזן אין גאַסטאָניאַ, איז זי געווען פון
די ערשטע זיך אָנצושליסן.

זי האָט פאַר זיך דערזען די צאַרטע לואיז, וואָס האָט זיך געשפּילט מיט
אירע קינדער. לואיז האָט איר געהאָלפן צוגרייטן די מעלאָדיעס צו אירע

לידער און עלאַ מעי האָט זיך ניט געקאָנט אָפּוואונדערן פון לואיזעס צויבער־פינגער, וואָס האָבן געקאָנט אויפכאַפּן אַ מעלאָדיע און זי גלייך אויסשפּילן אויף דער פּיאַנאָ.

— ווי אַזוי קאָנט איר עס טאָן? — האָט עלאַ מעי ניט געקאָנט באַגרייפן.

— עלי, מען קאָן אַלץ טאָן, אויב מען לערנט זיך. מען דאַרף נאָר האָבן צייט פאַר זיך, — האָט לואיז איינפאַך געענטפערט.

עלאַ מעי איז געוואָרן דער יוניאָן אָרגאַנאַיזער אין בעסעמער סיטי און זי איז געוואָרן באַליבט ביי אַלע אַרבעטער. קיין זאַך איז איר ניט געווען צו שווער.

נאָך איידער בען און לואיז האָבן צייט געהאַט זיך אָפּצורוען פון זייערע שווערע דערפאַרונגען אין גאַסטאָניאַ זיינען זיי שוין פאַרנומען געוואָרן מיט סטרייק־פליכטן אין מעריאָן, וואו די סטרייקס האָבן אָנגעהאַלטן פון יולי ביז אינמיטן אָקטאָבער. דאָרט האָבן די קאָמפּאַניס אַראָפּגעבראַכט סקעבס און אַרויסגעוואָרפן די סטרייקערס פון זייערע וואוינונגען און זיי כסדר אַרעס־טירט. ווען די נאַכט־אַרבעטער זיינען דעם צווייטן יולי אַרויס אין אַ ספּאָנ־טאַנעם סטרייק און זיי האָבן געוואַרט ביים טויער אָנצוזאָגן די טאָג־אַר־בעטער, האָט דער שעריף מיט זיינע געהילפן, אָן וועלכער ס׳איז וואָרנונג, געוואָרפן גאַז־באָמבעס אויף די סטרייקערס און גלייך נאָכדעם אָנגעהויבן שיסן אויף די ניט־באַוואָפנטע סטרייקערס. זעקס זיינען גלייך געטויט געוואָרן אויפן אָרט און 24 זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן. אַלע קוילן האָבן די אַר־בעטער געטראָפן אין די רוקנס. קיין איינער פון די שיסער איז קיין טאָג ניט געזעסן אין טורמע, נאָר אַ צאָל פון די סטרייקערס זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו זעקס חדשים אויף דער „טשעין גענג".

אין גאַסטאָניאַ זיינען די סטרייקערס געפירט געוואָרן פון ליבקע, אין מע־ריאָן — פון רעכטע. נאָר קרבנות זיינען געפאַלן אומעטום. פאַר לואיזן און בענען איז געווען וויכטיק איין זאַך — צו העלפן דעם פאַרשקלאַפטן אַר־בעטער באַקומען בעסערע לעבנס־באַדינגונגען.

דער מאָרד פון עלאַ מעי, דאָס פאַרמשפּטן פון די סטרייק־פירער צו זיבעצן און צו צוואַנציק יאָר, דער מאָרד פון די זעקס סטרייקערס אין מע־ריאָן — האָבן ניט געלאָזט רוען בענען און לואיזן. זיי זיינען געווען אַנט־שלאָסן ווייטער צו קעמפן פאַר אַ בעסערער אַמעריקע, פאַר אַ ציוויליזירטער אַמעריקע.

אָנהויב אָקטאָבער 1929 זיינען בען און לואיז געקומען קיין ניו־יאָרק. אין דער זעלבער וואָך זיינען זיי געקומען צו־גאַסט צו מאַטעקן אין הויז אַריין.

## קאַפּיטל נײַן און צוואַנציק

# פאַניאַ און לואיז

.1

דר. פאַניאַ אימבער האָט ניט פאַרלאָזן אַמעריקע נאָכדעם ווי סאַקאָ און וואַנזעטי זײַנען אומגעקומען. זי איז אַפילו ניט געפאָרן אויף דער געפּלאַנטער רײַזע קיין אייראָפּע. איר ברודער האָט געהאַט אַ זומער־וואוינונג אין די קעטסקיל בערג, איז זי אַוועק אַהין אויף אַ פּאָר וואָכן זיך אָפּרוען.

וויפל אירע קאָלעגן און אַפילו פּאַציענטן האָבן זיך ניט געבעטן בײַ איר, אַז זי זאָל אויפגעבן איר אָפיס אויף דער איסט סאַיד און זיך אַריבערקלײַבן אין אַ שענערער געגנט, האָט קיינער זי ניט געקאָנט איבעררעדן. זי האָט ליב געהאַט די ערשטע עוועניו און עוועניו עי און עוועניו בי, האָט זי דערקלערט. ס׳איז טאַקע אַן אָרעמער עולם, נאָר זי ווייס, אַז זי ברענגט נוצן און אַז מען נויטיקט זיך אין איר. דאָ האָט זי געהאַט אירע סלאַוון, אירע דײַטשן, אירע איטאַליענער, אירע פרומע ייִדן און ייִדענעס, אונגאַרן, אירלענדער, כינעזער און אַפילו אַ פּאָר ציגײַנערקעס אַלס פּאַציענטן.

געוואוינט האָט זי אויף צענטער גאַס, צו מערב פון דער פינפטער עוועניו, אין אַ נײַ הויז און זי האָט אַנגעהאַלטן אַ מעבלירטן אַפּאַרטמענט פון צוויי צימערן. פון צײַט צו צײַט האָט זי אײַנגעלאַדן אַ פּאָר באַקאַנטע צו זיך; ניט איינמאָל זײַנען בײַ איר פאָרגעקומען קאָמיטע מיטינגען פון איר קלוב; אָפט איז זי געזעסן איינע אַליין אין אַ טיפן פאָטעל מיט דעם שוועדישן טיש־לאָמפּ לעבן זיך און געלייענט, געלייענט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן.

זי האָט ניט געהאַט קיין געדולד צו מאַכן זיך עסן אין דער היים, בלויז קאַווע האָט זי צוגעשטעלט און ווען געסט זײַנען געקומען האָט זי זיך באַרימט מיט איר קאַווע.

געסט האָט זי זייער ליב געהאַט, נאָר זיי פלעגן קומען זעלטן. פאַניאַ האָט זיך געפילט איינזאַם בײַ זיך אין דער היים. זי האָט געהאַט אַ גרויסע פּראַקטיק, וואָס האָט זי אויסגעמאַטערט. אירע פּאַציענטן, הויפּטזעכלעך פּאַציענטקעס, זײַנען ניט געווען קיין לײַכטע פאַלן, נאָר מערסטנס כראָנישע,

שווערע קראַנקהייטן. זי האָט זיי געהאָלפן צייטווייליק, נאָר זי האָט געוואוסט, אַז אויסהיילן וועט זיי זיי ניט. מענטשן אין די פּופּציקער. זיי גייען אַראָפּ, אַראָפּ, נעענטער צו דער גרוב. בכלל אין אָרעמען געגנט, וואו זי האָט פּראַק־טיצירט, האָט מען זיך ניט געאיילט קומען צום דאָקטאָר. אַז מען איז גע־קומען, איז שוין אָפט געווען אַביסל שפּעט. אפילו די קינדער וואָס מען האָט געבראַכט צו איר, האָט מען אויך געהאַט פאַרנאַכלעסיקט. דאָס האָט איר געקרענקט מער ווי אַלץ. זי האָט זיי אויסערגעווייניגלעך ליב געהאַט. זיך אָפּגעגעבן צו זיי אין דער אייגענער משפּחה און מיט פריינדס קינדער. סאָלטשעס שלומל איז געווען איר ליבלינג. ער איז געווען אַזוי געזונט, פיזיש און גייסטיק און ווען ער האָט אַרויסגערעדט איר נאָמען: „פּאַ־נ־יאַ", האָט זי געמוזט שמייכלען.

אָפט איז איר נמאס געוואָרן די אַרומיקע אַטמאָספערע און זי האָט גע־וואָלט זיך אויפזעצן אויף אַ באַן אָדער אויף אַ שיף און זיך אָפּרוען אַ לאַנגע צייט. נאָר דער געדאַנק, אַז זי וועט דאַרפן פאָרן אַליין, האָט צעשטערט איר חלום. צוויי נוירסעס פון שפּיטאָל האָבן זיך געקליבן מאַכן אַ רייזע איבער אייראָפּע. איינע, אַ שוועדישע, האָט געוואָלט באַזוכן איר היימלאַנד. זיי וואָלטן זיך דערפרייט מיט איר אַלס קאָמפּאַניאָן. זיי האָבן איר אַנגעהויבן צורעדן. נאָר זיי זיינען אַליין אַוועקגעפאָרן און איר געשיקט באַגייסטערטע בריוו פון דער רייזע.

זי האָט זיך אָפט געוואונדערט, וואָס איר קרייז פון פּרויען־באַקאַנטע איז געווען אַזוי גרויס און זי האָט פון זיי באַקומען אומפאַרמיידלעכע קאָמפּ־לימענטן. איר מענער קרייז איז געווען אינטערעסאַנט נאָר באַגרענעצט. אַ פּאָר יונגע דאָקטוירים פון שפּיטאָל, פּרעך, מיט פאַרריסענע קעפּ, קאַריע־ריסטן, פאַרליבט אין זיך; אַ פּאָר עלטערע דאָקטוירים, פאָטערלעך, ביז גאָר פריינטלעך צו איר, גרייט צו פאַרפירן אַ ליבעס־שפּיל, נאָר זי איז דאָך ניט קיין נוירס און זי איז ניט קיין גוטער צייט־פאַרטרייב, צו־ערנסט.

זי באַקומט אָפט קאָמפּלימענטן פאַר איר אויסזען. זי קוקט אויף זיך אין שפּיגל אַריין. זי ווייסט, אַז זי האַלט זיך גוט פאַר איר עלטער. באַלד גייט זי אַריין אין די פערציק און זי שרעקט זיך ניט דערפאַר. זי איז גע־זונט און עמאָציאָנעל סטאַביל, נאָר ניט איינמאָל איז זי ניט אַזוי שטאַרק צופרידן מיט איר זעלטענעם קאָנטראָל איבער זיך.

דר. לעווין, דער דענטיסט, שענקט איר מערער און מערער אויפמערק־זאַמקייט. וואָלט ער ניט געווען אַזוי פיל עלטער פון איר, וואָלטן זיי געווען אַ פּאַסיק פּאָר. ער האָט שוין אַן אייניקל פון אַ יאָר צוויי און ער קוקט שוין אויס ווי אַ זיידע. דער אמת איז דאָך, אַז זי וואָלט נאָך אַליין וועלן האָבן

אַ קינד, ניט אַן איניקל. מיט דר. לעווינען וואָלט געמיינט — רעזיגנירן פון דער חתונה־אינסטיטוציע. זי איז נאָך ניט גרייט דערפאַר.

סאַלטשע האָט נאָך די האָפענונג ניט געהאַט אויפגעגעבן צו געפינען אַ פּאַסיקן חתן פאַר פאַניאַן.

— סטענלי האָט זיך ביי מיר שטאַרק נאָכגעפרעגט אויף דיר, — האָט סאַלטשע דערציילט פאַניאַן, — מיר זיינען צוזאַמען אַהיים געגאַנגען פון מיטינג. ער געפעלט מיר, אַ מענטש מיט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס און אַ גוטער רעדנער.

— מיר געפעלט ער אויך, — האָט פאַניאַ גלייכגילטיק צוגעגעבן, — ער רעדט פון דערפאַרונג און ס'איז דאָ וואָס צו הערן.

סטענלי גאָדיק איז געווען דער פאָרשטייער פון דער אַי. על. די., די אָר־גאַניזאַציע פון דער אַרבעטער פאַרטיידיקונג, צו וועלכער סאַלטשע און פאַניאַ האָבן באַלאַנגט. זי האָט געהאָלפן שאַפן פאָנדן צו פאַרטיידיקן פאַרמשפּטע אַרבעטער־טוער און הילף פאַר סטרייקערס און זייערע קינדער.

סאַלטשע האָט אויסגעפונען, אַז סטענלי איז געווען פריער אַר אָרגאַ־נאַיזער פון אַ יוניאַן. נאָך אַ סטרייק איז ער פון די באַלעבאַטים געבלעק־ליסטעט געוואָרן און ער האָט זיך גענומען צו דער אַי. על. די. אַרבעט. סאַל־טשע האָט אים איינגעלאַדן צו זיך אין הויז אויף טיי און סטענלי האָט איר דערציילט, אַז ער איז צעשיידט פון זיין פרוי. ער האָט צוויי קינדער. די פרוי האָט נאָכאַמאָל געהייראַט און ער זעט זעלטן די קינדער, מחמת זיי וואוינען מיט דער מאַמען אין סינסינעטי. פון צייט צו צייט פאָרט ער צו און פאַרברענגט מיט זיי אַ טאָג. מיט דער צעשיידטער פרוי שרייבט ער זיך דורך און זיי זיינען געבליבן פריינט.

איז נאַטירלעך סאַלטשען איינגעפאַלן צו טראַכטן וועגן אַ שידוך צווישן סטענלין מיט פאַניאַן. אַלט געווען איז סטענלי אין די אָנהויב פערציקער. אַ געזונטער, פעסט־געבויטער מאַן, מיט אַ גרייטן נאַטירלעכן שמייכל, מיט אַ משופּרינע שוואַרצע האָר, מיט גרויע פעדים.

— איר דאַרפט זען אַריינציען דר. אימבער אין דער אַרבעט. זי איז אַ פאַרנומענער מענטש, נאָר זי איז איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון אַרבעטער מאַרטירער, — האָט סאַלטשע זי רעקאָמענ־דירט פאַר סטענלין.

— איך וועל אייך זאָגן, אַז זי האָט אויף מיר געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק. זי האָט אַן אָנגענעם פּנים און זי ווייזט אויס צו זיין זייער אַ קול־גער מענטש. און דאָס וואָס איר דערציילט מיר וועגן איר דערפאָלג אַלס

דאָקטאָר און איר דעמאָקראַטישער אופן פון באַהאַנדלען פּאַציענטן, רופט ביי מיר אַרויס פאַרערונג צו איר.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז ביי סאָלטשען אין שטוב פאַרגעקומען אַ באַראַטונג וועגן אַי. על. די. ברענטש. פאַניאַ איז געקומען און סטענלי האָט זיך מיט איר נעענטער באַקענט. אויך מאַטעק האָט אָנטיילגענומען אין דער באַראַטונג. סטענלי איז געווען אַ נייער מענטש אין ניו־יאָרק און ער איז געווען צופרידן פון דער גאַסט־פריינטלעכקייט וואָס ער האָט דאָ געפונען. ביים פאַך איז ער געווען אַן אַקאַונטענט. ער איז געקומען קיין אַמעריקע מיט זיינע עלטערן פון דער ליטע אין עלטער פון צוועלף יאָר. געגאַנגען אין קאָלעדזש און נאָך אַלס סטודענט זיך אינטערעסירט מיט אַרבעטער־פּראָבלעמען.

סאָלטשע האָט אין געדאַנק פאַרגליכן בענען מיט סטענלין. סטענלי האָט אויף איר געלאָזט אַ בעסערן איינדרוק. מער געזעצט, פּראַקטישער, און, האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַ פּאַסיקער מאַן פאַר פאַניאַן.

זי האָט באַמערקט ווי סטענלי האָט זיך צו פאַניאַן באַצויגן מיט גרויס דרך ארץ און ער האָט איר כסדר געשאָנקען אויפמערקזאַמקייט.

— מאַטעק, איך וואָלט וועלן האָבן נחת פון פאַניאַן מיט סטענלין. ער מאַכט אויף מיר זייער אַ גוטן איינדרוק.

— איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט זיך שוין אַרויסגעשלאָגן פון קאָפּ דיינע באַרישקייטן צו קריגן אַ באַשערטן פאַר פאַניאַן. אויב זי קאָן זיך אַליין ניט צוקלייבן, וועט איר קיינער ניט קאָנען העלפן, — איז מאַטעק געוואָרן אומגעדולדיק.

— גערעכט ביסטו, מיין מאַן, נאָר דיינע מענער זיינען ניט קיין לייט, אויב זיי קאָנען ניט באַמערקן די שיינע שטריכן אין פאַניאַן.

— מיין קרייז מענער באַקאַנטע איז שוין אַ שטאַרק־באַווייבטער און איך אַליין געהער אויך צום גליקלעכן קלאַס, — האָט מאַטעק געענטפערט.

— זייער שיין פון דיר, — האָט סאָלטשע פאַרענדיקט דעם שמועס.

.2

„לואיז און איך זיינען דאָ צוריק אין שטאָט. מיר ווילן צוקומען צו אייך. טעלעפאָנירט אונדז מאָרגן צווישן אַכט און צען אין אָוונט. בען“.

אַזאַ קאַרטל האָט סאָלטשע דערהאַלטן. דער אָנגעגעבענער טעלעפאָן איז געווען פון ריווערסאַיד דראַיוו. קיין אַדרעס איז ניט געווען. האָט מאַטעק פאַרשטאַנען, אַז בען שטייט איין ביי לואיזעס עלטערן.

סאַלטשע האָט צו דער באַשטימטער צייט געקלונגען. געענטפערט האָט לואיז. אַ וואַרעם, מוזיקאַליש קול.

— אָ, איר זייט סאַלטשע. עס פרייט מיך אייך צו קענען. בען האָט מיר אַזוי פיל דערציילט וועגן אייך, וועגן מאַטן און וועגן אייער יינגעלע מיטן שיינעם נאָמען שאלאָם. בען וועט באַלד זיין צוריק. איר האָט ניט קיין טעלעפאָן. נו, מיר קאָנען צוקומען צו אייך ווען ס'איז אייך באַקוועם. מיר זיינען וואַקאַציאָניסטן אַצינד, ליידיקגייער. גוט, מאָרגן אין אָוונט. איך בין זייער בייגעריק צו זיין ביי אייך.

האָט סאַלטשע זיך גענומען גרייטן. עפּעס איז איר איינגעפאַלן, אַז פאַניאַ קאָן פונקט מאָרגן אָוונט אַריינקומען. פאַניאַ האָט געגעבן אָנצוגע־הערן מיט אַ פּאָר טעג צוריק, אַז זי וועט די וואָך האָבן אַן אָוונט פריי, וועט זי אַריינקומען.

— מאַטעק, וואָס טוט מען אַז פאַניאַ וועט אַריינפאַלן גראָד מאָרגן אָוונט און טרעפן בענען מיט לואיזן?

— אַז זי וועט קומען, וועט זי זיין. פאַניאַ איז ניט קיין נאַר. איך וואָלט זי גראָד איינגעלאַדן צו קומען.

— וואָס דיר קאָן אַלץ איינפאַלן.

— פאַרוואָס ניט? בען איז איר גאָרניט שולדיק און זיי זיינען גרויס גענוג צו קאָנען פאַרבלייבן גוטע פריינט, איבערהויפּט מענטשן פון אייך באַוועגונג.

— לאָמיר האָפן, אַז פאַניאַ וועט ניט קומען, — האָט סאַלטשע געזאָגט.

שלומל האָט געוואוסט, אַז בען קומט. ער האָט אויך געוואוסט, אַז בען האָט אַ פרוי און זי הייסט לואיז. דאָס אַכט־יאָריקע יינגל איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין זיינע עלטערנס פריינט. ער האָט צוזאַמען מיט דער מאַמען געוועלט, אַז זיין פריינט בען זאָל חתונה האָבן. אַלץ וואָס די מאַמע האָט געוואָלט, האָט ער אויך געוואָלט. שלומל האָט ניט געוואָלט גיין שלאָפן יענעם אָוונט.

— איך וועל אויפשטיין אין צייט, מאַמע, — האָט ער פאַרזיכערט. מאַ־טעק האָט זיך ניט געמישט. ער האָט דעם יינגל געגעבן מער פרייהייטן ווי די מאַמע, נאָר דער מאַמעס אַ וואָרט איז ביי שלומלען געווען טייערער ווי דעם פאָטערס.

ווען בען מיט לואיז האָבן זיך באַוויזן אויף דער שוועל, האָט שלומל פאַר זיי די טיר געעפנט. ער האָט אַ גאַנצן טאָג געוואַרט אויף דעם מאָ־מענט. עפענען די טיר איז געווען זיין חזקה. און געסט האָט ער שטאַרק ליב געהאַט און באַדינען זיי איז געווען זיין אויסדרוק פון צופרידנקייט,

דערוואַקסנקייט און ליבשאַפט צו מענטשן.

— דאָס איז שלום, מיין בעסטער פריינט, — האָט בען אַריינקומענדיק געזאָגט צו לואיזן און געפּרואווט אויפהויבן שלומלען, נאָר אין די לעצטע צוויי יאָר איז דאָס קינד געגעבן אַ וואַקס־אויף און ער האָט זיך געפילט ווי אַ גרויסער און עס איז אים ניט אָנגעשטאַנען, אַז בען זאָל אים באַהאַנדלען ווי אַ קינד.

לואיז האָט אויסגעשטרעקט איר שמאָלע, דינע ווייסע האַנט און שלום האָט זי געגעבן אַ שאָקל און זיך פאַרנייגט דזשענטלמעניש.

— קומט אַריין, איר זייט זייער ווילקאָמען, טאַטע־מאַמע זיינען דאָ, פאַקטיש וואַרטן מיר אויף אייך דעם גאַנצן אָוונט, — האָט שלום געזאָגט און לואיז האָט אָנגעקוואָלן פון אים.

— סאַלטשי, איר האָט דאָך אַ וואונדערבאַרן בחור. ער איז דאָך אַ ברכה פאַרן הויז, — זיינען געווען די ערשטע ווערטער וואָס לואיז האָט אַרויסגעבראַכט פאַר סאַלטשען.

די וואַרעמקייט וואָס שלומל האָט אַנגעוויזן אויף לואיזן, האָט זיך באַלד אַריבערגעטראָגן אויף דער גאַנצער געזעלשאַפט. די שטימונג איז געווען אַ היימישע, אַ נאַטירלעכע. סאַלטשע האָט זיך געהאַט געשראָקן, אַז לואיז וועט זיין אָנגעצויגן, נאָר אַלע פאַרדאַכטן, אויב זיי זיינען געווען, זיינען גלייך צערונען.

— מאָם, דו ביסט פאַרעלטערט געוואָרן, זינט איך האָב דיך ניט געזען, — האָט בען אויסגערופן.

— און דו, בען, ביסט יינגער געוואָרן און דו האָסט קיינמאָל ניט אויסגעקוקט אַזוי גוט ווי איצט, — האָט מאָטעק באַמערקט.

— סאַלטשי, ווי געפעלט אייך ווי די מענער גיבן זיך קאָמפּלימענטן?

— האָט לואיז געלאַכט. — וואָס אמת איז אמת, — האָט סאַלטשע ערנסט געזאָגט, — בען קוקט אויס וואונדערבאַר. דאָס מוז זיין אייער איינפלוס, לואיז.

— עה, ווען איר זעט אים און מיך מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, וואָלט איר וועגן אים אַזוי ניט געטראַכט. עס איז די עטלעכע טעג וואָס מיר זיינען אין ניו־יאָרק, וואָס מיר זיינען צו זיך געקומען.

לואיז איז געווען פאַרנומען מיט שלומלען. סאַלטשע האָט דערווייל באַקוקט לואיזן פון קאָפּ ביז די פיס. זי איז געווען מיט אַ קאָפּ קלענער פון איר, איינגאַנצן אַנדערש געבויט. ניט איינמאָל האָט סאַלטשע זיך געוואונדערט וואָס די אַמעריקאַנער געבוירענע פרוי איז געווען שמאָלער פון דער אייראָפּייאישער. לואיז האָט אויסגעקוקט איידעלער, צאַרטער, שוואַכער פון

איר. אויך איר קול איז געווען אַזוי דין און ווייך. ווי קומט אַזאַ לואיז קיין גאַסטאָניאַ? ווי קומט זי בכלל אין קאַמף? בען האָט זי ריכטיק כאַראַקטעריזירט אין זיין בריוו: זי האָט אויסגעקוקט ווי אַ יונגע מוזיק־סטודענטקע, וואָס לעבט מיט די טענער פון דער פּיאַנאָ. אירע טונקל־ברוינע האָר האָבן איר צוגעגעבן אַ מיידלשן חן. זיי זיינען געווען ניט לאַנג, ווייך און געכוואַליעט. אירע אויגן זיינען געווען גרויליעך גרין און קליין. דאָס פּנים שמאָל און איידל. די נאָז דין און שמאָל. דער האַלדז שמאָל און לאַנג. זי האָט געטראָגן אַ שוואַרץ קרעפּן קליידל, קורץ און ענג געפּאַסט.

— איר האָט אַזאַ פיינע דירה און מען פילט זיך אַזוי היימיש און גוט דאָ, — האָט לואיז געזאָגט און איר פּנים האָט געשיינט. — נאָכדעם ווי מען זעט זיך אָן ווי אַרבעטער, טעקסטיל־אַרבעטער וואוינען אין דער סאוט, קומסטו צום באַשלוס אַז מיר דאָ לעבן ווי פּרינצן. אייער וואוינונג איז באמת אַן אָנגענעמע.

בען איז געווען פאַרנומען מיט מאָטעקן. שלום איז געזעסן מיטן טאַטן און סאַלטשע איז אַרומגעגאַנגען מיט לואיזן איבער די צימערן און זיי האָבן גערעדט וועגן באַלעבאַטישקייט. לואיז איז געווען פאַראינטערעסירט אין אַלץ, אָנהויבנדיק פון דער קיך און אויספרעגנדיק סאַלטשען וועגן דער קאָך־קונסט און וועגן איינקויפן.

— איר קלייבט זיך איינאָרדענען אין ניו־יאָרק? — האָט סאַלטשע געפרעגט.

— עס ווענדט זיך אַלץ אין בענען. ער איז קיינמאָל ניט זיכער, וואָס דער מאָרגן וועט אים ברענגען. גאַסטאָניאַ איז אַן אָנהויב פון שאַרפערע קאַמפן ביי אונדז אין לאַנד. און דאָרט וואו בען וועט זיין, וועל איך זיין ביי זיין זייט. דאָס וואָס ער טוט איז פון גרויס וויכטיקייט. קיין קאַלעדזש קאָן דיר ניט געבן דאָס וואָס דאָס רויע לעבן גיט דיר. מיר קאָנען דערפאַר ניט טראַכטן וועגן איינאָרדענען אַ היים, ניט דערווייל, סאַלטשע.

— איך האָף, אַז בען וועט בלייבן אין ניו־יאָרק און איר וועט האָבן אייער אייגענע דירה, — האָט סאַלטשע געזאָגט און איר פּנים האָט אויסגעדריקט ערנסטקייט.

— אין דעם איצטיקן מאָמענט קאָן איך וועגן דעם ניט טראַכטן אפילו, — האָט לואיז געענטפערט.

באַלד האָבן זיך אַלע געפונען אין איין צימער און סאַלטשע האָט זיך געבעטן ביי שלומלען, אַז ער זאָל זיך לייגן שלאָפן.

— מאַמע, איך וועל אויפשטיין אין צייט. איך וויל הערן ווי בען דערציילט וועגן גאַסטאָניאַ. ער איז דאָרט געווען. פאַ, זאָג מאַמען, אַז זי זאָל

מיך לאָזן אויף זיין, — האָט שלום זיך געבעטן, — בען איז שוין דאָ ניט געווען אַזאַ לאַנגע צייט און איך וויל אים הערן.

נאָר ווי ס'האַרץ האָט איר געזאָגט: נאָך איידער זי האָט געקאָנט מכבד זיין די געסט מיט עפּעס, האָט עמיצער אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— מאַמע, דאָס מוז זיין פאַניאַ, — האָט שלום פריידיק אויסגערופן און זיך געלאָזט צו דער טיר. די הויזיקע האָבן שטענדיק דערקאָנט אירע צוויי אָפּגעהאַקטע קלעפּ.

עס איז טאַקע געווען פאַניאַ.

סאַלטשע איז צוגעגאַנגען צו דער טיר. פאַניאַ האָט באַמערקט, אַז די צימערן זיינען באַלויכטן און זי האָט גלייך געפרעגט:

— האָסט געסט, סאַלטשע?

— קום אַריין, קום אַריין, פאַניאַ. דו קענסט אונדזערע געסט. זיי זיינען דיינע פריינט.

— ווער איז דאָס? — האָט פאַניאַ שטיל געפרעגט.

— בען און לואיז זיינען דאָ, — האָט סאַלטשע הויך געזאָגט, אַזוי אַז מען האָט געקאָנט הערן אין צווייטן צימער.

— אפשר? — האָט פאַניאַ אָנגעהויבן.

נאָר באַלד האָט זיך באַוויזן מאַטעק און ער האָט פאַניאַן אַריינגעפירט אין פאַרברענג־צימער.

— איר קענט זיך דאָך, — האָט סאַלטשע געזאָגט.

— געוויס, איך בין זייער צופרידן וואָס דר. אימבער איז דאָ. לואיז, דו געדענקסט דאָך דר. אימבער, — האָט בען זיך אָנגערופן.

— אָ, נאָך ווי. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן איר באַריכט וועגן די שווינדזוכט־פאַלן אין פאַסעיקער סטרייק. איך בין צופרידן זיך נאָכאַמאָל צו טרעפן מיט אייך, דאָקטאָר, — האָט לואיז אויפריכטיק געזאָגט.

פאַניאַס פּנים איז געווען אויסגערוט. סאַלטשע האָט זיך איינגעקוקט אין איר און באַמערקט ווי זי שטרענגט זיך אָן צו שמייכלען. נאָר אין די אויגן איז געלעגן אַ טרויער.

— איך האָב אַ מיאוסע געוואוינהייט, — האָט פאַניאַ געזאָגט צו לואיזן, — אַריינצופאַלן צו סאַלטשען ניט אָנגעפרעגטערהייט. איך האָב געדאַרפט בעסער פאַרשטיין, אַז —

— פאַניאַ, רעד ניט קיין נאַרישקייטן, — האָט סאַלטשע זי איבערגעשלאָגן, — דו ביסט אַן אומשיידבאַרער טייל פון אונדזער הויז. דו ביסט —

— איך בין, איך בין —

— עס איז אונדזער גוטער מזל וואָס איר זייט געקומען, — האָט לואיז זיך אָפּגערופן.

באַלד האָט פּאַניאַ זיך דערפילט היימיש אין דער אַטמאָספערע. בען האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי איר אויף געמיינשאַפטלעכע באַקאַנטע פון דער פּאַסעיק־קאָמיטע. ער האָט געוואוסט, אַז זי האָט אָנגעהאַלטן קאָנטאַקטן מיט זיי. עס איז אַוועק אַ שמועס וועגן דעם טעקסטיל־סטרייק אין נאָרט קאַראָ־לאַינאַ און בען און לואיז האָבן מיט היץ דערציילט וועגן זייערע דערפאַרונגען אין גאַסטאָניאַ.

פּאַניאַס אויגן האָבן אויפגעלויכטן און זי האָט זיך איינגעגעסן אין די רייד פון בענען און לואיזן וועגן זייערע דערפאַרונגען.

אויב מען האָט גערעדט וועגן סטרייק סטראַטעגיק און וועגן דער פּאָ־ליטישער סיטואַציע אין גאַסטאָניאַ, האָט אָבער לואיז אויף אַ פּשוטן אופן איבערגעגעבן וועגן דעם היימישן לעבנס־שטייגער פון די טעקסטיל־אַרבעטער פון יענער געגנט.

— דאָקטאָר, — האָט לואיז דערציילט און איר קול איז געווען וואַרעם און האַרציק און מען האָט געקאָנט פילן ווי זי לעבט איבער אַלץ וואָס זי זאָגט, — איך וועל מיין גאַנץ לעבן געדענקען די פּנימער פון די גאַסטאָניאַ סטרייקערס. מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז די אמתע אַמעריקע. פון די בערג האָט מען זיי פאַרנאַרט אין טאָל אַרייַן, אין טאָל פון לוין־שקלאַפעריי, אין דער לאַרעי מיל. מענטשן מיט אַן איינגעבאָרענער ליבע צו פרייהייט און אומאָפּ־הענגיקייט. זיי האָבן איבערגעלאָזט זייער שטיקל ערד און זיך געלאָזט פאַר־נאַרן פון די צוזאָגן פון זיכערע שכירות און זאָרגלאָזיקייט. די ציגעלנע פאַבריק־געביידע וואָס מען האָט אַזוי סימבאַליש אויפגעבויט אויף אַ באַרג און די הונדערטער פון ברעטער צונויפגעשלאָגענע אַזוי־גערופענע הייזער אין טאָל, האָבן צוגעצויגן די נאַאיווע בערג־מענטשן . . . און ווען דער סטרייק האָט אויסגעבראָכן האָט איר געדאַרפט זען מיט וואָס פאַר אַ רעליגיעזן אייפער די סטרייקערס זיינען אַרויס אויף דער פּיקעט־ליין, צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן. זיי האָבן זיך געפילט אָפּגענאַרט, באַרויבט, זייערע עלעמענטאַרע פרייהייטן אַלס אַמעריקאַנער פון דור דורות האָט מען זיי צוגענומען. צוועלף שעה, פון זעקס אינדערפרי ביז זעקס פאַרנאַכט, האָט מען געדאַרפט אַרבעטן. נאָר געקומען איז מען מערסטנס פאַר זעקס אַזייגער, כדי צו קריגן בעסערע מאַשינען, כדי זיך אָנצוגרייטן מיט מכשירים. געאַרבעט האָט מען פון שטיק... לאָנטש האָט מען געגעסן אין פאַרשיידענע צייטן, כדי די מאַשינען זאָלן זיך ניט אָפּשטעלן. האָט מען אין דער לאָנטש שעה געאַרבעט פאַר צווייען, אויפ־געפּאַסט אויף דער אייגענער מאַשין און אויף דער מאַשין פון שכן, וואָס איז

געגאַנגען עסן . . . ביז ניט לאַנג צוריק האָבן געאַרבעט קליינע קינדער, נאָר זינט מען האָט דורכגעפירט דאָס געזעץ, איז דערלויבט קינדער פון פערצן יאָר צו אַרבעטן, נאָר מיר האָבן געטראָפן אַ סך צוועלף יאָריקע הויך־געוואַקסענע קינדער אַרבעטן צוועלף שעה אַ טאָג, נאָר זיי קריגן באַצאָלט אַ העלפט.

— איך האָב געליינט, — האָט פאַניאַ זיך אָנגערופן, — אַז די לאָרעי קאָמפּאַני האָט איינגעאָרדנט שפּיל־פּלעצער אַרום דער פאַבריק.

— יאָ, ס'איז אמת. פאַראַן אַ שפּיל־פּלאַץ, נאָר מאַמעס דאַרפן צאָלן 25 סענט אַ טאָג פאַר לאָזן די קינדער דאָרט. און 25 סענט איז גאָר אַ גרויסע סומע פאַר די אַרבעטער, אינזינען האָבנדיק, אַז די מערסטע פאַרדינען ווינציקער ווי צוויי דאָלאַר. דורכן טאָג האָט מען אַרויסגעלאָזט די מאַמעס אָנזויגן זייערע קינדער אויף אַ פּאָר מינוט. וואָס פאַר אַ מילך די דאָזיקע מאַמעס האָבן שוין געקאָנט געבן זייערע פּיצעלעך, קאָן מען זיך פאָרשטעלן. וואָס מיר האָבן מערסטנס געזען איז געווען די פעלאַגראַ ליידנדיקע פּרויען, מענער און קינדער. דאָס איז דאָרט אַ געוויינלעכע דערשיינונג. פּיס באַדעקט מיט וואונדן, אָרעמס רויט און אָנגעזעצט מיט קליינע און גרויסע מכות . . . איר האָט געדאַרפט זען די וואוינונגען פון די אַרבעטער. די הייזלעך זיינען צונויפגעשטעלט פון ברעטער. יעדע וואוינונג באַשטייט פון צוויי צימערן — אַ וואוין־שטוב און אַ קיך. צווישן די ברעטער זיינען פאַראַן שפּאַלטן. די פּאָדלאָגעס זיינען פול מיט לעכער. די ברעטער זיינען אומגעפאַרבט און צעפוילט. קיין וואַסער־לייטונג איז ניטאָ, מען דאַרף גיין צום ברונעם. קיין קלאָזעט, קיין וואַנע. דעם קיך־אויוון הייצט מען מיט קעראָסין. אין די קאָמפּאַני הייזער איז יאָ דאָ וואַסער, נאָר טאָמער עפּעס וואַרפט מען דיך אַרויס פון דער דירה . . . דער באַרגמאַן איז פון דער נאַטור אַ שווייגער, נאָר ער פאַרשטייט אַלץ און די יוניאָן איז ביי אים געוואָרן זיין צווייטע רעליגיע... נו, פון די טויזנטער סטרייקערס האָט די קאָמפּאַני געזאָלט צוריקנעמען אַ פּאָר הונדערט, נאָר אונדזערע פאַקטן באַווייזן, אַז מען האָט כמעט קיינעם ניט צוריקגענומען. מיר ווייסן, אַז די קאָמפּאַני האָט אָנגעשטעלט 1,200 נייע אַרבעטער און אַלע סטרייקערס זיינען געבלעקליסטעד געוואָרן. עס האָט ניט געהאָלפן וואָס אַ טייל האָבן געביטן זייערע נעמען. מען קען זיי דאָרט. אַ צאָל האָבן פאַרלאָזן דעם שטאָט און וואַנדערן אַרום איבערן לאַנד. אַ קליינע צאָל איז צוריק אַרויף אין די בערג צו זייערע כאַטעס. עס איז טראַגיש . . .

— האָט איר זיך געטראָפן מיט עלאַ מעי וויגינס? — האָט פאַניאַ געפרעגט.

— עלאַ מעי איז געווען מיין נאָענטער פריינט. איך האָב געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ און זי האָט געפּרואווט צופּאַסן די מוזיק צו ווערטער, וואָס זי האָט פאַרפאַסט וועגן סטרייק און וועגן דער יוניאָן. איך האָב מיט איר געאַרבעט אויף פּאָלגנדיקן לידל וואָס זי האָט אָנגעשריבן און וואָס איז זייער פּאָפּולער. איך געדענק עס פון אויסנווייניק. אָט איז עס:

How it grieves the heart of a mother
You everyone must know
But we can't buy for our children
Our wages are too low.
But listen to me workers
A union they do fear
Let's stand together workers
And have a union here.

— איר ווייסט וואָס זי האָט געזאָגט: „איך וויל אַז מיינע קינדער זאָלן לעבן אַ בעסער לעבן ווי איך האָב געהאַט". זי איז געווען אַ וואונדערבאַרער מענטש. אַ טיפּישער אויסדרוק פון דער פרייער אַמעריקע. איך פאַרהאָף, אַז מיט דער צייט וועט עמיץ אָנשרייבן די ביאָגראַפיע פון דער מערקווירדיקער פרוי, וואָס האָט געבוירן ניין קינדער און פיר זיינען איר אָפּגעשטאָרבן, נאָך איידער זי האָט געקאָנט אויסגעפינען, וואָס איז מיט זיי געוואָרן, ווי זי האָט מיר ניט איינמאָל געזאָגט. די פינף קינדער וואָס זיינען געבליבן נאָך איר טויט — זי איז אַלט געווען 29 יאָר, ווען מען האָט זי דערמאָרדעט — אַלע אין גאַסטאָניאַ קאָנען די מערדער — זיי ווערן אַלע אַרויס פריי — די פינף קינדער זיינען געבליבן ווי אויפן ווינט. זייער פאָטער האָט די מיל אָוועקגעלייגט. ער האָט זיך פּשוט אויסגעשעפּט ביי דער אַרבעט. די מאַמע איז דערמאָרדעט געוואָרן קעמפנדיק פאַר מענטשלעכע קאָנדיציעס אין דער פאַבריק. זאָל אייך בען דערציילן וואָס ער האָט איבערגעלעבט.

— דער אמת איז, — האָט בען אָנגעהויבן, — אַז איך האָב קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז איך וועל אַרויס אַ לעבעדיקער פון דאָרט. מיינעם אַ חבר האָט מען אַרויסגענומען פון בעט איינס אַזייגער פאַרטאָג. מען האָט געזאָגט, אַז מען איז פּאָליציי־באַאַמטע און מען האָט אים אַ נאַקעטן אַוועקגעפירט אין וואַלד און ממש צעקריפּלט.

סאַלטשע האָט איבערגעשלאָגן די אָנגעצויגענע שטימונג און דערלאַנגט צום טיש. אויך מאַטעק האָט גענומען אויספרעגן בענען וועגן זיין שוועסטער און שוואָגער און פאַניאַ און לואיז האָבן זיך אַוועקגעזעצט איינע לעבן

דער אַנדערער און זיי האָבן צווישן זיך גערעדט שטיל און ווי אינטים. מען האָט געקאָנט זען, אַז עס אַנטוויקלט זיך צווישן זיי אַ פריינטשאַפט און סאַלטשע האָט אָנגעקוואָלן דערפון.

שלום איז שוין געשלאָפן. סאַלטשע איז געווען פאַרנומען מיטן טיש און בען מיט מאָטעקן זיינען געווען פאַרטיפט אין אַ שמועס שטילערהייט. סאַלטשע איז געבליבן אַליין. זי האָט זיך געמאַכט, אַז זי איז זייער פאַר־נומען, נאָר אין דער אמתן האָט זי געהאַלטן איר בליק אָנגעצילט אויף די ביידע פאַרלעך.

עס איז געווען שפּעט ביינאַכט, ווען מען איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. לואיז האָט צוגעזאָגט צו באַזוכן פאַניאַן די זעלבע וואָך ביי איר אין הויז. בען האָט צוגעדריקט סאַלטשען צו זיך און געזאָגט, אַז ער וועט אַריינקומען זי זען ווען קיינער וועט ניט זיין.

— בען האָט מיר אַ סך דערציילט וועגן אייערע מוסר־מיטאָגן, — האָט לואיז געלאַכט.

— איך בענק נאָך זיי, — האָט בען אויסגערופן.

— סאַלטשע, איך בין אַריינגעקומען דיר עפּעס דערציילן, נאָר איך וועל עס טאָן די וואָך. כ'וועל זיך אַריינכאַפּן צווישן מיינע „קאָלס״, — האָט פאַניאַ אַ פריילעכע געזאָגט.

ווען ס'איז געוואָרן שטיל אין הויז האָט סאַלטשע געזאָגט צו מאָטעקן:

— מאָטעק, פאַניאַ און לואיז זיינען ביידע טייערע נשמות.

**קאַפּיטל דרייסיק**

# אין זעכציק טעג אַרום . . .

.1

דעם 29טן אָקטאָבער, 1929, האָט מעקס ניט געקאָנט עסן זיין וועטשערע. גאָלדע האָט איין קוק געטאָן אויף איר מאַן און זי האָט זיך דערשראָקן. זי האָט געוואוסט, וואָס עס איז פאָרגעקומען, נאָר זי האָט זיך ניט געריכט, אַז מעקס זאָל אינגאַנצן פאַרלירן דעם קאָנטראָל איבער זיך. ער האָט אַרומגעשפּרייזט איבער די צימערן פון זיין גראַמער וואוינונג און ניט אויסגערעדט קיין וואָרט צו די קינדער אָדער צו דער ווייב. אויף אירע

פראַגעס האָט ער געהאַט איין ענטפער:

— פרעג מיך ניט, רעד ניט צו מיר... מיר זיינען רואינירט...

אַמעריקע האָט יענעם טאָג איבערגעלעבט דעם גרעסטן עקאָנאָמישן קריזיס אין איר געשיכטע.

דער געוויינלעכער אַמעריקאַנער האָט געגלויבט די רייד פון פּרעזי־דענט הואווער, וועלכער האָט פאַרזיכערט, אַז אין זעכציק טעג אַרום וועט די בירזשע זיך שטעלן צוריק אויף די פיס און דאָס לאַנד וועט ווייטער גע־ניסן פון פּראָספּעריטי. פאַר דעם וואָס האָט ניט געהאַט וואָס צו פאַרלירן, איז די פאַרזיכערונג געווען גענוג. גאָר פאַר מעקסן און מיליאָנען בירגער, וואָס האָבן געהאַט אינוועסטירט זייערע אָפּגעשפּאָרטע געלטער אין וואָל־סטריט סטאָקס, זיינען די רייד פון פּרעזידענט הואווער געווען ווי זאַלץ אויף די וואונדן. זייערע פאַרמעגנס זיינען שוין געווען אָפּגעווישט און זיי זיינען געבליבן נאַקעט־אָרעם.

מעקס האָט גאָלדען ניט געוואָלט אויסזאָגן וויפל ער האָט פאַרלאָרן, נאָר פון זיין אַרומגיין מיט די הענט אויפן קאָפּ, מיט זיין אַרומשפּאַנען ווילדער־הייט איבער דער שטוב, האָט גאָלדע פאַרשטאַנען, אַז איר מאַן האָט איבער־געלעבט אַ גרויס אומגליק.

אין אָוונט איז געקומען גאָלדעס פאָטער. זיין פּנים איז געווען שוואַרץ־גרוי, זיינע אויגן האָט מען קוים געקאָנט אַרויסזען, אַזוי מוראדיק זיינען זיי געווען אַריינגערוקט. ער האָט געקוקט אויף מעקסן און גאָרניט גע־רעדט צו אים. בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ און פון צייט צו צייט אַרויסגע־לאָזט אַ טיפן זיפץ.

— טאַכטער, מיר זיינען אָפּגעווישט. מעקס און איך האָבן פאַרלאָרן די לעצטע פעני. ווער האָט זיך דאָס געקאָנט ריכטן, אַז די רייכע אַמעריקע וועט מיטאַמאָל געבן אַזאַ קראַך צוזאַמען?

— אָבער ווי אַזוי האָט דאָס פּאַסירט, טאַטע? איך דערקען דאָך ניט מעקסן. ער האָט דאָך גאָרניט פאַרזוכט. ער וויל ניט עסן. ער קאָן ניט צו זיך קומען. איך קאָן דאָס ניט פאַרשטיין.

גאָלדעס פאָטער איז צוגעגאַנגען צו מעקסן און זיך מיט אים געשוש־קעט. זיי זיינען ביידע אַריינגעגאַנגען אין אַ צימער און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און דאָרט געבליבן אַ לענגערע צייט. דער טעלעפאָן האָט עט־לעכע מאָל געקלונגען און יעדעס מאָל איז דאָס געווען פאַר מעקסן. ער איז אַרויסגעקומען, זיך איינגעהערט, ווינציק געענטפערט און גלייך אַריינגעלאָפן און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען ביז גאָלדעס פאָטער איז געדופן געוואָרן צום טעלעפאָן.

— די מאַמע רופט דיך, — האָט גאָלדע איצט אַ שטאַרק־איבערגעשראָ־קענע געזאָגט.

מר. יאַקובאָוויטש איז געוואָרן היסטעריש.

— וואָס זאָגסטו? מיט סעמען האָט אַן אומגליק פּאַסירט? איך קאָן עס ניט גלויבן. מעקס, קום נאָר אַהער, מעקס. הער וואָס די מאַמע דער־ציילט. פון סעמס הויז האָט מען מיך גערופן, אַז איך זאָל גלייך אַריבער־קומען. אַ שרעקלעך אומגליק האָט פּאַסירט. סעם האָט זיך איבערגעשניטן די אָדערן און מען האָט אים צוגענומען אין שפּיטאָל. וואָל־סטריט האָט אים אָפּגעווישט, מעקס. וואָל־סטריט האָט אים געטויט.

סעם איז געווען יאַקובאָוויטשעס נאָענטסטער געשעפט־פריינט.

גאָלדע האָט טעלעפאָנירט צו דער מאַמען. זי האָט ניט געוואָסט וואָס צו טאָן מיט מעקסן. זי האָט ניט געקאָנט באַווירן איר פאָטער, אַז ער זאָל זיך אַליין קאָנטראָלירן און אויפהערן ציטערן און שטאַמלען. וואָס איז דאָס מיט די מענער געוואָרן?

פרוי יאַקובאָוויטש איז אַרויפגעקומען. גאָלדע האָט זי ניט דערקענט. די מאַמע האָט זיך מיטאַמאָל שטאַרק פאַרעלטערט.

— טאָכטער, גאַנץ אַמעריקע וועט דאַרפן נעמען אַ בעטלער־זאַק אין האַנט אַריין. דיין פאָטער און דיין מאַן האָבן אָנגעוואָרן אַלץ, אַלץ. אין איין טאָג, אין איין שעה זיינען זייערע סטאָקס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין, זאָלסט מיר טויזנט מאָל אַנטשולדיקן, טאָכטער, אין טאָילעט פּאַפּירלעך. אַ גרויס אומגליק האָט אונדז אַלעמען געטראָפן. און דאָס איז ערשט אַן אָנהויב.

דער טעלעפאָן האָט געקלונגען. פאַר מעקסן.

— יאָ, ליאָ! ניין, איך האָב ניט געהערט! וועגן סעמען ווייס איך. ער איז אין שפּיטאָל. וואָס, ער איז געשטאָרבן פון די וואונדן? וואָס זאָגסטו? מר. סטאַרק, דער וויצע־פּרעזידענט פון אונדזער באַנק האָט זיך דערשאָסן? ווען? עס וועט מאָרגן זיין אין די צייטונגען?

— איך האָב געפּערלעכע קראַמפן, גאָלדע. גיב מיר עפּעס צו באַרואיקן די נערוון. איך וועל טעלעפאָנירן דר. בריסקינען. ניין, זאָל ער מיר זאָגן וואָס צו טאָן. ער דאַרף ניט אַהער קומען. ניין, איך קאָן ניט קוקן אויף קיין עסן. לאָז מיך צורו. מיין קאָפּ פּלאַצט מיר . . . איך ווייס ניט וואָס עס טוט זיך מיט מיר. איך קאָן דאָס מער ניט אַריבערטראָגן. וואָל־סטריט האָט מיך אינגאַנצן רואינירט. ווער ווייס וואָס עס טוט זיך אין פלאָרידאַ? לאָמיר אָנשטעלן די ראַדיאָ און הערן די לעצטע נייעס. ניין, פאַרמאַך די ראַדיאָ.

אַ גאַנצע נאַכט איז מעקס אַרומגעגאַנגען איבער די צימערן. גאָלדע איז געלעגן אין בעט, נאָר זי איז געווען וואַך. זי האָט מורא געהאַט, אַז

עס וועט עפּעס געשען מיט מעקסן. ער האָט זיך אויסגעטאָן, אַריינגעקראָכן אין בעט, נאָר באַלד אַרויס — און אַזוי די גאַנצע נאַכט. אַ פּאָר מאָל איז גאָלדע אויפגעשטאַנען און זיך געבעטן ביי אים, אַז ער זאָל זיך באַרואיקן און זיך לייגן שלאָפן.

— גאָלדע, מען האָט דעם באָדן פון אונטער די פיס צוגענומען. איך קאָן פאָראויסזען, אַז איך און דיין פאָטער וועלן איינגיכן באַנקראָטירן. אונ־דזער געשעפט האָט געהאַנדלט מיט מענטשן וואָס האָבן זייער געלט אַריינ־געבראָכט אין וואָל־סטריט. איצט האָבן זיי אַלץ פאַרלאָרן. מען קומט אונדז שווערע טויזנטער דאָלאַרן. זיי זיינען איצט גאָרניט ניט ווערט. מען וועט אונדז ניט באַצאָלן און מיר וועלן אונדזער קרעדיט אָנווערן. געוואַלד, גאָלדע, מיטאַמאָל אַזאַ אומגליק! ווער האָט זיך דאָס געקאָנט ריכטן אינמיטן פון דער גרויסער פּראָספּעריטי? איך וועל עס ניט אויסהאַלטן!

— מעקס, איך וואונדער זיך אויף דיר, וואָס דו האָסט זיך אַזוי פאַר־לאָרן. וואָס עס וועט זיין מיט מיליאָנען אַמעריקאַנער, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייער געלט אויף וואָל־סטריט, דאָס וועט זיין מיט אונדז. די וועלט גייט ניט אונטער. אַמעריקע וועט אונדז ניט לאָזן פאַלן. פּרעזידענט הואווער איז דער גרויסער אינזשינער און אין זיין קאַבינעט זיצן די גרעסטע געלט־מענטשן און פינאַנסירן פון לאַנד. אויב זיי וויסן ניט ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון דעם קריזיס, וועט קיינער ניט וויסן. איך פאַרלאָז זיך אויף דער רייכער אַמעריקע.

מעקס האָט זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם צו גאָלדען, אויסגעשטאַרט זיינע צעשראָקענע אויגן אויף איר און באַלד זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ און זיך די אויגן פאַרשטעלט און זיך גענומען וויגן, ווי ער וואָלט באַוויינט אַ טויטן.

פאַרטאָג האָט זיך מעקס צוגעלייגט אַ פאַרשמאַכטער און גאָלדע איז אויך אַנטשלאָפן געוואָרן. ווען די קינדער האָבן זיך אויפגעוועקט האָט זי נאָך געטראָפן מעקסן אַ שלאָפנדיקן, נאָר באַלד האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און זיך גענומען אָנטאָן אויף גיך. דער טעלעפאָן האָט געקלונגען נאָך פאַר אַכט אינדערפרי.

— יאָ, וואָס האָט פּאַסירט? מויש איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן? דער קראַך האָט אים ווי אַ דונער דערשלאָגן? אויב איך וועל קאָנען, וועל איך אַריבערקומען. איך וועל באַלד זיין אין אָפיס. טעלעפאָנירט מיר אין אַ שעה אַרום. מיר וועלן זען.

— הערסט, גאָלדע? מיין שוואָגער מויש האָט באַקומען אַ האַרץ־אַטאַקע אינמיטן נאַכט . . . מיר האָבן אַלע געהאַט די זעלבע סטאָקס. עס האָט אונדז

אַלעמען געטראָפֿן. טאָמער האָט מען געטראַכטן פֿון לייען ביי עמיצן, כדי זיך אַרויסצודרייען פֿון אונטערגאַנג, הערסטו דאָך וואָס דער טעלעפֿאָן דער־ציילט. ניין, איך קאָן גאָרניט ניט עסן, אפילו קיין קאַווע וועל איך ניט פֿאַרזוכן. איך קאָן ניט. איך מוז גלייך זיין אין אָפּיס.

דורכן טאָג איז דער חורבן געוואָרן אַלץ גרעסער. מעקס און מר. יאַקו־באָוויטש האָבן כסדר געהערט ווילדע קלאַנגען וועגן זעלבסטמאָרדן, האַרץ־אַטאַקעס, וואַנזיניקייט. מענטשן וואָס האָבן ערשט נעכטן אינדערפֿרי גע־האַט אַ נאָמען אין דער געזעלשאַפֿט, זיינען איבערנאַכט געוואָרן ווי שאָטנס און זייער הילפֿלאָזיקייט האָט אַרויסגערופֿן ניט בלויז רחמנות צו זיי, נאָר עס איז אויף זייערע באַקאַנטע אָנגעפֿאַלן אַ פּחד פֿון אונטערגאַנג.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן טעג און וואָכן פֿון באַרג־אַראָפּיקייט. די נאַ־ציאָנאַלע רעגירונג האָט פֿאַררופֿן ספּעציעלע קאָנפֿערענצן צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט און פֿאַרזיכערט די באַפֿעלקערונג אַז באַלד, באַלד וועט ווערן בעסער. העגרי פֿאָרד האָט אָנאָנסירט אַ לוין־העכערונג צו זיינע אַרבעטער, בעת די מערסטע אינדוסטריעס האָבן אָנגעהויבן שניידן אי דעם לוין, אי גענומען אָפּזאָגן טויזנטער אַרבעטער פֿון זייערע שטעלעס. פֿאַבריקן האָבן זיך פֿאַרמאַכט צייטווייליק; געשעפֿטן האָבן באַנקראָטירט; קראָמען האָבן געמאַכט אויספֿאַרקויפֿן, נאָר דער עולם האָט ניט געקויפֿט, געציטערט פֿאַר די געבליבענע פּאָר דאָלאַר.

עס איז אָנגעקומען דער ווינטער און די לאַגע איז געוואָרן ערגער מיט יעדן טאָג. צום ערשטן מאָל זינט די לעצטע אַכט יאָר האָט מאָטעק ניט געאַרבעט רעגלמעסיק. פֿאַראיבער די צייט פֿון „אָווערטאַים“־באַצאָלט. איצט, אַז ער האָט געאַרבעט דריי טעג אין וואָך, איז ער אויך געווען צופֿרידן. נאָר מאָטעק האָט אויף וואָל־סטריט ניט ספּעקולירט און די אָפּגעשפּאָרטע פּאָר דאָלאַר געהאַלטן אין אַ גרויסער באַנק.

גאָלדע איז געקומען צו סאָלטשען און איר אָנגעטרויט איר ביטערע לאַגע. מען האָט פּשוט געגעסן פֿון גרייטן. אין געשעפֿט איז עס געגאַנגען פֿון שלעכט צו ערגער. מעקס האָט געהאַט אַ פּאָר דאָלאַר אין באַנק, האָט מען זיי איצט געהאַלטן ביים אויפֿעסן. סאָלטשע האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז גאָלדע נויטיקט זיך אין אַ פּאָר דאָלאַר. מעקס האָט זי געשיקט צו מאָטעקן. אַ הלוואה אויף עטלעכע מאָנאַטן.

— גיי אַריין מאָרגן אינדערפֿרי אין באַנק און גיב איר וויפֿל זי פֿאַר־לאַנגט, — האָט מאָטעק אָנגעזאָגט סאָלטשען.

גאָלדע האָט צוגענומען דאָס געלט מיט טרערן אין די אויגן.

.2

עס איז געווען אין אָנהויב פעברואַר, 1930. סאַלטשע האָט אויף גיך זיך אָנגעטאָן און זי איז אַוועק צו אַ מיטינג. מאַטעק איז געבליבן אין הויז מיט שלומלען. עס איז געווען אין אָוונט און דער פראָסט האָט זיך אַריינגע־גנבעט אין שטוב און די וואַרעמקייט איז ווי פאַרשוואונדן.. מאַטעק איז געווען זיכער, אַז קיינער וועט ניט אַריינקומען און ער האָט זיך גענומען אויסטאָן. אין בעט איז וואַרעמער. ער וועט ליגן און לייענען אַ בוך. שלומל איז שוין געשלאָפן, סאַלטשע וועט אַהיים קומען שפעט.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער קלונג אין טיר. אַן אומ־באַקאַנטער קלונג.

— ווער איז? — האָט מאַטעק אומצופרידן געפרעגט.

— אַן אייגענער מענטש, האָב ניט מורא, — האָט עמיצער אין ענגליש געענטפערט. דאָס קול איז געווען פון אַן עלטערן מענטשן. באַקאַנט און אומבאַקאַנט.

מאַטעק האָט געעפנט די טיר. פאַר אים איז געשטאַנען אָנקל קיווע, אָנקל ניק סאַרדזשענט. ער האָט אויסגעקוקט פאַרפראָרן. די בעקלעך זיינען געווען רויט־בלוי, די אויגן פאַרטרערט פון דער קעלט.

— האָסט מורא פאַר אַן אייגענעם מענטשן, מאָט? גוד איווינינג.

— קומט אַריין, אָנקל. אָ, אַ גאַסט. שוין לאַנג זיך ניט געזען. גיט מיר אייער מאַנטל און קומט אַריין איך קיך. דאָס איז דער וואַרעמסטער פּלאַץ. מיר וועלן טרינקען אַ גלעזל טיי און איר וועט זיך דערוואַרעמען. אפשר פריער אַ שנאַפּס?

— מאָט, באַדער זיך ניט. אַ גלעזל טיי יאָ, נאָר שנאַפּס וועל איך ניט קומען צו דיר, נאָר דו צו מיר. עניוועי, אַלע זיינען אָלראַיט? וואו איז דיין סאַלטשע? זי וועט באַלד זיין צוריק? עניוועי, איך בין געקומען צוליב עפּעס, ניט גלאַט אויסצוגעפינען וואָס דו מאַכסט. אָנקל ניק קומט ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין צו גאַסט אין אַן אָוונט, ווען עס איז אַן עבירה אַ הונט אַרויסצולאָזן. עס אַי ראַיט? וואָס מאַכט סבאַיטשיקל? קענהאָרע, אַ קלוגער, סמאַרטער באַיטשיק . . . ליסן, מאָט, איך וועל צוגיין גלייך צו ביז־נעס, טאָמער קומט דיין פּרוי, איז בעסער אַז מיר וועלן דאָס דערליידיקן פריער. אַי עם אין ליטל טראָבל, מאָט, וועסטו זאָגן: „אָנקל, ווער איז היינט ניט אין טראָבל?" יוויז מיר איין מענטשן אין ניו־יאָרק וואָס איז היינט ניט אין טראָבל? עניוועי, טראָבל צו טראָבל איז ניט גלייך. מיין פּעני איז, ניטאָגעדאַכט, מיר קראַנק. עס קאָסט מיך אַ פאָרטשון. מיין עליסל איז

אויף גרויסע געבאַקענע צרות. איר מאַן האָט פאַרלאָרן זיין העמד אויף וואָל־סטריט. איך האָב אויך אַביסל פאַרלאָרן, ניט קיין סך. איך בין ניט אַרויס ווי אַ סך אַנדערע אין איין העמד. מיינע צוויי טענעמענט הייזער זיינען, גאָט צו דאַנקען, פעסט. כ׳וועל מוזן אַרויסשטעלן אַ פּאָר טענענטס, נאָר דאָס איז אַ באַזונדערע געשיכטע. די הייזער זיינען גוט. זעסטע, צרות האָב איך מיט מיין פּראָפּערטי אין קווינס. דאָרט האָב איך גרויסע צרות. און ווער איז שולדיק אין דעם? די בענק. מיטאַמאָל האָט מען מיר אויפגעהערט געבן קרעדיט. דרייסיק יאָר צייט איז מיין קרעדיט געווען גוט. אין די ערגסטע צייטן, ווען איך האָב פאַרדינט צען דאָלאַר אַ וואָך, איז מיין קרעדיט געווען גוט. נאָר איצט קאָן איך ניט אָנגיין מיט ענדיקן בויען, דערפאַר וואָס איך קאָן ניט קריגן קיין זאַך אויף קרעדיט. די באַנק זאָגט ניט גוט פאַר מיר מער. וואָס מיינסטע האָט פּאַסירט? קיין זאַך האָט ניט פּאַסירט. וואָל־סטריט האָט אָנגעזעצט, בין איך שולדיק. עס איז אַ קריזיס אין לאַנד. נאַרישע מענטשן. אַמעריקע איז שטיין־רייך. נאָר עס איז אַ פּאַניק. די שרעק איז גרעסער ווי דער קריזיס. מאָט, איך דאַרף האָבן פינף טויזנט דאָלאַר אויף אַ קורצער צייט. צוליב דעם בין איך געקומען צו דיר. איך ווייס, אַז דו האָט ניט געגעמבלט אויף וואָל־סטריט. איך ווייס, אַז דו ביסט אַן ער־לעכער אַרבעטער און דו האָסט אָפּגעשפּאָרט אַ דאָלאַר. הלוואי וואָלט מיין משהלע געווען אַזוי ווי דו.

— וואָס מאַכט ער טאַקע, אָנקל?

— אָ, משהלע? איטס עי לאָנג סטאָרי, אַ לאַנגע געשיכטע. איך וועל דיר דערציילן אַ צווייט מאָל. לאָמיר פאַרטיק ווערן מיט דעם. ס׳איז פאַר מיר זייער וויכטיק, מאָט. מיין ניט, אַז דער אָנקל וויל צונעמען דיינע פאַר אָפּגעשפּאָרטע דאָלאַר. איך האָב נאָך ביי קיינעם קיין פעני ניט צוגענומען. איך וויל דו זאָלסט דעם אָנקל לייען וויפל דו קענסט און מער ווי דו קענסט. נאָר אין באַנק קריגסטע פיר פּראָצענט און איך וועל דיר געבן זעקס פּראָ־צענט און ווען דו וועסט דאַרפן האָבן דאָס געלט, זאָלסטע מיר געבן צוויי וואָכן צייט נאָטיס און ביז דער באַשטימטער דאַטע וועסטע אַלץ צוריקקריגן. איך דאַרף האָבן די פינף טויזנט דאָלאַר בלויז דעם שטורעם איבערצוקומען. דער אָנקל דאַרף דיר קיין גאַראַנטיע ניט געבן. מיין וואָרט איז גוט ווי גאָלד. מיינע הייזער זיינען גוט ווי גאָלד. נאָר זיך אַביסל פאַרדרייט מיט די קווינס בויאונגען.

מאָטעק האָט זיך געפילט אין אַ מאָדנער לאַגע. ער האָט דעם אָנקל געוואָלט דערמאָנען אַ פּאָר זאַכן, אים געוואָלט געבן אַ שטיקל לעקציע אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע. פאַרוואָס זאָל ער אים לייען זיינע פאַרהאָרעוועטע

פאַר דאָלאַר ? און ווער ווייס צי ער וועט זיי נאָך אַמאָל אָפּקריגן. אָנקל קיווע, וואָס האָט געלאָזט אויסגיין זיינע עלטערן, וואָס האָט קיינמאָל אויף קיין בריוו ניט געענטפערט, טאָמער וועט מען ביי אים מאָנען אַ פּאָר דאָלאַר פאַר די אָרעמע טאַטע־מאַמע און ברידער און שוועסטער. און ווי אַזוי האָט ער אים, מאָטעקן, באַהאַנדלט די אַלע יאָרן ? . . . נאָר אָט איז ער ביי אים געזעסן אין קיך, זיך געשלעפּט צו אים, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אָט איז ער געזעסן ווי אַ פאַר׳משפּט׳ער און געוואַרט אויף מאָטעקס אורטייל. די נויט האָט אים געבראַכט אַהער.

— אָנקל, איך וועל אייך לייען טויזנט דאָלאַר. מער קאָן איך ניט. איך אַרבעט ניט און ווער ווייס ווי גיך איך וועל דאַרפן אָנקומען צו מיין באַנק־ביכל.

— מאַך עס צוויי טויזנט, מאָט. בי עי גוד באָי.

— אָנקל, איך ליי אייך מער ווי איך קאָן.

— אָקעי, נאָר ווען דו וועסט קאָנען, זאָלסטו מיר לאָזן וויסן.

דער אָנקל האָט פאַרלאָזן אַ צופרידענער.

מאָטעק איז אָבער געבליבן אַ שטאַרק אומצופרידענער. ער האָט געוואוסט, אַז סאַלטשע וועט זיך קאָכן. ער האָט זיך געדאַרפט מיט איר באַראַטן. ער איז געווען צו ווייך־הערציק.

ער האָט זיך דערוואַרט ביז סאַלטשע איז אַהיים געקומען אַ האַלב־פאַר־פרעָרענע. ער האָט איר גלייך דערציילט. זי האָט געשוויגן.

אינדערפרי ביים אָנבייסן האָט מאָטעק ווידער גערעדט וועגן דעם.

— איך האָב ניט באַדאַרפט זיין אַזוי ווייכהאַרציק, סאַלטשע. ווער ווייס, ווען מיר וועלן זען דאָס געלט. היינטיקע צייטן איז מען ניט זיכער מיטן טאָג.

— האָסט עס דאָך שוין געטאָן, מאָטעק. ס׳איז שטענדיק בעסער ווען מען טראַכט זיך איבער וועגן אַזאַ וויכטיקן ענין. איך בין זיכער, אַז דאָס געלט איז גוט און דו וועסט עס צוריקקריגן אין דער באַשטימטער צייט. נאָר וואָס קאַפּיטאַליזם איז! מעקס און דיין אָנקל האָבן כסדר אָפּגע׳חוזק׳ט פון דיר. דו ביסט געווען דער אַרבעטער, נעבעך, און זיי זיינען געווען דאָס אויבערשטע פון שטויסל. צו זיי האָט געהערט אַמעריקע, ניט צו דיר. אין איין שיינעם טאָג שטייען זיי ביידע מיט די היטלען ביי דיין טיר און בעטן, אַז זאָלסט זיי געבן אַ נדבה. דערווייל איז עס אַ הלואה, נאָר אין זייער פאַל, אין זייער האַרץ, איז עס אַזאַ דערנידעריקונג, ווי עס וואָלט געווען אַ נדבה פון דיין זייט.

ווען מאָטעק איז יענעם פאַרנאַכט צוריקגעקומען פון דער אַרבעט, האָט סאַלטשע גלייך באַמערקט, אַז ער איז באַטריבט.

— שלעכטע נייעס, מאַטעק?

— געטראָפֿן, סאַלטשע. דער באַלעבאָס האָט מיט מיר היינט געהאַט אַ שמועס, זייער אַ פֿריינטלעכן שמועס. די לאַגע אין בוי־פֿאַך ווערט ערנסט, האָט ער געזאָגט. מען וועט אויפֿהערן בויען. ס'איז ניטאָ קיין קאַפּיטאַל, קיין קרעדיט באַקומט מען ניט. די בענק ציטערן. אַ סך געביידעס וואָס האַלטן ביים פֿאַרענדיקט ווערן האָבן אָפּגעשטעלט די אַרבעט.

עס קוקט אויס ווי דאָס גאַנצע לאַנד גרייט זיך פֿאַר עפּעס. אין רוס־לאַנד, זאָגט ער, איז פֿאַרגעקומען אַ רעוואָלוציע אין אָקטאָבער און מיר דאָ האָבן אויך אַן אָקטאָבער־רעוואָלוציע. דאָרט האָט מען אָפּגעשאַפֿט קאַפּיטאַ־ליזם און דאָ האָט קאַפּיטאַליזם אַליין באַנקראָטירט. אַ קלוגער באַלעבאָס. ווען מען לאָזט אים, וואָלט ער אין רוסלאַנד, זאָגט ער, אויפֿגעבויט מאָדערנע הייזער. ער וואָלט מיטגענומען פֿון אַמעריקע באַלמעלאָכעס און זיי געוויזן וואָס אַמעריקאַנער עפֿישענסי קאָן טאָן. נאָר אַז זיי זיינען דאָרט משוגע, זאָגט ער, זיי האָבן אָפּגעשאַפֿט קאַפּיטאַליזם און גיי אַרבעט פֿאַר זיי צוליב אי־דעאַליזם.

— זאָל ער פֿריער אויפֿבויען אַמעריקע. זאָל ער אַראָפּנעמען די סלאַמס פֿון דער איסט־סאַיד. זאָל ער אונדז געבן אַ מאָדערנעם אַפּאַרטמענט, — האָט סאַלטשע געזאָגט.

— דערווייל האָט ער מיר פּשוט געגעבן אָנצוזעהערן, אַז מיין דזשאָב וואַקלט זיך. ער וויל מיך ניט פֿאַרלירן. איך בין ערלעך און אַרבעטזאַם און מען קאָן זיך אויף מיר פֿאַרלאָזן, נאָר ער קאָן מיך ניט האַלטן, אויב עס איז ניטאָ קיין אַרבעט פֿאַר מיר. ער ראָט מיר, אַז איך זאָל זיך אַרומ־קוקן און אויב איך האָב עפּעס בעסערס, זאָל איך עס כאַפּן מיט ביידע הענט. ער ריכט זיך אָפּצולייגן אַ סך הענט, האָט ער מיר אָפֿן געזאָגט.

— ס'איז דיר נאָך אַלץ בעסער ווי מעקסן און דיין אָנקל קיווע, — האָט סאַלטשע געטרייסט.

אין די קומענדיקע פֿאַר טעג האָבן סאַלטשע און מאַטעק ניט ווילנדיק געלאַכט. עס איז געווען טראַגי־קאָמיש, נאָר מען האָט זיך ניט געקאָנט צוריקהאַלטן פֿון לאַכן.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט גאָלדען און מעקסן. אומדערוואַרט זיינען זיי אין אָוונט געקומען צו מאַטעקן אין הויז אַריין. יאָ, מעקס האָט פֿאַר־לאָרן אַ סך וואָג און זיין שטענדיק־שטייף געפּרעסטער אָנצוג איז דאָסמאָל געווען היבשלעך צעקנייטשט.

— מאַטעק, מיר זיינען געקומען צוליב ביזנעס, — האָט גאָלדע אָנגע־הויבן מיט אַ געמאַכטן שמייכל.

— יאָ, צוליב ביזנעס. גוטע צייטן דערלעבט, אַז מען קומט צו מאַטעקן צוליב ביזנעס, — האָט געפּרואווט זיך מונטערן מעקס.

— איידער איר וועט רעדן וועגן ביזנעס, וועט איר דערווייל עפּעס אײַ־בערכאַפּן. גאָלדע, דו מוזט פאַרזוכן מיין האָל־ווייט עפּל פּאַי. איך לערן זיך אויס באַקן און קאָכן אַמעריקאַניש. מיין שלומל וויל אויספּרובירן אַלע אַמע־ריקאַנער געריכטן, — האָט געזאָגט סאַלטשע.

האָט זיך די שטימונג גלייך געביטן צום גוטן. סאַלטשע און מאַטעק האָבן אַראָפּגעצויגן פון מעקס און פון גאָלדען די אָנגעצויגנקייט, מיט וועל־כער זיי זיינען אַריינגעקומען. מען האָט פאַרגעסן אין ביזנעס און מען האָט גערעדט וועגן די קינדער — אַ טעמע וואָס מאַכט ווייך דעם האַרטסטן מענטש.

נאָר עס איז געוואָרן שפּעט און מען איז אַריבער צום הויפּט־פּונקט. ניין, מעקס איז ניט געקומען לייען געלט ביים „גביר" מאַטעקן. ער איז גע־קומען פאָרשלאָגן מאַטעקן, אַז מען זאָל צוזאַמען גיין אין ביזנעס, טאַקע אין מאַטעקס ביזנעס. מעקס האָט זיך דערטראַכט צום געדאַנק, אַז היות ווי זיינע אייגענע ביזנעס — די לייווענט און רעשטלעך בראַנזשע — האַלט זיך אויף הינערשע פיסלעך און קיין אויסזיכט איז ניטאָ, אַז מען זאָל קאָנען אײַ־בערקומען דעם קריזיס, זוכט ער, מעקס, עפּעס נייעס. מאַטעק איז אויס־געבונדן אין דער עלעקטריק־ליין און אַמעריקע איז דאָך דאָס לאַנד פון עלעקטריע, איז ווי שלעכט עס איז איצט ניט אין אַלע אינדוסטריעס, נאָר די עלעקטרישע ליין פּראָגרעסירט. אַ פירמע וואָס וועט פאַרקויפן עלעק־טרישע געצייגן — און דאָס פעלד איז אַזוי רייך, מען קאָן אַריינגעמען אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט עלעקטריע — קאָן שטענדיק זיך אַרויפאַרבעטן. אײַ־בערהויפּט אין דעם נייעם יידישן ישוב אין די בראָנקס, וואו עס איז אומע־טום איינגעפירט עלעקטריק און וואו דער איינוואוינער איז דער בעסערער באַצאָלטער.

מאַטעק האָט אויסגעהערט מיט אויפמערקזאַמקייט און אפילו צוגעגעבן, אַז מעקסעס פּלאַן איז גאָרניט קיין שלעכטער. ער האָט צוגעזאָגט אויסצו־געפינען אַלע דעטאַלן וועגן דער מעגלעכקייט. ער וועט רעדן מיט זיין באַ־לעבאָס. ער וועט רעדן מיט אַ פּאָר קאָנטראַקטאָרס און געשעפטלייט.

מעקס און גאָלדע האָבן פאַרלאָזן אין אַ בעסערער שטימונג ווי ווען זיי זיינען געקומען. מאַטעק און סאַלטשע האָבן ניט ווילנדיק אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. ביי מאַטעקן האָבן זיך אַזש טרערן געגאָסן פון די אויגן.

— ווי געפעלט דיר מיין פּאָפּולאַריטעט, גאָלדע? דו ווייסט ווען דו האָסט פּאַר אַ מאַן? אַבי דו האָסט געמיינט, אַז דו האָסט חתונה געהאַט מיט

אַ קבצן אַ שלימזל, אַ פּשוטן אַרבעטער. היינט זעסטו שוין ווער איך בין?

— מיין מאַן, דו ביסט אַ העלד. נאָר ווי זאָגט מען אין לאָדזש: אַ העלד אין גאַטקעס. ביסט אַ באַנקיר, מען קומט דיר געלט. און ווער? דער וואָל־סטריט ספּעקולאַנט מעקס און דער לענדלאָרד ניק סאַרדזשענט. נאָר טאָמער וועסטו מאָרגן פאַרלירן דיין דזשאַב, וועסטו זיין אויס קאַפּעליוש־מאַכער. ניין, איך מיין ערנסט. אפשר איז מעקסעס פּלאַן גאָרניט קיין קרומע זאַך? דעם דזשאַב האַלטסטו ביים פאַרלירן, קיין אַנדערן דזשאַב וועסט אין היינטיקן קריזיס ניט קאָנען קריגן. אמת, ביזנעס איז שלעכט, ביטער, נאָר געפין אויס. אפשר איז מעקס גערעכט.

— איך האָב מעקסן ניט געוואָלט שווער מאַכן דאָס האַרץ, נאָר איך דאַרף קיין סך ניט אויסגעפינען. אין מיין פאַך ווערט עס ערגער און ערגער. און אַריינגיין אין ביזנעס מוז מען האָבן אַ מאַיאָנטעק מיט געלט. ניט איך האָב עס און ניט מעקס האָט עס.

— מאָטעק, זאָלסט פון מיר ניט לאַכן, נאָר אויב דו ווילסט לאַך. איך האָב באַשלאָסן צו גיין אַרבעטן. איך בין שוין געווען אין עטלעכע פּלעצער און איך האָב אויסזיכטן. אמת, מען צאָלט איצט זייער שלעכט. אומעטום האָבן די באַלעבאַטים אַרונטערגעריסן די שכירות, נאָר הלוואי קריג איך אַרבעט ביי מיין פאַך. איך קאָן פאַראויסזען, אַז דו וועסט אַרומגיין ליידיק גאָר אַ לאַנגע צייט. דער קריזיס אַנטוויקלט זיך ערשט.

— אַלץ וואָס איך דאַרף נאָך, איצט, סאַלטשע, איז אַז אָנקל ווילי זאָל מיר שרייבן, אַז איך זאָל אים שיקן אַ פּאָר דאָלאַר, אָדער זיין זון זאָל אַריינקומען בעטן ביי מיר אַ דזשאַב. אַ וואונדער וואָס ס'איז געוואָרן פון דזשעיקן? מסתּם איז ער שוין ניט אין ניו־יאָרק, אַניט וואָלט ער אַמאָל אַריינגעפאַלן צו אונדז. מען דאַרף אָנשרייבן אַ בריוו צום אָנקל.

מעקסעס און גאָלדעס באַזוך האָבן איבערגעלאָזט אַ נאָכ'טעם. מאָטעק האָט דערפילט, אַז די לאַגע ווערט קאַטאַסטראָפאַל. ער האָט טאַקע געלאַכט, נאָר אין זיינע געלעכטער־טרערן זיינען אויך געווען אויסגעמישט טרערן פון שרעק און ווייטאָג. עס איז געווען אַ ביטערער רחמנות אויף גאָלדען און מעקסן. זיי האָבן ביידע אויסגעקוקט שרעקלעך, דערדריקט און פאַרלאָרן.

ווער ווייס, ווען וועט קומען זיין, מאָטעקס, ריי צו שטיין מיטן היטל ביי דער טיר?

שוואַרצע שאָטנס האָבן אַרומגערינגלט דאָס ביסעלע זון, וואָס האָט נאָך געהאַט געשיינט.

קאַפּיטל איין און דרייסיק

# אומדרו

.1

סאָלטשע, מאַטעק און שלומל זיינען געקומען צוגאַסט צו גאָלדען. מען האָט זיך מיט זיי דערפרייט. איבערהויפּט האָט מעקס אַרויסגעוויזן זיין צופרידנקייט מיט מאַטעקן. נייע צייטן דערלעבט. מעקס האָט מאַטעקן אין די אויגן אַריינגעקוקט. גערעדט מיט אים פריינטלעך, ניט ווי אַמאָל ווען ער האָט ניט געקאָנט דולדן זיין דוך.

— נו, מאַטעק, וואָס וועט איר זאָגן גוטס? לאָמיר אַריינגיין אין פאַר־ברענג־צימער און לאָזן די ווייבער אַליין. מיר האָבן דאָך אַ סך וועגן־וואָס צו רעדן. אַ סיגאַרעט, מאַט?

— ניין, מעקס, איר ווייסט דאָך, אַז איך רויכער ניט. יאָ, וועגן אייער פּלאַן. איך האָב אַ סך צייט פאַרבראַכט און אויסגעפונען. די לאַגע איז די —

און מאַטעק האָט אויף אַ געשעפטס־מעסיקן אופן דערקלערט מעקסן וועגן דער ניט־פּראַקטישקייט פון אַריינגיין אין אַן אונטערנעמונג, אין וועל־כער מען דאַרף אַריינבראָקן גאָר אַ גרויסע סומע געלט, אי אין אַ צייט ווען מען הערט יעדע וואָך פון נייע באַנקראָטן.

מעקס האָט, ווייזט אויס, זיך געהאַט גערעכט אויף דעם באַריכט. מחמת ער האָט אַליין אויך אויסגעפונען וועגן דער ניט־פּאַסיקער צייט פון עפענען אַ ניי געשעפט.

— אָבער וואָס טוט מען, מאַט? איך קאָן דאָך ניט אָנגיין און האַלטן אין איין צולייגן. דאָס וואָס מיר טוען די לעצטע פּאָר וואָכן. איך האָב אין מיין לעבן דאָס ניט איבערגעלעבט און זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז עס וועט דערצו קומען. וואָס קומט מיר אַרויס פון אַלע פאַרזיכערונגען פון הוזווערן און לאַמאָנטן און די גרויסע העכט, אַז איין קוק אויף די קראָמען און דאָס רעדט מער ווי אַלע סטעיטמענטס. וואו מען גייט און שטייט זעט מען סעילס און באַנקראָטן. צו־וואָס נעמט מען זיך, מאַט? עס טוט מיר שוין באַנג וואָס איך האָב זיך קיינמאָל ניט אויסגעלערנט קיין מלאכה. ווי שלעכט עס איז אייך ניט, נאָר מען קאָן זיך אָן אייך ניט באַגיין. אַז די עלעקטריע

ווערט קאַליע, מוז מען אָנקומען צו אייך. באַנקראָטירן קאָנט איר ניט. קיין חובות קומט מען אייך ניט. איר האָט געוואוסט, אַז אַזוי פיל פאַרדינט איר און אַזוי פיל פאַרלעבט איר. ביי מיר איז די לאַגע געווען אַן אַנדערע. ביזנעס איז אַ ספּעקולאַציע. און אַז מען הויבט אָן ספּעקולירן, קאָן מען ניט אויפהערן. איך האָב סטאָקס אין פלאָרידאַ האָטעלן. זיי האַלטן זיך נאָך, נאָר אין אַ פּאָר חדשים אַרום וועלן מיר וויסן וואו מיר האַלטן מיט זיי. אויב איך וועל דאָס פאַרלירן, וועל איך בלייבן אָן אַ פּעני. און מיין שווער האָלט אויך גאָר שמאָל און מיינע שוואָגערס זיינען אינגאַנצן „אָפּגעווישט" געוואָרן. מען טראַכט פון גיין זוכן דזשאָבס ביי וואָס עס וועט זיך מאַכן.

„איך האָב אַליין געטראַכט פון זוכן אַ דזשאָב, נאָר וואָס קאָן איך טאָן? איך קאָן זיין אַ בוכהאַלטער, איך קאָן זיין אַ פאַרקויפער, איך קאָן זיין אַ קאַסיר אין אַ רעסטאָראַן. וואָס טויג עס? אפשר ווייסט איר פון עפּעס? איך מיין עס ערנסט.

דער באַזוך האָט זיך געענדיקט מיט דעם, וואָס מאָטעק האָט צוגעזאָגט צו זוכן אַרבעט פאַר מעקסן. שכירות — קיין פראַגע ניט. אַבי זיך דערשלאָגן צו עפּעס. יאַקובאָוויטש האָט געהאַלטן ביים אויפגעבן זיין געשעפט און מעקס איז שוין געהאַט אַרויס אַלס אַ שותף. ער איז געווען אַ פרייער מענטש אַצינד. דערפאַר איז ער געווען גרייט אָנצונעמען וועלכן ס׳איז דזשאָב וואָס מאָטעק וועט פאַר אים געפינען.

צווישן זיך האָבן גאָלדע און סאָלטשע גערעדט וועגן דער זעלבער זאַך. סאָלטשע האָט איר דערציילט, אַז זי וועט מסתם באַלד גיין אַרבעטן, אויב ניט אין קראָם, וועט זי גיין אין אַ מילינערי־שאַפּ. גאָלדע האָט זיך פאַר סאָלטשען פאַרטרויט, אַז אויך זי זוכט אַרבעט, כאָטש זי האָט שוין לאַנג פאַרגעסן איר פאַך, אין וועלכן עס זיינען פאַרגעקומען אַ סך ענדערונגען. נאָר פאַרלירן האָט זי ניט וואָס. זי וועט איינשטעלן.

מאָטעק און סאָלטשע האָבן באַמערקט די זעלבע זאַך. מעקס און גאָלדע האָבן ביי זיי געזוכט אַן ענטפער אויף דער שרעקלעכער עקאָנאָמישער לאַגע פון לאַנד. זיי דאַרפן וויסן. זיי זיינען דאָך פון תמיד אָן געווען קעגנער פון קאַפּיטאַליזם. וויפל מאָל, אין דער הויך פון דער פּראָספּעריטי, האָט מאָטעק געוואָרנט, אַז אונטער קאַפּיטאַליזם קאָן ניט זיין קיין אמתע פּראָספּעריטי. עס איז אויפגעבלאָזן. בלויז איין טייל פון דער באַפעלקערונג געניסט און די מאַיאָריטעט פון די איינוואוינער זיינען אויסגעשטאַנען צו נויט און ניט־זיכערקייט. איצט זיינען מאָטעקס ווערטער מקוים געוואָרן.

דער קריזיס איז געוואָרן טיפער מיט יעדן טאָג. די אומצופרידנקייט פון עולם איז אויסגעוואָקסן. סאָלטשע האָט זיך באַטייליקט אין דעמאָנסטראַ־

ציעס פון אַרבעטלאָזע און צוזאַמען מיט מאַטעקן האָט זי אָנטייל גענומען אין דער ריזיקער דעמאָנסטראַציע קעגן אַרבעטסלאָזיקייט, וואָס איז פּאָרגעקומען דעם זעקסטן מערץ אויף יוניאָן סקווער.. דאָס איז געווען די גרעסטע דעמאָנסטראַציע, וואָס זיי האָבן ווען־ס׳איז געהאַט געזען און נאָך קיינמאָל האָט מען ניט געהאַט געזען אַזוי פיל פּאָליציילייט. ווען דער עולם האָט גענומען מאַרשירן, האָט זיך די פּאָליציי אַ לאָז געטאָן אויף אים מיט זייערע קלאָבס און עס זיינען פּאָרגעקומען האַנט־שלאַכטן צווישן איר און די דעמאָנסטראַנטן. מאַטעק האָט געכאַפּט אַ זעץ איבער דער פּלייצע מיט אַ קלאָב. ער האָט באַשיצט סאַלטשען און ביידע האָבן ווייטער מאַרשירט.

נאָך באָך איידער זיי האָבן געקאָנט פאַרלאָזן דעם סקווער האָבן די פייער־לעשער אַ לאָז געטאָן די וואַסער־קישקעס אויפן עולם און הונדערטער זיינען אינגאַנצן דורכגענעצט געוואָרן און צענדליקער זיינען אומגעוואָרפן געוואָרן פון דער קראַפט פון וואַסער־שטראָם.

מאַטעק און סאַלטשע זיינען געווען אינגאַנצן אויסגעווייקט. זייער גליק איז געווען וואָס זיי האָבן געוואוינט לעבן סקווער און זיי האָבן זיך גלייך איבערגעטאָן און ווידער אַרויס זען וואָס עס קומט פאָר. מען האָט זיי ניט צוגעלאָזט צום סקווער אָדער אויפן וועג צום מאַרש.

דעם זעלבן אָוונט האָבן זיי געהאַט געסט ביי זיך. פאַניאַ איז אַריינגעקומען צוזאַמען מיט סטענלין. סטענלים קאָפּ איז געווען אינגאַנצן באַנדאַזשירט. ער האָט געכאַפּט קלעפּ איבערן קאָפּ און פאַניאַ, וואָס האָט זיך זיך געפונען ניט ווייט פון אים, האָט אים אַ בלוטיקדיקן אַרויסגעשלעפּט פון דער געפאַר און אים אָפּגעפירט צו זיך אין אָפיס אין אַ טעקסי. דער טעקסימאַן איז געווען סימפּאַטיש צו דער דעמאָנסטראַציע און ער האָט אויסגעוואַשן, לעבן פאַניאַס אָפיס, זיין טעקסי פון די בלוט־פלעקן, וואָס זיינען געווען צעשפּרייט אינעווייניק. ער האָט ניט געוואָלט נעמען געלט פאַר דער רייזע.

סטענלי גאָדיק איז שוין געווען באַקאַנט דער פּאָליציי. ער איז אָפט אויפגעטראָטן לעצטנס ביי עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און ער איז ניט איינמאָל אַרעסטירט געוואָרן.

— דאָס איז געווען אַ וואונדערבאַרע דעמאָנסטראַציע, — האָט ער אויסגערופן מיט אַ באַגייסטערונג נאָכדעם ווי סאַלטשע האָט דערלאַנגט טיי צום טיש, — פּאָסטער, מיינאָר און אַמטער זיינען אַרעסטירט געוואָרן. נישט געפערלעך! זאָלן די מאַסן זען ווער עס נעמט זיך אָן פאַר זיי. עפּעס וועט די שטאָט דאַרפן טאָן. עפּעס וועט די רעגירונג מוזן טאָן. אויב מען וועט שווייגן, וועלן מענטשן אומקומען פון הונגער. דער הונגער מערקט זיך שוין.

די צייטונגען ווילן דערוויילן פאַרבאָרגן די אמתע נויט, נאָר לאַנג וועלן זיי עס ניט קאָנען טאָן. די היינטיקע דעמאָנסטראַציע האָט באַוויזן ווי די לאַגע האַלט. ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז אַ הונדערט טויזנט מענטשן וועלן איבערפילן דעם סקווער? קיינער פון דער פירערשאַפט האָט זיך ניט גע־ריכט דערויף.

— עס איז אַ וואונדער וואָס מענטשן זיינען ניט דערמאָרדעט געוואָרן פון דער פּאָליציי היינט, — האָט זיך אָנגערופן פּאַניאַ, — זיי האָבן מורא געהאַט צו באַנוצן זייערע רעוואָלווערן. זיי האָבן גענוצט די קלאָבס. זיי זיינען געקומען מיט די קלאָבס אין די הענט. נאָר דערפאַר האָבן זיי אַריינ־געלייגט זייער גאַנצן „טאַלאַנט" אין די דאָזיקע קלאָבס. איך האָב געזען ווי זיי האָבן געזעצט איבער קעפּ, ווי זיי האָבן געצילט מיט די קלאָבס איבער די פּיס, ווי זיי האָבן זיך איבערהויפּט פאַרמאָסטן אויף עלטערע מענטשן. עס איז געווען אויסערגעוויינלעך ברוטאַל. איך טראַכט ניט איינמאָל, אַז די פּאָליסלייט, ווען זיי באַווייזן זיך אויפן סקווער, פאַרלירן זיי אינגאַנצן יעדן פונק פון מענטשלעכקייט. איך קאָן דאָס מער ניט אַריבערטראָגן. איך בין דאָך, ווי אַ דאָקטאָר, געוואוינט צו זען בלוט, נאָר אונדזער גאַנצער פּראָפעסיע ווידמעט זיך דאָך צו לינדערן מענטשלעכע ליידן, ניט צו פאַר־מערן זיי. די פּאָליציי ספּעציאַליזירט זיך אין מאַכן וואונדן. סטענלים קאָפּ איז געווען — נו, בלויז אַ מאַניאַק האָט געקאָנט טאָן אַזאַ זאַך.

וואָס לענגער פּאַניאַ און סטענלי האָבן פאַרבראַכט יענעם אָוונט ביי סאַלטשען, אַלץ מער האָט סאַלטשע געפילט ווי צווישן די צוויי געסט שטעלט זיך איין אַ געטריישאַפט, אַ אינערלעכע נאָענטקייט. זי האָט עס דערציילט מאָטעקן. ער האָט געלאַכט.

צומאָרגנס איז פּאַניאַ געקומען צו סאַלטשען אינמיטן טאָג.

— סאַלטשע, מאַך מיר אַ בייס, איך אייל זיך. נאָר כ׳וועל מיט דיר רעדן.

— וואָס מאַכט סטענלי? — האָט סאַלטשע געפרעגט און געקוקט פּאַניאַן אין פּנים אַריין.

— סטענלי האָט פאַרלאָרן אַ סך בלוט און ער איז בכלל זייער אָפּגע־שוואַכט. סטענלי עסט מסתם ניט קיין אייך מאָלצייט צו־זאַמ. ער לעבט פון דער באַוועגונג און ער ווייס, אַז זיין געהאַלט קומט פון די פּעניס און דאַימס פון די אַרבעטלאָזע. ער זאָגט זיך אָפּ צו רעדן וועגן דעם. אַלץ וואָס איך ווייס איז, אַז ער אַרבעט זיך איבער און איך האָב אים געוואָרנט, אַז ער וועט אָוועקפאַלן, אויב ער וועט ווייטער אַזוי אָנגיין. מיטינגען, קאָנפערענצן, די אי. על. די. און איצט די אַרבעטסלאָזע קאָונסילס, זיין פּאַרטיי־אַרבעט, רעדן

אויף גאַסן־פאַרזאַמלונגען און לעצטנס פאַרברענגט ער אַ סך צייט אין האַר־לעם. צו אָרגאַניזירן די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע און די סאַמע גויט־ליידיגדיקע איז איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן. איך טרעף זיך מיט סטענלין אַ פּאָר מאָל אין וואָך. מיר עסן צוזאַמען. איך קאָן ניט צוזען ווי דער מענטש איז זיך פשוט מקריב פאַר דער אַרבעטער־זאַך.

— געדענקסט, פּאַניאַ, ווי דו האָסט אַמאָל געוואָלט אַנטלויפן פון אַמע־ריקע, נאָך דער סאַקאָ־וואַנזעטי טראַגעדיע? מען ווערט געשטעלט אין קאַמף, פּאַניאַ, טייערע. איך פיל ווי איך וועל זיך באַלד אַריינוואַרפן מיט אַלע כּוחות צו העלפן פאַרלאַנגען הילף פאַר די אַרבעטסלאָזע און ברויט פאַר די הונגעריקע.

— איך וועל דיר אויסזאָגן אַ סוד, סאַלטשע. איך וויל נאָך אַלץ אַנט־לויפן. נאָר ניט פון אַמעריקע. איך וויל אַנטלויפן פון קאַמף. איך וויל דו זאָלסט מיך פאַרשטיין. איך האָב אַלס קינד איבערגעלעבט אַ פּאָגראָם. מיינע טייערסטע זיינען אומגעקומען אין יענעם פּאָגראָם. דו ווייסט וועגן דעם. איך בין געוואָרן אַ דאָקטאָר, כּדי צו ראַטעווען מענטשן, כּדי צו לינדערן זייערע ליידן. איך בין אָבער ניט קיין רעוואָלוציאָנער. איך וויל העלפן ברענגען סאָציאַליזם אויף דער וועלט. איך ווייס, אַז קאַפּיטאַליזם איז דער קענסער אויף אונדזער געזעלשאַפט. נאָר נאָך יעדער דעמאָנסטראַציע, נאָך יעדן קאַמפּס־מיטינג ווער איך סענטימענטאַל און זאָג צו זיך: אַנטלויף, פּאַניאַ און גיב זיך אָפּ צו דיין סטעטאָסקאָפּ און צו דיין מעדיצינישער וויסנשאַפט. פּאָליטיק רואינירט דיך.

— פּאַניאַ, פּאַניאַ, איך דערקען דיך ניט. פון ווען אָן ביסטו געוואָרן אַזוי צעקראָכן?

— סאַלטשע, הער מיך אויס. איך מוז אַנטלויפן. איך קלייב זיך צו פאַרלאָזן ניו־יאָרק און זיך באַזעצן אין אַ קליין שטעטל. איך האָב ליב שטילקייט און איך האָב ליב די נאַטור. דאָ אין ניו־יאָרק בין איך ווייט פון אַלץ. איך וויל לעבן מיין אייגן לעבן. איך וועל אינגיכן אויפגעבן מיין אָפיס און אַוועקפאָרן. איך שטיי אין פאַרבינדונג מיט אַן אַגענט וואָס זוכט פאַר מיר אַזאַ פּלאַץ. איך וועל מיט דיר רעדן וועגן דעם אַ צווייטן מאָל. אָ־קעי?

— נאָך איין מינוט, פּאַניאַ טייערע. דו וועסט פאָרן אַליין אין אַ קליין שטעטל און ווילסט מיר איינרעדן, אַז דו וועסט קאָנען אַריבערטראָגן די איינזאַמקייט און די אַטמאָספערע דאָרט, ווען דו פילסט זיך איינזאַם אין ניו־יאָרק?

— ווער זאָגט דאָס, אַז איך וועל פאָרן אַליין? גוד־באַי, סאַלטשע. מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם. דערווייל קיין וואָרט ניט צו קיינעם וועגן דעם.

.2

פרוי העניעסי איז איצט געווען אָן אַפּטער אַריינגייער צו סאַלטשען. זי האָט ניט איינמאָל צוגעגרייט מיטאָג פאַר שלומען, בעת זיין מאַמע איז געווען פאַרנומען זוכנדיק אַרבעט אָדער זי האָט זיך געפונען אויף אַ פאַר־זאַמלונג. פרוי העניעסי האָט זיך שטאַרק געניטיקט אין סאַלטשעס הילף. הילף אַלערליי. איר מאַן האָט שוין ניט געהאַט געאַרבעט דעם פינפטן חודש. ער האָט זיך גענומען צום טרינקען און ער האָט זיך גענומען צום האַרצן וואָס ער קומט שוין פאַר פיר חדשים דירה־געלט און דער לענדלאָרד האָט דאָס מער ניט געוואָלט דולדן.

אין אָנהויב האָט סאַלטשע איר געליען אַ פּאָר דאָלאַר, נאָר זעענדיק ווי איר מאַן שיכורט, האָט זי איר מער קיין פּעני ניט געגעבן. פון צייט צו צייט האָט זי איר אַריינגעטראָגן אַ מאָלצייט, אויך קליידער, נאָר די לאַגע איז דאָרט געוואָרן ערגער און סאַלטשע האָט העניעסיס נאָמען אַריינגעגעבן אין דער אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטסלאָזע, כדי מען זאָל זיך פאַר דער פאַמיליע אָננעמען, אין פאַל מען וועט זיי וועלן אַרויסזעצן פון דער דירה.

— מיר וועלן אייך ניט לאָזן אַרויסזעצן. מיר וועלן אייער מעבל צוריק אַריינשטעלן, — האָט זי פאַרזיכערט דער מרס. העניעסי.

עס איז איצט געוואָרן אַ געוויינלעך בילד צו זען ווי מען זעצט אַרויס אַ פאַמיליע מיט די בעבעכעס אויפן טראָטואַר. מענטשן האָבן פאַרלאָרן יעדע בושה. מען איז געזעסן אויף די בעטגעוואַנט און עס האָט שוין ניט געאַרט וואָס די דורכגייער האָבן געהאַלטן אין איין באַקוקן די אַרויסגעשטעלטע אָרעמקייט. סאַלטשע האָט זיך ניט געקאָנט צוגעוואוינען צו דעם שרעק־לעכן בילד.

מאָטעק האָט שוין לאַנג ניט געהאַט אַהיים געבראַכט אַ פולע וואָך שכירות. נאָר ער האָט זיך ניט באַקלאָגט. ער האָט געוואוסט, אַז אין דער בוי־אינ־דוסטריע אַרבעטן שוין ניט באַלמעלאָכעס חדשים לאַנג.

ענדלעך איז סאַלטשען געלונגען צו קריגן אַביסל אַרבעט אין אַ מי־לינערי־קראָם. זי איז דאָרט געווען אי די פאַרקויפערין, אי דער באַלמעלאָכע. די באַלעבאָסטע האָט אונטערגעקרענקט און סאַלטשע האָט דערווייל צוריק באַקומען דערפאַרונג אין איבונג. יעדע וואָך, ווען זי האָט אַהיים געבראַכט די פּאָר דאָלאַר, האָט זי זיך געפילט שטאָלץ דערויף און געהיט יעדן סענט. אַלץ איז אַצינד געווען אויסגערעכנט. וועגן קויפן אַ ניי קלייד האָט מער קיין רייד ניט געקאָנט זיין.

די צייטונגען האָבן יעדן טאָג דערציילט וועגן זעלבסטמאָרדן פון אַר־

בעטער. אָפֿט האָבן גאַנצע פֿאַמיליעס צוזאַמען פֿאַרענדיקט זייערע לעבנס ניט קאָנענדיק אַריבערטראָגן הונגער און אויסזיכטלאָזיקייט.

באַר מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך פֿאַרשטאַנען. זיי האָבן אויך געזען די צווייטע זייט פֿון בילד, די טייַלווייַזע אורזאַכן וואָס האָבן דערבראַכט צו דער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע. אַ באַלעבאָס אין פֿילאַדעלפֿיע האָט אַנאָנסירט אין צייַטונג אַז ער דאַרף האָבן אַן אַרבעטער, זייַנען געקומען 5,000 מענטשן אָננעמען דעם דזשאַב. אין דער זעלבער צייַט האָבן איבער דרייַ מיליאָן קינדער געאַרבעט אין טעקסטיל־פֿאַבריקן און אויף פֿאַרמס. קינדער אין עלטער פֿון 12 ביז 16 יאָר. זיי האָבן פֿאַרדינט ווינציקער ווי צען דאָלאַר אַ וואָך. אָפֿט געאַרבעט צען שעה און מער אַ טאָג. ווען דרייַ מיליאָן דערוואַקסענע וואָלטן פֿאַרנומען זייערע שטעלעס, וואָלט דאָך דאָס געהאָלפֿן לינדערן די אַרבעטסלאָזיקייט און נויט, האָבן געטראַכט מאָטעק און סאַלטשע.

מענטשן זייַנען געשלאָפֿן אויף די בענק אין די סקווערן. די שלאָף־פּלעצער פֿאַר אָרעמעלייַט זייַנען געווען איבערגעפּאַקט, אין דער זעלבער צייַט זייַנען געשטאַנען טויזנטער פּאַלאַצן ליידיק און זייערע אייגנטימער האָבן פֿאַרבראַכט אין אייראָפּע. טויזנטער קירכן און רייַכע סינאַגאָגן זייַנען געשטאַנען ליידיק און מענטשן זייַנען פֿאַרפֿראָרן געוואָרן ניט האָבנדיק וווּ דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. אַזוי טאָר ניט זייַן און קעגן דעם מוז מען קעמפֿן, האָבן זיך פֿאַרשטאַנען מאָטעק און סאַלטשע.

פֿאַרשעמטע מענטשן, יונגעלייַט האָבן אָפּגעשטעלט פֿאַרבייַגייער אין גאַס און געבעטן אַ דאַים אויף קאַווע מיט זעמל — און דזש. פּ. מאָרגאַן האָט אַראָפּגעלאָזט אויפֿן וואַסער זייַן פּריוואַטע יאַכט „די קאָרסער", וואָס האָט באַטראָפֿן צוויי און אַ האַלב מיליאָן דאָלאַר. וויפֿל קינדער וואָלטן געקאָנט געשפּייַזט ווערן מיט דער סומע, האָט געזאָגט סאַלטשע.

די רייַכע האָבן זיך ניט געשעמט מיט זייערע פֿאַרשווענדערישע פּאַרדיס און הוליאַנקעס און עס האָט זיי ניט געאַרט, וואָס די צייַטונגען האָבן איבערגעגעבן די נייַעס. פֿאַרקערט, זיי האָבן זיך אויסגעפּיינט מיט דעם. די מרס. ווירדזשיניאַ גרעיהעם פֿעיר וואַנדערבילט, האָבן אַלע צייַטונגען דערציילט, האָט דערעפֿנט איר לאָנג אייַלאַנד סאָציאַלן סעזאָן מיט אַ פֿאָרשטעלונג פֿון אויריל קעראָלס „וועניטיס", וואָס איז געגעבן געוואָרן אונטערן פֿרייַען הימל אין איר פּאַלאַצישן גוט אין מאַנהעסעט אין די פֿריִע שעה'ן פֿון פֿרימאָרגן. די פּאַרדי קאָסט איר צוויי הונדערט טויזנט דאָלאַר.

סאַלטשעס אויגן האָבן געפֿלאַמט מיט פּראָטעסט.

— מאָטעק, צוליב וואָס דרוקן דאָס די צייַטונגען? פֿאַר וועמען פּיינט מען זיך אויס? אָדער רייצט מען זיך דאָס מיט דיר און מיט מיר? ווי קאָן

מעז דאָס ? זע, איך האָב איבערגעציילט זעקס זעלבסטמאָרדן אין דער הייג־טיקער "וואָירלד". אַ מאַמע האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון דאַך ; אַ יונגער מאַן פון 34 יאָר האָט זיך פאַר׳סמ׳ט און איבערגעלאָזט אַ צעטעלע, אַז ער קאָן מער ניט הונגערן ; אַ סוחר איז געפונען געוואָרן אַ געהאַנגענער אין זיין קראָם, ניט איבערגעלאָזט קיין צעטעלע ; צוויי שוועסטער, וואָס האָבן געלעבט אין איין וואוינונג, זיינען געפונען געוואָרן פאַרגאַזטע, אין דער קיך ; אַ לענדלאָרד האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון דאַך אין זיין אייגענעם הויז. ער האָט פאַרלאָרן זיין גאַנץ פאַרמעגן אויף וואָל־סטריט. האָסט געזען, מאָטעק, ווי די צייטונגען האָבן דאָס צעשמירט די נייעס וועגן נעלסאָן אַלדריטש ראַקעפעלערס פאַרלאָבונג צו מערי קלאַרק, וואָס האָט אָפּגעקאָסט איבער הונדערט טויזנט דאָלאַר ? און וועגן אַן אַנדערער חתונה פון מיליאָנערסקע קינדער, וואָס האָט באַטראָפן איבער הונדערט פופציק טויזנט דאָלאַר ? פון וועמען מאַכט מען דאָ חוזק ? וואו זיינען די קאַמפּס־געפילן פון די יורשים פון דער אַמעריקאַ־נער רעוואָלוציע ?

— סאַלטשע, עס איז גענוג בייצוואוינען איין מיטינג פון מיין יוניאָן זיך צו איבערצייגן, אַז גראָד די אמתע אַזוי־גערופענע אַמעריקאַנער, די וואָס באַרימען זיך אַז זייערע עלטער־זיידעס זיינען דאָ געבאָרן געוואָרן, אָט גראָד־די זיינען ניט פאַראינטערעסירט אין דער לאַגע פון לאַנד. זיי האָבן פיינט דעם אימיגראַנט, זיי האַלטן זיך פאַר העכער פון אים און זייער סופּעריאָריטעט דריקט זיך אויס אין זייער פאַרשטיין די בעיזבאָל שפּיל, אין געמבלען, אין האָבן איבערגעטראָטן אַלע געזעצן פון פּראָהיבישאָן און פון גיין רעגולער אין די מואוויס. די יוניאָן גיבן זיי איבער צו רעקעטירס ; זיי מישן זיך ניט, זיי אַרט ניט וואָס מען טוט מיט זייערע געלדער, אַבי מען לאָזט זיי צורו. און ווי קאָנסטו פאַרלאַנגען, אַז זיי זאָלן ווערן קעמפער פאַר עפּעס העכערס ? טאָמער פּראָטעסטירסטו וואָס די פירערשאַפט פון דער יוניאָן טוט גאָרניט פאַר דער מיטגלידערשאַפט, ווערסטו גלייך געשטעמפּלט ווי אַ קאָמוניסט, ווי אַ באָלשעוויק און עס געפינט זיך שוין איינער וואָס זאָל אויסשרייען : „אויב עס געפעלט דיר ניט, פאַרוואָס גייסטו ניט צוריק קיין רוסלאַנד ?" און באַלד דערהערן זיך צושטימענדיקע קולות. ביסט שוין אַ פאַרפאַלענער. און ניט איינמאָל באַוויזט זיך נאָכן מיטינג פאַר דיינע אויגן אַ „שטאַרקער" און גיט דיר אַ זאָג אונטערן נאָז אַזוי : „איך רעד צו דיר ווי אַ פריינט. האַלט דיין מויל פאַרמאַכט, אַניט וועסטו זיין אין טראָבל, פאַרשטאַנען ?" און דו זעסט, אַז ער איז אָנגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ גוטן לוין פון דער פירערשאַפט זיך אָפּצורעכענען מיט די בונטאָווטשיקעס. אָט דאָס איז די אָפּציעלע פירער־שאַפט פון אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס, די אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון

אַרבעט, וואָס האָלט אין איין פאַרלירן מיטגלידער און וואָס האַלט אין איין העכערן די געשוואָלענע געהאַלטן פון די „מאַכערס" אירע.

עס איז זיי געווען קלאָר, מאָטעקן און סאַלטשען, אַז די ציַיטונגען אַרט ווינציק די לאַגע פון די אַרבעטלאָזע. נאָר ווען די קאָמוניסטן אָדער ענלעכע רעבעלן קעגן הונגער און נויט פירן דורך אַ דעמאָנסטראַציע, דאַן איז דאָס נייעס, דאַן איז דאָס ציַיטונג־שטאָף.

עס האָבן זיך דאַן געפונען באַקאַנטע אין מאָטעקס און אין סאַלטשעס קרייזן, וואָס האָבן געהאַלטן אַז עס איז דאָ איין אויסוועג — פאַרלאָזן אַמע־ריקע און זיך באַזעצן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד וואו עס בויט זיך סאָציאַליזם. מען האָט לאַנג ניט געטראַכט און זיך גענומען פּאַקן. סאַלטשע און מאָטעק האָבן זיך אָבער גלייך איינפאַרשטאַנען. יאָ, מאָטעקן וועט דאָרט זיין גוט. ער איז אַן עלעקטריקער. מען וועט אים דאָרט פאַרצוקערן. נאָר מאָטעק האָט זיך געהיצט מיט די וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אַמעריקע איז האָפנונג־לאָז. ער האָט געזאָגט: — איך בין געקומען אַהער אין דעם לאַנד צוליב מיין ליבע פאַר דער געשיכטע און טראַדיציעס פון די פאַראייניקט שטאַטן. איך האָב זיך גענוג אָנגעליטן פון ערשטן טאָג אָן, נאָר מען וואַרפט ניט אַוועק קיין געליבטע ווען זי געפינט זיך אין נויט. טאַקע אין איצטיקן מאָ־מענט וויל איך בלייבן דאָ און העלפן מיין לאַנד זיך אַרויסדראַפּען פון קריזיס. זיכער וויל איך העלפן אָפּשאַפן קאַפּיטאַליזם דאָ. איך וויל ניט אַנטלויפן פון קאַמף. איך בין ניט איינשטימיק מיט די וואָס אַנטלויפן. אויב איך וועל דאַרפן שטיין אין דער הונגער־ריי, ווי עס שטייען שוין אַ סך פון מיינע יוניאָן־מיטגלידער, וועל איך שטיין. איך בין אַ טייל פון אַמעריקע און בין ניט ערגער אָדער בעסער פון די מערסטע איינוואוינער אירע. מעיאָר וואָקער און גראָווער וועילען זיינען פאַר מיר ניט קיין מוסטער פון אַמעריקאַנער. זיי פאַרשעמען דעם נאָמען פון לינקאָלן. זיי פאַרלעצן דעם אידעאַל פון דזשעפערסאָן. די וואָס פירן־אָן מיט די הונגער־מאַרשן זיינען די אמתע אַמע־ריקאַנער. די צרה, דוכט זיך מיר, מיט איך, מיינע פריינט, איז וואָס איר האָט שטענדיק געלעבט מיט אַ מין מיסצוטרוי צו אַמעריקע. איר האָט צוליב די ביימער דעם וואַלד ניט געזען. מען דאַרף באַקעמפן די וויליאַם גרינס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז ניט לייכט, נאָר דאָס איז אונדזער אויפגאַבע. מען דאַרף בויען אַ נייע אַרבעטער־באַוועגונג, מען דאַרף בויען אַ נייע פּאָליטישע פּאַרטיי. אין דעם באַשטייט די אמתע פּאַטריאָטישקייט צום לאַנד. דאָס זיינען ביי מיר די פּרינציפּן פון אַמעריקאַניזם צו וועלכע איך האָב געשוואָרן געטריישאַפט. אַ פּאָליסמאַנס קלאָב וועט מיך ניט מאַכן אויס אַמעריקאַנער. פאַרקערט.

דאָס האָט גערעדט דער אַלטער מאַטעק, דער מאַטעק פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס איז איצט אַרומגעגאַנגען אָן אויפֿגעברויזטער. איצט איז זיין קאָפּ מער ניט געלעגן אויף דער היים. ער האָט זיין היים געפֿונען אין די גאַסן וואו עס איז געלעגן אַרויסגעוואָרפֿן מעבל; וואו עס זיינען געשטאַנען הונגער־רייען; וואו מענטשן זיינען געלעגן פֿאַרשמאַכטע פֿון הונ־גער אויף די שוועלן פֿון געביידעס. ער איז אַצינד געווען פֿאַרנומען כמעט יעדן אָוונט מיט מיטינגען און קאָנפֿערענצן. ער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פֿון קיין אַרבעט וואָס מען האָט אים באַשטימט. ער איז אַפֿילו אויפֿגעטראָטן אַלס יידישער רעדנער אויף די איסט סאַידער גאַסן. אים האָט ניט געאַרט, וואָס די דאָרטיקע פּאָליסלייט האָבן אים שוין געקענט.

ביי אַ פּאָר דעמאָנסטראַציעס און מיטינגען האָט זיך מאַטעק געטראָפֿן מיט מיטגלידער פֿון דער דעיווויס משפּחה. אויף אַ יידישער פֿאַרזאַמלונג האָט ער זיך באַגעגנט מיט לואין. לואי איז, ווי תמיד געווען פֿאַר אָדער נאָך אַ סטרייק אין קלאָוק־טרעיד. ער איז פֿיל פֿאַרעלטערט געוואָרן און זיך באַ־קלאָגט, אַז ער איז ניט מיט אַלעמען, נאָר זיין קאַמפּס־לוסטיקייט האָט זיך פֿאַרשטאַרקט.

— און וואָס מאַכט עפּעס דיין פֿרוי, לואי?

— מיין בעסי איז אַ גאַנצער טשיף אין איר אָרגאַניזאַציע. די פֿרויען טוען גוטע אַרבעט פֿאַר דער באַוועגונג. זי איז שוין באַלד אַ באָבע. מיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט און מיר ריכטן זיך, אַט־אַט וועט צוקומען נאָך אַ מיטגליד אין דער אַרבעטלאָזער, נאָר הונגעריקער אַרמיי. געדענקסט דאָך מיינע בנים אייבי און יאַנקל. אויסגעוואַקסן טייערע יאַטן. אייבי קאָן נעבעך קיין דזשאָב ניט קריגן. ער דרייט זיך אַרום אַ גאַנצן טאָג, אַקערט מיט דער נאָז, נאָר אַז מענטשן דערפֿאַרענע זיינען ווילִיק צו אַרבעטן פֿאַרן עסן, וואָס פֿאַר אַ טשאַנס האָט ער שוין. וואָס קומט אַרויס, אַז ער האָט געענדיקט קאָלעדזש, אַז אַ קאָלעדזש דיפּלאָמע מיינט גאָרניט היינט. מיין אייבי איז געווען אין אָלבאַני מיטן הונגער־מאַרש און ער דערציילט זיך אָן ביז גאָר טשיקאַווע זאַכן. אַמעריקע מאַכט פֿון אים אַ רעוואָלוציאָנער. ער וואַקסט אונדז אַלעמען איבער, פֿאַרשטייט מאַרקסיזם גרינטלעך, ניט ווי איך און מיין בעסי. מיר האָבן בלויז געגאַשט און ער האָט געלערנט. נאָר, איך זאָג דיר, אַז די בעיבי אונדזערע, יאַנקל, ביט אַלעמען אין פּיסעס. ער האָט געענדיקט די מיטלשול, וויל ווערן אַ יידישער אַרבעטער לערער. עס וועט זיין אַ נייעס צו האָבן אָן אַמעריקאַנער געבאָרענעם זון, וואָס וועט לערנען אַמערי־קאַנער געבאָרענע קינדער ווי צו שרייבן און לייענען יידיש. אַזאַ געדאַנק האָט ער זיך אַריינגענומען אין קאָפּ. איך וויל זיין אַ יידישער לערער, זאָגט

ער. מיר האָבן געמיינט, אַז ער שפּאַסט, נאָר ער איז אַן אידעאַליסט און די שולן וואַקסן. אַלץ בעסער ווי צו שטיין אין לאַין מיט נאָך 1,700 יונגעלייט און מען זאָל באַטאַפּן זייערע מוסקולן און אויסקלייבן דעם סאַמע געזינטסטן און אים געבן דעם נידעריקסטן לוין. דערלעבט צייטן, מאָטעק. מילא, מיר זײַנען שוין צוגעוואוינט צו אַלעם. קיין קלאָוקמאַכער קאָנסטו מיט גאָרניט איבערראַשן. וואו אַ קריזיס, האָט עס אונדז געטראָפן; וואו אַ קאַמף — אויף אונדזערע פּלייצעס. נאָר וואָס איז נעבעך די יוגנט שולדיק? מײַנע בחורים זײַנען פאַרצווייפלט. יעדע וואָך פאַרמערן זיך די אַרבעטלאָזע. אַז מען וואַרפט אַרויס פון די פאַבריקן די שטענדיקע אַרבעטער, וועט מען דאָך ניט אַרײַננעמען ניט־דערפאַרענע יונגע בחורים. זיי ווייסן דאָס, מײַנע קינדער און אייבי קומט אַהיים יעדן טאָג פון אומגיין איבער ניו־יאָרק און זוכן אַ דזשאַב און ער שעמט זיך פּשוט אונדז צו קוקן אין די אויגן אַרײַן.

אויך מיט בענען און לואיזן האָט זיך מאָטעק לעצטנס געטראָפן בײַ פאַרזאַמלונגען. זיי זײַנען געבליבן אין ניו־יאָרק און בען האָט זיך פאַרנומען מיט פּאַרטיי אַרבעט און לואיז איז געוואָרן טעטיק צווישן אַרבעטלאָזע פרויען. זיי האָבן זיך אײַנגעאָרדנט אין אַ קליינעם אַפּאַרטמענט, ניט ווייט פון די עלטערנס הויז. ניט געהאַט קיין צייט צו קומען צו סאַלטשען אין הויז אַרײַן. עס האָט געברענט אונטער די פיס. נאָך קיינמאָל האָט מען זיך אַזוי צוגעהערט צו דעם וואָרט פון בענען ווי איצט. ער האָט געפילט ווי ער ברענגט נוצן, ווי מען שלאָגט וואָרצלען צווישן די וואָס האָבן תמיד אָפּגעלאַכט פון זײַן וואָרט.

לואיז האָט צוגעזאָגט צו קומען צו סאַלטשען, נאָר זי האָט שטענדיק געהאַט אַן אַנדער אַנטשולדיקונג. די באַוועגונג האָט זי אינגאַנצן אײַנגעשלונגען, האָט זי דערקלערט. ניטאָ קיין פּערזענלעכער לעבן. לואיז האָט אויסגעקוקט אויסגעמאַטערט און אָנגעצויגן. בען, ווידער, איז ייִנגער געוואָרן און מען האָט געקאָנט זען, אַז ער פילט זיך צופרידן פון זײַן אַרבעט.

סאַלטשע האָט באַדויערט וואָס לואיז האַלט זיך פון ווײַטן. זי האָט געהאָפט, אַז אין ניו־יאָרק וועט לואיז ווערן אַן אַרײַנגייערין אין איר הויז. אויך בען האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו קומען. די באַוועגונג טוט ניט קיין גוטע זאַך וואָס זי נעמט צו בײַ אירע טוער די גאַנצע פרייהייט און וואָס מען הערט אויף זײַן היימיש איינער מיטן אַנדערן, האָט זי געטראַכט און זי האָט דאָס איבערגערעדט מיט מאָטעקן. ער האָט צוגעשטימט מיט איר. בען האָט אים אויסגעפּעלט.

נאָר דעם שטאַרקסטן קלאַפּ האָט סאַלטשע באַקומען, ווען פאַניאַ איז צו איר פּלוצלינג אַרײַנגעקומען און אַן וועלכער ס׳איז פאָררעדע צו איר

געזאָגט:

— גוד־באַי, סאַלטשע, איך פאַרלאָז ניו־יאָרק. אין צוויי וואָכן אַרום וועל איך שוין זיין אויפן וועג קיין בענגאָר, מעין. דאָרט וועל איך זיך באַזעצן. איך נעם איבער אַן אָפיס פון אַ דאָקטאָר. איך בין דאָרט געווען לעצטע וואָך. עס איז זייער ווייט פון דאַנען, נאָר דאָס וואָס איך וויל. יאָ, סטענלי פאָרט מיט מיר. ער נעמט איבער אַ געזעלשאַפטלעכן פּאָסטן דאָרט. די פּראָגרעסיווע באַוועגונג פאַרשפּרייט זיך. פאַראַן גענוג אַרבעטלאָזיקייט אין מעין. דער עולם איז אויפגעבראַכט. זומער וועל איך דיך איינלאַדן צו קומען צו מיר אויף אַ פּאָר וואָכן מיט שלומען. פאַרגעס ניט. איך וועל זיך מיט דיר דורכשרייבן.

סאַלטשע איז געבליבן געפּלעפּט. זי האָט זיך ניט געריכט, אַז פאַניאַ וועט איר די נייעס איבערגעבן אַזוי קאַלטבלוטיק און עס האָט איר פאַרדראָסן וואָס פאַניאַ האָט איר די גאַנצע צייט גאָרניט דערציילט וועגן אירע באַציאונגען מיט סטענלין. ניט אַזוי האַנדלט אַ נאָענטער מענטש, ווי פאַניאַ איז דאָס געווען די גאַנצע צייט. אַ מאָדנע וועלט און אַ מאָדנע צייט, האָט סאַלטשע געטראַכט.

קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

# טיפע וואָרצלען

ניט איינמאָל האָט מאָטעק איבערגערעדט מיט סאַלטשען, אַז אָנקל קיווע לאָזט ניט הערן פון זיך. דאָס הייסט, ער האָט גראָד יאָ באַזוכט זייער היים, געפּרואווט קריגן נאָך אַ הלוואה פון מאָטעקן און אַ צווייטן מאָל גע־קומען אַזוי זיך. ער איז געווען אין געגנט, איז ווי פאַלט מען ניט אַריין אַ קוק טאָן צי אַלץ איז אָקעי? היינטיקע צייטן ווען מענטשן פאַלן, ניט דאָ געדאַכט, ווי פליגן, דאַרף מען גומל בענטשן וואָס אַלע לעבן און מען איז, ברוך השם, געזונט. פּיין, פּיין . . .

יאָ, דער אָנקל האָט ביידע מאָל געהאַט דערמאָנט, אַז ער האָט דעם חוב ניט פאַרגעסן, אַז מאָטעק מאָנט דאָך ניט, איז אַ גוטער סימן. ווען ער וועט דאַרפן, וועט ער עס באַקומען מיט אַ גרויסן דאַנק, זאָלסט זיך גאָר־ניט זאָרגן, מאָט.

איז אָבער שוין אַריבער אַ יאָר זינט דער אָנקל האָט געליען די טויזנט

דאָלאַר. די צייט איז געוואָרן ערגער. סאַלטשע האָט געאַרבעט צוביסלעך, נאָר מער פון מאַטעקן. מען איז קוים דורכגעקומען. געשפּאָרט, זיך די פינ־גער געשניטן. די לעצטע פיר חדשים האָט מען אינגאַנצן ניט געהאַט גע־הערט פון אָנקל קיווע.

— מאַטעק, האָסט געמעגט צופאָרן צו אים. זיין שווייגן איז ניט קיין גוטער סימן. און בכלל ביסטו ניט פאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס עס איז געוואָרן פון זיינע ביזנעס? און וועגן משהלען און עליסל?

— סאַלטשע, ביסט הונדערט פּראָצענט גערעכט. איך האָב ניט איינמאָל געטראַכט דערוועגן און ניט אַזוי צוליבן געלט, ווי איך וויל טאַקע אויס־געפינען וואָס עס הערט זיך ביי זיי. דער אָנקל האָט ניט געהאַט אויסגעקוקט אינגאַנצן געזונט לעצטן מאָל וואָס ער איז דאָ געווען. די קישעלעך אונטער די פאַרגליווערטע אויגן זיינען ניט קיין גוטע אָנזאָגער. אויך דער כריפּ אין זיין קול איז מיר ניט געפעלן. איך האָב סיי ווי ניט וואָס צו טאָן, וועל איך צופאָרן היינט־מאָרגן.

ס'איז געווען אַ לינדער פרילינג פרימאָרגן, ווען מאַטעק האָט זיך באַ־וויזן ביים אָנקל קיווע. עליסל האָט געעפנט די טיר, פון אינווייניק האָט אַ ווייע געטאָן מיט אַ מאָדנער שטילקייט, וואָס איז געווען ניט אָנגענעם.

— האַלאָ, קאָזין מאָטי, — האָט עליסל פאַרהוילן געזאָגט, — מאַמע איז קראַנק, זי ליגט אין בעט. פּאַ איז דאָ. קום אַריין, קאָזין מאָטי. וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכט דיין פרוי? און דיין יינגעלע? ווי אַלט איז ער שוין? קום אַריין אין פראָנט־צימער. פּאַפּ וועט באַלד דיך זען. ער גיט איר די מעדיצין.

עפּעס אַן אומהיימלעכקייט האָט זיך געטראָגן אין דער לופט.

— פּאַ, ס'איז קאָזין מאָטי, — האָט עליסל געפּרואווט איבערגעבן אין אַ שטיל קול.

— ווער? מרס. קאָזאַק? — האָט קיווע אויסגעשריִען, — זאָג איר, אַז איך האָב ניט קיין צייט זי צו זען. זאָל זי קומען מאָרגן, אָדער איבערמאָרגן.

— ניין, פּאַ, ס'איז ניט מרס. קאָזאַק. ס'איז דיין נעפיו מאָטי.

— אָ, פאַרוואָס־זשע האָסטע באַלד ניט געזאָגט — האַלאָ, מאָט. טאַנטע פעני איז קראַנק. קום אַריין . . . פעני, מיין נעפיו מאָט איז דאָ — קום אַריין, מאָט, ס'איז אַלראַיט.

— האַלאָ, טאַנטע פעני, וואָס עפּעס מיטאַמאָל אין אַזאַ שיינעם פרילינג־טאָג מאַכט איר זיך נאַריש?

— אַי, מאָט, איך ליג שוין אַזוי באַלד צוויי וואָכן און עס ווערט מיר ניט בעסער. זיק, — האָט טאַנטע פעני זיך צעקרעכצט. . . . .

— קאָזין מאָטי, וועסט טרינקען קאַווע? איך וועל עס מאַכן ווי מען

טרינקט אין יוראָפּ, פון אַ גלאָז, קאַווע מיט מילך.

— הער, מאַט, — האָט זיך אָנגערופן אָנקל קיווע, — גוט וואָס ביסט געקומען. איך דאַרף מיט דיר רעדן. עליסל, דו וועסט אַריינגיין אין קיך און עסן ברעקפעסט און כ׳וועל מיר שוין אַליין אַלץ מאַכן. קום, מאַט.

— גיי, גיי, מאַט, — האָט פּעני געזאָגט, — אַלע דיינע זיינען אָלראַיט? אַבי מען איז געזונט. דאָס געזונט איז די הויפּטזאַך. איך בין קראַנק, מיר איז ניט גוט.

— רעד ניט אַזוי, מאַמע, וועסט ווערן געזונט, ס׳נעמט צייט, — האָט עליסל געפּרואווט רעדן הויך און מונטער.

— קיווע, גיב מאַטעקן צו פאַרזוכן די מאָן־קיכלעך, — האָט פּעני מיט אָנשטרענגונג געזאָגט. — מאַך אים אַ פיינקוכן. טאָמער איז ער הונגעריק.

— זאָל איך דיר העלפן, פאַ?

— ניין, דו זיי מיט דער מאַמען און איך וועל פאַרברענגען אַביסל מיט מאַטין. קום.

יעדעס וואָרט וואָס איז אַרויסגעקומען פון די מענטשן אין הויז, האָט זיך מאַטעקן אויסגעוויזן, איז געווען ניט נאַטירלעך. די ווערטער זיינען געגאַנגען אויף שטאָלצן.

— דו זיץ דאָרט און איך וועל זיצן דאָ. ניט פאַר דיר געדאַכט, קאָן איך ניט גוט הערן אויפן לינקן אויער, דערפאַר הייס איך דיך זיצן דאָרט. נו, ווי געפעלט דיר מיין נייע צרה? פּעני איז גוט קראַנק, אָבער קראַנק וואָס קראַנק הייסט. וואָס איז איר? וואָס איז איר ניט? זי האָט צוקער, איז דאָס ביטער ווי גאַל און זי האָט טראָבל מיט די קידניס און די פיס זיינען איר געשוואָלן. פרעג ניט, אַז עס גייט, גייט עס מיט אַלעמען.

— שוין לאַנג? — האָט געפרעגט מאַטעק און ער האָט באַקוקט דעם אָנקל.

— זי קרענקט שוין גאָר אַ לאַנגע צייט, נאָר לעצטנס פאַלט זי איין, ווי אַ קאָרטן שטיבעלע. און די ערגסטע זאַך איז וואָס איך אַליין גיי אויך באַרג אַרונטער. ס׳איז ניט דער אַמאָליקער ניק, וואָס האָט געקאָנט אָננעמען אַ הויכן שיכור און אים אַרויסוואַרפן פון סטאָר. איך וועל מיר מאַכן עפּעס עסן און דו וועסט זיך איינהערן. אפשר ווילסטו אויך כאַפּן אַ בייס? ביי מיר האָסטע ניט ליב צו עסן, דאָס ווייס איך. נאָר קאַווע וועסטו טרינקען? גוט, באַלד וועל איך צושטעלן. מיינסט איך קאָן עסן וואָס איך וויל? מאַכסטע אַ טעות. ניטאָ די צייטן ווען איך האָב פאַר ברעקפעסט אויפגעגעסן דריי־פערטל פון אַ שמאַלץ־הערינג און דעם עק איבערגעלאָזט. איך האָב פון שטענדיק אָן פיינט געהאַט דעם עק. ווי זאָגט זיך אין אונדזערע ספרים:

בעסער דעם קאָפּ פון אַ פוקס, איידער דעם עק פון אַ לייב.

— אַנקל, עס זאָגט זיך פּונקט פאַרקערט.

— ביסט מסתם געלערנטער פון מיר, נאָר איך האָב שטענדיק געלערנט מיין אייגענעם פּשט. כ׳האָב שטענדיק געוואָלט זיין דער קאָפּ און ניט דער עק און דערפאַר האָב איך קיינמאָל ניט געגעסן קיין עק פון קיין זאַך. יאָ, לאָמיר ניט רעדן קיין נאַרישקייטן מער. איך מוז נעבעך עסן לויזע אייער, האַרטע פאַרשאַטן מיר. איך טאָר ניט עסן קיין טריש ברויט, נאָר סוכאַרעס. דער דאָקטאָר האָט מורא, אַז איך האָב אַביסל צוקער. זי — צוקער און איך — צוקער. הערסט? אַ געטרייע פּאָר . . . יאָ, וואָס מאַכט סאַלטשע? און דער באָיטשאַק? כ׳האָב מיט דיר אַ סך צו רעדן. מיר זאָלן אַזוי האָבן אַל־דאָס גוטס, מיין פּעני זאָל מיר באַלד געזונט ווערן ווי איך זאָג דיר ניט קיין ליגן — שוין עטלעכע טעג ווי איך טראַכט פון דיר. איך האָב פאַר דיר נייעס פון דער היים, וואָס וועט דיך אינטערעסירן. וועסט באַלד הערן. כ׳האָב מיט דיר אַ סך צו רעדן. הער, דאַרפסט דאָס געלט? אַרבעטסט ניט? ווער אַרבעט דאָס היינטיקע צייטן? איבערהויפּט אין דיין בוי־פאַך? פרעג מיך, איך ווייס.

דער אַנקל האָט זיך געדרייט און געדרייט, געזוכט אַ לעפל, זאַלץ, אַ שוועבעלע אָנצוצינדן די גאַז. מאָטעק האָט אים באַטראַכט. ער איז געוואָרן איינגעשרומפּן זיבט ער האָט אים ניט געזען. ער האָט ניט אויפגעהויבן די פיס גייענדיק, נאָר זיי געשאַרט פאַראויס און דאָס סקריפּען פון זיינע לאַטשן האָט אויסגעדריקט דאָס סקריפּען פון גאַנצן קערפּער. עס איז שוין ניט געווען קיין גאַנצער גוף; אַלץ אין אים, אין זיין פּנים, אין זיין קול, אין דער באַוועגונג פון זיינע הענט, האָט אויסגעדריקט אָפּגעשוואַכטקייט, לויזקייט, דער אָנהייב פון צעפאַלנקייט. דער אַנקל האָט געפּילט, אַז מאָטעק באַמערקט עס און ער האָט מער ניט געפּרוּווט דאָס פאַרהוילן פון אים. ווי אַנדערש איז עס געווען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, האָט מאָטעק געטראַכט.

— אַזוי, אַזוי, מאָט, די צייטן ווערן ערגער. די דעפּרעשאָן עסט זיך איין אין די ביינער און ווער ווייס ווען מיר וועלן אַרויסקריכן פון איר. די דעפּרעשאָן דערמאָנט מיך אין מיין פּעניך. וואָס מער מען אונטערזוכט זי, אַלץ מער געפינט מען נאָך שלאַפקייטן אין איר. וואָס מער מען וויל ראַ־טעווען זיך פון דעם קריזיס, אַלץ טיפער קריכט מען אַריין אין אים, ניט אַזוי?

— וואָס הערט זיך מיט אייערע הייזער, אַנקל?

— צרות, מאָט. אין קווינס האָב איך אָפּגעראַטעוועט איין הייזקע. די איבעריקע פאַרלאָרן. אין מיינע צוויי טענעמענטס זיינען דאָ טענערס וואָס וואוינען שוין דאָ יאָרנלאַנג און זיי פּלעגן מיר שטענדיק אַקעגנטראָגן די

רענט דעם ערשטן. איצט קומען די זעלבע מענטשן פאַר פאַר און פינף חדשים רענט. זאָל איך זיי גיין אַרויסשטעלן? וועל איך דען קריגן אַנדערע טענערס? . . . הער, מאַט, כ׳האָב מיט דיר אַ סך צו רעדן, סאָ, לאָמיר פאַר־טיק ווערן מיט אונדזערע ביזנעס. דיינע טויזנט דאָלאַר וועל איך האָבן גרייט דעם ערשטן. דו ביסט פון די ערשטע וועמען איך צאָל אָפּ. איך קום אַ סך חובות. עס איז געווען זייער פיין פון דיר וואָס דו האָסט געוואַרט אַזוי לאַנג און מיך ניט געמאָנט. ביסט אַ פיינער מאַן און עס אַרט מיך נישט וואָס דו ביסט אַ בולשעוויק. הייַנטיקע צייטן דאַרף ניט נעמען לאַנג, אַז מען זאָל ווערן אַ קאָמיוניסט. עס איז דאָ צייטן, ווען דו טראַכסט, אַז עפּעס איז דער מער מיט דער וועלט . . . הער, וואָס איך וויל מיט דיר איצט רעדן, איז גאָר וועגן עפּעס אַנדערש. דו געדענקסט דיין אָנקל נחום? און דיין מומע פייגע געדענקסטע? יאָ, ווען דו ביסט געקומען צו מיר דעם ערשטן מאָל האָסטע מיר דערציילט וועגן זיי. ס׳איז אָבער שוין אַזוי לאַנג. דו ווייסט, אַז איך האָב יאָרנלאַנג זיך ניט דורכגעשריבן מיט מיינע ברידער און שוועס־טער. כ׳ווייס, ס׳איז ניט געווען קיין גראַדע זאַך פון מיר דאָס צו טאָן. אַמע־ריקע איז אַ לאַנד וואָס מאַכט, אַז דו זאָלסט פאַרגעסן אין דיין משפּחה פון דער אַלטער היים. זיי האָבן געשריבן צו מיר און איך האָב ניט געענט־פערט. פאַרוואָס? פרעג מיך בחרם. פויל געווען, ניט געהאַט וואָס צו שרייבן. אפילו צו מיין אייגענעם טאַטן האָב איך ניט געשריבן. נו, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַהיים שיקן געלט, האָב איך דערהאַלטן בריוו פון מיין ברודער נחום און מיין שוועסטער פייגע פון לאָדזש. נחום האָט מיר דערציילט די טרויעריקע נייעס, אַז זיין יינגסטער זון איז אומגעקומען אין דער מלחמה אויפן פראָנט. דער צווייטער זון וואוינט ערגעץ אין אַ שטעטל לעבן וואַרשע און ער איז אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס און האָט אַ פול הויז מיט קינדערלעך. די טאָכטער זיינע האָט חתונה געהאַט און זי האָט גענומען אַ מאַן אַ לערנער און זי איז די פּרנסה געבעריין און זי האָט שוין פיר קינדערלעך דערווייל. וואָס־זשע האָט מיין ברודער נחום געוואָלט פון מיר? ער האָט געוואָלט, אַז איך זאָל פאַר אים, ערשטנס, געפינען זיין זון וואָס איז מיט יאָרן־יאָרן צוריק געקומען אין אַמעריקע און מען ווייסט ניט וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען. איך האָב אים קיינמאָל פאַר מיינע אויגן ניט אָנגעזען. צווייטנס, האָט נחום געוואָלט, אַז איך זאָל אים שטיצן. ער איז אַלט, האַלב בלינד און זיין ווייב סורטשע וויל ניט זיין ביי די קינדער.

— איר האָט געענטפערט, אָנקל?

— כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז איך האָב ניט גוט געטאָן. געדאַרפט

עפּעס שיקן. איך האָב פאַרגעסן אין בריוו און ניט געענטפערט. דאָן איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו פון מיין שוועסטער פייגע, איר מאַן בעריש איז געשטאָרבן. זי געפינט זיך ביי דער טאָכטער הינדע. אירע זין זיינען אויף גרויסע צרות. אפשר קאָן איך עפּעס טאָן פאַר זיי? האָב איך ווידער ניט געענטפערט. נאָר, מאָט, מען ווערט עלטער און עס ווערט קעלטער. און אַז עס ווערט קאַלט, וויל איך זיך אָנוואַרעמען. איז ליג איך אַזוי אויפן געלע־גער, עס שלאָפט זיך מער ניט און די גאַנצע געשיכטע פון דיין לעבן גייט דורך פאַר די אויגן, וואָס דו האַלטסט, דוכט זיך, פאַרמאַכט און עס איז פינצ־טער אין הויז, נאָר די גאַנצע געשיכטע פון דיין לעבן זעסטע ווי מואווינג פּיקטשעס אויפן לייוונט. עס האָט מיך געבאַדערט ביינאַכט און עס האָט מיך אָנגעהויבן באַדערן ביי טאָג. ווענען האָב איך? האָב איך זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַ בריוו צו מיין ברודער נחום און צו מיין שוועסטער פייגע. צו ביידן האָב איך געשריבן, אַז איך שיק זיי אַרויס צו 25 דאָלאַר. דאָס איז געווען פאַרן קראַך. מיט אַ חדשים צוויי פאַרן חורבן. איך האָב געשריבן צו זיי, אַז איך וועל זיי העלפן וויפל כ'וועל קאָנען. כ'האָב געבעטן אַז זיי זאָלן נעמען פּיקטשעס און מיר זיי צושיקן. און איך אַליין האָב געשיקט מיין פאַמיליע פּיקטשע סיי צו נחומען און סיי צו מיין שוועסטער פייגע. אַ פּיק־טשע, וואָס מיר האָבן גענומען, ווען עליסל האָט חתונה געהאַט. וועסטו עפּעס הערן באַלד. איך וויל אַריינגיין אין פּעניס צימער. דאָרט ליגן די בריוו וואָס איך האָב דערהאַלטן. איך וויל דו זאָלסט זיי זען. — ס'איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו פון מיין שוועגערין סורטשע. זי שרייבט, אַז מיין ברודער נחום איז געשטאָרבן מיט דריי יאָר צוריק. די 25 דאָלער וועט זיי אויסגעבן צו שטעלן אַ מצבה אויף זיין קבר, ווייל ער ליגט, נעבעך, אָן אַ שטיין. זי שרייבט, אַז זי נויטיקט זיך ניט אין קיין זאַך. כ'זאָל איר גאָרניט שיקן. אַלץ וואָס זי וויל איז, אַז כ'זאָל פאַר איר אויסגעפינען וועגן איר זון, וואָס איז געפאָרן קיין אַמעריקע און וואָס איז ווי אין וואַסער אַריין. דער צווייטער בריוו איז מיר אָנגעקומען פון פייגעס טאָכטער, הינדע. זי שרייבט, אַז די מאַמע איז איר אָפּגעשטאָרבן מיט אַ יאָר צוריק און אַז די 25 דאָלער, וואָס איך האָב געשיקט פאַר דעם מאַמען, האָט זי, הינדע, גענוצט צו היילן איר מיידעלע, וואָס האָט שוואַכע לונגען. הינדע האָט מיר געשיקט אַ בילד פון פייגען. איך האָב עס אין צווייטן צימער און איך וויל עס דיר ווייזן. סורטשע האָט מיר קיין בילד פון נחומען ניט געשיקט. איך זאָג דיר דעם אמת, אַז איך גיי אויס צו האָבן זיין בילד. פייגע האָט גרויס ענלעכקייט צו מיר און מיר דוכט זיך, אַז עליסל איז אַ ביסל ענלעך צו איר אויך. נו, מיין נעפיו, דאָס איז דער סוף פון מיין פאַרבענקען זיך נאָך מיין ברודער און שוועסטער.

ווי געפעלט עס דיר? איך האָב זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. איך האָב אַ פּאָר מאָל געוויינט, און איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבן ניט גע־האַלטן פון וויינען... עס טוט מיר באַנג, וואָס איך האָב זיך געהאַלטן פון ווייטן די אַלע יאָרן פון מיינע אייגענע. און ווען איך האָב זיך דערמאָנט אין זיי, איז שוין געווען צו־שפּעט. עס טוט מיר אויך באַנג, וואָס איך בין ניט אַהיים געפאָרן זיך זען מיט מיינע אייגענע. אַ לעבן לאַנג געטרוימט פון מאַכן אַ רייזע. נו, איצט איז שוין צו־שפּעט. פּעני דאַרף מיך. און איך אַליין פיל שוין די עלטער אין מיינע ביינער און דער דאָלער איז איסגערונען געוואָרן און קיין נחת פון די קינדער איז ניטאָ. ליגט דער קאָפּ מער ניט אויף פאָרן. מען איז צופרידן, אַז מען קאָן דעם קאָפּ אַוועקלייגן אויפן אייגענעם קישן ביינאַכט. איך זאָג דיר, מאָט, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט זאָלסטו אַהיים פאָרן זיך זען מיט דיינע שוועסטער און מיט די אָנקלס און טאַנטעס. מאַך ניט דעם פעלער, וואָס איך האָב געמאַכט. אייגן בלוט איז ניט קיין וואַסער. עס קומט אַ צייט ווען עס מאָנט. ווי זאָגט זיך דאָס אין די קליינע אותיות — דאָס בלוט פון דיין ברודער רופט דיך פון דער ערד אַרויס.

— אָנקל, וואָס מאַכט משהלע?

— פאַרוואָס פרעגסטו מיך ניט וואָס מאַכט עליסל? איך וויל ניט זי זאָל הערן. בייג זיך צו נעענטער צו מיר, וועל איך דיר זאָגן: קיין קינדער האָבן זיי ניט. דער מאַן איז אַן אויסוואורף. ווען ניט מיין איינפלוס מיט טע־מעני, וואָלט ער געווען אין טראָבל. וואָס וועט זיין דער סוף פון אים, ווייס איך ניט. איך ווייס בלויז, אַז ער ווייס אַז איך האָב פאַרשריבן 1 הויז אויף זייער ביידנס נאָמען. דאָס האַלט אים צו. עליסל איז אַ גוט קינד. זי גיט זיך אָפּ צו דער מאַמען וואָס בעסער קאָן מען ניט. נו, משהלע ווידער איז צן אַנדער מענטש אינגאַנצן. ער וואוינט שוין אין ניו־יאָרק. ער טאָר אין האַרלעם ניט ווייזן זיך. כ'האָב פאַר אים געפונען אַ דזשאָב אין אַ טעמעני אָפיס אין מאַנהעטן. ניט קיין סך געלט, נאָר ס'איז „פּול". ער וועט זיך אַרויפ־אַרבעטן. וואָלט אַלץ געווען גוט, ווען איך וואָלט געווען זיכער, אַז די געננ, צו וועלכער ער האָט אַמאָל באַלאַנגט, וועט אים לאָזן צורו. עס האָט מיר שוין אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן, אַז מען זאָל אים פאַרגעסן און פאַרגעבן. נאָר ביסט קיינמאָל ניט זיכער מיט די באָיעס. צו מיר קומט ער ניט, משהלע, מיר פאָרן צו אים. ער האָט צוויי קינדערלעך בריליאַנטן. נו, דאַרף פּעני זיין אַזוי ערנסט קראַנק און די צייט דאַרף זיין אַזאַ ביטערע.

עליסל איז אַריינגעקומען. זי איז געוואָרן ווינציקער צעגאָסן זינט מאָ־טעק האָט זי געהאָט געזען מיט אַ צוויי יאָר צוריק. אויף איר פּנים האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון ווייכקייט, צי פון טרויער, צי פון לייד.

— קאָזין מאָטי, פאַרוואָס האַלט איר זיך אַזוי פון ווייטן פון אונדז? איך וואָלט אייך וועלן איינלאַדן צו אונדז אין הויז אַריין. איך וויל זיך באַקאָנען מיט דיין פרוי און דיין ייִנגעלע . . . די מאַמע איז איינגעשלאָפן, פּאַ.

— עליסל, — האָט איבערגעריסן דער אָנקל קיווע, — ברענג מיר אַריין דעם גרויסן קאָנווערט, וואָס ליגט אין מיין שיפלאָד, אין מאַמעס צימער.

— דו מיינסט דעם קאָנווערט מיט די פּיקטשורס פון יוראָפּ?

— יאָ, יאָ, טאָכטער, דאָס מיין איך.

עליסל איז שטיל אַוועק און שטילער צוריקגעקומען. קיווע האָט מאָטעקן דערלאַנגט דאָס בילד פון פייגען. מאָטעק האָט זיך איינגעקוקט אינעם בילד און ביסלעכווייז געפונען די ענלעכקייט צו דער פייגען, וואָס ער האָט געקאָנט אַלס קינד. צו איר איז ער דאָך געגאַנגען מיט די שוועסטער שבת נאָכמיטאָג אויף שבת־אויבסט. פאַר זיינע אויגן זיינען דורכגעגאַנגען בילדער און בילדער פון לאָדזשער גאַסן, פון לאָדזשער הויפן, פון פעטער בערישעס הויף מיט דער זאָקן־פאַבריק; פעטער בעריש אַליין מיט דער ברייטער באָרד, זיינע פאַרשמאַיעטע קינדער, די פרומקייט פון הויז, די מומע פייגע, וואָס איז געקומען בעטן זיך צו זיין טאַטן אין הויז, צו איר ברודער, אַז מען זאָל אויף איר ניט זיין ברוגז. ביי איר מאַן אין דער שטרימפּן־פאַבריק האָט אויסגעבראָכן אַ סטרייק. האָט מאָטעק אויפגעהערט גיין אַהין און ער האָט אָרגאַניזירט אַ סטרייק צוזאַמען מיט די שוועסטער, אַ שבת־אויבסט סטרייק. איז געקומען די מומע פייגע און געוויינט, אַז עס איז ניט איר שולד, אַז דער מאַן אירער פירט אָן מיטן געשעפט און זי מישט זיך ניט. נאָר מאָטעק און זיינע שוועסטער זיינען מער אַהין ניט געגאַנגען און מאָטעקס פאָטער האָט געקוקט קרום אויף זיין שוועסטער צוליבן סטרייק.

דאָס בילד פון דער מומע פייגע האָט מאָטעקן דערמאָנט אין זיין פאָטער. ער האָט געקוקט אויפן אָנקל קיווע און געפרוווט געפינען ענלעכקייט און ערגעץ־וואו האָט אָנגעהויבן אַרויסשווימען די געשטאַלט פון פאָטער, און מאָטעק האָט געפרוווט געפינען אַן ענלעכקייט צווישן בילד, צווישן קיוועס פּנים און זיין פאָטערס געשטאַלט. ערגעץ־וואו האָט זיך באַוויזן די ענלעכקייט. אָנקל קיווע האָט געלייענט מאָטעקס געדאַנקען.

— מאָט, איך ווייס וואָס דו טראַכסט. דו ווילסט זען צי פייגע האָט אַן אָנבליק אויף מיר. לאָמיך טאַקע הערן דיין מיינונג. איך בין שטאַרק נייגעריק צו הערן צי איך בין געראָטן אין דיין גאָטזעליקן פאָטער אָדער אין מיין פאַרשטאָרבענער שוועסטער פייגע. וואָס זאָגסטו, מאָט?

— אָנקל, עס איז דאָ אַן ענלעכקייט צווישן אייך דריי. אַ שאָד וואָס מיין פאָטער האָט זיך ניט געלאָזט פאָטאָגראַפירן. איך בענק נאָך זיין בילד.

— מיין בילד האָסטו, מאַט? פאַרן אַוועקגיין וועל איך דיר געבן אונ־דזער פאַמיליע־בילד.

.2

קיווע האָט געהאַלטן זיין וואָרט. אין אַ צען טעג שפּעטער איז ער אַרויפגעקומען צו מאַטעקן אין הויז אַריין און אים אויסגעצאָלט זיין חוב. ער האָט אַרויסגענומען פון אַן אַנגעשוואָלענעם בייטל צעקנייטשטע פּאַפּיר־געלט — פון אַ הונדערט־דאָלערדיקן ביז איינציקע דאָלערס. ער האָט צוויי מאָל איבערגעציילט און דערלאַנגענדיק דאָס געלט מאַטעקן געזאָגט:

— מאַט, האָסטו אַ טויזנט מיט זעקס דאָלער. ווי איך האָב דיר פאַר־שפּראָכן. אָפּראַטעווען די הייזער האָסטו ניט געקאָנט, נאָר אַ הילף אַ גרויסע איז דאָס געווען פאַר מיר. איך שאַץ דאָס שטאַרק אָפּ. אַ פריינט, זאָגט מען, דערקענט מען אין נויט. דו ביסט אַן אמתער פריינט. זאָלסט ניט וויסן פון קיין געלט־טראָבל דיין גאַנץ לעבן.

מאַטעק האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען די זעקס דאָלער פּראָצענט און צווישן אים און קיווען איז אַנטשטאַנען אַ געראַנגל. מאַטעק האָט געוואונען. דער אָנקל האָט צוריק אַריינגעלייגט די זעקס איינציקע דאָלערס אין זיין בייטל.

ווידער האָט קיווע גערעדט וועגן פּעניס קראַנקהייט און מאַטעק האָט געפילט, אַז אַ פּחד באַוועלטיקט דעם אָנקל וועגן זיין אייגענעם צושטאַנד.

— מאַט, דער שונא אַטאַקירט מיך פון אַלע זייטן. די ערגסטע זאַך, וואָס עס איז ניטאָ דער כוח אים צו באַקעמפן. פאַרשטייסט, געווען צייטן ווען איך און ער זיינען געווען גלייכע פאַרמעסטן. האָב איך געוואונען. איצט האָט ער די אויבערהאַנט איבער מיר. פאַרליר איך. כ׳האָב צרות מיט אַן אויער, דער אינעווייניק ביי מיר אַרבעט שוין ניט רעגולער. ס׳איז דעפּרעשאַן אין דרויסן און אינסאַיד, פאַרשטייסט?

ס׳איז געקומען צו רייד וועגן פּאָליטיק, וועגן קיוועס איינפלוס אין טעמעני האָל. ער איז נאָך אַלץ געווען אַ מאַכער אין זיין דיסטריקט. ער האָט נאָך אַלץ געטאָן טובות צו מענטשן, כאָטש זיין סאַלון האָט ער שוין לאַנג געהאַט אויפגעגעבן און ער האָט זיך פאַרנומען מיט ריעל־עסטעיט, געקויפט און פאַרקויפט לאָטס, הייזער, קראָמען, גאַראַדזשעס.

— ווען דו וועסט ביי מיר זיין נעקסטן מאָל וועל איך דיר עפּעס געבן, מאַט, — האָט דער אָנקל פּלוצלינג זיך אָפּגערופן, — שטייט ביי מיר אַ ביכער־שאַפע מיט אַ סך ביכער. כ׳האָב מחזורים, חומשים, געבונדענע „צו־קונפטס״ און אַנדערע שמאָכטעס. ווי קומען זיי צו מיר? איך האָב קיינמאָל

ניט אויסגעגעבן קיין צעבראָכענעם פעניג אויף זיי. נאָר מיינע קאָסטעמערס און מיינע טענערס האָבן זיי מיר געגעבן. דער האָט געגעבן אַ מתנה, און ביי יענעם האָב איך עס צוגענומען. איך האָב געמיינט, אַז מיינע קינדער וועלן זיך מיט זיי אַמאָל באַנוצן, נאָר ס'איז אַ נעכטיקער טאָג. דו זעסט וואָס עס איז פון זיי געוואָרן. אַרויסוואַרפן די ביכער וויל איך ניט. עס איז אויס סטאַיל צו האָבן שאַפעס מיט ביכער. איז אויב דו ווילסט, קלייב זיך דיר אויס וואָס קאָן דיר צונוץ קומען און פאַרנוץ עס געזונטערהייט.

מאָטעק האָט צוגעזאָגט אַ קוק צו טאָן אויף דער ביכער־שאַפע.

ווען דער אָנקל האָט פאַרלאָזן, האָט מאָטעק אַרויסגענומען דאָס פאַמיליע־בילד, וואָס ער האָט אים געהאַט געגעבן, און ער האָט זיך גוט איינגעקוקט אין דעם. קיווע איז געזעסן מיטביידע הענט שטייף פאַרלייגט אויף די קני, דעם קאָפּ אָנגעצויגן ווי אַ סולטאַן. מאָטעק האָט זיך פאַרטראַכט קוקנדיק אויפן בילד און געוואָלט זען זיין פאָטער אין קיוועס געשטאַלט. ער האָט געפרואווט זיך דערמאָנען דעם טאַטנס קול און געפינען אַן אָפּקלאַנג אין קיוועס קול. עס האָט אָנגעהויבן פון ערגעץ־וואו אַרויסקומען אַן ענלעכקייט צווישן קיווען און זיין פאָטער. אויבנאויף זיינען זיי געווען שטאַרק פאַרשיידן. זיין פאָטער ליפּע אַזוי איידל און אַזוי אָפּגעהיט אין זיין ערלעכקייט און מיט אַזוי פיל דרך־ארץ פאַרן מענטשן בכלל. קיווע איז געווען דער קעגנזאַץ. פרעך, ציניש, וואָלפיש, גיריק. און דאָך האָט די ענלעכקייט זיך אָנגעהויבן מערקן. אין אַ פאָר טענער פון קיווען האָט ער דערקאָנט דעם פאָטערס קול. אַזוי פיל יאָרן פאַרביי, נאָר ער האָט געדענקט דעם פאָטערס קול. אין פיזישן אויסזען זיינען געווען בלויז קעגנזאַצן, נאָר וואָס מער ער האָט זיך איינגעקוקט אין אָנקלס בילד, אַלץ נעענטער איז געוואָרן די ענלעכקייט צווישן דעם קאָפּ־געבוי און צווישן די פינגער־שפּיצן. ביידע האָבן געהאַט גראָבע פינגער. מאָטעק האָט געירשנט דער מוטערס אויסגעצויגענע, דינע פינגער.

עס איז מאָטעקן איינגעפאַלן, אַז ער וואָלט באַדאַרפט שרייבן צו הינדען און בעטן ביי איר פייגעס בילד, ווי קיווע האָט עס געטאָן. טאַקע פאַרוואָס האָט ער זיך געהאַלטן נאָענט מיט דער מאַמעס משפחה און ווייט מיטן פאָטערס פאַמיליע, וואָס איז אים איז גייסטיק געווען נעענטער? ווער איז דען געבליבן פון פאָטערס צד? און וואָס איז געוואָרן מיטן פעטער נחומס זון, וואָס איז געפאָרן קיין אַמעריקע און מען ווייסט ניט וואו ער איז אַהינגעקומען? וועט ער אים נאָך אַמאָל באַגעגענען? ווי מאָדנע דאָס לעבן איז. ער ווייס אפילו ניט יענעמס ערשטן נאָמען.

און די געדאַנקען זיינע האָבן אים געפירט און דערפירט צוריק קיין לאָדזש צו זיינע שוועסטער. און מיטאַמאָל האָט אים אַרומגענומען אַ בענ־

קעניש נאָך זיי. דער אָנקל איז גערעכט. ער וואָלט באַדאַרפט מאַכן אַ רייזע קיין לאָדזש און זיך זען מיט זיי. ער וועט איבעררעדן מיט סאַלטשען. זי וועט זיכער ניט זיין קעגן. דער קריזיס וועט זיך דאָך אַמאָל ענדיקן. ער וועט אָנהויבן אָפּשפּאָרן, אָפּשפּאָרן פון קליידונג, פון מואוויס, פון מעבל, און אָוועקלייגן פאַר דעם צוועק.

ווען סאַלטשע איז אַהיים געקומען האָט ער מיט איר גערעדט דערוועגן. זי איז געווען איבערראַשט, נאָר צופרידן. זי האָט געזאָגט:

— מיר וועלן מיטנעמען שלומלען. זאָל זיך אונדז אויסווייזן, אַז דאָס איז אונדזער פּאַרשפּעקטיקטער האָני־מון. עס איז דאָך אין דער מאָדע. איך הייב אָן שפּאָרן פון מיינע פּערצן דאָלער, וואָס איך וועל די וואָך אַהיים ברענגען. איך לייג אַוועק פופציק סענט.

ביידע האָבן געלאַכט, נאָר עס איז געוואָרן אַ פריידיק געפיל ביי זיי, ווען מען האָט גערעדט וועגן דעם.

מאָטעק איז מערסטנס אַרומגעגאַנגען ליידיק, נאָר ער האָט נאָכגעפאָלגט די רייזע־אַנאָנסן און די נייעסן וועגן פוילן און איבערהויפּט וועגן לאָדזש.

ער האָט ליב באַקומען אָקעאַן־שיפן. איינמאָל האָט ער מיט סאַלטשען און שלומלען געמאַכט אַ רייזע אויף דער פערי, וואָס פאָרט קיין סטעטן איילאַנד און צוריק און הנאה געהאַט צו באַטראַכטן די שיפן וואָס זיינען געלעגן אַזוי מאַיעסטעטיש אויף די וואַסערן אין דער בוכטע פון ניו־יאָרק.

## קאַפּיטל דריי און דרייסיק

# פ ר י י נ ט ש אַ פ ט

### .1

ווען פאַניאַ האָט איר אָנגעזאָגט, אַז זי פאַרלאָזט ניו־יאָרק מיט סטענלין און זי פאָרט זיך באַזעצן אין מעין, האָט סאַלטשע, נאָכדעם ווי דער פּאַרדרוס איז איר אַריבער, געטראַכט און גערעדט מיט מאָטעקן, אַז מען דאַרף פאַר פאַניאַן און סטענלין מאַכן אַן אָפּשייד־פּאַרדי ביי זיך אין הויז. פאַניאַ האָט זיך געהאַט דערוואָרבן אַ סך פריינט אין דער באַוועגונג, שוין אָפּגערעדט פון אירע פיל אָנהענגער אַלס דאָקטאָר.

— דאַרפסט ניט טאָן קיין זאַך אָן פאַניאַס צושטימונג, — האָט מאָטעק

גערעדט, — אפשר וויל זי ניט, אַז מען זאָל וויסן אַז זי פאָרט אַוועק.

האָט סאַלטשע דערציילט פאַניאַן, וואָס זי פּלאַנט צו טאָן פאַר איר. פאַניאַ איז געווען גערירט און — שטאַרק געדאַנקט, נאָר זי האָט געבעטן סאַלטשען דאָס ניט צו טאָן.

— אויב דו ווילסט זיך געזעגענען מיט מיר און מיט סטענלין און אונדז ביידן איינלאַדן צו זיך אויף אַ גלעזל טיי, וועל איך דאָס שטאַרק אָפּשאַצן. וואָס איך טו, איז אַ פּריוואַטער ענין און איך גלויב ניט, אַז איך פאַרדין זיך אַ פּאַרטי.

ס׳איז געווען אמת. סאַלטשע איז געווען פון די געציילטע, וואָס האָבן געוואוסט וועגן פאַניאַס פאַרלאָזן. די מערסטע פאַציענטן האָבן ניט געוואוסט וועגן דעם און בלויז דער סעקרעטאַר פון קלוב און דער סעקרעטאַר פון פאַרטיידיקונג קאָמיטעט האָבן געוואוסט אַז זי פאַרלאָזט. סאַלטשע האָט עס ניט געקאָנט באַגרייפן. זי האָט אין פאַניאַס פאַרלאָזן ניט געקאָנט זען קיין סוד און קיין אורזאַך פאַר איבערגעטריבענער באַשיידנקייט. ס׳איז געווען אַ מענטשלעכע זאַך, אַז מען זאָל יאָ דערציילן און זיך געזעגענען מיט פריינט און באַקאַנטע. זי האָט פאַניאַן אָפּט ניט געקאָנט פאַרשטיין. און די הויפּט־זאַך — זי האָט געהאַלטן, אַז דער פשוטער פאָלקס־מענטש פילט זיך געטראָפן פון פאַניאַס האַנדלונג. עס איז דאָ סנאָביזם אין דעם, האָט זי געטראַכט. אָט איז געווען אַ גוטע טוערין צו וועלכער מען האָט אַרויפגעקוקט און אָט איז זי פאַרשוואונדן. וואָס איז? זי האָט פאַרלאָזן ניו־יאָרק און זיך באַזעצט אין אַן אַנדער שטאָט. איז דערפאַר דאַרף מען זיך ניט געזעגענען מיט באַקאַנטע און מיטאַרבעטער פון דער באַוועגונג?

אַן אָוונט פאַרן פאַרלאָזן ניו־יאָרק זיינען פאַניאַ און סטענלי געקומען צו סאַלטשען אויף אַ גלעזל טיי. פאַניאַ האָט מיטגעבראַכט אַ פיינע מתנה פאַרן צען־יאָריקן שלומען — אַ גאָלדענע פאַונטן פען. שלום איז געווען איבער־ראַשט און אַנטציקט.

— זאָלסט ניט פאַרגעסן מיר אַמאָל אָנצושרייבן אַ בריוול, — האָט פאַניאַ אים געזאָגט.

— וועגן וואָס זאָל איך שרייבן? וועגן דעמאָנסטראַציעס אויף יוניאָן סקווער, צי וועגן מיינע לימודים אין סקול? דאָס וועט דאָך אייך ניט אינ־טערעסירן. איך וועל אייך זאָגן, פאַניאַ, אויב איך וועל קראַנק ווערן, וועל איך ביי אייך אָנפרעגן וואָס צו טאָן.

סטענלי האָט געלאַכט צום שטאַרקסטן פון שלומס רייד. בכלל האָט סטענלי געהאַט אַ געזונטן געלעכטער און ער האָט אָנגעשטעקט די אַרומיקע מיט זיין שטימונג. שלום האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס סטענלי פאָרט מיט

פּאַניאַן קיין בענגאַר, מעין.

— סטענלי איז מיין מאַן, — האָט פּאַניאַ געזאָגט מיט אַ שמייכל.

— אייער מאַן? ווען האָט איר חתונה געהאַט? מיר ווייסן גאָרניט וועגן דעם, — האָט ער זיך געוואונדערט.

— יאָ, שלום, סטענלי און איך זיינען פאַרהייראַט און מיר וועלן זיך צוזאַמען איינאָרדענען אין בענגאָר. איך האָב איינגעלאַדן די מאַמע און דיך צו קומען צו אונדז זומער־צייט. דאָרט איז זייער קאַלט און קיל און מען ווייסט ניט פון די ניו־יאָרקער היצן.

שלום האָט זיך פאַרטראַכט און מער קיין פראַגעס ניט געשטעלט. דער שמועס איז אַריבער אויף עפּעס אַנדערש. מאָטעק האָט געפרעגט וועגן דער גרויס פון דער שטאָט, וועגן דער יידישער באַפעלקערונג אין בענגאָר, וועגן דער באַוועגונג. פּאַניאַ האָט ווינציק וואָס געוואוסט. אויך סטענלי האָט ניט געהאַט וואָס צו זאָגן וועגן זיין צוקונפטיקער אַרבעט.

— דער קריזיס האָט געטראָפן מעין, ווי ער האָט געטראָפן ניו־יאָרק. דאָרט זיינען פאַראַן אַרבעטלאָזע רייען און דאָרט פאַרקויפט מען עפּל אין גאַס, ווי אין מאַנהעטן. אונדזער באַוועגונג האָט זיך צופיל קאָנצענטרירט אויף ניו־יאָרק און אויף די גרויסע שטעט. איך בין זייער צופרידן וואָס איך פאָר אַוועק אַזוי ווייט און וועל טאָן אַרבעט צווישן היי־געבאָרענע.

פּאַניאַ איז געווען גוט אויפגעלייגט. סאַלטשע האָט זי באַאָבאַכטעט און איינגעזען אַז זי האָט זי ביז איצט ווינציק געקענט. ערשטנס, איז פּאַניאַ געווען אויסגעפּוצט. זי האָט געטראָגן העלערע קליידער, וואָס האָבן איר צוגעגעבן אַ מער יוגנטלעכן אויסזען. צום ערשטן מאָל האָט סאַלטשע זי געזען אין אַ כלהדיקן צושטאַנד. דאָס פּנים האָט כסדר געשמייכלט און אַ צופרידנקייט האָט אַראָפּגעשיינט פון די באַקן און אַ זיגערישקייט האָט אַרויסגעלויכטן פון אירע קלוגע אויגן.

— סאַלטשע, איך בין מיד פון ניו־יאָרק, — האָט פּאַניאַ געזאָגט נאָך אַלץ אין אַ שמייכלענדיקן טאָן, — איך האָב זיך אַלס קינד דערצויגן אויף דער נאַטור, ליב געהאַט צו רייסן ווילדע בלומען און זיך קאַטשען אויפן גראָז און זיך באָדן אין טייך. איך האָב ליב צו וואוינען אין אַ הויז וואָס איז אַרומגערינגלט מיטביימער און איך וויל האָבן אַ גערטנדל און אויפפּאַסן אויף די קוויטן. דאָס וועל איך קאָנען באַווייזן אין בענגאָר.

— און סטענלי? — האָט געפרעגט מאָטעק מיט אַ שמייכל.

— סטענלי און איך פאַרשטייען זיך זייער גוט, דוכט זיך מיר, אין אַלץ.

— איך פיל, אַז פּאַניאַ נעמט מיר אַרויס די ווערטער פון מויל. איך בין אינגאַנצן איינשטימיק מיט איר, איך שפּאַס ניט און זי פאַרשטייט מיך

אויסגעצייכנט, — האָט סטענלי געזאָגט.

סאַלטשע האָט געקוקט אויף פאַניאַן. פאַניאַ איז געווען פאַרליבט אין סטענלין. שטאַרק פאַרליבט. צום ערשטן מאָל האָט סאַלטשע אין פאַניאַן ניט געזען דעם דאָקטאָר, נאָר די פאַרליבטע פרוי. אַן אַנדער פאַניאַ איבֿ־גאַנצן. וואַרעם און גלוסטיק, אפילו קאָקעטיש. יעדער ריר אירער — צו געפעלן ווערן סטענלין.

און סטענלי? אַלץ אין אים האָט געאָטעמט מיט לעבנס־דערפאַרונג. ער איז ניט געווען פאַרליבט, נאָר ער איז געווען צופרידן און זיכער מיט זיך און זיכער מיט איר. זיין בליק האָט געזאָגט: „פאַניאַ און איך זיינען דער־פאַרענע מענטשן. זי איז קלוג און זי שאַצט זיך ניט איבער און זי שאַצט מיך ניט אונטער. מיר זיינען אַ פּאַסיק פּאָר“.

אויף מאָטעק האָט געהאַלטן אַן אויג אויפן פּאָרל. אים איז דער ענין געפעלן געוואָרן. פאַניאַ וועט מער ניט אַרומגיין אַן אויסגעבענקטע נאָך אַ מאַן, נאָך אַ געליבטן. נאָר צוליב וואָס דאַרף זי זיך באַזעצן אַזוי ווייט פון יידישן ישוב, ווייט פון איר אייגענער אַטמאָספערע, ער האָט דאָס ניט גע־קאָנט באַגרייפן. זי וועט עס באַדויערן. זי וועט צוריקקומען קיין ניו־יאָרק. איבערהויפּט אַ דאָקטאָר, וואָס איז פאַראינטערעסירט אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט בויטיקט זיך אין די מעגלעכקייטן וואָס ניו־יאָרק קאָן געבן.

— ניין, — האָט געענטפערט פאַניאַ, — ביכער און זשורנאַלן און די ראַדיאָ וועלן פאַרנעמען דאָס פּלאַץ פון ניו־יאָרק. פאַרקערט, דאָרט, אין בענגאָר, וועל איך געפינען גענוג צייט און רו זיך אָפּצוגעבן צו שטודירן. ניו־יאָרק שלינגט איין, דאָ ווערט מען אויס מענטש . . . און איך וויל ווערן אַ באַלעבאָסטע, סאַלטשע. איך וויל מיר איינאָרדענען אַ היים און קאָכן און באַקן און ראַמען.

ביים געזעגענען זיך האָט פאַניאַ זיך צעקושט מיט סאַלטשען און — פאַרוואָס זאָל איך מיך ניט צעקושן מיט מאָטעקן אויך, האַ? — און זי האָט אים אַרומגענומען און געקושט אים אויף די ליפּן. מאָטעק איז געווען איבער־ראַשט און ער האָט זיך מסתם פאַרשעמט. סטענלי האָט געלאַכט. ער האָט געדריקט סאַלטשעס און מאָטעקס האַנט און איינגעלאַדן זיי צו קומען אויף אַ באַזוך זומער־צייט.

— און איך זאָג דיר, אַז ערשט היינט האָב איך איינגעזען, אַז איך האָב פאַניאַן ניט פאַרשטאַנען די גאַנצע צייט און היינט האָב איך זי נאָך ווינ־ציקער פאַרשטאַנען, — האָט סאַלטשע פאַרטרויט מאָטעקן.

— וואָס איז דאָ צו פאַרשטיין, — האָט מאָטעק אַרגומענטירט, — פאַניאַ איז אַ פרוי פריער פון אַלץ, אַ געזונטע פרוי און אַ דאָקטאָר לויט איר פּראָ־

פעסיע. זי וועט זיין אַ גוטע באַלעבאָסטע. זי וועט נאָך האָבן קינדער און זי וועט פאַרגעסן אין דער באַוועגונג און ווערן אַ מיטגליד פון די סאָסייעטי קלובן אין איר שטאָט.

— ווי געפעלט דיר סטענלי, מאַטעק?

— סטענלי, זעסטו, איז פאַר מיר אַ שטיקל רעטעניש. ער איז אַנדערש פון בענען. מיר דוכט זיך אָבער, אַז בען איז אויפריכטיקער. איך וואָלט אים מער אָנגעטרויט ווי סטענלין, כאָטש איך הער, אַז סטענלי האָט אַ גרע־סערן געזעלשאַפטלעכן סטאַזש. ער דערזאָגט ניט צופיל, ער איז אַזוי זיכער מיט זיך, אַזוי קאַטעגאָריש. איך האָב ליב קאַטעגאָרישקייט אין אַ צייט פון געפאַר, אין אין ערנסטן מאָמענט, נאָר מען דאַרף אַמאָל אַרויס פון די כלים אויך. מען דאַרף קאָנען געבן אַ זעץ אין טיש מיטן פויסט, אַז בלוט זאָל שפריצן. דאָס וועט סטענלי קיינמאָל ניט טאָן.

— זעסט מאַטעק, איך וועל פרואוון אָנהאַלטן די פאַרבינדונגען מיט פאַניאַן, כאָטש ווי זי האָט זיך לעצטנס באַצויגן צו מיר, ווייס איך ניט צי זי וועט לאָזן הערן פון זיך. איך וואָלט גראָד שטאַרק געוואָלט צופאָרן צו איר זומער צייט און זען ווי זי האָט זיך געביטן. פאַר מיר איז דאָס אַ לעבנס־לעקציע. איך האָב געמיינט, אַז איך פאַרשטיי די מענטשלעכע נאַטור, נאָר איך האָב אויסגעפונען, אַז דעם פשוטן מענטשן פאַרשטיי איך זייער גוט, נאָר וואָס אינטעליגענטער דער מענטש איז, אַלץ קאָמפּליצירטער איז ער, אַלץ מער ווערט ער אַ ווידערשפּרוך צו זיך אַליין. ניט אַזוי?

— איך זע ניט קיין צו גרויסן ווידערשפּרוך אין פאַניאַן. בען איז אַן אומרו. סטענלי איז אַ סטאַטיק. סטענלי איז צוגעפּאַסט פאַר איר. זי איז צוגעפּאַסט פאַר סטענלין.

סאַלטשע האָט זיך געוואונדערט וואָס פאַניאַ האָט איר אויסגעפעלט. עס זיינען אַוועק אַ צוויי וואָכן און זי האָט נאָך פון איר ניט געהאַט געהערט. זי איז געווען צוגעוואוינט אַז די דאָקטאָרשע זאָל אַריינפאַלן צו איר אין קיך אומדערוואַרט און גוטשוועסטעריש זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן. איצט האָט זי סאַלטשען אויסגעפעלט.

.2

גאָלדע איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביי סאַלטשען. זי האָט געוואוסט, אַז מאַטעק אַרבעט ניט, אָדער אַרבעט זעלטן און אַז סאַלטשע איז געוואָרן די ברויט־געבערין, נאָר אויך סאַלטשע האָט ניט געאַרבעט יעדן טאָג און אין איר פרייער צייט איז גאָלדע געקומען אויף אַ באַזוך. די דעפּרעסיע האָט געלאָזט איר טיפן אָפּשטעמפּל אויף גאָלדעס נשמה. עס איז ניט געווען די

זעלבע גאָלדע, האָט סאַלטשע געזאָגט צו מאָטעקן.

שוין באַלד צוויי יאָר ווי מעקס האָט כמעט גאָרניט ניט פאַרדינט. זיין אויטאָמאָביל האָט ער מער ניט געהאַט. דעם טעלעפאָן האָט מען געהייסן אַרויסציען, דירה־געלט האָט מען ניט געצאָלט רעגעלמעסיק, געבליבן שול־דיק פאַר דריי און פיר חדשים. מעקס איז ניט געווען קיין פוילער. ער האָט דורך דער צייט פון זיין אַרומגיין פריי אויסגעפּראָוווט וואָס עס האָט זיך געמאַכט כדי צו פאַרדינען אויף ברויט פאַר זיך און דער פאַמיליע. ער האָט געוואַשן געשיר אין אַ ביליקן רעסטאָראַן. ער האָט זיך געמאָלדן צו שאַרן שניי פאַר דער שטאָט. ער האָט געפּרוווט אפילו פּעדלען פון טיר צו טיר אין נוואַרק. גאָלדע האָט געזען ווי געפאַלן מעקס איז געוואָרן ביי זיך.

זי האָט באַשלאָסן צו געפינען אַרבעט. זי איז אַוועק גאַנץ פרי און צו־ריקגעקומען שפּעט נאָכמיטאָג. אָן דערפאָלג. מען האָט איר אפילו ניט צו־געזאָגט אין ערגעץ. מען האָט איר אומעטום אָפּגעזאָגט. האָט זי געזוכט ניט ביי איר פאַך. געוואָלט זיין אַ פאַרקויפערין אין אַ קראָם, געוואָלט אפילו געבן לעקציעס אין פויליש, געפּרוואווט אַרומגיין מיט אַ שאַכטל זאָקן און אונטערוועש, געקלונגען די טיר־גלעקלעך אין אַ רייכערן טייל פון די בראָנקס. מען האָט איר געגעבן צו לייזן, אויס רחמנות, האָט זי געפילט. איז זי אַהיים געקומען און זיך צעוויינט, פאַר די קינדער אין די אויגן. האָט אסתרל מיטגעוויינט.

— פאַרוואָס וויינסטו, מאַמע? ווער האָט דיר שלעכטס געטאָן, מאַמע?

— איך האָב שווער געאַרבעט, קינד, און איך בין מיד, דערפאַר וויין איך. איך וועל זיך אָפּרוען, וועל איך לאַכן.

מעקס איז געווען נערוועז און ער האָט געפונען אויסריידן צו מאַכן סקאַנ־דאַלן אין הויז. גאָלדע האָט עס געפילט, נאָר אויך זי האָט פאַרמאָגט נערוון און ער האָט מיט איר ניט סימפּאַטיזירט. זי לאָזט איבער די קינדער גאַנצע טעג, זי פאַרנאַכלעסיקט דאָס הויז, זי פּרוווט פאַרדינען אַ פּאָר סענט. ער איז אין הויז גאַנצע טעג. ער העלפט איר ניט אַרויס. ער גייט אפילו ניט איינקויפן דאָס גרויטיקסטע. ער זיצט און הערט זיך איין צו דער ראַדיאָ. איר ליגט די ראַדיאָ ניט אין געדאַנק. זי טראַכט וועגן קליידער פאַר די קינדער. זי טראַכט וועגן אַ ווינטער־מאַנטל פאַר מעקסן. צוויי מאַנטלען זיינע האָט ער פאַרקויפט, אַ גוטן אָנצוג פאַרקויפט, זי האָט זיך געבעטן ביי אים, אַז וואָס־וואָס, קיין קליידער פאַרקויפט מען ניט, נאָר ער האָט זיך דאָן געהאַט געגויטיקט אין יעדן סענט, געמיינט אַז ער וועט זיך קאָנען ראַטעווען פון באַנקראָט. פון אַ הונדערט פּראָצענטיקן באַנקראָט. ווען ער האָט פאַר־לאָרן די סטאָקס אין פלאָרידאַ, דאַן איז ער געוואָרן אויס מענטש. וואָס עס

איז געקומען אונטער דער האַנט, האָט ער פֿאַרקויפֿט. זילבערוואַרג פֿון הויז, אַ גאָלדענעם זייגער, אַ גאָלדענע פֿאונטן פּען, אַלטע מטבעות וואָס זיין פֿאָטער האָט אים געגעבן. אַז ער האָט שוין געדאַרפֿט אָנקומען צו מאַטעקן נאָך געלט, איז געוועזן עק וועלט. און דאָ האָט זיך געשטעלט אַ ווינטער מיט פֿרעסט, אַז ער האָט פֿון הויז ניט געקאָנט אַרויסגיין אָן אַ מאַנטל. איז זי אַוועק צו סאַלטשען און געפֿרעגט וואו זי קאָן קריגן אַ ביליקן מאַנטל פֿאַר מעקסן, דערציילט איר ווי ער האָט פֿאַרקויפֿט זיינע צוויי גוטע מאַנטלען. סאַלטשע האָט געזאָגט, אַז זי קאָן קריגן אַ גוטן מאַנטל פֿאַר פֿופֿצן דאָלאַר, זייער אַ גוטן מאַנטל. איז די שמחה געווען גרויס. דער מאַנטל האָט מעקסן געפּאַסט און ער איז געווען כמעט אינגאַנצן ניי. אַ מעשה מיט איינעם וואָס איז אַוועקגעפֿאָרן קיין קאַליפֿאָרניע זיך באַזעצן און ער האָט ניט געוואָלט מיטנעמען אַזאַ שווערע משא, אַזוי האָט סאַלטשע דערציילט גאָלדען. זי האָט איר אָבער ניט דערציילט דעם אמת. דער אמת איז געווען, אַז דער מאַנטל האָט באַלאַנגט צו אַ באַקאַנטן אין איר קלוב, וואָס איז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק באַגאַנגען זעלבסטמאָרד און סאַלטשע האָט געדענקט, אַז יענער האָט געהאַט מעקסעס פֿיגור. איז זי אַוועק צו דער אלמנה און די אלמנה האָט איר אַוועקגעגעבן דעם מאַנטל פֿאַר 15 דאָלאַר. אַ זעכציק דאָלאַרדיקן מאַנטל. אים געטראָגן זייער ווינציק. אַ בוכהאַלטער געווען, גוט פֿאַרדינט אַמאָל און פֿאַרלאָרן די שטעלע און אַלע האָפֿענונגען זיינען אויסגערונען געוואָרן.

ס'איז ניט געווען מער די זעלבע גאָלדע. שטענדיק זיך געהאַלטן אין פּאַסאָן, האָט סאַלטשע וועגן איר געהאַט אַ מיינונג. איצט איז גאָלדע געוואָרן אַ נעבעכדיקע באַשעפֿעניש, וואָס ציטערט, אַז איר פֿאָטער זאָל ניט באַגיין זעלבסטמאָרד, אָדער ער זאָל אינגאַנצן פֿון זינען אַרונטער. ער רעדט צו זיך אַליין. ער וויינט פֿאַר דער טאָכטער. קומט אַרויף צו איר אין הויז אַריין, שפּילט זיך מיט די אייניקלעך, און מיטאַמאָל הייבט ער אָן כליפּען און קאָן זיך ניט קאָנטראָלירן.

— טאָכטערשי, וואָס וועט זיין דער סוף? ווי לאַנג וועל איך אַזוי אַרומגיין ליידיק און ניט זען קיין ברעג?

גאָלדע דערציילט סאַלטשען, אַז מעקס איז שרעקלעך נערוועז און ער פֿאַרגינט איר ניט איר גוט אויסזען. איר פּנים איז פֿריש. ניטאָ קיין קנייטשן, זי געפֿעלט נאָך מענער, זי איז נאָך אַ שיינע פֿרוי — געפֿעלט עס אים ניט. ער וואָלט וועלן, אַז זי זאָל אַרומגיין און ברעכן די הענט און האָבן איינגעפֿאַלענע באַקן, לעכער אין פּנים . . . וואָס וויל ער פֿון איר? טאָמער גיט זי אַמאָל אַ לאַך, ווערט ער אין כעס. איינמאָל האָט ער איר גאָר באַשולדיקט אַז זי — אַז זי האָט מסתם אַ געליבטן, ווייל זי איילט זיך אַוועק־

צוגיין אינדערפרי און קומט צוריק אָן אויסגעפּוצטע, אַ געשמינקטע און קיין סענט האָט זי דעם טאָג ניט פאַרדינט. וואו איז זי געווען דעם גאַנצן טאָג?

מער האָט זי שוין ניט געקאָנט אויסהאַלטן און אים געזאָגט וואָס עס איז אים געקומען. דאַן האָט ער דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און ער האָט צו איר גערעדט אין אַ פאַרשולדיקטן טאָן. זי האָט אים פאַרגעבן. זי ווייס, אַז ער איז נעבעך ניט שולדיק, נאָר ווי לאַנג קאָן מען אַזוי לעבן?

סאַלטשע האָט גערעדט מיט גאָלדען וועגן פּאָליטיק. זי מישט אויף די צייטונג און ווייזט איר ווער ס'איז שולדיק אין דער לאַגע און וואָס איר פּאַרטיי שלאָגט פאָר צוריקצובריינגען אַ נאָרמאַל לעבן. גאָלדע הערט זיך איין, זאָגט צו צו שטימען פאַר די קאַנדידאַטן פון סאַלטשעס פּאַרטיי ביי די קומענדיקע וואַלן, נאָר צו אַ דעמאָנסטראַציע צו פאָדערן הילף פאַר די אַר־בעטלאָזע, פאָדערן געזעצן וואָס זאָלן פאַרזיכערן, אַז מען זאָל ניט טאָרן אַרויסוואַרפן פון דער דירה, גיין צו אַ דעמאָנסטראַציע — דאָס וויל זי ניט, גאָלדע.

אַמאָל בלייבט גאָלדע איבער אַליין מיט מאַטעקן. סאַלטשע האָט גע־מוזט אַוועקגיין. מאַטעק איז געבליבן אין הויז. גאָלדע איז געקומען צו גאַסט.

— ניטאָ סאַלטשע? דו אַרבעטסט היינט ניט, מאַטעק?

— ווען אַרבעט איך דען יאָ? מעקס האָט עפּעס אָן אויסזיכט?

און אַז מען ווערט פאַרטיק מיט רעדן וועגן דזשאָבס און דער דעפּרע־סיע, ווערן די געמיטער לייכטער און מען דערלויבט זיך צו ווויצלען אויפן חשבון פון דער לאַגע און גאָלדע ווערט אויפגעלעבט און אירע אויגן, די העל גרינע, גיבן אַ פינקל אויף און עס דוכט זיך איר אויס, אַז באַלד וועט זיי גיין מיט מאַטעקן אין קלערמאָנט פּאַרק און מען וועט אַ שטיף טאָן.

און מאַטעקן נעמט דורך גאָלדעס קול, דאָס אייביק יונגע קול, וואָס האָט זיך ווינציק געביטן, זינט זי איז געווען אַ סטודענטקע אין אוניפאָרם אין לאָדזש. אים דוכט זיך אויס, אַז זי טראָגט נאָך דעם שווערן לאַנגן צאָפּ. ער גיט אַ קוק — דער צאָפּ איז ניטאָ מער, די האָר קורץ־געשאָרן.

— גאָלדע, וואו איז אַהינגעקומען דיין צאָפּ?

גאָלדע כאַפּט גלייך אויף דעם קאָמפּלימענט און ענטפערט:

— אויב דו ווילסט, מאַטוש, וועל איך מיר גלייך לאָזן וואַקסן אַ לאַנגן צאָפּ, אפילו צוויי צעפּ, אַבי עס זאָל דיר געפעלן ווערן.

— גאָלדע, מיר ווייזט אויס, אַז דיין אסתרל וועט זיין איר דיר געראָטן. זי ווערט אַ שיינע דאַמע, זי דערמאָנט מיך אין דיר, ווען דו ביסט געווען מיין טרוים אין לאָדזש. נאָר שלומלען קאָן איך ניט איבערצייגן, אַז אסתרל איז דאָס שענסטע מיידל אין ניו־יאָרק. ער זאָגט, אַז עס זיינען פאַראַנען

שענערע פון איר אויף זיין בלאַק און אין זיין קלאַס־צימער. אים געפעלסטו מער ווי דיין טאָכטער.

— איך האָב ליב גאָלדען, — זאָגט ער, — זי איז אַזוי ווי מיין מאַמע, נאָר אסתרל איז צו שטאָלץ ביי זיך, — זאָגט ער.

— ווען דו הערסט וואָס מיין אסתר האָט צו זאָגן וועגן דיין שלומלען, וואָלסטו זיך באַגראָבן פון בושה. זי זאָגט, אַז שלום איז אַן אַלט יידל, אַלץ וואָס עס פעלט אים, איז אַ בערדל. ער איז אַזוי ערנסט, — אַזוי ווי דו הערסט. ווי געפעלט דיר מיין טאָכטער?

גאָלדע האָט געטראָפן מאָטעקן אין פינטל אַריין. שלומס ערנסטקייט איז מאָטעקס פּראָבלעם. די קליינע אסתר האָט אים ריכטיק כאַראַקטערי־זירט. שלום זיצט גאַנצע טעג און אָוונטן איבער ביכער און טוט זעלטן אַ שמייכל. די דעפּרעסיע האָט אים אינגאַנצן דערשלאָגן. אָרעם קינד.

גאָלדע האָט ליב צו פאַרברענגען מיט מאָטעקן. זי ווערט צוריק יונג. זי קומט אַהיים אַ דערפרישטע.

.3

Tינט דער דעפּרעסיע זעען זיך שלומל און אסתרל אָפטער. זייערע עלטערן האָבן זיך דערנעענטערט זינט מען קומט איינע צו די אַנדערע אין הויז אַריין. אסתרל איז עטוואָס עלטער פון שלומלען, נאָר ער איז ערנסטער און האַלט זיך פאַר אַ דערוואַקסענעם. זי וויל זיך שפּילן מיט אים און ער קוקט דערויף פון אויבן אַראָפּ. אין וואָס וויל זיך אַ מיידל פון עלף יאָר שפּילן? זי וויל זען ווער עס וועט וועמען אָניאָגן; ווער עס קאָן לענגער שפּרינגען אויף איין פוס; ווער עס קאָן באַזיגן דעם אַנדערן אין אַ שניי־קוילן שלאַכט. שלומל האָט ניט ליב אָט־די שפּילן. ער וויל בעסער גיין אויף אַ געוועט ווער עס קאָן אויסלייגן די לענגסטע ווערטער; ווער עס קאָן מאַכן די שווערסטע „קראָס וואָירד פּאַזלס"; ווער עס קאָן לייזן מאַטעמאַטישע אויפגאַבן. איז צווישן זיי ניט קיין גוט לעבן ווען זיי קומען זיך צוזאַמען. די עלטערן האַלטן אַן אויג אויף זיי. גאָלדע איז שטאָלץ אויף איר טאָכטער, סאָלטשע איז ניט צופרידן פון שלומלען. זי וואָלט וועלן, אַז ער זאָל זיין אַזוי קינדיש און לייכטזיניק ווי אסתרל. גאָלדע זעט זיך אין אסתרלען, סאָלטשע זעט אין שלומלען דעם לאָדזשער חדר־ייִנגל. ער איז אפילו ניט אַזוי ווי מאָטעק איז געווען אַלס קינד. מאָטעק איז געווען מיליטאַנט, אַן אומרו. שלומל איז אַ קליינער פּראָפעסאָר. ער גריבלט זיך כסדר און ווערט ניט אויפגעברויזט אָדער באַגייסטערט פון קיין זאַך. טאָג און נאַכט איבער ביי־כער. יעדע געדרוקטע זאַך לאָקט אים: אַ צייטונג, אַ צירקולאַר, אפילו די

טעלעפאָן דירעקטאָרי. דער דרויסן איז זײַן שונא. טאַטע־מאַמע בעטן זיך ביי אים, אַז ער זאָל שפּילן באַל מיט די קינדער, אַז ער זאָל פאַרברענגען מיט אסתרלען, ווען זיי קומען צו איר, אין קראָטאָנאַ פּאַרק. ניין, שלומל כאַפּט זיך צו צו דער ביכער־שאַפע און מען קאָן אים פון איר ניט אָפּרייסן. ער טראָגט שוין ברילן און דאָס פאַרשטעלט די פולקייט און דעם גלאַנץ פון זיינע פּראַכטפולע גרויסע ברוינע אויגן. דערפאַר זיינען אסתרלס גרינלעכע אויגן אַזוי אָנזעעוודיק... זיי רעדן פאַר איר און די מאַמע ווייס זייער ווערט. אירע אויגן, זאָגט זי, זיינען אַן אוצר. אין זיי ליגן שטיפערלעך, קונצנמאַכערס, שדימלעך און חנען, וואָס וועלן איינעמען אַ וועלט.

די דעפּרעסיע האָט דעפּרעסירט דעם קליינעם שלומלען, די דעפּרעסיע האָט ניט געווירקט אויף אסתרלען, כאָטש זי זעט ווי אין איר הויז ווערט אָפּט אַ חורבן, ווי דער טאַטע גייט אַרום אַ פאַרזויערטער, ווי די מאַמע וויינט און איז פאַרזאָרגט, נאָר זי פאַרגעסט גלייך אין אַלץ, די מיגוט ווי זי פאַרלאָזט דאָס הויז און דערשמעקט די פרישע לופט פון דרויסן. זי האָט ליב ייִנגלעך און זי ווייסט, אַז ייִנגלעך לאָזן איבער אַנדערע מיידלעך צוליב איר. זי ווייס, אַז זי איז שיין און עס איז גוט צו זיין שיין און טראָגן נייע קליידלעך און בייטן אָפּט די שיך.

שלומל איז נאַכלעסיק אין זיין אָנטועכץ. די מאַמע האָט גענוג צרות פון אים און דער טאַטע קוקט אויך קרום אויף זיין נאַכלעסיקייט. דערפאַר אָבער איז שלום קלוג און זיינס אַ מיינונג דערקוויקט זייערע הערצער און זיי ווייסן, אַז דאָס איז וויכטיקער ווי אַ סך מעלות וועלכע אים פעלן.

ניט איינמאָל זיינען די קינדער די הויפּט־טעמע פון דעם שמועס צווישן ביידנס עלטערן. אפילו מעקס באַטייליקט זיך אין דער דיסקוסיע, נאָר איצט קוקט ער אַנדערש אויף דער צוקונפט פון זיינע קינדער. פאַר דעם קריזיס, ווען ער האָט געהאַט אַ סך געלט אין באַנק און אין סטאַקס, ווען ער האָט אויסגעשריבן גרויסע אינשורענס פּאָליסיס פאַר זיך און פאַר די קינדער, האָט ער געמיינט, אַז די קינדער זיינען אויסגעזאָרגט. זייער צוקונפט איז פאַרזיכערט. איצט איז אויס אַלץ. איצט זעט ער פאַר זיך בלויז אומזיכערקייט אין דער צוקונפט. אפילו ווען צייטן וועלן ווערן בעסער, גלויבט ער אויך ניט, אַז ער וועט זיך קאָנען צוריק אַרויפאַרבעטן. קיין געלט האָט ער ניט מער, בלויז אָן אַ שיעור חובות, וואָס האַלטן אין איין שטייגן, ווי אַ באַרג. אין פינף יאָר אַרום וועט אסתרל ווערן זעכצן יאָר אַלט. ער האָט געטרוימט פון שיקן איר אין אַ קאָלעדזש, וואו עס גייען פאַרמעגלעכע קינדער, אין אַ קאָלעדזש וואו עס קאָסט אַ סך געלט. איצט וועט ער זיין צופרידן, אויב זי וועט אינגיכן ניט דאַרפן גיין אַרבעטן.

— דיין שלומל וועט אויסוואַקסן אַ פּאָבליק סקול לערער, אָדער גאָר אַ פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק, — וויצלט זיך גאָלדע.

— און דיין אסתרל וועט זיין אַ גלאָריא סוואַנסאָן, — ענטפערט מאַטעק.

— אַלץ וואָס איך וויל איז, אַז זי זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו מענטשן און זיין זעלבשטענדיק, — זאָגט טרויעריק מעקס.

— ניט געזאָרגט, מעקס, עס וועלן באַלד אָנקומען גוטע צייטן און מיר וועלן נאָך האָבן פּראָספּעריטי, — לאַכט סאַלטשע.

— מעקס האַלט נאָך אַלץ ניט פון קיין פּאָליטיק, — מישט זיך אַריין מאַטעק און גיט צו — ביז דער אַמעריקאַנער וועט ניט אויפוואַכן וועט קיין פּראָספּעריטי ניט זיין. דערווייל שטייט ער אַ פאַרשלאָפענער און בעטלט מיט עפּל, דער פרייער, בראַווער, שטאָלצער אַמעריקאַנער, וואָס האָט גע־מיינט, אַז וואָל סטריט מיט אירע סטאַקס וועלן אים באַזאָרגן מיט אַ גרינגער פּרנסה.

— מאַטעק, ווען ניט דער קראַך, וואָלט וואָל סטריט גאָרניט געווען אַזוי שלעכט, — אַרגומענטירט מעקס.

אין דער היים וואונדערט זיך מאַטעק מיט סאַלטשען, וואָס מעקס איז נאָך אַלץ, אין קאָפּ, געבליבן דער זעלבער.

— ווי מאָדנע די מענטשלעכע נאַטור איז, — זאָגט מאַטעק.

— אַז שלומל און אסתרל קאָנען צווישן זיך ניט אויסקומען, וואָס ווילסטו פון דערוואָקסענע מענטשן? — לאַכט סאַלטשע.

קאַפּיטל פיר און דרייסיק

# דער פאַרגעסענער מענטש

1.

אין 1932 זיינען געווען וואָכן, ווען מאַטעק און סאַלטשע, ביידע אַרבעטסלאָז, זיינען אָבער געווען אַזוי פאַרנומען, אַז עס האָט זיך זיי אויס־געוויזן, אַז זיי אַרבעטן איבערצייט. אָנגעהויבן האָט זיך די „ביזי" נאָך אין חודש דעצעמבער, 1931. דאָס לאַנד האָט שוין דאַן געהאַט צוועלף מיליאָן אַרבעטלאָזע, וואָס דאָס האָט געמיינט — מיליאָנען און מיליאָנען הונגעריקע און האַלב־הונגעריקע מענער, פרויען און קינדער. מאַטעק האָט ניט גע־

הונגערט, נאָר פון צייט צו צייט האָט ער געמוזט אַרויסציען געלט פון באַנק און לעבן פון גרייטן. סאַלטשע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אָרעמקייט, האָט געוואוסט ווי אַזוי צו שפּאָרן. זי איז געוואָרן אַ ספּעציאַליסטקע אויף „אויסציען" שפּייז, אויף מאַכן פּאַטראַוועס פון איבערגעבליבענעם. פלייש האָט מען געגעסן איינמאָל אַ וואָך. עס איז מקוים געוואָרן מאָטעקס טעאָריע, אַז „פלייש עסן איז אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט", אַז דער מענטש פון דער צוקונפט וועט ניט עסן קיין פלייש, ניט קוילען קיין לעבעדיק באַשעפעניש כדי זיך צו דערנערן. אויך פיש האָט מען געגעסן איינמאָל אַ וואָך און אין די איבעריקע טעג האָט מען „אָנגעפילט די קישקע" מיט ברויט, מיט קאַרטאָפל, מיט מילכיקע זופן, מיט אַלץ וואָס מען האָט געקאָנט קריגן ביליק. סיי מאָטעק און סיי סאַלטשע האָבן יעדן טאָג אַראָפּגעשפּאַצירט אין די אָפענע מאַרקן פון דער איסט־סאַיד און איינגעקויפט זאַכן שפּאָט־ביליק.

פאַרנומען זיינען זיי געווען אין די אַרבעטלאָזע אָרגאַניזאַציעס, אין העלפן אַריינשטעלן מעבל פון אָרעמע איינוואוינער, וואָס מ'האָט אַרויסגעוואָרפן פאַר ניט קאָנען צאָלן דירה־געלט. פאַרנומען זיינען זיי געווען צו גיין אין דעלעגאַציעס צו פאַרשיידענע שטאַטישע אַנשטאַלטן לטובת שכנים, וואָס האָבן ממש געהונגערט. פאַרנומען זיינען זיי געווען מיט זוכן פאַר זיך אַרבעט. מאָטעק איז דאַן גרייט געווען צו טאָן שוואַרצע אַרבעט — ביים האָפן, אויספּאַקן פראָדוקטן פאַרטאָג, זיין אַ וועכטער ביינאַכט ביי ניט פאַרענדיקטע געביידעס. ניט איינמאָל איז ער אויפגעשטאַנען פיר פאַרטאָג האָבנדיק אַן אויסזיכט צו קריגן אַרבעט, נאָר ווען ער איז צוגעקומען צום אַרבעט־פּלאַץ, נאָך איידער עס האָט אָנגעהויבן ליכטיקן, האָט ער שוין דאָרט געהאַט געטראָפן הונדערטער מענטשן, היטנדיק די ריי, ווי זיי וואָלטן געדאַרפט באַשיצן זייערע לעבנס.

— ווי פרי איך זאָל ניט קומען, בין איך צו שפּעט, — האָט ער זיך באַקלאָגט פאַר סאַלטשען.

נאָר אַנטוישט זיינען זיי ביידע ניט געווען. מעקס און גאָלדע זיינען פאַר זיי געווען ביישפּילן ווי ניט צו ווערן צעקראָכן. אין ווערן אַקטיוו האָבן זיי געפונען אַ טרייסט און אַ האָפענונג אין זייער נויט. סאַלטשע איז אַהיים געקומען אַ שטראַלנדיקע, ווען עס איז איר געלונגען, זייענדיק אַ מיטגליד פון אַ דעלעגאַציע, אויסצופועלן ביי דער שטאָט־אַדמיניסטראַציע, אַז מען זאָל העכערן די וועכנטלעכע הילף צו אַ פאַרשמאַכטער פוילישער פאַמיליע, וואָס איז געווען הילפלאָז און האָפענונגסלאָז. מאָטעק איז אַהיים געקומען מיט ברענענדיקע אויגן, ווען ס'איז אים געלונגען צו קריגן אַ פּעקל שפּייז פאַר אַ יידישער פאַמיליע אין זיין געגנט. זיינע אייגענע צרות זיינען געוואָרן

מינדערוויכטיק, אין אָנגעזיכט פון דער נויט, וואָס האָט געשטיקט די אַרו־מיקע באַפעלקערונג.

דאָס וואָס גאָלדע און מעקס האָבן ניט געפילט, האָט זיי געמאַכט מי־זעראַבל. און ניט געפילט האָבן זיי, אַז זיי זיינען אַ טייל פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. זיי האָבן זיך נאָך אַלץ געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון כלל. זיי האָבן די דעפּרעסיע באַטראַכט פאַר זייער פּערזענלעכן אומגליק. אויב זיי וואָלט איצט גוט געגאַנגען, וואָלט זיי ניט געאַרט מסתם וואָס דאָס לאַנד האָט געהונגערט. זיי זיינען געווען קליינלעכע מענטשן, איינגעשרומפּן פון זייערע פּערזענלעכע ליידן.

אַנדערש איז דאָס געווען מיט מאַטעקן און סאַלטשען. זיי האָבן אויפ־געלעבט אין דער געזעלשאַפט פון מיטמענטשן. זייערע אייגענע צרות זיינען געווען אַ מינימאַלסטער טייל פון די צרות פון זייערע שכנים. דערפאַר זיינען די שכנים געקומען פריער. פרוי הענעסי, ניט געקוקט וואָס איר מאַן איז נאָך אַלץ געווען אַנטיסעמיטיש, האָט פּאַקטיש געהאַט צו פאַרדאַנקען איר טעגלעך ברויט צו סאַלטשען. וואָכנלאַנג איז קיין פּעני ניט אַריינגעקומען אין הענעסיס הויז. זייערע קינדער האָבן פּונקט אַזוי געליטן ווי זיי אַליין, נאָר די קינדער האָבן געהאַט קליינע קינדער און זיי האָבן וועגן אַלטן פאַר פּאַלק ניט געקאָנט טראַכטן.

— סאַלי, פריער גאָט און נאָכדעם איר. ווען ניט איר, וואָלט איך פון הונגער אויסגעגאַנגען מיט מיין אַלטן. זאָל זיין געבענטשט אייער זעל, וואָס איר טוט פאַר אונדז. און איך ווייס, אַז אייך אויך גייט ניט בעסער ווי אונדז, נאָר איר זייט נאָך יונגע מענטשן און איר קאָנט גיין און פאָדערן און העלפן אַזעלכע פאַרגעסענע מענטשן ווי מיר זיינען געוואָרן.

סאַלטשע האָט פאַר דער הענעסי זיך איינגעשטעלט אין דער רעליף־ביוראָ. איינמאָל האָט זי פּשוט מיט פולע אויגן טרערן אַפּעלירט פאַר אַ גרעסער שפּייז־פּעקל פאַר פרוי הענעסי און זי האָט אויסגעפירט. אין דעם איז געלעגן איר טרייסט און מאַטעקס האָפענונג. טאָן פאַר יענעם, שטיין אין קאָנטאַקט מיט מאַסן — פּאָליאַקן, אירלענדער, נעגערס; געוועזענע אינ־זשינערן, וואָס האָבן קיין היים ניט געהאַט און געשלאָפן אין פּאַרק אָדער אין די האָוערווילס, וואָס זיינען צונויפגעשלאָגן געוואָרן אויף ליידיקע לאָטס; געוועזענע אַנטי־אימיגראַנטן און מלחמה־לעגיאָנערן וואָס האָבן געקוקט קרום אויף יעדן איינעם וואָס האָט אַרויסגעזאָגט אַ קריטיש וואָרט וועגן דער רע־גירונג; געוועזענע אַריסטאָקראַטן פון אַרבעט — פון דער בוי־אינדוסטריע, פּאָרלייט און ווייסע־קאָלנער עלעמענטן — אַלע זיינען איצט געווען פּאַראיי־ניקט דורך הונגער און אַרבעטלאָזיקייט און פאַרצווייפל. מאַטעק און סאַלטשע

זייַנען געקומען צו זיי ווי טרייסטער, ווי אמתע פרייַנט, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו זייערע קריוודעס און וויי־געשריען און געטאָן אַלץ וואָס אַ ברודער און אַ שוועסטער וואָלטן געטאָן צו לינדערן זייער נויט. פאַרגעסן אין זיך אַליין, זיך געפרייט מיט קאָנען עפּעס דערגרייכן פאַר יענעם, אָפּגעזען פון יענעמס פּאָליטישער מיינונג, פון יענעמס גלויבן אָדער ראַסע. הונגער איז געווען דער אָרעם וואָס האָט צוגעצויגן צו זיך.

די ערשטע וואָך אין דעצעמבער, 1931, האָט זיך דער נאַציאָנאַלער הונגער־מאַרש אַ לאָז געטאָן אויף וואַשינגטאָן. פיר קאָלאָנעס פון פיר פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד, האָבן אויפן וועג צונויפגעזאַמלט דעלעגאַציעס, וואָס האָבן אין נאָמען פון די אַרבעטלאָזע פון זייערע ערטער געדאַרפט זיך ווענדן צו דער נאַציאָנאַלער רעגירונג אין וואַשינגטאָן, אַז עס זאָלן דורכגעפירט ווערן געזעצן פאַר אַרבעטלאָזיקייט פאַרזיכערונג און צו גאַראַנטירן פולע שכירות פאַר די וואָס ווערן אַרבעטלאָז און וואָס אַרבעטן טיילווייז. די הונגער מאַרשירער האָבן פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל די פאָנדן וואָס זייַנען באַשטימט געוואָרן פאַר מלחמה־צוועקן באַנוצן צו העלפן די אַרבעטלאָזע און די הונגעריקע.

סאַלטשע האָט פאַרטראָטן איר געגנט אין הונגער־מאַרש. פון זינט זי איז געווען אין אַמעריקע, האָט זי געטרוימט צו פאָרן זען וואַשינגטאָן. די הויפּט־שטאָט פון לאַנד איז ביי איר געווען אַ קאָנצענטרירט בילד פון דעמאָקראַטיע. זי האָט געטרוימט צו קאָנען זיך אַרומקוקן אין דער גאַלעריע פון סענאַט און זען ווי מען אַרבעט פאַר די אינטערעסן פון פאָלק. זי האָט געהאָפט צו באַזוכן דאָס ווייסע הויז און זיך פילן שטאָלץ ווי אַ בירגער פון פרייען לאַנד. ניט איינמאָל האָט זי פאַרזיכערט שלומלען, אַז זי וועט מיט אים מאַכן אַזאַ רייזע. מיט גרויס נייגעריקייט פלעגט זי לייענען די באַשרייבונגען פון די מאָנומענטן און פּאַראַדנע גאַסן פון וואַשינגטאָן.

איצט מאַרשירט זי מיט צאָרן קיין וואַשינגטאָן. זי איז איינע פון הונדערטער און הונדערטער הונגעריקע, פאַרביטערטע, אויפגעוואַכטע, אַמעריקאַנער, וואָס קומען פּראָטעסטירן קעגן דער נאַכלעסיקייט, קעגן דער קרימינעלער נאַכלעסיקייט פון אַ רעגירונג, וואָס האָט ניט אינזינען אירע בירגער, וואָס טראַכט ניט וועגן דעם וואוילזיין פון די קינדער, די צוקונפט פון לאַנד. זי קומט ניט זען וואַשינגטאָן, נאָר זי קומט פאָדערן אַ דין וחשבון פון די פירער פון לאַנד פאַר דערלאָזן אַז אַ פאָלק זאָל אַרומגיין פאַרשמאַכט אין רייכסטן לאַנד פון דער וועלט.

מ׳האָט זיך גערעכנט, אַז די דעלעגאַציעס וועלן ניט באַקומען קיין פריינטלעכע אויפנאַמע אין וואַשינגטאָן. די צייטונגען האָבן באַצייטנס געוואָרנט

קעגן די פּראָטעסטירער און מאָנער. מען האָט זיי גערופן „רויטע" און „טראָבל־מאַכער" און „באָמס" און „פרעמדע", נאָר סאַלטשע, וואָס האָט אומאויפהער געאַרבעט פאַר די צוגרייטונגען צום מאַרש, האָט געוואוסט דעם אמת, אַז די מאַרשירער זיינען געווען די אמתע אַמעריקאַנער. יעדער איינער אין איר קאָנטיגענט איז געווען פריער אַ פלייסיקער אַרבעטער, אַ פּראָדוצירער לטובת דעם עקאָנאָמישן וואוילזיין פון לאַנד. מען האָט פאַרלאָרן די דזשאַבס, מען האָט אויפגעגעסן די אָפּגעשפּאָרטע געלטער, מען האָט געהאַלטן אין אַרויסגעוואָרפן ווערן פון די דירות אָדער מען האָט שוין געוואוינט אין די הואווערווילס און אין פאַרלאָזטע קעלערס. ערגער האָט ניט געקאָנט זיין. מען איז ניט אַרויסגעגאַנגען גנבענען אָדער רויבן, מען האָט ווי געטרייע ברויט־פאַרזאָרגער געזוכט מיטלען ווי אַזוי נאָכאַמאָל זיך צו שטעלן אויף די פיס און קאָנען געווינען דעם רעספּעקט צו זיך אַליין און צום אַרום.

אָנטיילנעמען אין הונגער־מאַרש, האָט סאַלטשע באַטראַכט פאַר איר פּאַטריאָטישער פליכט. די רעגירונג דאַרף אויפנעמען אָט־דעם געמיינזאַמען אויסדרוק פון גאַנצן פאָלק, אים אויסהערן מיט דער פולסטער סימפּאַטיע און זיין צופרידן וואָס מען האָט אינזינען דעם וואוילזיין פון דער באַפעלקערונג, אָט אַזוי ווי עס איז די פליכט פון בירגער צו העלפן דער רעגירונג אין צייט פון אַ פאַרפלייצונג, צי פון אַ גרויסן פייער, צי פון אַן אַריינדרינגער אין לאַנד. אַ סוף מוז נעמען צום עפּל־פאַרקויף! אַ סוף מוז נעמען צו דער זעלבסטמאָרד־עפּידעמיע! אַ סוף מוז נעמען צו קינדער־בעטלעריי! — האָט סאַלטשע אַליין צוגעטראַכט לאָזונגען.

ניט אַזאַ אַמעריקע האָט זי געטרוימט צו זען, סאַלטשע. איר פּאַרטנערקע אין וועג איז געווען דזשעין, אַן אייריש מיידל מיט שוואַרצע האָר און גרין־קעצישע אויגן. דזשעין האָט געזאָגט, אַז זי איז פיר און צוואַנציק יאָר אַלט און אַז זי האָט געאַרבעט אַמאָל אין אַ פאַבריק פון פּאַפּיר־שאַכטלען. זי האָט אָנטיילגענומען אין אַ סטרייק און דאַן איז זי געוואָרן טעטיק אין דער אַרבעטער באַוועגונג. שוין איבער אַ יאָר ווי זי אַרבעט ניט. די איינציקע גאַנגבאַרע פּראָפעסיע וואָס ווייסט ניט פון קיין אַרבעטלאָזיקייט, האָט זי געזאָגט, איז פּראָסטיטוציע. זי האָט געזען ווי אירע אַ מיטאַרבעטערין פון דער זעלבער פאַבריק איז געוואָרן אַ גאַסן־מיידל אויף דער פערצנטער גאַס און ניט געקוקט אויף דער אַרבעטלאָזיקייט און אויף דער אָרעמער טעריטאָריע, וואו זי אָפּעריערט, פאַרדינט זי דאָך אין אַ וואָך מער ווי זי פלעגט פאַרדינען אין פאַבריק אין אַ חודש צייט. יענע מיידל איז געווען אַ צוואַנציק יאָר אַלט. זי האָט געהייסן איירין. און דזשעין האָט דערציילט סאַלטשען, אַז

יעגע איז אַ לייכטזיניק מיידל, וואָס פלעגט גיין אין קירך, נאָר מיטאַמאָל האָט זי אַוועקגעוואָרפן יעדע מאָראַל און יעדן דרך־ארץ פאַר דער וועלט און פאַר זיך אַליין.

אויסער דזשעין איז סאַלטשעס מיטגייערקע געווען אַ פינלענדיש מיידל ראָוז. אי סאַלטשע, אי דזשעין זיינען באַלד באַאיינפלוסט און באַווירקט געוואָרן פון ראָוזן, וואָס איז געווען יינגער פון זייביידן. זי איז אַלט געווען צוויי און צוואַנציק יאָר, נאָר זי האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ וועלט מיט ענערגיע.

סאַלטשע און דזשעין זיינען געוואָרן גיך באַפריינדעט. ראָוז איז געווען האַרטער פון זיי, מענערישער און אומאָפּהענגיקער. עס איז גיך קלאָר געוואָרן, אַז זי איז די פירערקע פון דער ריי. איר וואָרט איז געוואָרן געזעץ. זי האָט זיך ניט באַראַטן, נאָר געהייסן טאָן זאַכן. און מען האָט געפאָלגט, מען האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז ראָוז נוצט דעם שכל הישר, אַז זי איז געבאָרן געוואָרן צו זיין אַ פירערין. זי האָט ניט געוואוסט פון קיין שוועריקייטן אָדער מורא.

עס איז אויסגעקומען דורכצוגיין אַ שטעטל אין ניו־דזשוירזי. דער עולם איז געווען אויסגעמאַטערט. מען האָט געמיינט, אַז מען וועט ניט באַגעגענען קיין שטערונג, נאָר באַלד האָט זיך באַוויזן אַ שטאָט־באַאַמטער מיט אַ בעדזש און מיט אַ רעוואָלווער אין דער לעדערנער שייד. ער האָט געזאָגט, אַז מען טאָר זיך ניט אָפּשטעלן אויף זיין טעריטאָריע.

— מיר ווילן ניט קיין פאַרדאַמטע קאָמוניסטן אין אונדזער פּלאַץ, — האָט ער אַרויסגעברומט.

ראָוז איז אַרויס פון דער ריי און צוגעגאַנגען צו אים און אויסגערופן:

— הער זיך איין, טשיף, מיר זיינען דורכגעגאַנגען עטלעכע שטעטלעך אין ניו־דזשוירזי און אומעטום איז מען געווען גאַסט־פריינטלעך צו אונדז. מיר זיינען אויפן וועג קיין וואַשינגטאָן צו פאָדערן, אַז מען זאָל עפּעס טאָן פאַר די אַרבעטלאָזע. איך שטעל זיך פאָר, אַז אויך אין אייער שטעטל זיינען פאַראַן נויטבאַדערפטיקע. מיר האָבן זיי אויך אין זינען. מיר ווערלן זיך אָפּרוען און ווייטער ציען. וואָס האָט איר אויסצוזעצן קעגן דעם?

— מיידעלע, — האָט ער אָנגעהויבן ווייכער אַביסל, — וואָס דו זאָגסט איז אָלראַיט. איך וויל ניט קיין טראָבל, דאָס אַלץ. אויב איר וועט דאָ זיין אַ קורצע צייט, האָב איך גאָרניט אויסצוזעצן, נאָר — ניט קיין ספּיטשעס און ניט קיין געזאַנג.

דע עולם האָט זיך אויסגעזעצט אין פּאַרקל, אויף די קאַלטע בענק. דער טאָג איז געווען אַ זוניקער. קיין שניי האָט מען נישט אָנגעזען די לעצטע פּאָר טעג. דער טשיף האָט געקייט זיין טאַבאַק און זיך אַרומגעדרייט אַן

אומרואיקער, אַ בורטשענדיקער. באַלד אָבער האָט עמיצער פֿאַרצויגן אַ לידל און דער גאַנצער עולם האָט אַ זינג געטאָן: „סאָלידאַריטי פֿאָרעווער”. דער טשיף האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, נאָר דאָס געזאַנג האָט אים דורכגענומען און ער האָט אַ מאַך געטאָן, אַ שמייכלענדיקער, מיט דער האַנט און זיך אָפּגערוקט פֿון דער גרופּע. מער האָט מען אים ניט געזען.

אַ פּאָר פֿרויען זיינען אין וועג געפֿאַלן אין חלשות. ראָוז איז געווען פֿאַרנומען מיט זיי. ווי אַ דערפֿאַרענע מאַמע פֿון אַ סך קינדער האָט זי אויפֿגעפּאַסט אויף די פֿרויען אין דער גרופּע און אַלץ מיט אַ שמייכל און אָן איבעריקע רייד. ניט איין מאָל האָט איר געגעבן אַ קאָמפּלימענט פֿאַר איר אויסזען, די זאַמדיקע האָר, איר יוגנט, איר מוטיקייט, נאָר זי האָט געהאַט איין ענטפֿער: אין ברוקלין וואַרט אויף מיר אַ בחור, וואָס איז מיין חתן און ער איז שענער און העכער פֿון אייך.

פֿאַרטאָג איז די ניו־יאָרקער גרופּע אָנגעקומען קיין וואַשינגטאָן. סאָל־טשע איז געווען מיד, שלעפֿעריק, נאָר זי האָט געפֿיבערט פֿון נייגיר און דער־וואַרטונג. זי האָט זיך דערפֿילט ווי אַ טייל פֿון דער אַמעריקאַנער באַפֿעל־קערונג, אַ טייל פֿון אַ ריזיקער האַרמאָנישער משפּחה, וואָס האָט אינזינען איינער דעם אַנדערן. דער געדאַנק, אַז זי געפֿינט זיך אין וואַשינגטאָן האָט זי אָנגעפֿילט מיט אַ יראת הכבוד, מיט באַוואונדערונג פֿאַר דער שיינקייט פֿון דער שטאָט און פֿאַר דעם וואָס די שטאָט שטעלט מיט זיך פֿאָר אין לעבן פֿון יעדן אַמעריקאַנער. דאָ זיצן די פֿאַרטרעטער פֿון גאַנצן פֿאָלק. אַהער קומט מען אין די אינטערעסן פֿון גאַנצן פֿאָלק. וואַשינגטאָן איז דאָס גרויסע האַרץ, די ברייטהאַרציקע נשמה פֿון אַמעריקאַנער פֿאָלק. זי האָט אויף אַ מאָמענט פֿאַרגעסן, אַז זי איז געקומען אַהער אין אַ קריגערישער שטי־מונג, מיט אַ קריגערישער מיסיע. עס האָט זיך איר געוואָלט אַקעגנטראָגן אַ שמייכל פֿון אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט צו יעדן איינעם, וואָס זי האָט באַגעגנט אין גאַס.

נאָר באַלד האָט איר באַגייסטערונג און פֿאַרערונג באַקומען אַ צוריק־שטויס, ווי ווען זי וואָלט אויפֿגענומען אַ גוטן פֿריינט מיט אָפֿענע אָרעמס און דער פֿריינט וואָלט איר אַ זעץ געטאָן רציחהדיק אין סאַמע פּנים. צוקו־מענדיק צום קעפּיטאָל מיט אַ געפֿיל פֿון דערוואַרטונג און באַוואונדערונג האָט זי מיטאַמאָל דערזען ווי אויפֿן דאַך און אויף דער באַלוסטראַדע פֿון דער פֿאָלקס־געביידע זיינען געשטאַנען מאַשין־ביקסן מיט די אָפֿענע רונדע מיי־לער גלייך געווענדט קעגן די מאַרשירער. זי האָט דערזען מיליטער און פּאָליציאַנטן פֿון אַלע זייטן, וואָס האָבן זיך געגרייט ווי אין אַטאַקע. קעגן

ווּעמען? האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסן אַן אויסגעשריי און דזשעין האָט דאָס געהערט און זי אַנגענומען ביים אָרעם. קעגן ווּעמען? קעגן די אָפּגע־ריסענע, אָפּגעשליסענע הונגער־מאַרשירער, ווּעמענס איינציקער וואָפן איז געווען אַ פּעטיציע צום פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און פּעטי־ציעס צו די קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרן פון די בירגער פון זייערע געגנטן, אַז מען זאָל עפּעס טאָן פאַר די הונגעריקע און אַרבעטלאָזע. קעגן אָט־די פרידלעכע, אויסגעמוטשעטע, פּאַטריאָטישע בירגער האָט מען אַוועקגעשטעלט מאַשין־ביקסן און מען איז גרייט זיי צו דערמאָרדן אין קאַלטן בלוט? קעגן מיר, וואָס איך טו מיין חלק, אַז אַמעריקע זאָל זיך צוריקשטעלן אויף די פיס, קעגן מיר האָט מען אַוועקגעשטעלט אַזוי פיל בלוט־דורשטיקע מיליציאַנטן?

פּאָלטשע, דזשעין און ראָוז זיינען געווען צווישן די וואָס האָבן זיך גע־דאַרפט זען מיט די ניו־יאָרקער קאָנגרעסלייט. מען האָט זיי אָבער ניט אַריינ־געלאָזט אין די קאָנגרעס־זאַלן. מען האָט קיינעם פון די מאַרשירער ניט צו־געלאָזט אפילו צו די ברייטע טרעפּ פון קעפּיטאָל. אויב איר ווילט איבער־געבן פּעטיציעס, גיט זיי איבער צו דער פּאָליציי, האָט מען זיי אָנפירער דערקלערט.

— ניין, מיר זיינען ניט געקומען זיך זען מיט דער וואַשינגטאָנער פּאָ־ליציי. מיר זיינען געקומען פון גאַנצן לאַנד, אין נאָמען פון 12 מיליאָן אַר־בעטלאָזע, זיך צו זען מיט די אויסדערוויילטע צום קאָנגרעס און סענאַט. צו זיי האָבן מיר פּעטיציעס, מיט זיי ווילן מיר רעדן. דאָס איז די עלעמענ־טאַרסטע רעכט פון יעדן אַמעריקאַנער. דאָס לערנט מען די קינדער אין די סקולס, דאָס איז דער אלף־בית פון אונדזער דעמאָקראַטיע.

— אַזוי? דעמאָקראַטיע? מיר וועלן אייך ווייזן דעמאָקראַטיע, איר באָמס, טראָבל־מאַכער!... טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען און מאַכט עס שנעל, אַניט . . .

פּאָליציי, אין די הונדערטער, האָט גענומען שטופּן, שטויסן, שטורכען די אָנפירער פון די מאַרשירער. עס האָט זיך דער ציטערדיקער פון צאָרן פּאָלטשען אויסגעוויזן, אַז באַלד וועט ווערן אַ בלוט־באָד, און די מאַרשי־רער ווערן בכיון פּראָוואָצירט צוליב דער באַליידיקונג אויף זיי, צו ווערן אויפגערעגט. די פּאָליציי און איר פירערשאַפט האָט געזען, אַז זי האָט צו טאָן מיט אויפגערעגטע, אויסגעדאַרטע, פאַרשמאַכטע פרידלעכע מענער און פרויען, וואָס זיינען געקומען פאַרשלאָגן מיטלען, אויסדריקן זייערע געפילן און וואָס שטייען קוים אויף די פיס פון מידקייט.

די פירער פון די מאַרשירער האָבן אַפּעלירט צו לאָגיק, צו די רעכט פון יעדן אַמעריקאַנער, וואָס איז אים גאַראַנטירט פון דער קאָנסטיטוציע,

צו קאָנען פאַרברענגען זייערע טענות און מענות פאַר די אויסדערוויילטע פון פאָלק. איז דאָס ניט אַ רעגירונג פון פאָלק און פאַרן פאָלק?

— רירט זיך, האָט מען אייך געזאָגט, אָדער איר וועט אַרעסטירט ווערן פאַר אַנטקעגנשטעלן זיך קעגן פּאָליציי־באַאַמטע, קעגן „לאָו ענד אָרדער“...

די הויפּט־אָנפירער פון מאַרש האָבן נאָך געפּרואווט רעדן, אַרגומענ־טירן מיט די אויסגעפּאַשעטע, רויט־קאַרקיגע פּאָליציאַנטן, נאָר מען האָט זיך צו זייערע רייד ניט צוגעהערט; מען האָט זיי געהאַלטן אין איין שטויסן און דאָ און דאָרט האָט מען אָנגעהויבן זעצן מיט די קלאָבס איבער די רוקנס און פּיס פון די מאַרשירער.

שפּעטער האָט די שטאָט געשפּייזט אַ פּאָר הונדערט מאַרשירער.

די פופצן הונדערט מאַרשירער־דעלעגאַטן פון גאַנצן לאַנד האָבן געענט־פערט מיט געזאַנג, מיט לאָזונגען, מיט אַ ריזיקן כאָר פון פּראָטעסט־אויס־דרוקן קעגן דער ברוטאַלער באַהאַנדלונג פון דער פּאָליציי און פון דער נאַ־ציאָנאַלער אַדמיניסטראַציע.

אין אָווגוסט האָבן זיך די דעלעגאַטן פאַרזאַמלט אין וואַשינגטאָן אוידי־טאָריום און אַ באַגייסטערונג האָט געהערשט אין זאַל און די מידקייט און פאַרביטערונג איז פאַרשוואונדן און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע אין די אינטערעסן פון די אַרבעטלאָזע און הונגעריקע.

2.

סאַלטשע, דזשעין און ראָוז האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן צו־זאַמען. מען איז אַהיים געפאָרן מיטן באָס. ראָוז האָט געוואוינט מיט אירע עלטערן אין דער באָראָ פּאַרק געגנט פון ברוקלין. זי האָט געהאַט געאַר־בעט אַמאָל אין אַ שלעסער־פאַבריק, נאָר זי איז געווען אַרבעטלאָז אַ לאַנגע צייט און איר גאַנצע משפחה האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף לטובת די ליידנדיקע. איר פאָטער, מוטער, ברידער און זי אַליין האָבן באַלאַנגט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און זייער וועג איז געווען אַ קלאָרער. סאַלטשע האָט ביידע מיידלעך איינגעלאַדן צו זיך אַהיים, נאָר ראָוז האָט זיך געאיילט צו זיין צוריק אין ברוקלין. דזשעין איז אַהיים געקומען צו סאַלטשען און ביידע האָבן באַקומען אַ פריינטלעכע אויפנאַמע פון מאָטעקן און שלומען. אויך איז פרוי הענעסי באַלד אַריינגעקומען און דערזעענדיק אַן אייריש מיידל, האָט זי זיך מיט דזשעינען גלייך באַפריינדעט. און עס איז געוואָרן פריילעך אין הויז. דזשעין האָט איבערגענעכטיקט ביי פרוי הענעסי אין שטוב, דער־פאַר וואָס מר. הענעסי איז געלעגן אין שפּיטאָל אויף אָבסערוואַציע. אין דער

פרי איז דזשעין אַריינגעקומען מיט מרס. הענעסי צו סאַלטשען און אַלע האָבן ביי איר געגעסן פרישטיק. דזשעין האָט זיך געזעגנט און צוגעזאָגט סאַלטשען און מרס. הענעסי, אַז איינמאָל אַ וואָך וועט זי זיי קומען באַזוכן.

בעת דזשעין האָט געגעסן וועטשערע ביי סאַלטשען, נאָך זייער אָנקו־מען פון וואַשינגטאָן, האָט סאַלטשע, אין איר אָנוועזנקייט, דערציילט מאַ־טעקן וועגן דזשעיניס באַקאַנטער פון שאַפּ, וואָס איז געוואָרן אַ גאַסן־מיידל אויף דער פערצנטער סטריט. מאַטעק האָט פאָרגעשלאָגן אַז דזשעין זאָל פּרואוון אַריינברענגען דאָס מיידל צו זיי אין הויז פאַר אַ מאַלצייט. עס זאָל הייסן, אַז זי איז דזשעינס אַ חברטע פון שאַפּ, אַן אַרבעטלאָזע. דזשעין האָט צוגעזאָגט דאָס ניט צו פאַרנאַכלעסיקן. פאַרן פאַרלאָזן האָט סאַלטשע גע־געבן דזשעינען אַ פּאָר זאָקן און אַ סליפּ. דזשעין איז אַוועק אַ צופרידענע.

סאַלטשע האָט וואַכנלאַנג ניט אויפגעהערט רעדן און דערציילן וועגן הונגער־מאַרש. פאַר שלומען איז דאָס געווען אַ פאַנטאַסטישע געשיכטע פון ערגעץ אַ ווייט, ווייט לאַנד. ער האָט פון דער ביבליאָטעק אַהיים געבראַכט אַ בוך וועגן דער שטאָט וואַשינגטאָן מיט אַ מאַפּע און די מאַמע האָט אים איינמאָל און נאָכאַמאָל אויסגעמאָלן דעם מאַרשרוט.

דזשעין האָט געהאַלטן וואָרט און זי איז געקומען צו סאַלטשען און צו מרס. הענעסי. געקומען ווי צו גוטע פריינט. דערציילט וועגן בחור מיט וועלכן זי גייט אַרום. אַז חתונה האָבן קאָנען זיי ניט. ניט ער אַרבעט, ניט ער האָט אָפּגעשפּאָרט געלט, ניט מען קאָן טראַכטן וועגן אַ וואוינונג. דער בחור וויל זיך פאַרדינגען צו אַרבעטן אויף אַ פראַכט־שיף. זי לאָזט אים ניט. זי וויל אים האָבן לעבן זיך.

ענדלעך האָט דזשעין צופעליקערווייז געבראַכט מיט זיך איר געוועזענע שאַפּ־חברטע, דאָס מיידל וואָס איז געוואָרן אַ פראָסטיטוטקע. סאַלטשע, מאַטען און שלום זיינען דאַן געווען אין הויז. עס איז געווען פאַרנאַכט.

— סאַלי, איך וויל דיר פאָרשטעלן פאַר מיין פריינט איירין. זי האָט מיט מיר אַמאָל געאַרבעט אין איין שאַפּ. איצט איז זי אַרבעטלאָז . . . איירין, באַקאָן זיך מיט סאַליס מאַן, מאַט און מיט זייער זון.

— עס איז אַ פאַרגעניגן צו קענען אייך, — האָט איירין געענטפערט אין אַביסל הייזעריקלעכן טאָן.

סאַלטשע האָט אַלעמען איינגעלאַדן צום טיש. זי איז געווען פאָרזיכטיק ניט צו ווייזן, אַז זי ווייס ווער איירין איז. דאָס מיידל איז געווען ביליק געקליידעט און ביליק פאַרפומירט. זי איז געווען קלענער אין וואוקס פון סאַלטשען און דזשעינען. זי איז געווען בלאָנד און סאַלטשען האָט זיך אויס־געוויזן, אַז זי איז אַן אוקראַאינערין אָדער אַ פּוילישע. זי האָט עס געפּרואווט

טרעפֿן לויט איר אַקצענט. איירין איז פֿאַראינטערעסירט געוואָרן אין שלומען און זי האָט מיט אים גערעדט מער ווי מיט סאַלטשען און מאָטעקן.

נאָר באַלד האָט מאָטעק געפֿונען די געלעגנהייט צו רעדן מיט איר.

— געדענקסט, דזשעין, ווען מיר האָבן געאַרבעט אין דער באָקס־פֿעקטאָרי, האָט דאָרט געאַרבעט אַ ייִנגל, וואָס איז אפשר געווען מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פֿון אָט־דעם בחורל. אַ וואונדער וואָס איז פֿון אים געוואָרן?

— איר אַרבעט שוין ניט מער דאָרט? — האָט מאָטעק געפֿרעגט איירינען.

— אָ, ניין, שוין לאַנג דעם דזשאָב פֿאַרלאָרן. קאָן מען דען קריגן אַ דזשאָב?

— אויב איר ווילט, וועלן מיר אייך העלפֿן קריגן אַרבעט. מיין פֿרוי און איך זיינען טעטיק און מיר האָבן געהאָלפֿן פֿיל מענטשן.

— איירין, — האָט זיך אָנגערופֿן סאַלטשע, — מיר געפֿעלט אייער אַקצענט. איר מוזט זיין פֿון סלאַווישן אָפּשטאַם.

— יאָ, איך בין פּויליש. מיין מאַמע האָט מיך געבראַכט אַהער ווען איך בין קוים צוויי יאָר אַלט געווען.

— מיר זיינען אויך פֿון פּוילן. קאָנט איר רעדן פּויליש?

— יאָ, מיינע עלטערן וואוינען אין שיקאַגאָ. מיט פֿיר יאָר צוריק בין איך אַוועק קיין ניו־יאָרק און פֿון דאַן אָן האָב איך ווינציק גערעדט פּויליש. איך האָב אָבער ליב צו רעדן מיין מוטער־שפּראַך.

און סאַלטשע האָט מיט איר גענומען רעדן פּויליש און מאָטעק האָט אַרויסגעהאָלפֿן און דזשעין און שלום האָבן געלאַכט און ווען פֿרוי הענעסי איז אַריינגעקומען און געהערט ווי זיי רײדן פּויליש, האָט זי אָנגעקוואָלן.

— איך וואוין ניט ווייט פֿון אייך. איך וועל זיך אַריינכאַפּן צו אייך, ווען איך וועל זיך פֿאַרבענקען נאָך אַ פּויליש וואָרט, — האָט איירין געזאָגט ביים פֿאַרלאָזן.

מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך איבערגעקוקט.

## קאַפּיטל פינף און דרייסיק

# א י י ר י ן

.1

ווען דזשעין האָט, לויט איר צוזאָג, זיך באַוויזן נאָכאַמאָל אין סאַל־טשעס הויז אין אַ וואָך אַרום און זי איז געבליבן אויף וועטשערע, האָט סאַלטשע שוין געהאַט אָנגעגרייט פאַר איר אַ צאָל פראַגעס וועגן איירין.

— דו ווייסט, דזשעין, אַז איירין האָט געזאָגט, אַז זי וועט זיך אַריינ־כאַפּן צו אונדז אין הויז אַריין, ווען זי וועט זיך פאַרבענקען נאָך אַ פּויליש וואָרט און אויך האָט זי דערציילט, אַז זי וואוינט ניט ווייט פון דאַנען. דאָס אַלץ איז ווי עס באַדאַרף צו זיין. די פראַגע איז אָבער, ווי אַזוי זאָלן מיר אָנהויבן אַרויסשלעפּן דאָס אָרעם מיידל פון זומפּ אין וועלכן זי איז אַריינגע־קראָכן. זייער ווינציק כאַפּן זיך אַרויס אָט פון דעם גיהנום. דער פאַקט וואָס זי איז געוואָרן אַ גאַסן־מיידל באַווייזט, אַז זי האָט ווינציק כאַראַקטער.

— מיין טייערע סאַלי, — האָט אָנגעהויבן דזשעין, — האָסט אָנגערירט אַ דינגע סטרונע. מעגלעך אַז איך האָט געטאָן ניט קיין ריכטיקע זאַך, וואָס איך האָב זי געבראַכט צו דיר. נאָר איר אַליין האָט דאָס דאָך געהאַט פאָר־געשלאָגן. ניט איינמאָל האָב איך געטראַכט וועגן איירין און נאָך אַ פּאָר מיידלעך וואָס זיינען אַרונטער פון גלייכן וועג און כאָטש זיי דרייען זיך ניט אַרום איבער די גאַסן, לעבן זיי אָבער אויך פון מענער. מיינע אַ באַ־קאַנטע, מיט וועלכער איך בין געגאַנגען אין פּאָבליק סקול, שטעל זיך פאָר, האָט זיך פאַרשאַפט עפּעס אַן אַלטן מאַן, וואָס האָט שוין מסתם אייניקלעך, און ער האַלט זי אויס מיט אַ קליינעם אַפּאַרטמענט, מיט געלט, מיט קליידער. מיט אַן אייגענעם באַנק־ביכל. זי בליט, מיין פריינדין. זי גייט ניט אויף קיין דעמאָנסטראַציעס, זי לאַכט זיך אויס פון מיר און פון אַזעלכע ווי איך. אַ גאַנצן טאָג ליגט זי אין די מוּאַוויס און אין אָוונט פּוצט זי זיך אויס פאַר איר אַלטן פערד. איז דאָס אַ לעבן ?... יאָ, וועגן איירין, זאָג אַליין, דו ביסט דאָך עלטער פון מיר, וואָס קאָן מען טאָן זי צו ראַטעווען ?

סאַלטשע האָט אַריינגעקוקט אין דזשעינס שאַרף־גרינע אויגן, וואָס האָבן געלויכטן מיט אַזוי פיל געזונטן פייער און זי האָט זיך אָפּגערופן:

— דזשעין, מיר, פרויען, דאַרפן איבערהויפּט קעמפן קעגן אָט דער מכה פון פּראָסטיטוציע און פאַרשטעלטע פּראָסטיטוציע. ווען איך בין געווען טעטיק אין דער אַרבעטער באַוועגונג אין פוילן האָבן אַלע אַרבעטער־פאַר־טייען זיך פאַראייניקט אויסצוראָטן פון אונדזער שטאָט די „הייזלעך", וואָס האָבן זיך געפונען לעבן די פאַבריקן, וואו די גאַסן־מיידלעך האָבן אָפּגעוואַרט די אַרבעטער, וואָס זיינען געגאַנגען פון דער אַרבעט. מען האָט איינמאָל געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף די באָרדעלן און די פעדערן זיינען געפלויגן איבער די גאַסן. מיר האָבן אויך אָנגעפירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע צווישן די אַר־בעטער און צווישן די „מיידלעך". דאָ, אין אונדזער הויך־ציוויליזירטן לאַנד, ווערט, דוכט זיך מיר, ווינציק וואָס געטאָן. מען שטעלט זיך הויפּטזעכלעך אָפּ אויף דער געפאַר פון ווענערישע קראַנקהייטן, נאָר די מורא ווערט גיך אָפּגעשלאָגן. דו פרעגסט מיך פאַרוואָס מיידלעך ווערן פּראָסטיטוטקעס? איך וועל דיר זאָגן, אַז די פראַגע עגבערט מיך שוין זינט איך בין געווען אַ קינד. איך האָב איבערגעלעבט די ערגסטע צייטן וואָס מען קאָן זיך פאָר־שטעלן, דאָך האָט דער געדאַנק וועגן פּראָסטיטוציע שטענדיק אַרויסגערופן ביי מיר אַ געפיל פון עקל. איך טראַכט, אַז אַ פרוי וואָס גיט זיך איבער צו דעם, מוז זיין גייסטיק קראַנק. איך בין פערזענלעך ניט איינשטימיק מיט דער טעאָריע, אַז נויט דערברענגט צו פּראָסטיטוציע. איך ווייס אפילו פון פאַלן וואו נויט האָט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט דעם און מיידלעך האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויף דעם וועג פון צעפוילטקייט און פיינלעכן טויט. דו קענסט די איירין בעסער ווי מיר קענען זי. דערצייל מיר מער וועגן איר. איך דערוואַרט, אַז זי זאָל אונדז באַזוכן און דאַן וועט ווידער אַרויפקומען דער געדאַנק וועגן אַ דזשאַב פאַר איר. איך וויל דיר זאָגן, אַז מיין מאַן האָט שוין וועגן איר גערעדט מיט אַ פּאָר פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטער־טוער. די צייט איז איצט אַ שרעקלעכע. ניטאָ קיין דזשאַבס. קומט אויס צו לעבן אויף רעליף. אַזאַ מיידל וועט דאָך אויך ניט וועלן ווערן טעטיק אין אַן אָרגאַניזאַציע קעגן אַרבעטלאָזיקייט. וואָס קאָן זי בכלל טאָן, אויסער פאַבריק־אַרבעט?

— סאַלי, איך האָב דיר, דוכט מיר, אַלץ אויסדערציילט לעצטן מאָל וועגן איר. און זי האָט דאָך אויך דערציילט וועגן זיך. וואָס נאָך דאַרפסטו וויסן? אַ פּשוט קינד פון אימיגראַנטישע עלטערן, אַ לייכטזיניק מיידל, וואָס האָט זיך מסתּם געלאָזט פאַרנאַרן פאַר אַ סאַפּער אָדער אַ מאָווי און ניט האָבנדיק קיינעם, וואָס זאָל איר אַריינקלאַפּן אַביסל שכל אין שמאָלן קעפּל, האָט זי זיך אויסגעגליטשט. וואָס זאָל מען טאָן פאַר איר? ערשטנס, דוכט זיך מיר, דאַרפט איר געווינען איר צוטרוי און רעספּעקט. איילט זיך ניט,

וואָלט איך געזאָגט, זאָל זי פילן, אַז זי קומט אַריין צו פריינט.

— דו ווייסט, דזשעין, אַז זי וועט נוצן אונדזערע גאָפּל־מעסער; דו ווייסט אויך, אַז זי וועט פאַרברענגען מיטן קינד און, די הויפּטזאַך, עס וועט ניט דויערן לאַנג און מען וועט רעדן צווישן די שכנים — מסתם זעט מען זי דאָך אין אָוונט ניט ווייט פון דאַנען. עס איז זייער ניט אָנגענעם פאַר מיר און פאַר אונדזער הויז. איך וויל דו זאָלסט מיך פאַרשטיין. עס איז צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן וואָס איך לעב דורך אַזאַ זאַך. איך האָב נאָך מיט מיין מאַן אפילו ניט גערעדט וועגן דעם. איך האָב מורא פאַר איר קו־מען צו אונדז.

— וואָלסט וועלן, סאַלי, אַז איך זאָל מיט איר פריער רעדן און פרעגן צוליב וואָס זי וויל קומען צו אייך?

— איך טראַכט, אַז ס'איז ניט קיין קרומער געדאַנק, אַז דו זאָלסט פּשוט אויסגעפינען פון איר צי זי וועט אונדז באַזוכן און וואָס זי טראַכט וועגן אונדזער הויז, און דאַן איר געבן אָנצוהערן, אַז וואָוינענדיק אַזוי נאָענט, וועלן מיר אויסגעפינען מיט וואָס זי פאַרנעמט זיך.

— סאַלי, איך פאַרשטיי דיין לאַגע. ס'איז אַ קראַנקע לאַגע. צי איירין וועט זיך אָפּזאָגן פון איר פּראָפעסיע אין איצטיקן מאָמענט, צווייפל איך. איך האָב מיט איר אַ רעד געטאָן, דו ווייסט דאָך, אַזוי שפּאַסנדיק און זי האָט מיר אויך געענטפערט אין שפּאַס, אַז זי איז צופרידן וואו זי איז און איר אַרט ניט וואָס מענטשן טראַכטן וועגן איר. דאָך זאָג איך, אַז אַזאַ פרוי ווי דו, סאַלי, קאָן האָבן אויף איר אַ ווירקונג. איך האָב דאָס באַמערקט. דער פאַקט וואָס דו רעדסט איר מוטער־שפּראַך איז אויך אַ גרויסע הילף. טו וואָס דו קאָנסט און שרעק זיך ניט פאַר איר. אויב דו וועסט זען, אַז ס'איז אַרויסגעוואָרפן, דאַן וועסטו אַליין וויסן וואָס צו טאָן.

ערשט נאָכדעם ווי זי האָט געהאַט דעם שמועס מיט דזשעין האָט סאַל־טשע זיך דורכגערעדט מיט מאָטעקן וועגן איירין. זי האָט גוט געוואוסט, אַז מאָטעק איז גאָר ניט גלייכגילטיק צו דער פּראָבלעם; אַז זינט ער איז אַ קינד געווען האָט ער זיך אינטערעסירט מיט דעם ענין. איז זי, סאַלטשע, דען ניט געווען דער ערשטער מענטש צו וועמען ער האָט זיך געווענדט נאָך אינפאָרמאַציע וועגן דעם וואָס איז אַזוינס אַ גאַסן־מיידל? פּאַסירט האָט עס דאָך דאַן, ווען צוויי „הייזלעך" האָבן זיך געהאַט אַריינגעקליבן אין זייער הויז אויף דער דזשעלניא און מאָטעק האָט אויף דעם באַפעל פון חבר לייבטשע געוואָרפן שטיינער אויף די „מיידלעך", וואָס זיינען געגאַנגען אַי־בערן הויף, צום אָפּטריט. סאַלטשע האָט געוואוסט, אַז מאָטעקס ערשטע אומשולדיקע דערפאַרונגען מיט די „מיידלעך" וועלן לאָזן אַ שטעמפּל אויף

זיין נשמה, אַז ער וועט דאָס ניט פאַרגעסן זיין גאַנץ לעבן. געווען איז דאָס דאַן, ווען ער האָט זיך געלערנט אין שאַקינס פּראָ־גימנאַזיע און זיינע עלטערן האָבן אים ניט געוואָלט אַרויסהעלפן אפילו מיט אַ בלייפעדער, ווען ער האָט זיך געגויטיקט אין אים. אָט דאַן האָט מאַטעק מיטאַמאָל אויסגעפונען, אַז ער קאָן פאַרדינען אַ פּאָר קאָפּיקעס דורך פאַרקויפן צו די „מיידלעך" די אָפּפאַלעכץ פון אַרבעטס־טיש, די סטענגעס, קרעלן, שטיקלעך זיידנס און סאַמעט. ווען ער האָט זיי געהאַלטן אין אַריינוואַרפן אין מיסט האָט אים איינע פון די מיידלעך אָפּגעשטעלט און אים דערקלערט, אַז ער זאָל דאָס ניט אַרויסוואַרפן, נאָר זי וועט עס אָפּקויפן ביי אים. און אָט אַזוי האָט מאַטעק פאַרדינט זיינע ערשטע פּאָר קאָפּיקעס — פון די „מיידלעך". אָט אַזוי האָט ער געקאָנט קויפן די ערשטע שערלאָק האָלמס ביכלעך. ווי האָט זי געקאָנט פאַרגעסן אָט יענעם מאָמענט, ווען מאַטעק איז, אַדאַנק דעם אומשולדיקן קאָנטאַקט מיט די מיידלעך, געקומען צו איר און געוואָלט וויסן וואָס איז אַזוינס אַזאַ „מיידל"? זי האָט אים דאַן געפּרואווט געבן די ערשטע לעקציע אין געשלעכט־דערציאונג, אַ לעקציע וואָס זי האָט אַליין געדאַרפט האָבן. זי איז רויט געוואָרן און דאַך האָט זי געפילט אַלס אַ סאָציאַליסטקע, אַז זי דאַרף דאָס אים דערקלערן, אַז עס איז איר פליכט אים צו דערציען אין סאָציאַליסטישן גייסט.

זינט זי האָט חתונה געהאַט מיט מאַטעקן איז איר זעלטן אויסגעקומען צו רעדן וועגן ענין פּראָסטיטוציע. זי וואונדערט זיך: איז דאָס געווען דערפאַר וואָס מאַטעק האָט געדענקט יענע פּאַסירונג? איז דאָס דערפאַר וואָס זי אַליין האָט זיך געפילט פאַרשעמט, ווען זי האָט זיך דערמאָנט אין יענעם אינצידענט?

נאָך אַ זאַך: ווען שלום איז אַלט געווען זעקס יאָר האָט ער אַמאָל ביים עס־טיש געפרעגט, אַזוי זיך פון דער העלער הויט: „פאַרוואָס איז אַ מיידל אַנדערש פון אַ יינגל?" און ווען מאַטעק האָט אים קיין אויפמערקזאַם ניט געשאָנקען, האָט ער געגומען איבערגעבן איינצלהייטן און זיי פאַרגלייכן מיט סאַלטשעס פיזישן אויסזען און מיט מאַטעקס.

זי און מאַטעק האָבן דאַן ניט געהאַנדלט ריכטיק. זיי האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון געבן דעם קינד אַן ענטפער אויף זיינע נאַטירלעכע פראַגעס. זיי האָבן אים דערקלערט, אַז ווען ער וועט עלטער ווערן, וועט ער אויסגעפינען. זיי האָבן זיך ביידע געפילט שולדיק פאַרן קינד און זיי האָבן זיך אין די אויגן אַריין ניט געקאָנט קוקן. זי האָבן געהאַנדלט היפּאָקריטיש. זיי וואָלטן דאָך אויסגערעדט אַנדערע עלטערן פאַר אַזאַ ענטפער. פאַרוואָס

האָבן זיי זיך דאָן ניט גענומען די מי אויסצוגעפינען ווי אַזוי אויפצוקלערן אַ קינד וועגן געשלעכט־לעבן? דער ענטפער איז מסתם געווען, אַז זיי האָבן אַליין ניט געוואוסט גענוג וועגן אייגענעם געשלעכט לעבן. ניט ער און ניט זי האָבן זיך גענוג פאַראינטערעסירט מיט די פּראָבלעמען פון געשלעכט. זיי האָבן זיך ביידע ליב געהאַט און עס איז געווען ביי זיי נאַטירלעך צו געניסן פון זייער געשלעכט־לעבן. קיין פּראָבלעמען זיינען ביי זיי ניט געווען. די איינציקע צייט וואָס סאַלטשע האָט אַריינגעקוקט אין אַ בוך וועגן די ענינים איז געווען ווען זי האָט געשוואַנגערט. נאָכדעם האָט זי געלייענט וועגן דעם ווי צו דערציען אַ קליין קינד. עס איז איר אָבער ניט איינגעפאַלן צו לייענען ביכער וועגן קינדער־דערציאונג נאָכדעם ווי שלום איז אַלט געוואָרן דריי יאָר. אַמאָל האָט פאַניאַ, דר. אימבער, אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט וועגן געשלעכט־לעבן. ווען מאָטעק האָט געהאַט די אָפּעראַציע אויף אַ ברוך האָט איר פאַניאַ דאָן געגעבן אָנצוהערן, אַז דאָס קאָן צייטווייליק אָפּשוואַכן דעם געשלעכט־פאַרקער. נאָר סאַלטשע האָט זיך ניט געשראָקן. זי האָט געוואוסט, אַז מאָטעק און זי פאַרשטייען זיך אַזוי גוט אין אַלע פּרטים. דער ענין געשלעכט איז ביי זיי קיינמאָל ניט געווען קיין טעמע.

און דאָך האָט סאַלטשע זיך אַ לאַנגע צייט געפילט שולדיק פאַר שלומלען, וואָס זי האָט אים קיינמאָל ניט אויפגעקלערט וועגן געשלעכט. איצט וועט ער שוין אַזעלכע פראַגעס ניט פרעגן. ער וועט זיך שעמען. נאָר זיי וועלן אים דאָך פייניקן. זי דאַרף אים קויפן אַ בוך וועגן דעם. זאָל דאָס בוך ליגן אין הויז, וועט ער עס אַליין געפינען.

זי האָט באַשלאָסן צו רעדן מיט מאָטעקן וועגן איירין. זי מוז מיט אים רעדן דערוועגן. אויף אַלץ קומט אַ צייט.

נאָך איירינס ערשטן באַזוך אין זיין הויז האָט מאָטעק ניט גערעדט מיט סאַלטשען וועגן דעם, כאָטש געטראַכט האָט ער גאָר אַ סך. זינט זיינע ערשטע באַגעגענישן מיט די „מיידלעך“ אין הויף אַלס קינד, האָט אים דער ענין פּראָסטיטוציע געמאַכט אַ סך נאָכצוטראַכטן און צו פילן. זיינע ערשטע פאָר יאָר אין אַמעריקע האָט אים געבראַכט נעענטער צום ענין גאַסן־פרוי. ניט וואָס אים האָט אַמאָל געצויגן צו גיין מיט זיינע פאַבריק־חברים אין אַ באָרדעל, ווי זיי פלעגן גיין יעדע וואָך, נאָר דאָס איז פאַר אים געבליבן אַ רעטעניש, פונקט ווי ער האָט זיך קינדווייז דערוואוסט וועגן די „מיידלעך“ אין זיין הויז. ביי אים איז, זינט ער האָט באַגריפן דעם ענין געשלעכט־פאַרקער, דער ענין געווען פאַרבונדן מיט צאַרטקייט, מיט אינטימקייט, מיט ליבע. ווי קאָן דאָס זיין, ווען מען גייט אַריין צו אַ פרוי, וואָס

מען האָט מיט איר קיין צוויי ווערטער פריער ניט אויסגערעדט און צו ווען זי פילט ניט קיין זאַך אויסער אפשר עקל ?

מאָטעק האָט גוט געדענקט מיט וואָס פּאַר אַ מיאוסע ווערטער זיינע פאַבריק־חברים האָבן גערעדט וועגן די מיידלעך, מיט וועלכע זיי האָבן גע־האַט פאַרבראַכט, לויט אַ באַשטימטן פּרייז, און ווי זיי האָבן געשפּיגן אַרום זיך דערמאָנענדיק זיך ווי זיי האָבן געדאַרפט שטיין אין ריי — איינער אַראָפּ, דער צווייטער אַרויף, ווי די מיידל האָט זיך געדונגען וועגן פּרייז, וועגן צייט, וועגן נאַקעטקייט. ניט איינמאָל האָט מאָטעק געפּרוווט פאַרשטיין פון די אַכצן־צוואַנציק יעריקע בחורים, וואָס האָט זיי געצויגן צו דעם עקלהאַפטיקן ספּעקטאַקל. זיי האָבן געלאַכט, אים צוגעגעבן, אַז ער האָט רעכט, אַז ס׳איז מיאוס, נאָר ווען די צייט איז געקומען ווידער צו גיין באַזוכן אַ „קליידל״, האָט מען ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס מאָטעק גייט ניט מיט. סיידן ער אַנאַנירט, האָט מען געוואָרפן אַ חשד אויף אים. מאָטעק האָט זיך גענוג אָנ־געליטן פון זייערע אָנצוהערענישן.

איירינס באַזוך האָט אים היבשלעך צעטומלט. טעאָריע און פּראַקטיק זיינען ניט געגאַנגען האַנט אין האַנט. מאָמענטאַל האָט איירין אים דער־מאָנט אין זיינע קינדער־יאָרן. דאָס וואָס זי איז געווען בלאָנד און עטוואָס קלענער פון מיטלוואוקס און וואָס זי איז געווען פּויליש און וואָס זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון גוטמוטיקייט און ניט־דערוואַקסנקייט — אַלץ אין איר האָט אים דערמאָנט אין די „מיידלעך״ אויף דזשעלניאַ, אין די מיידלעך וואָס זיינען דורכגעגאַנגען אין הויף, אין דער „מיידל״ וואָס האָט אים אָפּגעשטעלט און געפרעגט, צי ער האָט לענטעס און אַז ער זאָל פאַר איר באַהאַלטן וואָס מער זאַכן. ער האָט זיך דערמאָנט ווי די „מיידלעך״ פלעגן אים אַריינשטופּן אין האַנט אַריין טשאָסטקעס און כאַלוואַ און צוקערקעס און זיינע קעשענעס זיינען שטענדיק געווען זיס. אַדאַנק די האַלב־רובלדיקע איז ער דאָך אויפ־געריכט געוואָרן. ער האָט זיך פאַרשאַפט אַ גאַנצע שערלאָק האָלמס־ביבליאָ־טעק ; ער האָט מער ניט געדאַרפט אָנקומען צום אָנקל נאָך שרייב־געצייג, נאָך געלט אויף לערן־ביכער. די מיידלעך האָבן אים אויסגעלייזט פון גלות, האָט ער געטראַכט.

אים איז געווען אַ וואונדער, וואָס סאַלטשע האָט מיט אים ניט גערעדט וועגן איירין מער, גראָד דאַן ווען ער האָט דערוואַרט, אַז זי זאָל זיין די ערשטע צו רעדן וועגן דעם. ער האָט זיך דערמאָנט יענע צייט, ווען ער איז געקומען צו סאַלטשען און אַ פאַרשעמטער געפרעגט וואָס איז אַזוינס אַ גאַסן־מיידל און פאַרוואָס וויל מען זיי פאַרשטיינען און וואָס מיינט דאָס אַז זיי פאַר־

קויפן זיך, זייער ליבע, צוליב בויט, און נאָך אַזעלכע פּראַגעס. ער האָט גוט געדענקט ווי סאַלטשע האָט אים געפּרואווט ענטפערן און זיך אַליין פאַרפּלאָנטערט אין די רייד און איצט ווען ער דערמאָנט זיך אין יענער סצענע אין דער קראָם, ווען קיינער אויסער זיי ביידע זיינען ניט געווען, נעמט אים אַרום אַ זיס געפיל צו סאַלטשען און ער איז צופרידן וואָס זי איז מיט אים און וואָס זייער פריינטשאַפט האָט קיינמאָל ניט געליטן און וואָס איר ליבע צו אים ווערט ניט אָפּגעשוואַכט.

זאָל ער רעדן מיט איירין? וואָס זאָל ער מיט איר רעדן? בעסער דאָס איבערגעבן צו סאַלטשען. זאָל זי זיך מיט אים באַראַטן. ס׳איז טאַקע אַ רחמנות אויף איירין, נאָר מען קאָן אַריינפאַלן אין אַ צרה. און אפילו ווען זי וועט שוין צושטימען צו גיין אַרבעטן, וואו געפינט מען פאַר איר אַ דזשאָב? ער האָט שוין גערעדט מיט אַן אָרגאַניזאַטאָר פון אַרבעטלאָזע, אים געגעבן אָנצוגעהערן וועגן איירין, נאָר יענער האָט געענטפערט, אַז אין איצטיקן מאָמענט איז וויכטיקער צו באַזאָרגן ערלעכע אַרבעטלאָזע, וואָס האָבן פאַמיליעס אויסצוהאַלטן, און אַוועקשטעלן זי אויפן רעליף־צעטל, וועט דאָס ניט לייזן די פּראָבלעם.

סאַלטשע האָט זיך צוגעגרייט צו רעדן מיט מאַטעקן. זי האָט אָנגעהויבן:

— ווייסט, מאַטעק, איך האָב שוין אַ סך איבערגעטראַכט וועגן איירין. טאָמער קומט זי צו אונדז, דאַרפן מיר זיין גרייט זי אויפצונעמען און וויסן וואָס מיר ווילן פון איר. וואָס טראַכסטו?

— ניטאָ וואָס צו טראַכטן, מען דאַרף איר געפינען אַ דזשאָב, דאָס וועט זייןווירקזאַמער פון אַלע רייד. רעד מיט איר פון היינט ביז מאָרגן וועגן דעם, אַז זי זאָל אויפגעבן איר שמוץ און עס וועט דיר גאָרניט ניט העלפן. זי איז ניט ערגער אָפּ פון דזשעין און דאָך איז דזשעין אַ פיין מיידל און יענע איז אַן אויסוואורף. ניטאָ קיין אורזאַך פאַרוואָס אַן אַרבעטער מיידל זאָל ווערן אַן אויסוואורף.

— וואָס זאָל מען טאָן, מאַטעק: זאָל מען איר געבן אָנצוגעהערן, אַז מיר ווייסן וואָס זי טוט, אָדער פאַרשווייגן דאָס?

— איך גלויב, סאַלטשע, אַז פריער זאָל מען זי אַריינציען אין אַ שמועס און אויסגעפינען מער וועגן איר כאַראַקטער, וועגן איר קוק אויף זאַכן. גלויבסטו ניט אַזוי?

סאַלטשע האָט איינגעשטימט. ווי גוט זיי האָבן זיך תמיד פאַרשטאַנען! ווי זעלטן זיינען צווישן זיי פאַרגעקומען איבעררייד! סאַלטשע איז געווען אָנגעפילט מיט דאַנקבאַרקייט צו מאַטעקן.

.3

עס איז געווען מיטאָג־צייט. שלום איז אַהיים געקומען פון סקול און זיין עסן איז געשטאַנען אויפן טיש. ס׳איז געווען אין פרילינג, אין אָנהויב אַפּריל. דער טאָג איז גראָד געווען אַ פאַרכמורעטער און מאַטעק איז געבליבן אין הויז. סיי־ווי האָט ער ניט געהאַט וואו צו גיין און אַזוי ווי עס האָט אויסגעקוקט אויף רעגן, האָט ער געטראַכט, אַז ער וועט זיין אין הויז און עפּעס לייענען. סאַלטשע האָט געוואָלט, אַז מען זאָל עסן פריער היינט און אפשר גיין אין אַ מוּווי מיט מאַטעקן און שלומען. זי האָט געהאַט פאַרטיק איר וועטשערע באַצייטנס. קיין מיטינגען האָט זי יענעם אָוונט ניט געהאַט.

שלום האָט שוין געהאַלטן ביים ענדיקן עסן, ווי עמיצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. שלום איז צוגעלאָפן, געעפנט און דערקענט, אַז ס׳איז איירין. זי האָט אים אויך דערקענט.

— מאַ, וועסט האָבן מיט וועמען צו רעדן פויליש באַלד, — האָט ער אויסגערופן אויף ענגליש און סאַלטשע מיט מאַטעקן האָבן גלייך פאַרשטאַנען אַז ס׳איז איירין. זיי האָבן זיך ביידע איבערגעקוקט אומצופרידן, נאָר זיי זיינען אַריין אין פאָדער־צימערל זי צו באַגעגענען.

— איך האָב אייך געזאָגט, אַז ווען איך וועל זיך פאַרבענקען נאָך אַ פּויליש וואָרט, וועל איך אייך באַזוכן. איז אָט בין איך דאָ, — האָט איירין דערקלערט אויף פויליש און געקוקט אויף סאַלטשען און מאַטעקן אומזיכער, וואָס פאַר אַן איינדרוק אירע רייד און איר באַזוך וועלן מאַכן אויף זיי.

— קומט אַריין, קומט אַריין, איר זייט שטענדיק וועלקאָמען, — האָט סאַלטשע זי אָנגענומען פאַרן אָרעם.

— דזשעין האָט מיר געזאָגט, אַז איר זוכט אַ דזשאָב פאַר מיר, האָב איך געטראַכט אַז איך וועל בעסער אַריינקומען, אַזוי ווי איך וואוין ניט ווייט פון דאַנען —

— איר דאַרפט זיך ניט אַנטשולדיקן, איירין. אונדזער הויז איז אָפן פאַר געסט צו יעדער צייט. מיר זיינען אַרבעטלאָז און מיר זיינען צופרידן וואָס מען קומט צו אונדז, — האָט געזאָגט סאַלטשע און אַריינגענומען איירינען אין פאַרבריינג־צימער. דאַן האָט זי זיך געווענדט צו מאַטעקן און געזאָגט:

— מאַטעק, דו בלייב מיט איירין און איך וועל צוגרייטן מיטאָג און איירין וועט מיט אונדז עסן. ניט אַזוי, איירין? איך האָב גענוג פאַר נאָך דריי. און ס׳איז מיטאָג צייט.

— אָ, סאַלי, איך בין נאָר־וואָס אויפגעשטאַנען און געהאַט אַ קאַווע. פאַר

מיר איז עס צופרי צו עסן. איך גיי שפּעט שלאָפן און שטיי שפּעט אויף. אפשר ווילט איר, אַז איך זאָל אייך העלפן אין קיך? איך בין שוין לאַנג ניט געווען אין קיין קיך און איך האָב ליב צו פּאָרען זיך אין קיך.

— אויב איר ווילט, איירין, קאָנט איר אַריינקומען אין קיך, מיר איז אַלץ איינס.

— איר וועט גאָרניט האָבן קעגן דעם, מיסטער מאַטעק? איך האָב ליב דעם נאָמען מאַטעק. עס דערמאָנט מיך אין עפּעס פּויליש.

מאַטעק איז געבליבן אַליין אין פאַרברענג־צימער, נאָר ער האָט זיך איינגעהערט צו דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין קיך.

— מיר קומען אויך אַמאָל אַהיים זייער שפּעט, — האָט אָנגעהויבן סאַל־טשע, — מיר האָבן אָן אַ צאָל מיטינגען אין דער איצטיקער אומרואיקער צייט. נאָר ווי שפּעט מיר לייגן זיך ניט שלאָפן, שטייען מיר אויף פרי. עס איז אַזאַ געוואוינהייט ביי אונדז. אפשר צוליב אונדזער יינגל, וואָס דאַרף זיין אין סקול אין צייט.

— איר ווייסט גאָרניט ווי אייער יינגל געפעלט מיר, — האָט געזאָגט איירין, — אַ שאָד וואָס ער איז שוין אַוועקגעגאַנגען. ער האָט אַזאַ זיס, אומ־שולדיק פּנימל און זיין שטימע קלינגט מיר אַזוי וואַרעם. ער דערמאָנט מיך אין מיין ברודערל.

— איירין, וויפל קינדער זייט איר? — האָט געפרעגט סאַלטשע.

— אָ, מיר זיינען אַ סך. איך האָב אַן עלטערע שוועסטער. זי איז פאַר־הייראַט. זי איז אַלט פיר־און־צוואַנציק יאָר און זי האָט חתונה געהאַט צו אַכצן. איך בין די צווייטע. דאַן קומט אַ יינגל און נאָך אַן יינגל און אַ מיידל און נאָך אַ יינגל. צוזאַמען זיינען מיר זעקס קינדער.

— עס מוז זיין פריילעך אין הויז פון אַזאַ כאַליאַסטרע?

— פריילעך? פאַרוואָס מיינט איר בין איך אַוועק פון דער היים צו זעכצן יאָר? דער טאַטע איז אַן אַרבעטער אין די שלאַכט־הייזער. שטענ־דיק שמעקט פון אים בלוט. דאָס הויז איז ענג, אָנגעשטעלט קאָפּ אויף קאָפּ. מען קאָן קיין זאַך קיינמאָל ניט געפינען. די מאַמע איז אַ פרומע. נאָר זי לויפט אין קירך. איך בין אויך געווען פרום ביז איך האָב פאַרלאָרן מיין דזשאַב. דאַן האָב איך געזאָגט: אָ, ניין, דער גלח זאָרגט זיך נאָר פאַר יע־נער וועלט און איך בין צו יונג פאַר יענער וועלט. איך וויל געניסן פון דער וועלט.

— וואָס האָט איר געטאָן? — האָט געפרעגט סאַלטשע און זיך פאַר־טיפט אין טעפל וואָס איז געשטאַנען אויפן פייער.

— וואָס מיינט איר וואָס איך האָב געטאָן? איך טו וואָס אַלע טוען.

איך קאָן קיין דזשאָב ניט געפינען. ס'איז דעפּרעשאָן. נאָר מיר איז ניט אַזוי שלעכט. איך גיי אַרום מיט באָיעס. זיי פונדעווען מיך אין רעסטאָראַנען, אין די מואוויס. איך בין יונג. קיין פאַמיליע דאַרף איך ניט פאַרזאָרגן. נעם איך זאַכן לייכט און איך לעב.

— און צו אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע באַלאַנגט איר, ווי דזשעין טוט עס?

— הערט זיך איין, סאַלי, — האָט איירין אַלץ גערעדט אויף פּויליש, — איך האָב באַלאַנגט צו דער יוניאָן. איך האָב געהאָלפן פּיקעטן אונדזער שאָפּ אין צייט פון סטרייק. נאָר די יוניאָן איז בלויז גוט ווען מען האָט אַ דזשאָב. ניט ווען מען פאַרלירט דעם דזשאָב. איך וויל האָבן „פאָן" פון לעבן און די אָרגאַניזאַציעס האָבן ניט קיין אונטערהאַלטונגען. איך האָב זייער ליב צו טאַנצן און אין אָרגאַניזאַציעס האָט מען ליב צו רעדן ביז מען לעשט אויס די לייכט.

מיטאַמאָל האָט סאַלטשע אַריינגערופן מאָטעקן:

— מאָטעק, דאָס עסן איז פאַרטיק. קום אַריין.

און צו איירין:

— גייט אַריין און וואַשט זיך אַרום. דאָרט ליגט אַ פרישער האַנטוך. איר וועט עסן וויפל איר וועט וועלן, נאָר איר וועט ניט פאַרשעמען דעם טיש, ווי מען זאָגט ביי אונדז אין פּוילן.

איירין האָט געפאָלגט. מאָטעק איז אַריינגעקומען. סאַלטשע האָט אים געפרעגט אין דער שטיל: — האָסט געהערט אונדזער שמועס? ווי געפעלט זי דיר?

— מיר וועלן פּרואוון טאָן וואָס מען קאָן. פּרואוו זי אַריינגעמען אין אַרבעטלאָזן קאָונסיל.

מען האָט זיך אויסגעזעצט ביים ווייס־געדעקטן טיש.

— איך עס אין די לאָנטש־רומס, ווען איך עס אַליין, נאָר די באָיעס נעמען מיך אין גוטע רעסטאָראַנען. דאָרט ווייסט מען ניט אַז ס'איז דעפּרע־שאָן, — האָט איירין זיך באַרימט.

— און אייערע באָיעס האָבן דזשאָבס? — האָט מיטאַמאָל מאָטעק אַ פרעג געטאָן און צוגעגעבן — פאַרוואָס העלפן זיי אייך ניט קריגן קיין דזשאָב, אויב זיי אַרבעטן?

— וועל, האָט איירין געזוכט אַן ענטפער און דערווייל געשמייכלט און אַרונטערגעלאָזט די אויגן, — מיינע באָיעס זיינען ניט פון דעם סאָרט וואָס וועלן זיך באַדערן צו געפינען אַ דזשאָב פאַר מיר. זיי ווילן האָבן אַ „גוד־טאַים" מיט מיר.

— אייער שוועסטער האָט חתונה געהאַט צו אַכצן יאָר, האָט איר מיר

פריער דערציילט, — האָט סאַלטשע געזאָגט — און איר זייט שוין צוואַנציק יאָר אַלט און איר האָט נאָך קיין באַי ניט? געפינט זיך אַ חתן און האָט חתונה און לאַדט אונדז אויך איין צו דער חתונה, וועלן מיר אייך געבן אַ שיינע מתנה —

— איך וועל אייך זיכער איינלאַדן, — האָט איירין אונטערבראָכן, — נאָר פריער דאַרף איך געפינען דעם באַי וואָס איך האָב ליב. ס'איז ניט אַזוי לײַכט ווי מען שטעלט זיך פאָר. מיין שוועסטער האָט שוין צוויי קינדער און איר מאַן איז אַ גוטער בחור, נאָר ווען ער ווערט ווילד, ברעכט ער איר אָן די ביינער. דאָס וואָלט איך ניט וועלן זאָל פּאַסירן צו מיר.

— פאַרוואָס זאָל אייך זיין שווער צו קריגן אַ באַי? — האָט זיך אַרייַנ־געמישט מאַטעק, — איר זייט יונג, ניט מיאוס, איר האָט ליב אַ היים, איר ווילט האָבן קינדער, איר זייט אָנגענעם —

— סאַלי, איר האָט דאָך אַ מאַן אַ דזשיגאָלאָ. ער ווייס ווי צו געבן קאָמפּ־לימענטן. איך דאַנק אייך, מאַטעק, פאַר אייער גוטער מיינונג וועגן מיר. הלוואי וואָלט מיין פאָטער געהאַט אַזאַ מיינונג וועגן מיר.

— ערנסט גערעדט, איירין, — האָט אָנגעהויבן סאַלטשע, — צווישן אייערע באָיעס קאָנט איר ניט געפינען איינעם וואָס זאָל ווערן אייער חתן? עס איז ביי מיר אַזאַ שוואַכקייט צו וועלן חתונה מאַכן מיידלעך.

— איך בין נאָך צו יונג צו הייראַטן, סאַלי. איך וויל נאָך זיין פריי און האָבן גוד־טאַימס.

— איירין, איר רעדט אַזוי פיל פון גוד־טאַימס, אַז עס קומט אויס, אַז אַלץ וואָס איר טוט איז — גוד־טאַימס, — האָט סאַלטשע פאַרגעזעצט, — ווערט אייך גאָרניט נמאס? זוכט איר אינגאַנצן ניט קיין דזשאָב? איך בין פאַרהייראַט, דאָך לאָז איך ניט דורך די געלעגנהייט צו זוכן אַ דזשאָב. פון די גוד־טאַימס קאָנט איר דאָך לאַנג ניט עקזיסטירן. די באָיס וועלן זיך געפינען כלות און איר וועט בלייבן אַליין. און ווידער ווייסט איר דאָך אַליין, אַז גוד־טאַימס פאַרוואַנדלען זיך אַמאָל אין ביטערע „טאַימס". און מערסטנס צאָלן דערפאַר די מיידלעך, ניט די באָיעס. זיי איז גוט, אַ מיידל איז ביי זיי ווי די שאָלעכץ פון אַן עפּל, אָדער עפּעס ענלעכס.

— איר ווייסט, איירין, אַז מיר באַלאַנגען צו אַן אָרגאַניזאַציע, וואו עס געפינען זיך אַ סך מיידלעך און בחורים און מיר האָבן טענץ און פאַרוויי־לונגען, נאָר מען לערנט עפּעס דערפון אויך. פאַרוואָס זאָלט איר זיך ניט אָנשליסן? עס קאָסט זייער ווינציק און איר וועט זיך טרעפן מיט אַזעלכע מענטשן, ווי מיר זיינען, ווי דזשעיק, וואָס באַלאַנגט טאַקע דאָרט און איר וועט, פאַרהאָף איך, זיין צופרידענער ווי פון אייערע באָיעס מיט די גוד־

טאַימס וואָס זיי גיבן אייך, — אַזוי האָט געזאָגט מאַטעק.

— ס'איז גאָרניט קיין שלעכטער פאָרשלאַג, איירין, — האָט אונטערגע־האָלפן סאַלטשע, — איך האָב ביי זיך אַן אַפּליקאַציע־קאַרטל. נאָכן עסן וועל איך עס אויספילן פאַר אייך און איר וועט קומען צו אונדזער מיטינג נעקסטן דינסטאָג, איאָ, איירין?

— אויב עס האַנדלט זיך אין אַ פּאָר סענט, וועל איך עס טאָן, נאָר אין די אָוונטן קאָן איך צו קיין מיטינגען ניט קומען און איך האָב בכלל ניט ליב קיין מיטינגען.

— פאַרוואָס קאָנט איר ניט קומען צו אַ מיטינג איינמאָל אין צוויי וואָכן אין אַן אָוונט? זייט איר יעדן אָוונט פאַרנומען מיט גוד־טאַימס? — האָט אָנגענומען אַן ערנסטן טאָן מאַטעק.

— איר שטאָפּט מיך אַן ווי אַ היימישע גאַנדז, — האָט פּלוצלינג איירין געזאָגט צו סאַלטשען, — איך האָב גענוג. דער רייז־פּודינג איז זייער גע־שמאַק. איר וועט מיך דאַרפן אויסלערנען ווי צו מאַכן אַזאַ פּודינג.

סאַלטשע האָט אַריינגעבראַכט אַן אַפּליקאַציע־קאַרטל.

— נאָט אייך אַ דאָלאַר פאַר אייער אָרגאַניזאַציע, נאָר איך וויל ניט ווערן קיין מיטגליד. איך וויל ניט באַלאַנגען און גאָרניט טאָן, — האָט איירין אַרויס־גענומען פון האַנט־טאַש אַ דאָלאַר און אַרויפגעלייגט אויפן טיש.

— קיין טשאַריטי דאַרפן מיר ניט, — האָט סאַלטשע געזאָגט, — פילט אויס דאָס קאַרטל, קומט צו צו אַ מיטינג, באַקאַנט זיך מיט אונדזער אַרבעט, וועט עס אייך ניט געפעלן, וועט איר מער ניט קומען.

— איר פאַרשטייט, סאַלי, איך וויל ניט מען זאָל וויסן מיין אַדרעס. איך שטיי איין אין אַ פּלאַץ וואָס מען וועט מיך הייסן מופן, ווען מען וועט זען, אַז איך באַלאַנג צו אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

— וואָס איז דאָס פאַראַ אַזאַ פענסי פּלאַץ? — האָט געפרעגט סאַלטשע.

— ס'איז אַ האָטעל, און איך וועל דאָרט לאַנג ניט זיין. איך וועל זיך אַריבערקלייבן אין אַ נייער וואוינונג, אפשר דאַן וועל איך זיך אַנשליסן. ניט איצט, סאַלי. איך וועל עס איצט ניט טאָן. טאָמער וועט איר דאַרפן אַ פּאָר סענט, וועל איך שטענדיק זיין גרייט צו געבן. איך בין ניט קעגן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און זייער טעטיקייט. איך בין אַליין אַן אַרבעטער מיידל.

— איך פאַרשטיי אייך ניט, איירין, איר זייט אַרבעטלאָז און דאָך זייט איר גרייט צו געבן געלט. פון וואַנען האָט איר געלט, אויב איר אַרבעט ניט? — האָט זיך געוואונדערט סאַלטשע.

— וועל, ס'איז טאַקע אַ פראַגע, סאַלי. איך וועל אייך וועגן דעם דער־ציילן אַ צווייטן מאָל. דזשעין האָט מיר געזאָגט, אַז איר זוכט פאַר מיר אַ

דזשאַב, ביז איך געקומען אויסגעפינען צי איר האָט עפּעס נייעס פאַר מיר.

— יאָ, איירין, מיר זוכן פאַר אייך אַרבעט, וואו איר זאָלט זיך קאָנען אויסלערנען אַ טרעיד, — האָט געזאָגט מאַטעק, — קאָנט איר אונדז זאָגן, וואָס איר וואָלט וועלן טאָן?

— איך וואָלט וועלן אַרבעטן אין אַ ביוטי פּאַרלאָר. מיר געפעלט אַזאַ דזשאַב זייער, — האָט איירין מאָמענטאַל געזאָגט.

— זייער גוט, אַזוי ווי מיר האָבן ניט אייער אַדרעס קאָנען מיר אייך ניט לאָזן וויסן, נאָר מיר דוכט זיך, אַז איך קען זיך מיט איינעם וואָס איז אין די ביזנעס און איך וועל מיט אים אַ רעד טאָן. וועט איר וועלן זיין אויף דער לער און ניט פאַרדינען די ערשטע צייט? — האָט געפרעגט מאַטעק.

— יאָ, איך האָב נאָך אַביסל געלט. איך וועל קאָנען אַרבעטן אָן געלט ביז איך וועל זיך אויסלערנען די טרעיד.

— דאַן קומט אַריין אין אַן אָוונט, אין אַ צוויי וואָכן אַרום מאָנטיק, מעג־לעך אַז איך וועל האָבן פאַר אייך אַן ענטפער ביז דאַן.

איירין האָט געדאַנקט פאַרן מיטאָג און זי איז אַוועק. מאַטעק און סאַל־טשע האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט.

— וואָס איז דיין איינדרוק? — האָט געפרעגט סאַלטשע.

— זי איז ניט אַזוי לייכטזיניק ווי דזשעין מאָלט זי אויס. זי איז ביטרע, נאָר מען וועט קאָנען ווירקן אויף איר, ניט אַזוי, מאַטעק?

— איך גלויב אויך אַזוי, — האָט מאַטעק פאַרטראַכט געענטפערט.

## קאַפּיטל זעקס און דרייסיק

# שטורעמס

.1

די צייט איז דער בעסטער לערער, אויב מען וויל נאָר לערנען, האָט באַשלאָסן מאַטעק. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס יאָר 1932 איז פאַר אים און זיכער אויך פאַר סאַלטשען און פאַר מיליאָנען אַמעריקאַנער געווען אַ יאָר, וואָס האָט זיי די אויגן געעפנט און בעסער באַקענט מיט דער אינערלעכער אַמעריקע. ער איז געווען מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן אין דער פּאָליטיק פון לאַנד. אויב האַרדינג און זיין אַדמיניסטראַציע האָט אים געהאַט שאָ־

קירט, איז אָבער פאַר אים הואווערס פירן דאָס לאַנד געווען עפּעס וואָס האָט אים דערצאָרנט, אין דער טיפעניש פון זיין געדאַנק. ווי שטענדיק, האָט מאַ־טעק ניט געקאָנט באַגרייפן פאַרוואָס דער פשוטער אַמעריקאַנער איז אַזוי גלייכגילטיק צו דער אמתער לאַגע פון לאַנד. נאָך די האַרדינג־סקאַנדאַלן האָט ער דאָך געמעגט עפּעס לערנען, דער פּאַטריאָטישער אַמעריקאַנער — און דאָך האָט ער דערלאָזט צו דער דעפּרעסיע, וואָס האָט געהאַלטן אין אי־בערשניידן זיין אייגענעם האַלדז.

— סאַלטשע, וואָס זאָגסטו ניט דערצו, — האָט מאַטעק זיך געקאָכט, — הואווערס רעכטע האַנט איז ענדריו מעלאָן, דער דריטער רייכסטער מענטש אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דער וואָס האָט דעם דריטן גרעסטן איינקונפט אין לאַנד. נו, אויף זיינע רעקאָמענדאַציעס האָט מען געשינטן די שטייערן אויף איינקונפטן פון די רייכע פון צוואַנציק צו פערציק פּראָצענט. ער האָט אויסגעפירט, אַז די רעגירונג זאָל אומקערן שטייער־געלטער צו אים און צו די קאָרפּאָראַציעס פון וועלכע ער און זיינע אייגענע האָבן געהאַט אַ גרויסע צאָל סטאַקס, ווי למשל, די גאַלף אויל קאָמפּאַני, די סטענדערד שטאָל קאָמפּאַני און די אַלימינום קאָמפּאַני פון אַמעריקע. דאָס זיינען אַלץ באַ־וואוסטע מעלאָן קאָמפּאַניס . . . ווען דער אַמעריקאַנער, וואָס גייט צום שטים־קעסטל, וואָלט באַגריפן די באַדייטונג דערפון, וואָלט ער איינמאָל פאַר אַלע־מאָל פּטור געוואָרן פון די פּירער, וואָס האָבן אינזינען זייערע אייגענע קע־שענעס און ניט דעם וואוילזיין פון פּשוטן מענטשן ביי אונדז אין לאַנד.

עס האָט זיך דערנעענטערט דער זומער. כאָטש מאַטעק איז ניט גע־ווען קיין סאָלדאַט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, דאָך האָט ער אינגאַנצן געפיבערט מיט די פאָדערונגען פון די מלחמה־וועטעראַנען, וואָס האָבן אַציבד פאַרלאַנגט, אַז די רעגירונג זאָל זיי אַרויסהעלפן אין איצטיקן, שווערסטן עקאָנאָמישן קריזיס פון דער באַפעלקערונג. אין 1923 האָט דער קאָנגרעס באַשטימט אַ באָנוס פאַר יעדן וועטעראַן. דער באָנוס האָט געדאַרפט איינ־קאַסירט ווערן אין 1945. אין 1930 האָבן די וועטעראַנען געמעגט לייען אַ העלפט פון זייערע געלטער. אַ וועטעראַן האָט געדאַרפט קריגן איין דאָלאַר פאַר יעדן טאָג, וואָס ער האָט געדינט אין דער אַרמיי דאָ אין לאַנד און איין דאָלאַר מיט 25 סענט פאַר יעדן טאָג וואָס ער האָט געדינט מעבר הים. די וועטעראַנען האָבן פאַרלאַנגט, אַז די רעגירונג זאָל גלייך אויסצאָלן דעם באָ־נוס פאַר די וואָס האָבן זיך געניטיקט אין דעם. צוליב דעם האָבן די ווע־טעראַנען זיך אָרגאַניזירט אין אַ באָנוס־מאַרש, וואָס האָט מאַרשירט קיין וואַשינגטאָן צו פאָדערן פון קאָנגרעס, אַז מען זאָל באַלד אויסצאָלן דעם באָנוס.

אין יוני זיינען איבער צוואַנציק טויזנט באָנוס־מאַרשירער אָנגעקומען קיין וואַשינגטאָן. געקומען זיינען אַ סך מיט זייערע פרויען און קינדער; געקומען זיינען זיי אפילו פון סאַנאַטאָריעס, וואו זיי זיינען געווען פּאַציענטן.

די צייטונגען האָבן יעדן טאָג געבראַכט די נייעס וועגן באָנוס־מאַרש. דער קאָנגרעס און די רעגירונג בכלל האָבן זיך באַצויגן פיינטלעך צו די מלחמה־וועטעראַנען אין באַצוג צו זייערע פאָדערונגען.

מאָטעק איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער באָנוס־באַוועגונג. עס איז געווען דער אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן דער גלייכגילטיקייט פון דער רעגירונג צו דער קריטישער לאַגע פון אַרבעטלאָזיקייט. אָן אַ שיעור וועטעראַנען מיט מעדאַלן אויף די ברוסטן זיינען געשטאַנען אויף די טראָטואַרן פון גאַנצן לאַנד און פאַרקויפט עפּל, אָדער פּשוט געבעטלט.

וואָס־וואָס, האָט מאָטעק אַרגומענטירט, די וועטעראַנען זיינען באַרעכטיקט, אַז די רעגירונג זאָל זיך פאַר זיי זאָרגן. קריגן דעם באָנוס איצט, ווען פאַר זיי איז דאָס אַ פראַגע פון לעבן, און ניט אין 1945, ווען אַ סך וועלן שוין ניט דערלעבן, צוליב דער דעפּרעסיע, צו געניסן פון אים, איז אַן עלעמענטאַרע רעכט פון די מאַרשירער. און מאָטעק האָט געלייענט ווי די מאַסן אומעטום באַציען זיך סימפּאַטיש צו די מאַרשירער, נאָר די רעגירונג־באַאַמטע, איבערהויפּט די העכערע ספערן, פּרואוון שטערן דעם מאַרש. די וואַשינגטאָנער באַאַמטע גיבן אָנצוהערן, אַז זיי וועלן פאַר די מאַרשירער צוגרייטן אַ „פייערדיקן" קבלת פּנים— מען וועט זיי באַגעגענען מיט פייער פון ביקסן און קאַנאָנען.

וואַשינגטאָן האָט דאָס מאָל געהאַלטן וואָרט. דעם 28טן יולי האָט זיך אָנגעהויבן אַ שלאַכט צווישן דער פּאָליציי און די באָנוס־מאַרשירער.

לאָדזש האָט געהאַט אַ „בלוטיקן מיטוואָך", וואַשינגטאָן האָט געהאַט אַ „בלוטיקן דאָנערשטאָג", האָט געזאָגט מאָטעק.

אָנגעהויבן האָט זיך עס, ווען די פּאָליציי האָט געפּרואווט אַרויסזעצן עטלעכע הונדערט וועטעראַנען פון צוויי פאַרלאָזענע רעגירונגס געביידעס. די געוועזענע סאָלדאַטן האָבן ניט געוואָלט פאַרלאָזן און די פּאָליציי האָט אַריינגעשליידערט גאַז־באָמבעס. עס איז געקומען צו אַ קאַמף. די פּאָליציי האָט געשאָסן און פאַרוואונדעט אַ צאָל וועטעראַנען. צוויי זיינען פון די וואונדן געשטאָרבן און אַ קינד פון אַ וועטעראַן איז דערשטיקט געוואָרן פון אַ גאַז־באָמבע.

דאַן האָט פּרעזידענט הואווער באַפוילן, אַז גענעראַל דאָוגלעס מעקאַרטור, דער הויפּט פון דער אַמיי, זאָל באַנוצן מיליטער. די סאָלדאַטן זיינען אָנגעקומען פיר נאָכמיטאָג. געקומען זיינען די רעגולערע טרופּן, די קאַוואַלעריע

אין פאַראויס, נאָך זיי די טאַנקען, די מאַשינביקסלער און די אינפאַנטעריע.
מיט בלויזע שווערדן, מיט רעוואָלווערן אין די הענט, האָבן זיך די טרופּן אַ לאָז געטאָן קעגן די וועטעראַנען. די צייטונגען האָבן באַשריבן די שרעקלעכע סצענעס. די פאָטאָגראַפּערס האָבן פאַראייביקט די גרוילהאַפטע סצענעס און מאַטעק און סאָלטשע האָבן ניט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזאַ ברוטאַלער אַקט האָט געקאָנט פאָרקומען אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד.
די אַרמיי מיטן גענעראַל מעקאַרטור האָבן אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן „זיג“. מען האָט פאַרברענט די געצעלטן און חורבות, אין וועלכע די וועטעראַנען מיט זייערע פאַמיליעס האָבן זיך געפונען. מען האָט זיי פאַרגאַזט, אָנגעבראָכן די ביינער, אַרויפגעריטן מיט די פערד אויף פרויען און קינדער, מען האָט אָנגעצונדן דעם וואַשינגטאָנער הימל; מען האָט די באָנוס־מאַרשירער פאַרטריבן פון דער הויפּט־שטאָט. צוואַנציק טויזנט געוועזענע קעמפער פאַר אַמעריקע, וואָס האָבן זיך געוויטיקט אין מאַטעריעלער הילף, זיינען באַהאַנדלט געוואָרן ערגער ווי בעטלער, ערגער ווי וואַגאַבונדן.
פרוי הענעסי האָט געשאָלטן מיט טויטע קללות. זי איז געווען אינגאַנצן אויף דער זייט פון די באָנוס־מאַרשירער. אויך איר מאַן איז געוואָרן אויפגערעגט פון די בילדער, וואָס האָבן געוויזן ווי סאָלדאַטן פאַכען מיט בלויזע שווערדן איבער די קעפּ און פּלייצעס פון אָנטלויפנדיקע מענער און פרויען. שלום האָט געלייענט די צייטונגען און גערעדט ווי אַ „רויטער“. פרוי הענעסי האָט צוגעגעבן, אַז ער איז גערעכט דאָס מאָל. דער באָנוס־מאַרש האָט אַריינגעמאַרשירט אין טויזנטער הערצער פון אָפּגעשטאַנענע אַמעריקאַנער.

.2

עס איז ניט איינמאָל מאַטעקן אויסגעקומען צו פילן זיך באַליידיקט פון אָנקל קיוועס אַ באַמערקונג אָדער פון דער מומע פעניס אַן אויסדרוק און פון ווערטלעך וואָס משהלע און עליסל האָבן אַריינגעוואָרפן אין זייער שמועס. פּאַסירט האָט דאָס, ווען זיי האָבן דערמאָנט זייערע שכנים פון האַרלעם, וואָס האָבן געוואוינט מער צו דער מערב זייט. דאָס וואָרט „נעגער“ האָט ביי מאַטעקס האַרלעמער קרובים אַרויסגערופן אַ מין ביטול־באַציאונג, אַ פון אויבן־אַראָפּיקן קוק.
די ערשטע צייט איז מאַטעק געווען דערשטוינט. ער האָט געוואוסט, אַז דער נעגער ווערט אין דער דעמאָקראַטישער אַמעריקע ניט באַהאַנדלט ווי אַ גלייכער. ער איז דערשטוינט געוואָרן אויסצוגעפינען, אַז אויך דער כינעזער ווערט געהאַלטן אויף אַ נידעריקערער שטופע. פון זיין אייגענער

דערפאַרונג אין די פאַבריקן אויסער ניו־יאָרק האָט מאָטעק געזען — און דערפילט עס אויף דער אייגענער הויט — אַז דער ייד ווערט מיאוס באַהאַנדלט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ רעספּעקטאַבלע אינסטיטוציע צווישן אַלערליי שיכטן פון דער באַפעלקערונג — פון אַ פאַבריק־אַרבעטער ביז דער מולטי־מיליאָנערסקער גאַז און עלעקטריק קאָמפּאַני. נאָר אַז זיין אייגענער אָנקל זאָל אַראָפּקוקן אויף אַ נעגער און רעדן וועגן אים ווי וועגן אַ נידעריקערן פון אים מענטשן — דאָס האָט מאָטעק זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן.

מיט דער צייט האָט מאָטעק פאַרשטאַנען, אַז דער נעגער איז דער קרבן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, וועלכע איז פאַראינטערעסירט אין איין זאַך — אין פּראָפיט מאָטיוו. דער נעגער איז אין אַ לאַגע, וואָס ער מוז זיין גרייט צו אַרבעטן פאַר האַלב אומזיסט. דאַרף מען אים האַלטן אין דער לאַגע, ניט אַנטוויקלען אים, ניט אָננעמען זיך פאַר אים. דער נעגער האָט ניט קיין מעגלעכקייט צו באַקומען די דערציאונג, וואָס דער ווייסער קאָן באַקומען. דאַרף מען זען, אַז ער זאָל ניט דערצויגן ווערן. זאָל דער כינעזער וואַשן ברודיקע וועש. זאָל דער נעגער טאָן די שווערסטע, די שמוציקסטע אַרבעט („דאָס איז אַן אַרבעט פאַר אַ נעגער" — איז אַן אָנגענומען אַמעריקאַנער ווערטל) און באַקומען דעם קלענסטן לוין. זאָל דער נעגער וואוינען אין זיין האַרלעם־געטאָ און זיך שטיקן אין די פייער־פּאַסטקעס אין דער שוידערלעכער ענגשאַפט, וואָס דערבערענגט צו דעגענעראַציע, צו שווינדזוכט, צו דעמאָראַליזאַציע. דער נעגער טאָר ניט עסן אין זעלבן רעסטאָראַן וואו דער ווייסער עסט, אפילו אין אַזאַ פיל־פעלקערלעכער און פיל־ראַסיקער שטאָט ווי ניו־יאָרק. דער נעגער טאָר ניט זיצן אויף קיין גוטן פּלאַץ אין טעאַטער אָדער אין דער אָפּערע. בלויז אין דער סאָבוועי איז ער אַ גלייכער מיט גלייכע. נאָר די סאָבוועי ווערט דאָך מערסטנס גענוצט פון פּשוטע אַרבעטער. דער נעגער דאָקטאָר קאָן ניט פּראַקטיצירן אין אַ ווייסן שפּיטאָל; די נעגערשע נוירס, ווי אויסגעצייכנט זי זאָל ניט זיין, קאָן ניט פאַרנעמען איר פאַרדינטע פּאָזיציע אין שפּיטאָל. זי דאַרף טאָן די שמוציקסטע אַרבעט אין שפּיטאָל. מאָטעק האָט דאָס געזען. מאָטעק האָט דאָס איבערגעלעבט אין זיין אייגענער יוניאָן. נעגער אַרבעטער האָט מען בכלל ניט געוואָלט אָרגאַניזירן. און אויב די נויט האָט געצוואונגען זיי אַריינצונעמען אין אַ יוניאָן, האָט מען זיי אָרגאַניזירט אין „דזשים קראָו" יוניאָנס.

ניט איינמאָל האָט מאָטעק געעפנט אַ מויל אין אָנקל קיוועס הויז וועגן דער נעגערשער באַליידיקונג. ער האָט געזאָגט:

— טאַנטע פעני, מיט וואָס זייט איר בעסער פון דער נעגערטע, וואָס וואַשט דילן אין אייער הויז? זי איז ערלעך. זי האָט, זאָגט איר, פיר קינדער,

וואָס זי דאַרף שפּייזן. וואָס האָט זי אייך געטאָן, וואָס איר זאָלט רעדן וועגן איר ווי וועגן אַ מענטש וואָס איז ניט ווערט צו זיין אַ מענטש? בלויז דער־פאַר וואָס זי האָט אַן אַנדער קאָליר הויט? האָט איר פאַרגעסן וואָס דער צאַר האָט געטאָן צו אונדז יידן?

די טאַנטע פּעני צוזאַמען מיטן אָנקל קיווע האָבן געקוקט אויף אים און אָפּגעהוזקט פון זיינע רייד.

— מאַטעק, וואָלסטו געקאָנט וואוינען אין איין הויז מיט נעגערס? — האָט משהלע זיך אַריינגעמישט, — זיי וואָלטן דיך באַגנבעט די ערשטע צען מינוט.

מאַטעק איז געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט. דער אָנקל קיווע האָט עס באַמערקט און פון דאַן האָט מען זיך געהיט פאַר מאַטעקן. אין זיין אָנוועזנ־הייט האָט מען אויסגעמידן צו דערמאָנען די „שוואַרצע". מאַטעק האָט דאָס גוט באַמערקט און ווען סאַלטשע איז געקומען קיין אַמעריקע האָט ער איר דערציילט וועגן זיין דערפאַרונג מיט יידן, וואָס האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט „אַמעריקאַנישקייט" אין באַצוג צו נעגערס. דער אָנקל ווילי איז דאָך אויך ניט געווען בעסער. ער איז דאָך געווען דער ערשטער, וואָס האָט מאַטעקן, גלייך ביי זיין אָנקומען אין לאַנד, געגעבן די ערשטע לעקציעס וועגן דער „נידעריקערער שטופע פון נעגער".

צווישן סאַלטשען און מאַטעקן איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז עס זיינען פאַראַן ביי אונדז אין לאַנד קראַנקע פּונקטן וועגן וועלכע עס איז אַ ווייטאָג צו רעדן. אַנטיסעמיטיזם איז געווען איינער פון זיי. די לאַגע פון די איבער צען מיליאָן נעגער איז געווען נאָך אַ קראַנקערער פּונקט ווי דער אַנטיסע־מיטיזם. ביי ביידע נייע אַמעריקאַנער האָט זיך געשאַפן אַ באַזונדער וואַרעם געפיל צום נעגער. מען האָט ניט געדאַרפט דיסקוטירן דעם פּונקט, ווי מען דיסקוטירט ניט ווען מען זעט פאַר זיך אַ קריפּל. דער נעגער איז געווען דער געפּענטעטער פון קאָפּ ביז די פיס ריז, וואָס האָט אויסגעגלאָצט די אויגן צום יושר פון דער וועלט און געפרעגט שטומערהייט: „פאַרוואָס קומט עס מיר?"

די לינטשערייען אויף שוצלאָזע נעגערס, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין די דרום־שטאַטן, האָבן מאַטעקן און סאַלטשען אַרויסגעבראַכט פון געדולד. זיי האָבן זיך גערינכט, אַז דאָס לאַנד וועט ווערן אויפגעשוידערט; אַז אין קאָנגרעס וועלן דורכגעפירט ווערן אייזערנע געזעצן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּצושאַפן די שאַנד פון אַמעריקע. קיין זאַך האָט ניט פּאַסירט. די שולדיקע זיינען קיינמאָל ניט באַשטראָפט געוואָרן; פאַרקערט, אין געוויסע פאַלן, האָבן די רעגירונג־באַאַמטע געמאָלדן, אַז זיי האָבן די שולדיקע ניט געקאָנט גע־

פיגען, כאָטש די גאַנצע געגנט וואו די גבלה איז פאַרגעקומען האָט גוט גע־וואוסט ווער די שולדיקע זייענען געווען און מען האָט געלאַכט אין די הויפנס, געלאַכט פון די געזעץ־ליבהאָבנדיקע בירגער, וואָס האָבן מילד פּראָ־טעסטירט . . .

מאַטעקס דערפאַרונגען מיט נעגערס זיינען געווען די דערפאַרונגען פון מענטש מיט מענטשן. אים איז קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז דער נעגער איז אַן אַנדער מענטש ווי דער ווייסער. ער האָט זיך באַגעגנט מיט ווייסע אויסוואורפן, וואָס ער איז פון זיי אַנטלאָפן מיט עקל און פחד. ער האָט זיך געטראָפן מיט נעגערס, צו וועלכע ער האָט באַקומען אַ געפיל פון אמתער פריינטשאַפט און איבערגעגעבנקייט. איין זאַך האָט ער תמיד געפילט — אַז דער נעגער האָט זיך שטענדיק באַצויגן מיט אַ געוויסן אומ־צוטרוי צו דער פריינטשאַפט פון ווייסן. און מאַטעק האָט עס גריילעך פאַר־שטאַנען און געוואוסט, אַז אַ סך וואַסערן וועלן נאָך דורכלויפן ביז דער נע־גער וועט דערפילן, אַז דער ווייסער איז אים ניט קיין שונא.

סאַלטשע האָט זיך געפילט באַליידיקט פון דעם אומרעכט, וואָס דאָס לאַנד איז באַגאַנגען קעגן נעגער. „ביי אונדז האָט מען אַזוי די ציגיינער ניט באַהאַנדלט", האָט זי געזאָגט מיט פאַרביטערונג.

### 3.

אין 1932 איז די נעגער־פראַגע ניט אַרונטער פון סדר היום ביי מאַ־טעקן אין הויז. זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן דער סקאָטסבאָראָ־פּראָצעס איז סאַלטשע געווען אַקטיוו לטובת די ניין יינגלעך, וואָס זיינען געשטאַנען אין שאָטן פון טויט. אמת, דאָס איז ניט געווען קיין צווייטער סאַקאָ־וואַנזעטי פאַל. נאָר אין אַ געוויסן זין איז עס געווען עפּעס ערגערס. דאָ האָט אַ גאַנ־צער טייל פון לאַנד — דער ווייסער איז שוואַרצן פּאָס — געוואָלט ווייזן, אַז ער שטייט העכער פון יעדער ציוויליזירטקייט. אַ נעגערס לעבן ביי אים אין די הענט איז געווען ווי אַ הינדל אין די הענט פון שעכטער.

אַדאַנק איר אַקטיווּיטעט איז סאַלטשען און מאַטעקן ניט איינמאָל אויס־געקומען צו זיין אין האַרלעם. דוכט זיך אַ גאַס לעבן אַ גאַס — דאָ האָט געוואוינט אָנקל קיווע און מען האָט געקאָנט טרעפן אויפן טראָטואַר יידן, אירלענדער, איטאַליענער, דייטשן. נאָר אַ פּאָר מינוט שפּאַצירן האָט דיך שוין אַריינגעבראַכט אינגאַנצן אין דער נעגער־געטאָ, וואו אַ ווייסער איז געווען אַן אויסנאַם. אַרום און אַרום בלויז נעגערס. ניו־יאָרק און דאָך ניט ניו־יאָרק. מאַטעק און סאַלטשע זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער באַזונדער־

קייט, און אינטערעסאַנטקייט פון האַרלעם. זיי האָבן זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן און זיי האָבן שפּאַצירט איבער די ברייטע און איבער די שמאָלע גאַסן פון האַרלעם. מען האָט זיי ניט איינמאָל נאָכגעקוקט, ווי מען וואָלט געזאָגט: געקומען זען ווי מיר וואוינען; ווי מיר פירן זיך אויף . . . גייט זיך פון דאַנען. מ'וועט זיך באַגיין אָן אייך . . .

נאָר געוואוסט האָבן מאָטעק און סאַלטשע, אַז פינף און צוואַנציק טויזנט פאַמיליעס אין האַרלעם — אַ העלפט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג— לעבן פון רעליף; אַז די אַרבעטלאָזיקייט איז דאָ גרעסער ווי אומעטום; אַז דער הונגער איז דאָ געפערלעכער ווי אומעטום. זיי האָבן באַזוכט דעם „לונג־בלאָק", וואו איבער פיר טויזנט מענטשן האָבן געוואוינט אין אַ שרעקלעכן געדרענג; וואו די שווינדזוכט־פּלאָג האָט געטויט צוויי מאָל אַזוי פיל קרבנות ווי אין ערגסטן ווייסן טייל פון ניו־יאָרק. זיי האָבן געוואוסט, אַז צוויי מאָל אַזוי פיל נעגער־פרויען שטאַרבן ביים קינדער־געבורט, ווי ווייסע פרויען. זיי האָבן זיך אָנגעהערט וועגן „האַרלעם שפּיטאָל", אַ שטאָט־אינסטיטוציע, וואָס האָט געהייסן ביי דער האַרלעמער באַפעלקערונג — דער „מאָרג" און „די יאַטקע". אָט די איינציקע שטאָט־אינסטיטוציע האָט געדאַרפט זיך זאָרגן פאַר אַ באַפעלקערונג פון איבער דריי הונדערט און פופציק טויזנט נעגערס. מחמת אין מערסטע אַנדערע שפּיטאָלן האָט מען קיין נעגערס ניט אַריינגענומען. עס איז באַוויזן געוואָרן, אַז אין האַרלעם שפּיטאָל זיינען געשטאָרבן פּראָפּאָרציאָנעל צוויי מאָל אַזוי פיל פּאַציענטן ווי אין די אַנדערע שטאָט־שפּיטאָלן.

ווען דער סופרים קאָורט האָט אין 1932 געראַטעוועט די סקאָטסבאָראָ יינגלעך פון טויט, האָט סאַלטשע געפילט ווי זי האָט אויך געהאָלפן די ניין בחורים, אַדאַנק איר טעטיקייט אין דער אינטערנעשאָנאַל לעיבאָר דעפענס, צו וועלכער זי האָט באַלאַנגט און וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער פאַרטיידיקונג אַרבעט.

עס איז געווען טאַקע אָט דאָס זאיינשטעלן זיך פון אַ גרויסער צאָל ווייסע פאַר די פאַרמשפּטע נעגער, וואָס האָט אויפגעעפנט די אויגן אי פון נעגער, אי פון ווייסע. די נעגער האָבן געזען ווי ווייסע מענער און פרויען שטעלן זיך איין פאַר זיי, מאַרשירן אויף דעמאָנסטראַציעס, כאַפּן קלעפּ פון דער פּאָליציי, ווערן אַרעסטירט, גיבן אָפּ זייערע פאַרדינסטן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די אומבאַקאַנטע, אומוויסנדיקע נעגער־יינגלעך. די ווייסע ווידער האָבן איינגעזען, אַז דער נעגער האָט קיין רעכט ניט אין דרום און זיין לעבן שטייט אָפּט אין קאָן פון שיכור'ע לינטש־מאַבס, וואָס האַלטן זיך פאַר די ווייסע אַריסטאָקראַטן אין דרום.

אין 1932 זיינען פאַרגעקומען נאַציאָנאַלע וואַלן אין לאַנד. מאַטעק און סאַלטשע, בירגער פון לאַנד, האָבן זיך אַריינגעוואָרפן מיט זייער גאַנצער ענערגיע אין דער וואַל־קאַמפּאַניע. דאָס לאַנד האָט געשמאַכט אונטער דער אומפּייאיקער רעגירונג פון העריבערט הואווער, וואָס האָט צוגעזאָגט אַ „הון אין יעדן טאָפּ און צוויי קאַרס אין יעדן גאַראַדזש" און די טעפּ זיינען גע־שטאַנען ליידיק; די דעפּרעסיע האָט אויפגעגעסן די האָפענונגען פון די איינוואוינער; דער הונגער איז געשטיגן; דאָס פאָלק האָט געזוכט אַ לייזונג און אַ רעטונג; די וואָס האָבן געוואָלט איבערנעמען צו פירן דאָס לאַנד, זיינען געלאָפן אויף דער פּלאַטפאָרמע פון צוזאָגן, אַז מיט זייער דערוויילונג וועלן זיך אָנהויבן בעסערע צייטן. זיי וועלן פאַריאָגן די דעפּרעסיע, זיי וועלן צוריקברענגען פּראָספּעריטי. די וואַלן זיינען געווען דער לייכט־טורעם; צו אים האָבן זיך געשטרעקט מיליאָנען הונגעריקע הענט.

אַמעריקע האָט דערהערט נייע קולות אין צייט פון דער וואַל־קאַמפּאַניע. דער דעמאָקראַטישער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט, האָט דערקלערט, אַז דאָס איז ניט קיין וואַל־קאַמפּאַניע, נאָר אַ שלאַכט־רוף צו געווינען אַמעריקע צוריק פאַרן פאָלק. רוזוועלטס רייד האָבן אָנגעצונדן די האַלב־פאַרלאָשענע הערצער פון אַנטוישטע, אַנטמוטיקטע בירגער. עס האָט גערעדט אַ פירער, נאָר גערעדט האָט ער זייער שפּראַך.

סאַלטשע און מאַטעק זיינען אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון רוזוועלטס רע־דעס. נאָר רוזוועלט האָט ניט פאַרטראָטן זייערע אינטערעסן. ער איז געווען דער פאַרשטייער פון קאַפּיטאַליזם, פון ליבעראַלן קאַפּיטאַליזם, וואָס האָט געזען זיין אייגענעם אונטערגאַנג, אויב ער וועט ניט, ביים קומען צו דער רעגירונג־מאַכט, פאַרבעסערן די לאַגע פון מיליאָנען ליידנדיקע. סאַלטשע און מאַטעק האָבן יאָ און ניט געגלייבט רוזוועלטס צוזאָגן.

פאַר זיי איז דאַן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געווען די וועג־ווייזערין פון לאַנד. זי איז געווען די ערשטע, וואָס האָט אין איר וואַל־פּלאַטפאָרמע אַוועק־געשטעלט פּונקטן קעגן אַנטיסעמיטיזם; זי איז געווען די ערשטע וואָס האָט די נעגער־פּראָבלעם געשטעלט אויף דער טאָג־אָרדענונג פון לאַנד. די אַנ־דערע פּאַרטייען האָבן כסדר פאַרשוויגן דעם פּיינלעכן ענין. זיי זיינען געווען איינייק אין זייער אַנטי־נעגער שטעלונג, אין זייער נעגער־האַס. און דאָ קומט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אַרויס מיט אַ נעגער־קאַנדידאַט אַלס וויצע־פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דער קאַנדידאַט איז געווען אַ מלחמה־וועטעראַן דזשעימס פאָרד, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן ביים באָנוס־מאַרש אין וואַשינגטאָן. געבאָרן געוואָרן איז פאָרד אין דזשאָרדזשיא, וואו זיין פאָטער האָט באַאַרבעט אַ פאַרם, וואָס ער האָט געדונגען. דער קליינער

דזשעימס האָט אַלס קינד געזען ווי אַ ווייסער מאָב האָט געלינטשט זיין זיידן צוליב אַ סכסוך איבער אַ חזיר׳ל. מער האָט מען אויף דער פאַרם ניט גע־קאָנט בלייבן און פאָטער און זון זיינען אַוועק אַרבעטן פאַר דער טענעסי קוילן קאָמפּאַני. דזשעימס האָט גראַדואירט דעם פיסק אוניווערסיטעט, שליסט זיך אָן אין דער אַרמיי, באַטייליקט זיך אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, קומט צוריק מיט אויסצייכענונגען און ווערט אָן אַנגעשטעלטער אין דער פּאָסט דינסט. ער ווערט אויך אַקטיוו אין דער יוניאָן פון די פּאָסט־אָנגע־שטעלטע. ער שליסט זיך אָן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און דער־גרייכט צו פירערשאַפט. צוזאַמען מיט ווילּיאַם פאָסטערן, דעם פּרעזידענט־קאַנדידאַט, פירט ער אָן מיט דער וואַל־קאַמפּאַניע.

פאַר מאַטעקן און סאַלטשען איז דאָס יאָר 1932 געווען דאָס יאָר פון קאַמף פאַר די עלעמענטאַרסטע רעכט פון די אונטערדריקטסטע אין אַמע־ריקע — די נעגער. יענעם זומער איז דער נאָמען פון אַנדזשעלאָ הערנדאָן און עידא ראַיט ניט אַראָפּ פון זייערע ליפּן. עידא ראַיט איז געווען די מוטער פון איינעם פון די סקאָטסבאָראָ ייִנגלעך. מאַטעק, סאַלטשע, שלום און פרוי הענעסי זיינען זיי געגאַנגען הערן רעדן. סאַלטשע איז געזעסן און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן. פאַר איר איז געשטאַנען אַ מאַמע, וואָס האָט געבעטן מען זאָל ראַטעווען איר זון, וואָס איז געשטאַנען אין געפאַר פון טויט פאַר אַ פאַרברעכן וואָס ער איז, ערשטנס, ניט באַגאַנגען, און צווייטנס, ווען ער וואָלט געווען אַ ווייסער, וואָלט דער גאַנצער ענין זיך געענדיקט מיט אַ טורמע־שטראָף. אַנדזשעלאָ הערנדאָן איז געווען אַ ניינצן־יערי־קער נעגער, וואָס האָט געוואַגט אין אַטלאַנטאַ אָנצופירן אַ דעמאָנסטראַ־ציע פאַר אַרבעטלאָזער־הילף. ער איז אַרעסטירט געוואָרן און עס האָט אים געדראָט אַ שטראָף פון 20 יאָר טורמע אויף דער טשעין־גענג, וואָס האָט פאַר אים געמיינט אַ לאַנגזאַמער טויט. ער איז געווען אַ צאַרטער בחור, וואָס האָט זיך אַנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און געווידמעט איר זיין יוגנט.

בלוטיקע סטרייקס פון די קוילן־גרעבער אין קענטאַקי. בלוטיקע קאַמפן פון די נעגערשע שער־קראָפּערס אין טאַלאַפּוזאַ, אַלאַבאַמאַ. רויט בלוט איז געפלאָסן אין שוואַרצן פּאַס. סאַלטשע און מאַטעק האָבן דערפילט, אַז דאָס האָט מען פאַרגאָסן דאָס בלוט פון זייערע ברידער אין קאַמף.

די טעג און די אָוונטן זייענען אַוועק מיט אַ שנעלן טעמפּ. סאַלטשע און מאַטעק זיינען געווען שרעקלעך פאַרנומען. זיי האָבן געזוכט דזשאַבס, נאָר דאָס זוכן איז געווען אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט. דאָך איז מאַטעקן געלונגען יעדע וואָך צו פאַרדינען עפּעס. מען האָט אים געקענט אין דער געגנט און

מען האָט אים גערופן צו פאַרריכטן די עלעקטריק. אויך האָט סאַלטשע אַמאָל געטאָן אַ טאָג אַרבעט אין אַ קראָם פון פרויען־היט.

די הויפּט־אַרבעט איז אָבער געווען די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. אין איר האָט מען זיך אויסגעלעבט, אין איר האָט מען אויפגעלעבט, אין איר האָט מען באַקומען מוט און גלויבן. ביי די מיטינגען און קאָנפערענצן האָט מען געשלאָסן נייע באַקאַנטשאַפטן. דאָ איז געזעסן איין גרויסע משפחה, איין אינטערנאַציאָנאַלע פאַמיליע, וואָס האָט האַרמאָנירט צווישן זיך. ייד און שוועד, אירלענדער און איטאַליענער, נעגער און גריך, רוס און דייטש — אַלע האָבן זיך אַזוי גוט פאַרשטאַנען, אַלע האָבן געוואָלט איין זאַך — אָפּשאַפן די נויט, וואָס האָט אָנגעכאַפּט ביים גאָרגל מיליאָנען אַרבעטער. מען האָט ניט גערעדט וועגן זיך, וועגן די אייגענע נויטן. מען האָט אין זינען געהאַט די נויטן פון לאַנד, פון דער באַפעלקערונג.

אין דעם איז באַשטאַנען די שיינקייט.

— מאָטעק, מיר זיינען אַ מאַכט, — האָט סאַלטשע אויסגערופן, — מיר זיינען די נייע אַמעריקע.

— עס ווערט ליכטיק אין די אויגן, ווען דו זעסט ווי אַ נעגער־מיידל האַלט אַ פייערדיקע רעדע. דו לערנסט עפּעס פון איר, דו פילסט, אַז זי איז אַ פירערין, דיין פירערין, — האָט מאָטעק געזאָגט און זיינע אויגן האָבן געלויכטן.

## קאַפּיטל זיבן און דרייסיק

# נאָענט און ווייט

**1.**

מאָטעק האָט באַשלאָסן, אַז ער מוז קריגן באַשעפטיקונג פאַר איירין. ער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב צו טאָן וואָס ער קאָן נאָר, אַז זי זאָל ניט האָבן קיין אויסרייד. ער האָט פאַרבראַכט אַ סך צייט אויסצוגעפינען מענטשן וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט ביזנעס פאַרלאַרס און עס איז אים געלונגען איבערצורעדן אַן אייגנטימערין פון אַזאַ פּלאַץ, אַז זי זאָל איר געבן אַ געלעגנהייט זיך אויסצולערנען דאָס פאַך. עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז אַ חודש צייט וועט זי אַרבעטן אומזיסט און נאָכדעם, אויב זי וועט זיך

אויסטויגן, וועט זי קריגן אַ קליינעם לוין. נאָר אַ ביזנעס־אַגענט פון דער יוניאָן האָט מאַטעקן צוגעזאָגט, אַז ער וועט פאַר איר קריגן אַרבעט און אַ בעסערן לוין. זאָל זי זיך נאָר אויסלערנען דאָס פאַך און זאָל זי אַרויסווייזן איניציאַטיוו.

צו דער באַשטימטער צייט האָבן מאַטעק און סאַלטשע געוואַרט ביי זיך אין הויז און צוגעגרייט די גוטע נייעס פאַר איירין. זי האָט זיך אָבער ניט באַוויזן.

— גלויבסט, אַז זי האָט פאַרגעסן? — האָט געפרעגט סאַלטשע.

— איך גלויב ניט אַזוי. איך האָב מורא, אַז מיר וועלן זי שוין ניט זען, — האָט געענטפערט מאַטעק. — אַ שאָד, אַ שאָד. זי האָט אַ גוטע גע־לעגנהייט זיך אויסצולערנען אַ פאַך.

— ווייסטו גאָר וואָס, מאַטעק, איך האָב אַ פּלאַן. זאָל דזשעין דאָס אי־בערנעמען. זי איז אַן אַרבעטזאַם, פלייסיק מיידל. איך וועל זי מאָרגן טרעפן ביים מיטינג. זאָל איך מיט איר רעדן, מאַטעק?

— וואַרט נאָך צו אַביסל. אפשר קאָן דזשעין זיך זען מיט איירין און איר איבערגעבן די נייעס. לאָמיר זיין געדולדיק. עס איז וויכטיקער, אַז איירין זאָל קריגן די שטעל. אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז זי וויל ניט, דאַן זאָל דזשעין צוגיין אַהין. די זאַך איז די: די באַלעבאָסטע האָט מיך גע־פרעגט ווי זי הייסט, האָב איך איר שוין געזאָגט, אַז עס וועט קומען צו איר איירין. דעם צווייטן נאָמען האָב איך ניט געוואוסט. איצט וועט קומען צו איר דזשעין. ווי וועט דאָס אויסקוקן?

— דאָס איז פון די קלייניקייטן. לאָמיר פריער פאַרטיק ווערן מיטן ענין איירין.

אויף מאָרגן, צום מיטינג, איז גראָד דזשעין ניט געקומען. זי איז אויך אין יענער וואָך ניט געקומען באַזוכן סאַלטשען און פרוי הענעסי, ווי איר שטייגער איז געווען. באַקאַנטע האָבן דזשעין ניט געזען לעצטנס ביי פאַר־זאַמלונגען.

עס זיינען פאַראיבער אַ פּאָר וואָכן און איירין איז ניט געקומען און אויך דזשעין האָט זיך ניט געוויזן. מאַטעקן האָט עס פאַרדראָסן. גאָלדע איז שוין געווען גרייט אָנצונעמען דעם אָנבאָט, נאָר מעקס האָט ניט געלאָזט.

צופעליק האָט מאַטעק זיך באַגעגנט מיט איירין.

געווען איז דאָס שפּעט אין אָוונט. מאַטעק איז אַהיים געגאַנגען פון מי־טינג, וואָס איז פאָרגעקומען אויף דער וועסט סאַיד. ער האָט שפּאַצירט איבער דער פערצנטער גאַס איינער אַליין. ס'איז געווען אָנהויב זומער — וואַרעם און וואַכיק. עס האָט זיך נישט געגלוסט אַריינצוגיין אין הויז. ער איז

געגאַנגען לאַנגזאַם. צוקומענדיק צו דער פּערטער עוועניו אויפן וועג צו דער צווייטער עוועניו, האָט ער זיך דערפילט פיל היימישער. דאָ זיינען די טראָטואַרן געווען פול מיט מענטשן, נישט געקוקט אויף דער שפּעטער שעה. מאָטעק האָט ליב געהאַט צו באַאָבאַכטן די פּנימער פון די מענטשן דאָ. עס איז געווען אַן ערב רב. אויף די צוויי בלאָקס, אויף דער דרום זייט, האָט ער געזען מענטשן פון דער גאַנצער וועלט, האָט זיך אים אויסגעדוכט. מען האָט געהערט אַלערליי לשונות. פון די ביליקע רעסטאָראַנען האָט זיך געטראָגן דער ריח פון שטאַרק געווירצטער שפּייז און פון ביליקן ביר. עס האָבן זיך געוואַקלט איבערן טראָטואַר שיכורע מענער און פרויען. מען איז געווען גרייט אויסצושטעלן די פויסטן, נאָר מען האָט געוואוסט, אַז עס וועט קיין זאַך ניט פּאַסירן. דער עולם האָט זיך ניט געאײַלט און הנאה געהאַט פון שפּאַציר.

מיטאַמאָל האָט מאָטעק באַמערקט אַ באַקאַנט פּנים פון אַ מיידל. זי האָט, דוכט זיך, אַ שמייכל געטאָן צו אים. ער האָט זיך איינגעקוקט. יאָ, זי האָט געוואָלט צוריקכאַפּן דעם שמייכל, נאָר ער האָט זי דערקענט. דאָס איז געווען איירין. אינסטינקטיוו איז אים איינגעפאַלן צוגיין צו איר און איר איבערגעבן, אַז ער האָט געהאַט פאַר איר אַ דזשאַב און אַז זי זאָל מאָרגן גלייך אינדערפרי צוגיין אַהין.

— האַלאָ, איירין, — האָט ער געזאָגט און ער איז שוין געווען ביי איר זייט.

— האַלאָ, מאָטעק, — האָט זי הייזעריקלעך געענטפערט, — וואָס טוט איר דאָ אַזוי שפּעט ?

— איך גיי פון אַ מיטינג, — האָט ער געענטפערט און גלייך צו זיך געקומען און אַ פרעג געטאָן — און וואָס טוט איר דאָ אַזוי שפּעט ?

— איך ? איך ? — האָט זי פרעך אַ שמייכל געטאָן, — איך בין דאָ פאַר ביזנעס.

— ביזנעס ? וואָס פאַרקויפט איר ? — האָט מאָטעק ערנסט אַ פרעג געטאָן און געפילט ווי דער צאָרן שטייגט אין אים.

— כ׳האָב עפּעס וואָס צו פאַרקויפן. וואָס מאַכט די פאַמיליע ?

— הערט, איירין, פאַרוואָס זייט איר ניט געקומען יענעם מאָנטיק אָוונט, ווען איר האָט צוגעזאָגט ? איך האָב פאַר אייך אַ דזשאַב.

מאָטעק האָט גערעדט צו איר און מיטאַמאָל דערפילט ווי מען קוקט אויף אים. איין מאַן און נאָך אַ מאַן האָבן אים אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין ציניש און געמיין און געמאַכט אַ פאַרזוך זיך איינצוהערן וואָס ער זאָגט. עס איז אים היים געוואָרן פון די בליקן. ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער

אַנטלויפן פון איר. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז באַלד וועלן דורכגיין באַקאַנטע, וואָס וועלן דערקענען דאָס מיידל מיט וועלכער ער גייט. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז יעדער איינער דאָ האָט געקענט איירין און איר „באַרוף״.

— איר האָט פאַר מיר אַ דזשאָב? וואָס פאַר אַ דזשאָב? — האָט איר קול געקלונגען ניט אויפריכטיק און איר פּנים, וואָס איז געווען ביליק באַשמינקט, האָט מאַטעקן אַצינד אויסגעזען געמיין און הפקרדיק.

— איר האָט צוגעזאָגט צו קומען צו אונדז לויט אַ באַשטימטער צייט. איך האָב פאַר אייך אַרומגעזוכט אַ דזשאָב און אים געקראָגן. איר זייט ניט געקומען. איצט פרעגט איר וואָס פאַראַ דזשאָב? — איז מאַטעקס קול געווען פול מיט כּעס.

— וועל, איך דאַרף ניט מער קיין דזשאָב.

— איר מיינט, — האָט מאַטעק פאַרלאָרן זיין געדולד, — אַז אַרומגיין אויף דער פּערצנטער גאַס און פאַרקויפן אייער יונגען קערפּער לוינט זיך בעסער ווי פירן אַן ערלעך לעבן ווי אַלע אַרבעטער מיידלעך פירן?

— אָ, דו געמיינער ייד! דו לומפּיקער קאָמוניסט . . . — האָט זי גענומען שרייען. מאַטעק האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן פון איר און ער איז אינמיטן וועג אַריבער אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר.

ער איז געגאַנגען ווי אַן אָפּגעבריטער און זיך ניט אומגעקוקט. נישט קיין מורא האָט אים געטראָגן, נאָר אַ צאָרן, וואָס האָט אים געצויגן זיך אומצוקערן צוריק און איר ענטפערן. ער האָט זיך קאָנטראָלירט. אויף דער זייט טראָטואַר זיינען געגאַנגען ווינציק מענטשן און מאַטעק איז צו זיך געקומען.

סאַלטשע איז שוין געשלאָפן, ווען ער איז אַריינגעקומען אין הויז. ער האָט זיך איינגעהאַלטן זי ניט אויפצוּוועקן. ער האָט לאַנג ניט געקאָנט איינשלאָפן. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין וואָרפן זיך אויפן געלעגער.

— ווי שפּעט איז? ווי איז געווען דער מיטינג? — האָט זי געפרעגט פאַרשלאָפן.

זאָל ער איר דערציילן? ניין, ער מוז זיך איינהאַלטן. זאָל זי האָבן אַ רואיקן שלאָף. נאָר ער האָט אין קיין פאַל ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. אין דער פרי, נאָך איידער שלום האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער איר דערציילט. זי האָט זיך איינגעהערט מיט אַן אָפן מויל. זי האָט זיך ניט געגלויבט.

— ווייזט אויס, אַז פון אַ חזרישן עק קאָן מען קיין שטריימל ניט מאַכן, — האָט זי געזאָגט. — זי וועט שוין צעפוילט ווערן אויף דער פערצנטער

גאָס. מעגסט עס דערציילן דזשעין. זאָל זי נעמען דעם דזשאָב. פאַרגעס, מאָטעק, אין דער גאַנצער געשיכטע. מיר האָבן געטאָן וואָס אַן ערלעכער מענטש דאַרף טאָן. אונדזער געוויסן איז ריין.

מער האָט זיך דזשעין ניט געוויזן. סאַלטשע האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף איר. פרוי הענעסי האָט זיך נאָכגעפרעגט. דזשעין איז פאַרשוואונדן פון דער באַוועגונג.

.2

סאַלטשע האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון דר. פאַניאַ אימבער פון בענגאָר, מעין. דאָס איז געווען דער ערשטער בריוו פון איר. ניט איינמאָל האָט סאַלטשע איבערגערעדט מיט מאָטעקן וועגן פאַניאַס שווייגן. אויך שלום האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף פאַניאַן. דער בריוו איז געווען אויף יידיש און ער האָט איינגאַנצן פאַרנומען איין בייגעלע פאַפיר. פאַניאַ האָט איינגעלאַדן סאַלטשען, מאָטעקן און שלומען צו קומען פאַרברענגען ביי איר אין הויז אַ פּאָר וואָכן, ווי זי האָט זיי געהאַט צוגעזאָגט פאַרן אָפּפאָרן. וועגן זיך האָט זי געשריבן, אַז עס גייט איר גוט און סטענלי איז פאַרנומען מיט זיין אַרבעט.

— ס'איז גאָרניט קיין שלעכטער פּלאַן, — האָט געזאָגט מאָטעק, — ווען די סקול וועט זיך פאַרמאַכן, נעם שלומען און פאָר אַוועק צו איר אויף צוויי וואָכן. וועסט זען די צפונדיקע טייל פון לאַנד. קאָנסט פאָרן מיט דער שיף פון באָסטאָן ביז פּאָרטלענד און פון דאָרט פאָרן מיטן באָס אָדער מיט דער באַן. עס קאָסט ניט קיין סך.

— און וואָס וועסטו טאָן, מאָטעק? — האָט סאַלטשע ווי צוגעשטימט צום פּלאַן, — אויב דו וועסט מיטפאָרן, וועל איך איינגיין דערויף.

— צוויי איז אַ פּאָר, דריי איז אַ מאַסע, זאָגט אַ ווערטל, דוכט זיך. לאָז איך גלייך וויסן, אַז דו קומסט מיט שלומען. פאַר מיר איז גענוג דער זאָאָלאָגישער גאָרטן פון בראָנקס פּאַרק. איך קאָן אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין דאָרט און ניט מיד ווערן. זיך אַוועקזעצן ביי פאַניאַן אויף צוויי וואָכן אין הויז, איז ניט פאַר מיר. פאָלג מיך און דו וועסט הנאה האָבן. איבערהויפּט וועט דאָס זיין גוט פאַר שלומען. ער איז נאָך אין ערגעץ ניט געווען.

דער לעצטער אַרגומענט האָט געווירקט אויף איר. זי האָט זיך געפילט שלעכט וואָס שלום איז נאָך פון ניו־יאָרק ניט געהאַט אַרויסגעפאָרן. ער איז קיינמאָל ניט געווען אין קיין זומער־פּלאַץ ווי די מערסטע חברים זיינע. אין די הייסע טעג האָט ער פאַרבראַכט אויף די בריענדיקע טראָטואַרן פון מאַנהעטן.

— שלום, וואָלסט וועלן פאָרן מיט מיר קיין בענגאָר, מעין, צו פאַניאַן?
— האָט געפרעגט סאַלטשע.

— דו שפּאַסט, מאַמע. פאַניאַ האָט אונדז טאָקע איינגעלאַדן? — ווייז מיר דעם בריוו.

האָט אים סאַלטשע געוויזן דעם בריוו. שלום איז געגאַנגען אין דער יידישער קינדער־שול און ער האָט געקאָנט לייענען אַ מאָדערנעם יידיש. די ערשטע זאַך האָט ער געפונען גרייזן אין פאַניאַס אויסלייגעכץ. פאַניאַ האָט זיך אויסגעלערנט יידיש פון איר טאַטן, וואָס האָט פון קיין יידישער גראַמאַטיק ניט געוואוסט.

— יאָ, מאַמע, איך וויל פאָרן מיט דיר. נאָר וואָס וועלן מיר טאָן מיטן טאַטן? ער וועט דאָך ניט וועלן מיטפאָרן מיט אונדז.

— פון וואַנען ווייסטו, אַז דער טאַטע וועט ניט וועלן מיטפאָרן? האָסט אים געפרעגט?

— איך ווייסט טאָקע ניט, נאָר איך שטעל זיך פאָר; אַז דער טאַטע האָט ניט ליב צו גיין צו גאַסט אין ניו־יאָרק, וועט ער ניט וועלן פאָרן צו גאַסט אין בענגאָר, מעין.

— האָסט געטראָפן, מיין זון. דער טאַטע בלייבט דאָ.

סוף יולי זיינען סאַלטשע און שלום אָנגעקומען קיין בענגאָר, מעין. די רייזע האָבן זיי געמאַכט ווי מאָטעק האָט פאָרגעשלאָגן. פון באָסטאָן ביז פּאָרטלענד מיט דער שיף און פון דאָרט מיט דער באַן. שלום איז געווען ניט צו דערקענען. ער האָט אָנגעוואָרן זיין ערנסטקייט, וואָס איז שטענדיק געווען סאַלטשעס זאָרג. דעם גאַנצן וועג איז ער געווען פריילעך און נייגעריק און אויסער זיך פון אַנטציקונג פאַר די וואונדער וואָס ער האָט געזען אויפן וואַסער און אויף דער יבשה. אויף דער שיף האָט ער געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט פּאַסאַזשירן, איבערהויפּט מיט אַן עלטערער פרוי, וואָס איז געפאָרן פון באָסטאָן קיין פּאָרטלענד, וואו זי האָט געוואוינט אַלע יאָרן. מאָטעק האָט איר דערציילט וועגן ניו־יאָרק, וואו זי איז קיינמאָל ניט געווען. זי האָט אים דערציילט וועגן איר פּאָרטלענד, דערציילט לעגענדעס, וואָס האָבן אָנגעצונדן זיין פאַנטאַזיע און וואָס ער האָט דער מאַמען איבערגעגעבן מיט אַלע איינצלהייטן, וואָס ער האָט אַליין געשאַפן.

סאַלטשע האָט זיך דערפילט אָפּגעפרישט און ווי אַ נייער מענטש פון דער רייזע. עס האָט איר זייער באַנג געטאָן, וואָס זי האָט מאָטעקן ניט געקאָנט איבעררעדן, אַז ער זאָל מיטפאָרן. איצט איז ביי איר געווען באַשטימט, אַז אַזוי שנעל ווי די לאַגע וועט ווערן בעסער, וועלן זיי פאָרן קיין לאָדזש זיך זען מיט מאָטעקס שוועסטער. קיין זאַך מאַכט אַ מענטשן ניט

אַזוי געזונט גייסטיק און פיזיש ווי אַ רייזע, האָט געשריבן סאַלטשע צו מאַ־טעקן פון וועג. בכלל האָט זי זיך געטיילט מיט אים אַלע איינדרוקן אין אירע בריוו.

פאַניאַ האָט אָפּגעוואַרט די געסט ביי דער באַן־סטאַנציע. די שמחה איז געווען גרויס. סאַלטשע האָט פאַניאַן נישט דערקענט. זי איז יינגער געוואָרן, שלאַנקער געוואָרן און שענער געוואָרן. זי איז געווען אויסגעצוי־ווינטלעך אויסגערוט און זאַט. די אויגן האָבן געגלאַנצט מיט צופרידנקייט. סטענלי איז געזעסן אין דער קאַר און געוואַרט אויף זיי. אויך סטענלי איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. ער איז געווען שיין געקליידט. אַלץ איז אויף אים געלעגן ווי אָנגעמאָסטן.

— אַי, בין איך צופרידן, וואָס דו ביסט געקומען און נאָך מיטגעבראַכט שלומען! נאָר מאַטעקן האָסטו אויך געדאַרפט מיטברענגען, — האָט פאַניאַ געזאָגט און איר קול איז געווען פריש און ריין און זי האָט אויסגעזען באַ־לעבאַטיש און פריילעך.

— שלומל, שלומל, איך האָב געבענקט נאָך דיר. מיר וועלן האָבן אַ „גוד־טאַים״ צוזאַמען, — האָט זי געהאַלטן שלומען אַרומגענומען און גערעדט צו אים און צו סאַלטשען יידיש.

— איצט וועט זי האָבן מיט וועמען אויסצורעדן אַ יידיש וואָרט, — האָט צוגעגעבן סטענלי, — איר ווייסט, סאַלי, אַז זי האָט געבענקט נאָך אַ יידיש וואָרט. כ'האָב שוין באַלד פאַרגעסן ווי צו רעדן יידיש. אַלע אירע פּאַ־ציענטן קאָנען בלויז ענגליש און פראַנצויזיש. כאָטש אימפּאָרטיר פון ניו־יאָרק אַ פּאָר יידיש־רעדנדיקע פּאַציענטן.

— פאַניאַ, דו קוקסט דאָך אויס וואונדערבאַר, — האָט סאַלטשע פון איר די בליקן נישט געקאָנט אַרונטערנעמען. — איך בין שוין באַלד צופרידן וואָס דו האָסט פאַרלאָזן ניו־יאָרק.

די אויטאָמאָביל־רייזע פון דער סטאַנציע צו פאַניאַס הויז איז געווען אַזוי פאַרכאַפּנדיק, אַז סאַלטשע האָט ווי פאַרגעסן אין פאַניאַן און געהאַלטן איר קאָפּ געווענדט צו די אין גרינס־איינגעטונקטע גאַסן און געסלעך. פאַניאַ האָט עס באַמערקט און געזאָגט מיט שמאָלץ און ליבע:

— איך בין אַנטציקט פון בענגאָר. איך קאָן שעה'ן־לאַנג שפּאַצירן אי־בער די גאַסן און פילן ווי רו נעמט מיך אַרום און ווי אַלץ איז אַזוי האַר־מאָניש דאָ און אָפּגעהיט. נאָר דאָס מיינט נישט, אַז דאָ איז נישט פאַראַן קיין אָרעמקייט און נויט. מיר פירן דיך איצט איבער די שיינע געגנטן פון שטאָט אָדער שטעטל. איך בענק נישט נאָך ניו־יאָרק, סאַלטשע. איך קאָן דאָ אויס־לעבן מיין לעבן און איך וועל נישט בענקען נאָך ניו־יאָרק.

— און איך בין אַנדערש, — האָט סאַלטשע גלייך געענטפערט, — איך בין אויסגעהאָדעוועט געוואָרן אין אַ גרויסער, רעש׳דיקער שטאָט, אין לאָדזש, און איך קאָן אָן מענטשן ניט לעבן.

— און איך, — האָט איר פאַניאַ איבערגעשלאָגן, — בין מיד פון מענטשן. אפשר דערפאַר וואָס מיין אַרבעט באַשטייט פון קומען אין אַזאַ נאָענטן קאָנ־טאַקט מיט זיי. איך קריך דאָך פאַקטיש אין זייערע געדערים אַריין. איך זע ווי זייערע לעבנס ווערן צעפרעסן פון קאַנסער און טובערקולאָז און —

— איך געדענק, פאַניאַ, ווי דו האָסט אַמאָל אַנדערש גערעדט. דאַן האָסטו מיר געזאָגט, אַז עס איז ניטאָ קיין גרעסערער וואונדער ווי דער מענטשלעכער גוף; דאַן האָסטו זיך ניט געקאָנט אָנזעטיקן פון נייגיר וועגן מענטשן . . .

— יאָ, ביסט גערעכט, סאַלטשע. נאָך היינט קאָן איך ניט פאַרשטיין די רעטענישן פון פיזישן צוזאַמענשטעל פון מענטשן. די מעדיצין איז נאָך הילפלאָז אין דעם פּרט. אָפט האָב איך דאָס געפיל ווי פרעגן דעם באַשע־פער פון מענטשן, גאָט צי נאַטור — דאָס איז די צרה וואָס עס איז ניטאָ קיין אַדרעס צו ווענדן זיך צו ווענדן — איך פיל ווי צו פרעגן אַ צאָל פראַגעס וועגן דער מענטשלעכער מאַשין, וואָס מיר איז ניט קלאָר פאַרוואָס זאַכן גע־פינען זיך וואו זיי זיינען און פאַרקערט, פאַרוואָס געפינען זיי זיך ניט וואו זיי דאַרפן לאָגיש זיין. דו זעסט אָט די ריי נאָדל־ביימער. ווי איינפאַך איז זייער געבוי און ווי וואונדערבאַר זיי זיינען און וויפל נוצן זיי ברענגען אונדז און דאָך זיינען זיי ניט קאָמפּליצירט ווי דער מענטשלעכער בוים איז . . . ניין, איך וועל דיך ניט פאַרנודיען מיט פּילאָזאָפיע. דו ביסט געקומען זיך אָפּ־רוען ביי אונדז און מיר וועלן גוט פאַרברענגען.

— פאַניאַ טייערע, — האָט זיך אָנגערופן סטענלי, אויף ענגליש, — וועסט מיר דאַרפן אויסלייען סאַלטשען פאַר עטלעכע מיטינגען. זי וועט מיר שטאַרק צונוץ קומען אין דער אַי. על. ד.־אַרבעט דאָ. מאָרגן האָבן מיר אַ מאַס־מיטינג אין אַ טשוירטש. סאַלטשי, איר וועט מיטגיין?

— אָ, ניין, סטען, — האָט פאַניאַ אויפגעהויבן איר קול, — סאַלטשע וועט גאָרניט האָבן צו טאָן מיט קיין מיטינגען אַזוי לאַנג ווי זי וועט זיין דאָ. איך בין דאָקטאָר און איך פאַרשרייב: „מיטינגען פאַרבאָטן. שיפלען זיך יעדן טאָג; לאַנגע שפּאַצירן איז גוט פאַר די היפּטן, קאָנצערטן אין אונדזער גאָרטן און זון־בעדער אויף אונדזער דאַך.

אַלע האָבן געלאַכט. שלום האָט זיך אַריינגעמישט:

— דאָקטאָר פאַניאַ, און וואָס וועל איך טאָן?

— דאָקטאָר פאַניאַ וועט פאַרשרייבן אַ גרויסע פאָרציע אייז־קרים יעדן

טאָג, אפילו אין רעגנדיקע טעק. צופרידן, מיין זיסהאַרץ?

— אָט זיינען מיר שוין אויף אונדזער גאַס, — האָט פאַניאַ באַלעבאַטיש אַנאָנסירט. איר פנים האָט אויפגעשיינט. מענטשן, וואָס מען האָט ביז איצט זעלטן געזען אויף די גאַסן, האָבן זיך באַוויזן אויפן טראָטואַר און געווענדט זייערע בליקן צום אויטאָמאָביל, וועלכן זיי האָבן געקענט. יעדער איינער האָט פאַניאַן אָקגעגנגעטראָגן אַ באַגריסונג. פאַניאַ האָט הויך געענטפערט און פאַר יעדן געהאַט אַ באַזונדערן שמייכל.

דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ ברייט הויז און סאַלטשע האָט פאַר זיך דערזען אַ ווייס־געפאַרבטן לאַנגן גאַניק, פעסט געבויט און מיט קאָלירטע אויסלייג־שטולן און שטרויענע וויג־שטולן.

— סאַלטשע און שלום, — האָט פאַניאַ געזאָגט, נאָך איידער מען איז אַרויף אויף די שטיינערנע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צום אַריינגאַנג, — איר זאָלט זיך פילן פריי ביי אונדז ווי ביי זיך אין הויז. אַ פרוי קומט אויפ־ראַמען יעדן טאָג. איך קאָך אַליין און איך פאַרהאָף, סאַלטשע, אַז דו וועסט מיך אויסלערנען קאָכן אַ פּאָר היימישע מאכלים.

גראַמע צימערן, אַ ליכטיקע, אַ באַשאָטנטע פון הויכע, אַלטע ביימער. דאָס מעבל מאָדערן, ווינציק אָנגעשטעלט, לופטיק, קיל, אַ סך בלומען־וואַזאָנען. גאָלדענע פישלעך, אַ קאַנאַריקל, וואָס זינגט כסדר, אַ ברוינער הונט וואָס האָט זיך אויסגעלייגט פאַר פאַניאַס פיס; אַ שווערע קאַץ אין קיך. זויבערקייט פינקלט פון אַלע ווענט. אַ ביבליאָטעק־צימער מיט אַ ביוסט פון קאַרל מאַרקס. אויף דער וואַנט צוויי בילדער פון אַן עלטער פּאָר פאָלק — אַ ייד מיט אַ געשאָרן בערדל, אַ יידישע מאַמע אין אַ פאַטשיילע — פאַניאַס עלטערן, וואָס זיינען אומגעקומען אין אַ פּאָגראָם אין אוקראַינע.

.3

צוויי וואָכן האָט סאַלטשע פאַרבראַכט אין בענגאָר. זי האָט ניט געפאָלגט, סאַלטשע, און דעם צווייטן טאָג נאָך איר אָנקומען, איז זי מיט סטעפלין, אָדער ווי אַלע האָבן אים דאָ גערופן, סטען, געגאַנגען צו אַ סקאַטס־באָראָ מיטינג אין אַ קירך, וואו אַ באַברילטער הויכער גלח האָט גערעדט צו אַ פופציק מענער און פרויען וועגן סקאַטסבאָראָ. סאַלטשע האָט באַמערקט אַ פּאָר נעגערס אין קירך. זיי זיינען געזעסן, ווי איבערגעשראָקענע, צוזאַמען און זיך פאַרטיפט אין די רייד פון גלח, נאָר ווען סטען האָט גערעדט האָבן זיי אים ניט געשאָנקען די זעלבע אויפמערקזאַמקייט.

אַלץ איז געווען ווי פאַניאַ האָט געהאַט „פאַרשריבן". רו, שיפלען זיך,

שפּאַצירן איבער כמעט ווי באַוועלדערטע וועגן, וואָס זיינען געווען אַ מייל פון דער שטאָט; יעדן נאָכמיטאָג אַ שעה׳דיקער קאָנצערט פון פּאַניאָס רייכער קאָלעקציע פון קלאַסישע רעקאָרדס אויף איר וויקטראָלע, וואָס מען האָט אַרויסגעטראָגן אין איר בעסיעדקע אין גוט אויפגעפּאַסטן גאָרטן מיט וועלכן סטען האָט איבערהויפּט שטאָלצירט, מחמת ער האָט פאַרבראַכט אויף אים אַ שיינע פּאָר שעה אין טאָג.

שלום איז אַרומגעפּאָרן מיט סטען אין זיין קאַר. און אפילו מיטגעפּאָרן מיט פּאַניאַן אין שפּיטאָל אַריין, וואו זי האָט אים אַרומגעפירט און געוויזן דעם אָפּעראַציע־צימער און די לאַבאָראַטאָריעס און די עקס־ריי צימערן. פּאַניאַ האָט יעדן טאָג אַהיים געבראַכט עפּעס פּאַר שלומלען. אַ בוך, אַ מעסערל, אַ פּען, אַ שניפּס, אַ העמד, אַ שיין־וואַרפער. זי האָט בכלל אים אָפּגעגעבן אַ סך צייט. געאַרבעט האָט זי אַ פיר שעה אין טאָג. געוואוינט האָט זי אין דעם רייכסטן געגנט פון בענגאַר און אירע פּאַציענטקעס זיינען געווען מערסטנס עלטערע פרויען, וואָס זיינען געקומען צו איר אין זייערע אייגענע קאַרס און ניט איינמאָל אויך אין קאַרס געפירט פון שאָפערן. עס איז איר גוט געגאַנגען, פּאַניאַן. די דעפּרעסיע האָט אויף איר קיין ווירקונג אַצינד ניט געהאַט.

סטענלי איז געווען פאַרנומען אין די אָוונטן. ער איז אויך אַרומגעפּאָרן און זיך געזאָמט אַ פּאָר טעג אין אַגאַסטאַ, די הויפּט־שטאָט פון מעין. ער פלעגט דאַן איבערלאָזן די קאַר און פּאַניאַ האָט זי אַליין געטריבן. זיין אַרבעט איז געווען הויפּטזעכלעך אי. על. די. אַרבעט און די סקאָטסבאָראָ קעיס האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן, נאָר אויך טאָם מוני איז דערמאָנט געוואָרן ביי די מערסטע מיטינגען.

שלום איז געגאַנגען פרי שלאָפן. די לופט איז געווען מער ווי קיל אין אָוונט, אָפט האָט מען זיך געדאַרפט וואַרעם אָנטאָן. פּאַניאַ און סאָלטשע זיינען געבליבן זיצן אויפן גאַניק אַליין און די שטילקייט האָט סאָלטשען באַווירקט. אַרום און אַרום זיינען געווען לאַנען. די גאַס האָט אין אָוונט זעלטן געזען אַ מענטשן. זיינען זיי געזעסן, פּאַניאַ און סאָלטשע, אין דער פינצטער און מען האָט גערעדט אינטים.

פּאַניאַ איז צוריק געווען די פּאַניאַ פון אַמאָל, ווען זי האָט געהאַט איר אָפּיס אויף דער ערשטער עוועניו און ווען זי פלעגט אַריינקומען צו סאָלטשען זיך אויסרעדן דאָס האַרץ. סאָלטשע האָט זי אַצינד ווידער אויסגעהערט און ווי איר שטייגער איז געווען, האָט זי זיך ניט געקווענקלט צו שטעלן דורכדרינגענדיקע פראַגעס און צו זאָגן דעם אמת, ווי ניט אָנגענעם דער אמת איז געווען פאַר פּאַניאַן.

זי איז געווען זייער צופֿרידן פֿון איר לעבן, האָט פֿאַניאַ זיך פֿאַרטרויט פֿאַר סאַלטשען. סטען איז דער פּערפֿעקטער מאַן. ער איז דער פּראַקטישער אידעאַליסט. זי לאָזט אים ניט טאָן קיין אַנדער אַרבעט, ווי נאָר די באַוועגונג־אַרבעט. דאָס וואָס זי קאָן אַליין ניט טאָן, זאָל ער טאָן. זי האָט ליב אָט־די שטילקייט דאָ. זי האָט ליב דעם מענטשן דאָ, וואָס לעבט זיך אַזוי געלאַסן און צופֿרידן. זיכער האָט די דעפּרעסיע געטראָפֿן די איינוואוינער פֿון בענגאָר. דערפֿאַר איז דאָך סטען פֿאַרנומען צו אָרגאַניזירן די אַרבעטלאָזע־קאָונסילס און צו העלפֿן אויפֿקלערן די איצטיקע שווערע לאַגע. זי האָט אַ באַקוועמע היים, זי פֿאַרמאָגט פּרייַנט. זי אַרבעט ניט שווער. זי לייענט גאָר אַ סך, זי טראַכט אַ סך, זי זעט יעדע נייע מואווי וואָס מען ווייזט אין די צוויי מואווי־הייזער. זי פֿאַרברענגט גאָר פֿיל צייט אויף שפּאַצירן מיט איר הונט, מיט איר „באָסטער" — אַ קלוג באַשעפֿעניש — און מיט איר „פּרינסעס", די ווייסע קאַץ, וואָס לעבט מיט דער גאַנצער וועלט בשלום.

— און וועגן אַ קינד טראַכטסטו ניט ? — האָט סאַלטשע שטיל געפֿרעגט.

— איך האָב געוואוסט, אַז די פֿראַגע וועט מיך ניט אויסמיידן, — האָט פֿאַניאַ געלאַכט הילכיק. — סאַלטשע, איך בין איצט 42 יאָר אַלט. סטען איז 56. מיר האָבן גערעדט אָפֿט וועגן דעם. איך זע וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. דער משוגענער היטלער אין דייטשלאַנד ; דער בלוטיקער באָנוס־מאַרש אין וואַשינגטאָן ; פֿאַשיזם אין פּוילן ; מלחמה־געפֿאַר אין דער לופֿטן. צוליב וואָס דאַרף איך אַ קינד ? ס׳איז צו שפּעט און ס׳איז צו ריזיקאַליש.

פֿאַניאַ איז געבליבן שטיל. סאַלטשע האָט אויך געשוויגן. זי האָט געוואַרט טאָמער וועט פֿאַניאַ נאָך רעדן וועגן דעם. פֿאַניאַס שווייגן איז געווען פּיינלעך און סאַלטשע האָט פֿאַרקערעוועט דעם שמועס אין אַן אַנדער ריכטונג — וועגן פֿאַניאַס קרובים אין ניו־יאָרק.

ס׳איז ניט געווען די זעלבע פֿאַניאַ, האָט סאַלטשע ביי זיך באַשלאָסן. און דאָך האָט סאַלטשע פֿאַר איר געהאַט אַ שטאַרקן געפֿיל פֿון מיטלייד. עס האָט איר באַנג געטאָן, וואָס פֿאַניאַ איז אַנטלאָפֿן פֿון לעבן און זי האָט ניט געגלויבט איר, אַז זי איז זייער צופֿרידן מיט די באַדינגונגען אין בענגאָר.

וואָס סאַלטשען האָט געאַרט איז געווען, אַז פֿאַניאַ האָט געהאַט פֿאַרלאָרן דעם גאַנצן אינטערעס פֿאַר ניו־יאָרק. זי האָט זיך ניט נאָכגעפֿרעגט אויף דער באַוועגונג און אירע באַקאַנטע. און ווען סאַלטשע האָט איר גענומען דערציילן, האָט זי געפֿילט, אַז פֿאַניאַ איז גלייכגילטיק און פֿרעגט זיך ניט נאָך.

פֿאַרלאָזן האָט סאַלטשע בענגאָר מיטן געדאַנק, אַז איר פֿריינטשאַפֿט מיט

פאַניאַן וועט מסתם זיך לאַנג ניט ציען מער. פאַניאַ האָט זיך שטאַרק געבעטן, אַז סאַלטשע זאָל צו איר שרייבן. זי האָט צוגעזאָגט צו ענטפערן. געפילט האָט סאַלטשע, אַז פאַניאַ וועט נאָך איר מער בענקען ווי זי וועט בענקען נאָך פאַניאַן.

אירע שטימונגען האָט סאַלטשע אין ניו־יאָרק איבערגעגעבן מאָטעקן. ער האָט געשוויגן.

## קאַפּיטל אַכט און דרייסיק

# צוויי

### 1.

עס איז אַוועק אַ לאַנגע, לאַנגע צייט זינט מאָטעק האָט זיך ניט געזען מיט זיין אָנקל קיווע. שולדיק אין דעם איז געווען דאָס יאָר 1932 מיט זיינע אינערלעכע שטורעמס. מאָטעק האָט געהאַט אַנדערע קרובים, נייע קרובים, וואָס האָבן אים מער אינטערעסירט ווי אָנקל ניק. אמת, די קרובים האָבן אויך געוואוינט אין האַרלעם, ניט ווייט פון אָנקל, נאָר פּאָר־ברענגענדיק אין נעגער־געגנט און זייענדיק פאַרנומען מיט סקאָטסבאָראָ־מיטינגען און קאָנפערענצן, איז מאָטעקן און סאַלטשען געבליבן ווייניק צייט צו באַזוכן דעם אָנקל. די נייע קרובים זיינען געווען אומבאַקאַנטע אַרבעט־לאָזע, פּאָר וועלכע מען האָט זיך געדאַרפט באַמיען אין פאַרשיידענע רעליף־אַגענטורן. דאָס זיינען געווען מיטגלידער פון דער זעלביקער אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער מאָטעק האָט באַלאַנגט, וואָס זיינען אים געוואָרן נאָענט.

דאָך האָט אים סאַלטשע ניט איינמאָל פאָרגעוואָרפן, אַז ער האָט גע־מעגט צוגיין צום אָנקל.

— נאָך די וואַלן וועל איך אים באַזוכן, ניט פריער, — האָט מאָטעק זיך אַנטשולדיקט. און דעם אויסרייד האָט סאַלטשע געמוזט אָננעמען. ביידע האָבן זיי געאַרבעט מיט אַלע כוחות קעגן דער ווידער־דערוויילונג פון הואווער. זיי האָבן געוואוסט, אַז פאָסטער און פאָרד וועלן ניט דערווײלט ווערן. זיי האָבן געהאָפט, אַז רוזוועלט וועט זיין דער נעקסטער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. האָבן זיי הויפּטזעכלעך אַגיטירט קעגן הואווערן, וואָס האָט געהייסן שיסן אויף די באָנוס־מאַרשירער; קעגן הואווערן וואָס האָט

צוגעזאָגט אַ הון אין יעדן טאָג און אונטער אים האָט זיך די אַרבעטלאָזיקייט נאָך פאַרגרעסערט. זיי האָבן זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז עס געפינען זיך נאָך אין אַמעריקע מענטשן, וואָס וועלן שטימען פאַר הואווערן, נאָך דעם גרויסן דורכפאַל זיינעם אַלס פּרעזידענט. דאָך האָבן זיי געוואוסט, אַז מיליאָנען אַמעריקאַנער שטימען בלינדערהייט, בלויז דערפאַר וואָס דער פאָטער אָדער דער שכן שטימט אַזוי און אַזוי.

באַלד נאָך די וואַלן האָט מען זיך ווידער געגרייט צום צווייטן הונגער־מאַרש קיין וואַשינגטאָן. דאָס מאָל האָט סאַלטשע שוין געהאַט די דער־פאַרונג און זי האָט געהאָלפן אים צוגרייטן. מאָטעק איז געווען פאַרנומען ביי דער אַרבעט. גראָד האָט זיך אים געמאַכט אַ צייטווייליקע שטעל און ער איז געווען זייער צופרידן וואָס ער האָט וואָס צו טאָן.

עס איז געווען אין פרימאָרגן. שלום האָט זיך געגרייט צו גיין אין סקול. סאַלטשע איז געווען אין קיך. מאָטעק, וואָס האָט געאַרבעט אין געגנט און זיך נישט געאיילט, האָט זיך ראַזירט. מיטאַמאָל האָט געקלונגען דאָס גלעקל. ס'איז געווען אַ טעלעגראַמע פאַר מאָטעקן. אויפן געדאַנק איז געקומען אַ וויכטיקער מיטינג, עפּעס וואָס האָט צו טאָן מיטן הונגער־מאַרש. לעצטנס זיינען טעלעגראַמעס ביי זיי ניט געווען קיין נייעס. נאָר אַלע האָבן געטראָגן אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך געפילט חשוב ביי זיך דערפון.

דאָס איז אָבער געווען אַן אַנדער סאָרט טעלעגראַמע. מאָטעק און סאַלטשע זיינען געווען דערשטוינט פון איר אינהאַלט. זי האָט זיך געלייענט אַזוי:

„דיין קוזינע עליס איז געשטאָרבן איינס פאַרטאָג. מאָרגן די לויה. דיין אָנקל, ניק סאַרדזשענט".

אויף דעם האָט מען זיך ניט געקאָנט ריכטן. דאָס איז געווען אומגלויב־לעך. דאָס לעצטע מאָל וואָס מאָטעק האָט זי געזען ביים אָנקל אין הויז האָט זי געהאַט אויפגעפּאַסט אויף איר קראַנקער מוטער און זי האָט זיך געבעטן ביי מאָטעקן, אַז ער זאָל זי קומען באַזוכן. זי האָט אויסגעקוקט ניט אַזוי צעגאָסן, דאָס פּנים האָט באַקומען ווייכערע שטריכן און מאָטעקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עליס איז געוואָרן פיינער, ראַפינירטער.

— זי האָט געמוזט שטאַרבן פון אַ האַרץ־פעלער, — האָט געזאָגט סאַל־טשע. — ווען איך האָב זי געזען איז זי געווען גראָב, קוים וואָס זי האָט געקאָנט אָטעמען. אַזאַ יונגער מענטש! דאָס איז שרעקלעך. דו קאָנסט שוין צו דער אַרבעט ניט גיין מאָרגן.

— איך מוז היינט אַרבעטן. די לויה איז מאָרגן. איך וועל מאָרגן ניט

אַרבעטן אַ האַלבן טאָג. אפשר וואָלסטו צוגעפאָרן צום אָנקל, סאַלטשע און איך וועל צוקומען צו אים אין אָוונט. איך קאָן ניט פאַרלירן אַ טאָג אַרבעט.

איז סאַלטשע צוגעפאָרן צום אָנקל קיווע. זי האָט געפונען אַ צעטעלע אויף דער טיר, אַז מען זאָל ניט קלינגען, נאָר אַריינגיין. באַגעגנט האָט זי משהלע. ער האָט זי ניט געהאַט דערקענט. נאָר באַלד איז אַריינגעקומען קיווע און ער האָט זי אַריינגענומען אין זיך־צימער און גערעדט צו איר זייער שטיל, קוים זי האָט געקאָנט הערן:

— אַזאַ אומגליק, אַזאַ אומגליק . . . וואו איז מאָטעק? ער אַרבעט? צו דער לויה וועט ער דאָך קומען. וואָס עס איז געשען? מיט צוויי וואָכן צוריק האָט זי באַקומען אַ האַרץ־אַטאַקע. עס איז איר ניט גוט געוואָרן אין גאַס. זי איז אָבער באַלד צו זיך געקומען און אין אַ טעקסי צוגעפאָרן צו איר דאָקטאָר. ער האָט איר געהייסן ליגן אין בעט אַ פּאָר טעג און געזאָגט, אַז ער וועט זי קומען זען. ער איז געקומען און איר געגעבן פּילן און געהייסן זיין פּאָרזיכטיק מיטן עסן. מיט צוויי טעג צוריק האָט זי ווידער באַקומען אַן אַטאַקע, ווען זי האָט זיך געהאַלטן ביים אָנטאָן אינדערפרי. איך מאָן איז געווען אין הויז. דאַן האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, אַז מען דאַרף רופן אַ ספּעציאַליסט. דער ספּעציאַליסט האָט דערקלערט, אַז זי איז געפערלעך קראַנק און ער האָט געוואָלט רופן אַן אַמבולאַנס זי צו נעמען אין שפּיטאָל. האָט זי ניט געוואָלט. נו, נעכטן ביינאַכט האָט דאָס אומגליק פּאַסירט.

סאַלטשע איז אַריין צו דער טאַנטע פּעני. זי האָט פאַר זיך דערזען אַ לעבעדיקן מת. פּעני האָט געהאַלטן די אויגן פאַרמאַכט און געקרעכצט, ווי אַ קליין קינד. ס׳איז געווען מער אַ ברומען ווי אַ קרעכצן. אַ ברומען פון ווייטאָגן, אַ ברומען פון האָפענונגלאָזיקייט.

— קום אַרויס, — האָט קיווע געזאָגט סאַלטשען. — אַזוי איז זי.

משהלע האָט זיך אַרומגעדרייט און אויך געברומט. אויסגעשטעלט די פאַרמאַכטע ליפּן, ווי אַן אָנגעבלאָזן קינד און מיטאַמאָל אויסגעפּלאַצט אין אַ כליפּ, אַ שנייץ געטאָן מיט דער נאָז און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ענדלעך איז ער צוגעקומען צו סאַלטשען און געזאָגט:

— קאָזין סאַלטשי, פאַרוואָס איז מאָטעק ניט געקומען?

זי האָט דערקלערט. ער האָט זיך איינגעקוקט אין איר, ווי ער וואָלט זי ניט דערקענט, ווידער אָנגעצויגן די ליפּן און אויסגעפּלאַצט אין אַ כליפּ.

דער אָנקל קיווע האָט ניט געוויינט. ער האָט געשוויגן. דעם קאָפּ אַראָפּ־געלאָזט, פאַרטאָן אין זיך. ער האָט זיך מיט עפּעס־וואָס געפּרואווט באַשעפּ־טיקן. אַוועקגעלייגט אַ זאַך און איבערגעלייגט. אַריין צו פּענין אין צימער און באַלד אַרויס.

— משהלע, באַלד וועלן קומען מענטשן, העלף אויפראַמען, — האָט ער באַפוילן.

— אפשר קאָן איך עפּעס טאָן ? — האָט זיך אָנגעבאָטן סאַלטשע.

— אַ דאַנק, באַלד וועט קומען זיין משפּחה. באַלד וועט מען קומען פון דער סאָסייעטי . . . מיין פּעני גייט איין, מיין פּעני וועט דאָס ניט איבערטראָגן. פּעני . . .

— פּאַ, מען וואָלט געדאַרפט רופן דעם דאָקטאָר. זאָל ער איר עפּעס געבן. זי הערט ניט אויף צו וויינען. זאָל איך רופן דעם דאָקטאָר, פּאַ ?

— דער דאָקטאָר איז דאָ יעדן צווייטן טאָג. ער וועט דאָ באַלד זיין. ער ווייסט וואָס עס האָט פּאַסירט און אַלץ וואָס ער קאָן טאָן איז איר געבן „דאָופּ". עליסל האָט איר אָפּגעטאָן, זיך געפּעדערט, קיין צייט ניט געהאַט. דער רבונו של עולם דאַרף זי נייטיק האָבן אויבן . . . אַ וועלט מיט דאָקטוירים און מען ווייסט ניט וואָס אַ האַרץ איז. אַזאַ בליענדיקער בוים האָט געדאַרפט אָפּגעשניטן ווערן אין די סאַמע פריע יאָרן. וואָס האָסטו קיין צייט ניט געהאַט, טאָכטער ? ווער האָט דיך געיאָגט ? וואָס האָט דיר געפעלט דאָ ? גיי שריי חי וקיים . . . זי רעדט ניט מער, זי האָט אָנגענומען אַ מויל מיט שטומעניש. רבונו של עולם ! . . .

סאַלטשע איז געווען דערדריקט. זי האָט ניט געקאָנט רעדן און זי האָט געהאָפט, אַז עמיצער זאָל אָנקומען און זי זאָל קאָנען פאַרלאָזן. די מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי שעה'ן און קיינער האָט זיך ניט געוויזן. ענדלעך איז אַריינגעקומען אַ מאַן, אָנגעטאָן אין שוואַרצן — שוואַרצע שיך, שוואַרצע הויזן, אַ שוואַרצער שניפּס און אין אַ פעך שוואַרצער דוירבי. נאָר דאָס פּנים זיינס איז געווען פייער־רויט. ער האָט געפּרואווט רעדן זייער שטיל, אין אַ וויינענדיק קול.

— איך בין פון דער אָנדערטעיקינג קאָמפּאַני. איך ווייס, אַז ס'איז אַ שווערע אויפגאַבע צו רעדן וועגן מיין זאַך, נאָר וואָס עס מוז געשען, געשעט. עס איז ניט אין אונדזערע הענט. עס איז גאָטס ווילן און ווער זיינען מיר אים אָפּצופרעגן.

און באַלד האָט ער אַרויסגענומען פון זיין לעדערנעם שוואַרצן פּאָרטפעל גלאַנציקע פאָטאָגראַפיעס פון טויטן־קאַסטנס, פון פאַרשיידענע פאָרמען, מיט געצאַצקעטע הענטלעך און אָן הענטלעך; אויסגעבעט פון אַלע זייטן; פּאָלירט האָלץ; אָרטאָדאָקסיש און רעפאָרם . . . באַלד האָט ער גערעדט וועגן די פאַרשיידענע פרייזן.

דער הויכער, פעטלעכער פאַרקויפער פון די טויטן־קאַסטנס איז געווען אַ מאַן אין די אָנהויב פערציקער. דאָס פּנים איז געווען גלאַט־ראַזירט, ווי

ער וואָלט נאָר וואָס אַרויסגעקומען פון באַרבער־שאָפּ. די שיטערע געלע האָר זיינען געווען אויסגעצוואָגן און פאַרקאָמט אין אַ שרונט אין מיטן. סאַלטשע האָט באַמערקט, אַז ער האָט געהאַט איידעלע הענט, קליינע און ווייכע. ווען ער האָט מיט זיי אָנגעוויזן אויף די פאָטאָגראַפיעס, האָט ער עס געטאָן ווי ער וואָלט געגלעט די קאָסטנס אויף די בילדער. זיין קול איז געווען אַזוי ווי סאַמעט־גלאַט און ער האָט זיך באַצויגן צו די אַנוועזנדיקע מיט גרויס דרך־ארץ און אַריינגעקוקט יעדן איינעם אין פּנים אַריין מיט הכנעה און אָפּפערווויליקייט.

— דאָס איז, ווי איר קאָנט אַליין אורטיילן, אַ בעסער האַלץ און פּעס־טער געבויט. דאָס איז אַ מאָדעל, וואָס ווערט אָפּט גענוצט פאַר יונגע פּרזיען, יאָ, ס׳איז פאַר אַ בעסערן, חשובערן קלאַס מענטשן . . . איר זייט די ריכטער. מיר ווילן טאָן וואָס עס איז נויטיק און אָנגענעמבאַר פאַר דער געטראָפּענער פאַמיליע. איך וועל איבערלאָזן די בילדער. איר באַשטימט. איר קאָנט מיר אָנקלינגען. אָט איז מיין קאַרטל. איך וועל זיין אין אָפּיס ביז איינס. איר האָט צייט ביז דאַן. איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז מען דאַרף אַלץ צוגרייטן עס זאָל זיין איינדרוקספול . . .

ער האָט גערעדט אַזוי ווייך און איינגעהאַלטן. קיווע און משהלע זיינען געזעסן און באַטראַכט די בילדער, געקוקט אויף די פּרייזן. זיך איבערגע־קוקט. סאַלטשע האָט זיך דערפילט איבעריק.

אין אָוונט איז צום אָנקל געקומען מאָטעק. ס׳איז געווען אַ פול הויז מיט מענטשן. עליסלס מאַן איז געזעסן און געגרויכערט אַ דיקן סיגאַר און געשוויגן. מען האָט גערעדט צו אים און ער האָט צוגעברומט, נאָר דעם סי־גאַר פון מויל ניט אַרויסגעלאָזט.

מאָטעק איז אַריין צו פעגין אין צימער. זי האָט גערעדט צו אים:

— אַזאַ ליכטיק קינד. דו האָסט זי דאָך געזען, ווען איך בין געלעגן צוגעשמידט צום בעט. ווי זי האָט זיך דאָס געזאָרגט פאַר מיר! פאַרוואָס האָט זי געדאַרפט צוגענומען ווערן? און מיך האָט ער געלאָזט דאָ זיך צו מוטשען און צוזען ווי זי ווערט באַגראָבן אין דער ערד אַריין. איך וועל עס ניט אויסהאַלטן, ס׳איז ניטאָ קיין יושר אויף דיזער וועלט. מאָרגן אין דער צייט וועט זי שוין ניט זיין מיט אונדז און איך וועל נעמען פילן און עסן גראָז . . .

קיווע איז אַריינגעקומען און געגעבן מאָטעקן אַ וואונק, אַז ער זאָל אַרויס־גיין. מאָטעק איז געזעסן צווישן פרעמדע מענטשן און זיך ניט געקאָנט צו־פּאַסן און געהאָפט, אַז דער אָנקל וועט צוקומען צו אים און רעדן מיט אים, נאָר קיווע האָט זיך אַרומגעדרייט כסדר און זיך געשושקעט מיט עליסלס

מאַן און מיט אַ קליין יידעלע, וואָס האָט געטראָגן זיין הוט אַראָפּגערוקט ביז צו די אויערן.

צו דער לויה זיינען געקומען אַ סך מענטשן פון געגנט, צווישן זיי — איטאַליענער און אירלענדער שכנים. קיווע האָט געהאַלטן אַן אויג אויף די אָנוועזנדיקע. ער האָט, דוכט זיך, געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, נאָר ער האָט אַלץ געזען און געגעבן באַפעלן משהלען. קיווע האָט אינזינען געהאַט, אַז די פּאָליטישנס פון טעמעני קלוב זאָלן באַקומען דעם אָנזען וואָס עס קומט זיי. מען האָט פאַר זיי געמאַכט פּלאַץ אויבן אָן אין פיונעראַל פּאַרלאָר. זיי זיינען געזעסן ניט ווייט פון דער משפּחה פון דער פאַרשטאָרבענער. און דער רעוורענד וואָס האָט אָנגעפירט מיט די צערעמאָניעס, האָט אין זיין ענגלישער רעדע דערמאָנט די נעמען פון „די פּראָמינענטע בירגער, וואָס זיינען געקומען אָפּגעבן כבוד מר. סאַרדזשענס יונגער טאָכטער, וואָס גייט אַזוי פריצייטיק אַוועק פון אונדז אין אַ בעסערער וועלט, נאָר זי וועט פון אונדז קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן". משהלע האָט אויך ניט פאַרגעסן אַוועקצוזעצן מאָטעקן און סאַלטשען אין דער אויבערשטער ריי, וואו די נאָענטסטע משפּחה איז געזעסן.

איידער מען האָט פאַרמאַכט דעם אָרון זיינען די נאָענטע נאָכאַמאָל צוגעגאַנגען אַ לעצטן קוק טאָן אויף עליסלען. עס האָבן זיך דערהערט היסטערישע געוויינען. אויך קיווע האָט זיך צעהעשעט. משהלע, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים, האָט אָנגעבלאָזן די באַקן און געגעבן אַ שאָס אַרויס אין אַ ווילד געברום. עליסלס מאַן איז געשטאַנען אַ שווייגנדיקער, זיך אַביסל איינגעבויגן און אַ לעצטן קוש געטאָן זיין פרוי אויפן באַשמינקטן שטערן. אין זיינע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ טרער, וואָס איז באַלד פאַרשוואונדן. מאָטעק האָט זיך איינגעקוקט אין עליסלס פּנים און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זי איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי לעבעדיק אין אויסזען ווי איצט, ווען מען האָט זי געהאַט אויסגעפּוצט און צוגעפּאַרבט. ער האָט באַמערקט אין איר שטריכן, וואָס זיינען אים געווען באַקענט. זי האָט פאָרט פאַרמאָגט עפּעס פון זיין פאָטערס משפּחה. אין די מויל־ווינקלען איז געווען סאַרנעשעס, האָט ער שפּעטער געזאָגט צו סאַלטשען. סאַלטשע האָט זיך איינגעקוקט אין עליסלס פאַרגליווערט פּנים און זי האָט אַ ציטער געטאָן מיט דער אונטערשטער ליפּ און זי האָט זיך איינגעהאַלטן ניט צו וויינען.

די לאַנגע קעדילאַקס זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט מיטפאָרער צום בית עולם. אַן אַרויסרופער אין אַ לאַנגן פראַק האָט פון אַ ווייסן צעטל דערמאָנט די נעמען פון די וואָס דאַרפן זיך אויסזעצן. מאָטעק האָט געטראַכט, אַז אויב מען וועט אים רופן, וועט ער מיטפאָרן. זיין נאָמען איז ניט אויס־

גערופן געוואָרן. די פּראָצעסיע האָט זיך גערירט. צוזאַמען מיט אַ סך פרעמדע מענטשן איז ער געבליבן שטיין אויף די טרעפּ פון דעם פּאַרלאָר.

— קום אַהיים, סאַלטשע, — האָט ער געזאָגט.

זי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און זיי האָבן זיך געלאָזט צו דער סאָבוועי.

אָנקל קיווע איז געזעסן שבעה נאָך דער טאָכטער. מאַטעק איז אים געקומען באַזוכן און גראָד איז קיינער אויסער פעניין ניט געווען אין הויז. זי איז זיך געלעגן אין איר בעט און קיווע האָט געזאָגט צו מאַטעקן:

— גיין אַריין, זאָג האַלאָ, נאָר זאָם זיך ניט לאַנג. איך וועל וואַרטן אויף דיר אין דער קיך. כ׳וויל רעדן מיט דיר.

— אָ, דאָס ביסטו, מאָטל? — האָט פעני געפּרואווט אויפהויבן דעם קאָפּ, וואָס איז לעצטנס אינגאַנצן גרוי געוואָרן, — דאָס לעצטע מאָל, וואָס דו האָסט געזען מיין טאָכטער איז טאַקע געווען דאָ ביי מיר, ווען זי האָט ניט געוואָלט אָפּטרעטן פון מיין בעט. „מאַמע” און „מאַמע” און „מאַ”. יאָ, און איך האָב אפילו צו איר לויה ניט געקאָנט גיין. גוט וואָס דו ביסט געקומען היינט. קיין לעבעדיקער מענטש איז נאָך דאָ ניט געווען היינט. אַז מען זיצט שבעה, זיצט מען אַליין. אַז מען טרינקט בראָנפן, טרינקט מען צוזאַמען. גיי, גיי אַריין צו מיין אַלטן, רעד צו אים, ער קאָן ניט פאַרטראָגן צו זיין אַליין. דרייט זיך אַרום ווי אַ וואָלף אַ גאַנצן טאָג און ברומט און ברומט. ס׳איז אים ניט גוט, קיווען. זי איז געווען זיין אויג פון קאָפּ. אָי, מיין קינד, מיין קינד! . . .

האָט קיווע זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן ביז מאַטעק וועט אַריינקומען צו אים, איז ער אַריינגעקומען און געזאָגט:

— פעני, שטרענג זיך ניט אָן. קום אַריין, מאַטעק, כ׳וויל מיט דיר רעדן.

דער אָנקל איז אַרומגעגאַנגען אין צעריסענע פילסענע לאַטשן. ער האָט געטראָגן אַ צעלעכערטן גרויען סוועטער און זיינע באַקן זיינען געווען אַש־גרוי און דאָס פלייש איז אַראָפּגעהאַנגען לעבלאָז.

— אַזוי, אַזוי, מאָט, האָסטו זיך געקאָנט פאָרשטעלן אַזאַ אומגליק מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק? אַבעטשע, דו האָסט זיך ניט געגלויבט, ווען דו האָסט געלייענט מיין טעלעגראַמע? אַ מענטש קרענקט און ראַנגלט זיך אַ פּאָר יאָר, ריכט מען זיך דערויף, נאָר איינס און צוויי, זיך אָפּפּאַרטיקן מיטן לעבן, זיך ניט אָקעגנגעשטעלט דעם מלאך המות אפילו, נאָר געזאָגט צו אים: „קום און שעכט!” — דאָס זעסטע איז פע, ניט שיין, מיאוס. איך האָב זיך ניט געגלויבט, אַז מיין עליסל, מיין בלוט און פלייש, וועט אָפּטאָן אַזאַ שפּיצל. איך בין מיין גאַנצן לעבן געווען אַ קעמפער, אַ פאַיטער. ווען איך זאָל דיר געווען אויסדערציילן וואָס איך האָב מיטגעמאַכט, וועלן זיך דיר די האָר

שטעלן דיבאָם. האָב איך געמיינט, אַז מיינע קינדער וועלן זיין אין מיר געראָטן, נאָר — גיי טענה זיך אויס מיטן רבונו של עולם. אַז ער פרעגט דען ביי אונדז? אַז אים אַרט דען וואָס אין צווייטן צימער ליגט אַ זייער קראַנקער מענטש און, הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן, די געשיכטע וועט איר קיין גוטס ניט טאָן, דו הערסט וואָס איך זאָג דיר, מאָטעק?

— אַזוי איז דאָס לעבן, אָנקל. מיין פאָטער איז קוים 44 יאָר אַלט געווען, ווען ער איז געשטאָרבן און מיין מוטער איז געווען נאָך יינגער פון אים.

— אַ סך מאָל האָב איך געוואָלט מיט דיר רעדן וועגן דיין פאָטער, מיין ברודער ליפע. איך האָב געוואָלט זאָלסט מיר דערציילן וואָס פאַר אַ מענטש איז געווען מיין ברודער. געהערט האָב איך, אַז ער איז געווען זייער אַ פרו־מער און אַן ערלעכער און עס טוט מיר באַנג וואָס איך האָב אים ניט גע־קענט. וואָס האָט מען דען פון לעבן, אויב מען קען ניט קיין אייגענעם ברודער . .. אַז דו ביסט אָפּגעריסן פון שורש און דו דרייסט זיך אַרום ווי אַ וואַנדערער איבער דיין אייגן הויז . . . כ'האָב ניט איינמאָל געוואָלט רעדן מיט דיר, מאָט, וועגן פאַרשיידענע זאַכן. מיט משהלען איז ניטאָ וואָס צו רעדן. ער איז געבליבן אַן אַמעריקאַנער באָיטשיק, כאָטש ער איז שוין אַ טאַטע פון צוויי קינדערלעך, זאָלן לעבן. אַמעריקע איז גוט פאַרן נייעם דור, נאָר זיי וואַקסן ניט אויס, זיי בלייבן קינדער. מיינסט, אַז עליסל איז געווען מער ווי אַ בעיבי — אָט די גרויסע, העלדישע עליסל? . . .

דאָ האָט קיווע זיך פאַרהאַקט און מאָטעק האָט דערזען, אַז טרערן שטיקן אים.

— אָנקל, איר מאַן זיצט אויך שבעה?

— כ'האָב געמיינט, אַז ער וועט זיצן מיט אונדז, נאָר — לאָמיר בעסער ניט רעדן וועגן אים. יאָ, ווי דו ווייסט, האָב איך זיי פאַרזאָרגט, די קינדער, משהלען געגעבן איין טענעמענט הויז און אויף עליסלען פאַרשריבן דאָס צווייטע. דאָס אַלץ איז גערעדט פאַר נאָך איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר. האָט מען זיך שוין באַצייטנס אָנגעהויבן קריגן וועגן די הייזער. משהלע האָט געמיינט, אַז איך האָב איר איבערגעלאָזט דאָס בעסערע הויז, און זי איז אים אויך ניט געבליבן שולדיק קיין ענטפער, האָט מען זיך געריסן ווי די קעץ, זיך געוואָרן שונאים, הערסטע. איצט טוט מיר שוין באַנג דער גאַנצער עסק. וואָס האָב איך קיין צייט ניט געהאַט צו באַשטימען? ס'איז געווען אַ סגולה צום שידוך פאַר עליסלען, פאַרשטייסט? איצט וועט ער וועלן האָבן דאָס הויז. פאַרוואָס קומט עס אים? ער האָט דאָס איר געגעבן אַזעלכע פיינע טעג און נעכט, אַז — נו, איך זיץ שבעה, טאָר מען ניט שעלטן . . . איצט וועט ער זיין אַ פרייער פויגל. געלט האָט ער געבוג, עליסלס געלט, מיין געלט.

אַ הויז וועל איך אים געבן? מכות . . . האָסט אַ טייערע פרוי, מאַט, ביסט געקומען אַ גרינער און האָסט זיך בעסער איינגעשטעלט ווי טייל היי־געבאָרענע. עס טוט מיר באמת הנאה וואָס דו ביסט געוואָרן אַ לייט. הלוואי אויף מיין משהלען געזאָגט געוואָרן. כ'האָב געמיינט, אַז דו וועסט פאַרפוילט ווערן אין דזשעיל אין דער לעצטער מלחמה. האָסט זיך אַרויסגעדרייט. ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַמעריקע וועט אַריינקריכן אין אַזאַ קריזיס און ניט קאָנען אַרויסקריכן. ס'זיינען דאָ גאָר אַ סך מענטשן וואָס האַלטן, אַז דיינע מענטשן זיינען גערעכט, אַז סאָציאַליזם איז גאָר ניט קיין קרומע זאַך . . . וועסט מיר גלויבן, אַז איך האָב שוין לאַנג ניט פאַרדינט קיין צעבראָכענעם גראָשן? מען זאָגט, אַז דער נייער פרעזידענט וועט אָפּשאַפן די דעפּרעשן. איין זאַך איז גוט, וואָס ער איז אַ דעמאָקראַט, איבערהויפּט איז דאָס גוט פאַר מיר. ער איז פון מיין פאַרטיי און אין אונדזער קלוב רייבט מען זיך שוין די הענט.

— אָנקל, רוזוועלט וועט אַנערקענען דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

— מיך אַרט ניט וואָס ער וועט טאָן, אַבי עס זאָל ווערן פּרנסה. ס'איז גוט פאַר מיר, ס'איז גוט פאַר מיין משהלען. מען וועט זיך שוין ווי עס איז אַריינדרייען אין אַ פאַר דאָלער. זאָל נאָר מיין פעני צו זיך קומען. אַי, ברודער, עס איז ביטער מיט איר, גאָר ביטער. זי וועט דאָס ניט אַריבערטראָגן. מילא, אַמאָל דוכט זיך מיר אויס, אַז איך וועל עס אויך ניט אויסהאַלטן . . . אָט האָב איך זי אויף די הענט געטראָגן. זי איז געווען אַ זעלטן־שיינע בעיבי. מען האָט זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף איר אין גאַס, אַזוי זאָל מיר פעני געזונט ווערן, ווי איך טרייב ניט איבער . . . איך געדענק נאָך ווי היינט, ווי איך האָב איר דעם ערשטן אייז־קרים ראָל געקויפט . . . ביסט ניט געווען אויפן גוטן אָרט, מאַט, האַ?

— איך האָב געמיינט, אָנקל, אַז מען וועט האָבן פאַר מיר פּלאַץ אין אַ קאַר . . .

— יאָ, אַ פאַרזען געווען, געדאַרפט מאַכן פאַר דיר פּלאַץ אין אונדזער קאַר. וועמען האָב איך דען אויסער דיר דאָ? נו, ווען מען האָט זי אין דער ערד אַריינגעלייגט, האָב איך געמיינט, אַז איך פאַל אויך אַריין . . . איך האָב געוואָלט אויסשרייען: „מענטשן, וואָס טוט איר? עס איז דאָך עליסל!“

דער אָנקל האָט מיט דער האַנט זיך אַ כאַפּ געטאָן צו די אויגן. ער האָט שטיל געכליפּעט. מאָטעק האָט אים באַטראַכט. ס'איז ניט געווען מער ניק סאַרדזשענט, דער טעמעני־קעפּטן פון דער געגנט. ס'איז געווען קיווע סאַרנע פון דער זשעלאָנע גאַס, וואו עס הויבן זיך אָן די גרינע פעלדער און וואו עס פּאַשען זיך די ציגן; ס'איז געווען זיין פאָטער ליפּעס ברודער, ס'איז

געווען אַ צעבראָכענער שאַרבן, וואָס האָט געציטערט פאַרן אייגענעם סוף, וואָס איז שוין געווען ניט ווייט.

— מאָט, ווען נעמסטע צו די ביכער וואָס ליגן ביי מיר? כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת: משהלע וועט זיי ניט צונעמען אפילו ווען איך וועל אים בעטן. דיין קינד רעדט נאָך אויס אַ יידיש וואָרט, נאָר זיינע קינדער און ער אַליין און זיין ווייב ווילן ניט הערן און געדענקען. ס'איז געווען אַרויסגעוואָרפן די פּאָר דאָלער וואָס איך האָב אויסגעגעבן אויף זיין חדר לערנען. שטייען זיי ביי מיר, די ביכער און די ספרים. מיינע אויגן דינען מיר שוין ניט און דער קאָפּ שטייט ניט דערביי. און כ'וואָלט ניט וועלן, אַז ס'זאָל קומען נאָך מיר דער דזשאַנק־מאַן און אַרויפוואַרפן אויפן וואָגן די ביכער, ווי אַן אַלטן וואַנציקן מאַטראַץ. נעם זיי צו פון מיר, איידער עס ווערט שפּעט, מאָט. איך בעט דיך!

— גוט, כ'וועל היינט מיטנעמען אַ פּעקל.

— אַזוי רעדסטע ווי אַ מענטש. וועסט אַמאָל נעמען אַ ספר אין האַנט אַריין און זיך דערמאָנען אין אָנקל קיווע. וועסט זאָגן: געווען אַמאָל אַן אָנקל קיווע, איז ער געווען אַ „דעם פול", אַזוי וועסטע מסתם זאָגן . . .

— אָנקל, דוכט זיך, אַז די טאַנטע פּעני רופט.

זיינען זיי ביידע אַריין צו איר.

— קיווע, דערלאַנג מיר די מעדיצין. עס בייסט מיך שוין ווידער.

קיווע האָט זיך געקראַצט אין קאָפּ און געוואונקען צו מאָטעקן. עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּן אין טיר. אַ נעגער־פרוי איז אַריינגעקומען. זי איז געווען יונג און געזונט און דאָס פּנים האָט אויסגעדריקט גוטסקייט און איינפאַכקייט.

— ביסט אַ גוטע מיידל, בעסי, וואָס דו האָסט געהאַלטן דיין וואָרט און געקומען אין צייט, — האָט דער אָנקל צופרידן געזאָגט, — אָט וועל איך פאַרטיק אין אַ מינוט און איך וועל אַלץ צוגרייטן פאַר דיר. נעם אַראָפּ דיין מאַנטל, לייג אים אַוועק אין קיך אויף אַ שטול און זעץ זיך צו. איך וועל באַלד אַריינקומען.

מאָטעק האָט זיך געזעגנט מיט דער טאַנטע. זי האָט געהאַלטן זיין האַנט אין אירע ביידע דלאָניעס און מאָטעק האָט געפילט, ווי עס איז אין זיין מער קיין כוח ניטאָ.

— מאָטל, זיי ניט קיין פרעמדער, זעסט דאָך וואָס פאַר אַן אומגליק עס האָט אונדז געטראָפן. קום אָפטער און רעד מיט קיווען. ער לעבט־אויף, ווען ער דערזעט דיך. גריס דיין פרוי, זאָג איר, אַז איך האָב געזאָגט, אַז איך

האָב זי האָלט און איך ווינטש איר, אַז זי זאָל האָבן נחת פון דיר און פון איר קינד.

אין גאַס האָט מאַטעק דערפילט, אַז ער ווערט סענטימענטאַל. אַמאָל פלעגט ער פאַרלאָזן דעם אָנקלס הויז מיט אַ קללה אויף די ליפּן. היינט האָט אים אַ רחמנות אַרומגענומען צו זיי. ער האָט געוואוסט, אַז די טאַנטע פּעני איז איינזאַם, אַז דער אָנקל איז איינזאַם, אַז ביידע האָבן ניט בלויז פאַרלאָרן זייער טאָכטער, נאָר אַז דער לעבעדיקער משהלע איז אָפּגעפרעמדט פון זיי און זיי פון אים. אין מאַטעקן האָבן זיי געפונען עפּעס אייגנס, סיי מיט זיין יידיש רעדן, סיי מיט זיין פּשוטקייט און היימישקייט.

אינדערהיים האָט מאַטעק איבערגעגעבן זיינע שטימונגען סאַלטשען. זי איז גערירט געוואָרן, ווען ער האָט איר דערציילט וואָס פּעני האָט געזאָגט וועגן איר.

— לאָמיר איינמאָל אַ וואָך צוגיין צו זיי, מאַטעק, — האָט זי זיך געבעטן.

— אַז מיר וועלן צוגיין איינמאָל אין צוויי וואָכן וועלן זיי אויך זיין צופרידן, — האָט ער געזאָגט און צוגעגעבן — לאָמיר אַמאָל מיטנעמען שלומען.

.3

די האָבן זייער וואָרט ניט געהאַלטן. ווידעראַמאָל איז סאַלטשע געפאָרן קיין וואַשינגטאָן און זיך באַטייליקט אין הונגער־מאַרש. מאַטעק איז געבליבן אין דער היים. ער האָט געאַרבעט צוביסלעך. ער האָט זיך צופעליק געטראָפן מיט בענען און לואיזען און ער האָט זיי איינגעלאַדן צו זיך אין אַ וואָך אַרום, ווען סאַלטשע וועט זיין צוריק פון וואַשינגטאָן. זיי האָבן צוגעזאָגט צו קומען.

אָן סאַלטשען האָט מאַטעק זיך געפילט ניט־באַהאָלפן אין הויז. שלום האָט פאַרנומען איר אָרט. ער האָט צוגעגרייט צום טיש. ער האָט געוואַשן ס׳געפעס. מאַטעק האָט זיך געקליבן לייגן שלאָפן שפּעט. ער האָט זיך איינגעהערט צו דער ראַדיאָ — אפשר וועט זיין נייעס פון הונגער־מאַרש. ער איז געווען אומרואיק.

מיטאַמאָל האָט עמיץ אַ בייזן קלונג געטאָן אונטן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער, ס׳איז געווען נאָך עלף. ער האָט זיך דערשראָקן. ער האָט געהערט ווי מען דערנעענטערט זיך צו דער טיר. אַ קלונג אין טיר.

— ווער איז? — האָט מאַטעק געפרעגט און ניט געעפנט.

— ס׳איז משהלע סאַרדזשענט, דיין קאָזין, — האָט ער דערהערט אַ נערוועז קול.

אויפֿן מאָמענט איז מאַטעקן איינגעפאַלן, אַז משהלע איז געקומען זוכן שוץ ביי אים, זיך אויסבאַהאַלטן. נאָר גלייך איז אים איינגעפאַלן, אַז ס'איז ניט דאָס. ער האָט געעפנט.

משהלע האָט געסאָפעט. זיין תמיד רויט פנים איז געווען קרענקלעך־ברוין.

— מען האָט מיך גערופן פון פאַ'ס הויז מיט אַ שעה צוריק, אַז מאַ איז אויסגעגאַנגען. פאַ האָט אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל דיך מיטברענגען. מיין קאַר שטייט אונטן. קום.

שלום איז געשלאָפן. קיינער וועט ניט בלייבן אין הויז. ווען סאַלטשע וועט זיך דערוויסן, וועט זי אים ניט מוחל זיין. און דאָך — האָט זיך מאַטעק אויף גיך אָנגעטאָן און ער איז מיטגעפאָרן.

פעני איז געלעגן אין איר בעט. דאָס פנים איז געווען ניט צו דער־קענען, ווי מען וואָלט פון איר גענומען אַ טויטן־מאַסקע. קיינער איז ניט גע־ווען לעבן איר, ווען זי איז געשטאָרבן. קיווע האָט געגעסן זיין וועטשערע, אָפגעוואַשן די טעלער, צוגעגרייט פאַר איר טיי. ער איז אַריינגעקומען צו איר און גערעדט צו איר און זי האָט ניט געענטפערט.

— פעני, פעני, שלאָפסט?

דאַן האָט ער דערזען, אַז דאָס מויל איז געווען אָפן, די האַנט שטייף.

ווען משהלע און מאַטעק זיינען אַריינגעקומען, האָבן זיי געטראָפן אַ פאָר שכנים דאָרט, ניט געקוקט אויף דער שפעטער שעה. קיווע איז גע־זעסן אויף אַ בענקל לעבן פעניס בעט. משהלע האָט זיך צעריטשעט. קיווע האָט ניט געוויינט. ער האָט געקוקט אין דער ווייט.

מאַטעק איז צוגעגאַנגען צום אָנקל, אים אַרומגענומען מיט איין אָרעם.

— דאָס איז מיין סוף! — האָט קיווע געזאָגט ניט קוקנדיק צו מאַטעקן.

— פאַ, ווען האָט עס פאַסירט? — האָט געפרעגט משהלע אַ וויינענדיקער.

— מיין קינד, גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אונדז. פאַרוואָס קומט עס אונדז?

מאַטעק האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט שלומען געלאָזט אַליין אין הויז. ער האָט דאָס דערקלערט דעם אָנקל.

— קום אַריין מאָרגן, מאָט. כ'בין געבליבן איינער אַליין. פאַרלאָז מיך ניט, — האָט ער געזאָגט און זיין קול איז געווען פרעמד און סודותדיק.

קאַפּיטל ניין און דרייסיק

# סאַלטשע און לואיז

.1

סאַלטשע איז צוריקגעקומען פון וואַשינגטאָן, פון צווייטן הונגער־מאַרש, אָן אויסגעהונגערטע נאָך טעטיקייט. די דערוויילונג פון פּרעזידענט רוזוועלט איז געווען אַ גוטער סימן. עס האָט אַנדערש ניט געקאָנט געשען. עס וואָלט געווען קאַטאַסטראָפאַל, ווען הואווער וואָלט ווידער דערוויילט געוואָרן. דאָך זיינען מאַטעק און סאַלטשע געבליבן געפּלעפט ווען זיי האָבן געלייענט, אַז הואווער האָט געקראָגן קרוב צו זעכצן מיליאָן שטימען.

— מיינט דאָס, האָט זיך געקאָכט מאַטעק, — אַז זעכצן מיליאָן בירגער, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר זייער פּאַטריאָטישער פליכט צו גיין צום שטים־קעסטל, גלויבן נאָך אַלץ אַז הואווער דאַרף זיין דער פּרעזידענט פון אונדזער לאַנד, — נאָך דעם געפערלעכן תהום, אין וועלכן ער האָט דאָס לאַנד אַריינגעשלעפּט . . . אָט פאַר די זעכצן מיליאָן בירגער האָב איך מורא, סאַלטשע. זיי זיינען דאָס די, וואָס קאָנען דערנעענטערן דאָס לאַנד צו פאַשיזם; זיי קאָנען טאָן דאָס וואָס די דייטשן האָבן געטאָן — ברענגען אַ היטלער אויף אונדזער לאַנד. שטעל דיר פאָר: רוזוועלט האָט אינגאַנצן געוואונען מיט עפּעס מער ווי זעקס מיליאָן שטימען, רעכן אַריין דעם נאָענט פון אַ מיליאָן שטימען, וואָס נאָרמאַן טאָמאַס האָט געצויגן און די איבער הונדערט טויזנט שטימען וואָס פאָסטער האָט געוואונען און דו זעסט פאַר זיך דאָס טרויעריקע בילד — די אַמעריקאַנער אַרבעטער און קליינבירגער האָבן ווינציק געלערנט פון דעם שרעקלעכסטן עקאָנאָמישן קריזיס, אין וועלכן מיר געפינען זיך נאָך. וואָס וועט איצט זיין איז דאָס, לויט מיין אויסזיכט: רוזוועלט וועט וועלן אַרויסשלעפּן דעם שווערן וואָגן פון דער טיפער בלאָטע און די זעכצן מיליאָן בירגער וועלן אים ניט העלפן, נאָר אפשר נאָך שטערן. האָסטו דאָך שוין געהערט ווי מען האָט רוזוועלטן צוליב זיינע ליבעראַלע רעדעס אָנגערופן פאַרשיידענע נעמען, אים באַשולדיקט אין „רויטקייט״; געגעבן אַנטי־סעמיטישע אָנצוהערענישן אויף זיין חשבון, אַז ער הייסט גאָר ראָזענפעלד . . . פון איין זייט איז אַ גליק וואָס רוזוועלט איז דערוויילט געוואָרן, פון דער

צווייטער זייט לאָמיר ניט פאַרמאַכן די אויגן און לאָמיר זאָגן צו זיך: מיר שטייען פאַר דער געפאַר פון פאַשיזם אין אייראָפּע און אויך ביי אונדז אין לאַנד.

סאַלטשע איז געוועזן אָפּטימיסטישער.

— די צרה מיט דיר, מאָטעק, איז וואָס דו ביסט צופיל אַ היימזיצער. ווען דו וואָלסט זיך באַטייליקט אין הונגער־מאַרש און געזען וויפל וואונדערבאַרע אַרבעט־טיפּן געפינען זיך צווישן די מאַסן; וויפל אינטעליגענץ זיי פאַרמאָגן און וויפל קאָמפּסלוסטיקייט איז דאָ צווישן דער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ — דאַן וואָלסטו זיך ניט געשראָקן פאַרן פאַשיזם. אַמעריקע איז ניט דייטשלאַנד און ניט איטאַליע. איין זאַך איז אמת — מיר שטייען פאַר גרויסע קאַמפן. עס וועט פאָרקומען אַן איבערקערעניש אין דער אַמעריקאַנער יוניאָן באַוועגונג. רוזוועלט וועט דאַרפן עפענען אַ סך בלאָטערן פון דער קראַנקער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט. דאָס וואָס ער וויל טאָן, — אַזוי זאָגט ער. ס'וועט זיכער זיין אַ שריט פאָראויס צום סאָציאַליזם, נאָר קיין סאָציאַליסט איז ער דאָך ניט און וועט ניט זיין. ער וועט מוזן זיצן אויף צוויי בענקלעך און דערפאַר וועט ער זיך אָפּט וואַקלען און מיר וועלן געטראָטן ווערן ניט איינמאָל; נאָר דער הואווער־בלאָף האָט שוין געפּלאַצט. אַי, פאַר די זעכצן מיליאָן בירגער וואָס זיינען אַזוי בלינד, אַז ביי זיי איז רעכט, אַז הואווער זאָל ווייטער אָנגעטרויט ווערן מיטן לאַנד און חרוב מאַכן דאָס לאַנד עקאָנאָמיש — נו, דערפאַר זיינען מיר — די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, אין דער פּריווילעגירטער לאַגע, וואָס מיר פאַרשטייען, אַז עס נאָך פאַראַן אַזוי פיל צו טאָן, אַז מיר האָבן נאָך ניט אָנגעהויבן צו טאָן וואָס מען דאַרף, כדי דאָס לאַנד צו שטעלן אויף די פיס. אָנהויבנדיק פון אויסקעמפן גלייכע רעכט פאַרן נעגער; פאַר אונדז יידן; פאַרן כינעזער; פאַרן מעקסיקאַנער, בכלל פאַר אַלע אונטערדריקטע און דיסקרימינירטע. מיר לעבן נאָך אין אַ לאַנד, אין רייכסטן לאַנד אויף דער וועלט, ניט געקוקט אויפן צייטווייליקן קריזיס, וואָס דערלויבט נאָך קינדער־אַרבעט; אין אַ לאַנד וואו מענטשן ווערן גאַנץ דערשאָסן אויף טויט פאַר וועלן אָרגאַניזירן אַרבעטער אין אַ פּראָפעסיאָנעלער יוניאָן; אין אַ לאַנד וואו טאָם מוני זיצט אין טורמע און וואו די סקאָטסבאָראָ ייִנגלעך דראָט דער טויט. זיכער איז דער קאַמף אַ שווערער און אַ ביטערער. דערפאַר ווערט מען וואַך. אַבי ניט גלייכגילטיקייט. פאַר דעם האָב איך מורא מער ווי פאַר אַלץ. ווען דאָס פאָלק רירט זיך פון אָרט, ווען דער מוח הייבט אָן אַרבעטן, איז עס שוין אַ גוטער סימן. מיר האַלטן אָט ביי דער לאַגע איצט דאָ אין לאַנד. זאָל זיין אַז שולדיק אין דעם איז דער הונגער און די אַרבעטלאָזיקייט. זעסט דאָך, אַז אפילו אַזאַ האַרטער שטיין

ווי מעקס רעדט שוין אויך אַנדערש און ער האָט אויך געשטימט פאַר רוז־וועלטן. און אפילו העגעסי האָט געשטימט פאַר רוזוועלטן, כאָטש ער האָט נאָך אַלץ מער צוטרוי צו הואווערן און מעלאָנען, דערפאַר וואָס זיי זיינען רייכע און גרויסע ביזנעסלייט און צו פירן אַ לאַנד איז ווי פירן אַ גרויסע ביזנעס און, — נו, די העגעסיס זיינען ליידער די מאַיאָריטעט פון אַמעריקע. האָט ער אַמאָל איבערגעלייענט אַ ביכל וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע? האָט ער אַמאָל אין זינען געהאַט דעם צווייטן מענטשן אויסער זיך? גיב אַ קוק מיט וואָס פאַר אַ האַס זיינע טעכטער באַציען זיך צו יידן און אַנדערע אויס־לענדער. זיי שטייט דאָך ניט אָן צו קומען צו טאַטע־מאַמע מחמת זיי וואוינען צווישן יידן. פאַרשטייסט, עס האָט זיך געשאַפן דאָ אַ העכערע קאַסטע פון די וואָס זיינען דאָ געבאָרן געוואָרן און וואָס באַלאַנגען, ווי זיי זאָגן, צו דער אַנגלאָ־זאַקסישער ראַסע, דאָס איז אַ מין בלאַסער אָפּשפּיגל פון דער היטלער־טעאָריע פון ראַסן־סופּעריאָריטעט און זיי קוקן אויף יעדן איינעם, וואָס איז אימיגראַנטיש אָדער פון אַן אַנדער אָפּשטאַם, ווי אויף דער נידעריקער קאַסטע, וואָס דאַרף איר זיין אונטערטעניק, וואָס דאַרף טאָן די שווערסטע און שמו־ציקסטע אַרבעט פאַר זיי; וואָס איז ניט באַרעכטיקט צו די זעלבע באַקוועמ־לעכקייטן און אפילו צום זעלבן לוין ווי זיי.

רוזוועלטס איינשווערונג־רעדע דעם 4טן מערץ האָט אויף סאַלטשען און מאָטעקן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. די אַלגעמיינע שרעקלעכע עקאָנאָ־מישע לאַגע פון לאַנד האָט, פון איין זייט, געדריקט און געשטיקט די גע־מיטער. פון דער צווייטער זייט האָט יעדעס וואָרט פון רוזוועלטן אַריינגע־בראַכט פרישע, געזונטע לופט אין מיליאָנען פריטשמעלעטע היימען. סימנים פון אומקום — און סימנים פון אויפלעב און געבורט.

צום גליק האָט מאָטעק געהאַלטן זיינע אָפּגעשפּאָרטע פאָר דאָלאַר אין אַ באַנק וואָס האָט ניט געקראַכט. אַנדערש האָט עס אָבער פּאַסירט מיט זיין קרוב דעיוויס. ווען סאַלטשע האָט דערזען לואין אויף איר שוועל, האָט זי גלייך דערקענט, אַז קיין גוטע בשורה איז ער ניט געקומען אָנזאָגן.

— קומט אַריין, לואי, אַזאַ לאַנגע צייט זיך ניט געזען. מאָטעק וועט באַלד אָנקומען. וואָס מאַכט איר גוטס? וואָס מאַכט בעסי? די קינדער? איר וועט כאַפּן אַ בייס מיט אונדז.

— אָי, סאַלטשע, עס איז ביטער. דאָס קום איך טאַקע פון דער באַנק אין אייער געגנט. די באַנק האָט געפּלאַצט. געהאַט ליגן אַ פּאָר דאָלאַר, ניט אַזוי מיינע, ווי די קינדערס. כ'האָב מורא, אַז עס וועט אַוועק מיטן רויך. מענטשן גייען פון זינען אַרונטער צוליב דעם. רוזוועלט זאָגט צו עפּעס

צו טאָן. זאָל מען כאָטש קאָנען אָפּראַטעווען אַ טייל פון דעם געלט, וועל איך אויך זיין צופרידן.

באַלד איז אָנגעקומען מאַטעק און לואי האָט זיך צעוואַרעמט.

— ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז אין אַמעריקע זאָלן בענק אָנזעצן? זאָל עס גיין אין דער אדמה אַריין. איך זאָג מיר מיינס: מיר האָבן דער־לעבט צו זען, אַז רוסלאַנד איז געוואָרן אַן אַרבעטער מלוכה, וועלן מיר דערלעבן צו האָבן סאָציאַליזם אין אַמעריקע און אויף דער גאַנצער וועלט. וואָס טויג מיר די אַלע טרויעריקע רייד? איר האָט געדאַרפט אָנקוקן מיין אייניקל. מיין טאָכטער ענאַ האָט דאָך שוין אַ מיידעלע פון פינף חדשים. און מיין אייבי האָט שוין אויך חתונה געהאַט און קיין דזשאַב האָט ער נאָך אַלץ ניט, וואוינט ער מיטן ווייבל ביי אונדז. מיין מיזיניק יאַנקל איז קיין יידישער לערער ניט געוואָרן, נאָר דערפאַר האָט ער געקראָגן אַ דזשאַב ביי פאָרדן אין דעטראָיט און ער שפּילט אַ ראָלע אין דער יוניאָן. זיינע פאַר דאָלאַר וואָס ער האָט געשיקט פון דעטראָיט האָבן מיר דאָס אַריינגעבראַכט אין דער חזירשער באַנק — און דאָס אַרט מיך שטאַרק. בעסי אַרבעט נאָך אַלץ און איך גיי אַרום מער ליידיק ווי איך ניי . . . ווען קומט איר צו צו אונדז? געהערט אַז דיין אָנקל קיווע האָט נעבעך פאַרלאָרן אי די טאָכטער, אי די ווייב. געדאַרפט צוגיין צו אים, כ׳בין דאָך פאָרט אַ שטיקל משפחה זייער.

האָט לואי פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה ביי מאָטעקן אין הויז. און ווי שטענ־דיק האָט מאָטעק אָנגעקוואָלן פון לואיסעס גייסטיקער גאַנצקייט.

.2

ניט איינמאָל האָט עס מאָטעקן פאַרדראָסן, וואָס בען און לואיז האָבן זיך דערווייטערט פון זיי. ער האָט עס פאַר סאַלטשען ניט געוואָלט אַרויס־ברענגען, נאָר ביי זיך האָט ער באַשלאָסן, אַז זינט בען איז צוזאַמען מיט לואיזן האָט זי געמוזט ווירקן אויף אים, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיינע פריינט און באַקאַנטע, וואָס שטייען ניט אויף זייער הויך. מאָטעק איז דאָך געווען אַ פּשוטער אַרבעטער און זיין פרוי האָט דאָך קיין אַקאַדעמישע ביל־דונג ניט גענאָסן. וואָס פאַר אַ נאָענטשאַפט קאָן זיין צווישן זיי און לואיזן און איר קרייז אינטעלעקטועלע פריינט? אַזוי האָט מאָטעק אויסגערעכנט.

ער האָט געוואוסט, אַז סאַלטשע פאַרשטייט דעם ענין אויך אַזוי. נאָר ער האָט מיט איר ניט געוואָלט רעדן, אין דער באַוועגונג האָט מען ניט זעלטן באַמערקט, אַז גראָד די וואָס האָבן גערעדט וועגן דער גרויסקייט פון אַר־

בעטער־קלאַס, האָבן דעם מיטגליד פון דעם קלאַס געהאַלטן נידעריקער פון זיך. דאָס האָט געשאַפן אַ מחיצה צווישן די געבילדעטע טוער מיט די פּשוטע אַרבעטער, וואָס האָבן אָפּט נאָכגעפאָלגט די טוער.

דערפאַר ווען מאַטעק האָט זיך צופעליק געטראָפן ביי אַ פאַרזאַמלונג מיט בענען און לואיזן, האָט ער זיך באַצויגן צו זיי מיט אַ געוויסער מאָס פון דערוויטערטקייט און אפילו אומצוטרוי. ער האָט זיך באַגריסט מיט זיי, ווען ער האָט זיי געטראָפן זיצנדיק און ער אַליין האָט געזוכט אַ פּלאַץ. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, נאָר ער איז ניט צוגעגאַנגען צו זיי. ער האָט געפונען אַ פּלאַץ, נאָר ער האָט זיך ניט אויסגעדרייט צו זיי. עס האָט אים געצויגן זיך אויפצוהויבן, איבערלאָזן זיין מאַנטל און צוגיין פרעגן וואָס מען מאַכט. ער האָט דאָס ניט געטאָן. „זיי זיינען אינטעליגענטן, איך בין אַן אַר־בעטער. אפשר האָט בען איינגעזען, אַז איך בין ניט פאַר אים. סוף כל סוף איז ער דאָך אַריין דורך לואיזן אין די הויכע פענצטער", האָט ער געטראַכט.

נאָר ביים אַרויסגיין האָט אים עמיצער געגעבן אַ שטורך אין זייט. ס'איז געווען בען.

— העי, דו פרעמדער, איך וואַרט אויף דיר. קום נאָר אַהער, וואו איז סאַלטשע ?

מאַטעק האָט זיך אויסגעדרייט, צוגעגאַנגען צו בענען און לואיזן.

— האַלאָ, בען, האַלאָ, לואיז, שוין אייך ניט געזען אַזאַ לאַנגע צייט, — האָט ער געזאָגט אין אַ מידער שטים. דער מיטינג האָט אים געהאַט צע־רודערט.

— איר האָט אונדזער טעלעפאָן נומער. איר האָט ניט קיין טעלעפאָן. איר האָט אונדז יאָ געקאָנט רופן, מיר אייך ניט, — האָט לואיז איינפאַך געזאָגט.

— הער זיך איין, מאָט, לאָמיר דאָ ניט שטיין, קום מיט אונדז, וועלן מיר זיך אַוועקזעצן ביי אַ קאַווע און אויסרעדן אַ וואָרט מיט דיר. איך האָב ניט איינמאָל געטראַכט פון דיר, דו אַלטער גוטער חבר מיינער.

איז מען אַריין אין אַ קאַפעטעריע. מאַטעק איז געבליבן ביים טיש מיט לואיזן, בעת בען איז אַוועק ברענגען שפּייז.

— ס'איז אמת, אַז בען רעדט ניט איינמאָל וועגן אייך און וועגן סאַלטשען. ער האָט פאַר אייך בליידן אַ וואָרעם ווינקל אין זיין האַרצן. ס'איז אַ שאָד וואָס מיר האַלטן זיך אַזוי פון וויטן. איך ווייס ניט וועמענס שולד ס'איז. ס'איז געוויס ניט אייערע און ניט אונדזערע. ס'איז די צייט וואָס מאַכט, אַז מען זאָל זיין אַזוי פאַרטאָן. נאָר לאָמיר האָפן, אַז פון איצט אָן וועלן מיר זיך זען אָפטער.

— דערצייל, דערצייל, מאָט, איך בין אויסגעהונגערט נאָך נייעס פון

דיר, — האָט בען געזאָגט און אויסגעשטעלט די שפּיז.

איז מען געזעסן אַ לענגערע צייט ביים טיש און גערעדט וועגן היימישע ענינים. מאַטעק האָט דערציילט וועגן סאַלטשען, וועגן איר פּאָרן קיין וואַ־שינגטאָן, וועגן שלומען, וועגן אָנקל קיווע. באַלד איז מען אַריבער אויף רוזוועלטס דערוויילונג און וועגן דעם באַנק־קראַך. בען און לואיז האָבן אויס־געמידן צו רעדן וועגן זיך. זיי האָבן כמעט ניט געענטפערט אויף די פראַ־געס וואָס מאַטעק האָט זיי געשטעלט.

— מיר וועלן צוקומען צו דיר אין הויז אַריין, אָדער דו וועסט קומען צו אונדז, וועלן מיר דאַן אַ שמועס טאָן.

ווען סאַלטשע איז צוריקגעקומען פון וואַשינגטאָן און מאַטעק האָט איר דערציילט וועגן זיין באַגעגעניש, האָט זי באַשלאָסן צו טעלעפאָנירן לואיזן און זי איינלאַדן צו זיך. אפשר וועט זי דאָס מאָל קומען. זי האָט עטלעכע מאָל קיין וואָרט ניט געהאַלטן אין דער פאַרגאַנגענהייט. סאַלטשע האָט זיך געפילט ניט היימלעך דערפון.

לואיז האָט זיך אויפן טעלעפאָן דערפרייט מיט סאַלטשעס קול.

— איך בין אייך באמת דאַנקבאַר פאַר דער איינלאַדונג. מיר וועלן קו־מען צו אייך זונטיק אויף מיטאָג אויב איר ווילט דווקא, אַז מיר זאָלן עסן ביי אייך, נאָר דאָס מיינט דאָך פאַר אייך אַזוי פיל אָנשטרענגונג. אפשר זאָלן מיר קומען פאַרנאַכט. ניין? גוט, איך בין נייגעריק צו טרעפן זיך מיט אייך און דאָס מאָל וועט איר מיר קאָנען דערציילן וועגן אייערע דערפאַרונגען אין וואַשינגטאָן. גריסט.

האָט זיך מאַטעק דערפילט געהויבענער פון זייער געפּלאַנטן באַזוך. אומ־זיסט זיי חושד געווען אין פאַריסנקייט.

דאָס צוזאַמענגלעבן פון בען מיט לואיז האָט זיך געהאַט זיינע ליכטיקע און זיינע טונקעלע צייטן. לואיז האָט געהאַלטן, אַז מיט בענען איז ניט לייכט אויסצוקומען. ער ווערט באַהערשט פון שטימונגען, וועלכע ער קאָן אַליין ניט דערקלערן. עס כאַפּט אים אַרום אַ גלייכגילטיקייט, אַן אומצופרידנ־קייט מיטן אַרום, אַ ציניזמקייט צו זיך און צו אַלץ וואָס איז אים ביז דאַן געווען ליב און טייער. דאָס איז אָבער ניט חל אויף לואיזן. זי איז אַזוי פיל יינגער פון אים. זי איז צאַרט און דורכזיכטיק. ער איז שווער און האַרט. זי האָט אים ליב און זי וואָלט וועלן, אַז ער זאָל איר אַרויסווייזן דעם זעלבן אינטערעס און איבערגעבנקייט צו איר. אָפט איז דאָס ניט דער פאַל. אָפט דוכט זיך איר אויס, אַז ער קאָן זיך אָן איר אינגאַנצן באַגיין. די באַוועגונג שלינגט אים איין. און טאָמער גייט עס שלעכט אין דער אַרבעט, רופט דאָס זיך אָפּ אויף זיין געמיט. און צום סוף גייט עס אויס צו איר.

עס האָט שוין אויך פּאַסירט, אַז ער האָט זי געלאָזט וואַרטן אויף זיך און זי האָט אויסגעפונען, אַז ער האָט געלאָזן פֿאַרבראַכט אין אַ רעסטאָראַן מיט אַ יונגער פֿרוי, מיט איינער פֿון זיינע פֿיל פֿרויען־באַקאַנטע. לואיז האָט אים קיין סקאַנדאַל ניט געמאַכט. זי איז ניט געוואוינט צו הייבן איר קול. זי גלויבט, אַז מען דאַרף זיך פֿאַרשטיין אויפֿן וואונק. בען איז ניט קיין נאַר און אויב ער טוט אַזאַ זאַך, ווייס ער גוט, אַז עס וועט איר פֿאַרדריסן. ניט וואָס זי האָט מורא, אַז ער וועט אַוועק מיט אַן אַנדערער און זי פֿאַרלאָזן. נאָר זיין האַנדלונג איז ניט קיין חברשע. זי איז אַריין אין דער באַוועגונג מיטן גלויבן, אַז ניט בלויז איז נויטיק צו בויען אַ נייע וועלט. נאָר פֿריער פֿון אַלץ איז נויטיק זיך אַליין צו באַנייען. זי האָט זיך אַזוי גענוי פֿאַרשטאַנען מיט בענען, ווען זיי האָבן באַשלאָסן צו ווערן מאַן און ווייב. און וואָס איז געוואָרן פֿון אים? זי האָט איר וואָרט געהאַלטן. זי האַלט איר היים פֿאַר אַ מוסטער. די עלטערן זיינען מיט איר ניט איינשטימיק. דאָך זיינען זיי טאָלעראַנט און זיי מיינען, אַז זי מיט בענען זיינען אַן אידעאַל פּאָר. ווען איר פֿאָטער זאָל וויסן אַז זי ליידט, אַז זי גייט אַרום טעג פֿאַרביטערט און צעוויטיקט פֿון בענען, וואָלט ער זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן.

די מאַמע רעדט מיט איר ניט איינמאָל וועגן איינאָרדענען זיך אַ היים, וועגן אויפֿהערן זיין טעטיק און ווערן אַ הויז־פֿרוי און ווערן אַ מאַמע. די צייט שטייט ניט אויף איין אָרט. אַ קינד דאַרף מען האָבן, ווען מען איז אַליין יונג. וואָס שפּעטער מען האָט עס, אַלץ שווערער פֿאַלט עס אויפֿן לעבן.

האָט לואיז גערעדט מיט בענען וועגן דעם. זי האָט עס געטאָן גוט־מוטיק, ניט באַפֿעלנדיק. האָט בען זיך געוואונדערט, וואָס איר קאָן אין דער איצטיקער צייט גאָר איינפֿאַלן אַזאַ געדאַנק. מיר שטייען פֿאַר שווערע קאַמפֿן. דאָס לאַנד מאַכט דורך אַן איבערקערעניש. ווער ווייס, צי מאָרגן וועט ער, בען, ניט דאַרפֿן אַוועקפֿאָרן אין דרום, אָדער אין צענטער פֿון דער אויטאָמאָביל־אינדוסטריע. אין דייטשלאַנד בושעוועט היטלער. ווער ווייס וואָס ביי אונדז אין לאַנד וועט זיין. זי וויל האָבן אַ קינד, ער האָט ניט קעגן. נאָר — לאָמיר אַ ביסל צוואַרטן.

בען איז געווען צופֿרידן וואָס ער גייט צו מאַטעקן. לואיז האָט געוואוסט, אַז מאַטעק און סאַלטשעס געזעלשאַפֿט איז אינגאַנצן אַנדערש פֿון די באַקאַנטע וואָס באַזוכן זיי לעצטנס. עס קומען צו זיי טוער פֿון דער באַוועגונג, וואָס קאָנען רעדן וועגן די לעצטע שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור, וואָס קאָנען מיט איר שמועסן וועגן מוזיק, וועגן קונסט. אין מאַטעקס הויז איז אַלץ אַזוי איינפֿאַך, כמעט פּרימיטיוו. ביידע רעדן ענגליש מיט אַ שאַרפֿן אַקצענט. אַפֿילו דאָס קינד זייערס רעדט מיטן טאַטן יידיש. ס׳איז שיין, נאָר אַזוי אַנ־

דערש פון דער אַטמאָספערע אין וועלכער זי איז דערצויגן געוואָרן.

די פריינטלעכקייט מיט וועלכער מאָטעק און סאַלטשע האָבן אויפגענומען די געסט האָט געווירקט אויף לואיזן מער ווי אויף בענען. ער איז געקומען צו זיין אַלטן חבר מאָטעק. דאָס האָט געמיינט — אויפלעבן זכרונות פון אַ היבש ביסל יאָרן וואָס זיי האָבן זיך געקענט. פאַר לואיזן האָט דאָס געמיינט אַריינקומען אין אַ הויז, וואָס איז געווען אַנדערש און וואָס האָט איר געמאַכט זיך צו פאַרטראַכטן. זי איז געוואָרן אומרואיק ביי סאַלטשען אין הויז. דאָס מאָל האָט זי פאַר זיך דערזען דעם דרייצן־יעריקן שלומען, וואָס האָט זי באַטראַכט מיט זיינע ברוינע אויגן פון וועלכע עס האָט אַרויסגעשיינט אויפגייענדיקע חכמה. ער איז געווען ערנסט, נאָר ער האָט אויך געהאַט אַ חוש פאַר הומאָר און ער האָט זיך געוויצלט מיטן בענען און מיט איר. זי האָט פאַר זיך דערזען אַ ייִנגל וואָס האָט מסתּם פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן זיינע עלטערן. מען האָט שוין געקאָנט רעדן מיט אים ערנסט און דאָך איז ער נאָך געווען דער מאַמעס קינד. וויפל חן איז געלעגן אין זיין פרעגן ביי איר צי ער מעג נעמען אַן איבעריק שטיקל שאָקאָלאַד. זי האָט געלאַכט אין זיך און עס איז איר זייער געפעלן געוואָרן.

סאַלטשע האָט זיך ניט געפילט אינגאַנצן היימיש, ווען זי האָט גערעדט וועגן הונגער־מאַרש אין וועלכן זי האָט זיך באַטייליקט. מען האָט דיסקוטירט רוזוועלטן און געפרואווט טרעפן צי וועט ער האַלטן זיין וואָרט וועגן איינפירן דעם „ניו דיל”, וועגן זאָרגן זיך פאַרן פשוטן מענטשן, וועגן צאַמען די אַפּעטיטן פון די עקאָנאָמישע ראָיאַליסטן. בען איז געווען סקעפּטיש, לואיז האָט געהאַט צוטרוי צו רוזוועלטן. מאָטעק און סאַלטשע האָבן מער געהערט ווי גערעדט.

פרייער איז סאַלטשע געוואָרן, ווען לואיז איז צו איר אַריין אין קיך און ביידע פרויען האָבן גערעדט וועגן הויז־ענינים. לואיז האָט פיל געלערנט פון סאַלטשען. ווען זי האָט געלעבט ביי דער מוטער, האָט לואיז ניט געוואוסט, וואָס עס מיינט שטיין איבער אַ טעפּל אין קיך. איצט, ווען זי האָט אַליין געהאַט אַ קיך, איז עס איר אָנגעקומען שווער. דאָ ביי סאַלטשען האָט זי פאַר זיך דערזען אַ פרוי וואָס קאָן אי אויפפּאַסן אויף איר מאַן און אויף אַ קינד, אי פאַרן קיין וואַשינגטאָן, אי אַריינלייגן אַ טאָג אַרבעט אין אַ מילינערי שאַפּ. און סאַלטשע קוקט אויס פריש און זי איז פול מיט געזונטן אָפּטימיזם. און עס דוכט זיך איר אויס, לואיזן, אַז סאַלטשע גייט ניט דורך מיט איר מאָטעקן, וואָס זי מאַכט דורך מיט איר בענען. ווען זי שעמט זיך ניט, וואָלט זי געפרעגט, צי מאָטעק ליידט פון שטימונגען; צי ער פאַרנאַכלעסיקט זי אַמאָל.

ביים געזעגענען זיך האָט לואיז איינגעלאַדן סאַלטשען מיט מאַטעקן צו קומען זי באַזוכן. זי וועט זיך מיט איר דורכשרייבן.

— זיי זיינען אַ פיינע פּאָר, — האָט בען געזאָגט צו לואיזן, ווען זיי זיינען אַהיים געקומען.

— מיר געפעלט איבערהויפּט סאַלטשע, — האָט זיך אָנגערופן לואיז, — זי איז אַזוי גאַנץ און פריש. אַמאָל פאַלט מיר איין, אַז מיר אַמעריקאַנער פּרויען קאָנען זיך אָפּלערנען אַ סך פון די איראָפּייאישע פרויען. זיי זיינען ניט אַזוי ווייך ווי מיר זיינען.

— רעד זיך ניט איין, לואיז, אַז סאַלטשע האָט מיטגעבראַכט אַהער באַזונדערע אייגנשאַפטן. זי האָט געהאַט אַ ביטערע קינדהייט און יוגנט. עס איז טאַקע אַ וואונדער וואָס זי האַלט זיך אַזוי גוט.

— זעסט דאָך, בען, אַז זי און מאַטעק האָבן דערצויגן אַ פיינעם בחור און זיי האָבן זיך ניט געשראָקן פאַר קיין שוועריקייטן אין לעבן, און זיי זיינען טעטיק אין דער באַוועגונג און זיי קוקן אויס צו זיין מענטשן וואָס האָבן ליב געזעלשאַפט. מאַט איז אַביסל צוריקגעהאַלטן, נאָר סאַלטשע איז אַזוי אָפנהאַרציק און עכט. איך האָב זי ליב באַקומען.

לואיז האָט געוואָלט זיך דערעדן צו עפּעס. זי האָט געוואָלט פאַרזעצן דעם שמועס מיט בענען, נאָר בען האָט גענומען אַ בוך אין האַנט אַריין און פאַרויכערט זיין ליולקע, אַ סימן אַז ער וויל זיך קאָנצענטרירן.

— בען, — האָט לואיז מיטאַמאָל זיך געווענדט צו אים, — דער הייבטיקער באַזוך ביי סאַלטשען האָט מיר עפּעס געגעבן. איך האָב איינגעזען, אַז מיר זיינען ניט גערעכט, וואָס מיר נעמען אונדזער לעבן אַזוי ערנסט. פאַר־וואָס האָסטו אַזוי מורא פאַרן לעבן? איך בין מקנא דעם פשוטן מענטשן, אַזאַ אַרבעטער ווי מאַט, וואָס האָט ניט געוואַרט ביז די וועלט וועט זיין גרייט פאַר אים, נאָר ער האָט גענומען אַ מיידל און איינגעשטעלט אַ היים און זי האָט אים געבאָרן אַ זון און איצט איז ער דרייצן יאָר אַלט. פאַרוואָס זיינען מיר אַזעלכע טרוסן, בען?

בען איז געבליבן זיצן מיט דער ליולקע אין דער האַנט, פאַרחידושט. ער האָט זיך ניט געריכט דערויף. הייסט עס, האָט ער געטראַכט, אַז לואיז הייבט אָן אָן אָפּענסיווע? זי וויל ווערן אַ מאַמע, זי וויל בויען אַ היים. אויס סאָלדאַט אין דער באַוועגונג. די היים קומט פריער פון אַלץ. זי מיינט עס טאַקע ערנסט.

— מיר זיינען ניט קיין טרוסן, לואיז. מיר זיינען ערנסט אין אונדזער אַרבעט.

— צו ערנסט, — האָט לואיז אונטערבראָכן.

— מיר זיינען אינטעלעקטואַלן און מיר זיינען איבערקלייבעריש אין אונדזער קוק אויפן לעבן. צוריק גערעדט, אפשר איז דאָ עפּעס אין דעם וואָס דו האָסט געזאָגט. עס איז ניט שווער צו ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט. די פראַגע איז וועגן זיין דערציאונג, די פאַראַנטוואָרטלעכקייט דערפון. דאָס וואָס עס אַרט מיך.

— בען, איך בין זיכער, אַז סאַלטשע און מאַטעק פילן אויך די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט און דאָך האָבן זיי ניט געשטעלט די פראַגע און איך בין זיכער, אַז זיי באַדויערן ניט וואָס זיי האָבן אַזאַ בחור.

— דו ווילסט אויפגעבן דעם ציל וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט און ווערן אַ הויז־פרוי ?

— פאַרוואָס ניט, בען ? איינס מיטן צווייטן האָט גאָרניט צו טאָן. איך קאָן האָבן אַ קינד און מאַרשירן אויף אַ דעמאָנסטראַציע. סאַלטשע איז ניט געוואָרן אויס קעמפער. פאַרקערט, מען ווערט אַגרעסיווער, מען האָט וואָס אין קאָן. זי טוט דאָס פאַר איר קינד. זי וויל פאַר אים אויסקעמפן אַ בעסערע וועלט . . . מיר מאַכן אַ טעות, גלויב איך, מיט אונדזער צוגאַנג צו זאַכן. איך גלויב, אַז איך וועל זיך פיזיש און גייסטיק פילן בעסער ווען איך וועל האָבן אַ קינד. נאָך אַלעם קאָנען מיר ניט איבעראַנדערשן די נאַטור. די פרוי איז באַשאַפן געוואָרן צו זיין אַ מוטער און איך וויל ניט זיין קיין פאַרזעעניש פון דער נאַטור, בען. איך וויל געניסן פון מוטערשאַפט איידער עס ווערט צו שפּעט. נאָר איך וויל ניט צווינגען דיך צו ווערן אַ פאָטער. אויב דיר איז דער ענין ניט צום האַרצן, זאָג עס מיר אָפן, וועל איך מער וועגן דעם ניט רעדן. נאָר איך האָב זיך געמוזט אַראָפּרעדן היינט. וועסט מיר מוחל זיין, טייערער.

בען איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט פאַררויכערט זיין ליולקע און זיך געמאַכט ווי ער פאַרטיפט זיך אין בוך. לואיז האָט גוט באַמערקט, אַז זיינע געדאַנקען זיינען ווייט פון בוך, אַז זיינע געדאַנקען זיינען אויף איר. ער איז געווען צעררודערט פון אירע רייד. עפּעס האָט אין איר געהאַט רעוואָלטירט. עס האָט איר פאַרדראָסן אויף בענען, וואָס ער האָט אַזאַ פלעגמאַטישן צו־גאַנג צו דער גאַנצער פראַגע. זי האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ טעות וואָס די מענטשן פון זיין קאַליבער באַגייען קעגן זייערע פרויען און געליבטע. דאָס איז דער טעות פון דער באַוועגונג. מען טאָר ניט דערלאָזן, אַז פרויען זאָלן אַריין אין די דרייסיקער יאָרן און ערשט דאַן זיך אַרומזען, אַז מען האָט עפּעס פאַרפעלט און דאַן פרואוון ווערן מוטערס, ווען עס איז פיזיש און גייסטיק שוין ניט אַזוי לייכט אָנצוהויבן אַזאַ לעבן.

ווען לואיז האָט זיך אויפגעכאַפּט אין דער פרי, האָט זי דערפילט ווי אַ

שווערקייט האָט געפּרעסט איר קאָפּ. זי האָט מיט בענען ניט געוואָלט רעדן קיין סך. זי האָט געהאָפּט, אַז ער וועט באַלד אַוועקגיין און זי לאָזן אַליין. זי האָט צונויפגענומען די געדאַנקען און באַשלאָסן צו זיין אַליין יענעם טאָג.

— בען, איך וועל צוגיין צו דער מאַמען. איך וועל דיך טרעפן אין אָוונט אין הויז. האָסט היינט אַ מיטינג?

— ניין, איך וועל אַהיים קומען פון אָפיס גאַנץ פרי.

— בעסער עס אָפּ אין אַ רעסטאָראַן. איך וועל ערשט זיין אין הויז אין אָוונט.

זי איז צו דער מאַמען ניט געגאַנגען. זי איז אַוועק איבער פּרויען־קראָמען, קוקן און אָנמעסטן קליידער. זי האָט אויסגעגעבן אַ סך געלט יענעם טאָג.

## קאַפּיטל פערציק

# רוזוועלט

.1

דער קריזיס האָט געריסן שטיקער פון מענטשלעכן לייב, פון לייב פון לאַנד. די בענק וואָס האָבן געקראַכט האָבן צעשטערט אַ סך מענטשלעכע לעבנס, צעבראָכן גופים וואָס האָבן געהאַט איבערגעלעבט גרעסערע שטורעמס אין זייערע לעבנס. מאָטעק האָט דאָס ניט געקאָנט פאַרשטיין און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ווען ער פאַרלירט דאָס גאַנצע געלט אין אַזאַ קראַך, וואָלט ער נאָך אַלץ געבליבן דער זעלבער, כּל זמן זיינע חושים וועלן אים נאָר דינען.

— סאַלטשע, ווי קאָנען מענטשן ווערן אַזוי נישטיק? עס דוכט זיך מיר, אַז דאָס געזונט קומט פריער פון אַלץ. פּופצן מיליאָן אַרבעטלאָזע איבערן לאַנד, נאָר אָט די מערסטע אַרבעטלאָזע וועלן, אויב נויטיק, גראָבלען אין די מיסט־קאַסטנס, נאָר זיך ניט אַרונטערוואַרפן פון דאַך. און דאָ קומען מענטשן, וואָס האָבן געהאַט געלט אין די בענק און בעמען זייערע געזונטע גופים, וואָס קאָנען אַזוי פיל נוצן ברענגען דער וועלט און זיי פאַרניכטן זיך אַליין, — האָט מאָטעק פילאָזאָפירט.

— אין לאָדזש, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אויך אַזוי געווען, מאָטעק, — האָט סאַלטשע געענטפערט, — נעכטן האָב איך גערעדט מיט אַ

מיידל פון אונדזער קרייז און מאָרגן איז זי שוין געלעגן אויסגעצויגן, ווי אַ פלאָקן. וואָס האָט פּאַסירט? זי האָט זיך גע׳סמ׳ט. פאַרוואָס? איר געליבטער איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער מלחמה. מען ווייסט ניט צי ער לעבט. נו, עס האָט זיך טאַקע געהאַט אַרויסגעוויזן, אַז דער געליבטער אירער איז גענומען געוואָרן אין געפענגעניש און נאָך דער מלחמה איז ער געווען פון די ערשטע צוריקצוקומען קיין לאָדזש. מיינסטו, אַז ער האָט זיך דאָס לעבן גענומען, ווען ער האָט אויסגעפונען וועגן דער טראַגעדיע מיט זיין מיידל? ווייסיך וואָס! ער האָט אין גיכן חתונה געהאַט . . . איך אַליין האָב איבערגעלעבט טרויעריקע מאָמענטן אין קאַרצער. איך וועל זיי קיינמאָל קיינעם ניט דערציילן. זיי וועלן באַגראָבן ווערן מיט מיר. ווען שלום וועט עלטער ווערן, וועל איך אים איבערגעבן וואָס איך האָב זיך אָנגעליטן אין דער מלחמה. זאָל ער וויסן וואָס מלחמה איז. יאָ, גראָד ווען איך בין געוואָרן פריי, זיינען מיר אויפן געדאַנק געקומען זעלבסטמאָרד פאַרלאַנגען. ס׳איז דאָ אין מענטשן אַזאַ מין מיקראָב, וואָס ווען דער מענטש הויבט אָן זינקען גייסטיק, העלפט ער אים אָפּגעשוואַכט צו ווערן, דוכט זיך מיר. זינקסט, ווער איינגעזונקען. נאָר אין דעם מאָמענט ווען דו הויבסט אָן באַקעמפן די שוואַכקייטן דיינע, דאַן איז דאָ אין מענטשן אַזאַ געהיימער קוואַל וואָס מונטערט אים, וואָס באַנעצט זיינע פאַרשמאַכטע ליפּן. שלעכט איז, ווען אָט־דער קוואַל איז אויסגעטריקנט געוואָרן און דער מיקראָב קריגט די איבערהאַנט, מאַטעק. מענטשן וואָס טראַכטן ניט בלויז וועגן זיך, נאָר וועגן דער וועלט און וועגן מיטמענטשן, פאַרמאָגן אין זיך אָט דעם קוואַל, דערפאַר וועלן זיי זיך ניט אַליין פאַרניכטן. אונדזער אידעאַל ראַטעוועט אונדז, אַזוי האָב איך שטענדיק געפילט.

מאַטעק און סאַלטשע, וואָס האָבן תמיד געהאַלטן פון טאַטן פריער און פון רייד שפּעטער, האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם טאָג, ווען דער נייער פּרעזידענט וועט איבערנעמען צו פירן דאָס לאַנד. רוזוועלט דער גאָווערנאָר האָט זיי געהאַט ווינציק אינטערעסירט, נאָר רוזוועלט דער פּרעזידענט איז פאַר זיי ביידן געווען ווי אַ לייכט־טורעם אין אַ שטאָק־פינצטערער נאַכט אויפן ברויזיקן אָקעאַן. די רעדעס וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיין דערוויילט ווערן און איבערהויפּט די רעדע ביי זיין איינשווערונג האָבן שטאַרק באַווירקט מאַטעקן און סאַלטשען. דאָס זיינען אַלץ געווען רעדעס וועגן אַקציע. און טאַקע באַלד ווי ער איז אַריין אין מאַכט האָט רוזוועלט באַוויזן מעשים און דאָס איז זיי שטאַרק געפעלן געווען. דער פאַקט, וואָס ער האָט צוגעזאָגט צו העלפן די וואָס נויטיקן זיך אין הילף ניט דורך אויסטיילן קצבה, נאָר דורך שאַפן אַרבעט פאַר די נויט־באַדערפטיקע, דער פאַקט

וואָס ער האָט גלייך אין די ערשטע צען טעג פון זיין איבערנעמען די מאַכט, באַוויזן אויפצוטאָן מער פאַרן פאָלק ווי האַרדינג, קולידזש און הואווער צוזאַמענגענומען — אָט־דער פאַקט האָט מאַטעקן און סאַלטשען דערפרייט.

איינס איז געווען זיכער — רוזוועלט האָט אָפּגעשאַפט די מורא, די שטימונג פון אונטערגאַנג, וואָס האָט געהאַט געלויערט אויף מיליאָנען היימען. ער האָט אַראָפּגענומען אַ שטיין פון האַרצן. ער האָט אויפגעגראָבן די קוואַלן, וואָס האָבן אַ פלייץ געטאָן מיט פרישער קראַפט איבערן גאַנצן לאַנד.

אמת, אין אַ יאָר אַרום, אין 1934, זיינען מאַטעק און סאַלטשע געווען אָפּט היבש אַנטוישט פון פיל זאַכן וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לאַנד און וואָס זיי האָבן באַשולדיקט אין דעם רוזוועלטס פירונגען. נאָר פונקט ווי אויף אַנדערע מיליאָנען בירגער, האָט רוזוועלטס פערזענלעכער צויבער זיך ניט אָפּגעטאָן פון סאַלטשען און מאַטעקן. עס איז אָפט געקומען צו צוזאַמענשטויסן צווישן זיי און פריינט וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף באַקעמפן רוזוועלטן און דערפירן צו אַ פּאָליסי, אַז וואָס ערגער איז בעסער; אַז רוזוועלט פאַרנאַרט דעם אַרבעטער, פאַרוויגט און פאַרשטאַרקט די קאַפּיטאַליסטישע זיילן פון לאַנד. מאַטעק האָט עס געזען און פאַרשטאַנען. בלוטיקע סטרייקן און מאַסן־אַרעסטן און געזעצן קעגן ראַדיקאַלן זיינען דורכגעפירט געוואָרן. רוזוועלטס רייד האָבן אָפּט ניט געשטימט מיט די מעשים זיינע. נאָר מאַטעק און סאַלטשע זיינען געווען באַאיינפלוסט פון רוזוועלטן און איינגעגליבט אין אים און געטריי צו אים און פאַרבלענדט און ווען ער האָט געדאַרפט ווידער־דערוויילט ווערן, האָבן זיי אומדערמידלעך געאַרבעט פאַר אים, האַלטנדיק אַז אויב ניט ער, וועט זיין פאַשיזם אין אַמעריקע.

אין וואָס איז געלעגן דער צויבער פון רוזוועלטס רייד? ווען מאַטעק איז געקומען קיין אַמעריקע האָט ער מיט יונגן אייפער געלייענט די רעדעס פון פּרעזידענט ווילסאָן. זיי זיינען געווען טיף, מיט הויכע פראַזן, נאָר אַ קאַלטקייט האָט געבלאָזן פון זיי.

פאַר מאַטעקן איז דער פּרעזידענט פון אַזאַ לאַנד ווי אַמעריקע געווען דער סימבאָל ניט בלויז פון לאַנד, נאָר אויך פון יחיד, פון מענטשן און מענטשלעכקייט. ווילסאָן, האַרדינג, קולידזש און הואווער זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט גרויס־פינאַנטירן, פון מענטשן ביי וועמען געלט האָט געמיינט מער ווי דער וואוילזיין פון יחיד. רוזוועלט איז געווען דער ערשטער צו רעדן וועגן פשוטן מענטשן, רעדן וועגן זיינע אינטערעסן, אינטערעסירן זיך מיט זיינע נויטן. אין רוזוועלטן האָבן מאַטעק און סאַלטשע דערפילט, פריער פון אַלץ, דעם גייסט פון אַ דעמאָקראַטיש לאַנד.

סאַלטשען איז, למשל, געפעלן געוואָרן אַ ציטאַטע וואָס זי האָט געדענקט

און וואָס איז פאַר איר געוואָרן אַ מין מאַטאַ. געזאָגט האָט ער יענע רייד, נאָך איידער ער איז געוואָרן פּרעזידענט:

„צוויי הערשנדיקע פילאָזאָפיעס זיינען אונדז געגעבן געוואָרן: איינע — גאָר ניט צו טאָן, נאָר לאָזן גיין זאַכן ווי זיי זיינען; און איינע — צו טאָן עפּעס. איך, ווי איר זעט, האַלט פון דער צווייטער פילאָזאָפיע."

דאָ האָט רוזוועלט אויסגעדריקט איר קוק אויפן לעבן. און איר איז געפעלן וואָס זי האָט געהאַט זיך דערצויגן אין די זעלבע געדאַנקען וואָס דער פּרעזידענט פון לאַנד. אָט דאָס קאָנען אַריינדרינגען אין געדאַנקען גאַנג פון פּשוטן מענטשן, אין דעם איז געלעגן רוזוועלטס צויבער, האָט געמיינט סאַלטשע.

ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ פאַרזוך צו טויטן רוזוועלטן אין מיאַמי, האָט סאַלטשע געפילט ווי דאָס וואָלט געווען אַ פּערזענלעכע געשעעניש און זי האָט וועגן קיין אַנדער זאַך ניט געקאָנט רעדן אָדער טראַכטן.

און אפשר איז פריער פון אַלץ פאַר איר און מאַטעקן רוזוועלט געווען — דער מענטש, וואָס האָט איבערגעלעבט אַ פּערזענלעכן אומגליק און ער איז ניט אַראָפּגעפאַלן ביי זיך, ער האָט ניט אויפגעגעבן די האָפענונג, אַז זייענדיק פיזיש געשעדיקט, וועט ער דאָך קאָנען דערגרייכן די העכסטע אַמביציעס זיינע און נאָך זיין אַ מוסטער פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און דורכדעם דערמוטיקן מיליאָנען, וואָס וועלן אַנטמוטיקט ווערן פון לעבן.

און אַזוי איז טאַקע געווען. דאָס לאַנד איז געלעגן פאַרשמאַכט. הואווער האָט פאַרלאָרן דעם צוטרוי פון פאָלק. דער קריזיס איז געוואָרן ערגער. עס האָט זיך געפאָדערט אַ ריז. איינער וואָס זאָל אויפשטיין און זאָגן צום פאָלק: „קומט מיט מיר און שרעקט זיך ניט. צוזאַמען וועלן מיר אויפבויען צוריק אונדזער לאַנד". איז געקומען רוזוועלט, דער וואָס האָט אַליין ניט געקאָנט שטיין אויף די פיס און ער האָט געפּרואווט צוריק אויפשטעלן אַ גאַנץ פאָלק.

עס איז געווען עפּעס סימבאָלישעס אין רוזוועלטן דעם יחיד, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט אַ קריזיס אין די בליענדיקע יאָרן פון זיין לעבן, אַז ער זאָל וועלן אַרויסשלעפּן פון קריזיס אַ גאַנץ פאָלק.

.2

שלום איז אַלט געוואָרן 13 יאָר און די עלטערן זיינע האָבן אים געמאַכט אַ פאַרדי. עס איז געווען אַ בר מצוה פאַרדי. עס זיינען געקומען קינדער פון דער יידישער שול און דער לערער ביי וועמען שלום האָט געלערנט. עס איז אויך געקומען לואי דעיוויס מיט זיין פרוי בעסי, און גאָלדע מיט איר

טאָכטער אסתר און אַ פּאָר שכנים פון הויז. מען האָט געזונגען אַ פּאָר אַרבעטער־לידער אין יידיש און ענגליש. מען האָט געהאַלטן רעדעס, אַז שלום זאָל אויסוואַקסן אַ קעמפער פאַרן אַרבעטער־קלאַס, ווי זיינע עלטערן זיינען.

גאָלדע האָט זיך געפילט אַביסל אומהיימלעך מיט די רעדעס. אויך אסתרל האָט ניט געקאָנט זינגען די לידער, וואָס די אַנדערע קינדער האָבן געזונגען. פון דער שול זיינען געקומען צוויי מיידלעך און אסתר האָט זיך מיט זיי באַפריינדעט. נאָר ווען זיי האָבן אויסגעפונען, אַז זי גייט ניט אין קיין יידישער שול און זי קאָן ניט שרייבן אָדער לייענען יידיש, האָבן זיי געקוקט אויף איר ווי אויף אַ פרעמדער.

צווישן מאָטעקן און לואין איז אַנטשטאַנען אַ לאַנגע היציקע דיסקוסיע וועגן רוזוועלטן. לואי האָט געהאַלטן, אַז רוזוועלט איז אַ גרויסער אָפּנאַרער און די אַלע נייע פּראָיעקטן וואָס ער וויל דורכפירן זיינען בלויז צו פאַרבלענדן די מאַסן. מאָטעק האָט גע׳טענה׳ט, אַז רוזוועלט איז דער ערשטער פרעזידענט וואָס מאַכט אַ פאַרזוך צו געווינען אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב בעסערע באַדינגונגען פאַר די אַרבעטער דורך געזעץ־געבונג. דערפאַר איז אמת, אַז די גרויס־קאַפּיטאַליסטן באַקעמפן אים. ער ווערט באַקעמפט פון ביידע עקסטרעמען — פון רעכטס און פון לינקס. מאָטעק האָט ניט געגלויבט, אַז אַמעריקע שטייט שוין אויף דער שוועל פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע צוליבן לאַנגן קריזיס. ס׳איז אויך געווען אמת, אַז אין 1934 האָבן זיך די סטרייקס איבערן לאַנד אָנגעהויבן פאַרמערן. נאָר ביי מאָטעקן זיינען דאָס אַלץ געווען סימנים פון אויפלעב. ער האָט געהאַלטן, אַז יעדער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער דאַרף שטיין שטאָל און אייזן פאַר רוזוועלטן און זיינע פירונגען און ניט דערלאָזן אַז די רעאַקציע זאָל זיגן. די מאָטאָ: „וואָס ערגער — איז בעסער", האָט מאָטעק באַקעמפט. מען דאַרף זען, האָט ער געזאָגט, אַז די מאַסן זאָלן צו זיך קומען. זאָל די רעגירונג געפינען פאַר זיי אַרבעט און צאָלן זיי אפילו אַ מינימאַלן לוין, אַלץ בעסער ווי אַז מיליאָנען אַרבעטלאָזע זאָלן דעמאָראַליזירט ווערן. דאָס אַרומגיין ליידיק מאַכט זיי ניט פאַר קיין באַוואוסטזיניקע קעמפער. זיי דאַרף מען ערשט דערציען. און די דערציאונג ליגט דערווייל אין די הענט פון גרויס־קאַפּיטאַל, וואָס קאָן לייכט אָנווענדן די אומצופרידנקייט פון די אַרבעטלאָזע אין אַ פאַשיסטישער ריכטונג. עס קאָן זיך אויסלאָזן צו יידישע קעפּ, צו יעדן ליבעראַל. סימנים האָט מען שוין געקאָנט זען אין פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד, וואו אַ פּאָטערל קאָגלין און אַ יואי לאָנג שיפּען כלומרשט קעגן די רייכע און טרעפן די יוניאָן־באַוועגונג און פאַרשפּרייטן האַס קעגן יידן און אימיגראַנטן.

לואי האָט אָנגעוויזן, אַז רוזוועלט שיקט מיליטער קעגן סטרייקערס און

, אַז סטרייק־אָנפירער ווערן אַרעסטירט און אַ טעראָר־קאַמפּאַניע ווערט אָבגעפירט קעגן ראַדיקאַלן און מען גרייט צו מאַסן־דעפּאָרטאַציעס קעגן פּאָליטישע קעגנער.

זיי האָבן זיך ניט געקאָנט צוזאַמענרעדן, לויט מיט מאָטעקן. לייכטער איז אָנגעקומען בעסין מיט סאַלטשען זיך צו פאַרשטיין. זיי האָבן גערעדט וועגן קינדער, וועגן הויז־זאַכן. בעסי האָט אָנגעקוואָלן פון אירע קינדער און שטאָלץ איז זי אָבער איבערהויפּט געווען וואָס אַלע גייען זיי אין די טריט פון די עלטערן. זיי בויען די באַוועגונג. זיי קאָן קיין זאַך ניט אָפּשרעקן.

גאָלדע האָט זיך איינגעהערט צו די שמועסן און זי האָט איינגעזען, אַז זי באַלאַנגט ניט אַהער. סאַלטשע איז דורך דער צייט געוואָרן אַן אַנדער מענטש, האָט זי געטראַכט ביי זיך. זי איז אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דער פּאָליטיק פון לאַנד. גאָלדעס מאַן מעקס האָט שוין אָנגעהויבן, צוזאַמען מיט זיין שווער, זיך נעמען צוריק צו ביזנעס. מען האָט געליען געלט, מען האָט אויפגעלעבט צוריק און די מאַסקעס פון שרעק און הילפלאָזיקייט האָבן זיך אָפּגעטאָן פון זיי און מען איז צוריק געוואָרן מענטשן מיט אַמביציעס, אַמביציעס זיך אַרויפצואַרבעטן און מאַכן געלט.

סאַלטשע האָט פאַר זיך געהאַט אַ קלאָרן ביישפּיל מיט גאָלדען. די שלעכטע פאַר יאָר, פון 1929 ביז 1934, וואָס זי האָט איבערגעלעבט, האָבן בלויז מאָמענטנווייז זי אויפגעבראַכט. אַזוי גיך ווי עס האָט זיך געוויזן דער ערשטער גרינער דאָלאַר־בלאַט, האָט זי שוין אָנגעהויבן טרוימען פון אַ פּראָספּעריטי זומער, פון איינקויפן נייע קליידער, ניי מעבל, פון איינשאַפן זיך אַ קאַר, פון פאָרן אויף אַ זומער־וואוינונג.

מעקס, וואָס פלעגט אין די פינצטערע טעג זיך טוליען צו מאָטעקן, האָט אַצינד זיך ניט געוויזן און ער איז אפילו צו שלומס בר מצוה פאַרדי ניט געקומען און ער האָט זיך אינגאַנצן אויפגעהערט צו אינטערעסירן מיט מאָטעקן און סאַלטשען

און אַזוי האָט רוזוועלט געווירקט אויף יעדן שיכט פון דער באַפעלקערונג. מען איז געווען פאַר אָדער קעגן אים, נאָר יעדער איינער האָט אויף זיין אופן גענאָסן פון די נייע געזעצן, — פון די עקספּערימענטן וואָס זיין „ברעין טראָסט" האָט געמאַכט. מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך דערפרייט מיט די ענדערונגען. מאָטעק האָט צוריק געקראָגן אַ דזשאַב דורך זיין יוניאָן און זייערע שכירות האָבן זיך שטאַרק פאַרבעסערט. סאַלטשע האָט געאַרבעט צייטווייליק און זי האָט געקאָנט אירע שכירות אַריינטראָגן אין באַנק יעדע וואָך. מעקס און דער אַלטער יאָקובאָוויטש האָבן אינגאַנצן געהאַט

פאַרגעסן אין קריזיס און ביזנעס איז געגאַנגען באַרג אַרויף. לואי און בעסי האָבן כסדר געליטן פון דער סעזאָן־אַרבעט אין זייערע נאָדל־פאַכן, זייערע אַרבעט־באַדינגונגען זיינען פאַרבעסערט געוואָרן אַדאַנק רוזוועלטן, נאָר די שכירות זיינען דערוייל „געווען אין דער אדמה".

צווישן גאָלדען און סאָלטשען האָט אָנגעהאַלטן די פריינטשאַפט, מער ווי צווישן גאָלדען און מאָטעקן. ער האָט דאָס געפילט און זיך געוואונדערט. ס'איז ניט געווען די אַמאָליקע גאָלדע. איר ציטער פאַר אים האָט זיך אויסגעוועפּט. זי האָט געקוקט אויף אים ווי ער וואָלט איר מער ניט אָנגעגאַנגען. אָוועק דער שמייכל פון איר פּנים, ווען זי האָט אים דערזען.

אַנדערש איז דאָס געווען מיט סאָלטשען. ווען גאָלדע האָט זיך מיט איר באַגעגנט, האָבן זיי ביידע געהאַט וועגן וואָס צו רעדן, און מאָדנע, מען האָט כמעט ניט גערעדט מער וועגן זייערע מענער, מען האָט גערעדט וועגן די קינדער. אסתר און שלום זיינען געווען אין דעם זיך בייטנדיקן עלטער, ווען עלטערן איז שווער געווען צו וויסן ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט זיי. איבערהויפּט האָט גאָלדע געליטן פון איר אסתרן. זי איז געווען שיין און דערוואָקסן פאַר איר עלטער און איר קאָפּ איז געווען נאָר אויף די יינגלעך, האָט זיך גאָלדע באַקלאָגט. זי וויל ניט טאָן איר היים־אַרבעט פון סקול, נאָר זי וויל זיין אין דרויסן וואו עס וואַרטן שוין אויף איר אַ כאָפּטע בחורים. מען שטייט ביים אַריינגאַנג פון הויז און מען האַפּקעט ווי ווילדע ציגן און מען קאָן צו זיי ניט רעדן. זיי זיינען פאַרשיכורט מיט זיך אַליין און ווען אסתר קומט אַרויף אין הויז איז זי ניט צו דערקענען.

פונקט פאַרקערט האָט געהאַט צו דערציילן סאָלטשע וועגן איר שלומען.

— איך וואָלט זיך געביטן מיט דיר, גאָלדע, — האָט זי געזאָגט, — שלום וויל פון הויז ניט אַרויסגיין. ער וויל צווישן מענטשן ניט זיין, ניט צווישן מיידלעך, ניט צווישן יינגלעך. ער איז פאַרטאָן אין ביכער און אין דער ראַדיאָ. ער איז אַ מאַטעמאַטיקער און גאַנצע נעכט וואָלט ער אָפּגעזעסן און געלייזט פּראָבלעמען. און ס'איז ניט געזונט פאַר אַ יינגל פון איבער דרייצן יאָר, אַז ער זאָל זיך פאַרשליסן אין זיך און ניט קאָנען זיין אין געזעלשאַפט פון קינדער פון זיין עלטער.

סאָלטשע האָט באַמערקט, אַז גאָלדע איז לעצטנס געוואָרן פולער און דער אויסדרוק אויף איר פּנים האָט זיך געענדערט. ס'זיץ פון איר ענדלעך פאַרשוואונדן דער אַמאָליקער „סטודענטישער" חן. זי איז געוואָרן איינפאַך־מאַמעשער, די איידלקייט פון אַמאָל, די געזונטע מיידלשקייט, האָט זיך אָפּגעטאָן פון איר און זי האָט אָנגעטאָן אויף זיך די אַלטעגלעכע זאָרג. מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז זי האָט אויסגעקוקט ווי אַ הויז־פרוי, ווי די קיך און

די גראָסערי און דער בוטשער־שאָפּ האָבן זי נאָכגעפּאָלגט.

— גאָלדע, ביסט מיר עפּעס געוואָרן אַ בראַנקסער ווייבל, ווי אַלע ווייבלעך, — האָט סאַלטשע, ווי איר שטייגער איז געווען מיט גאָר נאָענטע, איר אַריינגעזאָגט איינמאָל, — האָסט זיך אויפגעהערט פּוצן און האָסט אָנגעטאָן פּליכטן אויף זיך. ביסט די גאָלדע פון קריזיס. איצט איז דאָ רוזוועלט, מעגסטו ווידער אַראָפּוואַרפן פון זיך די מורא און צוריק ווערן יונג. דו ווייסט דאָך דעם סוד פון יוגנט. איך האָב דיך שטענדיק מקנא געווען מיט דיין פרישקייט און אָפּטימיסטישקייט.

— עס האָט שוין גאָר אַ סך פּאַסירט, סאַלטשע. איך בין עלטער געוואָרן. צוויי קינדער איז מער ווי איינס. מער אַרבעט, מער קאַפּריזן, מער דאגות און ווינציקער צייט פאַר זיך. יאָ, איך ווייס כ׳בין ניט דאָס וואָס געווען. געדענקסט ווי איך האָב גערעדט וועגן האָבן אַ סך קינדער. גענוג. אין איצטיקן מאָמענט פיל איך, אַז איין אסתר באַשטייט פאַר צען. זי פאַרשאַפט מיר גאָך אַ סך קרענקעניש. און מעקס קאָאָפּערירט ניט. ער האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעגעבן צו דער היים. די דעפּרעסיע האָט אים גאָר דערשלאָגן און געמאַכט נערוועז. היינט, ווען ער שטעלט זיך צוריק אויף די פיס, איז אים שוין לייכטער. ער גייט שוין אַרום מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און דאָס הויז איז ווידער געוואָרן פאַר אים אַ רעסטאָראַן, און איך — אַ קעלנערין, אַ דינסט און אַ פרויען־צימער. איך האָב ניט מיט וועמען אַמאָל צו גיין אין די מואוויס אפילו. מיין אסתר וויל מיט מיר ניט גיין. זי האָט זיך איר געזעלשאַפט. איך האָב ליב טעאַטער. בין איך שוין יאָרן לאַנג ניט געווען צו אַ קאָנצערט אין קאַנערגי האָל. אַליין קאָן איך ניט גיין . . . איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז איך האָב באַקומען אַ ווידערגעפיל צו די מענער. אפילו מאָטעקן קאָן איך אויך שוין ניט פאַרטראָגן. רוזוועלט האָט געמעגט איינפירן אַ נייעם קאָוד ספּעציעל פאַר דער פרוי. זי נויטיקט זיך אויך אין אַ „ניו־דיל״. מיר זיינען ניט־אַהין ניט־אַהער. מיין לעבן איז אָפּט פּוסט, ס׳איז מיר איבערדריסיק און עס ווילט זיך אויסשרייען אַ וואָרט אַזאַ, וואָס זאָל אויפרודערן און איבעראַנדערשן אונזערע לעבנס. אפשר בין איך אַנטוישט פון מיין אסתרן. זי נעמט ביי מיר צו אַ שטיק געזונט. איך שפּאַס ניט.

האָט סאַלטשע שפּעטער זיך פאַרטראַכט אין גאָלדעס רייד. זי איז געקומען צום באַשטימטן אויספיר, אַז שולדיק אין גאָלדעס פּעסימיזם איז איר געזעלשאַפטלעכקייט. וואָלט זי געווען אַקטיוו, וואָלט זי נישט געהאַט אַזעלכע דערדריקנדיקע שטימונגען. זי האָט געטראַכט וועגן איר אייגן לעבן, סאַלטשע. ווי גוט זי פאַרשטייט זיך מיט מאָטעקן. זי גייט ניט צו קיין קאָנצערטן, זי גייט ניט אין טעאַטער. פאַר איר און פאַר מאָטעקן איז גענוג

וואָס די באַוועגונג גיט זיי. אין דער באַוועגונג געפֿינט זי איר גאַנצן אינטערעס. און וועגן שלומען זאָרגט זי זיך אויך אַנדערש ווי גאָלדע וועגן אסתּרן. שלום פֿאָלגט. שסום איז אַ טייל פֿון איר געזעלשאַפֿטלעכקייט. מיט אים קאָן מען רעדן וועגן דער וועלט־לאַגע. הלוואי וואָלט ער ניט געווען אַזוי אַנטוויקלט, וואָלט זי געווען צופֿרידענער. נאָר קיין גאַסן־קינד וועט ער ניט זיין. די קינדער־שול אַנטוויקלט אים אין יידישן און אין אַרבעטער־גייסט. זיינע חברים זיינען איר סימפּאַטיש.

.3

די געשעענישן אין דייטשלאַנד, וואו היטלער האָט געבושעוועט ווי אַ צערייצטע, בלוט־דורשטיקע בעסטיע, האָבן באַאומרואיקט מאָטעקן און סאַלטשען. און אָט זיינען אָנגעקומען נייעסן וועגן פּאָגראָמען אויף יידן אין פּוילן. און אָט איז פֿאָרגעקומען אַ בלוט־באָד אויף סאָציאַליסטן אין עסטרייך...

— מיר דערנענטערן זיך צום פֿאַשיזם, — האָט געזאָגט מאָטעק צו סאַלטשען.

— עס איז פֿאַראַן אויף דער וועלט אַ מאָסקווע, — האָט געענטפֿערט סאַלטשע. — דער סאָוועטן־פֿאַרבאַנד שטייט ווי אַ וועג־ווייזער פֿאַר די אונטערדריקטע פֿעלקער. אויב זיי קאָנען ניט זען, ווי עס בויט זיך אַ ניי לעבן אין דעם אַמאָליקן אָפּגעשטאַנענסטן לאַנד אויף דער וועלט, דאַן זיינען זיי בלינד און טויב. וואָס איז דער אויסוועג פֿון פֿאַשיזם? עס איז נאָר דאָ איין ענטפֿער — איינפֿירן אַן אַרבעטער־מלוכה, פֿאַראייניקן זיך מיט אַלע פֿרייהייט־ליבהאָבנדיקע עלעמענטן פֿון לאַנד און אַראָפּוואַרפֿן און אויסראָטן דעם היטלעריזם און פֿאַשיזם. מאָטעק, דו זעסט די מילב און פֿאַרזעסט דעם העלפֿאַנט.

— ניין, ניין, סאַלטשע. ווען איך הער דאָס פּאַטערל קאָגלין רעדן יעדן זונטיק נאָכמיטאָג פֿון דעטראָיט, דאַן זען איך ווי מען קאָן אַריינּנאַרן אין זאַק מיליאָנען מענטשן, וואָס זוכן אַן אויסוועג צו זייערע צרות. דער איינפֿלוס פֿון קאָגלינען איז זייער גרויס. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי ביי אונדז אין לאַנד קומט מיט אַזאַ קלאָרער, מיט אַזאַ פּראַקטישער פּראָגראַם צו די מאַסן, נאָר זע וויפֿל שטימען פֿאָסטער און פֿאָרד האָבן באַקומען ביי די לעצטע וואַלן. וואו זיינען געווען די נעגערס? אפֿילו ווען זיי איז פֿאַרווערט צו שטימען אין די מערסטע דרום־שטאַטן, האָט אָבער האַרלעם אַליין געדאַרפֿט אָפּגעבן פֿאָרדן אַ פֿופֿציק טויזנט שטימען. וויפֿל שטימען האָט ער באַקומען אין האַרלעם? עס איז אַ שאַנד אויסצוזאָגן. נאָר צו קאָגלינען הערן זיך צו

הונדערטער טויזנטער יעדע וואָך און מען שיקט אים די דאָלאַרן און ער איז שטיין־רייך. אָט דאָס שרעקט מיך.

„היטלער האָט געהאַט די צושטימונג פון דייטשן פאָלק. לאָמיר זיך ניט נאַרן. ער האָט געקאָנט טעראָריזירן טויזנטער, גאָר ניט מיליאָנען וואָס האָבן געשטימט פאַר אים און אים געגעבן די מאַכט. מיר שטייען פאַר דער געפאַר איבער דער גאַנצער וועלט. דערפאַר איז מיר רוזוועלט טייער. ער וועט קיינמאָל קיין יואי לאָנג ניט ווערן. וויפל מיר זאָלן אים ניט קריטיקירן, מוז מען דאָך צוגעבן, אַז ער איז דער עכטער דעמאָקראַט, אַז ער איז וואָס אַמעריקע שטעלט מיט זיך פאָר, אַז ער היט אָפּ די פּרינציפּן, אויף וועלכע דאָס לאַנד איז געבויט געוואָרן. ער האָט אין זינען די אינטערעסן פון די מאַסן. ס'איז אמת, אַז אין זיין פּאַרטיי געפינען זיך גאָר אַ סך רעאַקציאָנערע עלעמענטן און ער דאַרף זיך בויגן פאַר זיי, אַניט וועט ער ניט קאָנען דורכפירן דאָס ביסל ליבעראַלע פּראָיעקטן, וואָס ער האָט אינזינען דורכצופירן. נאָר איך זע פאָראויס, אַז אויך רוזוועלט קאָן דורכגעוואָרפן ווערן אין די קומענדיקע וואַלן, אויב מיר זאָלן ניט זיין פאַראייניקט און העלפן אים קעגן די קאָגלינס און די אַנהענגער פון היטלערן ביי אונדז אין לאַנד. איך בין אַ רעאַליסט, סאַלטשע.

— מאָטעק, מיר דוכט זיך, אַז דו ביסט אויך מיד. עס איז נויטיק אַ שטיקל בייט. וואָס איז געוואָרן פון אונדזער פּלאַן צו מאַכן אַ רייזע קיין פּוילן?

— סאַלטשע, איך בין גרייט. דאָס געלט האָט איצט דאָ קיין גרויסן ווערט ניט. לאָמיר אַריינכאַפּן איידער עס ווערט צו שפּעט. איך וויל זיך זען מיט מיינע שוועסטער. ווער ווייסט צי פּוילן וועט אויך ניט ווערן היט־לעריסטיש און דאַן וועלן מיר ניט קאָנען אַריינקומען אַהין. אויב דו ביסט גרייט, בין איך אויך גרייט.

— מאָטעק, איך שפּאַס ניט. דו ביסט פאַרנומען און איך בין פרייער. איך וועל אָנהויבן אויסגעפינען איינצלהייטן וועגן דער רייזע. כ'וועל צוגיין צו געצל אייזנערן, אונדזער לאַנדסמאַן, וואָס האָט אַ רייזע־אַגענטור. איך געדענק אים נאָך פון לאָדזש.

— ביי מיר האָסטו געפּועלט. ווען זאָלן מיר פאָרן?

— מיר קאָנען ניט אָוועקפאָרן אָן שלומלען. מיר וועלן אים מיטנעמען. איך וויל אַז ער זאָל זען, אַז איך האָב שוועסטער און איך וויל, אַז זיי זאָלן אים אָנקוקן. דאָס מיינט, אַז מיר וועלן ערשט קאָנען פאָרן ווען אַלע פאָרן, אין זומער.

— וואו זאָלן מיר פאָרן?

— נאַטירלעך, קיין פּוילן. צופיל געלט האָבן מיר ניט. איך פאַרשטיי,

אַז דו וואָלסט וועלן אויך זיין אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. געפֿין אויס אַלע איינצל־הייטן. דאַן וועלן מיר זען וואָס מען קאָן יאָ און וואָס ניט.

נאָך איידער סאַלטשע האָט אַהיים געבראַכט די אינפֿאָרמאַציע וועגן דער געפּלאַנטער רייזע, האָט מאָטעק אין געדאַנק זיך שוין געהאַט אַריבערגע־טראָגן קיין לאָדזש. ער האָט זיך אַפֿילו געפֿעדערט און אָנגעשריבן אַ בריוו צו זיין עלטערער שוועסטער גוטשיאַ, אַז ער טראַכט וועגן קומען זיך זען מיט איר און וואָס דענקט זי וועגן דעם געדאַנק.

סאַלטשע איז אַהיים געקומען פֿון געצעל אייזנערס רייזע־אַגענטור מיט אַ פֿולן פּאַק ליטעראַטור. אייזנער האָט זי אויפֿגענומען גאָר וואַרעם. אַ קליי־ניקייט — אַ לאָדזשער קעמפּערין! ער האָט איר געגעבן אַן עצה, אַז זי זאָל פֿאָרן פֿריער, ווען איר קאָסטן ביליקער. צוויטנס, פֿאָרן זיי דאָך ניט יעדע פֿאַר יאָר, דאַרף מען אַריינעמען אַ פּאָר אַנדערע לענדער. פֿאַרברענגען אַ צען טעג אין פֿראַנקרייך, אַ פּאָר טעג אין ענגלאַנד, אין בעלגיע, אין די סקאַנדינאַווישע לענדער. לעבנס־מיטלען זיינען דאָרט זייער ביליק. אין פּוילן גופֿא — וואָס ווינציקער זיי וועלן זיין, אַלץ בעסער וועלן זיי פֿילן. ער איז אַליין ניט־לאַנג צוריק געקומען פֿון אַ רייזע אין פּוילן. יידן איז דאָרט ביטער.

אין אָוונט האָבן זיך סאַלטשע מיט מאָטעקן אַוועקגעזעצט ביים טיש מיט בלייפֿעדערס אין די הענט און מיט בויגעלעך ריינעם פּאַפּיר און מען האָט אָנגעהויבן אויסרעכענען וויפֿל געלט זיי פֿאַרמאָגן בכלל. און טאָמער וועט מען ניט קריגן קיין דזשאַב, ווען מען וועט צוריקקומען?

נאָר סאַלטשע האָט אַלץ אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. גערעדט, געטאָן. מען וועט זיין שפּאָרזאַם. מען וועט ניט פֿאָרן קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, מען וועט ניט זיין אין די סקאַנדינאַווישע לענדער. מען וועט זיין אין פּוילן, אין ענגלאַנד און אין פֿראַנקרייך. אַרויספֿאָרן סוף יוני און צוריקקומען אין מיטן אויגוסט.

ווען מען איז צומאָרגנס אויפֿגעשטאַנען האָט מען שוין געטראָגן אין זיך די אומרו פֿון וועג. אַ פֿיבער, אַ רייזע־פֿיבער האָט זייביידן אַרומגענומען. עס איז געווען יוי מען וואָלט מיטאַמאָל באַשלאָסן אָנצוהייבן אַ ניי לעבן אין אַ נייער וועלט. מען האָט זיך געאיילט, מען האָט געפֿיבערט, מען האָט גערעדט אַנדערש, פּלאַנירט אַנדערש.

דאָס פּלעצקען פֿון די כוואַליעס האָט געקלאַפּט אין קאָפּ; דאָס זעצן פֿון מאָטאָרן האָט ריטמיש געשלאָגן אין די אָדערן; דאָס פּייפֿן פֿון לאָקאָמאָ־טיוון האָט אַריינגעברומט אין די אויערן. מאָטעק און סאַלטשע זיינען אַרומ־געגאַנגען איבער די גאַסן פֿון ניו־יאָרק און עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז

זיי שפּאַצירן אויף דער שיף־דעק פון דער „איל דע פראַנס”, מיט וועלכער זיי האָבן געדאַרפט פאָרן קיין אייראָפּע.

## קאַפּיטל איין און פערציק

# גראַדואירונג

.1

מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך געגרייט אויף אַ טאָפּלטער שמחה. שלומל האָט גראַדואירט פון דער פּאָבליק סקול און פון דער יידישער שול אין איין צייט. אין הויז האָט מען געקוקט אויף די ווענט — צו געפינען פּאַסיקע פּלעצער אויפצוהענגען זיינע צוויי דיפּלאָמעס.

גאָלדעס אסתר האָט גראַדואירט פריער. סאַלטשע מיט שלומען זיינען געזעסן אין טונקל־באַלויכטענעם זאַל פון דער סקול און זיי האָבן מיט פאַרערונג בייגעוואוינט די צערעמאָניעס און געשלונגען יעדעס וואָרט, יעדן קלאַנג, וואָס האָט אַראָפּגעשוועבט פון דער בינע.

אַנדערש איז דאָס געווען, ווען עס איז אָנגעקומען דער נאָכמיטאָג פון שלומס גראַדואירן.

דער יום־טוב האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין הויז, ווען מען האָט שלומען גענומען אויספּוצן אין אַ נייעם בלויען אָנצוג, אַ ניי ווייס העמד, אַ וויין־קאָלירטן שניפּס, נייע שוואַרצע שיך מיט ברייטע נעז. אויך טאַטע־מאַמע האָבן איינגעקויפט פאַר זיך נייע מלבושים. אַ קלייניקייט, שלום גראַדואירט פון פּאָבליק סקול און פון דער יידישער שול!

פריער איז פאָרגעקומען דער קאָנצערט פון דער יידישער שול. אין פאַרגלייך מיט דער שפּעטערדיקער פּאָבליק סקול פייערונג, איז דאָס געווען, ווי אַן אָרעמע חתונה. וואָכנלאַנג זיינען די טוער פון דער שול אַרומגעגאַנגען צווישן די עלטערן און פריינט און געפּרוּווט פאַרקויפן בילעטן צום שול־קאָנצערט. סאַלטשע האָט גענומען צען בילעטן און זיי פאַרקויפט צווישן אירע שכנים. האָט אַלעמען אָנגעזאָגט, אַז איר זון גראַדואירט. אויך האָט די שול געהאַט אַרויסגעגעבן אַ סואווענירזשורנאַל און סאַלטשע האָט געדאַרפט קלייבן באַגריסונגען און אַנאָנסן פאַרן זשורנאַל. דאָס איז איר אָנ־

געקומען שווערער. עס איז נאָך אַלץ געווען דעפּרעסיע־צייט און געשעפט־לייט האָבן אָפּגעזאָגט.

דער שמאָלער, אָפּגעלאָזענער זאַל, וואו די שול־פייערונג איז פאָרגע־קומען, איז געווען גאָר ניט צוגעפּאַסט פאַר דעם יום־טוב. די בענקלעך האָבן זיך געהאַלטן אין איין רוקן און עס איז שווער געווען צו זען און צו הערן. די בינע איז געווען אַ קליינע. דער קינדער־כאָר וואָס האָט געזונגען זעקס יידישע אַרבעטער און פאָלקס־לידער, — האָט קוים געהאַט פּלאַץ וואו זיך אויסצושטעלן. דער דיריגענט האָט ניט געהאַט קיין רוים אויסצושטרעקן די לאַנגע הענט. דאָך האָבן די לידער אַרויסגערופן אַ האַרציקע באַגייסטערונג ביי די פאַר הונדערט אָנוועזנדיקע.

אין זאַל איז געשטאַנען אַ טומל. קינדער האָבן געשריען, מאַמעס האָבן זיי גערופן, די פאַרוואַלטער פון דער שול זיינען אַרומגעלאָפן און געפּרואווט מאַכן אָרדענונג. הינטער דער בינע איז אויך ניט אַלץ געגאַנגען גלאַטיק. דער לערער פון דער שול, וואָס איז געווען אי דער פּעדאַגאָג, אי דער גע־שעפט־פאַרוואַלטער, אי דער בוכהאַלטער, אי אפילו דער ריייניקער פון דער שול, האָט אויך געהאַט איינגעשטודירט מיט די קינדער אַ שפּיל וועגן קרי־זיס, וועגן אַרבעטלאָזיקייט. איינער פון די הויפּט אָנטיילנעמער אין דער שפּיל, שלומס חבר, סאול, וואָס האָט געדאַרפט פאָרשטעלן דעם געוועזענעם אינזשינער, וואָס שטייט אין גאַס אַ פאַרפראָרענער און פאַרקויפט עפּל און דערציילט פאַרן עולם ווי ער הונגערט, איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן, אין טאָג פון קאָנצערט און דער לערער האָט געדאַרפט אין אַ פּאָר שעה צייט צוגרייטן אַן אַנדער קינד. איז ער געשטאַנען הינטער די קוליסן, דער לערער, און געגעבן די ערשטע און די לעצטע אָנווייזונגען דעם ייִנגל ווי צו שטיין און ווען צו מאַכן מיט די הענט. בעת דער שפּיל האָבן די, וואָס זיינען געזעסן אין די ערשטע רייען געהערט דעם לערערס סופלירן און אונטערגעשמייכלט, ווען מען האָט געדאַרפט זיך נעמען צום האַרצן.

נאָר אָט איז געקומען דער פייערלעכער מאָמענט פון דער גראַדואיר־צערעמאָניע. אַכט קינדער האָבן געענדיקט די שול — זעקס מיידלעך און צוויי ייִנגלעך. עס איז געווען אַ באַוואוסטע זאַך, אַז עס איז שווער צו האַלטן די ייִנגלעך אין בר מצוה־עלטער אין שול. די עלטערן נעמען אַרויס די קינ־דער פאַר דער בר מצוה און מען שיקט זיי אַוועק אין אַ תלמוד־תורה זיך אויס־לערנען דעם בר מצוה „ספּיטש“.

שלום איז געזעסן אויף דער בינע אַ פאַרשעמטער און געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט. סאַלטשע און מאַטעק האָבן מסתם מער געציטערט ווי שלום. זיי האָבן געוואוסט, אַז זייער קינד האָט ניט געוואָלט אָנטיילנעמען אין דער

שפּיל און כאָטש ער איז מוזיקאַליש, האָט ער אָבער ניט געוואָלט זינגען אין כאָר. ער איז געווען צו שעמעוודיק. ער האָט אויך ניט געוואָט האַלטן די גראַדואיר־רעדע, וואָס דער לערער האָט אים פאָרגעשלאָגן צוצוגרייטן. שלום איז געווען פון די בעסטע שילער אין דער שול. נאָר ער האָט ניט ליב געהאַט צו זיין אויף דער בינע. דאָסמאָל, האָט ער געוואוסט, וועט ער מוזן זיצן.

ווען דער לערער האָט געהערט וועגן די אַכט גראַדואַנטן און זיי געלויבט, האָט ער וועגן שלומען געזאָגט, אַז „ער איז ביי אונדז דער פילאָסאָף, דער גריבלער, דער זוכער פון אמת“. סאַלטשע האָט געגעבן מאַטעקן אַ קניפּ אויף דער קני און מאַטעק האָט געביסן אַ ליפּ. ביידע האָבן זיך איינגעגעסן מיט זייערע בליקן אין שלומען, וואָס האָט נאָך טיפער אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ און זיין פּנים האָט געפלאַמט.

דער לערער, וואָס האָט אַליין אויסגעטיילט די דיפּלאָמעס צו די שילער, האָט זיך צעקושט מיט יעדן פון זיי. די מיידלעך האָבן געלאַכט, נאָר שלום איז בלאַס געוואָרן, ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט צו נעמען זיין דיפּלאָמע. שלום איז געווען עטוואָס העכער ווי דער לערער, וואָס איז געווען אַ קליינ־געוויקסיקער, און ווען דער לערער האָט אים אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן אויפן שטערן, איז שלום גיך אַנטלאָפן צוריק צו זיין פּלאַץ. דער עולם האָט געלאַכט און אַפּלאַדירט.

— מאַטעק, ער איז אינגאַנצן אין דיר געראָטן. דו האָסט אויך פיינט געהאַט, אַז מען זאָל דיך קושן, — האָט סאַלטשע אים אַריינגעשושקעט אין אויער, זיך ניט קאָנענדיק איינהאַלטן און פילנדיק, אַז מען קוקט אויף איר און אויף מאַטעקן.

עס איז געווען עפּעס היימישעס און וואַרעמעס אין דעם שול־קאָנצערט. ס׳איז געווען אייגנס. יעדעס וואָרט וואָס איז געהערט געוואָרן פון דער בינע, האָט אָפּגעקלונגען אין די הערצער פון די פאַרזאַמלטע.

סאַלטשע און מאַטעק האָבן באַקוקט די פּנימער פון די פאַרזאַמלטע. אומעטום — יום־טובדיקייט, גלויבן און וואַרעמקייט צו דער שול, וואָס לערנט אויס די קינדער די שפּראַך פון די עלטערן, די שפּראַך פון זייערע דורות.

און ווען שלום איז צוגעקומען צו טאַטע־מאַמע און סאַלטשע האָט אים אַרומגענומען און געקושט און מאַטעק האָט אים צוגעדריקט צ זיך און גע־גלעט זיינע האָר, זיינען צו זיי צוגעקומען פרעמדע מענטשן און גראַטולירט און געפרעגט, צי שלום וועט זיך ווייטער לערנען אין דער מיטלשול.

— אָודאי, אָודאי, מיר טראַכטן גאָר אַנדערש ניט, — האָט סאָלטשע אַלעמען פאַרזיכערט.

אויך דער לערער איז צוגעקומען און געלויבט שלומען און זיך אַנטשולדיקט פאַרוואָס שלום האָט זיך ניט באַטייליקט אין דער פּראָגראַם.

— מיר דאַרפן זיך פאַר אייך אַנטשולדיקן, — האָט געזאָגט מאָטעק צום לערער, — ער איז אַ שעמעוודיקער און אַ צוריקגעהאַלטענער.

עס איז געווען שפּעט אין אָוונט, ווען מען איז אַרויס פון זאַל. שלום האָט מיט די עלטערן גערעדט יידיש און די וואָס זיינען געגאַנגען לעבן זיי, האָבן דאָס געהערט און זיי האָבן אויסגערופן:

— הערט, הערט, ווי פיין ער רעדט יידיש, — האָט אַ יונגע פרוי געזאָגט אויף ענגליש.

— אָט דאָס איז די אַרבעט פון דער שול, — האָט אויסגעשריען אַ מיטליאָריקער געפּאַקטער ייד.

— איר מעגט אויך דאַנקען די עלטערן דערפאַר, — האָט אים געענטפערט אַ שול־טוערקע.

די יידישע קינדער־שול איז פאַר מאָטעקן און סאָלטשען געווען אַ דערגאַנצונג פון שלומס היימישער דערציאונג. זיי האָבן אָפט געפילט, אַז זיי וואָלטן אַליין געדאַרפט זיך לערנען אין אָט דער שול. שלומס יידיש שרייבן איז געווען מאָדערן. זיי זיינען אין קיין יידישער שול ניט געגאַנגען איז זייער שרייבן געווען ניט גראַמאַטיקאַליש. האָט טאַקע שלום געפּרואווט ניט איינמאָל אויסבעסערן זייער אויסלייגעכץ. און ער האָט עס געגעבן אַזוי קלאָר צו פאַרשטיין, אַז ס׳איז אויסגעקומען פּשוט און לייכט. זיי האָבן קיינמאָל ניט געלערנט וועגן דער יידישער ליטעראַטור. דאָס וואָס זיי האָבן געוואוסט, האָבן זיי געגאָסן פון לייענען צייטונגען, אָדער פון זיך איינהערן צו אַ לעקציע וועגן שרייבער. שלום האָט געקאָנט פון אויסווייניק די לידער פון אַ צאָל יידישע דיכטער און די לידער זיינען געווען אָנגעזאָפּט מיט אַן אינהאַלט, וואָס איז מאָטעקן און סאָלטשען געווען טייער. אפילו די לידער און מעשיות וועגן רעליגיעזע יידישע יום־טובים זיינען אויך אין דער שול געלערנט געוואָרן אַנדערש. די שול האָט דורך די שרייבער אַרויסגעבראַכט דעם סאָציאַלן פרייהייטלעכן באַדייט פון יעדן יום־טוב. פּסח, חנוכה, פּורים און שבועות האָבן באַקומען אַ פּראָגרעסיוון, אַ היינטצייטיקן אויסזען. און דאָס איז מאָטעקן זייער געפעלן.

— ווען מיין רבי אין חדר וואָלט אַזוי אויסגעטייטשט די יידישע יום־טובים, וואָלט ער אונדז קינדער ניט געדאַרפט שמייסן און פּאַטשן און בוכצען.

איך וואָלט דאָן ליב באַקומען דעם חדר, — האָט מאַטעק דערקלערט פאַר סאַלטשען און שלומען.

די גראַדואירונג האָט געטראָגן אַ פאַמיליע כאַראַקטער. און די אויס־זעצונגען, וואָס סאַלטשע האָט געמאַכט קעגן די צעבראָכענע בענקלעך פון דער שול, דער אומבאַקוועמלעכקייט פאַר די שילער און קעגן דאָס שטענדיקע אַרומגיין און קלייבן געלט פאַר דער שול — אָט די אַלע נעגאַטיווע שטריכן זייַנען אַצינד געזען געוואָרן אין אַ פּאָזיטיווער ליכט.

— די תלמוד־תורות האָבן שיינע מאָדערנע געביידעס, — האָט סאַלטשע דערקלערט מאַטעקן, — נאָר זייער גייסט איז אַ פאַרשימלטער. רייכע יידן, וואָס זייַנען מסתם באַקעמפער פון יוניאָנס און פון אַלץ וואָס איז אונדז, פּראָ־גרעסיווע מענטשן, טייער, זייַנען דאָס די וואָס ווילן, אַז אונדזערע קינדער זאָלן דערצויגן ווערן אין גייסט פון דער אַלט־מאָדישער רעליגיע, וואָס זיי אַליין, אָט־די מנדבים, האַלטן ניט פון איר. איז דאָס ניט קיין אומזין צו זען, ווי די קינדער טראָגן יאַרמעלקעס און שפּילן בעיז־באָל אין די יאַרמעלקעס? אַזוי ווי דער עיקר פון דער יידישער רעליגיע וואָלט געווען דאָס ניט טאָרן אַרומגיין אָן אַ היטל, אָדער דאָס ניט טאָרן האַלטן געלט אין שבת. פון קיין יידישער ליטעראַטור ווייסן ניט די קינדער אין די תלמוד־תורות. וועגן קיין סטרייקס רעדט מען ניט מיט זיי. טאַם מוניס זיצן אין טורמע גייט זיי ניט אָן. זיי ווייסן מסתם ניט ווער טאָם מוני איז און אויב זיי ווייסן יאָ, איז דאָס אויף דער פאַרקערטער זייט. מוני איז אַ באָמבע־וואַרפער ביי זיי.

שלומס גראַדואירן פון דער יידישער שול האָט סאַלטשען באַוואויגן צו רעדן שאַרפע רייד צו גאָלדען. גאָלדע איז צו דער גראַדואירונג ניט געקומען, כאָטש סאַלטשע האָט זי געהאַט איינגעלאַדן.

— שלום שרייבט אָן אַ גרויסן יידישן בריוו צו גוטשיאַן און אין לאָדזש גייט דער בריוו פון האַנט צו האַנט. מען קאָן זיך ניט אָפּוואונדערן, וואָס אַן אַמעריקאַנער געבאָרן יידיש קינד שרייבט אַזוי שיין יידיש, — האָט סאַל־טשע דערציילט גאָלדען, — וואָס קאָן דיין אסתר באַווייזן? האָסט זי עפּעס אַמאָל יאָ געשיקט אין אַ היברו סקול. איז זי געגאַנגען אַ פּאָר חדשים און אויפגעהערט. פאַרוואָס?

— רערפאַר, סאַלטשע, וואָס איך האָב זי ניט געוואָלט צווינגען. דער אמת איז דאָך, אַז מיר זייַנען אַליין ניט רעליגיעז. אפילו מיין מאַמע, וואָס היט אָפּ אַלע יידישע מאכלים, און עס טאָר צו איר אין הויז ניט אַריינקומען קיין בעיקאָן אָדער האַם, האַלט דאָך אויך ניט פון פרומקייט. אפילו אין לאָדזש האָבן מיר ניט געהאַלטן פון די צערעמאָניעס. דער טאַטע איז גע־גאַנגען יעדן יום־טוב אין שול, נאָר אין אַמעריקע גייט ער בלויז צוויי מאָל

אַ יאָר אין שול און פאַסט ניט יום־כּיפּור און לאַכט זיך אויס פון דער אַמע־ריקאַנער פרומקייט. אסתּר האָט זיך ניט געוואָלט לערנען קיין „היברו". נו, וועט זי ניט זיין קיין רביצן. וואָס קומט מיר דערפאַר ?

— איך האָב שלומען ניט געצוואונגען צו גיין אין דער יידישער קינדער־שול, גאָלדע. איך בין פאַרבייגעגאַנגען דיין „היברו" און איך האָב געזען, אַז ס'איז געווען אַ גאַנץ שיינע מאָדערנע געביידע און מסתּם זיינען דאָרט די בענקלעך אויך גוטע און די לערער, ווי דו האָסט מיר אַליין דערציילט, זיינען יונגע אַמעריקאַנער מיידלעך. דאָך האָט מיין שלום גראַדואירט פון דער שול, וואו ער האָט געלערנט פיר יאָר צייט. ער האָט זעלטן פאַרפעלט צו גיין אין שול און דו האָסט געדאַרפט אָנקוקן דעם לערער זיינעם מיט די ניט־אויס־געפּרעסטע הויזן און מיטן נערוועזן פּנים און דו וואָלסט זיכער געהאַט אויס־צוזעצן קעגן די בענקלעך וואָס די פּאָבליק סקול האָט שוין לאַנג צוריק גע־האַט אַרויסגעוואָרפן. מיין טייערע, די אָרעמקייט האָט פון דער שול אַרויס־גערעדט, נאָר דאָס וואָס מען לערנט דאָרט די קינדער, איז מער ווערט ווי אונדזער גאַנץ פאַרמעגן. דער צעקנייטשטער לערער, וואָס קריגט ניט זיינע מאָגערע שכירות רעגולער, וואָלט זיכער געקאָנט פאַרדינען מער אין אַ שאַפּ אָדער אַלס דענטיסט. ער באַזיצט דאָך אַ בילדונג און ער וואָלט לייכט גע־קאָנט זיך צושלאָגן צו עפּעס בעסערס. דאָך האָט ער זיך אויסגעקליבן אָט־די פּראָפעסיע. איז ער מיר טייער. ער גיט מיין קינד דאָס, וואָס ער קריגט ניט אין פּאָבליק סקול. שלום וועט זיין אַ בעסערער מענטש און אַ באַוואוסט־זיניקער ייד, אַדאַנק דער יידישער שול. דאָס קאָן מען ניט זאָגן וועגן דער דערציאונג וואָס די „היברו" גיט.

גאָלדען זיינען סאָלטשעס רייד גאָרניט געווען צום האַרצן, נאָר אַרגו־מענטירן מיט איר האָט זי ניט געקאָנט. ווען מעקס וואָלט געלאָזט, וואָלט זי אסתּרן געשיקט אין אַזאַ יידישער שול. נאָר מעקס האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס : יידיש איז אַ זשאַרגאָן, ניטאָ קיין גראַמאַטיק, עס איז קיין שפּראַך ניט. לשון קודש זאָל זי לערנען.

די אַרגומענטן וועגן זייערע קינדער האָבן זיי אי דערנעענטערט, אי דערווייטערט.

— איך קאָן זיך גאָרניט העלפן, סאָלטשע. איך קאָן זיך מיט מיין מאַן ניט אַרומקריגן, און מיט אסתּרן האָבן מיר גענוג פּראָבלעמען. הלוואַי וויל זי זיך חבֿרן מיט דיין שלומען, וואָלט איך געווען זייער צופרידן. און וויל דו גיסט מיר אַזוי פיל פיינע עצות, מעגסטו אויך אָננעמען מיין עצה. דיין שלום איז צו־ערנסט פאַר זיין עלטער. זאָל ער בעסער זיין מער אין דרויסן, איידער אין דער שול מיט די צעבראָכענע בענקלעך.

.2

די פּאַבליק סקול, וואו שלום האָט זיך געלערנט, איז געווען אַ נייע געבײַדע מיט די מאָדערנסטע אײַנריכטונגען. דער פּרינציפּאַל איז געווען אַן איטאַליענער און זײַן אַסיסטענט איז געווען אַ ייד. שלומס קלאַס־לערער איז געווען אַן עלטערע אירלענדערין, וואָס האָט שלומען זייער ליב געהאַט, מחמת ער האָט איר קיינמאָל ניט געגעבן קיין געלעגנהייט, אַז זי זאָל זיך דאַרפן אָנבייזערן אויף אים. אין קלאַס זײַנען געזעסן אַרום פֿערציק ייִנג־לעך מיט מיידלעך און צווישן זיי זײַנען געווען יידישע קינדער און דײַטשע און איטאַליענישע און רוסישע און פּוילישע און אונגאַרישע און אַ פּיליפּי־נער ייִנגל. אַלע זײַנען זיי געווען אַמעריקאַנער געבאָרענע, נאָר די טעמפּע־ראַמענטן און געוואוינהייטן זײַנען בײַ זיי געווען פֿאַרוואָרצלטע פֿון זייערע אָפּשטאַמען. פֿאַר דער לערערין איז דאָס ניט געווען קיין גרינגע אויפגאַבע. די פֿראַגע פֿון דיסציפּלין איז געווען בײַ איר זייער אַ וויכטיקע און די קינ־דער האָט זי דערלויבט ווינציק פֿרייהייט און איניציאַטיוו אין קלאַס, נאָר דאָרט וואו אַ קינד האָט אַרויסגעוויזן גוטע פֿייאיקייטן, האָט זי דאָס קינד גע־שאַצט און געקעכלט. שלומס אויסצייכענען זיך אין מאַטעמאַטיק און זײַן פֿאַרשטייין געשיכטע האָבן אים געמאַכט פֿאַר איינעם פֿון אירע ליבלינגען. נאָר גראָד די לעצטע חדשים פֿון זײַן לערנען, איידער ער האָט געדאַרפֿט גראַדואירן מיט אַן אויסצייכנונג, האָט עפּעס פּאַסירט און ער האָט מער ניט נושא חן געווען בײַ דער מיס ברייען און אויך ניט ביים אַסיסטענט־פּרינצי־פּאַל, מר. עפּשטיין.

שולדיק איז אין דעם געווען אַן אומשולדיק קנעפּל, וואָס שלום האָט געטראָגן אין זײַן לאַץ. דאָס איז געווען אַ קנעפּל, רויט און ווייס, וועגן ערשטן מײַ פֿאַראַד, מיט דער לאָזונג: „מאַרשירט קעגן פֿאַשיזם און היט־לעריזם".

— וואָס פֿאַר אַ קנעפּל טראָגסטו דאָס? — האָט מיס ברייען אים גע־פֿרעגט נאָך דער לעקציע.

— דאָס איז אַן ערשטער מײַ קנעפּל, — האָט ער גלייכגילטיק גע־ענטפֿערט.

— ווער האָט עס דיר געגעבן? — האָט זי געפֿרעגט, אַביסל אָנ־געכמורעט.

— מײַן מאַמע, — האָט ער איר גלײַך אַרײַנגעקוקט אין פּנים.

— איז דײַן מאַמע געבאָרן געוואָרן אין דעם לאַנד? — האָט זי שטרענג געפֿרעגט.

— ניין, זי קומט פון פוילן.

— אָבער דו ביסט געבאָרן געוואָרן אין אַמעריקע, פאַרהאַף איך.

— יאָ, אין ניו־יאָרק, ניט ווייט פון אונדזער סקול.

— זאָג דיין מאַמען, אַז איך האָב געזאָגט, אַז מיר, אין אַמעריקע, גלויבן ניט אין אויסלענדישע פאַראַדן.

— מיס ברייען, דער ערשטער מאַי איז אַן אַמעריקאַנער יום־טוב, — האָט שלום איר געענטפערט און געוואַרט וואָס זי וועט דערויף זאָגן און גע־קוקט איר אין פנים אַריין.

— איך בין איבערראַשט פון דיר, שאלאָם. ווען האָב איך דיך געלערנט, אַז דער ערשטער מאַי איז אַן אַמעריקאַנער יום־טוב? איך האָב דיך געלערנט וועגן פערטן יולי, וועגן לינקאָלנס און וואַשינגטאָנס געבורטסטאָג, וועגן טענקסגיווינג, אָבער, גאָט באַהיט, קיינמאָל ניט וועגן ערשטן מאַי. איך גלויב איך וועל בעסער רעדן מיט מר. עפּשטיין דערוועגן. זאָל ער שיקן נאָך דער מאַמען דיינער.

שלום האָט דערציילט די עלטערן זיינע וועגן דעם וואָס עס איז פאָרגע־קומען אין סקול. זיי האָבן באַשלאָסן, אַז אויב שלום וויל ווייטער טראָגן דעם ערשטן־מאַי־באַטן אין סקול, זאָל ער עס טאָן און ניט איבערשרעקן זיך פאַר דער מיס ברייען.

— טו ווי דו פאַרשטייסט, — האָט מאַטעק געזאָגט שלומען.

— טאַטע, איך פאַרשטיי, אַז די לערערין פאַרשטייט ניט, וואָס דער ערשטער מאַי איז, — האָט שלום געענטפערט, — איך וועל ווייטער טראָגן דעם באַטן. ס'איז מיין רעכט און זי האָט אַ רעכט ניט צו זיין איינשטימיק מיט מיר. זאָל איך איר ברענגען אַ פּאַמפלעט וועגן דער געשיכטע פון ערשטן מאַי?

— ניין, לאָז דאָס צו דער מאַמען. זי וועט זיך דורכרעדן מיט דער מיס ברייען, אָדער מיט דעם מר. עפּשטיין, ווען מען וועט זי רופן.

און אין דער זעלבער וואָך איז סאָלטשע גערופן געוואָרן אין סקול אַריין. גערופן האָט זי די מיס ברייען. זי האָט שלומען שטאַרק פאַרלויבט פאַר סאָל־טשען. זי האָט סאָלטשען געגעבן אַ קאָמפּלימענט, וואָס זי האָט דערצויגן אַזאַ פיינעם בחור, וואָס קומט אַזוי ריין אין סקול אַריין און וואָס מען קאָן זען, אַז ער שטאַמט פון אַ היים מיט גוטע זיטן. נאָר געשיקט נאָך איר האָט זי צוליב אַ זאַך וואָס קאָן אויסקוקן נאַריש, נאָר עס איז פאַרבונדן מיט אַ פּרינ־ציפּ. שאלאָם טראָגט אַ באַטן וועגן אַן ערשטן מאַי פאַראַד. ער זאָגט, אַז די מאַמע האָט אים דעם באַטן געגעבן. די פּאָבליק סקול דערציט די קינדער אין אַמעריקאַנער גייסט און שאלאָם וועט באַלד ענדיקן די סקול און באַקו־

מען זיין דיפּלאָמע און עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז ער וועט באַקומען אַן אויס־צייכענונג. זי האָט אין זינען צו מאַכן אַזאַ רעקאָמענדאַציע. זי איז געווען שאָקירט צו הערן פון שאַלאָמען אַ פאַרטיידיקונג פון ערשטן מאַי. נו, אַלע ווייסן, אַז דאָס איז ניט קיין אַמעריקאַנער יום־טוב. ווען דאָס וואָלט געווען דער פאַל, וואָלט זי די סקול־קינדער דערציילט וועגן דעם. פאַרקערט, איצט וועט די סקול רעדן קעגן דעם. אויב אַ קינד וואָגט צו טראָגן דעם באַטן מיט דער צושטימונג פון זיינע עלטערן, דאַן איז ערגעץ עפּעס ניט גוט. זי האָט דערציילט מר. עפּשטיין וועגן דעם אינצידענט און ער האָט געזאָגט, אַז אויב זי, מיס ברייען, וועט ניט קאָנען באַווירקן שאַלאָמס מוטער, דאַן זאָל די מוטער אַריינקומען צו אים אין אָפיס. ער וויל זי זען און רעדן מיט איר.

— מיס ברייען, — האָט סאַלטשע אָנגעהויבן און געפּרואווט זיך קאָנ־טראָלירן, דערפאַר וואָס יענערס רייד האָבן זי אויפגערעגט, ניט דערשראָקן, — אַלץ וואָס איך קאָן אייך ענטפערן, איידער איך גיי זיך זען מיט מר. עפּשטיין, איז, אַז די אַמעריקאַנער געשיכטע באַשטייט ניט בלויז אין לערנען די קינ־דער וועגן מלחמות און וועגן די גרויסע מענטשן וואָס האָבן אויפגעבויט אונדזער באַליבט לאַנד. די אַרבעטער האָבן אויך בייגעטראָגן אין אויפבוי פון אַמעריקע, דאָך לערנט מען אונדזער קינד ניט וועגן דער ראָל פון דעם אַרבעטער אין דער געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דער ערשטער מאַי איז אַ טייל פון דער געשיכטע פון אַמעריקע און מען וואָלט יאָ געדאַרפט לערנען וועגן דעם און ניט קעגן דעם, דערפאַר, ווייל אַדאַנק דעם ערשטן מאַי האָבן זיך די אַרבעט־קאַנדיציעס פון מיליאָנען לוין־פאַרדינער פאַרבע־סערט. אויב איך און מיין מאַן אַרבעטן בלויז 40 שעה און ניט 70 שעה, האָבן מיר דאָס צו פאַרדאַנקען אין אַ גרויסער מאָס דער געשיכטע פון ערשטן מאַי. ווען שלום איז אַלט געווען צוויי יאָר האָב איך און מיין מאַן אים אויף די הענט געטראָגן און שטאָלץ פאַראַדירט אין דער ערשטער מאַי דעמאָנסטראַ־ציע, מיס ברייען.

— וועל, איך גלויב, אַז איר זאָלט זיך בעסער זען מיט מר. עפּשטיין. זיין אָפיס איז אין צימער 3. אַ גוטן טאָג.

דער הויכער, שלאַנקער, נעט געקליידטער מר. עפּשטיין איז געזעסן ביי אַ ברייטן געל־פאָלירטן דעסק און דערזעענדיק סאַלטשען, האָט ער גלייך אַ פרעג געטאָן, צי זי איז שלומס מוטער.

— זעצט זיך, פּליז. מיס ברייען האָט מיר נאָר־וואָס טעלעפאָנירט און געזאָגט, אַז איר האַלט זיך ביי אייערס און איר גלויבט אין ערשטן מאַי.

— יאָ, מר. עפּשטיין, דער ערשטער מאַי איז געבאָרן געוואָרן אין אַמע־ריקע און ער איז געווען אַ וועג־ווייזער פאַר מיליאָנען פאַרשקלאַפטע אַר־

בעטער איבער דער גאַנצער וועלט נאָכצוטאָן דעםביישפּיל פון די אַמעריי־קאַנער אַרבעטער צו געווינען דעם אַכט־שעה'איקן אַרבעט־טאָג. און איך בין שטאָלץ, וואָס מיין קינד איז געבאָרן געוואָרן אין אַ לאַנד, וואָס ווייזט דעם וועג פאַר אַנדערע לענדער, אין דעם געגעבענעם פאַל.

— מיין טייערע מרס. סאַרנע, איך שאַץ אָפּ אייער אָפּנהאַרציקע מיינונג, נאָר ווען דאָס וואָלט געווען אַזוי ווי איר זאָגט, וואָלט אונדזער סקול־סיס־טעם געוואוסט דערפון. ווי איר ווייסט, איז דאָס ניט קיין נאַציאָנאַלער יום־טוב, נאָר אין דעם פּאַראַד וועלן זיך באַטייליקן מערסטנס פרעמדע עלע־מענטן, וואָס וואוינען ביי אונדז אין לאַנד און וואָס פרעדיקן פרעמדע אידעאָ־לאָגיעס — וועגן סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועגן כינע, וועגן איטאַליע —

— און האָט צו היטלערס דייטשלאַנד און צו פאַשיזם, — האָט סאַלטשע אים אונטערבראָכן.

— יאָ, אויך וועגן דעם. לאָמיר זיך פאַרשטיין. איך קאָן אייך ניט צווינגען צו הייסן אייער זון אַרונטערצונעמען דעם באַטן. איך אַנערקען, אַז די סקול האָט ניט געטאָן גענוג אויפצוקלערן אייער זון, אַז דער ערשטער מאַי איז ניט זיין יום־טוב. מיר וועלן פון איצט אָן אָנפירן אַן אויפקלער־אַרבעט אין די קלאַסן. איך פאַרהאָף, אַז איר וועט בייטן אייער מיינונג, מרס. סאַרנע.

מר. עפּשטיין האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך אַ בייג געטאָן פאַר סאַל־טשען, אַ סימן אַז זי זאָל פאַרלאָזן. סאַלטשע איז אַרויס און אפילו קיין „גוד־באַי" ניט געזאָגט.

אינדערהיים האָט זי מאָטעקן און שלומען איבערגעגעבן וואָס עס איז פאָרגעקומען.

— דו טראָג דיין באַטן, אויב דו ווילסט און פאַרטיידיק דיין שטאַנד־פונקט, אויב דו ווילסט, — האָט מאָטעק געזאָגט שלומען.

שלום איז געווען גרייט צו פאַרטיידיקן זיך, נאָר מיס ברייען האָט אין קלאַס וועגן ערשטן מאַי ניט גערעדט.

.3

ווען די גראַדואירונג האָט געדאַרפט צושטאַנד קומען אין אַ צוויי חדשים אַרום, האָט שלום געוואוסט, אַז קיין אויסצייכענונג וועט ער ניט באַקומען. מיס ברייען האָט אים געגעבן די בעסטע צייכנס פאַר אַלץ, נאָר זי האָט זיך צו אים ניט באַצויגן מער אַזוי פריינטלעך ווי אַמאָל. שלומלען האָט עס געהאַט פאַרדראָסן.

די צערעמאָניע איז פאָרגעקומען אין דעם זייער שיינעם, גרויסן, העל־באַלויכטענעם אוידיטאָריום, מיט די לאַנגע אָפענע פענצטער פון אַלע זייטן. אַלע קינדער, וואָס האָבן גראַדואירט זיינען געזעסן אויף דער בינע, ווי אויס־געצוואָגענע, מיט לויכטנדיקע פנימער. דער סקול־אָרקעסטער האָט געשפילט מאַרשן און דער כאָר האָט געזונגען נאַציאָנאַלע און פאָלקס־לידער. די דראַ־מאַטישע גרופּע האָט דורכגעפירט אַ שפּיל וועגן די אַמעריקאַנער פּילגרימס. די קינדער האָבן געטראָגן קאָלירפולע קאָסטיומען און די טאַנץ־גרופּע פון סקול האָט זיך גאָר געהאַט אויסגעצייכנט אין אַ פּראָגראַם פון אַמעריקאַנער, פּוילישע און נאָרוועגישע פאָלק־טענץ.

דער פּרינציפּאַל פון דער סקול, מר. פּעראַרי, האָט געהאַלטן אַ קורצע, וואַרעמע רעדע און אויסגעטיילט די דיפּלאָמעס. די אָרדענונג אין זאַל איז די גאַנצע צייט געווען אַ מוסטערהאַפטיקע און סאַלטשע מיט גאָלדען, וואָס זיינען געזעסן צוזאַמען, האָבן אַנגעקוואָלן פון דער פּראָגראַם און פון דעם עולם יונגוואַרג און זייערע עלטערן. עס האָט געהערשט אַ דרך־ארץ צו דער סקול און יום־טובדיקייט צו די גראַדואירטע.

סאַלטשע און גאָלדע האָבן געקושט שלומען. מאַטעק האָט ניט געקאָנט זיין ביי דער צערעמאָניע, מחמת זי איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן נאָכמיטאָג און ער האָט דאַן געהאַט געאַרבעט. שלום איז ניט אַהיים געגאַנגען גלייך, נאָר ער איז מיט זיינע גראַדואיר־חברים אַוועק „הוליען" אין אַן אייז־קרים פּאַרלאָר.

עס איז געווען אַן אמתר יום־טוב ביי טאַטע־מאַמע.

— ווי לאַנג צוריק איז דאָס געווען, ווען איך האָב אים, דאָס פּיצעלע, געהאַלטן אין מיינע אָרעמס און אים געגעבן דאָס לעפעלע קאַשע . . . נאָ, איצט דאַרף ער מיך שוין ניט האָבן. מיט מיידלעך אין אייזקרים פּאַרלאָר. מיך אפילו ניט איינגעלאַדן.

— סאַלטשע, זינדיק ניט. אַבי ער האָט דיר נאָך געמאָלדן וואוהין ער גייט. אַנדערע קינדער אין זיין עלטער ווילן שוין אינגאַנצן פּטור ווערן פון דער היים. וואָס וועסטו טאָן, ווען ר' שלום וועט דיר אַהיים ברענגען אַ מיידל און זאָגן: „מאַ, באַקענט זיך. דאָס איז מיין מיידל. מיר האָבן נעכטן חתונה געהאַט".

— בייס זיך אָפּ די צונג, מאַטעק. שלום וועט אַן אונדז ניט אויסקלייבן זיך אַ מיידל, וועסט זען . . . איך וועל דעם היינטיקן טאָג אייביק געדענקען. האָסט געדאַרפט זען, ווי שלום איז געזעסן אויף דער בינע, ווי אַ גאַנצער מענטש. היינט האָב איך דערזען, אַז ער איז אויסגעוואַקסן, אַז ער הערט אויף זיין אַ קינד. איך בין אָנגעפילט מיט מאָדנע געפילן, מאַטעק, היינט.

— סאַלטשע, הלמאי זאָל איך אָפּלייקענען, איך בין געשטאַנען ביי דער אַרבעט און מיינע געדאַנקען זיינען געווען אויף דער גראַדואיר־צערעמאָניע. יאָ, ס'איז אַ פרייד צו זען ווי שלום איז געוואָרן אַ בר מצוה בחור. ער ווייס כאָטש וועגן זיין האַנט־זייגערל וואָס מיר האָבן פאַר אים?

— ער ווייס פון גאָרניט. ווען ער וועט אַהיים קומען, וועלן מיר עס אים צוטראָגן. איך קאָן זיך שוין ניט דערוואַרטן צו זען זיינע אויגן. ער טרוימט דאָך שוין פון אַזאַ זייגערל די לעצטע צוויי יאָר. נאָר אָפּן פאַרלאַנגען דאָס, וועט ער דאָך ניט וואַגן. אַזוי איז ער דאָך, אַ קינד אַ גאָלד, אַ דימענט . . .

און ווען שלום איז אַהיים געקומען, אַ פאַרשפּעטיקטער, צו דער וועטשערע און זיינע באַקן האָבן געגלאַנצט און זיינע אויגן זיינען געווען אָנגעפילט מיט יום־טוב שיכרות, האָט סאַלטשע זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און זי האָט אים גלייך צוגעטראָגן דאָס זייגערל.

שלום האָט זיך ניט געהאַט געריכט אויף קיין מתנה. ער האָט זיך גע־פילט געקרענקט, ווען ער האָט געזען, ווי די אַנדערע סטודענטן האָבן זיך באַרימט מיט זייערע געשאַנקען, וואָס זיי האָבן באַקומען. נאָר האַלטנדיק דאָס זייגערל אין האַנט איז ער געווען אַזוי איבערראַשט, אַז ער האָט קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסרעדן, בלויז אַ קוק געטאָן אויף דער מאַמען, צוגע־לאָפן צו איר און זי אַרומגעכאַפּט און געקושט אין מויל אַריין. דאַן איז ער צוגעלאָפן צו מאָטעקן, אַרומגעכאַפּט זיין קאָפּ און אים אַ קוש געטאָן אויפן שטערן.

— איך האָב זיך ניט געריכט דערויף, — האָט ער געזאָגט, — עס איז די שענסטע מתנה, וואָס איך האָב באַקומען אין מיין לעבן. אַ דאַנק דיר, מאַמע, אַ דאַנק דיר, טאַטע.

סאַלטשעס אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן. זי איז גיך אַריין אין קיך און פון דאָרט, אויסווישנדיק זיך די אויגן, האָט זי מיט אַ ניט־נאַטירלעך קול אויסגערופן:

— ווער עס וויל עסן, זאָל אַריינקומען.

— קום, טאַטע, — האָט שלום אָנגענומען מאָטעקן פאַר דער האַנט און אים אַריינגעפירט אין קיך.

## קאַפּיטל צוויי און פערציק

# ד י  ר י י ז ע

.1

אַלץ איז געווען גרייט. געצל אייזנער, דער אייגנטימער פון דער רייזע־אַגענטור, וועלכער איז אַליין געווען אַ לאָדזשער, האָט געהאַט זיין אָפיס אויף דער צוויי און פערציקסטער גאַס און בראָדוועי, אין סאַמע צענטער פון ניו־יאָרק. ער האָט גערעדט אַ געשמאַקן לאָדזשער יידיש און ווען סאַל־טשע מיט מאַטעקן זיינען צו אים געקומען מאַכן די לעצטע אָראַנזשירונגען צו דער רייזע, האָט ער מיט זיי פאַרבראַכט אַ לאַנגע צייט. מען האָט גערעדט וועגן לאָדזש און אירע הייף (הויפן); וועגן די קוימענס און באַלוט; וועגן מאַטעקס אָנקלס, וועלכע געצל האָט געקענט.

סאַלטשע איז געזעסן אין אַ טיפן פאָטעל און אַרויסגעקוקט אויף „טאַימס סקוועער" פון אייזנערס פענצטער און עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי גע־פינט זיך שוין אין לאָדזש און אַז זי איז אַרומגערינגלט פון מאַטעקס שוועסטער.

— וואָס האָסטו זיך פאַרטראַכט, סאַלטשע? מר. אייזנער פרעגט דיך דאָך עפּעס, — האָט מאַטעק זי ווי אויפגעוועקט.

— מיר דוכט זיך, אַז מיר זיינען שוין אין לאָדזש. אייער אויסשפּראַך, אייער דערמאָנען אונדז אין דער היימשטאָט, פילט מיך אָן מיט אַ בענקע־ניש. איך קאָן זיך אָבער ניט פאָרשטעלן, אַז מיר וועלן טאַקע אין דריי וואָכן אַרום פון היינט שוין זיין אין פוילן.

— סאַלטשע־לעבן, טיילמאָל זיץ איך מיר דאָ אין מיין באַקוועמען אָפיס און איך קוק אַרויס אויף דער טאַימס קאָמעניצע קעגנאיבער און עס דער־טראָגן זיך צו מיר דאָס טראַסקען פון די סטריט קאַרס און דאָס בלאָזן פון די אויטאָ־שופרות, נאָר ווען איך פאַרמאַך די אויגן זע איך פאַר זיך די פּיעטריקאָווער גאַס און דעם קאָלאָ גאָרטן און די פּאָלודיניאָווע און די אַלטע שול און דעם דייטשן אַמפיטעאַטער און דעם יידישן טעאַטער און דעם הזמיר פאַראיין. אָך, לאָדזש, ס'איז פאָרט אַ יידישע וועלט, וואָס האָט קיין גלייכן צו זיך ניט. מיר קומט דאָך אָפּט אויס צו זיין אין לאָדזש. כמעט יעדעס צווייטע יאָר מאַך איך מיר אַ יאַזדע דאָ לאָדזשי, נאָר ווען איך קום צוריק

קיין ניו־יאָרק, דויערט אַ לאַנגע צייט, ביז איך קאָן זיך צוגעוואוינען צום היגן לעבן.

מאַטעק און סאַלטשע האָבן געפיבערט מיט די רייזע־אַראַנזשירונגען. זיי האָבן זיך איינגעקויפט אַלץ, וואָס געצל אייזנער האָט זיי געראַטן צו קויפן. שלום האָט געהאַלטן אין איין לייענען ביכער וועגן דער געפּלאַנטער רייזע, וואָס האָט געמיינט זייך אין ענגלאַנד, אין פראַנקרייך, אין פּוילן און צוריק. אויפן ים האָט מען געדאַרפט פאַרברענגען צוויי וואָכן, אין ענגלאַנד און פראַנק־רייך אַ צוויי וואָכן, אין פּוילן אַ חודש צייט. צוזאַמען צוויי חדשים אַוועק פון ניו־יאָרק. צוויי חדשים ניט שלאָפן אין דעם אייגענעם בעט, צוויי חדשים ניט אַרבעטן, צוויי חדשים פון איבערלעבן יעדן טאָג עפּעס נייעס.

גאָלדע האָט מקנא געווען סאַלטשען. די עלטערן אירע, די יאַקובאָווי־טשעס, האָבן ניט געקאָנט פאַרשטיין ווי ריזיקירט דאָס אַ פּשוטער אַרבעטער און פאָרט זיך אַוועק מיט ווייב און קינד אין אַזאַ שלעכטער צייט פאַר צוויי חדשים פאַר אַ לוסט־רייזע. אַ מענטש וואָס האָט געקאָנט אָפּשפּאָרן געלט אין צייט פון גרעסטן קריזיס, איז ער ווערט אַ מעדאַל. צי אפשר האָט ער ערגעץ־וואו אַ געהיים קניפּל . . .

סאַלטשע האָט פאַרדונגען דעם אַפּאַרטמענט צו אַ יונגער מיידל פאַר די צוויי חדשים צייט. דאָס מיידל האָט באַלאַנגט מיט איר צום זעלבן קלוב. פרוי הענעסי האָט צוגעזאָגט אויפצופּאַסן אויף דעם אַפּאַרטמענט און זי האָט בכלל געהאָלפן סאַלטשען מיט די לעצטע צוגרייטונגען און מיטן פּאַקן זיך.

אַלץ איז געווען פאַר מאַטעקן און סאַלטשען אַזוי ניי און פריש. זיי זיינען פּשוט געווען פאַרשיכורט פון דעם וואָס עס האָט זיי דערוואַרט. בריוו זיינען געפלויגן קיין לאָדזש, וואו מען האָט זיך ניט געוואָלט גלויבן, אַז אָט וועט מאַטעק דאָ באַלד זיין מיט סאַלטשען און מיט זייער זון. איינגאַנצן האָט ער געשריבן איין בריוו, אַז ער קומט, מאַטעק, און באַלד איז אָנגעקומען נאָך אַ בריוו, וואָס האָט געמאָלדן געגוי דעם נאָמען פון דער שיף, די צייט פון איר פאַרלאָזן, די צייט ווען די שיף קומט אָן קיין ענגלאַנד, ווען די באַן פאַרלאָזט פּאַריז, ווען זי פאַרלאָזט פון פּאַריז קיין בערלין און פון דאָרט קיין וואַרשע און פון דאָרט קיין לאָדזש. אַלץ פּינקטלעך צו דער מינוט, האָט זיך אַלעמען אויסגעוויזן. מאַטעק איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן ביי יעדן אין די אויגן.

די שוועסטער האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז מאַטעק האָט געמוזט מיט־אַמאָל באַגליקט ווערן. מענטשן נעמען זיך דאָרט דאָס לעבן פון נויט; מענטשן גייען אויס פון הונגער אינמיטן גאַס, פופצן מיליאָן מענטשן האָבן קיין באַשעפטיקונג ניט; אַ סך פאַרמאַכטע בענק קאָנען זיך ניט עפענען און

— מאַטעק מאַכט אַ לוסט־רייזע מיט זיין סאַלטשען און מיט זיין זון.

מאַטעק האָט אויך געלאָזט וויסן זיינע בײדע היגע אָנקלס וועגן זיין רייזע. אָנקל קיווע האָט ניט געענטפערט. האָבן מאַטעק און סאַלטשע באַשלאָסן צופאָרן צו אים און זיך געזעגענען. אָנקל ווילי האָט געענטפערט, אַז ער איז זיי מקנא. ער איז זייער קראַנק. ער גריסט זיינע ברידער און שוועסטער. ער האָפט זיך צו זען מיט מאַטעקן ביים צוריקקומען.

אַ וואָך פאַרן אָפּפאָרן איז די גערוועזימעט ביי סאַלטשען געוואַקסן. מאַטעק האָט געדאַרפט אַרויספּערטיקן אַ דזשאָב. ער האָט געדאַרפט אַרבעטן ביז די לעצטע צוויי טעג איידער די שיף איז אָפּגעגאַנגען. ער איז מיט סאַלטשען צוגעפאָרן צום אָנקל קיווע. די טיר איז געווען פאַרשלאָסן. שכנים האָבן דערקלערט, אַז ניק איז אין „קאַונטרי".

ענדלעך איז געקומען דער שבת פון זייער אָפּפאָרן. די שיף האָט געדאַרפט אָפּגיין 12 בייטאָג. צוען אינדערפרי זיינען זיי שוין געווען אויף דער שיף. צו זייער פאַרוואונדערונג האָבן זיי שוין אין זייער קאַבינע געטראָפן אייזנערן. ער האָט זיך געזאָרגט פאַר זייער וואוילזיין און סאַלטשע האָט ניט געוואוסט ווי אים צו דאַנקען פאַר זיין אויפמערקזאַמקייט.

— אַ לאָדזשער יאָט, — איז געווען איר קאָמפּלימענט פאַר אים.

די „איל דע פראַנס" איז געווען צווישן די מאָדערנסטע שיפן און צווישן די שענסטע אין געבוי. דער טוריסטן־קלאַס האָט געהאַט אַלע מאָדערנע באַקוועמלעכקייטן. איבערהויפּט האָט מען שטאַלצירט מיטן עס־זאַל. געצל האָט מאַטעקן און סאַלטשען געוויזן דאָס שולכל מיט דער ספר תורה, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער שיף. ער האָט זיי אויך פאַרגעשטעלט פאַרן משגיח, וואָס האָט גלייך געוואָלט וויסן, צי זיי וועלן עסן ביים כשרן טיש. זיי האָבן צוגעשטימט.

צו דער שיף איז געקומען פרוי הענעסי, גאָלדע און אירע צוויי טעכטער, לואי דעיוויס מיט זיין פרוי בעסי און גאָר שפּעט זיינען אָנגעקומען בען און לואיז. יעדער איינער האָט מיטגעבראַכט עפּעס, אפילו פרוי הענעסי. זי האָט מיטגעבראַכט אַ בוקעט בלומען, פון איר טאָכטערס גאָרטן אין ניו־דזשוירזי. עס זיינען אויך געקומען שלומס צוויי סקול־פריינט, אַ בחור אַנדזשעלאָ, און אַ מיידל קלעיר גרינבערג. שלום האָט זיי פאַרגעשטעלט פאַר זיינע עלטערן און גלייך איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן מיט זיי.

שלום איז געווען דער ערשטער זיך צו אָריענטירן אויף דער שיף. ער האָט זיינע פריינט אַרומגעפירט און געוויזן „אונדזער שיף". מאַטעק האָט מיטגענומען זיין קאָדעק, נאָר לואיז האָט פאַר שלומען געבראַכט אַ נייע קאַמערא און דאָס איז געווען אַ פריידיקע איבערראַשונג פאַר אים. ער האָט

געגומען דאָס ערשטע בילד פון זיינע עלטערן מיט בענען און לואיזן. נאָכ־דעם האָט לואיז גענומען אַ בילד פון די דריי קינדער.

די צייט האָט זיך געצויגן אָן אַ שיעור. האָט זיך מאַטעקן אויסגעוויזן. נאָר ענדלעך, אַ האַלבע שעה איידער די שיף האָט געדאַרפט אָפּגיין, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קלינגען און אַ רופן, אַז די געסט זאָלן אַרונטערגיין. מען האָט זיך אָנגעהויבן געזעגענען. עס האָבן זיך געהערט געלעכטער און געוויינען; אויסרופן און אַ שעפּטשען. מאַטעקס קרייז איז געווען פריילעך. קיינער האָט ניט געוויינט. סאַלטשע האָט זיך צעקושט מיט יעדן איינעם. בלויז שלום האָט זיך מיט קיינעם ניט געוואָלט קושן. אויך מאַטעק האָט בלויז זיך צעקושט מיט גאָלדען און אירע קינדער.

דער עולם איז געשטאַנען ביים האַפן. מען האָט אַרונטערגעשריגן פון דער שיף. מען האָט געגעדט אויף שטום־לשון, מען האָט געפאָכעט מיט ווייסע טיכלעך. מאַטעקס עולם איז נאָך אַלץ געשטאַנען געטריי און געוואַרט ביז די שיף וועט פאַרלאָזן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פייפן פון דער שיף, וואָס האָט אויפגעציטערט די לופט אַרום. מען האָט זיך דערשראָקן און גלייך זיך צעלאַכט.

דער עולם ביים האַפן האָט אַרויסגעלאָזט ווי אין איין קול אַ מין געזע־געגונג־רוף און דער עולם אויף דער שיף האָט ווי געענטפערט מיט אַ „זיי געזונט"־רוף, כאָטש דאָס איז געווען אין פאַרשיידענע לשונות און ס'איז גע־קומען פון כל־ערליי קולות, נאָר ס'איז געווען איין קול, איין האַרץ.

באַלד האָט די שיף מאַיעסטעטיש זיך גענומען רוקן און אַלע זיינען מיט־אַמאָל שטיל געוואָרן פון באַוואונדערונג ווי אַזוי די ריזיקע געביידע האָט זיך אַזוי גראַציעז אַרויסגענייגט פון האַפן, ווי אַ פּרימאַדאָנע וואָלט, אונ־טער רוישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן, זיך צוריקגעצויגן פון דער בינע הינטער די קוליסן.

דער עולם אויף דער שיף איז געבליבן צוגעשמידט צו די ערטער. דער טאָג איז געווען אַביסל אַ פאַרכמורעטער. עס האָט זיך געקליבן אויף אַ רעגן. אַרויס פון האַפן, אַוועק פון די פּנימער פון די פריינט און באַקאַנטע, אין די אָרעמס פון נאָרט ריווער און באַלד אַריין אין דער בוכטע אויפן וועג צום אָקעאַן — האָט די „איל דע פראַנס" זיך שטילערהייט געזעגנט מיט די ברעגן, מיט דער סטאַטוע פון פרייהייט, מיט דעם באַרגיקן סטעטן איילאַנד, מיט די ווייטע ברעגן פון קאָני איילאַנד און ברייטאָן ביטש. עס האָט גענומען בלאָזן אַ שאַרף ווינטל, דער עולם איז שנעל אַרונטער אין די קאַבינעס, נאָר מאַ־טעק, סאַלטשע און שלום זיינען נאָך אַלץ געבליבן שטיין צוגעטוליעט צום דעק פון דער שיף און געהאַלטן אין איין באַקוקן דאָס וואַסער, דעם הימל און

די ווייטקייטן, פון וואַנען מען האָט נאָך געקאָנט זען יבשה און האָריזאָנט. באַלד האָט מען געקלונגען צום עסן און, אָנגערייצט פון דער ים־לופט דער געזאַלצענער, האָט די מאַטעק־משפחה זיך אַוועקגעזעצטביים ווייס־געדעקטן, מיט שווערן זילבער אויסגעשטאַטן טיש.

אַכט מענטשן זיינען געזעסן ביים טיש. מען האָט זיך פאָרגעשטעלט. צוויי יונגע חברטעס נוירסעס פון אַ שפיטאָל, וואָס זיינען געפאָרן אָנקוקן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד און באַזוכן דאָרטיקע שפיטאָלן; אַ מאַן מיט אַ פרוי, וואָס זיינען געפאָרן זיך זען מיט זייערע קרובים אין פאַריז; און אַ מיטליאָריקע פרוי וואָס „וועט באַזוכן אַ סך לענדער”. גערעדט האָט מען ענגליש. בלויז מאַטעק מיט סאַלטשען האָבן גערעדט יידיש און ווען שלום האָט געענטפערט דער מאַמען אויף יידיש האָבן זיך אַלע פינף בייזיצער געחידושט. מערקווירדיק! אַן אַמעריקאַנער קינד זאָל רעדן אַזאַ פליסיקן יידיש. שלום האָט געקוקט אויף זיי ווי אויף אויסטערלישע מענטשן.

ווער האָט דאָס געקאָנט טרינקען אַזוי פיל ווייַן? ווער האָט דאָס געקאָנט עסן אַזוי פיל? נאָר אַלץ איז געווען געשמאַק און מען האָט דאָך אַזאַ רייזע פריער ניט דורכגעמאַכט צו פאָרן צוליב פאַרגעניגן. לאָמיר אַריינכאַפן.

נאָר נאָך איידער מען האָט אַ טראַכט געטאָן פון שפאַצירן איבערן דעק, האָט מען פּלוצלינג דערפילט ווי עמיצער וואָלט אַ שטאַרקן שאָקל געטאָן די שיף און עס האָט זיך געוואָלט אויסרופן: „הערט אויף, דער קאָפ טוט זיך דרייען, דערפון!” און באַלד זיינען מענטשן אַראָפּגעלאָפן צו זיך אין די קאַבינעס און זיך געהאַלטן ביי די בייכער און פאַר די קעפ. און דער ערשטער צו דערפילן אַ ניט־גוטקייט איז געווען דער געלאַסענער שלום, וואָס האָט זיך געשעמט פאַר טאַטע־מאַמע.

די ערשטע צוויי מעת־לעת אויפן וואַסער איז ניט געווען וואָס מקנא צו זיין די פּאַסאַזשירן. דער ים איז געווען אומפריינטלעך. די „איל דע פראַנס” מיט איר גאַנצער גרויס און קראַפט איז געוואָרן אַ חוזק־שפיל פאַר די ציגישע כוואַליעס פון מעכטיקן אַטלאַנטיק. און די פּאַסאַזשירן אויף איר האָבן געהאַט טענות צו איר און געפילט ווי מען האָט זיי אָפּגענאַרט.

נאָר אויפן דריטן טאָג האָבן זיך די געמיטער פון אָקעאַן באַרואיקט און אַלע פּאַסאַזשירן זיינען מיטאַמאָל געזונט געוואָרן און מען איז אַרויסגעלאָפן אויף די דעקן און זיך אויסגעלייגט אויף דער זון, אָדער שפּאַצירט מיט האַסטיקע טריט און געלאַכט און זיך געפרייט. אין דרייען זיינען מאַטעק, סאַלטשע אין דער מיט, מיט שלומען געגאַנגען מיט זיכערע טריט איבערן דעק. באַלד האָט די שיף זיך אַ בייג געטאָן און מיט איר האָט זיך דער עולם אַ בייג געטאָן. מען האָט געלאַכט.

דער אַפּעטיט איז זיך צעוואַקסן און מען האָט זיך נישט געקאָנט דער־וואַרטן צו די מאָלצייטן, וואָס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַנקעטן. מאַטעק און סאַלטשע האָבן גאָר ניט געוואוסט, אַז מען קאָן צוגרייטן אַזעלכע גרויסאַרטיקע געקעכצן. אַ לעבן אויף די פּראָנצויזן! סאַלטשע האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט אָנקומען קיין לאָדזש ווי אַן אָנגעשטאָפּטע קאַטשקע. מאַ־טעק האָט זיך דערפאַר ניט געשראָקן. ער האָט געגעסן און הנאה געהאַט פון יעדן ביסן. שלום האָט נאָכגעטאָן דעם טאַטן.

מאַטעק און שלום האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. קיין ייִנגלעך אין שלומס עלטער זיינען אויף זיין דעק ניט געווען. סאַלטשע דערפאַר האָט געשלאָסן באַקאַנטשאַפטן מיט אַנדערע פרויען, וואָס זיינען געווען איינזאַם. זי האָט סימפּאַטיזירט מיט זיי. זי האָט שפּעטער איבערגעגעבן מאַטעקן וועגן אירע באַגעגענישן, און כדי שלום זאָל ניט פאַרשטיין, האָט זי אים דערציילט זאַכן אויף פּויליש.

יונגע פרויען האָבן געזוכט חתנים, עלטערע פרויען האָבן זיך געוואָלט דערהאַלן פון אומגליקן וואָס האָבן זיי געטראָפן. די האָט פאַרלוירן דעם מאַן, יענע האָט פאַרלוירן אַ זון פון צוואַנציק יאָר. ניט אַלע זיינען געפאָרן צוליב פאַרגעניגן. מען איז געפאָרן צו פאַרגעסן זיך אין די צרות.

אַ שיף — אַ וועלט. יעדער מענטש — אַ באַזונדער וועלט.

.2

צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט סאַלטשע זיך דערפילט אַזוי פריי און זאָרגלאָז און גוט און צופרידן און פאַרליבט אין לעבן. מער האָט זי ניט געטראַכט וועגן דעם קריזיס אין איר לאַנד. אַזוי ווי אַ מאַמע וואָס פאַרלאָזט דאָס הויז און לאָזט איבער די ווירטשאַפט אין די הענט פון איר גערעכטענער טאָכטער, אַזוי האָט סאַלטשע געהאַט דאָס געפיל, אַז פּרעזידענט רוזוועלט וועט שוין אַלץ ברענגען אין אָרדענונג. ווי לאַנג ער האָט דעם גוטן ווילן דערפאַר, וועט ער שוין געפינען דעם אויסוועג. זי האָט זיך ניט געזאָרגט וועגן איר היים. פרוי הענעסי און די יונגע פרוי ראָזאַ זיינען גוטע פריינט און מען קאָן זיך אויף זיי פאַרלאָזן, אַז ווען זי וועט זיך אומקערן, וועט זי געפינען אַלץ ווי זי האָט געלאָזט.

זי פאָרט צוריק קיין פּוילן. איר האַרץ איז אָנגעפילט מיט פרייד. ווען זי האָט פאַרלאָזן לאָדזש, איז זי געווען אַ האַלבער מענטש. זי האָט אַליין זיך ניט דערקענט. זי האָט זיך געהאַלטן ביים דערטרינקען אין האָפענונגלאָזי־קייט. מיטאַמאָל האָט מען זי אָנגעהויבן ראַטעווען אַזש פון אַמעריקע. מאַטעקס

בריוו. מאָטעקס קעיבל. אַלץ איז געווען אַזוי ניט זיכער. ווער ווייס פאַרוואָס ער הייסט איר קומען. ווער ווייס פאַרוואָס ער האָט ניט חתונה געהאַט מיט גאָלדען, אָדער מיט אַן אַנדער מיידל אין אַמעריקע. זי איז דאָך עלטער פון אים. זי האָט דאָך איבערגעלעבט אַ מלחמה. וואָס האָט געקאָנט פּאַסירן מיט מאָטעקן, וואָס ער האָט די אַלע יאָרן אין אַמעריקע זיך ניט געקאָנט צופּאַסן קיין מיידל? און אפשר שיקט ער איר אַ שיפסקאַרט אויס רחמנות און דאָרט וועט זי ערשט דאַרפן אָנהויבן אויפסניי געבאָרן ווערן און זיך לערנען גיין און רעדן ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד . . . און שפּעטער — די בריוו פון זיינע שוועסטער און זיינע אָנקלס און טאַנטעס וועגן זיין פאַלשן אויסוואַל. עס איז זיי דאָך קיינעם ניט, אפילו זיין עלטסטער שוועסטער גוטשיאַן, מיט וועלכער זי איז יאָרלאַנג געשלאָפן אין איין בעט, ניט אָנגעשטאַנען דער שידוך מיט סאַלטשען . . . און איצט פאָרט זי צוריק קיין לאָדזש מיט מאָטעקן אונטערן אָרעם. זי האָט פיינט דעם געפיל פון נקמה, ווי זי האָט פיינט דעם געפיל פון קנאה, נאָר אין מענטשלעכן האַרץ איז איינגעוואָרצלט נקמה און קנאה. זי ווייס ניט וואָס פאַר אַ קינדער האָבן מאָטעקס אָנקל דערצויגן. דאָס וועט מען זען. נאָר אויסער מאָטעקס יינגערער שוועסטער לאָטשיאַס טאָכטער, האָט קיינער פון זיי ניט קיין קינד. זי איז זיכער, סאַלטשע, אַז שלום וועט זיי אַלעמען איבעראַשן סיי מיט זיין יידיש ריידן און שרייבן, סיי מיט זיין אויס־זען און מיט זיין חכמה, וואָס מען קאָן דערקענען אין זיינע גרויסע ברוינע אויגן. ער האָט דאָך אירע אויגן. ער איז דאָך מער געראָטן אין איר ווי אין מאָטעקן. דאָס וועט זיי מסתם קרענקען. נאָר ווי שטאָלץ זי וועט זיך פילן מיט שלומלען! ווי שטאַרק שלום איז צוגעבונדן צו איר! ווי שטאַרק ער האָט ליב זיין מאַמען!

און מאָטעק? נעכטן ביינאַכט, ווען שלום איז געזעסן אין פאַרברענג־צימער און געליייענט אַ זשורנאַל, איז זי מיט מאָטעקן אַרויסגעגאַנגען פאַר אַ שפּאַציר אויפן דעק. עס איז געווען אַזוי פינצטער, אַז זי האָט זיך גלייך געוואָלט אומקערן און אַריינגיין צוריק צווישן מענטשן. נאָר מאָטעק האָט זי איבערגערעדט. און ווען זיי זיינען אַליין געווען אויפן דעק און זיי האָבן זיך געלאָזט שפּאַצירן, האָט זי זיך צו אים צוגעטוליעט פון פחד פאַר די הויכע ווילדע כוואַליעס, וואָס האָבן כמעט דערגרייכט דעם דעק. עס האָט געקאָכט ווי אין טויזנטער קעסלען, אין דרויסן. עס האָט געוואָיעט מיט אַ ווילדקייט וואָס זי האָט קיינמאָל ניט געהאַט געהערט פריער אין איר לעבן. נאָר מאָטעק האָט זיך געפרייט און ער האָט געשריגן מיט באַנומענע קולות צום ריטשעדיקן ים, וואָס האָט געעפנט זיין ריזיקן פיסק און געוואָלט אַלץ איינשלינגען. ער האָט געשריען צום ים: „ווילסט סאַלטשען, טייערער ים?

אַ מכּה וועל איך דיר געבן סאַלטשען! שריי, רעוווּ, רייס זיך די לונגען אויס, עס הייבט מיך ניט אָן אַרן. סאַלטשען וועל איך האַלטן פאַר זיך, מער ניט פאַר קיינעם!״

זי האָט אַזוי געלאַכט, אַז טרערן זיינען איר געקומען אין די אויגן פון זיינע רייד און נאָך מער פון צופרידנקייט.

— מאַטעק, האָסט מיך נאָך אַלץ ליב? — האָט זי אים אַריינגעשריען אין אויער.

— סאַלטשע, אַז דו רעדסט נאָך איין וואָרט, שליידער איך דיך אַרויס צו די ים־לייבן. העי, לייבן, איר ווילט אַ געשמאַקן ביסן? עפנט אייערע פּיס־קעס — סאַלטשע קומט . . .

און ער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן און געוואָלט אויפהויבן אינדערהויך. זי האָט זיך איינגעגראָבן אין זיין פּנים און אירע ליפּן האָבן דערפילט זיין געזאַלצענע הויט.

— פע, ווי געזאַלצן דו ביסט, — האָט זי אויסגעשריען, — אַמאָל ביסטו געווען זיס ווי קאַנדל־צוקער, היינט ביסטו געזאַלצן ווי אַן אויסגעטריקנטער הערינג.

און דאַן האָט זי דערפילט, אַז מאַטעקס ליבע צו איר איז ווי די פּאַר׳גנב׳טע בליקן, וואָס ער פלעגט וואַרפן אויף איר, ווען זי האָט נאָך געהאַט געאַרבעט ביי זיין מאַמען אין קראָם, ער איז נאָך קיין צוועלף יאָר ניט אַלט געווען. זי האָט שוין דאַן געוואוסט, אַז ער איז פאַרכליאבעט אין איר איבער די קליינע אויערן זיינע. ווי גליקלעך איז זי דאַן געווען, כאָטש זי איז אַרומגעגאַנגען מיט עלטערע פון זיך ביז שפּעט ביינאַכט אין קאַלאַ גאָרטן, נאָר ווען זי איז אַהיים געקומען האָט זי געוואוסט, אַז מאַטעק שלאָפט נאָך ניט, אַז ער וואַרט אויף אירס אַ וואָרט, אירס אַ גלעט . . .

איצט פאָרט זי קיין לאָדזש. זי האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט מער. די שוועסטער און די אָנקלס וועלן זי פרעסן מיט די אויגן. עס אַרט איר ניט. זיי וועלן מיט אים רעדן וועגן איר הינטער די אויגן. עס אַרט איר ניט. די פּוילישע געהיים־פּאָליציי האָט איר רעקאָרד. זי לאַכט זיך אויס פון זיי. זי איז אַן אַמעריקאַנער בירגער . . . און דאָך איז זי אַזוי גליקלעך וואָס זי וועט זיין אין לאָדזש. זי קומט צוריק, קיינער האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז זי וועט אַמאָל צוריקקומען נאָך לאָדזש, צוריקקומען מיט מאַטעקן, מיט אַ זון, וואָס איז שוין באַלד אַזוי גרויס ווי זי.

מאַטעק איז געלעגן אויסגעצויגן אויף אַ זון־שטול אויפן דעק. פון איין זייט איז לעבן אים געלעגן אויף אַזאַ שטול סאַלטשע, פון דער אַנדערער זייט — שלום. זיי האָבן געלייענט. נאָר ער האָט געהאַלטן די אויגן פאַרמאַכט

און זיך איינגעהערט צום קאָכנדיקן קעסל — דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן. ער האָט ליב באַקומען דאָס באָרען זיך פון די כוואַליעס. עס איז געווען אַ מין ספּאָרט ביי זיי, אַ שפּיל אַזאַ. נו, אַזוי איז דאָך דאָס מענטשלעכע לעבן. מען האַלט זיך אין איין באָרען, אין איין שלאָגן, אין איין וועלן אַריבעריאָגן אייגער דעם צווייטן, ווי אָט די כוואַליעס דאָ. מען מאַכט אַ געפּערלעכן טומל און עס מיינט גאָרניט. אָט אַזוי ווי די שיף הערט זיי אַלעמען ווי דעם קאָטער, זי וועט זיך גיין איר וועג און אָנקומען צום ברעג און אויסלאָדן און ווידער אָנלאָדן — אָט אַזוי איז דאָך דער מענטש. מען דאַרף אָנצייכענען אַ וועג אין לעבן און דורכגיין דעם וועג. ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן און טומלענישן. ער האָט פאַר זיך אָנגעצייכנט זיין וועג, ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען. עס האָט אים געצויגן צום ליכטיקן וועג, צום וועג פון פרייהייט פאַר יעדן מענטשן. ער איז קעגן פאַרשקלאַפונג, קעגן גוואַלדטאַט, קעגן רייכע און אָרעמע; ניין, ער איז ניט קעגן רייכע, נאָר מיט איין באַדינג, אַז אַלע זאָלן זיין רייך. מחמת די וועלט איז אַזוי רייך און עס איז דאָ פאַר אַלעמען גענוג. ער איז בלויז קעגן אָרעמקייט, ווייל דאָס איז מער ווי אַ שאַנד. עס איז אַ פאַרברעכן, אַז מענטשן זאָלן זיין אָרעם, ווען עס איז אַזאַ שפע'דיקע וועלט. ער איז צופרידן וואָס ער גייט, ווי די שיף גייט אַצינד. די ברוטאַלקייט פון דער פּאָליציי ביי די פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס קעגן דעם מאָרד פון סאַקאָ און וואַנזעטי זיינען דאָך ווי אָט די כוואַליעס דאָ. מען ציטערט פאַר זיי, נאָר די שיף וועט דורכגיין . . . אָט אַזוי וועט סאָציאַליזם זיגן איבער דעם שוימיקן קאַפּיטאַליזם . . .

— אָי, די זון איז אַ מחיה, — האָט ער דערהערט סאַלטשעס קול.

ווי גוט אים איז. סאַלטשע ביי זיין זייט. שלום לעבן אים... ים, זון, דער וואונדערבאַרער עס־זאַל מיט די פריילעכע סאַרווערס, דער פראַנצויזישער וויין, די צופרידענע פּנימער — פאַרוואָס קאָן מען שטענדיק אַזוי ניט לעבן? פאַרוואָס קאָן דאָס ניט זיין אין ניו־יאָרק? ווער דאַרף האָבן עקאָנאָמישע קריזיסן, ווער? די שיף וועט אָנקומען אין האַפן. דער מענטש פאַרענדיקט זיין לעבן, ווי די שיף אין האַפן. טאָ פאַרוואָס דאַרף מען זיך אַזוי מוטשען דאָס ביסל צייט וואָס מען לעבט אויף דער וועלט?

דאָס מיידל וואָס איז געקומען באַגלייטן שלומען צו דער שיף — ווער ווייס, אפשר וועט זי זיין זיין כלה? אַ שיין מיידל, זיס און אומשולדיק, אַזוי ווי שלום איז זיס און אומשולדיק. שלום וועט ניט דאַרפן וואַרטן אַזוי לאַנג חתונה צו האָבן, ווי ער און סאַלטשע האָבן געוואַרט. אַנדערע צייטן. מער נאָרמאַל, מען דאַרף זיין שטאַרק און געזונט און דערלעבן שלומס חתונה.

עס וועט זיך אַביסל אָפּטאָן אין לאָדזש ווען מען וועט דערזען סאַל־

טשען און שלומען. די שוועסטער מיינען מסתם, אַז סאָלטשע איז איינגע־דאַרט געוואָרן, דערפאַר וואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ פּשוטן אַרבעטער, מיט מאַטעקן. זיי מיינען מסתם, אַז גאָלדע איז אַ פּרינצעסין, דערפאַר וואָס זי האָט גענומען מעקסן, דעם סוחר. מסתם וועט גוטשיאַ די ערשטע זאָך אים נעמען אויפן בית־עולם צום טאַטנס קבר. מסתם וועט מען אים מיטנעמען אין שול אַריין שבת און אים געבן אַן עליה. ער וועט זיך פירן זיין וועג און וועט ניט נאָכגעבן עמיצנס ווילן. קיין פריילעכע צייט דערוואַרט אים ניט אין לאָדזש. יעדע שוועסטער האָט זיך איר שווער פּעקל. נו, ער פילט זיך ניט שולדיק. ער האָט זיינס געטאָן. יאָר־איין יאָר־אויס געשריבן צו זיי, אַז ער וויל זיי אַריבערנעמען צו זיך. זייערע באַדינגונגען זיינען געווען אומ־מעגלעכע. ער האָט זיי ניט געקאָנט צווינגען צו קומען. וואָלטן זיי אים באמת ליב געהאַט, וואָלטן זיי געקומען צו אים אויף זיינע באַדינגונגען. זיי האָבן נאָר געזוכט אַן אויסרייד ניט צו דאַרפן פאָרן צו אים. זאָל זיין אַזוי. ער וועט אויסהערן טענות און מענות. מען וועט זיך פאַר אים אויסוויינען. מען וועט אים אויספרעגן, אַ מיליאָן פראַגעס וועט מען אים שטעלן. נאָר איין זאַך וועט ער ניט דערלאָזן — אָנרירן סאָלטשען. זאָלן זיי נאָר וואַגן — אָנ־שטאָט פיר וואָכן, וועט ער זיך באַלד פאַרקירעווען אויף צוריק.

— חברה, — האָט מאַטעק אויסגערופן צו זיינע מיטגלידער, — לאָמיר זיך אַביסל דורכלויפן אויף דער פרישער לופט. העי, באַיטשיק, גענוג גע־דוכנט, און דו, מאַדאַם פאָן פאַרי, קאָנסט זיך מער ניט אויפהויבן?

איז מען געגאַנגען געאַרעמט אין דרייען און מאַטעק, מיט אַן אַרויס־געשטעלטער ברוסט, האָט מאַרשירט העלדיש און ריטמיש און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז דער אָנפירער פון אַ פרייהייט־דעמאָנסטראַציע קעגן די כחות פון רעאַקציע. ער האָט זיך געפילט אַזוי שטאָלץ און פריי און ער איז געווען זיכער, אַז די רעאַקציע וועט באַזיגט ווערן פון אים, דער־פאַר וואָס מיט אים גייט אַ געטרייע זיכערע אַרמיי.

— דערלאַנג אין רוקן אַריין, — האָט ער פּלוצלינג אויסגעשריען.

— וואָס זאָגסטו, טאַטע? — האָט געפרעגט שלום.

— איך זאָג, שלום לעבן, אַז עס איז ניטאָ קיין בעסערס אויף דער וועלט ווי צו לעבן אין פרייהייט און קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן . . .

דעם לעצטן טאָג אויף דער שיף האָט זיך דער עולם דערפילט, ווי מען וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ שיינעם חלום. מען איז געוואָרן אומרואיק, נערוועז. די פּנימער האָבן זיך מיטאַמאָל געביטן. עס האָבן זיך באַוויזן קנייטשן אויף זיי. מען האָט גערעדט געאײַלטערהייט. מען האָט עפּעס באַ־דויערט, מען האָט זיך גערעכט אויף ענדערונגען און די ענדערונגען האָבן

איבערגעשראָקן, אַזוי ווי אַ קינד האָט מורא פאַר יעדער נייער דערשיינונג.

— אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס די שיף פאָרט ניט ווייטער, — האָט מאָטעק געזאָגט.

— און איך בין צופרידן וואָס מיר וועלן באַלד זיין אין ענגלאַנד, — האָט געענטפערט שלום און געהאַלטן אין האַנט די מאַפּע.

עס האָט געהערשט אַ פיבערהאַפטיקע שטימונג דעם לעצטן טאָג אויף דער שיף.

מען האָט זיך אָנגעהויבן געזעגענען. סאָלטשע איז געווען שטאַרק פאַר־נומען מיט די פּרוּיען, וואָס זיינען געזעסן ביי איר טיש. מען האָט זיך גע־געבן די היימישע אַדרעסן און מען האָט צוגעזאָגט צו זען זיך אין ניו־יאָרק. גראָד דעם לעצטן טאָג האָט מען זיך צעוואָרעמט אין פריינטשאַפט. אפילו דער פאַרזיכטיקער מאָטעק האָט אויך געגעבן זיין אַדרעס און פאַרשריבן ביי זיך אַ פּאָר אַדרעסן.

די שיף האָט געדאַרפט אָנקומען אין סאַוטהעמפּטן אַכט אינדערפרי. גראָד האָט זיך אַזוי געשמאַק געשלאָפן די לעצטע נאַכט, אַז מאָטעק און שלום, וואָס האָבן אָפּגערעדט אויפצושטיין פרי און זען ווי די שיף וועט זיך דער־נעענטערן צו דער יבשה, גראָד זיי האָבן זיך אויך פאַרשפּעטיקט. סיי ווי איז מען געווען פאַרנומען אינעווייניק צו קאָנען אַרויסגיין און זען וואָס עס טוט זיך אין דרויסן.

אין סאַוטהעמפּטן, גלייך ביים אַראָפּגיין אויפן האַפן, האָט מען אויסגע־רופן מאָטעקס נאָמען און אַ מיטליעריקער מאַן מיט וואָנצעס האָט צוגענומען ביי אים די רענצלעך און אים געהייסן מיטגיין. ער איז געווען אַן אָנגע־שטעלטער פון האָטעל וואָס געצל אייזנער האָט געהאַט רעזערווירט פאַר דער סאַרנע משפּחה.

— אַ לעבן אויף זיין קאָפּ, — האָט געזאָגט סאָלטשע.

נאָר איבערנעכטיקן אין סאַוטהעמפּטן האָט מאָטעק ניט געוואָלט. אַ רייזע־פיבער האָט אים אַרומגענומען. דעם זעלבן טאָג איז ער שוין געווען אין לאָנ־דאָן. און אינדערפרי האָט ער שוין געוואָלט אָפּפאָרן קיין פּאַריז.

עס האָט מאָטעקן געצויגן צו זיין וואָס גיכער אין לאָדזש.

## קאַפּיטל דריי און פערציק

# צוריק אַהיים

.1

וואָס האָט מאָטעקן געטריבן פון איין וואָקזאַל צום צווייטן ? וואָס האָט ער זיך אַזוי געיאָגט קיין פּוילן ? האָט אים דאָרט דערוואַרט פאַרגעניגן און פרייד ? ער האָט געוואוסט, אַז פאַרקערט. און דאָך האָט ער שוין גע־וואָלט זיין אין לאָדזש.

שלום האָט פּראָטעסטירט. ער האָט געוואָלט זען לאָנדאָן, פּאַריז, בער־לין, אויב מען וועט לאָזן ; וואַרשע.

— אַלץ — אויפן וועג צוריק, — האָט אים פאַרזיכערט מאָטעק. — מיר פאָרן לויט אַ פּלאַן.

סאַלטשע האָט פאַרשטאַנען מאָטעקן און עס האָט איר אויך געצויגן צו זיין וואָס גיכער אין לאָדזש, נאָר, פון דער צווייטער זייט, האָט זי זיך גע־שראָקן פאַר דער אויפנאַמע אין לאָדזש און זי האָט געהאָפט, אַז דער וועג אַהין וועט דויערן וואָס לענגער. נאָר מאָטעק האָט זיך געאיילט. ער האָט געוואוסט, אַז ער מאַטערט זיך אויס און די פאַמיליע, נאָר — מען וועט זיך אָפּרוען פיר וואָכן אין פּוילן.

די צוויי טעג אין לאָנדאָן זיינען אים געוועזן צופּיל. די צוויי טעג אין פּאַריז זיינען געוועזן איבעריק. נאָך גוט וואָס די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין היטלערס בערלין בלויז אויף פופצן מינוט און ער האָט ניט געדאַרפט אָנקוקן „די בלוטיקע היגט" און די גלאַנציקע מונדירן, וואָס האָבן זיך אַרומ־געדרייט אויף דער באַן־פּלאַטפאָרמע.

פּאַספּאָרט, דאָקומענטן, פּאַפּירן. אומעטום שטרענגע וואַכן. מסתּם וועט אין פּוילן זיין נאָך ערגער. גרענעצן, גרענעצן, מען געטרויט ניט קיינעם, ווי די מענטשן פון צווייטן לאַנד וואָלטן ניט געווען די זעלבע מענטשן . . .

ענדלעך קומט די באַן אָן קיין וואַרשע. נאָר די באַן וואָס פירט קיין לאָדזש, איז ניט אויף דער זעלבער סטאַנציע. מען דאַרף צוגיין אַ קורצן מהלך. מען זיצט שוין אין דער באַן אויפן וועג קיין לאָדזש. מאָטעק איז זייער אָנגעצויגן. סאַלטשע ווערט אָנגעשטעקט פון זיין נערוועזיטעט. דער

איינציקער וואָס איז רואיק און פאַרשטייט ניט פאַרוואָס טאַטע־מאַמע שווייגן און קוקן אויס ערנסט, איז שלום.

— טאַטע, ביסטו ניט צופרידן, וואָס דו וועסט זיך באַלד זען מיט דיינע פיר שוועסטער?

— יאָ, קינד, טאַקע דערפאַר בין איך נערוועז. אַוועקגעפאָרן בין איך נאָך אַליין געווען אַ קינד און איצט קום איך מיט אַ קינד, וואָס איז ניט קיין סך ייִנגער ווי איך בין געווען ווען איך האָב זיי פאַרלאָזן. פאַרשטייסט?

— און דו, מאַמע, ביסט אויך נערוועז. דו האָסט דאָך קיינעם ניט אין לאָדזש אַצינד, אמת?

— דאָס האַרץ איז שווער, שלום, מיין קינד. מען דערמאָנט זיך זאַכן וואָס רופן אַרויס טרויעריקע געדאַנקען. שטעל זיך פאָר, ווי אַנדערש איך וואָלט געפילט, ווען מיינע עלטערן וואָלטן געלעבט און איך וואָלט זייערע הערצער געקענט דערפרייען מיט אַן אייניקל.

איז מען געפאָרן און געשוויגן. שלום האָט אַרויסגעקוקט פון פענצטער. עס איז געווען זייער פרי. די באַן וועט אָנקומען קיין לאָדזש אַרום ניין איי־דערפרי. מאָטעק האָט געשיקט אַ טעלעגראַמע פון דער גרענעץ. מסתם וועלן אַלע שוועסטער וואַרטן אויף אים. די אָנקלס ניט. מסתם וועט ווערן אַ יללה, ווען מען וועט אים דערזען. ווי וועט זיך סאָלטשע האַלטן?

— סאָלטשע טייערע, איך קאָן זיך פאַרלאָזן אויף דיר, אַז דו זאָלסט ניט אַרויס פון געדולד, טאָמער, ווי עס מאַכט זיך, וועט מען דיך ניט באַ־האַנדלען, ווי איך וואָלט זיך געוואונטשן. נעם אַלץ פאַר ליב. די פאָר וואָכן וועלן זיך שלעפן, ווי פעך, נאָר זיי וועלן פאַראיבער.

— שוין צייט, אַז דו זאָלסט קענען דיין סאָלטשע, דו גרויס קינד מיינס. קיינער איז מיר גאָרניט ניט שולדיק און איך קום קיינעם גאָרניט. מיר ברענ־גען מיט פרעזענטן פאַר אַלע דיינע שוועסטער און פאַר אַלע אָנקלס מיט די טאַנטעס מיט זייערע קינדער. וואָס נאָך קאָנען מיר טאָן?

איידער מען האָט זיך אַרומגעקוקט, איז די באַן אָנגעקומען קיין לאָדזש. נאָך איידער זי האָט באַוויזן זיך אָפּצושטעלן, האָט סאָלטשע אויסגערופן צו מאָטעקן אַרויסקוקנדיק פון פענצטער: „איך זע גוטשיאַן, מאָטעק. זיי זיינען אַלע דאָ אויף דער פּלאַטפאָרמע“. נאָר די באַן האָט זיך אָפּגערוקט און די שוועסטער זיינען געבליבן פון הינטן, אויף דער צווייטער זייט פון דער פּלאַטפאָרמע.

מאָטעק איז אַרויס דער ערשטער, שלום נאָך אים, סאָלטשע די לעצטע. זיי האָבן זיך אומגעקוקט. אין געדרענג און צווישן זיך־דרייענדיקן עולם, האָט מאָטעק דערזען, ווי עטלעכע פרויען זיינען אים אַנטקעגנגעלאָפן

מיט אויסגעשטערקטע אָרעמס. ער האָט דערהערט אַ קול: „מאָטעק, דאָס ביסטו?"

דאָס קול איז געווען פון מלכהן, וועלכע מאָטעק האָט ניט געהאַט דער־קענט. און איידער ער האָט געקאָנט צוזאַמענגעמען די געדאַנקען און זיך אַרומקוקן, האָט מען אים שוין געהאַט אַרומגערינגלט און צוגעדריקט צו זיך און געקושט און נאַס געמאַכט זיינע באַקן.

— איך בין אַנדזשיאַ . . .

— מיך דערקענסטו ניט, מאָטעק? איך בין לאָטשיאַ און דאָרט איז דאָך גוטשיאַ.

— מאָטעק, מאָטעק, דו ביסט דאָך העכער געוואָרן, אַזוי וואָר ווי איך לעב, — האָט געזאָגט גוטשיאַ און זי האָט ער גלייך דערקענט.

סאַלטשע איז געשטאַנען ביי דער זייט און געווישט זיך די אויגן. שלום האָט זיך געהאַלטן לעבן איר און זיינע אויגן זיינען אָנגעפילט געוואָרן מיט טרערן, זעענדיק ווי זיינע מומעס האָבן באַוויינט דעם טאַטן זיינעם.

ווי אַ געפאַנגענעם האָבן די שוועסטער מאָטעקן אַריינגעפירט אין וואָק־זאַל און פון דאָרט אַרויס צו דער גאַס, וואו עס האָבן געוואַרט דראָזשקעס און טאַקסיס.

באַלד איז אים קלאָר געוואָרן, אַז אים פירן אונטער די אָרעמס גוטשיאַ און מלכה. סאַלטשע און שלום ווערן געפירט פון לאָטשיאַן און אַנדזשיאַן. אַרויסקומענדיק אויפן טראָטואַר האָבן זיך די שוועסטער אַרומגעקוקט. זיי האָבן עמיצן געזוכט. זיי האָבן דערוואַרט אָנקלס מיט טאַנטעס. נאָר אַנ־דזשיאַ איז געווען די ערשטע צו באַמערקן, אַז אין אַן אָנקומענדיקער דראָזשקע זיצן אָנקל גוסטאַוו און טאַנטע רעגינטשא.

— אָ, ווי שיין עס איז פון אָנקל גוסטאַוו אויפצושטיין אַזוי פרי, — האָט גוטשיאַ אויסגערופן און איז אַנטקעגנגעלאָפן דער דראָזשקע.

סאַלטשע און שלום זיינען צוגעקומען צו מאָטעקן און אַלע דריי זיינען געשטאַנען צוזאַמען. די שוועסטער אַרום זיי. גוטשיאַ האָט געהאַלפן דעם אָנקל אַראָפקריכן פון דער דראָזשקע. דער אָנקל, אַן אַלטער מאַן, אַביסל איינגעבויגן, נאָר נאָך מיט אַ באַפעלערישן אויסזען, האָט זיך אומגעקוקט, דערזען מאָטעקן מיט זיין פרוי און קינד און אַ מאַך געטאָן מיט דער קור־צער האַנט:

— נאַ, אָט איז דאָך מאָטעק, זאָלסט מיר לעבן, איש האָב אים דערקענט, דעם יונג.

מאָטעק האָט זיך געלאָזט צום אָנקל און גוסטאַוו האָט אים אַרומגע־נומען און געקושט אין מויל און גלייך אַרומגענומען סאַלטשען און זי גע־

קושט און דאַן באַטראַכט שלומען און אויסגערופן:

— גאָטס וואונדער! ווער קאָן זיך דאָס פאָרשטעלן, אַז דאָס איז מאָטעקס זון? ווי לאַנג וואַר דאָס ווי מאָטעק איז געווען אַזוי גרויס ווי ער. קיין עין־הרע אַ יונג מיט ביינער — און ער האָט אים אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן אין שטערן.

— ער פאַרשטייט כאָטש וואָס איך האָב גערעדט? — האָט דער אָנקל געפרעגט סאַלטשען.

— איך פאַרשטיי יעדעס וואָרט, — האָט שלום געענטפערט אויף יידיש און אַלע האָבן זיך צום ערשטן מאָל צעלאַכט.

דער אָנקל האָט דאַן פאַרלייגט די הענט אויפן בויך און געשאָקלט מיטן קאָפּ קוקנדיק אויף דער סצענע. זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו טרערן און פון די שוועסטערס מיילער האָט זיך דערהערט אַ פרום שעפּטשן: „דער אָנקל וויינט" און קוקנדיק אויף אים האָבן אַלע שוועסטער אָנגעהויבןווישן די אויגן מיט טיכעלעך.

די טאַנטע רעגינטשאַ איז צוגעקומען לאַנגזאַם און אויפגעהויבן מאָטעקס פּנים מיט אירע ביידע הענט און אים אויסגעקושט די אויגן. דאַן האָט זי זיך מיט סאַלטשען צעקושט אין מויל און שלומען געקושט אויף די באַקן.

— איך האָב געמיינט, אַז עס וועט זיין ערגער, איך מיין: וואָס האָט איר זיך אַוועקגעשטעלט אַלע וויינען און מאַכן פון זיך ס'גרויס געלעכטער? לאָמיר זיך אַריינזעצן אין דראָזשקעס צי אין טאַקסים און זיך לאָזן אין וועג אַריין, — האָט זי געקאָמאַנדעוועט.

דער אָנקל מיט דער טאַנטע רעגינטשאַ האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ טאַקסי און איינגעלאַדן מלכהן און אַנדזשיאַן אין זייער טאַקסי. לאָטשיאַ האָט צוגערופן אַ דראָזשקע און זי מיט גוטשיאַן און די געסט זיינען געפאָרן לאַנג־זאַמער ווי די טאַקסי.

— ס'איז גוט אַזוי אַזוי, כ'האָב ליב אַ דראָזשקע, — האָט מאָטעק זיך צעשמייכלט, — זינט איך האָב פאַרלאָזן לאָדזש בין איך אין קיין דראָזשקע ניט געפאָרן. לאָמיר זען צי איך וועל דערקענען די גאַסן.

געפאָרן איז מען צו דער שוועסטער לאָטשיאַס הויז. דאָרט וועלן זיי קאָנען איינשטיין ווי לאַנג זיי וועלן באַר וועלן. פּלאַץ איז דאָ גענוג. מען האָט אַ גערטנדל אין הויף. אַ פרוי קומט אויפראַמען.

— סאַלטשע לעבן, קוקסט דאָך אויס אַזוי וואונדערבאַר, — האָט לאָטשיאַ איר אַ קניפּ געטאָן אין באַק, — אַמעריקע האָט דיר פאַליובעט. און שלום איז אינגאַנצן אין דיר געראָטן. אַי, קיין עין־הרע, קיין בייז אויג זאָל אים ניט שאַטן, ער איז דאָך אַ גאַנצער מענטש, שיין, זגראַבנע און אַ בר־

דעת. מילאַ, מאַטעק האָט ביי דיר גאַנץ גוטע קעסט. דאָס קאָן מען גלייך באַמערקן פון ערשטן קוק . . .

— דו וואָלסט מיך ניט דערקענט, האַ, מאַטעק ? — האָט זיך געוואונדערט לאַטשיאַ, — איך בין אַלט געוואָרן, מיאוס געוואָרן ?

— נאָכדעם ווי איך האָב זיך אָנגעהויבן איינקוקן אין אייערע פּנימער האָב איך אייך אָנגעהויבן דערקענען. בלויז די טאַנטע רעגינטשאַ וואָלט איך ניט דערקענט. זי איז געוואָרן פעט, נאָר די אויגן און די נאָז זיינען ביי איר די זעלבע. בלויז די האָר זיינען אינגאַנצן ווייס געוואָרן.

— און מיר דוכט זיך, אַז איר קוקט אַלע אויס אויסגעצייכנט, — האָט סאַלטשע זיך אַריינגעמישט, — איך זאָג אייך דעם אמת, אַז איך האָב זיך ניט געריכט, אַז איר זאָלט זיך אַזוי ווינציק ענדערן. בלויז אַנדזשיאַן וואָלט איך ניט דערקענט. זי איז געוואָרן אַ גאַנצע דאַמע און זי איז מלא חן.

— וואַרט, וואַרט, מיטן אייבערשטנס הילף וועט איר נאָך אפשר זיין ביי איר חתונה. זיי זיינען שוין אמתע חתן־כלה. ס׳וואָלט געווען שיין, ווען זיי האָבן חתונה פאַר אייער אַוועקפאָרן, — האָט גוטשיא פאַרטראַכט געזאָגט.

— גוטשיאַ קרוין, דו ווייסט, אַז די חתונה איז באַשטימט געוואָרן אויף סעפּטעמבער, — האָט לאַטשיאַ זיך אָפּגערופן.

— נו, וועט מאַטעק בלייבן ביז סעפּטעמבער. ער מעג זיין כאָטש ביי איין חתונה פון זיינע געשוויסטער. אַנדזשיאַ האָט זיך דאָס כשר פאַרדינט, — האָט גוטשיאַ ערנסט געזאָגט.

— אַ דאַנק גאָט, וואָס די זון איז אַרויס און מיר וועלן האָבן אַ שיינעם וועטער, — האָט לאַטשיאַ פּלוצלינג געזאָגט.

— דערקענסט לאָדזש ? — האָט גוטשיאַ געפרעגט מאַטעקן.

— איך באַמערק, אַז די פאַבריקן שטייען ליידיק, — האָט מאַטעק אָנגעוויזן אויף אַ גאַנצן בלאָק רויט־ציגלדיקע געביידעס, וואָס זיינען געשטאַנען ווי פאַרלאָזענע.

— יאָ, יאָ, — האָט אַ זיפץ געטאָן גוטשיאַ, — שוין ס׳צווייטע יאָר ווי די מערסטע פאַבריקן אין לאָדזש שטייען ליידיק. אַ ביטערע צייט. עס ווערט שלימער און שלימער. ביי ענק אין אַמעריקע איז אויך ניט פויגלדיק, האַ, סאַלטשע ?

— לאָמיר בעסער רעדן וועגן עסן, — האָט געביטן דעם טאָן לאַטשיאַ.

— שלום, זאָג, קינד מיינס, ביסט הונגעריק ? באַלד וועלן מיר זיין אינדערהיים. איך האָב אָנגעגרייט עפּעס וואָס מאַטעק האָט שטאַרק ליב. אַנו, סאַלטשע, טרעף וואָס דאָס איז ?

— קליינע חלהלעך מיט גלאַנציקע בעקלעך, — האָט סאָלטשע אויס־געשריען.

— דאָס מאָל האָסטו ניט געטראָפן.

— אַ מילכיקע רייז־זופּ מיט צימערינג? — האָט מאָטעק געפרעגט.

— עטץ האָט קיינער ניט געטראָפן, — האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ גו־טשיאַ. — אַזוי ווי איך ווייס ניט, וועל איך אויך פּרוּוון טרעפן: אַ שטשי־פּיאָרעק איינגעהאַקט מיט האַרטע אייער.

— אַ לעבן אויף דיין קאָפּ, שוועסטער, ווי דו האָסט געטראָפן, — האָט לאָטשיאַ גוטשיאַן אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ.

דאָס וואָרט „שטשיפּיאָרעק" האָט מאָמענטאַל אַרויסגערופן אין מאָ־טעקס זכרון דערמאָנונגען פון זיינע קינדער־יאָרן ניט בלויז אין לאָדזש, נאָר די גאָר פריע יאָרן אין שטעטל, ווען ער האָט געמוזט אַלט זיין ניט מער ווי אַ יאָר פינף. דערמאָנט האָט דאָס אים, קודם־כל, אין דער פרילינג־צייט, ווען די פויערטעס פלעגן קומען אויפן מאַרק מיט די ערשטע גרינסן. די לאַנגע שמעקנדיקע גרינע ציבולקעלעך זיינען געווען דער עדות פון פרישע גרינצייג און פרוכטן, וואָס וועלן אַריינגעבראַכט ווערן אין שטעטל פון די פעלדער יעדע וואָך . . . ווען מען האָט געמאַכט שטשיפּיאָרעק פאַר אָנבייסן איז דאָס געווען אַ שמחה אין הויז. ערשטנס, דער גרינער קאָליר אַליין און דער געלער און ווייסער קאָליר פון די נאָך וואַרעמע אייער און די פרישע פּוטער, וואָס האָט זיך געלאַשטשעט איבער אַלץ, האָט צערייצט מאָטעקס נאָז־לעכער און ער האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן, ביז מען וועט עס אים דערלאַנגען . . . צווייטנס, האָט מאָטעק געוואוסט, אַז ווי ביטער די לאַגע איז ניט געווען אין הויז אין לאָדזש אין יאָרן אַרום, האָט אָבער דאָס באַווייזן זיך פון שטשיפּיאָרעק אויפן קיך־טיש שוין געהאַט איינגעשטילט די געמיטער און מען האָט זיך געפרייט מיט דעם יונגן גרינס ווי מיט אַ גוטן גאַסט, וואָס האָט געבראַכט גרוסן פון שמעקנדיקע פרילינג־פעלדער.

— איר וועט מיר גלויבן, קינדער, — האָט מאָטעק זיך אָפּגערופן צו די שוועסטער, וואָס האָבן אים אַריינגעקוקט מיט ליבשאַפט אין פּנים אַריין, — אַז איך האָב אַ פּאָר מאָל געגעסן שטשיפּיאָרעק אין אַמעריקע, נאָר עס האָט קיינמאָל ניט געהאַט דעם טעם פון דער היים.

— אָט זיינען מיר שוין אויף אונדזער גאַס, — האָט דערקלערט לאָטשיאַ.

— אַנקאַ האָט זיך געגרייט אַ גאַנצע וואָך. אַ קלייניקייט, וואויא מאָטעק און טשיאָטשיא סאָלטשע און קוזין שלום קומען פון אַמעריקע! העניעק איז אין געשעפט, נאָר ער וועט אַהיים קומען מיטאָגצייט.

— דאָ, דאָ, — האָט גוטשיאַ אָנגעוויזן דעם דראָזשקאַרזש. לאָטשיאַ האָט

באַצאָלט און זי איז די ערשטע אַריינגעלאָפן דורך דעם אייזערנעם טויער אין אַ גרויסן הויף. אַ לאַנגער וועג צום הויז. אין מיטן וועגן — דער אָפּטריט.

— לאָדזש האָט זיך קיין סך ניט געביטן, — האָט מאָטעק געזאָגט.

— וועסט ניט דערקענען לאָדזש, — האָט גוטשיאַ פאַרטיידיקט, — די שטאָט האָט אויפגעבויט גאָר שיינע הייזער מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן.

אַן אָפענע טיר. לאָטשיאַ, אין אַ ווייסן פאַרטוך, האַלט פאַר דער האַנט אַנקאַן.

— דאָס זיינען די אַמעריקאַנער, — זאָגט זי צו דער טאָכטער אויף פּויליש, — דאָס איז דער וואיוא מאָטעק, צעקוש זיך מיט אים.

— אָי, סאַראַ שיינע מויד, — זאָגט מאָטעק, קוקנדיק אויף אַנקאַן און מיטאַמאָל גיט עס אים אַ שלאָג אין די שלייפן. ער האַלט איר קאָפּ אין זיינע הענט און קוקט זיך איין אין פּנים און ער קאָן ניט גלויבן: אַנקאַ זעט אויס ווי די מאַמע זיינע. ער פאַרבייסט די ליפּן. ער שווייגט. ער דריקט דאָס קינד צו זיך און פאַרמאַכט די אויגן.

סאַלטשע צעקושט זיך מיט אַנקאַן און רעדט מיט איר אויף פּויליש. מאָטעק וואונדערט זיך וואָס ער פאַרשטייט נאָך יעדעס וואָרט, נאָר רעדן פּויליש וויל ער דעמאָנסטראַטיוו ניט. שלום צעקושט זיך ניט מיט אַנקאַן. ער שטרעקט אויס זיין האַנט צו איר, זי דערלאַנגט אים אַ ווייס הענטל און לאָזט די אויגן אַראָפּ. ער רעדט צו איר יידיש, זי ענטפערט אַז זי פאַרשטייט, נאָר רעדן קאָן זי ניט.

אַ הויז אָנגעשטעלט מיט שווערן מעבל. ריין; וואַזאַנען מיט בלומען; דער מאַמעס בילד אויף דער וואַנט, אַ שטאַרק פאַרגרעסערט בילד. די מאַמע אין שייטל. מאָטעק קוקט זיך איין. זי איז אַזוי ווייט, ווייט פון אים, די מאַמע.

— שלום, דו דערקענסט דאָס בילד? — פרעגט ער.

— יאָ, טאַטע, דאָס איז דאָך די באָבע.

מען זיצט אין דער גרויסער קיך. מאָטעק עסט שטשיפּיאָרעק. אַלע קוקן אויף אים. ער איז מיד און ער קאָן ניט פאַרגעסן דאָס אויסזען פון אַנקאַן, וואָס העלפט דער מאַמען ביים אויוון. ער וואָלט וועלן איצט זיצן מיט אַנקאַן אַליין, קיינער זאָל דערביי ניט זיין. ער ווייס ניט וואָס ער עסט.

— נו, עס שמעקט דיר דער שטשיפּיאָרעק? — פרעגט גוטשיאַ.

— גוטשיאַ, עס האָט טויזנט טעם, נאָר איך בין צו איבערראַשט. איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז איך זיץ מיט אייך, אַז איך הער אייך, אַז איך זע אייך.

— ווי קומט עס וואָס די טאַקסי איז נאָך ניטאָ? — פרעגט סאַלטשע.

— איך ווייס, — רופט זיך אָפּ גוטשיאַ, — אַנקל גוסטאַוו איז אַוועקגע־

פאָרן ברענגען דעם אָנקל מענדל. אפשר וועט אָנקל מאיר אויך מיטקומען.

דער טעלעפאָן קלינגט. לאָטשיאַ גייט צו.

— יאָ, די ליבע געסט זיינען דאָ ביי מיר אין שטוב, אָנקל מאיר, כ׳האָב געמיינט, אַז דער אָנקל גוסטאַוו וועט אייך ברענגען אַהער. אָ, אַ שאָד, איך וועל צוברענגען מאַטעקן צום טעלעפאָן . . . מאַטעק, דער אָנקל מאיר וויל מיט דיר רעדן.

— האַלאָ, האַלאָ, אָנקל מאיר, מיר זיינען אַלע געזונט, אַ דאַנק. מיר ווילן צוקומען. איך בין אין רשות פון די שוועסטער. גוט, גוט. זייט געזונט. מלכה וויל רעדן צו מיר? האַלאָ, מלכה. וועסט באַלד צוקומען מיט אַנ־דזשיאַן? גוט, גוט. קומט באַלד צו.

באַלד זיינען אָנגעקומען: דער אָנקל גוסטאַוו, די טאַנטע רעגינטשאַ און דער אָנקל מענדל. דאָס עסן איז איבערגעריסן געוואָרן.

דער אָנקל מענדל האָט זיך גלייך צעוויינט און זיך ניט געקאָנט קאָנ־טראָלירן. מאַטעק האָט פאַר זיך דערזען אַן אַלטן מאַן מיט אַ צעקנייטשטן פּנים און אַ מויל מיט לעכער און עטלעכע פאַרבליבענע בייזע געלע ציין.

— מען דאַרף איבער דיר מאַכן אַ ברכה, מאַטעק. איך בין געווען דער לעצטער וואָס איך האָב דיך געזען ביים אָפּפאָרן נאָך אַמעריקע. געדענקסט? האָסט זיך געענדערט צום בעסערן און איך בין קאַפּוט, אָן ציין, אָן כוח, אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא.

— זאָל דער אָנקל ניט מאַרודיען, — האָט געמוסרט גוטשיאַ, — ס׳איז דעם אָנקל בעסער ווי מיליאָנען אַנדערע מענטשן. מען טאָר זיך ניט באַ־קלאָגן, אָנקל, ס׳איז אַן עבירה.

דער אָנקל נעמט אַרויס אַ שווערן גאָלדענעם זייגער.

— איש מוס איהנען פערלאַסן, — דערקלערט ער אין אַ זייער ערנסטן טאָן, — איך מוז נאָך היינט זיין אין פּאָסאָנדזש (געריכט). מאַטעק, מיר וועלן זיך נאָך זען הויטע אבענד. גוטן טאָג . . .

די טאַנטע רעגינטשאַ קוקט אויף מאַטעקן, אויף סאַלטשען און אויף שלומען און שמייכלט פילדייטיק און שוויגט. דער אָנקל מענדל דריקט צו צו זיך שלומען און פרעגט אים וועגן דער רייזע. גוטשיאַ און סאַלטשע זיצן איינע לעבן די אַנדערע און רעדן אין דער שטיל.

אָפּגעגעסן, אַריינגעגאַנגען אין פאַרברענג־צימער. אין צענטער — אַ רונדיקער טיש; פּלושענע פאָטעלן; אַ טעפּיך; אַ ביכער־שראַנק מיט פּוי־לישע און דייטשע ביכער. קיין איין יידיש בוך זעט זיך ניט.

גוטשיאַ קומט צו צו מאַטעקן, נעמט אים אָן פאַר דער האַנט און קוקט

אים אין די אויגן אַריין. אירע אויגן פילן זיך גלייך אָן מיט טרערן. זי קאָנטראָלירט זיך.

— מאַטעק, די ערשטע זאַך וואָס דו וועסט דאַרפן טאָן און טאָקע היינט נאָך, נאָכדעם ווי דו וועסט זיך אַביסל אָפּרוען, דו וועסט מיט מיר צופאָרן אויפן בית עולם, בעטן מחילה ביים טאַטן, ע״ה. ער האָט אויף דיר לאַנג, לאַנג געוואַרט. ס׳איז בעסער, אַז דו זאָלסט עס באַלד טאָן. ער וועט ניט קאָנען רואיק איינליגן.

— יאָ, שוועסטער, אין אַ שעה אַרום. גוט?

— כ׳בין זייער צופרידן. כ׳וועל שוין ניט אַוועקגיין. מיר וועלן געבן צדקה און שטעלן אַ ליכטל. אויפן וועג וועל איך דיר אַלץ דערקלערן.

סאַלטשע איז געווען שטאַרק אויסגעמאַטערט. שלום איז געווען שלעפּעריק. מאַטעקן האָט זיך געדרייט דער קאָפּ. די שוועסטער האָבן באַמערקט די מידקייט אין זייערע פּנימער.

— באַלד וועלן אָנקומען די זאַכן. אַ באַקאַנטער ברענגט זיי פון וואָקזאַל. איר וועט אַרויפגיין אין אייער צימער און זיך אויסרוען און זיך איבערטאָן, — האָט לאַטשיאַ געזאָגט און געקוקט אויפן וואַנט־זייגער. עס איז געווען באַלד עלף.

— מאַטעק וועט מיט מיר גיין אויפן בית־עולם, שוועסטער, האָט געזאָגט גוטשיאַ.

— יאָ, יאָ, גוטשיאַ, אַזוי ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, — האָט פאַרזיכערט מאַטעק.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און זיינע אויגן האָבן זיך ווידער איינגעגעסן אין אנקאַן, וואָס האָט כסדר ווי זיך אויסבאַהאַלטן פון זיין בליק.

— קום אַהער, אנקא צו מיר. זעץ זיך אַוועק מיט מיר, — האָט ער זיך געבעטן.

זי איז צוגעגאַנגען פאַרשעמט, און ער האָט זי אַרומגענומען און זי אַוועקגעזעצט אויפן אָנלען פון זיין פאָטעל.

— רעדסט טאַקע ניט קיין איין וואָרט יידיש? — האָט ער ווייך, נאָר ווייטאָגלעך געפרעגט.

— איך פאַרשטיי, נאָר איך רעד ניט קיין יידיש, איך גיי אין אַ פּוילישער שקאָלע, — האָט זי אים געענטפערט אויף פּויליש.

ער האָט געוואָלט הערן איר קול מער און מער און געוואָלט קוקן אויף איר פּנים, אויף אירע הענט, אויף אירע האָר, נאָר רעדן פּויליש צו איר האָט ער ניט געוואָלט.

סאַלטשע האָט זיך אַריינגעמישט.

— אַנקאַ טייערע, — האָט זי געשמייכלט, — דו האָסט דערקענט שלומען פון די בילדער, וואָס מיר האָבן געשיקט?

— יאָ, טאַנטע סאַלטשע, — איך האָב אים דערקענט אין די אויגן. ער האָט גרויסע אויגן.

— און דו, שלום, האָסט דערקענט אַנקאַן פון דעם בילד, וואָס מיר האָבן געשיקט? — האָט געפרעגט לאַטשיאַ.

— ניין, איך וואָלט זי ניט דערקענט. נאָר איצט, דוכט זיך מיר, זע איך אין איר אַן ענלעכקייט צו אונדזער באָבען, — האָט שלום געזאָגט.

זיין ענטפער האָט אַלעמען געטראָפן. גוטשיאַ האָט די אויגן אַראָפּגעלאָזט. לאַטשיאַ האָט אַ שמייכל געטאָן און גלייך פאַרביסן אַ ליפּ. סאַלטשע האָט אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ און אַרויסגעקוקט פון פענצטער. מאַטעק האָט זיך איבערגעקוקט מיט טאַנטע רעגינטשאַ. אָנקל מענדל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ ווי אויף ווייגען. אַנקאַ האָט געשמייכלט זיס.

לאַטשיאַ האָט די געסט אַרויפגעפירט אין זייער צימער. הילצערנע שמאָלע טרעפּ. אַ ליכטיקער צימער מיט צוויי פענצטער. צוויי גרויסע בעטן. אַ וואַזאָן בלומען אויף אַ טיש. דינע, לייווענטענע האַנטיכער אויף די בעטן.

מאַטעק, סאַלטשע און שלום זיינען געבליבן אַליין. לאַטשיאַ האָט פאַרמאַכט זייער טיר.

— אָ, בין איך מיד, מאַטעק! — האָט סאַלטשע געזאָגט און זי האָט געהאָלפן שלומען אויסטאָן זיין רעקל.

צום גליק האָט מען באַלד געבראַכט זייערע דריי טשעמאָדאַנעס, וואָס זיי האָבן מיטגעפירט מיט זיך אין באַן. צוויי גרעסערע און איין קליין וואַליסל, וואָס סאַלטשע האָט געטראָגן. עס איז געוואָרן אַ ליכט אין די אויגן דערפון. מען האָט זיך גענומען אַרומוואַשן און איבערטאָן. איבערהויפּט, אַז לאַטשיאַ האָט געהאַט צוגעשטעלט וואַרעמע וואַסער. זי האָט געוווּסט, אַז די אַמעריקאַנער האָבן טאָג און נאַכט הייסע וואַסער ביי זיך אין די הייזער און אַז מען באָדט זיך דאָרט יעדן טאָג.

— אַנקאַ גייט מיר פון קאָפּ ניט אַרויס, — האָט מאַטעק שטיל געזאָגט צו סאַלטשען.

— זי איז אַן אָפּבילד פון דיין מאַמען, — האָט צוגעגעבן סאַלטשע.

— אפילו שלום האָט דאָס דערקענט.

— טאַטע, אַלע דיינע שוועסטער זיינען ענלעך צו דיר, דו האָסט שיינע שוועסטער, טאַטע, — האָט שלום געזאָגט און מען האָט געקאָנט דערפילן אין זיין טאָן, אַז ער וויל זאָגן דעם טאַטן אַ גוט וואָרט, מחמת דער פאָטער איז צעטראָגן און טרויעריק.

— ווי אַלט די אָנקלס זיינען! — האָט מאָטעק באַדויערט. — מענדל איז גאָר אַ שברי כלי, נאָר דער אָנקל גוסטאַוו האַלט זיך נאָך אין צאַם. די טאַנטע רעגינטשאַ. די עלטסטע פון זיי, קוקט אָבער אויס בעסער פון זיי אַלע.

— ווען איך האָב דערזען גוטשיאַן, — האָט סאַלטשע געזאָגט שטיל, — האָט עס מיר געגעבן אַ שלאָג אין האַרצן. — זי האָט אַ פּאַטעטישן אויסזען. איר פרומקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף איר ליידנדיק פּנים. וואָס פאַר אַן אונ־טערשייד עס איז צווישן איר און לאָטשיאַן. לאָטשיאַ איז יונג, שיין, פּראַק־טיש, מיט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס. גוטשיאַ איז רעזיגנירט, זי וועט קיין פליג ניט ווי טאָן. אָי, וואָלט איך וועלן, אַז זי זאָל נאָך האָבן גוטע יאָרן. עס איז איר קיינמאָל ניט געווען באַשערט צו געניסן פון לעבן. עפּעס ווי אַלע שטראָפן האָבן זיך געהאַט אויסגעגאָסן אויף איר אומשולדיקן קאָפּ . . . מאָ־טעק, איך הער נייע קולות אונטן. דאָס זיינען אָנגעקומען מלכה און אנדזשיא. ווילסט אַרונטערגיין?

— ניין, לאָמיר זיך אָפּרוען. איך בין צופיל אָנגעזאַפּט מיט איינדרוקן. אַ צען מינוט. בלויז די אויגן פאַרמאַכן און פאַרגעסן זיך, — האָט מאָטעק געזאָגט און זיך אויסגעצויגן אויפן בעט.

סאַלטשע און שלום האָבן זיך שטומערהייט אויסגעצויגן אויפן צווייטן בעט.

## קאַפּיטל פיר און פערציק

# שלום און אַנקאַ

.1

אונטן האָט מען גערעדט שטיל. שאַ, מען דאַרף זיי לאָזן אַ דרימל טאָן. אַזאַ לאַנגע רייזע. אויבן הערט מאָטעק דאָס שעפּטשען פון די שוועס־טער און ער וויל דערקענען זייערע שטימעס. עס ציט אים אַרונטערצוגיין און זיך זען מיט מלכהן און איבערהויפּט מיט אַנדזשיאַן, וועלכער ער קען כמעט ניט. נאָר די אויגן שליסן זיך ביי אים. סאַלטשע איז גלייך איינגע־שלאָפן. אויך שלום האַלט די אויגן פאַרמאַכט, ליגט איינגענורעט. מאָ־טעק חלשט שלאָפן, נאָר אין קאָפּ רוישט עס און דאָס האַרץ איז פול.

מלכה און אַנדזשיאַ קאָנען זיך ניט איינהאַלטן און שלייכן זיך אַרויף אויף

די שפּיץ־פֿינגער. זיי עפֿענען קוים די טיר, שווייגנדיקע. זיי זעען: מאָטעק ליגט אין איין בעט מיטן פּנים אַרויף צו דער סטעליע. ער איז אָנגעשטרענגט. די אויגן ווי פֿאַרזשמורעט, ווי ער וואָלט געקעמפֿט אַנטשלאָפֿן צו ווערן. סאַלטשע ליגט מיטן פּנים צו דער וואַנט. אַלץ אויף איר שלאָפֿט מיט אַ טיפֿן שלאָף, ווי פֿאַרשלייערט אין מידקייט. שלום ליגט איינגעבויגן, די פֿיס אַביסל פֿאַרהויבן, די הענט געשלאָסן, דער גרויסער קאָפּ קאַשטאַנען האָר איז יוגנט־לעך זאָרגלאָז און פֿריש. די שוועסטער שטייען צוגעטוליעטע און באַטראַכטן די סצענע און גלייבן זיך אַליין ניט, אַז מאָטעק איז דאָ מיט זיין הויזגעזינט. זיי קאָנען ניט אַראָפּגיין. זיי שטייען און קוקן, ביז זיי דערהערן אַ ששש. . . פֿון אונטערשטן שטאָפּל. דאָס רופֿט זיי גוטשיאַ. זיי גייען ניט ווילנדיק אַרונטער.

דרייען זיך אַרום די פֿיר שוועסטער איבער די אויפֿגעראַמטע חדרים און מען ווייסט אַליין ניט וואָס פֿריער צו טאָן, אָדער וואָס בכלל צו טאָן. מען ווייס בלויז איין זאַך — אַז מען קאָן זיך קיין אָרט אין ערגעץ ניט געפֿינען. גוטשיאַ קרעכצט און יעדע ווײַלע ווערן איר די אויגן פֿאַרטרערט. לאָטשיאַ, די באַלעבאָסטע פֿון הויז, וויל זיך מיט עפּעס פֿאַרנעמען, נאָר די הענט אירע דינען איר ניט. מלכה האַלט אין איין נאָכפֿאָלגן די ייִנגסטע שוועסטער אַנ־דזשיאַ, ווי זי וואָלט אין איר געזען אינגאַנצן אָפּהענגיק. אַנדזשיאַ פֿילט זיך דאָ ווי עס וואָלט איר אויסגעפֿעלט לופֿט. זי האַלט אין איין קוקן צו דער טיר און צו די פֿענצטער. ס'איז אַ געדריי, אַן אומנאַטירלעכע באַוועגונג. רעגינטשאַ און מענדל זאָגן, אַז זיי וועלן צוריקקומען נאָך מיטאָג. זיי וועלן אָנקלינגען, מחמת פֿון אַזאַ לאַנגער רייזע וועלן זיי, אויבן, ניט אַזוי שנעל אויפֿשטיין. ס'איז אַ מעשה אויף שעה'ן. די איינציקע וואָס איז רואיק און וואָס באַטראַכט די גאַנצע סצענע איז אַנקאַ.

זי איז איצט צוועלף יאָר אַלט. זי ווייס, אַז זי האָט געלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף איר אָנקל פֿון אַמעריקע. ער האָט זיך אין איר אַזוי דריננ־גענדיק איינגעקוקט, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס דערגיין פֿון איר פּנים, עפּעס אַרויסנעמען פֿון דאָרט. זי ווייס אַז זי איז שיין, אַנקאַ. אַלע מענטשן רעדן וועגן אירע טיפֿע טונקל־בלויע אויגן און וועגן אירע לאַנגע טונקל־בלאָנדע האָר און וועגן איר לענגלעך פּנים און די פֿולע זאַפֿטיקע מאַלינע ליפּן. אַלע זאָגן, אַז זי איז הויך און שיין געוואָקסן פֿאַר איר עלטער. אַלע זיינען מקנא איר שלאַנקע פֿיגור. נאָר דער אָנקל פֿון אַמעריקע האָט אַנדערש געקוקט אויף איר. ער האָט זי באַטראַכט, ווי די מאַמע האָט זי אַמאָל באַטראַכט, ווען זי, אַנקאַ, איז געלעגן אַ קראַנקע מיט הויכן פֿיבער. די מאַמע האָט דאַן געצי־טערט איבער איר, אַז זי זאָל כאָטש בלייבן לעבן. פֿאַרוואָס קוקט דער אָנקל

אויף איר אַזוי מאָדנע? זי איז דאָך געזונט און קרעפטיק און פלינק און באַהילפיק . . .

דער אָנקל מאָטעק דערמאָנט איר מער אין דער טאַנטע גוטשיאַ ווי אין איר מאַמען, כאָטש אויפן אויסזען איז ער ענלעכער צו דער מאַמען, ווי צו דער טאַנטע גוטשיאַ, נאָר אין זיין רעדן און אין זיין קוקן איז ער אַזוי ערנסט ווי גוטשיאַ. פינף זיינען זיי. איצט קאָן זי זיי גוט באַטראַכטן און פאַרגלייכן די ענלעכקייט. וועגן דעם האָט מען לעצטנס אַ סך גערעדט ביי איר אין הויז ווען די משפחה איז זיך צוזאַמענגעקומען, האָט מען באַלד אָנגעהויבן רעדן וועגן דעם. מען האָט אויך פיל גערעדט וועגן דער טאַנטע סאַלטשע. מען האָט ניט געוואָלט, אַז זי זאָל הערן, נאָר זי האָט געהערט פון צוייטן צימער. די מערסטע טאַנטעס אירע האָבן ניט ליב די טאַנטע סאַלטשע. זיי קענען זי, ווען זי האָט נאָך געאַרבעט ביי דער באָבע טייבל, דער מאַמעס מאַמע. דאָרט האָט אָנקל מאָטעק זיך אין איר פאַרליבט, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל. זי איז עלטער פון אים. אַזוי זאָגן אַלע. נאָר אַנקאָן דאַכט זיך אויס, אַז דער אָנקל מאָטעק איז עלטער פון סאַלטשען. סאַלטשע געפעלט איר. זי האָט אַזעלכע גוטע ברוינע אויגן און אירע האָר זיינען ווייך און עס ווילט זיך צוגיין און זיי אַ גלעט טאָן. און איר שטימע דערשרעקט ניט, ווי די שטימע פון דער טאַנטע מלכה, וואָס רופט אַרויס רחמנות צו זיך מיט איר שטענדיקער ערנסטקייט.

נאָר מער פון אַלע אינטערעסירט אַנקאָן דער אַמעריקאַנער קאָזין מיטן מאָדנעם נאָמען שלום. די פאַליאַקן האָבן ניט ליב דעם נאָמען שאָלעם. זיי לאַכן אָפּ פון אים. זיי זאָגן: „שאַלעמאַלייקעם, זשידזשע“. שאָלעם קוקט ניט אויס ווי אַ יידיש יינגל מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע, נאָר ער טראָגט אַ נאָמען וואָס פּאַסט זיך פאַר אַזאַ יינגל. זי וועט דאַרפן אויסגעפינען פאַרוואָס מען האָט אים געגעבן אַזאַ ניט־שיינעם נאָמען. זי האָט געמיינט, אַז ער וועט הייסן רודאָלף אָדער דאָגלאַס . . . אַלץ איינס, ער געפעלט איר. ער האָט זיין מאַמעס שיינע ברוינע אויגן און זיינע האָר זיינען כמעט אַזוי טונקל־בלאָנד ווי איר אייגענע. ער מוז זיין אַ קלוגער. ער פאַרשטייט ניט קיין פוילִיש, נאָר מען דערקענט אין זיין פנים, אַז ער פאַרשטייט אַלץ. וואָס זי קאָן ניט באַנעמען איז וואָס ער שעמט זיך ניט צו רעדן יידיש. ער רעדט אָבער אַנדערש ווי עס רעדן די יידן אין גאַס. ער רעדט אַזוי ווי עס רעדט די טאַנטע אַנדזשיאַס חתן.

אַ שאָד וואָס שאָלעם פאַרשטייט ניט קיין פויליש. אין צוויי טעג אַרום וועט אין איר שקאָלע פאָרקומען אַ טרויער־אַסעמבלי נאָך דעם באַליבטן מאַרשאַל פילסודסקי. זי וועט רעציטירן אַ פּאָעמע, וואָס אַ לערערין האָט אָנגע־

שריבן וועגן מאַרשאַל. זי וועט רעדן מיט דער מאַמען, אַז מען זאָל מיטנע־מען שלומען צו דער אַסעמבלי.

— מאַמושאַ, איך וואָלט וועלן, אַז מיין קוזין פון אַמעריקע זאָל מיך הערן רעציטירן מיין ליד אין דער אַסעמבלי. וועסט אים מיטנעמען, מאַמושאַ טייערע ?

— ששש, קינד מיינס, זיי זיינען אַלע אויסגעמאַטערט פון דער לאַנגער רייזע. שלום פאַרשטייט ניט קיין פויליש. און ווידער וועט מען דערקענען אין זיינע קליידער, אַז ער איז ניט קיין היגער. מיר דאַרפן אים פריער רע־גיסטרירן אין דער פאָליציע, אַניט וועט מען באַשטראָפט ווערן. ניין, קינד, וועסט רעציטירן אין הויז. אַלע וועלן דיך הערן. עס וועלן קומען צו אונדז אַ סך מענטשן די טעג, ווערסטו רעציטירן די אַנדערע זאַכן אויך . . . גיי בעסער אַרויף און גיב אַ קוק צי זיי זיינען שוין אויף. נאָר אויף די שפּיץ־פינגער.

אַנקאַ האָט זיך אויסגעטאָן די שיך און זי איז אַרויף אין די זאָקן. זי האָט באַזאָכט אַן עפּן געטאָן די טיר און געזען, ווי די געסט זיינען געשמאַק געשלאָפן. זי האָט זיך איבערהויפּט איינגעקוקט אין שלומען. ער איז איצט געלעגן אויסגעשפּרייט מיט די הענט איבער דער גאַנצער ברייט פון בעט. די מאַמע זיינע האָט זיך געהאַט צוגערוקט האַרט צו דער וואַנט און שלום האָט פאַרנומען דאָס גאַנצע בעט. אַנקאַ האָט זיך איינגעקוקט אין שלומס פּנים, וואָס איז געווען שטאַרק פאַרברוינט פון דער ים־רייזע. זיינע קוטשע־ראַווע האָר זיינען געלעגן טראָציק אויפן שטאָלצן קאָפּ. ער איז געווען העכער פון איר און ברייטער פון איר. ער האָט אויסגעקוקט ווי די טאַנטע סאַלטשע, ניט ווי דער אָנקל מאָטעק. אַנקאַ האָט חשק געהאַט צוגיין צו אים און אים געבן אַ שנעל אין נאָז און אים אויפוועקן. ער איז ניט געקומען שלאָפן אין פוילן. באַלד וועט אַוועק דער טאָג און עס וועט זיין איין טאָג ווינציקער צו זיין צוזאַמען . . . די מאַמע זאָגט, אַז מען וועט אפשר צוזאַמען אַרויספאָרן אויפן לאַנד פאַר אַביסל צייט . . . זי וועט שאַלעמען מוזן אויסלערנען רעדן און שרייבן פויליש. און ער וועט איר דאַרפן געבן ענגלישע לעקציעס.

זי קען שוין פערציק ענגלישע ווערטער, וואָס זי האָט איינגעשטודירט, זיך דערוויסנדיק, אַז שלום קומט צופאָרן. זי האָט זיי פּראַקטיצירט מיט איר חברטע מאַריאַ. נאָר זי וועט שאַלעמען ניט פאָרשטעלן פאַר מאַריאַן. ניט דערווייל. מאַריאַ איז פערצן יאָר אַלט און זי איז אַ פרעך מיידל. ווען שאַלעם וועט האַלטן ביים אַוועקפאָרן, וועט זי דאַן ברענגען מאַריאַן אין הויז אַריין. ניט פריער.

.2

די ערשטע האָט זיך אויפגעכאַפּט סאָלטשע. זי האָט זיך שטיל אַרומ־געוואַשן און זיך איבערגעטאָן. זי איז אַרונטערגעגאַנגען. אַלע זיינען איר אַנטקעגנגעקומען. זי האָט דערפילט אַלעמענס בליקן אויף זיך. נאָר ניט אויף איר פּנים האָט מען געקוקט. מען האָט באַטראַכט איר יום־טובדיק גראָ־נאָט קליידל און הויך־קנאַפּלדיקע סאַנדאַלן.

— סאָלטשע קרויץ, נעם עפּעס אין מויל אַריין, איידער די הערשאַפטן וועלן אויפשטיין, — האָט געזאָגט לאָטשיאַ און אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— סאָלטשע ! — האָט זיך דערהערט מאַטעקס געזונט קול, — קום אַרויף און טו מיך אָן.

עס איז געוואָרן אַ געלעכטער.

— איר וועט מיר מוזן אַנטשולדיקן, ס׳קינד קאָן זיך אַליין ניט אויס־פּוצן. מיין מאַטעק, נעבעך. איך דאַרף אים געבן אַ פריש העמד, אַניט וועט ער ניט אויפשטיין.

באַלד זיינען אַרונטערגעקומען מאַטעק מיט שלומען, ביידע אויסגעפּוצט אין ווייסע העמדער מיט קורצע אַרבלען, העמדער מיט ברייטע אָפענע קעלנער.

— ווי לאַנג בין איך געשלאָפן, גוטשיאַ ? — האָט מאַטעק געפרעגט, און ער האָט צוגעגעבן : — מסתם אַ שעה, נאָר עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ס׳איז געווען אַן אייביקייט.

— איין קלייניקייט, אַזאַ לאַנגע נסיעה. אויף שלומען איז גאָר אַ רחמנות.

— האָט געזאָגט מיט באַדויער גוטשיאַ.

— באַלד וועט מען גרייטן צום טיש. איר וועט עסן אַ זומערדיק מאכל.

איך ריכט זיך אויף אַ סך מענטשן, — האָט אַ האַפּערדיקע דערקלערט לאָ־טשיאַ. — מאַטעק, סאָלטשע, דער טעלעפאָן האָט אַ סך געקלונגען בעת איר האָט געדרעמלט. מיין מאַן העניעק האָט צוויי מאָל געקלונגען, די טאַנטע עמאַ האָט געוואָלט רעדן מיט אייך. עס האָט אויך טעלעפאָנירט הינדע, דיין מומעס פּייגעס טאָכטער. געדענקסט זי, מאַטעק ?

— איך וויל זי טאַקע זען, לאָטשיאַ. איך האָב פאַר איר אַ גרוס פון אונדזער פעטער קיווע.

— דער פעטער קיווע לעבט נאָך ? דער אַלטער תרח דרייט זיך נאָך אַרום אויף דער וועלט ? — האָט זיך געוואונדערט גוטשיאַ.

און ס׳איז אַוועק אַ שמועס וועגן טאַטנס פאַמיליע. און אַז מען האָט זיך דערמאָנט אין טאַטן, האָט גוטשיאַ געבעטן מאַטעקן, אַז ער זאָל למען השם, באַלד נאָכן עסן — בעסער וואָלט געווען שוין, פאַרן עסן — מיט איר פאַרן

צום טאַטן אויפֿן בית־עולם און טאַקע מיטנעמען שלומען. זי וועט שוין הייסן אַ פֿרומען יידן זאָגן אַ תּפֿילה פֿאַר שלומען אויך.

— אָרעמער טאַטע, ער ליגט דאָרט איינער אַליין און מיר דאָ פֿרייען זיך מיט זיין בן־יחיד, — האָט גוטשיאַ פֿאַרצויגן די ליפּן און זיך איינגעהאַלטן ניט צו וויינען.

— גוטשיאַ, גוטשיאַ, — האָט זיך אָנגערופֿן מלכה, וואָס האָט ביז איצט געהאַט געשוויגן, — דער טאַטע וועט מאַטעקן פֿאַרגעבן. ווען ער וואָלט ניט אַוועק פֿון דער וועלט יונגערהייט, וואָלט מאַטעק ניט געדאַרפֿט אויסוואַנדערן קיין אַמעריקע. ניט אַזוי, מאַטוש ?

באַלד האָט מען זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין אַ געווירבל פֿון רייד. יעדער איינער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. מאַטעק האָט געהאַלטן אין איין ענטפֿערן אויף פֿראַגעס, וואָס זיינען געשטאַנען ווי אין אַ ריי און געוואַרט אויף זיין ענטפֿער. אויך סאַלטשע האָט געהאָלפֿן מאַטעקן. בלויז שלום האָט געשוויגן און זיך איינגעהערט נייגעריק צו די פֿראַגעס פֿון זיינע טאַנטעס און ער האָט אָנגעקוואָלן פֿון פֿאַטערס ענטפֿערס.

אַנקאַ איז געווען פֿאַרנומען אין דער קיך. די מאַמע אירע איז געווען שטאָלץ דערויף, וואָס זי קאָן זיצן מיט אירע שוועסטער און זיך פֿרייען מיט מאַטעקן און איר טעכטערל זאָל זיך מישן אין קיך און גרייטן דעם טיש ווי אַן אמתע באַלעבאָסטע, אין אַ קאָלירט פֿאַרטעכל און מיט פֿאַרפּלאָמטע בעקלעך.

שלום כאַפּט אַ בליק אויף אַנקאַן, ווי זי דרייט זיך דאָרט אַרום אין דער קיך. ער זעט בלויז אַ טייל פֿון איר קאָפּ, אירע הענט, איר פּראָפֿיל. אַנקאַ גיט אַמאָל אַ שטעק אַרויס איר קאָפּ און איר בליק באַגעגנט זיך מיט שלומס בליק. זיי צעשמייכלען זיך ביידע.

אַנדזשיאַ האָט דאָס באַמערקט און זי האָט זיך אויך ברייט צעשמייכלט.

— וואָסי ? — פֿרעגט גוטשיאַ.

— ביידע קינדער רעדן זיך דורך אויף שטום־לשון, — זאָגט זי, אַז אַלע זאָלן הערן.

— ווי קומט עס וואָס דיין אַנקאַ קען ניט קיין יידיש ? — פֿרעגט פּלוצ־לינג מאַטעק.

— קענען קען זי, נאָר זי וויל ניט רעדן. זי פֿאַרשטייט יעדעס וואָרט, נאָר אַז מען גייט אין דער פּוילישער שקאָלע און אַז אין הויז רעדט מען פּויליש —

— לאָטשיאַ, ס׳איז אַ תּירוץ פֿאַר דער עלטער־באָבע רויזע. דו ווילסט ניט, אַז אַנקאַ זאָל רעדן יידיש. דו שעמסט זיך אַליין מיט דיין מוטער־

שפּראַך, — האָט אַנדזשיאַ אַ שמייכלענדיקע, ווי פֿאַרקלאָגט די שוועסטער פֿאַר מאַטעקן.

— מאַטעק, אַזוי ווי דו קוקסט זיי אָן, דיינע שוועסטער, האַלט מען זיך אין איין אַרומרייסן ווען עס קומט צו זשאַרגאָן, — האָט זיך מלכּה געווענדעט צו מאַטעקן.

— גענוג, גענוג, היינט איז ביי אונדז אַ גרויסער יום־טוב און לאָמיר ניט רעדן וועגן קיין וואָכעדיקע זאַכן, — האָט אַ צעשפּרייט געטאָן אירע אָרעמס גוטשיאַ, ווי זי וואָלט פֿאַרטריבן אַ טשאַד, וואָס האָט זיך פּלוצלינג דאָ אַריינגעכאַפּט.

אַנקאַ איז אַריינגעקומען, צוגעגאַנגען צו דער מאַמען אַ פֿאַרשעמטע און איר עפּעס אַריינגערוימט אין אויער.

— מעגסט עס זאָגן, אַז אַלע זאָלן הערן, — האָט לאָטשיאַ הויך אַ זאָג געטאָן, — זע נאָר ווי זי שעמט זיך מיטאַמאָל. דיין אָנקל און דיין טאַנטע פֿאַרשטייען פּויליש אויך.

— זי לאָזט וויסן, אַז דער טיש איז גרייט און זי בעט אַלעמען אַריינגיין אין קיך.

מאַטעק האָט געמוזט זיצן אויבנאָן, איינער אַליין. די שוועסטער און סאַלטשע ביי די זייטן און אַנקאַ מיט שלומען זיינען געזעסן צוזאַמען ביים צווייטן עק טיש.

ס'איז געווען אַ הייסער טאָג, האָט לאָטשיאַ געהאַט צוגעגרייט אַ קאַלטן מאַלצייט, — אַ שטשאַוו מיט האַרטע אייער, טרוסקאַווקעס מיט שמאַנט, גע־פּלאָכטענע חלהלעך, אייגן געבאַקענעם קאַווע־קוכן, פּרוכטן, באַנבאָנס.

— לאָזט אים עסן, — האָט גוטשיאַ אויסגערופֿן. אַלע האָבן געהאַלטן אין איין שטעלן פֿראַגעס דאָ צו מאַטעקן, דאָ סאַלטשען. גוטשיא איז ניט אָפּ־געשטאַנען, דאָך האָט זי איינגעזען, אַז מען וועט ניט פֿאַרטיק ווערן און זי האָט געוואָלט מאַטעקן וואָס שנעלער ברענגען צום טאָטן אויפֿן בית־עולם.

— מאַטעק־קרוין, לאָמיר טאָן אונדזער פֿליכט, — האָט גוטשיאַ אים אַריינגערוימט אין אויער, ווען ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט פֿון טיש.

— איך בין גרייט. ווילסט כ'זאָל טאַקע מיטנעמען שלומען, גוטשיאַ ? — האָט ער געפֿרעגט.

— זאָל דאָס קינד וויסן, אַז ער האָט געהאַט אַ זיידן, — האָט גוטשיאַ געענטפֿערט און באַטראַכט שלומען.

מאַטעק האָט זיך באַראָטן מיט סאַלטשען. זי האָט ניט געוואָלט מיטפֿאָרן. זי האָט אָבער געראָטן, אַז שלום זאָל יאָ מיטפֿאָרן.

איינס און צוויי און גוטשיאַ האָט שוין געהאַט גרייט אַ דראָזשקע. זיך

אַביסל געדונגען, נאָר דער טרייבער גיט אַ שמייס מיט דער בייטש און דאָס פערד שטעלט פיס.

די זון ברענט. די גאַסן זיינען פול מיט שפּאַצירער. מאַטעקן וואָלט זיך וועלן זיין איינער פון זיי. דוכט זיך, אויף אָט־אָ דער גאַס איז ער גע־גאַנגען שפּאַצירן מיט גאָלדען. אירע לאַנגע צעפּ האָבן זיך געבאַמבלט און ער האָט איינגעזאַפּט דעם ריח פון אירע פריש־געפּרעסטע קליידער און דער שמעקענדיקער זייף, מיט וועלכן זי האָט זיך געוואַשן. ער הערט, דוכט זיך, נאָך איר קלינגענדיק לאַכעדיק קול. ער איז פאַרשיכורט פון איר. ער נעמט זי לייכט אָן פאַרן אָרעם. זי טוליעט זיך לייכט צו צו אים, זי —

— מאַטעק־חיות, הערסט ניט וואָס איך רעד צו דיר? דו געדענקסט נאָך די שרעדניע גאַס? און יאַראָטשינסקיס שקאָלע וואָלסטו דערקענט? — גוטשיאַ עסט אים מיט די אויגן.

אָט איז דער בית־עולם־וועג. אַ יאַריד. אַ סך דראָזשקעס, אַ סך יידענעס, באַשאָטנטע אַלטע ביימער. עס שטייט אַ טומל. מען גייט אַריין דורכן טויער. פון וואַנען האָבן די בעטלער אַזוי גיך דערשמעקט אַן אַמעריקאַנער? פון אַלע זייטן רינגלט מען אים אַרום, די קליידער זיינע, דער ווייכער ברייטער הוט האָט אים אַרויסגעגעבן. מען לויפט אים נאָך, מען שטרעקט אָן אַ שיעור הענט צו אים, מען בעט, מען וויינט, מען שילט, מען נייגט זיך אין דרייען פאַר אים. מען רייסט אים און שלומען פאַר די פּאָלעס.

— לאָמיר גיין שנעלער, מאַטעק, אַניט וועסטו קיינמאָל ניט אַרויסקריכן פון דאַנען.

— גוטשיאַ, פון וואַנען האָבן זיך גענומען אַזוי פיל בעטלער? — האָט מאַטעק געלאַכט.

— טאַטע, גיב זיי עפּעס. האָסט דאָך שוין פּויליש געלט, — האָט שלום זיך געבעטן.

ענדלעך אַ פאַרלאָזענע אַלייע. דער אַלטער יידישער בית־עולם איז טאַקע זייער אַלט. גוטשיאַ ווייזט אָן אויף די רייכע קברים, וואָס האָבן גע־האַט אייזערנע גדר׳ס. האָט דער דייטש, ימח שמו, צוגענומען דאָס אייזן פון בית הקברות. ער האָט עס געדאַרפט האָבן פאַר מלחמה־צוועקן. גוטשיאַ קען דעם וועג צום טאַטנס קבר פון אויסווייניק.

— אָט דאָ אידעס (איז עס), — זאָגט זי מיט אַ פאַרשטיקט קול און זי פאַרקאַמט אירע האָר און זי פאַרריכט איר הילוך. — שלום, מיין קינד, דו האַלט זיך מיט מיר, — זאָגט זי און נעמט אים אָן פאַר דער האַנט.

זי גייט פאָראויס, קומט צו צו אַ שטאַרק־פאַרלאָזענעם קבר. די מצבה, אַ דין שטיינערן ברעטל, איז גרין פאַרשימלט, די לשון־קודשדיקע אותיות

זיינען פון רעגנס און פרעסט און פון דעם מעקער־צייט ווי אָפּגעווישט גע־וואָרן. עס זעט זיך בלויז אָן דער ערשטער נאָמען ליפּע. פון „סאַרבע״ איז קיין זכר ניט געבליבן.

גוטשיאַ נעמט זיך שאָקלען פרום. זי הייבט אָן שעפּטשען עפּעס און באַלד הייבט זי אָן רעדן העכער, רעדט צום קבר, ווי צו אַ לעבעדיקן מענטשן, וואָס זיצט אומבאַוועגלעך אָנגעזעצן אויף אַ שטול.

— טאַטע־פאָטער, איך האָב דיר אַהער געבראַכט דיין איינציקן זון, דיין בן־יחיד, דיין מאָטעק. אַזש פון דער ווייטער אַמעריקע איז ער געקומען מחילה בעטן ביי דיר און ער האָט מיטגעבראַכט זיין איינציק קינד, דיין אייניקל, וואָס טראָגט דעם נאָמען שלום, כדי עס זאָל זיין שלום על ישראל. זאָלסט זיין אַ ליכטיקער בעטער פאַר זיי, טאַטע זיסער, אַז ער, מיט זיין ליבער פרוי און זייער זון שלום, זאָל בשלום איבערקומען די ווייטע נסיעה און אַז עס זאָל זיי קיין בייז, חלילה, ניט טרעפן און אַז מיר זאָלן זיך אַלע קאָנען פרייען מיט די ליבע, טייערע געסט און אַז דו זאָלסט קאָנען רואיק ליגן אין דיין געלעגער. ונאמר אמן.

גוטשיאַ האָט געבעטן מאָטעקן, אַז ער זאָל בלייבן אַליין ביים קבר און זי איז מיט שלומען אַוועקגעגאַנגען ברענגען אַ „זאָגער״. באַלד איז זי צוריק־געקומען מיט אַ מיטליעריקן יידן אין אַ שוואַרצער אַלפּאַגע.

— זייער אָן ערלעכער ייד, ער ווייס וואָס צו זאָגן ביי אַזאַ געלעגנהייט, — האָט זי אַריינגעשעפּטשעט מאָטעקן אין אויער אַריין.

דער ייד האָט אָנגעהויבן זיך שאָקלען און זאָגן און זיך נאָכגעפרעגט אויף די נעמען פון די געסט פון אַמעריקע. שלום איז געשטאַנען אַ פאַרחידושטער און ניט אַראָפּגענומען זיינע אויגן פון דעם פרעמדן יידן, וואָס האָט גערעדט אין פאַרשטויבטן קבר אַריין. מאָטעק האָט אויך באַטראַכט דעם יידן און ניט פאַרשטאַנען וואָס ער זאָגט.

גוטשיאַ האָט באַלד באַצאָלט דעם „זאָגער״. ער האָט באַדאַנקט און אָנגעוואונטשן אַלדאָס גוטס און ער איז גלייך פאַרשוואונדן געוואָרן.

אויפן וועג צוריק האָט גוטשיאַ זיך אָפּגעשטעלט ביים ראַדאָשיצערס אוהל. אינעווייניק האָבן זיך געשמאָלצן גרויסע און קליינע ליכט און עס זיינען גע־לעגן אָנגעוואָרפן בערג מיט קוויטלעך. אויך גוטשיאַ האָט פון איר בייטל אַרויסגענומען אַ קוויטל און עס אַרויפגעלייגט אויפן באַרג פּאַפּירלעך.

— דו מעגסט אַוודאי לאַכן פון מיר, נאָר דיין עלטסטע שוועסטער גו־טשיאַ ווייסט וואָס זי טוט. קיין שלעכטס טוט דאָס קיינעם ניט. און העלפן קאָן עס יאָ.

ווידער פאַרשטעלן דעם וועג די יידן מיט די יידענעס, וואָס לויפן נאָך

און מיט באַנומענע קולות אַפּעלירן זיי צו מאַטעקן און גוטשיאַן. גוטשיאַ טיילט אויס געלט און מען וואַרפט זי שיעור ניט אום פון גרויס געדרענג. אויך מאַטעק העלפט איר אַרויס מיט אַ הויפן מטבעות.

ענדלעך זיך אַריינגעזעצט אין אַ דראָזשקע. דער וועג צוריק איז צו גוטשיאַס הויז.

— איידער מיר פאָרן צוריק צו לאַטשיאַן, וויל איך זאָלסט מיר אָפּ־שטאַטן אַ קורצן וויזיט, — האָט געזאָגט גוטשיאַ און מאַטעק האָט צוגעשטימט.

זי האָט געוואוינט אויף דער וסכאַדניע גאַס, אין אַ גרויסן הויף, אויף אַ דריטן שטאָק. אָרעמע צימערן, די ווענט אָפּגעלאָזן, נאָר די ריינקייט איז געווען קענטיק אויף אַלץ. אַזוי ווי מען איז נאָר אַריין אין דער וואוינונג, האָט גוטשיאַ מאַטעקן מיט שלומען צוגעפירט צו אַ גלעזערנער ספרים־שראַנק.

— דעם טאַטנס, ע״ה, ספרים. דאָס איז מיין אוצר. פאַר קיין געלט וועל איך דאָס ניט אוועקגעבן. אַז דו וועסט, אי״ה, האַלטן ביים אָפּפאָרן, וועסטו דיר אויסקלייבן וואָס דו ווילסט. דיר וועל איך זיי קאָנען אָנפּאַרטרויען.

אויף דער וואַנט איבערן בעט — דער מאַמעס בילד „עקידת יצחק״. עס האָט מאַטעקן געגעבן אַ שלאָג אין קאָפּ.

— שלום, אָט דאָס איז דאָס בילד וואָס דיין באָבע, מיין מוטער, האָט אויסגעאַרבעט מיט אירע אייגענע פינגער. איך האָב דיר דערציילט וועגן דעם. געדענקסט?

און גוטשיאַ האָט שלומען דערקלערט יעדע דעטאַל. דאָס איז פון וואָלו־טשקע, דאָס איז פון סאַמעט, דאָס זיינען קרעלן. שלום האָט אויסגעדריקט זיין באַוואונדערונג. גוטשיאַ איז געווען שטאָלץ.

מען האָט געמוזט טרינקען טיי מיט מילך, געמוזט פאַרזוכן גוטשיאַס גע־בעקס. זי האָט נאָך געדענקט די פריטלעך, וואָס מאַטעק האָט אַלס קינד ליב געהאַט און וואָס די מאַמע פלעגט זיי באַקן נאָר דאַן, ווען די צייט איז געווען אַ גוטע. גוטשיאַ האָט זיי איצט געבאַקן פונקט ווי די מאַמע האָט עס געטאָן.

אַ מאָדנע שטילקייט ביי גוטשיאַן אין הויז. זעליק, איר מאַן, וועט היינט אַהיים קומען שפּעט. גראָד היינט. ער וועט צוקומען צו לאַטשיאַן.

גוטשיאַ רעדט מיט מאַטעקן אינדערשטיל, אַז שלום זאָל ניט הערן. זי האָט אים אַ סך צו דערציילן. ער איז דער איינציקער ברודער. ער דאַרף אַלץ אויסגעפינען און איר געטרויען. נאָר ניט איצט. אַז מעט זיצן אין צווייען דאָ ביי איין טיש, וועט זי אים האָבן געגוג צו דערציילן. היינט זאָל ער נאָר אויסהערן, זיך ניט מישן, אַלץ צוליב נעמען. ער איז דער לאַנג־

געגאַרטער גאַסט. נאָר זי וועט אים אַלץ פאַרענטפערן. אַלץ קלאָר מאַכן.

.3

מען איז שוין צוריק ביי לאָטשיאַן אין הויז. דער עולם איז אַוועק. באַלד, באַלד וועט אָנקומען די גאַנצע משפּחה. בלויז מלכה און לאָטשיאָ זייי נען דאָ — און אַנקאַ. העניעק וועט היינט פאַרמאַכן דאָס געוועלב פריער. אָנקל גוסטאַוו און אָנקל מאיר האָבן טעלעפאָנירט. זיי וועלן קומען גלייך נאָך קאָלאַציע.

סאָלטשע איז אויבן. זי שלאָפט שוין ווידער. זייער אויסגעמאַטערט. מען טאָר זי ניט וועקן. זאָל זי זיך אויסרוען. מסתּם געוווּג זיך אָנגעאַרבעט אין דעם אַמעריקע. זאָל זי אַביסל צו זיך קומען. נאָר זי קוקט אויס, אויף אַלע אונדזערע פריינט געזאָגט.

אַנקאַ וואַרפט כּסדר בליקן צו שלומען. שלום ווערט דרייסט, גייט צו צו איר און זאָגט אויף יידיש:

— אַנקאַ, דו פאַרשטייסט אַביסל יידיש?

— יאָ, אַביסל איך פאַרשטיי.

— איך האָב דיר געבראַכט עפּעס פון אַמעריקע. טרעף וואָס?

זי לאַכט, פאַרדרויטלט זיך. דרייט מיטן שיינעם קעפּל אויף ניט. שלום ווענדט זיך מיטאַמאָל צום פאָטער:

— טאַטע, איך קאָן אַרויפגיין און אַראָפּברענגען דעם פּרעזענט פאַר אַנקאַן?

— גיי, ווער לאָזט דיך ניט? נאָר וועק ניט אויף די מאַמע. אפשר ווּעסטו צוואַרטן?

— ניין, טאַטע, איך האָב איר שוין געזאָגט. כ׳וועל קיינעם ניט אויפוועקן.

ער נעמט אַנקאַן פאַר דער האַנט, ווייזט איר מיט דעם פינגער אויף די ליפּן, אַז זי זאָל זיין זייער שטיל און ביידע גייען אַרויף די טרעפּ.

סאָלטשעס וואַליזל איז אינגאַנצן אָפן. אַנקאָ שטייט מיט שלומען איבער דעם. זי ציטערט פון דערוואַרטונג. אַ שיין, גרין־שוואַרץ פּודעלע. זי עפנט עס אויף. אויסגעבעט אין פּלוש ליגן אַ גאָלדענע פּאונטען פען און אַ גאָלדענע בלייפעדער. ביידע זיינען מאָנאָגראַמירט מיט אירע איניציאַלן.

— אוי, ווי וואונדערבאַר! ווי שיין! — זאָגט זי אויף פּויליש אין דער שטיל.

ער נעמט זי אָן פאַר דער האַנט און זיי שלייכן זיך אַרויס פון צימער.

— איך האָב דיר אפילו קיין דאַנק ניט געזאָגט, — זאָגט זי אויף פּויליש.

— איך ווייס ניט וואָס דו זאָגסט. זאָג עס אויף מאַמע־לשון, — זאָגט שלום.

זי נעמט אים אַרום און דריקט אָפּ אַ קוש אויף זיין מויל. איר קוש איז אָנגענעם, וואַרעם און נאַס. שלום ווערט צעטומלט. עס ווערט אים הייס דערפון. ער וואָלט ניט וועלן אַראָפּגיין. אַלע וועלן דערקענען, אַז ער איז רויט. זי לויפט שנעל אַרונטער און צעגראַגערט זיך וועגן דער מתנה. שלום גייט לאַנגזאַם אַראָפּ. פּרוּווט זיך קאָנטראָלירן.

— האָסט אים כאָטש געזאָגט אַ דאַנק? — פרעגט לאָטשיאָ אויף יידיש.

— איך האָב אים געגעבן אַ קוש. איז דאָס ניט קיין דאַנק? — ענטפערט זי אויף פּויליש.

אַלע לאַכן. שלום ווייס ניט וואָס זי האָט געזאָגט, נאָר ער שטויסט זיך אָן. אַלע קוקן אויף אים. ער פילט, ווי די אויערן ברענען אים. אַנקאַ נעמט אים אַרויס פון דער פאַרלעגנהייט. זי גייט צו צו אים און זאָגט אויף יידיש:

— קום אַרויס, איך דיר ווייזן דעם גאָרטן.

אַלע לאַכן פון איר יידיש. שלום און אַנקאַ גייען אַרויס אין הויף.

— מאַטעק, דו ווייסט ניט וואָס אַנקאַ לעבט איבער היינטיקן טאָג. איך האָב זי נאָך קיינמאָל ניט געזען אין אַזאַ פיבערדיקן צושטאַנד. זי זאָגט, אַז זי פילט צו וויינען, ווען זי דערמאָנט זיך, אַז דו וועסט אין אַ חודש אַרום פאַרלאָזן. זי האָט דיך שטאַרק ליב, מאַטעק. און פון סאַלטשען איז שוין אָפּגערעדט. זי האָט די גאַנצע צייט, וואָס דו ביסט דאָ ניט געווען היינט, ניט אָפּגעטראָטן אויף קיין מינוט ניט פון סאַלטשען. איבערהויפּט אַז סאַלטשע רעדט נאָך פּויליש, איז זי גאָר אין זיבעטן הימל. און וועגן שלומען וויל זי ניט רעדן. זי רויטלט זיך גלייך. דאָס ליכטיקע פּנים אירס רעדט שוין פאַר איר. וואָס דאַרף מען רייד, אַז די אויגן רעדן און דאָס האַרץ פילט.

אַנקאַ ווייזט שלומען דעם לאַנגן הויף. אויף דער צווייטער זייט פאַרקן וואוינט אַ דייטשע פאַמיליע. זייער גאָרטן איז אַן אמתער גאָרטן. זיי האַלטן אַלץ אַזוי זויבער, אַזוי פּינקטלעך. נאָר זיי האָבן גרויסע הינט און אין אָוונט לאָזן זיי די הינט פריי און עס איז אַ מורא אַרויסצוגיין אין הויף. זי רעדט האַלב־יידיש און האַלב־פּויליש. ניט אַלץ פאַרשטייט ער, אפילו פון איר יידיש רעדן. איר אַקצענט איז דייטשמעריש. ער לאַכט פון איר יידיש און זי לאַכט פון זיין יידיש. זי זאָגט „קים", ווען מען דאַרף זאָגן „קום". און „גאַי" אַנשטאָט „גיי". ער דערקלערט איר, אַז „גאַי" אין אַמעריקע מיינט אַ וואוי־לער יונג. זי לאַכט. זי דערקלערט אים פּוילישע ווערטער. זי הייבט אָן נוצן ענגלישע ווערטער. ער דערפרייט זיך. זי זאָגט „לאָף" אַנשטאָט „לאָוו". ער לערנט איר ווי אַרויסצורעדן די ענגלישע ווערטער. ער קוקט אויף איר

מויל, וואָס איז זאַפטיק און זיס. זי קוקט אויף זיין מויל, וואָס איז קלוג און קענעריש. ער קוקט אויף אירע אויגן, וואָס גלאַנצן אַזוי וואונדערבאַר בלוי. זי קוקט אים אַריין אין זיינע אויגן, וואָס זיינען אַזוי ברוין און גרויס און טיף. די אויגן דערמאָנען איר אין אַ פּליסנדיק טייכל אויפן לאַנד, וואו זי איז געווען פּאַראַיאָרן און ווי זי איז אַריין דעם ערשטן מאָל און ווי אָפּגעפרישט זי איז גלייך געוואָרן. אַ גאַנץ יאָר האָט זי געדענקט יענעם באַריר פון וואַסער אויף איר נאַקעט לייב.

זי ווייזט אים איר גערטנדל הינטערן הויז. פּאַרזייט רעטעכלעך, סאַלאָט, ציבעלקעלעך, קאַרטאָפל. אָט זיינען בלומען. דאָ וועלן וואַקסן רויזן. זיי בייגן זיך איין. ער פילט איר אָטעם. ער באַרירט איר באַק, איר האַלדז. אים דוכט זיך, אַז זי איז אים נאָענט, ווי זי וואָלט געווען פון זיין אייגענער היים, ווי זי וואָלט געווען ווי זיין מאַמע.

אַנקאָס פּנים הערט ניט אויף צו שמייכלען און אירע אויגן הערן ניט אויף לאַכן. זי פילט ווי אַלץ אין איר לאַכט. איר גאַנצער קערפּער איז אָנגעפילט מיט געלעכטער. זי וואָלט וועלן שפּרינגען, טאַנצן, זינגען. שלום איז דאָך אַזוי ווי אַ ברודער אירער. פאַרוואָס מוז ער דאָס זיין אַ קאָזין, און ניט קיין ברודער? פאַרוואָס האָט איר מאַמע קיינמאָל איר ניט געגעבן קיין ברודער? וויפל מאָל האָט זי געוויינט און זיך געבעטן, אַז זי וויל האָבן אַ ברודערל. איצט איז געקומען שלום. זאָל זיין אַ קאָזין, אַבי ער איז איר אייגענער.

— שאַלעם, ווי לאַנג דו וועסט זיין דאָ? — זאָגט זי אויף יידיש.

— אַ חודש צייט, זאָגט דער טאַטע. איך מוז זיין צוריק אין ניו־יאָרק, איידער מיין סקול עפנט זיך. איך טרעט אַריין אין היי־סקול.

אַנקאָ בויגט אַראָפּ דעם קאָפּ. זי ענטפערט גאָרניט. שלום פאַרשטייט, אַז זי איז אומצופרידן. ער וויל איר עפּעס זאָגן, נאָר ער ווייס ניט וואָס.

— מאַמע וויל ענק מיטנעמען אויף דאַטשע, — זאָגט זי.

— איך וויל זען אַלץ. איך וויל אַ סך אַרומפאָרן, — ענטפערט ער.

— איך וועל קומען צו דיר אין אַמעריקע, — זאָגט זי פלוצלינג און קוקט ניט אויף אים.

— אָ, דאָס וועט זיין וואונדערבאַר, — זאָגט ער הויך און צעלאַכט זיך.

— טאַטע וויל, נאָר מאַמע וויל ניט, — זאָגט זי.

— אפשר וועט מיין טאַטע איבערעדן דיין טאַטן.

— איך האָב ליב פוילן, נאָר איך וויל זען די וועלט.

— אַנקאָ, דו וועסט זיין קראַנק אויף דער שיף.

— ניין, שאַלעם, איך האָב ליב צו זויגן לימענעס.

שלום לאַכט. זי פֿאַרשטעלט אים דאָס מויל מיט דער האַנט. ער נעמט צו איר האַנט און גיט זי אַ דריק.

— דאָס טוט ניט וויי, — זאָגט זי, — קאָנסט קוועטשן שטאַרקער און זען צי איך וועל עפּעס זאָגן.

ער גיט אַ שטאַרקערן דריק. זי לאָזט אַרויס אַן „אָה" און ביידע צע־לאַכן זיך.

## קאַפּיטל פֿינף און פֿערציק

# אייגנס און פֿרעמדס

.1

אַז עס האָט זיך דערנענטערט דער סוף פֿון דער ערשטער וואָך פֿון זייער פֿאַרווײַלן אין לאָדזש, האָבן מאָטעק און סאַלטשע געפֿילט, אַז עס איז געווען „דייענו", גענוג. זיי וואָלטן שוין געקאָנט ווייטער פֿאָרן. פֿאַרוואָס איז זיי עפּעס אײַנגעפֿאַלן צו זײַן אין פּוילן אַ חודש צייט? וואָס וועלן זיי דאָ טאָן? די לאַנגווייל האָט זיך אײַנגעפֿרעסן אין די ביינער און דער אומעט איז זיי נאָכגעגאַנגען אויף טריט און שריט.

איבערהויפּט האָט דאָס געפֿילט סאַלטשע. צו איר האָט מען נאָך אַלץ ניט געהאַט דעם צוטרוי ווי צו אַן אייגענער. מען האָט מאָטעקן אַוועקגע־רופֿן אין אַ זײַט, אַרײַנגענומען אים אין אַ צווייטן צימער. מען האָט זיך מיט אים געשושקעט — און סאַלטשע איז געבליבן די פֿינפֿטע ראָד צום וואָגן. זי איז געווען איבעריק. נאָר זי האָט זיך געהאַט געריכט דערויף און זי האָט זיך פֿאַר קיינעם ניט באַקלאָגט, אויך ניט פֿאַר מאָטעקן. ער האָט זיך אָבער געפֿילט שולדיק קעגן איר און ער האָט געזאָגט:

— מיר וועלן מוזן געפֿינען אַן אויסרייד ווי צו אַנטלויפֿן פֿון דאַנען פֿאַר דער צייט. עס איז געווען אַ טעות פֿון מיר צו באַשטימען צו זײַן דאָ פֿיר וואָכן. איך האָב זיך שוין אָנגעזעטיקט מיט מײַן פֿאַמיליע.

דער איינציקער וואָס האָט שטאַרק הנאה געהאַט פֿון לאָדזש איז געווען שלום. ער איז גלייך נאָכן אָנבייסן אַוועק מיט אַנקאַן. זי האָט געהאַט פֿאַר אים אָנגעגרייט אַ פּראָגראַם יעדן טאָג און זיי זײַנען ביידע געווען שטאַרק פֿאַרנומען. זי האָט אים געוויזן די נייע הײַזער וואָס די שטאָט האָט אויפֿ־

געבויט; די גרויסע פאַבריקן, וואָס זיינען מערסטנס געשטאַנען ליידיק לעצטנס; די פאַרקן, באַלוט, שקאָלעס, טורמעס, וואָקזאַלן. זיי האָבן שפּאַצירט שעה׳ן־לאַנג איבער גאַסן.

אין דער ערשטער וואָך האָט מאַטעק זיך באַקענט מיט זיינע שוואָגערס. ער איז אויך איינגעלאַדן געוואָרן אויף מיטאָג צו די אָנקלס גוסטאַוו, מענדל און מאיר.

מיט די שוואָגערס איז דאָס צוגעגאַנגען פּשוט און פּראָסט. ער איז דאָך איינגעשטאַנען ביי לאַטשאַן אין הויז. האָט ער מיט איר מאַן פאַרבראַכט מערער ווי מיט גוטשיאָס מאַן. העניעק, לאַטשיאָס מאַן, איז געווען, ווי ער איז אויסגעמאָלט געוואָרן אין די בריוו צו אים. אַ דורכגעטריבענער געשעפטסמאַן, וואָס האָט געשטעלט אַ סך פראַגעס וועגן אַמעריקע און אַלע פראַגעס האָבן זיך רעדוצירט צו איין הויפּט־פראַגע: קאָן אַזאַ ייד ווי ער זיך איינאָרדנען דאָרט, בעת עס הערשט אַזאַ שרעקלעכע אַרבעטלאָזיקייט? ער וועט ניט קומען מיט ליידיקן קיין אַמעריקע. ער וועט צוטראָגן זיינע פאַר דאָלאַר צום לאַנד. ער האָט דערפאַרונג אין זיין געשעפט־פאַך. ער איז יונג און געזונט און פלייסיק. ראַטן אים מאַטעק און סאָלטשע צו ריזיקירן? זאָל ער דערווייל פאָרן אַליין אָדער מיטנעמען די משפחה?

מאַטעק האָט זיך איינגעהערט צו העניעקס רייד און אים דערווייל גוט באַטראַכט. יאָ, אַזאַ ייד וואָלט זיך גיך אַסימילירט אין אַלע פאַזן. ער וואָלט געוואָרן אַ דערפאָלגרייכער ביזנעסמאַן. ער וואָלט זיך מיט דער צייט אָפּגעטרייסלט פון אים, פון מאַטעקן; ער וואָלט אויפגעהערט רעדן יידיש; ער וואָלט געגאַנגען צוויי מאָל אַ יאָר אין דער סינאַגאָגע און ער וואָלט געגעבן מיט אַ פרייער האַנט פאַר וואוילטעטיקע צוועקן און ער וואָלט געוואָרן אַ הונדערט פּראָצענטיקער אַמעריקאַנער פּאַטריאָט . . .

מאַטעק האָט אים איינמאָל אָפנהאַרציק דערקלערט:

— העניעק, אַמעריקע איז גוט צום געשעפטסמאַן. ער האָט אַלע מעגלעכקייטן זיך אַרויפצואַרבעטן, ווי בען זאָגט ביי אונדז אין לאַנד. די בענק העלפן אים אַרויס; די פירמעס קומען אים אַנטקעגן; די צייטונגען און זשורנאַלן שטייען צו זיין דינסט. אפילו די פּאָליציי האָט גרויס דרך־ארץ פאַרן ביזנעסמאַן. דו וועסט זיך דערוועקן אַן אויטאָ; דו וועסט זיך אויפבויען אַ זומער־היים; דו וועסט באַלאַנגען צו די אָנגעזעענע סוחרישע קלובן.

— מאַטעק, — האָט זיך אָנגערופן לאַטשיאַ, — דו רעדט אים בעסער ניט איין. כל זמן מיר קומען דורך — און דאַנקען גאָט, ס׳גייט אונדז ניט שלעכט, מען קאָן זאָגן, אַז עס גייט אונדז צימלעך גוט, — וועל איך ניט טראַכטן פון פאַרלאָזן מיין היימלאַנד. אויב איך טרוים פון אַמעריקע, איז צו קומען פאַר

אַ לוסט־רייזע צו דער וועלט־אויסשטעלונג, צו קומען דיך זען און — היידאַ, צוריק אין לאָדזש.

העניעק האָט ביי מאַטעקן און סאַלטשען געוואָלט אויסגעפינען פּראַק־טישע אָנווייזונגען וועגן דער מעגלעכקייט פון איינאָרדענען זיך אין אַמעריקע. איינמאָל, ווען מאַטעק איז געבליבן אַליין מיט אים, האָט העניעק געגעבן מאַ־טעקן צו פאַרשטיין, אַז ער גרייט זיך טאַקע ניט צו פאַרלאָזן פּוילן תיכף ומיד, נאָר ווי די שעה זאָל ניט זיין, דער אַנטיסעמיטיזם ווערט אומדער־טרעגלעך, אַ ייד קאָן מער דעם קאָפּ ניט אויפהויבן; היטלער, ימח שמו, ווילדעוועט, ווי אַ משוגענער וואָלף אין וואַלד; מען רעדט ניט איינמאָל וועגן אַ נייער מלחמה — נו, אַז די שעה זאָל ניט טרעפן, וויל ער, העניעק, זיין גרייט צו קאָנען פאַרלאָזן פּוילן און וויסן, אַז ער האָט פּלאַץ פאַר זיך אין אַמעריקע. זאָל דער שוואָגער זיך טאַקע באַמיען און שטיין מיט אים אין שריפטלעכער פאַרבינדונג און אויסגעפינען, ווען עס וועט זיך מאַכן אַ זעל־טענע געלעגנהייט, מחמת ער זעט איין, אַז קיין גוטס וועט פון דעם פּוילן ניט אַרויסקומען.

גוטשיאַס מאַן, זעליק, האָט גערעדט און האָט אויסגעזען, ווי אַן על־טערער ייד און ער האָט געקוקט אויף מאַטעקן מיט אומצוטרוי — אַזוי האָט ער בכלל געקוקט אויף מענטשן — און ער האָט אַרויסגעוויזן צופרידנקייט, ווען מאַטעק האָט געהאַלטן ביים פאַרלאָזן זיין שטוב. זעליק האָט מערסטנס געשוויגן און גוטשיאַן האָט עס געמוזט וויי טאָן. מאַטעק, ווידער, איז ניט געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין זעליקס געזעלשאַפט. מיט סאַלטשען האָט דאָך זעליק אַוודאי ניט גערעדט. בלויז שלומען געשטעלט אַ פּאָר פראַ־געס. געוואָלט וויסן, צי ער קאָן דאַווענען, צי ער גייט אין אַ חדר. באַקו־מענדיק נעגאַטיווע ענטפערס איז ער גלייך אָפּגעקילט געוואָרן.

אויפגעלעבט האָט מאַטעק, ווען ער האָט זיך באַקאַנט מיט אַנדזשאַס חתן, מאַרקוס. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן אין די סוף צוואַנציקער, וואָס האָט שוין געהאַט אָפּגעדינט אין דער פּוילישער אַרמיי און ער האָט זיך פיין איינגעאָרדנט אַלס אַ זייגערמאַכער. ער האָט געהאַלטן אַ האַלב קרעמל און איז תמיד געווען האָפערדיק און אונטערגעברומט יידישע פאָלקס־לידער. ער איז געווען אַ גאַנצער מאַכער אין אַ שול־פאַרוואַלטונג, וואו מען לערנט קינדער אַ מאָדערנעם יידיש און מען פראַוועט שמחות פאַר יידישע שרייבער און קינסטלער.

מיט מאַרקוסן האָבן מאַטעק, סאַלטשע און שלום געהאַט פון וואָס צו רעדן. מען האָט פאַרבראַכט שעה'ן לאַנג צוזאַמען און מען איז ניט מיד גע־וואָרן איינער פון צווייטן. מאַרקוס האָט געוואוסט אַ סך וועגן דער אַרבעטער־

לאַגע אין אַמעריקע און וועגן די יידישע קינדער־שולן און זייערע קאַמפן. מאַטעק האָט פון מאַרקוסן אויסגעפונען וועגן דער יידישער לאַגע אין פוילן. אַנדזשיאַ איז דערביי געזעסן און זי האָט אַנגעקוואָלן. מאַטעק האָט זיך איינ־געקוקט אין איר און זי האָט אים דערמאָנט פיל אין זיין פאָטער. קוקנדיק אויף איר האָט ער זיך פאַרגעשטעלט דעם טאַטן זיינעם מיט דער באָרד, מיט די שוואַרצע אויגן, וואָס זיינען געווען פאַרחלומט און פאַר׳צער׳ט. ניין, אַנדזשיאַס אויגן זיינען געווען פול מיט ליבע, פול מיט פאַרליבטקייט אין לעבן. זי איז געווען די מאָדערנסטע פון זיינע שוועסטער. זי איז געווען אי־דייאיש די נאָענטסטע צו אים.

— אַנדזשיאַ, דו טראַכסט גאָרניט פון קומען קיין אַמעריקע? — האָט מאַטעק געפרעגט.

— פאַרוואָס זאָל איך וועלן פאָרן קיין אַמעריקע? וואָס דערוואַרט מיך דאָרט? אַרבעטסלאָזיקייט? פאָליציי־טעראָר? דאָס האָבן מיר אויך. איך וואָלט וועלן פאָרן אין ראַטן־רוסלאַנד, אָדער גאָר אויסוואַנדערן קיין פּאַלעס־טינע און גיין אַרבעטן אין אַ קיבוץ. אַמעריקע מיינט פאַר מיר לחלוטין גאָר־ניט. אמת, איך וואָלט געוואָלט זיין מיט דיר, נאָר דאָס לעבן וויל אַנדערש. אפשר אַמאָל פאַר אַ לוסט־רייזע.

אין דער ערשטער וואָך איז לאַטשיאַ מיט מאַטעקן און סאַלטשען אַוועק אין דער פאָליציי. מען האָט זיך געדאַרפט מעלדן. די סטראַזשניקעס מיט די לאַנגע גלאַנציקע שוואַרצע דאשיקעס און גרויסע וואָנצעס האָבן זיך באַ־צויגן צו די אַריינגעקומענע גאָר ניט העפלעך, נאָר לאַטשיאַס גוטער פוילישׁ און איר פיינע קליידונג האָבן אַרויסגערופן צו איר אַביסל מער איינזען, ווי צו די אַנדערע פשוטע יידן און יידענעס, וואָס זיינען אַריינגעקומען און גע־שטאַנען ציטערדיקע פאַר דער פאָליציי.

מאַטעק און סאַלטשע האָבן שפּאָטיש באַטראַכט די סצענעס אין דער פאָליציי־סטאַנציע. זיי האָבן שוין געוואָלט וואָס שנעלער פּטור ווערן פון דער פאַרשטיקטער לופט. מען האָט געדאַרפט אונטערשרייבן אַ ים מיט פּאַפּירן. לאַטשיא האָט געהאַלטן אין איין צאָלן.

— מען דאַרף האַלטן אין איין שמירן, — האָט זי געזאָגט.

די צווייטע וואָך האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ ווידערהאָלונג פון דער ערשטער. איינלאַדונגען צו מיטאָגן; שפּאַצירן איבער דער שטאָט; אויס־פלוגן אין פאַרקן; באַזוכן אין די געוועלבן פון די אָנקלס; אַרויספאָרן אויפן לאַנד, צום אָנקל גוסטאַווס „גוט".

מאַטעקס אויערן זיינען געווען זייער געדולדיק צו די שוועסטער. אי־בערהויפּט האָט אין אים אַ סך אַריינגערעדט מלכה. ער האָט געוואוסט, אַז

יעדעס מאָל ווען זי בלייבט מיט אים אַליין, איז דאָס אַ מעשה פאַר אַ פּאָר שעה. ער האָט בלויז זיך איינגעהערט און אַליין געקאָנט ווינציק רעדן. זי האָט זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ. זי האָט אים איבפאָרמירט וועגן זאַכן וואָס האָבן אים געדאַרפט אויפקלערן, נאָר ווען ער האָט שפּעטער געגומען אַנאַ־ ליזירן אירע רייד, האָט ער אין זיי ווייניק האַפט געפונען. אפילו גוטשיא, וואָס איז געווען אָנגעצויגן קעגן דער משפּחה, האָט אויך צונישט געמאַכט מלכהס רייד.

די הויפּט־טענה האָט מלכה געהאַט קעגן אירע אָנקלס. זיי האָבן ניט גע־ נוג געטאָן פאַר איר. צוליב זיי הייראַט זי ניט. זי איז אַנטוישט, פאַרביטערט, מוטלאָז. זי וויל גלייך פאַרלאָזן פּוילן . . . נאָר ווען מאַטעק האָט געגומען פּראַקטיש רעדן מיט איר דערוועגן, האָט זי אָנגעהויבן פּלאָנטערן מיט דער צונג און, צום סוף, געבעטן, אַז ער זאָל מער ניט רעדן וועגן איר פאָרן. זי וועט אים לאָזן וויסן, ווען זי וועט זיין גרייט.

טענות האָט מלכה אויך געהאַט צו אַלע שוועסטער אירע. גוטשיאַ איז אַלטמאָדיש, אומגליקלעך מיט איר מאַן. זי זאָרגט זיך מער פאַר יענער וועלט, ווי טראַכטן וועגן איר שוועסטער אויף דער וועלט . . .

— וואָס קאָן גוטשיא טאָן פאַר דיר, מלכה? — פרעגט מאַטעק.

— וואָס זי קאָן טאָן? זי איז די עלטסטע שוועסטער אונדזערע. זי דאַרף זיין די מאַמע. איז וואָס מען זאָגט איר, זאָגט זי: „דאָס איז דעם אויבערשטנס ווילן, מען קאָן זיינע וועגן ניט משיג זיין. מען דאַרף אַלץ נעמען פאַר ליב״. גיי און רעד מיט אַזאַ פּערזאָן.

קעגן לאָטשיאַן האָט מלכה געהאַט אויסצוזעצן, וואָס זי איז געלט־גייציק, עגאָאיסטיש. זאָט מיט זיך. אַבי צו באַפרידיקן די אייגענע קישקע, ווייטער גייט איר קיין זאַך ניט אָן.

— וואָס וואָלסטו וועלן זאָל לאָטשיא טאָן פאַר דיר, מלכה? — האָט געפרעגט מאַטעק.

— זי האָט געדאַרפט מאַכן סקאַנדאַלן אין דער משפּחה, אַז מען זאָל מיך ניט לאָזן פאַלן, אַז מען זאָל מיך איינאָרדנען בעסער אין לעבן. זי ווייס וואָס מען דאַרף טאָן פאַר אַן איינזאַמער שוועסטער. זעלטן ווען זי פרעגט מיך ווי עס גייט מיר.

און נאַטירלעך האָט מלכה געטראָגן אַ שטיקל קנאה אויף איר שוועס־ טער אַנדזשיא, וואָס יענע איז שוין אַ כלה געוואָרן און נאָך באַקומען אַזאַ טייערן, לוסטיקן בחור ווי מאַרקוס, וואָס איז יונג און מאָדערן און וואָס האָט זי שטאַרק ליב.

מאַטעק האָט באַדויערט מלכהן, נאָר קיין עצה האָט ער איר ניט גע־

קאָנט געבן. ער האָט גערעדט מיט גוטשיאַן און מיט לאָטשיאַן און אַנ־דזשיאַן וועגן איר, נאָר וואָס האָבן זיי געקאָנט טאָן? ס'איז איר אייגענע שולד, זייענדיק זיי אַלע געווען איינשטימיק.

ביי יעדן פון די אָנקלס האָט מאַטעק געהאַט צו איין מיטאָג. אָנגעהויבן האָט זיך עס, פאַרשטייט זיך, מיט אָנקל גוסטאַוו.

— איר זייט געלאַדן צו אונדז אויף קאָלאַציע, — האָט דער אָנקל גוס־טאַוו לאַנגזאַם און געוויכטיק אַרויסגעזאָגט די פּאָר ווערטער, וואָס האָבן ביי אַלע אַרומיקע שוועסטער מאַטעקס אַרויסגערופן גרויס אָנזען, מחמת קיין איינע פון די שוועסטער האָט ניט געהאַט די זכיה, וואָס מאַטעק האָט אַצינד געהאַט.

סאַלטשע האָט אויך אין דעם באַדייטנדיקן מאָמענט ניט געקאָנט פאַר־געסן און פאַרגעבן גוסטאַוון זיין אַמאָליקע זינד קעגן איר, ווען ער האָט איר אַזוי אומדרחמנותדיק געהייסן זיך זוכן אַ נייע קוואַרטיר און אַ נייע שטעל, ווען מאַטעקס הויז איז זיך צעפאַלן. אויך האָט זי אים ניט געקאָנט מוחל זיין, ווי ער האָט זיך באַצויגין צו איר נאָך מאַטעקס אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, ווען ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער דערקענט זי ניט, וויפל מאָל ער האָט זיך מיט איר אָנבאַגעגנט אין גאַס. געהערט האָט זי פון אַ באַקאַנטער, צו וועל־כער זי האָט געהאַט צוטרוי — יענע האָט זיך געשוואָרן ביי איר אייגן קינד — אַז גוסטאַוו האָט זיך וועגן איר אויסגעדריקט ווי „וועגן אַ געפאַלענער פרוי".

געוואוסט האָט סאַלטשע, אַז גוסטאַווס פרוי האָט זיך פון שטענדיק אָן געהאַלטן פון אויבן אַראָפּ צו דער פאַמיליע. זי האָט מיט זיינע קרובים גאָר ניט ניט געהאַט צו טאָן. זי איז ניט געווען ביי קיין איינער פון די חתונות פון איר מאַנס משפחה. אין איר נאָמען האָט גוסטאַוו פרעזענטירט מתנות; אין איר נאָמען האָט ער געשיקט גרוסן, נאָר זי האָט מען קיינמאָל ניט געזען. דאָס הייסט, מען האָט זי יאָ געזען, ווען זי איז געפאָרן אין אַ גלאַנציקער בריטשקע, געשפּאַנט אין צוויי פערד איבער דער ספּאַצירגאָווע גאַס; ווען זי איז מיט גוסטאַוון געפאָרן אין איר זומער־גוט, לעבן פּאַביאַניץ.

ווי קומט דאָס, האָט זיך געוואונדערט די גאַנצע משפחה, וואָס גוסטאַוו לאַדט איין מאַטעקן און סאַלטשען צו זיך אין קדשי קדשים אַריין? און וואָס וועט זי זאָגן? מילא, מאַטעקן, האָט אָפּגעגליקט. דער אָנקל האָט שטענדיק געהאַט אַ ווייך האַרץ פאַר אים. נאָר ווי קומט דאָס וואָס סאַלטשע וועט גע־ניסן פון אַזאַ כבוד? סאַלטשע, וועגן וועלכער דער אָנקל האָט שטענדיק גע־האַט בלויז שוים אויף די ליפּן?

— אפשר זאָלסטו גיין אַליין, מאַטעק? — האָט סאַלטשע אים געראָטן.

— אויב איך גיי, סאַלטשע, איז דאָס הויפּטזעכלעך צוליב דיר. איך ווייס די באַציאונג פון מיין משפחה צו דיר. און אויב גוסטאַוו לאַדט אונז ביידן איין, דאַן לאָמיר גיין אַהין מיט אויפגעהויבענע קעפּ. זיין „פראַו" וועט אַזוי גוט זיין און אַראָפּגיידערן פון איר טראָנדל. מיר קומען פון אַמע־ריקע, קומען מיר און קיין מיליאָנערן זיינען מיר ניט. איך קלאַפּ מיטן האַמער, דו נייסט מיט דער נאָדל. האָבע די עהרע . . .

דער אָנקל גוסטאַוו האָט געוואוינט אין זיין אייגן הויז, אויף דער שענ־קעוויטש גאַס. דאָס הויז האָט געהאַט אַ „ליפט". אַ דינסט אין אַ ווייס קופּ־קעלע, האָט פאַר די אַמעריקאַנער געעפנט די טיר. באַלד האָט זיך באַוויזן גוסטאַוו פּרוי. זי איז געווען הויך און פעסט־געבויט. אירע האָר זיינען געווען גרוי, זיידן־ווייך, פאַרקאַמט אינמיטן אין אַ שרונט. זי האָט געהאַט אַן איידל פּנים, אַ קנייטשן, אַריסטאָקראַטיש אויסגעצערטלט. אירע אויגן זיינען געווען שוואַרץ און געלאַסן. איר קול האָט געאָטעמט מיט חשיבות און מעסיקייט. אירע אַנטבלויזטע אָרעמס ווייס און אָפּגעהיט. זי האָט גע־רעדט פּויליש, אַריסטאָקראַטיש פּויליש, וואָס האָט געקלונגען מוזיקאַליש, שאָפּעניש, מיט געוויסע מעלאַנכאָלישע אונטערטענער, מיט לירישקייט און פּאָעזיע. געטראָגן האָט זי אַ זיידן שוואַרץ קלייד, טיף אויסגעשניטן.

אָנקל גוסטאַוו איז געשטאַנען לעבן איר און זי פאָרגעשטעלט. ער האָט גערעדט פּויליש. זי האָט אַלעמען דערלאַנגט די האַנט און געשמייכלט קלוג און צוריקגעהאַלטן.

— וואָס פאַר אַ גרויסן בחור איר האָט שוין, — האָט זי געזאָגט און גע־געבן שלומען אַ גלעט איבערן קאָפּ.

מאַטעק האָט גערעדט יידיש. זי האָט געענטפערט.

— איך פאַרשטיי זשאַרגאָן, נאָר רעדן קאָן איך ניט. האָסט שוין אינ־גאַנצן פאַרגעסן פּויליש, מאַטעק?

— ניין, טאַנטע, נאָר איך האָב אויף אַזוי פיל פאַרגעסן, אַז איך רעד ניט מער גראַמאַטיקאַליש. סאַלטשע געדענקט גוט די שפּראַך.

די ווענט אין עס־זאַל טאַפּיצירט מיט זייד, העל־ברוין, ווינציק מעבל, האַלב־ליידיקע, מוראדיק גרויסע חדרים.

אַ לאַנגער טיש. קאַנדילאַבערס. שווער זילבער, מאָנאָגראַמירט, לייוונ־טענע גרויסע סאַלפעטקעס, מאָנאָגראַמירט. די דינסט דערלאַנגט דאָס עסן. דער אָנקל גיסט אָן ליקערן, ווייבנען, שנאַפּסן. גוסטאַוו דערמאָנט זיך דעם אָנקלס אַמאָליקע געוואוינהייטן. ער זופּט הויך דעם וויין, איבערן צימער הילכט־אָפּ זיין שלינגען די לאָקשן־זופּ. מאַטעק וויל לאַכן. ער באַמערקט, ווי שלום באַאָבאַכט דעם אָנקלס גענג. שלום וואונדערט זיך. סאַלטשע איז

העפלעך, זי זיצט קעגנאיבער דעם אָנקל, ווי דער אָנקל האָט אַלעמען איינ־געטיילט די ערטער. די טאַנטע שמייכלט, נאָר זי האַלט אַן אויג אויף יעדן און זי פּרוּווט אויסגעפינען צי דאָס עסן שמעקט די געסט.

מען האַלט שוין ביים קאָמפּאָט. מאָטעק האָט שטאַרק הנאה פון דער שפּייז, אויך סאַלטשע. זי קאָמפּלימענטירט די טאַנטע און דער אָנקל קוועלט אָן. זיין בליק זאָגט: „וואָס דען האָט איר דערוואַרט?"

דער אָנקל הייבט אָן שטעלן פראַגעס מאָטעקן און די טאַנטע פרעגט סאַלטשען. דער אָנקל וואַרפט אויך אַריין אַ פראַגע צו שלומען. זיין יידיש איז דייטשמעריש און שלום פאַשטייט ניט. מאָטעק דערקלערט.

— מאָטעק, זאָג די וואַרהייט, האָסט געבענקט נאָך אונדזער פּוילן? אַראָוס מיטן עמעס!

— אָנקל גוסטאַוו, געבענקט האָב איך נאָך דער פאַמיליע, נאָר נאָך פּוילן האָב איך ניט געהאַט צוליב וואָס צו בענקען.

די טאַנטע צו סאַלטשען:

— מיין טייערע, דיינע קליידער זיינען געשמאַקפול געפּאַסט. זיינען זיי טייער אין אַמעריקע?

דער אָנקל צו שלומען:

— זאָג מיר נאָר, קנאַבע, דו גייסט אין אַ חדר אין אַמעריקע, צי האַלט מען ניט דאָרט פון אַזעלכע זאַכן.

שלום דערציילט, אַז ער גייט אין אַ יידישער שול, לערנט ליטעראַטור, געשיכטע, זינגען, יידישע פאָלקס־לידער און אַרבעטער־לידער.

דער אָנקל גיט דער טאַנטע איבער זיין ענטפער. זי איז דערשטוינט. ווי קאָן מען דאָס לערנען יידיש? עס איז דאָך ניט קיין שפּראַך, עס האָט דען אַ גראַמאַטיק? דער אָנקל אונטערשטרייכט אירע רייד, פאַרטייטשט זיי מאָטעקן, כאָטש מאָטעק האָט זיי פאַרשטאַנען. מאָטעק איז גרייט מיט זיין ענטפער; יאָ, יידיש האָט אַ גראַמאַטיק, מען לערנט פון כרעסטאָמאַטיעס, מען לערנט יידיש אין אַלע טיילן פון דער וועלט, וואו יידן זיינען פאַראַן. ווייס דער אָנקל ניט, אַז אין לאָדזש זיינען פאַראַן מעדעם־שולן פאַר קינדער?

— אָ, דאָס זינד יאַ קאָמוניסטישע אַנשטאַלטן.

— אָ, ניין, אָנקל, זיי זיינען בונדיסטישע און די בונדיסטן זיינען קעגנער פון די קאָמוניסטן.

— זאָ, ביי מיר איסט עס איין טייפל.

מען שטעלט זיך אויף פון טיש. מען גייט איבער די סאַלעס. די טאַנטע ווייזט די צימערן. גרויס, גראָם, גלאַנציק.

— די „מאַכט" האָט ביי מיר פּילעס צוגענומען, — באַקלאָגט זיך דער אָנקל.

— פאַרוואָס ? — פרעגט מאָטעק דערשטוינט.

— וויפל פּאַדאַטקעס מען צאָלט, איז זיי ווינציק. מען שניידט די הויט. עס איז גוט צו זיין אָרעם. פון קבצן איז ניטאָ וואָס צו נעמען.

דער אָנקל וויל וויסן וועגן דעם קריזיס אין אַמעריקע. ווי לאַנג וועט ער נאָך אָנהאַלטן. מאָטעק פרעגט דעם אָנקל וועגן דער אַרבעטלאָזיקייט אין פּוילן. דער אָנקל צעוואָרעמט זיך.

— פּוילן וועט צו זיך קומען. עס וועט באַלד ווערן גוט. קיינער דאַרף ניט פאַרלאָזן פּוילן.

מאָטעק פרעגט די טאַנטע וועגן אירע קינדער. די טאַנטע ווייזט זייערע בילדער. זי לייכט אויף. איר קול איז גראַציעז־שטאָלץ.

— מיין טאָכטער איז אין פּאַריז. זי האָט געהייראַט מיט אַ אינזשענער, אַ זון פון אַ פאַרמעגלעכן שטאַנד. מיין זון איז נאָך אַלץ אין ווין, געענדיקט זיין שטודיום און ער וועט מיט זיין כלה היינטיקן זומער קומען צו אונדז.

דער אָנקל לאַדט מאָטעקן איין צו קומען זען זיין „גוט". סאַלטשע פילט זיך געשמייכלט. זי ווייס, אַז זי האָט געלאָזט אַ גוטן איינדרוק אויף זיי.

פאַרן אוועקגיין גיט גוסטאַוו שלומען אַ לעדערן טאַש־זעקעלע אָנגעפּילט מיט אַלטע פּוילישע מטבעות. קיין בעסערע מתנה האָט זיך שלום ניט געקענט ווינטשן. מאָטעק דערמאָנט זיך דאַן, אַז דער שטריך פון זאַמלען אַלטע מטבעות שטאַמט פון דורות אין זיין מוטערס משפּחה. זיין באָבע פלעגט אין די בעטצודעקן אָריינלייגן מטבעות פון סאָבעצקיס צייטן, האָט מען זיך באַרימט אין דער משפּחה.

אין דער זעלבער וואָך, אין אַ קילן פרימאָרגן, קומט דער אָנקל גוסטאַוו צו לאָטשיאַן אין שטוב אַריין, נעמט אַרויס די אַמעריקאַנער און זעצט זיי אַריין אין דראָזשקע און מען פּאָרט צום אָנקלס „גוט". דער אָנקל טראָגט מיט זיך אַן אַלטע לעדערנע טאַש. ער באַמערקט, אַז מאָטעק באַטראַכט די אָנגעפּאַקטע טאַש.

— ווייסט, וואָס איך טראָג דאָ, מאָטעק ? — פרעגט גוסטאַוו און ענטפערט : — דאָ האָב איך פליייש פאַר מיינע הינט. וועסט אָנקוקן הינט, ווי די וועלף.

שלום האָט געצירשנט פון טאָטן אַ מורא פאַר הינט. גוסטאַוו געדענקט, ווייזט אויס, מאָטעקס אַמאָליקע שוואַכקייטן און ער צעלאַכט זיך :

— ווען איר זייט מיט מיר, וועלן זיי אייך גוט באַהאַנדלען. איך האָב אויך פּריייז־קי און פּרייז־הינער. כ'האָב ליב מיין „גוט".

די הינט זיינען גוסטאַוון אַקעגנגעלאָפן. מאַטעק און שלום זיינען געווען איבערגעשראָקן, נאָר דער אָנקל איז גאָר געוואָרן אַן אַנדער מענטש. ער האָט זיך געפרייט מיט זיי. זיי זיינען געווען ברוינע פּאָליציי־הינט און זיי האָבן זיך געריסן צו לעקן זיין פּנים. האָט ער זיי געגלעט, גערופן ביי די נעמען און באַלד געעפנט זיין טאַש און אַרויסגעוואָרפן פאַר יעדן פון די פיר הינט רוי, רויט פלייש.

מען איז אַריין, ווי אין אַ וואַלד. זאַמדיקע סטעזשקעס, בליענדיקע ביי־מער. אַ צוויי־שטאָקיג געמויערט הויז; אַ ברייטער גאַניק. עס איז אַרויס־געקומען אַ מיטליעריקע פּוילישע פרוי און זיך פאַרנייגט פאַר גוסטאַוון. ער האָט גערעדט פריינטלעך צו איר און פאַרגעשטעלט די געסט. סאַלטשע האָט גערעדט מיט דער פרוי און באַלד האָט זיך באַוויזן אַ הויכער, פאַרברוינטער מאַן. דאָס איז געווען דער אויפפּאַסער. די פרוי איז געווען זיין ווייב. מען איז אַריין אין הויז און גוסטאַוו האָט געבעטן, אַז מען זאָל אַריינברענגען פרישע מילך. באַלד איז געשטאַנען אויפן טיש אַ קרוג מילך. גוסטאַוו האָט אָנ־געטאָפּט דעם קרוג.

— נאָך וואַרעם, — האָט ער זיך באַרימט. — אין אַמעריקע קאָנט איר אויך קריגן מילך פון דער קו?

— אין אַמעריקע קאָן מען אַלץ קריגן, — האָט זיך אָנגערופן שלום.

דער אָנקל האָט די געסט אַרומגעפירט איבער זיין גוט. אַ גרינס־גאָרטן; אַ וואַסערל מיט גאָלדענע פישלעך; בלומען־בייטן; אַ פּאָר רייען פרוכט־ביימלעך; אַ וועלדעלע מיט יעלקעס, אַ בעסיעדקע; דאָ און דאָרט אַ מאַר־מאָרנע באַנק אונטער אַ בוים. דער אָנקל אָטעמט טיף איין די לופט.

— צוויי מאָל אַ וואָך מוז איך אַהער קומען. די טאַנטע וועט דאָ פאַר־ברענגען אַ פּאָר וואָכן. לאָמיר צוריקגיין אין הויז אַריין.

צוויי שלאָף־צימערן, ברייטע בעטן; אַלץ איז זויבער. אַן עס־זאַל מיט זילבערנע לייכטער אויפן טיש. אַ גרויסע ווייסע קיך; אַ קעלער וואו מען שפּילט ביליאַרד.

די אויפפּאַסערין קומט אַריין מיט אַ גרויסן בוקעט בלומען און דערלאַנגט אים סאַלטשען. נאָר־וואָס אָנגעריסן ספּעציעל פאַר די געסט.

מען גייט אין שטאַל אַריין. ווייסע הינער און הענער. פיר קי פּאַשען זיך אויפן פעלד דערביי. די בודע פאַר די הינט. מען זעט זיי ניט מער.

— וואו זיינען די כלבים? — פרעגט סאַלטשע.

— זיי זיינען מיט פאַן קלעטשעווסקי אויפן גוט, — אינפאָרמירט דער אָנקל.

דער אָנקל האָט געבעטן די געסט, אַז זיי זאָלן פאַרברענגען אַביסל צייט

אין דרויסן. ער וועט אַריינגיין אינווייניק און אָפּנעמען אַ רעפּאָרט פון זיינע אַרבעטער. ער וועט זיך לאַנג ניט זאַמען.

מאַטעק, סאַלטשע און שלום שפּאַצירן אַרום איבער די סטעזשקעס. זיי גייען צו ביז די ווייסע טויערן. זיי באַוואונדערן די ביימער, די פלאַנצן, די אָרדענונג.

אין דרויסן וואַרט אויף זיי די דראָזשקע. דער אָנקל קומט זיי אַנטקעגן.

— מיר וועלן צוריקפאָרן. גייט געזעגנט זיך מיט פּרוי קלעטשעווסקי.

אויפן וועג צוריק רעדט מען וועגן אַמעריקע. מאַטעק ווייזט אָן אויף די פאַרמאַכטע פאַבריקן. דער אָנקל איז אַ פּאַטריאָט. ער לאָזט אויף פּוילן קיין שטויבעלע ניט פאַלן. ניין, ער איז ניט פאַראינטערעסירט צו פאָרן אין אַמעריקע.

— דאָ בין איך געבאָרן געוואָרן. דאָ איז מיר גוט. דאָ בלייב איך, — זאָגט ער און פּאַטשט מיט די ליפּן.

מאַטעק און סאַלטשע פילן זיך ניט באַקוועם אין זיין געזעלשאַפט. זיי שווייגן. ער שווייגט אויך.

## קאַפּיטל זעקס און פערציק

# געשלענגלטע וועגן

.1

מאַטעקן האָט געצויגן כסדר צו דער דזשעלנא גאַס. ער איז שוין געווען אין לאָדזש דריי וואָכן. ס'איז שוין צייט געווען זיך אָנהויבן געזעגענען. עטלעכע מאָל דורך דער צייט האָט ער שפּאַצירט איבער דער דזשעלנא, איבערהויפּט דאָרט וואו ער האָט אַמאָל געהאַט געוואוינט. געגאַנגען איז ער איינמאָל מיט סאַלטשען און שלומען און ביידע האָבן געוויזן שלומען דאָס הויז וואו זיי האָבן געוואוינט. שלום איז געבליבן שטיין און געגאַפט. דאָס צווייטע מאָל האָבן זיי שלומען ניט מיטגענומען.

דזשעלנא האָט מאַטעקן און סאַלטשען דערמאָנט אין זייער אייגענער קינדהייט און יוגנט־אויפבלי. זיי האָבן באַטראַכט דאָס הויז, באַטראַכט די גאַס און געשוויגן.

— איך וואָלט וועלן אַריינגיין אין הויף און אין „אונדזער" וואוינונג, זאָגן

ווער עס פֿאַרנעמט די דירה, — האָט מאָטעק שטיל אַ זאָג געטאָן צו סאַלטשען.

— ניט היינט, מאָטעק. מיר האָבן דאָך צוגעזאָגט לאָטשיאַן צו זיין צוריק אין צייט, — האָט סאַלטשע אים אָפּגערעדט. זי האָט ניט געוואָלט איבערלעבן יענעם מאָמענט, ווען גוסטאַוו האָט אויפגעלייזט די היים.

איינמאָל, ווען לאָטשיא איז געגאַנגען מיט סאַלטשען איינקויפן און שלום האָט געהאַט אַן אויספֿלוג מיט אַנקאַן, האָט מאָטעק געבעטן גוטשיאַן, אַז זי זאָל מיט אים מיטגיין אויף דער דזשעלנאַ. זי האָט גלייך צוגעשטימט און פֿאַרשטאַנען.

דאָס הויז האָט זיך קיין סך ניט געהאַט געביטן. די גאַס האָט מאָטעקן אויסגעקוקט קליין־שטעטלדיק, אָפּגעלאָזן, נודנע. נאָר גלייך האָט זיך מאָ־טעק איבערגעטראָגן צו זיינע קינדער־יאָרן און מיט גוטשיאַן ביי דער זייט, מיט איר קול, וואָס האָט אים אָפּגעפרישט יענע צייט, איז אים דער טראָ־טואַר געוואָרן ליב, איז אים דאָס הויז געוואָרן ווי אַ טעמפּל, אין וועלכן מען גייט אַריין מיט אַ געפיל פון דערוואַרטונג.

— דו וועסט רעדן און איך וועל שווייגן, גוטשיא. וואָס וועסטו זאָגן? צוליב וואָס קומסטו אָנקוקן די דירה?

— לאָמיר נאָר פריער זען ווער עס וואוינט דאָרט, דאַן וועלן מיר וויסן וואָס צו זאָגן.

פון דער אַמאָליקער קראָם זייערער איז געוואָרן אַ טריפ׳ענע יאַטקע. ס׳איז ריין און דער דיל איז אויסגעשפּרייט מיט אַ מין ווייסן זאַמד. דער קיילער, אַ יונגערמאַן מיט רויטע בעקעלעך און אויפרייסנדיקע בלויע אויגן, באַמערקט ווי זיי קוקן אַריין אין זיין קראָם, קומט ער אַרויס אַנטקעגן און פרעגט אויף פויליש:

— איר ווילט אָפּקויפן מיין קראָם? זי איז ניט כשר, — און ער צע־לאַכט זיך.

— עשו בלייבט עשו, — זאָגט גוטשיאַ צו מאָטעקן און זי נעמט אים אָן פאַר דער האַנט און זי גייט שנעל אַוועק פון דער קראָם.

זיי גייען אַריין אין הויף. מאָטעקס אויגן זיינען געוועגדט, פריער פון אַלץ, צו דער פּלומפּ, אָדער צום פּלאַץ וואו זי איז אַמאָל געשטאַנען. זי איז פאַרשוואונדן. דער גאַנצער הויף קוקט אויס אַנדערש. דער הויכער היל־צערנער פּאַרקאַן איז ניטאָ מער. אַ רויטע מויער פון צווייטן הויז פאַרנעמט דאָס אָרט, וואו ער פלעגט מיט זיינע חברים אַרויפקריכן און פון דאָרט וואַרפן שטיינדלעך אויף די מיידלעך פון שאַנד־הייזל, וואָס זיינען געגאַנגען צום אָפּטרעט. היינט איז דער הויף ריין. עס וואַקסט גראָז אין מיטן. די אָפּ־טריטן געפינען זיך אין די היימען. און וואו איז דער הילצערנער טויער,

דורך וועלכן מען האָט דעם טאַטן אַרויסגעפירט צו זיין אייביקער רו? איצט איז דאָרט אַן אייזערנע טיר. דער אויבן איז פאַרמויערט. די טיר איז קליין.

גוטשיאַ קומט צו צו זייער אַמאָליקער וואוינונג. עס איז נישט דאָס וואָס עס איז געווען אַמאָל. אַ האַלב גלעזערנע גרויסע טיר. זי קוקט אַריין. זי קלאַפּט אָן. עס באַווייזט זיך אַ יונגע פרוי מיט אַ קינד אויף די הענט.

— איר זוכט עמיצן, מיינע הערשאַפטן? — פרעגט זי אויף פּויליש.

— איך האָב דאָ אַמאָל געוואוינט, — ענטפערט גוטשיאַ און איר קול איז אָנגעזאָפּט מיט טרויער און ווייטאָג.

פוןביידע צימערן איז געוואָרן איין גראַמער, שיין־אויסגעשטאַטער צימער. פון צוויי פינצטערע חדרים איז געוואָרן איין ליכטיקער צימער. עלעקטרישע באַלייכטונג, וואַסער־קראַנען, אַ קלאָזעט. אַן עלטערע פרוי שטייט ביי דער קיך. נאָר ס'איז ניט די זעלבע קיך, זאָגט גוטשיאַ צו זיך אַליין. ס'איז אַ קיכל אויף גאַז.

— מיר וואוינען שוין דאָ באַלד פיר יאָר. ס'איז באַקוועם און שטיל, — זאָגט זי צו גוטשיאַן. זי באַמערקט מאַטעקס שווייגן און זיין פאַרטראַכטקייט. דאַן קוקט זי אויף זיינע מלבושים, אויף זיינע שיך.

— אַמעריקאַנער? — פרעגט זי גוטשיאַן.

— יאָ, ענטפערט זי מיט אַ שמייכל.

מאַטעק הערט ניט וואָס די פרויען רעדן צווישן זיך. אים דוכט זיך, אַז ער געפינט זיך אין זיין אַמאָליקער היים. דער טאַטע ליגט אין איין בעט און סאָפּעט שווער, די מאַמע ליגט אין צווייטן בעט און רעדט אַזוי מילד צום טאַטן. אין צווייטן צימער הערט זיך יאַדוויגאַס טאָפּטשען מיט אירע גרויסע לאַטשן. ער, מאַטעק, זוכט אַן אָרט פאַר זיך צו קאָנען טאָן זיין אַרבעט פון דער שקאָלע. פאַר אים איז אין הויז קיין פּלאַץ ניטאָ. ער דאַרף אַריינגיין אין דער קאַלטער קראָם מיטן שטיינערנעם דיל. אפשר וועט סאַלטשע אָנקומען. ס'איז דאָך היינט שבת פאַרנאַכט. קיינער טאָר ניט וויסן, אַז ער לייענט אַ רוסיש בוך. ער מוז קענען פּושקינס „אוטאָפּלעניק" פון אויסווייניק. סאַלטשע, אַז זי קומט אָן, קומט זי אַריין דורך דער קראָם. זי וועט זיין פאַרפראָרן און זי וועט זיך צוטוליען צו אים און צולייגן איר אייז־קאַלטע באַק צו זיינער.

— ווילסט שוין גיין? — דערהערט מאַטעק גוטשיאַס קול. זי זאָגט עס אויף פּויליש. די לאָקאַטאָרן זיינען פאַליאַקן.

מאַטעק גייט פאַראויס, פריער מורמלט ער אויס אַ דאַנק צו די צוויי פרויען, וואָס באַוואוינען דאָס פּלאַץ. גוטשיאַ בלייבט נאָך מיט די פרויען. זיי ווילן וויסן ווער דער אַמעריקאַנער איז און פאַרוואָס איז ער אַזוי פאַר־

טראַכט, ווי ער וואָלט געקוקט, געקוקט, נאָר אַריינגעקוקט אין זיך. און פאַר־וואָס האָט ער די גאַנצע צייט געשוויגן?

גוטשיא ענטפערט זיי, אַז ער איז איר ברודער, געקומען פון אַמעריקע, געוואָלט אַ קוק טאָן אויף דער היים פון זיינע קינדער־יאָרן.

— מיר בייטן זיך, נאָר גאָטס וועלט בייט זיך ניט, — וויל גוטשיא איבער־רייסן די שטילקייט, וואָס גייט נאָך מאָטעקן.

— ווייסט, גוטשיא טייערע, אַז וויפל איך זאָל ניט וועלן פאַרגעסן אין מיינע קינדער־יאָרן, קומט אָבער די דזשעלנאַ גאַס שטענדיק צוריק אין מיין זכרון. איך בין צופרידן וואָס מיר האָבן באַזוכט דעם הויף און דאָס הויז. עס וועט ביי מיר בלייבן איינגעקריצט אין האַרצן.

אויך גוטשיא איז אַנטשוויגן געוואָרן. זיינע זיי ביידע געגאַנגען אַ לאַנגע שטרעקע צופוס, געשוויגן און ניט באַמערקט די גאַס אַרום זיך, נאָר געווען אַריינגעטאָן אין די קינדערשע יאָרן, ווען די מאַמעשי איז געווען די ברויט־געבערין און דער טאַטעשי איז געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער און אַ פאַרזאָרג־טער אין דרויסן ביי דער טיר און די קינדער האָבן זיך אַרומגעריסן ווי די קעץ און דער „מענטש“, סאָלטשע, האָט געלאַכט און געשטיפט און אָנגע־קוואָלן פון לעבן.

.2

די „טשאָטשיאַ“ מאַריאַ לאָדט אייך איין אויף קאָלאַציע, — האָט דער אָנקל מענדל אויסגענוצט אַ פאַסיקע געלעגנהייט צו אָנאָנסירן די נייעס, ווען אַלע שוועסטער זיינען געזעסן צוזאַמען און פאַרבראַכט מיט מאָטעקן, סאָל־טשען און שלומען.

ביז איצט האָט מען נאָך די „טשאָטשיאַ“ מאַריאַ ניט געהאַט אָנגעזען פאַר די אויגן. איר איז אויך ניט אָנגעשטאַנען צו קומען צו־גאַסט, צו מאָ־טעקס שוועסטער. זי האָט דאָך אויך אין אַלץ געדאַרפט נאָכטאַנצן גוסטאַווס מאַדאַם, ווי מענדל האָט געדאַרפט פון שטענדיק אָן נאָכטאָן גוסטאַוון.

מאָטעק האָט זיך דערמאָנט, ווי די טשאָטשיא האָט אים באַהאַנדלט נאָך זיינע עלטערנס טויט, ווען ער איז ביי איר איינגעשטאַנען אַ צייט לאַנג. זי האָט דאָך כמעט ניט גערעדט צו אים. געגעסן האָט ער דאָן צו זאַט, נאָר אויסגעהונגערט איז ער געווען נאָך אַ גוט וואָרט, נאָר אַ טרייסטנדיקן בליק. זי איז געווען ווי אַ שטיק אייז.

— סאָלטשע, עס וועט מיר זיין שווער אָנצוהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט ביים אָנקל מענדל, — האָט מאָטעק צוגעגרייט סאָלטשען.

יאָ, די „טשאַטשיאַ" האָט זיך קיין סך ניט געהאַט געענדערט. אירע האָר זיינען געווען געפאַרבט אויף אַ משונה רויט־ברוין. אירע באַקן אָנגעשמירט, ווי אַן אַקטריסע אין אַ ביליקן וואָדעוויל. איר קול — האַרט און הייזעריק־לעך. און איר אויפנאַמע — געקינצלט און פּרעסטלדיק. דער אָנקל מענדל היגטער איר — ווי אַ שלאָטן־שמש.

דער מאָלצייט — אַ זומערדיקער, קאַלטער. מאַרגינירטע פיש, אַ שטשאַוו, אַ לאָקשן־קוגל. אַ פּאָר פלעשער ווייַן. די טשאַטשיאַ האָט געטרונקען מער פון יעדן איינעם. דער אָנקל מענדל איז געווען צו־פאַרנומען מיט אויספילן זיין ווייבס באַפעלן צו קאָנען פאַרברענגען מיט די געסט. זי האָט שלומען געשאָנקען מער אויפמערקזאַמקייט ווי מאַטעקן און סאַלטשען.

— וואָלסטו, שאלאָם, וועלן בלייבן אין לאָדזש?

— ניין, איין סעקאָנד עווענין אין ניו־יאָרק איז לעבעדיקער, ווי אַלע גאַסן אין לאָדזש.

מאַריאַ איז געבליבן געפּלעפּט פון זיין ענטפער.

מאַטעק האָט געפרעגט וועגן אירע צוויי זין. זי האָט שטאָלץ דערקלערט:

— מאוריטשי איסט יאַ פערהייראַט. ער איסט יאַ געשעפטליך גוט אָפּ. יוזעף העלפט דעם פאַפאַ אין זיינע „ביזנעס", ווי מען זאָגט ביי איהנען. שאַדע וואָס ביידע זינגט יא הויטע אַבענד עבען פאַרנומען.

זי האָט צוליב געטאָן די געסט און גערעדט „יידיש".

דער אָוונט האָט זיך געצויגן, ווי אַ לאַנגע שלאָפלאָזע נאַכט. באַלד נאָכן עסן האָט מאַטעק געגעבן אָנצוגעהערן, אַז שלום האָט זיך לעצטע נאַכט ניט אויסגעשלאָפן און אַז מען וועט צוליב אים מוזן פאַרלאָזן פריער. מאַריאַ און מענדל האָבן ניט געהאַט אויסצוזעצן. דאָס געזעגענען איז פאָרגעקומען מיט מער ענטוזיאַזם, ווי די באַגעגעניש.

די לעצטע קאָלאַציע ביי דער משפחה, האָט מען געגעסן ביי אָנקל מאיר און טאַנטע עמאַ. מאַטעק האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר זיין עלטסטן אָנקל. ער איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן, זינט ער האָט זיך מיט אים באַ־קענט, קומענדיק צוריק קיין לאָדזש. ווען מאַטעק האָט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, איז ער געווען צו־יונג צו פאַרשטיין און צו קאָנען אָפּשאַצן דעם אָנקל מאיר.

דער אָנקל האָט אים עטלעכע מאָל באַזוכט ביי לאָטשיאַן. ער איז יעדעס מאָל געקומען מיט עמיצן פון זיין הויז־געזינט. דעם ערשטן מאָל מיט זיין פרוי, די טאַנטע עמאַ, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין ברעסלאו און איז גע־בליבן פרום, נאָר אַ „יעקע" מיט אַלע פּיטשעווקעס. דאָס צווייטע מאָל איז ער געקומען מיט צוויי פון זיינע זעקס טעכטער.

— מאַטעק, וועסט מיר אָנטאָן דעם כבוד און קומען צו אונדז מיט דיין

פרוי און בן־יחיד אויף אַ מאָלצייט. ווי דו ווייסט, האַלטן מיר אַ כשר הויז. איך ווייס, אַז אין אַמעריקע איז מען ניט אַזוי איבערקלייבעריש מיט כשרות, נאָר אַבי מען איז יידן און מען איז ניט קיין טריפניאַקעס . . .

אין אָנקל מאירס הויז האָט זיך מאָטעק געפילט היימיש. בפרט אַז עמאַ האָט איינגעלאַדן אַלע פיר שוועסטער צו קומען אויף טיי מיט איינגע־מאַכטס. די טאַנטע עמאַ האָט שלומען געקושט אויף ביידע באַקן און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אים. זי איז געווען באַגייסטערט פון די געסט. זי האָט גערעדט יידיש, געפרואווט אַרויסוואַרפן דייטשע ווערטער און גע־פרואווט אַריינמישן וואָס מער לשון קודשדיקע אויסדרוקן. אירע פיר טעכ־טער זיינען אויך געקומען צום מאָלצייט. איין טאָכטער האָט שוין געוואוינט מיטן מאַן אין ירושלים; די צווייטע איז געבליבן אין ברעסלאַו מיט איר מאַן און מען האָט גערעדט וועגן אַרויסראַטעווען זי פון היטלערס לאַפּעס און זי עקספּעדירן קיין פּאַלעסטינע. פון די פיר געבליבענע אין לאָדזש זיי־נען צוויי שוין געווען פאַרהייראַט. איינע האָט געהאַט אַ קינד פון דריי יאָר.

אָנקל מאירס הויז איז געווען פול מיט מענטשן. עס איז געשטאַנען אַ געפילדער. אַ הילכיק געמיש פון פרויען־קולות. נאָר ווען עמאַ האָט געעפנט איר מויל, איז מאָמענטאַל געוואָרן שטיל. זי האָט איינגעלאַדן צום טיש. מיט אַ פינגער האָט זי יעדן איינעם אָנגעוויזן זיין פּלאַץ. אַלץ איז געווען ביי איר אויסגערעכנט ביז „צום האָר". דאָ האָבן אַלע פנימער געשיינט פון שמחה, ניט ווי ביים אָנקל גוסטאַוו און ביים אָנקל מענדל. דאָ האָט מאָטעק געפילט, אַז ער איז אַן אָנגעלייגטער גאַסט.

די פיר טעכטער האָבן אַרומגערינגלט מאָטעקן, סאָלטשען און שלומען און זיי פאַרוואָרפן מיט פראַגעס. זיי האָבן געפרואווט רעדן יידיש, כאָטש צווישן זיך האָט מען גערעדט פויליש און דייטש. יעדעס וואָרט וואָס שלום האָט אַרויסגעזאָגט, איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ כאָר פון באַגייסטערונג פון עמאַן און אירע טעכטער און די צוויי איידעמס וואָס זיינען געווען פרומע יונגעלייט.

די טאַנטע עמאַ איז געווען באַרימט מיט אירע גריץ־זופּן און מיט אירע קאַיאָפּאָר פּאַטראַוועס און געדעמפּטע פליישן. מאָטעק האָט געדענקט די טאַנטע פון שטעטל, מער ווי דעם אָנקל. איצט האָט ער זיך אין איר איינ־געקוקט און געפרואווט דערקענען די ענלעכקייט פון אַמאָל. זי איז פולער געוואָרן, וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז זי איז געווען פעט, דאָך ניט צעגאָסן. אירע באַקן האָבן נאָך אַלץ געפלאַמט רויט, נאָר אַרום און אונטער די אויגן האָבן זיך פאַרקליבן הויקערלעך־יאָרן, וואָס האָבן שוין דאַקוטשעט.

דאָ איז דאָס עסן ניט געווען דער עיקר. אָנקל מאיר האָט זיך אַריינגע־

לאָזט אין אַ שמועס מיט מאַטעקן וועגן דער אַרבעטלאָזיקייט אין אַמעריקע, די סיבות פון קריזיס, די אויסזיכטן אויף בעסערע צייטן. ער האָט געוואָלט וויסן וועגן יידישקייט אין אַמעריקע; צי מאַטעק באַלאַנגט צו אַ חברה, צי ער דאַוונט אַמאָל, צי ער געדענקט נאָך וואָס דער טאַטע, ע״ה, האָט מיט אים געלערנט, צי אַ ייד מיט אַ באָרד ווערט ניט געטשעפּעט „ווי ביי אינדז אין פּוילן״, צי מען זעט נאָך אַמאָל פּרוּיען אין שייטלען . . .

מאַטעק האָט געוואָלט צופרידנשטעלן דעם אָנקל און אים דערציילט ווי די שולן זיינען געפּאַקט אין די ימים נוראים; ווי די מלוכה רעספּעקטירט די יידישע מנהגים; ווי אַ סך קרעמער זיינען שומרי שבתניקעס. דער אָנקל איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט און זיך געהאַלטן אין איין גלעטן זיין בערדל.

די טאַנטע האָט מערסטנס פאַרבראַכט מיט סאַלטשען און מיט שלומען, נאָר מיטאַמאָל האָט זי געמאָלדן, אַז זי וויל אויך האָבן — „פּאַר ווערטער״ מיט „דיזען״ מאַטעק. בעת אירע טעכטער זיינען געווען פאַרנומען מיט סאַלטשען און דער אָנקל האָט געשטעלט פראַגעס שלומען וועגן דער רייזע אויף דער שיף, האָט טאַנטע עמאַ זיך אַוועקגעזעצט מיט מאַטעקן אויף דער קאַשעטקע און זי האָט צו אים גערעדט אין דער שטיל.

— זאָג מיר נאָר, דו ליבעס קינד, — איך רוף דיך אַזוי דערפאַר, וואָס איך געדענק דיך דאָך ווען דו ביסט אָט אַזוי גרויס געווען — ווי גייט עס דיר אין דעם אמעריקע? איסט עס עיבען זאָ שלים, ווי די צייטונגען באַשרייבן? און ווי לעבט זיך דיר מיט דער סאַלטשע? זי מאַכט אויף מיר זייער און זייער אַ גוטן איינדרוק. זי איסט איין עכט יידישע האַוז פראַו, איין אשת חיל, נישט וואָר? ביסטו געזונט, גאָט צו דאַנק דערפאַר; איסט זי איין צימליך גוטע קעכין? דאָס איז דאָס וויכטיקסטע. איסט זי איין אמתע באַלעבוסטע? דאָס קינד, גאָט זיי דאַנק, קוקט אויס געפּפלעגט און גוט דערצאָוגן . . .

מאַטעק האָט געוואָלט וויסן פון דער טאַנטע וועגן אירע טעכטער. זי האָט אים געגעבן אין דער שטיל אַלץ דערציילט. זי האָט איינציקווייז צוגערופן יעדע פון די פיר און זיי פאָרגעשטעלט פאַר אים. זיי זיינען אַלע געווען שיין געוואַקסן, פולע פּנימער און פּריילעכע, מיט אויגן פון טיפן בלוי ביז טונקלגרוי. די יינגסטע, יוסטינאַ, איז געווען אַ שיינקייט און ווען זי האָט דערלאַנגט מאַטעקן איר פּוכקע האַנט, האָט ער זי ניט אָפּגעלאָזט גלייך. ער איז דערשטוינט געוואָרן פון איר אויסזען און פאַרן אַוועקגיין זי נאָכאַמאָל געזען. די טאַנטע האָט אָנגעקוואָלן פון זיין אינטערעס אין אירע טעכטער.

יוסטינאַ איז געווען אין די אָנהויב צוואַנציקער. זי איז געווען אַן אויס־

געצייכנטע טענצערין און די שטרענגע מאַמע האָט איר אַלץ נאָכגעגעבן. זי איז געווען די איינציקע פון די קינדער וואָס האָט געמעגט אַהיים קומען נאָך עלף אין אָוונט און ניט אָפּגעבן קיין דין וחשבון וואו זי האָט פאַרבראַכט. מאָטעק האָט איר גלייך אָפּגעגעבן די אמתע קאָמפּלימענטן; זי איז די שענסטע פון אַלע זיינע קוזינעס; ער האָט זיך אין איר פאַרליבט פון ערשטן בליק. זי האָט געלאַכט און אירע טיף־בלויע אויגן האָבן געפינקלט שעלמיש. זי האָט אים געזאָגט, אַז ווען זי וועט קומען מיט איר חתן, אָדער מאַן, צו דער וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק, וועט מאָטעק דאַרפן גוטמאַכן פאַר אַלע קאָמפּלימענטן, וואָס ער האָט איר געגעבן . . .

גוטשיאַ, לאָטשיאַ, מלכה און אַנדזשיא זיינען צוזאַמען אָנגעקומען צום אָנקל מאיר אין הויז אַריין. די טאַנטע עמאַ האָט זיך מיט זיי אַרומגעכאַפּט און גלייך זיי גערופן צום טיש און ניט אויפגעהערט לויבן פאַר זיי מאָטעקן, סאַלטשען און שלומען. די שוועסטער האָבן אויפגעלויכטן. סאַלטשע האָט זיך צום ערשטן מאָל פון איר באַזוך דאָ, דערפילט, ווי אַן אייגענע. שלום האָט געזאָגט דער מאַמען, אַז די טאַנטע עמאַ איז זיין בעסטע טאַנטע. עמאַ האָט אים געגעבן אַ סלאַי מיט האַרטע זויערע צוקערקעס. דאָס האָט זי גע־געבן בלויז געציילטע מענטשן, זינט זי האָט געוואוינט אין לאָדזש, — האָט גוטשיא פעסטגעשטעלט.

פאַרן אַוועקגיין האָט עמאַ סאַלטשען דערלאַנגט אַ העל־גרינעם שווערן סוועטער, וואָס זי האָט פאַר איר ספּעציעל אויסגעשטריקט. סאַלטשע איז געווען גערירט און זי האָט זיך צעקושט מיט עמאַן. גוטשיא האָט זיך אירע אויגן ניט געגלויבט.

.3

מאָטעקן האָט זיך געוואָלט צופאַרן אין שטעטל, וואו ער איז גע־באָרן געוואָרן, נאָר ווי עס איז אים געווען לאַנגווייליק די ערשטע וואָך פון זיין פאַרברענגען אין לאָדזש, אַזוי זיינען די איבעריקע דריי וואָכן אַריבער, איידער מען האָט זיך רעכט אַרומגעקוקט. די טאַנטע העלטשאַ פון טאָמאַשאָוו האָט אויך דערוואַרט, אַז ער וועט קומען מיט זיין פאַמיליע צו איר צוגאַסט. ער האָט מיט איר גערעדט אויפן טעלעפאָן. זי איז געווען קראַנק און ער האָט צוגעזאָגט זי צו באַזוכן, נאָר זיין וואָרט ניט געהאַלטן.

ער האָט אָבער יאָ געהאַלטן וואָרט און באַזוכט זיין קוזינע הינדע, זיין מומע פייגעס טאָכטער. פייגע איז געווען זיין פאָטערס שוועסטער.

הינדע האָט געוואוינט אין האַרץ פון באַלוט. אַ פּאָר מאָל האָט מאָטעק

מיט סאַלטשען און שלומען שפּאַצירט איבער די קרומע געסלעך און אויף די צעבראָכענע טראָטואַרן פון באַלוט. דער באַזוך צו הינדען איז פאָרגעקומען אין אַ שבת נאָכמיטאָג. הינדע האָט אויסגעקוקט ווי אַן עלטערע פרוי, כאָטש זי איז געווען יינגער פאַר סאַלטשען. זי האָט געהאַט דיקע קנייטשן אַרום די ליפּן און זי האָט ניט געקאָנט זיך אָנשטרענגען צו שמייכלען.

— זיצט, זיצט, ליבע געסט. מיין מיידעלע איז מיר מסוכן קראַנק, ניט פאַר אייך געדאַכט. זי דאַרף האָבן פרישע לופט, סאָסנאָווע וועלדער, ניט די באַלעטער לופט, מ׳שטיינס געזאָגט . . . ברוך־לייב, דאָס איז מיין פעטער ליפּעס בן יחיד, וואָס איז געקומען אויף אַ באַזוך פון אַמעריקע, דאָס איז זיין ווייב, אויך אַ לאָדזשערין, און זייער אַמעריקאַנסקער זון.

מאָטעקן האָט דערציילט הינדען וועגן אָנקל קיווע. הינדע האָט געוואוסט, אַז ער איז אַ קורח, אַ יוקס, אַ היצעל. מאָטעק האָט אים פאַרטיידיקט. צוגע־זאָגט איבערגעבן אַ גרוס און זען, אַז דער אָנקל זאָל זיך מיט איר דורכשרייבן.

אין הינדען האָט מאָטעק גלייך דערקענט ענלעכקייט צו זיין פאָטער. זי איז געווען שוואַרץ־חנעוודיק און אין איר רעדן האָט זיך געפילט אַ מין פרומ־קייט, אַ גלויבן אין כוחות פון דער השגחה. אין איר קול האָט מאָטעק דער־קענט זיין טאַטן. הינדע האָט צוגעזאָגט צו קומען זיך געזעגענען צו דער באַן. געוואוסט האָט מאָטעק, אַז זיינע שוועסטער האָבן זיך געהאַלטן אינגאַנצן וויייט פון איר. זיי איז נאָך אַלץ ניט אָנגעשטאַנען וואָס זי האָט געוואוינט אין באַ־לעט (באַלוט).

מאָטעק האָט איבערגעלאָזט אַ פּאָר דאָלאַר לעצט־געלט פאַר איר טעכ־טערל. סאַלטשע האָט פאַר הינדען איבערגעלאָזט אַ קלייד, צוויי פּאָר זאָקן, און איר האַרבסט מאַנטל, וואָס זי האָט געהאַט מיטגענומען אין וועג. מאָטעק האָט פאַרלאָזן הינדעס הויז צעוויייטאָגט.

זינט ער איז געווען אין לאָדזש די פּאָר וואָכן, זיינען אים די געשטאַלטן פון זיינע עלטערן ניט אַרויס פון געדעכעניש. דער באַזוך ביי הינדען האָט אים אינגאַנצן אַריבערגעטראָגן אין דער וועלט פון זיין פאָטער. ער האָט אים דאָך אַזוי ווינציק געקענט. ערשט פאַרן טויט האָט זיך דער פאָטער אָנטפּלעקט פאַר אים. ערשט דאָ האָט ער דערזען, אַז די מחיצה וואָס די אַרומיקע לאַגע האָט געשאַפן צווישן זיי, איז אין דער אמתן געווען די אור־זאַך דערפון, וואָס זיי האָבן זיך ביידע ניט פאַרשטאַנען. וואָלט דער טאַטע היינט געלעבט, וואָלט ער איינגעזען, אַז מאָטעקס וועג, דער וועג פון ערלעכ־קייט, פון אויפקלערונג, פון ניט וועלן לעבן ווי אַ לוין־שקלאַף, איז געווען דער גלייכער וועג. האָט דער פאָטער דאָך קיינמאָל ניט געוואָלט פאַרדינען אַ ניט־ערלעכן גראָשן, האָט ער זיך דאָך אָפּגעזאָגט צו זיין אַ געשעפטסמאַן.

קוקט דאָך מאָטעק אויף געשעפט מיט די זעלביקע אויגן, ווי זיין פאָטער האָט געקוקט. איינזאַם איז ער געווען, דער פאָטער, אין געזעלשאַפט פון זיין פרויס קרובים, די געשעפטסלייט, די געלט־מענטשן. דער פאָטער האָט דאָך געגלויבט פריער פון אַלץ אין ערלעכקייט, אין ניט וויי־טאָן יענעם. ער האָט זיך דאָך מער ניט געוואָלט טרעפן מיט זיין זייער פרומען שוואָגער, זיין שוועסטערס מאַן, היינדעס פאָטער, מחמת ביי אים אין דער שטרומפן־פאַבריק איז פאָרגעקומען אַ סטרייק. ליפע האָט דאָך סימפּאַטיזירט מיט די סטרייי־קערס. זיין פאָטער וואָלט דאָך געווען מיט די גאַסטאָניאַ סטרייקערס, מיט די וואָס האָבן געקעמפט פאַר סאַקאָ־וואַנזעטי; זיין פאָטער וואָלט דאָך פאַר־הערלעכט דעבסן. פאַרוואָס האָט ער געדאַרפט שטאַרבן אַזוי יונג? און אַוועק איז ער פון דער וועלט אַ ניט־פאַרשטאַנענער, אַ ניט־אָפּגעשאַצטער פון דער אייגענער משפחה, אַ גלייך פאַרגעסענער. בלויז גוטשיא, פון אַלע שוועסטער, קאָן אים ניט פאַרגעסן. און עס איז אים אפילו קיין בילד פון אים ניט געבליבן, אַז ער זאָל קאָנען שלומען ווייזן. אַלץ וואָס שלום וועט געדענקען, וועט זיין דער פאַרלאָזענער קבר, דאָס פאַרשימלט ברעטל. יאָ, מען דאַרף מיטנעמען קיין אַמעריקע אַ פּאָר ספרים פון טאַטנס ירושה, וואָס געפינען זיך ביי גוטשיאַן.

מאָטעקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די טאַנטע רעגינטשא וועט זיין פון די ערשטע צו פאַרברענגען מיט אים. זי האָט אים אָבער אויסגעמידן. דאָס הייסט, זי איז אומעטום געווען מיט אים, נאָר גערעדט האָט זי ווינציק, מער זיך איינגעהערט און באַטראַכט די געסט מיט אַזעלכע ניכטערע, דורכדריני־געדיקע אויגן. מאָטעק האָט געוואַרט, אַז זי זאָל פאַרשלאָגן צו קומען צו איר, אָדער צו גיין מיט איר אויף אַ שפּאַציר, נאָר זי האָט ניט געגעבן אָנ־צוהערן אפילו, אַז זי וויל לענגער רעדן מיט אים. זי האָט אים דורך דער צייט געשטעלט אַ פּאָר פראַגעס וועגן אָנקל ווילי, וועגן זיין פרויס טויט און וועגן זיינע קינדער. קיין מיינונג האָט זי ניט אַרויסגעזאָגט. מאָטעק האָט איבערגערעדט די זאַך מיט גוטשיאַן. זי האָט זיך נאָך מער געוואונדערט, מחמת די טאַנטע רעגינטשא האָט אַזוי אָפּט דערמאָנט מאָטעקן די אַלע יאָרן, מער ווי אימיצער אַנדערש פון דער משפחה — און אָט איז ער געקומען און זי האַלט זיך עפּעס אַזוי פון דער ווייטנס. אפשר איז שולדיק געווען אין דעם סאַלטשע? אפשר איז זי רעגינטשאן ניט געפעלן? און פאַרוואָס האָט זי שלומען געשענקט אַזוי ווינציק אויפמערקזאַמקייט?

די לעצטע וואָך אין לאָדזש איז פאַראיבער בליץ־שנעל, האָט זיך יעדן אויסגעוויזן. סאַלטשע האָט איין טאָג פאַרבראַכט איינע אַליין. זי איז אַוועק אין דער פרי און זי איז צוריקגעקומען שפּעט אין אָונט. זי האָט געזאָגט

מאַטעקן, אַז זי וויל זיך טרעפן מיט אירע אַמאָליקע באַקאַנטע; זי וויל אויס־געפינען וועגן איר משפחה; וועגן אירע ברידער. ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט זי דערקלערט, אַז זי איז זייער מיד, זי האָט גאָרניט דערציילט וועגן פאַרבראַכטן טאָג. ווען מאַטעק האָט פאַרזיכטיק געפרעגט, האָט זי געענט־פערט, אַז זי האָט זיך געטראָפן מיט אַ פּאָר אַלטע פריינט, אַז קיין גוטע נייעס האָט זי אים ניט איבערצוגעבן, ווייל זי בעסער איגנאָרירן דערוועגן ניט רעדן.

שלום האָט זיך אַזוי איינגעלעבט מיט אַנקאַן, אַז ביידע זיינען מיטאַמאָל געוואָרן טרויעריק, וויסנדיק, אַז די צעשיידונג זייערע איז נאָענט. צו דער איבעררראַשונג פון דער גאַנצער פאַמיליע זיינען שלום און אַנקאַ געגאַנגען אַרומגענומען. סאַלטשע, וואָס האָט געקענט שלומען ווי אַ שעמעוודיקן בחור, האָט אי זיך געוואונדערט, אי הנאה געהאַט, ווען זי האָט געזען ווי איר שלום האַלט אַנקאַן אַרומגענומען פאַר דער טאַליע.

אויך מאַטעק איז געווען פאַרליבט — אין יוסטינאַן, וועמען דער פאָטער האָט גערופן יוכבד. יעדן טאָג האָט מאַטעק זיך געטראָפן מיט איר. זי איז געקומען צו לאָטשיאַן און געמאָלדן, אַז זי מוז עפּעס איינקויפן פאַר סאַלטשען און זי וויל, אַז מאַטעק זאָל מיטגיין מיט איר. יוסטינאַ האָט זיך ניט גע־שעמט צו קושן מאַטעקן פאַר אַלעמען אין די אויגן. יעדעס מאָל וואָס זי איז געקומען, האָט זי עפּעס געבראַכט פאַר מאַטעקן, אָדער פאַר שלומען, אָדער פאַר סאַלטשען.

נאָר אָט איז געקומען דער מאָנטיק פון זייער אָפּפאָרן. אַ גאַנצן טאָג זונטיק איז לאָטשיאַס הויז פול געווען מיט משפחה — און מיט געוויין. גו־טשיא האָט כמעט די שטוב ניט פאַרלאָזט. זי האָט מאַטעקן ניט אָפּגעלאָזט אויף קיין שעה. איר קול איז געוואָרן ציטערדיק. אַ פּאָר מאָל דורכן טאָג איז זי צוגעקומען צו מאַטעקן און געגלעט זיין שטערן, זיינע באַקן, זיינע הענט . . . „מאַטעק, מאַטעק, זע, ווי די צייט איז אָפּגעפלויגן . . . "

צווישן זיך האָבן מאַטעק און סאַלטשע באַשלאָסן ניט צו דערלאָזן, אַז ס'זאָל בלייבן צופיל צייט אויף געוויין־סצענעס. די באַן איז אָפּגעגאַנגען צוועלף בייטאָג. די מענער וועלן זיין ביי דער אַרבעט. מען דאַרף צופאָרן צו דער באַן וואָס פריער.

דאָך זיינען ביידע, מאַטעק און סאַלטשע, געווען אויסערגעוויינלעך נער־וועז, ווען זיי זיינען אויפגעשטאַנען יענעם לעצטן פרימאָרגן אין לאָדזש. אויך שלום און אַנקאַ זיינען אַרויס אין הויף און זיך ניט געוויזן. סאַלטשע איז געווען אין כעס אויף אים. זי איז אַרויס און אים אויסגערעדט און שלום

איז אַריינגעקומען, נאָר אַנקאַ האָט זיך ניט געאײַלט. זי איז געבליבן אין דרויסן, אין הויף.

איידער מען האָט זיך רעכט אַרומגעקוקט, איז שוין געשטאַנען אַ דראָזשקע אין הויף און באַלד האָט מען געדופן נאָך אַ דראָזשקע און מען האָט זיך אָנגעהויבן אויסזעצן. מען האָט ניט געוואוסט, ווי אַזוי דאָס איז געשען, נאָר די לעצטע צו פאַרלאָזן די שטוב, זיינען געווען מאָטעק און גוטשיא. זיי זיינען געבליבן אַליין און ביידע זיינען זיי אַרויפגעפאַלן אויף די העלדזער און מען האָט זיך צעהעשעט.

— ווער ווייס, צי איך וועל דיך נאָך אַמאָל זען, מיין ליבער, איינציקער ברודער, — האָט גוטשיא געכליפעט.

— מיר'ן זיך נאָך זען אין פריידן, — האָט מאָטעק געפּרואווט טרייסטן, נאָר ער האָט געפילט, אַז זיינע רייד זיינען ניט־עכט.

— איין גאָט ווייס ! — האָט גוטשיא געזאָגט.

זיי זיינען געבליבן שטיין צוגעדריקט איינע צו די אַנדערע און געוויינט אָן ווערטער. זיי האָבן געהערט ווי מען רופט זיי. זיי האָבן געהערט לאָ־טשיאס קול. מאָטעק האָט זיך גענומען קאָנטראָלירן, ווישן דאָס פּנים. גו־טשיא האָט עפּעס געשעפּטשעט אַ תפילה.

די דראָזשקעס זיינען געפאָרן שנעל, שנעל, האָט זיך מאָטעקן אויסגעוויזן. סאַלטשע איז געזעסן מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגן און געהערט, וואָס מען האָט צו איר גערעדט, נאָר ניט געענטפערט. שלום איז געווען בלאַס און אַנקאַ לעבן אים, האָט געביסן די שיינע ליפּן. מאָטעק האָט ניט געקאָנט צו זיך קומען פון דער סצענע מיט גוטשיאַן.

אויפן וואָקזאַל האָבן געוואַרט : אָנקל גוסטאַוו, די טאַנטע עמאַ און יוס־טינאַ. אין אַ ווינקל איינע אַליין איז געשטאַנען הינדע. דאָס געזעגענען איז צוגעגאַנגען שנעל, שנעל... עס איז נאָך געווען גענוג צייט, נאָר מאָטעק האָט וואָס גיכער געוואָלט אַריינגיין אין וואַגאָן. די שוועסטער האָבן נאָכגע־פאָלגט. די זיק־פּלעצער זיינען פול געוואָרן מיט שאַכטלען געבעקס, מיט שאַכטלען שאָקאָלאַד און זעקלעך פרוכט.

די באַן רירט זיך. גוטשיא, מלכה, אנדזשיא, לאָטשיא, אנקאַ גייען נאָך דעם וואַגאָן און וויינען. אָנקל גוסטאַוו שטייט, די הענט אויפן בויך און שאָקלט מיטן קאָפּ. די טאַנטע עמאַ ווישט זיך די אויגן און שמייכלט. יוסטינאַ וואַרפט לופט־קושן. הינדע שטייט ווי פאַרגליווערט.

— דו זעסט זיי נאָך ? — פרעגט סאַלטשע.

— קוים, קוים, — ענטפערט מאָטעק.

— איך זע נאָך אַנקאַן, זי לויפט נאָך די באַן, — האָט געזאָגט שלום.

די באַן פּייפט, הייבט זיך אָן יאָגן. דער רויך פאַרשטעלט די פּאַנאָ־ראַמע. מאַטעק און סאַלטשע זעצן זיך אַוועק מידע, ווי נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט. שלום האַלט נאָך זיין קאָפּ צוגעשמידט צום פענצטער.

— מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז מער וועל איך זיי שוין ניט זען, — רופט זיך אָן מאַטעק צו סאַלטשען.

— זיי ניט קיין נאַר, — ענטפערט סאַלטשע. זי זעט אַז מאַטעקס פּנים איז פאַר׳צער׳ט און איינגעפאַלן. זי האָט רחמנות אויף אים.

— גוטשיאַ האָט זיך מיט מיר געזעגנט ווי אויף אייביק, — זאָגט ער ווי צו זיך אַליין.

— מיר וועלן זיך אָנשטרענגען זי אַריבערצוברענגען צו דער וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק, — שלאָגט פאָר סאַלטשע.

שלום זעצט זיך אַוועק.

— מאַמע, איך בין טויט־הונגעריק, — זאָגט ער און הייבט אָן זוכן צווישן די פּעקלעך.

— וואָס זוכסטו? איך וועל דיר אַליין געבן, — דערקלערט סאַלטשע.

— ניין, מאַמע, אַנקאַ האָט געבאַקן פאַר מיר קיכלעך. מיין נאָמען איז דאָ אויף דער שאַכטל.

שלום געפינט די שאַכטל, אַרומגעבונדן מיט אַ ראָזעווער סטענגע. אויף דער ווייסער שאַכטל איז מיט רויטן טינט אויסגעציקלט שלומס נאָמען אויף פּויליש און אַרום דעם נאָמען איז אויסגעמאָלן אַ קרענצל בלומען. אונטן זיינען אויסגעמאָלן צוויי הענט, וואָס גיבן זיך שלום. אונטער זיי איז אָנגע־שריבן אויף פּויליש „אַנקאַ״. נאָכן נאָמען זיינען אויסגעמאָלן אַראָפּפאַלנדיקע טראָפּנס — טרערן . . .

סאַלטשע ווינקט צו מאַטעקן. ביידע באַאָבאַכטן די סצענע, ווי שלום באַקוקט די שאַכטל אַ שוויגנדיקער. ער לאָזט דעם קאָפּ אַראָפּ. מאַטעק און סאַלטשע דרייען די קעפּ אַוועק. אַלע שוויגן. בלויז די באַן פּייפט צאָרנדיק, ווי זי וואָלט אָנגעזאָגט, אַז זי לאָזט זיך אויף געשלענגלטע וועגן.

קאַפּיטל זיבן און פערציק

# גרוסן

1.

צ־ר־שנעל זיינען אַוועק די דריי וואָכן, וואָס זיינען פאַרבליבן ביזן צוריקקומען קיין ניו־יאָרק. אמת, סאַלטשע האָט שוין געוואָלט זיין אינ־דערהיים, בלויז צוליב דעם וואָס זי האָט איבערגעלאָזט דאָס הויז אין פרעמדע הענט. ווייטער האָט זי הנאה געהאַט פון יעדער שעה אויף דער רייזע. מאָ־טעק האָט, זיצנדיק אין באַן פון לאָדזש קיין וואַרשע און פון דאָרט קיין בער־לין, נאָך אַלץ ניט געקאָנט פאַרגעסן זיינע שוועסטער און זיין משפחה. עס האָט זיך אים אַ פּאָר טעג צייט אויסגעוויזן, אַז ער הערט גוטשיאַס קול, אַז ער פילט לאָטשיאַס וואַרעמקייט לעבן זיך — נאָר ווען דער צוג האָט זיך דערנעענטערט צו פּאַריז, איז ער באַוועלטיקט געוואָרן פון דער שיינער לאַנדשאַפט און דער געדאַנק אַז ער וועט זיין אַ וואָך צייט אין פּאַריז, האָט אים אָנגעפילט מיט דערוואַרטער פרייד. שלום האָט די גאַנצע צייט גע־האַלטן אין איין אַרויסקוקן פון פענצטער און ער איז געווען ווי פאַרשיכורט פון דער רייזע.

זיי זיינען שפּעטער געווען איינשטימיק, אַז פּאַריז איז געווען די בעסטע טייל פון דער גאַנצער רייזע. אין לאָדזש איז יעדער טאָג געווען אָנגעזאַפּט מיט מאָנענדיקע בליקן, מיט פאַרענטפערונגען, מיט טרויער און געוויין. אין פּאַריז איז יעדער טאָג געווען יום־טוב. שלום איז געווען גרייט צו פאַרבלייבן אין פּאַריז זיין גאַנץ לעבן. אויך סאַלטשע האָט פאַרגעשלאָגן, אַז מען זאָל אין פּאַריז כאָטש פאַרברענגען צען טעג, אָנשטאָט אַ וואָך. מאָטעק האָט גלייך מסכים געווען. אמת, זיי האָבן איבערגעלעבט שטערונגען מצד דער שפּראַך. מען האָט געדאַרפט זיך אויסטענהן אויף שטום־לשון, כאָטש מען האָט זיך מערסטנס געפונען „אויפן פּלעצל", אין יידישן געגנט און מען האָט אָפט געגעסן אין אַ יידישן רעסטאָראַן און מען האָט זיך אויך באַקאַנט מיט אַ יידישער אַרבעטער־פאַמיליע, וואָס האָט זיי געפירט וויזן די שטאָט. נאָר עס זיינען געווען מאָמענטן יעדן טאָג, ווען אַלע דריי זיינען געבליבן מיט אַרויסגעשטעלטע צינגער. אַריין אין אַ קאַפע און מען האָט זיך ניט געקאָנט

צוזאַמענרעדן. מען האָט געדאַרפט פאָרן אין אַ באָס און מען האָט געדאַרפט רעדן מיט די פינגער.

דאָס זיינען אָבער אַלץ געווען טשיקאַווע און אָפט אַמוזירנדיקע קלייני־קייטן. די הויפּט־זאַך איז געווען וואָס מען האָט זיך דאָ געפילט אַזוי פריי און לעבעדיק אויף די גאַסן. און שפּאַצירט האָט מען פון אין דער פרי ביז שפּעט ביינאַכט. געגאַנגען דערפאַר, וואָס דאָס גאַנצע לעבן דאָ האָט פּול־סירט אויפן טראָטואַר. סאַלטשע האָט זיך באַקלאָגט, אַז די פיס ווערן איר געשוואָלן פון גיין.

דער געדאַנק אַליין, אַז מען שטייט אויף אין דער פרי אין שטילן האָטעל־צימער און מען איז אינגאַנצן פריי, צו קיינעם ניט פאַרפליכטעט און אַז אין קעשענע איז פאַראַן אַמעריקאַנער געלט, וואָס אַז מען בייט דאָס אויס אויף פראַנקן, ווערט אַ ליכט אין די אויגן, אָט־דער געדאַנק פון זאָרגלאָזיקייט און פאַרגעניגן. האָט אָנגעצונדן שטיפערישע פייערלעך אין די אויגן. דאָס האָט ניט געמיינט, אַז מען האָט זיך ניט אָנגעזען מיט אָרעמקייט און נויט און זשאַנדאַר׳מעריע, וואָס האָט אין באָסעס, מיט קאַרבינען אויף די אַקסלען, באַ־וואַכט די געגנט, וואו ס׳איז פאָרגעקומען אַ קאָמוניסטישע מאַסן־פאַרזאַמלונג, צו וועלכע די נייע באַקאַנטע האָבן די אַמעריקאַנער געסט געבראַכט. יאָ, די פאַרדינסטן פון מיליאָנען פראַנצויזישע איינוואוינער זיינען געווען מיזעראַבל און זייערע לעבנס זיינען געווען מיזעראַבל און דער קאַמף מיט דער רעאַק־ציע איז געווען אַ ביטערער, נאָר מאַטעק און סאַלטשע און שלום זיינען באַ־צויבערט געוואָרן פון אָט דער טייל פּאַריז, וואָס איז פאַר זיי געווען ווי אַ קאַרניוואַל. די קונסט־מוזייען, די קאַטעדראַלן, די קאַפעס, דער אייפל־טורעם, די מאָנומענטן, דער לאַטייניש קוואַרטאַל, די אָפּערא, די האַלעס, די בריקן איבערן טייך סעין — אַלץ, אַלץ האָט זיי באַצויבערט.

— פּאַרי, מיר וועלן נאָך צוריקקומען! — האָט אויסגעשריען אַ פריי־לעכער שלום, ווען די באַן האָט זיך געריהרט אויפן וועג קיין לאָנדאָן.

— אמן! — האָט געענטפערט סאַלטשע, — פון דיין מויל אין גאָטס אויערן.

אין לאָנדאָן איז פאָרגעקומען אַ ניט־איינשטימיקייט צווישן דער פאַ־מיליע. שלום האָט געבענקט נאָך פּאַריז; סאַלטשע האָט זיך געלאַנגווייליקט, נאָר מאַטעק האָט אויסגעדריקט זיין באַגייסטערונג פאַרן ענגלענדער, וואָס איז ציוויליזירט און פילאָזאָפיש און געלאַסן. אים איז געפעלן געוואָרן די איינגעפונדעוועטקייט. אמת, גלייך ביי זייער אָנקומען האָבן זיי זיך אָנגע־שטויסן אויף אַ פּאַראַד פון מלחמה־וועטעראַנען, וואָס האָט זיי שאָקירט. די מלחמה האָט איבערגעלאָזט אַזעלכע שאַרפע קנייטשן אויפן לעבן פון לאָנדאָן;

וועטעראַנען מיט מעדאַלן אויף דער ברוסט האָבן געבעטלט אויף די טראָטואַרן; אַפּישן האָבן אַראָפּגעשריען הילפס־אויפרופן פאַר שפּיטאָלן, פאַר קינדער־היימען, פאַר אַלמנות און יתומים. נאָר מיט יעדן טאָג איז מאַטעק פעסטער געוואָרן אין זיינע איבערציייגונגען, אַז לאָנדאָן איז אַ שטאָט פון נאָרמאַלקייט, אַז דער ענגלענדער איז אַ מענטש פון מוח, ניט ווי דער פראַנצויז — פון סענטימענטן. סאַלטשע און שלום זיינען אָבער ניט איבערצייגט געוואָרן. אַ פאָלק וואָס טאָלערירט נאָך אַ קעניגלעכן רעזשים, אַ פאָלק וואָס לעבט נאָך אויף דעם שווייס און בלוט פון זיינע אימפּעריאַליסטישע קאָלאָניעס, אַזאַ פאָלק איז ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין.

די רייזע אַהיים אויף דער „איל דע פראַנס" איז שוין געווען, ווי אַ שווערער פודינג נאָך אַ זאַטן מאָלצייט. די באַגייסטערונג פאַר דער שיף האָט זיך געהאַט אויסגעוועפּט; דאָס עסן איז שוין ניט געווען קיין נייעס, אפילו דער עולם איז שוין ניט געווען אינטערעסאַנט. מען האָט געוואוסט, אַז דער יום־טוב ענדיקט זיך שוין און די שיף וועט לאַנדן אין האַפן פון אין דער וואָכן.

די גאַנצע צייט פון זייער רייזע אין איירּאָפּע האָט מען אין די פריינט אין ניו־יאָרק ניט געהאַט פאַרגעסן. סאַלטשע איז געווען די שרייבערין; איז יעדן טאָג אַוועק אַ בריוו אָדער אַ קאַרטל צו נאָענטע אין ניו־יאָרק. איבערהויפּט האָט מען געשיקט די בילדער־קאַרטלעך.

צו גאָלדען האָט סאַלטשע געשריבן לענגערע בריוו. דער פרוי הענעסי האָט זי יעדע וואָך געשיקט אַ קאַרטל. אין לאָנדאָן און אין פּאַריז האָט זי אָנגעקויפט מתנות פאַר אַלע באַקאַנטע, וואָס האָבן זיי געהאַט באַגלייט צו דער שיף.

— סאַלטשע, דו גלויבסט אַז עמיצער וועט אונדז אָפּוואַרטן ביי דער שיף?

— האָט מאַטעק זיך געוואונדערט. ער האָט געהאָפט, אַז מען וועט זיי אינזינען האָבן.

— איך האָב צו יעדן געשריבן ווען די שיף קומט אָן, — האָט זי פאַרזיכערט.

— עס וואָלט געווען שיין, ווען מען גייט אַראָפּ פון שיף און עס קומען אונדז אַנטקעגן באַקאַנטע פּנימער, — האָט שלום אויסגעדריקט זיין האָפענונג.

צו זייער פרייד האָבן טאַקע גוטע באַקאַנטע געוואַרט אויף זיי. די ערשטע אַקעגנצולויפן זיי איז געווען פרוי הענעסי, וואָס האָט זיך געקושט מיט אַלע דריי. דאַן האָט אַ שמייכלדיקע גאָלדע געוואַרט מיט איר אסתרקען. און שפּעטער, ווען מען האָט שוין ניט דערוואַרט קיינעם, איז אָנגעקומען לואי דעיוויס מיט זיין בעסין.

צוליב פרוי הענעסי האָבן אַלע גערעדט ענגליש. סאַלטשע האָט די ערשטע אויסגעדריקט איר באַגייסטערונג פאַר דער רייזע.

— איך ווינטש אייך אַלעמען, מיינע טייערע פריינט, אַז איר זאָלט אײַבערלאָזן האַק און פּאַק און מאַכן אַ ווייטע רייזע. עס נעמט אַראָפּ אַ סך אײַבעריקע יאָרן פון אייער פּנים און פון אייער נשמה. איר ווערט צוריק יונג און עס ווילט זיך לעבן און געניסן פון דער וועלט . . . מיר דוכט זיך, אַז אַמעריקע וועט מיר איצט ווערן נאָך נאָענטער און טייערער. עס איז געווען וואונדערבאַר, נאָר עס איז גוט צו זיין אין דער היים.

פאַר גאָלדען, מעקסן, די קינדער און פאַר פרוי יאַקאָבאָוויטש האָט גאָלדע געהאַט מיטגעבראַכט פּרעזענטן פון פּוילן. דאָס זיינען געווען היל־צערנע שיסלען און לעפלען — קונסטווערק. פאַר אַלע איבעריקע — זאַכן פון פּאַריז. קיינעם האָט זי ניט דורכגעלאָזן. אפילו פאַר אָנקל ווילי און פאַר דר. פּאַניאַ אימבער האָט סאַלטשע איינגעקויפט קלייניקייטן. און זי האָט ניט פאַרגעסן די קינדער שכנים פון איר הויז.

דאָס הויז האָט זי געפונען אין גוטן צושטאַנד. דאָס מיידל האָט געהאַט פאַרלאָזן און איבערגעגעבן די שליסלען צו פרוי הענעסי, וואָס האָט אָנגע־פילט דעם אייז־קאַסטן מיט שפּייז. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ וואַזע מיט פרישע בלומען.

עס איז געווען גוט צו זיצן ביים אייגענעם טיש און שלאָפן אין דער אייגענער בעט. עס איז געווען גוט צו שפּאַצירן אויף דער סעקאָנד עוועניו און אפילו צו הערן דאָס קלאַפּן פון עלעוועיטעד.

.2

די ערשטע פאַר וואָכן זיינען געווען ניי, אַלץ איז געווען ניי. מען באַקענט זיך צוריק מיט אַמעריקע. אפילו די אַלטע באַקאַנטע ווערן באַ־געגנט ווי נייע. מען כאַפּט זיך אַרום.

— איך האָב אייך שיעור ניט דערקענט. איר קוקט דאָך אויס וואונדער־באַר. — סאַלטשע האָט פאַר יעדן איינעם אַ קאָמפּלימענט, אַ פריידיק וואָרט.

מאַטעק האָט צוריקגעקראָגן זיין שטעל. קיין סך אַרבעט איז ניט פאַראַן, נאָר אין סאַלטשעס פּאַך ווערט דער „ביזי״־סעזאָן. זי וועט זיך באַלד שטעלן צו דער אַרבעט אין אַ גרויסער קראָם. גראָד וואָלט זי וועלן זיין מער אין דער היים, צו זיך קומען. שלום דאַרף זי נאָך האָבן. מאַטעק האָט ליב, אַז זיין עסן זאָל אים שטיין אויפן טיש.

יעדן זונטיק האָט מען זיך געריכט אויף געסט. אַ גליק וואָס פרוי

העגעסי העלפּט אַרויס. איר מאַן אַרבעט ווידער ניט. קומט איר צונויף די פּאָר דאָלאַר וואָס סאַלטשע גיט איר יעדע וואָך פּאַר ברענגען אין אָרדענונג איר הויז, פּאַר איינקויפן שפּייז, פּאַר געבן שלומען עסן, ווען ער קומט אַהיים פון סקול.

פריער איז גאָלדע געקומען אַליין אין אַן אָוונט. זי האָט פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. סאַלטשע האָט זיך געוואונדערט, וואָס גאָלדע איילט זיך ניט אַהיים גיין. אַ נייגעריקע גאָלדע איז דאָס געווען. זיך נאָכגע־פרעגט אויף לאָדזש, ווי זי וואָלט געוועזן אויסגעבענקט נאָך דער שטאָט, פון וועלכער זי האָט זיך אָפּט אויסגעלאַכט.

מאָטעק האָט זי צוגעפירט צו דער סאָבוועי. גאָלדע האָט אים גענומען אונטערן אָרעם.

— זאָג, מאָטוש, האָסט זיך דערמאָנט אין מיר שפּאַצירנדיק אויף די לאָדזשער טראָטואַרן? ביסט אַמאָל פאַרבייגעגאַנגען די פּלעצער וואו מיר זיינען געגאַנגען צוזאַמען און געשטיפט? אָדער גאָלדע איז דיר אפילו אויפן געדאַנק ניט אַרויפגעקומען?

— יאָ, איך האָב שפּאַצירט מיט אַ פּאַניענקע מיט לאַנגע צעפּ און אַ ווייס קלייד און ווייסע לאַנגע הענטשקעס . . . איך בין געזעסן אויף די טרעפּ ביי דער יאַראָטשינסקי שול און געוואַרט, אַז אַ מיידל מיט אַ העל־בלויען באַנד אַרום דער טאַליע זאָל קומען צו מיר — און זי איז ניט געקומען. נאָר ווען איך בין צוריקגעגאַנגען אין דער שול, האָט זי זיך באַוויזן אַ לאַכנדיקע און געזאָגט: „מאָטוש, היינט וועסטו ניט לערנען. היינט וועל איך אויך ניט לערנען. לאָמיר האָבן אַ מאַיאָווקע און העלענואָוועק". זי האָט מיך איבער־גערעדט און מיר זיינען געווען ווי צווי פאַרשייטע לאַשיקלעך, וואָס מען האָט אַרויסגעלאָזט אויף אַ גרינער לאָנקע.

— מאָטוש, דערציילט מער . . . עס ווערט מיר וואַרעם אין בלוט פון דיינע רייד. איך וועל היינט ניט קאָנען איינשלאָפן. הלוואי וואָלטן מיר גע־קאָנט גיין אַזוי אַ לאַנגע צייט. סאַלטשע וועט זיך זאָרגן, גיי בעסער אַהיים. איך וועל צוקומען מיט דער מאַמען זונטיק. אפשר וועט מעקס אויך קומען. דערצייל ניט סאַלטשען וועגן אונדזער שמועס, מאָטוש.

— גאָלדע, וואָלסט ניט דערקענט לאַטשיאַן. זי איז שיין, נאָר זי איז אַזוי געשעפטלעך — פּראַקטיש. זי האָט זיך מער געביטן ווי דו. אַ גוט נאַכט.

מעקס האָט געבראַכט די גאַנצע משפחה זונטיק נאָכמיטאָג אין זיין קאַר. מעקסן האָט ווידער אָנגעהויבן גיין גוט. רוזוועלט האָט אַרויסגעהאָלפן דעם קליינעם געשעפטסמאַן זיך שטעלן אויף די פיס, האָט ער געזאָגט. פרוי

יאַקובאָוויטש האָט זיך ניט גערעכט, אַז סאַלטשע וועט איר מיטברענגען אַ מתנה פון פוילן. זי איז געווען גערירט דערפון. מעקס איז געווען איבערראַשט, וואָס מאָטעק האָט זיינע קינדער געגעבן מתנות פון פּאַריז. שלום האָט פאַרבראַכט מיט גאָלדעס קינדער. סאַלטשע האָט געשמועסט מיט מעקסן און מאָטעק האָט פאַר גאָלדען און פרוי יאַקובאָוויטש איבערגעגעבן ווי לאָדזש זעט אויס. געענטפערט אויף פראַגעס וועגן זיינע שוועסטער.

נאָר באַלד האָט מעקס געפרעגט מאָטעקן וועגן פּאָליטיק, וועגן די צרות וואָס די קאָמוניסטן טוען אָן אין פראַנקרייך און אין די אַנדערע אייראָפּייאישע לענדער. מאָטעקן האָט דאָס וואָרט „צרות“ אַ ברי געטאָן און עס האָבן אָנגעהויבן פליען ווערטער „פאַשיזם“, „נאַציזם“, „קאָמוניזם“, „אַנטי־אימפּעריאַליזם“. מעקס האָט געהאַלטן, אַז אין אַלע קריזיסן זיינען שולדיק די לינקע. זיי מאַכן אַ טומל און רייצן אָן די מאַסן און ביזנעס ווערט שלעכט. די קאַפּיטאַליסטן דערשרעקן זיך, זיי ווילן ניט אינוועסטירן זייערע קאַפּיטאַלן אין נייע אונטערנעמונגען. מען האָט מורא פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד. מען האָט מורא פאַר אַ נייער מלחמה. ער, מעקס, וויל ניט קיין סאָציאַליזם. אויב רוזוועלט וועט איינפירן מער רעפאָרמען אין לאַנד, וועלן די קאַפּיטאַליסטן אים שטערן.

מאָטעק, וואָס האָט נאָך זיין צוריקקומען פון אייראָפּע זיך אַ נעם געטאָן אַן אויסגעהונגערטער לייענען די צייטונגען, האָט ניט אינגאַנצן געקאָנט פאַרשטיין די לאָגיק פון מעקס׳עס רייד. ער האָט געוואוסט, אַז מעקס איז אַ קנאַפּער פּאָליטיקער, נאָר דאָס וואָס ער האָט איצט אַרויסגעזאָגט, האָט ער דאָך וואו ערגעץ געכאַפּט און ער, מאָטעק, האָט נאָך ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו דערגיין וואָס מעקס איז אויסן געווען מיט זיינע באַמערקונגען.

גאָלדע האָט געשוויגן. נאָר ווען זי איז אַריין מיט מאָטעקן אין קיך אים העלפן סערווירן, האָט זי אין דער שטיל אַ זאָג געטאָן צו אים:

— מעקס איז געוואָרן אַן אמתער רעאַקציאָנער. דער קריזיס האַלט נאָך אָן, נאָר אים אַרט עס שוין ניט, אַזוי לאַנג ווי ער שטעלט זיך צוריק אויף די פיס. די בעסטע זאַך, מאָטעק, איז ניט צו דעבאַטירן מיט אים. רוזוועלט איז שוין פאַר אים צו ראַדיקאַל. מעקס וויל עפענען אַ שאַפּ מיט אַ פּאַרטנער, נאָר די נייע אַרבעטער־געזעצן זיינען אים ניט צום האַרצן. ער וויל אַ שאַפּ אָן אַ יוניאָן. איך האָב שוין לאַנג אויפגעהערט צו רעדן וועגן געזעלשאַפטלעכע זאַכן מיט אים. ער האָט מיר שוין איינמאָל געגעבן אָנצוהערן, אַז איך שטעק זיך אָן מיטן „ביו־דיל“, אַז איך רעד שוין באַלד ווי אַ סאָציאַליסטקע.

מאָטעק האָט זיך צוגעקוקט צו גאָלדען און געזען ווי די ערנסטקייט פאַרלאָזט זי ניט מער. צווישן איר און מעקסן איז געשטאַנען אַ פאַרקאָן

מיט אַ שטעכיקער דראָט.

פאַרן אָפּפאָרן קיין אייראָפּע האָט סאַלטשע זיך געווענדט צו דער טעלע־פאָן קאָמפּאַני וועגן אַריינשטעלן אַ טעלעפאָן אין הויז. אַ וואָך נאָך איר צו־ריקקומען, פּונקט ווען זי האָט זיך אַזוי שטאַרק געוויטיקט אין דעם, איז צוגעקומען אַ נייער מיטגליד אין דער משפּחה — דער געקלאַנג פון טעלעפאָן. דוכט זיך אַ קלייניקייט, אַ שטומע זאַך, נאָר עס האָט אַריינגעבראַכט אַ מאַסע לעבן אין הויז.

גלייך ווי מאָטעק איז אַהיים געקומען האָט ער זיך אָוועקגעזעצט ביים טעלעפאָן און גערעדט צו נאָענטע און ווייטע באַקאַנטע. אויך שלום האָט זיך אין זיין ביכעלע, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון פּאַריז, פאַרשריבן די טעלעפאָן־נומערן פון זיינע קלאַס־קאָלעגן. ווען דער טעלעפאָן האָט גע־קלונגען זיינען אַלע דריי צוגעלאָפן צו אים און זיך איינגעהערט. שלום האָט דעם טעלעפאָן אַ נאָמען געגעבן „מיין שוועסטער“.

עס איז געווען אינמיטן סעפּטעמבער און דער עולם וואָס איז געווען אויפן לאַנד איז צוריקגעקומען אין שטאָט. מאָטעק האָט געשריבן צו זיין אָנקל ווילי וועגן זיין באַזוך און דער אָנקל האָט אים באַלד געענטפערט, אַז ער קלייבט זיך אינגיכן זיין אין ניו־יאָרק און אַז זיין עלטערער זון האָט חתונה געהאַט.

מאָטעק איז צוגעפאָרן צו אָנקל קיווע אים איבערגעבן אַ גרוס פון דער היים. ער האָט קיווען געטראָפן זיצן אויף אַ בענקל אין דרויסן, זיך וואַרעמען אויף דער זון.

— אַזוי, אַזוי, מאָט, ביסטע, הייסט עס, געווען אין יוראָפּ און זיך געזען מיט דער פאַמיליע. איך האָב גערעדט און דו האָסט עס געטאָן . . . וועל, יוראָפּ איז נאָ גוד. פון איין זייט האָסטו די נאַציס און פון דער צווייטער זייט — די בולשעוויקעס.ביידע מעגן ברענען אויפן פייער. די נאַציס ווילן אומ־ברענגען די וועלט און די רויטע ווילן ניט קיין גאָט און קיין ביזנעסלייט. וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך וויל ניט מען זאָל זיך מישן אין מיינע ביזנעס? ווען גייט עס אָן פון וואָס איך וויל מאַכן אַ לעבן? איך גלויב אין פּרייוועט פּראָפּערטי . . . מאָט, דערציילן, דערצייל וואָס טוט זיך דאָרט? איך וועל שוין די יאַזדע ניט מאַכן. די איינציקע יאַזדע וואָס איך וועל יאָ מאַכן, וועט זיין צום רבונו של עולם. איך בין, ניט פאַר דיר געדאַכט, אַן אָפּגעפּאַרענע כלי . . . איינער אַליין אין הויז. כ'מאַך מיר אַליין עסן, אַמאָל קומט אַריין אַ שכנה און גרייט עפּעס צו פאַר מיר. ס'איז אַ הינטיש לעבן, זאָג איך דיר. מיין משהלע וויל איך זאָל וואוינען מיט אים, נאָר פאַר מיר איז גענוג, אַז איך קום צו אים איינמאָל אַ וואָך און כ'זע זיך מיט מיינע אייניקלעך, זאָלן לעבן און געזונט זיין. דאָס איז גענוג. בין איך אַ גוטער גאַסט. ניט אַזוי?

— אַנקל קיווע, איך האָב אייך געבראַכט עפּעס. מיין פאָטער האָט אונדז קיין געלט ניט געלאָזט, קיין הייזער אַוודאי ניט. געבליבן איז פון אים אַ ביכער־שראַנק מיט ספרים. צווישן די ספרים איז געווען אַ מחזור, אין וועלכן אייער פאָטער, מיין זיידע, האָט געדאַווענט. מיין שוועסטער האָט באַהאַלטן מיין פאָטערס ספרים. זי האָט מיך געלאָזט אויסקלייבן עטלעכע, האָב איך פאַר אייך אויסגעקליבן דעם מחזור, זאָל ער אייך דערמאָנען אין אייער פאָטער.

קיווע איז געווען גערירט. דער מחזור איז נאָך געווען אין אַ גוטן צושטאַנד, געבונדן אין טייערן לעדער, מיט גילדענע ראַנדן. קיווע האָט אים געגלעט, אַריינגעקוקט אין אים, פאַרזשמורעט די אויגן און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ער וועט אונדז אַלעמען איבערלעבן. ער האָט איבערגעלעבט מיין פאָטער, דיין פאָטער, ער וועט מיך איבערלעבן. דו האָסט דאָך ניט קיין יוז פאַר אים. מיר וועט ער צונוץ קומען. ס׳איז געווען זייער שיין פון דיר מיך אינזינען צו האָבן. דאָס איז ביי מיר טייערער ווי גאָלד.

מאָטעק האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און גערעדט מיט קיווען וועגן הינדען און איר קראַנק מיידעלע. ער האָט דערציילט דעם אָנקל, אַז ער האָט איבערגעלאָזט געלט פאַר זיי. ער האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז ער דערוואַרט, אַז קיווע זאָל שיקן אַ פאַר דאָלאַר צו הינדען. דער אָנקל האָט פאַרשטאַנען זיין מיין.

— ווען די צייט וועט ווערן בעסער, וועל איך אַטענדן דערצו. היינט לעב איך פון גרייטן. איך האָב געוואונען די קעיס קעגן מיין געוועזענעם איידעם וועגן מיין הויז. אַ מכה וועט ער האָבן דאָס הויז. איך האָב מיט אים געסעטלט. אים געגעבן אַ פאַר הונדערט דאָלאַר און גיי ברעך אַ פוס. וואָס עס פאָלט מיר אַריין פון דעם הויז, פון דעם לעב איך. דאָס הויז לאָז איך איבער צו די אייניקלעך.

.3

סאַלטשע האָט גערעדט מיט לואיזן אויפן טעלעפאָן. לואיז איז נאָר־וואָס געהאַט געקומען פון די בערג. בען איז ניט געווען אין שטאָט. זי האָט זיך דערפרייט מיט סאַלטשען, צוגעזאָגט אַרויפקומען די זעלבע וואָך. זי וועט איר טעלעפאָנירן פריער. בעני איז אָ־קעי.

סאַלטשען איז ניט געפעלן געוואָרן דער „אָ־קעי". זי האָט פאַרדעכטיקט, אַז צווישן בענען און לואיזן איז וואָס פאָרגעקומען. אויב אַזוי, וועט זי זיך

מוזן אַריינמישן. בען מוז ווערן אַ לייט, אַניט וועט ער פאַרשוואַרצן די באַ־
וועגונג. לואיז איז אַ גאָלד.

סאָלטשע האָט איינגעלאַדן לואיזן צו קומען אויף וועטשערע. גראָד האָט סאָלטשע יענעם טאָג געאַרבעט און זי איז אַהיים געקומען אַ האַלבע שעה שפּעטער ווי זי האָט דערוואַרט. און גראָד האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז מאָטעק האָט טעלעפאָנירט, אַז צוליב אַן אַנטוויקלונג אין זיין יוניאָן, האָט ער אַ דרינגענדיקן מיטינג גלייך נאָך דער אַרבעט און ווער ווייס ווען ער וועט אַהיים קומען.

לואיז איז געקומען פּינקטלעך אין צייט און זי האָט געטראָפן סאָל־טשען אין אַ פיבערהאַפטיקן צושטאַנד צוגרייטנדיק וועטשערע. שלום איז געווען אויסגעהונגערט. סאָלטשע האָט געהאַט אַ שווערן טאָג. נאָך גוט וואָס פרוי הענעסי האָט יענעם טאָג געהאַט אויפגעראַמט דאָס הויז. דערזעענדיק לואיזן האָט סאָלטשע זיך געפילט שולדיק און זיך אָנגעהויבן אַנטשולדיקן.

— סאָלטשע טייערע, איר געפעלט מיר זייער אין דעם צושטאַנד. עס איז, דוכט זיך, ניטאָ קיין שענער בילד ווי דאָס וואָס איך זע פאַר זיך. אַ גאַנצן טאָג האָט איר געאַרבעט, איצט ווילט איר זיך נאָך אַנטשולדיקן פאַר מיר פאַר ניט האָבן גרייט דעם סאַפּער. איר זייט וואונדערבאַר, סאָלטשע. איך פאַרער אייך, טייערע.

פאַר לואיזן האָט סאָלטשע מיטגעבראַכט אַ בראָנזענע סטאַטועטקע פון שאַפּען. זי האָט עס געקויפט אין לאָדזש. לואיז איז געווען גערירט פון דער מתנה.

סאָלטשען האָט פאַרדראָסן וואָס מאָטעק וועט אַהיים קומען שפּעט. דאָס מיינט, ער וועט שוין ניט הנאה האָבן פון זיין עסן. ער'ט כאַפּן אַ סענדוויטש אין גאַס און אין דער היים וועט דאָס עסן ווערן קאַלט און אָן טעם. זי האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט אַנשטעקן לואיזן מיט איר שלעכטער שטימונג און זי האָט זיך אַ נעם געטאָן צו פאַרטרייבן פון זיך די זאָרג.

— לואיז טייערע, איך האָב אייך אַזוי פיל צו דערציילן און איך וויל פון אייך אויסגעפינען אַזוי פיל זאַכן. ערשטנס, ווי פילט איר און ווי פילט בען? האָט איר גוט פאַרבראַכט דעם זומער? וואָס מאַכן אייערע עלטערן?

לואיז איז געווען געלאַסן ווי תמיד. איר פּנים איז געווען פאַרברוינט און געזונט, נאָר די אויגן זיינען געווען מיד און סאָלטשע האָט אין זיי אַריינ־געלייענט אומצופרידנקייט מיט בענען. לואיז האָט ניט געקאָנט אויסבאַ־האַלטן פון איר אירע געפילן.

שלום איז נאָכן עסן גלייך אַריינגעגאַנגען צו זיך אין צימער טאָן זיין היים־אַרבעט. לואיז איז געבליבן אַליין מיט סאָלטשען. סאָלטשע האָט באַ־

שלאָסן וואָס ווינציקער צו דערציילן וועגן איר רייזע און וואָס מער אַרויס־קריגן רייד פון לואיזן וועגן איר לעבן מיט בענען. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז לואיז איז גרייט דערפאַר.

— לואיז, וואו געפינט זיך בען אַצינד? און ווי לעבט זיך אייך אין אַלגעמיין? וואָס קלייבט איר זיך טאָן היינטיקן ווינטער? צי קלייבט איר זיך ווערן אַ הויז־פרוי? עס איז שווין, גלייב איך, צייט, אַז איר זאָלט זיך אָפּגעבן צו אייערע הויז־פליכטן.

— סאַלטשע, בען איז אין דעטראָיט. ער איז אַריינגעטאָן אין אָרגאַ־ניזירן די אויטאָמאָביל אַרבעטער. דאָרט טוט זיך אָפּ מיט שפּיאָנען, וואָס די באַלעבאָטים האָבן אַריינגעשיקט אין די יוניאָנס. בענס לעבן איז ניט איינמאָל אין געפאַר, נאָר ער ווייס ווי אויפצופּאַסן אויף זיך. ניט אומזיסט האָט ער אַ צייט לאַנג פאַרבראַכט ביים וואַסער־פראָנט, צווישן די פּראַכט־אַרבעטער. איך האָב שוין בענען ניט געזען באַלד צען וואָכן צייט. מיר שרייבן זיך דורך.

— פאַרוואָס פאָרט איר ניט צו אים? בענקט איר ניט נאָך אים? ער איז דאָך צו פאַרנומען צו קומען צו אייך. און קיין וואַקאַציע האָט ער, ווייזט אויס, איינגאַנצן ניט געהאַט.

— ס'איז אמת, סאַלטשע, אַז איך בענק נאָך אים. נאָר דאָרט וועל איך אים זיין אַ שטער. ווען בען נעמט זיך אונטער אַ מיסיע, ווערט ער אַריינגע־טאָן אין דעם מיט לייב און לעבן. איך וויל אים ניט שטיין אין וועג. איר פאַרשטייט?

— יאָ, לואיז, נאָר וואָס איך פאַרשטיי ניט איז, צי איר זייט איינשטימיק צו אַזאַ לעבן?

— איך האָב בענען ליב, סאַלטשע, ער איז מיין מאַן. איך וועל דורכ־גיין מיט אים אַלע געפאַרן. גאַסטאָניאַ איז געווען דער פּרוביר־שטיין.

— לואיז, איך פאַרהאָף, אַז איר וועט פאַרגעבן מיין נייגעריקייט. מיר זיינען דאָך פרויען, און איר וועט מיר פאַרגעבן מיין אָפנהאַרציקייט. נאָר מיר דוכט זיך, אַז איר זייט ניט גליקלעך מיט בענען. איך דערלויב זיך אייך צו זאָגן דאָס, דערפאַר וואָס בען איז מאָטעקס אַ יאָרנלאַנגער פריינט. אויב איך קאָן מיט עפּעס אייך באַהילפיק זיין, וועל איך דאָס האַלטן פאַר מיין עלעמענטאַרער פליכט צו טאָן. איך האָב אייך צופיל ליב, לואיז, ניט צו קאָנען דערפילן, אַז עפּעס דריקט אייך און איך מיין, אַז דער שולדיקער איז בען.

— איר האַלט זיך פאַר אַ מענטשן־קענער און עס קאָן אייך ניט איינ־פאַלן, אַז איר טרעפט ניט אָפּט? פאַרוואָס פעלט אייך איין, אַז איך בין ניט

גליקלעך מיט בענען? ווער האָט דאָס אייך געזאָגט? האָב איך אייך געגעבן װעלכע ס'איז אָנצוהערעניש װעגן דעם?

לואיז האָט געשמייכלט ניט־נאַטירלעך, נאָר איר קול איז געװען ערנסט און פון די אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ טרויער. סאַלטשע האָט איר געקוקט גלייך אין פּנים אַריין און אירע רייד האָבן זי ניט שאָקירט און זי האָט זיך ניט געפילט געטראָפן.

— גוט, לואיז, איר זייט מיין גאַסט און פאַרגעסט מיינע נאַרישע פראַגעס. דאָס איז איינע פון מיינע גרעסטע שוואַכקייטן. איך מיין גוט, טאַקע דערפאַר װאָס איך גלויב, אַז דאָס פּריוואַטע לעבן פון אונדזערע חברים זאָל שטיין אויסער פאַרדאַכט אין דער עפנטלעכקייט, ציטער איך אַזוי איבער זייער פּריוואַט לעבן. עס װערט ביי מיר אַ געזעלשאַפטלעכער ענין און דערפאַר דערלויב איך זיך צו פרעגן און אַריידרינגען. איך טאָר דאָס ניט טאָן. איר װעט מיר פאַרגעבן, טייערע, יאָ?

לואיז האָט געפרעגט סאַלטשען פאַרװאָס זי איז ניט געפאָרן אין סאָװעטן־פאַרבאַנד. סאַלטשע האָט איר דערקלערט, אַז ס'איז ניט געװען גענוג צייט דערפאַר. דער שמועס איז אַריבער אויף דער לאַגע אין פּוילן. סאַלטשע האָט דערציילט װעגן מאָטעקס שוועסטער. לואיז איז געװען שטאַרק פאַראינטערעסירט. אינמיטן סאַלטשעס דערציילן איז אָנגעקומען מאָטעק. ער איז געװען אויפגערעגט און מיד. לואיז האָט שוין געװאָלט אַװעקגיין. נאָר מאָטעק װאָס האָט ניט געװאָלט עסן, איז אַריין אין פאַרברענג־צימער און צווישן אים און לואיזן האָט זיך באַלד אַנטוויקלט אַ שמועס װעגן בענען און זיין אַרבעט אין דעטראָיט. דאָס װאָס לואיז האָט געהאַט צו דערציילן װעגן דער יוניאָן פון אויטאָמאָביל־אַרבעטער, װעגן דער גרינדונג פון דער „סי. אַי. אָ." האָט מאָטעקן אויפגעברויזט.

— שרייבט אים, אַז איך האָב פאַר אים אַ שיינע מתּנה פון פּאַריז. איך װעל עס אים געבן נאָר װען איך װעל אים זען. װען קלייבט ער זיך צוריקקומען?

— מאָט, ער שרייבט מיר ניט װען, נאָר מיר דוכט זיך, אַז ער װעט דאָרט זיין אַ לאַנגע צייט. איך פאַרנעם זיך אַצינד מיט יוגנט־טעטיקייטן און איך װעל בלייבן אין ניו־יאָרק. איך גיב אויף מיין אַפּאַרטמענט און קלייב זיך צוריק אַריין צו מיינע עלטערן.

— לואיז, גיט מיר בענס אַדרעס, װעל איך זיך מיט אים דורכשרייבן. איך װייס ניט פאַרװאָס מיר זאָלן זיין אָפּגעפרעמדט איינער פון צווייטן נאָך אַזוי פיל יאָרן פון פריינטשאַפט.

לואיז האָט אים אויף אַ קאַרטל אָנגעשריבן בענס אַדרעס אין דעטראָיט.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און געמאָלדן, אַז זי מוז אַהיים גיין. סאַלטשע האָט פאָרגעשלאָגן זי צופירן צו דער סאָבוועי.

— גיין, איך וועל פאָרן אין אַ טעקסי, סאַלטשע, נאָר אויב איר ווילט זיך אַביסל דורכגיין, וועל איך עס אָפּשאַצן.

— יאָ, כ'בין אַ גאַנצן טאָג געווען אינווייניק. איך מוז אַרויס אַביסל אויף דער לופט.

סאַלטשע האָט גענומען לואיזן אונטערן אָרעם. ביידע האָבן געשוויגן. לואיז איז געגאַנגען צו דער ריכטונג פון יוניאָן סקווער. עס איז געווען פינצטער און פוסט.

— סאַלטשע, איר זייט אַ מאָדנע מיידל, — האָט פלוצלינג אַ זאָג געטאָן לואיז, — איר גיט יענעם אַ שטאָך און עס טוט וויי, נאָר ווען מען עפנט אַ בלאָטער און עס גייט אַרויס די מאַטעריע, הערט אויף וויי טאָן. אייערע שאַרפע אויגן דערקענען אַ בלאָטער אונטער דער הויט. איך האָב אייך ליב, סאַלטשע.

— איך האָב געמיינט, אַז איר האָט מיר שוין אַנטשולדיקט. איך פאַר־זיכער אייך, אַז איך וועל זיך קיינמאָל מער ניט מישן אין אייערע פריוואַטע עסקים.

— סאַלטשע, איך בין ניט גליקלעך מיט בענען. מיר האָבן געהאַט עטלעכע שאַרפן איבערריידן און עס איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז מיר גייען זיך פאַנאַנדער פאַר אַ צייט. איך האָב אים נאָך אַלץ ליב, נאָר איך צווייפל צי ער האָט מיך ליב.

— איך גלויב אייך, לואיז, און עס ווילט זיך מיר ניט גלויבן. איך בין איבערצייגט, אַז עס מוז געפינען ווערן אַן אויסוועג. עס איז זעלטן צו טרעפן אַזאַ צוגעפּאַסט פּאָרל ווי איר זייט . . . איך האָב מורא צו פרעגן, איך האָב מורא זיך צו מישן.

— איך וועל אייך אַליין זאָגן אין וואָס עס האַנדלט זיך: איך האָב גע־וואָלט האָבן אַ קינד. איך בין איין־און־דרייסיק יאָר אַלט.

— פאַרוואָס וויל בען ניט?

— אים אַרט עס ניט. ער פאַרשטייט עס ניט.

— לואיז, עס איז שווער צו רעדן אין גאַס וועגן דעם. אפשר זאָלן מיר אַריינגיין אין אַ קאַפעטעריע?

— סאַלטשע, איך וועל אייך אַ קלינג טאָן און מיר וועלן זיך זען און איך וועל אייך אַלץ דערקלערן. איר זייט אויסגעמאַטערט. אָט איז אַ טעקסי. איר זייט אַ טייערע נשמה. אַ גוטע נאַכט.

## קאַפּיטל אַכט און פערציק

# בען און סטענלי

### .1

ד"ר. פאַניאַ אימבער איז געווען דאַנקבאַר סאַלטשען פאַר די קאַרט־לעך, וואָס זי האָט איר געשיקט פון וועג. נאָר ווען זי האָט דערהאַלטן פון סאַלטשען אַ מתנה פון פּאַריז — אַ שאַכטל מיט אַ פלאַש פּאַרפיום און פּודער, איז דאָס פאַר איר געווען אַ פריידיקע איבעררא‌שונג. פאַניאַ האָט באַלד גע־ענטפערט מיט אַ לאַנגן בריוו.

סאַלטשע האָט פאַניאַס בריוו פאַרגעלייענט פאַר מאָטעקן און ביידע האָבן זיך געאייניקט, אַז פאַניאַן גייט עס גוט אין בענגאָר; זי איז צופרידן מיט איר באַלעבאַטיש שטיל לעבן. נאָר אַז זי בענקט נאָך ניו־יאָרק. סאַלטשע האָט זיך דערמאָנט ווי פאַניאַ פלעגט מיט איר ניט איינמאָל רעדן וועגן איר מעדי־צינישער קאַריערע, וואָס האָט פאַר איר געמיינט אַ וועלט פון וואונדער, אַ פעלד פון אינטערעסאַנטער אַרבעט, אַ אידעאַל פאַר וועלכן עס לוינט זיך מקריב צו זיין. מען האָט זיך דערמאָנט ווי איבערגעגעבן פאַניאַ איז געווען די ערשטע צייט, ווען זי האָט געעפנט איר אָפיס אין דער ערשטער עווועניו און ווי אירע פאַציענטקעס האָבן זי פאַרערט, און ווי איבערגעגעבן פאַניאַ איז געווען צו איר פּראַקטיק. געלט האָט גאָרניט געמיינט פאַר איר, צייט איז געווען ניט באַגרענעצט פאַר יעדן פאַציענט. די ליבע צו איר אַרבעט האָט איבערגעשטיגן אירע פערזענלעכע נויטן. אָט טאַקע דאַן האָט זיך סאַלטשען אויסגעוויזן, אַז פאַניאַ האָט פאַרגעסן אין איר אייגן לעבן, אין איר אייגן גליק. און דערפאַר האָט סאַלטשע געצויגן איר אויפמערקזאַמקייט וועגן חתונה האָבן, וועגן בויען זיך אַהיים.

איצט האָט זי פון פאַניאַס בריוו אַרויסגעלייענט אַ זאַטקייט, אַ זעלבסט־צופרידנקייט. פאַניאַ האָט מער ניט דערמאָנט איר פּראַקטיק. פאַרקערט, זי האָט זיך באַרימט, אַז זי אַרבעט לייכט און אַז זי פאַרברענגט מער צייט אין אויפפּאַסן אויף איר גאָרטן און אויף אירע הינט, קעץ, קאַנאַריקלעך און גאָל־דענע פישלעך, ווי אויף אירע פאַרמעגלעכע פאַציענטקעס. זי האָט געשריבן מער וועגן די מואוויס, וואָס זי זעט יעדע וואָך און וועגן די ראַדיאָ־פּראָגראַמען

וואָס אינטערעסירן איר, ווי וועגן דער ראַדיקאַלער באַוועגונג ביי איר אין שטאָט. פאַקטיש האָט זי וועגן דעם גאָרנישט ניט געשריבן. ניט דערמאָנט די סקאַטסבאָראָ קעיס, ניט דערמאָנט די לאַגע אין דייטשלאַנד, ניט דערמאָנט די אַרבעט וואָס איר סטען טוט אין בענגאָר.

— ווי האָט זיך דאָס אַן אינטעליגענטער מענטש געקאָנט אַזוי בייטן?

— האָט סאַלטשע געפרעגט מאָטעקן און ניט דערוואַרט פון אים קיין ענטפער.

מאָטעק האָט טאַקע געשוויגן. נאָר ווען סאַלטשע האָט מיט אים שפּע־טער גערעדט וועגן לואיזן, האָט ער שוין אָנגעשטעלט מויל און אויערן. ער האָט געקענט זיין בענע, נאָר אים האָט זיך געדוכט, אַז ער איז אין איר שטאַרק פאַרליבט. עס האָט אים ממש ווי געטאָן פאַר לואיזן וואָס זיי זיינען ניט צוזאַמען מער.

— לואיז האָט צוגעזאָגט מיר צו טעלעפאָנירן. זי וויל מיט מיר, ווייזט אויס, איצט געבוי זיך דורכרעדן. איך האָב געוואונען איר צוטרוי.

— וואָס דו זאָלסט ניט טאָן, סאַלטשע, נאָר זיי פאָרזיכטיק. פאַרטיידיק בענען און זע צי דו קאָנסט זיי צונויפברענגען, און אויב איך קאָן עפּעס טאָן לטובת זיי ביידן, וועל איך אפילו צופאָרן צו בענען אין דעטראָיט און מיט אים אַ שמועס טאָן.

— איך הייב ניט אָן וויסן וואָס דו אָדער איך קאָנען טאָן אין דעם פאַל. מאָטעק, מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז אַ באַוועגונג־ענין. מיט דעם מיין איך צו זאָגן, אַז עס איז פאַראַן זייער ניט קיין געזונטע טענדענץ אין דער באַוועגונג צו מינימיזירן דאָס היים־לעבן. בען איז אַ ביישפּיל פון דעם וואָס איך מיין. ער וויל זיך ווידמען דעם אידעאַל. גוט און פיין. נאָר צוליב דעם דאַרף לואיז בלייבן אָן אַ קינד, אָן אַ היים? ער וויל אויפבויען, אָדער העלפן אויפבויען אַ נייע יוניאָן־באַוועגונג, זייער וואויל. דאָס וועט מיינען, אַז די אויטאָמאָביל־אַרבעטער אין דעטראָיט וועלן אויסקעמפן בעסערע באַדינגונגען, און אַזוי ווייטער. אויסגעצייכנט. נאָר שטעלסטו זיך פאָר, אַז עמיצער פון די אַר־בעטער וועט דערפאַר אויפהערן האָבן קינדער? איך פרעג דיך: פאַרוואָס קאָן בען ניט פירן קיין נאָרמאַל פאַמיליע־לעבן? פאַרוואָס זאָל ער זאָגן צו דער איינ־און־דרייסיק־יעריקער לואיז, אַז עס אַרט אים ניט, אויב אונטער די הייַנטיקע אומשטענדן, וועט זי ניט האָבן קיין קינד; דערפאַר וואָס ער וויים ניט וואו ער וועט מאָרגן זיין און וואָס וועט פאַסירן מיט אים אָדער מיט איר. וואָס פאַר אַ צוגאַנג איז דאָס? און ער איז דאָך ניט דער איינציקער, מאָטעק.

— סאַלטשע, עס איז געווען אַ צייט, ווען איך האָב פונקט אַזוי געפילט ווי בען.

— דאַרפסט עס מיר ניט דערציילן. גאָלדע האָט עס מיר אויסדערציילט. און אין דיין פאַל בין איך געווען, ווי מען זאָגט אין אַמעריקע, די גליקלעכע. ווען איך וואָלט דאָ געווען בעת דער מלחמה, וואָלסטו מסתם מיר אויך געזאָגט, אַז פריער דאַרפסטו ברענגען די סאָציאַלע רעוואָלוציע און דערנאָך וועסטו זיך באַטראַכטן, צי דו זאָלסט חתונה האָבן. ס׳איז קלאָר — קעגן לואיזן און מסתם קעגן טויזנטער ווי זי ווערט באַגאַנגען פון אייך מענער אַ פשוטער, עלעמענטאַרער פאַרברעכן . . . איך וועל דיר זאָגן אָפן, ווען בען זאָל אַריינפאַלן צו אונדז אין שטוב, וואָלט איך מיט אים אָן שום צערעמאָניעס גערעדט וועגן דעם. עס איז ביי מיר ניט קיין פערזענלעכער ענין. ס׳איז אַ באַוועגונג־ענין. און איך האָב אַ רעכט דערצו. בפרט אַז איך האָב מיט בענען שוין ניט איינמאָל גערעדט וועגן זיין פריוואַטן לעבן. איך האָב אפילו געטראַכט וועגן שרייבן צו אים, נאָר, ניין, איך מוז זיך אָפּהאַלטן.

— קאָנסט מער קאַליע מאַכן מיט שרייבן, סאַלטשע. זאָלסט ניט דערוועגן זיך צו טאָן דאָס.

— יאָ, ווי דו שאַנעוועסט בענס פעל. און איך טראַכט, אַז מען קאָן לואיזן פאַרלירן פאַר דער באַוועגונג. זי קאָן צעבראָכן ווערן פיזיש און גייסטיק פון בענס האַנדלונג. ווי איך פאַרשטיי האָט ער דעם גאַנצן ערנסטן ענין אָפּגעפּטר׳ט מיט אַ מאַך מיט דער האַנט, אָדער מיט אַ ניט דערבאַקענעם זאַץ. אויב לואיז וועט מיר מאָרגן ניט טעלעפאָנירן, וועל איך איר אָנקלינגען. איך רעכן זיך ניט מיט מיינע שטימונגען, איך דאַרף איר העלפן. זיכער איז איר שווער אָנצוהויבן רעדן מיט מיר וועגן דעם. איך וואָלט דאָס אויך ניט געקאָנט טאָן.

סאַלטשע האָט געוואַרט אומגעדולדיק צוויי טעג און אַזוי ווי לואיז האָט ניט טעלעפאָנירט, האָט סאַלטשע צו איר געקלונגען.

— לואיז, איך רוף אייך דערפאַר וואָס איך אַרבעט ניט היינט. אפשר ווילט איר צוקומען און מיטאָגן מיט מיר? עס איז מיר אומעטיק אַליין צו עסן. שלום עסט אין סקול.

— סאַלטשע, איר וועט מיר אַנטשולדיקן וואָס איך האָב אייך ניט טעלעפאָנירט, ווי פאַרשפּראָכן. איך האָב ניט געוואָלט פאַרנעמען אייער צייט. אויב איר ווילט, וועל איך צוקומען. איר ווייסט ווי גוט איך פיל זיך אין אייער געזעלשאַפט.

און לואיז איז געקומען צו דער אָפּגערעדטער צייט. געקומען מיט פּעקלעך. אַ שאַכטל שאָקאָלאַד פאַרן הויז; אַ בוך פאַר שלומען; אַ שניפּס פאַר מאָטעקן און אַ קאָמפּעקט פאַר סאַלטשען.

— איך בין סאַנטאַ קלאַוז, — האָט זי געלאַכט.

קעגן סאַלטשען איז לואיז געזעסן נידעריק אין וואוקס און איידל אין געבוי. אויך איר קול איז געווען דין און שוואַך. נאָר גראָד אָט די צאַרטקייט האָט ביי סאַלטשען אַרויסגערופן אַ וואַרעמקייט צו איר, ווי צו אַ קלענערער שוועסטערל. זי האָט געגלעט אירע האָר, זי האָט זי געצערטלט, ווי עפּעס אַ טייערע, אָן אָפּגעהיטע זאַך.

און געוואוסט האָט זי, אַז לואיז וועט ניט אָנהויבן רעדן. זי, סאַלטשע, וועט מוזן זיין די ערשטע. ס'איז פּיינלעך, נאָר ס'איז איר פליכט.

— לואיז, איך קאָן ניט פאַרשטיין בענען. איר ווייסט, אַז איך קען אים שוין גאָר אַ לאַנגע צייט און פון שטענדיק אָן האָב איך מיט אים גערעדט אָפן וועגן זיין לעבן און איך האָב אים אויסגערעדט פאַרוואָס ער שטעלט ניט איין קיין נאָרמאַל לעבן. וואָס הייסט דאָס, אַז אים אַרט ניט וואָס ער וועט ניט האָבן קיין קינד? ווי קאָן אַ קעמפער פאַר אַ ניי לעבן אַזוי רעדן? איך וואָלט וועלן ער זאָל עס מיר דערקלערן. איר ווייסט, לואיז טייערע, אַז דאָס איז ניט קיין אויסנאַם־פאַל, נאָר דאָס איז אַ מכה אין אונדזער באַוועגונג, אַ קראַנקער ווינקל אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן בנין. מען מוז אים אויס־היילן, באַקעמפן אָט דעם פאַלשן, שעדלעכן צוגאַנג. האָט איר אים געפּרואווט אויפקלערן וואָס אַ קינד מיינט פאַר אייך?

— סאַלטשע טייערע, איר פאַרשטייט דאָך, אַז וועגן אַזאַ ענין איז ניט לייכט צו רעדן אפילו מיט אַן אייגענעם מאַן. מען גיט אים אָנצוהערן, מען מאַכט אַ שפּאַס, מען גיט אַ ביישפּיל, ווי איך האָב דאָס געטאָן פון אייער נאָרמאַל לעבן, פון אייער שלומען . . .

— איך האָב ליב אונדזער באַוועגונג, סאַלטשע, און איך בין גרייט זיך צו מקריב צו זיין פאַר איר. נאָר פאַרוואָס זאָל איך ברענגען אַן אומזיסטן קרבן מיין מוטערשאַפט? איך האָב געלייענט וועגן אַ סך קעמפערינס וואָס זיינען געווען אויסגעצייכנטע מאַמעס און געהאַט פיל קינדער און זיי איז אפילו נישט איינגעפאַלן, אַז די רעוואָלוציע וועט ליידן צוליב דעם. עס איז, גלויב איך, אַן אומזין אַזוי צו טראַכטן און דאָך ווייס איך, אַז בען איז ניט קיין אויסנאַם. אַ סך מענער אין אונדזער באַוועגונג האָבן דעם מאָדנעם צו־גאַנג. עס איז ניט ריכטיק, עס איז שרעקלעך.

— לואיז, לאָמיר קוקן אויף דער דערשיינונג מיט ניכטערע אויגן. עס איז די ניט־זיכערקייט מיטן היינט און נאָך מער מיטן באַלדיקן מאָרגן וואָס דערברענגט צו דער לאַגע. אונדזער'ס אַ מענטש איז דאָך אָבער אַן אָפּטימיסט און אַן אָפּטימיסט טאָר ניט האָבן אַזאַ ניט־גלויבן אין זיך און אין די כוחות פון זיין באַוועגונג. איך ווייס איין זאַך, אַז פּעסימיסטיש בין איך נאָר געוואָרן דאַן, ווען איך בין געבליבן איינזאַם, נאָך דער מלחמה, אין לאָדזש; ווען

מיינע פריערדיקע באַקאַנטע, ווי מאַטעקס פאַמיליע, און אַנטלאָפענע פון דער באַוועגונג, האָבן מורא געהאַט צו רעדן מיט מיר, דערפאַר וואָס איך בין געזעסן אין טורמע פאַר מיינע סימפּאַטיעס צום סאָוועטן־פאַרבאַנד. זינט איך האָב אַ קינד, בין איך, דוכט זיך מיר, געוואָרן מער קעמפעריש. איך האָב גרעסערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

— יאָ, סאַלטשע, איר זייט פולשטענדיק גערעכט. איר רעדט אין גייסט פון עלא מעי וויגינס, וואָס איז אַ מאַרטירער פון אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס. איך געדענק ווי זי האָט מיר ניט איינמאָל געזאָגט, אַז ניט איר מאַנס פריצייטיקער טויט האָט געווירקט אויף איר, אַז זי זאָל ווערן אַקטיוו אין דער יוניאָן, נאָר דאָס בילד פון אירע קליינע קינדער, וואָס זיינען אָפט געבליבן הונגעריקע נאָכן עסן, האָט זי געמאַכט מיליטאַנטיש און קלאַסן באַוואוסטזיניק. בעז האָט מיט איר ניט איינמאָל גערעדט. ער האָט געזען ווי זי האָט געקעמפט אויף דער פּיקעט־ליין און ער האָט פון איר אייגן מויל ניט איינמאָל געהערט איר אַרגומענט וועגן פאַרזיכערן די צוקונפט פון קינד.

— פאַלט אייך אָבער ניט איין, מיין טייערע, אַז גראָד עלא מעיס אַרגו־מענטן האָבן געווירקט אויף אים פאַרקערט? אפשר שטעלט זיך בעז פאָר, אַז אויך ער וועט פאַלן אין שלאַכט און זיינע קינדער, ווי עלא מעיס, וועלן בלייבן ווי אויף הפקר. אפשר טראַכט ער, ער, וואָס האָט איבערגעלעבט אַ וועלט־מלחמה, אַז מיר דערנעענטערן זיך צו אַ נייער וועלט־מלחמה און ער וויל ניט ברענגען קיין צוויי סאַלדאַטן אויף דער וועלט . . .

— איך ווייס ניט, סאַלטשע, נאָר בעז וואָס קען שטיין פאַר אַן עולם און רעדן אַ לאַנגע צייט, האָט וועגן דער פראַגע מיט מיר ניט געפונען פאַר נויטיק צו רעדן קיין צען מינוט . . .

דער שמועס צווישן סאַלטשען און לואיזן האָט אָנגעהאַלטן נאָך לאַנג. לאָגיק און עמאָציע האָבן זיך פאַרפלאָנטערט און לואיז איז געווען די ערשטע צו מאַכן אַ סוף צו די אַרגומענטן.

— פאַראַן מאָמענטן, סאַלטשע, ווען איך וויל פאָרן קיין דעטראָיט און זאָגן צו בענען: „גוט, איך שטים איין מיט דיר. מער וועלן מיר ניט רעדן וועגן דעם. מער וועל איך דיר ניט פאַרוואַרפן קיין זאַך. איך וועל, אַזוי ווי דו, זיך אינגאַנצן אָפּגעבן צו אונדזער אידעאַל און איך וועל מקריב זיין מיין פּערזענלעך לעבן. גיב מיר אַ פּאָסטן און איך וועל זיך נעמען צו דער אַר־בעט". נאָר ווען איך גיי אַרויס אין גאַס, אַזוי צו זאָגן, און איך זע ווי מענטשן לעבן און איך זע ווי נאָרמאַל זיי לעבן, דאַן רעוואָלטירט אַלץ אין מיר און אַלע מיינע אברים פרעגן מיך: „פאַרוואָס קאָנסטו אַזוי ניט לעבן?" — דאַן פיל איך, ווי איך ווער צעפּלאַצט פון רעוואָלט וואָס קומט פאָר אין מיר און

איך וויל אויסשרייען צו בענען: „אויב דו האָסט מיך באמת ליב, דאַן לאָמיר לעבן אַ נאָרמאַל לעבן. ניין, בען, דו האָסט מיך ניט ליב. דו ביסט שמאָל־קעפּיק, דו ביסט מיר אַ שונא, — ניט קיין פריינט״ . . . סאַלטשע, מיר זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. ער ווייסט פאַרוואָס. ער שרייבט צו מיר ווי ער וואָלט געשריבן צו איינעם פון זיינע פריינט. ער ווייס ווי שטאַרק ער האָט מיך פאַרוואונדעט. ער פרעגט אפילו ניט, צי מיין וואונד פאַרהיילט זיך. ער דערמאָנט אינגאַנצן ניט דאָס וואָס האָט געבראַכט צו אונדזער צעשייד־קייט. איך שטעל זיך פאָר, אַז ווען איך שרייב צו אים, אַז איך וויל אַ גט פון אים, דערפאַר וואָס איך וויל נאָכאַמאָל חתונה האָבן, וועט ער מסתם נאָכגעבן. עס וועט אים ניט אַרן. איר פאַרשטייט, סאַלטשע, בען איז אַ מענטש וואָס זיין פּערזענלעך לעבן אַרט אים ניט. ער האָט ניט קיין קאַריערע, קיין פּערזענלעכע אינטערעסן. אָפן גערעדט, איך קאָן אַזוי־אַ נישט לעבן. איך בין אַ פרוי, איך וויל זיין אַ מאַמע, ווי מיין מוטער איז, איך וויל בויען אַ היים און ניט וואַנדערן יעדע דריי חדשים . . . סאַלטשע, איך לאָז דאָס דערוויייל גיין ווי עס גייט, נאָר איך ווייס, אַז עס וועט פאָרקומען אַן ענדערונג אין מיר. איך וועל באַשליסן אַהין־אָדער־אַהער. איך שטאַם פון אַ הויז פון אַדוואָ־קאַטן און איך וועל אַזוי לאַנג אַרגומענטירן מיט זיך אַליין, ביז איך וועל דער־גרייכן צו אַ באַשלוס.

ביי זיך האָט סאַלטשע, נאָך לואיזעס אַוועקגיין, באַשלאָסן ניט צו פאָלגן מאָטעקן און יאָ צו שרייבן אַ בריוו צו בענען און מיט אים ריידן אָפענע דיבורים.

.2

סאַלטשע האָט זיך געקאָנט זוויסדריקן צום בעסטן אין יידיש. בען האָט קיין יידיש ניט געקאָנט לייענען. זי האָט געוואוסט, אַז פרוי הענעסי איז אויך שטומפּיק אויף דער ענגלישער גראַמאַטיק. שרייבן אַ בריוו מיט גרייזן האָט סאַלטשע ניט געוואָלט. האָט זי באַשלאָסן צו נעמען שלומען צוהילף.

די באַציאונג צווישן מאַמע און זון איז געווען, ווי צווישן אַן עלטערן און אַ יינגערן פריינט. סאַלטשע האָט געוואוסט, אַז שלום שרייבט זיך דורך מיט אַנקאַן. איין בריוו פון איר האָט ער דער מאַמען געהאַט געוויזן. אַנקאַ האָט געשריבן יידיש מיט לאַטייניש בוכשטאַבן. זי האָט אויך אַ פּאָר זאַצן אויסגעלייגט אויף יידיש. דאָס איז געווען שלומס איינפלוס. אַנקאַ האָט געבעטן אַנדזשיאַן, אַז זי זאָל מיט איר לערנען יידיש. לאָטשיא האָט גע־לאַכט, וואָס עס האָט געדאַרפט קומען אַן אַמעריקאַנער קינד און איבעררעדן

אַנקאָן, אַז זי זאָל זיך לערנען זשאַרגאָן. שאַטן וועט עס איר ניט.

סאָלטשע האָט פאַר זיך געהאַט צוויי פּראָבלעמען מיטן בריוו וואָס זי האָט געוואָלט שרייבן צו בענען. ערשטנס, האָט זי ניט געוואָלט, אַז מאָטעק זאָל דערפון וויסן. צווייטנס, וועט שלום וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. זי האָט אים געוואָלט אָנשרייבן אויף יידיש און זאָל ער איר העלפן איבערזעצן אויף ענגליש. האָט זי דאָס אויף אַן איינפאַכן אופן דערקלערט שלומען, וואָס זי וויל טאָן און אַז דעם טאַטנס מיינונג וועגן דעם איז אַ פּאַרקערטע. שלום האָט אויסגעהערט און פאַרשטאַנען איין זאַך — בען און לואיז האָבן זיך צע־קריגט, סאָלטשע וויל זיי איבערבעטן. נאָר סאָלטשעס ענגליש איז גאָרניט געווען אַזוי שלעכט. שלום האָט דאָ און דאָרט אויסגעבעסערט די אָרטאָ־גראַפיע און דעם זאַץ־בוי, ווייטער האָט סאָלטשע געקענט אַרויסגעבן אויף פּאַפּיר אַלץ וואָס זי האָט אין זינען געהאַט צו שרייבן.

פון לואיזן, האָט זי געשריבן, האָט זי זיך דערוואוסט, אַז ער איז אין דעטראָיט אויף וויכטיקער אַרבעט. נאָר פון לואיזעס טרויער אין די אויגן האָט זי זיך אָנגעשטויסן, אַז זי איז ניט גליקלעך. לואיז איז אָבער אַ שוויי־געריין. נאָר אַזוי ווי ער, בען, קען סאָלטשען, ווייס ער דאָך, אַז סאָלטשען גייען אָן מענטשלעכע געשעענישן. און ווי לואיז האָט זיך געפּרואווט אַרויסדרייען פון אירע הענט, האָט זי אָבער ענדלעך פון איר אַרויסגעקראָגן דעם אמת, דעם גאַנצן אמת. לואיז ווייס ניט, אַז דער בריוו ווערט געשריבן. פּערזענלעך מעג זיך בען פירן וואָס פאַר אַ לעבן ער וויל, נאָר דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ געזעלשאַפטלעכן ענין. יאָ, אַ געזעלשאַפטלעכן ענין. זי, סאָלטשע, האָט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג צו קומען וועגן דעם קיין דעטראָיט און אויפנעמען דעם ענין מיט בענען. מאָטעק ווייס גאָר ניט דערוועגן. אַלזאָ, זי וויל ניט, אַז בען זאָל פאַרלירן לואיזן. זי וויל ניט, אַז לואיז זאָל פאַרלירן בענען. אויב ער האָט זי נאָך ליב — און אַז לואיז האָט אים ליב, דאָס ווייס זי, סאָלטשע, — דאַן מוז בען גלייך גוטמאַכן זיין גרויסן פאַרברעכן וואָס ער האָט אין באַגיין קעגן איר און קעגן דער געזעלשאַפט. זי מוז דעם בריוו שרייבן. ס'איז איר פליכט צו וואָרנען בענען, אַז ער האַנדלט קעגן די אינטערעסן פון דער באַוועגונג.

נאָכדעם ווי זי האָט געהאַט דעם בריוו אַוועקגעשיקט, האָט סאָלטשע נאָך אַלץ דעבאַטירט מיט זיך אַליין צי האָט זי ריכטיק געהאַנדלט. אפשר האָט זי זיך ניט געדאַרפט מישן. אפשר וועט זי מער שלעכטס טאָן ווי גוטס. אפשר איז מאָטעק גערעכט. נאָר אַזוי האָט זי געפילט און אַזוי האָט זי געטאָן. איצט איז איר געוויסן ריין.

עס איז ניט אַוועק קיין וואָך צייט און עס איז אָנגעקומען אַן ענטפער

פון בענען. ס׳איז געווען אַ קורץ בריוול, געשריבן מיט אַ דערפּאַרענער, שנעלער האַנטשריפט. ס׳איז געווען פּיין פון איר זייט וואָס זי האָט געשריבן צו אים און ער איז איר דאַנקבאַר וואָס זי איז אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט אין זיין וואוילזיין. ער וואָלט איר באַדאַרפט ענטפערן אַ לאַנגן בריוו, נאָר אַזוי ווי ער קלייבט זיך זיין אין ניו־יאָרק קריסטמעס צייט, וועט ער דאַן מיט איר אויפנעמען און באַשטימען די גאַנצע זאַך.

סאַלטשע איז געווען מער ווי צופרידן. זי האָט דאָס בריוול געוויזן מאַטעקן. ער איז געווען אין כעס און ער האָט עס איר גלייך געזאָגט:

— האָסט געמעגט אָננעמען מיין עצה. ערשטנס, שרייבט מען ניט וועגן אַזעלכע זאַכן.

— איך האָב ניט אַרויסגעשריבן די דעטאַלן. איך האָב געשריבן פאַרשטעלט אַזוי, אַז בלויז בען וועט דאָס פאַרשטיין.

— און צווייטנס, האָלט איך עס נאָך אַלץ פאַר אַ פּערזענלעכן ענין צווישן אים און לואיזן. ס׳איז אַן אינטימער ענין און דו האָסט געדאַרפט רעספּעקטירן די אינטימקייט.

— מאַטעק, אָט דאָס איז די צרה, וואָס איר פאַרשטייט ניט אַזעלכע זאַכן. אַ קינדערלאָזע פרוי איז אַ געזעלשאַפטלעכער מינוס. אויף אַ קינדערלאָזן מאַן טייטלט מען ניט מיט די פינגער ווי אויף אַזאַ פרוי. בען אָן אַ קינד וועט רעספּעקטירט ווערן ווי אַ פירער. ער וועט געפינען זיין באַפרידיקונג אין זיין טעטיקייט. ער וועט געלויבט ווערן פאַר זיין אַרבעט. לואיז אָן אַ קינד וועט זיין אַ צעבראָכענער מענטש. ווי טעטיק זי זאָל ניט ווערן, ווי זי זאָל זיך ניט אויסצייכענען מיט איר אַרבעט, נאָר אָן אַ קינד וועט מען קוקן אויף איר מיט רחמנות. און מען דאַרף נישט קוקן ווייט. איין בליק אויף לואיזן קאָן מען דערזען, אַז זי איז געבאָרן צו זיין אַ מוטער. און זי איז איצט איין־און־דרייסיק יאָר אַלט.

צו סאַלטשעס פאַרוואונדערונג האָט זי אויסגעפונען, אַז לואיז האָט ניט געוואוסט, אַז בען קלייבט זיך זיין אין ניו־יאָרק אין צוויי וואָכן אַרום. אַ פּאָר טעג נאָכדעם ווי זי האָט דערהאַלטן דעם בריוו פון בענען האָט סאַלטשע טעלעפאָנירט לואיזן און איר ניט דערציילט וועגן בריוו, נאָר פשוט געוואָלט אויסגעפינען, וואָס זי מאַכט און פאַרבייגייענדיק געפרעגט לואיזן, צי זי האָט דערהאַלטן עפּעס בריוו פון בענען. יאָ, בען האָט איר געשיקט אַ לאַנגן בריוו וועגן די אַנטוויקלונגען ביי פאָרדן און וועגן דער „סי. אַי. אָ.״

— וועגן קומען קיין ניו־יאָרק שרייבט ער צו אייך ניט? — האָט סאַלטשע אומשולדיק געפרעגט.

— ניין, סאַלטשע, ער איז שרעקלעך פאַרנומען. איצט איז דאָרט אַ קאַמף־שטימונג.

סאַלטשע האָט געשוויגן. נאָר אין דריי טעג אַרום האָט לואיז געקלונגען און אָנגעזאָגט די בשורה, אַז זי האָט נאָר־וואָס דערהאַלטן אַ בריוו פון בענען, אַז ער קומט אויף קריסטמעס. סאַלטשע וועט אים קאָנען דאַן זען, אויב זי וועט וועלן.

און אַזוי האָט סאַלטשע זיך געריכט אויף צוויי געסט, — אויף פאַניאַן פון בענגאַר, מעין און אויף בענען פון דעטראָיט.

די ערשטע איז געקומען דר. פאַניאַ אימבער מיט איר מאַן סטענלי. איינגעשטאַנען איז זי אין אַ האָטעל אין טאַימס סקווער געגנט. סאַלטשע האָט זיך געוואונדערט. זי האָט דאָך אַ ברודער און אַ שוועסטער אין שטאָט. נאָר פאַניאַ האָט איר אויפן טעלעפאָן דערקלערט, אַז זי איז טאַקע מערסטנס געקומען צוליב טאַימס סקווער. זי האָט נאָך פון בענגאַר רעזערווירט בילעטן פאַר פאַרשיידענע פאָרשטעלונגען, אַניט וואָלט זי גאָרניט געקאָנט זען אין דער אויספאַרקויפטער קריסטמעס וואָך. יעדן אָוונט וועט זי זיין אין אַן אַנדער טעאַטער, קאָן זי צו איר ניט קומען, סיידן קריסטמעס אָוונט, נאָר דאַן קומט זיך די משפחה צוזאַמען ביי איר ברודער.

סאַלטשע איז ניט באַשטאַנען. פאַר איר איז געווען וויכטיקער זיך צו זען מיט בענען. אויב פאַניאַ איז צו פאַרנומען, דאַן זאָל זי גיין וואו ס'איז איר נעענטער. אָט דאָס ווערט פון פריינט, האָט זי זיך באַקלאָגט פאַר מאָטעקן.

נאָר פאַניאַ האָט דעם נעקסטן פרימאָרגן ווידער טעלעפאָנירט, זי מוז קומען זי זען, זי מוז זען שלומען, זי וויל זען מאָטעקן. נאָר וואָס טוט מען, אַז יעדע מינוט איז ניט אירע מער. זי וויל באַזוכן איר אַלטן שפּיטאָל, זי וויל גיין איינקויפן נייע מכשירים.

גראָד איז סאַלטשע געווען יענע וואָך פאַרנומען. זי האָט געאַרבעט אין אַ קראָם און געאַרבעט איבערצייט. פאַניאַ איז פּלוצלינג געקומען מיט סטענלין און סאַלטשען ניט געטראָפן אינדערהיים. געטראָפן האָט זי שלומען. זי האָט זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט און ער האָט איר דערציילט וועגן דער רייזע. זי האָט אים געזאָגט, אַז זי קלייבט זיך אויך מאַכן אַ רייזע אין אייראָפּע.

מאָטעק איז אַהיים געקומען פון דער אַרבעט און געטראָפן פאַניאַן מיט סטענלין, סאַלטשע האָט געהאַט אָנגעגרייט וועטשערע פאַר איר הויזגעזינט. פאַניאַ און סטענלי האָבן אויפגעגעסן סאַלטשעס חלק און מאָטעק האָט געוואָלט ווייזן, אַז ער קאָן אויך זיין אַ באַלעבאַסטע.

— ווי גוט איר קוקט ביידע אויס, — האָט מאָטעק אויסגערופן, — איר זייט דאָך יינגער געוואָרן, פאַניאַ! און איר, סטענלי — איך וואָלט אייך ניט

דערקאָנט. מען קאָן אייך אָנגעמען פאַר אַ רעספּעקטאַבלען ביזנעסמאַן, ניט פאַר קיין פּאַרטיי־טוער.

— מאָט, איך האָב שוין לאַנג אויפגעגעבן מיין פּאַרטיי־אַרבעט. זאָלן עס טאָן יינגערע פון מיר. איך פאַרנעם זיך מער מיט שטודירן אַמעריקאַנער געשיכטע און מיט אַביסל ריעל־עסטעיט.

— ווי קומט איר צו ריעל־עסטעיט? פון פּאַרטיי־אַרבעט צו אַזאַ דער־גראַדירענדיקער שטופּע — ריעל־עסטעיט. מיט די קאַמפן וואָס גייען איצט אָן און מיט דער גרינדונג פון דער „סי. אַי. אָ.“ זייט איר גאָר אַוועק אויף אַנ־דערע וועגן? און דאָס שטעלט אייך צופרידן?

נאָר דער שמועס איז אונטערבראָכן געוואָרן. סאַלטשע איז אָנגעקומען. זיך צעקושט מיט פאַניאַן. זי איז געווען זייער הונגעריק. נאָר זי האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז פאַניאַ און סטענלי האָבן אויפגעגעסן איר חלק. האָט זי געזאָגט, אַז זי האָט ניט קיין אַפּעטיט און זי האָט אָפּגעקאָכט אַ פּאָר לויזע אייער און פאַרטרונקען מיט קאַווע.

באַלד איז געוואָרן היימלעך. פראַגעס איבער פראַגעס, געלעכטער און דערמאָנונגען.

— ביסט אַריינגעפאַלן ווי אַ יון אין אַ סוכה, פאַניאַ. האָסט מיר אָפּגע־טאָן אויף טערקיש.

— ס'איז אַזוי געווען. מיר האָבן היינט אָוונט געדאַרפט גיין אין טע־אַטער, נאָר פיר נעכט נאָכאַנאַנד טעאַטער איז אַביסל צופיל אפילו פאַר אַזעלכע פּראָווינציאַלן ווי מיר זיינען. האָבן מיר די בילעטן אַוועקגעגעבן מיין שוועסטער. זי איז שוין פינף יאָר ניט געווען אין קיין טעאַטער אויף בראָדוועי . . . סאַלטשע, דו האָסט כמעט ניט צוגענומען קיין וואָג. גיב אַ קוק אויף מיר. מיך אַרט עס שוין ניט. אויב עס אַרט ניט סטענליך, אַרט עס מיך אַוודאי ניט. ביי אונדז אין בענגאָר עס איך זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ וועגן פּאַציענטן. עס האָט זיך מיר איינגעגעבן צו קריגן די פאַרמעגלעכסטע אין שטאָט. מערסטנס אַלטוואַרג. ס'איז ניט די אַמאָליקע ערשטע עווועניו און עס איז ניט די אַמאָליקע פאַניאַ, וואָס האָט זיך גענומען צום האַרצן וואָס די רוסישע לאַנדספּרוי מיינע האָט געהאַט קענסער. יאָ, איך האָב זיך גע־בימט. וויפל לעבט אַ מענטש? וויל איך געניסן פון לעבן. און, סאַלטשע און מאָטעק, איך האָב הנאה פון יעדן טאָג. מיר זעצן זיך אַריין אין דער קאַר און מיר לאָזן זיך אַרויס אויף אַ צוויי שעה'איקן שפּאַציר אין דער געגנט, איז עס אַ פּראַכט, אַ פּראַכט, אַ חיות. דאָס איז ביי מיר אַלץ ווערט. איך ווייס, איר וועט זאָגן: מיר זיינען פאַרבורזשואַזעוועט געוואָרן; ס'איז אמת. נאָר מיין האַרץ איז אויף דער ריכטיקער זייט, ווי דער אַמעריקאַנער

זאָגט. איך שטיץ די באַוועגונג מיט ניט קיין קליינע סומען. איך שרייב אויס אַלע אונדזעריקע זשורנאַלן און איך ווייס וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. נאָר אַקטיוו זיך באַטייליקן קאָן איך ניט. עס איז ניט אין מיר. און איך האָב איבערגערעדט סטענלין, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין פּאַרטיי־אַרבעט. ער איז שוין ניט קיין יונגערמאַן. ער האָט שטענדיק געוואָלט שטור־דירן די אַמעריקאַנער געשיכטע. איצט טוט ער וואָס אים איז ליב. יאָ, מיר גיבן צו אונדזערע שוואַכקייטן. מיר ווילן געניסן פון לעבן. זיכער איז אייך אין ניו־יאָרק אינטערעסאַנטער. נאָר ס׳איז אַ רעלאַטיווער באַגריף. הער, סאַלטשע, איך האָב צוויי הינט און צוויי קעץ און פינף קאַנאַריקלעך און אַ טוצן גאָלד־פישלעך. זיי זיינען אינטערעסאַנטער פון מיינע פּאַציענטן. איך לאַנגווייל זיך ניט. סטענלי איז פאַרנומען אַ פּאָר שעה אין טאָג — ער איז פאַרבונדן מיט אַ ריעל־עסטעיט אַגענטור. אַמאָל מאַכט זיך אים אַ דיעל, פאַרדינט ער אַ פּאָר דאָלאַר, איז — אַוועקגעלייגט דאָס געלט אויף אַ רעגנ־דיקן טאָג. מערסטנס זיינען מיר צוזאַמען — און אונדזער לעבן איז אַ וואַ־קאַציע. אַזוי דאַרף מען לעבן.

סאַלטשע האָט זיך צוגעהערט צו פּאַניאַס האַפּערדיקע רייד און זי האָט געטראַכט פון לואיזן. זי האָט געקוקט אויף דעם אָנגעפּרעסענעם סטענלי און זי האָט געטראַכט פון בענען. פּאַניאַ האָט גערעדט צופיל, האָט זי באַ־שלאָסן ביי זיך. און דאָס איז ניט געווען קיין גוטער סימן. עס וואָלט געוועזן אַנדערש ווען זי איז מיט פּאַניאַן אויג אויף אויג. דאַן וואָלט זי מסתם גע־האָט אַן אַנדער לידל צו זינגען. נאָר סאַלטשע איז מער ניט געווען פאַר־אינטערעסירט אין פּאַניאַן און אַוודאי ניט אין סטענלין.

נאָך זייער אַוועקגיין האָט מאַטעק זיך אָפּגערופן צו סאַלטשען:

— ווי געפעלט דיר זייער גן־עדן?

— מאַטעק, איר גאַנץ לעבן איז בלויז אַן אָנשטעל. אין האַרצן איז זי אומגליקלעך. איך קען פּאַניאַן בעסער, ווי דו קענסט זי און ווי זי קען זיך אַליין. דאַן ווען זי איז געלעגן דאָ אויף דער קושעטקע, דאַן איז זי געווען די אמתע פּאַניאַ. היינט איז זי אַ בלאָף. זי נאַרט זיך אַליין און מיינט, אַז זי קאָן אונדז אָפּנאַרן. נו, פּטור.

אין צוויי טעג אַרום האָט געקלונגען לואיז. בען איז דאָ אין שטאָט. ער האָט אַ ריי קאָנפערענצן. ער שטייט איין אין אַ האָטעל. אירע עלטערן האָבן געהאָפט, אַז ער וועט איינשטיין ביי זיי, נאָר ער האָט זיך אַנטשולדיקט. ער איז יעדן אָוונט פאַרנומען מיט מיטינגען ביז העט פאַרטאָג. און ס׳איז דאָך אמת. עס זיינען געקומען טעלעגראַמען פון גאַנצן לאַנד. בען איז אַ וויכטיקער טוער. ער האָט דערמאָנט, אַז ער וויל זיך זען מיט מאַטעקן און

סאַלטשען. ער האָט גענומען דעם טעלעפאָן נומער. נאָר מען דאַרף ניט אַנטוישט ווערן, אויב ער וועט ניט קומען און אויב ער וועט אפילו ניט רופן. דאָס איז בען.

נאָר בען האָט אין אַ טאָג אַרום געקלונגען. סאַלטשע איז שוין געווען אין בעט. ס'איז געווען נאָך עלף אין אָוונט. מאָטעק האָט געטראָפן.

— דאָס מוז זיין דער צעדרייטער בען. קיין אַנדער מענטש וועט ניט טעלעפאָנירן אַזוי שפּעט. איך וועל צוגיין און אים אויסזידלען.

— וואָס דען, איך האָב ניט געטראָפן? בען, ווילסט אַריבערקומען? ערנסט גערעדט, ווען זעט מען דיך? ווילסט רעדן צום אמתן באָס? זי שלאָפט שוין. איך זאָל זי אויפוועקן?

סאַלטשע איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן.

— איך בין אַזוי צופרידן וואָס איר האָט גערופן. ווען זעען מיר זיך? איך ווייס, אַז איר זייט געפערלעך פאַרנומען, נאָר שטעלט זיך פאָר, אַז איך בין אויך אַ קאָנפערענץ. איך בין אַ קאָקוס. אַבי איר פאַרשטייט. מאָרגן איינס נאָכמיטאָג אין טשאַילדס ביי דער זיבן־און־פופציקסטער און פינפטער עוועניו. פיין. אַ טיש פאַר צוויי. נאָך בעסער.

סאַלטשע האָט יענעם טאָג געאַרבעט, נאָר זי האָט באַשלאָסן דעם צווייטן האַלבן טאָג צו זיין פריי.

## קאַפּיטל ניין און פערציק

# קינדער

.1

סאַלטשע איז שלעכט געשלאָפן יענע נאכט. ערשט אין דער שטילקייט און אין דער פינצטערניש פון צימער איז פאַר איר קלאָר געוואָרן וואָס פאַר אַ פעקל זי האָט אויף זיך גענומען. זי דאַרף זיך טרעפן מיט בענען. זי מישט זיך אַריין אין אַן אינטימען עניין, ווי מאָטעק האָט עס אָנגערופן. וואָס וועט בען איר זאָגן? מעגלעך, אַז ער וועט זי אויסזידלען און זאָגן, אַז זי איז אַ יידענע און אַז זי זאָל ניט שטעקן די נאָז וואו זי דאַרף ניט. מעגלעך אַז ל'ואיז וועט ווערן אויפגעבראַכט ווען זי וועט זיך דערוויסן, וואָס סאַלטשע האָט אָפּגעטאָן. מעגלעך, אַז מיט איר אַריינמישן זיך האָט זי

גאָר קאַליע געמאַכט. דערפאַר וואָס בען וועט האָבן אַ בייטש איבער לואיז: „גייסט אַרום און באַרעדסט מיך. סאַלטשע דאַרף וויסן, וואָס צווישן אונדז קומט פאָר?"

אויפגעכאַפּט האָט זיך סאַלטשע פאַרטאָג. עס איז נאָך געווען שטאַרק פינצטער. שלום איז יענע וואָך אין סקול ניט געגאַנגען. זי האָט ערשט געדאַרפט זיין אין דער קראָם צען אין דער פרי. מאָטעקס אָנבייסן איז געווען אָנגעגרייט. ס'איז איר שווער געווען אויפצושטיין. עס טוט איר שוין באַנג דער גאַנצער עסק מיט בענען. אפשר זאָל זי ניט גיין און זיך אַרויסדרייען פון דער גאַנצער זאַך? אפשר זאָל זי זאָגן בענען, אַז זי באַדויערט דעם בריוו און זי וויל זיך מער ניט מישן? אפשר זאָל זי אָנקליגגען לואיזן און איר דערציילן דעם אמת און פרעגן ביי איר וואָס זי זאָל טאָן?

— מיין קינד, איך לייד פון אַ געפערלעכן קאָפּ־ווייטאָג. כ'בין אויפגעשטאַנען מיטן קאָפּ־ווייטאָג, — האָט זי געזאָגט צו שלומען, וועלכער האָט באַמערקט, ווי זי איז אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און זיך געריבן די שלייפן.

— מאַמע, גיי ניט צו דער אַרבעט היינט. איך וועל טעלעפאָנירן, אַז דו פילסט ניט גוט. איך וועל אויפראַמען דאָס הויז און איינקויפן. מאַמע, קום מיט מיר אויף אַ שפּאַציר, וועט דיר בעסער ווערן. מאַמע, איך וועל דיר דערציילן אַ פּאָר מעשׂות וועגן אייב לינקאָלן, וועסטו זיך פאַרגעסן אין דיין קאָפּ־ווייטאָג. איך לייען איצט אַן אינטערעסאַנטן בוך וועגן לינקאָלן.

נאָר צו שלומס פאַרוואונדערונג האָט ער אינגיכן דערזען, אַז די מאַמע זיינע האָט זיך אויסגעפּוצט אין איר שענסטן טונקל־גרינעם וואָלענעם קלייד. זי האָט פאַרבראַכט לאַנג ביים שפּיגל און זי האָט זיך באַגוצט מיט דעם פּאַרפיום, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון פּאַריז.

— מאַמע, איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט אַ קאָפּ־ווייטאָג? ווי איך זע, קלייבסטו זיך צו באַגעגענען דאַגלעס פעירבענקס אָדער דזשאָן באַרימאָר.

— יאָ, מיין קינד, איך האָב זיך אויסגעפּוצט צוליב בענען. איך באַגעגן זיך מיט אים היינט 1 אַזייגער און צוליב דעם וועל איך נאָכמיטאָג ניט אַרבעטן. איך גיי אַריין אין קראָם ביז צוועלף דרייסיק. האָסט דאָך געלייענט מיין בריוו צו אים. צוליב לואיזן גיי איך צו אים. איך וויל ס'זאָל זיין שלום צווישן זיי.

זי האָט געמיינט, אַז שלום וועט איר עפּעס זאָגן. זי האָט געוואַרט אויף זיין וואָרט, נאָר ער האָט געשוויגן וועגן דעם. איר בלויז געוואונטשן, אַז זי זאָל פאַרלירן איר קאָפּ־ווייטאָג און אַז זי זאָל זיך ניט אָנשטרענגען.

ביי דער אַרבעט איז זי געווען נערוועז. די צייט האָט זיך געצויגן, ווי אַ

פּאָדעם פון אַ קנויל. זי האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף איר זייגערל. די באַלעבאָסטע איז ניט געווען צופרידן, וואָס זי האָט פאַרלאָזט אין מיטן טאָג, נאָר מסתם האָט סאַלטשע זיך אַזוי אויסגעפּוצט ניט אומזיסט.

די פּינקטלעכע סאַלטשע איז דאָס מאָל ניט געווען אין צייט. זי איז אָנגעקומען אַ צען מינוט נאָך איינס. זי האָט געוואוסט, אַז בען איז קיינמאָל ניט פּינקטלעך, — זאָל ער וואַרטן. נאָר ער האָט זי דערזען אַריינקומען און ער איז איר אַנטקעגנגעגאַנגען.

— שלום עליכם, בען, איר וועט מיר אַנטשולדיקן, כ׳האָב געאַרבעט ביז איצט.

— עס מאַכט ניט. כ׳בין אַליין נאָר וואָס געקומען. לאָזט מיך אייך אָנקוקן. איר קוקט אויס וואונדערבאַר, ווי לאַנג האָבן מיר זיך שוין ניט געזען? וואָס מאַכט מאָט און שלאָם? מאָט אַרבעט? צוליב וואָס דאַרפט איר אַרבעטן?

די אָנגעשטרענגטקייט מיט וועלכער זי איז אַריינגעקומען האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן. בענס געלאַסענער טאָן, זיין שמייכל, זיינע קלוגע, פאַרשטייענדיקע אויגן האָבן זי באַרואיקט.

— וויפל צייט האָט איר? — האָט געפרעגט סאַלטשע מיט אַ שמייכל.

— זאָגן אייך דעם אמת — איך האָב געהאַט אַן אַפּאָינטמענט אויף צוויי אַזייגער און איך האָב אַן אַפּאָינטמענט — אַ וויכטיקן אַפּאָינטמענט — אויף פיר אַזייגער. פון צוויי איז שוין אָפּגערעדט, נאָר פיר אַזייגער וועל איך מוזן זיין אין דער יוניאָן.

ס׳איז געווען מיטאָג צייט אין רעסטאָראַן. דער טומל האָט זיך אָבער אָנגעהויבן איינשטילן. בענען איז געלונגען אויסצוקלייבן אַ טיש לעבן אַ וואַנט אין דער שמועס צווישן אים און סאַלטשען איז אָנגעגאַנגען אַן געשטער. אָנגעהויבן האָט בען.

— סאַלטשי, ווען אַן אַנדערע וואָלט מיר געשריבן אַזאַ בריוו, וואָלט דאָס מיך אַריינגעבראַכט אין כעס, נאָר אויף אייך קאָן איך ניט פאַראיבל האָבן. ערנסט גערעדט, ס׳איז אַ קאָמפּליצירטער ענין און ווען איך רעד צו אייך, דוכט זיך מיר שטענדיק אויס, אַז איך רעד צו מיין שוועסטער בעס. פאַר איר האָב איך קיין סודות ניט און פאַר אייך האָב איך אויך זיך ניט וואָס צו באַהאַלטן. וואָס לויאיז האָט אייך דערציילט ווייס איך ניט. מסתּם האָט זי געהאַט זיך גענוג אָנצודערציילן אויף מיר. ס׳איז אמת, איך בין ניט קיין צאַצקע (ער האָט גערעדט ענגליש, נאָר דאָס וואָרט „צאַצקע" האָט ער אַרויסגעזאָגט אין יידיש), נאָר לויאיז איז צו סענסיטיוו. זי מיינט, אַז ווען איך זיץ מיט אַ שיינער יונגער פרוי אין אַ רעסטאָראַן און זי האָט פריער ניט גע־

וואוסט וועגן דעם, איז דאָס שוין פֿאַרבונדן מיט אַ ליבע־אַפּערע. זי איז אייפֿערזיכטיק, נאָר זי ווייזט עס ניט אַרויס. הלוואי וואָלט זי עס יאָ אַרויסגעוויזן. איר פֿאַרשטייט, סאַלטשי, לואיז האָט נאָך פֿון זיך ניט אַראָפּגעשאָקלט דעם בורזשואַזן שטויב. די גאַנצע מעשה וועגן האָבן אַ קינד שטאַמט אויך פֿון יענער אַטמאָספֿערע. אונדזערס אַ מענטש מאַכט ניט קיין טראַגעדיע דערפֿון. מען קאָן געפֿינען אַ שטאַרקן אינטערעס אין לעבן אָן אַ קינד. לענין און קרופּסקאַיאַ זיינען געווען אַ מוסטער פֿון אַ פֿיין צוזאַמענלעבן. און זיי האָבן קיין קינדער ניט געהאַט. דאָך וועט זיי די וועלט ביידן אייביק געדענקען. דעבס האָט ניט געהאַט קיין קינד. איך קאָן אייך אויסרעכענען נאָך אַ צענדליק באַרימטע אַרבעטער־פֿירער, מענער און פֿרויען, וואָס האָבן אַזוי געלעבט. איך גלויב, אַז מען קאָן לעבן און געניסן פֿון לעבן אָן אַ קינד. איך טראַכט פֿון אַרומפֿאָרן איבער דער וועלט. איך וויל זיין אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, אין כינע. ווען ס'וועט זיין אַ קינד, מעג מען פֿאַרגעסן אין די אַלע זאַכן. וואַרטן ביז דאָס קינד וועט אויסוואַקסן, ווי אייער שלום, איז פֿאַלג מיך אַ גאַנג. ווער ווייס וואָס וועט זיין מיט מיר אין צען יאָר פֿון היינט? מיר דוכט זיך, סאַלטשי, אַז איר קאָנט טאָן אַ גוטע זאַך, ווייניקסטנס פֿאַר מיר, אויב איר וועט קאָנען אויפֿקלערן לואיזן, אַז זי דאַרף אַרויס פֿון דער מאַמעס געצערטלטער היים און ווערן איינע פֿון אונדזערע. שלאָגט אַרויס אירע ניט־דערוואַקסענע געדאַנקען. איך האָב ליב לואיז, נאָר מיין אַרבעט איז צו וויכטיק, אַז איך זאָל פֿאַרשווענדן ענערגיע אויף פּוסטע אַרגומענטן. איר פֿאַרשטייט מיך, סאַלטשע, ניט אַזוי?

סאַלטשע האָט זיך איינגעקוקט אין אים בעת ער האָט גערעדט און וואָס ווייטער איז איר בליק געוואָרן דורכדרינגענדיקער, ביז זי האָט דערפֿילט ווי אירע ציין הויבן אָן קריצן פֿון אויפֿרעגונג. זי האָט זיך געפּרואווט קאָנטראָלירן. זי האָט אים ניט געוואָלט האָבן קעגן זיך, ניט געוואָלט, אַז ער זאָל פֿאַרלירן דעם צוטרוי צו איר. זי דאַרף זיין פֿאָרזיכטיק מיט יעדן וואָרט וואָס וועט פֿון איצט אַרויסקומען פֿון איר מויל.

— בען, איך שטים מיט אייך איין אין אַ צאָל פּונקטן, וועלכע איר האָט אָנגערירט. נאָר ניט אין אַלץ. איך האָב, למשל, ניט געוואוסט, אַז לואיז קאָן זיין אייפֿערזיכטיק. איך האָב דאָס אין איר קיינמאָל ניט באַמערקט. זי האָט מיט קיין איין וואָרט דאָס ניט דערמאָנט. בכלל איז זי פֿאַרליבט אין אייך און מיט אַזאַ אויפֿריכטיקער ריינער ליבע, בען, דאַרף מען זיך נישט וואַרפֿן. דאָס איז אַ פּערל וואָס עס איז זעלטן צו געפֿינען. איר דאַרפֿט זיך פֿילן גליקלעך וואָס איר האָט לואיזן. גענוג וועגן דעם . . . אַז זי קאָן זיין אַ קעמפֿער און זיך ניט איבערשרעקן פֿאַר געפֿאַר, האָט זי באַוויזן מיט אירע

טעטיקייטן אין גאַסטאַניאַ. זי שרעקט זיך ניט איבער . . . איך גלויב אָבער, בעז, אַז איר וועט זי פֿאַרלירן און דאָס וועט אייך סוף־כל־סוף באַנג טאָן. איר וועט זי פֿאַרלירן צוליב אַ פֿונדאַמענטאַלן פּונקט, וואָס זי וועט קיינמאָל ניט נאָכגעבן און זי וועט זיין גערעכט, דערפֿאַר וואָס זי וואָלט געווען נידעריקער פֿון אַ פֿיר־פֿיסיקער חיה ווען זי גיט נאָך. איר שטויסט זיך אָן וואָס איך מיין.

— איר מיינט, אַז זי קאָן ניט לעבן אָן אַ קינד?

— און פֿאַרוואָס זאָל זי לעבן אָן אַ קינד? פֿאַרוואָס זאָלט איר ניט אַריינגיין אין איר לאַגע, בעז? וואָלט איך געקענט לעבן אָן אַ קינד? שטערט דאָס מיר צו זיין טעטיק אין דער אַרבעטער באַוועגונג? הערט זיך איין, בעז, צו מיר, איך רעד אָביעקטיוו אַצינד. איך קאָן אייך לענגער ווי איך קען לואיז. און איך בין ווייט פֿון צו זיין סענטימענטאַל. מיין אויפֿריכטיקע מיי־נונג איז, אַז איר, בעז, זייט אַ דעספּיטיסט. איר האָט מורא פֿאַרן לעבן. איר זייט ניט קיין אמתער רעוואָלוציאָנער. פֿון וואַנען ווייסט איר ווי עס האָבן געפֿילט די פֿרויען פֿון רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין קינדער? איר האָט זיי געפֿרעגט? אפֿשר זיינען זיי געווען אומגליקלעך. איך ווייס, אַז דעבס איז אויסגעגאַנגען נאָך אַ קינד. די וואָס האָבן אים געקענט האָבן מיר דערציילט, אַז ער איז געווען פֿאַרליבט אין יעדן קינד, וואָס ער האָט געזען און אַז ער האָט מקנא געווען יעדן איינעם וואָס האָט געהאַט קינדער. איך ווייס אויך, אַז דער צוזאַמענלעבן מיט זיין פֿרוי איז ניט געווען קיין גליק־לעכער און אפֿשר איז שולדיק געווען אין דעם זייער קינדערלאָזיקייט. בעז, אייער צוגאַנג איז פֿאַלש, אויב איר ווילט — קאָנטער־רעוואָלוציאָנער. איך מיין דאָס ערנסט. איך האָב געלייענט, אַז אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד פֿאַרבאָט מען אַבאָרטן. דאָרט קוקט מען קרום אויף אייער צוגאַנג. וועט איר זאָגן, אַז מיר לעבן דאָ אין אַ קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און דער היינט איז ניט זיכער . . . איך וועל זיין ציניש און איך וועל זאָגן, אַז אויב איר זייט ניט קיין טרוס, זייט איר מסתם אימפּאָטענט. מחמת אַ נאָרמאַלער מאַן, וואָס לעבט מיט אַ פֿרוי און זי איז זיין לעבנס־פֿריינט, דאַרף די ערשטע זאַך פֿירן אַ נאָרמאַל פֿאַמיליע־לעבן און דאָס מיינט האָבן כאָטש איין קינד. זיכער איז אַ פֿאַרברעכן אָנצופֿלאָדיען אַ טוצן קינדער. נאָר נאָך גרעסער איז דער פֿאַר־ברעך פֿירן אַ לעבן אָן אַ קינד. ס׳איז די אינטערעסאַנטסטע זאַך וואָס קאָן פּאַסירן אין אייער לעבן. די באַוועגונג וועט באַקומען אַן אַנדער פּנים אין אייערע אויגן. די גאַנצע וועלט וועט דאַן געהערן צו אייך. אַ קינד איז אַ שטויס־קראַפֿט צו וועלן דערגרייכן, צו וועלן זיין אַמביציעז, צו ווערן צוריק יונג. איך וואָרן אייך נאָכאַמאָל, אַז איר וועט פֿאַרלירן לואיזן. איך ווייס וואָס איך רעד. איך סטראַשע אייך ניט, נאָר לואיז איז אַ געבאָרענע מאַמע.

דאָ וועט ניט העלפן קיין לאָגיק, קיין סענטימענטן. אין איר רעגירט עפּעס וואָס איז איינגעוואָרצלט געוואָרן פון טויזנטער אָדער מיליאָנען יאָר צוריק. דאָס איז די קראַפט פון דער ערשטער „זי״ אויף דער וועלט, פון דער פּרימיטיוועסטער באַשעפעניש, ווי האָט זי געהייסן — דינאָזאַר? קוקט זיך אַרום איידער עס ווערט צו שפּעט.

— וואָס מיינט איר קאָנקרעט מיט דעם, סאַלטשי?

— אָט־וואָס, בען. לואיז לעבט איבער אַ רעוואָלוציע אין זיך. זי פּרואווט זיך באַהערשן, זי האָט געוואָלט אייך נאָכגעבן. קומען קיין דעטראָיט און זאָגן צו אייך: „לאָמיר פאַרגעסן וואָס עס איז געווען. דו ביסט גערעכט, בען. איך וועל פאַרגעסן, אַז איך בין אַ פרוי. איך וועל ווערן אַ סאָלדאַט אין דער באַוועגונג. איך וועל קיינמאָל קיין מאַמע ניט ווערן״. נאָר זי האָט אויסגעפונען, אַז ס׳איז דאָ אַ שטאַרקערע קראַפט פון איר אין איר. יענע קראַפט האָט באַפוילן: „ווער אַ מוטער, אָדער גיי אונטער״. אָט ווי עס האַלט אַצינד. לואיז וועט אָדער אינגאַנצן צוזאַמענברעכן און זי וועט פיזיש און גייסטיק זיין אויסגעשפּילט, אָדער זי וועט זיך פאַרבינדן מיט אַ מאַן און אָנהויבן לעבן אויפסניי און שטרעבן צו איר העכסטן גליק, צו איר מוטערשאַפט . . . טראַכט זיך גוט איבער, בען. מיר דוכט זיך, אַז איר האָט זי ניט ליב, איר האָט זי גאָרניט ליב, אָדער איר זייט פאַרליבט אין אַן אַנדערער. אויב אַזוי דאַרפט איר זיין אָפנהאַרציק מיט איר, אָדער מיט מיר. אונדזערער אַ מענטש טאָר ניט זיין קיין היפּאָקריט און טאָר ניט זיין קיין געשלעכטלעכער אויסוואורף. מיר, די בויער פון אַ נייער געזעלשאַפט, דאַרפן זיין דער מוסטער פון אַ געזונט נאָרמאַל פאַמיליע לעבן, פון אַ נייער היים.

— סאַלטשי, איר איבערראַשט מיך. איך קוק אויף אייך און איך זע, ווי איר רעדט מיט אַזאַ אימפּעט, מיט אַזאַ אויפריכטיקייט, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין אייער אייגענעם שיקזאַל . . . סאַלטשע, איר ווייסט, אַז איר זייט ביי מיר איצט אויסגעוואָקסן צו אַ נייער פּערזאָן. ווען איר זייט אַריינגעקומען און איך האָב אייך באַקוקט ווי אַ מאַן באַקוקט אַ פרוי, האָב איך געזאָגט צו זיך: „די סאַלטשע איז ניט קיין מיאוס ווייבל״. נאָר אין דער היץ פון אייערע רייד, האָב איך פאַרגעסן, אַז עס רעדט צו מיר די פרוי סאַלטשי, נאָר איך האָב פאַר זיך דערזען אַ מענטש, אַ נייעם מענטש, אונדזערס אַ מענטש, וואָס איז אַ זייל פון אונדזער נייעם געזעלשאַפטלעכן בנין. איר זייט די וואָס וועט ברענגען די נייע סאָציאַלע אָרדענונג. איר זייט די וואָס וועט זיין דער פאָנען־טרעגער.

סאַלטשע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זי האָט זיך פאַרדויטלט אינגאַנצן.

— בען, איר דאַרפֿט שוין באַלד גיין. איך וויל אויך שוין אַהיים גיין.

אויף שנעל האָבן זיי זיך אויפֿגעהויבן פֿון די פּלעצער, אויף שנעל זיך אָנגעטאָן, אויף שנעל פֿאַרלאָזן דעם רעסטאָראַן און זיך געזעגנט, מיט סאַלטשעס איינלאַדונג:

— בען, איר מוזט צוקומען זען מאַטעקן און שלומען. טעלעפֿאָנירט אונדז.

.2

בען איז צו סאַלטשען ניט געקומען אויף אַ באַזוך. ער האָט טעלעפֿאָנירט און גערעדט מיט איר און מיט מאַטעקן. ער האָט מאַטעקן דערציילט ווי שטאַרק פֿאַרנומען ער איז; ער האָט באַדויערט וואָס ער האָט זיך מיט מאַטעקן ניט געקאָנט זען.

— איך ווייס ניט ווען איך וועל ווידער זיין אין ניו־יאָרק, מאַט. דעטראָיט איז מיין פּאָסטן און דאָ האָב איך אַרבעט פֿאַר אַ פּאָר יאָר, ביז מען וועט מיר איבערגעבן אַן אַנדער מיסיע . . . וואָס הערט זיך אין דיין יוניאָן, מאַט? וואַרף זיך אַריין אין דער אַרבעט. איצט דאַרף מען בויען די אינדוסטריעלע יוניאָנס. מיליאָנען אַרבעטער וואַרטן אָרגאַניזירט צו ווערן . . . איך האָב געוואָלט הערן פֿון דיר וועגן דיינע שוועסטער, נאָר — ס'איז צו שפּעט.

בען איז אַוועקגעפֿאָרן. מען האָט אפֿילו ניט געוואוסט ווען.

— לואיז, איז בען נאָך דאָ אין שטאָט? — האָט סאַלטשע איר טעלעפֿאָנירט.

— שוין צוויי טעג אַוועקגעפֿאָרן, סאַלטשע. ווען זעען מיר זיך?

— אפֿילו מאָרגן. איך וועל פֿון איצט אָן אַרבעטן בלויז דריי טעג אַ וואָך. קומט אַריבער צו מיר אין הויז, וועלן מיר פֿאַרברענגען צוזאַמען.

סאַלטשע איז געווען זייער נייגעריק זיך צו טרעפֿן מיט לואיזן. זי האָט געוואָלט וויסן וואָס פֿאַר אַ ווירקונג אירע רייד האָבן געהאַט אויף בענען. צי איז דאָס בלויז געווען אַ מאָמענטאַלע ווירקונג, אָדער וועלן פֿון אירע רייד אַרויסקומען רעזולטאַטן? לואיז וועט איר אָדער איבערגעבן, אָדער בען האָט זיך ניט געביטן און ער האָט איר גאָרניט געזאָגט. זי וועט אַלץ דערקענען אין לואיזעס אויסדרוק פֿון פּנים, אין דער טיף פֿון אירע ערלעכע אויגן.

לואיז האָט טעלעפֿאָנירט, אַז זי האָט אַ פֿרייען נאָכמיטאָג. סאַלטשע האָט זי איינגעלאַדן צו זיך אַהיים. מען האָט גערעדט וועגן באַוועגונג ענינים, וועגן קליידער, וועגן וועטער. סאַלטשע האָט זיך ניט געאיילט. זי האָט גע־

וואוסט, אַז לואיז וועט אַרויסקומען מיט רייד וועגן בענען. און זי האָט געע־ וואָרט, אַז סאַלטשע זאָל זי פרעגן.

— בען האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו זיין ביי איך, — האָט לואיז אָנגעהויבן. — אַ שאָד, ער האָט זיך שטאַרק געוואָלט זען מיט איך.

סאַלטשע איז געווען אין פאַרלעגנהייט. דערציילן איר וועגן בריוו, וועגן דעם, אַז זי האָט זיך געזען מיט בענען, דערציילן וועגן זייער שמועס, פרעגן איר, צי ער האָט איר דערציילט וועגן דעם, צי גאָר פאַרשוויגן די גאַנצע זאַך?

— יאָ, ער האָט אונדז טעלעפאָנירט און באַדויערט וואָס ער האָט ניט געקאָנט צוקומען.

— סאַלטשע, בען איז געווען גאַנץ קאַלט צו מיר די ערשטע צוויי טעג. איך האָב געטראַכט אַז דאָס איז דער סוף. איך האָב זיך געפילט שרעקלעך, נאָר איך האָב באַשלאָסן, אַז וואָס ערגער איז בעסער פאַר מיר. איך וועל מיט אים אָפּהאַקן איינמאָל פאַר אַלעמאָל. מיין לעבן דאַרף זיך ניט ענדיקן מיט בען בראָדי. איך וועל אָנהויבן אויפדאָסניי. עס זיינען אַוועק נאָך צוויי טעג. ער האָט מיך ניט געזען, בלויז טעלעפאָנירט און איך בין געווען פונקט אַזוי קאַלט, פאַרקערט, איך בין געוואָרן אינגאַנצן גלייכגילטיק צו אים. נאָר צו מיין איבערראַשונג קלינגט ער מיר אָן דעם נעקסטן אינדערפרי און רעדט מיט מיר לאַנג אויפן טעלעפאָן, זאָגט מיר ניט, ווי פריער, אַז ער האָט די־ און־די אַפּאָינטמענטס, נאָר ער פרעגט מיך, צי איך בין פריי דעם טאָג און צי קאָן ער צוקומען מיך „אויסנעמען" אָדער צי וויל איך האָבן לאַנטש מיט אים... איך בין געווען דערשטוינט פון דער פּלוצלינגדיקער ענדערונג אין זיין קול, אין זיין באַציאונג, אין זיין וואַרעמקייט.

— האָט איר אָנגענומען זיין איינלאַדונג? — איז סאַלטשע געווען ביי־ געריק.

— איך האָב בענען נאָך אַלץ ליב. איך וויל איר זאָלט עס פאַרשטיין, סאַלטשע. זיינע רייד זיינען געווען ווי אַ טאָניק צו מיין געדריקטער שטי־ מונג. איך האָב אויפגעוואַכט. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל אַריבערקומען צו אונדז. איך ווייס, אַז ער האָט געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז מיין מוטער איז קעגן אים. סאַלטשע, מיין מוטער איז אַ זיס באַשעפעניש, די מילדסטע נשמה. זי איז ניט אין דער באַוועגונג, נאָר זי איז סימפּאַטיש צו אונדז. מיין פאָ־ טער איז קאָנסערוואַטיוו, נאָר ער איז אַ דעמאָקראַט אין זיין צוגאַנג צו מענטשן און זיי האָבן ביידע בענען ליב. עס איז אמת, אַז מיינע עלטערן וואָלטן וועלן, אַז איך און בען זאָלן זיך איינאָרדענען און בען זאָל ניט דאַרפן אַרומוואַנ־ דערן פון שטאָט צו שטאָט און זיין אין שאָטן פון שטענדיקער געפאַר אַרעס־

טירט צו ווערן, אָדער צעשלאָגן צו ווערן פון פּאָליסלייט און גענגסטערס. זיי מיינען זיין און מיין טובה. איך האָב זיי נאָך מער ליב דערפאַר. בען זעט דאָס ניט . . . מיין מוטער האָט שטאַרק געליטן וואָס בען האָט זיך אַזוי דערווייטערט פון אונדז. זיין איינשטיין אין אַ האָטעל האָט איר ווי געטאָן. מען קאָן זיין צעשיידט, האָט זי געזאָגט און דאָך קומען צוגאַסט פאַר אַ וואָך און האַנדלען פריינטלעך. ווען בען האָט געפרעגט, צי ער זאָל אַריבערקומען, האָב איך געוואוסט, פון איין זייט, אַז אים וועט דאָס ניט געפעלן, נאָר איך האָב דאַן געטראַכט פון מיין מוטער. איך האָב געוואוסט, אַז זיין אַריבערקומען וועט זיין גוט פאַר איר . . . שטעלט זיך פאָר, סאַלטשע, בען איז געקומען און מיטגעבראַכט פאַר מיר אַ באקס שאָקאָלאַד וואָס איך האָב ליב און פאַר מיין מוטער אַן עפּל־שטרודל, וואָס זי האָט ליב. איך האָב מיינע אויגן ניט געגלויבט. און בען איז געווען פריש ראַזירט און זיינע קליידער זיינען געווען געפּרעסט און זיין העמד ניי, ווייזט אויס, נאָר־וואָס געקויפט... ער איז צוגעגאַנגען צו מיין מוטער, זי אַרומגענומען און זי געקושט. איך האָב זיך קאָנטראָלירט ניט צו וויינען. „מוטער", האָט ער צו איר געזאָגט, „איך האָב זיך ספּעציעל אויסגעפּוצט פאַר אייך היינט. וועט איך אָנשטיין אָנצונעמען די איינלאַדונג פון אַן אַמעריקאַנער באַלשעוויק און האָבן לאָנטש מיט אים אין אַן ערשט־קלאַסיקן בורזשואַזן רעסטאָראַן?

— מיט מיר? — האָט די מאַמע ניט געגלויבט — און וואָס איז דער מער מיט דער דאָזיקער יונגער שיינע דאַמע? — האָט זי אָנגעוויזן אויף מיר.

— זי וועלן מיר לאָזן אינדערהיים היינט. זי וועט זיך געפינען אַן ייִנגערן פון מיר.

— אַזוי ווי איר הערט. בען איז געווען וואונדערבאַר. אַ פרילינג־ווינטל האָט פּלוצלינג אַריינגעבלאָזן אין אונדזער קאַלטער אַטמאָספערע. מאַמע און איך האָב זיך גענומען פּוצן. איך בין געווען נערוועז, מאַמע איז געווען נערוועז. בען איז געזעסן און געלייענט אַ בוך און אונטערגעברומט אַ דזשעז־לידל . . . ער האָט האָט אונדז גענומען אין אַ ייִדישן רעסטאָראַן, צו פּאָליאַקאָווס אין טאַימס סקווער געגנט. באַשטעלט פאַר אונדז עכט ייִדישע מאכלים. מאַמע טאָר די אַלע זאַכן ניט עסן. זי האָט קיין זאַך ניט איבערגעלאָזט. אַלץ אַריינגעפּאַקט. איך האָב שוין אויך לאַנג ניט געגעסן אַזוי פיל. בען האָט געלאַכט פון אונדזער אַפּעטיט. דאַן זיינען מיר אַריין אין אַ מואווי, אין ראַקסי טעאַטער. אַהיים געבראַכט האָט ער אונדז אין אַ טעקסי. ער האָט זיך געאיילט. גלייך געדאַרפט פאָרן צו אַ מיטינג... מאַמע און איך האָבן זיך אָנגעקוקט. וואָס האָט פּאַסירט מיט בענען?

— טאַקע, וואָס האָט פּאַסירט מיט אים? — האָט סאַלטשע געפרעגט

און אַריינגעקוקט לואיזן טיף אין די אויגן.

— בעת האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים באַגלייטן צו דער באַן־סטאַנציע, — האָט לואיז פאַרגעזעצט און ווי ניט געהערט סאַלטשעס פראַגע, — ער האָט געהאַלטן מיין האַנט אין וואָקזאַל און זיין בליק איז געווען אַזוי וואַרעם ווי אין די אַמאָליקע צייטן, ווי אין די הייסע גאַסטאַניע־טעג . . . בעת איז אַוועקגעפאָרן. מער האָב איך דערוויייל פון אים ניט געהערט, אפילו קיין קאַרטל ניט דערהאַלטן. ווייס איך ניט ווידער וואָס צו טראַכטן. עס איז מעגלעך, אַז ער איז שרעקלעך פאַרנומען. עס איז מעגלעך, אַז די גוטע שטי־מונג האָט אים פאַרלאָזן. ווי אַזוי וואָלט איר עס אויסגעטייטשט, סאַלטשע?

— בעת האָט אייך ליב, לואיז. בעת וועט זיך בייטן. ער וועט איינזען, אַז איר זייט גערעכט. נאָך אַלעם איז ער דאָך אַ קעמפער פאַר אַ בעסער לעבן. ער וועט דאָך ניט מאַכן אייער לעבן ערגער אויפן חשבון פון וועלן פאַרבעסערן אַנדערע לעבנס. דאָס איז מיין בליק אויף דער זאַך. און דאָס וואָס ער האָט אייך נאָך ניט געשריבן פון דעטראָיט, דאָס איז אויך נאַטירלעך. ער איז פאַרוואַרפן געוואָרן מיט אַרבעט. איר קאָנט דערוואַרטן פון אים אַ בריוו היינט־מאָרגן. ווען איך בין אויף אייער אָרט, וואָלט איך צו אים געשריבן, געמאַכט אים פילן גוט. און איך וואָלט געבעטן אייער מאַמען, זי זאָל אים אויך שרייבן אַ פּאָר ווערטער. זאָל ער ניט מיינען, אַז זי האָט עפּעס קעגן אים.

— איר זייט גערעכט, סאַלטשע, זייער גערעכט. און דער געדאַנק וועגן מיין מאַמען איז זייער אַ טרעפלעכער. איך וועל מיט איר נאָך היינט רעדן.

לואיז האָט פאַרלאָזן סאַלטשעס הויז אין אַ פאַרטראַכטן צושטאַנד. זי האָט ניט געוואוסט, אַז סאַלטשע האָט זיך געהאַט געזעגן מיט בענען.

.3

בעת איז צוריקגעקומען אין דעטראָיט גאָר אַן אַנדערער ווי ווען ער האָט פאַרלאָזן. ער האָט זיך געהאַט פאַרגעשטעלט, אַז זיין באַגעגעניש מיט לואיזן אין ניו־יאָרק וועט זיין פיינלעך פאַר אים און פאַר איר. עס האָבן אין אים זיך געראַנגלט צוויי עלעמענטן בנוגע לואיזן: דערוויייטערן זיך מער פון איר, אָדער, פאַרקערט, איר נאָכגעבן. געפאָרן איז ער מיטן געדאַנק, אַז די צעשיידונג זאָל ווערן פאַרזיגלט. זאָל זי געפינען אַן אַנדער מאַן, וואָס וועט זיין ווילִיק צו ווערן אַ פאָטער, אַ הויז־זיצער, אַ פאַרזאָרגער. ער, בעת, איז עס ניט און קאָן עס ניט זיין. זיין גורל ליגט אין דער באַוועגונג. איר וועט ער אָפּגעבן אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט אין זיך. ער וועט מקריב זיין

זיין פּערזענלעך לעבן. ער וועט זיין אַ סאָלדאַט, גרייט אויף יעדן פּאָסטן וואָס מען וועט אים באַשטימען. דערפאַר קאָן ער ניט אָננעמען לואיזעס צוגאַנג. זי איז געבליבן אַ ריוועד סאַיד דראַיוו מיידל, אַידל, צעפּעשטשעט, אַ מאַמעס אַ קינד. ער וועט קומען קיין ניו־יאָרק און זיין פאַרנומען יעדע שעה אין טאָג. אָט דאָס איז ער, צען, זיכער וועט עס איר און איר מאַמען ניט געפעלן, נאָר אַזוי לעבט ער און אַנדערש קאָן ער ניט... און וועגן דער גוט־האַרציקער סאַלטשע, וואָס עס האָט איר געטראָפן אַ גליק און זי האָט אין די ניט־גאָר יונגע יאָרן חתונה געהאַט און גלייך געהאַט אַ קינד און זי האָט אַ מאַן, וואָס איז אי אַ פּאַרזאָרגער, אי אַ סענטימענטאַלער אידעאַליסט — נו, ער וויל ניט זיין ווי מאָטעק און ער וואָלט אפשר אַנדערש געהאַנדלט, ווען ער וואָלט געהאַט אַזאַ סאַלטשע. אויף סאַלטשען קאָן מען זיך פאַרלאָזן . . . נאָר לואיז האָט געמוזט אָנרעדן אויף אים און אויך געמוזט פאַרגיסן אַ טרער אויף איר ביטערן גורל. איז סאַלטשע געוואָרן אָנגעצונדן מיט פייער פון פרויען־גערעכטיקייט און זי האָט דאָס אים אָנגעשריבן דעם מוסר־בריוו. גוט. ער וועט קומען קיין ניו־יאָרק און זיך מיט איר זען און איר געבן אַ לעקציע און זאָל זי וויסן, אַז די רעוואָלוציע הייבט זיך ניט אָן מיטן קינדער־האָבן.

נאָר ער האָט זיך קיינמאָל ניט גערעכט, אַז זיין שמועס מיט סאַלטשען זאָל אָננעמען אַזאַ ווענדונג. די סאַלטשע האָט אין זיך אַ גרויסע קראַפט, אַ פּרימיטיווע קראַפט, וואָס איז, ווייזט אויס, איינגעוואָרצלט געוואָרן אין דער פרוי און וואָס קיין לאָגיק און קיין נייע טעאָריע קאָן זי ניט באַזיגן. סאַל־טשעס רייד האָבן אינגאַנצן צונישט געמאַכט זיינע אַרגומענטן. איר צוגאַנג איז אַזאַ, וואָס עס העלפן מער ניט קיין אַרגומענטן. פאַרלירן לואיזן צוליב די אורזאַכן וואָס סאַלטשע האָט אַרויסגעבראַכט וואָלט געווען געוויסנלאָז פון אים. ער וואָלט קיינמאָל ניט געקאָנט זיך רעכטפערטיקן. נאָך סאַלטשעס רייד האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ מאָדנע געפיל צו לואיזן. ער האָט זיך דערפילט שולדיק, כאָטש ער האָט אַליין ניט געוואוסט פאַרוואָס. ער האָט זיך געפילט שולדיק קעגן איר מוטער, דערפאַר וואָס ער האָט געטראָגן אויף איר אַ חשד, אַז זי רעדט צו, אַז זי העצט אונטער לואיזן וועגן דעם ענין קינד. אָנשטאָט צו דערווייטערן זיך אינגאַנצן פון לואיזן, ווי ער האָט געפלאַנט, איז ער פּשוט געלאָפן צו לואיזן און באַשלאָסן גוט צו מאַכן זיינע אומזיסטיקע בייזע געפילן צו איר מוטער. עס איז אים שפּעטער לייכטער געוואָרן דערפון. ער האָט דערזען זיך און דעם אַרום אין אַ נייער ליכט. די אָנשטרענגונג וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דעטראָיט האָט אים מיטאַמאָל פאַרלאָזט.

ער איז שוין פיר טעג צוריק אין דעטראָיט און ער האָט נאָך לואיזן ניט געשריבן קיין וואָרט. זי וועט דאָס שלעכט אויסטייטשן. נאָר עס דער־

וואַרט איר אַ סורפּריז. ער איז טאַקע פאַרנומען זינט זיין צוריקקומען, נאָר לואיז איז אים מער געוועזן אויפן גערדאַנק ווי עפּעס אַנדערש. ער האָט גע־וואָלט האָבן די פּערספּעקטיוו; צי האָט ער געפילט זיך אַזוי נאָענט צו איר און צו איר מוטער צוליב סאַלטשעס רייד, אָדער צי וועט זיך דאָס אָפּ־זעצן און ער וועט צוריק גיין צום אַלטן, צו זיין סאָלדאַטישן לעבן. ניין, די פיר טעג האָבן אים נאָך שטאַרקער צוגעבונדן צו לואיזן. די פּרימיטיווע סאַלטשע איז שטאַרקער פון אים. ער וועט זיך מוזן בייגן. אפשר איז זי גערעכט, אַז ער איז אַ טרוס, אַז ער האָט מורא פאַר פאַראַנטוואָרטלעכקייטן פון לעבן. איז דאָס דער צוגאַנג פון אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס וויל ווייזן אַ ביישפּיל ווי אַזוי אַנדערע מענטשן זאָלן לעבן? פאַרקערט, ער וועט ווייזן, אַז ער איז גאָר ניט קיין פאַרלאָרענער שעפּס, אַז ער קאָן געפינען זיין אָרט אין דער געזעלשאַפט, פּונקט אַזוי גוט ווי יעדער איינער. ער קאָן זיין אַן אָרגאַניזאַטאָר, אָדער אַ פּאַרטיי־טוער און האָבן אַ היים און האָבן אַ קינד אָדער צוויי אָדער דריי. ער האָט געלאַכט צו זיך אַליין: בעז וועט ווערן אַ פּאַפּאַ, בעז וועט זיך אַרומטראָגן מיט אַ בעיבי אין זיינע אָרעמס. בעז וועט זיך סעטלען אין לעבן . . .

אַ דזשאַב האָט ער דאָך דערווייל. שכירות באַקומט ער. עס איז ניט וויכטיק וויפל. לואיז איז אַ ספּאָרט. זי האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעזאָגט פון איר לוקסוס־לעבן. גאַסטאָניאַ האָט דאָס באַוויזן. איצט דאַרף ער קריגן אַן אַפּאַרטמענט פאַר איר, אַ זוניקן אַפּאַרטמענט. ער וועט זיך גלייך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט חברים וועגן דעם. ער ברענגט אַרונטער זיין פרוי פון ניו־יאָרק. זיין אָפּיס וועט זיין צופרידן דערפון. מען וועט מער ניט מורא האָבן, אַז מען וועט אים פאַרלירן. מען איז פון אים צופרידן.

צו לואיזעס גרויסער איבערראַשונג האָט זי דערהאַלטן אויפן זעקסטן טאָג פון בענס זיין אין דעטראָיט אַ בריוול פון אים, אַ קורץ, נאָר אַ הומאָ־ריסטיש בריוול — אַן איינלאַדונג צו קומען זיך באַזעצן אין דעטראָיט. ער וויל פאַר איר קריגן אַ זוניקן אַפּאַרטמענט. אויב זי וויל קומען און ווערן זיין באָרדער, וועט ער פאַר איר אויסשטאַטן פיינע מעבל, מאָדערן און באַ־קוועם. זאָל זי ענטפערן, אָדער זיך איינפּאַקן און קומען.

זי האָט אים גלייך געענטפערט מיט אַ וואַרעמען בריוו. די בעסטע נייעס וואָס זי האָט אין איר לעבן דערהאַלטן. זי וועט זיך נעמען פּאַקן און זי וועט ניט מיטנעמען קיין סך. מען וועט עס איר שפּעטער שיקן, ווען זי וועט זיך האָבן איינגעאָרדנט.

— סאַלטשי טייערע, איך פאָר זיך באַזעצן קיין דעטראָיט, — האָט זי טעלעפאָנירט סאַלטשען.

— אין אַ מזלדיקער שעה, — האָט סאַלטשע איר געענטפערט אויף איר יידיש און געדאַר׳פט דערקלערן וואָס די פראַזע מיינט.

לואיז האָט זיך געזען מיט סאַלטשען דעם נעקסטן טאָג. צוזאַמען זיינען זיי געגאַנגען איינקויפן קליידער פאַר לואיזן. סאַלטשע האָט ניט געפרעגט און לואיז האָט איר ניט געקאָנט דערקלערן, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט בענען, וואָס ער האָט זיך מיטאַמאָל אַזוי געביטן. עס איז געווען קלאָר, אַז עס איז געווען אַ נייע לואיז, אַ גליקלעכע לואיז.

ווען סאַלטשע איז אַהיים געקומען, האָט זי געלאָזט אַ טרער.

— שלום, מעגסט מיך גראַטולירן. דיין מאַמעס בריוו צו בענען האָט געהאָלפן. לואיז פאָרט זיך באַזעצן אין דעטראָיט. עס איז געוואָרן שלום צווישן זיי. נאָר זי ווייס ניט און זי דאַרף ניט וויסן, אַז איך האָב געשפילט אַ ראָל דערביי.

שלום האָט געקוקט אויף דער מאַמען און ניט אינגאַנצן פאַרשטאַנען אירע רייד. נאָר זיין פאַרערונג פאַר איר איז געשטיגן.

### קאַפּיטל פופציק

# שלום פאַרליבט זיך

### .1

צו שלומס פופצן־יאָריקן געבורטסטאָג האָט ער באַקומען צוויי מתנות, וואָס האָבן אים פריידיק איבערראַשט און צערודערט. ביידע מתנות זיינען געווען פון מיידלעך. פון לאָדזש איז אים אָנגעקומען אַ דינער ברוינער סוועטער, וואָס אַנקאַ האָט אויסגעשטריקט פאַר אים. אין סוועטער איז געלעגן אַ יידיש קאַרטל, וואָס אַנקאַ האָט אַליין שוין געקאָנט אָנשרייבן. דאָס קאַרטל האָט זיך געלייענט אַזוי:

„קאָכאַני שולעם! דיין געבורטסטאָג פאַלט אויס אין מאַי, נאָר דער סוועטער וועט דיך דערמאָנען אין מיר, ווען עס וועט דיר ווערן קאַלט. ווען מיר זיך נאָך אַמאָל זען? איך פאַרהאָף אַזוי. אַנקאַ.“

עס איז שוין באַלד געווען אַ יאָר צייט, זינט ער האָט זיך געזעגנט מיט אַנקאַן אין לאָדזש. זינט דאַן האָט ער פון איר געהאַט דערהאַלטן אַכט בריוו. יעדער בריוו איז ביי אים געווען אַ געשעעניש. זי האָט זיך צו־

ליב אים אָנגעהויבן לערנען יידיש ביי איר טאַנטע אַנדזשיאַ. דער בריוו־אויסטויש האָט טאַקע געהאַט אַ סך שפּאַס אין זיך צוליב איר יידיש, וואָס איז געווען אין פּוילישן דיאַלעקט, בעת שלומס יידיש איז געווען ליטעראַריש־ליטוויש. ער האָט למשל געשריבן „אונדז" און זי האָט געשריבן „אינז". האָט מען זיך אָנגעלאַכט צוליב דעם אין די בריוו און זיך געררייצט שטיפעריש.

די מתנה פון אַנקאַן האָט שלומען צעשרויפט. ער האָט דאָן זיין ווע־טשערע ניט געקאָנט עסן. ער איז געווען נערוועז און די מאַמע האָט דאָס באַ־מערקט און זי האָט ניט פאַרשטאַנען די סיבה פון זיין אַפּעטיטלאָזיקייט און זי האָט זיך געבעטן ביי אים, אַז ער זאָל ניט איבערלאָזן זיין פלייש אויפן טעלער.

די צווייטע מתנה איז געווען פון קלעיר גרינבערג. דאָס איז געווען די מיידל פון זיין גראַדואיר־קלאַס אין פּאַבליק סקול, וואָס איז געקומען צו דער שיף. קלעיר איז געווען מיט אַ יאָר יינגער פון שלומען. אירע האָניק־בלאָנדע האָר זיינען געווען גלאַט פאַרקאַמט און זיינען אַראָפּגעהאַנגען איבער איר קאָפּ און פאַרדעקט אַ טייל פון פּנים. זי האָט געהאַט אַ פליישיקע נאָז, וואָס האָט פאַרשטעלט דעם חן פון איר צאַרטקייט און איידעלער הויט. נאָר דער־פאַר האָבן אירע אויגן פאַרגיטיקט די ניט־שיינע נאָז. זי האָט געהאַט לענג־לעכע גרויע אויסדרוקספולע אויגן, וואָס זיינען געווען די פּראָמינענטסטע טייל פון איר פּנים. זי איז געווען שלומס הויך, נאָר עטוואָס שמעלער גע־בויט פון אים. ס'איז געווען געצויג אַיין קוק צו טאָן אויף איר און זי האָט זיך צעשמייכלט מיט אַן אינערלעכער פרייד, וואָס האָט אויסגעפּלאַצט אי־בערן גאַנצן פּנים. נאָר אַ קול האָט זי פאַרמאָגט אַ שעפּטשענדיקס, אַ שע־מעוודיקס. בלויז די גלאַנציקע ווייסע גלייכע ציין אין גרויסן מויל האָבן גערעדט פאַר איר. און די לאַנגע האַנט מיט די לאַנגע דינע פינגער זיינען געווען אין שטענדיקער באַוועגונג, ווי זיי וואָלטן טאָן עפּעס, גלעטן, אַרומ־נעמען.

קלעיר און שלום האָבן זיך איינע די אַנדערע אַרויסגעהאָלפן אין דער סקול־אַרבעט. זי האָט אים שטענדיק געפּונען, ווען זי האָט זיך גענויטיקט אין הילף. ער איז פון ערגעץ־וואו אויסגעוואַקסן. דאָס זעלבע איז געווען ביים שפּילן באַל, אָדער גיין אויף אַ שפּאַציר. ער איז, דוכט זיך, געגאַנגען מיט אַ כאָפּטע יינגלעך, נאָר ער האָט זי דערזען, האָט ער זיך קונציק אַרויס־געדרייט פון זיי און זיך באַוויזן ביי איר זייט.

קלעירס עלטערן האָבן געהאַלטן אַ קראָם פון שרייב־געצייג אויף דער סעקאָנד עוועניו. ווען זי איז געקומען צו דער שיף, האָט זי שלומען געבראַכט אַן אַלבאָם, אַ מין רייזע נאָטיץ־ביכל. שלום האָט טאַקע יעדן טאָג אַריינגע־

שריבן זיינע דערפאַרונגען. ווען ער איז אַרויף דער שיף, ווען די שיף האָט שוין געהאַט פאַרלאָזט דעם האַפן, האָט שלום דאָס ערשטע קאַרטל זיינס געשיקט צו קלעיר און פון דאַן אָן האָט ער איר פון יעדן אָרט געשיקט קאַרטלעך און בריוו. נאָר ווען ער האָט זיך נעענטער באַפריינדט מיט אַנ־קאַן האָט ער צייטווייליק אויפגעהערט שרייבן צו קלעיר. קומענדיק קיין פּאַ־ריז האָט ער פאַר קלעיר אַרויסגעשיקט אַן אַלבאָם פון לוּאוור. ער האָט געוואוסט, אַז זי האָט מאָלערישע אַמביציעס. אין קלאַס האָט זי באַקומען אַ צונאָמען „די פּיס“, דערפאַר וואָס זי פלעגט אַרומגיין מיט אַ צייכן־העפט און מאַכן בלייפעדער־סקיצן פון געטאָקטע לאַנגע פרויען־פּיס.

שלום און קלעיר האָבן באַזוכט צוויי באַזונדערע האַי־סקולס. זי האָט זיך געלערנט אין אַ מיידלשער סקול און ער איז געגאַנגען אין אַ שול פאַר יינגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען. סוף־וואָך האָט ער באַזוכט די יידישע מיטל־שול, וואָס האָט זיך געפונען אין האַרלעם. קלעיר איז אין קיין יידישער שול ניט געגאַנגען. זיי האָבן זיך דערפאַר אינמיטן וואָך ניט געזען, כאָטש זיי האָבן געוואוינט נאָענט איינע פון די אַנדערע.

גלייך נאָך זיין צוריקקומען פון דער רייזע האָט ער זיך געטראָפן מיט קלעיר און זיי האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט אַ זונטיק נאָכמיטאָג. שלום האָט איר צוגעזאָגט צו געבן לייענען דעם אַלבאָם מיט זיינע רייזע־איינדרוקן. ער האָט דאָרט פּינקטלעך געהאַט פאַרצייכנט וואו און ווען ער האָט פאַרבראַכט מיט אַנקאַן. דאָס האָט אים אָפּגעהאַלטן פון האַלטן זיין צוזאָג צו קלעירן. זי האָט געוואַרט, אַז שלום זאָל איר ברענגען דעם אַלבאָם. ער האָט זיך געקווענקלט. ענדלעך איז ער געקומען צו איר אין הויז אַריין. דאָס הייסט, ער איז ניט אַרויפגעגאַנגען, נאָר דריי מאָל אַ קלונג געטאָן אָפּגעהאַקט, אַזוי אַז זי האָט געוואוסט, אַז דאָס איז ער.

דער אַלבאָם האָט זיי צונויפגעבראַכט אָפּטער. ער האָט איר דערציילט וועגן זיין קוזינע אַנקאַ, וואָס איז אַזוי אַנדערש פון די אַמעריקאַנישע מייד־לעך. דאָס גאַנצע לעבן פון יידישע קינדער איז דאָרט אַנדערש, האָט ער איר דערציילט. קלעיר האָט באַדויערט אַנקאַן. שלומען האָט זיך איינגעגעבן צו דערוועקן רחמנות־געפילן ביי קלעירן צו אַנקאַן. ער האָט געטראַכט, אַז ער האָט אַ סך איבערגעטריבן. נאָר דאָס האָט קלעירן נאָך דערנעענטערט צו אים. ער האָט זיך געגוויטיקט אין דער דערנעענטערונג, דערפאַר וואָס ער האָט געבענקט נאָך אַנקאַן. קלעיר איז געווען אַזוי אָפנהאַרציק, אָן שטי־מונגען, אָן רעטעניש. אַנקאַ איז געווען פאַרקערט — שטענדיק עפּעס ניט דערזאָגט, יעדעס מאָל איז זי געווען אַנדערש, אפילו אין אויסזען אַנדערש ווי קלעיר, כאָטש קלעיר איז וועלטלעכער, זי האָט מער וויסן, זי איז אַ ניו־

יאָרקערין און אַנקאַ האָט זיך אפילו אין לאָדזש געפילט ניט היימיש. זי האָט געהאַט דאָס גערטנדל הינטער איר וואוינונג און דאָס איז געווען איר באַליבט ווינקל פון לאָדזש. ווען זי האָט אים געוויזן די פאַבריקן און די הויכע קוימענס, האָט זי באַדויערט וואָס זי דאַרף וואוינען אין אַזאַ שטאָט. ווען זי האָט גערעדט אָדער געפרעגט וועגן ניו־יאָרק, האָט זי זיך פאַרגעשטעלט ווי דער אָקעאַן ליגט אויסגעשפרייט ביי דער זייט פון דער שטאָט און ווען זי גייט צו צום פענצטער פון איר וואוינונג, קאָן זי זען די כוואַליעס, קאָן זי זען די שיפן אין נעפּל, וואָס פאַרלאָזן אָדער וואָס קומען אָן. זי האָט געהאַט געלייענט וועגן האַדסאָן טייך און וועגן כינעזישן קוואַרטאַל און וועגן איטאַליענישן קוואַרטאַל און וועגן דער וועלט־אויסשטעלונג, וואָס ווערט צוגעגרייט. די פאַנטאַזיע האָט איר געמאָלן פאַנטאַסטישע בילדער וועגן ניו־יאָרק, וואָס שלום האָט ניט געקאָנט באַגרייפן ווי עס קומט צו איר. ער האָט געלאַכט און זיך געהאַלטן ביי דער רעאַליטעט. ניו־יאָרק פאַר אים איז געווען — די וואָלקן־קראַצערס, די סאָבוועיס, דער יוניאָן סקווער מיט זיינע ריזיקע דעמאָנסטראַציעס. ביי איר איז דאָס געווען אַן אויסטערלישע וועלט, פול מיט כישוף און צוציאונג.

קלעירס מתנה צו שלומס געבורטסטאָג האָט ביי סאַלטשען געהאַט מער אָנזאָג ווי אַנקאַס מתנה. אַנקאַ איז געווען זיין קוזינע. איז דאָס ביי איר געווען נאַטירלעך. נאָר קלעיר, האָט זי געטראַכט איז טאַקע פאַרליבט אין שלומען. שלום און אַנקאַ האָבן זיך טאַקע געהאַלטן ווי משפחה־קינדער. אַנדערש איז דאָס מיט קלעיר. זי איז געקומען אים באַגלייטן צו דער שיף. זי וואַרט אויף אים אַמאָל אונטן אויף דער שוועל. ער לויפט צו איר יעדן זונטיק און פאַרברענגט מיט איר שטונדן־לאַנג. האָט דאָך מאָטעק איר ניט איינמאָל שוין באַמערקט, אַז שלום האָט שוין אַ מיידל און אַז ער דאַרף זיין גוט צו זיין צוקונפטיקער שנור . . . זי האָט געלאַכט און דאָס דערציילט גאָלדען. נו, גאָלדע האָט געהאַט גענוג צו דערציילן וועגן איר אסתרן. יענע האָט זיך שוין, מ'שטיינס געזאָגט, גענוג אַנטוישט אין אירע בחורים.

צווישן גאָלדען און סאַלטשען זיינען זייערע קינדער געוואָרן די הויפּטטעמע פון שמועסן. ווי שטאַרק עס האָט זיך גאָלדען ניט געוואָלט, אַז שלום זאָל אָנהאַלטן פריינטשאַפט מיט איר אסתרן, איז דאָס איר ניט געלונגען און ביידע מאַמעס האָבן איינגעזען, אַז די וועגן פון זייערע קינדער זיינען אינגאַנצן אַנדערש. פאַרקערט, עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז שלום און אסתרל מיידן זיך בכיוון אויס. זייערע כאַראַקטערן זיינען אינגאַנצן פאַרשיידן. אויב די עלטערן פלעגן לאַכן אַמאָל, ווען אסתרל און שלום פלעגן זיך באַגעגענען און פּרוּוון געפינען געמיינשאַפטלעכע אינטערעסן און עס האָט זיך דאַן

אויסגעדוכט, אַז דער צוריקגעהאַלטענער שלום און די אַגרעסיווע אסתר וועלן גראָד מיט דער צייט ווערן צוגעצויגן איינע צו די אַנדערע, — האָט אָבער די צייט באַוויזן פונקט פאַרקערט. צו זעכצן יאָר האָט אסתר געקוקט אויפֿן פופצן־יאָריקן שלומען, ווי אויף אַ „בעיבי־פּראָפעסאָר" און שלום האָט זי ביטולדיק גערופן „פּלעפּערקע".

— מיר דוכט זיך, גאָלדע, אַז שלום האָט שוין אַ כלה. זי איז קלעיר גרינבערג. דו האָסט דאָס מיידל געטראָפן ביי דער שיף. אַ שעמעוודיק מיידל מיט גרויע אויגן און מיט אַ פּנים וואָס גיט אַ שמייכל, אַז עס ווערט דיר וואַרעם אויף דער נשמה. זי האָט אים געגעבן אַ געבורטסטאָג מתנה. זי וואַרט אויף אים אונטן אויף דער שוועל. ער לויפֿט צו איר יעדן זונטיק. מיך אַרט עס ניט. זי געפעלט מיר.

— מיינע קאָן זיך ניט צוקלייבן קיין בחור. ניט וואָס עס אַרט מיך, נאָר זי פאַרשווענדט צופיל ענערגיע אויף די נאַרישקייטן. אין לערנען איז זי ניט צווישן די בעסטע, ווי דיין שלום. אַ בחור וועט זי ניט פאַרפעלן צו געפינען אין פינף יאָר אַרום, נאָר אַז זי וועט דורכפאַלן אין אירע לימודים, וועט דאָס מיר שוין גאָרניט געפעלן. אפשר קאָנסטו מיר דערקלערן, סאַלטשע טייערע, פאַרוואָס קאָנען די צוויי ניט שטימען צווישן זיך?

— דו מיינסט — שלום און אסתרל?

— יאָ, איך האָב ניט איינמאָל איבערגעטראַכט און איך האָב באַשלאָסן דיך צו פרעגן.

— ס'איז שווער צו דערקלערן, גאָלדע. איך האָב אויך אַ טראַכט געטאָן אַמאָל דערוועגן. מיר קענען זיך שוין אַזוי לאַנג, און די קינדער קענען זיך פון געבאָרן אָן, קאָן מען זאָגן. זיי האָבן געזען ווי געטריי מיר זיינען איינע צו די אַנדערע און ווי אָפט מיר קומען צוגאַסט איינער צום אַנדערן. נאָר ווי עס ווייזט אויס, איז שווער צו דערגיין די וועגן פון דער אַנטוויקלונג פון מענטשן. אונדזער פריינטשאַפט האָט ניט באַאיינפלוסט זייער פריינטשאַפט. זיי האָבן זיך ניט פיינט, נאָר דעם אמת מוז מען אָנערקענען, אַז זיי האָבן ניט קיין אינטערעס זיך צו טרעפן.

— האָסט אָנגערירט אַ שטאַרקן פונקט, סאַלטשע. וויפל מאָל מיינסטו האָב איך פאַרגעשלאָגן אסתרן, אַז זי זאָל איינלאַדן שלומען צו אירס אַ פּאַרדי? אָט ניט לאַנג צוריק האָט איר אויסגעפעלט אַ בחור צו עפּעס אַ פּאַרדי, וואו מען האָט געדאַרפט ברענגען באַקאַנטע ניט פון דער אייגענער סקול. נו, האָב איך איר פאַרגעשלאָגן, אַז זי זאָל טעלעפאָנירן שלומען. האָסטו געדאַרפט זען ווי זי האָט זיך פאַרקרימט. עס האָט מיך געקרענקט, זאָג איך

דיר, נאָר מיט מיין טאָכטער איז נוצלאָז צו אַרגומענטירן. אַמאָל זאָגט מען, אַז עקסטרעמען קומען זיך צונויף. עס קאָן נאָך זיין, אַז זיי זאָלן ווערן די בעסטע פריינט. ס׳איז אַ מאָדנער עלטער, אַ משוגענער עלטער. איך ווייס ניט, צי מיר האָבן דורכגעמאַכט די זעלבע שטיק און שטימונגען וואָס זיי גייען דורך. איך קען אסתרן אין קיין פאַל ניט פאַרשטיין. זי האַנדלט ניט לויט לאָגיק אָדער געפילן אָדער לויט איבערצייגונגען. מיין מעקס, ווייסטו דאָך, איז אַ פשוטער מענטש. קיין פאַנטאַזיע פאַרמאָגט ער ניט און ערלעך איז ער. רעדט ער מיט איר ניט איינמאָל פּראָסט און פּשוט, לאָגיש, „קאָמען סענס״. זי הערט אים אויס, שטימט איין מיט אים, און טוט פּונקט פאַרקערט וואָס דו האָסט דערוואַרט, אַז זי זאָל טאָן נאָך אַזאַ שמועס צווישן זיי.

— גאָלדע, — זאָגט ער צו מיר, — גיי אין ביבליאָטעק און געפין אויס וואָס די מאָדערנע ביכער האָבן צו זאָגן וועגן אסתרן. איך קאָן זי ניט צעקייען. זי איז ניט קיין נאַר, זי איז ניט שלעכט, נאָר עפּעס איז פאַראַן אין איר וואָס מאַכט, אַז זאָל טאָן אַלץ קאַפּויר. פון איצט אָן פירסט דו דאָס הויז. איך בין פאַרנומען אין ביזנעס.

— ס׳איז ניט אַזוי שרעקלעך ווי מען שטעלט זיך פאָר, — האָט סאַלטשע אַנגעהויבן, — דיין אסתר איז אַ פיין, שיין קינד און מען דאַרף מיט איר האָבן געדולד און איינזעעניש. זי, ווי אַלע קינדער אין דעם עלטער, מאַכט דורך אַ פיזישע און גייסטיקע רעוואָלוציע אין זיך. זי ווערט אַ דערוואָקסענער מענטש און דער צוזאַמענשטויס צווישן איר קינדישקייט און דער האַרטער וואָר איז ווי דער צוזאַמענשטויס צווישן קאַלטס און הייס. עס ווערט אַ פּאַרע, אַ נעפּל. נו, אָט אַזוי זיינען זיי, אונדזערע קינדער אין דעם עלטער. זיי זיינען פאַרנעפּלט. עס וועט אַוועק און זיי וועלן דערזען די ליכטיקע שיין. מען דאַרף דעם פאַרבלענדטן פירן ביי דער האַנט. מען דאַרף זיי, אונדזערע קינדער, פאָרזיכטיק אַריינפירן אין לעבן. זיינען מיר דען אַליין אַזוי זיכער מיט אַלץ וואָס מיר טוען? טאַפּן מיר דען נאָך אַלץ ניט אָפט אין דער פינצטער?

גאָלדע איז געווען די, וואָס האָט שטענדיק געהאַט אָנגעגרייט נייע פראַגעס וועגן אסתרן. האָט קיין צופיל פּראָבלעמען מיט שלומען ניט געהאַט. ער האָט זיך געהאַלטן וואָס ווייטער מער צוריקגעצויגן פון זיינע עלטערן. זיי האָבן געהאַלטן אַ וואַך אויג אויף אים, וואָס ער האָט ניט באַמערקט. נאָר קיין צער אָדער זאָרג האָט ער זיי קיינמאָל ניט פאַרשאַפט.

— אַ שיין מיידל צו זעכצן יאָר איז אַ זיסער עלטער, נאָר אַ ביטערע פאַר אירע עלטערן, — האָט סאַלטשע געזאָגט צו מאַטעקן.

2.

אין לאַדוש האָט לאַטשיאַ ניט איינמאָל געטראַכט וועגן מאַטעקן און סאַלטשען און שטענדיק איז איר אויפן זינען געקומען זייער שלומל און איר אַנקאַ. זי האָט געוואוסט, אַז זינט זייער באַזוך איז אַנקאַ געוואָרן אַן אַנדער קינד. עס איז געווען גענוג בלויז צו דערמאָנען דעם נאָמען מאַטעק אָדער סאַלטשע, אַז אַנקאַ זאָל זיך בייטן אין פּנים, אַז זי זאָל אָדער ווערן בלאַס, אָדער פאַרקערט, זיך רויטלען. און טאָמער האָט מען דערמאָנט שלומען, האָט זי די אויגן אַראָפּגעלאָזט און אַ צייט לאַנג איז זי אַרומגעגאַנגען אַ פאַראומערטע. אויך העניעק האָט דאָס באַמערקט און ניט איינמאָל דאָס איבערגערעדט מיט לאַטשיאַן. די קליינע גוטשיאַ האָט אַמאָל געזאָגט צו לאַטשיאַן:

— גלויב מיר, ס'וואָלט געווען אַ גוטער שידוך. נאָר ס'איז צופרי צו רעדן וועגן דעם, נאָר דער וואָס לעבט אייביק צייכנט אָן באַצייטנס.

לאַטשיאַ האָט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— שוועסטער, אַז מיר וועלן דערלעבן, וועל איך, מיט גאָטס הילף, נעמען אַנקאַן און אָפּשטאַטן אַ באַזוך ביי מאַטעקן צו דער וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק.

אַנקאַ אַליין האָט צייטנווייז געלעבט מער מיט ניו־יאָרק ווי אין לאַדוש. עס איז ניט געווען קיין איין בוך וועגן ניו־יאָרק אין דער ביבליאָטעק, וואָס זי זאָל ניט האָבן געהאַט געלייענט. נאָר דאָס וואָס זי האָט געלייענט און דאָס וואָס זי האָט זיך פאָרגעשטעלט האָבן ניט געשטימט צווישן זיך. געגלויבט האָט זי אָבער נאָר דאָס, וואָס איר פאַנטאַזיע האָט איר געוויזן. שלום האָט איר דערציילט, אַז ער וואוינט לעבן אויבערבאַנען און אונטערבאַנען און אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט הערט מען דאָס דונערן פון די שטאָלענע גיגאַנטן. נאָר לעבן זיין הויז איז פאַראַן אַ קליין פּאַרקל, אַ מין סקווער, וואו עס דרעמלען אַלטע ביימער און עס שפּריצט אַ וואַסער־פאָנטאַן. איבערן פּאַרקל און אַרום פּאַרקל הויערן שפּיטאָלן און אַ גאַנצן טאָג קלינגען אַמבולאַנסן און מען הערט דעם אַלאַרם פון טויט; ניט ווייט פון זיין וואוינונג געפינט זיך דער שטאָטישער מאַרג און אַרום דעם מאַרג, אין די אַרומיקע גאַסן, געפינט זיך אַ מעדיצינישע שול, וואו די צוקונפטיקע דאָקטוירים פּראַקטיצירן אַנאַטאָמיע אויף די מתים פון מאַרג. שלום האָט דאָס אַנקאַן דערציילט, כדי זי איבערצושרעקן, כדי איר צו ווייזן, אַז ניו־יאָרק איז ניט ווי זי שטעלט זיך פאָר — אַ שטאָט פון צויבער און וואונדער. אַנקאַ האָט געהערט און ניט געהערט. אין שלומס רייד איז געלעגן אַ רייץ. אפילו ווען

עס זאָל זײַן אמת, װײַל ער זיך דאָך פּאַר איר באַרימען. יאָ, זי װיל נאָך אַלץ קומען קיין ניו־יאָרק.

שלומס בריװ צו אַנקאַן זײַנען געװען אינפאָרמאַטיװ און זײַער װײניק סענטימענטאַל. אַנקאַס בריװ צו שלומען זײַנען געװען סענטימענטאַל און דער פּראָדוקט פון איר רײַכער פֿאַנטאַזיע. זי האָט װעגן לאָדזש גאָרניט ניט געשריבן, נאָר װעגן ניו־יאָרק, װי זי שטעלט זיך פאָר ניו־יאָרק, און װי זי זעט אים, שלומען אין ניו־יאָרק.

אין יעדן בריװ צװישן מאָטעקן און לאָטשיאָן זײַנען די נעמען פון זײערע קינדער דערמאָנט געװאָרן, אין שפּאַס און אין ערנסט. מ׳האָט געשריבן װעגן דער קאָרעספּאָנדענץ, װאָס עס גײט אָן צװישן די קינדער. מען האָט אָנגעקװאָלן װאָס צוליב שלומען האָט אַנקאַ זיך אויסגעלערנט שרײַבן און לײענען ייִדיש.

עס איז שוין געװען באַלד אַ יאָר נאָך שלומס זײַן אין לאָדזש. אַנקאַ האָט געװאוסט, אַז צװײ בחורים זײַנען פאַרליבט אין איר. אײנער האָט איר געשיקט ליבעס־צעטעלעך, דער צװײטער האָט געשריבן און בלויז גע־קוקט אויף איר פון דער זײַט. בײדע ייִנגלעך זײַנען איר געװען געפעלן. זי האָט זײ געשאָנקען איר פולסטע אויפמערקזאַמקײט. זי האָט זיך פאָרגע־שטעלט, װי אײנער פון זײ געװינט איר האַנט און זי מאַכט מיט אים אַ רײַזע איבער דער װעלט און זײ קומען אָן אין ניו־יאָרק און שלום, װאָס איז פאַר־הײראַט, פירט זי אַלײן אַרום איבער ניו־יאָרק און זײ זײַנען װידער װי צװײ שטיפערישע קינדער.

שלום האָט מיט אומגעדולד געװאַרט אויף בריװ פון אַנקאַן. דערהאַלטנ־דיק אַזאַ בריװ האָט ער אויסגעמידן קלעיר און אײַנגעאַנצן זיך אָפּגעגעבן אין זײַנע געדאַנקען צו אַנקאַן. ער האָט אין געדאַנק צו איר געשריבן לאַנגע, לאַנגע בריװ, נאָר װען ער האָט זיך אין דער אמתן אָװעקגעזעצט איר ענט־פערן, איז עס אים אָנגעקומען זײער שװער און ער האָט ניט געשריבן, װאָס ער האָט אינזינען געהאַט צו שרײַבן.

קלעיר האָט ניט געקאָנט באַגרײַפן שלומס שטימונגען, זײַן ניט האַלטן קיין װאָרט פון צײַט צו צײַט און ניט קומען זי זען. װען זי האָט אים פאָרגע־װאָרפן דאָס, האָט ער געקװעטשט מיט די פּלײצעס, קיין ליגן איר ניט געקאָנט זאָגן און זיך ניט געװאוסט װי אַזוי צו פאַרענטפערן. װען זי האָט גערעדט אַזוי שטיל, אַזוי שטיל, האָט ער זיך געפילט שולדיק קעגן איר, װאָלט ער געטאָן אַלץ אין דער װעלט זי אַרויסצוברענגען פון דער געקרענקטער שטי־מונג. װען איר פּנים איז געװען ערנסט און אירע אויגן זײַנען געװאָרן װי פרעג־צײכנס װאָלט ער זיך געבעטן בײַ איר אויף די קני, אַז זי זאָל אַ

שמייכל טאָן און אַז אירע אויגן זאָלן מיטלאַכן.

קלעיר און אַנקאַ האָבן אים געהאָלפן אין זיין קלאַס־אַרבעט; זיי זייגען מיט אים געגאַנגען שפּאַצירן; זיי זייגען געווען זייגע בעסטע פריינט; זיי זייגען מיט אים געזעסן ביים עס־טיש אין זיין היים. מיט קלעיר און אַנקאַן איז ער געגאַנגען אויף אַ סקאַטסבאָראָ דעמאָנסטראַציע; מיט זיי איז ער געגאַנגען זאַמלען געלט פאַר סטרייקערס; מיט זיי האָט ער זיך באַרימט פאַר זייגע חברים אין סקול.

נאָר באַלד האָט ער דערפילט, אַז קלעיר וויל ניט ליידן, וואָס ער פאַר־ברענגט מיט אַנקאַן און אַנקאַ וויינט, ווען זי זעט אים מיט קלעיר. ער האָט געדאַרפט שלום מאַכן צווישן זיי. ער איז געווען דער שולדיקער פון זייערע ליידן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי אַנקאַ קומט מיט איר מאַמען צו דער וועלט־אויסשטעלונג און זי געפינט אויס, אַז ער און קלעיר זייגען די גאַנצע צייט געווען די נאָענטסטע פריינט. אַנקאַן גייט ניט איין די אויסשטעלונג. זי וויל וואָס שנעלער אָפּפאָרן צוריק קיין פוילן.

ניט איינמאָל האָט שלום אָנגעהויבן פאַרגלייכן אַנקאַן מיט קלעירן און ס'איז אים ניט געלונגען. ניט איינמאָל האָט ער געוואָלט אויסגעפינען ביי זיך אין האַרצן, וועמ עס איז אים נעענטער פון זייביידן. ס'איז אים ניט געלונגען. ביידע צוזאַמען האָבן געהאַט אַלץ וואָס עס איז אים געווען גע־פעלן אין יעדער באַזונדער. קלעירס נאָענטקייט איז אים געווען טייער. ער האָט זיך אָן דעם ניט געקאָנט באַגיין מער. אַנקאַס ווייטקייט איז געווען נאָענט און ער האָט די בענקשאַפט נאָך איר געגערט.

איינמאָל האָט סאַלטשע פאָרגעשלאָגן שלומען, אַז ער זאָל אַרויפברענגען קלעירן אין הויז אַריין. זי האָט עס געזאָגט אַזוי פשוט און אויפריכטיק, אַז שלום איז געבליבן אָן לשון. אויף דעם האָט ער זיך ניט געהאַט געריכט. ער האָט געמיינט, אַז אין הויז האָט מען ניט באַמערקט, אַז זי שטייט אונטן און וואַרט אויף אים, אָדער אַז ער גייט יעדן זונטיק צו איר אין הויז אַריין.

— נאָך וואָס לאָזסטו קלעיר וואַרטן אונטן אויף דער שוועל, שלום? עס איז ניט שיין אַזוי. זאָל זי אַרויפקומען. וואָס איז דער אונטערשייד, צי דו ברענגסט אַרויף אין הויז אַריין דיין חבר דזשעק, צי קלעיר? אַלע דיינע פריינט זייגען אונדז ליב און דער טאַטע וועט, ווי איך, זיי אויפנעמען ווי גוטע געסט.

שלום האָט זיך פאַרלאָרן. ער האָט געטראַכט און באַטראַכט סאַלטשען.

— גוט, מאַמע, איך וועל זי אַרויפרופן. איך ווייס אָבער ניט, צי זי וועט וועלן קומען.

און ער איז אויף גיך אַרונטער און זיך געזאַמט אַ צייט. קלעיר האָט זיך

אָפּגעזאָגט אַרויפֿצוגיין. זי האָט זיך געשעמט.

— ניין, שאַ, — האָט זי געשעפּטשעט, — איך בין ניט גרייט צו קומען צו דיינע עלטערן. אפשר ווילן זיי ניט, אַז דו זאָלסט אַרומגיין מיט מיר. איך האָב מורא ארויפצוגיין. אפשר אַן אַנדערש מאָל. ניט היינט. ניין, אין קיין פאַל ניט.

— אָבער מיין מאַמע האָט דיך איינגעלאַדן, איך שווער דיר. זי וועט זיך פילן באַליידיקט. קום, איך בעט דיך. דו ווילסט דאָך ניט פאַרשעמען מיין מאַם ?

— פאַרוואָס קאָנסטו מיך ניט פאַרשטיין, שאַ ? איך בין פּסיכאָלאָגיש ניט גרייט אַרויפצוקומען צו דיר אין הויז אַריין. איך ציטער אויף פון בלויזן געדאַנק. איך בעט דיך — צווינג מיך ניט צו טאָן עפּעס וואָס איך קאָן ניט.

— וואָס וועל איך זאָגן דער מאַמען, קלעיר ?

— זאָג איר, אַז איך דאַנק איר פאַר דער איינלאַדונג, נאָר איך האָב געמוזט גלייך אַוועקגיין. איך האָב דיר בלויז געדאַרפט עפּעס איבערגעבן וועגן אַ בוך פון דער ביבליאָטעק.

און קלעיר האָט זיך אויף גיך געזעגנט מיט שלומען און זי איז אַנטלאָפן.

סאַלטשע האָט ניט באַדאַרפט רעדן מיט שלומען וועגן זיינע געפילן. איין קוק אויף אים, איין הויך פון זיין אָטעם און זי האָט דורכגעלעבט אַלץ וואָס ער איז דורכגעגאַנגען. ער האָט ליב קלעיר, דאָס איז זיכער. איר ניט וועלן קומען אין הויז אַריין, איז נאַטירלעך. מען וועט זי דאַרפן זען און זי פערזענלעך איינלאַדן. סאַלטשע האָט געוואַרט אויף אַזאַ מאָמענט. זי האָט זיך דערוואַרט גאָר אין גיכן.

— שלום, דו איילסט זיך אַרונטערצוגיין ? ס'איז נאָס אין דרויסן און דו ביסט פאַרקילט. אפשר קאָנסטו בלייבן אין הויז ?

— ניין, מאַמע, מען וואַרט אויף מיר אונטן.

— אויב ס'איז קלעיר, וועל איך זי בעטן אַרויפקומען. האָב ניט מורא, מיין קינד, זי וועט מיך פאַלגן. וועסט זען.

און נאָך איידער שלום האָט, אַ דערשראָקענער, געוואָלט זי אָפּהאַלטן פון אַרונטערגיין, איז סאַלטשע שוין געווען לעבן קלעיר.

— איר זייט, גלויב איך, קלעיר, ניט אַזוי ? איך פיל זיך באמת שלעכט, וואָס איר דאַרפט שטיין דאָ און וואַרטן אויף שלומען. איך בעט אייך, קומט אַרויף און פילט זיך היימיש. איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז מיין זונס אַ פריינט זאָל ניט וועלן אַרויפקומען צו אונדז. גראָד איז ער פאַרקילט און איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל בלייבן אין הויז. קומט אַרויף, איך בעט אייך.

— איך האָב געמיינט, אַז איך וועל אייך שטערן.

— אָ, ניין, ניין, דאָס הויז איז גראַם און שלומס פריינט זיינען שטענדיק ווילקאָמען. פאַרקערט, דאָס הויז איז פּוסט אָן זיי. מיר, מיין מאַן און איך, האָבן ליב יונגוואַרג און איר קאָנט זיך פילן אינגאַנצן פריי ביי אונדז. איך פאַרהאָף, אַז אייערע עלטערן וועלן שלומען אויך אַזוי אויפנעמען.

און קלעיר איז אַרויפגעקומען. שלום האָט זיך געפילט אַביסל פאַר־שעמט, נאָר סאַלטשע איז געבליבן אין קיך און אַביסל שפּעטער האָט זי געשטעלט כיבוד — פרוכט, שאָקאָלאַד, קיכלעך, סאָדע וואַסער.

סאַלטשעס וואַרעמקייט, סאַלטשעס שמייכל, איר נאַטירלעכקייט האָבן געהאַט די געהעריקע ווירקונג. געוויס האָט זי שפּעטער געלאָזט שלומען באַ־גלייטן קלעירן אַהיים. זי האָט געלאַכט ווען זי האָט דערציילט וועגן דעם מאָטעקן. אים האָט באַנג געטאָן וואָס ער איז דערביי ניט געווען.

און אַזוי האָט שוין קלעיר מער ניט גערדאַרפט שטיין אונטן. זי פלעגט אַרויפקומען און פאַרברענגען אין זיין צימער; צוזאַמען האָט מען אַמאָל געטאָן די היים־אַרבעט אָדער געבלעטערט אַ בוך און דערנאָך איז מען אַרונ־טערגעגאַנגען שפּאַצירן. קלעיר איז געוואָרן היימיש מיט סאַלטשען. שלום האָט זיך אויפסניי פאַרליבט אין דער מאַמען.

קאַפּיטל איין און פופציק

# די אָנקלס און די קאָזינס

.1

דאָם יאָר 1937 האָט מאָטעקן געבראַכט ניט קיין גוטע גרוסן. עס איז ניט דורך אַ חודש, אַז ער זאָל ניט האָבן געהאַט ערגערניש און צרות, סיי אין הויז, סיי אין דרויסן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט אין דעם יאָר באַצאָלט פאַר די פריערדיקע רואיקע צייטן. בעת עס האָט אין די מערסטע אַרבעטער־היימען געהערשט נויט, אין די אָנהויב דרייסיקער יאָרן, האָט מאָטעק נאָך באַוויזן צו העלפן זיין אָנקל קיווע און זיין פריינט מעקס מיט געלט. ער, סאַלטשע און שלום האָבן ניט געליטן פון קיין ערנסטע

קראַנקהייטן. די רייזע אין איראָפּע איז געווען אָנגעזאַפּט מיט פרישע איינ־דרוקן און דויערהאַפטיקע זכרונות.

נאָר גלייך אין יאַנואַר פון 37סטן יאָר האָט זיך שלום אַוועקגעלייגט מיט אַ לונגען־אַנטצינדונג און מען האָט אים געמוזט אַוועקנעמען אין שפּיטאָל. זעקס וואָכן צייט איז ער אין סקול ניט געגאַנגען. אַרויסגעקומען פון דער קרענק איז ער אַן אויסגעצערטער, אַ ציטערדיקער. ניט געקאָנט מער פאַר־טראָגן די ווינטער־טעג און געהאַלטן זיך אין איין פאַרקילן, ביז ס'איז גע־וואָרן גוט וואַרעם, אין יוני.

מאָטעק האָט תמיד שטאָלצירט מיט זיין דזשאַב. אין די ערגסטע צייטן איז ער ניט אַרומגעגאַנגען וואָכן־לאַנגן ליידיק. אפילו ווען ער האָט נאָר געאַרבעט צוויי טעג אין וואָך האָט ער זיך שוין אויך געפילט באַפרידיקט. און דאָ, סוף פעברואַר, ווערט ער אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון זיין דזשאַב. דער תירוץ איז געווען: דעפּרעסיע. רוזוועלט פירט איין סאָציאַליזם. די „סי. אַי. אָ." מיט אירע זיץ־סטרייקס וויל איבערנעמען די מאַכט פון אַמעריקע. זאָל אייך די „סי. אַי. אָ." געבן אַ דזשאַב.

עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער וועט באַלד קריגן אַרבעט דורך דער יוניאָן, נאָר אַ נייע כוואַליע פון אַרבעטלאָזיקייט האָט זיך מיטאַמאָל אַ לאָז געטאָן אויף שטעט און שטעטלעך. מאָטעק, וואָס האָט מיט סאָלטשען גע־אַרבעט מיט אַלע כוחות פאַר רוזוועלטס ווידערדערוויילונג אין 1936, האָט איצט דערזען די געפאַר פון פאַשיזם, וואָס האָט דאָ געדראָט אַלע ווינקלען פון לאַנד. די נאַצישע עלעמענטן, דער דייטשער־אַמעריקאַנער בונד, די אי־טאַליענישע שוואַרצע העמדלעך, דער שוואַרצער לעגיאָן, די אויסגעשפּראָ־כענע אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע פעריאָדישע אויסגאַבן, וואָס האָבן פאַרפלייצט דאָס לאַנד מיט גיפטיקער פּאָגראָם־ליטעראַטור, די שפּיאָנען אין יעדער אַרבעטער־יוניאָן — דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגערופן אויף מאָטעקס שטימונג און ער האָט באַשלאָסן אַוועקגעבן יעדע פרייע שעה אין קאַמף פאַר אַ דעמאָקראַטישער אַמעריקע.

ער איז אָבער ניט געווען געוואוינט צו דער לאַנגער אַרבעטלאָזיקייט. קומען צו אַ פאַרזאַמלונג און ניט קאָנען ביישטייערן מיט געלט־סומעס איז ביי אים געווען אַ דערנידערונג. און איין צייט האָט ער געלעבט פון גרייטן. געדאַרפט יעדע וואָך אַרויסנעמען געלט פון באַנק. אויך סאָלטשע האָט איבערגעלעבט אַ שלעכטע עקאָנאָמישע צייט. זי האָט מער קיין שטענ־דיקע באַשעפטיקונג ניט געהאַט. זי איז שוין ניט געווען אַזוי יונג. די קראָמען האָבן געוואָלט יונגע, באַחנטע מיידלעך, מיט שלאַנקע פיגורן און מיט קלינגענדיקע שטימעלעך. סאָלטשע האָט געזוכט אַרבעט אין די מי־

לינערי שעפער, נאָר אויך דאָרט האָט מען געענטפערט — דעפּרעסיע.

און אַז עס גייט, גייט מיט אַלעמען. דאָס הויז אין וועלכן זיי האָבן גע־וואוינט איז געווען אַן אַלטס. כל זמן מען האָט געהאַט גוטע באַהייצונג און הייסע וואַסער צו יעדער צייט, האָט מען ניט געטראַכט וועגן דער אָפּגע־לאָזנקייט פון די ווענט, פון קאָרידאָר, פון די שטיגן. נאָר מיטאַמאָל האָט געפּלאַצט אַ רער; באַלד איז ניט געווען קיין וואַסער אַ פּאָר טעג; באַלד האָט אויסגעפּעלט הייסע וואַסער אַ וואָך צייט. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז יעדן אַנדערן טאָג מעג מען זיך ריכטן אויף אַן אַנדער צרה.

מאָטעק און סאַלטשע האָבן מיטאַמאָל אָנגעהויבן באַקלאָגן זיך אויף דעם געריש פון עלעוועיטעד. דוכט זיך, קיינמאָל האָט עס זיי נישט גע־אַרט. איצט זיינען די נערוון געוואָרן אָנגעשטרענגט, מען האָט ביינאַכט ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן און דער „על" פון ביידע זייטן גאַס האָט גע־קלאַפּט, געקלאַפּט אַ גאַנצע נאַכט.

שלום האָט געהאַלטן אין איין אונטערקרענקען. דאָ אַן אויער, דאָ דער האַלדז, דאָ האָט ער גענומען אונטערהוסטן. ער איז אַליין געוואָרן אויס מענטש, אומצופרידן מיט זיך. קלעיר האָט סימפּאַטיזירט מיט אים, נאָר זי איז ניט איינמאָל אַוועק פון הויז אַ פּאַראומערטע דערפאַר וואָס שלום האָט מיט איר ניט געקאָנט אַרונטערגיין אויף אַ שפּאַציר.

פון דער נאַטור זיינען מאָטעק און סאַלטשע געווען שפּאָרעוודיק אין רייד וועגן זיך. קיינער האָט ניט געטאָרט וויסן, וואָס עס קומט פאָר ביי זיי אין הויז. די באַקן צו קנייפּן, אַז די פאַרב זאָל שטיין — איז שטענדיק געווען סאַלטשעס מאָטאָ. אַלץ איז גוט, אַלץ איז פיין. וואָס הערט זיך ביי אייך? און דאָ באַמערקן מענטשן, פריינט זייערע, אַז מאָטעק קוקט אויס שלעכט, אַז דער שמייכל אויף זיין פּנים איז פאַרשוואונדן; אַז שלום האָט גע־קראָגן איינגעפאַלענע באַקן און אַז סאַלטשע אַליין גייט עפּעס אַרום מיט אַ פאַרשלאָסן מויל.

— מאָטעק, מען דאַרף זיך נעמען אין די הענט אַריין, — האָט זי אים געוואָרנט, — איך וויל ניט הערן קיין שטעכיקע קאָמפּלימענטן אויף דיין און מיין חשבון. פּוץ זיך אויס אין דיינע זונטאָגדיקע בגדים; איך קויף זיך אַ נייעם פּודער און וועל בייטן מיין פריזור. אמת, די עלטער רוקט זיך אָן אויף מיר, נאָר איך וועל זיך ניט נאָכגעבן. כ'מוז פאַרלירן וואָג, מיינע גרויע האָר טאָרן זיך ניט אַרויסזען. לאָמיר אויפהערן ציטערן איבער שלומען. ער וועט צו זיך קומען. עס האָט געקאָנט זיין אַ סך ערגער. ער איז אַרויס מיט גאַנצע ביינער, זאָג איך דיר.

— ס׳וועט זיין גוט ווען איך וועל אָנהויבן צוריק אַרבעטן, — האָט מאַטעק געׄטענה׳ט.

גאָלדע האָט זיך דערוואוסט וועגן דער שלעכטער לאַגע ביי מאַטעקן. זי איז געקומען צו סאַלטשען און פאַרגעשלאָגן צו העלפן מאַטעקן קריגן באַשעפטיקונג ביי עפּעס אַנדערש. מעקסן האָט אָנגעהויבן גיין גוט און ער האָט געוואָלט פאַרגרעסערן זיין געשעפט. זי האָט אויך געוואָלט סאַלטשען לייען געלט. נאָר מאַטעק האָט זיך אָפּגעזאָגט פון ביידע פאָרשלאָגן. ער האָט אַצינד ניט געקאָנט פאַרטראָגן גאָלדעס אויסגעפּוצטקייט. נאָך אירע פאַר יאָרן פון בייזער נויט האָט זי זיך אַ נעם געטאָן צו ווערן מיט לייטן צוגלייך. מאַטעקן איז ניט געפעלן געוואָרן דער זאַטער אויסדרוק אויף איר פּנים; איר רואיקייט און אָפּגעהיטקייט.

— גאָלדע, די צייט האָט דיר גאָרניט אויסגעלערנט, — האָט ער איר איינמאָל געזאָגט, ווען זיי זיינען געבליבן אַליין אין זיין קיך, — דו באַלאַנגסט ניט צו קיין אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע; דיינע קינדער וואַקסן אויס פרעמד פון דער יידישער גאַס און פון דער דעמאָקראַטיש־אַמעריקאַנער גאַס. דו מיינסט, אַז אַ גלאַנציק פּנים און אַ גלאַנציקע קאַר זיינען סמנים פון אַמעריקאַניזם. מאַכסט אַ גרויסן טעות, גאָלדע. דו באַקלאָגסט זיך אויף דיין אסתרן, ס׳איז ניט איר שולד אינגאַנצן. זי איז פּוסט, דערפאַר וואָס דיין הויז איז פּוסט.

— מאַטוש, דו ביסט שלעכט געשטימט, דערפאַר רעדסטו אַזוי. דו טוסט מיר וויי. איך בין ניט אַזוי שלעכט ווי דו מאָלסט מיך אויס. אַז מען טראָגט טונקעלע ברילן, איז אַלץ אַרום דיר טונקל. סאַלטשע האָט וועגן מיר אַ בעסערע מיינונג, ווי דו האָסט, און זי קען מיך בעסער ווי דו קענסט מיך לעצטנס, מאַטוש.

גאָלדע האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט מאַטעקן. זי האָט זיך אַזוי שטאַרק געעוויטיקט אין זיין פרייַנטשאַפט. זי האָט אויסגענוצט יעדן מאָמענט, אַז זי זאָל קאָנען זיין מיט אים אַליין און קאָנען זיך אויסרעדן דאָס האַרץ פאַר אים. זי האָט אים געהאַלטן פאַר איר נאָענטסטן פריינט. זי האָט זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט. און דאָ שטויסט ער זי כסדר אָפּ פון זיך. זי קומט צו אים אין הויז אַריין אָנגעפילט מיט פרייד, זי פּוצט זיך אויס פאַר אים ווי פאַר אַ געליבטן און ער וואַרפט איר גאָר פאָר, אַז זי איז פּוסט, אַז זי האָט אינזינען בלויז איר אויסזען. ער פאַרשטייט זי גאָרניט, מאַטעק. ווי מאָדנע מענער זיינען. מעקס ווערט אייפערזיכטיג, ווען זי פאַרלאָזט דאָס הויז: „פאַר ווען פּוצטו זיך אויס?" . . . און מאַטעק וואַרפט איר פאָר דאָס זעלבע.

2.

מאָטעק האָט דערהאַלטן אַ בריוול פון אָנקל ווילי פון אַפּסטעיט, אַז ער קומט צופאָרן קיין ניו־יאָרק אויף אַ פּאָר טעג און אַז ער וועט איינשטיין אין קאָמאָדאָר האָטעל. מער האָט ער וועגן זיך ניט געשריבן.

אין אָוונט פון זיין אָנקומען האָט אים מאָטעק טעלעפאָנירט אין האָטעל און ער האָט אים טאַקע געפונען אין זיין צימער.

— האַלאָ, האַלאָ, אָנקל ווילי, וואָס מאַכט איר עפּעס? קומט מאָרגן צו אונדז אויף וועטשערע. איר זייט דאָ אַליין אָדער מיט אייער פרוי? און וואָס מאַכט דזשעיק און העריי? איז דזשעיק אין ניו־יאָרק? ווי לאַנג וועט איר דאָ זיין?

אָנקל ווילים קול איז געוועזן מיד און אָפּגעשוואַכט. ניין, די פרוי האָט ער געלאָזט דאָרט. ער וועט דאָ זיין, אין ניו־יאָרק, אַ פּאָר טעג, עס ווענדט זיך אין אַ פּאָר זאַכן. יאָ, ער וועט מאָרגן צוקומען צו אים, ער וויל זיך באַקענען מיט סאַלטשען און מיטן בחור. ווי הייסט ער, דער בחור? אַ מאָדנער נאָמען. מאָטעק איז געבליבן דער זעלבער איינגעשפּאַרטער אַלטמאָדישער אָפּשטאַם פון די קאַלינסקיס . . .

נו, מאָטעק האָט דעם אָנקל ניט דערקענט. ס'איז אַריינגעקומען אַן איינגעבויגענער, פליכצוואַטער, דיקלעכער מאַן, מיט אויגן פאַרנעפּלטע, קאָלירלאָזע, אַ שווער אָטעמדיקער, אַ שלאַבערדיקער. געפּרואווט שמייכלען, נאָר ס'איז אים שווער אָנגעקומען.

— אַזוי, דאָס איז דיין סאַלטשע, און דאָס איז דער בחור מיטן נאָמען פון דער ביבל.

דער אָנקל האָט גערעדט ענגליש. שלום האָט גלייך באַמערקט ווי גרייזהאַפטיק יעדעס וואָרט איז אַרויסגעקומען פון זיין מויל. שפּעטער האָט שלום דאָס איבערגערעדט מיט דער מאַמען. דעם טאַטנס אָנקל איז שוין אין אַמעריקע אַ יאָר 35 און דאָך רעדט ער ניט אַרויס גראַמאַטיקאַליש די עלעמענטאַרסטע ווערטער און וואוינען וואוינט ער אין אַ שטאָט, וואָס שטימט פון תמיד אַן רעפּובליקאַניש.

— האָסט זיך איינגעאָרדנט אַ פיינע היים אין אַמעריקע, מאָט. אין לאָדזש קאָן מען זיך ניט פאָרשטעלן, אַז אַ פּשוטער אַרבעטער זאָל אָט אַזוי לעבן אין אַמעריע, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. איך זאָג ניט איינמאָל, אַז די גרינע ווייסן בעסער ווי צו לעבן ווי אַ סך הי־געבאָרענע . . . דו פרעגסט מיך וועגן דזשעיקן? וועל, ס'איז אַ לאַנגע געשיכטע. צוליב אים בין איך טאַקע געקומען קיין ניו־יאָרק. איך וועל עס דיר דערציילן אַן אַנדער מאָל,

מאַמע. דיין ווייב איז אַן אויסגעצייכנטע קעכין. איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב שוין לאַנג ניט געגעסן אַזאַ גוט שטיקל פלייש. איך פאַרהאָף, אַז ס'איז כשר. ביי מיר איז העם אויך כשר. אַלץ וואָס איז געשמאַק איז כשר. נאָר דאָס האָט גאָר ניט צו טאָן מיט רעליגיע. איך האָב מיר מיין זיץ־פּלאַץ אין דער סינאַגאָגע. נאָר מיין הערי איז פאַרהייראַט מיט אַ ניט־יידישער פרוי. ס'איז אַ גאַנצע געשיכטע. איך וועל עס דיר דערציילן, נאָר ניט איצט... מיין פרוי? זי איז אין מיינע יאָרן. און אַז מען קומט אין די יאָרן, איז מען צופרידן וואָס דער טאָג לויפט אַריבער און מען קאָן זיך אַוועקזעצן אין אָוונט און זיך איינהערן צו דער ראַדיאָ. יאָ, איך זע שוין ניט אַזוי גוט, נאָר אויב מיינע אויגן נאַרן מיך ניט אָפּ, שטייט ביי דיר, דוכט מיר, דאָרט דער ביוסט פון לענין, ניט אַזוי? זעסט, איך האָב געטראָפן. ס'איז ניט מיינע ביזנעס, נאָר גלויבסטו ניט, אַז ער האָט געוואָלט צעשטערן דאָס פאַמיליע־לעבן און איינפירן פרייע ליבע? זעסט דאָך וואָס עס טוט זיך איצט אין ראַשיא. מען האַלט זיך אין איין שיסן. היינט שיסט דו מיך, און מאָרגן וועט קומען דיין סוף. ווען דו פרעגסט מיך, וועל איך דיר זאָגן, אַז אין אַ יאָר־צוויי אַרום וועט זיין אויס מיט ראַשיא. היטלער און ענגלאַנד וועלן זיך פאַראייניקן און דאָס איינטיילן צווישן זיך. לאָז דאָס צו דזשאָן בול. ער שאַרפט זיך שוין די ציין.

מאָטעק האָט געפילט, אַז דער אָנקל האָט אים וואָס איבערצוגעבן וועגן זיך און זיין פאַמיליע, נאָר ער שעמט זיך מסתם פאַר סאַלטשען און שלומען. צומאָרגנס איז מאָטעק ניט אַהיים געקומען צו וועטשערע, נאָר ער האָט מיטן אָנקל פאַרבראַכט דעם אָוונט.

— מאָטע, געפין מיר עפּעס אַן ערשט־קלאַסיקן רעסטאָראַן און לאָז מיך באַצאָלן. היינט ביסטו מיין גאַסט. אַ רעסטאָראַן מיט אַ באַר. אַן אַ גלעזל משקה בין איך אויס מענטש. מיינסט, אַז איך מעג טרינקען, אָדער עסן די שווערע שפּייז? הייבט זיך ניט אָן. נאָר איך בין געקומען אין ניו־יאָרק טאָן אַלץ וואָס איך טאָר ניט טאָן ביי זיך אין דער היים. האָסט אַ פיין ווייבל, מאָטע. און דיין זון קוקט אויס זייער גוט־דערצויגן. יאָ, דערצייל מיר פריער וועגן דער היים, וועגן מיינע ברידער, וועגן רעגינטשאַן. איך וואָלט נאָך וועלן אַהיים פאָרן זיך זען מיט זיי איידער ס'וועט צו־שפּעט.

דער אָנקל האָט אַליין געפונען דעם רעסטאָראַן. אַ סטעיק־הויז. און ער האָט טאַקע באַשטעלט אַ דיקן, בלוט־זאַפטיקן סטעיק. מאָטעק האָט געפילט ווי אַלץ וואָס ווילי טוט, איז דאָס מיט אַ כיוון, אי זיך אויסצופיינען פאַר אים, אי נקמה צו נעמען אין זיינע פאַרבאָטן. דער אָנקל האָט אַ סך גע־

טרונקען און פון די טייערסטע זאכן. ער האָט געקוקט מער אויפן פרייז, ווי אויף דעם נאָמען.

— מיט וואָס פאַרנעמט איר זיך, אַנקל?

— איך פאַרמאָג אַ פּאָר הייזער, לאָמיר זען, איך באַזיץ אַכט צוויי און פיר פאַמיליע הייזער און עס באַלאַנגען צו מיר צוויי גאַראַזשן. ס׳גייט מיר ניט שלעכט. ס׳וואָלט אַלץ גוט געווען, ווען איך האָב הנאה פון מיין לעבן. מאָט, איך וואָלט אַלץ אַוועקגעגעבן און צוריק געוואָרן אַ פעדלער ווי ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע, ווען איך וואָלט געהאַט אַ רואיק לעבן. וועגן מיין ווייב וויל איך ניט רעדן. כ׳בין אַריינגעפאַלן. וואָס ווינציקער וועגן דעם, אַלץ געזינטער פאַר מיר. פרעג מיך מער ניט. אַריינגעפאַלן און פטור. פרעג מיך וועגן מיינע זין. איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק צוליב דזשעיקן. איך ווייס, אַז ער איז ביי דיר געווען אַמאָל און דו האָסט אים פיין באַהאַנדלט. ער האָט אויפגעהערט קומען צו דיר צוליב דיין ראַדיקאַליזם. דו האָסט פאַרטיידיקט די צוויי אַנאַרכיסטן סאַקאָ און וואַנזעטי. איך וויל דו זאָלסט וויסן, אַז דזשעיק איז היינט אַ דעטעקטיוו, אַ פּריוואַטער דעטעקטיוו. זיין דזשאַב איז אויסצוגעפינען ווער עס וויל אָרגאַניזירן אַ יוניאָן אין די גרויסע פלענטס. ער האָט שוין געאַרבעט אין דעטראָיט פאַר די אָטאָמאָביל־קאָמפּאַניס. איצט אַרבעט ער אין ניו־יאָרק, איך ווייס ניט פאַר וועמען און ווען איך ווייס, וואָלט איך דיר אויך ניט געזאָגט. עס איז געזינטער פאַר דיר און פאַר אים. געקומען בין איך צוליב זיינע פאַמיליע טראָבלס. נאָר וועגן דעם ניט אַ וואָרט צו דיין פרוי. דזשעיק האָט אַ וואונדערבאַר יידיש ווייבל, וואָס האָט אים געבאָרן צוויי פּראַכטפולע קינדערלעך. זי איז מיט מיר. איך האַלט זי אויס. זי וואוינט טאַקע אין מיין הויז. מיין ווייב ווייס עס ניט, נאָר אַזוי לאַנג ווי איך לעב, וועל איך אויפפּאַסן אויף דאָראַן. זי קומט אַרויס פון אַ פרומער הויז, אָרטאָדאָקסן. וועל, דזשעיק האָט זי פאַרלאָזן און ער לעבט מיט אַן אַנדערער. אַזוי ווי דו הערסט. אָן אַ גודבאַי זי פאַרלאָזן. ווער יענע איז, ווייס איך ניט. דאָראַ זאָגט, אַז זי איז אויך אַ דעטעקטיוו, ניט קיין יידיש מיידל, נאָך גאָר אַ יונגע. נו, איך האָב זיך היינט געזען מיט דזשעיקן. ער האָט זיך גראָד נאָכגעפרעגט אויף דיר. איך וואָלט דיר ניט געראָטן זיך צו טרעפן מיט אים. ער איז פאַרביסן קעגן ראַדיקאַלן. ווען דו לאָזט עס צו אים, וואָלט ער אַלע ראַדיקאַלן אַרויפגעזעצט אויף שיפן און זיי דערטרונקען אינמיטן פּאַסיפיק. נו, דזשעיק וויל ניט וויסן וועגן צוריקקומען צו דאָראַן אָדער וועגן אויסהאַלטן זי מיט די קינדער.

— וואָס האָט ער צו דאָראַן? ער האָט זי ניט ליב? און די קינדער זיינען הפקר?

— זעסט דאָך, ס׳איז מײַן זון, מײַן עלטסטער זון. פֿון קינדווײַז אָן האָט ער זיך ליב געהאַט צו שלאָגן און אַזוי איז ער געבליבן. ער ווערט אויפגערעגט און איך האָב אַ שוואַך האַרץ, מאָט. יאָ, עס האָט געהאַלטן דערבײַ הײַנט, אַז איך זאָל פֿאַרלירן דעם קאָנטראָל איבער זיך. אים אַרט ניט, אויב איך וועל אויסהאַלטן דאָראַן מיט די קינדער דאָס גאַנצע לעבן. אַי, ס׳איז דאָ אַ געזעץ קעגן דערזערטירן אַ פֿרוי מיט קינדער — זאָגט ער, אַז ער איז דאָס געזעץ. אויב מען וועט אים וועלן מאַכן טראָבל, וועט ער ענטפֿערן מיט טראָבל. איך קען אים. ער וועט זיך ניט אָפּשטעלן פֿאַר קיין זאַך דורכצופֿירן זײַנס. האָב איך געפּרוּווט מיט גוטן. ס׳איז ניט געלונגען. פֿאַר איך צוריק מיט גאָרניט. געמיינט, אַז כ׳וועל אים קאָנען איבעררעדן. יענע דאָרט שטייט אײַנגעפּאַקט, גרייט אַרויסצופֿאָרן מיט די קינדער. זי וואַרט אויף מײַן טעלעפֿאָן־רוף. איך וועל צוריקקומען מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. וואָס קאָן איך טאָן? מײַן פֿרוי וויל עס ניט דולדן. איך וועל זיך באַראַטן מיט אַ לאַיער דאָ. כ׳האָב אַן אַדרעס וואָס מײַן לאָקאַלער לאָיער האָט מיר גע־געבן.־ ניין, איך בין ניט שטאַרק געניג צו באַנוצן דאָס געזעץ קעגן מײַן אייגן קינד. דאָראַ האָט אים ליב. ער איז דער טאַטע פֿון אירע צוויי קינדערלעך. זי וועט הונגערן און אים ניט טשעפּען. יאָ, מאָט . . . מײַן העריי איז פֿאַרהייראַט, נאָר איך האָב גאָרניט פֿון אים. ניט וואָס איך דאַרף עפּעס פֿון אים, נאָר ער האַלט זיך פֿון ווייטן פֿון אונדז. ער איז אין כעס וואָס איך האָב גענומען אַן אַנד׳ער פֿרוי. זי האָט אים ניט גוט באַהאַנדלט ווען ער האָט געוואוינט בײַ אונדז. ווייסט דאָך, קיינער קאָן ניט פֿאַרבײַטן קיין מוטער. מיט מיר זעט ער זיך אַמאָל, נאָר אַהיים קומען צו אונדז, דאָס ניט. איך קום צו אים זען מײַן אייניקל, אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר פֿיר. זײַן פֿרוי איז ניט יידיש. וועסט ניט גלויבן, ווען איך וועל דיר זאָגן, אַז זי איז פֿון פּוילישן אָפּשטאַם. אַ היגע געבאָרענע, נאָר אירע עלטערן שטאַמען פֿון פּלאָצק. ניט איך בין צופֿרידן פֿון שידוך און ניט זיי זײַנען צופֿרידן. מען האָט בײַ אונדז ניט געפֿרעגט. נאָר דאָראַן וועל איך האַלטן בײַ זיך אַזוי לאַנג ווי זי וועט וועלן. זי איז אַלץ וואָס איך האָב, מאָט. איך רוף זי טאָכטער און איך האָב זי ליב ווי אַ טאָכטער . . . דער דאָקטאָר הייסט מיך פֿאָרן קיין פֿלאָרידאַ, נאָר איך קאָן אָן איר ניט פֿאָרן און מײַן פֿרוי וויל מיט איר ניט פֿאָרן. גיי, לעב אויף דער וועלט מיט אַ קראַנק האַרץ און מיט פֿאַמיליע־טראָבל . . .

דער אָנקל האָט פֿאַרבראַכט אין ניו־יאָרק נאָך צוויי מעת־לעת. געזען צוויי מוזיקאַלישע קאָמעדיעס, באַקוקט ניו־יאָרק דורך אַ טוריסטן־געזעלשאַפֿט און געבעטן מאָטעקן, אַז ער זאָל קומען אים באַגלייטן צו דער באַן.

ס׳איז געווען שפּעט אין אָוונט. דעם אָנקל איז געווען קאַלט, כאָטש

אין גרענד סענטראַל סטאַנציע איז געווען צו־וואָרעם.

— מאַמע, איך ווייס ניט, צי איך וועל אַזוי גיך נאָכאַמאָל זיין אין ניו־יאָרק. ניט, אויב איך זאָל פאָלגן מיין דאָקטאָר. שרייב אַמאָל אָן אַ בריוו. טאָמער וועט דיר אויסקומען זיך אַמאָל צו טרעפן מיט דזשעיקן, מייד אים אויס. היט זיך פאַר אים. ער האָט וועגן דיר ניט קיין גוטע מיינונג. ער האָט עס מיר געזאָגט. ווען עס וועט דיר אויסקומען צו זיין אין מיין שטאָט, טעלעפאָניר מיר פריער.

דער אָנקל האָט זיך צעקושט מיט מאַטעקן. ווילים ליפּן זיינען געווען בלוי און לעדערדיק. מאַטעק האָט זיך אַ צייט ניט געקאָנט באַפרייען פון זייער נאָך־טעם.

3.

אָנקל ווילים באַזוך האָט מאַטעקן באַוואויגן צו אינטערעסירן זיך ווידעראַמאָל מיט אָנקל קיווע. ער איז ניט געווען זיכער ביי זיך צי דער אָנקל לעבט נאָך. ער האָט זיך אַליין אויסגערעדט, וואָס ער האָט דעם אָנקל שוין ניט געהאַט געזען באַלד אַ יאָר צייט.

געטראָפן האָט ער דעם אָנקל ביי דער ראַדיאָ.

— זע נאָר ווער ס׳איז דאָ! גלעד טו סי יו, מאַמע. ביסט מסתּם געווען צופיל פאַרנומען מיט די זיך־סטרייקס מיך צו זען. איך פיר אויך דורך אַ זיץ־סטרייק. גאַנצע טעג זיץ איך און ריר זיך ניט פון אָרט. כ׳האָב ניט וואָס צו טאָן, זיץ איך. אַ זיץ־סטרייק קעגן רבונו של עולם... וואָס מאַכט דיין ווייבל און דער באַיטשיק? מיין משהלע האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דיר. ער וויל זען דעם קאַזין מאַטי, זאָגט ער. כ׳וועל דיר געבן זיין אַד־רעס און טעלעפאָן, כאַפּ זיך אַראָפּ צו אים ווען דו האָסט צייט.

דער אָנקל קיווע האָט אויסגעקוקט פיל בעסער ווי מיט אַ יאָר צוריק, ווען מאַטעק האָט געמיינט, אַז זיי סוף איז נאָענט. זיינע רייד זיינען אַצינד געווען מונטערע און וועגן זיין קראַנקהייט האָט ער מער ניט גערעדט.

— קיין זאַך פעלט מיר ניט, — מאַמע. מען דאַרף לעבן און הנאה האָבן פון אַלץ. מען דאַרף אַריינכאַפּן ווי לאַנג עס לאָזט זיך. וועסט זיך וואונדערן וואָס איך וועל דיר באַלד זאָגן, נאָר מיין ניט, אַז אָנקל קיווע איז פון זינען אַרונטער. איך שטיי אין שידוכים, מאַמע, סאָ העלפּ מי דער אויבערשטער. עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז די פרוי וואָס קאָכט און ריייניקט פאַר מיר, איז מיינע אַן אַלטע טענערקע. שוין זעקס יאָר ווי זי איז געבליבן אַן אלמנה. זי האָט אויסגעגעבענע דריי קינדער. אַלע וואוינען אַאוט אָוו טאַון. זי וואוינט

שוין בײַ מיר באַלד אַ צוואַנציק יאָר. אַ ליבער מענטש, אַ גילדענע נשמה. ווייסט דאָך, מען איז אײנזאַם. זאָלסט ניט לאַכן פון מיר, דו הערסט? מענטשן האָבן זיך אַרײנגעמישט און מען וויל אונדז משדך זײַן. כ׳ווייס? כ׳ווייס אַלײן ניט. שי איז עי ווערי נאַיס פוירסאָן. ײנגער פון מיר, פאַרשטייט זיך. שיין פאַר אירע יאָרן . . . מײַן משהלע זאָגט: „פאַ, אויף וואָס וואַרטסטו? גאָו אַהעד, אײדער אַן אַנדערער וועט זי אויסכאַפּן בײַ דיר". אַזוי זאָגט ער, דער ממזר. גיי צו, זע זיך מיט אים און מיט זײַן ווײַבל און די צוויי ברי־ליאַנטענע קינדערלעך . . . ביזנעס? וועמען אַרט עס. איך האָב גענוג אויף צו עסן און גיין אין אַ מואווי און קיין רענט קאָסט מיך ניט. קיינער וועט מיך ניט עוויקטן. וואָס נאָך דאַרף איך?

מאָטעק האָט באַשלאָסן זיך צו זען מיט משהלען. ס׳איז אים געווען טשיקאַווע. געענטפערט דעם טעלעפאָן האָט משהלעס ווײַב. ער איז דאַן אין הויז ניט געווען. זי איז געווען זייער איבערראַשט און צופרידן און איר שטימע האָט אַפּעלירט צו מאָטעקן. צומאָרגנס האָט משהלע געקלונגען צו מאָטעקן און סאַלטשע האָט געענטפערט. מאָטעק איז געווען בײַ אַ מיטינג.

— סאַלטשי, קום אַריבער. האַלט זיך ניט אַזוי אָפּגעפרעמדט. איך זאָג צו מײַן אַלטן: דײַן משפּחה איז פאַני. דײַן מאַטי מוז זײַן אַ גרויסער מענטש, וואָס אים שטייט ניט אָן זיך צו טרעפן מיט אונדז. אָדער ער מוז זײַן אַ גרויסער נאַר, זאָלסט מיר אַנטשולדיקן פאַרן אויסדרוק, איך מיין דאָס ניט, וואָס ער וויל נישט אָנהאַלטן קיין פרײַנטשאַפט מיט זײַנע אייגענע. קומט אַריבער נעקסטן זונטיק. ברענגט מיט דעם זון. ער מוז שוין זײַן גאָר אַ וואַזשנער בחור. איר וועט זיך באַקענען מיט מײַן פרוי, — מיט מײַנע מיידלעך. לאָמיר זיך ניט האַלטן פון ווײַטן. ס׳איז ניט שיין. זאָגט עס מאָטין אין מײַן נאָמען.

סאַלטשע איז איבערראַשט געווען צו טרעפן משהלעס פרוי. זי האָט גע־מאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ געבילדעט, ראַפינירט מיידל. זי איז געווען דער קעגנזאַץ צו משהלען. ער — פעט, רונדיק, אָנגעבלאָזן, וואולגאַר. זי — פעטיט, מיט אײדעלע געזיכט־שטריכן, קלוגע שוואַרצע אויגן, יונג־מאַמיש, צאַרט צו די קינדער, וואָס זײַנען געווען פײַן דערצויגן.

באַלד איז געוואָרן אַ צוגעבונדקייט צווישן סאַלטשען און רוטין, משהלעס פרוי. זיי האָבן געפונען אַזוי פיל געמיינשאַפטלעכס וועגן וואָס צו רעדן, אַז מען האָט פאַרגעסן אין די מענער. בעת בײַ מאָטעקן האָבן זיך אויסגע־לאָזט אַלע רייד מיט משהלען, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין חכמ׳ענען וועגן טאָם מוני און די משפּטים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט סאַלטשע ניט

געוואָלט פאַרלאָזן משהלעס הויז. איר איז געפעלן געוואָרן רוטיס געשמאַק אין אויסמעבלירן איר הויז. איר געשמאַק אין קליידן זיך, אירע געדאַנקען וועגן פאַמיליע־לעבן און איר קוק אויפן געזעלשאַפטלעכן לעבן. רוטי האָט אַפילו צוגעשטימט זיך אָנצושליסן אין אַן אַנטי־פאַשיסטישן קלוב. רוטי האָט צוגעזאָגט צו באַזוכן סאַלטשען אין גיכן.

מאַטעק האָט פון באַזוך ביי משהלען גאָרניט געוואונען, סאַלטשע — גאָר פיל. זי האָט רוטין גלייך ליב באַקומען. זי האָט אין געדאַנק פאַר־גליכן רוטין צו גאָלדען און דער אונטערשייד איז געווען גרויס. גאָלדע, וואָס איז געווען באַשיידן מער, נאָר געטראָגן וואָס ראַשיקערע קליידער, כדי אויפ־צורייסן די אויגן. רוטי, די יונגע, די ראַפינירטע, איז געווען ווי אַ געהאָרכ־זאַם קינד, וואָס אַלץ איז איר ליב, אַלץ געפעלט איר.

ווען רוט איז געקומען צו סאַלטשען צו גאַסט מיט משהלען, האָט זיך דער פּראָצעס ווידער איבערגעחזרט. משהלע און מאַטעק האָבן ניט געהאַט וועגן וואָס צו רעדן צווישן זיך. סאַלטשע און רוטי זיינען געווען ווי צוויי גוטע פריינט, וואָס האָבן זיך באַגעגנט נאָך אַ לאַנגן איבעררייס און זיך ניט געקאָנט אָנזעטיקן מיט רייד.

עס האָט זיך דערנעענטערט דער זומער. דעם 30טן מאַי איז אין שי־קאַגאָ פאָרגעקומען אַ קאַלטבלוטיקער מאַסן־מאָרד פון דער פּאָליציי אויף שטאָל־אַרבעטער, וואָס האָבן געסטרייקט קעגן דער רעפּובליק שטאָל־קאָמפּאַני. צען אַרבעטער זיינען געטויט געוואָרן. די בילדער פון דער שחיטה, וואָס זיינען געווען אָפּגעדרוקט אין די צייטונגען האָבן אויף מאַטעקן, סאַלטשען און שלומען געלאָזט אַן אומגעהויערן איינדרוק. זיי האָבן זיך ניט איבער־געשראָקן פאַר דער ברוטאַלער מאַכט פון די אָרדענונג־היטער. זיי זיינען געוואָרן דערצאָרנט קעגן די היטלער־מיטלען, וואָס זיינען גענוצט געוואָרן אין אַמעריקע קעגן די דעמאָקראַטישע טראַדיציעס פון פרידלעכן פּיקעטן.

די סאַרנע־פאַמיליע האָט מיט אַ געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט נאָכ־געפאָלגט די פּאַסירונגען אין לאַנד, איבערהויפּט אַזעלכע וואָס זיינען געווען פאַר און קעגן די אינטערעסן פון דעמאָקראַטיע. כמעט דריי יאָר צייט זיינען זיי אַלע געווען פאַרקאָכט אין דער די־דזשאָנג־קעיס. דער פירער פון די אַר־בעטלאָזע אין פּאָרטלענד, אָרעגאָן, דווירק די־דזשאָנג, האָט גערעדט ביי אַ מיטינג. וועלכער איז פאַררופן געוואָרן צו פּראָטעסטירן פּאָליציי־ברוטאַליטעט, וואָס איז פאָרגעקומען אין שייכות מיט אַ סטרייק פון האַפן־אַרבעטער. די־דזשאָנג איז ביים מיטינג אַרעסטירט געוואָרן און ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו זיבן יאָר טורמע אונטער דעם סינדיקאַליזם געזעץ פון אָרעגאָן. אויך דער פאָרזיצער ביי יענעם מיטינג האָט געקראָגן צוויי יאָר זיצן. דער סופרים

געריכט פון שטאַט האָט גוטגעהייסן די־דזשאָנגס פאַראורטיילונג, נאָר דאָס העכסטע געריכט אין לאַנד האָט אין 1937 איינשטימיק באַפרייט די־דזשאָנגען און די איבעריקע.

סאַלטשע איז כסדר געווען אַריינגעטאָן אין דער סקאָטסבאָראָ קעיס און ווען דער סופרים קאָורט פון אַלאַבאַמאַ האָט אין יוני 1937 באַשטעטיקט דעם אורטייל פון 75 יאָר טורמע פאַר העיוואוד פּעטערסאָן, האָט סאַלטשע זיך ניט געקאָנט באַרואיקן. זי איז געווען קראַנק יענעם טאָג און ס׳איז געווען ווי מען וואָלט איר פּערזענלעך שטאַרק ווײ געטאָן. ביים פינפטן משפט איבער די סקאָטסבאָראָ יינגלעך אין יולי, 1937, איז איינער פון זיי פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט; אַ צווייטער צו 99 יאָר טורמע; אַ דריטער צו 75 יאָר און אַ פערטער צו 20 יאָר. פיר זיינען באַפרייט געוואָרן. אין סאַלטשעס מוח, אין איר געוויסן, איז דאָס געווען אַ חוזק איבער גערעכטיקייט, אַן אָפּלאַך איבער ציוויליזאַציע. אין דער זעלבער צייט, אין זעלבן חודש, האָט דער יידישער קאָנגרעסמאַן דיקשטיין אַריינגעבראַכט אַ פאָדערונג אין קאָנגרעס, אַז מען זאָל אונטערזוכן די נאַצישע טעטיקייטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט צוגעשטעלט אַ גרויסן צעטל נעמען פון שפּיאָנען און פירער פון די אַנטי־אַמעריקאַנישע אַקטיוויטעטן. ס׳האָט זיך באַקומען אַ טרויעריק בילד. מיליאָנען אַמעריקאַנער זיינען נאָכאַנאַנד פאַרסמט געוואָרן מיט היטלער־גיפט קעגן יידן, קעגן אַלץ וואָס איז דעמאָקראַטיש. די אַמעריקאַנער רעגירונג, די רוזוועלט „ניו דיעל" רעגירונג, וואָס האָט זיך ווינציק געמישט אין די לינטשעריי און פּאָגראָמען וואָס זיינען פאָרגעקומען אויף נעגערס אין דרום, וואָס האָט דערלויבט די אַמעריקאַנער נאַציס אָנצופירן זייער טעטיקייט אומגעשטערט, איז אָבער געווען זייער וואַך קעגן אַרבעטער־פירער, קעגן קאָמוניסטן, קעגן אַנטי־פאַשיסטישע טעטיקייטן איבערן לאַנד.

מאָטעק, סאַלטשע און שלום זיינען געווען אַמעריקאַניש דורך און דורך, האָבן זיי געהאַלטן. אָט אַזוי ווי אַ פאַסירונג אין דער פאַמיליע רירט אָן יעדן געטרייען מיטגליד פון דער פאַמיליע, אָט אַזוי דאַרף אַ פאַסירונג איבערן לאַנד, וואָס קאָן פאַרשוואַרצן דעם נאָמען פון לאַנד אָדער פאַרקערט, באַשיינען זיין נאָמען, אָנרירן יעדן איינוואוינער פון דער דעמאָקראַטיע. סקאָטסבאָראָ האָט פאַרשוואַרצט אַמעריקעס נאָמען איבער דער גאַנצער וועלט. טאָם מוני אין טורמע האָט אויפגעברויזט יעדן רעכט־דענקענדיקן מענטשן. דער פּאָגראָם איבער די שטאָל־סטרייקערס אין שיקאַגאָ האָט אויפגעצאָרנט די סאָרנע־משפּחה, כאָטש זיי האָבן קיינמאָל פּערזענלעך ניט געקענט קיינעם פון די סטרייקערס.

דאָס יאָר 1937 האָט אָבער פאַר מאָטעקן און זיין הויזגעזינט געהאַט נאָך

גאַר אַ ספּעציעלע באַדייטונג, וואָס איז שוין אַרויס פון די ראַמען פון איי־
גענעם לאַנד. די געשעענישן אין אַ ווייטן אומבאַקאַנטן לאַנד זיינען מיטאַמאָל
געוואָרן נאָענט און אייגן און מיט ציטער אין האַרצן האָבן זיי נאָכגעפאָלגט
וואָס עס פּאַסירט דאָרט.

דאָס לאַנד איז געווען שפּאַניע.

## קאַפּיטל צוויי און פופציק

# לינקאָלן־בריגאַדע

.1

שלום האָט פון קינדוויַיז אויף געוואוסט וואָס זיין נאָמען באַדייט און פאַרוואָס די עלטערן האָבן פאַר אים דעם נאָמען אויסגעקליבן. ווען ער איז אַביסל עלטער געוואָרן האָט ער אַליין דערקלערט וואָס עס מיינט:

— ווען מיר קינדער גייען אַרומגענומען און עסן עסקימאָ־פּאַיס און מיר שטיפן און לאַכן, דאַן מיינט דאָס, אַז עס איז שלום ביי אונדז; נאָר ווען מיר קינדער צעשלאָגן זיך און מיר וואַרפן שטיינער איינער אויפן אַנדערן און מיר טוען איינעם דעם אַנדערן וויי, דאַן איז מלחמה צווישן אונדז.

און שלום האָט טאַקע ליב געהאַט, אַז עס זאָל זיין שלום. ביי אים אין הויז איז מערסטנס געווען שטיל און ליב. טאַטע־מאַמע האָבן זיך קיינמאָל ניט געקריגט, ווי ער האָט דאָס ניט איינמאָל געהערט דורך דער וואַנט ביי אַ שכן, וואו מען האָט געוואָרפן זיך מיט טעלער און טעפּ און די קולות האָבן זיך געהערט אויף דער גאַס.

דערפאַר האָט שלום, ניט ווי אַנדערע חברים זיינע, פיינט געהאַט צו הערן אַ פּרייז־פּאַיט אויף דער ראַדיאָ, אָדער צו זען אַ באָקסינג־מעטש אין האַי־סקול. ער האָט אָנגעקוואָלן פון אַ בעיז־באָל שפּיל. בעיז־באָל איז פאַר אים געווען דער סימבאָל פון אַמעריקאַנער טעמפּאָ. אַמעריקע, האָט ער פּי־לאָזאָפירט, בעת ער איז אַלט געווען זעכצן יאָר, פּאָדערט געשיקטקייט און טעכנישע מייסטערשאַפט. אַמעריקע איז דאָס לאַנד פון געאיבטער גבורה, פון אויסגערעכנטער פלינקשאַפט, פון געוועט. בעיז־באָל פאַראייניקט אין זיך אַלע עלעמענטן וואָס שטעלן מיט זיך פאַר דאָס וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַמעריקאַנער שנעל־באַוועגלעכקייט, פאַר דער מאַסן־פאַראייניקונג.

די „סעריעס״ (אין בעיז־באָל שפּיל) דערנעענטערן פרעמדן מיט פרעמדן. „וואָט׳ס די סקאָור ?״ איז אַ משפּחה־פראַגע פון אַ גאַנצן פאָלק. מען דאַרף זיך ניט פאַרשטעלן, מען דערקענט זיך מיט דער פראַגע און ענטפער. פּרייז־פאַיטס איז ביי אים געווען דער אויסדרוק פון דער ברוטאַליער, צוווילדע־וועטער מאַכט. צעבלוטיקן אַ מענטשן פאַר אַ צעיושעטן עולם פון טויזנטער וואָס ווערן צערייצט ווי חיות ביים אָנגעזיכט פון בלוט — דאָס איז ניט ציוויליזירט, דאָס ברענגט אַרויס דאָס ערגסטע ביים אַמעריקאַנער.

בעיז־באָל איז געווען דער אויסדרוק פון דעמאָקראַטיע; פּראַיז־פאַיטס איז געווען דער אויסדרוק פון פאַשיזם. אַזוי האָט שלום באַשלאָסן ביי זיך. די בלוטיקע מעשים פון היטלערן אין דייטשלאַנד און מוסאָלינין אין אי־טאַליע האָבן ביי שלומען אַרויסגערופן דעם באַוואוסטזיין, אַז אויב זיי וועלן ניט באַזיגט ווערן און פאַרניכטעט ווערן, דאַן וועלן זיי באַזיגן די וועלט און די אָנגעזאַמלטע אוצרות פון קולטור און ציוויליזאַציע וועלן צעשטערט ווערן.

מאַטעק און סאַלטשע האָבן ניט איינמאָל אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק אין שלומעס אָנוועזנקייט, אַז אויב היטלער און דער פאַשיזם, וואָס דאָס האָט אויך געמיינט פּילסודסקיס פּוילן, וועלן ניט אויסגעוואָרצלט ווערן פון דער ערד, דאַן וועט דאָס לעבן פון יעדן אַנטי־פאַשיסט, דאָס לעבן פון יעדן ייד און פון יעדן פּראָגרעסיוון מענטשן באַדראָט ווערן. זיי האָבן אָפן געזאָגט:

— מילא, מיר האָבן שוין כמעט ווי אָפּגעלעבט אַ לעבן. נאָר וואָס דער־וואַרט אַזאַ קינד ווי שלום ? פאַר זיין צוקונפט דאַרפן מיר קעמפן.

שלום האָט דאָס געהערט און פאַרשטאַנען. יעדער טריט פאַראויס פון היטלערן אָדער מוסאָלינין איז ביי שלומען געווען ווי אַ קלאַפּ פאַר זיין אייגן לעבן. דערפאַר האָט ער זיך צו זעכצן יאָר אָנגעשלאָסן אין אַן אַנטי־פאַשיס־טישן קלוב אין סקול און ער האָט געהאָלפן דורכפירן אונטערנעמונגען און שאַפן פאָנדן לטובת דעם קאַמף קעגן פאַשיזם.

ווען עס איז אין יולי 1936 אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד קעגן דער דעמאָקראַטישער פאָלקס־רעגירונג פון שפּאַניע און דער אויפשטאַנד איז געשטיצט געוואָרן פון היטלערן און מוסאָלינין, דאַן שוין איז דער פופצן־יעריקער שלום אָנגעצונדן געוואָרן מיט ליבע צו דער פאָלקס־רעגירונג און ער האָט, אַזוי ווי זיינע עלטערן, דערפילט, אַז דאָרט אין שפּאַניע ווערט אָנ־געפירט אַ קאַמף אויך פאַר זיין צוקונפט. אויב דער בלוטיקער פראַנקאָ זאָל געווינען, וועט דאָס מיינען, אַז היטלער און מוסאָליני און אַלע פאַשיסטישע שלעק וועלן זיין בכוח אויסצושפּרייטן זייער פינצטערע ממשלה.

יעדער זיג וואָס איז פון דאַן אָפּגעהאַלטן געוואָרן פון די אַנטי־פאַשיסטן אין שפּאַניע איז געוואָרן אַ זיג פאַר שלומען און מאַטעקן און סאַלטשען. ביי

זיי אין הויז איז געהאַנגען אַ מאַפּע און יעדן אָוונט האָט מען אָנגעשטאָכן אַ שפּילקע־פענדל צו באַצייכענען דעם גאַנג פון די שלאַכטן. מאַדריד איז געוואָרן אַזאַ נאָענט וואָרט ווי לאָדזש. די שפּאַנישע רעפּובליקאַנער טרופּן זיינען געוואָרן די אָנזאָגער פון אַ ליכטיקן מאָרגן.

ווען עס האָט זיך אָרגאַניזירט די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדע , האָט זיך שלומס פאַנטאַזיע צעשפּילט. עס איז געווען אַזוי וואונדערבאַר. פּאָליאַקן, דייטשן, נעגערס, יידן, איטאַליענער, קאַנאַדער — אַלע קעמפן אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע אונטער פאַרשיידענע שפּראַכן, נאָר מיט איין באַגער — צו פאַרניכטן דעם פאַשיזם !

דער לינקאָלן־באַטאַליאָן פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט גאָר איינגיכן געהאַט זיין אייגענעם פאַרטרעטער פון דער סאַרנע־משפּחה. אמת, עס איז געווען אַ וויטער קרוב פון מאָטעקן, נאָר מיט יעדן טאָג איז ער געוואָרן נאָענט און נעענטער און דורך דעם זיינען די צוויי פאַמיליעס געוואָרן ווי איינע אין יענער צייט.

אויסגעפונען האָבן די סאַרנעס דאָס צופעליק, ווען סאַלטשע איז געווען אין מיליגערי מאַרק און זיך באַגעגנט מיט בעסי דעיוויס.

.2

מיט די דעיוויסעס האָט מען זיך געהאַט מערסטנס געטראָפן ביי מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס. לואי און בעסי זיינען תמיד געווען פאַרנומען אין דער באַוועגונג. קומען צוגאַסט צו עמיצן אין הויז אַריין איז געווען אַ לוקסוס. מיט מאָטעקן און סאַלטשען איז מען שוין געווען מער היימיש און מיט זיי גערעדט וועגן די קינדער. שטענדיק געהאַט בלויז לויב פאַר די אייגענע קינדער און דער נחת איז געווען וואָס די קינדער זיינען אין דער באַוועגונג, וואָס זיי זיינען דאָס עפּעלע וואָס איז ניט געפאַלן ווייט פון ביימעלע.

אין הויקערדיקן יאָר 1937, ווען מאָטעק האָט זיך אַזוי שנעל געעלטערט, האָט ער ניט איינמאָל געוואָלט וויסן וואָס עס הערט זיך מיט לואי דעיוויס, מיט בעסין מיט זייערע קינדער. צוגיין צו זיי האָט זיך ניט געגלוסט. געטראָפן זיי האָט מען מערסטנס ביי די אונטערנעמונגען פון די באָדל־פאַכן. מאָטעק האָט יענע אונטערנעמונגען ניט באַזוכט.

נאָר אָט איז סאַלטשע איינמאָל, אין אָנהייב פון 1937, אַהיים געקומען מיט דער נייעס, אַז זי האָט זיך אין מאַרקעט באַגעגנט מיט בעסי דעיוויס און זי האָט אַ סך נייעס איבערצוגעבן.

— דו ווייסט, מאַטעק, זייער מיזיניק, זייער יאַנקל, האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דעם לינקאָלן־באַטאַליאָן און ער געפינט זיך שוין מסתם אויפן שלאַכט־פעלד אין שפּאַניע. האָסט געדאַרפט זען ווי בעסי האָט גערעדט וועגן אים. ער האָט געזאָלט די טעג חתונה האָבן. ער האָט געאַרבעט ביי פאָרדן אין דעטראָיט און ער האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אָטאָמאָביל־יוניאָן. איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק חתונה האָבן מיט דער געליבטע פון זיינע קינדער־יאָרן. זיך באַפריינדעט מיט איר אין דער יידי־שער קינדער־שול. אויך זי איז טעטיק אין דער באַוועגונג. הכלל, אַנשטאָט אַ חתונה, נעמט דער בחור און פאָרט אין געהיים אָפּ קיין שפּאַניע. די כלה זיינע האָט צוגעשטימט. זי וועט אויך פאָרן, ווען מען וועט דאַרפן. נאָר די עלטערן זיינע האָבן ניט געוואוסט. שטייט זי בעסי, פאַר מיר און דער־ציילט מיט שטאָלץ, ווי בראַוו איר יאַנקל איז, און די אויגן זיינען איר פול, און דאָס האַרץ מסתם נאָך פולער . . . ווייסט, מאַטעק, מיר דאַרפן צוגיין צו זיי. אין איצטיקער צייט טאָר מען זיי ניט לאָזן אַליין. מען מוז זיך האַלטן אַזוי נאָענט ווי מעגלעך. טאָמער וועט מען קאָנען עפּעס טאָן פאַרן בחור, שיקן זאַכן, שאַפן פאָנדן. זי האָט מיר פאַרגעשלאָגן, אַז איך זאָל זיך אָב־שליסן אין די פריינט פון דעם לינקאָלן־באַטאַליאָן, לאָמיר זיך אַריינוואַרפן מער אין דער אַרבעט פאַר שפּאַניע, מאַטעק. מיר טוען ניט גענוג. לאָמיר איבערלאָזן אַנדערע אַרבעטן און זיך אָפּגעבן צו שפּאַניע.

שלום האָט געדענקט יאַנקלען און דאָס וואָס ער האָט געהערט פון דער מאַמען וועגן זיין אָנשליסן זיך אין לינקאָלן־באַטאַליאָן האָט אים אָנגעפילט מיט אַ שטאָלץ, וואָס ער קען עמיצן וואָס איז געפאָרן קעמפן פאַר די לאָיאַ־ליסטן. ער האָט דאָס דערציילט קלעירן און זי האָט זיך אויך דערפילט ווי אַ צד אין דער משפחה. צוזאַמען זיינען שלום און קלעיר אַרויסגעגאַנגען מיט אַ פּושקע קלייבן געלט פאַר הילף צו די לאָיאַליסטן.

ווען די סאַרנע־משפחה איז אָנגעקומען צו די דעיוויסעס אַ זונטיק פאַר־נאַכט, האָבן זיי דאָרט געטראָפן דעיוויסעס קינדער און אייניקלעך. מאַטעקן האָט מען געהאַט געהאַלטן פאַר אַ ווייטן קאָזין. לואי איז ווייס געוואָרן זינט דער לעצטער באַגעגעניש. זיינע אויסגעאַרבעטע הענט האָבן געהאַט אַ געלן פאַרמעט־קאָליר און זיי זיינען געלעגן מידע אויף די קני. בעסי איז געווען פאַרנומען אין קיך, נאָר אירע באַקן האָבן זיך צערויטלט און זי איז געווען צופרידן פון אירע געסט. די עלטסטע טאָכטער האָט געהאַט צוויי קינדער. דער זון אייבי איז געקומען מיט איין קינד און איינס האָט געהאַלטן ביים קומען אויף דער וועלט. דער איידעם און די שנור זיינען געווען אייגענע מענטשן און נאָכדעם ווי די סאַרנעס האָבן זיך צעוואַרעמט מיט דעיוויסעס

איניקלעך און נאָכדעם ווי לואי האָט געהאַט אַ שמועס מיט שלומען, האָט מען איבערגעביסן און בעסי איז געווען די ערשטע צו דערמאָנען יאַנקלס נאָמען.

— סאַלטשע, — האָט זי געזאָגט, — ווי איר זעט וואָלט מיר די שמחה געווען פול היינט, איך בין אַזוי צופרידן וואָס איר זייט געקומען, נאָר אָן יאַנקלען קאָן קיין שמחה ניט זיין. ווער ווייס וואו ער געפינט זיך אין איצטיקן מאָמענט. די שלאַכטן גייען אָן. ער איז ניט געפאָרן אַהין פאַר אַ לוסט־רייזע. ער האָט זיין לעבן געשטעלט אין קאָן. ער טוט עס דאָך פאַר אונדז אַלע. לאָמיר האָפן, אַז פראַנקאָ וועט כאַפּן אַ ווייסטע מפּלה און מיין קינד וועט צוריקקומען אַ גאַנצער.

— בעסי, — האָט סאַלטשע זי געפּרוּוואוט טרייסטן, — מאַדריד איז אין אונדזערע הענט און די פאַשיסטן כאַפּן קלעפּ. פון דער גאַנצער וועלט שטראָמען וואָלונטירן אין דער רעפּובליקאַנער שפּאַניע. סאָוועטן־פאַרבאַנד וועט ניט לאָזן פאַלן די פאָלקס־רעגירונג. איר ווייסט דאָך, אַז פון 52 לענדער זיינען געקומען, און קומען נאָך, וואָלונטירן צו העלפן אין קאַמף קעגן די פאַשיסטן.

די גאַנצע צייט, וואָס מען האָט פאַרבראַכט ביי דעיוויסן האָט מען שוין נאָר גערעדט וועגן יאַנקלען און וועגן שפּאַניע. לואי האָט גענוי געוואוסט די נעמען פון אַלע שלאַכט־געגנטן און די נעמען פון די העלדן. ער איז געווען שטאָלץ אויפן זון און מען האָט געקאָנט זען, אַז ער מאַכט זיך האַרט, אַז אים שטייט ניט אָן צו ווערן סענטימענטאַל. סאַלטשען האָט זיין שטאַרקן זיך ווייך געמאַכט. זי האָט פאַרלאָזן דאָס הויז מיט אַ שווער געפיל. ווען עס וואָלט געטראָפן מיט איר שלומען, וואָלט זי מסתם זיך ניט געקאָנט אַזוי גוט האַלטן, ווי די דעיוויסעס האַלטן זיך. ווער ווייס, צי זיי וועלן אים נאָך אַמאָל זען. עס קומען דאָך אָן שרעקלעכע ידיעות וועגן לופט באָמבאַדירונגען פון די פאַשיסטן. זיי שאַנעווען דאָך ניט קיין שפּיטאָלן און קיין רויטן קרייץ. זיי זיינען דאָך ווילדע חיות.

דאָס וואָס אַמעריקע האָט מיט איר כלומרשטער נייטראַליטעט געהאָלפן מער די פאַשיסטן און געשטערט די פאָלקס־רעגירונג, דאָס האָט אַרויסגערופן ביי די דעמאָקראַטישע מענטשן אויף דער וועלט אַ שווער געפיל.

עס איז ניט דורך אַ וואָך, אַז סאַלטשע זאָל ניט האָבן טעלעפאָנירט צו בעסין אויסצוגעפינען צי זי האָט בריוו פון יאַנקלען.

יאָ, דערהאַלטן דריי בריוו מיטאַמאָל. ער האָט זיך געטראָפן מיט יידישע וואָלונטירן פון פוילן, פון דער דאָמבראָווסקי בריגאַדע. עס פאַרמירט זיך אַ

יידישע קאָמפּאַניע אונטערן נאָמען נפתלי באָטווין, וואונדערבאַרע יאָטן, גייען אין פייער אַריין. יעדער וואָלונטיר איז גרייט צו ברענגען קרבנות. די שטי־מונג איז אַ מונטערע, די דיסציפּלין איז אויסגעצייכנט. אַלע זיינען חברים.

בעסי האָט זיך געפרייט. זי האָט צוגעזאָגט צוצוקומען צו סאַלטשען און פאַברענגען ביי איר אַן אָוונט. שלום האָט געשלונגען יעדעס וואָרט וועגן יאַנקלען. ער האָט אַליין טעלעפאָנירט בעסין איינמאָל און מיט איר גערעדט אַ לאַנגע צייט וועגן יאַנקלען. ער האָט געזאָגט: „ווען איך וואָלט געווען מיט דריי יאָר עלטער, וואָלט איך אַליין וואָלונטירט". בעסי האָט געענטפערט: „מיין קינד, לאָמיר האָפן, אַז אין דריי יאָר אַרום וועט שוין זיין אַ סוף צום פאַשיזם אויף דער גאַנצער וועלט".

עס איז געווען אין אָנהויב אויגוסט. סאַלטשע איז אַרויסגעפאָרן מיט שלומען אין קוני איילאַנד פאַרן טאָג. מאָטעק האָט נאָך אַלץ ניט גע־אַרבעט, נאָר ער האָט געהאַט אויסזיכטן אויף אַ דזשאָב. ער איז געבליבן אין הויז. וואָס הייסער עס איז געווען אין דרויסן, אַלץ ווינציקער איז ער אַרויסגעגאַנגען. מיטאַמאָל האָט געקלונגען דער טעלעפאָן. עמיצער האָט געמאַכט אַ פאַרזוך צו רעדן אויפן טעלעפאָן, נאָר ניט געקאָנט.

— ווער איז? ווער רעדט דאָס? — איז מאָטעק געוואָרן אומגעדולדיק.

ס'איז געווען אַ מענער־קול, אַ פאַרשטיקט קול. מאָטעק האָט געוואַרט. ענדלעך האָט ער דערהערט אַ סאָפּעדיק געשלוכץ.

— ווער איז דאָס? מאָטעק? דאָס רעד איך, לואי, לואי דעיוויס. קאָנסט מיך ניט הערן? ס'איז מיר שווער . . . מאָטעק, ניטאָ יאַנקל מער . . .

לואי האָט אויפגעהערט רעדן. מאָטעק איז געשטאַנען צוגעשמידט צום טרייבל.

— לואי, וואָס מיינט איר? באַרואיקט זיך, לואי!

— מיין יאַנקל . . . יאַנקל, ניטאָ מער! — האָט לואי געכליפּעט אין טעלעפאָן אַריין. — געפאַלן ביי דער שלאַכט ביי ברונעטע.

דעם זעלבן אָוונט זיינען אַלע דריי צוגעפאָרן צו די דעיוויסעס. אַלע קינ־דער זייערע זיינען געווען פאַרזאַמלט. עס איז אויך געווען אַ פאָרשטייער פון די פריינט פון לינקאָלן־באַטאַליאָן. בעסי און לואי זיינען געזעסן מיט טרוקענע אויגן און געשוויגן. זיי האָבן זיך צוגעהערט צו די רייד פון זייער זון אייבי, צו די רייד פון זייער איידעם, צו די רייד פון פאַרטרעטער פון דער לינקאָלן אָרגאַניזאַציע. קיין איינצלהייטן האָט מען ניט געוואוסט. נאָר אַז ער איז אומגעקומען אויפן שלאַכטפעלד מיט דריי וואָכן צוריק, דאָס איז באַ־שטעטיקט געוואָרן. ערשט מיט צוויי טעג צוריק איז געהאַט אָנגעקומען

דאָס לעצטע בריוול פון יאַנקלען, לואי האָט דאָס געגעבן מאַטעקן לייענען. סאַלטשע און שלום האָבן עס אויך איבערגעלייענט. עס איז געווען אַ יידיש בריוול. עס האָט זיך געלייענט אַזוי:

„מיינע טייערע עלטערן!

„איך האַלט אין האַנט אַ יידישן זשורנאַל, מימאָגראַפירט. ער הייסט „פריי־הייטס־קאַמף". דאָס ווערט אַרויסגעגעבן אויפן פראָנט פון דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער בריגאַדע. איך לייען אים. אין דעם נומער איז דאָ אַן אַרטיקל פון גינאַ מעדעם. איך דערמאָן זיך ווי איך האָב זי געהערט רעדן אין ניו־יאָרק וועגן ביראָבידזשאַן. איך וויל אייך שיקן דעם נומער. איך פיל אַל־ראַיט. כ'בין פאַרהאַרטעוועט געוואָרן. מיר זיינען אַלע מוטיק. עס פעלן אונדז מעדיציניש אַפּאַראַטן. איך טראַכט אָפט פון אייך. איך טראָג אייער בילד ביי זיך און ווען עס ווערט מיר אומעטיק, קוק איך אויף דער מאַמען און מיר דוכט זיך, אַז זי זאָגט צו מיר: „יאַנקל, ווילסט עסן?" און ווען איך קוק אויפן טאַטן, דוכט זיך מיר, אַז ער זאָגט: „יאַנקל, גיב מיר אַ פּאַפּי־ראָסל". איך וועל אייך שיקן אַ בילדל פון זיך.

„איך קוש אייך אַלע, אייער קעמפער, יאַנקל".

סאַלטשע האָט ניט געקאָנט אירע אויגן אויפהויבן. זי האָט געוואָלט וויי־נען און זיך געמוזט קאָנטראָלירן. שלום האָט געביילט זיינע פויסטן. מאַ־טעק האָט געקוקט צו דער סטעליע. געטראַכט, אַז ער דאַרף עפּעס זאָגן, נאָר ער האָט ניט געוואוסט וואָס.

פאַרן פאַרלאָזן האָט לואי גערעדט צו מאַטעקן. בעסי האָט גערעדט מיט סאַלטשען. וועגן וואָס האָבן זיי גערעדט?

לואי צו מאַטעקן:

— אַזוי, אַזוי. אונדזער אידעאַל פאָדערט קרבנות. עס האָט אונדז גע־טראָפן. מיט וואָס זיינען מיר בעסער ווי די אַנדערע עלטערן וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע זין און פון די וואָס וועלן נאָך פאַרלירן זייערע קינדער אין קאַמף פאַר אַ גערעכטער וועלט? ס'איז גוט וואָס איר זייט געקומען. קיינע רייד וועלן דאָך ניט העלפן.

בעסי צו סאַלטשען:

— כ'קאָן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז ס'איז אמת. איך גלויב זיך נאָך אַלץ ניט. איך ווייס, אַז אין דער לעצטער מלחמה זיינען געמאַכט געוואָרן אַ סך אַזעלכע טעותן. וואָס זאָגט איר צום בריוו? איך וועל מאָרגן ווידער וואַרטן אויפן בריוו־טרעגער. יאַנקל . . . וואָס ווינציקער איך וועל רעדן . . . גייט געזונטערהייט. אַ דאַנק פאַרן קומען.

.3

ביי שלומען אין האַרצן האָבן זיך איינגעבאַקן די העלדן פון שפּאַ־ניע. יאַנקל איז געוואָרן זיין נאָענטסטער העלד. דר. באַרסקי איז געוואָרן זיין מוסטער העלד. עס האָט אים ווי געטאָן וואָס פּרוי הענעסי, מיט וועלכער ער האָט גערעדט וועגן שפּאַניע, האָט מיט אים ניט סימפּאַטיזירט. עס איז געווען קענטיק, אַז זי איז באַאיינפלוסט פון איר קירך, אַז זי איז מיט פראַנקאָן.

די שלאַכטן זיינען געוואָרן אַלץ ביטערער. די לאָיאַליסטן האָבן אָנגע־הויבן פאַרלירן. דאָס יאָר 1938 איז אָנגעקומען מיט געפערלעכע לופט־באָמ־באַרדירונגען. אין פעברואַר איז פאָרגעקומען די גרויסע לופט־שלאַכט איי־בער מאַדריד און דאָרט איז געפאַלן דער אַמעריקאַנער העלד בען ליידער. ווען די נייעס איז אָנגעקומען אין די שטאַטן, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן יונגע־לייט אין די פיל הונדערטער אַלס וואָלונטירן צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ.

ביי מאָטעקן אין דער היים האָט מען געלעבט מיט שפּאַניע. די ווערטער אַרעגאָן, בעלטשיטע, כאַראַמע, ברונעטע, טערועל, עבראָ זיינען ניט אַרונטער פון די ליפּן. עס האָבן זיך געצויגן וואָכן און חדשים. מען האָט געפיבערט מיט די שלאַכטן. מאָטעק האָט געקראָגן אַרבעט. סאַלטשע האָט פון צייט צו צייט אונטערגעקרענקט. שלום האָט זיך אויסגעצייכנט אין סקול און נאָך געהאַט אַ יאָר צו ענדיקן היי־סקול. מען האָט שוין געטראַכט וועגן זיין צו־קונפט, וועגן אַ קאַריערע. נאָר אין דער אמתן האָט דאָס גאַנצע הויז זיינס מער געטראַכט וועגן דעם אויסגאַנג פון די שלאַכטן אין שפּאַניע. אויב די פאַשיסטן וועלן זיגן, וועט דאָס מיינען אַ נייע וועלט־מלחמה, אַ צווייטע מלחמה. זייער ציל איז דאָך צו פאַרניכטן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. צו דעם צילט דאָך די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט. ווער האַלט אויס היטלערן, אויב ניט דער גרויס־קאַפּיטאַליזם ? וואָס קומט אַרויס פון די אַלע שיינע רייד רוזוועלטס, ווען די מעשים זיינען ניט אַזוי שיין . . .

אין שפּאַניע פאַלן די בעסטע זין און טעכטער פון דער פּראָגרעסיווער וועלט. עס פאַלן פּראָפעסאָרן און אַדוואָקאַטן. עס שטייען אין קאַמף אויפן שלאַכט־פעלד באַרימטע דאָקטוירים. ווי קאָן אַ וועלט צוזען, ווי שפּאַניע, דאָס עכט־דעמאָקראַטישע פאָלקס־שפּאַניע גייט אויס אין בלוט און מען שווייגט. אַמעריקע שווייגט, ענגלאַנד שווייגט, נייטראַליטעט . . .

און אָט איז אָנגעקומען אַ בריוו פון בענגאָר. פון דר. פאַניע אימבער צו סאַלטשען. זי שרייבט, אַז זי וויל פאָרן מיט איר מאַן קיין שפּאַניע. ער וועט ווערן אַן אַמבולאַנס טרייבער און זי וועט זיין אַ דאָקטאָר הינטערן שלאַכט־

פעלד. זי וועט נאָך שרייבן. דער בריוו איז אָנגעקומען אָנהויב נאָוועמבער 1938.

אינמיטן דעצעמבער איז אָנגעקומען אַ בריוו פון פאַניאַן פון פּאַריז. זי וועט באַלד זיין אין שפּאַניע. סטען איז שוין אַריבער די גרענעץ.

סאַלטשע האָט זיך ניט געגלויבט. מען טאָר אַ מענטשן ניט אורטיילן. אַט האָט זי שוין געהאַט אויפגעגעבן פאַניאַן פאַר דער באַוועגונג. אמת, וואו איז פאַניאַ געווען אין 1937 ? זי פאָרט אַהין אַצינד, ווען עס איז שוין שפּעט. נאָר געוואונען האָט זי צוריק דעם פּרעסטיזש ביי סאַלטשען.

יאָ, ס׳איז געווען צו שפּעט. אָנהויב מערץ 1939 איז פאַניאַ געזעסן ביי סאַלטשען אין הויז, אַ שטאַרק־דערשלאָגענע. זי האָט באַדויערט, שטאַרק באַדויערט וואָס זי האָט זיך אויסגעקליבן צו־שפּעט צו פאָרן. אַלץ געמיינט, אַז די פאַשיסטן וועלן געשלאָגן ווערן. ניט געוואוסט די אמתע לאַגע. סטען איז נאָך געבליבן אין פּאַריז. ער וועט צוריקקומען אין אַ חודש אַרום. די שטימונג ביי סאַלטשען אין הויז איז געווען אַ שווערע. בעסי און לואי זיינען געקומען און פאַניאַ האָט זיי איבערגעגעבן וואָס זי האָט זיך אָנגעהערט אין פּאַריז. אויסערגעוויינלעכער מוט פון די וואָלונטירן. אומדערהערטע מערדע־רייען פון די פאַשיסטן. אַמעריקע און ענגלאַנד ווערן אומעטום פאַרדאַמט.

וואָס וועט איצט זיין? היטלער ווערט דערפירן צו אַ נייער וועלט־מלחמה. גרויס־קאַפּיטאַל וויל פאַרניכטן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. היטלערס מאַכט איז גרעסער ווי ווען ס׳איז. קיינער שטייט אים ניט אין וועג. ווער ווייס וואָס עס ווערט צוגעגרייט פאַר דער וועלט? ווער ווייס ווער עס שטייט הינטער היטלערן?

אין פלאַשינג, אין ניו־יאָרק, גרייט מען זיך צו דער וועלט־אויסשטעלונג. יעדעס פאָלק וועט קומען ווייזן זיינע גייסטיקע אוצרות. עס וועלן קומען מענטשן פון דער גאַנצער וועלט. אין שפּאַניע זיינען אומגעקומען אַנטי־פאַשיסטן פון דער גאַנצער וועלט. דאָרט — אַן אויסשטעלונג פון טויזנטער יתומים און צעשטערטע שטעט און דערפער. דאָ וועט זיין אַן אויסשטעלונג פון דער וועלט פון מאָרגן.

פאַניאַ איז געבליבן נעכטיקן ביי סאַלטשען. אינדערפרי, ווען מאַטעק און שלום זיינען אַוועק און ביידע פרויען זיינען געבליבן אַליין, איז מען געוואָרן צוריק אַזוי ווי אַמאָל. פאַניאַ האָט געפילט, אַז די באַציאונג צו איר מצד מאַטעקן און מסתם אויך פון סאַלטשען איז ניט געווען קיין צו־וואַרעמע. זי האָט עס דערקענט אין זייערע פּנימער, וואָס זיינען געווען אויס־געמוטשעט, פאַר׳דאגה׳ט. זי האָט זיך אָפּגערופן צו סאַלטשען:

— דו מוזט אַוודאי מיינען, אַז איך בין געוואָרן אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט

פון אַלץ. ביסט דאָך ניט קיין נאַר, סאַלטשע. דו דאַרפסט מיך בעסער פאַר־שטיין. איך בין פון דער נאַטור אויס געוואוינט צו אַלץ וואָס איז נאָרמאַל. אפשר האָט מיין פּראָפעסיע דערמיט צו טאָן. נאָר זינט איך בין נאָך אַ קינד געווען האָב איך ליב געהאַט אַז אַלץ זאָל זיין אויף אַ פּלאַץ. די באַ־וועגונג אין ניו־יאָרק האָט מיך ניט צופרידנגעשטעלט. איך האָב ניט געקאָנט צוזען ווי מען איז כסדר אַרומגעגאַנגען מיט דער פּושקע. וועסטו מיר דאָך פרעגן: וואָס פאַר אַן אַנדער מיטל איך האָב געהאַט דערצו? וואָלט איך דיר געקאָנט ענטפערן מיטביישפּילן פון אונדזער מעדיצינישער טעאָריע און פּראַקטיק. ווי דו זעסט, בין איך אין אַ געוויסן זין אַן עקסטרעמיסטקע, בע־סער געזאָגט אַ פּערפעקטיסטקע. אָדער גאָר — אָדער גאָרניט.

— אויף אונדזער לשון הייסט דאָס אַן עגאָאיסטקע, — האָט סאַלטשע אונטערבראָכן.

— דיין שטאַנדפּונקט, סאַלטשע, איז זייער אַ שמאָלער. קריגן זיך מיט דיר וויל איך ניט. איך מיט סטענען האָבן באַשלאָסן צו פאָרן קיין שפּאַניע דערפאַר, ווייל מיר האָבן דערפילט, אַז דאָס איז אַ גרויסע מיסיע, ניט קיין פּושקע־קלאַפּעריי. מיר ביידע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר וועלן זיך דאַרפן געזעגענען מיט אונדזערע לעבנס. נאָר דער קרבן איז ווערט, אויב פאַשיזם וועט פאַרניכטעט ווערן. איך ווייס ניט, צי איך וועל פאַרבלייבן אין בענגאָר. מעגלעך, אַז מיר וועלן זיך באַזעצן אַרום ניו־יאָרק, אין אַ פאַרשטאָט. מיר זיינען פאַרמעגלעך, איך און סטען. אונדזער צוזאַמענלעבן איז אַ גליקלעכס. מיר ווילן איבערהויפּט אין איצטיקן מאָמענט ניט פאַרלאָזן אַמעריקע. ווען ניט די לעצטע געשעענישן אויף דער וועלט, וואָלטן מיר געמאַכט אַ לאַנגע רייזע איבער אייראָפּע און אַזיע. נאָר היינט ציט מיך ווידער צו אַ גאָרטן און צו הויז־באַלעבאַטישקייט, וואָס מיינט: הינט, קעץ, פייגעלעך, פישעלעך, קונסט־בילדער, רעקאָרדס, נאַטור־שטודיע. וועסט זאָגן, אַז ס׳איז אַן „עס־קעיפּ״, יאָ און ניט. איך וויל געניסן פון לעבן און דאָס איז מיין לעבן. אַלס דאָקטאָר זע איך יעדן טאָג ווי דער קערפּער אונדזערער ווערט דעגענערירט. וואָס מער מיר לעבן, אַלץ מער ווערט ער אָפּגענוצט . . .

עס איז געווען ווייטער נוצלאָז צו אַרגומענטירן מיט פאַניאַן. סאַלטשע האָט זי ווידער ליב באַקומען פאַר איר אויפריכטיקייט. ווען זי איז צוריקגע־פאָרן קיין בענגאָר האָט סאַלטשע זי באַגלייט צו דער באַן און ביידע פרויען האָבן זיך געקושט און באַדויערט, וואָס זיי צעשיידן זיך צייטווייליג. פאַניאַ האָט צוגעזאָגט צו שרייבן.

אַ ניט־זיכערקייט האָט באַהערשט מאַטעקס הויז. די רייד זייערע זיינען געווען דערמוטיקונג, נאָר אין מוח האָט געעגבערט, דאָס האַרץ האָט ניט

געגלויבט. די ווינטערדיקע ווינטן און זאַווערוכעס פון יאָר 1938 און די פריע פרילינג־ווינטן פון 1939, האָבן אָנגעטראָגן שרעק און פאַרביטערונג. בעסי האָט געוואָלט, אַז דאָס בלוט פון איר יאַנקלען זאָל ניט זיין פאַרגאָסן אומ־זיסט. מען דאַרף פאַראייניקטערהייט זיך שטעלן קעגן פאַשיזם. די וועלט מוז דאָך זיין דעמאָקראַטיש. מען דאַרף בלויז קענען אָרגאַניזירן די כוחות. שפּאַניע דאַרף זיין אַ לעקציע, אַ וואָרנונג. לואי האָט געשוויגן. לואי האָט געטאָן זיין אַרבעט אין דער שטיל. טאָג און נאַכט געשטאַנען אויפן פּאָסטן, אין דער יוניאָן, אין דער אַנטי־פאַשיסטישער באַוועגונג.

שלום האָט אַ סך געלייענט. ער האָט זיך צוגעהערט צו די דיסקוסיעס אין זיין הויז, אָנטיילגענומען אין זיי, נאָר אַליין געזוכט אַן ענטפער אין ביכער און אין זשורנאַלן. ער האָט שטאַרק געוואָלט, אַז די וועלט זאָל פּטור ווערן פון היטלערן און פון פאַשיזם. ער האָט געזוכט אַן אייגענעם אויסוועג. ער האָט פאַרבראַכט מיט קלעיר שעה'ן לאַנג אין דיסקוסיעס וועגן ראַטעווען די וועלט.

אין 1939 וועט פאָרקומען די וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק. ער שרייבט זיך כסדר דורך מיט אַנקאַן און מיט איר מאַמען שרייבט זיך דורך סאַלטשע. עס קוקט אויס, אַז לאָטשיא איז וויליק צו קומען און מיטברענגען אַנקאַן. איר פאָטער וועט מוזן בלייבן אין לאָדזש. וואָס עס קומט פאָר אין פּוילן, איז גאָר שרעקלעך. די יידן ווערן דערקלערט אַלס צייטווייליקע ביר־גער. מען וועט זיי אינגאַנצן אַרויסשיקן פון פּוילן. אַזעלכע פּלענער וויל די פאַשיסטישע פּוילישע רעגירונג דורכפירן.

שלום האָט גערעדט מיט טאַטע־מאַמע וועגן אַ קאַריערע פאַר זיך. אַזוי פיל יוגנטלעכע וואָס האָבן געענדיקט קאָלעדזשעס דרייען זיך אַרום ליידיק אָדער אַרבעטן אויף דער וו. פּ. א., וואָס עס מיינט, אַז זיי פילן זיך ווי בעט־לער ביי דער רעגירונג, אָן אויסזיכטן זיך איינצואָרדנען. וואָס וועט אַרויס־קומען, אויב ער וועט גיין אין קאָלעדזש, ווען זיין דיפּלאָמע וועט ווינציק וואָס ברויט פאַרשאַפן?

סאַלטשע איז געווען אָפּטימיסטישער. די צייט מוז זיך פאַרבעסערן. דער אַנטי־פאַשיזם וועט מוזן זיגן. עס זיינען פאַראַן אַ סך סימנים, וואָס ווייזן אַז דער אַרבעטער אויף דער גאַנצער וועלט דערוואַכט.

עס האָבן אָנגעהויבן אַהיים קומען די העלדן פון דער לינקאָלן בריגאַדע. בעסי האָט זיך געטראָפן מיט יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן גוט געקענט איר יאַנקלען. פון זיי האָט זי אויסגעפונען די לעצטע איינצלהייטן וועגן אים. געפאַלן אין שלאַכט, איידער ער האָט זיך געקאָנט מיט עפּעס אויסצייכענען. אַלע האָבן אים ליב געהאַט. ער האָט געשריבן אַ פּאָר זאַכעלעך פאַר דער

פּראָנט־צייטונג. אַ וואונדער וואָס ער האָט עס איר ניט געשיקט.

בעסי האָט זיך געטראָפן מיט מאַמעס, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע זין אויף די שלאַכטפעלדער אין שפּאַניע. אַרבעטער־מאַמעס אַזוי ווי זי. ער־לעכע מענטשן, געטרייע קעמפער פאַר דער זאַך פון אַרבעטער־קלאַס. ס׳איז דאָ איין מיטל, ווייסן זיי, ווי אַזוי צו פאַרהיילן די וואונדן. דאָס איז אַרבעטן אומאויפהערלעך פאַרן אידעאַל. ווערן וועטעראַנען פאַרן אַרבעטער־קאַמף. זיך ניט לאָזן אַראָפּציען אין טרויער און פעסימיזם.

די גאַנצע וועלט איז איין פראָנט. אַלע אַנטי־פאַשיסטישע מאַמעס זיינען פאַראייניקט. אַלע שפּראַכן — איין שפּראַך, די שפּראַך פון שטרעבן צו אַ בעסער פרייער לעבן.

יעדעס מאָל וואָס סאַלטשע האָט זיך געטראָפן מיט בעסין האָט זי געלויבט בעסיס מוט.

— מען דאַרף זיך ביי איר לערנען ווי צו האַלטן זיך, — האָט סאַלטשע געזאָגט צו מאָטעקן. ער האָט מיט איר איינגעשטימט.

ביי שלומען אין צימער איז געשטאַנען יאַנקלס בילד, אָנגעטאָן אין מי־ליטערישן יוניפאָרם. שלום האָט אָפט זיך איינגעקוקט אין בילד. ער האָט געזוכט אַן ענטפער אויף אַ סך פראַגעס ביי יאַנקלען.

קאַפּיטל דריי און פופציק

# אָנגעגליט גלאָז

1.

די נייעס האָט אפילו געהאָט דערגרייכט די משפחה אין לאָדזש. מאָ־טעק איז געווען איבערראַשט, אַז זיין פרומע שוועסטער גוטשיאַ זאָל אים שרייבן וועגן דעם.

„געלויבט איז דער וואָס לעבט אייביק. איך האָב געלייענט אין בלאַט, אַז ביי אייך האָט מען באַפרייט טאָם מוני. די נייעס האָט אייך געמוזט שטאַרק דערפרייען. איך האָב געוויינט, ווען איך האָב גע־לייענט ווי דער אומשולדיקער מענטש האָט, נעבעך, פאַר קיין יידן גע־דאַכט, אָפּגעפּינצטעטערט 22 יאָר פון זיין לעבן אין טורמע און זיין אָרעמע מאַמע, נעבעך, איז אַוועק פון דער וועלט מיט אַ צעבראָכן האַרץ.

אַזוי איז די וועלט, מיין ליבער מאַטעק. ווען עס טרעפט אַזאַ אומ־
גליק, יענעם איז ביטער".

גוטשיא האָט געטראָפן. טאָם מוניס באַפרייאונג, אָנהויב יאַנואַר 1939, איז געווען דער אָנזאָג פון אַ יום־טובדיקער וואָך ביי מאַטעקן אין הויז. און נאָך מער ווי די פרייד, איז געווען דער געפיל פון שטאָלץ, וואָס טאָם מוני איז אַרויס פון טורמע ניט צעבראָכן אין גייסט. „איך וועל ווידמען די טעג וואָס זיינען מיר געבליבן צו לעבן, צו ברענגען איינסקייט אין דער אַרבעטער באַ־וועגונג אין אַמעריקע", האָט ער דערקלערט, זיין הויפּט־ציל איז געווען דער קאַמף קעגן פאַשיזם.

— איך וואָלט זיך וועלן אַריבערכאַפּן צום אָנקל הערן וואָס ער האָט איצט צו זאָגן, — האָט מאַטעק באַמערקט צו סאַלטשען, — ער פלעגט מיר דאָך תמיד פאָרוואַרפן טאָם מונין, דעם „באָמבע־וואַרפער"; זיין משהלע האָט אים אַרויסגעהאָלפן אָפּהוזקן . . .

— לאָז אים צורו. האָסט ניט מער וואָס צו טאָן נאָר זיך אויס׳טענה׳ן מיט דיין אָנקל קיווע. זאָל ער חתונה האָבן און מיר וועלן אים ווינטשן מזל־טוב, — האָט סאַלטשע פאַרענדיקט דעם ענין. כאָטש עס האָט איר אַליין געוואָלט זיך אַ רייץ טאָן וועגן דעם מיט מעקסן און גאָלדען. וויפל מאָל האָט מעקס פאַרטיידיקט די רעגירונג־אינסטאַנצן! „אַז די רעגירונג האַלט אים אין טורמע, איז ער זיכער שולדיק", האָט ער געהאַט שטענדיק דעם זעלבן תירוץ. און גאָלדע, וואָס האָט שוין כלומרשט, סימפּאַטיזירט מיט סאַלטשען אין אירע אַרגומענטן, האָט אָבער קיינמאָל ניט געקויפט אַ בילעט, אָדער געגעבן אַ פּאָר סענט לטובת פּאָליטישע אַרעסטאַנטן.

אויף שלומען האָט מוניס באַפרייאונג געווירקט גאָר שטאַרק. זיין פּנים האָט אויפגעשטראַלט און ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז מוני קומט קיין ניו־יאָרק, איז ער געוואָרן אומגעדולדיק פון דער דערוואַרטונג, צו קאָ־נען מיט זיינע אייגענע אויגן אַ קוק טאָן אויף דעם מוטיקן אַרבעטער־קעמפער.

גוטשיאס בריוו צו מאַטעקן, אין וועלכן זי האָט דערמאָנט טאָם מוני, איז ניט געווען די איינציקע איבעראַשונג, וואָס ער האָט אין יענער צייט באַ־קומען פון לאָדזש. כמעט יעדער בריוו פון דער אַלטער היים האָט איצט גע־אָטעמט מיט אומרו, מיט אַנדערשדיקע רייד און פאָרשלאָגן. און די בריוו זיינען געוואָרן אָפטערע. אָנקל מאיר, וואָס האָט זייער זעלטן געשריבן צו מאַטעקן, האָט זיך געבעטן, אַז מאַטעק זאָל אים ניט לאָזן לאַנג וואַרטן אויף אַן ענטפער. עס האָט זיך געפילט אין די בריוו, אַז מען איז צופרידן וואָס מען האָט אַן אָנהאַלט אין עמיצן אין אַמעריקע. עס זיינען געווען טעג, ווען מאַטעק האָט דערהאַלטן עטלעכע בריוו מיטאַמאָל. געשריבן האָבן אַלע שוועס־

טער, געשריבן האָבן די אָנקלס, געשריבן האָבן זייערע קינדער אפילו. די בריוו זיינען געווען אין יידיש, אין פּויליש, אין דייטש און אפילו אין רוסיש, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז מאָטעק קען רוסיש בעסער פון פּויליש און אַז זיינע סימפּאַטיעס זיינען מער אויף דער סאָוועטישער זייט.

סאַלטשע איז געווען זיכער, אַז לאָטשיא און אַנקאַ וועלן קומען זען די וועלט־אויסשטעלונג און זייענדיק דאָ, וועלן זי איינזען, אַז זייער פּלאַץ דאַרף זיין אין אַמעריקע. מאָטעק איז, ווי תמיד, געווען שווער אויף דער פּען, האָט סאַלטשע געפירט זיין קאָרעספּאָנדענץ. זי האָט צו אַלעמען געשריבן אויף יידיש, אַריינגערעכנט צום אָנקל גוסטאַוו.

פון אַלע בריוו האָט אַרויסגערעדט אַ מורא וועגן בלייבן אין פּוילן. אפילו די פּוילישע פּאַטריאָטקע לאָטשיא וואָס האָט פריער געקעמפט מיט איר מאַן העניעק, דערפאַר וואָס זי האָט געוואָלט בלייבן אין לאָדזש, אפילו זי האָט אין אירע בריוו שוין געגעבן אָנצוגעהערן, אַז פאַר יידן איז מער ניטאָ קיין פּלאַץ אין פּוילן און אַז זי טראַכט ערנסט וועגן באַזעצן זיך אין אַמעריקע. און גוטשיא האָט ענדלעך צוגעגעבן, אַז — „מיין ליבסטער ברודער, דו האָסט געטאָן אַ חכמה וואָס דו ביסט באַצייטנס אַוועק פון לאָדזש. פאַר מיר איז שוין, ליידער, צו שפּעט. איך קאָן אונדזער זעליקן פאָטער ניט לאָזן אַליין אין דער פרעמד. ווער ווייס, וואָס פון דער משפּחה וועט ווערן. זאָל דער ליבער גאָט זיך מרחם זיין אויף אונדזערע אומגליקלעכע יידן אין פּוילן, וואָס ווערן אויסגעריסן מיט די וואָרצלען. עס ווערט אַלץ שלימער און שלימער צו לעבן הי."

אויך מלכה האָט געטרוימט צו קאָנען קומען צו דער וועלט־אויסשטעלונג אָדער צו קאָנען פאָרן אין פּאַלעסטינע. און די יינגסטע שוועסטער אַנדזשיא, וואָס האָט שוין געהאַט חתונה געהאַט מיט מאַרקוסן און דערוואַרט געלעגן צו ווערן, האָט וועגן באַזעצן זיך אין אַמעריקע ניט דערמאָנט אין אירע בריוו, נאָר זי האָט געלאָזט וויסן, אַז זי האָט אַ שוואָגער אין אַרגענטינע און אַ שוועגערין אין סידני, אויסטראַליע, „נאָר פון אַלע גליקן וועלן מיר זיך איינאָרדענען אין אַ קיבוץ אין פּאַלעסטינע און אָנהויבן לעבן פונדאָסניי".

בלויז די טאַנטע רעגינטשא האָט זיך אויסגעלאַכט פון דער פּאַניק, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט „די יידעלעך ביי אונדז אין פּוילן". זי שטייט איבער דעם פּעבל, איבער דער פּאָליטיק. זי האָט מיט דער גאַס גאָרניט צו טאָן. און אין איר שטוב וועט קיינער ניט וואַגן די שוועל אַריבערצוטרעטן. זי באַלאַנגט צו דער וועלט, ניט צו פּוילן. אַמעריקע איז אַ לאַנד פון ווילדע מענטשן וואָס זיינען בלויז פאַרקאַכט אין דעם דאָלאַר און דער מענטש שפּילט קיין ראָלע ניט. זי ווייס ניט ווי אַזוי מאָטעק קאָן דאָרט לעבן. ער איז דאָך

ניט קיין דאָלאַר־מענטש. דאָס לעבן איז פאַר איר „איין בורלעסק, איין בי־ליקע קאָמעדיע״.

שלום האָט זיך שטאַרק אויפגערעגט איבערלייענענדיק אַ בריוו פון אַנקאַן צו אים. ווי געוויינלעך האָט ער זעלטן געוויזן די בריוו צו זיינע עלטערן, נאָר יענעם בריוו האָט ער צוגעטראָגן דעם טאַטן מיט אַ מין אויסגעשריי: „דאָס איז שרעקלעך!״ מאַטעק האָט אים איבערגעלייענט און צוגעגעבן: „יאָ, מיין קינד, עס איז שרעקלעך״.

אַנקאַס בריוו איז מסתם געווען געשריבן אין אַ מאָמענט פון ווייטאָג. ער האָט זיך געלייענט אַזוי:

„קאָכאַני שולעם:

„איך קאָן זיך ניט איינהאַלטן און איך מוז דיר איבערגעבן וואָס עס האָט מיט מיר היינט אינדערפרי פאַסירט. איך האָב דורכגעלעבט די גרעסטע באַליידיקונג אין מיין לעבן. איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. איך טאָר דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ווי דו ווייסט, בין איך אין דער היים דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון פוילישן פאַטריאָטיזם. ביז דו ביסט געקומען, האָב איך ניט אויסגערעדט קיין יידיש וואָרט און איך האָב ניט געקענט אָנשרייבן קיין יידיש וואָרט. מיינע על־טערן האָבן געמיינט, אַז וואָס ווינציקער איך וועל וויסן פון יידישקייט און וואָס מער איך וועל זיין פויליש, אַלץ גליקלעכער וועט מיין לעבן זיין. היינט האָט זיך אַלץ געענדיקט פאַר מיר. די שול וואָס איז פאַר מיר געווען אַזוי טייער ווי מיין מוטער און פאָטער זיינען מיר, די שול וואו איך האָב שטענדיק באַקומען די העכסטע ציינס, די שול האָט מיך היינט דערנידעריקט, געשטעלט צום שאַנד־קלאָץ, באַפוילן מיר צו זיצן אויף דער ספּעציעלער באַנק וואָס איז באַשטימט געוואָרן בלויז פאַר יידישע סטודענטן. האָסט געדאַרפט זען מיט וויפל עקל האָבן, מיינע, ביז איצט געטרייע, חברטעס מיך באַגלייט מיט זייערע האַס־בליקן צו דער שאַנד־באַנק. און שפּעטער ביים איבעררייס האָבן זיי די קעפּ אַוועקגעדרייט פון מיר. איך בין אַריינגעלאָפן אין וואַש־צימער און איך האָב געהעשעט און איך האָב געפרעגט: „אָ, גאָט, דערבאַרעמדיקער, פאַרוואָס, פאַרוואָס קומט דאָס מיר? וואָס האָב איך געטאָן, וואָס האָט מיין ליבע מוטער געטאָן, וואָס האָט מיין יידישער שכן געטאָן, וואָס מען האָט אונדז אַזוי באַליידיקט? ווי אַזוי קאָן מען ווייטער לעבן אין אַ לאַנד וואָס מאַכט אויף דיר טאָג־טעגלעך אַ קאַלטן פּאָגראָם? איך בין אַהיים געקומען מיט רויטע אויגן און איך האָב אויסגעשריען צו מיינע עלטערן: „לאָמיר אַנטלויפן אין דער ווילדסטער אַפריקע, לאָ־

מיר איבערלאָזן אַלץ און אַנטלויפֿן, איך קאָן דאָ מער ניט זיין.

„טייערער שולעם, איך קאָן דיר מער גאָרניט שרייבן היינט. איך האָב געמוזט זיך פֿאַר דיר אויסוויינען. דאָס פּאַפּיר, ווי דו זעסט, איז פֿאַרפֿלעקט. פֿאַרגיב מיר. איך קוש אייך אַלע הייס. אַנקאַ״.

סאַלטשע האָט דעם בריוו איבערגעלייענט און זיך די אויגן געווישט און גאָרניט ניט געזאָגט. שלום איז אַרומגעגאַנגען איבערן הויז און זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. מאָטעק האָט געלייענט אַ צייטונג, נאָר עס איז געווען קענטיק, אַז זיין בליק איז נאָכגעגאַנגען שלומען. עס איז געווען שטיל אין הויז, נאָר שלומס טריט זיינען געווען, ווי דער שפּרייז פֿון די וואָס ווילן ראַטעווען די פֿאַראורטיילטע צום אונטערגאַנג. סאַלטשע האָט געשטריקט אַ סוועטער פֿאַר שלומען. איר קאָפּ איז געווען אַראָפּגעלאָזט אויף איר אַר־בעט. אירע אויגן זיינען געווען פֿול. אירע ליפּן זיינען געווען פֿאַרביסן. שלום האָט זיך אָנגעטאָן דעם מאַנטל און ער איז מיט האַסטיקע טריט אַרויס פֿון הויז.

.2

אָנקל גוסטאַוום בריוו צו מאָטעקן איז געווען אינגאַנצן ניט דער־וואַרט. ער איז אויך געווען דער לענגסטער פֿון אַלע בריוו. געוואוסט האָט מאָטעק, אַז גוסטאַוו האָט געקוקט אויף אַמעריקע פֿון אויבן אַראָפּ. ווען מאָ־טעק האָט מיט אים געהאַט גערעדט וועגן די פּוסטע פֿאַבריקן, וועגן דער שרעקלעכער אַרבעטלאָזיקייט, האָט דער אָנקל דאַן געהאַט שטאָלץ געענט־פֿערט, אַז עס וועט ווערן בעסער, אַז ער באַלאַנגט צום לאַנד, וואָס איז אים איינגעבאַקן אין האַרצן. און ער וועט קיינמאָל פֿוילן ניט פֿאַרלאָזן, און מיט־אַמאָל אַזאַ בריוו!

פֿאַר מאָטעקס בליק זיינען דורכגעגאַנגען דערמאָנונגען פֿון דער גוסטאַוו־געשטאַלט. און יעדע געשטאַלט איז געווען פֿעסט־געבויט, מיט אויפגעהוי־בענעם קאָפּ, מיט באַפֿעלנדיקן קוק, מיט האַרטער פּויסט . . . אָנקל גוסטאַוו קומט צו גאַסט צו מאָטעקן אין הויז. די וואַרע וואָס ווערט געמאַכט צוליב אים: דער טאַטע פֿאַרקאַמט זיך מיט די פֿינגער די באָרד; די מאַמע פֿאַר־ריכט זיך דעם שייטל; גוטשיאַ ווישט אָפּ דאָס בענקל; מאָטעק דערפֿילט דעם ריח פֿון כאַלוואַ אין זיינע נאָזלעכער . . . דער אָנקל גוסטאַוו לאַכט זיך אויס פֿון די וואוילע יונגען, פֿון די לאַבוסעס, די בונדיסטלעך; די קאַלמיקן וועלן מיט זיי שוין לערנען בלק . . . גוסטאַוו אין קאַבינעט, ווי אַ קייסער, ווי אַ ניקאַלאַי... גוסטאַוו פֿאָרט אין אַ דראָזשקע אויף דער פּיעטערקאָווער

גאַס און אַלע ציִען די היט פאַר אים און ער זיצט זיך ווי אַ סולטאַן און שאָקלט גרויסאַרטיק מיטן ברייטן קאָפּ . . . גוסטאַוו, דער הויפּט פון דעם קאַלינסקי שבט . . . גוסטאַוו, דער גוטבאַזיצער, מיט די ריזיקע הינט, וואָס לעקן זיינע הענט און פאַרצוקן די שטיקער פלייש, וואָס ער האָט געבראַכט פאַר זיי . . . גוסטאַוו ביי דער באַן, ווען מאָטעק און סאַלטשע מיט שלומען פאַרלאָזן לאָדזש . . .

און איצט דער בריוו. מאָטעק האָט אים נאָכאַמאָל איבערגעלייענט און געגעבן סאַלטשען לייענען. זי האָט אים געהאַלטן אַ לאַנגע צייט אין אירע הענט און שפּעטער זיך איבערגעקוקט פילדייטיק מיט מאָטעקן און צום סוף שווער אָפּגעזיפצט און געוואַרט, אַז מאָטעק זאָל דער ערשטער אָנהויבן קאָמענטירן.

גוסטאַווס בריוו האָט זיך געלייענט אַזוי:

„טייערער מאָטעק! איך קאָמע דיר עבען מיטצוטיילען, אַז איך ווענדע זיך צו דיר מיט איינער גראָסער ביטטע. עס איזט יא זעהר זעלטען, אַז דיין אָנקל גוסטאַוו זאָל יעמאַנד בעטן הילף, נאָר מיינע פאָר ווערטער קומען פון טיפן הערצען און איך פאַרהאָפע דאָס דו ווערסט עס באַגרייפען און דיין אָנקל געדענקען צום גוטען.

„„עס האַנדלט זיך, מיין ליבער מאָטעק, אין מיינע קינדער, ניט אין מיר. מיין ליבע פראַו און מיין וויניקייט וועלן, מיט גאָטס הילף, צו קיינעם ניט דאַרפן אָנקומען. גוסטאַווס נאָמען איז נאָך אַלץ גוט אין לאָדזש און אין וואַרשע און אין יעדן אינדוסטריעלן צענטער פון פוילן. מיר זיינען שוין צו אַלט צו מאַכן ענדערונגען אין אונדזער לעבנס־גאַנג. נאָר עס האַנדלט זיך אין מיין ליבן זון יאַנוש. ווי דו געדענקסט פון דיין באַזוך ביי אונדז, האָב איך דיר דערציילט, אַז ער איז אין ווין געוועזן און דאָרט זיין כלה געהאַט. נאָר ביידע האָבן פון ווין ווי פון פייער געמוזט אַוועקלויפן. דער היטלער, דער היצל. וואָלט זיי אומגעבראַכט. זיינען זיי צוריקגעקומען צו אונדז אין לאָדזש. זי איסט איין זיסעס מיידשען און יאַנוש איז צוואַר פאַרליבט אין איר און וויל איין היים באַוען. נו, איצט איסט עס אין פוילן אוממעגלעך פאַר איין יונגערמאַן פון יידישער אָפּשטאַמונג איין פּאָסט צו באַקומען. ער איסט איין אינזשינער און אַלע טירען זיינען פאַר אים פאַרשלאָסן. אָבוואָל דאָס לאַנד זוכט ווי מיט ליכט גוטע אינזשינערן און ער איזט איין ערשט־קלאַסיקער פאַכמאַן. יאַנוש איסט פאַרצווייפלט. מיין איינפלוס איז אימער געוועזן גראָוס, נאָר די יודען־פראַגע איז ביי אונדז אין פוילן איין פיינלעכע זאַך. און אומגליקלעכערווייזע האָט דאָס מיין קינד געמוזט טרעפן. מיין טייערער מאָטעק, דאָס איזט צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן דאָס איך ווענדע זיך צו דיר מיט

איין הייסער ביטע. און איך וועל דאָס ניט פאַרגעסן מיין גאַנץ לעבן. איך וויל דיך בעטן, אַז דו זאָלסט זיך מרחם זיין אויף מיין אומגליקלעך קינד און דו זאָלסט מיין יאַנושן קיין אַמעריקע אַריבערנעמען מיט זיין ליבער פראַו. דו ווייסט ניט בלויז אַריינבלאָזן אַ נייע נשמה אין יאַנושן, נאָר איך און מיין ליבע פראַו וועלן ווערן אויפגעריכט און עס וועט אונדז אַראָפּ דער שווערסטער שטיין וואָס האָט וועגן ס׳איז אונדזער לעבן באַדריקט.

„דו ווייסט נישט דאַרפן קיין געלט אויסגעבן. איך וועל באַזאָרגן וויפל עס וועט נאָר קאָסטן, נאָר דו דאַרפסט מעגלעך מאַכן אים מיט זיין יונגער פראַו באַלד ווי אָם שנעלסטן נאָך אַמעריקע אַריבערצונעמען . . . גלייך ווי דו ווייסט מיינע ווערטער האָבן איבערגעלייענט זאָלסטו זיך נעמען צו דער אַרבעט. קאָנסט זיך ניט פאָרשטעלן ווי געפערלעך די לאַגע איז ביי אונדז מיט יאַנושן . . .

„מיין טאָכטער לעבט מיט איר מאַן און צוויי־יעריק קינד אין פּאַריז. עס גייט זיי נישט גוט. אויך ער איסט איין אינזשינער. אָבער פּאַריז האָט צופיל פון אַלץ, נאָר ניט קיין געלט. דער פראַנק האַלט אין איין פאַלן. נאָר זיי זיינען מיט זייערע לעבנס זיכער. מען שמייסט זיי ניט פון די טראַמווייען. מען וואַרפט אויף זיי קיין שטיינער ניט אין די גאַסן.

„איך וויל דיר וועגן דיינע ליבע געשוויסטער פיל ניט שרייבן. דער קאָפּ שטייט ניט דערביי, נאָר עס איז דאָ זייער פיל צו דערציילן און אויך ניט קיין צופיל גוטס,ליידער. עס איז פאַר קיינעם פון זיי קיין צוקונפט ניטאָ ביי אונדז אין פוילן. גוטשיא פּלאָגט זיך שטאַרק. איך העלף איר מיט געלט, נאָר זי דאַרף עפּעס מער ווי דאָס. זי דאַרף סימפּאַטיע פון איר מאַן. ער איסט יאָ פרום, נאָר זיין האַרץ איז ווי אַ שטיין, ווי אַ קיזל שטיין . . . די פרומע נשמה גוטשיאַ גייט אַרום איינגעבויגן, אַז עס איז אַ רחמנות צו קוקן אויף איר. זי שווייגט, זי באַקלאָגט זיך קיינמאָל נישט. נאָר איר גאַנג רעדט שוין פאַר איר. און וועגן דער לאָטשיא מוזט דו שוין אום דיזער צייט וויסן, אַז זי און העניעק האָבן זיך אַריינגענומען אין קאָפּ צו פאָרן צו דער וועלט־אויסשטעלונג אין ניו־יאָרק. עס איזט צוואַר איין ראַטזאַמע זאַך, ווען מען מאַכט איין לוסט־רייזע, נאָר לאָטשיא איז צו פּראַקטיש אין דעם זין. זי מעכטע וועלן אין ניו־יאָרק צו בלייבן. זי זאָגט דאָס ניט אָפן, נאָר דעם אָנקל גוס־טאַוו קאָן מען נישט נאַרן . . . זאָ אויך דיין שוועסטער מלכה וויל פוילן פאַרלאָסן. זי מיינט, אַז דאָרט איז גוט, וואו מיר זיינען נישט דאָ. זי קאָן זיך קיין מאָן צוקלייבן און איר האָב פיל מי און ענערגי פאַרשווענדט אויף דיזען געביט. עס איז איין שאַדע. זי ווערט עלטער און זי איסט פאַרביטערט... מיט דיין יינגסטער שוועסטער אַנדזשיאַ איסט ניכטס צו מאַכן. זי איסט יאָ עבען

נישט געראָטן אין די קאַלינסקיס. זי האָט געהייראַט מיט אַ בונדיסט, צי מיט אַ קאָמוניסט — עס איסט יאָ איין טייפעל — און זי באַלאַנגט מער צו באַלוט ווי צו אונדזער מיטע . . . איך האָב דיר אין קורצן באַשריבן די לאַגע פון דיינע געשוויסטער. איך גלויב אַז דאָס וועט דיך אינטערעסירן.

„נו, אין באַצוג צו מיין אייגענעם לעבן — ווען דו ביסט געווען אין מיין הויז און אין מיין גוט האָסטו זיך געקאָנט איבערצייגן, אַז דיין אָנקלפירט איין לעבן פון איין אַריסטאָקראַט און פון איין וואוילהאַבענדיקן פערזאָן, דאָך האָסטו מיך שוין ניט געטראָפן אין מיין פראַכט און גלאַנץ פעריאָדע. די פּאָלנישע רעגירונג האָט פון מיר צוגענאָמען אַ האַלב פון מיין פאַרמעגן. איך האָב זיך געקלאָגט מיט איר אין געריכט און דער פּראָצעס איז נאָך ניט געענדיקט. די צייט האָב איך געגלויבט וועט ווערן בעסער און איך וועל געווינען, נאָר, ליידער, איז דאָס שלימער געוואָרן און איין גאָט ווייס וואָס די צייט וועט ברענגען. דער פּויל וויל ביים יודן אַלץ צורויבן. ער וויל אונדז אַרויסטרייבן פון לאַנד און אונדזער פאַרמעגן צונעמען. ווער עס האָט אָפענע אויגן קאָן דאָס זען. איך וויל מיינע אויגן נישט פאַרשטעלן. איך האָב ליב פּוילן און זאָ אויך מיין ליבע פראַו. מיר האָבן פיל דערוועגן געטראַכט. ס׳האַנדלט זיך הויפּטזעכלעך אום די ליבע קינדער. מיין טאָכטער שרייבט, אַז מיר זאָלן עבען נאָך פּאַריז קאָמען און זיך דאָרט באַזעצן און פון דאָרט אויפן וועג נאָך אַמעריקע זיך צו גרייטן. מיין ליבע פראַו, דאַרף איך דיר נישט דערציילן, בענקט שטאַרק נאָך די קינדער. מיר פילן זיך איינזאַם אין לאָדזש. מיר קענען זיך מיט טויזנטער מענטשן, אונדזער געזעלשאַפט איז שטעטס ווילקאָמען, נאָר עס גייט אונדז קיין זאַך ניט איין אָן די קינדער. ניין, מיר ווילן, מיר וועלן פּוילן ניט פאַרלאַסן. איך בין איין אַלטער דעמב אין פּוילנס ערד. מיך קאָן מען שוין נישט איבערפלאַנצן, נאָר אונדזערע קינדער האָבן זיך דאָ נישט געקאָנט איינוואָרצלען. די ערד האָט זיי נישט געוואָלט האָבן. ווערט דאָס האַרץ צוריסן אויף שטיקער. פּאַריז, ווין, ניו־יאָרק, לאָדזש. מיר וואָלטן גערן אַלץ אַוועקגעגעבן, אַבי צו האָבן אַ רואיק לעבן. וואָס טויג מיר דען מיין מאַיאָנטעק און מיינע אַקציעס און די פּילע קאַנטשאַפט, ווען דאָס וואָס איז מיר אַם נאָענטסטן איז פון מיר אַזוי וויט? דרום בעט איך דיך, מיין טייערער מאָטעק, אַז דו זאָלסט מיר טאָן די גרעסטע געפעליקייט אין לעבן און דו זאָלסט יאַנושן נאָך אַמעריקע ברענגען . . . דו האָסט צוואַר איין קלוגן יונגע. דיין זון האָט אין מיין האַוז איבערגעלאָזט איין זייער גוטן איינדרוק. ער איסט פיין דערצאָגען און מיט גאָטעס הילף וועט ער קאָנען ווייט דערגרייכן אין לעבן . . . אויך סאַלטשע האָט זיך זייער פיל געביטן צום בעסטן זינט זי האָט לאָדזש פאַרלאַסן. זי

איז איין געטרייע פראַו און דאָס איז די הויפּט־זאַכע . . . איך וויל דיר, צום שלוס, נאָכאַמאָל פאַרזיכערן, אַז מיין יאַנוש וועט נישט פאַלן דיר צו לאַסט. ער וועט מיטברענגען גענוג געלט און זאַכן און ער וועט זיך, מיט גאָטעס הילף, קאָנען זעלבסט אַן עצה געבן אין דעם נייעם לאַנד. דו וועסט דער־פרייען מיין שוואַך האַרץ און איך וועל דיר אימער דאַנקבאַר זיין פאַר דיין גאָבעלע טאַט".

גוסטאַוו בריוו האָט אויף סאַלטשען און אויף מאַטעקן געלאָזט אַ פּיינ־לעכן איינדרוק. מער ווי אַלץ וואָס זיי האָבן געהאָט געלייענט אין די יידישע צייטונגען וועגן דער טראַגישער רעכטלאָזיקייט פון גרויסן יידישן ישוב אין פוילן, האָבן די פּאָר בריוו פון דער פאַמיליע אין לאָדזש זיי אַריינגעקלאַפּט אין האַרצן אַריין. מען דאַרף אַלעמען ראַטעווען. מען מוז ראַטעווען זייערע לעבנס. זיי שטייען דאָרט אויפן שוועל פון אונטערגאַנג. מען מוז. מען מוז. נאָר די טירן פון די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען געשטאַנען פעסט געשלאָסן פאַר דער יידישער איינוואַנדערונג.

מאַטעק און סאַלטשע האָבן זיך גלייך געווענדט צו פאַרשיידענע אָנ־שטאַלטן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט די ענינים. סאַלטשע האָט אַפּעלירט, געבעטן רחמים, אַז מען זאָל איר העלפן. מאַטעק איז אַוועק צום אָנקל קיווע, אים איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון גוסטאַווס בריוו. פאַר גוסטאַווס נאָמען האָט קיווע געהאַט רעספּעקט, ווי ער האָט בכלל פאַרערט רייכטום און מענטשן מיט פאַרמעגנס. יאָ, גוסטאַוון דאַרף מען העלפן. ער וועט רעדן מיט אַ קאָנ־גרעסמאַן, מיט אַ יידישן דזשאַדזש.

מאַטעק האָט אַוועקגעשיקט אַ לופט־בריוו צום אָנקל ווילי. דער פאַקט וואָס גוסטאַוו האָט זיך ניט געווענדט צו זיין ברודער אין אַמעריקע, נאָר צו מאַטעקן, האָט געוויזן, אַז אין לאָדזש האָט מען פון דעם ברודער גאָרניט געהאַלטן. ווילי האָט מערסטנס אויף די בריוו פון לאָדזש ניט געענטפערט. און אויב ער האָט שוין אַמאָל געשריבן צו די ברידער אין לאָדזש זיינען די בריוו זיינע געווען ווי פון אַ פרעמדן צו פרעמדע. ער האָט קיינמאָל ניט געשריבן וועגן זיך, קיינמאָל ניט געענטפערט אויף די אָנפראַגעס, וואָס מען האָט אים געשטעלט. מאַטעקס בריוו וועגן אַריבערברענגען יאַנושן, וועגן גוטזאָגן פאַר אים, האָט דעם אָנקל ווילי נישט שטאַרק גערירט. ער איז גראָד דאַן געווען פאַרנומען מיט זיינע אייגענע פּראָבלעמען. מיט דער ווייב איז ער כסדר געווען קידער־ווידער און קיין זאַך האָט אים דאַן ניט אינטערע־סירט. ער האָט נאָכאַנאַנד געהאַט צרות מיט זיינע קינדער און ער האָט נאָך אַלץ אויסגעהאַלטן זיין שנור, דזשעיקס פרוי. ער האָט דערפאַר געטראָגן אַ האַרץ אויף אַלע יונגעלייט. מאַטעקס בריוו צו אים וועגן גוסטאַווס זון

האָט אים ווינציק באַרירט. ער האָט קיין יידישע צייטונגען ניט געלייענט. ער האָט בכלל זיך ווינציק אינטערעסירט מיט דער לאַגע פון יידן אויף דער וועלט און ער האָט פשוט ניט פאַרשטאַנען וואָס מאַטעק האָט פון אים געוואָלט און וואָס גוסטאַוו האָט געשריבן. ער האָט געענטפערט מאַטעקן אַ קורץ בריוול אויף ענגליש, וואָס ער האָט, ווייזט אויס, עמיצן געהאַט דיקטירט און דערפאַר איז דער טאָן געווען אַ מין אָפיציעלער. ליידער איז ער איצט צופיל געווען פאַרנומען, האָט ער געשריבן, צו קאָנען עפּעס טאָן און אויסער דעם פילט ער זיך זייער שוואַך אין געזונט און ער קאָן זיך מיט קיין מענטשן ניט זען וועגן דעם ענין. ער ווייסט, אַז זיין ברודער גוסטאַוו איז זייער אַ פאַרמעגלעכער מענטש און מיט זיין געלט און איינפלוס קאָן ער אויך דער־גרייכן וואָס ער וויל אין אַמעריקע.

מאַטעק און סאַלטשע האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס. זיי האָבן ווילין אין קיין פאַל ניט געקאָנט באַגרייפן.

גוסטאַוווס בריוו צו מאַטעקן איז אָנגעקומען סוף מאַי. איידער מען האָט זיך געקאָנט אַרומקוקן און זען מענטשן, איז שוין געוואָרן גוט וואַרעם און ס'איז שווערער געוואָרן צו טרעפן די נויטיקע איינפלוסרייכע פּערזאָנען אין זייערע אָפיסעס. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די זומער־וואַקאַציעס. אָנקל קיוועס ריכטער איז גראָד דאַן געווען אין פלאָרידאַ. דער קאָנגרעסמאַן פון וואַשינג־טאָן האָט דערקלערט, אַז ער וועט אַריינקוקן אין דעם ענין און ענטפערן אַזוי גיך ווי ער וועט האָבן אַ מעגלעכקייט. די אָרגאַניזאַציעס צו וועלכע מאַטעק און סאַלטשע האָבן זיך געווענדעט האָבן דעם ענין נומערירט און געהייסן זיך ניט איילן, מחמת עס זיינען טויזנטער פאַראַן פאַר זיי. די אימיגראַציע געזעצן זיינען שווערע. דער קאָנגרעס האָט מער דרינגענדיקע פּראָבלעמען פאַר זיך.

מאַטעק האָט געענטפערט דעם אָנקל גוסטאַוו, דערקלערט אים גענוי די לאַגע, אים געגעבן האָפענונג, נאָר אויך גאַנץ ניכטער געשריבן וועגן די געזעצן פון לאַנד, וואָס מאַכן כמעט אוממעגלעך פאַר אימיגראַנטן אַריינצו־קומען. מאַטעק האָט אַלעמען געראָטן צו קומען צו דער וועלט־אויסשטעלונג און זייענדיק דאָ אויפן פּלאַץ וועט אפשר גרינגער זיין צו מאַכן נייע פּלענער. ער איז געווען זיכער, אַז לאָטשיאַ און אַנקאַ וועלן אינגיכן אָנקומען. סאַלטשע האָט שוין אפילו אָנגעהויבן צוגרייטן דאָס הויז אירס פאַר די ליבע געסט. שוין אָפּגערעדט פון שלומען, וואָס האָט מיט קלעיר אויסגעאַרבעט פּלענער ווי אַזוי צו פאַרווילן אַנקאַן און אַז ביידע מיידלעך זאָלן ווערן גוטע פריינט.

נאָר וואָס נעענטער די וועלט אויסשטעלונג איז געוואָרן אַ פאַקט, אַלץ ווייטער איז געוואָרן דער חשק ביי לאָטשיאַן צו קומען צו איר.

לאָטשיאַס בריוו האָבן אָנגעוואָרן זייער לעבנס־לוסטיקייט. זי האָט שוין

באַלד געשריבן אַזוי ווי גוטשיאַ. טרויער, פּעסימיזם, האָפענונגלאָזיקייט זיי־נען געווען אירע הויפּט־מאָטיוון. סאַלטשע האָט געזאָגט, אַז יעדער בריוו פון פוילן מאַכט איר אַ לאָך אין האַרצן. בלויז שלום האָט ניט אויפגעהערט שיקן אַנקאַן בילדער און צייטונג־אויסשניטן פון דער געפּלאַנטער אויס־שטעלונג. ער האָט געהייסן אַנקאַן, אַז זי זאָל ניט אויפהערן איבעררעדן איר מאַמען, אַז זי זאָל קומען מיט איר צו דער אויסשטעלונג. שלום האָט אַליין אָנגעשריבן אַ גרויסן בריוו צו לאָטשיאַן, נאָר זי האָט אים ניט געענטפערט.

באַלד איז פאַר מאָטעקן און סאַלטשען קלאָר געוואָרן, אַז אַ פּאַניק האָט אַרומגעכאַפּט זיין משפּחה אין לאָדזש. זיי האָבן דערפילט, אַז כדי זיך צו ראַטעווען, דאַרפן זיי זיך אויפהויבן פון זייערע ערטער און אַנטלויפן פון פוילן וואוהין די אויגן וועלן זיי טראָגן. נאָר פון גרויס שרעק האָבן זיי זיך ניט געקאָנט רירן פון זייערע ערטער און זיי זיינען געבליבן זיצן פאַרצי־טערטע און הילפלאָזע.

איבער דער גאַנצער וועלט האָבן זיך מיטאַמאָל דערהערט די שווערע טריט פון סאָלדאַטסקע שטיוול. די לופט איז פאַרטויבט געוואָרן פון דעם באַראַבאַנען פון מיליאָנען פויקן און פון פרעכן בראַזגען פון מעשענע טאַצן. די נאָזלעכער האָבן דערשמעקט דעם ריח פון בלוט, פון מענטשן־בלוט.

אויף מאָטעקס בריוו האָט גוסטאַוו ניט געענטפערט. קיינער פון די שוועסטער האָט ניט געענטפערט. די צייטונגען האָבן דעם ענטפער ניט גע־געבן. פוילן איז געוואָרן אַ פּולווער־פאַס און מאָטעקס משפּחה איז געזעסן אויף דעם פאַס און די לופט אַרום איז געוואָרן הייס און אָנגעגליט און פאַר־שטיקט.

עס איז אָנגעקומען דער זומער. מאָטעק האָט זיך געבעטן ביי סאַלטשען, אַז זי זאָל מיט שלומען אַרויספאָרן אויפן לאַנד פאַר אַ פּאָר וואָכן. סאַלטשע איז געווען אומרואיק. אָן מאָטעקן האָט זי ניט געוואָלט פאַרלאָזן. מאָטעק האָט געאַרבעט. אויסער דעם איז אים דער קאָפּ ניט געשטאַנען דערביי, האָט ער געזאָגט. די לאַגע פון זיינע אייגענע אין פוילן לאָזט אים ניט רוען.

מאָטעק און סאַלטשע, וואָס האָבן איבערגעלעבט אַלס קינדער די רוסישע רעוואָלוציע פון 1905 און וואָס האָבן אַלס דערוואַקסענע געליטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, — האָבן איצט דערפילט ווי די וועלט וועט, ווי אַן אָנגעגליטע גלעזערנע פלאַש, אַ פּלאַץ טאָן און רעוואָלוציעס און מלחמות וועלן ווי גלאָז זיך אַ צעשפּרייט טאָן איבער אַלע ווינקלען.

ווי זיי וואָלטן די גאַנצע צייט דאָס ניט באַמערקט, האָבן מאָטעק און סאַלטשע מיטאַמאָל פּלוצלינג אַ קוק געטאָן אויף דער געשטאַלט, וואָס איז

געשטאַנען אַזוי בולט פאַר זייערע אויגן און זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט ביי די הענט.

די געשטאַלט איז געווען שלום.

## קאַפּיטל פיר און פופציק

# אויפברויז

.1

אין איינעם פון אירע לעצטע בריוו האָט לאָטשיא געשריבן צו מאַטעקן: „דאָס צווייטע מאָל וועל איך דיר שרייבן מער וועגן אונדז, ווייל מייגע נערוון דערלויבן מיר ניט צו שרייבן. איך ווייס ניט וואָס צו שרייבן".

און גוטשיאַ האָט געשריבן: „אונדזער גאָטזעליקער פאָטער האָט מיר אַמאָל געזאָגט, ווען ער איז שוין געווען קראַנק: „וואו איר וועט זיך, קינדער, ניט געפינען, וועל איך שטענדיק זיין מיט אייך". איך בין נעכטן ביי זיין קבר געשטאַנען און איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל ניט פאַרגעסן צו האַלטן זיין צוזאָג, ווייל מיר ווייסן ניט וואו מיר וועלן מאָרגן זיין".

דאָס איז אויך געווען צום ערשטן מאָל, זינט מאַטעק און סאַלטשע זיי־נען געווען צוזאַמען, וואָס זיי האָבן ניט געקאָנט געפינען קיין מנוחה שפּאַ־צירנדיק צוזאַמען אין פּאַרק. ווי שווער עס איז זיי ניט געווען אויפן האַרצן, האָבן זיי אָבער געוואוסט, אַז דער צעבליטער גרין פון די ביימער, אַ פעלד מיט געדיכטע גראָזן, די שטילקייט פון אַ פאַרנאַכט אין פאַרלאָזטן פּאַרק, אָדער אפילו דאָס זיצן צוזאַמען אויף אַ באַנק אין סקווער, אַרומגערינגלט פון קוסטעס און צווייגן — וועט זיי פאַרוויגן, וועט זיי דערקוויקן און אָפּפרישן.

אַנדערש איז דאָס אָבער געווען אין זומער פון יאָר 1939. ניט בלויז האָבן זיי די נערוון ניט דערלויבט צו שרייבן, ווי לאָטשיאַ האָט זיך אין איר בריוו אויסגעדריקט, נאָר זיי האָבן ניט געקאָנט אין הויז איינזיצן, און דער־זעענדיק אין גאַס יונגע בחורים, אָנגעטאָן אין סאָלדאַטסקע מונדירן, זיינען זיי פאַרציטערט געוואָרן. סאַלטשע האָט געגעבן מאַטעקן אַ דריק ביים אָרעם. מאַטעק האָט געענטפערט: „איך זע, איך זע". דערפאַר האָט ניט געקאָנט גאָר זיין קיין רייד וועגן אַרויספאָרן אויפן לאַנד און זיך פאַרגעסן, אָדער באַ־שליסן ניט צו לייענען קיין צייטונג און ניט טראַכטן וועגן דעם, וואָס עס טוט

זיך אויף דער וועלט.

די בריוו פון פוילן זיינען שוין אַצינד געווען מער ווי בריוו. זיי זיינען געווען פיילן פון אַ בויגן, וואָס האָט געטראָפן גלייך אין האַרצן אַריין. היט־לער איז שוין ניט געווען עפּעס אַ משוגענער צעיושעטער מערדער, וואָס רע־וועט פון ווייטן. ניט בלויז האָט מען זיין קול געהערט אויף דער ראַדיאָ אין אַמעריקע, נאָר זיינע מאַניאַקישע אָנהענגער אין אַמעריקע האָבן זיך גע־גרייט איינצונעמען די גאַנצע וועלט. היטלערס נצחונות אין אייראָפּע האָבן אָנגעוואָרפן שאָטנס אויף די פרידלעכע גאַסן און עוועניוס פון ניו־יאָרק. עס האָט זיך אָנגעהויבן אויסדוכטן, אַז ער קומט אַהער, אַז מען הערט שוין זיין וואָיען און אַז מען זעט שוין זיינע אין מענטשלעכן בלוט איינגעטונקענע לאַפּעס.

— לאָמיר כאָטש צופאָרן אין בראָנקס פּאַרק און זיך פאַרגעסן אַביסל, — האָט פאָרגעשלאָגן סאַלטשע.

עס איז געווען אין אַ זונטיק אינדערפרי. זי האָט אָנגעגרייט אַ קערבעלע עסן און געבעטן שלומען, אַז ער זאָל איינלאַדן קלעיר צו פאַרברענגען מיט זיי דעם טאָג אין די באָטאַנישע גערטנער און אין זאָאָלאָגישן גאָרטן פון בראָנקס פּאַרק. נאָר קלעיר מיט שלומען זיינען געווען מער פאַראינטערעסירט אין אַ בעיזבאָל גיים אין סענטראַל פּאַרק.

— לאָמיר אָנקלינגען גאָלדען, אפשר וועלן זיי מיטגיין מיט אונדז, — האָט סאַלטשע געזאָגט.

— איך האָב ניט קעגן דעם, נאָר איך האָב מורא, אַז מעקס וועט אָנ־הייבן רעדן פּאָליטיק און איך האָב שוין מער ניט קיין געדולד צו אים, סאַלטשע. איך וויל בעסער הנאה האָבן פון די בלומען און די ליַיבן. די ווייסע פּאָלאַר בערן אינטערעסירן מיך היינט מער ווי מעקס מיט זיינע ביזנעס, — האָט מאָטעק אַ נערוועזער געענטפערט.

— ביסט ניט גערעכט, מאָטעק. טאַקע דערפאַר וואָס דו ביסט צעשרויפט, וואָלט איך וועלן, אַז מיר זאָלן צוזאַמען פאַרברענגען צווישן באַקאַנטע. מען דאַרף ניט רעדן וועגן פּאָליטיק אויב מען וויל ניט. דו וועסט גיין מיט גאָלדען און איך וועל זיך פאַרוויילן מיט מעקסן.

און סאַלטשע האָט טעלעפאָנירט צו גאָלדען און איר איבערגעגעבן דעם פּלאַן.

— איך בין אַזוי צופרידן וואָס דו האָסט זיך דערמאָנט אין מיר, סאַלטשע־לעבן, — האָט גאָלדע געזאָגט, — מעקס איז אַרויסגעפאָרן מיט באַקאַנטע כאַפּן פיש העט פאַרטאָג. איך האָב אפילו ניט געהערט, ווען ער האָט פאַר־לאָזט. די קינדער האָבן זיך זייערע פריינט און איך האָב געטראַכט צו פאַר־

ברענגען דעם טאָג ביי מיינע עלטערן און אפשר זיך אַריינכאַפּן אין אַ מואווי. אויב איר ווילט מיך מיטנעמען אויף אייער פּיקניק, וועל איך זיין פּיקס און פערטיק ביז איר וועט אָנקומען אין די בראָנקס. איך דאַרף זיך בלויז אָנטאָן און אויספּוצן. וואו באַגעגענען מיר זיך?

גאָלדע האָט שוין געוואַרט אויף זיי ביים אַריינגאַנג צום „זו". זי איז געווען זומערדיק אין אויסזען. זי האָט מאַטעקן גלייך דערמאָנט אין לאָדזש, אין זייערע קינדער־יאָרן. עס איז ניט געווען די גאָלדע פון דער לעצטער צייט. זי איז שלאַנקער געוואָרן, דאָס פּנים האָט ניט געהאַט מער דעם אויסדרוק פון זעט און שפע. די שטריכן זיינען פאַראיידלט געוואָרן, די אויגן האָבן אָנגענומען דעם אַמאָליקס יוגנטלעכן העל־גרינעם קאָליר און זיי זיינען טיפער און קלאָרער געוואָרן. אויך איר קול האָט זיך געהאַט געענדערט. עס איז געווען פול מיט איבערלעכער רעגונג און ריייפקייט.

איר אויסזען און איר קול האָבן אויף מאַטעקן געהאַט אַ באַרואיקנדיקע ווירקונג, נאָר בלויז די ערשטע האַלבע שעה. ווי איר שטייגער איז געווען, האָט זי גענומען אויספרעגן וועגן נייעס פון לאָדזש, וועגן וואָס ער האָט געהערט פון לאָטשיאַן. דאָס איז געווען דער ערשטער אָפּהילך פון דונער, וואָס האָט זיך געקליבן אין מאַטעקס האַרצן.

— מאַטעק, ביסט מיר היינט עפּעס ניט פאַרקמעסיק געשטימט, — האָט גאָלדע באַלד באַמערקט. זי האָט געוואוסט, אַז אין פּאַרק, צווישן גרינס, ווערט מאַטעק אַן אַנדער מענטש. ער פאַרלירט דעם שטאָטישן יאָך, שטיפט און איז לייכטזיניק און ראָמאַנטיש. דאָ איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַן איבערגעשראָקענער.

— וואָסי, מאַטעק, דיינע שיפן זיינען דיר אונטערגעגאַנגען? — האָט גאָלדע אים געוואָלט צעשטרייען, — גיב נאָר אַ קוק אויף די בייטן בלומען, אויף די פּראַכטפולע קאָלירן . . .

סאַלטשע איז געווען צופרידן וואָס גאָלדע איז מיטגעגאַנגען. זי האָט זיך אַליין געהאַט אָנגעשטעקט פון מאַטעקס צעשראָקנקייט און גאָלדע האָט זיי ביידן געוואָלט אַריינברענגען אין אַ בעסערער שטימונג.

— גאָלדע, קינד, — האָט מאַטעק זי גענומען אונטערן אָרעם, — האָסט געפרעגט און האָסט אַליין געענטפערט. יאָ, דו ווילסט וויסן וואָס לאָטשיאַ מאַכט און דערנאָכדעם פרעגסטו מיך פאַרוואָס איך בין אָנגעדרודלט. דאָרט שטייען זיי אויפן שוועל פון אונטערגאַנג, גאָלדע, און מיר דאָ מושטירן שוין די סאָלדאַטיקלעך. וועסט מיר גלויבן, אַז איך קאָן זיך מער אין ערגעץ קיין אָרט ניט געפינען. יאָ, מיינע שיפן גייען מיר אונטער און דיינע אויך. איך בין מקנא דיין מעקסן, וואָס ער קאָן אַרויספאָרן אויפן וואַסער און כאַפּן

פיש. איך פיל זיך איצט ווי אַ געפאַנגענער אויף אַ ווענטקע. היטלער איז דער פישער און מיר זיינען די פישלעך און ער האַלט אין איין כאַפּן העכט און שלייען. און די וועלט שטייט און לאָזט אים און מען שטעלט אים ניט אָפּ און באַלד וועט זיין צו שפּעט . . . געדענקסט, גאָלדע, ווי איך האָב מיט מעקסן זיך געקריגט וועגן שפּאַניע? איך האָב דאַן געזאָגט, אַז אויב די רעפּובליקאַנישע שפּאַניע וועט אונטערגיין, וועט היטלער ווי אַן אָקטאָפּוס, אַריינגעמען אין זיינע גיריקע לאַפּעס אַלץ וואָס וועט אים נאָר זיין אין וועג. גיב אַ קוק וואָס ער טוט אין איראָפּע, גיב אַ קוק ווי אַמעריקאַנער פאַשיסטן האָבן זיך מיטאַמאָל — און אונטער דעם ליבעראַלן רוזוועלטן — צעבושעוועט אין אַמעריקע. איך האָב שטאַרק מורא פאַרן גורל פון מיינע אייגענע אין פוילן. און אויב עס וועט זיי טרעפן, וועט עס אונדז אויך טרעפן.

— מאַטעק טייערער, — האָט אים אָפּגעשטעלט סאַלטשע, — מיר האָבן דאָך עפּעס אָפּגערעדט, אַז אין פאַרק וועלן מיר ניט רעדן וועגן קיין פּאָלי־טיק. דו האַלטסט ניט דיין אייגענעם צוזאָג. פאַרגעס אין דער וועלט, לאָמיר אַריינגיין אין פויגל־הויז. אפשר וועט דער געטומל פון די פּאַפּוגייען פאַר־טויבן דעם טומל פון דרויסן.

— אוי, ביסטו גערעכט, סאַלטשע־קרוין. הלוואי וואָלט דאָס אמת געווען. נאָר איך וויל דו זאָלסט מיר גלויבן, אַז דאָס איז ערשטע מאָל, וואָס איך האָב ניט קיין הנאה פון בראָנקס פאַרק, ניט פון די בלומען, ניט פון די אומשולדיקע חיות. וואָס קאָן איך מיר העלפן דען, אַז איך זע אין די גרויסע, פאַרצווייגטע אַלטע ביימער, — זע איך — פאַלקן מיליטער, קאַמאָפלאַזשן, וואָפן און אַז אין דעם ברומען און גרילצן פון די חיות און פייגל הער איך דעם רויש פון עראָפּלאַנען, וואָס וואַרפן באָמבעס אויף שטעט און דערפער. דו ווייסט, יאַנקל גייט מיר פון קאָפּ ניט אַרויס די גאַנצע וואָך . . . דעיוויסעס יאַנקל, וואָס וועט שוין מער ניט צוריקקומען פון שפּאַניע. יעדעס מאָל וואָס עס פליט פאַרביי אַן עראָפּלאַן דערמאָנט עס מיך אין יאַנקלען, וואָס האָט אָוועקגעלייגט זיין יונג לעבן פאַר אונדז דאָרט . . . היטלער און מוסאָליני געווינען דערפאַר וואָס ענגלאַנד און אַמעריקע האָבן ניט דערלאָזט, אַז די רעפּובליקאַנישע שפּאַניע זאָל געווינען. ווי קאָן מען אַרומגיין און געניסן פון די בלומען און פון דער שטילער נאַטור, אַז באַלד, באַלד וועלן די גרינע פעלדער ווערן רויט און אונדזערע אייגענע יינגלעך וועלן, — נאָר געבוג, וואָס וויל איך האָבן פון אייערע יונגע יאָרן?

— איך בין טויט הונגעריק, די פרישע לופט האָט מיר פאַרשאַדט, — האָט אויסגעשריען סאַלטשע און זי האָט זיך געלאָזט גיין צום פּיקניק עס־פּלאַץ.

ביים עסן האָט מאָטעק געפּרואוווט אַרויסקריכן פון דער שלעכטער שטי־מונג און ער האָט אויסגעפרעגט גאָלדען וועגן אירע קינדער. גאָלדע איז געווען גוט אויפגעלייגט און זי האָט דערציילט קאָמישע זאַכן וועגןביידע טעכטער. סאַלטשע איז ניט אָפּגעשטאַנען און זי האָט זיך דערמאָנט ווי שלום פירט אַ ליבע מיט קלעירן אין ניו־יאָרק און מיט אַנקאַן אין לאָדזש אין דער זעלבער צייט.

.2

אין פּאַרק האָבן יענעם זונטיק אַרומגעשפּאַצירט טויזנטער מענטשן און מאָטעקן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי לאַכן צופיל, אַז זיי גייט קיין זאַך נישט אָן, אויסער די פּלאַכע פאַרגעניגנס. ווי אַנדערש ער איז איצט געוואָרן, מאָטעק. שטענדיק האָט אים דער מענטשן־שטראָם אָנגעפילט מיט לעבנס־לוסט, מיט פרייד פון זיין איינער פון דער פיל פעלקערלעכער, פילשפּראַכי־קער, דעמאָקראַטישער מאָסע פון ניו־יאָרק. איצט האָט אים דער עולם דע־נערווירט. איבערהויפּט איז ער געבליבן ניט גלייכגילטיק, ווען ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ יונגנמאַן אין אַ מיליטערישן מונדיר.

— זע נאָר, ער איז דאָך נאָך אַ צוציק, — האָט ער אָנגעוויזן סאַלטשען אויף אַ סאָלדאַט, וואָס האָט אויסגעקוקט יינגליש.

סאַלטשע האָט דאָס מאָטעקן ניט געוואָלט אויסזאָגן, נאָר יעדער יונגער סאָלדאַט וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען האָט ביי איר אַרויסגערופן אַ ציטער אין האַרצן, אַ דערמאָנונג אין טויט; אַ יעדער סאָלדאַט האָט איר געבראַכט אַ שלעכטע בשורה.

— גאָלדע, מיין שלום איז שוין איבער אַכצן יאָר. מען וועט אים באַלד צונעמען. דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן שלומען ווי אַ סאָלדאַט? — האָט סאַלטשע איינגערוימט גאָלדען, אַז מאָטעק זאָל ניט דערהערן.

— סאַלטשע, מעקס זאָגט אויך, אַז עס האַלט נאָענט פון אַ וועלט־מלחמה. היטלער צווינגט אַרויף אויף דער וועלט אַ נייע מלחמה, — האָט גאָלדע אין דער שטיל געזאָגט.

מאָטעקס שלעכטע שטימונג האָט זיך ניט געביטן. מען איז פרי אַהיים געפאָרן. מאָטעק האָט ניט געוואָלט גיין צוגאַסט צו גאָלדען. סאַלטשע האָט אים פאַרשטאַנען.

שלום איז נאָך ניט געווען אין שטוב, ווען זיינע עלטערן זיינען אָנגעקומען. מאָטעק איז אַריין אין זונס צימער און זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט שוין דאָ לאַנג ניט געווען. ער האָט באַקוקט די בילדער אויף די ווענט. אויפן קאָמאָד איז געשטאַנען דאָס בילד פון יאַנקל דעיוויס אין יוניפאָרם פון

דער לינקאָלן בריגאַדע. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ בילד פון שלומס גראַדואיר קלאַס פון דער יידישער שול און פון דעם גראַדואיר־קלאַס פון דער היי־סקול. שלום האָט אויך געהאַט אויסגעהאַנגען איבערן בעט צוויי קליינע בילדלעך: פון דעבס און לינקאָלן. אויף זיין שרייב־טישל איז געשטאַנען אַ גרופּן־בילד וואָס מען האָט געהאַט גענומען אין לאָדזש. אויף אים זיינען געווען: מאַטעקס פיר שוועסטער מיט אַנקאָן און שלומען און זיינע עלטערן. שלום האָט געהאַט אַליין צוגעפּאַסט אַ ליכטיקע ראַם פון קרעם און גאָלד־פּאַסן. אין דער ביכער־שאַפע לעבן שרייב־טיש זיינען געווען שלומס לערן־ביכער פון סקול און פון דער יידישער שול און קאַרל מאַרקסעס „קאַפּיטאַל" און לענינס „אימפּעריאַליזם" און טאָמאַס מאַנס „דער צויבער באַרג" און ראָמאַנען פון סינקלער לואיס און אפּטאָן סינקלער און שערוואוד ענדערסאָן און העמינגוועי. דאָס צימער איז געווען אין מוסטערהאַפּטיקער אָרדענונג. מאַטעק האָט געוואוסט, אַז סאַלטשע רירט זיך זעלטן צו צו שלומס צימער. איינמאָל אַ וואָך, שבת גאָר פרי, ווען אַלע שלאָפן נאָך, שטייט שלום אויף און נעמט זיך ראַמען זיין צימער. ער איז אַריינגעטאָן אין דעם ווי ער וואָלט זיך געגרייט צו אינספּעקציע איבערן צימער. ער איז ערנסט און ניט נאָכגעביק. אַלץ מוז פּאַרענדיקט ווערן, מעג עס דונערן און בליצן, לויט סאַלטשעס אויס־דרוק. מאַטעק האָט געעפנט שלומס קלאָזעט. זיינע זאַכן זיינען געהאַנגען אין מוסטערהאַפטער אָרדענונג. זיינע שיך און לאַטשן — אין אַ ספּעציעלער טאַש, זיינע העמדער און קראַוואַטן, זיינע סוועטערס און זאָקן — אַלץ האָט געהאַט אַ בכבודיקן פּלאַץ. פון אומעטום האָט אַרויסגעשיינט די זויבערקייט און באַלעבאַטישע האַנט.

— מאָטעק, וואָס זאַמסטו זיך אין שלומס צימער? — האָט סאַלטשע גע־פּרעגט. איר פראַגע איז געווען מער ווי פון נייגעריקייט. סאַלטשע האָט דער־פילט, אַז מאַטעקס שטימונג האָט אים אַריינגעפירט אין שלומס צימער. זי האָט ניט געוואַרט אויף זיין ענטפער און זי איז אַליין אַריינגעקומען און תיכף אַ קוק געטאָן אויף מאַטעקס פּנים. עס איז געווען טיף־פאַרטראַכט און פאַר־זאָרגט. סאַלטשע האָט געשוויגן, געוואַרט אַז מאַטעק זאָל איר ענטפערן, נאָר ער האָט זיך איינגעבויגן און געמאַכט, ווי ער וואָלט געזוכט אַ בוך אין שלומס שאַפקע.

— וואָס זוכסטו, מאַטעק?

— סאַלטשע, איך האָב מורא פאַר שלומען.

— וואָס מיינסטו?

— מען וועט אים באַלד נעמען אין סאַלדאַטן און שלום וועט קיין שלום ניט האָבן און די לאַגע ווערט ערגער מיט יעדן טאָג.

— מאַטעק, מיר זיינען דאָך רעאַליסטן און מען דאַרף קוקן דעם אמת אין די אויגן אַריין. שפּאַניע איז דאָך דער באַראָמעטער און ווי עס ווייזט אויס וועלן מיר ניט געווינען אין שפּאַניע. פאַשיזם וועט זיגן. היטלער, דער משוגענער מאַניאַק, דער קאַניבאַל, וועט אַ פאַרשיכורטער פון בלוט, זיך לאָזן אויף געיעג. מיר יידן וועלן זיין די ערשטע קרבנות אומעטום וואו דער פאַשיזם וועט זיך צעיושען.

— דו האַלסט פאַר מיר אַ לעקציע, סאַלטשע. זייער פיין.

— דו זעסט, מאַטעק, ווי שלום האַלט ביי זיך יאַנקל דעוויסעס בילד, ווי עס הענגט ביי אים דאָס בילד פון דעבסן. מיר האָבן דערצויגן שלומען אין גייסט פון פרידן, אין גייסט פון פרייהייט און אַנטי־פאַשיזם. שלום איז אונדזערער. סקאָטסבאָראָ איז זיין קאַמף, טאָם מוני איז זיין זיג. וואָס עס קומט פאָר איצט אין אייראָפּע גייט אים שטאַרק אָן און ער פאָלגט נאָך יעדע בלוט־דורשטיקע רעדע פון די נאַציישע מערדער. רוזוועלטס רעדעס שניידט ער אויס און ער באַהאַלט זיי אין זיין שופלאָד. ער רעדט ניט לעצטנס קיין סך מיט אונדז, נאָר קלעיר דערציילט מיר, אַז ער איז ביז גאָר באַזאָרגט וועגן דער לאַגע ביי אונדז אין לאַנד. שלום טרעט אַריין אין סיטי קאַלעדזש באַלד, נאָר דער קאָפּ איז אים ניט אויפן לערנען. שפּאַניע לאָזט אים ניט רוען. ער האָט זיך אויסגעדריקט צו קלעיר, אַז ער וואָלט זיך אַליין אַנגע־שלאָסן אין דער לינקאָלן בריגאַדע, ווען ער וואָלט געהאַט גענוג מוט. די בריוו פון לאַדזש האָבן אים צעשרויפט. אַנקאַ איז אים נאָענט ווי אַ שוועסטער. שלום איז מער ניט קיין קינד, מאַטעק. מיר פאַרגעסן דאָס. שלום איז אַזוי הויך ווי דו און גייסטיק איז ער אַ דערוואַקסענער מענטש. גאַנץ אָפט גלויב איך זיך אַליין ניט, אַז שלום איז שוין אַ דערוואַקסענער מענטש. איך פאַר־געס זיך אַמאָל און איך וויל אים אַריינגעמען אין מיינע אָרעמס און אים פאַרוויגן. איך פאַרשעם זיך פאַר זיך אַליין. ווען קלעיר קומט אַרויף צו אונדז, ווער איך ניט איינמאָל אייפערזיכטיק. איך ווייס, אַז עס וועט ניט דויערן לאַנג און זי וועט ביי אים פאַרנעמען מער פּלאַץ ווי דו און איך. שלום האָט לעצטנס געהאַלטן אַ רעדע אין זיין אָרגאַניזאַציע, האָבן זיינע חברים מיר איבערגעגעבן, אַז מען האָט געלעקט די פינגער פון אים. עס איז געווען אַ לעקציע פון אַ פּראָפעסאָר, האָבן זיי געזאָגט. ער איז אַ מאַרק־סיסט. יעדעס וואָרט וואָס קומט אַרויס פון זיין מויל אין דער עפנטלעכקייט איז געוואויגן און געמאָסטן. ער האָט זיך געמוזט שטאַרק צוגרייטן צו דער רעדע, נאָר ניט דו און ניט איך און אפילו ניט קלעיר האָבן געוואוסט וועגן דעם. ער איז באַשיידן און ערלעך, ער איז צוריקגעהאַלטן און שטופּט זיך קיינמאָל ניט פאָראויס, כאָטש ער האָט געקאָנט שטיין אין דער פירערשאַפט...

„וואָס ווילסטו זיין, שלום?", האָב איך אים לעצטע וואָך געפרעגט. „מאַמע, מיר לעבן אין אַזאַ ניט־זיכערער צייט, אַז עס איז שווער צו באַשטימען צו וואָס זיך צו נעמען. מיר זיינען דאָך נאָך ניט אַרויס פון דער דעפּרעסיע און טויזנטער יונגעלייט מיט דיפּלאָמעס זיינען נאָך אויף בעטל־ברויט ביי דער מלוכה, מאַמע. וואָס איך וויל אין דער אמתן איז — אַ סאָציאַליסטישע אַמע־ריקע, דאַן וועט מיר שוין ניט אויסמאַכן, וואָס איך וועל זיין. אין אַ קאַפּי־טאַליסטישער אַמעריקע וועל איך קיינמאָל ניט זיין זיכער מיט מיין ברויט. קאַפּיטאַליזם מוז צעשטערן, קאַפּיטאַליזם פּילט אָן דעם מענטשן מיט מורא פאַרן מאָרגן. כל זמן דער טאַטע אַרבעט, וויל איך אַריינכאַפּן וואָס מער פון לערנען". אָט דאָס זיינען געווען זיינע ווערטער, מאַטעק.

— סאָלטשע, יעדעס מאָל, ווען איך דער־זע די סאָלדאַטיקלעך, די אַכצן־יעריקע בחורים אין יוניפאָרמען, כאַפּט מיך אָן אַ ניט־גוטקייט. ווען איך בין געווען אַ קליין קינד, האָט מען מיר געגעבן שפּילצייג — בלייערנע סאָל־דאַטשיקעס. ווי אין חלום האָב איך נאָך געהערט וועגן דער רוסיש־יאַפּאַנע־זישער קריג. שפּעטער האָב איך געזען מענטשן־בלוט אויף די גאַסן פון לאָדזש. צוזאַמען מיט דיר געטראָטן איבער די טויטע לייבער פון רעוואָ־לוציאָנערן אין 1905. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט מיך דערשלאָגן. מיין חבר שימעק, גאָלדעס ברודער, איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד צוליב דער מלחמה. שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן די אינוואַלידן מיט די מעדאַלן. די אַמעריקאַנער לעגיאָנערן מיט די פּיפּיקע היטלעך, האָבן געהאָלפן ברעכן סטרייקס און בכלל זיך צעבושעוועט אויף אַ פאַשיסטישן אופן. איצט איז געקומען שפּאַניע און ווער ווייס וואָס מאָרגן וועט פּאַסירן. פאַרוואָס איז אונדז באַשערט דאָס גאַנצע לעבן צו שרעקן זיך פאַר אומגליקן, וואָס מיר אַליין שאַפן? איך פאַרשטיי אַלץ, סאָלטשע. געשיכטע אַהער, געשיכטע אַהין, נאָר איך וויל לעבן ווי אַ ציוויליזירטער מענטש און איך וויל ניט טראַכטן, אַז מיין שלום וועט מאָרגן אָנטאָן אַ כאַקי מונדיר און זיך לערנען שיסן מענטשן.

מאַטעק איז אַרויס פון שלומס צימער און סאָלטשע איז אים נאָכגעגאַנגען אַ שווייגענדיקע. איצט האָבן איר רייד אויסגעפּעלט און זי איז אַריין אין קיך און זיך פאַרנומען מיט קיך־פּליכטן.

3.

שלום איז אהיים געקומען שפּעט אין אָוונט. ער איז געווען אויס־געהונגערט און בעת די מאַמע האָט אים דערלאַנגט עסן, האָט ער דערוויילט דערציילט וועגן דעם ווי אַזוי ער האָט פאַרבראַכט דעם טאָג; וועגן דער

באַל־גאַים און וועגן דעם ווי ער איז מיט קלעירן געפאָרן אויף אַ שיפל און ווי זיי האָבן זיך ביידע צוגעהערט צו פאַרשיידענע רעדנער אין אָוונט אויף קאָלומבוס סקוועיר. מאַטעק איז אַריינגעקומען אין קיך און זיך איינגעהערט צו זיין דערציילן און אויך עפּעס איבערגעביסן.

— טאַטע, — האָט שלום זיך געווענדט צו אים, — האָסט געדאַרפט זיין אויפן סקוועיר. הונדערטער מענטשן האָבן זיך איינגעהערט צו איין רעדנער און אפשר אַ צענדליק האָבן אים אונטערבראָכן מיט פראַגעס. ווי עס ווייזט אויס, איז דאָ אַ שטאַרקע מיינונג ביים עולם, אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד וועט אַטאַקירט ווערן פון היטלערן. עס איז אפילו אַרויסגעבראַכט געוואָרן אַ געדאַנק, אַז ענגלאַנד וועט זיך פאַראייניקן מיט היטלערן קעגן סטאַלינען, ניט געקוקט אויף די לעצטע באָמבעס פון ענגלאַנד קעגן היטלערן. און אויב אַזוי — וואָס וועלן מיר טאָן? עס גלויבט זיך ניט, אַז רוזוועלט וועט זיך פאַראייניקן מיט דעם טשעמבערלעין אַמברעלאַ . . . איך האָב זיך אויך צו־געהערט צו אַן „אַמעריקע־פוירסט" רעדנער. ער איז אַרויסגעקומען אָפן אַנטיסעמיטיש, אַז יידן ווילן פּראָוואָצירן אַ נייע מלחמה. ער האָט אָנגערופן די נעמען פון פּראָמינענטע אַמעריקאַנער יידן. עס איז געווען מאָדנע צו הערן, אַז ביי אונדז אין ניו־יאָרק, ביי אונדז אין לאַנד, זאָלן די אַמערי־קאַנער היטלעריסטן קאָנען רעדן אַזוי פראַנק און פריי. איך האָב זיך גע־ריסן אים צו ענטפערן, נאָר קלעיר האָט מיך ניט געלאָזט. זי האָט מיר אָנ־געוויזן אויף אַ באַנדע כוליגאַנעס, וואָס האָבן גאָרניט אויסגעקוקט פרידלעך. עס איז איין זאַך זיכער, פּאָפּ, אַז מיר גייען אַריין אין אַן עפּאָכע, וואו קיינער וועט ניט קאָנען זיין נייטראַל. דער עולם אויפן סקוועיר האָט מיך איבער־צייגט אין דעם. דו מוזט זיין פאַר אָדער קעגן. דו קאָנסט ניט זאָגן: איך מיש זיך ניט אין קיין פּאָליטיק. גיב אַ קוק, מאַמע, אויף אונדזער אייגענער פּרוי הענעסי. זי האָט מיך דערצויגן פּאַקטיש. מיר קאָנען זיך אַזוי לאַנג. זי זאָגט, אַז זי האָט פיינט פּאָליטיק און דאַך איז זי איינגעוויקלט אין פּאָ־ליטיק, דערפאַר וואָס איר קירך דאָמינירט איר געדאַנקען־גאַנג. זי קאָן אַליין ניט טראַכטן. זי גלויבט אין אַלץ וואָס מען זאָגט איר אין קירך. זי האָט, למשל, סימפּאַטיע פאַר טאָם מוני. נאָר זי פרייט זיך וואָס דער קיילער פראַנקאָ זיגט, מיט דער הילף פון היטלער און מוסאָליני. די קירך איז מיט פראַנקאָן, זי איז אויך פאַר פראַנקאָן. זי איז שוין גאָר פּאָליטיש גע־שטימט, ווען איר פרעגט מיך. עס איז ניטאָ קיין אַפּאָליטיקער היינטיקע צייטן. ריר אָן איר קירך און דו ביסט אַ פאַראורטיילטער ביי איר. איר קירך קאָן ניט זיין ניט געערעכט. עס איז אַ מאָדנע וועלט, דוכט זיך מיר.

— דערפאַר טאָקע דאַרף מען האַלטן דעם קאָפּ גלייך און זיך ניט פאַר־

לירן, — האָט מאַטעק ערנסט געזאָגט און געקוקט אויף שלומען פון דער זייט.

— פּאַפּ, פּראַקטיק און טעאָריע גייען אָפט ניט האַנט אין האַנט. איך זע עס יעדן טאָג פאַר מיינע אויגן. דער פּרעדיקער פּראַקטיצירט אָפט ניט וואָס ער פּרעדיקט. דאָס לעבן צווינגט אַרויף אויף אונדז אַ סך זאַכן וואָס זיינען אונדז ניט צום האַרצן. דו און איך און די מאַמע זיינען פּאַסיפיסטן. מיין נאָמען אַליין באַווייזט, אַז איר גלויבט ניט אין מלחמות. נאָר ווי ווייט קאָן מען לאָזן היטלערן דערמאָרדן יידן, ראַדיקאַלן, און בכלל יעדן איינעם וואָס באַלאַנגט ניט צו דער „סופּער ראַסע"? מיר גלויבן ניט אין מלחמה, נאָר אונדזערע בעסטע יונגעלייט זיינען אַוועק קיין שפּאַניע. יאַנקל איז ניט געווען קיין מיליטאַריסט. ער איז זיכער געווען קעגן מלחמה און דאָך האָט ער זיין יונג לעבן מקריב געווען צו פאַרהאַלטן דעם מערדער־שטראָם פון פאַשיזם. פּאַפּ, ווען היטלער באַפאַלט מאָרגן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, אָדער ווען ער דערקלערט מלחמה אונדזער לאַנד, וועלן מיר שטיין אָן אַ זייט און זאָגן, אַז מיר מישן זיך ניט? היטלער, מוסאָליני און יאַפּאַן פאַרמעסטן זיך מיט זייער וואָפן, וואָס מיר האָבן געהאָלפן זיי זיך דערווערבן, אונטערברעכגען אַלץ דאָס וואָס מיר רופן ציוויליזאַציע. דאַרפן מיר זיי דערלויבן דאָס צו טאָן? און בכלל וואו האַלטן מיר היינט צו טאָג מיט אונדזער קאַמף קעגן פאַשיזם?

— וואָס ווילסטו מיט דעם באַווייזן? — האָט אַביסל אַ נערוועזע געפרעגט סאַלטשע.

— מאַם, איך וויל אַרויסברענגען פאָלגענדיקן געדאַנק: דו קאָנסט ניט אַרגומענטירן לאָגיק מיט אַ צעררייצטער חיה. מיר מוזן ענטפערן היינט־צו־טאָג היטלערן בלויז מיט אַזאַ לשון וואָס ער וועט פאַרשטיין — מיט אייזערנער מאַכט, מיט מלחמה ביזן ביטערן סוף. און אין אַזאַ מלחמה מוזן מיר זיגן, אַניט איז ניטאָ צוליב וואָס צו לעבן. דער פאַקט וואָס די „אַמעריקע פויר־סטערס" און דער „דייטשער אַמעריקאַנער בונד" קאָנען דאָ אין ניו־יאָרק, אין דער גרעסטער יידישער קהילה אין דער וועלט, אונדז אַרויסשטעלן אַ פויסט גלייך אונטער אונדזער נאָז, אָט דער פאַקט באַווייזט אונדזער שוואַכקייט, אונדזער, וואָלט איך געזאָגט, פּאַסיפיסטישע שוואַכקייט. איך וועל זיין אָפן וועגן דעם — איך באַדויער שטאַרק וואָס איך האָב זיך פיזיש און גייסטיק ניט אַנטוויקלט אַזוי, אַז כ'זאָל קאָנען דערלאַנגען אַ פּאַשיסט אין די ציין אַריין, ווען ער באַליידיקט מיך אויפן גאַס. איך פיל דאָס לעצטנס ניט איינמאָל. איך בין גענייגט צו זיין סימפּאַטיש צו רוזוועלטס מלחמה־פּלענער, אויב ער האָט טאַקע אינזינען, אַז די פּלענער זיינען געצילט קעגן היטלערן און ניט, פאַרשטייט זיך, קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד . . . זאָל היטלער אַטאַקירן דעם

סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָלט איך מאָרגן זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי. נאָ־טירלעך, וואָלט איך ניט געוואַרט ביז מאָרגן, אויב איך וואָלט געוואוסט, אַז היטלער וויל אַטאַקירן אַמעריקע. איך וואָלט אָנגעהויבן פון היטלערס אַמע־ריקאַנער קרובים, די אַמעריקע פוירסטערס, די היגע פאַשיסטן.

— פון ווען אָן, זון מיינער, ביסטו דאָס געוואָרן אַזוי קריגעריש גע־שטימט? — האָט געפרעגט מאָטעק און ער האָט גלייך באַדויערט וואָס ער האָט די פראַגע געשטעלט.

— איך קאָן פאַרשטיין זיינע סענטימענטן, — האָט סאָלטשע זיך אַריינ־געמישט.

— עס איז ניטאָ וואָס צו פאַרשטיין, מאַם און פאָפּ. אָדער איר קוקט מיט אָפענע אויגן אויפן אַרום, אָדער איר גייט אַרום מיטן קאָפּ צום הימל און איר שלאָגט זיך אָן אין אַ סלופּ און איר צעברעכט די נאָז. איך רעכן זיך מיט פאַקטן און ניט מיט קיין טעאָריעס. אַ בוך איז נאָר דאַן גוט, ווען ער ווייזט דיר אָן אויף אַ פראַקטישן וועג ווי אַזוי זיך צו העלפן. אויב אַ בוך גיט דיר אַ פאַלשע עצה, דאַן בין איך ניט איינשטימיק מיט זיין מחבר, מאַכט ניט אויס ווי פראָמינענט ער זאָלט ניט זיין. דער מיטינג אויפן סקווער היינט אָוונט האָט מיך געלערנט אַ פּאָר זאַכן. איך בין טאַקע פאַר שלום, נאָר איך בין ניט קיין גאַנדיסט. אויב איך זע, אַז מיין שלומדיקייט וועט מיך פירן צו דער שחיטה, דאַן וועל איך אויף שנעל כאַפּן אַ ביקס אין האַנט און זיך ניט לאָזן פירן צום טויט.

— קינדער, עס איז שוין באַלד צוועלף אַזייגער. לאָמיר דאָס איבערלאָזן אויף מאָרגן. איך בין מיד.

— אָ־קעי, מאַם. וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, וועל איך דיך פאַרטיידיקן. איך בין גאָרניט איבערצייגט, אַז מיר וועלן האָבן שלום ביי אונדז אין לאַנד.

מאָטעק האָט אויסגעגלאָצט זיינע אויגן אויף שלומען. ער האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן דעם זון, נאָר ער איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל.

## קאַפּיטל פינף און פופציק

# שלומס הענט

.1

יעדעס מאָל ווען שלום האָט געהערט, אַז זיינע עלטערן קלייבן זיך צו זיין ביי די דעיוויסעס, האָט ער זיך אָנגעשלאָגן מיטצופאָרן. לואי און בעסי זיינען, ווי תמיד, געווען אַריינגעטאָן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. די דעיוויסעס האָבן איצט געוואוינט אַליין. די קינדער און די אייניקלעך זייערע פלעגן צו זיי קומען סוף וואָך, נאָר די גאַנצע וואָך האָט מען ניט גע־קאָנט זיין אַליין אין הויז, האָט בעסי דערקלערט סאַלטשען.

— איך שטיי אויף אינדערפרי און איל זיך צו דער אַרבעט. איך קום שפּעט אין אָוונט. מיטינגען זיינען כסדר פאַראַן. און אויב עס פעלט מיר אויס אַ מיטינג, כאַפּ איך זיך אַריין אין אַ מוּאווי. איך קאָן אין הויז ניט בלייבן. איך גיב אַ קוק אויף זיין בילד, איך גיב אַ קוק אויף זיין בעט און איך ווער אויס מענטש. יאַנקל פעלט מיר אויס יעדע מינוט פון טאָג . . . אומ־גליקלעך קינד, וואָלט ער כאָטש דערלעבט צו ווערן אַ דערוואַקסענער מענטש, וואָלט דער ווייטאָג ניט געווען אַזוי שאַרף . . . אין גאַס בין איך איינע פון טויזנטער; ביי אַ מיטינג בין איך איינע פון אַ מאַסע. מען טרעפט זיך מיט מענטשן, מען געפינט אויס, אַז יעדער האָט זיך זיין פּעקל. און איצט, מיט היטלערס אַריינדרינגען אין פּוילן, קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אַז יעדער פּוי־לישער ייד ביי אונדז אין לאַנד וועט אַרומגיין מיט אַן אָנגעלאָדן האַרץ . . .

מאָטעק און לואי האָבן גלייך פון דער ערשטער מינוט געהאַט גענוג וועגן וואָס צו רעדן. לואי איז נאָך אַלץ געווען הויפּטזעכלעך אַריינגעטאָן אין דער יוניאָן־באַוועגונג און פאַר מאָטעקן איז לואיסעס אינפאָרמאַציע געווען באַלערנדיק און ניי. דער אַמאָליקער אויסשליסלעך יידישער נאָדל־פאַך האָט איצט אָנגעהויבן ווערן מער איטאַליעניש. לואי האָט גערעדט וועגן די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין די שעפּער און ווי די עלטערע יידישע באַלמעלאָכעס ווערן אַרויסגעשטופּט פון פאַך דורך יונגע איטאַליענערקעס. לואי האָט זיך געשראָקן, אַז באַלד וועט מען אים מער ניט דאַרפן האָבן אין קיין שאַפּ.

בעסי איז געווען פאַרנומען מיט סאַלטשען. זיי האָבן צווישן זיך גע־רעדט פּאָליטיק, וועלט־פּאָליטיק. דער אָפּמאַך צווישן סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט נאַצי־דייטשלאַנד, האָבן זיי פאַרשטאַנען, איז געווען אַ געצוואונגענער און בלויז אַ צייטווייליקער, כדי דער סאָוועטן־פאַרבאַנד זאָל זיך קאָנען בעסער צוגרייטן, ווען היטלער וועט אַטאַקירן. איבערהויפּט האָט בעסי ניט פאַר־לאָרן זיך.

— איך האָב דעם פּולסטן צוטרוי צום סאָוועטן־פאַרבאַנד אין דעם איצ־טיקן טראַגישן מאָמענט, — האָט זי געזאָגט. — עס איז קלאָר פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט די פּאָסירונגען זינט שפּאַניע, אַז היטלער גרייט זיך צו פאַרניכטן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. דער אָפּמאַך איז אַ מאַנעווער מצד דער סאָוועטישער מלוכה. עס איז געוואָרפן אַ ביין דער חיה, אַז זי זאָל זיך דערווייל אָפּשטעלן אין איר געיעג.

שלום האָט זיך אַרומגעדרייט פון איין צימער אין צווייטן און זיך צו־געהערט צו די שמועסן. לואי איז געווען אַ גוטער דערציילער און שלום איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון זיינע רייד. נאָר אין איצטיקן מאָמענט האָט אים מער אינטערעסירט וואָס בעסי און סאַלטשע האָבן גערעדט צווישן זיך. ער האָט זיך איינגעהערט צו בעסין. אין איר ענערגיש פּנים האָט ער דערזען יאַנקלען. יאַנקל האָט געהאַט אירע אויגן — אַזעלכע אָפענע, ערלעכע, גלייך־קוקנדיקע אויגן. איר קול האָט אים אויך דערמאָנט אין יאַנקלען. נאָר הויפּט־זעכלעך זיינען עס געווען אירע הענט און איר מאַך מיט די הענט, וואָס האָבן אים כסדר דערמאָנט אין יאַנקלען. איר האַנט איז געבליבן אין דער לופטן, ווען זי האָט אַרויסגעבראַכט אַ געדאַנק. אָט פּונקט אַזוי פלעגט יאַנקל אים, שלומען, געבן עפּעס צו פאַרשטיין. אַרויסגעבראַכט אַ געדאַנק, געווען זיכער, אַז מען פאַרשטייט אים, האָט ער די האַנט געלאָזט שטעקן אין דער לופט. קלאָר, הייסט עס.

— וואָס איך קאָן ניט פאַרשטיין, בעסי, — האָט שלום פּלוצלינג אונטער־בראָכן אירע עמפּאַטישע רייד, — איז וואָס אונדזער עולם פילט זיך אַזוי געשלאָגן פון דעם אָפּמאַך. מיר דאַרפן ווייטער מיט אַלע כוחות אַטאַקירן היטלערן און דאָך זיינען דאָ צווישן אונדזערע מענטשן אַזעלכע, מיט קורצ־זיכטיקע בליקן, וואָס נעמען אָן אַ מויל מיט שווייגן און זיי זאָגן, אַז זיי קאָ־נען ניט פאַרשטיין, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד. גיי, גאַראַנטיר זיי, אַז היטלער וועט טאַקע באַפאַלן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, אַניט וועלן זיי ניט גלויבן, אַז די סאָוועטישע מלוכה האָט געמוזט אַזוי האַנדלען, אַז זי איז געווען געצוואונגען אַזוי צו האַנדלען. דאָס בילד פון מאָלאָטאָוון מיט ריבענטראָפּן איז אַ שאַנדהאַפטיק בילד און איך שטעל זיך פאַר ווי

מאָלאָטאָוו דאַרף זיך פּילן — צו שטיין לעבן דעם נאַצישן גענגסטער; נאָר ווער האָט זיך דאָס געקאָנט ריכטן, אַז היטלערן זאָל געלונגען פון 1938 ביז היינט איינצונעמען אַזוי פיל לענדער און קיינער זאָל אים ניט אָפּשטעלן. דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט דאָך ניט איינמאָל געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער איז גרייט, אויב אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרייך וועלן זיין גרייט, צו פאַרטיידיקן דאָס, וואָס עס איז אונדז טייער אויף דער וועלט. שפּאַניע האָט געוויזן ווער עס איז געווען פאַר דעמאָקראַטיע און ווער עס האָט בלויז הי־פּאָקריטיש געפּלאַפּלט וועגן דעמאָקראַטיע. נאָך שפּאַניע האָט דער סאָוועטן־פאַרבאַנד געדאַרפט האַנדלען זעלבסשטענדיק.

— מיין קינד, — האָט בעסי גענומען ענטפערן אַביסל סענטימענטאַל, — ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז באַרצעלאָנאַ וועט פאַלן? ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז מיין יאַנקל וועט שוין מער ניט צוריקקומען? ער האָט געוואוסט וואָס ער האָט געטאָן, ווען ער האָט זיך אַנגעשלאָסן דעמאָלט. וואָלט שפּאַניע געראַטעוועט געוואָרן, וואָלטן די יידן אין פּוילן היינט ניט געדאַרפט אומקומען פון די נאַצישע בעסטיעס. ווער ווייס צי עס וועט בלייבן איין ייד אין פּוילן. היטלער האָט דאָך די גאַנצע צייט געסטראַשעט, אַז ער וועט אומברענגען אַלע יידן. נאָך גוט וואָס דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז אויך אַריין אין פּוילן. וועלן כאָטש די יידן בלייבן זיכער מיט זייערע לעבנס. ווער וויל עס האָבן אַ נייע וועלט־מלחמה, מיין קינד? נאָר היטלער וועט זיך דאָך ניט אָפּשטעלן און יאַפּאַן און מוסאָליני זיינען נאָך פאַרשיכורט פון זייערע זיגן. איך האָב מורא, אַז נאָך פּוילן וועט היטלער באַפאַלן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. זיין אָפּמאַך איז ניט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי. דער סאָוועטן־פאַרבאַנד ווייסט עס גוט. וואָס מיר וועלן טאָן? ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן גאָרניט ניט געטאָן, בעת היטלער איז געווען פאַרנומען מיט פּוילן. זיי האָבן ניט אַטאַקירט דייטשלאַנד. פאַרוואָס? צוליב וואָס האָבן זיי דערקלערט מלחמה היטלערן?

לואי און מאָטעק זיינען נאָך אַלץ געווען אַריינגעטאָן אין זייער שמועס וועגן דער לאַגע אויף דער יידישער גאַס אין אַמעריקע. בעסי און סאָלטשע זיינען ניט פּאַרטיק געוואָרן מיט זייערע רייד. שלום האָט זיך איינגעקוקט אין בעסין. פון שטענדיק אָן האָט ער ליב געהאַט בעסין. זי איז געווען ענלעך צו זיין מאַמען, נאָר זי איז געווען שטאַרקער, כאָטש אַזוי פיל עלטער. בעסי האָט איר גאַנץ לעבן געאַרבעט אין שאַפּ און דערצויגן דריי קינדער און איצט, אין איר צער, האָט זי געפונען טרייסט אין איר טעטיקייט.

סאָלטשע האָט זיך ניט געקאָנט אָפּוואונדערן פון בעסיס מוט. ווען זי האָט געפרעגט וועגן די אייניקלעך, האָט בעסי אויפגעלויכטן. נאָר עס איז

געווען קלאָר, אַז עס איז אַן אַנדער צייט אַציגד און דער הויפּט־אינטערעס איז ניט אין די קינדער און אין די אייניקלעך, נאָר אין דעם וואָס עס טוט זיך אויף די פעלדער אין פּוילן און אין פינלאַנד און וואָס וועט פּאַסירן אין פראַנקרייך און אין כינע און אין עטיאָפּיע. עס איז געווען קענטיק פון אַלע־מענס רייד, אַז דאָס אייגענע לעבן און די לעבנס פון די קינדער און איי־ניקלעך זיינען אָפּהענגיק אין דעם וואָס עס וועט פּאַסירן אויף יענער זייט ים. בעסין האָט געצויגן נאָר צו רעדן וועגן דעם. מען האָט געקאָנט דערפילן, אַז זי מוז זיך אויסרעדן דאָס האַרץ.

פאַר מאַטעקן איז לואי געווען אַ מוסטער פון אַ מענטשן מיט אַ פעסטן כאַראַקטער. פאַר סאַלטשען איז בעסי געווען ווי אַ לערערין, פון וועלכער מען קאָן שטענדיק פיל לערנען. פאַר שלומען זיינען אי לואי אי בעסי געווען ביישפּילן פון דעם נייעם מענטשן, פון דעם בויער פון דער וועלט פון מאָרגן. זייער ענגליש איז טאַקע ניט געווען הונדערט פּראָצענט גראַמאַטיקאַליש און בעיזבאָל האָט לואין ווינציק אינטערעסירט, נאָר הערפאַר האָט ער גע־קאָנט אַריינדרינגען אין דעם סאַמע האַרץ פון אַמעריקאַנער לעבן און דאָס איז דאָך געווען — זיך נעמען צום האַרצן וועגן וואוילזיין פון לאַנד. לואי און בעסי זיינען דאָך מיט זייער לעבן און טעטיקייט געווען אַ ביישטייער צום פּראָגרעס פון לאַנד. זיי האָבן דאָך קיינמאָל גאָרניט געטאָן צו ברענ־גען שאָדן אָדער צו פאַלן צו לאַסט אויף עמיצן אָדער אויף דער רעגירונג.

שלום האָט זיך מיט זיי אויסגעפּיינט פאַר קלערן און ער האָט געוואָלט פון איר אויסגעפינען פאַרוואָס זיינען ניט די מערסטע היגע געבאָרענע אַזוי קאָנסטרוקטיוו פּאַטריאָטיש ווי לואי און בעסי.

.2

דעם 8טן סעפּטעמבער, 1939, איז לאָדזש פאַרנומען געוואָרן פון די נאַציס. איינס און צוויי איז די פּוילישע אַרמיי צעשמעטערט געוואָרן. די דייטשע תושבים פון לאָדזש, האָבן געיובלט מיטן אַריינקומען פון די נאַציס. יעדער ייד איז פאַר זיי געוואָרן אַ ציל־ברעט. לאָטשיא, וואָס האָט געוווינט אויף איין הויף מיט אַ דייטשער משפּחה, האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז איר לעבן איז הפקר. די שיפלערס, אַזוי האָבן געהייסן די שכנים, האָבן זיי איצט באַליידיקט אויף טריט און שריט. ביז דאַן האָט מען זיך קיינמאָל ניט גע־האָט געקריגט אָדער זיך איבערגעווערטלט. לאָטשיא, העניעק און אַנקאַ האָבן געקענט רעדן אַ גוטן דייטש און מיט זייערע שכנים זיך פאַרהאַלטן פריינטלעך און יענע האָבן אויך קיינמאָל ניט געהאַט קיין אורזאַך צו זיין אומצופרידן

פון זייערע יידישע מיטוואוינער. נאָר נאָך איידער די נאַציס זיינען אַריין אין לאָדזש, האָבן די שיפּלערס מיטאַמאָל אָנגעהויבן רעדן חוצפּהדיק צו אַנ־קאָן. זיי זיינען באַשטאַנען פון אַן עלטערן מאַן, זיין מיטליעריקע פרוי און אַ זון פון אַ יאָר דרייסיק, וואָס איז געווען האַלב־פּאַראַליזירט. ער פלעגט זיצן ביים פענצטער און מען האָט אים קיינמאָל ניט געזען אויפן הויף.

— אַנקאַ, אַנקאַ, — האָט פּלוצלינג פרוי שיפּלער אין אַ חוזק־טאָן זיך געווענדט צום שטענדיק שטילן מיידל, — דו זאָג בעסער דיינע עלטערן, אַז זיי זאָלן אויפהערן זאָלצן דאָס פלייש און זיך איינפּאַקן און אַרויסלויפן פון לאָדזש. מער וועלן קיין יידן ניט זיין אין לאָדזש. דאָס איז אונדזער שטאָט. לויף, אַנקאַ, מיר ווילן אייך דאָ מער ניט דולדן.

אַנקאַ האָט גאָרניט ניט געענטפערט, נאָר זי האָט עס דערציילט דער מאַמען.

— דו האָסט איר עפּעס געזאָגט ? זאָג דעם אמת, אַנקאַ ?

— ניין, מאַמעשי, איך האָב בלויז געהערט און געשוויגן. וואָס האָב איך איר געקאָנט זאָגן ?

ווען העניעק איז אַהיים געקומען, האָט ער שוין געהאַט צו דערציילן, אַז דער הער שיפּלער האָט אים אינדערפרי ניט געענטפערט אויף זיין גוט־מאָרגן. אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

די נאַציס האָבן אָנגעהויבן כאַפּן יידן אין גאַס פאַר צוואַנג־אַרבעט. קליינע דייטשע יינגלעך זיינען אַרומגעגאַנגען מיט בייטשן איבער די יידישע געגנטן און געשמיסן יעדן יידן וואָס זיי האָבן אָנבאַגעגנט. מען האָט איינ־געשפּאַנט יידן אין וועגענער אָנגעפּילט מיט שטיינער און געהייסן זיי זיין „פערד". יעדן טאָג האָט מען דערשאָסן יידן אָן אַ פאַרוואָס.

לאָטשיאַ איז געשטאַנען אין קיך און מיטאַמאָל איז אַריינגעפלויגן אַ גרויסער שטיין דורכן האַלב־אָפענעם פענצטער. דער שטיין האָט איר גע־טראָפן אין פּלייצע. זי איז צוגעלאָפן צום פענצטער און דערזען דעם הער שיפּלער מיט אַ דיקן שטעקן אין האַנט. ער איז געשטאַנען און איר געקוקט אין פּנים אַריין:

— גנעדיקע פראַו, — האָט ער זיך צעלאַכט, — איך הייס אייך נאָך היינט פאַרלאָזן אייער וואוינונג. מאָרגן פרי וועט זיין צו שפּעט.

דעם זעלבן אָוונט האָט זיך לאָטשיא מיט איר פאַמיליע אַריינגעקליבן צו גוטשיאַן אין איר דירה.

דער אָנקל מאיר האָט פאַררופן צו זיך אַלע משפּחות און מען האָט אָפּ־געהאַלטן אַ באַראַטונג וואָס צו טאָן. אָנקל גוסטאַוו האָט געזאָגט, אַז ער וועט בלייבן אויפן אָרט. די דייטשן וועלן זיך באַרואיקן און מיט געלט וועט

מען אַלץ קאָנען איינשטילן. דער אָנקל מאיר איז געווען מיט דער מיינונג, אַז מען זאָל, אַזוי ווי טויזנטער אַנדערע יידן, אַנטלויפן פון דייטש, וואו די אויגן טראָגן. די טאַנטע עמאַ, זיין פרוי, איז געווען איינשטימיק מיטן אָנקל גוסטאַוו, אַז מען דאַרף בלייבן אויף אַן אָרט. ניט אַלע דייטשן זיינען נאַציס. זי האָט אַ סך פריינט צווישן די דייטשן אין לאָדזש.

פון דער באַראַטונג איז גאָרניט ניט געוואָרן. מען האָט געוואוסט איין זאַך: מען דאַרף ווי ווייט מעגלעך ניט אַרויס פון הויז. די דייטשן כאַפּן יידן פון די טראָטואַרן און מען שלעפּט זיי אַוועק אין די געסטאַפּאָ קעלערן און מען שלאָגט זיי און נאָכדעם פאַרשיקט מען זיין אין דער עטאַפּ טורמע אין ראַדאָגאָשטש.

אַנדזשיאַ האָט געבאָרן אַ מיידעלע. מען האָט איר אַ נאָמען געגעבן טייבל. דאָס קינד איז אַלט געווען פיר חדשים, ווען די נאַציס זיינען אַריין אין לאָדזש. אַנדזשיאַס מן, מאַריקוס, האָט באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון לאָדזש. ער איז געווען באַקאַנט ווי אַ „רויטער" און ער האָט געוואוסט, אַז מ'וועט זיך צו אים דעם ערשטן אַ נעם טאָן. ער האָט אַליין ניט געוואוסט וואוהין ער וועט לויפן, נאָר ער האָט אַנדזשיאַן דערקלערט, אַז ער וועט זיך פּרוּוון אַריבערכאַפּן אויף דער סאָוועטישער זייט.

מלכה האָט זיך אַריינגעקליבן צו אַנדזשיאַן. גוטשיאַס מאַן האָט באַשלאָסן צו אַנטלויפן. ער האָט מיטגענומען דעם טלית־און־תפילין און אַ פּאָר בלע־כערנע כלים.

פון ניו־יאָרק זיינען אָנגעקומען צוויי פּעקלעך מיט שפּייז פון מאָטעקן. קאַווע און קאַקאַאָ און קאָנסערוון. גוטשיאַ האָט אַלעמען איינגעטיילט לויט זייערע באַדערפענישן. אַנדזשיאַ מיטן עופעלע האָבן באַקומען די מערסטע זאַכן.

יעדן טאָג האָט מען אויסגערעכנט די מיטגלידער פון די משפחות. אַלע לעבן נאָך. גאָט־צו־דאַנק דערפאַר. דער און דער באַקאַנטער איז אומגע־קומען. די און די שכנטע האָט זיך ס'לעבן גענומען. מען האָט אונטערגע־צונדן נאָך אַ בית מדרש. מען האָט דערשאָסן אַ פּאָר צענדליק יידן. די יידן וואָס מען האָט אָפּגעשלאָסן, האָט מען אַזוי צעשלאָגן, אַז מער וועלן זיי שוין ניט קאָנען אַרומגיין. נאָך פינף פאַרנאַכט טאָר מען זיך מער אין די גאַסן ניט באַווייזן.

די דייטשן טראַכטן יעדן טאָג צו נייע פּייניקונגען. מען הערט, אַז מען וועט אַלע יידן פון לאָדזש אַריינטרייבן אין באַלוט. וואו וועלן זיך אַלע אַהינטאָן?

— שוועסטער, וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, וועלן מיר זיך האַלטן צוזאַ־

מען, — האָט גוטשיא אָנגעזאָגט אַלעמען. — אונדזער גאָטזעליקער פּאָטער וועט אונדז ניט פאַרלאָזן. איר וועט זען, עס וועט מיט אונדז אַ נס געשען און מיר וועלן ניצול ווערן פון די רוצחים.

מען האָט זיך געשראָקן צו רעדן. בלויז די אויגן זיינען געוואָרן ווילדע פרעג־צייכנס: וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?

פון לאָדזש איז מיטאַמאָל געוואָרן „ליצמאַנשטאַדט". דאָס לעבן פון יידן איז ניט געווען זיכער קיין איין מינוט אין טאָג. ביינאַכט איז מען זיי באַפאַלן און פון די בעטן אַרויסגעשלעפּט און מיטן טראַנספּאָרט ערגעץ־וואו אָפּגעפירט און מער האָט מען זיי שוין ניט געזען. אַלע יידן זיינען אַריינגעשליידערט געוואָרן אין אַ געטאָ אין באַלוט.

ס'איז אַלץ פאָרגעקומען ווי אַ בייזער, וויסטער חלום. מענטשן וואָס האָבן דאָס איבערגעלעבט האָבן זיך ניט געגלויבט, אַז עס פּאַסירט טאַקע מיט זיי. ווי איז דאָס מעגלעך, אַז מען זאָל אָן אַ פאַרוואָס עוקר מן השורש זיין איינע פון די גרעסטע יידישע קהילות פון דער וועלט? וועט דאָס די וועלט דערלאָזן? איז ניטאָ קיין ניצוץ פון גערעכטיקייט מער אויף דער ערד? זיינען אַלע דייטשן פון זינען אַרונטער? זיינען זיי אַלע געוואָרן קאַניבאַלן? און וואָס האָט פּאַסירט מיט די פּאָליאַקן אין לאָדזש־ליצמאַנשטאַט? פאַרוואָס חנפעבען זיי זיך אַזוי צו די שענדער פון זייער אייגן לאַנד?

פריער האָט מען געשלאָגן, געפּייניקט, דערמאָרדעט אָן אַ שיעור יידן אין לאָדזש. קיינער האָט פון קיין חשבון נישט געוואוסט. יעדן טאָג זיינען צענדליקער משפּחות געבליבן אָן פאַרזאָרגער. ווי מיסט האָט מען די יידישע טויטע קערפּערס אַרויפגעוואָרפן אויף וועגעלעך און מען האָט איינגעשפּאַנט יידן אין קאַפּאָטעס זיי מקבר צו זיין. שפּעטער האָט מען זיך „איינגעשטעלט". די געטאָ אין באַלוט איז געוואָרן „נאָרמאַל". דער עלטעסטע דער יודען אין ליצמאַנשטאַדט, רומקאָווסקי, האָט געהאַלטן „אָרדענונג". דער דראַנג צום לעבן איז געווען שטאַרק. מען וועט איבערלעבן די ימח שמוניקעס; מען טאָר ניט אויפגעבן. מען וועט אַלץ איבערטראָגן. מיין שכן איז טויט, נאָר איך לעב. מיין מאַמע איז טויט, נאָר איך לעב.

אַלע פיר שוועסטער האָט מען אין איין צימער אַריינגעפּאַקט. גוטשיאָ איז געוואָרן די מאַמע, ווי זי איז שטענדיק געווען. זי האָט געטרייסט אַנדזשיאַן, וואָס האָט געבענקט נאָכן מאַן, וואָס האָט ניט געהאַט מיט וועמען זיך צו טיילן די פרייד, וואָס איר קינד האָט איר, ניט געקוקט אויף די שוידערלעכע אומשטענדן, פאַרשאַפט. בלויז אַ פּאָטער האָט די פרייד געקאָנט דערפילן. און ווער ווייס וואו מאַרקוס איז אַהינגעקומען? ער איז אַ קעמפער און ער וועט מסתם אָנטיילנעמען אין קאַמף קעגן די בלוטיקע דייטשן.

לאָטשיא האָט נאָך געהאַט העניעקן מיט זיך און אַנקאַן האָט מען אָפּגעהיט, אַז אַ דייטשער לומפּ זאָל זי ניט זען. מלכה איז געווען געטריי צום הויז און פון פרי ביז שפּעט זיך פאַרנומען מיט אַרבעט: רייניקן, קאָכן, וואַשן, אַבי פאַרגעסן זיך אין דער אַרבעט. גוטשיאַ האָט פון איר מאַן ניט געהערט. אַנדערע פרויען האָבן באַקומען גרוסן פון זייערע מענער, וואָס האָבן זיך געפונען אויף די וועגן, אין אַנדערע שטעטלעך. נאָר פון איר מאַן האָט גוטשיאַ קיינמאָל ניט געהערט, זינט ער איז אַנטלאָפן. זי האָט אויך וועגן אים מיט קיינעם ניט גערעדט. בלויז געטרייסט אַלעמען, בלויז פאַרזיכערט, אַז „דער וואָס לעבט אייביק, וועט זיך מרחם זיין אויף אונדז און ער וועט באַצאָלן די מערדער די שטראָף וואָס עס קומט זיי".

— זאָרגט זיך ניט, קינדער, ער זעט אַלץ און הערט אַלץ. ער וועט ניט פאַרשווייגן.

דאָס יאָר 1940 איז געווען אַ „גוט" יאָר פאַר היטלערן און אַ פינצטער יאָר פאַר די דעמאָקראַטישע לענדער אין אייראָפּע. דענמאַרק און נאָרוועגיע, בעלגיע און האָלאַנד און פראַנקרייך זיינען געלעגן צעשמעטערט ביים משוגענעם מאַניאַק צו די פיס. ענגלאַנדס הימל האָט כסדר „געבליצט".

אין ניו־יאָרק האָבן די צייטונגען און די ראַדיאָס אויסגעדונערט היטלערס זיגן און מיט יעדן זיג זיינעם איז געשטיגן דער צאָרן, האָט געזידט דאָס בלוט ביי יעדן ציוויליזירטן, מאָדערנעם מענטשן.

פון לאָדזש זיינען אָנגעקומען צוויי פּאָסטקאַרטלעך, ביידע געשטעמפּלט „ליצמאַנשטאַדט" און מיט מאַרקעס פון „דויטשעס רייך" און מיט אַ ספּעציעלן שטעמפּל „דער עלטסטע דער יודען אין ליצמאַנשטאַדט, טש. רומקאָווסקי". איין קאַרטל פון גוטשיאַן, דאָס צווייטע פון לאָטשיאַן, ביידע פון האַמבורג שטראַסע. ביידע געשריבן אין דייטש.

לאָטשיאַס קאַרטל האָט זיך געלייענט אַזוי:

„מיינע טייערסטע! מיר האָבן דערהאַלטן אונדזער פּעקל שפּייז, פאַר וועלכן מיר דאַנקען גאָר האַרציק. עס איז אונדז שטאַרק צונוץ געקומען, איבערהויפּט פאַר אַנדזשיאַס קינד טייבעלע. מיר זיינען אַלע געזונט. אַלע שוועסטער זיינען צוזאַמען. מיר זיינען אַלע אָן באַשעפטיקונג. מיר וואָלטן גערן זיין מיט אייך צוזאַמען. איך וואָלט אייך בעטן, אַז איר זאָלט שרייבן אָפטער צו אונדז. ביז איצט האָבן מיר פון אייך בלויז איין בריוו דערהאַלטן. ווי גייט אייך אין געזונט? וואָס מאַכט שלום? אַנקאַ גריסט אייך האַרציק. דעם אָנקל מענדלס זון יוזעף איז ניטאָ מיט אונדז. וואַרשיינלעך לעבט ער מער ניט. מיר

דערוואַרטן פון אייך בריוו. שרייבט אָפּט. בעסטע גריסע און קיסע, לאַטשיאַ״.

אין אַ זייט מיט דראָבנע ווערטעלעך איז געווען אָנגעשריבן: „שולעם, איך טראַכט פון דיר שטענדיק. אַנקאַ״.

דאָס צווייטע קאַרטל פון גוטשיאַן האָט זיך געלייענט אַזוי:

„טייערע מאַטעק, סאַלטשע און שלום! מיר זיינען אַלע ג״צ״ד געזונט. אַלע וואוינען צוזאַמען. פון מאַרקוסן און פון מיין מאַן הערן מיר ניט. העניעק אַרבעט אין אַן אַנדער שטאָט. מיר האָבן ניט קיין בריוו פון אים. אַנקל מענדל לעבט נישט מער. אַנדזשיאַ האָט איין זייער זיסעס קינד, מיר ווילן וויסן פון אייך. מיר טראַכטן פון אייך שטענדיק. מאַטעק, פאַרגעסט ניט די יאַרצייטס פון אונדזערע גאָט־זעליקע עלטערן. בעט פאַר אונדז. דיינע שוועסטער זיינען צופרידן וואָס דו ביסט געזונט. מיר זיינען זייער נייגעריק צו הערן פון שלומען. וואָס טוט ער?

„ מיר קושן אייך הייס, הייס. גוטשיאַ״.

די האַנטשריפטן זיינען אין ביידע קאַרטלעך געווען קלאָרע, די ווערטער זייער לאַנגזאַם אַרויסגעשריבן. סאַלטשעס אויגן זיינען געווען פול, ווען זי האָט זיי געלייענט פאַר מאַטעקן און שלומען. מאַטעק האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געביסן אַ ליפּ.

— וואָס וועט זיין דער סוף, וואָס וועט זיין דער סוף? — האָט שלום מיטאַמאָל געפרעגט.

— עס דערנעענטערט זיך היטלערס סוף, מיט יעדן זיג וואָס ער האַלט אָפּ, — האָט מאַטעק געזאָגט אין דער שטיל.

— טאַטע, ווי אַזוי קאָנסטו דאָס זאָגן? — האָט שלום געפרעגט אַ דערשטוינטער, — היטלער האַלט אין זיינע לאַפּעס באַלד גאַנץ אייראָפּע. פראַנקרייך איז געפאַלן ווי אַ סנאָפּ. אומעטום האָט געאַרבעט, ווייזט אויס, דער פינפטער קאָלום. אומעטום האָבן די פאַררעטער פון לאַנד, אַריינגערעכנט הויכע רעגירונג־באַאַמטע, צוגעגרייט פאַר היטלערן דעם זיג. איך טראַכט, אַז ענגלאַנד וועט באַלד פאַלן.

— שלום, אַמעריקע איז טאַקע דער אַרסענאַל פון דעמאָקראַטיע, ווי רוזוועלט זאָגט. אַמעריקע און דער סאָוועטן־פאַרבאַנד וועלן ניט דערלאָזן היטלערן איינגעמען די וועלט. היטלער, פאַרשיכורט פון מענטשן־בלוט, וועט זיך מסתם באַלד אַ לאָז טאָן קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד און דאַן וועט זיך ערשט אָנהויבן די גרויסע שלאַכט פאַר אַ פרייער וועלט.

— גלויבסטו, טאַטע, אַז אַמעריקע וועט דערקלערן קריג היטלערן?

— אַמעריקע גרייט זיך און מיר זיינען ריזיק שטאַרק, ווען מיר זיינען גרייט.

שלום האָט מער ניט געפרעגט. בלויז קלעיר האָט געוואוסט, אַז שלום האַלט ביים אַנשליסן זיך אין דער אַרמיי. ער האָט זיך מיט איר באַראַטן, צי זאָל ער פרעגן זיינע עלטערן אָדער צי זאָל ער קומען צו זיי מיט אַ פאַר־טיקן פאַקט. יאַנקל האָט זיינע עלטערן ניט געפרעגט. זיי וואָלטן זיכער אים אָפּגעררעדט, נאָר זיי וואָלטן פּרינציפּעל ניט געווען קעגן. שלום איז געווען זיכער, אַז זיינע עלטערן וועלן אים אָפּרעדן פון אַנשליסן זיך אין איצטיקן מאָמענט. ער וועט צייט האָבן אַריינצוטרעטן אין מיליטער־דינסט, ווען מען וועט אים רופן, וועלן זיי זאָגן. נאָר מיט וואָס איז ער בעסער פאַר יאַנקלען? פאַשיזם נעמט די אויבערהאַנט איבער אונדז. ווי לאַנג נאָך וועלן מיר וואַרטן? אויך אין אַמעריקע האָבן די פאַשיסטן זיך צעיושעט. ניין, ער הייסט טאַקע שלום. ער וויל, אַז עס זאָל זיין שלום, נאָר מיט היטלערן און מוסאָליני און מיט דער יאַפּאַנעזישער מיליטערישער קליקע קאָן מען אויף קיין ציוויליזירטער שפּראַך ניט רעדן. ער האַסט דעם מיליטאַריזם אין אַלע זיינע פאָרמען, נאָר עס איז אַ צייט פון זעלבסט־פאַרטיידיקונג. אויב יאַנקל האָט געקאַנט האַלטן אַ ביקס אין האַנט, וועט ער אויך זיך אויסלערנען צו פאַרטיידיקן זיך קעגן שונא, וואָס קומט אים מאָרדן.

קלעיר האָט צוגעזאָגט שלומען, אַז זי וועט האַלטן זיין סוד. זי האָט אים אויך געפּרוואווט אָפּרעדן, נאָר זי האָט איינגעזען, אַז עס איז צו שפּעט. ער איז געווען אַנטשלאָסן.

ווען שלום איז אַהיים געקומען פון קאָלעדזש און אַוועקגעלייגט זיינע ביכער אויפן טיש איז סאַלטשע איינגעפאַלן, אַז שלום איז אַריינגעקומען אַ שווייגנדיקער און אַ בלאַסער.

— וואָס איז, מיין קינד, דו פילסט ניט גוט? איך האָב ניט געהערט דיין „האַלאָ".

— מאַמע, איך האָב פאַר דיר און פאַרן טאַטן ניט קיין גוטע בשׂורה. נאָר איך בין ניט שולדיק אין דעם. איך האָב זיך היינט אַנגעשלאָסן אין דער בעיווי. איך וויל פּראַקטיצירן וואָס איך פּרעדיק. מיר זיינען קעגן פאַשיזם. מאַמע, ניט מיטן מויל, נאָר מיט טאַטן זיינען מיר . . . ניט אמת, מאַמע?

סאַלטשע האָט דערפילט, ווי עס האָט איר גענומען שטעכן, ווי מיט נאָדלען, איבערן גאַנצן לייב. זי האָט געקוקט אויף שלומען און פאַרזשמורעט די אויגן, עס איז איר געוואָרן טרוקן אין מויל און זי האָט מיט דער צונג געזוכט ווערטער.

— דו מיינסט, שלום, אַז דו שפּאַסט ניט? ווילסט מיך איבערשרעקן?

— ניין, מאַמע, איך שפּאַס ניט. אַלץ איז פּאַרטיק. איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער בעיווי און איך פּיל זיך איצט פּיל בעסער. איך קאָן מער ניט איבערטראָגן די לאַגע. איך פּיל, אַז איך מוז צוטראָגן מיין חלק צום קאַמף קעגן פאַשיזם.

ווען מאָטעק איז אַהיים געקומען, האָט ער געטראָפן אַ שטילקייט אין הויז, וואָס האָט אים אָנגעזאָגט, אַז עפּעס האָט פּאַסירט. שלום איז געווען ערנסט און פאַרזאָרגט. סאַלטשע האָט אויף מאָטעקס „האַלאָ" געענטפערט אַזוי שעפּטשענדיק, אַז ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן און גלייך זיך אָנגעשטויסן, אז ס׳איז עפּעס ניט גלאַטיק.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט ער געפרעגט.

— דערציילֿ, שלום, — האָט סאַלטשע געהייסן.

— טאַטע, איך האָב זיך היינט אָנגעשלאָסן אין דער בעיווי, — האָט שלום געזאָגט אַנטשלאָסן און געקוקט דעם פאָטער גלייך אין פּנים אַריין.

— פאַרוואָס האָסטו זיך מיט אונדז ניט באַראָטן וועגן דעם פריער? — האָט מאָטעק דערשטוינט געפרעגט.

— איך ווייס ווי איר פּילט דערוועגן. איך האָב אייך ניט געוואָלט ווייטאָן.

— וואָס איז געווען דער געאייל?

— איך קאָן ניט אַנדערש, טאַטע. איך גיי אַרום אַן אויפגערעגטער. איך מוז עפּעס טאָן. עס קאָן ווייטער אַזוי ניט אָנגיין. ווער דען וועט זיך שטעלן קעגן פאַשיזם, אויב ניט מיר?

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. מיטאַמאָל האָט ער אויסגעשטרעקט זיינע הענט און אויסגערופן:

— אָט די הענט וועלן נקמה נעמען פאַר אַלץ, פאַר יאַנקלען, פאַר ליצמאַנשטאָדט . . .

ער איז אַריין צו זיך אין צימער און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. ער האָט זיך צעוויינט.

## קאַפּיטל זעקס און פופציק

# די וואַסערן פון פאַסיפיק

.1

ווען שלום האָט זיך באַוויזן אויף זיין גאַס אין ווייסן מאַטראָזן־קאָסטיום, האָבן זיך די שכנים געגרויסט מיט אים. אפילו אומבאַקאַנטע איינוואוינער פון דער גאַס, וואָס האָבן אים געקענט אַלס אַ קינד, האָבן געפונען פאַר נויטיק צוגיין צו אים און אים באַגריסן. נאָר עס איז גלייך קלאָר געוואָרן, אַז מען האָט דאָ ניט געהאַט צו טאָן מיט אַ געוויינלעכן מאַטראָס, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער נעיווי כדי „צו זען די וועלט”. שלום האָט זיין מיסיע באַטראַכט פאַר דער שווערסטער זאַך אין זיין יונג לעבן. ס'איז ניט געווען זיין ציל צו זיין אין דינסט אויף אַ קריג־שיף. ער האָט ניט איינמאָל געהאַט צוזאַמענשטויסן מיט זיינע חברים, מאַטראָסן, סיי אין טרענירונג, סיי אַלס אַ פולער מאַטראָס, וועגן זיין ערשטן נאָמען.

— וואָס פאַר אַ סאָרט נאָמען האָבן דיינע עלטערן דיר געגעבן, סעילאָר־באָי ?

— גאָר אַ שיינעם נאָמען, חבר. דער נאָמען מיינט „פרידן” אויף העברייאיש. דערפאַר האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין דינסט. איך וויל העלפן ברענגען שלום אויף דער וועלט. איך בין קעגן קריג. איך גלויב, אַז מענטשן דאַרפן זיין ציוויליזירט גענוג אָפּצושאַפן מלחמה ווי אַ מיטל צו שליכטן זייערע פּראָבלעמען און אַרגומענטן.

ניט איינמאָל האָט עס געהאַלטן ביי קלעפּ צווישן שלומען און זיינע חברים. נאָר שלום האָט קיינמאָל ניט דערלאָזט, אַז ער זאָל זיך פאַרלירן. זיין טאַקטישקייט און קלוגשאַפט, זיין איינגעבאָרענע אינטעליגענץ, האָט אים שטענדיק אַרויסגעפירט פון אַ צרהדיקער לאַגע.

— ביסט אַ ייד, דערפאַר האָסטו מורא זיך צו שלאָגן. די טראָגסט אַן אַמעריקאַנער יוניפאָרם, דאַן זיי אַן אַמעריקאַנער און קום אַרויס און באַווייז דיינע קולאַקן! לאָמיר זען צי דו ביסט אַ מאַן! לאָמיר זיך שלאָגן!

שלום האָט קאַלטבלוטיק אויסגעהערט די באַליידיקונגען און באַטראַכט זיין קעגנער, וואָס איז געשטאַנען גרייט מיט די פויסטן, אַן אויפגערעגטער

און אַ חוצפּהדיקער, אַרומגערינגלט פון מאַטראָסן־יינגלעך, וואָס האָבן אים אָנגערייצט צו צעקלאַפּן שלומען. און געהאַנדלט האָט זיך עס אין רייד, וואָס שלום האָט גערעדט און וואָס זיינען דעם קעגנער ניט געווען געפעלן. שלום האָט באַטראַכט זיין ראָל אין דער נעיווי ווי אַ פליכט, ווי אַ נוצן צום לאַנד. ער האָט דערפאַר ניט געשיכורט, ניט גערעדט קיין ניבול־פּה און ניט געקוקט אויף יעדער פרוי הפקר׳דיק. די ערשטע צייט האָט ער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן די אַטמאָספערע פון וואולגאַריטעט און ברוטאַליטעט צווישן זיינע חברים. נאָר ער האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט און איינגעזען, אַז ער וועט זיך פילן איינזאַם אויף זיין שיף, אַז גאָר אַ סך מאַטראָסן זיינען אָפּגעשטאַנען און פאַראינטערעסירט בלויז אין די נידעריקסטע פאַרגעניגנס. אויף זיין שיף איז ער געווען איינער פון צוויי יידן פון אַ מאַנשאַפט פון עטלעכע הונדערט. דער צווייטער איז געווען אַ ראַדיאָ־מעכאַניק און שלום האָט זיך מיט אים זעלטן געזען. יענער האָט זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט בכיוון פון שלומען. ער האָט געהאַט אויסגעפונען, אַז שלום שעמט זיך ניט מיט זיין העברייאישן נאָמען און אַז ער שטאָלצירט מיט זיין יידישקייט. דער ראַדיאָ מעכאַניק האָט זיך גערופן טשאַרלס סמיט און ביי דער מאַנשאַפט האָט ער געהייסן „סמיטי“. זיין פּנים איז געווען עכט־יידיש און ווען מען האָט אים געפרעגט ווי עס קומט צו אים דער נאָמען „סמיט“, האָט ער געלאַכט און געזאָגט: „איך בין איריש־יידיש“. דעם האָט ער דערציילט, אַז זיין מאַמע איז אַ יידישע און זיין פאָטער איז אַן אירישער; יענעם האָט ער דערציילט, אַז ער ווייס גאָרניט פון יידישקייט . . .

בלויז איינמאָל איז פאָרגעקומען צווישן שלומען און סמיטן אַ קורצער שמועס.

— וואו האָסטו דאָס „אויסגעפּישט“ אַזאַ מאָדנעם ערשטן נאָמען, וואָס מאַכט דיך אויסזען ווי אַ „פריאיק“ (פאַרזעעניש) אויף דער שיף? פאַרוואָס קלייבסטו דיר ניט צו אַן אַמעריקאַנער נאָמען, וואָס זאָל אַרויסרופן רעספּעקט צו דיר? און פאַרוואָס שטייט דיר ניט אָן צו שלאָגן זיך, ווען מען פאָדערט דיך אויף צו אַ פאַיט? — האָט סמיט פרעך באַשאָטן שלומען מיט פראַגעס.

— דיינע פראַגן, סמיטי, ווייזן, אַז דו ביסט אַזוי אומוויסנדיק, ווי די מערסטע מאַטראָסן דאָ. פון זיי קאָן איך קיין בעסערס ניט דערוואַרטן. זיי קומען פון די אָפּגעשטאַנענסטע געגנטן פון דער סאַוט און זיי זיינען דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון ראַסן־האַס. נאָר דו ביסט דאָך אַ פילאַדעלפיער, געבאָרן און דערצויגן געוואָרן אין סטראָובערי מענשאַן, אין האַרץ פון דער יידישער געגנט, — ווי קומט צו דיר, אַז דו זאָלסט רעדן, ווי אַן אַנטיסעמיט? דו ווייסט, אַז אונדזער לאַנד איז אַ דעמאָקראַטיע, אַ לאַנד פון אימיגראַנטן.

מיט וואָס איז „שלום" ערגער פון „פיאָרעלאָ". און דו האָסט מסתם געהערט פון פיאָרעלאָ לאַגוואַרדיא? זיין מאָדנער ערשטער נאָמען האָט אים ניט גע־שטערט צו ווערן דער מעיאָר פון דער גרעסטער שטאָט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און ער איז געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע קאָנגרעסלייט פון אונדזער צייט. גיי, לייען די ביבל און געפין דאָרט אויס וואָס דאָס וואָרט „שלום" מיינט פאַר דער וועלט. און וועגן שלאָגן זיך איז די זעלבע זאַך. בלויז אַ גראָבער נפש כאַפּט זיך צו דער פויסט. אַ ציוויליזירטער מענטש האָט אַ מויל און אַ צונג און אַ מוח. היטלער ווייס ניט פון קיין אַנדער שפּראַך, ווי די שפּראַך פון מאָרד. רוזוועלטס שפּראַך איז די שפּראַך פון לאָגיק, פון מוח און האַרץ. רוזוועלט איז מיין וועג־ווייזער — און ווער איז דיינער?

סמיטי האָט פון דאַן אָן אויסגעמידן שלומען, נאָר ער האָט אויף אים גע־קוקט מיט רעספּעקט. שלום האָט אים באַטראַכט פון אויבן אַראָפּ.

ווען שלום איז געקומען אויף אורלויב קיין ניו־יאָרק פון נאָרפאָלק, וויר־דזשיניא, וואו זיין שיף איז געווען געאַנקערט, האָט ער אויפן וועג, אין באָס, אין סאָבוועי, געפילט ווי ער איז אין דינסט פון דער מלוכה פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן. ער האָט געוואוסט, אַז מען קוקט אויף אים, אַז זיין יוני־פאָרם פאַרפליכטעט אים צו זיין אַ מוסטער פאַר דער באַפעלקערונג. ער איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי העפלעך ווי איצט; קיינמאָל ניט געווען אַזוי גיריק צו מאַכן אַ גוטן איינדרוק ווי איצט. און ווען ער האָט זיך באַוויזן אויף זיין גאַס, האָט זיין פּנים געשטראַלט אי פון דער נאָענטקייט פון זיין היים, אי פון זיין שטאָלצירן מיטן יוניפאָרם.

סאַלטשע האָט אים דערוואַרט. זי האָט ניט געוואָלט שטיין אונטן אויף דער שוועל פון הויז, בעת ער וועט אָנקומען. זי האָט אים שוין ניט געהאַט געזען פינף וואָכן און די בענקעניש איז געווען גרויס. איינמאָל אַ וואָך האָט שלום טעלעפאָנירט אַהיים. נאָר פאַר סאַלטשען איז דאָס ניט געווען גענוג. צוויי מאָל אַ וואָך פלעגן אָנקומען בריוו פון אים, נאָר דאָס איז איר געווען ווייניק. זי האָט זיך געטרייסט, אַז זי דאַרף זיין זייער צופרידן וואָס ער שטייט מיט זיי אין אַזאַ נאָענטן קאָנטאַקט. זי האָט געוואוסט, אַז גאָר אין גיכן וועט שלום זיך לאָזן אויף ווייטע וואַסערן און דאַן וועט זיין אויס מיט די טעלעפאָן־רופן און דאַן וועט זי דערהאַלטן זעלטן בריוו פון אים. נאָר כל־זמן ער געפינט זיך אין די שטאַטן, איז די בענקעניש נאָך אים אומגע־הייער. זי וועט זיך דאַרפן צוגעוואוינען צו די שפּעטערדיקע צעשיידונגען.

— האַלאָ, מאַם! און שלום האַלט זי שוין אין זיינע פעסטע אָרעמס און קושט זי אויפן שטערן, אין די ליפּן, אויפן האַלדז. — האַלאָ, מאַם! — און זי דערפילט זיין וואַרעם לייב און זי דערפילט זיין גבורה, וואָס איז מיט־

אַמאָל אויסגעוואָקסן אין אים, אַ גבורה וואָס זי האָט קיינמאָל פריער ניט גע־פילט אין אים. ער האָט זי קיינמאָל פריער ניט צוגעדריקט צו זיך אַזוי שטאַרק.

— די נעיווי מוז דיך שפּייזן בלויז מיט ספּינאַטש, מיין קינד. דו ביסט דאָך שטאַרק — אַן אייזן. ס׳איז ניט מאַמעס לאַטקעס, האַ?

— מאַמי, איך וויל לאַטקעס דריי מאָל אַ טאָג. די נעיווי־קיכער ווייסן ניט ווי מען מאַכט יידישע לאַטקעס.

און ווען מאָטעק איז אַהיים געקומען און דערזען דעם פאַרברוינטן און פאַרהאַרטעוועטן שלומען און דערפילט זיין האַנט־דרוק, האָט עס אים איבערלעך הנאה געטאָן. מאָטעק אַליין האָט געהאַט אַ קרעפטיקן האַנט־דרוק. זיין ברייטע, מוסקולירטע דלאָניע האָט געקאָנט יענעמס האַנט פּיינלעך אַ דריק טאָן, נאָר שלום האָט אים פאַקטיש ווי געטאָן מיט זיין דרוק. אויף דעם האָט זיך מאָטעק ניט געהאַט געריכט.

— ע, שלום, אויב דו קאָנסט מיין האַנט שוין ווי טאָן, דאַן איז די נעיווי אָ־קעי.

— פאַ, מיר ביידע וואָלטן געווען אַ גוטע פּאָר אין דער נעיווי. איך בענק נאָך דיר ניט איינמאָל. ס׳איז ניטאָ מיט וועמען אַ גוט וואָרט אויס־צורעדן.

סאָלטשע האָט אַ ביס געטאָן די ליפּ. ס׳איז איר נישט געפעלן שלומס באַמערקונג.

די דריי טעג וואָס שלום איז געווען אינדערהיים — פרייטיק, שבת און זונטיק — זיינען געווען טעג פון יום־טוב און איבערלעבונג. ער האָט גע־האַט אָן אַ שיעור צו דערציילן וועגן זיך און זיין שיף. פאַר מאָטעקן און סאָלטשען זיינען דאָס געווען נייע ווערטער, נייע באַגריפן. זיי האָבן זיך קיינ־מאָל ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז זייער קינד וועט ווערן אַ מאַטראָס אויף אַ קריגס־שיף. שלום האָט זיי פאַרשטאַנען ווי יונג ער איז געווען, און ער האָט אויסגעמידן צו דערציילן וועגן די נעגאַטיווע זייטן פון זיין נייעם לעבן. וועגן דעם שאַרפן אַנטיסעמיטיזם, וואָס ער האָט ניט דערוואַרט צו באַגעג־נען און וועגן דער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אָפּגעשטאַנענקייט פון די מערסטע מאַטראָסן. פאַרקערט, שלום האָט איבערגעלאָזט דעם איינדרוק ביי די עלטערן, אַז ער איז פריילעכער און געזינטער געוואָרן זינט ער איז אויף דער שיף. דער שמייכל האָט כמעט ניט פאַרלאָזן זיין זוניק פּנים. ער האָט די גאַנצע צייט דערציילט קאָמישע עפּיזאָדן פון זיין ניי לעבן און ווי אַזוי ער געווינט אין דערפאַרונג און וואָס פאַר אַ מייסטערשאַפט אין טעכניק מיר אַמעריקאַנער פאַרמאָגן. ער האָט געגעבן אָנצוגעהערן, אַז מען זאָל זיך

אויף אים ניט ריכטן אין גיכן. ער וועט מסתם זיך לאָזן אויף די ווייטע וואַסערן. יאָ, ער וועט זען די וועלט און עס וועט אים קיין פּעני ניט קאָסטן.

מאַטעק און סאַלטשע האָבן דערפילט ווי זייער היים וועט זיך פאַראַנדערשן צוליב שלומען.

— מיר וועלן ווערן ים־עלטערן, — האָט מאַטעק געשפּאַסט. — אין לאָדזש האָבן מיר קיינמאָל קיין טייך פאַר די אויגן ניט אָנגעזען. די שמוציקע ריינשטאָקן זיינען געווען אונדזער ים. איצט וועלן מיר זיך נעמען אינטערעסירן מיט שיפן און אָקעאַנען, סאַלטשע.

— מיר דוכט זיך, אַז איך פיל שוין די געזאַלצענע ים־לופט אין מיינע גאָז־לעכער, — האָט סאַלטשע געענטפערט האַלב־ערנסט.

.2

נאָר ס׳איז ניט געווען קיין שפּאַס. דעם גאַנצן פרילינג און זומער פון 1941 האָבן סאַלטשע און מאַטעק פאַרבראַכט זייער פרייע צייט זונטיקס ביים וואַסער. ווי זיי וואָלטן וועלן דורכדעם איינשטילן די בענקעניש וואָס האָט זיי אַרומגענומען. גלייך נאָכמיטאָג זונטיק, אפילו ווען עס האָט זיך געקליבן אויף אַ רעגן, זיינען זיי צוגעפאָרן צו דער בעטערי און געפאָרן מיט דער פערי קיין סטעטן איילאַנד און צוריק. זיי האָבן פאַרבראַכט אַ פאָר שעה אין בעטערי פּאַרק, וואו עס האָבן זיך שטענדיק געפונען מאַטראָסן. ניט איינמאָל האָבן זיי פאַרפירט אַ שמועס מיט אַ מאַטראָס און זיך איינגעהערט צו די רייד פון מאַטראָס, וואָס האָט זיי מיטגעפילט און פאַרזיכערט, אַז ער איז אין גוטע הענט און עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן. די נעיווי איז דער זיכערסטער פּלאַץ. די מאַטראָסן זיינען מערסטנס אַליין געווען אין שלומס עלטער און סאַלטשע האָט זיי אויסגעפרעגט וועגן זייערע עלטערן.

מאַטעק און סאַלטשע האָבן זיך אַליין ניט געגלויבט, נאָר זיי האָבן באַקומען אַ נייגיר צו זען קריג־שיפן און צו לייענען וועגן זיי. דאָס וואָס שלום האָט זיי געהאַט באַמערקט, איז מקוים געוואָרן. שלום האָט זיך געפונען אויף אַ לאַנגער רייזע. ער האָט ניט געטאָרט שרייבן, וואו ער געפינט זיך, נאָר זיי האָבן געוואוסט, אַז זיין שיף שווימט אַרום איבערן ברייטן פּאַסיפיק און מען וועט שלומען ניט אַזוי גיך זען אין ניו־יאָרק.

אין משך פון פיר חדשים זיינען פון אים געהאַט אָנגעקומען פיר בריוו און צוויי בילדער־קאַרטלעך פון פּאַנאַמאַ. אין די בריוו האָט שלום דערציילט וועגן דער שפּייז וואָס ער עסט, וועגן די ימים און די וואַל־פיש, וועגן שטורעמס און וואונדערבאַרע זון־פאַרגאַנגען. ער האָט זיך פיל זאַכן אויסגע־

לערנט און ער גלויבט, אַז ער וועט אויסהאַלטן דעם עקזאַמען און באַקומען אַ העכערן ראַנג. ער פאַרשטייט בעסער דאָס ים־לעבן און זיינע העכערע באַאַמטע זיינען מיט זיין אַרבעט צופרידן.

אין איין בריוו האָט שלום דערציילט ווי ער האָט געלאַנדעט מיט זיין שיף אין אַ האַפן און מען איז געגאַנגען אָנקוקן די שטאָט. ער איז דאָרט געבליבן אַ פּאָר טעג און אים האָט אינטערעסירט צו גיין באַזוכן דעם יידישן קוואַרטאַל. צו זיין דערשטוינונג האָט ער געפונען אַ גרויסע יידישע באַפעלקערונג. מען האָט גערעדט אַ געשמאַקן יידיש און ווען ער האָט געענטפערט אויף יידיש, איז דאָס געווען אַ סענסאַציע ביי די איינוואוינער. מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס האָט געמוזט זיין אין אַ דרום אַמעריקאַנישן פּאָרט. זיי זיינען געווען שטאָלץ מיט שלומס קענטעניש פון דער יידישער שפּראַך.

נאָר ניט די בעטערי־באַזוכן און ניט שלומס בריוו האָבן זיי געקאָנט באַרואיקן. עס זיינען יעדן טאָג אין יענער צייט געווען געדרוקט אויפטרייסלענדיקע נייעסן אין די צייטונגען, וואָס האָבן אונטערגעגראָבן דאָס גלייכגעוויכט פון מאָטעקן און סאַלטשען. די ים־שלאַכטן וואָס זיינען אָנגעגאַנגען צווישן די דייטשע און ענגלישע קריגס־שיפן האָבן אַריינגעדונערט אין זייערע הערצער און זיי כסדר איבערגעשראָקן. ביי מאָטעקן אין הויז האָט מען יעדן אָונט גערעדט וועגן „יו״ שיפן, וועגן דיסטראָיערס, קאַנוואָיען, וועגן שלאַכטשיפן און דרעדנאָטן.

מאָטעק און סאַלטשע האָבן מיט פאַרכאַפּטן אָטעם געלייענט וועגן דער שלאַכט וואָס איז אָנגעגאַנגען צו זינקען די אָדער יענע דייטשע שלאַכט־שיף. עס האָט זיי אויפגעשווידערט, ווען זיי האָבן געזען בילדער פון פלאַמענדיקע, זינקענדיקע קריגס־שיפן — ענגלישע, צי דייטשע. די באַשרייבונגען, ווי אַזוי די מאַטראָסן האָבן זיך געפּרואווט ראַטעווען אין די אָנגעצונדענע וואַסערן, זיינען געווען גענוג, אַז מאָטעק און סאַלטשע זאָלן בלייך ווערן. מען האָט צווישן זיך ניט דערמאָנט שלומען. נאָר אין אַזעלכע מאָמענטן האָבן זיי ביידע אים אינזינען געהאַט. היטלער זינקט אַמעריקאַנער קאָנוואָי־שיפן. היטלער שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין זאַך. ווער ווייס וואו שלום געפינט זיך.

ניט איינמאָל איז סאַלטשען אָדער מאָטעקן אויסגעקומען צו אַרגומענטירן מיט זייערע פריינט און באַקאַנטע וועגן שלומס אָנשליסן זיך אין דער נעיווי. ער איז אָפט קריטיקירט געוואָרן פאַר זיין האַנדלונג. עס זיינען געווען עלעמענטן צווישן זייערע באַקאַנטע, וואָס זיינען נאָך אַלץ געווען קעגן דער מלחמה. פראַנקרייך מיט אירע פאַררעטער אין דער שפּיץ פון דער רעגירונג, בעלגיע מיט איר קעניגל, נאָרוועגיע מיט איר קוויזלינג און ענגלאַנד מיט

איר געיוויל טשעמבערלעין — וואָס קאָן מען דערוואַרטן פון אַזעלכע מלוכות ? נאָר סאַלטשע און מאַטעק האָבן געהאַלטן, אַז ס׳איז די פליכט פון יעדן מענטשן צו העלפן פאַרניכטן היטלערן. זאָל נאָר נאַצי־דייטשלאַנד אונטערגיין, וועט מען מען זיך דאַן אַ נעם טאָן צו די קליינע היטלערס אין אַלע לענדער, וואו זיי קלייבן זיך פאַרכאַפּן די מאַכט.

— איך בין שטאָלץ מיט מיין זונס האַנדלונג, — האָט ענדלעך סאַלטשע אַלעמען אַריינגעקוקט גלייך אין פּנים אַריין. — מיר זיינען טאַקע ניט קיין מיליטאַריסטן און אונדזער איינציק קינד האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן שלום. און טאַקע דערפאַר האַלטן מיר, אַז די צייט איז געקומען, אַז פאַר שלום דאַרף מען קעמפן אויפן שלאַכט־פעלד, אויב נויטיק.

אויך מאַטעק האָט געהאַט אויסצושטיין אין פאַרשיידענע קרייזן. נאָר ער האָט בלויז געדאַרפט דערמאָנען דעם נאָמען לאָדזש־ליצמאַנשטאַדט און זיין צאָרן האָט אים דיקטירט וואָס צו זאָגן. דאָס יידישע פאָלק ווערט אויס־געראָט. וואָס טוען מיר וועגן דעם ?

מאַטעק האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט צוויי נייע דייטשע קאַרטלעך, וואָס ער האָט געהאַט דערהאַלטן פון לאָדזש. ביידע זיינען געווען פון לאָטשיאַן. דאָס ערשטע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן סוף יאַנואַר 1941 און דאָס צווייטע אינמיטן אַפּריל 1941. אין ערשטן שרייבט לאָטשיאַ, אַז קיינער פון דער פאַמיליע אַרבעט ניט און אַז זיי האָבן זיך געווענדט צום רויטן קרייץ אויס־צוגעפינען פאַרוואָס מען הערט ניט פון ברודער אין ניו־יאָרק. דער אמת איז געווען, אַז מאַטעק און סאַלטשע האָבן געהאַלטן אין איין שרייבן און שיקן פעקלעך. זי האָט אויך געשריבן, אַז זי מיט די שוועסטער „וואָלטן גערנע אייך באַזוכן״.

אין צווייטן קאַרטל האָט לאָטשיאַ געלאָזט וויסן, אַז אַלע זיינען גע־זונט, נאָר „שטאַרק אָפּגעמאָגערט. מיר רעדן וועגן אייך שטענדיק און מיר וואונדערן זיך ווען מיר וועלן זיך ווידער זען. ביטע וועגן אונדז אָפט צו דענקען. האָט איר ברייוו פון מאַרקוס ? די טאַנטע רעגינטשאַ לעבט ניט מער. זי איז אַוועק צו אונדזערע עלטערן, לעצטן מאָנטיק״.

די דעיוויסעס זיינען געקומען צוגאַסט צו מאַטעקן. איצט האָט סאַלטשע איר געזאָגט כמעט דאָס זעלבע, וואָס בעסי פלעגט איר זאָגן — זי קאָן ניט איינזיצן אין הויז. וואו זי גיט זיך אַ ריר, דערמאָנט זי זיך אין שלומען. אָט דאָ אין דער שטוב איז ער דאָך פאַקטיש געבאָרן געוואָרן. פון שפּיטאָל אים אַהער געבראַכט, אָפט דוכט זיך איר אויס, אַז ער פויזעט אַרום אויף אַלע פיר ; אָט זיצט ער און וואָרקעט אין זיין הויך־שטול אין קיך ; אָט טאַנצט ער שוין אַרום אין זיין קריב . . .

— שלום איז ניט אין דער מלחמה. לאָמיר האָפן, אַז עס וועט ניט קומען צו קיין קריג. אַלץ בעסער ווי צו זיין אַ פליער. ער וועט אייך איבערראַשן און אַריינקומען פֿאַר אַ פּאָר וואָכן, — אַזוי האָט בעסי געפּרוואווט אויפמונטערן סאַלטשען.

לואי איז ניט געווען זיכער, צי שלום האָט געטאָן די ריכטיקע זאַך, וואָס ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דינסט. וואָס איז געווען דאָס געאייל?

נאָר די אַלע רייד האָבן מאַטעקן דענערווירט. שלום האָט ער געהאַלטן, איז געווען פּולקאָם געערעכט און וויפל איז דער שיעור זיך איינצורעדן, אַז דאָס איז אַן אימפּעריאַליסטישע מלחמה? עס איז אַ מלחמה קעגן ערגסטן שונא פון דער מענטשהייט און מען דאַרף מיט אַלע כוחות העלפן יעדן לאַנד וואָס באַקעמפט היטלערן מיט זיינע שותפים.

קלעיר איז יעדן צווייטן אָוונט אַרויפגעקומען צו סאַלטשען. זי האָט אויך ניט געהאַט דערהאַלטן קיין בריוו, בלויז צוויי קאַרטלעך, ווי זיינע עלטערן. סאַלטשע האָט ליב באַקומען קלעירן און ביידע זיינען געזעסן אין קיך און גערעדט וועגן שלומען. סאַלטשע האָט זיך געפילט געטרייסט, וואָס קלעיר רעדט וועגן איר קינד און זי האָט זיך געבעטן ביי קלעירן, אַז זי זאָל זיצן נאָך אַביסל און רעדן.

אַליין האָט סאַלטשע מער ניט געקאָנט זיין אין הויז. און דאָך האָט איר געצויגן צו זיצן אין שטוב, נאָענט צום טעלעפאָן, טאָמער וועט שלום אָנקומען אין אַן אַמעריקאַנער האַפן און צולויפן צום טעלעפאָן און איר אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז ער איז דאָ.

.3

ווען היטלער האָט דעם 22טן יוני, 1941 אַטאַקירט דעם סאָוועטן־באַנד, זיינען געווען מענטשן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס האָבן זיך געפרייט, וואָס ענדלעך וועט מען פּטור ווערן פון סטאַלינען און דעם קאָמוניזם. צווישן די מענטשן איז געווען אַן אַרבעטער, וואָס האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט מאַטעקן. ער האָט געוואוסט, אַז מאַטעק האָט די גאַנצע צייט פאַראויסגעזאָגט, אַז דער „פּאַקט״ איז בלויז אַן אָנשטעל אַזאַ, כדי צו געבן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד מער צייט זיך בעסער צוצוגרייטן, באַקומענדיק טעריטאָריעס וואָס האָבן פאַרלאַנגזאַמט היטלערס בלוטיקן מאַרש. איצט, ווען מאַטעקס מיטאַרבעטער האָט איינגעזען, אַז מאַטעק איז געווען גערעכט, האָט ער געהאַט אַן אַנדער אויסרעכענונג: די רויטע אַרמיי באַשטייט פון פּראָסטע פּויערים. ווי קאָנען זיי זיך פאַרגלייכן מיט די פּראָפעסיאָנעלע, העכסט־גע־

ניטע דייטשע סאָלדאַטן? היטלער וועט צעשטערן די רויטע אַרמיי אין אַ חודש צייט, העכסטנס אין זעקס וואָכן און דאַן וועט ער קומען צו אַן אויסגלייך מיט אַמעריקע און ענגלאַנד.

דער עלעקטרישן איז געווען אַן עלטערער אַמעריקאַנער פון דייטשן אָפּשטאַם, וואָס האָט געדינט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און זיך געשלאָגן אין פראַנקרייך. זיין מאָטאָ איז געווען: היטלער האָט געבראַכט נוצן דעם דייטשן פאָלק; היטלער איז שלעכט פאַר אַמעריקע, נאָר פאַר דייטשלאַנד איז ער גוט. סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אָפּגעשאַפט רעליגיע און האָט איינגעפירט פרייע ליבע און דערפאַר טויג עס ניט פאַר דער גאַנצער וועלט. היטלערס באַפאַלן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט ביי אים אַרויסגערופן הנאה־געפילן.

— די רויטע אַרמיי וועט נאָך זיין אין בערלין, געדענקט וואָס איך האָב אייך געזאָגט, — האָט מאָטעק גאַנץ געלאַסן דערקלערט זיין מיטאַרבעטער.

— און איר וועט אַהינפאָרן זיי העלפן?

— דאָס אַמעריקאַנער פאָלק וועט זיי העלפן, — האָט מאָטעק געענטפערט, קוקנדיק אים גלייך אין פנים אַריין.

נאָך יעדן טאָג האָט מאָטעקס מיטאַרבעטער, מר. גרין, אָפּגעהאַלטן אַ זיג איבער דער רויטער אַרמיי. דריי ריזיקע נאַצישע אַרמייען האָבן אַטאַקירט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד פון דריי זייטן. איין אָפענסיווע האָט זיך דורכגעשניטן דורך די באַלטישע שטאַטן צו לענינגראַד, צוזאַמען מיט פינלאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין די נאַציס. די צווייטע אָפענסיווע, אונטער גענעראַל פאָן באָק, האָט זיך דערנענטערט, דורך מערב, גלייך צו מאָסקווע און די דריטע, די אייגעגעבנסטע, אונטער פאָן רונדשטעדט, האָט דורכגעקראָכט דרום־פוילן צו דער אוקראַינע, קרים און צום שוואַרצן ים. מר. גרין האָט באַרימעריש ציטירט זיין צייטונג, אַז די ווערמאַכט, די נאַצישע אַרמיי, וועט דורכשניידן רוסלאַנד „ווי אַ הייסער מעסער דורך פוטער". אין אויגוסט חודש זיינען שוין די נאַציס געשטאַנען פאַר די טויערן פון לענינגראַד. די צענטראַלע אַרמיי האָט זיך דורכגעטראָגן דורך ביאַליסטאָק, אַריינגעדרונגען אין דער סטאַלין־ליניע און אַטאַקירט סמאָלענסק. די דרום־אַרמייען זיינען אַריין אין קיעוו און רומענישע דיוויזיעס האָבן פאַרנומען אָדעס.

מאָטעק און סאַלטשע האָבן איבערגעלעבט טעג פון צער און נעכט פון פיין. זיי האָבן איצט ווינציק געטראַכט פון שלומען. זייערע מוחות, זייערע הערצער זיינען געווען געווענדעט אויף מאָסקווע, אויף דער וואָלגע. עס האָבן זיך געצויגן וואָכן פון נאַצישע זיגן אין סאָוועטישן לאַנד. יעדער זיג זייערער איז געווען אַ שטאָך מאָטעקן אין האַרצן אַריין.

— נו, וואָס וועט איר איצט זאָגן? — האָט זיך יעדן איגדערפרי באַרימט מר. גרין. ווען וועט טאָוואַרישטש סטאַלין אַריין אין בערלין?

— נאָט, לייענט וואָס די צייטונגען שרייבן, — האָט גרין געוויזן מאַטעקן די ערשטע זייט פון אַ הוירסט־צייטונג, — דאָ שרייבט זיך מיט גרויסע אותיות, אַז מאָסקווע וועט פאַלן דעם צווייטן דעצעמבער. ווער ווייסט בעסער?

— אפילו ווען מאָסקווע וועט פאַלן, וועט נאָך סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַרנעמען בערלין, מיט דער צייט. איר וועט זען, — האָט מאַטעק, אַ צעווייטיקטער, נאָר אַן אַנטשלאָסענער, געענטפערט.

דעם צווייטן דעצעמבער זיינען די נאַציס אין מאָסקווע ניט אַריין. די רויטע אַרמיי האָט אָנגעהויבן איר קאָנטער־אָפּענסיווע דעם זעקסטן דעצעמבער. ניט בלויז זיינען די נאַציס ניט אַריין אין מאָסקווע, נאָר זיי האָבן ניט געקאָנט נעמען לענינגראַד. אין וואָס איז באַשטאַנען דער כוח פון לענינגראַד? די שטאָט איז געווען אַ חורבה, נאָר די דייטשן האָבן מיט אַלע זייערע מאָדערנסטע וואָפן ניט געקאָנט איינגעמען די שטאָט. אַזאַ העלדישקייט פון בירגער האָט די וועלט נאָך ניט געהאַט געזען.

— לענינגראַד איז דער סימבאָל פון די סאָוועטישע פעלקער, — האָט מאַטעק דערקלערט דעם מר. גרין. — הינטער דער רויטער אַרמיי שטייט דאָס גאַנצע פאָלק. יעדער בירגער אין סאָוועטן פאַרבאַנד איז געטריי צו זיין פאָטערלאַנד. דאָרט זיינען קיין קווילינגס ניטאָ. עס איז דאָס לאַנד פון אַרבעטער און פויער און זיי וועלן עס פאַרטיידיקן, מר. גרין.

נאָר נאָך איידער די רויטע אַרמיי האָט אָנגעהויבן איר קאָנטער־אָפענסיווע צו פאַרטיידיקן מאָסקווע, האָבן זיך אָנגעהויבן די שלאַכטן אַרום סטאַלינגראַד. דאָרט איז יעדער שטיין פון דער שטאָט געווען אַ סאָלדאַט און יעדער סאָלדאַט געווען אַ שטיין. די 62טע אַרמיי האָט באַוויזן פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל די רויטע אַרמיי איז צוזאַמענגעשטעלט. ווען די שטאָט איז געלעגן אין חורבות האָט אַ קירגיזישער רויטער אַרמייער געזאָגט:

„די שטאָט איז טויט־מיד,<br>
די הייזער זיינען טויט־מיד,<br>
די שטיינער זיינען טויט־מיד,<br>
נאָר מיר זיינען ניט מיד."

אין נאָוועמבער איז די רויטע אַרמיי געווען גרייט אָנצוהויבן די אָפענסיווע. סוף יאַנואַר, 1942, האָט פאָן פאָולוס זיך אונטערגעגעבן. אַ יונגער סאָוועטישער לייטענאַנט, אינגאַנצן איין און צוואַנציק יאָר אַלט, האָט איבערגעציילט ווער עס גיט זיך אונטער. עס האָבן זיך אונטערגעגעבן יענעם טאָג:

איין פעלד־מאַרשאַל און פופצן גענעראַלן. צוועלף טויזנט סאָוועטישע גע־פאַנגענע זיינען באַפרייט געוואָרן פון די קעלערס, וואו די נאַציס האָבן זיי געהאַלטן פאַר שקלאַפן־אַרבעט, איבערגעשיקט צו ווערן אין דייטשלאַנד.

— פון סטאַלינגראַד וועט די רויטע אַרמיי אַריינמאַרשירן קיין בערלין, — האָט מאָטעק פעסט געמאָלדן דעם מר. גרין.

נאָר איצט איז מר. גרין געווען מער ווי אָנגעכמורעט. ער איז געווען דערשראָקן און ער האָט געוואוסט, אַז מאָטעק האַלט אָן אויג אויף אים.

נאָר נאָך מיט אַ צייט פריער האָט מאָטעק, זיך פרייענדיק מיט די ערשטע זיגן פון דער רויטער אַרמיי, געפיבערט מיט די געשעענישן אין זיין אייגן לאַנד.

דעם צווייטן דעצעמבער, 1941, האָט זיך מר. גרין געפרייט וואָס די נאַציס וועלן באַלד אַריין אין מאָסקווע. אין יענער וואָך האָבן מאָטעק און סאָלטשע מיטאַמאָל דערהאַלטן אַ פעקל בריוו פון שלומען. שלום האָט זיך געפונען אין די פאַסיפישע וואַסערן. דאָס האָבן זיי געוואוסט. שלומס בריוו זיינען געווען פול מיט אָפּטימיזם און לעבנס־פרייד. ער האָט אין זיינע בריוו אַרויסגעוויזן אַ פרישן הומאָר, וואָס איז געווען דורכגעוועבט מיט יוגנט־חכמה. ער איז געווען אַזוי לאַנג אַרומגערינגלט פון וואַסער, נאָר ער איז אַרומגעגאַנגען אַ דורשטיקער; ער איז געשוואומען אין די וואַסערן ווי אַ פיש, נאָר ער האָט געפילט, אַז ער שטייט מיטביידע פיס אויף האַרטער ערד; ער האָט געזען פאַר זיך בלויז הימל און זון און שטערן, נאָר זיי זיינען פאַר אים געווען אַ פּאַנאָראַמע פון גרויס ניו־יאָרק, נאָך וועלכער ער האָט שטאַרק געבענקט. ער האָט געהאָפט, אַז אינגיכן וועט ער זיי איבערראַשן און זאָגן: „מאַמע, איך וויל צוויי פּאָרציעס לאַטקעס".

מאָטעק און סאָלטשע האָבן באַשלאָסן, אַז זונטיק וועט מען זיך אַוועקזעצן און שרייבן מאָטעקן אַ גרויסן, גרויסן בריוו.

יענער זונטיק איז געווען — 7טער דעצעמבער, 1941.

## קאַפּיטל זיבן און פופציק

# ליבע צום לאַנד

.1

וועגן וואָס האָבן זיך מאַטעק און סאַלטשע געקליבן שרייבן שלומען יענעם זונטיק פאַרנאַכט? ערשטנס, וועגן זיך אַליין. דער טאַטע אַרבעט, די מאַמע אַרבעט אויך צוביסלעך. דאָס הויז בענקט נאָך דיר, שלום. עס איז שווער צו זיין אַליין אין הויז אָן דיר. וואָס וועלן מיר טאָן, ווען דו וועסט חתונה האָבן? נאָר דאַן וועלן מיר זיך ווינציק וואָס זאָרגן . . . צווייטנס, האָבן זיי געוואָלט שרייבן נייעס וועגן דער באַוועגונג. שלום האָט אין יעדן בריוו זיך אָנגעפרעגט וועגן דעם פּראָגרעס פון דער „סי. אַי. אָ." באַוועגונג: וועגן בענען, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער אָטאָמאָביל אַרבעטער־יוניאָן אין דעטראָיט; וועגן דער יוגנט־אַרבעט; וועגן די דעיווויסעס; וועגן פּרוי העגעסי. נו, האָבן זיי געקליבן זיך צו דערציילן אים גוטע נייעס וועגן אַליק. ווען ער וועט אַהיים קומען, וועט ער טרעפן אַ נייע אַמעריקע, אַן אויפגעוואַכטע אַמעריקע, אַן אַנטי־פאַשיסטיש לאַנד. דריטנס, האָבן זיי אים געוואָלט איבערגעבן נייעס וועגן לאַדזש. זיי האָבן דערהאַלטן אָפענע קאַרטלעך אין דייטש פון דאָרט. אַנקאַ האָט צוגעשריבן אַ פּאָר ווערטער צו שלומען. פערטנס, וועגן קלערן. זיי האָבן געוואוסט, אַז כאָטש ער שרייבט זיך כסדר דורך מיט איר און זי דערהאַלט פון אים מסתם אַזוי פיל בריוו ווי זיי, דאָך מוז ער זיין צופרידן, ווען ער הערט פון זיי וועגן איר. נו, קלעיר איז אַ זיס מיידל. זי קומט צו סאַלטשען אָפטער ווי זי פלעגט קומען צו שלומען. זי העלפט אַרויס אין הויז, זי דערלאָזט ניט, אַז סאַלטשען זאָל זיין אומעטיק. זי באַציט זיך צום הויז ווי אַן אייגן קינד.

נאָר די בריוו זיינען קיינמאָל ניט אָנגעשריבן געוואָרן. עס איז געווען אַ געפערלעך פּראָסטיקער זונטיק. יענעם אינדערפרי האָבן סאַלטשע און מאַטעק באַשלאָסן ניט צוצופאָרן צו דער בעטערי און „זיין נאָענט צו שלומען". זיי האָבן געכאַפּט אַ שפּאַציר אויף דער סעקאָנד עוועניו, געדאַרפט איינקויפן זאַכן, צו שיקן אַ פּאָר פּעקלעך פאַר שלומען. סאַלטשע האָט זיך באַקלאָגט, אַז זי איז אַלט, אַז זי קאָן שוין די קעלט ניט פאַרטראָגן. ווען שלום וועט צוריק־

קומען, וועט מען אפשר אַ טראַכט טאָן פון באַזעצן זיך אין קאַליפאָרניע. מאַטעק האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל צופאָרן צו דער קאָנפערענץ פון איקאָר. סאַלטשע האָט געזאָגט, פריער וועט מען אָפּעסן מיטאָג און מאַכן די פּעקלעך און דאַן וועט מען זען. איז מען אַהיים געגאַנגען פריילעכע, געטריבן פון דער קעלט.

זונטיק האָט מען געגעסן מיטאָג שפּעט. דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו די פּעקלעך. דאָס איז געווען אַ ליבע אויפגאַבע, וואָס סאַלטשע האָט אין איר אַריינגעלייגט איר בענקעניש, איר מאַמעשאַפט. דאָס געבעקס האָט זי געקויפט דאָרט וואו שלום פלעגט ליב האָבן צו קויפן. די קאָנפעקטן זיינען געווען נאָר די וואָס שלום האָט אַלע יאָרן געגעסן און גענאַשט. בשעת זי האָט איינגעוויקלט און פאַרוויקלט די זאַכן אין פּעקל האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי רירט זיך צו צו שלומען, אַז זי באַרירט זיינע הענט. מאַטעק האָט געוואָלט אָנשטעלן די ראַדיאָ, ווי זיין טבע איז געווען זונטיק נאָכן עסן, נאָר ער האָט געוואוסט, אַז ווען סאַלטשע מאַכט אַ פּעקל, דאַרף זיין שטיל אין הויז. אויך האָט זי מאַטעקן ניט צוגעלאָזט צום פּאַקן. ער האָט איר בלויז געדאַרפט דערלאַנגען. ער האָט דאַן זיך איינגעקוקט אין איר פּנים און געזען, אַז זי איז ניטאָ מיט אים, אַז זי איז פאַרחלומט, אַריינגעטאָן מיט איר גאַנץ וועזן אין דעם פּעקל. אַזוי האָט זיין אייגענע מאַמע אויסגעזען, ווען זי האָט געבענטשט ליכט אין אַ יום־טוב, האָט ער געטראַכט.

פאַרטיק געוואָרן מיט די פּעקלעך האָט סאַלטשע פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל זיך אַוועקזעצן שרייבן די בריוו צו שלומען. מאַטעק האָט אָבער פריער געוואָלט פאַרטיק ווערן מיט זיינע זונטיקדיקע צייטונגען. האָט סאַלטשע זיך אויך אַוועקגעזעצט בלעטערן אַ צייטונג. זי האָט מאַטעקן דערקלערט, אַז צו דער איקאָר־קאָנפערענץ זאָל ער אַליין גיין, אויב ער וויל. זי וועט איבערבלייבן און שרייבן שלומען און ווען ער וועט אַהיים קומען, וועט ער באַזונדער שרייבן. מאַטעק האָט באַשלאָסן צו בלייבן אין הויז. עס איז געווען צו קאַלט צו גיין.

זייענען זיי אַזוי געזעסן אַ לענגערע צייט און זיך פאַרטיפט אין לייענען. די שטילקייט פון הויז איז אָבער פּלוצלינג איבערגעשלאָגן געוואָרן פון די ראַדיאָס פון די שכנים. מען האָט שוין ניט איינמאָל געהאַט אויפמערקזאַם געמאַכט די פרוי קראַוועץ איבער זיי, אַז זי שטעלט אָן די ראַדיאָ צו־הויך. לעצטנס איז געוואָרן בעסער. אָבער גראָד דעם זונטיק איז ווידער געוואָרן ניט אויסצוהאַלטן. סאַלטשע האָט זיך באַקלאָגט פאַר מאַטעקן. מאַטעק האָט אָבער מיטאַמאָל אָנגעשטעלט די אויערן. זיין פּנים איז געוואָרן אָנגעצויגן. עס האָבן זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ פּאָר ראַדיאָס פון אַנדערע שכנים און

אַלע האָבן, ווייזט אויס, געהערט דאָס זעלבע. אינסטינקטיוו איז מאָטעק האַסטיק שנעל צוגעגאַנגען צו דער ראַדיאָ און אָנגעשטעלט די סטאַנציע, וואָס האָט געווײנלעך געשפּילט מוזיק. צו זיין דערשטוינונג האָט ער דער־הערט אַ דערשראָקן שרייענדיק מענעריש קול. סאַלטשע איז אויפגעשפּרונגען פון איר פּלאַץ און זי איז צוגעלאָפן צו דער ראַדיאָ. דאָס קול איז געווען פאַרוואונדעט, דאָס קול האָט געשריען פון פּיין. סאַלטשע האָט געהערט די ווערטער: „האַוואַי", „פּאַסיפיק", „פּירל האַרבאָר", „אונדזער פלאָט אַטאַ־קירט פון די יאַפּאַנעזישע לופט־באָמבערס! . . . " באַלד האָט זי בלויז גע־הערט ווי אַרום און אַרום האָבן ראַדיאָס געדעוועט מיט באַנומענע קולות. סאַלטשע האָט אַרויסגעלאָזט אַ טיפן „אוי" און זי איז אַרייַנגעפאַלן אין טיפן ווייכן שטול. מאָטעק איז צוגעלאָפן צו איר און זי אָנגענומען פאַרן אָרעם.

— סאַלטשע, וואָס איז מיט דיר? ביסט אַזוי בלאַס. קאָנטראָליר זיך, סאַלטשע! — און אַליין האָט מאָטעק געציטערט און געפילט ווי ער קאָן ניט שטיין מער. די ראַדיאָ האָט געהאַלטן אין איין אויסשרייען, אַלאַרמי־רענדיקערהייט. מאָטעק האָט אָנגעהויבן דרייען אַנדערע סטאַנציעס, נאָר פון אומעטום האָט זיך געטראָגן אַ ווײַ געשריי, ווי אַ גאַנץ פאָלק האָט זיך צע־שריען און צעריטשעט. ווי פון אַלע ווינקלען פון אַמעריקע האָט מען גע־לאָזט וויסן צו מאָטעקן אין הויז אַריין, אַז אַ גרויס אומגליק האָט געטראָפן און וואָס האָט מאָטעק צו זאָגן דערויף? ווי מען וואָלט זיך ביי אים אָנגע־פרעגט וואָס צו טאָן.

— מאָטעק, שלומס שיף איז אין האַוואַי. שלומס שיף מוז זיין אין פּירל האַרבאָר. שלום, מיין קינד! ווער ווייס, וואָס האָט געטראָפן זיך מיט מיין קינד.! . . — סאַלטשע האָט אַריינגעכליפּעט אין אירע הענט אַריין און מאָ־טעק איז געשטאַנען לעבן איר און זיינע ליפּן זיינען געווען פאַרטריקנט און ער האָט זיך אָנגעשטרענגט איר עפּעס צו זאָגן און ניט געקאָנט. און די ראַדיאָ האָט געמאָנט, געפאָדערט, געסטראַשעט, געשטורעמט מיט נייע כוואַ־ליעס נייעס, וואָס האָבן געדראָט און געדונערט... אונדזערע קריג־שיפן געזונ־קען... אונדזערע קריג־שיפן ברענען... מלחמה... יאַפּאַנעזער פאַרראַט... פּרע־זידענט רוזוועלט... סעקרעטאַר פון דער נעיווי נאַקס... סטעיט דעפּאַרטמענט... סעקרעטאַרי האַל... דעסטראָיערס... צאָל קרבנות גרויס... גרעסטער אומגליק אין דער געשיכטע פון דער נעיווי...

סאַלטשע איז געזעסן, ניין, געלעגן אַן אויסגעצויגענע אין שטול און מיט אַן אָפן מויל זיך איינגעהערט צו דער ראַדיאָ, ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אַן אָפּלייקענונג, אָדער אויף אַ פאַרמינערונג פון אומגליק. נאָר די ראַ־דיאָ איז געווען ברוטאַל, אומרחמנותדיק, די נייעס איז געוואָרן ערגער און

ערגער . . . סאַלטשע האָט מער זיך ניט געקאָנט קאָנטראָלירן און זי האָט זיך צעהעשעט און מיטאַמאָל זיך אויפגעהויבן און גענומען שפּאַנען ווילדער־הייט איבערן צימער און כסדר געקוקט צו דער ראַדיאָ. איר פּנים איז געוואָרן פאַרצווייפלטער און צעווייטיקטער און איר מאַסיווער גוף האָט זיך געבויגן, ווי זי וואָלט געוואָלט גרייט ווייטער אויפצונעמען די שמיץ פון דער אכזריותדיקער בייטש, וואָס האָט זיך איינגעשניטן אין איר לייב און איבער איר קאָפּ און פּנים.

מאַטעק האָט זיך איינגעגראָבן אין דער ראַדיאָ, מיט די עלנבויגנס זיך אָנגעשפּאַרט אויף דעם ראַדיאָ־קעסטל, ווי ער וואָלט צוגענאָגלט געוואָרן צו אים. פּלוצים האָט ער זיך אויסגעדרייט צו סאַלטשען און אַרויסגעשעפּטשעט ניט ווי מיט זיין קול:

— סאַלטשע, איך קאָן זיך דאָס אַלץ ניט גלויבן. די וועלט גייט פון זי־נען אַרונטער . . . ווי איז דאָס מעגלעך, אַז יאַפּאַן זאָל פּלוצלינג זינקען אונ־דזער קריגס־פלאָט? און וואו זיינען מיר די גאַנצע צייט געווען? וואָס הייסט, מען באַפאַלט און מען זינקט אונדזערע דעסטראָיערס?

— יאָ, מאַטעק, שלומל איז דאָך אויף אַ דעסטראָיער. וויי איז צו מיר און ווינד איז צו מיר! וועמען זאָלן מיר רופן? קאָנען מיר זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט וואַשינגטאָן?

מאַטעק האָט זיך דער ערשטער קאָנטראָלירט. ער האָט געוואוסט, אַז די ראַדיאָ איז די ערשטע צו וויסן די נייעס, נאָר עס האָט אים איצט גע־צויגן אַרויס אין דרויסן, צווישן מענטשן. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז ער איז אַ טייל פון לאַנד. דאָס לאַנד איז אין דרויסן, ניט אין די פיר ווענט פון זיין היים. מען דאַרף הערן וואָס מענטשן זאָגן, מען דאַרף צו־פאָרן אין טאַימס סקווער. אפשר איז דאָרט פאַראַן מער נייעס.

— קום, סאַלטשע־קרוין, לאָמיר צופאָרן צו דער „טאַימס"־געביידע. דאָרט וועלן מיר לייענען די לעצטע בולעטינען. איך קאָן ניט איינזיצן אין הויז.

— ניין, מאַטעק, איך קאָן זיך ניט רירן פון אָרט. איך וועל ניט פאַר־לאָזן ס'הויז. טאָמער וועט אָנקומען אַ קעיבל פון שלומען. ער וועט וויסן, אַז מיר זיינען באַזאָרגט. טאָמער איז ער גאָר אין אַן אַנדער פּלאַץ אין האַוואַי. דאָס אומגליק איז גרויס. וויי צו די מאַמעס! וויי צו אונדז אַלע־מען! . . . אַ קעיבל פון שלומען, אַז ער לעבט, וועט מיך צוריק שטעלן אויף די פיס.

— זיי ניט קיין נאַר, סאַלטשע. שלום לעבט און קיין קעיבל קאָן ער ניט שיקן. מסתם איז שוין דערקלערט געוואָרן קריג־צושטאַנד און מיר זיצן

דאָ אין הויז און וואַרטן אויף קעיבלס. קום אַרויס אין גאַס, איך קאָן מער ניט איינזיצן.

מאָטעק האָט געהאָלפן סאַלטשען זיך אָנטאָן. אירע הענט האָבן געציטערט, איר פּנים איז געווען ווי אין קאָנוואולסיעס. מאָטעק האָט זיך געאיילט. ער האָט מורא געהאַט צו בלייבן אין שטוב. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די יאַפּאַנעזער יאָגן זיך נאָך אים און אין דרויסן וועט ער זיין באַשיצט. די אומגעדולד איז געוואַקסן, ווען זיי זיי זיינען אַרויס אויפן טראָטואַר. מאָטעק האָט צוגערופן די ערשטע טעקסי, וואָס איז אַנטקעגן אָנגעקומען און געהייסן זיך צופירן צו טאַימס סקווער.

.2

פּוירל האַרבאַר איז אַריין אין בלוט. ס'איז ניט געווען קיין פראַגע פון מורא האָבן פאַרן אייגענעם לעבן. יעדער אַמעריקאַנער האָט געוואוסט, אַז דער שונא וועט קריגן זיינס, אַז די אַטאַקע פון הינטן איז געווען אַן אַטאַקע פון פייגלינגען, ניט פון קיין העלדן. מער וועט עס זיך ניט איבערחזרן. אויב פּוירל האַרבאַר איז אַריין אין בלוט פון יעדן איינעם, איז דאָס געווען צוליבן צאָרן וואָס האָט יעדן באַהערשט, צוליב דער ליבע פאַרן לאַנד וואָס יעדער מער פּאָליטיש באַוואוסטזיניקער אַנטי־פאַשיסט האָט געהאַלטן טייער. אַמעריקאַנער האָבן זיך דערמאָנט אין יענער צייט, ווען די אַנטי־פאַשיסטן האָבן געהייסן באָיקאָטירן יאַפּאַנעזישע זיידענע זאָקן און ניט פאַרקויפן קיין ברוך־אייזן צו די פאַשיסטן פון יאַפּאַן. ניט איין אַנטי־פאַשיסט האָט דערפאַר געכאַפּט קלעפּ פון דער פּאָליציי ביי דעמאָנסטראַציעס. איצט האָבן אַמעריקאַנער קוילן געשאָסן אין אַמעריקאַנער קינדער. איצט האָט מען איינגעזען צו וואָס פראַנקאָ שפּאַניע האָט דערבראַכט.

שלום סאַרני, דער זון פון מאָטעק און סאַלטשע, איז אומגעקומען אין דער יאַפּאַנעזישער לופט־אַטאַקע אויף פּוירל האַרבאַר.

שלום סאַרני איז אַלט געווען 20 יאָר. ווען ער האָט זיין לעבן אַוועקגעגעבן צו פאַרטיידיקן אַמעריקע פון פאַשיזם. ער האָט ניט איבערגעלאָזט קיין עדות, וואָס האָט בייגעוואוינט זיין טויט. ער איז אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט זיין שיף. ער האָט ניט קיין צייט געהאַט מסתם צו וויסן וואָס עס איז מיט אים און זיין שיף פאַרגעקומען. ער האָט ניט צייט געהאַט זיך צו פאַרטיידיקן. קיינער האָט וועגן זיין העלדישקייט, אויב ס'איז בכלל געווען, אַזעלכעס, ניט געשריבן. קיינער האָט ניט געקאָנט דערציילן, ווי אַזוי ער איז אומגעקומען. די שיף האָט זיך אָנגעזונדן פון די אויפרייסן. מער

מאַטראַסן זיינען פאַרברענט געוואָרן, ווי דערטרונקען געוואָרן. מען האָט שלומס קערפּער קיינמאָל ניט געפונען. דער פּאַסיפישער אָקעאַן איז זיין בית־עולם געווען.

מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך דערוואוסט וועגן אומקום פון זייער איינ־ציקן זון דורך אַ טעלעגראַמע פון וואַשינגטאָן, פון דער רעגירונג. אַזעלכע מעלדונגען זיינען איינגיכן געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג אין טויזנטער היימען איבערן לאַנד. נאָר דאַן איז דאָס גאַנצע פאָלק שאָקירט געוואָרן פון דעם צעטל פון געפאַלענע אין פּוירל האַרבאָר. שלומס נאָמען — און טאַקע בלויז דער נאָמען און דער אַדרעס פון זיינע טאַטע־מאַמע, — איז געווען אָפּגע־דרוקט אין אַלע צייטונגען איבערן לאַנד. און באַלד איז געשען עטוואָס אויף וואָס מען האָט זיך ניט געהאַט געריכט. דער טעלעפאָן האָט געהאַלטן אין איין קלינגען. דאָס האָבן ווילד־פרעמדע מענטשן טעלעפאָנירט און געוואָלט אויסדריקן זייערע מיטגעפילן צו די עלטערן פון שלום סאַרני. ווילד־פרעמדע מענטשן האָבן געפרעגט צי זיי קאָנען מיט עפּעס דינען. ווילד־פרעמדע מענטשן האָבן, ווי נאָענטסטע פריינט, צוגעגעבן מוט און האָפענונג און טרייסט דורכן טעלעפאָן. און אַ וואונדער איז געשען. סאַלטשע, וואָס איז געבליבן ווי פאַר־גליווערט פון די בייעס, איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און אויסגעהערט גע־דולדיק וואָס מען האָט גערעדט צו איר און באַדאַנקט און געפילט ווי זי דאַרף צו זיך קומען. עס רעדט צו איר אַ גאַנץ פאָלק. אַ גאַנץ פאָלק וויים וועגן שלומען. ער האָט זיך מקריב געווען פאַר מיליאָנען מענטשן, פאַר 150 מי־ליאָן מענטשן און ער איז זיי, די מיליאָנען מענטשן, געוואָרן נאָענט. זי איז זיין מאַמע, זי דאַרף זיין שטאָלץ מיט איר מאַרטירער זון. סאַלטשעס האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרן מיט וואַרעמקייט צו די פרעמדע מענטשן, יונג און אַלט, מענער און פרויען, מענטשן מיט פאַרשיידענע אַקצענטן, וואָס האָבן איינזיבען געהאַט צו טעלעפאָנירן איר און זאָגן, אַז זיי זיינען שטאָלץ אויף איר שלומען.

און מאָטעק איז געווען דער וואָס האָט יעדן טאָג די פּאָסט איבערגע־נומען און דער זעלבער נס איז געשען. דער בריוו־טרעגער האָט די בריוו ניט געקאָנט אַריינלייגן אין בריוו־קעסטל. פּעק מיט בריוו זיינען אָנגעקו־מען. בריוו פון אַלע עקן לאַנד; בריוו, מאַשין־געשריבענע אין אַ הויכן ענגליש; בריוו פול מיט גרייזן; בריוו פון די פעלדער פון דאקאָטא און בריוו פון די בערג פון ווערמאָנט.

אין צייט פון נויט נויטיקט מען זיך אין פריינט. מרס. און מר. הענעסי זיינען יעדן טאָג געווען באַזוכער. פרוי הענעסי איז שעה'ן־לאַנג געזעסן אין סאַלטשעס שטוב, איינגעקויפט פאַר איר און בכלל באַצויגן זיך צו איר ווי

צו אַ שוועסטער אַ געטרייער. מר. הענעסי איז יעדן אָוונט אַריינגעקומען, געשוויגן, געדרויכערט זיין לולקע. טאָמער האָט ער אַרויסגערעדט אַ וואָרט איז דאָס געווען צו מאָטעקן און דאָס וואָרט איז געווען פון אַ מאַן צו אַ מאַן. עס איז מלחמה, ברודער. מען טאָר ניט זיין וויך. מיר וועלן זיי באַצאָלן פאַר אַלץ. לאָז עס צו אָנקל סעם. דו האָסט אַ בראַווע ווייב, מר. סאַרני.

עס זיינען געקומען די דעיוויסעס. בעסי האָט ביטער געוויינט, זיך ניט געקאָנט קאָנטראָלירן. זי האָט געוויינט פאַר ביידע, פאַר איר יאַנקלען און פאַר שלומען. דערמאָנט זיך ווי דאָס קליין קינד שלומל איז מיט זיינע על־טערן דעם ערשטן מאָל געקומען אויף אַ באַזוך צו איר אין הויז אַריין; דער־מאָנט זיך אַלע יאָרן פון זיין וואוקס, ווי וואונדערבאַר עס איז געווען צו זען, ווי אַ קינד וואַקסט, ווי אַ בלום אין פרילינג. יאָ, זי האָט געוואוסט, אַז איר יאַנקל האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף שלומען. יאַנקלס בילד שטייט נאָך אויף זיין קאָמאָד. אוי, וואָס די פאַשיסטן האָבן געטאָן צו אונ־דזערע קינדער!

גאָלדע און מעקס זיינען געקומען און מיטגעבראַכט אירע עלטערן, די יאַקובאָוויטשעס. גאָלדע האָט געפּרואווט זיך האַלטן ווי אַ מענטש, אַריינ־געקומען מיט פולע אויגן, געוואָלט אָנהויבן רעדן, נאָר באַלד האָט זי אויס־געפּלאַצט אין אַ הילכיק געוויין און זי איז אַריין אין אַן אַנדער צימער און מעקס נאָך איר. מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך איצט אויך ניט געקאָנט איינהאַלטן און ווידער אויסגעבראָכן אין אַ שטיל געוויין. גאָלדע האָט זיי דערמאָנט אין לאָדזש, אין זייערע קינדער־יאָרן. גאָלדע האָט דערמאָנט זיי, אַז דאָרט זיינען געבליבן מאָטעקס פיר שוועסטער אונטער די דייטשע בעס־טיעס. און אויב זיי לעבן נאָך — מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָבן זיי נאָך געלעבט, נאָר אין איצטיקן מאָמענט האָט זיך מאָטעקן אויסגעדוכט, אַז עפּעס האָט מיט זיי פּאַסירט — וועט ער זיי מוזן שרייבן די שרעקלעכע נייעס וועגן שלומען און ער קאָן זיך פאַרשטעלן וואָס דאָרט וועט זיך אָפּטאָן.

ווען מען האָט זיך באַרואיקט, האָט מען טאַקע גערעדט וועגן דעם גורל פון די יידן אין לאָדזש, וועגן דער לאָדזשער געטאָ, וועגן די מאַסן־מאָרדן וואָס היטלערס הענקערס באַגייען קעגן גאַנצן יידישן פאָלק. מען האָט זיך אויף אַ וויילע געהאַט פאַרגעסן אין שלומען. מען האָט פאַר זיך דער־זען מאָטעקס שוועסטער, ווי זיי זיינען צונויפגעקוואָרטשעט אַלע אין איין צי־מערל אין באַלוט. סאַלטשע האָט גערעדט וועגן אַנקאַן און ווידער זיינען איר די טרערן גערונען איבער די באַקן. ווען אַנקאָ וועט זיך דערוויסן . . .

נאָר אָפּטער ווי אַלע איז געקומען קלעיר. גלייך יענעם זונטיק פאַר־נאַכט, ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן וועגן פּוירל האַרבאָר, איז זי אַריינגע־

לאַפּן אַ בלייכע צו סאַלטשען און מיט אויסגעגלאָצטע, צעשראָקענע אויגן גע־זאָגט איין זאַך: „איך האָב מורא, סאַלטשי".

„קלעירס אויגן זיינען איר צונג", פלעגט סאַלטשע זאָגן מאַטעקן. די גרויסע אויסדרוקספולע אויגן האָבן מער גערעדט, ווי דאָס מויל האָט געקאָנט אַרויסברענגען. מען האָט אין זיי דערקענט וואָס קלעיר האָט געפילט, וואָס זי האָט געוואָלט און ניט געקאָנט אַרויסזאָגן. איצט איז קלעיר געזעסן יעדן פאַרנאַכט ביי סאַלטשען אין קיך און אַריינגעקוקט סאַלטשען אין פּנים אַריין. זי האָט ניט געוויינט, קלעיר, אין אימיצנס אָנוועזנקייט. זי האָט געשוויגן, זיך איינגעהערט, נאָר די אויגן אירע האָבן נאָך אַלץ ניט געגלויבט, זיי האָבן נאָך אַלץ ניט געהאַט קיין צוטרוי צו קיינעמס ווערטער. בלויז סאַלטשע האָט געקאָנט אויף איר ווירקן. און זי איז איר טאַקע באַכגעגאַנגען, ווי אַ דער־שראָקן שעפעלע נאָך איר פאַסטוך.

ס'איז געוואָרן אַ תל פון קלעירן אין אַ וואָך צייט. סאַלטשע האָט עס געזאָגט מאַטעקן. מאַטעק האָט עס באַמערקט דעם צווייטן טאָג, ער האָט עס סאַלטשען נישט געוואָלט זאָגן. אַזוי אַראָפּ פון פּנים אין אַ פּאָר טעג, איז געווען אומגלויבלעך. זי האָט געשוויגן, קלעיר. נאָר הלוואי וואָלט זי בעסער גערעדט, געוויינט. זי האָט זיך אויפגעגעסן אַ לעבעדיקע.

קלעירס עלטערן זיינען געקומען אין הויז אַריין. פיינע שטילע, ראַ־פינירטע מענטשן. זיי האָבן גערעדט וועגן שלומען ניט איבערטריבן, אַזוי טרעפלעך געמאָלן זיין כאַראַקטער, זיינע איידעלע שטריכן. סאַלטשע איז געזעסן און געשלונגען יעדעס וואָרט. מאַטעק האָט פאַר זיך דערזען שלומען, אָט אַזוי ווי ער האָט אים געוואָלט זען. האַלב־ייִנגל, האַלב־מאַן; פאַרליבט אין קלעיר און פאַרליבט אין דער מאַמען. וואָס פאַר אַ ליבע פּאָר — קלעיר און שלום . . . איצט איז אַלץ אויס. באַלד וועט קלעירס וואונד זיך פאַרהיילן.

3.

דאָס נייַע יאָר 1942 האָט אָנגעקלאַפּט אָן סאַלטשעס טיר, נאָר ביי איר איז אַלץ געבליבן ביים אַלטן. דעצעמבער 7, 1941 האָט זיך באַזעצט אין אַלע ווינקלען פון הויז און ניט געוואָלט אַרויס. מענטשן האָבן אויפ־געהערט זיי באַזוכן אַזוי אָפט ווי פריער, אפילו פרוי הענעסי איז זעלטענער אַריינגעקומען. בלויז קלעיר איז יעדן פאַרנאַכט אַריינגעפאַלן און אירע אויגן האָבן געפרעגט: „אפשר?" זי, ווי סאַלטשע, האָט אין געהיים נאָך אַלץ ניט געהאַט אויפגעגעבן די האָפענונג, אַז אפשר וועט נאָך אַ נס פּאַ־סירן, אפשר האָט זיך שלום געראַטעוועט, אפשר איז ער אין געפאַנגענשאַפט

בײ די יאַפּאַנעזער און נאָך דער מלחמה וועט מען אים באַפרייען. אפשר איז
ער צוגעשוואומען מיט אַ שיפל צו אַן אינדזל און ער האַלט זיך דאָרט אויף.
יעדן טאָג האָבן די צייטונגען איבערגעגעבן וועגן אַזעלכע נסים. עס איז
זיי געוואָרן לייכטער דערפון ביידן. סאַלטשע האָט געאַרבעט, מאָטעק האָט
געאַרבעט, נאָר קלעיר איז פאַרנאַכט אַריינגעקומען גלייך ווי זיי זיינען אין
הויז אַריין. אָפט האָט זי מיט זיי געגעסן, אַ פאָר מאָל האָט זי גענעכטיקט
ביי זיי, געשלאָפן אין שלומס בעט.

ניט דאָס נייע יאָר האָט געקאָנט האָבן אַ ווירקונג אויף סאַלטשען, נאָר
דעצעמבער 7, 1941, האָט פון איר געמאַכט אַן אַנדער סאַלטשע. זי האָט
געזען ווי אַנדערע אומגליקלעכע מאַמעס, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע זין,
האָבן אויסגעזען און זי האָט באַשלאָסן ביי זיך, אַז ניין! ניין! זי וועט זיך
שטאַרקן. זי וועט טרייסטן אַנדערע. זי ווייס, אַז שלום וואָלט זיך ביי איר
געבעטן, אַז זי זאָל זיין שטאַרק. זי געדענקט ווי שלומען איז געפעלן, ווען
זי האָט אין הויז דערציילט, ווי זי באַוואונדערט בעסי דעיוויס, וואָס יענע
האַלט זיך אַזוי גוט, נאָך איר טראַגעדיע מיט יאַנקלען. זי האָט דאַן באַ־
מערקט ווי שלום איז געווען שטאַרק צופרידן פון אירע רייד. מען דאַרף
אַרויס אין גאַס און מען דאַרף פאַרקאַטשען די אַרבל און העלפן געווינען
די מלחמה. אַמעריקע און סאָוועטן־פאַרבאַנד זיינען איר טייער. ביידע זיי־
נען איצט פאַראייניקט. זי דאַרף זיך אַריינוואַרפן און פאַרקויפן מלחמה־
באָנדס. זי דאַרף אויפטרעטן אויף פאַרזאַמלונגען און ווייזן אַ ביישפיל פאַר
אַנדערע. זי דאַרף שרייבן צו מאַמעס, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע קינדער,
טרייסטן זיי, אַפעלירן צו זיי זיך צו האַלטן פעסט און ווערן אַקטיוו.

נאָר איצט האָט זי צום הויז געהאַט אַן אַנדער געפיל, ווי ווען שלום איז
נאָר וואָס געהאַט אַוועקגעגאַנגען אין דער נעיווי. דאַן האָט זי ניט געקאָנט
בלייבן אַליין אין הויז. איצט האָט זי געבענקט נאָך דער מינוט, ווען זי
וועט קאָנען זיין אַליין אין שטוב, איינגאַנצן אַליין. דאָס זיינען ביי איר גע־
וואָרן די טייערסטע מאָמענטן.

מאָטעק איז אַוועק צו דער אַרבעט. סאַלטשע איז יענעם טאָג פריי געווען.
זי האָט אויף גיך צוגעראַמט דאָס הויז, ניט געוואָלט אפילו אַרונטערגיין
איינקויפן, נאָר טעלעפאָנירט אין די קראָמען, אַז מען זאָל איר אַרויפשיקן
וואָס זי האָט געדאַרפט. אַליין האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אין שלומס צימער
און דאָרט האָט זי פאַרבראַכט מיט שלומען. די גאַנצע דרויסנדיקע וועלט
האָט פאַר איר אויפגעהערט צו עקזיסטירן. לאַנגזאַם, ווי נישט צו שטערן
עמיצנס רו, האָט זי געעפנט זיין קליידער־אַלמער און ווידעראַמאָל באַוואונ־
דערט די נעטקייט, וואָס זי האָט דאָרט געפונען. אַזוי האָט עס שלום איבער־

געלאָזט. אַזוי איז עס געבליבן. אַלץ אויף זיין אָרט. וואָס וועט זי טאָן מיט זיינע זאַכן? מען דאַרף זיי אַוועקגעבן. אפשר וועט מען זיי קאָנען שיקן קיין פוילן? דערווייל וויל זי זיך מיט קיין זאַך ניט שיידן. טאָמער, טאָמער... שלום איז אויף אַ פאַרוואָרפענעם אינדזל אויפן פּאַסיפיק. שלום וועט צוריק־קומען. איך האָב אַלץ געלאָזט ווי דו האָסט עס געלאָזט. ניט געוואָלט גלויבן וואַשינגטאָן . . . זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און גענומען בלעטערן שלומס בי־כער. פון זיי האָט שלום אַרויסגערעדט צו איר. זי האָט ניט געוואוסט וואָס זי האָט געלייענט, נאָר זי האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי שלום האָט געטראַכט בשעת ער האָט זיי געלייענט.

ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן מיטן צימער, האָט זי שעפּטשענדיק גע־זאָגט צום צימער: „איך פאַרלאָז דיך ניט, קינד". און פאַרטיק געוואָרן איז זי דאַן, ווען זי האָט געהאַט אַלץ אַרומגעווישט, אַלץ באַקוקט, באַטראַכט, עקזאַמינירט. ווען איר האַנט האָט אַלץ געהאַט באַרירט, באַטאַפּט, דאַן, אין איר פרייען טאָג, האָט זי אַרויסגענומען פון איר שיפאַד שלומס בריוו, אַלע בריוו וואָס ער האָט געהאַט געשריבן צו איר און צו מאָטעקן זינט ער איז צען יאָר אַלט געווען. דאָס האָט געמיינט, אַלע צעטעלעך, וואָס ער האָט גע־האַט אין הויז איבערגעלאָזט, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען. זי האָט קיינמאָל ניט אַוועקגעוואָרפן קיין זאַך, וואָס ער האָט געשריבן צו איר אָדער צו מאָ־טעקן. יעדעס צעטעלע האָט זיך געהאַט זיין חן, האָט זי געטראַכט. און ווען ער האָט אָנגעהויבן שרייבן בריוו, האָט זי זיי סאָרטירט און גוט באַהאַלטן. מאָטעק האָט ניט איינמאָל געלאַכט פון איר, נאָר עס איז אים געפעלן געוואָרן, וואָס סאַלטשע האָט אַלץ אין זינען. סאַלטשע גרייט צו די בריוו פאַר זיין כלה, פאַר די אייניקלעך אירע . . .

זי האָט שוין אַצינד געקענט אַלע בריוו פון אויסנווייניק. זי האָט שוין געדענקט אפילו וואו אַ שורה הייבט זיך אָן און וואו אַ וואָרט איז ניט קלאָר. נאָר יעדעס מאָל ווי זי האָט זיי גענומען אין אירע הענט אַריין, האָבן אירע הענט אַ ציטער געטאָן, ווי זי וואָלט אים געהאַלטן אין אירע הענט.

זי האָט זייער געוואָלט לייענען שלומס בריוו צו קלעירן. זי האָט אָבער ניט געוואַגט צו בעטן זיי ביי איר. זי האָט פאַר קלעירן געלייענט אַלע זיינע בריוו, אַריינגערעכנט די צעטעלעך וואָס שלום פלעגט איבערלאָזן, ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען פון הויז און ניט געפונען סאַלטשען. איר האַנדלונג האָט געווירקט אויף קלעירן און זי האָט איינמאָל געפרעגט סאַלטשען, צי זי וואָלט זיי וועלן לייענען.

— ווערסט מיר ווייזן אַלע זיינע בריוו, קלעיר? אפשר זיינען פאַראַן בריוו וואָס דו דאַרפסט מיר ניט ווייזן?

— איר האָט מיר געוויזן אַלע זיינע בריוו, סאַלטשע, פאַרוואָס זאָל איך אייך ניט ווייזן אַלע בריוו? איר ווייסט, אַז ער האָט מיך ליב געהאַט און איך האָב אים ליב געהאַט און איר וועט פאַרשטיין אונדזערע געפילן.

און סאַלטשע האָט געבעטן קלעירן, אַז זי זאָל זיי איבערלאָזן אויף אַ פּאָר טעג. זי וועט זיי איר אומקערן, ווי זי האָט זיי געגעבן אין דער זעלבער אָרדענונג, נאָר זי וויל זיי לייענען פאַר זיך אַליין.

קלעיר האָט פאַרשטאַנען.

אין איינעם פון שלומס לעצטע בריוו האָט ער אי פאַר די עלטערן, אי פאַר קלעירן דערמאָנט דעם נאָמען פון זיין חבר מאַטראָס, מיט וועלכן ער הויזט צוזאַמען. אויף איינעם פון די בילדלעך, וואָס ער האָט געשיקט פון פּאַנאַמאַ קאַנאַל, וואו ער שטייט מיט נאָך פיר מאַטראָסן, האָט ער געמאַכט אַ צייכן אויף זיין חבר טעד דאָמבראָווסקי.

טעד, האָט שלום געשריבן, שטאַמט פון אַ שטעטל לעבן דעטראָיט. זיינע עלטערן זיינען געקומען אַהער פון פּוילן, פון אַ דאָרף לעבן ראַדאָם. שלום האָט זיך אָנגעפרעגט, צי ראַדאָם איז נאָענט פון לאָדזש. טעד איז זיין נאָענט־סטער חבר. ער איז אַ אינטעליגענטער יונגערמאַן, וואָס האָט געוואָלט ווערן אַ מעדיקער, נאָר איצט, ווען ער וועט פאַרלאָזן די נעיווי, נאָך דער מלחמה, האָט ער באַשלאָסן צו קויפן אַ פאַרם, אָט ווי זיינע עלטערן זיינען געווען אַמאָל פּויערים אין פּוילן. אויך זיינע זיידעס זיינען געווען ערד־אַרבעטער.

סאַלטשען איז איינגעפאַלן, אַז זי מוז אויסגעפינען, וואָס עס איז געוואָרן פון טעדן. זי האָט זיין נאָמען געפונען צווישן די אומגעקומענע פון שלומס שיף. זי האָט דאַן באַשלאָסן אויסצוגעפינען דעם אַדרעס פון זיינע עלטערן און שרייבן צו זיי. זי האָט אָוועקגעשיקט אַ בריוו צו טעדס עלטערן אין דיר־באָרן, מישיגען. אין אַ וואָך אַרום איז אָנגעקומען אַן ענטפער. פרוי דאָמ־בראָווסקי האָט ניט געהאַט גענוג ווערטער איר צו דאַנקען. לאָמיר זיך האַלטן צוזאַמען, לאָמיר האָבן געדולד, מאַמע. דער גוטער גאָט קאָן אונדז ביידן נאָך העלפן. אונדזערע באָיעס וועלן נאָך געפונען ווערן לעבעדיקע. איך בעט יעדן טאָג פאַר מיין זון. פון היינט אָן וועל איך אים אויך בעטן פאַר אייער זון. איר וועט טרייסטן מיין האַרץ, ווען איר וועט מיר שרייבן וואָס אייער זון האָט געשריבן וועגן מיין טאַדעאוש. און פאַרגעסט ניט צו שיקן מיר דעם „סנעפּ־שאָט״.

און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן סאַלטשען און יאַנינאַן דאָמבראָווסקי און פון דער קאָרעספּאָנדענץ איז אויסגעוואָקסן אַ פריינטשאַפט.

עס איז ניט דורך די וואָך — און דאָס איז שוין געווען פיר חדשים

נאָך פּוירל האַרבאָר — אַז סאַלטשע זאָל ניט האָבן דערהאַלטן בריוו פון אומ־באַקאַנטע מענטשן וועגן איר אומגליק. בריוו פון מאַטראָסן ערגעץ־וואו אויף די ימים; בריוו פון גלחים; בריוו פון פרויען־קלובן; בריוו פון אַ קלאַס פון שול־קינדער פון אַ שטעטל אין ניו־מעקסיקאָ. מען האָט ניט פאַרגעסן איר שלומען; מען האָט ניט פאַרגעסן אין זיינע עלטערן.

אויף מאַטעקן האָבן די בריוו ווינציקער געווירקט, נאָר סאַלטשען האָבן זיי דערמונטערט און דערוואַרעמט.

נאָר אי מאַטעק, אי סאַלטשע האָבן דערפילט, אַז זיי זיינען געוואָרן אַן אומשיידבאַרע טייל פון אַמעריקע: אַז זיי האָבן אַ חלק אין איר, ווי זיי האָבן קיינמאָל ניט געטרוימט צו האָבן. אַמעריקע איז זיי געוואָרן אַזוי ליב, ווי זייער איינציק קינד איז זיי ליב געווען. און דער מענטש אין אַמעריקע, אָט דער גוטמוטיקער, דעמאָקראַטישער, ברייטער אַמעריקאַנער, וואָס בלאָזט ניט פון זיך, וואָס מאַכט ניט קיין אונטערשייד פון ראַסע און גלויבן, פון אימיגראַנט און הי־געבאָרענעם — אָט דער אַמעריקאַנער, איז זיי געוואָרן ווי אַן אייגענער ברודער און שוועסטער. זיי האָבן איצט געהאַט אַ גאָר גרויסע, אַ פאַרצווייגטע משפחה, די משפחה פון דעם וואָס מען האָט גערופן דאָס אַמעריקאַנער פאָלק.

### קאַפּיטל אַכט און פופציק

## די כוואַליעס פון דער צייט

.1

דעצעמבער 7, 1942. אַ יאָר נאָך פּוירל האַרבאָר. די צייטונגען זיינען געווען פול מיט אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם יאָר מלחמה. מען האָט געמאַכט אַ סך הכל. מען האָט דורכגעפירט צערעמאָניעס נאָך די געפאַלענע אין פּוירל האַרבאָר. מאַטעק און סאַלטשע האָבן דערהאַלטן איינלאַדונגען פון מלחמה־אָרגאַניזאַציעס צו קומען צו די צערעמאָניעס. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשיידט פון כלל, נאָר יענעם טאָג זיינען זיי געזעסן אין הויז, אין קרייז פון באַקאַנטע און פריינט.

גראָד האָבן זיי געהאַט פון דעטראָיט יענעם טאָג אַנגעלייגטע געסט. דאָס זיינען געווען בען און לואיז, מיט זייער טעכטערל פון אַ יאָר און אַ

האַלב. דאָס האָט בען בכיוון אויסגערעכנט, אַז ער זאָל זיין אין ניו־יאָרק צו יענער צייט און זיין ביי מאַטעקן אין הויז דעם 7טן דעצעמבער. פאַר סאַלטשען און מאַטעקן איז דאָס געווען אַ גרויסע טרייסט.

דורכן יאָר זיינען די באַזוכער ביי מאַטעקן אין הויז געוואָרן אַלץ וויניקער. געווען וואָכן, ווען אויסער קלערן און פרוי הענעסי, האָט זיך קיינער ניט באַוויזן ביי זיי. אפילו די נאָענטסטע משפחה האָט זיך אינגאַנצן געהאַט דערווייטערט. די ערשטע פאַר מאָנאַטן נאָכן אומגליק איז געקומען דער אָנקל קיווע מיט משהלען און רוטין, משהלעס פרוי. רוטין האָט סאַלטשע ליב געהאַט, נאָר משהלען האָט זי ניט געקאָנט פאַרטראָגן. אָנקל קיווע האָט כמעט אינגאַנצן געשוויגן און אפילו זיך ניט נאָכגעפרעגט אויף מאַטעקס שוועסטער. מער איז ער ניט געקומען. רוטי האָט אַ פּאָר מאָל דורכן יאָר טעלעפאָנירט, נאָר מער איז זי מיטן מאַן ניט געקומען.

אָנקל ווילי האָט געשריבן איינמאָל, זיך מער באַקלאָגט אויף זיין געזונטצושטאַנד, ווי זיך נאָכגעפרעגט וועגן דעם אומגליק. דערפאַר האָט זיך איינמאָל באַוויזן איבער מאַטעקס שוועל אָנקל ווילים זון דזשעיק. ער איז געקומען אויסדריקן זיינע מיטגעפילן. מאַטעקן איז דאָס בלוט אין פּנים אַריין. ער האָט געדענקט דעם אָנקלס ווערטער, אַז דזשעיק איז אים, מאַטעקן, אַ שונא. דזשעיק, דער שפּיאָן קעגן יוניאָנס, דזשעיק איז געקומען ווי אַ משפּחה־מיטגליד אַצינד. סאַלטשע האָט זיך קאָנטראָלירט, אים גאָרניט ניט געזאָגט, נאָר ניט איינגעלאַדן צום טיש עפּעס טועם צו זיין. זיי האָבן זיך דערפילט דערלייכטערט ווען ער איז אַוועק. דזשעיק האָט געוואוסט, אַז זיי וויסן ווער ער איז, אַז זיי האַלטן אים פאַר זייער שונא. דזשעיק האָט באַדויערט וואָס ער איז געגאַנגען צו זיי.

אויך גאָלדע איז זעלטן געקומען. איר מעקס האָט געשאַרט גאָלד אַצינד. ער איז געוואָרן גאָר רייך, זיך געהאַט אָנגערייט מיט פּראָדוקטן נאָך פאַר דער מלחמה. ער איז געוואָרן צעגאָסן און גאָלדע האָט ווידער זיך גענומען פּוצן אין פעדערן פון שפּע. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז וואָס ווייניקער זי וועט קומען צו מאַטעקן, אַלץ לייכטער וועלן זיי קאָנען אַריבערטראָגן זייער צער. ס'איז בלויז געווען אַן אויסרייד פאַר גאָלדען ניט צו דאַרפן פאַרגיסן אַ טרער אין מאַטעקס הויז.

לואי דעיווויס איז געווען געפערלעך קראַנק און ער איז ווידער דורכגעגאַנגען אַן אָפּעראַציע. פון בעסין איז געוואָרן אינגאַנצן אַ תל און אויך זי האָט כסדר געקרענקט.

וואָס עס האָט מאַטעקן און סאַלטשען שטאַרק געוואונדערט איז געווען וואָס דר. פּאַניאַ אימבער אָדער איר מאַן סטענלי האָבן זיך מיט קיין וואָרט

ניט אָפּגערופן. ס׳איז דאָך אוממעגלעך געווען, אַז זיי זאָלן ניט האָבן געהערט פון אומגליק. האָט זיך סאַלטשע ניט געפוילט און געשיקט אַ בריוו קיין בענגאָר. דער בריוו איז צוריקגעקומען מיט אַ באַמערקונג פון פּאָסט־אָפּיס, אַז די פּאַרטיע האָט זיך אַרויסגעקליבן און ניט איבערגעלאָזט קיין אַדרעס. האָט סאַלטשע דאָס ניט געקאָנט פאַרשטיין. עפּעס ניט גוטס האָט געמוזט פּאַסירן מיט פּאַניאַן. האָט זי זיך צעשיידט מיט סטעפֿלין? האָט זי זיך געוואָלט אָפּשיידן פון אירע פריערדיקע פריינט און באַקאַנטע?

דאָס לעצטע מאָל וואָס סאַלטשע האָט געהערט פון פּאַניאַן איז געווען מיט צוויי יאָר צוריק, באַלד נאָכדעם ווי די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, באַלד נאָכדעם ווי היטלער איז אַריין אין פּוילן. דאַן האָט פּאַניאַ איר געשיקט זייער אַ פּעסימיסטישן בריוו. די ציוויליזאַציע ווערט חרוב. די מעדיצין־וויסנשאַפט איז ווערטלאָז. וואויל איז דעם פּרימיטיוון מענטשן, נאָר אויך אים וועט די פּלאָג טרעפן.

סאַלטשע האָט איר געהאַט געענטפערט, געמוסרט פאַר דעפּיטיזם; ניט אַזוי טאָר פילן אַ מענטש וואָס האָט אַן אידעאַל. פּאַניאַ איז אַנטשוויגן געוואָרן.

גלייך נאָכן אומגליק האָט לואיז טעלעפאַנירט סאַלטשען פון דעטראָיט. און בען האָט גערעדט צו מאַטעקן. שפּעטער איז אָנגעגאַנגען צווישן זיי אַ קאָרעספּאָנדענץ. אַ פּאָר מאָנאַט פאַר פּוירל האַרבאָר האָט לואיז געבאָרן אַ מיידעלע. שלום איז שוין געווען אין דער נעיווי און סאַלטשעס קאָפּ איז איר געווען פאַרדרייט. זי האָט פאַרן קינד אַ מתנה געשיקט, נאָר בלויז אַ פּאָר ווערטער צוגעשריבן.

איצט זיינען בען און לואיז געקומען זיין ביי זיי אין יאָרצייט־טאָג.

זינט דאָס אומגליק האָט זיי געטראָפן איז מאַטעק געוואָרן אַ גרויסער שוויגער. בכלל האָט ער אָנגעהויבן רעדן ווינציקער. וואָס עלטער ער איז געוואָרן. זינט ער איז געהאַט צוריקגעקומען פון איראָפּע, נאָכדעם ווי ער האָט זיך געזעגן מיט זיינע שוועסטער, איז ער אַרומגעגאַנגען ווי מיט אַ סוד אין האַרצן. די לאַגע פון די שוועסטער האָט אים מער ווי געאַרט, נאָר ער האָט מיט קיינעם ניט געוואָלט רעדן וועגן דעם. זיינע האָר האָבן אָנגעוואָרן זייער גאָלד און פאַלש זילבער האָט פאַרנומען זייער אָרט. זיינע הענט, די קרעפטיקע מאָטעק־הענט, האָבן אים ניט איינמאָל געלאָזט וויסן, אַז זיי זיינען אויסגעמאַטערטע און זיי ווילן לאַנג ניט קאָנען טראָגן דעם יאָך אויף זיך. און סאַלטשע האָט אים קיין צופיל נחת ניט געהאַט פאַרשאַפט. אירע גרויסע ברוינע אויגן האָבן געהאַט פאַרלאָרן זייער גלאַנץ, אירע הענט און פיס זיינען געוואָרן אָדערדיק, ווי זיי וואָלטן געוואָרנט, אַז דער זומער איז פאַר־איבער און ער וועט זיך מער ניט אומקערן.

איז געבליבן שלום. ער האָט דאָס האַרץ דערפֿרייט. ער און קלעיר, ביידע זײַנען זיי געווען אַזאַ שיינע פּאָר. אַמעריקאַנער יונגוואַרג איז אַזוי פֿריי און זאָרגלאָז. מען דאַרף זיי מקנא זײַן. דורך שלומען וועט ער און סאַלטשע זיך באַנײַען. שלום וועט ווערן אַ חתן. קלעיר איז זײַן באַשערטע. שלום וועט בלײַבן זײַערער, ניט ווי אַנדערע קינדער.

שלומס אומקום און די לאַדזשער געטאָ האָבן צוגענומען לשון בײַ מאָטעקן. ער איז אַרומגעגאַנגען מיט פֿאַרמאַכטע ליפּן. ער האָט גערעדט נאָר דאַן, ווען מען האָט אים געפֿרעגט. בלויז מיט סאַלטשען האָט ער גערעדט. בײַ דער אַרבעט האָט ער גאַנצע טעג געשוויגן. מען האָט אים פֿאַרשטאַנען און פֿאַרגעבן.

מענטשן האָבן ניט ליב קיין שווײַגער. מען האָט מאָטעקן ניט אויסגעווייכט, נאָר מען האָט זיך מיט אים ניט אַרומגעכאַפּט. אין אָרגאַניזאַציעס האָט ער אָנגענומען צו טאָן אַרבעט; אָפּגעגעבן באַריכטן; דורכגעפֿירט געטרײַ זײַנע אויפֿגאַבעס, נאָר צו נאָענט ניט צוגעלאָזט צו זיך. מען האָט אים פֿאַרשטאַנען און פֿאַרגעבן.

נאָר אָט איז געקומען בען. מאָטעק איז זײַן פֿרײַנט געווען גאָר דאַנקבאַר. מיט בענען האָט ער זיך דערפֿילט אינגאַנצן אַנדערש. בען האָט אים פֿאַרשטאַנען. בענס זאָרג איז אים געווען טײַער. בענס בליק האָט אים דערוואַרעמט. מיט בענען האָט ער גערעדט אַ סך.

דעם גאַנצן טאָג זײַנען בען און לואיז מיטן קינד געווען בײַ זיי אין הויז און אין זײַער אָנוועזנקייט האָט מען זיך זייער גענויטיקט.

.2

אַלטע פֿרײַנטשאַפֿט ראָסטעט טאַקע ניט. פֿאַר בענען האָט מאָטעק זײַן האַרץ געעפֿנט. און סאַלטשע האָט אין לואיזן געפֿונען אַן אמתן פֿרײַנט. שויך אָפּגערעדט וואָס לואיז האָט סאַלטשען באַטראַכט פֿאַר איר בעסטע חברטע. דאָס אומגליק האָט בענען און לואיזן נאָך מער דערנענטערט צו זיי. דאָס וואָס זיי זײַנען געקומען מיט אַ קינד, האָט אין איצטיקן מאָמענט ניט אַרויסגערופֿן די פֿרייד, וואָס האָט זיך געפֿאָדערט אין אַזאַ פֿאַל. דאָך האָט סאַלטשע זיך גאָר דערפֿרייט מיט עלאַ מעי, אַזוי האָט געהייסן דאָס קינד, אַ נאָמען נאָך עלאַ מעי וויגינס, די אַרבעטער־טוערין וואָס איז דערשאָסן געוואָרן אין גאַסטאָניע סטרייק. סאַלטשע האָט געלאַכט, געלאַכט אין טאָג פֿון איר גרויס אומגליק, דערפֿאַר וואָס עלאַ מעי איז געווען אַזוי באַחנ׳ט, אַזוי קלוג פֿאַר איר עלטער.

לואיז האָט געבליט. זי האָט נאָך אַלץ אויסגעקוקט מיידליש, שמאָל און אײדל, נאָר דאָס פּנים האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיך גליקזעליקייט. זי איז אויפן אויסזען גאָרניט עלטער געוואָרן. דאָס קינד איז געווען אַ געטרייע קאָפּיע פון לואיזן. קליינע אייגעלעך, טונקל־ברויטע הערעלעך און שמאָ־לינקע הענטעלעך.

בען איז ברייטער געוואָרן. ער איז געווען דער טיפּישער פּאַפּאַ. כסדר געהאַלטן אַן אויג אויפן קינד, כסדר האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז לואיז פּאַסט ניט גענוג אויף אויפן קינד. אפילו מאָטעק האָט געמוזט לאַכן פון בענס איבערגעטריבענער געטריישאַפט.

דער טעלעפאָן האָט אָפט געקלונגען. גוטע מענטשן האָבן טעלעפאָנירט און אויסגעדריקט סימפּאַטיע צום ערשטן יאָרצייט. קלעיר איז אַריינגע־קומען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ קלייד. איר פּנים איז געווען אויסגעבלייכט און די אויגן פאַרלאָפן. דאָס קול האָט איר ניט געדינט. סאַלטשע האָט בענען און לואיזן געהאַט דערציילט וועגן קלעירן און אַז זיי ריכטן זיך אויף איר. מען האָט צוזאַמען געמיטאָגט. לואיז איז געווען די וואָס האָט זייער טאַקטיש אָנגעפירט מיטן טאָג. זי האָט ניט געלאָזט סאַלטשען זיין אַליין מיט זיך. זי האָט געהאַלטן אין איין רעדן צו איר וועגן דעטראָיט און וועגן איר קינד. נאָר ווען סאַלטשע איז מיט איר אַריין צו שלומען אין צימער און איר געוויזן ווי זי האָט אַלץ געלאָזט אין אָרדענונג, האָט לואיז זיך מיט איר אַוועקגעזעצט אין יענעם צימער און אַ לאַנגע צייט זיינען זיי דאָרט געזעסן צוזאַמען און לואיז האָט געלאָזט סאַלטשען זיך אויסרעדן דאָס האַרץ און זיך אויסוויינען און לואיז האָט מיטגעוויינט און איבערגעגעבן סאַלטשען אירע אייגענע טייערע איינדרוקן פון שלומען.

ווען מאָטעק איז געבליבן אַליין מיט בענען האָט זיך כמעט דאָס זעלבע איבערגע׳חזר׳ט. מאָטעק האָט גערעדט וועגן שלומען. בען האָט אויסגעהערט געדולדיק און דאַן איבערגעגעבן מאָטעקן זיינע זכרונות וועגן קינד. די מע־נער האָבן ניט געוויינט. נאָר גערעדט האָבן זיי שטיל און ערנסט און אַ טרויער האָט פאַרשלייערט זייערע פּנימער.

בען האָט דערציילט וועגן זיין אַרבעט אין דעטראָיט. ער איז געווען צו־פרידן. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער ניט געוואָלט בייטן זיין פּאָ־זיציע. די אָטאָמאָביל יוניאָן האָט זיך אַנטוויקלט פאַר זיינע אויגן און ער איז געשטאַנען ביי איר וויגעלע. איצט האָט בען גערעדט ווי אַ פּראַקטישער מאַן און פאָטער און סאַלטשע און מאָטעק האָבן אים געגלויבט און געקיבעצט אין דער זעלבער צייט.

לואיז איז געווען גליקלעך, נאָר זי האָט עס געפּרואווט ניט אַרויסווייזן

אין סאַלטשעס הויז אין איצטיקן מאָמענט. זי האָט זיך איינגעהאַלטן צו דער־ציילן סאַלטשען וועגן איר גליקלעך לעבן, — ווען איר צופרידנקייט מיט בענען, וואָס איז געוואָרן אינגאַנצן אַ נייער מענטש, זינט עלאַ מעי איז גע־באָרן געוואָרן.

— מיר דוכט זיך, אַז בען איז ערשט צו זיך געקומען, זינט דאָס קינד איז געבאָרן געוואָרן, סאַלטשע. מיר דוכט זיך, אַז ער איז אויפסניי געבאָרן גע־וואָרן מיטן געבורט פון קינד. עלאַ מעי האָט געבראַכט אויף דער וועלט אַ נייעם בען.

— לואיז, דו קאָנסט זיך ניט פאָרשטעלן ווי צופרידן איך בין דערפון. אויך איר זייט געוואָרן אַ נייער מענטש, דוכט זיך מיר, — האָט סאַלטשע איר פאַרזיכערט, — און דאָס וואָס אייך געלינגט אויפצוהאַלטן אייער מיידלשע פיגור און דאָס וואָס אייער קול איז געוואָרן אַזוי פריידיק און אייער שטי־מונג אַזוי מונטער — דאָס איז אַ גרויסער בייטראָג צום וואוילזיין פון אייער היים און אייער צוקונפט.

אין אָוונט זיינען אָנגעקומען געסט. בען און לואיז האָבן דאַן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס הויז. ביים געזעגענען זיינען אַלע געוואָרן סענטימענטאַל. סאַלטשע האָט באַמערקט טרערן אין לואיזעס אויגן, האָט זי זיך אויך צע־וויינט. בען האָט דערלאַנגט מאָטעקן די האַנט און ניט געקאָנט קיין וואָרט אַרויסרעדן, האָבן ביי מאָטעקן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. נאָר בען האָט זיך קאָנטראָלירט און אויסגערופן צו לואיזן:

— איך האָב געמיינט, אַז דו פּאַסט אויף אויף סאַלטשען, לו.

דעם זעלבן אויף דער נאַכט האָט בען און לואיז גערעדט נאָכאַמאָל מיט סאַלטשען און מאָטעקן אויף טעלעפאָן. זיי זיינען איינגעשטאַנען ביי אירע עלטערן.

געקומען זיינען קלעירס עלטערן. גערעדט וועגן שלומען, דערמאָנט זאַכן וואָס זיי האָבן פריער ניט געהאַט דערציילט אָדער געדענקט. קלעיר איז געזעסן לעבן זיי און אירע גרויסע אויגן זיינען גרעסער געוואָרן. געקומען זיינען גאָלדע מיט מעקסן. מעקס האָט גערעדט וועגן די גרויסע שלאַכטן וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אויף די ווייטע פראָנטן און ער האָט געפּרואווט טרעפן ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן.

גאָלדע האָט געהאַט צו דערציילן גוטע נייעס מאָטעקן און סאַלטשען, נאָר זי האָט זיך געקווענקלט צי זי זאָל עס טאָן יענעם אָוונט. דאָך ווען סאַלטשע האָט זיך ביי איר נאָכגעפרעגט אויף די קינדער, האָט זי זיך שוין ניט געקאָנט איינהאַלטן און זי האָט מיט אַ שמייכל געלאָזט וויסן:

— סאַלטשע און מאָטעק, מיין אסתר האָט זיך ענדלעך צוגעקליבן אַ

בחור. איך מיין עס ערנסט. לעצטע וואָך האָט זי אונדז געלאָזט וויסן, אַז זי קלייבט זיך חתונה צו האָבן. זי האָט אַהיים געבראַכט דעם בחור, מיט וועלכן זי גייט שוין אַרום אַ לענגערע צייט און זי האָט אים פאָרגעשטעלט אַלס איר צוקונפטיקן חתן און געבעטן ביי אונדז, אַז מיר זאָלן געבן אונדזער צושטימונג. דער בחור אַרבעט אין אַן אַמוניציע פאַבריק. דערווייל רופט מען אים ניט אין מיליטער־דינסט. ער איז אַ כעמיסט און זיין אַרבעט איז וויכטיק דאָ.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז עס וועט מיר אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ, ווען מיין אסתר וועט חתונה האָבן. זי איז נאָך אַלץ אַזוי ווילד און ניט געזעצט. הלוואי זאָל איך שוין זען די „מערידזש־לייסענס" זייערע. קיין חתונה וועלן מיר ניט פּראַווען. ס'איז מלחמה־צייט. אַ צערעמאָניע ביי אַ רב און אַ פּאָר צענדליק געסט.

סאַלטשע האָט איר געוואונטשן אַלדאָס גוטס. מאָטעק האָט זיך גענויט אַרויסצוזאָגן אַ פּאָר גוטע ווערטער. גאָלדע האָט עס געפילט. זי האָט אים פאַרשטאַנען און עס האָט איר וויי געטאָן פאַר אים. אַהיים גייענדיק האָט גאָלדע באַדויערט וואָס זי האָט די נייעס געדאַרפט זאַרויספּלאָפּלען פּונקט אין טאָג פון שלומס יאָרצייט.

— איך האָב געטאָן אַ גרויסע נאַרישקייט, — האָט זי זיך באַקלאָגט פאַר מעקסן.

— יאָ, האָסט זיך געדאַרפט רעכענען מיט זייערע געפילן דעם היינטיקן אָוונט. האָסט עס ניט געדאַרפט טאָן. דו האָסט געזען, אַז איך האָב זיי גאָרניט ניט דערציילט וועגן דעם. נאָר אַ פרוי האָט אַ לאַנגע צונג. מילא, פאַרפאַלן. זיי וואָלטן דאָך געמוזט וויסן און ווען מען זאָל זיי ניט זאָגן, וועט עס זיי וויי טאָן.

עס זיינען יענעם אָוונט געווען ביי מאָטעקן אין הויז אַ פּאָר מיטגלידער פון זיין ברענטש און עס זיינען געקומען אַ פּאָר פרויען פון סאַלטשעס קלוב. מיט זיי האָבן זיך מאָטעק און סאַלטשע געהאַלטן גאָר פריינטלעך, גערעדט וועגן דער לאַגע פון דער מלחמה, וועגן באַוועגונג־ענינים, נאָר וועגן שלומען האָבן זיי ניט גערעדט און ניט געוואָלט אַרויסרופן סימפּאַטיע־געפילן צו זיך.

דער עולם איז אַוועק. סאַלטשע און מאָטעק זיינען געבליבן אַליין. מאָ־טעק האָט געהאָלפן צוראַמען. סאַלטשע איז געווען שטאַרק מיד און צע־בראָכן, נאָר זי האָט עס פאַר מאָטעקן ניט געוואָלט אַרויסווייזן. זי האָט אים געהייסן גיין שלאָפן. זי וועט נאָך אויף זיין. זי האָט נאָך אַרבעט צו טאָן. נאָר מאָטעק האָט געזאָגט, אַז ער איז ניט מיד און ער וועט איר אַרויסהעלפן. פאַרשטאַנען האָט ער, אַז סאַלטשע דאַרף זיך נאָך אויסוויינען, אַראָפּרעדן פון

האַרצן און ער האָט געוואָלט זיין לעבן איר, ניט אָפּטרעטן פון איר.

— סאָלטשע־קינד, האָסט געהאַט אַ שווערן טאָג, ס׳וועט זיין גענוג. צייט צו רוען, — האָט ער ווייך געזאָגט און ער האָט זי אַרומגענומען און זי אַ גלעט געטאָן איבער דער באַק.

זי האָט אָנגענומען זיין האַנט און זי אַריינגענומען אין אירע וואַרעמע דלאָניעס.

— מאַטעק טייערער, ס׳איז געווען אַזוי פיין פון בענען און לואיזן, וואָס זיי האָבן מיט אונדז דעם טאָג פאַרבראַכט. מענטשן זיינען אַזוי גוט צו אונדז. מיר דאַרפן עס אָפּשאַצן. ווען ניט פאַר די מענטשן, וואָלט געווען שווער צו לעבן אויף דער וועלט. מאַטעק, עס איז מיר אַזוי אומעטיק אָן שלומען. קאָנטראָליר זיך היינט, קאָנטראָליר זיך מאָרגן, נאָר זיין ליכטיק געשטאַלט קאָן קיינער ניט פאַרנעמען . . .

טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער אירע באַקן. זי האָט זיך צוגעזעצט. מאַטעק — לעבן איר. ער האָט גערעדט צו איר ווייך, ליב.

— זיס קינד, ס׳איז דאָ איין אויסוועג, נאָר איין אויסוועג — צו האַלטן זיך מוטיק, ניט אונטערגעבן זיך. ס׳איז מלחמה־צייט און מען דאַרף קאָנען צונעמען קלעפּ, ווי ביטער זיי זאָלן ניט זיין. אַזוי וואָלט שלומל אויך גע־פילט. ער האָט שטענדיק געגרויסט זיך מיט דיין מוטיקייט, מיט דיין קאַמפּס־גייסט. אים איז שטענדיק געווען געפעלן וואָס מיר האָבן אים געהאַט מיט־גענומען צו די דעמאָנסטראַציעס אויף יוניאָן סקווער, וואָס מיר האָבן אים געלערנט צו זיין אַ קעמפער פאַר גערעכטיקייט. ער איז געפאַלן אין קאַמף פאַרן אמת, פאַר גערעכטיקייט. לאָמיר אים ניט פאַרשעמען, סאָלטשע־קרוין.

נאָר סאָלטשע האָט אויסגעפּלאַצט. זי האָט געוויינט און גערעדט, גע־רעדט און געוויינט. מאַטעק האָט זי אויסגעהערט און געפּרואווט לינדערן איר ווייטאָג. זי האָט געקוקט אויפן צימער אין וועלכן זיי זיינען געזעסן און זי האָט מיט די לעצטע מאַמעשע הענט אָנגעוויזן אויף שלומלען, — דאָס קינד, ווי ער איז געקראָכן אויף אַלע פיר; ווי ער האָט ניט געקאָנט דערגרייכן דעם אָנלען פון שטול; ווי ער האָט ליב געהאַט זיך שטעלן ביים פענצטער, נאָר ער איז ניט געווען הויך גענוג צו קאָנען אַרויסקוקן; ווי מען האָט גע־פּראַוועט זיין פינף־יאָריקן געבורטסטאָג; ווי ער האָט דעם ערשטן מאָל אָנ־געטאָן אַ שניפּסל; ווי ער האָט פאַרטיידיקט דעם ערשטן מאַי פאַר דער סקול־לערערין; ווי ער האָט אַהיים געבראַכט אַ מיידל צום ערשטן מאָל און ווי ער האָט פאַרזיכערט סאָלטשען, אַז אין דער אמתן האָט ער בלויז זיין מאַמען ליב. דאָס מיידל איז זיינער אַ סקול־פריינט, ניט מער. אַלע ייִנגלעך אין סקול חברן זיך מיט מיידלעך . . .

— פאַרוואָס זיינען מיר געבאָרן געוואָרן אין אַזאַ שלעכטער צייט ? פאַר־וואָס איז אונדז ביידן באַשערט געווען צו ליידן אַזוי פיל פון אונדזערע קינדער־יאָרן אָן, מאָטעק, ליבער ?

מאָטעקס ווייך קול האָט זי ענדלעך איינגענומען. ער האָט גערעדט צו איר ווי צו אַ קינד, געפילט צו איר ווי צו אַ קראַנק קינד, געצערטלט ווי אַ קינד וואָס ליידט פון פיין.

ווען זיי זיינען אויפגעשטאַנען אינדערפרי, האָבן זיי ביידע געפילט ווי זייער הויז איז פוסט. עס פעלט זיי עפּעס, וואָס וועט קיינמאָל שוין מער ניט צוריקקומען. זיי האָבן ביידע געקרעכצט אינדערשטיל און זיי האָבן זיך געפילט פאַרלייכטערט, ווען זיי זיינען אַרויס אין גאַס, צווישן פרעמדע מענטשן.

.3

די צייטונגען האָבן יעדן טאָג אָפּגעדרוקט צעטלען פון אומגעקו־מענע אין דער מלחמה, פון ניו־יאָרקער געגנט. ניט איינמאָל האָבן סאַלטשע און מאָטעק דערקענט די נעמען פון באַקאַנטע, אָדער די נעמען פון קינדער פון באַקאַנטע. נאָר די נייעס פון די פראָנטן האָט זיי געהאַלטן געשפּאַנט. יעדער זיג פון די אַמעריקאַנער כוחות, אָדער די כוחות פון די עלאַיס, איז געווען אַ פערזענלעכער זיג פאַר זיי. עס איז געווען זייער מלחמה, זייער לעבן איז געשטאַנען אין קאָן.

דאָס יאָר 1943־1944 איז געווען אַ יאָר פון לופט־שלאַכטן. אונדזערע לופט־פעסטונגען האָבן זיך געיאָגט נאָך דער „לופטוואפע". אונדזערע חיילות האָבן ניט געוואוסט פון קיין אָפּשטעל. צפון אַפריקע איז באַפרייט געוואָרן, די וואַסערן פון מיטלענדישן ים זיינען צוריק געווען אין די הענט פון די עלאַיס און אַ ריזיקע ארמאדא האָט זיך געלאָזט צו די ברעגן פון אייראָפּע און געלאַנדעט אין סיציליע. מוסאָליניס מפלה איז אָנגעקומען. עס איז גע־ווען קלאָר: די נאַציס און די פאַשיסטן האָבן אָנגעהויבן צו דערפילן די מאַכט פון די אַליאירטע.

סאַלטשע און מאָטעק זיינען געווען אַ טייל פון אַלץ, וואָס האָט אָנגע־רירט דאָס געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע לעבן פון לאַנד. זיי האָט אינ־טערעסירט דער אויסגאַנג פון די שטאָטישע וואַלן, ווי זיי זיינען געווען אַריינגעטאָן מיט די צוגרייטונגען פאַר נאַציאָנאַלע וואַלן. אייך זאַך האָט זיי שטענדיק געאַרט — דער וואוילזיין פון לאַנד. זאָל נאָר אַלץ דאָ זיין האַר־מאָניש, וועט מען דאַן קאָנען איינשטעלן אָרדענונג אויף דער וועלט און אָפּ־שאַפן דעם פאַשיזם און ברענגען שלום און איינפירן אַ וועלט פון פרייהייט און ליבע.

זייער פערזענלעך לעבן איז זיי איצט ווינציק-וואָס אָנגעגאַנגען. זיי האָבן אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי, נאָר זיי האָבן מיטאַמאָל דערזען, אַז זיי האָבן שוין דעם גרעסטן חלק לעבן אָפּגעלעבט. אָן זייער שלומען האָט זיי שוין ניט געאַרט ווי לאַנג זיי וועט נאָך אויסקומען צו לעבן אויף דער וועלט. אין אַ צייט, ווען אַזוי פיל יונג בלוט זאַפּט דורך די ערד און די ימים, זיינען די לעבנס פון צוויי עלטערע מענטשן גאָרניט ניט ווערט, איז געווען זייער טעאָריע.

— סאַלטשע, ניט איינמאָל טראַכט איך, אַז אויב מיינע שוועסטער לעבן נאָך, וועלן מיר זיך איינאָרדנען מיט זיי צוזאַמען. און אויב, חלילה, זיי זיינען אומגעקומען און עס איז געבליבן אַ קינד, וועלן מיר זיך זאָרגן פאַר אים. אוי, ווי דערלעבט מען שוין היטלערס וויסטן סוף! וואָס לענגער די מלחמה געדויערט, וואָס מער מען וואַרט אָפּ מיטן עפענען דעם צווייטן פראָנט, אַלץ ווינציקער ווערן די שאַנסן, אַז מיין משפחה זאָל בלייבן לעבן אין לאָדזש.

סאַלטשען זיינען זיינע ווערטער אַריין אין האַרצן. זי האָט מאָטעקן פאַר־שטאַנען. זי האָט מיט אים איינגעשטימט, נאָר זי האָט געוואוסט, אַז היט־לערס פּראָגראַם איז געווען אויסצוראָטן אַלע יידן. לאָדזש איז געווען אין זיינע הענט פון אָנהויב אָן. די שטאָט איז דאָך געוואָרן אַ טייל פון דייטשן רייך — ליצמאַנשטאַדט. זי האָט אָפּט ניט געקאָנט לייענען די שוידערלעכע נייעסן וועגן דער לאַגע פון די יידן אין אייראָפּע. זי האָט זיך דערמאָנט אין איר לעצטן באַזוך אין לאָדזש, אין מאָטעקס שוועסטער, אין זיינע אָנקלען און טאַנטעס, אין זייערע קינדער.

אויף טריט און שריט האָט זי פאַר זיך געזען שלומען. די גאַסן זיינען געווען פול מיט מיליטערישע יוניפאָרמען. זי האָט זיך איינגעקוקט אין די פּנימער פון די יונגע מאַטראָסן און סאָלדאַטן און זי האָט געוויינט אין זיך און אין דער זעלבער צייט זיך אַליין אויסגערעדט פאַר איר שוואַכקייט.

פון צייט צו צייט האָבן די צייטונגען דערציילט וועגן אַ נס, וועגן אַ מאַטראָס, צי אַ סאָלדאַט וואָס איז פון קריג־דעפּאַרטמענט דערקלערט געוואָרן אַלס טויט און שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער לעבט. אין אַזעלכע מאָמענטן האָט סאַלטשע געחלומט, אַז אַזוי וועט אויך פּאַסירן מיט איר שלומען. נאָר די צייט איז געווען אַ צייט פון פליענדיקע פעסטונגען און פון טויזנטער קרבנות יעדע וואָך און די האַרטע וואָר האָט איר געשפּאַרט אין פּנים אַריין.

ווען עס האָט איר אָרומגענומען אַ בענקעניש, האָט זי געבעטן מאָטעקן, אַז ער זאָל מיט איר צופאָרן צו דער בעטערי און דאָרט האָבן זיי זיך אַוועק־געזעצט, און געקוקט אין דער בוכטע אַריין, צו דער סטאַטוע פון פרייהייט,

צו עליס אײַלאַנד און צום ווײַטן סטעטן אײַלאַנד.

זיי זײַנען געזעסן און געשוויגן, נאָר אינעווייניק האָט געברויזט, ווי די כוואַליעס אַרום און אַרום. ניט איינמאָל זײַנען זיי זיך דורכגעפאָרן אויף דער פּערי קיין סטעטן אײַלאַנד און צוריק. זיי זײַנען געווען שטאַרק פאַראינ־טערעסירט אין די גרויסע קאָנוואַי און קריג־שיפן וואָס זײַנען אַרויס צום אָקעאַן, אָדער וואָס זײַנען אַרײַנגעקומען אין ניו־יאָרקער האַפן. סאַלטשע האָט נאָכגעקוקט די שוואַרץ און שוואַרץ־גרוי געפאַרבטע שיפן, וואָס האָבן אָנ־געוואָרפן אַ פּחד מיט זייער אויסזען. עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז אויף איינער אַזאַ שיף געפינט זיך שלום. די שיף איז אַ טויטן־שיף און דאָרט איז זײַן קערפּער.

זי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן קוני אײַלאַנד. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז אַרום ים דאַרף זײַן שטיל, בלויז די כוואַליעס דאַרף מען הערן און אײַנ־זאַפּן אין זיך זייער רעש און רויש. זי האָט געטרוימט צו זײַן אַמאָל אין פּוירל האַרבאָר און זען וואו דאָס אומגליק איז פאָרגעקומען און שטיין פאַר זײַן נאָסן קבר און אײַנזאַפּן אין זיך די לופט און די אַטמאָספערע.

אַנדערש איז געווען מאַטעק. ער האָט דורך זײַן געזעלשאַפטלעכער אַר־בעט געוואָלט זיך פאַרגעסן אינגאַנצן. ער האָט מער ניט געטראַכט וועגן שלומען. ער האָט בלויז אינזינען געהאַט דעם הײַנט און די צוקונפט, וואָס יעדער אַנטי־פאַשיסט דאַרף צוגרייטן פאַרן מאָרגן. עס איז געווען קלאָר, אַז דער זיג וועט זײַן אונדזערער, נאָר צי דער שלום וועט זײַן אַ געזיכערטער, אין דעם איז ער ניט געווען איבערצײַגט. די עלאַיס העלפן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. רוזוועלט, סטאַלין און טשוירטשיל קומען זיך צוזאַמען, נאָר צי וועט מען נאָך דער מלחמה אויך זײַן צוזאַמען, דאָס איז געווען מאַטעקס זאָרג.

און נאָך אַ זאָרג האָט ער געהאַט. דאָס יידישע פאָלק צאָלט דעם גרעסטן פּרײַז פאַרן קומענדיקן שלום. נאָר דאָס יידישע פאָלק שטייט אויף דער שוועל פון פאַרניכטונג. ווי אַזוי וועט די וועלט קאָנען פאַרענטפערן זיך פאַר דער אויסראָטונג פון אַ גאַנצן פאָלק?

לאָדזש האָט זיך מיטאַמאָל דערנעענטערט צו אים. ער איז געגאַנגען אויף די טראָטואַרן פון מאַנהעטן און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער שפּרייזט אויף די חורבות פון באַלוט. ער האָט געלייענט אַ יידישע צייטונג און ער האָט זיך געפרעגט: וואָס איז געוואָרן מיט זײַנע פיר שוועסטער?

און זיצנדיק אויף דער פּערי קיין סטעטן אײַלאַנד און אַרײַנקוקנדיק אין די וואַסערן וואָס האָבן געשטראָמט פון אַטלאַנטיק, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די כוואַליעס ברענגען אים ווילדע גרוסן פון זײַנע אייגענע, פון לאָדזש.

## קאַפּיטל נײַן און פופציק

# די זיגער

.1

אַזעלכע שײַן־קלינגענדיקע ווערטער האָבן די אַמעריקאַנער זיך אויסגעקלערט איבערצוחזרן כמעט טעגלעך: סאַלערנאָ, טוניסיע, סטאַלינגראַד, יאַוואַ, בורמאַ, באַטאַן, קאַראַטשי, קאַסינאָ, רימיני, פּיזאַ, וואָלגאַ, אָדער, עלבע.

די ווערטער האָבן געמיינט: שטעט, טײַכן, בערג, אינדזלען, נעמען אין דער נײַער געשיכטע. שײַן־קלינגענדיקע ווערטער — נאָר פּאָר הונדערטער טויזנטער אַמעריקאַנער האָבן זיי אויך געמיינט — טראַגעדיעס, היסטעריקע, טרערן און פאַרגאָסן בלוט פון אייגענע קינדער, פון ברידער, פאָטערס און פרײַנט. יעדער נאָמען האָט געמיינט — אַ מצבה, יעדער נאָמען האָט דערמאָנט — סוף, אונטערגאַנג, דערשאָסן, פאַרברענגט, דערטרונקען, צעריסן געוואָרן.

יאָר נאָך יאָר — 1939, 1940, 1941, 1942, 1943, 1944 — ערד פאַרפליצט פון מענטשן־בלוט; הימלען באַפלעקט פון רויט, וועלט צעריסן פון סטאַיעס ווילדע וועלף. רוזוועלט, סטאַלין, טשוירטשיל — די פאַרטיידיקער פון מענטשן קעגן דעם אָנפאַל פון קאַניבאַלן. ענדלעך געפּאַקט אים, דעם נאַצי־רויבער, און אָנגעהויבן דערלאַנגען דעם טויט־קלאַפּ. ניט אַזוי לײַכט איז דאָס אָנגעקומען. די וועלט האָט אירע בעסטע זין און טעכטער פאַרלאָרן.

ענדלעך דערלעבט דעם „די״־טאָג, דעם זעקסטן יוני, 1944. די אַמעריקאַנער און די ענגלענדער לאַנדן אויף די ברעגן פון נאָרמאַנדי. די רויטע אַרמייען דערנענטערן זיך צו דײַטשלאַנד. אַ גרויסע פרייד האָט אַרומגענומען מיליאָנען מענטשן. די פרייד האָט געקאָסט די לעבנס פון טויזנטער בעסטע זין. די פרייד האָט אַרײַנגעבראַכט טרויער אין טויזנטער היימען. פרייד און טרויער, בלוט און וואַסער — אַלץ האָט זיך אויסגעמישט.

סאָלטשע האָט אין די אַלע יאָרן געהאָפט און געאַרבעט, געוויינט טעטיק און געבענקט — נאָר די שיף איז אַוועק אין נעבל און מען האָט זי מער ניט געזען. די שיף — די האָפענונג, אַז שלום וועט זיך נאָך אָפּזוכן, אַז ער

איז געפאַנגען ביי די יאַפּאַנעזער, אַז ער איז פאַרוואָרפן געוואָרן אויף אַן אײנזאַמען אינדזל אויפן פּאַסיפיק. דער רויטער קרייץ האָט געטאָן אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען: צוריקגעקומענע סאָלדאַטן און מאַטראָסן האָבן דערציילט און זיך געלאָזט אויספרעגן. ניין, סאַלטשע, פאַרגעס. די שיף וועט זיך מער ניט אומקערן צוריק. שלום וועט ניט צוריקקומען.

און ווי די שיף האָט זיך דערווייטערט און געוואָרן אַלץ בלאַסער און אויפגעלייזטער, אַזוי האָט סאַלטשע געוואוסט, וועט אויך געשען מיט קלעיר. ס'איז אַוועק אַ יאָר און צוויי און קלעיר האָט זיך איבערצייגט, אַז שלום וועט מער ניט צוריקקומען. זי איז געווען צוגעבונדן צו סאַלטשען, נאָר סאַלטשע האָט זיך געבעטן ביי איר, אַז זי זאָל ניט פאַרנאַכלעסיקן אירע פאַרגעניגנס. קלעיר האָט שוין דאַן געהאַט געאַרבעט אין אַן אָפיס; און דאָ איז געווען אַ טאַנץ און דאָרט איז געווען אַ קאָזין, וואָס איז געקומען זי „אויסנעמען" אויף בראָדוועי.

— קלעיר, פּוץ זיך אויס. דו קוקסט אויס וואונדערבאַר אין דיין נייע גרוי קליידל. גיי, פאַרברענג. ביסט יונג און שיין. איצט איז דיין צייט. איך בעט דיך, גיי אַמוזיר זיך.

און ביסלעכווייז איז פאַר סאַלטשען געוואָרן נאַטירלעך, אַז קלעיר זאָל זיך באַווייזן אין איר שטוב זעלטענער און זעלטענער. סאַלטשע האָט זיך דערוואוסט, אַז קלעירן זעט מען אויף דער עוועניו מיט אַ יונגן לייטענאַנט פון לופט קאָרפּוס. ער האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט איבער 50 מיסיעס און באַקומען אַ צאָל מעדאַלן און ער איז אַהיים געשיקט געוואָרן זיך צו דערהאָלן פון אַ פּאָר לייכטע וואונדן, וואָס ער האָט באַקומען, ווען זיין לופטפעסטונג איז געטראָפן געוואָרן.

קלעיר האָט ענדלעך דערציילט סאַלטשען וועגן סידנין, אָדער ווי זי האָט אים גערופן — סיד. און אויף סאַלטשעס איינלאַדונג האָט זי געבראַכט סידנין צוגאַסט. מען האָט פאַרבראַכט אַ פיינעם אָוונט. מאָטעק און סאַלטשע האָבן סידנין געלאָזט רעדן, אים אויסגעהערט מיט אינטערעס. ער האָט פאַרמאָגט אַ חוש פאַר הומאָר און ער האָט געוואוסט, אַז ער געפינט זיך אין אַ הויז, וואו דער איינציקער זון איז אומגעקומען. צי ער האָט געוואוסט, אַז קלעיר איז פריער געווען פאַרליבט אין יענעם זון, דאָס איז ניט געווען זיכער. נאָר סידני האָט מער דערציילט וועגן זיינע חברים ווי וועגן זיך. אויך קלעיר איז געווען טאַקטיש און זי האָט זיך באַצויגן צו סידנין ניט צו־אינטים. שלומס נאָמען האָט זי איינגאַנצן ניט דערמאָנט. קיינער האָט ניט דערמאָנט. סאַלטשע האָט קלעירן קיינמאָל ניט געפרעגט, צי זי האָט דערציילט סידנין וועגן שלומען.

— מיר געפעלט סידני זייער שטאַרק, קלעיר, — האָט סאַלטשע איר שפּעטער געזאָגט, — ער האָט דיך, ווייזט אויס, ליב און איר זייט אַ צוגע־פּאַסטע פּאָר. אויך מאַטעק איז מיט דער זעלבער מיינונג. זאָל דיר זיין מיט גליק, קלעיר. איצט איז דיין צייט.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, כמעט צום יאָרצייט פון שלומען, איז סידני באַ־פרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט. סאַלטשע האָט געזען די אומגעצאַמטע פרייד פון קלעירס צעשטראַלט פּנים. זי האָט געוואוסט, אַז קלעיר וועט באַלד חתונה האָבן. זי האָט זיך געריכט, אַז קלעיר וועט איר איבערגעבן די נייעס און זי האָט זיך געשטאַרקט די נייעס אויפצונעמען ווי עס פּאַסט פאַר איר.

און זי האָט לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן. דעם 7טן דעצעמבער, 1944 איז קלעיר אַריינגעקומען צו סאַלטשען אין שטוב אָנגעטאָן אין שוואַרצן. איר פּנים איז געווען פאַרטרויערט. איר קול איז געווען פאַרשטיקט... סאַל־טשעס קלוגע אויגן האָבן יענעם טאָג אויסגעדריקט פאַרשטענדעניש און ניכ־טערקייט. זי האָט אַרומגענומען קלעירן:

— מיין קינד, מיר וועלן שטענדיק בלייבן פריינט. אַ שאָד וואָס דו האָסט ניט געקאָנט ווערן מיין טאָכטער. איך האָב דיך ליב.

זיי האָבן זיך צעקושט. קלעיר האָט געוויינט. סאַלטשעס אויגן זיינען געבליבן טרוקן. מאַטעק איז געווען פאַרנומען אין צווייטן צימער מיט אַ פּאָר געסט, ווען סאַלטשע איז אַריינגעקומען צו אים מיט קלעירן, איר אָרעם אַרום קלעירס טאַליע, האָט מאַטעק פאַרשטאַנען, וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישן זיי און ער האָט קלעירן צוגעדריקט צו זיך און איר אַ קוש געטאָן אויפן שטערן. קלעיר האָט אים אַרומגענומען און געקושט אים אויף די באַקן.

אין אַ צוויי וואָכן אַרום איז קלעיר אַרויפגעקומען צו סאַלטשען אין אָוונט. מאַטעק איז געזעסן און זיך איינגעהערט צו דער ראַדיאָ. סאַלטשע האָט באַמערקט, אַז קלעיר איז צעטראָגן, בלאַס. סאַלטשע האָט געבעטן, אַז מאַטעק זאָל פאַרמאַכן די ראַדיאָ. מאַטעק האָט געפאָלגט און אַ קוק טוענדיק אויף קלעירן, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זי איז געקומען מיט אַן אָנזאָג, אויף וועלכן ער האָט זיך געהאַט געריכט.

אויף סאַלטשעס פראַגעס האָט קלעיר געענטפערט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. און באַלד האָט זי אויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין.

— אויב קיין זאַך האָט ניט פּאַסירט ביי אייך אין הויז, קלעיר, דאַן, דוכט זיך מיר, אַז דו ביסט אונדז געקומען אָנזאָגן אַ גוטע בשורה . . . איז צוליב וואָס דאַרפסטו, קינד, וויינען? בין איך גערעכט, צי ניין?

— איר זייט גערעכט, סאַלטשע.

— דו ביסט אונדז געקומען איינלאַדן צו דיין חתונה מיט סידנין . . .

— ווער האָט עס אייך שוין דערציילט? עס איז מיר אַזוי שווער צו טאָן דאָס. איך האָב אַלץ געהאָפּט, אַז —

— זיי נישט קיין נאַר, מיין קינד, — האָט סאַלטשע מיט אַ הויך קול געזאָגט, — ס'וועט ביי אונדז זיין אַ גרויסע פרייד צו זיין אויף דיין חתונה. דו ביסט געווען שלומס נאָענסטער פריינט און מיר וועלן בלייבן די בעסטע פריינט. עס איז דאָך קיינעמס שולד נישט געווען.

און ווידער האָט מען זיך געקושט און געהאַלדזט און ווען קלעיר האָט פאַרלאָזן האָט זי געלאַכט און אַרויסגייענדיק פון סאַלטשעס שטוב האָט זי געפילט, ווי ס'איז איר אַ שווערער שטיין אַראָפּ פון האַרצן און עס איז איר געוואָרן אַזוי לייכט און די פיס האָבן געשפּרייזט אַזוי גרינג און שטאָלץ; און פון דאַן אָן איז איר געווען אַזוי פריי און גוט.

מאַטעק און סאַלטשע זיינען צו קלעירס חתונה געגאַנגען. אַ שיינע מתנה געבראַכט, מיט חתן־כלה זיך געקושט, מיט אירע עלטערן זיך געקושט און דער שמייכל איז פון סאַלטשעס פּנים נישט אַרונטער, כל זמן זי איז אין זאַל געווען.

נאָך דעם צווייטן טאָג איז סאַלטשע אַ גאַנצן טאָג אין בעט געלעגן און דעם קאָפּ נישט געקאָנט אויפהייבן. זי האָט געוויינט, געוויינט און שלומס בריוו געלייענט און צו זיך נישט געקאָנט קומען.

.2

דאָס לעצטע קאַרטל וואָס מאַטעק האָט געהאַט דערהאַלטן פון לאָדזש־ליצמאַנשטאַדט איז געווען סוף 1941. דאָס קאַרטל איז געווען פון גוטשיאַן. ווי די פריערדיקע איז עס געווען אין דייטש. זי האָט געשריבן:

„מיינע טייערסטע: אונדזער פאַמיליע ווערט אַלץ קלענער. מיר זיינען זייער אויסגעמאַגערט. אַנדזשיאַס קינד איז וואונדערבאַר שיין, נאָר וועט איר עס נאָך אַמאָל זען? בעט דעם ליבן גאָט פאַר אונדז. מיר נויטיקן זיך שטאַרק אין זיין הילף. איך בין מיד, מיד, מיד. עס איז אוממעגלעך צו שרייבן. מיינע אויגן זיינען שוואַך, מיינע הענט ציטערן. איך נעם אייך אַרום און קוש אייך הייס, הייס.
„אייער אומגליקלעכע, גוטשיאַ."

אין לאָדזשער געטאָ האָט דער טויט געלאַכט חוצפּהדיק און הויך און די לעבן־געבליבענע האָבן געוויינט, ווי אַ וואָיענדיקער שפּעטער האַרבסט־ווינט ביינאַכט. מען האָט געוווּסט, אַז קיינער וועט זיך פון טויטס לאַפּעס נישט אַרויסדרייען און אַז די דייטשן, וואָס האָבן די מאַכט, זיינען מער קיין מענטשן

ניט, נאָר אויף אייביק־פאַרשאָלטענע מאָנסטערס מיט אייזערנע צוואַנגען, אָנשטאָט הערצער, מיט מאָרד־מאַשינען, אָנשטאָט מוחות.

אָנקל גוסטאַוו און זיין פרוי זיינען אָװעקגעשיקט געװאָרן אין טויטן־לאַגער אין כעלמנאָ. מער האָט מען פון זיי ניט געהערט. וואָס עס איז געװאָרן פון זייערע קינדער, האָט מען אויך קיינמאָל ניט אויסגעפונען.

אָנקל מאיר איז געזעסן ביי זיך אין הויף און אַריינגעקוקט אין אַ ספר. איז פלוצלינג אָנגעקומען אַ פּאָליציסט און אָן אַ וואָרט אַרויסגענומען זיין רעוואָלווער און אַריינגעשאָסן אַ קויל מאירן אין קאָפּ אַריין. מאיר האָט זיך אַ צאַפּל געגעבן, זיך שטייף אויפגעזעצט און באַלד אַ פאַל געטאָן פון בענקל מיטן פּנים אַראָפּ. דער פּאָליציסט האָט אַריינגעלייגט דעם רעוואָלווער אין שייד און איז זיך רואיק אַוועקגעגאַנגען. ווען עמאַ איז אַרויסגעקומען, איז שוין איר מאַן געווען טויט.

די טאַנטע עמאַ מיט צוויי טעכטער זיינען אין אַ פּאָר טעג אַרום, אויף רומקאָווסקיס באַפעל, צום טויטן־וואָגן געפירט געוואָרן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציעס פון דער לאָדזשער געטאָ. דאָס איז פאָרגעקומען אין סעפּטעמבער 1942. אַנדזשיאַ האָט ניט געוואָלט אָפּגעבן איר קינד, וואָס מען האָט פון איר געוואָלט צונעמען, ווען מען האָט צוגענומען די עופעלעך און גרעסערע קינדער פון זייערע מאַמעס. אַנדזשיאַ און איר טעכטערל זיינען צוזאַמען געגאַנגען אין די גאַז־קאַמערן.

גוטשיאַ, לאָטשיאַ און מלכּה זיינען אין יוני 1944 דעפּאָרטירט געוואָרן און זיי זיינען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון אָשוויענטשים.

די דריי שוועסטער איז געלונגען זיך האַלטן צוזאַמען ביז צום סאַמע סוף. גוטשיאַ האָט יעדן טאָג תּפילות אויסגעשעפּטשעט, די שוועסטער געטרייסט און זיי פאַרזיכערט, אַז גאָט איז אַ פּאָטער און ער זעט אַלץ און דער גערעכטער וועט באַקומען זיין לוין און דער מערדער זיין שטראָף.

לאָטשיאַ איז געגאַנגען צו די גאַז־קאַמערן מיטן גלויבן, אַז איר אַנקאַ וועט בלייבן לעבן. געוואוסט האָט זי, אַז העניעקן האָט מען פאַר צוואַנג־אַרבעט געכאַפּט און דאָס האָט געמיינט, אַז ער איז אומגעקומען. אַנקאַ האָט זיך אַ גאָלדענעם צלם אויפן האַלדז אָנגעטאָן, אַ פּאָר פּוילישע מאַליטוועס אויף אויסוויניק אויסגעלערנט און זיך קיין וואַרשע צוגעכאַפּט. דאָרט האָט זי אויף דער אַרישער זייט געוואוינט, ווי אַ פּאָליאַטשקע און — געוווער געטראָגן צו דער וואַרשעווער געטאָ.

אַנקאַ איז געכאַפּט געוואָרן ווי אַ פּאָליאַטשקע, וואָס איז געזונט און קאָן אַרבעטן אין דייטשן רייך. איר יוגנט האָט איר אַרויסגעהאָלפן. מען האָט זי פון איין שטאָט אין דער צווייטער געשיקט ; אין אַמוניציע פאַבריקן ; אין

אייזן־גיסערייען; ביי פּריוואַטע בירגער פּאַר אַ שקלאַף געניצט.

ווען די אַמעריקאַנער אַרמיי איז אין דייטשלאַנד אַריין, האָבן זיי אַנקאָן אַ לעבעדיקע געטראָפן. די איינציקע פון איר גרויסן משפּחה־שטאַם.

.3

דעם 8טן מאַי, 1945, האָט די רויטע אַרמיי איינגענומען בערלין. פעלד־מאַרשאַל ווילהעלם קייטעל האָט זיך אונטערגעגעבן צו די אַמעריקאַנער, צו די רוסישע און ענגלישע גענעראַלן. דעם צווייטן סעפּטעמבער האָט יאַפּאַן אונטערגעשריבן איר מפּלה אויף דער אַמעריקאַנער שלאַכט־שיף „מיזורי".

אַזוי האָט זיך געענדיקט די צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט איבער־געלאָזט אַ וועלט אין פּיין און וואונדן.

און ווען מאַטעק האָט פאַרגעלייענט פאַר סאַלטשען די לעצטע רעדע וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט געדאַרפט האַלטן אויף דער ראַדיאָ אין אַפּריל 1945, האָבן זיי ביידע געפילט, אַז ווען ער וואָלט געלעבט און די רעדע גע־האַלטן, וואָלט די וועלט דעם שפּעטערדיקן זיג מער אָפּגעשאַצט. ווי משה'ן, איז רוזוועלטן ניט באַשערט געווען צו דערלעבן צו זען די פּרוכט פון זיין אַרבעט.

און געזאָגט האָט רוזוועלט אין זיינע לעצטע ווערטער ערב דער סאַן פראַנציסקאָ קאָנפערענץ פון די פאַראייניקטע פעלקער:

„מיר שטייען היינט פאַרן אומשטרייטבאַרן פאַקט, אַז אויב די ציוויליזאַציע זאָל בלייבן לעבן, מוזן מיר קולטיווירן די וויסנשאַפט פון מענטשלעכע באַציאונגען — די פייאיקייט פון אַלע פעלקער, פון אַלע מינים, צו לעבן צוזאַמען און אַרבעטן צוזאַמען אין דער זעלבער וועלט, אין שלום . . . די אַרבעט, מיינע פריינט, איז שלום, מער ווי אַ סוף צו דער מלחמה — אַ סוף צו די אָנהייבן פון אַלע מלחמות, יאָ, אַ סוף, אויף אייביק, צו דעם ניט פּראַקטישן, ניט רעאַליסטישן לייזן פון אַלע סכסוכים צווישן מלוכות דורך מאַסן מאָרדן פון מענטשן".

נאָך דעם 12טן אַפּריל ביינאַכט האָט די ראַדיאָ געבראַכט אַ ספּעציעלן נייעס־בולעטין, וואָס האָט פאַרוואונדעט מיליאָנען הערצער איבער דער גאַנצער וועלט.

פּרעזידענט רוזוועלט איז געווען טויט.

און שטום זיינען סאַלטשע און מאַטעק געוואָרן פון דער נייעס און אַ לאַנגע צייט ניט געקאָנט צו זיך קומען.

און מיטן טויט פון פּרעזידענט רוזוועלט האָט סאַלטשע דערפילט, ווי איר שלום איז נאָכאַמאָל געשטאָרבן. ניין, מער וועט שלום קיינמאָל ניט

צוריקקומען. און די וועלט וועט אָן רוזוועלטן זיך ווידער פאַר די האָר רייסן און זיינע לעצטע ווערטער וועלן אין לעבן ניט אָנגעווענדט ווערן.

מאָטעק איז געווען אַ סך מונטערער. ער האָט געגלויבט, אַז די קרבנות פון מיליאָנען מענטשן וועלן זיין אַן אייביקע שוץ קעגן פעלקער־מאָרדן, קעגן אַ נייער מלחמה.

דערווייל האָבן די צייטונגען יעדן טאָג געדרוקט אַלץ שרעקלעכערע באַריכטן וועגן דער אויסראָטונג פון מיליאָנען יידן אין איראָפּע; וועגן דעם סוף פון פוילישן יידנטום.

— סאַלטשע, ס'איז מער קיינער ניט געבליבן פון מיין שטאַם. קאָן איך דען איבערציילן וויפל עס זיינען אומגעקומען פון מיין גרויסער, פאַרצווייג־טער משפחה? וואָלט כאָטש אימיצער לעבן געבליבן! אוי, ווי שרעקלעך עס איז צו לעבן מיטן געדאַנק, אַז מיינע שוועסטער און זייערע מענער און זייערע קינדער זיינען דערשטיקט געוואָרן, פאַרגאַזט געוואָרן, פאַרברענט געוואָרן אין מאַידאנעק, אָשוויענטשים און כעלמנאָ.

— מאָטעק, עס איז געזינטער, אַז דו זאָלסט זיך פון האַרצן אַראָפּרעדן. נאָר מען מוז לעבן, מען מוז מיט אַלע כוחות צוזאַמענגעמען און אויפבויען דאָס, וואָס איז געבליבן פון אונדזער פאָלק. גיב זיך נאָר אַ קוק אַרום און זע וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, זע וואָס עס טוט זיך אין אונדזער אייגענעם לאַנד. מיט רוזוועלטס טויט וועלן די פאַשיסטישע עלעמענטן ביי אונדז אַרויס פון די לעכער און זיי וועלן צוריק פּרובירן אַריינדרינגען אין אַלע ווינקלען פון אונדזער לעבן און עס אונטערגראָבן. סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט באַזיגט די שונאים, נאָר עס זיינען נאָך פאַראַן גענוג פאַשיסטן, וואָס וועלן נקמה נעמען צוליב דעם גרויסן זיג פון דער רויטער אַרמיי. נאָך קיינמאָל זיינען מיר ניט געווען אַזוי ניט זיכער מיט אונדזער זיג ווי איצט. ערשט איצט, גראָד ערשט איצט, מוזן מיר שטיין אויף דער וואַך, מאָטעק.

אין אַ סך היימען האָט געהערשט פרייד. זין און טעכטער זיינען אַהיים געקומען גאַנצערהייט פון די שלאַכט־פעלדער. מאָטעק און סאַלטשע זיינען געגאַנגען צוגאַסט און ניט איינמאָל זיך געפרייט מיט יענעמס פרייד. נאָר ביי די דעיוויסעס איז שוין דער מלאך המות געשטאַנען אויף דער שוועל און לואי איז געלעגן אין זיין אייגענער שטוב און זיך געמאַטערט אָן סוף. און בעסי האָט געזען דעם מלאך המות און זי האָט זיך מיטן מאַן ניט געוואָלט שיידן און זי האָט דעם טויט פון איר שוועל ניט געקאָנט פאַרטרייבן. און אירע קינדער האָבן זייערע אייגענע דאגות געהאַט און מיטן קליינוואַרג גע־ווען פאַרנומען. קראַנקהייטן, ניט־זיכערקייטן און פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען. און בעסי האָט זיך געפילט, ווי זי ווערט פאַרנאַכלעסיקט און עס האָט זיך

איר געוואָלט קריגן אַ גלעט, אַ גוט וואָרט פֿון עמיצן. און ווען סאַלטשע איז צו איר געקומען און מען האָט זיך פֿאַנאַנדערגערעדט, האָבן ביידע מאַמעס זיך דערמאָנט אין זייערע פֿאַרלאָרענע זין און מען איז נאָכאַמאָל געקומען צום באַשלוס, אַז ווען יאַנקל און שלום וואָלטן היינט געלעבט, וואָלטן זיי זייערע מאַמעס אָפּגעשאַצט און אָן זיי איז טאַקע שווער צו לעבן אויף דער וועלט. נאָר צום סוף האָט איינע די אַנדערע געפּרוווט טרייסטן.

— סאַלטשע, אַזוי טאָר אַ באַוועגונג־מענטש ניט רעדן. מיר האָבן דער־לעבט היטלערס מפּלה. מיר וועלן דערלעבן דעם סוף פֿון דער קאַפּיטאַ־ליסטישער רויבער־סיסטעם ביי אונדז אין לאַנד. מען טאָר נישט זיין פּעסימיסטיש.

— איר וועט זען, בעסי, לואי וועט געזונט ווערן און מיט דער הילף פֿון אייערע קינדער וועט איר זיך קאָנען לעבן אַ רויִק לעבן. איר דאַרפֿט דאָך ניט קיין סך. אַבי עס וועלן מער קיין מלחמות אויף דער וועלט ניט זיין. צופֿיל בלוט געצאַפּט פֿון יונגע קינדער.

— סאַלטשע, ס'איז נאָך אַלץ בעסער ווי אונדזערע ברידער און שוועס־טער וואָס האָבן געלעבט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און וואָס האָבן מיט־געמאַכט אַשוויענטשים. אוי, וואָס מען לייענט זיך אָן אין די צייטונגען! מען קאָן פֿון זינען אַרונטער.

און ווען גאָלדע איז געקומען צו סאַלטשען און איר דערציילט, אַז זי האָלט ביים ווערן אַ באָבע, האָט סאַלטשע ניט־נאַטירלעך אַ שמייכל געטאָן און איר אָנגעוואונטשן דאָס בעסטע. זי האָט געקוקט אויף גאָלדען און גע־זען, ווי גאָלדע האָט זיך נאָך גוט געהאַלטן. זי האָט געהאַט ווינציק גרויע האָר. ווינציק קנייטשן אויפֿן פּנים. פֿאַרקערט, עס האָבן זיך נאָך דייטלעך אָנגעזען גוטע סימנים פֿון איר שיינקייט. גאָלדעס געלעכטער איז געווען קרעפּטיק. דאָס מויל אירס האָט אויסגעדריקט ווילן צום לעבן און אין די אויגן האָט זיך באַזעצט אַ פֿלעמל, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט אויסלעשן.

און ווען מאַטעק האָט דערזען גאָלדען, האָט ער מיט איר גענומען רעדן וועגן לאָדזש. און גאָלדע האָט איבערגעגעבן וועגן איר עלטערנס משפּחה. צוויי זיינען געבליבן לעבן פֿון איבער זיבעציק נפֿשות. די צוויי מיידלעך האָבן זיך געראַטעוועט אין פּאַלעסטינע.

עס האָט מאַטעקן געצויגן צו האָבן צו טאָן מיט מענטשן, וואָס האָבן גע־האַט אַ שייכות מיט לאָדזש און מיט זיין משפּחה. ער האָט זיך געזען מיטן אָנקל קיווע. געהאָפֿט צו געפֿינען אַביסל סימפּאַטיע דאָרט. קיווע האָט ניט חתונה געהאַט, ווי ער האָט אַמאָל געוואָלט. ער איז געבליבן אַליין. משהלע האָט אים גוט באַהאַנדלט. ער האָט ליב געהאַט די אייניקלעך. מאַטעקס

באַזוך האָט אים דערפריית. ס'איז אים געווען אומעטיק. ער האָט גע־וואָלט, אַז מען זאָל אים פּאַרווילן.

— דערציייל עפּעס גוטס, מאַט. פּאַרגעס אין לאָדזש. מען האָט זיי אַלע־מען אויסגעמאָרדעוועט. ס'איז ניטאָ וואָס צו טראַכטן מער. ווען מען וועסטו אָנקלאָגן? היטלער און זיין באַנדע האָבן באַקומען זייערס. אַמעריקע איז דאָס שטאַרקסטע לאַנד אויף דער וועלט. אויב עס וועט ניט זיין קיין מלחמה צווישן אַמעריקע און סטאַלינען, דאַן וועט זיך לוינען צו לעבן אויף דער וועלט. ווען דו פרעגסט מיך, בין איך ניט אַזוי זיכער. איך האָב גערעדט מיט אַ צאָל אַלטע באַקאַנטע מיינע, דו ווייסט דאָך פון די פּאָליטישנס, וואָס האָבן אַ דעה, זאָגן זיי, אַז מען האָט ניט געטאָרט סטאַלינען אַריינלאָזן אין בערלין. מיר האָבן געדאַרפט האָבן די דעה אין אייראָפּע און סטאַלין זאָל זיך נעמען אַזיע. אַזוי ווי דו הערסט.

דער אָנקל קיווע איז שוין געווען גאָר אַן אַלטער מאַן. נאָר קיין זאַך האָט אים מער ניט געאַרט און ביי די שכנים האָט ער באַקומען אַ נאָמען ווי אַ וויצלער. ער האָט פון אַלץ געלאַכט און אָפט גערעדט ווי אַ קינד. ער האָט יעדן איינעם געקענט און אַלע האָבן אים געקענט און מען האָט אים גערופן „דער לענדלאָרד". מאַטעק האָט געקוקט אויף אים און נאָך אַלץ אים ניט געקאָנט פאַרשטיין. ער האָט נאָך אַלץ געזוכט אַן ענלעכקייט צום אָנקל, זיין פאָטערס ברודער, נאָר פרעמד איז ער אים געווען, אינגאַנצן פרעמד.

ענדלעך האָבן די הענעסיס זיך אַרויסגעקליבן פון מאַטעקס הויז. זיי האָבן זיך אַריינגעקליבן צו אַ טאָכטער אין לאָנג איילאַנד. נאָר פרוי הענעסי איז איינמאָל אַ וואָך די ערשטע צייט געקומען באַזוכן אירע אַלטע שכנים און איבערהויפּט האָט זי לאַנג פאַרבראַכט ביי סאַלטשען. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַלטע פרוי האָט זיך גוט אויסגעוויינט פאַר סאַלטשען. זי איז געוואָרן ווי אַ דינסט ביי דער אייגענער טאָכטער און דער מאַן אירער וואָס קאָן שוין קוים אַרבעטן, האָט זיך גענומען צום ביטערן טרונק און עס איז ניטאָ קיין שלום בית אין הויז. פרוי הענעסי האָט בעסער געוואָלט אַריין אין אַ מושב זקנים און פטור ווערן פון איר שקלאַפעריי ביי דער טאָכטער.

סאַלטשע האָט אַ סך נאָכגעטראַכט פון די וועגן פון מענטשלעכן לעבן. אַרום און אַרום איז געווען אַזוי פיל צרות און פּיין. אויב איר האָט זיך אויס־געוויזן, אַז מיטן אומקום פון שלומען האָט שוין ערגער ניט געקאָנט זיין, האָט זי דערזען אַז מענטשן האָבן אַריבערגעטראָגן נאָך ערגערע איבערלעבונגען און זיי האָבן זיך געהאַלטן בראַוו. זי האָט זיך אַליין אויסגערעדט ניט איינ־מאָל פאַר איר שוואַכקייט.

און אָט, איבער דריי יאָר נאָך זיך, זיינען צו מאָטעקן און סאַלטשען געקומען לואיז און בען, מיטגעבראַכט עלאַ מעי. לואיז האָט סאַלטשען פאַרטרויט, אַז זי שוואַנגערט, אַז זי איז אין פערטן חודש שוין.

בען איז געווען מונטערער, ווי מאָטעק האָט אים געקענט און לואיז איז עטוואָס עלטער געוואָרן אויפן אויסזען. אין דעטראָיט, אין זיין יוניאָן, האָט בען געהאַט אויסצושטיין אַ העפטיקן קאַמף מיט פאַרשיידענע קעגנערישע עלעמענטן. בען איז געשטאַנען נאָענט צו זיין פירערשאַפט און דאָס האָט געמיינט, אַז אויב זיין פירערשאַפט וועט פאַרלירן, וועט ער אויך אַראָפּגעזעצט ווערן. קיין מעכאַניקער איז ער ניט געווען. ער האָט געוואוסט אַלע טעכנישע איינשטעלונגען אין דער פאַבריק, נאָר אַליין האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט געאַרבעט ביי קיין מאַשין. די לאַגע זיינע איז ניט געווען קיין זי־כערע, דאָך איז ער געווען ביז גאָר אָפּטימיסטיש און עס האָבן אים אויסגעפעלט שעה'ן פאַרן טאָג, האָט ער מאָטעקן דערקלערט.

אין זיין שמועס מיט מאָטעקן האָט בען פאָראויסגעזאָגט, אַז דער אַמעריקאַנער אַרבעטער, האָבנדיק געגאָסן פון דער מלחמה־פּראָספּעריטי, וועט, מיט דער פּאָליטישער מאַשין וואָס האָט נאָר־וואָס געהאַט איבערגענומען די מלוכה, ווערן צוריקגעשטאַנענער פּאָליטיש און קולטורעל. דער זיג איבערן פאַשיזם איז געווען מער אויפן שלאַכטפעלד, ווי אין דער אידייע. ביי אונדז אין לאַנד, האָט געזאָגט בען, וועט דער פאַשיזם ערשט אויפהויבן דעם קאָפּ און דעם אַנטי־פאַשיסט וועט ניט זיין וואָס מקנא צו זיין. געדאַרפט האָט עס דאָך זיין פאַרקערט. היטלער און מוסאָליני און זייערע נאָכפאָלגער האָבן איינגענומען אַ מיתה משונה און די פאַשיסטן אין אַמעריקע האָבן געדאַרפט איינגעזונקען ווערן, נאָר די פאַקטן באַווייזן פונקט פאַרקערט. די סיבות זיינען ניט שווער צו געפינען.

אויך לואיז איז געווען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דער פּאָליטישער לאַגע פון לאַנד. זיי האָבן זיך איינגעהערט צו מאָטעקס און סאַלטשעס רייד פון צווייפל און פאַרצווייפלונג און עס האָבן זיך אַנטוויקלט היציקע דיסקוסיעס, וואָס האָבן אי מאָטעקן אי סאַלטשען גוטס געטאָן. אָ, ווען בען און לואיז וואָלטן געוואוינט אין ניו־יאָרק, וואָלט געווען צו ווענדן זיך צו ווענדן, אין אַ פינצטערער שעה. מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך באַקלאָגט, וואָס זיי האָבן ניט קיין פריינט און באַקאַנטע וואָס זאָלן זיי געבן אַ מונטער אויף, ווען עס ווערט אָנגעזאַלצן אויף דער נשמה.

און ווען די ליבע געסט האָבן פאַרלאָזן, איז ווידער געוואָרן פוסטלעך אין הויז.

— מען דאַרף געפינען פריינט, וואו מען זאָל ניט הערן קיין קרעכצע־

רייען, ווען מען עפנט די טיר, — האָט סאַלטשע געזאָגט.

— פריער דאַרף מען דאָס געפינען ביי זיך אַליין, סאַלטשעניו, — האָט מאָטעק געלאַכט, נאָר געמיינט דאָס גאַנץ ערנסט.

— פון היינט אָן הערן מיר אויף זיך באַקלאָגן, — האָט סאַלטשע דערקלערט.

— אָמן! — האָט מאָטעק געענטפערט.

## קאַפּיטל זעכציק

# ביי די ברעגן פון האָדסאָן

.1

דענעם טאָג האָבן מאָטעק און סאַלטשע פאַרלאָזן פרי דאָס הויז. זיי האָבן ביידע געאַרבעט. סאַלטשע האָט געהאַט אַ מיטינג פון איר יוניאָן און וויסנדיק, אַז מאָטעק וועט אַהיים קומען פריער, האָט זי פאַר אים געהאַט אָפּגעקאָכט זיין וועטשערע. דאָס הויז האָט זיי מער נישט צוגעצויגן צו זיך. מען איז אַהיים געגאַנגען מידע און קיין באַקאַנטע זיינען ניט געקומען, קיין ביכער האָבן ביידע ניט געהאַט קיין געדולד צו לייענען, די ראַדיאָ האָט קיין גוטע נייעס ניט געהאַט פאַר זיי, איז געבליבן די גאַס, דער מיטינג־זאַל, אַ מואווי, אָדער אַ טעאַטער פאָרשטעלונג.

דאָס ערגסטע איז געווען וואָס אויך די פּאָסט האָט זיי געהאַט פאַרלאָזן. אַמאָל פלעגן אָנקומען בריוו פון לאָדזש. איצט איז קיינער ניט געווען מער פון דער גאַנצער משפּחה. זיי האָבן נאָך ניט געוואוסט אויף זיכער, נאָר יידן האָבן שוין אָנגעהויבן דערהאַלטן בריוו פון די לעבן־געבליבענע. מאָטעק האָט געוואַרט, געוואַרט און דאָס בריוו־קעסטל איז געווען ליידיק. אַמאָל פלעגט אָנקומען אַ בריוו פון פּאַניאַן פון בענגאַר. איצט איז פּאַניאַ ווי פאַרשוואונדן. וואָס איז טאַקע פון איר געוואָרן? זי האָט ניט איבערגעלאָזט קיין שפּור פון זיך. אַמאָל האָט מען יעדן טאָג געציטערט ביים בריוו־קעסטל דערוואַרטנדיק שלומס ליבע האַנטשריפט. איצט איז דאָס בריוו־קעסטל געווען ליידיק. מאָטעק האָט ניט גדעראַרפט עפענען די קאָנווערטן וואָס זיינען אָנגעקומען. ער האָט געוואוסט וואָס עס געפינט זיך אין זיי: מעלדונגען וועגן מיטינגען; קאָמערציעלע דערמאָנונגען; אַפילו פאַרביישטייערונגען.

יענעם טאָג איז מאַטעק אַהיים געקומען פריער. אָן סאַלטשען איז אים דאָס הויז געווען פוסט. ווי ווייט מעגלעך האָט ער אויסגעמידן צו זיין אין הויז פריער פון איר. אפילו ווען זי האָט אים געהאַט צוגעגרייט זיין וועטשערע, האָט דאָס עסן ניט געהאַט קיין טעם אָן איר. יענעם טאָג איז מאַטעק אַהיים געקומען און אַריינגעקוקט אין בריוו־קעסטל. ער האָט דאָרט געפונען זיין מאַנאַטלעכן יוניאָן־זשורנאַל, וועלכן ער פלעגט געוויינלעך דורכבלעטערן איינס־און־צוויי און אַוועקוואַרפן. לעבן גרויסן בייכיקן זשורנאַל איז געלעגן אַ ניט־באַמערקבאַר, קליין, דין קאָנווערטל. מאַטעק האָט דאָס בריוועלע געגעבן אַ נעם אַריין אין זיינע הענט און עס שיעור ניט צעריסן, אַזוי נייגעריק און נערוועז איז ער געוואָרן. ס׳איז געווען אַ לופט־פּאָסט בריוול פון דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. דער אַדרעס האָט מאַטעקן געגעבן אַ שלאָג אין האַרצן. ס׳איז געווען אַדרעסירט צו שלומען און דער אַדרעס אויף צוריק איז געווען פון אַנקאַן. אַ וואַרעמקייט איבערן גאַנצן לייב האָט מאַטעקן מיטאַמאָל אַרומגענומען. ער איז אַטעמלאָז אַרויפגעלאָפן מיטן בריוול, געלאָזט דעם שליסל שטעקן אין שלאָס, זיך דעם מאַנטל ניט אויסגעטאָן און גענומען לייענען:

„קאָכאַני שולעם, — די אַמעריקאַנער אַרמיי, דיין אַרמיי, האָט מיך באַפרייט פון די דייטשע מערדער. איך געפין זיך אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. זאָג דיינע עלטערן, אַז זיי זאָלן מיך אַריבערברענגען קיין אַמעריקע. אויסער אייך האָב איך מער קיינעם ניט אויף דער וועלט. פון אונדזערע פאַמיליעס איז קיינער מער ניט געבליבן. איך האָב שוין אָנגעגעבן אַן אַפּליקאַציע צום דזשאָינט. העלפט מיר. איך גריס אייך אַלע און איך אייל זיך אַוועקצושיקן דאָס בריוול.

דיין אַנקאַ".

מאַטעק איז געבליבן שטיין מיטן קורצן פּאַפּירל אין האַנט און דערזען, ווי דאָס פּאַפּירל ווערט נאַס און דורכגענעצט. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס זיינען זיינע טרערן. ער האָט אויף גיך אָפּגעווישט די טראָפּנס און פאַרשמירט דאָס בריוול. ער איז געווען אַזוי איבערראַשט און צעמישט, אַז ער האָט ניט געקאָנט צו זיך קומען. ער איז צוגעלאָפן צום טעלעפאָן און טעלעפאָנירט גאָלדען.

— גאָלדע, לאַטשיאַס טאָכטער אַנקאַ לעבט. נאָר־וואָס געקראָגן אַ בריוו פון איר פון דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. דו ביסט די ערשטע וועמען איך לאָז וויסן. סאַלטשע איז ביי אַ מיטינג. מיין האַרץ וועט אַרויסשפּרינגען. איך קאָן זיך נישט גלויבן. איך קאָן זיך נישט גלויבן, גאָלדע.

אַנקאָ וויל מען זאָל זי ברענגען קיין אַמעריקע. גאָלדע, דער בריוו . . . יאָ, זי איז די איינציקע וואָס איז געבליבן פון אַלע פאַמיליעס, שרייבט זי. דער בריוו, גאָלדע, דער בריוו, איך וועל דיר דערציילן, ווען דו וועסט אַהערקומען. וועסט קומען מאָרגן, פאַרגעס ניט. אַ דאַנק, אַ דאַנק . . . איך בין אַליין אין הויז . . . איך פלאַץ פון אומגעדולד, ווען איך קאָן וואָלט איך איצט צוגעלאָפן צום „האַיאַס", איך בין צעטומלט, דער בריוו איז . . . כ'וועל דיר שוין מאָרגן דערציילן, פרעג מיך ניט, איך בין שיכור, עס דרייט זיך מיט מיר דער צימער, דער בריוו איז געשריבן, אַדרעסירט ניט צו מיר, נאָר — גודבאַי, גאָלדע, גודבאַי, אַלץ מאָרגן, מאָרגן, גודבאַי . . .

מאַטעק האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, זיך אַוועקגעזעצט אין קיך און גענומען נאָכאַמאָל לייענען דעם אַדרעס. ער האָט געלייענט צו זיך, אין אַ ווייך קול: „צו שולעם סאַרני" און זיך צעוויינט און צוגעדריקט דאָס בריוול מיטן קאָנווערט צום האַרצן.

— שלום, שלום! אַנקאָ שרייבט צו דיר אַ בריוול. וואו ביסטו, שלום, מיין קינד?

ווען ער האָט זיך באַרואיקט אַביסל, האָט ער באַשלאָסן, אַז ער קאָן אין הויז ניט בלייבן. ער מוז גלייך זען סאַלטשען. ער האָט געוואוסט וואו איר יוניאָן־מיטינג קומט פאָר. האָט ער באַשלאָסן גלייך צופאָרן צו איר און זי אַרויסרופן פון מיטינג־זאַל. זי וועט זיך מסתם זייער שטאַרק דערשרעקן. ער וועט איר דעם בריוו גלייך ניט ווייזן, נאָר בלויז דערציילן. מאָרגן אינ־דערפרי וועלן זיי ביידע ניט גיין צו דער אַרבעט, נאָר אַרומלויפן וועגן אַראָפּברענגען אַנקאָן.

ווען סאַלטשע האָט דערזען מאַטעקן ביי איר יוניאָן־מיטינג, האָט זי אַ ביס געטאָן איר אונטערשטע ליפּ. זיין פּנים איז געווען צעפּלאַמט, זיינע אויגן — ווילד. זי איז צוגעלאָפן צו אים, מיט אויסגעגלאָצטן בליק:

— מאַטעק, — וואָס האָט פּאַסירט?

— סאַלטשע, אַ בריוו פון אַנקאָן!

זיי זיינען אַרויס פון זאַל, געשטאַנען אין קאָרידאָר. מענטשן האָבן זיך אַרומגעדרייט.

— וואו איז דער בריוו, מאַטעק?

— אין איילעניש אים געלאָזן אין דער היים, סאַלטשע. הער וואָס זי שרייבט.

— מאַטעק, וואָס הייסט אין איילעניש אים געלאָזט אין דער היים? זי דערציילט מסתם שלעכטע נייעס. וואו איז זי?

מאַטעק האָט אָנגעהויבן פון דעם, אַז זי וויל מען זאָל זי אַראָפּברענגען

קיין אַמעריקע. שפּעטער האָט ער איר דערציילט, אַז זי שרייבט, אַז אַלע זיינען ניטאָ מער.

— אוי, מאַטעק! ווער איך וואָלט געווען פרום, וואָלט איך געזאָגט, אַז גאָט האָט זי אונדז צוגעשיקט. מען מוז זי גלייך אַריבערברענגען. ביסט געווען אין האַיאַס? מאָרגן אינדערפרי גיי איך מיט דיר אומעטום וואו מען דאַרף. מען מוז זי אַריבערברענגען, איידער די אַנטיסעמיטן אונדזערע וועלן פאַרהאַקן די טויערן פאַר די אומגליקלעכע.

אויפן וועג, אין סאָבוועי, האָט מאַטעק דערזען טרערן אין סאַלטשעס אויגן.

— שלום האָט ניט דערלעבט זי צו זען. ווען זי וואָלט געקומען אַהער צו דער וועלט־אויסשטעלונג! נישט איינמאָל פיל איך זיך שולדיק קעגן זיי.

מאַטעק האָט סאַלטשען ניט געוויזן דעם קאָנווערט, נאָר ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן בריוול און דערזען דעם „קאָכאַני שולעם", האָט זי אַרויס־געלאָזט אַ פיינלעכן קוויטש. זי האָט ווייטער ניט געקאָנט לייענען.

זיי זיינען אינדערפרי געווען פון די סאַמע ערשטע אין האַיאַס אָפיס. סאַלטשע האָט געטראָגן איר „גאָלד־שטערן" צייכן, אַ סימן, אַז זי האָט פאַר־לאָרן אַ זון אין קריג. זי האָט געוואָלט נוצן זויפל איינפלוס עס וועט זיך נאָר לאָזן. זי האָט קיינמאָל ביז איצט ניט אויסגענוצט שלומס אָנדענק צו גע־ווינען פאַר זיך עפּעס. נאָר פאַר אַנקאָן וועט זי אַלץ טאָן.

מאַטעק האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען איך זיין פאַך. ער האָט זיך אויך מיט סאַלטשען געהאַט אויסגעצייכנט אין די מלחמה באָנד קאַמפּאַניעס. דער האַיאַס איז געווען פאַרוואָרפן מיט אַפּליקאַציעס. נאָר סאַלטשע האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר אַפּזאָגן. זי האָט געעפנט אַ מויל, זיך צעוויינט, דערציילט וועגן דער פּוסטקייט פון איר הויז. איר איינציקן זון פאַרלאָרן. זי וואָלט אפשר זיין כלה געווען. דער איינציקער מיטגליד געבליבן פון אַ ריזיקער משפחה. אַ יונגע מיידל. מען דאַרף ראַטעווען די וואָס קאָנען נאָך עפּעס געניסן פון לעבן. סאַלטשע האָט ניט געוואָלט וויסן פון קיין „שפּעטער" אָדער „מען קאָן ניט".

דעם זעלבן טאָג האָט זי אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צו איר קאָנגרעס־מאַן. אמת, זי האָט אַגיטירט און געשטימט קעגן אים, נאָר ער איז איר קאָנגרעסמאַן און ער קאָן איר העלפן. דעם זעלבן טאָג האָט זי באַזוכט לוּ־איזעס פאָטער, וואָס איז געווען אַ באַרימטער אַדוואָקאַט און אַ יידישער כלל־טוער. ער האָט זי אויפגענומען גאָר פריינטלעך. דערציילט איר, אַז לואיז האָט מיט אים גערעדט וועגן איר ניט איינמאָל. ער האָט אַריינגערופן זיין סעקרעטאַרשע און איר געהייסן טעלעפאָנירן אַ פּאָר מענטשן. ערשטנס, האָט

ער סאַלטשען דערלויבט צו נוצן זיין נאָמען אַלס גוטזאָגער, אַז אַנקאָ וועט ניט פאַלן צו לאַסט. צווייטנס, האָט ער איר געהייסן אַראָפּגיין און טרינקען אַ גלעזל קאַווע און זיך באַרואיקן, ווייל זי קוקט אויס צערודערט. ווען זי וועט צוריקקומען, וועט ער שוין האָבן גערעדט טעלעפאָניש מיט אַ פּאָר מענטשן וועגן דעם פאַל.

און אַזוי איז טאַקע געווען. לואיזעס פאָטער האָט סאַלטשען באַגעגנט מיט אַ ברייטן שמייכל.

— מרס. סאַרני, איך האָב גוטע נייעס פאַר אייך.

און פון יענעם מאָמענט אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטיק לעבן פאַר מאָטעקן און סאַלטשען.ביידע האָבן פאַרנאַכלעסיקט זייער רעגולערע אַרבעט. ביידע זיינען געווען אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דעם ענין פון אַריבערברענגען אַנקאָן. ביידע האָבן צוזאַמען פלאַנירט די אויפנאַמע, וואָס מען דאַרף איר צוגרייטן און דאָס איינאָרדנען זיך.

דאָס בריוו־קעסטל איז ווידער געוואָרן פול. בריוו פון הילף־אָרגאַני־זאַציעס, בריוו פון אימיגראַציע דעפּאַרטמענט פון וואַשינגטאָן. בריוו פון קאָנגרעסמאַן, פון איינפלוסרייכע מענטשן. און די הויפּט־זאַך — אַ צווייט בריוו יעדע וואָך פון אַנקאָן. אירע בריוו זיינען געווען אין יידיש. מאָטעק איז געווען דער וואָס האָט איר אָנגעזאָגט די נייעס וועגן שלומס אומקום. אַנקאָס ענטפער איז געווען אַ לאַנגער און אַ פאַטעטישער. דאָס וואָס זי האָט איבער־געלעבט פון סעפּטעמבער 1939 ביז איצט, איז געווען איין גרויל נאָך אַ צווייטן; דער טויט איז געוואָרן איר טאָג־טעגלעכער נאָכפאָלגער, איר שאָטן. זי וויל אין בריוו ניט דערציילן. זי וועט, ווען מען וועט זיך האָפנטלעך איב־גיכן זען, זיי אויך ניט באַלעסטיקן מיט גרויל־געשיכטעס. זי קאָן ניט רעדן וועגן דעם, זי קאָן ניט שרייבן וועגן דעם. נאָר שולעמס אומקום אין פוירל האַרבאָר האָט געווירקט אויף איר אַזוי, אַז זי, וואָס האָט שוין לאַנג געהאַט אויפגעהערט צו קאָנען וויינען, איז אַרומגעגאַנגען אין לאַגער אַ גאַנצן טאָג און געכליפּעט און אַליין ניט געוואוסט וואו האָבן זיך צו איר גענומען אַזוי פיל טרערן. און —

„טייערע סאַלטשע און מאָטעק! איך בעט אייך נעמט מיך אָן אַלס אייער קינד, אַלס אייער טאָכטער. אפשר וועט אייער גרויסער פאַרלוסט דורכדעם אַביסל פאַרמינערט ווערן. פאַר מיר וועט דאָס זיין דאָס גרעסטע גליק אין מיין לעבן. איך וועל האָבן אַ טאַטן און אַ מאַמע. סאַלטשע, איך וועל זיין אַ געטרייע טאָכטער".

דאָס האָט סאַלטשען און מאָטעקן ווידער אַזוי צעשרויפט, אַז מען האָט געלעבט נאָר מיט דעם נייעם געדאַנק פון אַדאָפּטירן אַנקאָן ווי אַ טאָכטער.

ווידער איז סאַלטשע אַוועק צו לואיזעס פאַטער, דאָס מאָל איז זי שוין גע־קומען מיט מאַטעקן. דער אַדוואָקאַט האָט אויסגעדריקט זיין ווילייקייט צו העלפן זיי. ער האָט זיי פאַרבונדן מיט זיינעם אַ קאָלעגע, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען געלט פאַר זיין מי. אַלע זיינען געווען אַזוי פריינטלעך און באַהילפיג. עס זיינען צייטווייליק פאַרשוואונדן די פּאָליטישע צאַמען. עס איז געווען איין ציל ביי אַלעמען, — העלפן אַנקאַן וואָס שנעלער דער־גרייכן די ברעגן פון האָדסאָן. דער מענטש האָט געוואָלט העלפן אַ מענטשן.

פריינט האָבן סאַלטשען און מאַטעקן ניט דערקענט. זיי זיינען מיטאַמאָל ייִנגער געוואָרן, גוטמוטיקער געוואָרן. זיי האָבן אַלעמען אָנגעזאָגט די גוטע נייעס, אַז זיי ברענגען אַריבער פון דייטשישן גיהנום אַן אָפּגעראַטעוועטע פון גאַז־אויוונס, אַן אייגן קינד.

.2

סאַלטשע און מאַטעק האָבן דערוואַרט, אַז אַנקאַ זאָל אָנקומען מיט דער ערשטער פּאַרטיע פליכטלינגען, וועמען דער דזשאָינט האָט געהאָלפן פאַרלאָזן דייטשלאַנד. די ערשטע שיף, די „ס. ס. מאַרין פלעשער" איז אָנ־געקומען דעם 20טן מאַי, 1946. אַ צייט פריער האָט מען זיי געלאָזט וויסן אַלע דעטאַלן וועגן איר אָנקומען אויף דער שיף. נאָר צו זייער אַנטוישונג איז איר נאָמען ניט געווען אויפן צעטל פון די אימיגראַנטן. זיינען זיי אַרומ־געלאָפן אין די הילפס־אַגענטורן און דער ענטפער איז געווען, אַז זי איז ניטאָ אויפן צעטל. מעגלעך, אַז עס איז ערגעץ־וואו געמאַכט געוואָרן אַ טעות. זאָלן זיי צוקומען צו דער שיף. אפשר, טאָמער . . .

מיט האַרץ־קלאַפּעניש זיינען זיי שעה'ן־לאַנג געשטאַנען אין פיר און געזען ווי דער גרויסער עולם, וואָס האָט געוואַרט אויף די אָנקומענדיקע איז נערוועז, איז פיבערהאַפטיק. די פאַרשטייער פון פאַרשיידענע יידישע און קאַטוילישע הילף־אָרגאַניזאַציעס זיינען געשטאַנען גרייט מיט ראַט און טאַט, מיט שפּייז און פאָנדן. אַזאַ מענטשלעכע באַציאונג האָט סאַלטשען און מאַ־טעקן צעוואַרעמט און זיי האָבן זיך דערפילט אַליין ווי אימיגראַנטן, וואָס האָבן איבערגעלעבט די שרעקלעכסטע יסורים און טראַגעדיעס.

נאָר ווען די ערשטע פליכטלינגען זיינען אַרונטערגעלאָזט געוואָרן פון דער שיף און די קרובים און פריינט וואָס האָבן אויף זיי געוואַרט, האָבן זיך מיט זיי באַגעגנט, האָט איבערן פיר אויסגעבראָכן אַזאַ יללה, אַזעלכע אויס־געשרייען פון דער טיפעניש פון מענטשלעכן פּיין־קוואַל, אַז סאַלטשע האָט געגומען מיטווייגען און מאַטעק איז געוואָרן בלאַס און ניט געוואוסט וואו פריער צו קוקן און וואָס פריער צו זען און צו הערן. זיי האָבן זיך אויך

איינגעקוקט אין די אויסטערלישע פּנימער פון די אָנגעקומענע, וואָס האָבן מיט זייער זאַפטיקן יידיש און מיט זייער שרעקלעך פאַר'אָרעמטער קליידונג אַריינגעבראַכט אין האַפן אַ שטימונג פון אַ פרעמדער, פאַרוואונדעטער וועלט, וואָס האָט זיי אַהער געשיקט אַלס אַן אָנדענק.

ניט איין יונג פּנים פון אַ מיידל האָט מאָטעקן צוגעצויגן צו זיך. סאָלטשע האָט אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין. אַנקאַ האָט טיף־בלויע אויגן און טונקל־בלאָנדע האָר און זי האָט שמאָלע הענט און איז עטוואָס העכער פון מיטלוואוקס. סאָלטשע האָט אַנקאַן געהאַט געשיקט קליידער און שיך און עס איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז זי זאָל טראָגן דאָס בלאָס־בלוי פּרילינג קליידל. סאָלטשע האָט דאָס קליידל אַרומגעזוכט, נאָר כמעט אַלע יונגע פרויען האָבן קיין אַמעריקאַנער קליידלעך ניט געטראָגן.

סצענע נאָך סצענע האָבן מאָטעק און סאָלטשע באַאָבאַכט אויפן פּיר און זיי האָבן געפילט, אַז ווען מיליאָנען אַמעריקאַנער וואָלטן געקאָנט צו־זען וואָס זיי האָבן דאָ זיך אָנגעזען און אָנגעהערט, אפשר וואָלט דער האַס צו אימיגראַנטן אויסגעוועפּט געוואָרן. די גאַנצע טראַגעדיע פון יידישן פאָלק האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויפן פּיר. דערזעענדיק דעם איינציקן לעבן־געבליבענעם פון זיין משפחה האָט אַ מיטליעריקער מאַן זיך אָנגעהויבן זעצן מיט די פויסטן אין קאָפּ אַריין און באַלד אויפגעהויבן די פויסטן צום הימל און אויסגעשריען: „אוי, גאָט, פאַרוואָס?" און דער אַרומיקער עולם האָט אויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין און מיט די פּנימער געווענדעט צו דעם שריי־ענדיקן יידן, ווי מיטגעפרעגט מיט אים דעם „פאַרוואָס? פאַרוואָס?"

ניין, אַנקאַ איז אויף דער שיף ניט געווען. סאָלטשע און מאָטעק האָבן גערעדט מיט אַ פּאָר פּליכטלינגען, געפרעגט אין וועלכן לאַגער זיי זיינען געווען, נאָר קיינער האָט אַנקאַן ניט געהאַט באַגעגנט. דער עולם איז גע־וואָרן קלענער אויפן פּיר. נאָר סאָלטשע און מאָטעק האָבן נאָך ניט געוואָלט פאַרלאָזן. טאָמער וועט נאָך געשען אַ נס, טאָמער איז געמאַכט געוואָרן אַ טעות אין צעטל.

ווען זיי האָבן ענדלעך פאַרלאָזן, אַנטוישטע, האָבן זיי געפילט ווי זיי וואָלטן אַ פּאָר שעה צייט זיך געפונען אין אַן אַנדער, שרעקלעכער, נאָר וואונדערבאַרער וועלט. זיי האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי גייען אַרויס פון פּיר געלייטערט אין יסורים, זיי האָבן געפילט ווי צו קושן די ערד, וואָס זיי באַטרעטן.

געוואוסט האָבן זיי, אַז די צווייטע שיף קומט אָן אין עטלעכע טעג אַרום און מען האָט זיי אין האַיאַס געהאַט פאַרזיכערט, אַז אויב אַנקאַ איז ניט אָנ־געקומען אויף דער ערשטער שיף, וועט זי אָנקומען אויף דער צווייטער.

די צווייטע שיף, די „ס. ס. מאַרין פּוירטש" האָט געדאַרפט אָנקומען אין פיר טעג אַרום. די פיר טיר זיינען געוואָרן ווי פיר יאָר. די שיף האָט געדאַרפט אָנקומען פרייטיק, דעם 24טן. צוויי טעג פאַרן אָנקומען האָט סאַלטשע באַקומען די נייעס, אַז אַנקאַס נאָמען איז דאָ אויפן צעטל פון די 566 פליכטלינגען אויף דער שיף. די אומגעדולד ביי איר און ביי מאַטעקן האָט דערגרייכט צו אַ נערוועזיטעט וואָס האָט ביי זיי צוגענומען דעם אַפּעטיט פון עסן. ביי דער אַרבעט האָבן זיי ביידע געהאַלטן אין איין קוקן אויף זייערע זייגערס, ווי זיי וואָלטן דורך די ווייזערס דערזען ווי די שיף דערנעענטערט זיך צום ניו־יאָרקער האַפן. די מיטאַרבעטער האָבן געוואוסט, אַז מען דאַרף מאַטעקן פאַרגעבן זיין צעטראָגנקייט.

נאָך איידער די ערשטע שיף איז אָנגעקומען האָט שוין אויף אַנקאַן געוואַרט איר צימער. דאָס איז געווען שלומס צימער. איבער פינף יאָר איז דער צימער געבליבן ניט געענדערט. איצט האָט סאַלטשע באַשלאָסן, אים אינגאַנצן צו באַנייען. שלומס קליידער און שיך האָט זי געהאַט אָוועקגעשיקט אין אַ לאַגער; זיינע ביכער האָט זי אַריינגענומען צו זיך אין צימער; אויך די בילדער האָט זי אויפגעהאַנגען ביי זיך. מעבל האָט זי אַריינגעשטעלט אינגאַנצן נייע, מיידלשע. די שיפלאָדן האָט זי אָנגעפילט מיט מיידלשע אונטערוועש און ציכלעך און האַנטיכער און ליילעכער. אַ ניי בעט אַריינגעשטעלט; העל און ליכטיק איז שלומס צימער איצט געווען. די ווענט טאַפּיצירט, די לאָמפּן געביטן, די בילדער אויף די ווענט אין פריידיקע, בונטע קאָלירן; זוניקע פאָרהענגלעך אויף די פענצטער.

און מאָדנע — ווען ס'איז באַקאַנט געוואָרן אין געגנט, אַז צו סאַלטשען קומט אַ פליכטלינג פון קאָנצענטראַציע לאַגער, האָט זיך מיטאַמאָל צו איר אין הויז באַוויזן קלעיר. די אַלטע פריינטשאַפט האָט צוריק אויפגעוואַכט. קלעיר האָט סאַלטשען געקושט און געהאַלדזט, וועגן זיך ניט געוואָלט קיין סך רעדן. זי איז צופרידן. איר מאַן האָט אַ גוטע שטעלע. זיי וואוינען אין קווינס, זי קומט זעלטן צו אירע עלטערן. זי אַרבעט אַ גאַנצע וואָך. זי וויל זיך טרעפן מיט אַנקאַן. שלום האָט איר דאָך אַזוי פיל דערציילט וועגן איר. זי וויל סאַלטשען אַרויסהעלפן מיט וואָס זי קאָן נאָר, כדי גרינגער צו מאַכן פאַר אַנקאַן איר ערשטע צייט דאָ אין לאַנד.

און סאַלטשע האָט איר געלאָזט אָנטיילנעמען אין דער גרויסער מצווה. קלעיר איז מיט איר געגאַנגען אויסקלייבן אונטערוועש און וועש און מעבל און לאָמפּן פאַר אַנקאַן. נאָך אַלעם איז דאָ קלעיר געווען אין אַנקאַס עלטער און זי איז געווען באַהאַוונט אין די לעצטע מאָדע־שטרעמונגען. קלעיר האָט איר געהאָלפן אויסשטאַטן אַנקאַס צימער. קלעיר האָט דאָס אַלץ געטאָן מיט

אַ מין שוועסטערשער געטריישאַפט.

פרייטאָג אינדערפרי זיינען מאָטעק און סאַלטשע געשטאַנען אין זעלבן פיר וואָס מיט פיר טעג צוריק און ווידער האָט דאָ געוואָרט אַ ריזיקער עולם. ניט בלויז האָבן איצט דאָ געוואָרט קרובים, נאָר אויך אַ צאָל פון די פליכטלינגען, וואָס זיינען געהאַט געקומען מיט דער ערשטער שיף די זעלבע וואָך. איצט זיינען זיי שוין געווען צווישן די וואָס האָבן אויפגענומען זייערע קאָלעגן פון אומגליק.

הינטער הילצערנע לאַנגע צוימען זיינען געשטאַנען הונדערטער מענער און פרויען און געוואָרט אויף די אימיגראַנטן. מאָטעק און סאַלטשע האָבן זיך אויך צוגעשטופט צו אַ פּלאַץ. אָט דערזעט מען די שיף. אויסגעשרייען און אויסרופן און הונדערטער טיכלעך און קאָפּעלושן און הענט פּאַכן אַראָפּ צו די וואָס שטייען אין פיר. די שיף קומט פון יענער וועלט, די שיף ברענגט מיט זיך אַ מאָדנעם באַגאַזש. זי איז אָנגעלאָדן מיט טויזנטער און טויזנטער טראַגעדיעס.

דער הויך־רעדער רופט אויס נעמען פון קרובים, דער הויך־רעדער רופט אויס נעמען פון פליכטלינגען. מען בעט די און די צוקומען צום טויער. עס ווערט אַ געפּערלעך געדרענג, עס הייבן אָן אַרונטערקומען פון בריקל די ערשטע אימיגראַנטן. דאָס טויערל איז דער טויער צו דער נייער וועלט, דער וועלט פון לעבן און האָפענונג. דורך דעם בריקל און טויערל וועט באַלד דורכגיין אַנקאַ. באַלד וועט מען אויסרופן מאָטעקס נאָמען און אַנקאָס נאָמען. באַלד, באַלד. סאַלטשע אָטעמט שווער. עס איז וואַרעם אויפן פיר, נאָר זי ציטערט פון קעלט. מאָטעק איז בלאַס, זיינע אויגן זיינען ווי פאַרנעבלט.

סאַלטשע און מאָטעק האָבן זי געזען אַרונטערנידערן פון בריקל פון דער שיף. פאַר איז געגאַנגען אַ ייד מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד און אַ לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטע און געקרייזלטע געצערטלטע פאות. אַרום אים האָבן זיך געהאַלטן — אַ שוואַנגעריקע קליינע פרוי מיט פיר קינדער. הינטער זיי איז געגאַנגען אַ געלאָסענע, אַ שיין, הויך־געוואַקסן בלאָנד מיידל מיט אַ זור־ניקן שמייכל אויפן לענגלעכן פנים. דאָס איז געווען אַנקאַ. זי האָט געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט. נאָר ווען זי איז צוגעקומען צום טויערל פון פיר האָט זי דעם קאָפּ הויך אַ הייב געטאָן און עטלעכע שפּאַן פון זיך דערזען מאָטעקן מיט סאַלטשען. זי האָט ווי פאַרשעמט אַ קוק געטאָן אויף זיי און ווען זי איז צוגעלאָפן צו זיי, האָט זי אויסגערופן: „אָנקל מאָטעק" און „טאַנטע סאַלטשע". זי האָט עס געזאָגט שטיל און זי איז גלייך אַוועקגעשטופּט געוואָרן פון אַ פאָר פאַלק, וואָס האָט זיך געריסן צום טויערל.

אַנקאַ האָט צוערשט געקושט מאָטעקן, לאַנג געקושט אים. געשטאַנען

אַרומגענומען און געהאַלטן זײַן פּנים אין אירע הענט און אים אויסגעקושט דאָס פּנים. זי האָט איר אייגענעם טאַטן געקושט. דאַן האָט זי סאַלטשען אַרומגענומען און איבערגעחזרט דאָס זעלבע, נאָר פון אירע אויגן האָבן גע־נומען טריפן הייסע טרערן און ביידע פרויען האָבן אין דער שטיל געוויינט און זיך ניט געקענט באַהערשן. סאַלטשע האָט איר טאָכטער געקושט.

דאָס הויז איז פול געווען מיט ליבשאַפט. אַנקאָס צימער איז פול געווען מיט בעז־צוווייגלעך, אַנקאָס צימער איז געווען ליכטיק און פריידיק.

— דאָס איז געווען שולמעס צימער, טאַטע? — האָט אַנקאַ שטיל אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, מיין קינד, שולעמס צימער. איצט איז ער דיינער, מיין קינד.

אַנקאַ האָט אָוועקגעדרייט דעם קאָפ און זיך שטיל צעוויינט. סאַלטשע איז אַרויס פון צימער און געלאָזט אַנקאַן אַליין.

מאַטעק און סאַלטשע האָבן זיך געהאַט פאַרשטענדיקט, אַז זיי וועלן אַנקאַן גאָרניט ניט פרעגן און גאָרניט ניט דערמאָנען וועגן דעם וואָס זי האָט אי־בערגעלעבט און אויך בעטן די נאָענטע געסט, אַז זיי זאָלן אויסמיידן פראַגעס וועגן דעם וואָס זי איז דורכגעגאַנגען.

ווען אַנקאַ האָט זיך געלייגט שלאָפן, איז סאַלטשע צו איר אַריינגעגאַנגען, געזעסן אויף איר בעט. מאַטעק האָט געהערט ווי ביידע האָבן געלאַכט. ער האָט געהערט ווי ביידע האָבן זיך צעקושט. סאַלטשע איז אַרויסגעקומען פון צימער מיט אַ טרער אין אויג, נאָר מיט אַ שמייכל אַרום די ליפּן.

## קאַפּיטל איין און זעכציק

# אַלטע דעמבעס

.1

ווען ס׳איז געוואָרן זיכער, אַז אַנקאַ קומט קיין אַמעריקע, האָט סאַלטשע פאָרגעשלאָגן מאַטעקן, אַז באַלד ווי אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג, וועט מען צוזאַמען מיט אַנקאַן אַוועקפאָרן אויפן לאַנד. זי האָט באַצייטנס זיך נאָכגעפרעגט וועגן אַ פּלאַץ, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט פאַר אַלע דריי. עס האָט געדאַרפט זיין ניט ווייט פון ניו־יאָרק, ניט צווישן אַ סך מענטשן און וואָס שטילער און אין אַ אינטעליגענטן קרייז.

אַ באַקאַנטע האָט איר רעקאָמענדירט אַזאַ פּלאַץ און סאַלטשע האָט רעזערווירט אַ קאָטעדזש פון צוויי צימערן מיט אַ וואַשצימער. אינמיטן יוני זיינען אַלע דריי אַרויסגעפאָרן.

אַנקאַ האָט די צוויי וואָכן פון איר זיין אין ניו־יאָרק פאַרבראַכט מערסטנס אַליין מיט זיך, אין איר צימער, אָדער זי האָט שפּאַצירט איבער דער סעקאָנד עוועניו און אַריינגעקוקט אין די וויטרינעס. סאַלטשע און מאָטעק האָבן געאַרבעט, געהאַט וויכטיקע פאַרזאַמלונגען, איידער דער זומער וועט אָפּשטעלן אַלע טעטיקייטן. אין אָוונט האָט אַנקאַ געהאַט צוגעגרייט וועטשערע פאַר זיי. זי האָט געבעטן, אַז מען זאָל עס איר לאָזן טאָן. זי מוז זיך מיט עפּעס פאַרנעמען. זי האָט געריינִיקט דאָס הויז. זי האָט איינגעקויפט. ענגליש האָט זי זיך געהאַט געלערנט אין לאַגער. איצט איז זי געזעסן איבער אַ ביכל און שטודירט די שפּראַך אַ פּאָר שעה אַ טאָג.

סאַלטשע און מאָטעק האָבן יעדן טאָג זיך דורכגערעדט וועגן אַנקאַן. עס האָט נאָך געהערשט אַ פרעמדקייט צווישן זיי און אַנקאַן. עס איז געווען קלאָר, אַז אַנקאַ האָט געמיינט, אַז זי וועט קומען צו שלומען. דערפאַר האָט זי איר ערשטן בריוו ניט אַדרעסירט צו זיי, נאָר צו אים. זיין ניט־דאָ־זיין איז פאַר איר געווען אַן אומדערוואַרטער קלאַפּ פון וועלכן זי האָט נאָך ניט געקאָנט צו זיך קומען. זי האָט גאָרניט ניט גערעדט וועגן דעם, נאָר אָנגעשפּיצט די אויערן, ווען שלומס נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן. עס איז געווען קענטיק, אַז זי וואָלט וועלן וויסן וואָס מער וועגן שלומס לעבן, נאָר עס איז געווען ווי אַ שטילער אָפּמאַך צווישן זיי. מאָטעק און סאַלטשע האָבן גאָרניט געפרעגט וועגן דעם וואָס זי האָט דורכגעמאַכט און זי האָט זיי ניט געפרעגט וועגן שלומען.

וואָס אַנקאַ האָט איבערגעלעבט פון 1939 ביז זי איז געקומען צו מאָטעקן, אין 1946, איז געווען דאָס, וואָס אַ באָבע לעבט איבער, ווען זי איז אין טיפן עלטער געבליבן אַליין און אירע קינדער זיינען איינער נאָכן אַנדערן געשטאָרבן פאַר אירע אויגן. יאָ, אַנקאַ איז געווען אַ באָבע, וואָס האָט פון קיין זאַך מער ניט געקאָנט שאָקירט ווערן, פון קיין זאַך ניט געקאָנט איבערראַשט ווערן.

אין צימער איז אַלץ געווען ניי, באַקוועם און די זאַכן וואָס סאַלטשע האָט איר כמעט יעדן טאָג צוגעקויפט, זיינען געווען פאַר אַ יונגער מיידל, פאַר אַ כלה מיידל, פאַר אַ יונגער פרוי וואָס דאַרף געפעלן ווערן יונגע לייט. סאַלטשע איז איר דאָך איצט אַ מאַמע געוואָרן, מאָטעק איז איר טאַטע. מאָטעק האָט די זעלבע הענט וואָס איר מאַמע האָט געהאַט. מאָטעק, וואָס אין זיין קול הערט זי אָפּט איר מוטערס שטים; מאָטעק, וואָס דערמאָנט איר יעדע

מינוט אין איר מאַמען, ניט אין איר טאַטן. מידע, עלטערע מענטשן, מאַטעק און סאַלטשע, נאָר זיי ווייסן ניט וואָס פריער צו טאָן מיט איר, ווי זי צופרידן צו שטעלן. דאָך פילט זי זיך נאָך ווי זי וואָלט געווען עלטער פון זיי, זי וואָלט זייער באָבע געווען.

אַליין אין הויז גייט אַנקאַ צו צו שלומס בילד און קוקט זיך איין אין דעם אַ לאַנגע צייט. זי האָט גאָרניט מיטגעבראַכט פון לאַגער. שלומס בריוו צו איר האָט זי איבערגעלאָזט אין אַ קעסטעלע אין איר היים, ווי זי האָט איבערגעלאָזט זיינע בילדלעך, וואָס ער האָט איר געשיקט, ווי זי האָט אין וועג ניט מיטגענומען אירע עלטערנס בילד!

זי ווייס וואו סאַלטשע האַלט שלומס בריוו. עס האָט איר געצויגן זיי צו לייענען, נאָר זי מוז זיך אָנפרעגן פריער ביי סאַלטשען. זי וועט עס טאָן, ווען זיי וועלן זיך נעענטער באַקענען. דערווייל איז איר סאַלטשע נאָך פרעמד. האָט זי ליב צו האַלטן אין האַנט שלומס ביכער. זי קאָן זיי נאָך ניט לייענען, נאָר זי בלעטערט זיי מיט ליבע און יראת הכבוד. נאָר איין ביכל האָט זי שוין איבערגעלייענט פון טאָוול צו טאָוול. דאָס איז אַ יידיש שול־ביכל, מיט מעשות און לידער פון יידישע שרייבער. עס איז דאָך געווען שלום, וואָס האָט איר באַוואויגן, קעגן דעם חשק פון אירע עלטערן, צו לערנען די יידישע שפּראַך און עס איז דאָך געווען אַנדזשיא, איר טאַנטע, איר מאַמעס יינגסטע שוועסטער, וואָס האָט איר געגעבן די ערשטע לעקציע אין דער יידישער שפּראַך.

איז זי אַרומגעגאַנגען איבערן הויז די ערשטע וואָך און געוואָלט פאַרשטיין וואָס עס קומט מיט איר פאָר. ווי זי וואָלט געווען מיט אַ סך ריגלען פאַרשלאָסן. זי האָט ניט די שליסלען, זי האָט ניט קיין כוח די ריגלען צו עפענען. וואָס קאָן סאַלטשע טראַכטן וועגן איר? אין אירע בריוו צו זיי האָט זי געקאָנט זיך בעסער אויסדריקן. איצט איז זי ווי פאַרגליווערט, ווי פאַרשטומט.

אין דער צווייטער וואָך האָט מען זיך גענומען גרייטן אַוועקצופאָרן אויף צוויי וואָכן אויפן לאַנד. סאַלטשע האָט פאַר איר איינגעקויפט ספּעציעלע זומער־זאַכן: אַ שווים־קאָסטיום, קורצע הייזלעך, זון־קליידער, זאַכן וואָס זי האָט קיינמאָל ניט געזען אפילו פריער. די לעצטע פאָר טעג האָט אַנקאַ שוין ניט געהאַט קיין געדולד צו זיין אין הויז. עס האָט איר געצויגן צו דער גאַס. זי איז געגאַנגען און אַריינגעקוקט אין פּנימער פון מענטשן. זי האָט עפּעס געזוכט אין די פּנימער. עס האָט איר באַנג געטאָן, וואָס זי דאַרף זיך שיידן מיט זיי. די מענטשן האָבן איר אָנגעהויבן ווערן נאָענט.

זי האָט זיך געוואונדערט אויף זיך אַליין. אין לעצטן לאַגער, וואו זי איז

געווען אַ פיר חדשים צייט, האָט זי פיינט באַקומען אירע שכנים. זי האָט געקוקט אויף יעדן איינעם ווי אויף אַ שונא, אויף אַ פיינט וואָס לויערט אויף איר לעבן. זי איז אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג און זי האָט מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. עס האָט זיך איר ניט געגלויבט, אַז זי וועט נאָך אַמאָל האָבן צוטרוי צו מענטשן.

שוין צוויי וואָכן ווי אַנקאַ איז געווען אין הויז און מאַטעק און סאַלטשע זיינען געווען ווי פאַרשיכורט פון איר נאָענטקייט. זייער ליבע צו איר האָט ניט געהאַט קיין גרענעצן. זיי האָבן איצט פון קיין אַנדער זאַך ניט גע־טראַכט. אַנקאַ איז זייער קינד. זיי רופן זי טאָכטער און זי רופט זיי „מיינע עלטערן״. מענטשן ווייסן, וואָס עס איז פאָרגעקומען און מען בענטשט זיי און מען לויבט זיי.

נאָר ביי זיך אין האַרצן האָט סאַלטשע געציטערט צוליב אַנקאַס האַלטן זיך פון ווייטן. אויך מאַטעק האָט עס געפילט און ער האָט זיך געשראָקן צו רעדן וועגן דעם מיט סאַלטשען. ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, איז סאַלטשע געווען די ערשטע צו רעדן מיט אים וועגן דעם און זי האָט אַרויסגעוויזן אַביסל מורא.

— מאַטעק, מען וועט דאַרפן די שטיינער פון איר האַרצן אַראָפּקייקלען. האָסט באַמערקט, אַז ווען זי שמייכלט אפילו, קומט עס איר אָן שווער. ווייל, וואָס זי האָט געמוזט דורכליידן, אָרעם קינד. איך האָב געמיינט, אַז ווען זי וועט דערזען די זאַכן, וואָס מיר האָבן איר געקויפט, וועט זי זיך, ווי אַ פרוי, צאַצקען מיט זיי. נאָר וואָס דו ברענגסט איר ניט, איז אויסער דעם אָנגע־נומענעם דאַנק, הערט מען ניט פון איר. קיין זאַך אַרט איר ניט. פאַרגלי־ווערט, פאַרשטיינערט, פאַרשטאַרט. ווי לאַנג וועט דאָס אַזוי אָנהאַלטן?

— טייל מאָל ווייזט זיך מיר אויס, סאַלטשע, אַז זי שרעקט זיך פאַר מיר. אָט דוכט זיך, אַז זי וועט זיך צוטוליען צו מיר און ווערן אָפנהאַרציק און האָבן צוטרוי, נאָר מיטאַמאָל גיט זי זיך אַ ציִ צוריק און ווערט אַנטשוויגן און גייט אַרייַן צו זיך אין צימער. מיט וואָס קאָן מען דאָס דערקלערן?

— טאָקע דערפאַר בין איך צופרידן וואָס מיר וועלן צוזאַמען אַוועק־פאָרן אויפן לאַנד. דאָרט וועלן מיר זיין אויסגערוט און די נאַטור וועט טאָן אירס.

— אַמאָל קאָן עס זיין פונקט פאַרקערט, סאַלטשע. אַמאָל קאָן זי דאָרט אָנהויבן טראַכטן וועגן דעם וואָס זי האָט דורכגעמאַכט און ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן אַ גאַנצן טאָג, קאָן דאָס ווירקן צום שלעכטן אויף איר.

— ניין, מאַטעק, איך האָב גלויבן אין זיך. איך ווייס פון מיין אייגענער דערפאַרונג סאָראַ היילערן די זון און דער הימל זיינעןֹ. מיר וועלן זיין כסדר

צוזאַמען און זי וועט דערפילן אונדזער וואַרעמקייט, אונדזער אמתע פריינט־שאַפט און איבערגעגעבנקייט. דאָס איז, גלויב איך, איר נויטיקער ווי די קליידער וואָס מיר קויפן איר.

— אפשר פילט זי, אַז זי פאַלט אונדז צו לאַסט?

— איך האָב מיט איר גערעדט, מאַטעק, אויך וועגן דעם. כ׳האָב איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ביז סעפטעמבער וועט זי זיך אָפּרוען. זומער איז ניט קיין צייט צו זוכן אַרבעט. זי האָט גאָרניט ניט, אָבער טאַקע גאָרניט, געענטפערט. מאָדנע . . .

סאַלטשע איז טאַקע געווען אָפּטימיסטיש וועגן אַנקאַס ענדערן זיך אויפן לאַנד, נאָר אַליין איז זי ניט געווען זיכער, צי דאָס אומבאַקאַנטע פּלאַץ צו וועלכן זיי פאָרן, וועט זיין דאָס וואָס מען שטעלט זיך פאָר. עס איז ניט קיין פאַרם און ס׳איז ניט קיין האָטעל און ס׳איז ניט קיין קעמפּ. אַזוי האָט די באַקאַנטע איר פאַרזיכערט. ס׳איז אַן אויסנאַם צווישן די זומער־פּלעצער. ס׳איז אַנגעמאָסטן פאַר זיי.

און ס׳איז טאַקע אַזוי געווען. זיי האָבן זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן קיין אידעאַלער פּלאַץ פאַר זייער צוועק און פאַר אַנקאַס געביטענער שטימונג.

באַלאַנגט האָט דאָס פּלאַץ אַמאָל צו אַ מיליאָנער. אויף אַ בערגל, מיטן פּנים צום האַדסאָן, האָט דער מיליאָנער זיך אויסגעבויט אַ פּאַלאַץ אין קאָ־לאָניאַלן סטיל. יעדער צימער אין פּאַלאַץ איז געווען אַנדערש געבויט, אַנ־דערש געפאַרבט און טאַפּיצירט און פון מאַלער אויסגעצירט. דער שטח לאַנד וואָס באַלאַנגט צום פּאַלאַץ איז געווען געלאַנדשאַפט פון ספּעציעלע גערטנער, וואָס האָב געוואוינט אויפן פּלאַץ. דער מיליאָנער האָט געהאַלטן שטאַלן מיט פערד און קי. ער איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער רייטער און די געגנט איז אַמאָל געווען באַוואַלדיקט און צו אים האָט באַלאַנגט אויך דער טאָל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט טעראַסנמעסיק גלייך צום האַדסאָן טייך. אַן אייגענעם שווים־פּלאַץ האָט ער זיך געלאָזט בויען, וואָס איז געשפייזט גע־וואָרן פון קוואַל־וואַסערן. ער האָט געלאָזט פאַרפלאַנצן טייערע נאָדל־ביימער וואָס האָבן אַרומגערינגלט דאָס שווים־אָרט. ווען מען איז געזעסן אויף דער הויכער וועראַנדע מיט די ווייסע קאָלאָנעס, האָט מען ניט בלויז געזען די ברייטקייט און מאַיעסטעטישקייט פון יענעם טייל האַדסאָן, נאָר צו די פיס פון דער וועראַנדע איז געלעגן ווי אַ טרעפיקער טעפּיך אויסגעשפּרייט אַ פעלד־גאָרטן מיט בלומען־בייטן פון אַלע ריחות און קאָלירן. דער גאַנצער עסטעיט איז געווען איינגעטונקט אין אַלטע שאָטנדיקע דעמבעס. לעבן דער וועראַנדע זיינען געשטאַנען פיר ריזיקע דעמבעס, גלייכע און גופיקע, וואָס האָבן זייערע געזונטע צווייגן אויסגעשפּרייט ווי חופות און אין הייסע טעג האָבן

זיי קילע שאָטנס געשאָנקען.

דער מיליאָנער האָט אַ פאַמיליע געהאַט, נאָר זיין פרוי און טעכטער האָבן מערסטנס אין פאַריז פאַרבראַכט. איבער דער וועלט אַרומגערייזט. ווען רוזוועלט איז דעם צווייטן מאָל דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון לאַנד, האָט דאָס דעם מיליאָנער ניט געשמעקט. ער איז געווען פאַרביטערט, וואָס די אַרבעטער אין זיינע פאַבריקן אין אַ דרום־שטאַט זיינען אין יוניאָנס אָר־גאַניזירט געוואָרן און אפילו די נעגערס האָט ער געמוזט באַהאַנדלען ווי מענטשן מיט רעכט און פאָדערונגען, ניט ווי זיינע לוין־שקלאַפן. דער מי־ליאָנער איז אַנטוישט געוואָרן פון אַמעריקע און ער האָט באַשלאָסן צו פאַר־לאָזן דאָס לאַנד און לעבן אין אויסלאַנד. ער האָט זיין פּאַלאַץ פאַרלאָזן און זיין געשעפט־פאַרוואַלטער געהייסן זיין שטח לאַנד פאַרקויפן.

די שיינע לאַנדשאַפט איז פאַרנאַכלעסיקט, פאַרווילדעוועט געוואָרן. איז געקומען אַ קונה, אַ וויטעבסקער יידישער אימיגראַנט, און האָט דעם מיליאָנערס פּאַלאַץ מיטן שטיק לאַנד אָנגעקוקט און דערקלערט, אַז עס גע־פעלט אים, נאָר ווי ביליק דער פּרייז איז געשטעלט געוואָרן, איז עס פאַר אים נאָך אַלץ צו טייער. ער האָט אָנגעבאָטן זיין פּרייז און ער האָט געמיינט, אַז דער אַגענט וועט זיך פילן באַליידיקט, נאָר דער אַגענט האָט קאַלטבלוטיק געענטפערט, אַז ער וועט אָנפרעגן ביים פאַרקויפער.

דער וויטעבסקער ייד, וואָס האָט געהייסן משה קאָן, איז געווען איבער־צייגט, אַז ער קאָן דאָס פּלאַץ ניט קויפן און ער האָט אָנגעהויבן זוכן אַן אַנדער פּלאַץ.

ער האָט שוין געהאַלטן ביים קויפן אַ שטיקל האָטעל אין די קעטסקילס, ווי עס איז אים אָנגעקומען אַ מעלדונג פון אַגענט, אַז ער זאָל אים קומען זען. דער מיליאָנער איז גרייט צו רעדן געשעפט. משה קאָן האָט זיך ניט געגלויבט, נאָר מיט זיינע צוויי זין איז ער אַוועק צום אַגענט און צו זיין איבערראַשונג איז ער אַרויס פון דאָרט ווי דער צוקונפטיקער אייגנטימער פון אַ מיליאָנערסקן פּאַלאַץ אין אַריסטאָקראַטישן הויכלאַנד איבערן האָדסאָן.

עס איז געווען סימבאָליש. די נייע אַמעריקע, די אַמעריקע פון דעמאָ־קראַטיע האָט זיך באַזעצט אויף די ברעגן פון האָדסאָן. משה קאָן האָט אָנ־געהויבן דאָרט וואו דער מיליאָנער האָט איבערגעלאָזט.

ווען סאַלטשע, מאָטעק און אַנקאַ זיינען אַרויסגעקומען, איז זיי משה קאָן אַנטקעגנגעגאַנגען און זיך וואַרעם באַגריסט מיט זיי. ער האָט געהאַט גע־הערט פון סאַלטשעס געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און גלייך איז אַנטשטאַ־נען אַ מין וואַרעמקייט צווישן באַלעבאָס און זיינע נייע געסט.

אַנקאַ האָט זיך איבערגעטאָן צוזאַמען מיט סאַלטשען. און סאַלטשע האָט

דערפילט ווי די פאַרגליווערטקייט הייבט זיך אָן אָפּטאָן פון אַנקאַן. זי האָט גערעדט מער און געשמייכלט מער. זי האָט געפרעגט, געוואָלט וויסן, גע־וואָרן נייגעריק. מען האָט זיך באַקאַנט מיט דעם עולם, פריער מיט די מיטעסער ביים רונדיקן טיש, שפּעטער מיט די שכנים פון דעם צווייטן קאַ־טעדזש. סאַלטשע האָט באַקומען דעם קאַטעדזש, וואָס האָט אַמאָל געהאַט באַלאַנגט צו איינעם פון די גערטנער און אַרום אירע פענצטער האָבן איצט געבליט בייטן הויכע בלומען. די שטילקייט איז געווען אָנגענעם, דערלעבן זיינען געשטאַנען הויכע דעמבעס און עלם־ביימער און דאָס זאַרגלאָז געזאַנג פון די פייגעלעך האָט אַריינגעשטראַלט אין האַרצן אַריין. סאַלטשע און אַנקאַ האָבן זיך איינגעהערט און אָנגעקוואָלן.

סאַלטשע און מאַטעק האָבן זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז זיי אַליין זאָלן אין צוויי טעג נאָכדעם ווי זיי האָבן געהאַט פאַרלאָזן ניו־יאָרק, זיך פילן אַזוי אַנדערשדיק, אַזוי פריי און פרידלעך, ווי זיי האָבן זיך מיטאַמאָל דערפילט. נאָר מער ווי אַלץ זיינען זיי געווען איבעררעאשט צו זען ווי אַנקאַ האָט זיך געביטן צום גוטן. אויפן דריטן טאָג האָט אַנקאַ שוין באַטייליקט זיך אין אַ באַל־שפּיל מיט אַ פּאָר יונגעלייט. דאָס וואַסער איז נאָך געווען צו קאַלט פאַרן עולם, נאָר אַנקאַ האָט זיך שוין יעדן טאָג געבאָדן; און שווימען האָט זי געקענט בעסער ווי די מערסטע געסט.

— אין לאָדזש איז דאָך ניט געווען קיין טייך, אַנקאַ. וואו האָסטו זיך אויסגעלערנט אַזוי גוט שווימען? — האָט געפרעגט מאַטעק.

— מיר האָבן יעדן זומער פאַרבראַכט אויף אַ זומער־וואוינונג. דאָרט האָב איך זיך אויסגעלערנט שווימען און רייטן אויף אַ פערד.

גראָד איז יענעם זונטיק פאַרנאַכט געבליבן גאָר אַ קליינער עולם. אַנקאַ איז געזעסן איינע אַליין אין שאָטן פון דעמב און אַרויסגעקוקט צום האָסאָן. עס איז געווען גאָר שטיל. אַ פויגל האָט פון דערבייאיקן וואַלד רעציטירט און געזונגען. אַלץ אַרום האָט זיך איינגעהערט. מאַטעק און סאַלטשע האָבן פאַרבראַכט מיט אַ באַקאַנטן אין ביבליאָטעק זאַל. סאַלטשע האָט זיך אַנט־שולדיקט. זי וויל זען וואו אַנקאַ איז. זי איז אַרויס און געפונען אַנקאַן פאַרטיפט אין איר קוקן אויף דער צווייטער זייט האָדסאָן, וואו די בערג זיינען געוואָרן טונקעלער און העכער.

— איך שטער דיר ניט, קינד?...

— סאַלטשע, זעץ זיך אַוועק אויף מיין בענקל, אַזוי, נאָענט צו מיר. איך וויל דיך פילן לעבן זיך. וואו איז מאַטעק? מאָדנע, ווי אירביידע פעלט מיר אויס, ווען איך בלייב אַליין.

סאַלטשע האָט זי אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן אין די האָר און זי גע־

גלעט. אַנקאַ האָט אַנגענומען איר אָרעם און זי געקושט.

— דער האָדסאָן איז אַזוי שיין, סאַלטשע, און די שיפן וואָס גייען פאַר־ביי זייגען אַזוי רואיק און עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז ס'איז נאָך דאָ אַ וועלט וואו מען קאָן לעבן און געניסן פון לעבן. ניט אַזוי, סאַלטשע?

זיי האָבן דערהערט מאָטעקס קול.

— סאַלטשע! אַנקאַ! וואו זייט איר?

— דאָ! דאָ! — האָט סאַלטשע געענטפערט.

מאָטעק איז צוגעקומען און געזען וויביידע זיינען געזעסן צוגעטוליעט אויף איין שטול. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן גראָז, מיטן פּנים צו זיי.

— איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר עס איז מיר איצט אַזוי גוט, אַזוי גוט. עס דערמאָנט מיך אין דער צייט ווען איך בין געווען אַ קינד און מיר האָבן פאַרבראַכט אין טרוסקאַוועץ . . . ניין, מיינע טייערע, לאָמיר ניט רעדן וועגן דער פאַרגאַנגענהייט. מיט אייך פיל איך זיך ווי ביי־געבאָרן. איך וויל ערשט אָנהויבן לעבן. איך קום ערשט צום לעבן, — האָט אַנקאַ געזאָגט.

מיטאַמאָל האָט זי זיך צעוויינט הויך אויפן קול. מאָטעק האָט זיך אויפ־געשטעלט, זי אַרומגענומען. סאַלטשע האָט געוויינט.

— אויב איר וועט ניט אויפהערן, וועל איך זיך אויך צעווינען, — האָט מאָטעק לאַכנדיק געזאָגט און צוגעגעבן: — גיב בעסער אַ קוק אויף די שטערן, זעט ווי אויסגעצוואָגן זיי זיינען. שעמט זיך אין אייערע ווייטע העל־דזער אַריין . . .

— מאָטעק, ביסט גערעכט און איך אַנטשולדיק זיך פאַר דיר, — האָט אַנקאַ זיך געבעטן און איר קול איז געווען שטאַרק און גוטמוטיק. — איר ווייסט ניט וואָס עס מיינט פאַר מיר צו קאָנען וויינען; איבערהויפּט נאָך — צו קאָנען וויינען פאַר פרייד. עפּעס איז מיט מיר פאַרגעקומען דאָ. איך פיל עס אין זיך. איך האָב באַקומען אַ פאַרלאַנג צו לעבן, אייך צו פאַרדאַנקען. איר האָט מיך פאַרשטאַנען. איר האָט געוואוסט, אַז איך בין, ווי אַ קינד, וואָס דאַרף זיך ערשט, אויפסניי, אויסלערנען גיין און רעדן. איך בין שוין אי־בערגעקומען די שטופּע. פון היינט אָן וועל איך אַ גרויסע.

דער אָוונט איז צוגעפאַלן. דער הימל איז געווען אויסגעשטערנט. אַרום און אַרום איז געווען שטאָק־פינצטער, נאָר דער וועג איז זיי שוין געווען באַקאַנט. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אויף אַ שפּאַציר איבערן וועג, באַגלייט פון דער ליכטיקייט פון הימל, וואָס איז געווען פול מיט וואונדערלעכן צויבער.

■ ס ו ף ■